די הילע און צייכנונגען
פון אהרן זילבערשטיין

* * *

די טעכנישע דרוקעריי־אַרבעט פון דעם יזכור־בוך
„סטאָק“, איז אויסגעפירט געוואָרן דורך:
משה ווינער — לינאָטיפּיסט
כוליאַ רינג — מעטראַנפּאַזש



Impreso en la Argentina
Printed in Argentina

---

Este libro se terminó de imprimir en el mes de abril de 1974,
en los Talleres Gráficos JULIO KAUFMAN S.R.L.
Avenida Corrientes 1976, Buenos Aires (Argentina)

# פנקס סטאָק

## (בײַ װענגראָװ)

מצבת נצח

רעדאַקטירט פון:

י. צודיקער

אַרױסגעגעבן פון:

ארגון יוצאי סטוק בישראל
סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט „סאָסיעטי" אין נאָרד אַמעריקע
סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע
סטאָקער גרופּע אין קאַנאַדע

בוענאָס-אײַרעס, 1974 — תשל"ד



# פנקס־סטאָק

פּה — דאָ — ווערן פאַרצייכנט און פאַרשריבן,
נישט אויסגעלעבטע... אַ גאַנצע עדה,
קיינער פון זיי איז לעבן געבליבן,
ס'האָט זיי פאַרטיליקט... די נאַצי־עקדה.

סטאָק!... די קהילה און די מאַרטירער־קדושים,
טויכן אויף און ווערן לעבעדיק —דורכן ספר—
אָט דעם תיקון מאַכן מיר, — זייערע — המשך־יורשים;
קדיש... יזכור... נצח־ביימער... לדורות אַ זכר!

**שמחה לאַנדע**

רעדאַקציע־סעקרעטאַר

# אינהאַלט:

## מענטשן צום געדענקען און צו פאַרצייכענען



## דאָס שטעטל אין אומקום

## צוגאָב צו פאַרשידענע אָפּטיילונגען



## סטאָקער איבער דער וועלט



## יזכור און נעקראָלאָגן - אָפּטיילונג



## סטאָקער נפטרים אין פאַרשידענע לענדער

# רעדאַקציע־קאָמיטעט פון „פנקס־סטאָק"



שלמה דוד פריימאַן — (ישראל)



יעקב צודיקער — רעדאַקטאָר



שמחה לאַנדע — רעד׳ סעקרעטאַר



י. א. לאַנדע — קאָ־סעקרעטאַר



האָדע בורשטיין־צוקער (אַרגענטינע)



יחיאל נאָווענשטערן — (ישראל)



אהרן זיסק — (נאָרד־אַמעריקע)

יצחק י. ראָזענבערג — (קאַנאַדע)

# צענטראַלער „ועד־הספר" פון „פנקס־סטאָק"


חסיה ורדי
(ישראל)


חיים א. צוקער
(אַרגענטינע)


אסתר פריד־פּאָסעסאָרסקי
(אויסטראַליע)


אהרן פּײַערטאַג
(ישראל)


צאַלקע קאָרבאַזש
(אַרגענטינע)


פייגע זשעלעניעץ־רייטער
(אַרגענטינע)


שמואל לייב זשעלעניעץ
(נ׳ אַמעריקע)


חיה קיטשקאָווסקי־קופּל
(ישראל)


אברהם י. שוואַרצפּאַרב
(אַרגענטינע)


שמחה לאַנגלייב
(ישראל)


עטל פּאָסעסאָרסקי־עלמאַן
(נ׳ אַמעריקע)


דוד סטאָלאָוויטש
(אַרגענטינע)


ישראל קיאַק
(אַרגענטינע)


משה גאַלאַנט
(ישראל)


בעריש נאָווענשטערן
(אַרגענטינע)


רחל שוואַרצבערג
מאַלישעוויטש (אַרגענטינע)


שמשון שוואַרצפּאַרב
(ישראל)

# אַ ר ײַ נ פ י ר

מיט די טיפסטע געפילן פון יראת־הכבוד, מיטן הייליקסטן ציטער פון האַרץ און נשמה, עפענען מיר אויף דעם יזכור ספר אונדזערן, דעם ספר וואָס מיר אַלע צוזאמען האָבן געשאַפן, דעם ספר אין אָנדענק פון אונדזער פאַרשניטענער היים, אין דערמאָנונג פון אונדזערע ליבסטע און טײַערסטע, פון אונדזערע הייליקסטע מאַרטירער־קרבנות, אין דעם חרוב געוואָרענעם היימאַטס־שטעטעלע ס ט אָ ק מיט איר גאַנצער אומגעגנט.

דרײַסיק יאָר זענען אַריבער זינט יענע טראַגישע טעג און יאָרן פון חורבן. דרײַסיק יאָר, מער ווי אַ דור אין דער געשיכטע־ציילונג פון אונדזער פאָלק, און ווי ערשט נעכטן וואָלט דאָס געווען, בלוטיקט די ווונד און עס ווייטיקט דאָס האַרץ אויף די אַזוי קאָלאָסאַלע פאַרלוסטן אונדזערע, אויף דעם אַזוי טראַגישן פאַרנעם פון אונדזער בראָך, פון אונדזער טראַגעדיע.

**געווען אַמאָל?** —ניין, נישט אַמאָל!— נאָר ערשט נעכטן, טאַקע אין אונדזערע טעג, אַ גרוים פויליש יידנטום, אַ גרויסער פולבלוטיקער, ברויזענדער און שעפערישער יידישער ציבור אין פוילן, וואָס האָט געציילט הונדערטער און הונדערטער שטעט, שטעטלעך און דערפער, און אין דער גאָלדענער קייט פון דעם פיל־דורותדיקן, טויזנט יעריקן יידישן לעבן אין פוילן האָבן זיך געקייטלט אַלע שטעט און שטעטלעך, פונקטן און ישובים, און צווישן זיי — דאָס גאָלדענע רינגעלע פון אונדזער קליין און ליב שטעטעלע ס ט אָ ק.

אויף איינער פון די זײַטן פון אונדזער **יזכור־ספר** געפינט זיך דער **קדיש נאָך סטאָק!** און דאָרט ווערט מיטן ווי פון האַרצן אַרויסגעבראַכט און אונטערגעשטראָכן דער קאָלאָסאַלער פאַרלוסט אונדזערער, די טראַגישע ווירקלעכקייט, עס ווערט דאָרט געזאָגט: „...מיר זענען די לעצטע פון דעם דור וואָס האָבן אַליין מיטגעלעבט דעם חורבן, געלעבט דאָס פולבלוטיקע שטעטלדיקע לעבן, מיר זענען די לעצטע פון דעם דור וואָס פאַרשווינדט און גייט לאַנגזאַם אַרײַן אין די בלעטלעך פון דער געשיכטע, לאָמיר זשע וואָס מער בלעטלעך פאַרשרײַבן”... האָבן מיר, שרידי־סטאָק, די רעשטלעך לעבנגעבליבענע פון אָט דעם קאַטאַקליזם, פון אָט דעם שרעקלעכן דריטן חורבן אונדזערן. אַלע סטאָקער, צעזייטע און צעשפּרייטע איבער דער וועלט האָבן זיך אָנגעגאַרטלט מיטן כוח פון אונדזער גלויבן, פון מענטשלעכער פליכט, באַוווּסטזיניקע מיט דער נויטווענדיקייט צו געבן אַן אינהאַלט דעם הײַנט פון אונדזער זײַן, מיר אַלע, באַלאַסטעטע מיט דעם חוב און מיט דער פליכט איבערצוגעבן ווי אַ **ירושה לדורות,** צו אונדזערע קינדער, דעם המשך וואָס מיר שאַפן און פלעגן, די איבערגעלעבטע מאַרטירער געשיכטע, די גרויזאַמע טראַגעדיע פון דער שואה, (פאַרלענדונג). מיר אַלע, באַשווירענע מיט דעם געבאָט פון אונדזערע קדושים נישט צו פאַרגעסן זייערע גרויזאַמע ליידן, זייער אומקום, זייער אַזוי ברוטאַלע פאַרניכטונג, האָבן פאַרשטאַנען אַז נישט נאָר מיר דאַרפן געדענקען און נישט פאַרגעסן, נאָר אַז מיר דאַרפן **מאַכן נישט פאַרגעסן** פאַר אונדזערע קינדער, פאַר די קומענדיקע דורות, פאַר דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק, דאָס געלעבטע און דורכגעלעבטע פון אונדזערע היימען, מאַכן נישט פאַרגעסן אַז זיי —**אונדזערע קדושים**— האָבן געלעבט, האָבן עקזיסטירט, מאַכן נישט פאַרגעסן פאַר אונדזערע קינדער, פאַר די קומענדע דורות, אַז מיר האָבן אַלע אַ היים געהאַט, אַז מיר האָבן אַ טײַער און ליב שטעטעלע סטאָק געהאַט, אַ שטעטעלע אין וועלכן עס איז אונדזער וויגעלע געשטאַנען, אַ שטעטעלע פון וועלכן

מיר האָבן אונדזער יניקה געצויגן, און אַז אָט דאָס שטעטעלע איז צוזאַמען מיט אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער, צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע נאָענטסטע און טײַערסטע, צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע יידישע מיטמענטשן אומברחמנותדיק אומגעבראַכט געוואָרן דורך דער ברוינער היטלער-בעסטיע, דורך די דײַטשישע מערדערס, מיט דער אַקטיווער און פּאַסיווער מיטהילף פון אונדזערע פּוילישע שכנים, ביי דער כמעט פולשטענדיקער גלײַכגילטיקייט פון פעלקער און לענדער פון דער וועלט.

זינט יענע יאָרן פון חורבן און אומקום, זינט יענע ערשטע טעג פון דער קאָשמאַרער אַנטפּלעקונג וועגן דער שרעקלעכער ווירקלעכקייט, וועגן דעם טראַגישן פאַרנעם פון אונדזער טראַגעדיע, איז וואַך אין אונדזער וועזן דער רוף פון דעם אומשולדיק פאַרגאָסענעם בלוט פון אונדזערע ליבסטע און טײַערסטע, דער וויי-געשריי פון קינדער באַרבאַריש דערמאָרדעטע, איז וואַך אין אונדזער וועזן דער כסדרדיקער אומרו, זייער געבעט און אָנזאָג נישט צו פאַרגעסן, דערמאָנען, כסדר זיי געדענקען, כסדר זיי דערמאָנען.

זינט יענע ערשטע טעג פון נאָכן הורבן, האָבן מיר **סטאָקער**, באשר הם שם, אין אַלע וועלט-טיילן, זיך צונויפגענומען אין באַשטימטע טעג און זיי אין טרויער-טעג פאַרוואַנדלט, אזכרות דורכגעפירט, געזוכט די פאָרעם, דעם אופן ווי אַזוי אונדזער יהידישן ווייטיק אין אַ ציבורדיקן פאַרנעם אַרויסברענגען, דערמאָנען זיי, באַוויינען זיי און דורך אַ בשותפותדיקן קדיש זייערע נעמען הייליקן און דערהויבן.

אין יענע ערשטע יאָרן פון נאָכן חורבן האָבן אונדזערע לעבנס-געבליבענע סטאָקער לאַנדסלײַט אין נידערשלעזיע, פּוילן, זיך דערהויבן צו דעם רומפולן אַקט פון „עקסהומאַציע”. זיי האָבן דאַן, אין יאָר 1948, אין שווערע באַדינגונגען און מיט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, פּשוט מיט מסירת-נפש, אַדורכגעפירט אַ הייליקע מיסיע, די עקסהומאַציע פון אונדזערע קרבנות צעשפּרייטע אויף פאַרשידענע ערטער אין און אַרום — דעם שטעטל און געבראַכט זיי צו קבר ישראל אויף דעם סטאָקער בית-עולם, נעבן דעם ב ר ו ד ע ר - ק ב ר פון צ ו ו י י ה ו נ ד ע ר ט ק ד ו ש י ם געשטעלט זיי אַ מצבה - דענקמאָל אין אונדזערע אַ ל ע מ ע נ ס נעמען, און מיט דעם אַ תיקון געגעבן די שוועבנדע נשמות פון אונדזערע קרבנות און אויך פאַר אונדז אַלע אַ טרייסט געפיל און אַ אינהאַלט אין ווײַטערדיקן גאַנג פון אונדזער לעבן. זייער טאַט האָט אויך געטראָגן מיט זיך די וועקנדע מאָנונג צו ווײַטערדיקער דערמאָנונג.

אין די ערשטע יאָרן פון נאָכן חורבן האָבן אונדזערע לאַנדסלײַט, פאַרוואָגלטע אין די פּליטים-לאַגערן אויף דער פאַרשאָלטענער דײַטשישער ערד, אָפטע צוזאַמענקונפטן געהאַט און רעגולערע אזכרות דורכגעפירט. אונדזערע לאַנדסלײַט אין ישראל האָבן אײַנגעאָרדנט רעגולערע יזכור-אַקטן און אַ ספּעציעלן סימבאָלישן **מצבה-טאָוול, אין מרתף השואה אויפן הר-ציון אין ירושלים** געשטעלט.

די סטאָקער אין אַרגענטינע האָבן אויף דעם בית-עולם אויף טאַבלאַדאַ, אין בוענאָס-אײַרעס, ווי עס געפינט זיך אַ ספּעציעל געשטעלטער מאָנומענט אין אָנדענק פון די זעקס מיליאָן קדושים, אויף איינער פון די ווענט, אַ ספּעציעלן געדענק-טאָוול אָנגעהאַנגען אין **זכר פון אונדזערע קדושי סטאָק**. בעת דעם ערשטן אזכרה-אַקט וואָס איז פאָרגעקומען, דאָרט בײַ דעם מאָנומענט, איז אויפגעקומען דער געדאַנק וועגן שרײַבן אַ פּנקס-סטאָק, אַ דערמאָנונג נאָכן שטעטעלע, אַ יזכור-בוך, אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק האָט דער יונג פאַרשטאָרבענער לאַנדסמאַן און טײַערער חבר **חיים פאָגאָרע** ע"ה.

אין יאָר 1946, באַלד נאָך דער מלחמה, האָט אין ווײַטן אַזיע, אין דער שטאָט טאַשקענט, אונדזער בן-עיר, **אָשר פּלאַטנער ע"ה**, איינער פון די אַקטיווע אָנטיילנעמער אין דער טראַגישער מלחמה, דערציילנדיק וועגן זײַנע איבערלעבונגען בעת דער מלחמה, וועגן זײַן ספּעציעלן באַזוך אין אונדזער חרוב געוואָרן שטעטל, אויסגעדריקט

זײַן געוואַלדיקן פאַרלאַנג צו פאַרשרײַבן די געשיכטע פון דעם דורכגעלעבטן, וואָס איז פאַקטיש געווען געבונדן מיט דער געשיכטע פון אונדזער חורבן.

אין ענדע פון יאָר 1946, נאָכן אָנקומען קיין אַרגענטינע פון רחל **ב. אָסטשעגאַ,** איינע פון די געציילטע געראַטעוועטע פון אוישוויצער קאָנצענטראַציע־לאַגער — צו־זאַמען מיט נאָך איניקע סטאָקער — איז אין בוענאָס־אײַרעס אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך די סטאָקער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע, אונטער דער רעדאַקציע פון אונדזער ליבן חבר און פרײַנד, יעקב צודיקער, די געשיכטע פון אירע איבערלעבונגען אין בוך פאָרעם, מיטן נאָמען: „אין די נעגל פון טויט".

אין מערץ פון יאָר 1947, בעת דעם אָנקומען פון יואל און חנה לאַנדע קיין אַר־גענטינע, איז פון בוענאָס־אײַרעסער פאָרט געמאָכט געוואָרן דורך „די פרעסע" — דער רוף **„צו אײַך סטאָקער"** מיט דער קללה פון בלוט און פון טרערן אויף דעם מערדער פאָלק וואָס האָט אויסגעבריט די בעסטע, און מיר האָבן אַלע געשוווירן נישט צו פאַר־געסן, און צו **מאַכן נישט פאַרגעסן,** אויף לאַנגע דורות אונדזער טראַגעדיע.

נאָך דער אַנטשטייונג פון מדינת־ישראל האָט זיך דער איבערוויגנדער טייל פון אונדזערע סטאָקער, לעבנגעבליבענע פון חורבן, אָנגעהויבן קאָנצענטרירן אין יש־ראל. מיט זייער אָנקומען אין לאַנד האָט זיך דאָרט אַקטיוויזירט דער „ארגון יוצאי־סטוק". איבערוויגנדיק די שוועריקייטן פון די ערשטע יאָרן פון שווערער עקאָנאָמי־שער לאַגע פון לאַנד, אין רעזולטאַט פון דער באַפרײַונגס־מלחמה, האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די אידייע און די באַוועגונג פאַרן אַרויסגעבן אַ סטאָקער יזכור־בוך. די הויפט־איניציאַטאָרן, פאַר דעם געבן אַן אימפולס דעם געדאַנק און מאַכן די ערשטע פרווון, אין אַ ממשותדיקער פאָרעם, די אויפגאַבע צו רעאַליזירן זענען געווען די ל"ל און געטרײַע עסקנים, די ה"ה **שלמה פרײַמאַן** און **יחיאל נאָוועגשטערן,** צוזאַמען מיט זיי — און טאַקע דורך זיי — איז געשאַפן געוואָרן דער **ועד הספר** וואָס האָט גלײַך אָנ־געהויבן אַקטיווירן.

לאַנגע יאָרן האָט זיך געצויגן דער פראָצעס פון אָרגאַניזירן זיך, פון אויפקלערן, פון אָנהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן, עס זענען געמאַכט געוואָרן ווענדונגען צו די לאַנדס־לײַט, צו שיקן פאַרצייכענונגען, צו מאַכן באַשטײַערונגען, בכלל וועגן אַלע ענינים וואָס זאָלן דערמעגלעכן צום פאַרווירקלעכן די זיך געשטעלטע אויפגאַבע.

ערשט אין אַפריל פון יאָר 1970, ווען עס זענען געווען אויף אַ באַזוך אין ישראל אַ גרופע סטאָקער לאַנדסלײַט פון אַרגענטינע, איז אויף אַ בשותפותדיקן צוזאַמענ־טרעף פון אַלע סטאָקער, אַרומגערעדט געוואָרן די פראַגע פון אונדזער יזכור־ספר און עס איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון דעם אַרגענטינער לאַנדסמאַן, אונדזער ליבן חבר **שמחה לאַנדע,** אַריבערצונעמען די אַרבעט אַרום דעם ענין ספר קיין אַרגענטינע, און ערשט דאָ, אין בוענאָס אײַרעס, האָט דער ענין באַקומען אַ שטאַרקן אימפולס פון אַקטיווער פאַראינטערעסירונג. אַ דאַנק דער אומדערמידלע־כער איבערגעגעבנקייט פון אונדזער חבר **שמחה לאַנדע,** צוזאַמען מיט אַ גרופע אַק־טיווע לאַנדסלײַט איז אָרגאַניזירט געוואָרן די אַרבעט פונדאַסניי.

הײַנט האָבן מיר די רעזולטאַטן פון אָט דער פרוכטיקער אָנשטרענגונג. הײַנט קענען מיר שליסן די אַרבעט אַרום דעם ספר און מיר קענען אים איבערגעבן צו אײַך, אונדזערע סטאָקער לאַנדסלײַט, ווי אַ ווערטפולע מתנה וואָס דאַרף און וועט פאַרהיי־ליקט ווערן ווי אונדזער **„יזכור־ספר",** ווי אַ פערזענלעך געשטעלטע מצבה נאָך אונד־זערע נאָענטסטע און טײַערסטע.

הײַנט, בײַם שליסן די הייליקע אַרבעט, ווילן מיר ראשית דערפילן מיט אַ ספע־ציעלן חוב, פאַר די געציילטע חסידי אומות העולם, וואָס האָבן זיך אין אונדזער שטע־טעלע געפונען, הײַנט ווילן מיר דערמאָנען, אַרויסהויבן און פאַראייביקן די נעמען פון אונדזערע שכנים וואָס האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן פאַר באַהילפיק זײַן און מיטהעלפן אין דער אַזוי ריזיקאַלישער באַמיִונג פאַר רעטונג, די פאַמיליעס: **פאָסטעק,**

**באַראַן** און **פּאַטשקאָווסקי** וואָס האָבן זיך אויסגעטיילט פון דעם גאַנצן רוצחישן אַרום און זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט אונדזערע אייגענע, וואָס האָבן ביי זיי רעטונג געזוכט און צייטווייליקע שוץ געפונען, לאָמיר זיי איינשליסן אין אונדזער פּאַנטעאָן פון די חסידי אומות העולם, פאַר דער מאַרטירער־געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

לאָמיר אויך דערמאָנען מיט אַ ספּעציעלן לויב פאַר מענטשלעכער דערהויבונג, די געציילטע פּערזאָנען פון אונדזערע סטאָקער קריסטלעכע שכנים, וואָס האָבן מיט מענטשלעכער געוואַגטקייט און איבערגעגעבנקייט, מיט ריזיקאַלישער טאָג־טעגלעכער געפאַר, מיט מסירת־נפש געגעבן שוץ, הילף און טרייסט די געציילטע לעבנגעבליבענע סטאָקער, וואָס האָבן אַ דאַנק זיי, באַוויזן איבערצולעבן דעם שרעקלעכן חורבן אין די וועלדער, בונקערס, שייַערן און פעלד־גריבער, פאַר זיי, די מיעטעקס, כודזיקס, אָלעשקאָוואַס און אַנדערע אַנאָנימע, שטילע העלדן פון דער טראַגישער חורבן־תקופה, פאַר זיי אונדזער אומבאַגרענעצטע מענטשלעכע דאַנקבאַרקייט, פאַר זיי אונדזער ה ל ל ו י ה .

הייַנט, ביים שליסן די אַרבעט, ווילן מיר מאַכן אייניקע אויפקלערונגען וועגן דעם אופן פון צוזאַמענשטעלן דעם יזכור־בוך, אונדזער „פנקס סטאָק”.

אין משך פון די כמעט פיר יאָר, זינט 1970, ווען עס זענען צוריקגעקומען פון ישראל אונדזערע לאַנדסלייַט און געבראַכט מיט זיך דעם באַשלוס אַרויסצוגעבן אין בוענאָס־אייַרעס —אַרגענטינע— דעם ספר, האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער אַקטואַציע.

מיר, דער ענגער קרייַז פון דעם סטאָקער אַקטיוו, האָבן פאַרשטאַנען די וויכטיקייט און געפילט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אונדזער אויפגאַבע. מיר האָבן אויך פאַרשטאַנען, אַז עס איז זייער וויכטיק דער פאַקטאָר צ ייַ ט , זענען מיר דאָך פון די לעצטע פון דעם דור וואָס האָבן אַליין מיטגעלעבט דעם חורבן און מיר הייבן אָן אַרייַנגיין אין די בלעטלעך פון אונדזער סטאָקער געשיכטע, איז ביי אונדז היים דער פאַרלאַנג אַליין נאָך צו האַלטן אין אונדזערע הענט און בלעטערן די בלעטלעך פון אונדזער **יזכור־ספר**, פון אונדזער **פנקס־סטאָק**, וואָס איז אונדזער אַלעמענס טרוים.

האָבן מיר זיך אַרייַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט, געמאַכט ספּעציעלע ווענדונגען צו אונדזערע לאַנדסלייַט, צוזאַמענגעשטעלט ספּעציעלע פאָרמולאַרן, געשיקט פערזענלעכע בריוו צו אַ צאָל לאַנדסלייַט אין ישראל, נאָרד־אַמעריקע און קאַנאַדע און עס זענען געקומען אָפּרופן גינסטיקע. געווען אויסנאַמען וואָס האָבן אַנטוישט, אָבער נישט אַנטמוטיקט. די אויסנאַמען, ווי אויך די טיילווייַזע גרינגשעצונג צו די עיקר נויטווענדיקייטן האָבן זייער באַשווערט די אַרבעט און דאָס ווערט זיך אפשר, דאָ און דאָרט, אָפּשפּיגלען אין דעם **יזכור־בוך**.

ווילן מיר טאַקע ביי דער געלעגנהייַט אויסדריקן אונדזער האַרציקן ישר כוח די אַלע לאַנדסלייַט אונדזערע, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף די ווענדונגען צו זיי און האָבן ממשותדיק מיטגעשטייַערט מיט אַרבעטן, פאַרצייכענונגען, און טאַקע אויך פינאַנציעל, און אַזוי אַרום דערמעגלעכט אַז מיר זאָלן קענען אין אָט דעם אַזוי קורצן צייַט־אָפּשניט פון דריי יאָר, רעאַליזירן אונדזער אַלעמענס טרוים און אויפגאַבע.

ביי דער געלעגנהייַט איז וויכטיק אויסצוטיילן די אַקטיווע מיטאַרבעט פון אונדזערע לאַנדסלייַט אין ישראל, די ח"ח **שלמה דוד פרייַמאַן** און **יחיאל נאָווענשטערן**, וואָס האָבן געזאָרגט אַז די פינאַנציעלע פאַרפליכטונגען זייערע זאָלן פולשטענדיק געדעקט ווערן. די מיטאַרבעט פון חבר **יצחק ראָזענבערג** (קאַנאַדע) וואָס האָט געזאָרגט פאַר דער גוטשטעלונג פון אונדזערע סטאָקער לאַנדסלייַט אין קאַנאַדע.

דער גרופּע אַקטיוויסטן, דורך די פּערזאָנען פון ח"ח **אהרון פּייַערטאָג, איטשע טאָשער** און **פייגע זשעלעניעץ** וואָס זענען געווען די אינספּיראַטאָרן מיטן דורכפירן די „עקסהומאַציע”־מיסיע אין שטעטל און האָבן אָן אויפהער געוויַיטיקט, געוועקט און געמונטערט צו דערפילן די הייליקע אויפגאַבע.

פאר אונדזערע אקטיוויסטן אין נארד־אמעריקע דריקן מיר אויס אונדזער טיפסטן דאנק פאר זייערע שטענדיקע אזוי וויכטיקע אקטיוויטעטן אויפן לאנדסמאנשאפטלעכן געביט, זייער אזוי לויבנס־ווערטיקע הילפס־טעטיקייט לטובת אונדזער שטעטל, ווי בכלל לטובת אונדזערע סטאקער לאנדסלייט פון אומעטום, פאר זייער פינאנציעלער מיטהילף צום דערמעגלעכן דאס דערשיינען פון דעם ספר, אונדזער פ נ ק ס ־ ס ט א ק , די בעסטע און אויפריכטיקסטע לאנדסמאנשאפטלעכע דאנקען.

ביי דער געלעגנהייט ווילן מיר אויסטיילן מיט א ספעציעלער דערמאנונג די געוועזענע תושבים פון דעם שכנותדיקן שטעטלע סאדאוונע, די לאנדסלייט איטשע טשאפטשיק, ישראל און לייטשע ראזענבוים, וואס האבן מיט זייער גאנצער באשיידנקייט און פשטות געשטעלט זיך אויף דער הויך פון מענטשלעכער דערהייבונג, אנשליסנדיק זיך אין דער עקסהומאציע־מיסיע האבן זיי רעפרעזענטירט די אומגעקומענע עדה סאדאוונער ייִדן, זיי האבן מיט זייער האנדלונג א תיקון געגעבן די שוועבנדע נשמות פון אלע סאדאוונער קרבנות. מיט זייער טאט האבן זיי גואל־השם געווען אלע זייערע סאדאוונער מיט־תושבים און מיט דעם זיך דערהויבן צו דער מדרגה פון „אויב נישט נאך העכער”.

היינט, מאכנדיק דעם אפשלוס פון אונדזער ארבעט, פילן מיר זיך דערהויבן פעסטצושטעלן און אריינצונעמען אויף איינעם פון די עמודים פון אט דעם **פנקס־סטאק,** די פאטאקאפיע פון א דיפלאם פון דער צענטראלע פון קרן קימת לישראל אין ירושלים, וואס באשטעטיקט דאס פלאנצן טויזנטביימער אין די וועלדער פון די קדושים, — „יער הקדושים”— אויפן נאמען פון אונדזער הרוב געווארן שטעטלע סטאק, און מיט דעם אנהייבן פארזעצן דעם ווייטערדיקן קאמפיין פאר דער פלאנצונג פון א פולן וואלד, א **„יער קדושי סטאק וסביבותיה”.**

מיר אונטערשטרייכן מיט ספעציעלער סאטיספאקציע, אז דאס איז געמאכט געווארן אויף דער איניציאטיוו פון די ברידער **שמחה און יואל לאנדע,** א דאנק זייערע פערזענלעכע אנשטרענגונגען און פארפליכטונגען, אלס באערונג פאר דער סטאקער קהילה, פון וועלכער זיי ביידע זענען געווען אין זייער צייט, סעקרעטארן פון יאר 1928 ביז דעם אויסברוך פון דער מלחמה, ביזן חורבן. און אחרון, אחרון... אונדזער גרעסטע אנערקענונג און הארציקן יישר־כח, דעם רעדאקטאר פון אונדזער יזכור־ספר — דעם „פנקס־סטאק”— דעם כמעט־לאנדסמאן חבר יעקב צודיקער, וועלכער האט באמת באוויזן צו מאכן א יש מאין.

טייערע סטאקער! ליבע לאנדסלייט! היינט, מאכנדיק דעם סיום פון אט דער הייליקער ארבעט אונדזערער, גיבן מיר איבער **דעם ספר —דורך אייך— צו אונדזערע קינדער,** ווי א הייליקע ירושה־מתנה, און גלייכצייטיק מיט דעם, צו דער ייִדישער עפנטלעכקייט, אונדזער גאלדן רינגעלע אין דער קייט פון אונדזער מארטיראלאגיע, ווי א **קנין לדורות!,** מיט א תפילה וואס קומט פון די טיפענישן פון הארצן, מיט א **תפילה א שטילע אויף די ליפן: א, גאט! זאל דאס זיין שוין דער לעצטער יזכור־בוך!**

**דער ועד הספר**



י. צודיקער / (רעדאַקטאָר)

# פאָרוואָרט צום „פנקס־סטאָק"

(פון איינעם וואָס איז אין סטאָק נישט געווען)

1

עס ווערט דערציילט וועגן אַ געוויס ייִדיש שטעטל אין פוילן — ווערמענס נאָמען איז אין דעם פאַל נישט וויכטיק, ווײַל ייִדישע שטעטלעך אין אַמאָליקן פוילן, פונקט ווי אין דעם גאַנצן אַמאָליקן ייִדישן מזרח־איראָפּע, זענען געווען כמעט אַלע גלײַך — ווערט וועגן דאָזיקן שטעטל דערציילט, אַז:

אין די אַרכיוון פון דער דאָרטיקער קהילה, האָט עקזיסטירט אַ פנקס, אין וועלכן מען האָט פאַרצייכנט די וויכטיקסטע געשעענישן פון דעם ייִדישן לעבן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דאָזיקן שטעטל; אַזעלכע ווי די דאַטע פון דער שאַפונג פון דעם דאָרטיקן בית־עולם, די אויפבויונג פון דער ערשטער שיל (סינאַגאָגע), די נעמען פון אַלע פרעזידענטן, אָדער גבאים פון דעם שטעטל, ווען זיי זענען געשטאָרבן, אָדער נפטר געוואָרן און נאָך אַ סך אַנדערע ענלעכע און וויכטיקע געשעענישן.

און דער דאָזיקער פנקס האָט זיך געפונען באַהאַלטן אין דער גרויסער שיל — און פון צײַט צו צײַט, פלעגט מען צושרײַבן אַ נײַ וויכטיק בלעטל, וואָס האָט פאַרצייכנט אַ נײַע געשעעניש פון דעם לעבן —אָדער חס ושלום פון דעם טויט— אין דאָזיקן שטעטל.

ווערט דערציילט, אַז אין דעם פריִער דערמאָנטן שטעטל (ווערמענס נאָמען מיר גיבן דאָ נישט אָן, ווײַל מיר נעמען דאָס שטעטל לדוגמה — אַלס בײַשפּיל); איז אַמאָל אויסגעבראָכן אַ שׂרפה, וואָס האָט אַלץ פאַרצוקט און עס איז אויך פאַר־ברענט געוואָרן די גרויסע שיל — צוזאַמען מיט דעם פ נ ק ס און זײַנע אַלע פאַרצייכענונגען.

דערציילט ווײַטער די אויבנדערמאָנטע געשיכטע, אַז גלײַך ווי עס איז פאַר־לאָשן געוואָרן דאָס שרעקלעכע פײַער, האָט דער רב —וואָס איז שטענדיק געווען דער מ נ ה י ג  ר ו ח נ י  פון דעם שטעטל — צוזאַמענגערופן אַלע אַלטע לײַט פון דער דאָרטיקער קהילה, כּדי זיי זאָלן איבערדערציילן די וויכטיקסטע זאַכן פון אַלץ וואָס זיי אַליין געדענקען און אויך דערפון וואָס מען האָט זיי דערציילט און וואָס עס איז געווען וויכטיק אַז מען זאָל געדענקען. און אויף אַזאַ אופן, האָט מען געקאָנט צוריק רעקאָנסטרויִרן, אָדער אויפשטעלן אַ גרויסן טייל פון די זאַכן, וואָס זענען געווען פאַרצייכנט אין דעם אַלטן — שוין אָפּגעברענטן פנקס.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען גילטיק בלויז פאַר דעם אַמאָל, אָדער פאַר די צײַטן, ווען בלויז דער פנקס פון אַמאָליקן שטעטל, האָט געקאָנט פאַרברענט אָדער פאַרניכטעט ווערן און האָט אויך אָפטמאָל פאַראורזאַכט מענטשלעכע קרבנות. אַבער אינגאַנצן אַנדערש איז דאָס הײַנט, ווען נישט בלויז די פנקסים זענען פאַר־ברענט געוואָרן, נאָר צוזאַמען מיט זיי זענען אויך אומגעקומען און פאַרניכטעט געוואָרן, מיט אַלע מיתות משונות, דער גרעסטער טייל —אָדער טאַקע כמעט אַלע ייִדן— (אין דעם פאַל  ס פ ע צ י ע ל  יִ ד ן) פון דעם שטעטל און בלויז יחידים, האָבן על פּי נס באַוויזן זיך אַרויסצוראַטעווען פון דאָזיקן שוידערלעכן און אַלץ פאַר־ניכטנדיקן מבול.

און ווי עס גיט איבער דער בן־עיר און מיטרעדאַקטאָר פון אונדזער הײַנטיקן פנקס, שׂמחה לאַנדע, אין זײַן אַרבעט „די סטאָקער קהילה און אירע טעטיקייטן" (געדרוקט אין דעם פנקס) „איז נישט געלונגען אַרויסצוראַטעווען דעם „פנקס

סטאָק" ביי דער חברה קדישא, אין וועלכן עס איז געווען פאַרצייכנט „תולדות עדת פסוק". פון דער צווייטער זייט, האָט סטאָק נישט אָנגעהערט צו די גרעסערע שטעט, וועגן וועלכע מען קאָן געפינען מאַטעריאַלן אין פאַרשידענע לעקסיקאָנען אָדער ענציקלאָפעדיעס (אָדער אַפילו אין געוויסע נאָוועליסטישע ווערק), אַלענפאַלס האָבן מיר געפּרוּווט זוכן אַזעלכע מאַטעריאַלן אין דער אַמאָליקער גרויסער רוסישער ענציקלאָפעדיע און אויך אין אַנדערע מעגלעכע פלעצער — און אַזוינס נישט געפונען.

און פונקט ווי עס איז געשען מיט דעם געבורט און אַנטוויקלונג פון אונדזער שטעטל (מיר באַנוצן כסדר דעם אויסדרוק שטעטל, כאָטש פאַר אונדז איז דער נאָמען סטאָק הייליק און גרויס, ווי פון אַ גרויסער שטאָט), אַזוי האָבן מיר אויך נישט געפונען קיין געהעריקן און דאָקומענטירטן מאַטעריאַל, וועגן דעם אומקום און פאַרניכטונג פון אונדזער ליב און טייער שטעטעלע. דער דייטשישער מערדער, האָט זיין אַרבעט געטאָן אויף אַ גרויזאַמען און פּלאַנמעסיקן אופן און האָט פאַרניכטעט און אויסגעראָטן — ווי מען זאָגט „האם על הבנים", די מוטער צוזאַמען מיט די קינדער — וואָס אין דעם פאַל מיינט דאָס צו זאָגן, דאָס שטעטל צוזאַמען מיט די פּאָר הונדערט יידישע משפחות און איינוווינערס. (און עס זענען דאָרטן אַפילו נישט פאַרבליבן — ווי אין דעם פריִער־דערמאָנטן פאַל מיט דעם פאַרברענטן פנקס — ווער עס זאָל פאַרצייכענען און שפּעטער קאָנען דערציילן וועגן דעם, ווי אַזוי די פאַרניכטונג איז פאָרגעקומען).

מיר האָבן זיך געפּרוּווט ווענדן צו דעם סאַמע וויכטיקסטן יידישן אינסטיטוט, וואָס האָט פאַרצייכנט גרויסע טיילן פון אונדזער אומגליק — צום „יד־ושם" אין ירושלים, אָבער אויך דאָרטן האָבן מיר כמעט גאָר נישט באַקומען; ווייל אויסער דעם, וואָס אונדזער גאַנצע שוידערלעכע טראַגעדיע פון די נאַצי־צייטן, איז נאָך ווייט נישט ווי געהעריק דאָקומענטירט געוואָרן (טאַקע צוליב דעם פריִער דערמאָנטן אויסדרוק פון אומברענגען „האם על הבנים"), איז אין דעם פאַל פון אונדזער שטעטל, קומט נאָך צו דער פאַקט, וואָס עס זענען פאַראַן אייניקע שטעטלעך, וואָס טראָגן דעם זעלביקן נאָמען; אויסער אונדזער געוועזענער סטאָק, אָדער „סטאָטשעק" (ווי עס האָט געהייסן אין פּויליש), זענען פאַראַן נאָך אייניקע שטעטלעך, וועלכע טראָגן דעם זעלביקן נאָמען און עס איז אָפט מאָל זיך שווער צו אָריענטירן, וועגן וועלכן סטאָק עס האַנדלט זיך. און עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אין דעם געוועזענעם יידישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין פּוילן (עקזיסטירט ער נאָך איצט?), געפינען זיך געוויסע מאַטעריאַלן וועגן אומקום פון אונדזער שטעטל, אָבער דער דאָזיקער אינסטיטוט, איז שטענדיק געווען אָפּגעשלאָסן פון אונדז.

לאָמיר דערביי צוגעבן, אַז נישט אַלע פון די ווייניקע, וועלכע האָבן זיך יאָ געראַטעוועט פון דעם עמק הבכא, פון דעם טויט און מאָרד־טאָל — האָבן נישט געענטפערט ווי געהעריק אויף אונדזערע פילמאָליקע ווענדונגען, אַז זיי זאָלן צושיקן מאַטעריאַלן פון דעם וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אין די נאַצישע טויטן לאַגערן, אָדער אין די צייטן פון דעם שרעקלעכן חורבן בכלל — כאָטש דער ועד הספר האָט צו זיי געמאַכט זייער אַ סך ווענדונגען און האָט ביי יעדער ווענדונג אונטערגעשטראָכן, אַז מען פאָדערט נישט ביי זיי קיין „ליטעראַטור", נאָר זיי זאָלן דערציילן די טרויעריקע און אמתדיקע פאַקטן פון זייער לעבן און פון דעם אַלגעמיינעם אומקום, וואָס דאָס מיינט פון דעם טויט. אפשר האָבן זיי נישט געגלויבט אין דעם, אַז אַזאַ מין פנקס, וואָס וועט גלייכצייטיק אויך זיין אַ יזכור־בוך, וועט באמת באַווייזן צו דערשיינען, אָדער אפשר ווילן זיי שוין איצט אַליין אויך פאַרגעסן אין די „אַמאָליקע" קאָשמאַר־פולע צייטן. נאָר ווי עס זאָל נישט זיין, איז דאָס וואָס מיר האָבן נישט באַקומען דעם געהעריקן מאַטעריאַל, זיכער אַ גרויסער פאַרלוסט, פאַר דער געהעריקער דאָקומענ־

טירונג און פֿאַר דעם אַז אונדזער איצטיקע אויסגאַבע, זאָל דאָס טאַקע באמת זײַן דער פּנקס און דער ריכטיקער יזכור־בוך פֿון אונדזער פֿאַרשניטענעם שטעטל.

אָבער מיט געטרײַע קינדער, געשעט שטענדיק, אַז אויב זיי קאָנען נישט שטעלן קיין מצבה פֿון מאַרמאָר —ווי עס וואָלט געווען זייער ווילן— שטעלן זיי אַזאַ מצבה פֿון גראַניט, אָדער פֿון פּשוטן שטיין. און דאָ שפּילט שוין נישט קיין ראָל, פֿון וועלכן מאַטעריאַל די מצבה ווערט געשטעלט, נאָר דער „פּה נטמן" און דער אינהאַלט און די ליבע, וואָס מען לייגט אַרײַן אין דער גאַנץ איינפֿאַכער מצבה.

און אויך מיר, די על פּי נס לעבנסגעבליבענע ,וואָס זענען נישט געגאַנגען „דעם לעצטן גאַנג", אויף וועלכן עס זענען געטריבן געוואָרן אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, אונדזערע ברידער און שוועסטער — און אונדזערע „תינוקות של בית רבן" — די קליינע אומשולדיקע קינדער פֿון אונדזער ליבהאַרציק ייִדיש שטעטל; די וועלכע האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען מיט אַ צײַט פֿריִער, ווער אין דעם גרויסן און פֿרײַען נאָרד־אַמעריקע, ווער אין דעם אייגענעם פּאַלעסטינע, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אונדזער אַלעמענס היים־געליבט ישראל, ווער אין דעם ווײַטן אומבאַקאַנטן אַרגענטינע, אַדער אין דעם נאָך ווײַטערן אויסטראַליע, אָדער קאַנאַדע און אין אַנדערע פּלעצער — און ווער עס האָט דורכגעמאַכט די שבעה מדורי גיהנום אין ריסלאַנד, אָדער אין די פֿאַרשידענע וועלדער און גריבער. מיר, וואָס זענען אַלע ילידי־סטאָק און האָבן על פּי נס נישט געטיילט דעם גורל פֿון אונדזערע קדושים. מיר אַלע האָבן באַשלאָסן צו שטעלן אַ מצבה די אומגעבראַכטע על קידוש השם ועל קידוש העם, פֿאַר די אַלע וואָס האָבן אַפֿילו נישט זוכה געווען, אַז מען זאָל נאָך זיי שטעלן אַ מצבה, שוין דערפֿאַר אַליין, ווײַל מען ווייסט נישט ווו זייערע קברים געפֿינען זיך.

און טאַקע דערפֿאַר ווײַל מען ווייסט נישט, ווו עס געפֿינען זיך זייערע ביינער, אָדער זייער הייליק אַש, האָבן מיר באַשלאָסן צו שטעלן נאָך זיי אַ פּאַפּירענעם דענקמאָל אין דער פֿאָרעם פֿון אַ פּנקס און יזכור־בוך — און מיר ייִדן האָבן דאָך שוין לאַנג געגלויבט אין דעם ,אַז אַ פּאַפּירענע בריק, איז מעכטיקער און טראָגט אויס אויף זיך מער ווי אַלע אײַזערנע בריקן. און אויך אונדזער פּאַפּירענע מצבה — צוגעפּאַסט פֿאַר אַ פֿאָלק, וואָס האָט שטענדיק געגלויבט אין דעם פּאַפּירענעם ספר — אַזוי גלויבן מיר אויך איצט, אַז אונדזער פּאַפּירענע מצבה, אין דער פֿאָרעם פֿון אַ יזכור־בוך, קאָן און וועט זײַן שטאַרקער, ווי די מאַרמאָרנע אָדער גראַניטענע מצבות.

2

ווען סטאָק — ווי וועגן אַ סך ייִדישע שטעט און שטעטלעך, וואָס זענען געווען און זענען שוין מער נישטאָ, אַלענפֿאַלס ווי ייִדישע שטעטלעך — גייט אָן אַ געוויסע פּלוגתא, וועגן דעם, צי זאָל מען זיי באַצייכענען אַלס שטעט (און אין פֿאַל פֿון סטאָק, אַלס שטאָט) מיט אַן „ה" הידיעה, צוליב דעם פֿאַרנעם וואָס זיי האָבן געהאַט אין דעם ייִדישן לעבן פֿון דעם אַמאָליקן פּוילן — און צוליב דער ליבשאַפֿט, וואָס עס ווײַזן נאָך אַרויס עד היום די לאַנדסלײַט) וואָס זענען דאָרטן געבוירן געוואָרן — און אַפֿילו די יעניקע וואָס זענען דאָרטן בלויז דורכגעפֿאָרן, אָדער געלעבט אַ געוויסע צײַט.

און אַ באַווײַז פֿון דער דאָזיקער ליבשאַפֿט, קאָן זײַן דער פֿאַקט, וואָס די ווייניק לעבנס־געבליבענע פֿון די „אנשי סטאָק" די צעזייטע און צעשפּרייטע איבער דער גאַנצער וועלט — אין דעם גרויסן ניו־יאָרק, אין דעם אייגענעם ישראל, אין דעם ווײַטן (פֿון דער אַמאָליקער היימשטאָט סטאָק) אַרגענטינע — און אין דעם נאָך ווײַטערן אויסטראַליע און קאַנאַדע, האָבן אַרויסגעוויזן און געבראַכט צום אויסדרוק, דאָס אַרויסגעבן אַ געדענק־בוך, אַ יזכור־אויסגאַבע, אָדער פּנקס, נאָך דעם אומגעקו־

מענעם, וואָס אַ סך ריכטיקער איז דער אויסדרוק — נאָך דעם אומגעבראַכטן און הרוב געמאַכטן סטאָק.

און טאַקע מחמת זייער ליבשאַפט, רופן דער גרעסטער טייל פון די לאַנדסלייט אָן, די דאָזיקע שטאָט מיט דעם אַ ביסל פאַרצויגענעם און פאַרקלענערטן נאָמען, שטעטל, וואָס איז דער אויסדרוק פון דער ליבשאַפט, וואָס מען פילט שטענדיק צו אַ געוויסער זאַך, צו אַ געוויסן קעגנשטאַנד, אָדער צו אַ געוויסן פלאַץ. און אויך מיר וועלן אָנרופן דעם דאָזיקן פלאַץ מיט דעם נאָמען שטעטל, מער צוליב ליבשאַפט, ווי צוליב געאָגראַפישער גרויס...

עס זענען אָבער אויך פאַראַן אַ ריי טעמים, צוליב וועלכן מען האָט געקאָנט באַצייכענען דאָס געוועזענע סטאָק, אַלס אַ יידישע שטאָט, שוין דערפאַר אַליין, ווייל סטאָק האָט פאַרמאָגט אַלע אַטריבוטן, מיט וועלכע מען פלעגט געוויינלעך באַצייכענען אַ שטאָט; סטאָק האָט פאַרמאָגט, נישט בלויז אַן אייגענעם יידישן בית־עולם, וואָס איז אין אַ געוויסער מאָס געווען דער ערשטער אַטריבוט פאַר אַ יידישער שטאָט — און אין דער פאָלקס־שפּראַך איז געווען פאַרשפּרייט דאָס וואָרט, אַז אויב מען זעט אַ בית־עולם, איז דאָס אַ באַווייז, אַז עס דערנענטערט זיך אַ יידישער ישוב — נאָר הויפּטזאַכלעך צוליב דעם, וואָס די שטאָט סטאָק, האָט געהאַט אַרום זיך אַ פּעריפעריע, וואָס איז געווען אָפּהענגיק —גייסטיק און אַפילו מאַטעריעל— פון סטאָק. און אַ סך האָבן טאַקע די דאָזיקע פּעריפעריע באַצייכנט, אַלס די „פּאַריי־ניקטע שטאַטן פון סטאָק”. און אַפילו יורידיש איז אויך געווען אַזאַ מין אָנערקע־נונג, ווייל די יידישע קהילה פון סטאָק, האָט אויך אַרומגענומען אַ ריי קלענערע יידישע געמיינדעס. און אַזעלכע זענען געווען לאָכוו, סאַדאָוונע, פּראָסטין, באַצק, לאָפּיאַנקע, אָסטראָווער און אַנדערע, וואָס יעדע איינע פון זיי האָט געהאַט אַרום זיך קלענערע פּונקטן, ווו עס האָבן געלעבט איינציקע אָדער מערערע יידישע פאַמי־ליעס, צווישן וועלכע מיר וועלן דאָ אויסרעכענען לדוגמה, די נעמען פון: היטע, ליפּק און אַ ריי אַנדערע, וועלכע האָבן זיכער אויך געהאַט צו דערציילן זייערע געשיכטעס (פון אייניקע פון זיי דערציילן מיר עפּעס, ווייל קיין מער מאַטעריאַלן האָבן מיר נישט געקאָנט באַקומען) און זיי אַלע האָבן צום באַדויערן אויך געהאַט דעם זעלביקן גורל, וואָס עס האָבן געהאַט די יידן פון סטאָק און פון דעם גרעסטן טייל יידן פון אַמאָ־ליקן פּוילן, וועמענס גורל עס איז געווען דער טויט און אומקום, אויף דעם שוידער־לעכסטן און גרויזאַמסטן אופן.

און אַז מען רעדט וועגן די געשיכטעס פון די דאָזיקע קליינע יידישע פּונקטן אַרום סטאָק, דאַרף מען אויך עפּעס זאָגן וועגן דער געשיכטע פון סטאָק גופא, וואָס איז אין דעם פאַל געווען די „הויפּטשטאָט” פון די פריער־דערמאָנטע „פּאַריי־ניקטע שטאַטן” און אַרום. צום באַדויערן, האָט די שטאָט סטאָק, ווי די אַרומיקע שטעטלעך אין דערפער וואָס האָבן צו איר אָנגעהערט, נישט געהאַט קיין געשריבענע געשיכ־טעס — פּונקט ווי עס האָבן דאָס נישט געהאַט דער גרעסטער טייל פון די יידישע שטעט און שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע (און אַ ביסל בעסער איז אויף דעם געביט געווען, גראָד אין די דייטש־יידישע שטעט, ווו די ראַבינערס וואָס פלעגן זעלטן זיך אָפּגעבן מיט „פּסקנען שאלות”, פלעגן אָבער פאַרצייכענען די געשיכטע פון זייער שטאָט, אָדער שטעטל). העכסטנס זענען אין די יידיש־פּוילישע שטעטלעך געווען די פריער דערמאָנטע פּנקסים, ווו מען פלעגט פאַרצייכענען געוויסע געשעענישן און די דאָזיקע פאַרצייכענונגען, זענען ווייט נאָך נישט געווען קיין געשיכטע, נאָר מאַטע־ריאַלן פאַר געשיכטע, וואָס האָבן געדאַרפט דינען פאַר די שפּעטערדיקע געשיכטע־שרייבערס, אַלס מאַטעריאַלן מיט וועלכע זיך צו באַנוצן.

אָבער אַפילו אַזוי, זענען אַזעלכע פאַרצייכענונגען געווען געוואַלדיק וויכטיק און נייטיק. און דער גרויסער יידישער היסטאָריקער און געשיכטע־שרייבער, שמעון

דובנאָוו ז״ל, האָט אַ סך מאָל רעקאָמענדירט אַלעמען צו פאַרצייכענען וואָס מער דאַטעס און וואָס מער ידיעות. אמת איז, אַז די דאָזיקע רעקאָמענדאַציעס זענען געמאַכט געוואָרן אין דער צייַט פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה — און ספּעציעל אין דער צייַט פון אונדזער גרויסן דריטן חורבן, אָבער פּאַקטיש זענען אַזעלכע פאַרצייכענונגען געווען וויכטיק און נייטיק אין אַלע צייַטן, כדי מען זאָל זיך באַקענען דערמיט וואָס עס איז געשען מיט געוויסע יחידים און מיט געוויסע קליינע שטעטלעך — און פון די יחידים קאָנען אַריבערגיין צו דעם כלל.

צום באַדויערן, האָבן אָבער די פנקסים, וואָס האָבן זיך געפונען אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך פון דעם יידישן מזרח־אייראָפּע — און צווישן זיי אויך דער „פנקס סטאָק״ געטיילט דעם גורל פון די יידן גופא פון די דאָזיקע שטעט און שטעטלעך; זיי זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין די „טעג פון צאָרן״ (און דאָ זענען געווען, נישט בלויז „טעג פון צאָרן״, נאָר גאַנצע יאָרן) די דאָזיקע פנקסים — גלייַך ווי אַ סך אַנדערע פאַרצייכענונגען וואָס זענען שפּעטער געמאַכט געוואָרן — זענען אומגעבראַכט און פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט די יידישע אייַנוווינערס און מיר ווייסן אַפילו נישט ווו זייער הייליק אַש געפינט זיך.

3

אַ צווייטע זאַך, פון וועלכע יידן פון אַלע צייַטן האָבן געליטן — און לייַדן נאָך עד היום — איז דער ענין פון סטאַטיסטיק און פון איבערצייַלן די משפחות און פערזאָנען, וואָס זענען געווען און זענען נאָך פאַראַן בייַם הייַנטיקן טאָג אין פאַרשיידענע פלעצער, שטעט, לענדער — און אַלצדינג ווערט אָנגענומען לפי־ערכדיק, אָדער ווי דאָס מיינט אויף יידיש, מער־ווייניקער.

דער באַקאַנטער יידישער סאָציאָלאָג, בצלאל שערמאַן ע״ה, האָט זיך אַמאָל געקלאָגט פאַר דעם שרייַבער פון די דאָזיקע שורות, וועגן דעם, אַז וועגן יידישן אַרגענטינע זענען נישט פאַראַן קיין פעסטגעשטעלטע ציפערן, וועגן דער צאָל יידן וואָס געפינען זיך דאָ. און איינער גיט אָן די צאָל יידן אין אַרגענטינע אויף 400 טויזנט, אַנדערע אויף 450 טויזנט און נאָך אַנדערע, וואָס זענען מער „ברייטהאַרציק״, גיבן איבער זייער צאָל אויף פונקט אַ האַלבן מיליאָן (און אַלע גיבן איבער זייערע צאָלן אין „קייַלעכדיקע ציפערן״, וואָס איז אויך גאַנץ פאַרדעכטיק און איז גאַנץ ווייַט פון קלאָרקייט) און עס האַנדלט זיך נישט פון קיין צופעליקע פערזאָנען, וועלכע מאַכן געוויסע שאַצונגען, נאָר פון יידישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס — וועלכע דאַרפן יאָ עפּעס ווייסן וועגן סטאַטיסטיק — און גיבן דאָך קיין מאָל נישט אָן קיין גענויע און פעסטגעשטעלטע ציפערן, וועגן דער צאָל יידן וואָס געפינען זיך אין אַ ריי לענדער.

אָט צום בייַשפּיל וועגן אונדזער אַרגענטינע, גיט אָן דער יידישער וועלט־קאָנגרעס, אַז עס געפינען זיך דאָ 450 טויזנט יידן — און דער אַמעריקאַנער ייד׳ קאָמיטעט גיט אָן זייער צאָל אין 500 טויזנט (כאָטש קיין איינע פון די דאָזיקע קערפּערשאַפטן גיט נישט גענוי אָן, פון וואַנען זיי נעמען זייערע ציפערן און אויפן סמך פון וועלכן זיי גיבן דאָס אָן) און וואָס עס איז ערגער, איז דאָס, אַז מיר גופא אין אַרגענטינע, ווייסן אויך נישט גענוי די צאָל יידן וואָס מיר פאַרמאָגן. און נאָך ערגער ווי בייַ אונדז, האַלט דאָס מיט די קלענערע יידישע ישובים. אַזוי אַרום גיט אָן דער יידישער וועלט־קאָנגרעס, אַז אין קאָלאָמביע געפינען זיך 9 טויזנט יידן און דער אַמעריקאַנער יידישער קאָמיטעט גיט אָן די צאָל יידן פון קאָלאָמביע אויף איבער 17 טויזנט.

די דאָזיקע טענה, וואָס איז אין גרונט גענומען זייער אַ ריכטיקע, האָט פּאַקטיש נישט קיין שום ענטפער — און אַוודאי נישט קיין פאַרענטפערונג. און דאָס איינציקע וואָס מען קאָן אויף דעם יאָ „ענטפערן״, איז, אַז נישט בלויז אין אונדזערע

לענדער, וואָס זענען נײַע, אין דער אַלגעמיינער וועלט בכלל און אין יידישע לעבן בפרט, זענען נישט פאַראַן קיין גענויע סטאַטיסטישע ציפערן, נאָר בכלל אין דער גאַנצער יידישער וועלט, זענען אַזעלכע גענויע ציפערן נישט פאַראַן. אַפילו אין דעם גרויסן נאָרד אַמעריקע, ווו אַלצדינג ווערט גענוי אויסגערעכנט און פאַרצייכנט, איז אויך נישטאָ קיין גענוי באַשטימטע ציפער וועגן דער צאָל יידן וואָס געפינען זיך דאָרטן — און עס איז שוין מער ווי עטלעכע און צוואַנציק יאָר, זינט מען רעדט דאָרטן וועגן זעקס מיליאָן יידן, כאָטש אַלע ווייסן, אַז אין פאַרלויף פון די דאָזיקע עטלעכע און צוואַנציק יאָר, האָבן זיך געענדערט אַ סך אָנגעגעבענע ציפערן און זיכער אויך די ציפערן וועגן דער צאָל פון דער יידישער באַפעלקערונג. און מען דערציילט, אַז אַ דאָרטיקער יידישער אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער, האָט זיך אַמאָל אויסגעדריקט, אַז מען האָט אײַנגעשטעלט אַ מין „דזשענטלמען אַגרעמענט", אַז עס זענען פאַראַן און עס וועלן נישט פאַרגרעסערט און נישט פאַרקלענערט ווערן די צאָל פון „זעקס מיליאָן יידן אין אַמעריקע". און דאָס זעלביקע קאָן אויך געזאָגט ווערן וועגן די יידן פון רוסלאַנד ווו מען רעדט שוין לאַנג וועגן „דרײַ מיליאָן יידן" כאָטש די אָפיציעלע ציפער גיט איבער ווייניקער און די פאַקטישע ציפער ווײַזט אָן אויף אַ סך מער.

און אויב מיר ווייסן נישט קיין גענויע צאָל פון די יידן וואָס געפינען זיך אין פאַרשידענע לענדער און אין גרויסע שטעט, האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט וויסן די גענויע צאָל פון די יידן אין אונדזער אַמאָליק, ליב און טײַער שטעטעלע סטאָק, וואָס האָט נאָך דורכגעמאַכט פאַרשידענע צײַטן און פאַזן ביז צו דעם חורבן. און דערפאַר רעדן דאָ אַ סך אין דעם יזכור־בוך וועגן 300 יידישע משפחות און אַנדערע גיבן אָן זייער צאָל אויף פונקט דאָפלט — און מען קאָן נישט זאָגן, אַז די ביידע אָנגעגעבענע ציפערן, זענען פולשטענדיק ריכטיקע, אָבער מען קאָן אויך פאַר קיין פאַל נישט האַלטן אַז די אָנגעגעבענע ציפערן זענען פאַלשע, ווײַל דאָס איז די שטענדיקע מאָס און צאָל אין יידישן לעבן.

און אָט די אַלע יידן פון אונדזער געוועזן שטעטעלע סטאָק, וועמענס צאָל מיר ווייסן נישט גענוי, זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין די „יאָרן פון צאָרן", דורך כלערליי מיתות משונות — און מיר קאָנען זיי בלויז מצרף זײַן צו דער הייליקער און גאַנץ שוידערלעכער ציפער פון זעקס מיליאָן קדושים, וועמען דאָס יידישע פאָלק וועט געדענקען אין אַלע אייביקייטן, כל זמן מיר וועלן עקזיסטירן ווי אַ פאָלק, וואָס האָט אין אַלע צײַטן געהאַט דעם שטענדיקן אויסדרוק פון „בדמייך חיי" — אין דײַן בלוט וועסטו לעבן — און דער דאָזיקער באַשיידענער יזכור־בוך, וואָס מיר ברענגען דאָ, איז אַ חוץ דאָס וועלן פאַראייביקן אַן אומגענומענער עדה, אויך אונדזער שטענדיקער ווילן צו בלײַבן לעבן ווי אַ פאָלק, אויף אַלע צײַטן און אויף אַלע אייביקייטן.

4

שליסלעך קומען מיר צו, אפשר צו דער סאַמע וויכטיקסטער, אָדער וויכטיקסטע פראַגן וואָס האָבן אַ שײַכות, מיט יעטוועדער שטאָט אָדער שטעטל, וועגן וועלכן מען פאַרצייכנט אַ פנקס אָדער מען מאַכט אַ יזכור־בוך (און אונדזער ספר, האָט פאַקטיש פון ביידע טיילן). בײַ געוויינלעכע באַדינגונגען, דאַרף מען פאַרצייכענען, סײַ דעם אָנהייב און אויך דעם סוף פון דער געגעבענער זאַך, אָדער פון דעם געגעבענעם שטעטל — און צום באַדויערן קאָנען מיר נישט וועגן ביידע זאַכן, אָנגעבן קיין גענויע דאַטעס. אפשר איז ערגעץ ווו אָנגעגעבן געוואָרן די גענויע דאַטע, ווען דאָס שטעטל סטאָק אָדער „סטאַטשעק" בײַ ווענגראָוו, איז געגרינדעט געוואָרן. אָבער דער דאָזיקער „ערגעצוווּ" איז ווײַט אָפגעשלאָסן פון אונדז און קיינער פון די ילידי סטאָק, קאָן נישט אַרײַנקומען אין אונדזער געוועזענער געבורטסשטאָט, וואָס

איז היינט „יודנריין" און קיינער קאָן אַפילו נישט טראַכטן, וועגן דערקלײַבן זיך צו דאָקומענטן, ווי עס איז פאַרצייכנט דער „געבורט" פון אונדזער שטעטל און ספּעציעל פון דער צײַט, ווען עס האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ ייִדיש שטעטל. אָבער אויף די בלעטער פון אונדזער פּנקס ווערט פאַרצייכנט, אַז אויף דעם סטאָקער בית־עולם (וואָס מיר ווייסן אַפילו נישט צי ער עקזיסטירט נאָך איצט) האָבן זיך געפונען מצבות פון דעם יאָר (תר"ח — 1848) און אייניקע פון נאָך פריִער, וואָס דאָס מיינט צו זאָגן אַז אַ ייִדישער ישוב — ווען מען קען־צייכן עס איז דער בית־עולם, האָט זיך שוין דאָרטן געפונען אַ צײַט לאַנג פריִער.

און מיר ווייסן אויך נישט גאָר גענוי די דאַטע פון דעם אומקום פון אונדזער שטעטל. געוויינלעך ווערט בײַ אונדז אַלעמען פאַרצייכנט דער טאָג פון י"ב תשרי ה'תש"ג (1942) אַלס דער טאָג פון דער ענדגילטיקער פאַרניכטונג פון דער סטאָקער עדה. אָבער אונדזער בן־עיר און עד־ראיה י. ל. מיינט אַז אין חודש סעפּטעמבער פון 1939, האָט זיך שוין אָנגעהויבן אונדזער חורבן. און אין דער ווירקלעכקייט, זענען ביידע דאַטעס — און זיכער נאָך אַ סך אַנדערע — ריכטיקע, ווײַל זעקס יאָר פון דער הערשאַפט פון מלכות זדון פון דער נאַצישער מאַכט, איז געווען אַ כסדר־דיקער חורבן איבער די שוצלאָזע ייִדן. און עס זענען זיכער פאַראַן נאָך אַ סך אַנדערע „דאַטעס" און יאָרצײַטן, וואָס קיינער פון אונדז ווייסט נישט און וועט דאָס שוין זיכער מער קיין מאָל נישט וויסן.

אָבער מיר האָבן אין אונדזער יזכור־ספר, נישט געפּרוּווט צו זוכן דאָס וואָס מיר ווייסן נישט — און דאָס וואָס קיינער נאָך אונדזער דור וועט שוין מער קיין מאָל נישט וויסן — נאָר מיר האָבן געפּרוּווט צו פאַרצייכענען, אַ קליינעם טייל, (אויף וויפל עס איז אונדז געלונגען צו דערציילן וועגן דעם וואָס אַלע האָבן יאָ געוווּסט) נאָר אויב מיר וועלן דאָס נישט אַרויסברענגען, אויף די בלעטער פון דעם דאָזיקן ספר, וועלן זיי זיכער פאַרגעסן ווערן; מיר האָבן בלויז באַקומען מאַטעריאַל וועגן דעם, אַז אַ זיבעציק קילאָמעטער פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט וואַרשע, אַ 17 קילאָמעטער פון אונדזער פּאָוויאַט־שטאָט ווענגראָוו און בײַ די 15 קילאָמעטער פון דעם טרויעריק־באַרימטן טויטן־פּלאַץ טרעבלינקע, האָט זיך נאָך מיט עטלעכע דרײַסיק יאָר צוריק, געפונען אַ ייִדישע עדה, וואָס האָט געלעבט, געאַרבעט און זיך שווער געראַנגלט פאַר דעם ביסן ברויט. אָבער נישט געקוקט אויף די אַרומיקע שוועריקייטן, איז אָנגעגאַנגען אַן עכט ייִדיש לעבן, סײַ בײַ דעם עלטערן דור און אויך בײַ דער יוגנט, וואָס האָט געפּרוּווט גיין אויף אַנדערע וועגן, אָבער דאָך שטענדיק געגאַנגען אויף דעם אייביק אויסגעטראָטענעם ייִדישן וועג.

און אַפילו ווען אונדזער עדה האָט זיך שוין געפונען אין די דײַטש־מחבלישע הענט וואָס דאָס האָט געמיינט צו זאָגן אין די נעגל פון טויט, האָבן די דאָרטיקע ייִדן נישט אויפגעגעבן זייערע האָפענונגען און גלויבן — און ווען מען האָט בײַ דעם סטאָקער רב ר' שמואל קן טהור (קאַנטאָר), געפאָדערט אַ געוויסע צאָל ייִדן צו דער „אַרבעט", האָט ער זיך אָנגעטאָן אין דעם טלית און תפילין און געזאָגט: „איך וועל קיין שום ייִד נישט צושטעלן. נעמט מיך אַנשטאָט זיי" און דער ווייכהאַרציקער משה ברוך — דעם רבס זון, האָט זיך אַליין איבערגעשניטן דעם האַלדז, כדי נישט צו קאָנען זען די אַרומיקע ליידן.

דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות, איז קיין מאָל אין סטאָק נישט געווען; עס איז מיר אָבער געוואָרן ליב און היימיש, נאָך דעם ווי איך האָב געלייענט אַלציינג וואָס סטאָקער לאַנדסלײַט האָבן וועגן זייער שטעטל געשריבן — און עס איז בײַ מיר אויפגעקומען אין זכרון די ווערטער פון אונדזער גרויסן שרײַבער ה. לייוויק, אַז אויך ער איז „אין טרעבלינקע נישט געווען".

# מבוא הספר

(דברי־פתיחה)

מאת: ש. ד. פריימן — יו״ר ארגון יוצאי סטוק והסביבה בישראל

מפי זקנים, ספר אב לבן ובן לנכד, המשפחה הראשונה התישבה בעיירה עוד בתחילה המאה ה 18 ואולי בסוף המאה ה 17, ידעו גם לנקב בשמו „מרדכי" בפונדקאי ומוזג, אכסניה לעוברי אורח, מקום לינה לעצמם וארווה לסוסיהם.

המקום בו עומדת העיירה על תלה היה מיוער עצים עבים, מאותם יערות בהם מוקפת היתה העיירה ועליהם מסופר להלן;

לצערי ולצער כולנו אין תעודות ודאיות אשר יכולות לאמת את המסופר על ראשית תולדותיה והתפתחותה של העיירה. ידוע, שרבוי התושבים החל במאה ה19. בסוף המאה היו בעיירה כ־200 משפחות יהודיות ובפקוד השואה אותה כ־300 הגיעו.

ספורי על העיירה מקיף תקופה החל' מהעשור הראשון של המאה ה20 ועד אמצע שנות השלושים.

## סטוק — עיירתי הקטנה והיפה

בני עיירתי וידידי היקרים!

בשורות הבאות ברצוני, ביחד עמכם, לערוך טיול קצר בעיירה שלנו סטוק, הקטנה והחמודה בה היו משך דורות מושרשות מאות משפחות יהודיות, אבות ובנים, נכדים ונינים, זקן, נער וטף עד שביום בהיר אחד הוכחדו בצורה טראגית ע'י הצורר השטני.

ידידי היקרים! בטיול קצר זה בתוך רחובותיה הצרים על העיירה — ספק רחו־בות ספק שבילים — לעתים מלאים בוץ ורפש, ננסה להציץ לרגע קט בתוך החלונות הקטנים והנמוכים לתוך הבתים הדלים, השוקעים מרב זקנה וכובד, הגגות עמוסים תבן או עץ, שעליהם הצטברו משך השנים שכבות עבות רפש (מו'ך בלע'ז). כאן בין כותלי הבתים האלה חיו משך דורות, אבות ובנים, פרו ורבו, לחמו מלחמת הקיום הקשה וחלמו חלומות בהירים על ימים טובים יותר.

מחלונות אלה הציצו עליך בערבי שבתות אור נרות השבת עליהם ברכה אמא, מכאן נשמעו בערבי שבתות קולות של יהודים, ה"שלום עליכם — עליכם השלום" העליז של אבא בחזרו מבית כנסת בקבלו פני שבת המלכה, וזמירות שבת של המשפחה בהסיבם ליד השלחן לסעודת השבת.

ובשבת בין השמשות נפגשת בנשות העיירה, סבתא זקנה, אם ובת, יושבות על מפתן הבית ושפתיהן ממלמלות את התפלה המסורתית של נשי ישראל, בפניתן אל אלוקי האבות „אלוקי אברהם, יצחק ויעקב, אלוקי שרה, רבקה, רחל ולאה" מבקשות בתפלתן החרישית, שעם צאת שבת קודש, יבוא שבוע חול חדש, שבוע טוב ומוצלח להן ולכל בית ישראל.

והנה אבא חוזר מבית הכנסת עליז ושמח, עדיין שרוי בשבת ־ קודש, מכיך ברכת שבוע טוב, מברך על היין, מבדיל בין קודש לחול, ואחר פושט גדי השבת ואוירת השבת, ועוד שבת קודש חלפה ועברה ומתחיל שבוע חול' נוסף, ושוב המאבק הלא קל לקיום המשפחה.

הצצה נוספת דרך החלון לתוך הבית, ותמונה אחרת לנגד עיניך, אם צעירה, בת ישראל, יושבת ליד ערישת ילד, ובפיה שיר ערש באידיש, לבבני, רך וענוג, קולה

שקט ורגוע, מרדימה את ילדה ברך, שלעתים משמיע עוד בכי קצר, חרישי וקטוע, ואחר הכל שקט, נדמה שעם שיר הערש גם האמא נרדמה.

והנה ביום בהיר אחד הכל חלף, הכל שקט ונדם, זמירות השבת של אבא, תפלת סבתא ואמא, שיר ערש לתינוק, העיירה שהיתה — איננה עוד. רוצחי היטלר — הנאצים ימ"ש וזכרם — פשטו ברחבי פולין וכדם ואש השמידו את מאות ואלפי העיירות היהודיות, גם על העיירה שלנו לא פסחו, גם אליה הגיעו קלגסי היטלר. משך זמן, יום יום בזזו רכוש והרגו מבין יהודי העיירה, עד שהגיע יום הסולה. לאחר כסה וועשור שנת תש"ב, יומיים אחרי יום הכפורים, אספו הרוצחים את שארית יהודי העיירה, גברים ונשים, זקן, נער וטף אל מרכז העיירה ומשם הובילום, כצאן לטבח, אל כבשני הגזים, אל מחנה ההשמדה טרבלינקה הארורה.

היום היה יום של סוף קיץ באירופה המזרחית, במקרה, ואולי שלא במקרה, יום נהדר, בשמים עמדה שמש יפה, זוהרת ואדומה, אולי מתוך „בושה" בהביטה מה עומדים לעשות „ביצורי־אל" אלה. האם גם מלאכי השבת אשר עומדים בפני האל החזק והכל יכל, אף גם האל הרחום והחנון, לאמר את שירת הבוקר שלהם, התבישו? האם הפסיקו שירתם אותו יום? והאל הגדול והנורא, האל הרחום והחנון, אלוקי ישראל, ישב על כסא כבודו ברקיע השביעי והביט בתהלוכה האיומה והמזעזעת, איך בני העם הנבחר, צאצאי אברהם, יצחק ויעקב, מובלים כצאן לטבח ע"י קלגסיו של היטלר ימ"ש הסובבים אותם מכל צד, דוחפים ומאיצים בהם בכלי נשקם המשוכלל, שימהרו ולא יפגרו מלדת לקראת מותם. פוקחים עין שלא ישמט אף אחד, ומדי פעם בפעם נשמע קול יריה, אחד מהמפגרים והנחשלים בתהלוכת המוות נופל חלל. והתהלוכה נמשכת, משתרכת והולכת בדרך לאדרך אל סופה המר.

הדרך מהעיירה לטרבלינקה הארורה חוצה יערות עבותים, עצים בני מאה שנה ויותר עם ענפים רחבים מצילים להולכי דרך, תחתם יוכלים הם למצוא מנוחה ולרגן עצמם ביום חם, אולם לא כן היה למחנה הנרדף —בני העיירה— שהובלו להשמדה. נדחפו ללא הרף ע"י פראי הס. ס. צמאי הדם, מבלי לתת להם מנוחה אפילו לרגע קט.

רוח קלילה נשבה מעובי היער, נשמעה כאילו לחישה, לחישת הענפים, האם זו תפלה או קללה נמרצת נגד העולם המושחת, המחזיק בתוכו חיות־טרף כאלה? מעליהם ובעקבותיהם לוותה אותם להקת עורבים, האם גם הם מצפים לטרף שיפול בחלקם מקרבנות הנאצים הארורים?

וכך הגיעה בצהרי היום השיירה של יהודים נרדפים, עייפים ורצוצים עד לשער מחנה טרבלינקה, שומרי המחנה קבלו פניהם בחיוך שטני, במכות ובהשפלה, מבלי לרמוז מה צפוי להם, ומיד בלי סלקציה, העבירו אותם ל"מקלחות" — תאי הגזים. נשמעו משם אי־אלו צעקות חנק, ומיד השתוררה דומית מוות.

בני עיירתי היקרים! אני מביא להלן את ספור העיירה שלנו — סטוק היפה והיקרה — לזכר ולזכרון עולם עבור הדורות הבאים. אנחנו, ה„מוהיקנים" האחרונים, שרידי דור שהושמד באופן כל כך טראגי ואכזרי, הכרנו וידענו את העיירה, את החיוב והשלילה שבה. את היפה והמכוער, את הסבל ושמחת החיים, הכרנו וידענו את הורינו וזקנינו, שקפאו על השמרים ושמרו על החיים המסורתיים והמגובשים, הכרנו את הנוער שהתפרץ לקראת חיים חדשים, את הדחף והרצון העז שלו. אם אנחנו לא נעשה זאת ונעמיד מצבה לדורות, למה שהיה ונכחד, מי יעשה זאת? כשיבוא הסטוריון במאה זו או הבאה לכתוב את ההסטוריה של עם ישראל בפולין „הברוכה" בשרשרת הגדולה של מאות קהילות יהודיות תצורף גם חוליה קטנטונת זו של העיירה שלנו, שהיתה ואיננה עוד ככל האחרות, ויתכן ששורות ספר זה ישמשו עבורו החומר לכך. ולנו ולצאצאים שלנו, תהיה זו מצבת זכרון ליקרים לנו מכל, לאבות ולאמהות, לאחים ולאחיות, לידידים ולמכרים, שנספו על לא עוול ע"י צורר אכזר ושטני.

יהי זכרם ברוך לנצח!



קרן קימת לישראל

---

בוענאָס-איַירעס, 8/6/72 (כ״ו סיוון תשל״ב)

ה׳ שמחה לאַנדע
פּאָרזיצער פון ל״ל-פּאַראיין
פון סטאָק און אומגעגנט — שטאָט.

זייער השובער פריַינד,

מיר האָבן דעם כבוד צו באַשטעטיקן, אַז מיט דער היַינטיקער דאַטע האָט איר איבערגעגעבן אין דער ביוראָ פון קרן קימת דעם ערשטן איינצאָל פאַר אַ צאָל ביימער, ווי אַן אָנהייב פאַר אַ וואַלד אונטערן נאָמען „יער קדושי סטוק וסביבותיה", וואָס נאָך דעם ווי ער וועט פאַרענדיקט ווערן וועט ער געפלאַנצט ווערן אין דעם „יער הקדושים", ווו עס זענען פאַראייביקט דורך מיליאָנען ביימער די אומגעקומענע יידישע קהילות פון מזרח-איירָאָפּע.

מיר שטרייַכן אונטער, אַז צוליב דעם וואָס איר האָט איַינגעצאָלט אַן אַדע־רויף אויף דעם וואַלד וועט גילטן דער פּריַיז פון היַינט אפילו ווען די פּריַיזן פון ביימער וועלן געהעכערט ווערן.

ביַי דער געלעגנהייט ווילן מיר אונטערשטריַיכן אונדזער אָנערקענונג פאַר איַיער לויבנסווערטיקער איניציאַטיוו, וואָס דריקט אויס אין דער פולער מאָס דעם גייַסט פון דער צייַט און די שוין דורך אונדז אָנגעהויבענע אַרבעט אין אַ ריי פאַר־באַנדן און לאַנדסלייַט-פאַראיינען צו פאַראייביקן די נעמען פון די אומגעקומענע קהילות אין דער שרעקלעכער אויסראָט-תקופה פון נאַצישער הערשאַפט ימח שמם. דאָס פאַראייביקן דעם נאָמען פון איַיער קהילה אין „יער הקדושים" איז אַ ריכ־טיקער אָפּשאַץ, וויַיל נאָר אויפן באָדן פון מדינת-ישראל וועלן די קהילות און די אומ־געקומענע יידן אייביק געדענקט ווערן דורכן וווּקס פון די ביימער, וואָס יעדער איי־נער פון זיי טראָגט אין זיך דעם זכר פון אַ פאַרשניטן יידיש לעבן.

מיר ווינטשן איַיך און אַלע משפחות וואָס גרופּירן זיך אין איַיער חשובן פאַראיין פּערזענלעכן גליק און מיר האָפן אַז וואָס גיכער זאָלט איר קענען רעאַליזירן איַיער געבענטשטע איניציאַטיוו צו האָבן אַ וואַלד אין „יער הקדושים" צוזאַמען מיט די הונדערטער און הונדערטער יידישע קהילות, וואָס זייער אָנדענק טאָר קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

בכבוד וברכה

| | |
|---|---|
| **יעקב מ. װענגראָװער** | **ד״ר איסאַק גאַרבער** |
| פּרעזידענט | גענעראַל־סעקרעטאַר |




דיפלאָם פון דער חורשה „עד לחשבון" „יער קדושי סטוק וסביבותיה"

# חורשה אין „יער קדושי סטוק וסביבותיה"

א"נ ש מ ח ה  ב.  ל אַ נ ד ע

בײַם אָפּמערקן דעם „יום-הולדת השישים" פון רעדאַקציע-סעקרעטאַר פון „פּ נ ק ס  ס ט אָ ק", שמחה ב. לאַנדע, האָט דער צענטראַלער ועד-הספר באַשלאָסן, אויף דער פײַער-לעכער מסיבה, אַדורכגעפירט פרײַטיק דעם 15טן יוני 1973, פלאַנצן אַ  ח ו ר ש ה (1000 ביימער) אויף זײַן נאָמען, אין „יער קדושי סטוק וסביבותיה".

שטערן, שטענדיק אַ גוטע, אַ פריילעכע. פאַלט אַ קרבן פון שרעקלעכן פלעק־טיפוס אין דער צײַט פון דער דײַטשער אָקופּאַציע אין יאָר 1917.

די צווייטע חיה־טויבע, אַ הויכע שלאַנקע מיט אַ שטענדיק לאַכנדיק געזיכט. פאַרליבט זיך אין אַ שיינעם הויכגעוויקסיקן בחור — מיט אַ שיינעם רויט־בלײַענדיקן געזיכט, משה דענענבערג. אין שטעטל זאָגט מען אַז דער בלײַענדער געזיכט איז אַ רעזולטאַט פון דער שרעקלעכער שווינדזוכט־קראַנקהייט מיט וועלכן דער בחור איז אָנגעשטעקט, אַלע וואָרנונגען פון דער פאַמיליע און פרײַנט, האָבן לײדער נישט געהאַט קיין ווירקונג אויף חיה טויבען, זיי האָבן חתונה געהאַט, נאָך אַ יאָר קומט אַ קינד, נאָך אין זעלבן יאָר גייט משה דענעבערג פון דער וועלט, דאָס נײַ־געבוירן קינד גלײַך נאָך אים, אויך חיה טויבע ווערט אָנגעשטעקט מיט אָט דער געפערלעכער קראַנקהײַט. צוויי יאָר איז זי געבונדן צום בעט. ביז אויך זי פאַראייניקט זיך מיט מאַן און קינד. זאָלן אָט די פאָר ווערטער זײַן אַן אָנדענק פאַר אָט די דערמאָנטע נאָך וועלכע עס איז קיין זכר נישט געבליבן.

*
**

דער בית המדרש הויף, אַ פלאַץ בערך פון דרײַ הונדערט קוואַדראַט מעטער, אין דרום זײַט טיילט אָפּ אַ הויכער הילצערנער פלויט דעם פלאַץ פון די פעלדער, וואָס געהערן צו דער שטעטלדיקער קירכע, דער פלויט טיילט אויך אַ פליסנד וואַסערל — אַ טייל אויף די קירכע־פעלדער, אַ טייל אויפן בית המדרש הויף, דאָ איז דאָס וואַסערל כמעט אַ זומפּ פון וועלכן עס הערט זיך אין די זומער אָוונטן דאָס קראַקעצן פון זשאַבעס, ווינטער ווערט עס אײַנגעפרוירן, און דינט פאַר ווײַסע חברהניקעס אַלס גליטש־פלאַץ.

אויף צפון־זײַט פון הויף שטייען צוויי הײַזקעס, דעם רבס סוכה, דאָס הקדש־שטיבל וווּ עס נעכטיקן וואַנדערנדע אָרעמע לײַט און די קהילה־שטוב. בערך הונדערט מעטער אויף מזרח פון בית־המדרש געפינט זיך די מקוה, אין די אָוונט־שעהן יעדן טאָג קענט איר זען ייִדישע טעכטער זיך דורכשלײַען אין אַ שנעלן גאַנג, פאַרדעקט ווײַט איבערן פנים — קעגן אַ שלעכט אויג — מיט אַ שאַל אָדער טיכל, אין אָדער פון דער מקוה. פרײַטיק, פון די פרימאָרגןשעהן לויפן די שטעטלדיקע בעלי בתים. אַנדערע מיט די קינדער בײַ די הענט, אונטערן אָרעם פּעקלעך ריינע הינטערוועש זיך אָפּצוּוואַשן לכבוד שבת.

בײַ דער מקוה איז אויך דאָ אַ שוויץ־באָד, וועלכע ווערט באַנוצט איין מאָל אין צוויי אָדער דרײַ וואָכן אין די טעג ווען די שוויץ־באָד איז טעטיק, הערט איר גאַנץ ווײַט די געשרייען פון דאָרט, נאָך אַ שמיץ, אַן עמער קאַלט וואַסער אאַ״וו.

אויפן בית המדרש הויף איז אויך אויפגעבויט אַ סוכה פאַרן רב, אַן הכנסת אורחים הײַזקע — ווו דורכגייענדע אָרעמע־לײַט האָבן אַ פלאַץ פאַר איבערנעכטיקן. שפּעטער בויט מען אויך אַ קהילה־שטיבל — פאַר דער געמיינדע פאַרוואַלטונג.

דער בית המדרש בערך פון 180—200 קוואַדראַט מעטער, אינדערמיט דער בעלעמער 4 טרעפּלעך הויך. אַרום אָנגעהאַנגען מיט לײַכטער פון מעש אין קופּער —ליכט־לײַכטער— אויף מזרח־וואַנט דער אָרון קודש. רעכטס אַ שטענדער פאַרן חזן. אין ווינקל רעכטס אַ שטענדער פאַר דעם רב, די דרײַ ווענט אויסגעשטעלט לאַנגע טישן און בענק —די פערטע וואַנט אין צפון האָט די אַרײַנגאַנגס־טיר— אין דער זײַט אַ הויכער גרויסער קאכעל אויוון, וועלכער ווערט געהייצט אין די ווינטער־טעג אויף אָנצוּוואָרעמען דעם בית־המדרש.

אין מערב טיילט אָפּ אַ וואַנט —ווי אין דער הויך בײַ 2—3 מעטער געפינען זיך קליינע פענצטערלעך, צו דער אָפּטיילונג פון דער ווײַבער־שיל, דאָרט אין דער ווײַבער־שיל זענען אויסגעשטעלט רייען שטענדערס צוזאַמען מיט זיץ־ערטער — „שטעט" רופט מען עס— געקויפטע דורך די בעלי־בתים, די מער רײַכערע העכער אויף מזרח, אַנדערע ווײַטער. אין די טעג פון אַ גאַנצער וואָך איז די ווײַבער־שיל כמעט ליידיק. דערפאַר שבת און יום־טוב, פול געפּאַקט פון פרומע ייִדישע ווײַבער, מיט זייערע דערוואַקסענע טעכטער, כדי זיי צוצוגעוויינען צו ייִדישקייט.

פון בית המדרש הערט זיך שוין אין די גאַנץ פריע בלויע מאָרגן־שעהן דער קלאַנג פון תפילות. פון די דאַוונער בײַ די ערשטע מנינים, בעלי מלאָכית, דאָרפס־גייער, קרעמער, וועלכע יאָגן זיך צו זייער באַשעפטיקונג. שפּעטער קומען מער אײַנגעאָרדנטע בעלי בתים אויך קעסט־קינדער. מען כאַפּט פריער אַ תורה־וואָרט, אַ בלעטל גמרא, אַ פרק משניות און זיי דאַוונען שוין מיטן רבס מנין.

דער בית המדרש איז אָפן פון די נאָך טונקעלע פרימאָרגן־שעהן ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן, אין די טאָג־שעהן קומען לערנען די יונגע לײַטלעך אויף קעסט. טאַטעס, מאַמעס, קינדער וואָס האַלטן

זיך בײַ דער יידישער קלאַמקע און קאַנדידאַטן פאַר איידעמס אויף קעסט. פון די, געפינען זיך נישט ווייניק וואָס כאַפּן שוין אַ קוק אין אַ פרעמדן בוך אָדער צײַטשריפט — אַ „טריף פסול״. אין די פאַרנאַכט־שעהן ווערט ווידער אָנגעפילט דער בית־המדרש, עס קלינגט אַרויס אַ הויכע שמונה עשרה אַ קדושה, און נאָך פיל מערער אַ קדיש פון אַ יתום.

צווישן מנחה און מעריב זעצן זיך אַרום די טישן אין מזרח ר׳ אַברהם מלמד — אַברהם זישעס — מײַן גמרא־מלמד, אַ ייד מיט אַ לאַנג אָפּגעצויגן געזיכט, אַ שיטער גרוי בערדל, אַ לענגערע נאָז וואָס איז אונטן שוואַרץ פון טאַבאַק שמעקן און מיטעל וווקס, אַרום אים זעצן זיך בײַ די טישן פשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר — מיט גרויס דרך־ארץ — און אויפמערקזאַמקייט, הערן זיי זיך צו. ר׳ אַברהם זישעס לערנט פאַר זיי „עין יעקב״ און אַמאָל איינער און אַמאָל אַ צווייטער פרעגט דאָס וואָס אים איז נישט פאַרשטענדלעך. און ר׳ אַברהם ענטפערט גוטמוטיק, גיט צו פאַרשטיין, טײַטשט אויס אַ צווייטן און דריטן מאָל ביז עס ווערט קלאָר פאַר אַלעמען.

בײַ אַ צווייטן טיש זיצט ר׳ משה מאַטעס דער שוחט, אַרומגערינגלט מיט אַנדערע אויך עמך־יידן, לערנט פאַר זיי משניות, אויך זיי ווײַזן אַרויס צו אים אַ באַזונדער יראת־הכבוד. קוקן אין מויל פון ר׳ משה מאַטעס און שלינגען יעדעס וואָרט.

אַ ביסל ווײַטער בײַם זעלבן טיש, לערנט ר׳ אַברהם האָכבערג, אַ שיינער שטאָטישער בעל־הבית. אַ ווויל לערנער, אַן איידעם פון פריִער דערמאָנטן ר׳ שמעון פינקעלשטיין — פאַר אַן עולם בעסערע קענער לערנער — גמרא. דאָ איז שוין דאָס לערנען אַ מער שותפותדיקער — קאָלעקטיווער — אַלע מיטזיצנדיקע באַטייליקן זיך. עס הערן זיך מיינונגס־אויסטוישן. גריבלען זיך אין אויסטײַטשונגען. ר׳ אַברהם הערט זיך צו מיט אַ שמייכל. ווי איינער זאָגט: פײַן קינדערלעך, זייער פײַן. האָט פאַרגעניגן פון אָט דעם ויכוח. און בײַם סוף מאַכט ער זײַנע אויספירונגען און רעזומירט דעם פרק.

אויף מערב־וואַנט — אונטערן בעלעמער — זיצן אַ טייל און מורמלען אַ קאַפּיטל תהילים, אַנדערע כאַפּן גלאַט אַ שמועס, ווער פּאָליטיק, ווער רכילות, ביז עס הערט זיך פון די לערנער־טישן דער רבנן־קדיש. מיטן ענדיקן דאָס לערנען. גלײַך הערט זיך דער קלאַפּ אין טיש אויפן בעלעמער, פון שול־שמש. און עס הייבט זיך אָן דאָס מעריב דאַווענען. אַ מנין נאָך אַ מנין, אין משך פון אַ קורצער צײַט ליידיקט זיך אויס דער בית המדרש, דאָרט בלײַבן איינציקע בית המדרש לערנער, בײַ די טישן און בײַם אויוון, און צווישן אויוון איינציקע וואַנדערנדיקע אָרעמע לײַט, וועלכע אגב נעכטיקן דאָ, נישט האָבנדיק מער קיין פלאַץ אין דעם הכנסת אורחים שטיבל.

אין צווייטן ווינקל פון אָרון קודש בײַם עק פון לאַנגן טיש זיצט זיך שטיל געמיטלעך ר׳ ידידיה. אַ ייד אין די עלטערן יאָרן מיט אַ גרויער מיטלמעסיקער באָרד, וואָס נעמט אַרום דעם גרעסטן טייל פון געזיכט, מיט הויכע גרויסע גרויע ברעמען, פון אינטער וועלכע עס קוקן אַרויס אַ פאָר שמייכלענדיקע אויגן, ר׳ ידידיה באַטייליקט זיך נישט מיט די לערנער בײַ די טישן. אויך נישט מיט די וואָס פאַרנעמען זיך מיט וואָכעדיקע שמועסן. ער מאַכט זיך שטיל ביז דעם מעריב דאַווענען, פון צײַט צו צײַט רופט ער צו זיך אַדורכגייענדיקע עלטערן קינד און מיט אַ שמייכל פרעגט ער וואָס מען שמועסט פאַר אַ נײַעס, אין בית המדרש. ר׳ ידידיה איז אַ זון פון אַלטן ר׳ שמואלקע בעקער, איינער פון די ערשטע בעלי בתים אין שטעטל. שוין לאַנג ווי ר׳ שמואלקע געפינט זיך אויפן עולם־האמת. אויך פון זײַן בעקערײַ איז קיין זכר נישטאָ, אויך די איבעריקע דרײַ ברידער ר׳ אהרון, משהלע און פנחס האָבן שוין געפונען זייער אייביקע רו. מיטן ערשטן מעריב - מנין פאַרלאָזט ר׳ ידידיה מיט לײַכטע טריט דעם בית־המדרש.

בײַ דעם צווייטן עק פון דעם טיש זיצט זיך אין דער פולער ברייט, ר׳ שמואל „מאָנאַרכער״. דעם נאָמען „מאָנאַרכער״ האָט ער באַקומען אַ דאַנק זײַן בוי און אויסזען, הויך געזויקסיק, ברייט, אַ לאַנגע ווײַסע באָרד ביזן גאַרטל, אַ הויכער שטערן, צוויי שיינע אויגן, אַ קלוג געזיכט, אַן אמתער אויסזען פון אַ מאָנאַרך — אַ פריץ. אגב שוין אין דער הויכער עלטער בײַ אַ זיבעציק יאָר און מערער, איז זײַן גאַנג אַ שטאָלצער, די גאַנצע האַלטונג זײַנע ווי פון אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, זײַן רעדן פול הומאָר, ער לעבט בײַ זײַן זון ר׳ נח צוקערשטיין. אַן איידעם פון דער פריִער דערמאָנטער אלמנה — בנשקע.

ר׳ שמואל „מאָנאַרכער״ זיצט, און פאַר אים איז אויסגעלייגט אויפן טיש זײַן קרעמעל סחורה „דברי קדושה״ (יידישקייט) טליתים, ציצית, חומשים, גמרות, סידורים, מזוזות און אַנדערע יידישע הייליקייטן, דערנעבן אויך פאַרשידענע מעשה־ביכלעך פאַר קינדער, דערציילונגען וועגן פרינצן און פרינ־

צעסינס, שדים און רוחות, מלחמות פון ריזן, מענ־טשן מיט איין אויג, אויך וועגן יידישע מלחמות מיט די רוימער, גריכן, צווישן זיי דאָס ביכל פון יוסף פלאַוויוס, מען באַקומט אויך אַ מאָל דערציילונגען וועגן חסידישע הויפן, וועגן רבנים וכדומה. אויף די וואָכעדיקע סחורות זענען די קונים קינדער אַ ביסל אונטערגעוואַקסענע, אויך איך ברענג מיט יעדער קאָפּיקע וואָס מיין גאַטצעליקע באָבע גיט מיר פאַר אויפעסן אַן איי אָדער אויסטרינקען אַ גלאָז מילך. נאָך דעם זיץ איך אין דער שפּעטער נאַכט ביים נאַפּט לעמפּל און שלינג יעדעס וואָרט. אויפן גע־לעגער חלום איך אָפּט וועגן די וואַרפנדע שפּיזן פון עוג מלך הבשן, אָדער פון דעם פּרינץ וועלכער לויפט צו זיין אויסגעטרוימטער פרינצעסין אין איינ־זאַמען פּאַלאַץ אויפן ווייטן אינדזל.

אָט די מעשהלעך און דערציילונגען האָבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן געהאַט זייער אויסווירקונג אויף מיר צום לייענען אַ בוך. יידישע און פרעמ־דע ליטעראַטור, אָנהייבנדיק פון מענדעלע, שלום עליכם, י. ל. פּרץ, שלום אַש א״אַ; מיצקעוויטש, סיענקעוויטש, אָרזשעזשקאָוואַ ביז טשעכאָוו, טאָל־סטאָי, דאָסטאָיעווסקי, זאָלאַ, דימאָוו, סטרינדבערג א״אַ. צו דער געשטאַלט פון ר׳ שמואל „מאַנאַרכער״. אָט ווי איך זע איר, אַרומגערינגלט מיט אונטער־געוואַקסענע קינדער, און ער דערציילט זיי שיינע פאַנטאַסטישע מעשהלעך און דערציילונגען איז ער אַ גרויסער מומחה — אַ קענער צו דערציילן—. איין דערציילונג איז מיר געבליבן אין זכרון. און זי איז אַזעלכע: „אַרומפּאַרנדיק מיט מיין סחורה איבער שטעט און שטעטלעך — קום איך אַמאָל אין בית־המדרש פון אַ שטעטל, זע איך מיר אין מיטן בע־לעמער הענגט אַ הענג־לייכטער און אַרום דעם לייכטער צוועלף אָפּטיילונגען, אין יעדער אָפּטיילונג צוועלף ליכט, אויף יעדע ליכט קען דורכפאָרן אַ פּריצישע קאַרעטע געשפּאַנט אין צוויי פּאָר פערד. היינט זעט ווי גרויס איז דער בית המדרש״. די קינ־דער שטייען פאַרגאַפט, אין איינער אַ מער דרייס־טער וואַגט, און פרעגט: ר׳ שמואל, ווי איז דאָס מעגלעך? דער ענטפער קומט גלייך, אָן טראַכטעניש, מיט אַ שמייכל — אַ האַרציקן, „נו מיין קינד, זעסט דאָך״! אָט דאָס איז געווען ר׳ שמואל „מאַנאַרכער״. ער האָט נאָך זיכער געקענט קומען צו קבר ישראל „יהי זכרו ברוך״, זיין קבר ווי הונדערטער אַנדערע אויפן שטעטלדיקן בית הקברות איז אָבער אָפּגעווישט געוואָרן, די שטיינער אַרויסגעריסן און די ערד דורכגעאַקערט דורך די נאַציס און דורך די היט־לער־מיטהעלפערס, די בלוטיקע פוילישע באַפעל־קערונג, די אויפגעכאַוועטע און דערצויגענע אין דער לערע און גייסט פון די פריער דערמאָנטע נאָוואַצקיס און זייער גלייכן.

ר׳ שלום־הערש, דער אַלטער שמש, לויטן אויס־זען ווייט איבער די זיבעציק יאָר, פון מיטעלער וואוקס, אַ דיקלעכער, קיילעכדיקע בעקעלעך זעען זיך אַרויס פון אַ פאַרוואַקסענער, נישט זייער גרוי־סער באָרד, טראָגט זיך אַרום מיט אַ פּושקעלע שמעק־טאַבאַק, פון וועלכע ער טראַקטירט די בעלי בתים מיט אַ שמעק, איר זעט ווי אַ מאָל איינער און אַמאָל אַ צווייטער שטעקט אַריין טיף אין פּיש־קעלע די צוויי פינגער און גלייך הערט איר אַ שטאַרקן צעניסן זיך און אַ ברייטערע רויטע פאַ־טשיילע ווישט די נאָז.

ר׳ שלום הערש האָט אויך אַ שוואַכקייט צו ציען ביי אַן אויער די „ווייסע חברהניקעס״ אין בית המדרש, אָט די קינדערלעך וועלכע קומען מיט די עלטערן צום דאַווענען אָבער האַלטן זיך נישט ביים טאַטנס פּאָלע, נאָר ווילדעווען אַ ביסל אַרום —ווי קינדער— אין בית המדרש. די שוואַרצע גראָ־בע אַרבעט מאַכט שוין לאַנג נישט דער אַלטער שמש. ר׳ שלום־הערש באַגלייט בלויז דעם אַלטן רב מיטן שטעקן אין אָוונט. אין אַלע זיינע וועגן. גייט רופן אַ יידן צו אַ דין תורה, דרייט זיך מער אין בית דין־שטוב ביים רב, אין בית המדרש באַגנוגנט ער זיך מיט אָנצינדן די ליכטלעך ביים עמוד, שטייט ביים אַרויסנעמען די ספר־תורה, און אַנדערע לייכ־טע אַרבעטן.

די שווערערע אַרבעט, ווי אויסקערן, איינהייצן דעם אויוון, או״וו פירט אויס דער הילף־שמש ר׳ משה־לייב, נאָך אַ גאַנץ יונגער מאַן, און אַ לא יצלח, אַ לאַנג אָפּגעצויגן געזיכט אויף וועלכן עס זעט זיך קוים אַ צייכן פון אַ באָרד, צוויי הערעלעך אונטן, עטלעכע אין דער זייט, פון געזיכט קוקט אַרויס אַ פּאָר קעלבישע נאַרישע אויגן. אַ לאַנגע נאָז וועלכע נעצט אָפּט... אויך פון מויל זעט זיך די שפּייעכץ ווען ער רעדט, אַ נאַטירלעכער טיפּ פאַר אַ שמש. שפּעטער נאָך דער פּטירה פון ר׳ שלום הערש, נעמט איבער משה־לייב דאָס פולע שמשות, און מען זעט אים שוין באַגלייטן מיטן שטעקן אין האַנט דעם רב. שוין דעם נייעם רב — אויך אין די ערב שבתים גייט ער איבער די בעל הבתיש הייזער צוזאַמענעמען קאָפּיקעס זיין וועכנטלעכן געהאַלט.

צום בית המדרש קאַמפּלעט געהערט אויך דער חזן ר׳ לייבל, אַ קליין פּעסט ידעלע, אַ דיק בערדע־לע אַרום אַ גוט אויסגעפּיטערט געזיכט, זאָגן אַז מען האָט זיך געקענט באַגנוגענען מיט זײַנע תּפילות אין געזאַנג — קען מען נישט. אָבער פּאַר די בעלי בתים װײַזט אויס איז ער געװען גענוגנד.

װי דער שמש האָט אויך דער חזן יעדן פּרײַ־ניק דורכגעשפּאַצירט דאָס שטעטל, אין דער לענג און ברייט, און אויפגעקליבן אין די שטעטלדיקע הײַזער גראָשנס פאַר זײַן װעכנטלעכן געהאַלט און װײַזט אויס, אַז דער געהאַלט איז געװען װײַט צו דערנערן די פאַמיליע. ר׳ לייבל חזן האַנדלט דער־פאַר צו מיט פיש לכבוד שבת פאַר די שטעטלדיקע ייִדן.

נאָך דער פּטירה פון ר׳ לייבל חזן, נעמט אי־בער דאָס חזנות אין שטעטל זײַן איניקל ר׳ מאָ־טעלע, אַ גאָר יונגערמאַנטשיק, מיט אַ קװיטשענ־דיק קולכל, װי דער זיידע װייסט אויך דאָס איניקל נישט, אַז עס איז דאָ אַזאַ שריפט װאָס מען רופט, נאָטען, נאָר װען דער זיידע פֿײַט — לויט װי בייזע צינ־גער האָבן גערעדט — האָט פאַרשטאַנען גאַנץ װײַ־ניק די „פּירוש המילות" די באַדײַטונג פון די װער־טער, װייסט ר׳ מאָטעלע מער אין די דראָבנע או־תיות. װי דער זיידע אַזוי אויך דאָס איניקל, גייט די ערב שבת טעג, חנוכה, פּורים, אין די ייִדישע בעלי בתישע הײַזער, װי דער זיידע ר׳ לייבל מוז אויך מאָטעלע דאָס איניקל צוהאַנדלען דורך באַזאָרגן די דאָרפישע שיינע פויערטעס מיט בלו־זעס, גלאַנציקע שטאָפּן אויף קליידלעך — בכדי קענען דערנערן און באַפרידיקן די משפּחה. אַזוי זעט איר טאָג־אײַן, טאָג־אויס באַלד אין דער פרי ר׳ מאָטעלען מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס — אַ שטע־קן — די מאָס צו מעסטן אין האַנט, אַרויסשלײַכן זיך פון שטעטעלע. אַמאָל אויף אײַן װײַט שטעטל, אַ מאָל אויף דער צװייטער װײַט. דערפאַר אין די שבתדיקע און יום־טובדיקע טעג זעען מיר די גאַנצע לענג שטעטל — מאָטעלע װוינט נאָענט פון נײַסטאַק — גייען מאָטעלע חזן מיטן טלית זעקל אין דער האַנט אויסגעפּוצט אין אַ שיינער זײַדענער קאַפּאָטע, אַ שיין הויך סאַמעט־היטל, פון װעלכן עס זעט זיך אַרויס אַ קליין קאַפּעלע. — ער גייט זיך לאַנגזאַם אין בית המדרש. גלײַך נאָך דעם הערט איר די קלאַנגען פון זײַן קװיטשעדיק קולכל און די תּפי־לות װעלכע טראָגן זיך גלײַך אין די װײַטע הימ־לען.

## ר׳ שמואל קאַנטאָר — דער נײַער רב און אַנדערע ייִדן פון שטעטל

אין שטעטל איז ר׳ שמואל קאַנטאָר באַקאַנט אַלס שטילער פרומער אַפּגעהיטענער ייִד, זײַן פּר־נסה איז גלעזערײַ — דערנערט זיך און די משפּחה פון יגיעת כפּיים — ברעכט זיך אויס בײַ אַ שטע־טלדיקן ייִדן אַ שויב, רופט מען ר׳ שמואלן דעם רבס איידעם. אויך פון צײַט צו צײַט, װען עס איז קיין אַרבעט נישטאָ אין שטעטל, נעמט ר׳ שמואל דאָס קעסטל גלאָז אויפן רוקן און גייט זיך אַװעק זוכן אַ שטיקל ברויט אין די נאָענטע פויערישע דערפלעך. פון װעלטלעכקייט איז ר׳ שמואל גאַנץ װײַט, צװיי מאָל טאָג אין דער פרי און אין אָװנט קומט ער אין בית המדרש, און נאָכן דאַװענען, זיצט ער מיט אַן אָפענעם ספר, לערנט זײַן טאָג שיעור. גייט זיך זײַן װעג, נישט אויסגעמישט מיט די שטעט־לישע בעלי בתים. און אַזוי פליסן די טעג און יאָרן, ביז עס װערט נפטר דער אַלטער רב — ר׳ שמואלס שװער.

די קהילה — די שטאָטישע בעלי בתים, האָ־בנדיק הינטער זיך דעם ביטערן פרוװ און געדענ־קענדיק נאָך זייער גוט די בלוטיקע מלחמה פון אײַפּנעמען דעם שוחט ר׳ יענקל, באַשליסן אײַנ־שטימיק איבערצוגעבן די ירושה — דעם רבנות בענקל, דעם איידעם ר׳ שמואל און אַזוי אַרום אויסמײַדן אַ נײַע קריגערײַ אין שטעטל.

דער נײַ געװיילטער רב ר׳ שמואל, אַ הויכער ברייט־ביינער, אַ לענגלעך אָפּגעצויגן פּנים אויף װעלכן עס זיצט אַ לאַנגע שפּאַרבער־נאָז, איבער דער נאָז קוקן אַרויס אַ פּאָר אויגן װאָס זאָגן דיר גאָרנישט, ביז דעם גאַרטל זעט זיך אַ לאַנגע געלע באָרד מיט צװיי שפּיצן, מיט אַ לאַנגער זײַדענער זשופּיצע ביז די אונטערשטע פיס־קנעכל, פאַר־דעקט כמעט די װײַסע זאָקן, אויפן קאָפּ אַ ברייטן שװאַרצן רבנישן קאַפּעליוש אין די װאָכן־טעג, שבת און יום־טוב אַ הויך גרויס האָריק שטרײַמל. אַזוי זעט זיך דער נײַער רב ר׳ שמואל, גייענדיק יעדן טאָג פון בית דין שטוב אין בית מדרש און צוריק. אויך פון צײַט צו צײַט דורכגייענדיק אין גאַס, װען ער מוז גיין אין די רעגירונגס־אַמטן, באַגלייט פון שמש משה לייב אין איין זײַט, פון דער צװייטער זײַט די עלטערע טאָכטער — װײַל װיסן דאַרף מען, אַז ר׳ שמואל דעם רב איז בכלל פרעמד דעם אַלטן רבס װיסן װאָס יענער האָט געהאַט, ער איז װײַט נישט געבענטשט מיט איבעריקער

קליגשאַפט. דערפאַר איז די רביצין שרה ־ גאָלדע אַ פרוי פון וועמענס אויגן זעט זיך אַרויס אַ שאַרפער פאַרשטאַנד, שכל און האַלטונג. אין שטעטל ווייסט מען אַז די רביצין איז אַן אמתע אשת חיל — אַ הילף פאַרן רב— ווען נישט אין יידישע זאַכן, אָבער אין וועלטלעכע צווישן מענטש און מענטש, מען דערציילט אַז ווען מען קומט צום רב אויסצוגלייכן זאַכן ––ככסוכים— צווישן אַזעלכע וואָס קומען זיך לאָדן און האָבן אַ דין תורה, איז דאָס לעצטע וואָרט אין ראַט פון דער רביצין.

און אַזוי גייט זיך ווי אויף שטילע וואַסערן דאָס לעבן אין דער רבנישער משפחה, ביז עס קומט דער גרייסער אומגליק, די נאַצישע בעסטיאַלישע היטלער מערדער אויפן פוילישן יידנטום בתוכם אויך אויפן שטעטלע, אין די ימים נוראים טעג תש״ג — 1942.

ווי עדי־ראיה גיבן איבער, זענען אַ טאָג נאָך יום כפור תש״ג דורך די נאַצישע היטלער־רוצחים אויפגעזאַמלט געוואָרן אין שטעטלדיקן מאַרק אַלט און יונג, מענער און פרויען און קינדער, די אַלע איבערגעבליבענע אין שטעטל נאָך די פריערדיקע מאָרדן, צווישן זיי אויך מיין גאָטזעליקער פאָטער ר׳ יעקב בן פערל ה. י. ד. — ז״ל בראש מיטן רב ר׳ שמואל ז״ל און ווי אַ סטאַדע שעפסן אַרומגערינגלט פון די נאַצי בעסטיעס, געטריבן געוואָרן צו די ברען־גאַז אויוונס אין שכנותדיקן טרעבלינקע, 16 קילאָמעטער ווייט פון שטעטל.

ווי עדי ראיה דערציילן, איז דער רב ר׳ שמואל — נישט ווי שטענדיק — געגאַנגען אין שפּיץ פון זיין הייליקער עדה —קהילה— שטאָלץ מיט אַ הויך אויפגעהויבענעם קאָפּ, קוקנדיק גלייך אין די רוצחישע מערדער־אויגן פון די פייניקערס, דאָס איינציקע וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך, איז געווען אַ קליינע ספר תורה. צוטוליענדיק האַרט צום האַרצן, דאָס האָט געזאָלט זיין אַ סגולה קעגן די בייזע רוחות —ווינטן— וואָס האָבן אַזוי טראַגיש זיך צעהוליעט איבער די יידישע שטעט און שטעטלעך אויף דער פאַרשאָלטענער פוילישער ערד? די העלע שיינע ליכטיקע תשרי־זון איז נישט פאַרמינקלט געוואָרן, דאָס לייכטע ליבע אָסיען־ווינטעלע האָט ווייטער געגלעט די פריי דורכגייערס. אויך נאָך דעם ווי אויף מאָרגן נאָכן הייליקן יום־כפור־טאָג זענען ריינע פאַרגיבענע פון אַלע זינד. אָט די מאַסע געטריבענע אַריינגעשטויסן געוואָרן אין די ברענענדיקע גאַז־קאַמערן פון פאַרשאָלטענעם טרעבלינקע. און מיט אַ קללה אויף די ליפּן — קעגן אָט די אַלע וועלכע רעדן וועגן פרייהייט. גלייכהייט און ברידערלעכקייט, האָבן זיי אויסגעהויכט זייער לעצטן אָטעם־צוג.

— זאָלן אָט די געציילטע שורות דינען אַלס אַ הייליקער דענקמאָל פון אָט די געפייניקטע, קדושים. יהי זכרם ברוך לעולם ועד.

ווי אין אַ פילם, גייען דורך אין איין אָטעם צוג פאַר מיינע אויגן אַ רייע געשטאַלטן „עמך" שער און אייזן, שניידער, שוסטער, סטאָלער, שמידן א״אַ ר׳ לייבטשע שניידער האַלט זיך ביי דער חסידישער קלאַמקע. נייט נאָר זיידענע זשיפּעצעס, געהאַקטע קאַפּאָטעס און לאַנגע לעטניקעס פאַר פרומע יידן.

ר׳ לייזער דער גרויסער, דער הויכער מאנעס, דער קליינער מאנעס — מיטן צונאָמען „פיאך" שמעון — מיטן צונאָמען „פאָנץ" צוליב זיין דיקייט, און זיין זון אָשר — גערופן אים אָשרקע. אַ גבור וועלכער וואַרפט אָן אַ שרעק אויף די פויערים אין די מאַרק־טעג, דערנערן זיך פון שניידעריי, אין גרעסטן טייל פון די פויערים אין די דערבייאיקע דערפער.

ר׳ לייבל דאַן, אַ טאַטע פון צען טעכטער, אַליין זיי חתונה געמאַכט, און ביי יעדע פון זיי געווען אַ מחותן און גענאָסן אַ בולקע מיט פיש, אַ שוסטער אַ לאַטוטניק, דערפאַר איז זיין עלצטער איידעם ר׳ מענדל רעכנט זיך אַלס דער בעסטער שוסטער אין שטעטל, אויך אַ בכבודיקער שיינער בעל הבית, מען רופט אים דער רבנישער שוסטער.

די שוסטער־רשימה ציט זיך נאָך ווייטער, דוד שוסטער, שמעון שוסטער, משה שוסטער, הערש־יצחק, הערצקע דער אַלטער, הערשל שוסטער און אַזוי ווייטער און ווייטער.

ר׳ וועלוול און שלמה סטאָלער, פירן וואַרשטאַטן שוין אין אַ גרעסערן פאַרנעם, באַשעפטיקן שוין יעדער צו עטלעכע יוגנטלעכע אַרבעטער, אין זייערע וואַרשטאַטן, הערט זיך שוין דער אָפקלאַנג פון דער נייער צייט — דאָס וואָרט „שטרייק" — נאָר וועגן דעם, מעגלעך אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

ווי שוין פריער דערמאָנט, פאַרנעמען אַ באַדייטנד אָרט אין דער פרנסה פון שטעטל די דאָרפסגייער — אויסער די שוין פריער דערמאָנטע, זעט מען טאָג־טעגלעך אין די פרימאָרגן שעהן מענער, פרויען, יונגע און עלטערע מיט זעקלעך אויף די פּלייצעס מיט אַ שטעקן אין דער האַנט, וואָס דינט

פאַר אַ מאָסמיטל —אַרשין— אָדער אַ מיטל פאַר אָפּיאָגן פון זיך די דאָרפישע הינט.

אין די פאַרנאַכט שעהן זעט איר צוריקקומענדע מיט פולע, אָדער האַלב פולע זעקלעך, ווער עס ברענגט אַ ביסל קאַרטאָפל, ווער צעמאָלענע קאַשע, ווער עפּעס פון מילך פּראָדוקטן, וואָס דינט צו באַשפּײַזן די פאַמיליע פאַר דער גייענדער וואָך. אויך דאָ אַזעלכע וואָס קויפן בײַ די פּויערים ווייץ, קאָרן, גערשטן און אַנדערע קערנער, ווער אויך אַ קעלבל, הינער אא״וו. דאַן ברענגט דער פּויער אין זײַן וועגעלע די אײַנגעהאַנדלטע פּראָדוקטן מיטן הענדלער אויפן וועגעלע.

פון אָט די דאָרפס גייער וויל איך דאָ אין אייניקע איינצעלנע שטריכן דערמאָנען צוויי פון זיי:

איינער, ר׳ אַברהם —רופן רופט מען אים אַברהמקע—, ווײַל ווען ער רעדט דוכט זיך אײַך, אַז ער שרײַט, מיטן יונגן אונטערגעוואַקסענעם דור איז ער אין שטענדיקן קריג; גויים־ — פּושעי ישראלים! רופט ער זיי, יעדע קולטור אונטערנעמונג אין שטעטל איז פאַר אים שמד, רחמנא ליצלן, און דאָך קען ער נישט אויסהיטן אַז זײַנע קינדער זאָלן קומען אין אָט די „שמד” אָרגאַניזאַציעס...

ר׳ אַברהמקע האַלט זיך בײַ דער חסידישער קלאַמקע, אַן אָטוואָצקער חסיד, אַ גאַנצע וואָך פאַריאָגט, פאַרשמײַעט מיט אַ לאַנגן אויסגעמעליקטן כאַלאַט, מיט אַ הויכן פון מעל ווײַסע היטל, ווײַל אויסער דאָס דאָרפס־גייערײַ, געפינט איר אָפט ר׳ אברהמען אין איינע פון די מאָטאָר־מילן. מאָלט דאָרט אַ זעקל ווײַסע מעל, ראַזעווקע ־ שוואַרצע מעל און פאַרקויפט עס צו די אָרטיקע בעקערײַען און אַזוי אַרום דערגענצט ער זײַן פּרנסה.

דערפאַר שבת און יום־טוב, זעט איר ר׳ אַברהמקען אַ גאַנץ אַנדערן — אַ נשמה יתירהדיקן מיט אַ ריינער שוואַרצער קאַפּאָטע אַרומגענומען מיט אַ גאַרטל, אַ סאַמעטן היטל פון וועלכן עס זעט זיך אַרויס פון אונטן אַ קאַפּל, די באָרד ריין געוואַשן פון וואָכעדיקן מעל. ער גייט זיך מיט בנעימותדיקע טריט, אויך זײַן רעדן איז אַנדערש, נישט געשריגן מער, זיצט אין אַ ווינקל בײַ דעם גרויסן טיש, דאַוונט מיט גרויס כונה, מײַדט אויס וואָכעדיקע שמועסן, אין די טעג דערמאָנט ער אויך נישט די הפקר־יונגען.

ר׳ זלמן־פייוויש, אַ מיטל־וווקסיקער מיט אַ קורץ גרוילעך בערדל אויף אַ פול קײַלעכיק געזיכט פון וועלכן עס קוקן אַרויס צוויי גוטע אייגעלעך, ר׳ זלמן פייוויש איז אַ פולשטענדיקער קאָנטראַסט פון ר׳ אַברהמקען, אַ שטילער, רויק־באַשיידענער, כמעט אַ שווײַגער וואָס גייט זיך זײַן וועג.

אין די כמעט נאָך פינצטערע מאָרגן־שעהן, צוזאַמען מיטן בית המדרש שמש קומט ר׳ זלמן פײַוויש, דאַוונט מיטן ערשטן דאַוונען, באַווײַזט נאָך ביז דעם דאַוונען צו זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים — אָט די ליבע געזאַנגען פון דוד מלך המשיח איז בײַ ר׳ זלמן פײַווישן דער הויפּט „מאָטאָ” אין זײַן גאַנצן איך.

שוין אין די פריע נאָך מיטיק־שעהן, טרעפט איר ווידער ר׳ זלמן פײַווישן אין בית המדרש דאָס תהילימל אין האַנט, שפּאַצירט ער שטיל און געמיטלעך איבערן בית המדרש, שעפּטשעט שטיל ווי צו זיך, און שמועסט זיך אַזוי אַרום דורך מיטן בורא עולם. דאָס תהילימל האַלט ער נאָר אַזוי ווי אַ קמיע —אַ הייליקייט, די מערהײַט קאַפּיטלעך תהילים זאָגט ער אויסנווייניק.

צווישן מנחה און מעריב כאַפּט זיך אַמאָל ר׳ פײַוויש צו אַזוי שטייענדיק בײַ דער זײַט צו די משניות — לערנער מיט משה מאַטעס שוחט שטייט ער אויס מיט יראת הכבוד, און גלײַך נאָך דעם קומט ער ווידער אין מערב זײַט — אונטערן בעלעמער צו „עמך”. זלמן פײַוויש שטופּט זיך נישט הלילה אויף מזרח וואַנט צו די יחסנים. אַליין אַ מענטש פון פאָלק און מיט זיי איז זײַן אָרט.

און אָט די אַלע הערלעכע ליבע געשטאַלטן, ווער פון זיי האָט געהאַט די זכיה קומען צו קבר ישראל, די מערהײַט פון זיי האָבן געפונען זייער טראַגישן טויט אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע דורך די נאַצישע היטלער־מערדער, ימח שמם וזכרם.

און זאָל מיר דאָ אויך דערלויבט זײַן ווידמענען אַ קליינעם אָנדענק נאָך מײַן גאָטזעליקן פאָטער ר׳ יעקב בן פּערל ז״ל, באַקאַנט אין שטעטל ווי יענקל דער בעקער —צוליב זײַן באַשעפטיקונג— נאָר פריער פאַר דעם וויל איך ווידמען עטלעכע שורות איינעם פון מײַנע ערשטע מלמדים, אַ שטיבל־מלמד— ר׳ אַלטערל. מיט מיר האָט ער געהאַט אַ שיעור יעדן טאָג נאָכן דאַוונען אין אָטוואָצקער שטיבל, זײַענדיק נאָך פאַר דער בר מצוה עלטער, ער האָט געלערנט מיט מיר גמרא און אַלע מפרשים. צי איז דער שיעור געווען על מנת לקבל פרס? — פאַר געלט— אָדער נאָר אַלס פרײַנט און חבר פון מײַן פאָטער ז״ל? איז מיר אומבאַקאַנט.

אָט דער ר׳ אַלטערל, אַ זיבעצנער יונגערמאַן, ווי מען האָט געשמועסט אין שטעטל. דערגייט אין זיין יחוס־אָפּשטאַמונג ביז דער קאָצקער דינאַסטיע. זיין פּרנסה איז אַ קרעמל, געפירט דורך זיין ווייב, העניע־שרה. שפּעטער מיט דער הילף פון די אונ־טערגעוואַקסענע קינדער, אַ טאָכטער און צוויי זין, דער עלטערער, משה, ראַטעוועט זיך מיט דער פרוי און צוויי קינדער מיטן לויפן קיין רוסלאַנד. היינט געפינען זיי זיך אין ישראל. די מוטער געפינט איר אייביקע רו אויפן בית הקברות פון שטעטל. ר׳ אַל־טערל, זיין טאָכטער אסתר מיט איר מאַן און קינדער אויך דער יינגסטער זון חיים נתן, קורץ נאָך דער התונה געפינען זייער וועג צוזאַמען מיט דער היילי־קער קהילה אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע — יהי זכרם ברוך!



יעקב פריימאַן — אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן יענקל בעקער

ר׳ יענקל מיין פאָטער, ווי איך זע אים, אַ מי־טעלער ווּקס, אַ לענגלעך אָפּגעצויגן געזיכט; אַ קליין בערדל אין וועלכן עס זעען זיך שוין גרויע האָר, צוויי שפּיצן וואָס ווייזן אַז קיין שער אָדער מעסער האָט זיי נישט אָנגערירט. אַ לענגלעכע נאָז אין פון ביידע זייטן קוקן אַרויס צוויי שיינע אויגן וואָס וועקן אין דיר צוטרוי און גלויבן. אַזוי איז דער אויסערלעכער אויסזען און דער אינערלעכער, אַן ערלעך שטילע גוטע נשמה. גרייט שטענדיק צו העלפן דעם וואָס נייטיקט זיך, מיט אַ גוט וואָרט — און מער פון דעם. אַ גוטער, ליבער, טייערער מאַן און פאָטער, איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צו דער איבעריקער משפחה. אַן אָפּן האַרץ און האַנט פאַר אַלע אַנדערע.

אין אַ שמועס מיט מיר נאָך אַלס יונג קינד, וועגן באַציונג צווישן מענטש און מענטש —בין אדם לחברו— לערנט מיר מיין פאָטער, ווען צען יידן פאַרמאָגן יעדער פאַר זיך צו הונדערט רובל און דער עלפטער פאַרמאָגט גאָרנישט, זאָל יעדער פון די צען אָפּגעבן דעם עלפטן צו צען רובל, אַז אויך ער זאָל האָבן הונדערט רובל. איך פרעג מיין פאָ־טער גלייך, אויב אַזוי, באַקומט דער עלפטער 100 רובל און די צען בלייבט יעדן נאָר צו ניינציק רובל. דער ענטפער קומט גלייך, יאָ, מיין קינד, דאָס איז אַ פאַרגיטיקונג פאַר דעם וואָס ביז איצט האָט ער גאָרנישט פאַרמאָגט... אַזוי איז געווען מיין פאָטער, ער האָט נישט נאָר שיין גערעדט נאָר אויך שיין געטאָן און אַזוי זיך געפירט אין לעבן. אָט זע־נען צוויי אילוסטראַציעס וועגן דעם דערמאָנטן: אַ ווינטער - נאַכט אַ קאַלטע אין די שפּעטע שעהן, באַלד פאַר האַלבער נאַכט, עס הערט זיך אַ לייכט קלאַפּן אין טיר, מיין פאָטער וואָס האָט זיך נאָר וואָס געלייגט שלאָפן, עפנט די טיר און עס קומט אַריין זיינער אַ שטיבל־פריינט — ווי פריער דער־מאָנט איז מיין פאָטער אַן אָטוואָצקער חסיד — ר׳ אַברהם שלמה, נאָכן אויסטוישן עטלעכע ווערטער, נעמט מיין פאָטער די קליידער און דעם וואַרעמען פעלץ, גייט אַוועק פון שטוב, ר׳ אַברהם שלמה בלייבט זיצן, נאָך אַ האַלבער שעה קומט ער צוריק און מיין פאָטער גיט איבער אַברהם־שלמהן עפּעס אין דערמיט ענדיקט זיך דער באַזוך. אויף מאָרגן פרי וואָג איך צו פרעגן דעם ענין און עס ווערט מיר קלאָר, ר׳ אַברהם־שלמה האָט אַן אָפן קלייטל אין שטעטל, פאָרט אויך אויף די מערק, איין מאָל אין וואָך פאָרט ער קיין וואַרשע צו ברענגען סחורה. ר׳ אַברהם שלמה איז ווייט פון האָבן אייגענעם קאַפּי־טאַל צום האַנדל — אין דער מערהייט באַנוצט ער אַן הלוואה אין באַנק אָדער אין גמילת חסדים. דאָס מאָל איז נאָך אַלע אָנשטרענגונגען קען ר׳ אברהם שלמה נישט צוזאַמענעמען די מינימאַלע געלט־סו־מע צו דער רייזע און נישט האָבנדיק קיין אַנדער וועג, קומט ער אין דער שפּעטער צייט צו ר׳ יענ־קל בעקער דערציילן דאָס ביטערע האַרץ, און בעטן אַ צוגאָב גמילת חסד — צו דעם וואָס ער איז שוין שולדיק ביז איצט. און אַזוי ווי מיין פאָטער האָט

איצט נישט קיין געלט אין הויז — נאָכן אויסצאָלן די מעל־ליפעראַנטן — גייט מײַן פּאָטער צום שטאָט גביר ר׳ אברהם יענקל מאַלצמאַן, קלאַפּט אויך בײַ אים אין לאָדן, און ברענגט פאַר אברהם שלמהן אַ גרעסערע געלט־סומע כדי ער זאָל קאָנען אין די פאַרטאָג־שעהן פאָרן ברענגען סחורה פאַרן קלייטל.

פון צײַט צו צײַט אַלס דערוואַקסן קינד, נעמט מײַן פאָטער מיך מיט אין בית המדרש צום דאַווע־נען. לערנען און צוגעוווינען מיך צו ייִדישקייט. און עס געדענקט זיך מיר אין אַ רעגן־טאָג, אַלע זײַטי־קע וועגלעך־שטעגלעך און געסעלעך זענען אין בלאָ־טיקע זומפּן פאַרוואַנדלט. גייען מיר האַנט אין האַנט אויפן דורכגעפּירטן פּריער־דערמאָנטן שטייענדי־קן וועג־שאָסיי וואָס פירט דורך דער גאַס פון אונד־זער וווינונג ביז האַרט דעם בית המדרש. און אַזוי לאָזט מיר מײַן פאָטער שטיין, און אַליין אויף שנעל לאָזט ער זיך אַרײַן אין אַ זײַטיק געסעלע, נאָך עט־לעכע מינוטן קומט ער צוריק, רעדט קיין וואָרט ניט אַרויס און מיר גייען ווײַטער האַנט אין האַנט אונד־זער וועג.

פריער האָב איך געטראַכט: מעגלעך דאַרף ער אַ קורצע באַדערפעניש, אָבער ער האָט מיט זיך גע־האַט טלית און תפילין, איך פרעג אים דעריבער קו־מענדיק אין שטוב די אורזאַך און אַט וואָס ער קלערט מיר אויף: גייענדיק זעט ער קומען אַנטקעגן אַ יונ־גערמאַן, נחמן שמחה, אַט דער איז אים שולדיק אַ גמילת־חסד שוין מער ווי אַ האַלב יאָר. און דערווײַל קאָן ער איצט נישט צוריקגעבן, איז בכדי ער זאָל זיך נישט פאַרשעמען, איז ער אַוועק פון וועג נישט צו טרעפן זיך מיט אים. און מײַן פאָטער גיט צו: בע־סער די שיך אין בלאָטע אײַנשמירן אַבי נישט פאַר־שאַפן אים קיין עגמת נפש. אַזוי איז געווען מײַן פאָטער, אַן אָפענע טיר און אַן אָפן האַרץ פאַר אַלעמען.

אויך אַזאַ איז געווען מײַן גאָטזעליקע מוטער שפּרינצע ברכה, איז געווען אַן אמתדיקע צדקת און — זעלטן ווען איז געווען דער שבת אָדער יום־טוב טיש אָן אַן אָרעמאַן אַן אורח. גאַנץ אָפט אויך אין די וואָכן־טעג.

מײַן מוטער, אַן אמת ייִדישע פרומע טאָכטער, אַ שטילע און גוטמוטיקע, איבערגעגעבן פאַר דער פאַמיליע, אַן אמתע אשת חיל — וואָס העלפט אין דער פּרנסה. מײַן מוטער —ווי מיר האָבן געהערט פון אַנדערע משפחה־מענטשן שטאַמט פון אַ גאַר מיוחסדיקער משפחה— ביז דעם גערער רבנישן הייף, חתונה געהאַט האָט זי מיט מײַן פאָטער אַ

בעל־מלאכה, וואָס האָט אויך אַן אָפּשטאַמונג פון גרויס יחוס, זײַענדיק פאַריתומט נאָך אַלס אַ יונג קינד פון פאָטער, זאָרגנדיק פאַר אויסהאַלטן אַ יונגערן ברודער און די מוטער, וועלכע בלײַבט אויף אַלע יאָרן אַן אלמנה און געפינט זיך אין אונדזער הויז. די מאַמע ביז דער חתונה אַרבעט אַלס נייטאָרין בכדי מפרנס זײַן איר מוטער מיטן ברודער. די מאַמע פון מײַן מוטער זײַענדיק אַלע יאָרן בײַ אונדז אין הויז האָט איבערגעלעבט —ליידער— דעם זון און די טאָכטער, ביידע זענען געקומען צו קבר ישראל און די באָבע אין דעם עלטער פון איבער נײַנציק יאָר האָט מיטגעמאַכט איר לעצטן וועג צו די גאַז קאַמערן אין טרעבלינקע.

מײַן פאָטער ר׳ יעקב בן שלמה זלמן — אויך ער אַ יתום אין די קינדער־יאָרן, דער זיידע ווערט נפטר גאַנץ יונג, די באָבע פערעלע בלײַבט מיט 3 טעכטער און 3 זין אָן מיטלען אויפצוהאַלטן די פאַ־מיליע. דער גורל פאַלט אויפן עלטערן זון נח און אויף מײַן פאָטער צו ווערן די שפּײַזער פון דער פאַמיליע. ביידע נעמען דעם בעקער־פאַך אַלס פּר־נסה און אַזוי האַלט זיך אויף די פאַמיליע. מען מאַכט חתונה די טעכטער און די זין, יעדער גייט זיך זײַן וועג אין לעבן. די באָבע פערעלע בלײַבט אַ שטענדיקע אלמנה און דערלעבט אַ הויכע עלטער פון 97 יאָר.

די באָבע פערעלע, געדענקט זיך מיר, זײַענדיק נאָך כמעט אַ קינד —אַ חדר־ייִנגל— אַ נידעריקע, אײַנגעהויקערטע פון דער שטאַרקער עלטער איז זי געווען בײַ דער עלטסטער טאָכטער פריידע, אין קאַ־כאַווע, אַ שטעטעלע וואָס ליגט נישט ווײַט פון פאַר־שאָלטענעם טרעבלינקע. צו אונדז קומט זי פון צײַט צו צײַט אויף עטלעכע וואָכן, אַמאָל בלײַבט זי עט־לעכע מאָנאַטן, ווען זי איז בײַ דער טאָכטער, גייט מײַן פאָטער פּינקטלעך יעדן מאָנאַט זי באַזוכן, מקיים צו זײַן „כבוד אם״, דער וועג אַ ווייטקייט פון זעכצן קילאָמעטער, זאַמדיק, פּירט דורך וועל־דער און פוילישע דערפער, און נישט איין מאָל באַ־פאַלן אים די גויישע הינט.

ווען די באָבע איז בײַ אונדז, איז די פרייד פון די אייניקלעך שטאַרק גרויס, מיר גייען אַרום איר ווי אַרום אַ געקרוינטער קעניגין, באַזונדערס מײַן עלטערע שוועסטער חיה־שרה ז״ל, זי וואַשט זי, גלעט זי, רײַבט איר אויס די פּלייצע אאַ״וו. די באָ־בע פערעלע, אין איר גוטקייט און פרומקייט, בעט פאַרן געזונט פון אַלעמען, בענטשט די קינדערלעך

מיט אַ גוט לעבן, אַ געזונט לעבן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ פרוי פון ר׳ שלמה זלמן ז״ל דער וווּיל לערנער, דער חכם — אַזוי האָט מען אים גערופן אין שטעטל, „ר׳ שלמה־זלמן חכם״. ווי מען האָט אונדז, קינדער, דערציילט, איז מען געקומען בײַ אים עצות פרעגן, אָבער ער אַליין האָט געזאָגט, „אַז פאַר זיך אַן עצה, ווי צו קענען לײַכטער שבת מאַכן, געפינט ער נישט״, אַ געבעט צום רבונו של עולם האָט ער געהאַט: צו זײַן אַן איינציקער אָרעמאַן אין שטעטל, יוצן מען האָט אים געזאָגט, ר׳ שלמה, אויב שוין יאָ בעטן, קענט איר דאָך שוין בעטן זײַן אַ גביר; און דער ענטפער איז געווען: „אַן איינציקער אָרעמאַן וועט ציִען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע אין שטעטל, און זיי געבן אַ זכות פאַר צדקה געבן״. זאָל דאָס זײַן די חכמה? אָט די פּערעלע האָט געוווּסט צו זאָגן, אַז אין זכות פון כבוד אב ואם, זענען פאַרזיכערט לאַנגע געזונטע יאָרן.

נאָך דער גרויסער כוואַליע פון בלוט און פּײַער וואָס איז דורך איבערן אייראָפּעישן יידנטום, נאָך דעם טראַגישן אומקום פון זעקס מיליאָן יידן דורך די נאַצי־בעסטיעס ימח שמם וזכרם, האָבן טויזנטער און צענדליקער טויזנטער געפרעגט, און עס פרעגט זיך בײַ אַלעמען: רבונו של עולם, ווי האָסטו צוגעקוקט פון דײַן הייליקן זיץ־אָרט אין זיבעטן הימל, אָט די לײַדן און פּײַן פון דײַן אויסדערוויילט פאָלק? ווי האָסטו צוגעהערט צום געבעט פון דײַנע מלאכי השרות, די גוטע מלאכים, אין די הייליקע אבות ואמהות פון פאָלק ישראל, בראש מיט דער מאַמע רחל וואָס האָבן געבעטן חסד ורחמים פאַרן פאָלק ישראל, אָדער איז זייער שטימע דאַן שטיל געוואָרן? רבונו של עולם, האָסטו דאָך מיט פלאַמיקע אותיות אויסגעקריצט אויף דײַנע לוחות הברית אין די צען געבאָטן פאַר דײַן פאָלק ישראל געגעבן, אויף דעם סיני באַרג „כבד את אביך ואמך — למען יאריכון ימיך״, האַלט ערלעך דײַן פאָטער און מוטער, וועט דיר פאַרלענגערט ווערן דײַנע לעבנס טעג, האָט דען מײַן גאָטצעליקער פאָטער ווייניק ערלעך געהאַלטן זײַנע עלטערן, פון די קינדער־יאָרן אָן אַלץ אַוועקגעגעבן כדי צו דערמעגלעכן אַן עקזיסטענץ פאַר דער מאַמען די יונגע אַלמנה, שפּעטער דאָס לעבן אין סכנה געשטעלט, צו דערפרייען, פון צײַט צו צײַט דאָס האַרץ פון דער אַלטער מאַמען, זי ממש אויף די הענט געטראָגן, די פיס געוואַשן, און מײַן טײַערע ליבע שוועסטער חיה־שרה — פריער דערמאָנט — וואָס האָט זי נישט געטאָן פאַר אָט דער אַלטיטשקער באָבע פּערעלע? איר פאַרלײַכטערן און פאַרגרינגערן און דערפרייען אין איר טיפער עלטער? און אָט אויך צו זיי האָט דערגרייכט די היטלערישע מערדער־האַנט, די גאַז־קאַמערן אין טרעבלינקע ה. י. ד.

די אגדה דערציילט און פאַרהייליקט די מוטער חנה און אירע זיבן קינדער וואָס זענען געפאַלן קרבנות פון אנטיוכוס הרשע. צי זאָלן מיר ווייניקער פאַרהייליקן די מאַמע חיה־שרה, איר מאַן יעקב־דוד, מיט אירע 7 קינדער געפאַלן פון די מערדערישע רוצחישע היטלער בלוט־הינט? די איינציקע פון דער משפחה וואָס איז געבליבן דורכגייענדיק די מחנות רכוז (טויטן־לאַגער) איז די עלצטע טאָכטער, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער באָבען פּערעלען — היינט אין ישראל. זאָל דאָס זײַן אין זכות פון דער גוטער ליבער מאַמען, און באָבע פּערעלע?

מײַן זיידע ר׳ שלמה זלמן און באָבע פּערעלע ז״ל האָבן געפונען זייער אייביקע רו אין דעם בית הקברות פון שטעטל קאָסאָוו, נעבן טרעבלינקע און אין די גאַז־קאַמערן איבער די קרעמאַטאָריעס איז דאָס אַש פון מײַן גאָטצעליקן פאָטער פאַנאַנדערגעווייעט געוואָרן איבער די ברייטע וועגן און שטעגן, וועלדער און פעלדער פון ברייטן פאַרשאָלטענעם פּוילן, מעגלעך אַז דער ווינט האָט אויך אַ שטויבעלע דערפון געבראַכט צו די קברים פון זײַנע גאָטצעליקע טאַטע־מאַמע, און אַזוי אַרום אויפסנײַ פאַראייניקט אָט די ליכטיקע געשטאַלטן פון דער משפחה „תהי נשמתם צרורה בצרור החיים לנצח״.

און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן נאָך איין גוט באַקאַנטע געשטאַלט אין שטעטל ר׳ הערש מאיר סאָלטיס - ווישניעווסקי ז״ל, אַן ערלעך גוטער ליבער מענטש, אין זכות פון קענען די לאַנדשפּראַך דערגייט ער צום אַמט פון סאָלטיס אין שטעטל, זײַן אַמט נוצט ר׳ הערש מאיר סאָלטיס אויס צום גוטן, פאַר די שטעטלדיקע יידן, זייער אָפט טרעפט איר אים אין די שפּעטע אָוונט שטונדן גיין פון הויז צו הויז, אָנזאָגן דעם אָדער יענעם הענדלער אָדער האַנטווערקער ער זאָל אויפראַמען זײַן ביסל אָרעמקייט, ווײַל אויפמאָרגן דאַרף קומען צו אים דער סעקוועסטראַטאָר אויף צו פאַרשרײַבן זײַן ביסל אָרעמקייט פאַר נישט פּינקטלעך צאָלן די רעגירונג־שטײַערן.

ר׳ הערש מאיר סאָלטיס, אַ דיקלעכער מיט אַ קײַלעכדיק געזיכט, אַרומגענומען מיט אַ פול באַ־

וואַקסן געלב־ברוינלעך בערדל, אַ ברייטער שטערן, הויכע ברעמען, אַ פּאָר פריילעכע גוטמוטיקע אויגן, אָנגעטאָן אַ לאַנג כאַלאַט, שפּאַצירט ער זיך אויס טאָג־טעגלעך אין דער ברייט, און לענג פון שטעטל, פון שטוב צו שטוב, אונטערן אָרעם אַ דיקן בוך מיט אויסצוגן פון שטעטלדיקע שטײַערן פון די אײַנוווינער וועלכע ער מאָנט אויף, צו זײַן לויב זאָל געזאָגט ווערן, ר׳ הערש־מאיר סאָלטיס, ווען בעסער די פּיס ברעכן און קומען מערער מאָל מאָנען די שטײַערן, און נישט חס וחלילה, ברענגען אָנצונעמען מיטלען דורך די גויישע מאַכט האָבער אויפצומאָנען די שטײַערן.

ר׳ הערש מאיר — לא עלינו — לײַדט פון אַ שטאַרקער האַרץ־ברענונג, און דערפון נעמט זיך וואָס אין יעדן צווייטן הויז בעט ער אַ גלאָז וואַסער מיט אַ ביסל טרונק־סאָדע. זעצט זיך צו מיט די הויז־בעלי־בתים, פרעגט זיך וועגן דער פּרנסה, וועגן די קינדער און ערשט נאָך דעם עפנט ער דעם דיקן בוך, טוט אָן די ברילן און לייגט אויס די שולדן פאַר די קומענדיקע שטײַערן, על פּי רוב גייט ר׳ הערש מאיר אַוועק מיט אַ צוזאָג צו באַקומען געלט נאָכן מאַרק־טאָג, אַזוי אַז ער באַנוגנט זיך מיט געבן אַ קוש די מזוזה...

ר׳ הערש־מאיר איז אַ שטאַרק אָפּגעהיטער פרומער ייִד. אַפילו אַ קנאי, אַ שטאַרקער קעגנער פון די נײַע צײַטן און פון די אויפגעקלערטע ייִנגלעך און מיידלעך. ווען עס קומט אין שטעטל אַ רעדנער, אָדער מען אָרדנט אײַן אַ טעאַטער פאָרשטעלונג, קערט ר׳ הערש מאיר וועלטן: ס׳טײַטש, חילול הקודש, אָבער דאָס פאַרהיט אים נישט פון דעם „חלול הקודש״ בײַ זיך אין הויז, זײַנע קינדער צווייי זין, זענען אין דער פועלי ציון־פּאַרטיי, איין יינג ייִנגל אין דער פוע״צ יוגנט און די טאָכטער אין דער בונדישער „צוקונפט״.

פון סאָלטיס אַמט האָט ר׳ הערש מאיר קיינע מעגלעכקייטן אויף אויסצוהאַלטן די פאַמיליע, אַזוי אַז די פרוי פירט נאָך אַ שפּײַז קרעמל, און צו דעם איז דער פיש־פאַרקויף אויף שבת אין זייער רשות. איז אָט פאַר דער פרנסה באַצאָלט די משפחה ווישניעווסקי אַ זייער טײַערן פרײַז דעם לעבן פון זייער זון לייבעלע ז״ל.*

אין די לעצטע יאָרן פאַרן אויסברוך פון דעם צווייטן וועלט קריג, צעפלאַקערט זיך דער זאָאָלאָגישער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן און נעמט אָן מאָרד פאָרמען אין פּוילן זין פון וואָרט, ער דערגייט אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פון די פּוילישע דערפער און קאָלאָניעס. לייבל העלפט אין דער פּרנסה, יעדן דאָנערשטיק פאָרט ער, אָדער גייט אין די פויערישע דערפלעך פון פיש־פאַנג, אײַנקויפן די פיש צום פאַרקויף אין שטעטל, און איין מאָל איז לייבל מער נישט צוריקגעקומען אין דער באַשטימטער צײַט, זײַן קערפּער האָט מען נאָך דרײַ טעג זוכן געפונען אַ דערמאָרדעטן אין אַ דערנעבנדיקן וואַסער.

אַ פּאָר ווערטער צו דעם געשטאַלט פון ח׳ לייבל ז״ל. אַ שטילער, ערלעכער, טײַערער און איבערגעגעבענער מענטש אין פּערזענלעכן לעבן, אויך אין געזעלשאַפטלעכן, אַלס פּשוטער חבר פריער אין דער יוגנט, שפּעטער אין דער פוע״צ פּאַרטיי, דערהויבט זיך ח׳ לייבל ז״ל מיט זײַן געטרײַקייט, איבערגעגעבנקייט און פאַראַנטוואָרטלעכקייט, צו דער מדרגה פון אַ פירער, אַ חבר אין יוגנט קאָמיטעט, שפּעטער אין פּאַרטיי קאָמיטעט, אויף יעדער אַרבעט ווי מען שטעלט אַוועק דעם ח׳ לייבל איז דאָ די זיכערקייט פאַרן אויספירן די אַרבעט מיט דער פולער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און אָט האָבן מערדערישע הענט אויף אַזאַ טראַגישן אויפן פּלוצים איבערגעריסן דאָס לעבן פון אָט דעם יונגן, פול מיט לעבן און ליבן חבר לייבל ז״ל. הד׳ ינקום דמו ‑‑ויהי זכרו ברוך.

מיטן אַרײַנקומען פון די נאַצישע בלוט הינט, פאַרלאָזט ה׳ הערש־מאיר סאלטיס דאָס שטעטל, מיט אים פאַרלאָזן דאָס שטעטל זײַן טאָכטער פריידע און זון בצלאל. זיי דערשלאָגן זיך ביז די אורַאַלטע וועלדער פון קאָמי ס. ס. ר. דאָרט, אונטער די קלעפּ פון הונגער, קעלט און קראַנקהייט, הויכט אויס זײַן איידעלע נשמה ר׳ הערש־מאיר ת.נ.צ.ב.ה.

די טאָכטער פריידע און זון בצלאל דערשלאָגן זיך גלײַך נאָך די מלחמה־יאָרן, דורך די לאַגערן אין דײַטשלאַנד קיין ישראל. דאָ האָט יעדער פון זיי אויפגעשטעלט זײַן הויז און זיי באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דעם לעבן פון דער קליינער גרופּע שארית הפליטה פון שטעטעלע סטאָק.

## דער אָנהייב „רענעסאַנס״ אין שטעטל

די ערשטע קולטור אינסטיטוציע, די „ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק״ גרינדעט זיך אָנהייב 1916, בעת דעם דריטן יאָר פון דעם ערשטן וועלט־קריג,

* באַמערקונג פון רעדאַקציע: סײַ וועגן הערש־מאיר דעם סאלטיס און סײַ וועגן זײַן אומגעקומענעם זון, זענען פאַראַן באַזונדערע אַרבעטן אין דעם יזכור־בוך.

עס זענען געווען שווערע צײַטן פאַר דער באַפעלקערונג אין פוילן, באַזונדערס שווער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, די שווערע האַנט פון דײַטשן אָקופּאַנט לייגט זיך אויפן קערפּער פון דער באַפעלקערונג. מיט דער פולער גרויזאַמקייט, באַזונדערס עקאָנאָמיש.

פוילן, דאָס אַגראַר־לאַנד הונגערט, דער ווײַט גרעסטער טייל תבואות, ווייץ, קאָרן און אַנדערע קערנער, ווי אויך מילך־פּראָדוקטן ווערן דורך דעם אָקופּאַנט אַרויסגעפירט פון לאַנד. אין פוילן פירט מען אײַן אַ קאַרטן־סיסטעם פון צוויי הונדערט גראַם ברויט (שלעכט אויסגעבאַקנס) פאַר אַ מענטשן, פון קיין אַנדער פּעטס קען מען אַפילו אין חלום נישט זען.

אויך ווערן רעקווירירט און אַרויסגעפירט פון פוילן, אַלע לעדער־אויסאַרבעטונג, מעטאַלן אאַ״וו. די באַפעלקערונג מוז איבערגיין צו הילצערנע שיך, מיט זוילן פון האָלץ, מיט צוויי לײַוונטע פּאַסקעס וועלכע האַלטן דעם שוך אויפן פוס.

די ברייטע יידישע מאַסן וואָס זענען קאָנצענטרירט אין די שטעט און שטעטלעך, אין גרעסטן טייל ציענדיק די פּרנסה פון האַנדל און מלאכה — פילן אָט דעם קריזיס אין דער פולער אכזריותדיקייט, אַ כמעט פולשטענדיקער שטילשטאַנד אין האַנדל, אין מלאכה. עס דערגייט צו אַזעלכע קוריאָזן, ווען אַ יידישער דאָרפס־הענדלער גייט פון דאָרף מיט אַ ביסל אויסגעבעטלטע פּראָדוקטן — און עס טרעפט אים אַ דײַטשער פּאַטרול, נעמט ער דאָס פון אים צו — רעקווירירט און ער באַקומט נאָך אַ שטראָף פון עטלעכע טעג אַרעסט.

הונגער און נויט הערשט אין אַלע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג, בײַ פיל איז אַפילו נישטאָ די מעגלעכקייט אויסצוקויפן דאָס ברויט אויף דער קאַרטע.

די געשאַפענע יידישע זעלבסטהילף - קאָמיטעטן, באַמיען זיך דאָ און דאָרט צו פאַרלײַכטערן די לאַגע פון די גאָר אָרעמע פאַמיליעס, לײדער צוליב די באַגרענעצטע מיטלען זייערע, קענען זיי גאַנץ ווייניק העלפן. און אַזוי אַרום ברעכט אויס מיט דער גאַנצער גרויזאַמקייט די שרעקלעכע פלעק־טיפוס עפּידעמיע (אַלס רעזולטאַט פון הונגער) וועלכע רײַסט אַרויס טאָג־טעגלעך הונדערטער לעבנס, יונג און אַלט. און אַנשטאָט פּאָזיטיווע קליניק־הילף, ווענדעט אָן די אָקופּאַציע־מאַכט דראַסטישע מיטלען, ווי באַזונדערע איזאָלאַציע פון קראַנקן, דעזינפעקציעס אאַ״וו. די אָקופּאַנטן, באַגנוגענען זיך נישט בלויז מיט אויסהונגערן די באַפעלקערונג נאָר באַנוצן זיך אויך, מיט גײַסטיקער און פיזישער אונטערדריקונג.

אַזוי דערמאָנט זיך מיר אַ דינסטיק נאָכמיטיק אין שטעטל, אין ווינקל פון ברייטן מאַרק, געפינט זיך דער וואַך־פּאָסטן — דאָרט זענען אַ צוויי צענדליק דײַטשן אין מיטעלן עלטער, דערנעבן זעט מען מיט דער גרעסטער דײַטשער פּינקטלעכקייט אין משך פון טאָג יעדע צוויי שטונדן זיך טוישן דעם אַרומגייענדן וואַכמאַן מיט געווער אין האַנט. בײַ אָט דעם פּלאַץ, זאַמלען זיך אויך אין דעם דערמאָנטן נאָך מיטיק די וואַך־זעלנער. אַ גרופּע יידן, אַלט און יונג, פון די דורכגייערס אין שטעטל, נעמען אויך אַרויס פון די דערנעבנדיקע וווינונגען, און דער קאָמענדאַנט פון שטעטל, אין דעם ראַנג פון אַ לייטענאַנט, — קורצמאַנטעל הייסט ער. צווינגט מיט אַ רימען, פון גראָבן לעדער אין האַנט, אָט די יידן־מאַסע טאַנצן אַ יידישן מה יפית טאַנץ, צום ווילדסטן טײַוול געלעכטער פון די אַרומשטייענדיקע דײַטשע יונקערס און אַ טייל פון דער פוילישער באַפעלקערונג. און ווען אָט די יידן־מאַסע, מיט געבויגענע קעפּ פון שאַנדע, גייט נישט אָן אַזוי גיך מיטן טאַנץ, טרײַבט אָט דער עלעגאַנטער צעווילדעוועטער לייטענאַנט אונטער מיט שמיץ פון דעם לעדער רימען, דאָ דעם, דאָ יענעם יידן.

אַ צווייטער דײַטשער בלוט־הונט, אין וועמענס הענט עס איז געלעגן די שטעטלדיקע און אַרומיקע באַפעלקערונג, דער זשאַנדאַרם אָפיציר „פּאַרעס“ בײַ די צוויי מעטער די הייך, אַ לאַנג גלאַט אויסגעראַזירטער פּרצוף, פון וועלכן עס קוקן אַרויס אַ פּאָר מיט בלוט־פאַרגאָסענע אויגן, זײַן וואַך־פּאָסטן געפינט זיך אין אַ דערבײַיקן דאָרף „קאַמיאָננע“, אויפן וועג וואָס פירט צו דער הויפּטשטאָט, נישט ווײַט פון דער באַן־סטאַנציע לאָכאָוו. זײַן רעזידענץ שפּרייט זיך אויס אויף אַ שטח פון צענדליקער קילאָמעטער.

אין שטעטל קומט ער צוויי ביז דרײַ מאָל אַ וואָך. באַזונדערס אין די מערק־טעג —מאָנטיק—, רײַט אויף אַ הויכן שוואַרצן פערד, אין דער האַנט אַ דיקן לעדער רימען (נאַגײַקע) נישט נאָר פאַרן פערד, מערסטנס פאַר די מענטשן וועלכע טרעפן זיך אים אין וועג.

למען האמת —מאַכט אָט דער ווילדער זשאַנדאַר נישט קיין אונטערשיד פון ייד ביז נישט ייד,

זײַן רימען שפּאַצירט זיך דורך זייער „לײַכט" און אָפּט אויפן רוקן פון יעדן װעלכער טרעפט זיך אים אין וועג, אַט אַזוי זיך פאַר פאַרגעניגן. און אַך און ווי איז געווען דעם, וואָס איז אַמאָל אַרײַנגעקומען אין אַט די בלוטיקע הענט פאַר אַ „פאַרברעך" ווי האַנדל מיט אַ זעקל תבואה, אָדער אַ פעל פון אַ בהמה, אָדער אַנדערע סחורה וואָס זענען געווען צום רעקוויזירן. צם אַרעסט־הויז איז אַזעלכער געקומען שוין אַ צעשלאָגענער און אַ צעקלאַפּטער. אין די מאַרק־טעג, ווען עס האָט זיך דערזען דער הויכער שוואַרצער פערד און אויף אים דער זשאַנדאַרם, האָבן די אַנוועזנדיקע, יעדער פאַר זיך געזוכט אַ ווינקל ווו זיך צו באַהאַלטן.



צאַלקע יורקעוויטש — איינער פון די גרינדער פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק אין שטעטל

אויך פון דעם פרײַער דערמאָנטן וואַך־פּאָסטן אין שטעטל האָט נישט ווייניק געליטן די ייִדישע באַפעלקערונג, נישט איין מאָל האָט זיך געהערט אין די שפּעטע אָוונט שעהן אַ שיסערײַ פון וואַך־פּאָסטן, צו אַ פאַרשפּעטיקטן דורכגייער אין אַ זײַטן־גאַס. ווען דער האָט זיך גלײַך נישט אָפּגעשטעלט אויפן „האַלט רוף" פון וואַך־זעלנער. מערסטנס יוגנט וועלכע האָבן באַוויזן אַרײַנשלײַכן זיך אין אַ זײַטיק געסעלע אָדער אַ קאַרעדאָר און אַזוי זיך דערשלאָגן צו זיך אַהיים, וויסנדיק אַז גענומען צו ווערן אויף דעם וואַך־פּאָסטן, הייסט באַהאַנדלט ווערן דורך די וואַך־זעלנער אויף אַן אוממענטשלעכן אופן, אויסגעלאַכט צו ווערן און צומאָל באַקומען קלעפּ מיט צוגאָב פון עטלעכע טעג אַרעסט.

אין אַט דער אַטמאָספער קומט זיך צוזאַמען אַ קליינע יוגנט־גרופּע פון 20 ביז 22 יאָר און באַשליסן צו עפענען אַ פאָלקס־ביבליאָטעק. אין שפּיץ פון די אָרגאַניזאַציאָרן שטעלט זיך חבר בצלאל יורקעוויטש, אין שטעטל קען מען אים אַלס צאַלקע שמואלקע ליפקערס — אויפן פאָטערס נאָמען, וועלכער שטאַמט פון אַ נאָענט דערפל „ליפּק", אַ הויכער שטשופּלער מיט קליינע שפּרענקלעך אויפן געזיכט, רעדט אַביסל אונטער דער צונג, דערפאַר אַן ענערגישער, ווייסט וואָס ער וויל און פעסט אויף דורכפירן וואָס ער וויל, געניג אינטעליגענט פון זעלבסט־בילדונג.

און זאָלן אויך דאָ דערמאָנט ווערן נאָך איינצעלנע פון די מיטבאַטייליקטע אין דער אָרגאַניזיר גרופּע, פון וועלכע נאָר איינער געפינט זיך בײַם לעבן —משה־פנחס באַנדרימער— הײַנט אין אַמעריקע, גוט אײַנגעאָרדנט. לײדער לאָזט ער פון זיך זעלטן הערן און ער קומט ווייניק אין באַרירונג מיט די לאַנדסלײַט אין אַמעריקע.

חבר יחיאל סטאַלאָוויטש, אַ ליכטיקער, ערלעכער, גוטמוטיקער, אַ שוואַרצחנוודיקער און שטענדיק אַ פרײלעכער און מיט אַ גוט ווערטל, שטאַמט פון אַן אָרעמער פאַמיליע, זײַן פאָטער ר' יענקל־חיים, אַ הויכער אויסגעדאַרטער ייִד מיט אַ שיטער שיין גרוי בערדל, אַ פּאָר פריילעכע אויגן, האָט שטענדיק אַ גוט וואָרט פאַר אַלע וואָס טרעפן זיך מיט אים. אָן אונטערשייד צי אַלט אָדער יונג. אין שטוב זענען פאַראַן נאָך צוויי דערוואַקסענע טעכטער און אַ יונגערער ברודער דוד, וואָס איז הײַנט אין אַרגענטינע.

— פון וואַנען האָט די פאַמיליע געצויגן חיונה? פרנסה אויף צו לעבן, ווייסט קיינער נישט, די מוטער גייט אַמאָל אין דאָרף, דער פאָטער דרייט זיך בײַ כשרות. און יחיאל אַרבעט שפּעטער אין אַ „אַלעאַרנע" — הייל קוועטשן, און אַט דער טײַערער גוטער חבר, ווערט פאַרכאַפּט פון דער שעדלעכער שווינדזוכט (סוכאָטע) קראַנקהײַט אין אַ גאָר קורצער צײַט ווערט ער אַרויסגעריסן פון אונדז.

יחיאל נומער צוויי: **יחיאל ניימאַן** — געראָפן אין שטעטל יחיאל מאָטל פאַרבערס, אויך אויפן נאָמען פון פאָטער וואָס האָט געהאַט אַ פאַרברײַ ווו עס זענען געקומען די פויערים און פויערטעס צו פאַרבן זייערע אויסגעשפּינטע לײַוונט. אַט דער יחיאל פירט שוין אַ פאַמיליען־לעבן, שוין מער ווי אַ יאָר, וווינט אין אַ קליין איינצל־צימער.

אָבער דאָס שטערט נישט גאַנץ אָפט זיך צוזאַמענצוקומען אין אָט דעם קליינעם צימערל, ווו חיה־שרה די פרוי, אַן ערלעכע יידישע טאָכטער, נעמט אויף מיט אַ גלעזל טיי און אַליין געבאַקטע קיכלעך אָדער פּרוכט און אין אָט דעם צימערל גייט אָן די אָרגאַניזיר־ און צוגרייטונגס־אַרבעט פון און פאַר דער פאָלקס־ביבליאָטעק.

נאָך איין דערוואַקסענער יוגנטלעכער — אפשר דער עלצטער אין דער חברה איז משה ווײַנטרויב, וואָס באַטייליקט זיך אַקטיוו אין דער צוגרייטונגס־אַרבעט. געקומען איז ער אין שטעטל אויף אַ לערנערן אורלויב פון וואַרשע, ווו ער אַרבעט אַלס שנײַדער־אַרבעטער — און דאָס איז דער רעזולטאַט פון דער כראָנישער אַרבעטסלאָזיקייט.

משה ווײַנטרויב איז אַ זון פון יאָסעלע פעלדשער. אַזוי קען מען זײַן פאָטער אין שטעטל, הגם, אָפיציעל פירט יאָסעלע אַ פריזור־געוועלבל, ווו ער אַליין, יאָסעלע צוזאַמען מיט די צוויי ייִנגערע זין, אלי און פרצל שערן און ראַזירן די שטעטלדיקע יידן, אַן עלטערער זון פון משהן — ברוך (בוטשע) און אַ ייִנגערער זון ישראל (כראָלטשע) אַרבעטן אויך שוין אין וואַרשע אַלס פריזירער אַרבעטער. יאָסעלע האָט נאָך אויך צוויי דערוואַקסענע טעכטער, אַ שיינע בכבודיקע פאַמיליע.

אַלס אַ צוגאָב־פרנסה —און אפשר גאָר די עיקר־פרנסה, פאַרנעמט זיך יאָסעלע ווי עס זאָגט דער נאָמען אין שטעטל „יאָסל פעלדשער" מיט פעלדשערײַ. ווײַל וויסן דאַרף מען אַז אין שטעטל געפינט זיך נישט אין יענער צײַט קיין דאָקטער. און קיין דיפּלאָמירטן פעלדשער. און אַז עס ווערט ווער קראַנק אין שטעטל, אַן עלטערער אָדער אַ קינד, רופט מען גלײַך יאָסעלע פעלדשער, ער קומט, לייגט צו דעם אַמאָל אָנגעפרזירענעם אויער דאָ און דאָרט, מיט אַן ערנסט געזיכט, שטעלט ער די „דיאַגנאָזע". אַן אַנטצינדונג פון די אָטעם־רערלעך, אָדער גאָר לונגען, אַמאָל פאַרדאָרבן דער מאָגן, און גיט גלײַך די רפואה, לויט דער באַדערפעניש, דאָס הייסט, ער הייסט קומען צו זיך אַהיים. דאָרט שטעלט ער אַליין צוזאַמען אַ געמיש פון פאַרשידענע קרײַטעכצער און אַנדערע מאַטעריאַלן. פאַרן וויזיט בײַם קראַנקן באַקומט יאָסעלע צען קאָפּיקעס, בײַ אַ גביר נאָך צען קאָפּיקעס. פאַר דעם פלעשל „רעצעפּט", וואָס איז פאַרשידן אין דעם פרײַז שטעלט יאָסעלע לויט דער ערנסטקייט פון דער קרענק.

אָפט מאָל, ווען נייטיק, שטעלט יאָסעלע טרוקענע באַנקעס אָדער געהאַקטע באַנקעס, מאַכט אַ „לעוואַטיווע" —אַן אָפּפיר מיטל— דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג, נישט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג, אין אַ סך גלייבן אַפילו אין די קענטענישן פון יאָסעלע פעלדשער ער זאָגט זיך אויך נישט אָפּ אַרויסצונעמען אַ קראַנקן צאָן וואָס ווייטיקט שטאַרק. פאַראַן אַפילו זעלכע וואָס זאָגן, אַז יאָסעלע איז אַ געוואַלדיקער קענער אַרויסצונעמען אַ צאָן און מען פילט נישט קיין שטאַרקן ווייטיק און דאָס נישט באַנוצנדיק קיין שום אײַנשפּריצן, יאָסעלע קומט אין שטעטל, פון פּראָוויאַט־שטאָט וועגראָוו, זײַן פאָטער, אַ האַלב דיפּלאָמירטער פעלדשער, אַ ברודערן־זון נתן איז שוין אַ דיפּלאָמירטער פעלדשער, אָבער יאָסעלע קאָןליידער זייער ווייניק אין די קליינע אותיות, ניט נאָר שרײַבן אַ רעצעפּט פאַר דער אַפּטייק, נאָר אַפילו כמעט נישט דעם נאָמען אונטערשרײַבן, —אַזוי רעדט מען אין שטעטל— דאָס איז די הויפּט סיבה וואָס אויך די אַרבעט פון דער אַפּטייק נעמט אויף זיך יאָסעלע — דורך אגב אַ צוגאָב־פאַרדינסט.

אַזוי וואָלט זיך יאָסעלע פעלדשער מיט דער פאַמיליע אויסגעלעבט זײַנע יאָרן בכבודיק אין שטעטל, ווען נישט אין אַ שיינעם פרימאָרגן וואָלטן זיך באַוויזן אין שטעטל דרײַ בלעכעלעך אין דער ברייט, אין אַ פראָנט־געוועלב, אויף דער עק גאַס מיטן אויפשריפט „קלושינסקי סטאַרשע פעלדשער", ווען עס האָט זיך געשטאַרקט די טיפוס־עפּידעמיע אין שטעטל. איז ער געקומען פון אייגענעם ווילן — אָדער צוגעשיקט פון וועמען. אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ פליך אויפן קאָפּ. געזאָגט האָט מען אַז ער איז אַ גוטער פעלדשער. רעקאָמענדירט דורך דעם דאָקטער פון דער בײַיק שטעטל יאַדאָווע, וועלכן מען פלעגט פון צײַט צו צײַט ברענגען אין שטעטל צו אַ שווער קראַנקן און דאַן האָט ער אויפגענומען אַלע אַנדערע קראַנקע פון שטעטל וואָס זענען געקומען ער זאָל זיי אונטערזוכן.

דער געקומענער פעלדשער „קלושינסקי" וויל נישט ליידן די קאָנקורענץ פון יאָסעלע פעלדשער, און נעמט זיך די הילף פון דעם אָרטיקן קריסטלעכן אַפּטייקער, צוזאַמען מאַכן זיי אָנקלאַגעס צו די געהעריקע מאַכט־אָרגאַנען און נאָך דעם ווי יאָסעלע האָט באַקומען שטראָף אין געלט אויך אַרעסט, פאַרלאָזט די פאַמיליע ווײַנטרויב דאָס

שטעטל און פאָרן אַריבער קיין וואלאמין — נעבן וואַרשע. צי גייט יאָסעלע, אין נײַעם ווין־אָרט — ווײַטער אָן מיט זײַן פעלדשער פראָפעסיע? אין שטעטל שמועסט מען, אַז אייניקע פון אַלטן דור פשוטע יידן פאָרן נאָך צו יאָסעלען פון צײַט צו צײַט — זיך אַרויסציען אַ צאָן, אָדער זיך לאָזן אונטערזוכן זייער געזונט־צושטאַנד.

אין די ערשטע נאָך פסח־טעג 1916 עפנט זיך אָפיציעל די פאָלקס ביבליאָטעק, אָן קיין שום באַזונדערע צערעמאָניע פײַערונגען. אין אַ קליין פראָנט געוועלבעלע צו דער גאַס, אין ווינקל ווו עס פירט דער וועג צו דער קירכע איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אין אַ שאַנק־פאָרם ברייטע הילצערנע פּאָליצעס און אויף זיי אויסגעשטעלט די ערשטע אויפגעזאַמלטע און אײַנגעקויפטע ביכער — אַ טישל און עטלעכע בענקלעך און אויפן טישל אַ קאַטאַלאָג־בוך. די מעלדונג וועגן עפענען די ביבליאָטעק גייט דורך פון מויל צו אויער. און די יוגנט קומט שוין אין ערשטן טאָג זיך פאַרשרײַבן און נעמען ביכער צום לייענען.

דער חבר צאַלקע בכבודו ובעצמו, שטייט די ערשטע טעג בײַם אַרויסגעבן די ביכער, באַמיט זיך צוצופּאַסן —לויט זײַן פאַרשטאַנד פאַר יעדן לעזער, לויט דער עלטער, און מער ווייניק ווי ער קאָן און ווייסט די אַנטוויקלונג פון לייענער—, פון צײַט צו צײַט קומען אויך צו העלפן אַנדערע פון די אָרגאַניזיר גרופּעס.

אַלס איינער פון די אָפטע באַזוכער און אינטענסיווסטע לייענער אין דער ביבליאָטעק, באַקום איך אַ פאַרשלאָג צו העלפן בײַם אַרויסגעבן ביכער די לייענערס, איך נעם אָן דעם פאַרשלאָג מיט פרייד, ווײַל פאַר מיר, דער יינגסטער אין דער חברה איז דאָס אַ גרויסער כבוד, עס נעמט נישט לאַנג און איך ווער דער פאַקטישער כמעט איינציקער ביבליאָטעקאַר, האָבנדיק גענוג פרײַע צײַט און ווילן פאַר דער אַרבעט. די ביבליאָטעק ווערט דער קאָנצענטריר פלאַץ פאַר דער שטעטלדיקער יוגנט, און די צווי ביז דרײַ שעהן פון טאָג, וואָס איז אָפן צום טוישן אַ בוך, גייען און קומען צענדליקער יוגנטלעכע, דאָ ווערן פאַרבונדן שמועסן, באַקאַנטשאַפט און נאָך מער דערפון. עס הייבט זיך אָן צו פילן אַ נויטווענדיקייט פון אַן אָרט ווו די יוגנט זאָל קאָנען זיך אויפהאַלטן אַ לענגערע צײַט. אויך פילט זיך אַ מאַנגל פון ביכער. די באַגרענעצטע צאָל ביכער, מיט וועלכע עס האָט זיך געעפנט די ביבליאָטעק, איז שוין ווײַט נישט גענוג — אויך פילט זיך אַ נויטיקייט אין אַ בעסערן און מער אינהאַלטס־רײַכערן בוך.

דער ערשטער ביכער־אײַנקויף איז צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר אָנפאַנגס־לעזער — מיט דעם צוועק אַרײַנצוציען די יוגנט און זיי צובינדן צום בוך. און זיי האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט: שמ״ר, זשול ווערן, אויך שלום עליכם, מענדעלע, דינעזאָן און א. מ. דיק. דער צווייטער ביכער אײַנקויף — מער ווי 150 ביכער איז שוין אַ באַזונדערס ערנסטער: שלום אַש, פּרץ, ראָזנפעלד, פינסקער — געשיכטע, גרעץ ־ דובנאָוו, אויך איבערזעצונגען פון די ליטעראַטורן פון פויליש, רוסיש, פראַנצויזיש, דײַטש, ענגליש אאַ״וו, דער אויסוואַל אויך פאַר אַ מער בעסערן לייענער.

עס ווערט צײַטיק דער געדאַנק פאַר עפענען אַ לייען־זאַל, און אַזוי קומט דער באַשלוס איבערפירן די ביבליאָטעק אין אַ צווייטער וווינונג. אויפן וועג צו „נײַסטאָק" אויך אין אַ איין צימער־וווינונג — אָבער אַ מער גרויסער צימער, דאָרט שטעלט מען אַוועק אַ לאַנגן גרויסן טיש מיט בענק. יעדן אָוונט נאָך דער צײַט פון ביכער־טוישן, בלײַבן יוגנטלעכע זיצן צו לייענען אָדער דעם געטוישטן בוך, אָדער זשורנאַלן געקויפטע פאַר דעם צוועק.

מיטן עפענען דעם לייען־זאַל, הייבט זיך אָן אַ ברייט פאַרצווײַגטע קולטור־טעטיקייט. חברים־שמועסן צוויי־דרײַ מאָל אַ וואָך, איבער דעם אָדער יענעם געלייענטן בוך. אָפּשאַצונגען פון חברים איבער שרײַבער און ביכער. אַמאָל אין פאָרם פון שמועסן־אויסטויש. אַמאָל אין פאָרם פון אַ פאָרלעזונג, יעדן פרײַטיק אָוונט, און שבת פאַרנאַכט, פאָרלעזונגען פון אָרטיקע חברים איבער ליטעראַרישע טעמעס. יידישע געשיכטע און איבער אַקטועלע פראַגן פון אַלגעמיינעם און פון יידישן לעבן.

איינער פון די רעפערענטן —באַזונדערס פון געשיכטע, איז ח' נתנאל בורשטיין — גערופן בײַ אונדז ח' „סאַנע".

ח' סאַנע בורשטיין, געבוירן און דערצויגן אין אַ פרומער בעל־הבתישער שטוב, זײַן פאָטער ר' שלמה מלמד — לערנט תורה אין אַ העכערן פאַרנעם — גמראָס מיט אַלע מפורשים עלטערע קינדער — צווישן זיי אויך דער אייגענער זון סאַנע.

ר' שלמה מלמד אַ שאַרפער גערער חסיד. אַ שיינער הויך־געוויקסענער ייד מיט אַ ברייטער לענגלעכער באָרד, פאַרדעקט ביז אין דער העלפט

פֿון ברוסט־קאַסטן, מיט שיינע שאַרפֿע אויגן, אַ ברייטן שטערן, אַזוי זעט מען טאָג־טעגלעך דורכשפּאַצירן ר׳ שלמה מלמד פֿון זײַן שטוב אין עק פֿון נײַסטאָק ביזן גערער שטיבל אין צווייטן עק שטעטל, האַרט נאָענט פֿון בית המדרש.

אַ קאָנטראַסט פֿון ר׳ שלמהן איז די מאַמע מרים, אַ נידעריקע, דיקלעכע, איין אויג כמעט געשלאָסן, אָבער אַ גוטמוטיקע, פֿריילעכע, העלפֿט צו צו דער פּרנסה, אויסער דעם האַנדל פֿון הייזון פֿאַרן שטעטל. זעט מען זי צוויי־דרײַ מאָל אין וואָך מיט אַ פּעקל שניט־סחורה אויפֿן רוקן גייען אין די פֿויערשע דערפֿלעך — דערפֿרייען דאָס האַרץ פֿון די דאָרפֿישע פֿויערטעס מיט בלומען־קליידלעך.

אָט די צוגאָב ־ פּרנסה איז נייטיק פֿאַר אויפֿהאַלטן די פֿאַמיליע פֿון 5 טעכטער און דרײַ זין מיט אַן אַלטער מאַמען. די באָבע בינע, אַזוי רופֿט מען זי. ווײַל זי איז די באָבע פֿון כמעט אַלע קינדער געבוירן אין שטעטל פֿאַר די לעצטע 40—50 יאָר. ווען אַ פֿרוי באַקומט. די געבורטס־ווייען, רופֿט מען די „באָבע־בינע״, און זי נעמט אָפּ דאָס נײַע קינד. דער גלויבן פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג אין שטעטל, אין דער קענטעניש פֿון דער „באָבע בינע״ אויף דעם געביט איז אַ גוואַלדיק גרויסער. און באמת, מיטן אויסנאַם פֿון איינצעלנע פֿאַלן אין משך פֿון יאָרן פֿון אָפּנעמען קינדער, איז די הצלחה נישט קיין קליינע. די „באָבע בינע״ ווי איך געדענק זי, איז שוין שטאַרק אַלט.. זעט שוין זייער שלעכט, ערשט אין צווייטן צענדליק פֿון יאָרהונדערט. מיטן אָנקומען פֿון אַ דיפּלאָמירטער קריסטלעכער אַקושאָרין — הערט אויף די „באָבע בינע״ איר באַשעפֿטיקונג.

איינע פֿון די פֿינף טעכטער איז ח׳טע רויזע, פֿאַרנעמט שפּעטער אַן אָנגעזען אָרט אין דער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט. שטייט אין שפּיץ פֿון „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער „בונד״ אין שטעטל. אָבער וועגן דעם — אין די ווײַטערדיקע שורות.

ח׳ סאַנע, אַ וואויל־לערנער — און אַן עילוי האָט חתונה זייער יונג אין דעם פּוילישן קליינעם שטעטל סטאַניסלאַוואָ, קומט אַרײַן אין אַ כמעט רבנישער משפּחה —אַלס אַ קעסט־אײדעם— כדי ווײַטער אָנצוגיין מיטן לערנען. אָבער ווי עס געשעט שפּעטער, געפֿעלט נישט סאַנען דער וועג. צי גאָר מעגלעך געפֿעלט אים נישט דאָס יונגע ווײַבל... נאָך צוויי יאָר פֿון שווערן צוזאַמענלעבן. ווען דאָס געבוירענע קינד שטאַרבט און זײַן פֿרוי קרענקט אַ צײַט, לײַדט פֿון שווינדזוכט און שטאַרבט, פֿאַרלאָזט סאַנע דאָס שטעטל. העכער אַ יאָר צײַט ווייסט מען נישט ווו ער איז אַוועק און דערנאָך קומט סאַנע צוריק אין שטעטל. אָבער שוין אַ גאַנץ אַנדערער, אויך די עלטערן האָבן נישט קיין גרויסן פֿאַרגעניגן פֿון דער ענדערונג. סאַנע גייט אויך אַוועק פֿון די עלטערנס הויז, גייט אַרײַן אַלס אָנגעשטעלטער אין דער קראָם־געשעפֿט פֿון דער פֿרוי צביה טאָשער, אַ געשעפֿט פֿון אײַזן, פֿאַרב א״אַ. פֿרוי צביה טאָשער — אין שטעטל רופֿט מען זי צביה די בראָקערין, ווײַל זי קומט אַהער פֿון דערנעבנדיקן שטעטל בראָק, בײַם בוג. דער מאַן, יהודה טאָשער — געפֿינט זיך שוין זײַט יאָרן אין אַמעריקע. צביה פֿירט דאָס געשעפֿט. זי איז דאָ מיט דרײַ קינדער. אַ טאָכטער, עטל, אין בערך מײַן עלטער און צוויי יינגערע זין, פֿירט אַ מער מאָדערנע שטוב, אַ פֿרײַערע. די קינדער לערנען שוין מער וועלטלעכע לימודים, דעם עלטערן זון יאָסל שיקט זי שוין אין דער גרויסער שטאָט לערנען אין אַ פּוילישער גימנאַזיע און אין אָט דעם הויז געפֿינט ח׳ סאַנע זײַן פּלאַץ. דער פֿאָטער ר׳ שלמה ווערט נפֿטר אין די מיטעלע יאָרן און די שטוב ווערט ווײַטער אָנגעהאַלטן מיט דער הילף פֿון דער מוטער און די עלטערע קינדער.

און אָט אַזוי ווערט סאַנע אַרײַנגעצויגן צו אַקטיוויטעט אין דער ביבליאָטעק. איין אָדער צוויי מאָל אין וואָך לייענען לעקציעס אַלגעמיינע און יידישע געשיכטע. די עיקר שמועסן, און לייענען וועגן ליטעראַטור — ווערט דורכגעפֿירט פֿון ח׳ צאַלקע, אויך דורך מיר.

עס ווערט אויך אָרגאַניזירט אַ דראַמאַטישער קרײַז. אַ שטענדיקער כאָר, אָנגעפֿירט דורך מאיר פֿײַנשטיין, וואָס קומט אין שטעטל אַלס פּליט — פֿון פּינסק, אַנטלאָפֿן אין דער קריגסצײַט, ער קומט צוזאַמען מיט זײַן עלטערער שוועסטער מאַניע און אַ נאָך מער עלטערער שוועסטער פּאַני פּאָרט אַרײַבער אין דער נאָענטער שטאָט ווענגראָוו. אַלע דרײַ פֿאַרנעמען זיך מיט געבן פּריוואַטע לעקציעס אין דער לאַנדשפּראַך, פּויליש, אויך דײַטש די שטעטלדיקע קינדער און דערפֿון האַלטן זיי זיך אויף. מאיר איז אין מײַן עלטער. און מיר ווערן די בעסטע חברים. מאיר ווערט צוגעצויגן צו דער קולטור־אַרבעט אין דער ביבליאָטעק און אויסער מיטן אָנפֿירן דעם כאָר העלפֿט ער אויך צו בײַם ביכער טוישן אאַ״וו.

די אָנפֿירונג מיטן דערמאָנטן קרײַז פֿאַלט אויף

מײַן טייל, פון צײַט צו צײַט גרייט מען צו אויפ־טריטן פון איינאַקטערס, דעקלאַמאַציעס, מאָנאָלאָגן, כאָר־געזאַנג. די אײַנקונפט גייט פאַרן ביכער־אײַנקויף און אַנדערע קליינע אויסגאַבן. פאַרשטייט זיך אַז די אַרבעט ווערט אויסגעפירט פרײַוויליק דורך חברים, ערשט שפּעטער ווען דער דראַמאַטישער קרײַז פּראָבירט צוגרייטן צו „שטעלן" אַ גרעסערע פּיעסע, לאַדט מען אײַן אַ רעזשיסאָר פון דער פרעמד און עס ווערן געשטעלט עטלעכע פּיעסן מיט דער רעזשי און הילף פון ח' פּאָסטאַל. אַן אַר־טיסט פון וואַרשע. אין דער שפּעטערדיקער צײַט גייט אויך די רעזשי איבער צו מיר.

אין אָט דעם ברען פון געזעלשאַפטלעכער קול־טורעלער טעטיקייט, דרינגען אַרײַן אין שטעטל — ווי מיט אַ כישוף־שטעקעלע— די פּאַרטייאישע אי־דעאָלאָגיעס, וועלכע האָבן זיך אַזוי ברייט אַנטוויקלט אין די יידישע שטעט און שטעטלעך פאַר דער לעצטן צענדליק יאָר, באַזונדערס אויף דער יידישער אַרבעטער גאַס: בונדיזם און פּועלי־ציוניזם.

אין אַ העל שײנעם זומער־טאָג, קומען אַראָפּ אין שטעטל פון ווענגראָוו צוויי חברים. מענדל פּשעפּיורקע. דער זעלבער מ. פּשעפּיורקע האָט דערנאָך אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע ווו ער האָט פאַרנומען אַ גאַר אָנגעזעען אָרט אינעם אַרטי־קן ישוב. און שלמה זאַבלודאָוויטש, דער ער־שטער אַ היבער גוט אויסגעוואַקסענער בחור מיט צוויי פעסטע אָרעמס. אַ שוואַרצער קאָפּ האָר, אַ שיין געשניצט געזיכט און דער צווייטער זאַבלודאָ־וויטש, אַ יונג נישט הויך געוואַקסענער בחור, כמעט אַ יינגעלע מיט ברילן וועלכע האַלטן זיך אויף דער נאָז מיט דער הילף פון אַ קוועטשער און אַ קליין דין קייטעלע פאַרלייגט אויף איין זײַט אויער.

זעלבסטפאַרשטענדלעך, נעמען מיר אָן דעם פאָרשלאַג מיט פולער אָנערקענונג וועגן אַ פאָרלע־זונג פון זיי. אין די פרײַע אָוונט־שעהן זאַמלט זיך אייף אַ פול געפּאַקטער צימער פון עלטערע און יוגנט. זאַבלודאָוויטש קלערט אויף אין אַ קורצער דערעפענונג דעם ציל פון באַזוך און די טעמע „דער וועג און קאַמף פון יידישן אַרבעטער". מענדל פּשע־פּיורקע אַנטוויקלט אין אַ פּרעכטיק רעטאָרישער רעדע, דעם אינהאַלט פון דער טעמע. אין משך פון מער ווי צוויי שעה, טעזע נאָך טעזע, פירט ער דורך ווי אויף אַ באַנד, טריט בײַ טריט די לעבנס און קאַמפּס־מעגלעכקייטן פון די ברייטע יידישע מאַסן אין די גלות־לענדער. נישט האָבנדיק קיין קאַמפּס־באַזע, קיין יסוד, קיין באָדן אונטער די פיס, זײַ־ענדיק פאַרטראָטן אין קליין־האַנדל, מלאָכה אָדער לײַכטער אינדוסטריע. און פון דעם קלענסטן קרי־זיס, ווערט גלײַך אונטערגעבראָכן די עלעמענטאַר־סטע עקזיסטענץ פון די ברייטע יידישע מאַסן. די בעסטע אילוסטראַציע פאַר דעם איז די לאַגע פון אָט די מאַסן אונטער דער הערשאַפט פון דער אָקופּאַ־ציע־מאַכט.

די לייזונג פאַר דעם, קען זײַן נאָר צוזבינדן די יידישע מאַסן צום באָדן. שאַפן פאַר זיי אַ באַזע פאַר עקזיסטענץ און קאַמפּס־מעגלעכקייטן. אָט דעם ענט־פער גיט דער פּועלי־ציוניזם —באָראָכאָוויזם, הער־צל און מאַרקס—' די פאַראייניקונג פון ציוניזם מיטן



חוה זאַוויערוכע — איינע פון די גרינדער פון דער פּועלי־ציון־פּאַרטיי (לינקע) אין סטאָק

מאַרקסיזם, די שטרעבונג פאַר איבערפירן די ברייטע יידישע מאַסן קיין ארץ־ישראל, פאַרפעסטיקן זיי אויפן באָדן, שאַפן אַ געזונטן יידישן פויערטום. קאָלאָניזאַציע, בויען אַן אינדוסטריע, אַ געזונטן יידישן פּראָלעטאַריאַט. און גלײַך דערמיט נישט פאַרלאָזן דעם קאַמף פון די אַרבעטער דאָ, נאָר צו־זאַמען מיטן אַלגעמיינעם פּראָלעטאַריאַט פירן דעם טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר סאָציאַלע דערגרייכונגען און פּראָלעטאַרישער באַפרײַונג.

מענדל פּשעפּיורקאָ ציט זײַן רעדע אַמאָל גע־מיטלעך, אַמאָל מיט ברען באַגײַסטערט און די מאַסע

הערט זיך צו מיט אַ הייליקער שטילקייט פאַרגאַפט, שלינגט יעדער וואָרט און ווען ער ענדיקט, ברעכן אויס שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן. קיינער שטעלט נישט קיין פראַגן. ווייל אַלץ איז פאַרשטענדלעך און קלאָר. זאַבלודאָוויטש לייענט אַ רעזאָלוציע־באַשלוס צו שאַפן אין שטעטל אַ פּועלי־ציון פאַרטיי און אַ נייע אַפּלאָדירונג באַשטעטיקט איינשטימיק דעם באַשלוס און אויפן אָרט ווערט אויסגעוויילט אַ קאָמיטעט פון פינף חברים: חיים פאָגאָדע, יחיאל סטאָלאָוויטש, חוה זאַוויערוכע, מאיר פיינשטיין און דער שרייבער פון די שורות. עס ווערט אויך אויפן אָרט דורכגעפירט אַ רעגיסטראַציע און עס פאַרשרייבן זיך 52 חברים און חברטעס אין עלטער פון מער ווי 18 יאָר.

דער געוויילטער קאָמיטעט טרעט צו צו דער פאַרצווייגטער אָרגאַניזיר אַרבעט און אין געציילטע טעג ווערבירט ער נאָך עטלעכע צענדליק חברים פאַר דער פאַרטיי. גרינדעט אויך די יוגנט אָרגאַניזאַציע ביי דער פאַרטיי. אין עלטער ביז 17 יאָר, פאַרשפּרייט די פאַרטיי־ליטעראַטור — בראָשורן אַרויסגעגעבן דורך דער פאַרטיי, מיט ב. באָראָכאָווס „אונדזער פּלאַטפאָרם” בראָש.

אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק וועגן די צוויי געוויילטע חברים אין קאָמיטעט: חיים פאָגאָדע און חוה זאַוויערוכע. די חברים יחיאל סטאָלאָוויטש און מאיר פיינשטיין זענען שוין פריער דערמאָנט.

חיים פאָגאָדע, געבוירן אין 1899 ביי אָרעמע עלטערן, די פאַקטישע שפּייזערין פון דער פאַמיליע איז די מוטער פּערעלע. אַ ביסל פון האַנדל מיט פעדערן און אַ ביסל פון אַ שטוב־רעסטאָראַן אין דעם מאַרק־טאָג פון די הענדלער וועלכע קומען צום מאַרק און כאַפּן איבער אַ פרישטיק אָדער מיטיק ביי פּערעלען. שפּעטער ווען די זין — באַזונדערס דער עלטערער מאָטעלע — וואַקסן אונטער, הייבט מען אָן מיטן האַנדל פון שניט־סחורה. פאָרנדיק אויף די מאַרק־טעג אין די אַרומיקע שטעטלעך,

חיים באַקומט נישט קיין באַזונדער בילדונג, אַפילו ווייניק חדר־בילדונג, דערפאַר איז ער אָבער באַגאַבט מיט אַ געזונטער לאָגיק, פאַרשטייט דאָס לעבן. געפינט זיך, און האַלט זיך גוט אין דער חברה און מיר זענען חברים פון דער פריער יוגנט און אָט ווערט חיים אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט פון דער פאַרטיי. ער גיט זיך איבער מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען. צו פירן אַ דיסקוסיע, איז ער נישט גענוג שטאַרק, דערפאַר אָרגאַניזירן און אויספירן די אַרבעטן וואָס ער נעמט אויף זיך — איז ער פולשטענדיק פאַראַנטוואָרטלעך און זיי ווערן דורכגעפירט מיט דער בעסטער פינקטלעכקייט. אויך מיט קעגנער איז ער שאַרף — עקשנותדיק, אויף זיין שטייגער, מיט דעם ביסל באַגאַזש־טעאָריע, וואָס ער באַוויזט אויפצוזאַמלען פאַר דער צייט, פון דער אָדער יענער פאַרטיי־בראָשורקע.



מאיר פיינשטיין — איינער פון די ערשטע לערער אין שטעטל

און אָט אַזוי גייט חיים אָן מיט זיין געזעלשאַפטלעכער און פאַרטייאישער אַרבעט פאַר די קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר פון אונדזער צוזאַמענאַרבעט אין שטעטל. שפּעטער ווען חיים בויט אויף זיין הויז צוזאַמען מיט פריידע־רחל, ווערט זיין וווינונג — וועלכע באַשטייט פון צוויי קליינע צימערלעך — אַן אָרט פון צוזאַמענטרעפן פאַר אָרטיקע חברים און פריעמדע.

חיים פאָגאָדע באַוויזט נאָענט פאַר דעם אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג אויסצוּוואַנדערן מיט דער פאַמיליע, די פרוי און צוויי קינדערלעך קיין אַרגענטינע. אויך דאָרט איז חיים טעטיק אין דער פאַרטיי־אַרבעט. פאַרנעמט אַן אָנגעזען אָרט אין דער אַרבעט פון די שלום עליכם שולן און ווי אין פוילן אַזוי אויך אין בוענאָס־איירעס איז זיין הויז אָפן פאַר חברים פריינט. פּועלי ציון חברים פון ישראל, וועלכע קומען קיין אַרגענטינע, געפינען דעם ח׳ חיים שטענדיק אויף די ערשטע פּאָזיציעס פון דער פאַרטיי דאָרט און זיין הויז איז שטענדיק אָפן פאַר זיי. און די איינציקע אָפּגעראַטעוועטע פון שטעטל,

חברים אָדער סתם לאַנדסלײַט, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון די היטלער־מערדער און געקומען קיין אַרגענטינע, האָט ח׳ חיים זיי אַנטקעגן געטראָגן די פולע הילף אויף אײַנאָרדענען זיך.

ליידער האָט דער גרויזאַמער טויט אין די בעסטע לעבנס־יאָרן איבערגעריסן דעם לעבנס פאָדעם פון ח׳ חיים. אַ האַרץ־אַטאַקע מאַכט אַן ענדע פון דעם ברויזענדן שיינעם לעבן פון חיים פּאָגאָדע, אין טאָג ווען עס ווערט בײַ אים געבוירן דאָס ערשטע אייניקל — אַ זונדעלע בײַ דער טאָכטער פרומטשע. כבוד דעם אָנדענק פון אַן ערלעכן ייִדישן אַרבעטער טוער.

ח׳טע חוה־טשע זאַוויערזכע, אַ שיין, יונג בלאָנד מיידל, מיט אַ פּאָר בלויע שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן, קומט זי אין שטעטל אין צווייטן יאָר נאָך דעם קריגס־אויסברוך מיט אַן אַלטער מוטער, אַן אלמנה אין נאָך צוויי שוועסטער. די עלטערע, בערטע קומט פון צײַט צו צײַט אויף אַ קורצן באַזוך — זי אַרבעט אין וואַרשע, דאָ לעבט מיט זיי די ייִנגערע שוועסטער ראַיע. חוה־טשע איז די שפּײַזערין פון דער פאַמיליע. זי גיט לעקציעס אין דער לאַנדסשפּראַך די שטעטלדיקע קינדער, אַליין געענדיקט אַ פּוילישע גימנאַזיע, פאַרמאָגט זי אויך אַן אינערלעכע אינטעליגענץ, זי איז באַליבט בײַ אירע שילער און בײַ אַלע מיט וועמען זי קומט אין באַרירונג. זייער וווינונג געפינט זיך אין עק פון היגן דאָרף אין אַ קריסטלעכער הײַזקע, באַשטייט פון צוויי קליינע צימערלעך, אין אָט דעם הײַזקעלע געפינען מיר אַן אָרט פאַר אונדזערע צוזאַמענטרעפן, באַראַטונגען. און אַפילו אַמאָל אָפּהאַלטן אַ ברייטערן קרײַז מיטן אָנטייל פון פרעמדע חברים.

זאָלן אויך דאָ דערמאָנט ווערן די צוויי ברידער, אהרון און אליהו — אלי — לעווין. פליכטלינגע, היימלאָזע פון פּינסק. די פאַמיליע געפינט זיך אין דערנעבנדיקן, שוין פריִער דערמאָנטן דאָרף ליפּק. די 2 ברידער נעמען איבער בײַם שטעטלדיקן פריץ אַ שטיקל באָדן אין שטעטל, וואָס טיילט אָפּ נײַסטאָק פון היגן דאָרף, דאָרטן באַאַרבעטן זיי גרינס, טאָמאַטן, אוגערקעס, רעטעכלעך א״אַ. אָט די צוויי ברידער שוין פון דער היים נאָענט צו פּועלי ציון, באַטייליקן זיך אַקטיוו אין דער פאַרטיי־אַרבעט. דער עלטערער, אהרן, פאַלט אַ קרבן פון פלעקן־טיפוס און דער צווייטער ברודער פאַרלאָזט דאָס שטעטל און די פאַמיליע פאַרלאָזט דעם דאָרף.

אין דער צײַט קומט אַן אײַנלאַדונג צו דער פאַרטייִשער ראַיאָן קאָנפערענץ אין שעדלעץ, איך ווער דעלעגירט פון דער אָרגאַניזאַציע, דאָרט טרעף איך מיך מיט אַ ריי פאָרשטייער פון דעם ראַיאָן. חיים בראַנד —שפּעטער מיעטעק— פון ווענגראָוו, אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַרנעמט ער אַן אָנגעזעען וויכטיק אָרט אין דער פאַרטייִשער און אין דער אַלגעמיינער אַרבעטער באַוועגונג — פריִער אין וואַרשע, נאָך דעם אין לאָדזש. ער באַווײַזט מיט זײַן פאַמיליע צו עמיגרירן קיין אַמעריקע, וווּ ער שטייט אין משך פון נאָענט צו דרײַ צענדליק יאָר אין שפּיץ פון דער פּועלי־ציון באַוועגונג דאָרט. אין יאָר 1964 פאַרווירקלעכט ער זײַן חלום. ער קומט מיט זײַן פרוי מלכהלע זיך באַזעצן אין ישראל. און ווײַטער געפינט איר דעם ח׳ מיעטעק מיט לײַב און לעבן — אויף זײַן שטייגער— בתוך פון דער באַוועגונג דאָ. חלומט וועגן אַ גרויסער ברייטער אַרבעט אויף צו פאַראייביקן דעם פּועלי ציוניזם, די שעפער און טוער פון דער באַוועגונג. און פּלוצלינג ווערט דער חלום איבערגעריסן דורך דעם אכזריותדיקן טויט. ח׳ מיעטעק (חיים) געפינט זײַן אייביקע רו אויף דעם בית הקברות פון קרית שאול. כבוד דעם אָנדענק פון אַן ערלעכן טרײַען אַרבעטער טוער און קעמפער.

איך טרעף זיך אויך דאָרט מיט נחום אײַזענבערג, וואָס פאַרטרעט בײַ אונדז די דערנעבנדיקע עטלעכע קליינע ייִדישע ישובים: באַצק, לאָפּיאַנקאַ, בודזיסק, אָסטראָוועק, באַווינט פון עטלעכע צענדליק ייִדישע פאַמיליעס וועלכע זענען באַשעפטיקט אין די אָרטיקע צוויי גרויסע מעטאַל פאַבריקן פון אַגראָ־מאַשינען, אין באַצק די פּערליס פאַבריק; אין אָסטראָוועק — לעווענשטיין, דאָרטן צוזאַמען מיט עטלעכע הונדערט קריסטלעכע אַרבעטער, געפינען זיך האַנט בײַ האַנט ייִדישע פּויערים, שלאָסער, סטאָלער, א״אַ. אַן אמתער פּראָלעטאַריאַט, איך טרעפט דאָרט פאָטער און זון בײַ די לויפנדע מאַשינען, דאָרטן הערט זיך שוין פון צײַט צו צײַט דאָס וואָרט שטרײַק. דער אָפּקלאַנג פון קלאַסן־קאַמף און גלײַכצײַטיק שליסט דאָס נישט אויס דעם אײַנפלוס פון דעם פאַרפעסטעטן אַנטיסעמיטיזם צווישן דער דאָרטיקער אַרבעטערשאַפט.

נחום אײַזענבערג קומט דאָרטן אַלס היימלאָזער אין אָנהייב קריג פון פּינסק, זײַענדיק באַאײַנפלוסט פון דער פּועלי־ציון אידעאָלאָגיע וואָס געפינט דאָ אַ גוטן באָדן פאַר די פּועלי ציון לאָזונגען. אַזוי אַז די יוגנט אין הונדערט פּראָצענט ווערט אַרײַנגעצויגן

אין דער אָרגאַניזאַציע. און עס גייט דאָרט אָן אַ ברייט פאַרצווייגטע טעטיקייט.

נאָך מײַן טרעפן זיך מיטן ח׳ נחום, ווערט אָנגעקניפּט אַ ענגע פאַרבינדונג צווישן אונדז און זיי: געמיינזאַמע פאָרלעזונגען, צוזאַמענטרעפן פון צײַט צו צײַט אאַ״וו. (דער ה׳ נחום אײַזענבערג וואַנדערט אויס קיין אַרגענטינע און פאַרנעמט אַלע יאָרן אַן אָנגעזעענע פּאָזיציע אינעם קהילשן לעבן און פיל מאָליקער דאָזאָר אין דער ב. אײַרעסער קהילה אין פאַרטרעטערשאַפט פון „אחדות העבודה״ און לעצטנס עולה געווען קיין ישראל).

ווי שוין דערמאָנט אין אָנהייב פון די שורות, זענען אָט די פיר ערטער געבונדן מיטן שטעטל דורך אַ געמיינזאַמער קהילה, אַלע רעליגיעזע ענינים. ווי אַ ר״ב, חופּה וקידושין, כשרות, און אויך בית קברות, בײַ אונדז רופט מען די פיר ערטער „די פאַראייניקטע שטאַטן״.

אויסער די טעאָרעטישע פראַגן האָט די קאָנפערענץ באַהאַנדלט אַ רייע אָרגאַניזאַטאָרישע און טעכנישע פראַגן, פון וועגן און מיטלען צו פאַרשטאַרקן און אויסברייטערן די פאַרטיי ווירקונג אויף דער יידישער אַרבעטער גאַס. און אַזוי הייבט זיך אָן אין ראַיאָן אַ פאַרשטאַרקטע טעטיקייט דורך אָפטע צוזאַמענטרעפן, פאָרלעזונגען, קרײַזן, פון צײַט צו צײַט קומען אויף אַ באַזוך חברים פון צענטער.

„קנאת סופרים מרבה חכמה״, אָט די פאַרצווײַגטע פּועלי ציון־אַרבעט פירט צו דער אָרגאַניזירונג פון דעם אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער „בונד״ אין שטעטל. אמת, אין אַ קלענערן פאַרנעם. די פריער דערמאָנטע ח׳טע רויזע בורשטיין צוזאַמען מיט איר חבר יחיאל בלומענקראַנץ — אַ שטעטלדיקער יונגערמאַן וועלכער האָט צו יענער צײַט געענדיקט אין וואַרשע אַ פאַך־שול פאַר פיינמעכאַניק און ווי עס זעט אויס זיך דאָרטן „אָנגעשטעקט״ מיט די בונדישע אידעאַלן. נעמען צוזאַמען אַרום זיך אַ גרופּע יוגנט, און שאַפן אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע אין שטעטל.

און זאָל דאָ דערמאָנט ווערן — צום כבוד פון די דעמאָלטיקע אָרטיקע פירערס — די עקזיסטענץ פון די צוויי פאַרטייען. שטערט נישט כלל וכלל די האַרמאָנישע געמיינזאַמע אַרבעט אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק. ווײַטער גייען אָן די פאָרלעזונגען וועגן אַלגעמיינע קולטור ענינים, ליטעראַטור, געשיכטע א״אַ. די פאַרטיי־אַרבעטן ווערן געפירט אויסער די ראַמען פון דער אַלגעמיינער קולטור. אַלס אילוסטראַציע פון דעם ווילן און דורשט פון דער שטעטלדיקער יוגנט צו קאָנען באַנעמען דעם פּאָליטישן פאַרטייישן און קולטורעלן לעבן. זאָל דינען די ווײַטערדיקע דערציילונג:

אין שטעטל דערגייט די ידיעה אַז וולאַדימיר מעדעם —דער פירער פון אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער „בונד״— קומט געבן אַ פאָרלעזונג אין שכנותדיקן שטעטל קאָסאָוו (נעבן דעם שפּעטער באַקאַנטן פאַרשאָלטענעם טרעבלינקע). דאָס שטעטל — ווי פריער דערמאָנט— ליגט 16 קילאָמעטער מיט זאַמדיקן וועג פון אונדז, וואָס פירט דורך פעלדער און וועלדער, דערפער באַוווינט פון גרופּעס קריסטלעכע רוצחים. און אָט אָרגאַניזירט זיך אַ גרופּע פון מער ווי צוויי צענדליק יוגנטלעכע חברים און חברטעס און אין די נאָך־מיטיק שעהן שפּאַצירן זיי אַוועק הערן די פאָרלעזונג פון ח׳ מעדעם. די גרופּע באַשטייט פון אַ סך פּועלי ציון חברים און פאַרשטייט זיך, אויך חברים פון „בונד״.

דער וועג איז נישט באַזונדערס לײַכט און מיט טיפע זאַמדן. דורכגייענדיק די דערפער שטעלן זיך די פּויערים און פּויערטעס בײַ די הײַזלעך. קוקן פאַרגאַפט אויף דער מאָדנער גרופּע ווו איינצעלנע האַלטן די שיך אויף די אַקסלען. די הינט אויף די הייף נעמען אונדז אויף מיטן קבלת פנים פון האַווקערײַ — ווי איינער זאָגט, האַ, וואָס טוט איר דאָ אין אונדזער קעניגרײַך? אין שטעטל קומען מיר אָן אַרום האַלב אַכט אַזייגער פאַרנאַכט. עס ווײַזט זיך אַרויס אַז מיר זענען נישט די איינציקע גרופּע געקומענע, אויך פון די אַנדערע ערטער ווי סאָקאָלאָוו, מאלקין, סטערדין, זאַרעמב, קומען אָן גרופּעס יוגנט, יאָ, דער דראַנג צו וויסן, ברענגט דאָ אַלע צוזאַמען, הערן דאָס וואָרט פון אַן אַרבעטער פירער, ווען דו ביזט אַפילו נישט אײַנשטימיק מיט זײַן וועג, געדאַנקען־גאַנג און טעאָריע.

וול. מעדעם רעדט שטיל און די צוהערערס מיט יראת הכבוד צו אַ פירער, הערן זיך צו מיט דער פולסטער אויפמערקזאַמקייט, מעדעם אַנטוויקלט די טעאָריע פון „אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער בונד״, דער יידישער אַרבעטער איז אַ באַשטאַנדטייל פון די אָרטיקע אַרבעטער דאָרטן ווו ער לעבט, זײַן וועג און קאַמף איז צוזאַמען מיט די אָרטיקע אַרבעטער; אין פּוילן פון פּוילישן, אין רוסלאַנד מיט דאָרטיקע רוסישע אַרבעטער און אַזוי אין יעדן לאַנד. דאָס איינציקע ספּעציפישע וואָס

דער יידישער אַרבעטער דאַרף פאָדערן איז די נאַציאָנאַל קולטורעלע אויטאָנאָמיע.

נאָך דער פאָרלעזונג קומען אַ רייע פראַגן פון קעגנער, דער עיקר פון פועלי־ציון, אויך אין קאָסאָוו געפינט זיך אַ שטאַרקע פועלי ציון אָרגאַניזאַציע און מעדעם ענטפערט, די פאָרלעזונג דערנענטערט זיך צו נאָך אַזייגער איינס ביינאַכט, מע גייט זיך פונאַנדער, נאָך שעהן לאַנג זען זיך און הערן זיך דאָ און דאָרט, אין שטעטל גרופקעס שפּאַצירנדיקע — דיסקוטירן וועגן אָט די אַלע באַרירטע פראַגן.

ווען עס באַווייזן זיך די ערשטע צייכנס פון טאָג אויף די בלויע הימלען, נעמען מיר דעם וועג אַהיים. און ווייטער ציען מיר די אויפמערקזאַמקייט פון די דאָרפישע פויערים און דאָס האַווקען פון די הינט, נישט איין מאָל מוז מען מיט כח זיך פאַרטיידיקן פון די אָנפאַלנדיקע בייזע הינט, וועלכע רייסן זיך דורך דעם פּלויט אויפן פרייען וועג און אין די פריע פרימאָרגן שעהן קומען מיר אין שטעטל מידע, פאַרשלאָפענע, דאָ און דאָרט זעט מען אַ שנעל דורכגייענדיקן ייד מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם. עס זעט זיך אויך שוין אַ דאָרפס גייער מיטן פעקל אָדער זעקל אויפן אָרעם, שפּאַצירנדיק אונטערן שטאָט, גייט זיך זוכן זיין טעגלעכן קיום אין עקזיסטענץ.

דורכמאַכנדיק דעם דערמאָנטן וועג, האָט וועמען געקאָנט קומען דער געדאַנק, אַז שפּעטער מיט אַ פערטל יאָרהונדערט וועלן זיינע נאָענטע: עלטערן, שוועסטער און ברידער, און מעגלעך גאָר ער אַליין, מאַכן דאָ זיין לעצטן וועג צו די פאַרשאָלטענע גאַז־אויוונס אין טרעבלינקע?

אָ, ניין! ניין! זענען דאָך אָט די טעג געווען אַזעלכע שיינע, הערלעכע, דורכגענומען מיט אַזעלכע געהויבענע געדאַנקען, לאָזונגען פון און פאַר פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. אָ, פאַרשאָלטן זאָלט איר זיין פון גאָט און מענטש, איר, ווילדע חיות און בעסטיעס אין מענטשן געשטאַלט, איר, די פריצ׳ס אין ריכאַרדס, מילערס און אייכמאַנס, וואָס האָט אַ וועלט אין אַ גהינום פון פייער אין בלוט פאַרוואַנדלט.!

די קולטור־אַרבעט ברייטערט זיך אויס, דער אייניציקער צימער פון דער ביבליאָטעק ווערט ענג, און קליין, מיר נעמען אַ נייעם לאָקאַל פון צוויי גרויסע צימערן אין צענטער פון שטעטל, דאָרטן שטעלט מען צוזאַמען אַ קליינע בינע, אויף וועלכע מען פירט אויף קליינע אונטערנעמונגען און פאָרלעזונגען.

דער ערשטער וועלט־קריג ענדיקט זיך מיטן זיג פון די פיר גרויסמאַכטן איבער די דייטשן. דאָס אָקופּירטע פּוילן ווערט באַפרייט — עס ווערט פּראָקלאַמירט די זעלבשטענדיקייט פון פּוילן, צען דייטשע העלדן אַנטלויפן פאַר איין פּוילישן לעגיאָנער, די באַפעלקערונג אָטעמט אָפּ פרייער, די פרייד איז גרויס, אָבער עס דויערט נישט לאַנג. עס ברעכט אויס די מלחמה פון באַפרייטן פּוילן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד און עס ווערט געמאַכט דורך דער פּוילישער רעגירונג אַ מאָביליזאַציע אין עלטער פון 18 ביז 50 יאָר.

דער ווייט־גרעסטער טייל פון דער יוגנט פאַלט אַרונטער אונטער דער מאָביליזאַציע, דאָס שטעטל ליידיקט זיך אָפּ כמעט פון מענער אין מיטעלן עלטער, אַ טייל וואַנדערט אויס אין אַנדערע ערטער, אַ טייל שטעלט זיך אונטער דער פאָן, צווישן זיי אויך איך און מאיר פיינשטיין, פאַרשטענדלעך, אַז דאָס שוואַכט אָפּ באַדייטנד די געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע אַרבעט, וועלכע קאָנצענטרירט זיך איצט הויפּטזאַכלעך אין די הענט פון חברטעס און חברים אין זייער יונגן עלטער, אָבער אָט די חברים באַמיען זיך מיט אַלע זייערע מעגלעכקייטן — אויך אונטער די דערדריקנדיקע מלחמה שטימונגען, אָנגיין נאָרמאַל מיט דער נייטיקער קולטור־אַרבעט. און דאָ קומט אין אַ שיינעם פרימאָרגן אַ באַפעל פון די נייע פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען צו שליסן די ביבליאָטעק אַלס אַ נעסט פון קאָמוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע.

ווי עס ווייזט זיך שפּעטער אַרויס, איז אַ טייל פון דער פּוילישער אינטעליגענץ אין שטעטל, בראש פון אַ שטעטלדיקן איינוווינער — אַ פאַרביסענער נאַראָדאָווער דעמאָקראַט — ווערט שוין לאַנג צעפרעסן פון קנאה און שנאה פון דער פאַרצווייגטער קולטור־אַרבעט אויף דער יידישער גאַס.

און דאָ, אין ניי־אַנטשטאַנענעם זעלבסטשטענדיקן פּוילן, געפינט ער דאָס אָרט און פּלאַץ פאַר צעשטערן און צעברעכן די איינציקע יידישע קולטור אינסטיטוציע. צום גליק ווערט די ביבליאָטעק נישט קאָנפיסקירט. עס ווערט נאָר פאַרמאַכט אויף אַ שלאָס אין אַ זיגל די ביכער אָפּטיילונג און וווינונג.

צו מיר דערגייט די טרויעריקע מעלדונג. זייענדיק אין לאָדזש, האַרט פאַר מיין צייטווייליקער באַפרייונג. דער קריג פּוילן־רוסלאַנד איז צו ענדע.

עס קומט דער שלום. און אַ טייל מאָביליזירטע ווערן באַפרײַט. איך, זײַענדיק אין עלטער ווייניקער פון 21 יאָר באַקום אַן אורלויב אויף אַן אומבאַגרענעצטער צײַט —פון ענדע 1920 ביז 1922—. קומענדיק אַהיים טרעף איך די ביבליאָטעק אונטערן שלאָס און זיגעל, די באַמיִונגען פון די חברים אויפסנײַ עפענען די ביבליאָטעק. אויפווײַזנדיק אַז די אַלע אָנקלאַגעס זענען נאָר אַ פאַלשער בלבול — גיט נישט קיין רעזולטאַטן. מיר באַשליסן צו נעמען אַנדערע וועגן פאַר עפענען אונדזער קולטור אינסטיטוציע. און אויף מײַן באַזוך אין וואַרשע, הער איך וועגן דער גרינדונג פון דער „געזעלשאַפט אָוונט קורסן פאַר יידישע אַרבעטער אין פוילן״, צענטראַלע געזעלשאַפט מיט דעם רעכט צו עפענען אָפּטיילונגען אין לאַנד און האָט לויטן סטאַטוט ברייטע מעגלעכקייטן פאַר פאַרשידענע קולטור טעטיקייט. אויך עפענען ביבליאָטעקן, דראַמאַטישע קרײַזן, קורסן א״אַ און אויף אַ באַראַטונג פון חברים —אויך בונדיסטן— באַשליסט מען עפענען אַזאַ אָפּטיילונג, הגם די צענטראַלע איז אויסגעשפּראָכן אונטער דער ווירקונג פון פּועלי ציון.

איך און חטע רויזע בורשטיין ווערן באַשטימט זיך צו פאַרנעמען מיטן דורכפירן די דערעפענונג פון דער אָפּטיילונג.

אָנהייב 1921, אַ שווערער ווינטער, דער פראָסט דערגייט ביז 25 און מער אונטער נול, די באַנען אין פוילן ווײַט פון זײַן באַקוועם צום פאָרן, מיט אויסגעהאַקטע שויבן, שלעכט פאַרמאַכטע טירן און פענצטער און דאָס עצם פאָרן נישט גאַנץ זיכער, ווײַל דאָ און דאָרט, הערט מען אַז מען האָט אַ יידן געוואָרפן פון דער באַן. פון אונדזער באַן סטאַנציע „סאַדאָוונע״ ביז וואַרשע, דויערט אין דער צײַט די רײַזע איבער צוויי שעה. מען זאָגט, סכנות נפשות, אָבער ווי זאָגט מען בײַ פרומע יידן „שליחי מצוה אינם ניזוקים״. אַזוי באַשליסן מיר, איך און חטע רויזע, צו פאָרן.

מיר באַקומען אין דער צענטראַלע די דערלויבעניש, צו עפענען די אָפּטיילונג. אָבער נישט אַזוי לײַכט קומט אונדז אָן בײַ דער אָרטיקער מאַכט מיט דער דערלויבעניש. סוף כל סוף, מיט דער הילף פון די חברים אין ווענגראָוו, דאָרט געפינט זיך שוין אַזאַ אָפּטיילונג, עפענען מיר זי. מען נעמט אַראָפּ דעם זיגעל פון דער ביבליאָטעק־שאַנק. און מיר הייבן אָן אַ באַנײַטע פאַרצווײַגטע קולטור אַרבעט אויף אַלע געביטן.

די באַנײַטע אויסגעברייטערטע אַרבעט זעט אויס איז ווי אַ דאָרן אין די אויגן פון דער שטעטלדיקער קריסטלעכער נ. ד. רעאַקציע. מיר באַקומען זייער אָפטע באַזוכן פון דער אָרטיקער פּאָליציי און אונדזער ווענדונגען צו דער פּאָוויאַטמאַכט נאָך דערלויבענישן פאַר קולטורעלע אונטערנעמונגען ווערן אָפט אָפּגעזאָגט, אַזוי אַז מיר באַגרענעצן זיך מיט לאָקאַלע אונטערנעמונגען און נאָך דעם ווי אויך דער קריסטלעכער בעל הבית פון דער דירה הויבט אָן שיקאַנירן, אויסרעדן אַז מיר טומלען צו פיל. מיר שטערן זייער רו און אַזוי ווײַטער, פירן מיר אַריבער די געזעלשאַפט, אין צוויי קליינע צימערלעך אין אַן עק פון שטעטל. ווײַט פון מענטשלעכע אומגעוווּנטשענע אויגן.

די נײַע וווינונג איז ווײַט נישט פּאַסיק פאַר דער געזעלשאַפט און נאָך אייניקע וואָכן פירן מיר אַריבער די געזעלשאַפט אין צוויי שיינע צימערן. אין איין צימער שטעלן מיר אויף אַ קליינע בינע אויף וועלכער מען קען אויפפירן קליינע אונטערנעמונגען. איינאַקטערס, כאָר, דעקלאַמאַציעס און באַזונדערס פאָרלעזונגען. דאָס צווייטע צימער דינט דער ביבליאָטעק און סעקרעטאַריאַט. עס ווערט באַנײַט דער לייען־זאַל, חברים־שמועסן, פאָרלעזונגען, אויך אָוונט־קורסן פאַר לייענען און שרײַבן פאַר יוגנטלעכע. עס גייט אָן פונדאָסנײַ אַ ברייט פאַרצווײַגטע קולטור און בילדונגס אַרבעט. אָנגעפירט פון און פאַר דער גאַנצער שטעטלדיקער יוגנט אָן אונטערשיד פון פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט.

עס איז ווינטשנסווערט צו דערמאָנען אַז פאַר דער צײַט בילדעט זיך אויך אַ קליינע גרופּע „השומר הצעיר״, אַלג׳ ציוניסט, אויך זיי גרופּירן זיך אַרום דער געזעלשאַפט און ביבליאָטעק און אָט די אידיליע פון געמיינזאַמער קולטור אַרבעט, הויבט זיך אָן ביסלעכווײַז פילן דער פּאַרטייִשער קאַמף — פון צײַט צו צײַט באַווײַזן זיך אַלץ מער די דאָזיקע סימפּטאָמען. זיי קומען צום אויסדרוק אין די חברים־שמועסן. באַזונדערס בײַ די די יוגנטלעכע. אַ רויִקער שמועס פון אַ פּועלי ציון און בונדישן חבר פאַרוואַנדלט זיך אָפט מאָל אין אַ שאַרפער דיסקוסיע אין וועלכער עס מישן זיך אַרײַן אַנדערע חברים און די רויִקייט אין זאַל ווערט געשטערט, און נאָר אַ דאַנק דער אַרײַנמישונג פון עלטערע מער פאַראַנטוואָרטלעכע חברים ברענגט מען די אָרדענונג.

אויף וויפל מעגלעך ווערט די פּאַרטייִשע אַר־

בעט געפירט אויסער דער געזעלשאַפט, און די זומער־צײַט דורך קרײַזן אין דעם נאָענטסטן וואַלד בײַם שטעטל, ווינטער ווערט די אַרבעט באַגרענעצט. אַמאָל אין פּריוואַטע וווינונגען. אָבער אויך אין דער געזעלשאַפט. און ווי עס זעט אויס איז אָט די אַרבעט אַ גענוגנדע אורזאַך פאַר די דערמאָנטע רײַבונגען.

צום ערשטן אויסדרוק קומען אָט די צווישן־פּאַרטייִשע קאַמפן אין דער צײַט פון דער וואַלקאַמפּאַניע צום פּוילישן סיים —פּאַרלאַמענט— ווו עס באַטייליקן זיך אַקטיוו „בונד“ און פּועלי ציון, — אויף די מיטינגען און פאַרזאַמלונגען אין שטעטל מיט דער באַטייליקונג פון חברים פון צענטער. קומט אָפט נישט בלויז צו אַ שאַרפן ווערטער־אויסטויש, נאָר צו מאָל הייבן אַ האַנט פון אַ חבר אויף אַ חבר. איייניקע היך־קעפּ וועלכע עס איז שווער צו באַהערשן. פאַרשטייט זיך אַז אָט אַזעלכע געשעענישן האָבן זייערע פאַטאַלע ווירקונגען אויף דעם גאַנג פון דער אַלגעמיינער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין געוויינלעכן טאָג־טעגלעכן לעבן. די מער עלטערע פאַראַנטוואָרטלעכע חברים באַמיִען ווירקן אײַנשטילן די געמיטער. מען קאָנצענטרירט די קולטור־אַרבעט צו ריין ליטעראַרישע טעמעס. מען באַמיִט זיך אויסמײַדן באַרירן פּאַרטייִשע טעמעס. אָבער עס איז אוממעגלעך אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט און מען פילט אַז די לופט איז פול מיט אויפרײַס־מאַטעריאַל, ביז — ביז, עס קומט דער אויפרײַס. געשלעגן צווישן היך־קעפּ און אויך די אַרײַנמישונג פון דער פּאָליציי. און כדי אויסצומײַדן אַז די געשעענישן זאָלן נישט דערפירן צו דער שליסונג פון דער געזעלשאַפט דורך דער מאַכט, ווערט זי געשלאָסן דורך די אָנפירנדיקע חברים. אין דער זעלבער צײַט ווערט געשאַפן אַ געמישטע קאָמיסיע פון „בונד“ און פּועלי ציון און עס פאַלט דער באַשלוס: שפּאַלטן די ביבליאָטעק, ווײַל אויב מען קען נישט זײַן צוזאַמען, איז בעסער יעדער פאַר זיך.

די רעגיסטראַציע אין דער געזעלשאַפט, און אין ביבליאָטעק ווײַזט איין דריטל פאַרן בונד און צוויי דריטל פאַר פּועלי ציון, און דער זאַל ווערט צעטיילט. אויך די ביבליאָטעק און די איבעריקע ווירטשאַפט. דעם גרויסן זאַל נעמט איבער די פּועלי־ציון. דעם קליינעם צימער — דער „בונד“. די מיטלטיר ווערט הערמעטיש געשלאָסן פון צימער צו צימער און אָט טרעפן זיך די נעכטיקע חברים נאָר בײַם אַרײַנגאַנג און יעדער איז בײַ זיך. אַזוי ווערן אויסגעמיטן ווײַטערדיקע שטרײַטן און דיסקוסיעס אין דער געזעלשאַפט. דאָס הייסט נישט אויפגעגעבן דעם פּאַרטייִשן קאַמף אין שטעטל — פאַרקערט, דאָס גייט אָן נאָך פיל שטאַרקער און שאַרפער ווי ביז איצט. דער בונד לעגאַליזירט זײַן טעטיקייט דורך עפענען אַן אָפּטיילונג פון אַ י. ל. פּרץ ביבליאָטעק און ווי מען זאָגט: „קנאת סופרים מרבה חכמה“. נאָך דער שפּאַלטונג הויבט אָן יעדער פאַר זיך אַ שטאַרק פאַרצווײַגטע פּאַרטייִשע אַרבעט. עס אָרגאַניזירט זיך בײַ פּועלי ציון דער „יוגנבאָר“ בײַם בונד דער „סקיף“ — קינדער אָרגאַניזאַציעס אין עלטער פון 12—13 יאָר, אָט די קינדער־אָרגאַניזאַציעס ווערן אָנגעפירט דורך דער יוגנט אָרגאַניזאַציע. די אַרבעט ווערט געפירט אין קרײַזן. ווי מען לערנט די קינדער לייענען און שרײַבן ייִדיש. באַזונדערס טוען די אַרבעט די מיידלעך, וועלכע באַקומען שוין מערווייניקער אַלגעמיינע בילדונג אין דער פּוילישער פאָלקס־שולע. פאַרשטענדלעך, אַז די קולטור און דערציִונגס אַרבעט ווערט געפירט אין דעם גײַסט און ריכטונג פון דער פּאַרטיי, וועלכע פירט אָן מיט אָט די יוגנט־גרופּן.

אַ גאָר לעבעדיקע רירעוודיקע פּאָליטישע און קולטור־אַרבעט גייט אָן אין דער פּאַרטיי. און בײַ דער עלטערער יוגנט, די צײַט איז אַ גענוג שטורמישע. די ווירקונג פון דער גרויסער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין אַ זעקסטל וועלט־טייל, פילט זיך אין דער גאָר ברייטער וועלט, אויך אין נײַ־אַנטשטאַנענעם פּוילן, גאָר באַזונדערס אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, און אויך אין דער ייִדישער. עס קומען אויף וויכוחים, פאַר אָריענטאַציע אויפן צווייטן אָדער דריטן אינטערנאַציאָנאַל וואָס גייען אָן אין פּוילן ברען. דאָ און דאָרט צעשפּליטערונגען און אָפּשפּאַלטונגען.

אויף דער ייִדישער אַרבעטער גאַס קומט נאָך צו אין אַ גאַנץ שאַרפער פאָרם דער וויכוח פון „דאָ אָדער דאָרט“, דער עיקר צווישן פּועלי ציוניזם און בונדיזם, מיינונגס פאַרשידנהייטן גרונטלעבע, וועגן בויען דעם הײַנט און מאָרגן פאַרן פאָלק בכלל און בפרט פאַר דעם ייִדישן אַרבעטער. אַ וויכוח וועלכער פירט אָפּטמאָל צו ברידער־האַס און ערנסטע שטרײַטן צווישן נעכטיקע פרײַנט און גלײַכצײַטיק אַ ווילן צו וויסן, צו קענען איבערצײַגן דעם קעגנער.

וויכוחים, דיסקוסיעס און שטרײַטן קומט אויך פאָר אינערהאַלב דער פּאַרטיי. בײַם „בונד“ ווי בײַ

פּועלי ציון, הן אַרום דער אָריענטאַציע וועגן די אינטערנאַציאָנאַלע פאַרבינדונגען, הן וועגן קאַמף פאַר די באַזונדערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. נאָך מער ביי פּועלי ציון. וועגן דעם וועג פאַר פּאַלעסטינער אַקטיוויזם, באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע פאָנדן, קאָנגרעס אאַ״וו. אָט די אַלע פּראָבלעמען קומען צום אויסדרוק אויף פאָרלעזונגען, פאַרזאַמלונגען מיטן אָנטייל פון ח״ח פון דער צענטראַלע, פאַרזאַמלונגען און קרייזן פון אָרטיקע אָנפירנדיקע חברים. לעבהאַפטע דיסקוסיעס, צוזאַמען מיט פאַרביטערונג, אָבער מיטן ווילן קלאָר מאַכן זיך און יענעם, דעם וועג פון דעם יידישן אַרבעטער. אָט די אינטענסיווע אויפקלערער און בילדונגס־אַרבעט גיט מיט דער צייט פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. עס בילדן זיך אויס קרייזן פון אינטעלעקטועלער יוגנט, וועלכע נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם אַרומיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף אַלע געביטן, קולטורעל, פּאָליטיש, פּאַרטייאיש, פון אָט די קאַדרען בילדן זיך אויס מיט דער צייט אָנפירנדיקע חברים וועלכע פאָרן אַרויס פון שטעטל.

וועגן איינעם פון זיי וועל איך דאָ ווידמען עטלעכע שורות — ח׳ משה זשעפּקע. אַ שוסטער־אַרבעטער, פאַריתומט קליינערהייט פון פאָטער, וואַקסט ער אויס מיט אַ יינגערן ברודער זלמן ביי אַ בלינדער מוטער. די פאַמיליע לעבט דערפון וואָס איין מאָל אַ וואָך גייט די בלינדע מאַמע —געפירט דורך משהן און שפּעטער דורך זלמנען— איבער די שטעטלדיקע הייזער, אויפקלויבן נדבות פון פרומע יידישע פרויען. מען וווינט אין אַ צימער פון שטעטלדיקן הקדש — הכנסות אורחים שטיבל, די איינציקע דערציִונג וואָס די צוויי יינגלעך באַקומען, איז די תלמוד תורה, ביזן לערנען מעגלעך — עברי (דאַווענען). ווען זיי זענען שוין ביי צען יאָר אַלט, לערנט משה שוסטעריי — אָבער ווי עס פירט זיך אין די צייטן פאַרטרעט ער נישט ווייניק יאָרן, דאָס שטוב מיידל וואָס דאַרף טאָן פאַר דער שוסטערקע אַלע אַנדערע אַרבעטן, ווי צו וויגן דאָס קינד, ברענגען עמערס וואַסער פון ברונעם, אַרויסטראָגן די פולע עמערס אָפּגוס, גיין אין שליחות אאַ״וו. דעם זעלבן גורל מאַכט אויך דורך שפּעטער דער ברודער זלמן —אָבער אויך דאַן בלייבט זלמן דער פירער פון דער מוטער אין די פרייטיק טעג איבער די הייזער.

ערשט נאָך דעם ווי משה הויבט אָן פירן אַ זעלבשטענדיקן שוסטער־וואַרשטאַט, נעמט ער אַריין זיין ברודער זלמן צו דער אַרבעט, הערט אויף די בלינדע מאַמע גיין איבער די יידישע הייזער קלויבן נדבות. די צוויי זין האַלטן אויף בכבודיק די מוטער.

משה זשעפּקע קומט אין דער פּ״צ יוגנט אין עלטער פון 15—16 יאָר, זלמן, דער יינגערער, ווערט אויפגענומען אין „יונגבאָר״.ביידע באַזוכן פּינקטלעך קרייזן און קורסן, באַזונדערס משה פאַרפעלט נישט קיין קרייז און קיין שמועס, אַ ביסל אַ שעמעוודיקער, אַ צוריקגעהאַלטענער הערט ער זיך אויפמערקזאַם צו יעדעס וואָרט, שטעלט אַ מאָל אַ פראַגע, ביסלעכווייז וואַגט ח׳ משה זיך באַטייליקן אין אַן ענגן חבריש פּאַרטייאישן שמועס, אַרויסזאָגן אַ מיינונג און זיך קעגנשטעלן די מיינונגען פון אַנדערע. אַזוי דערמאָנט זיך מיר, אַ שטורמישע פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג ערב אַ לאַנד־פּאַרטיי קאָנפערענץ, וווּ צווישן אַנדערע שטייט די פראַגע פּאַלעסטינער אַקטיוויזם, אונדזער באַציִונג צו די נאַציאָנאַלע פאָנדן, קק״ל, קרן היסוד, צו די ציוניסטישע אָנפירנדיקע קערפּערשאַפטן — קאָנגרעס אאַ״וו. עס זענען פאַראַן שאַרפע מיינונגס־פאַרשידנהייטן, די מערהייט פון די אָנפירנדיקע חברים אין דער פּאַרטיי, זאָגן זיך אַרויס פאַר פּאָזיטיווער אַקטיווער באַציִונג. ח׳ משה הערט זיך צו, מיט פולער אויפמערקזאַמקייט און שפּעטער, ווען ער באַקומט אַ וואָרט, הויבט ער אָן פריִער שטיל געמיטלעך אָפּווענדן די אַרגומענטן פון די פריִערדיקע רעדנער, פאַר אַקטיווער מיטאַרבעט מיט דעם נישט פּראָלעטאַרישן טייל אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. דער וועג פון יידישן אַרבעטער איז דער קלאַסן־קאַמף, דאָ און דאָרט און אויך ווען דער ענדציל איז פּראָדוקטיוויזירן די יידישע מאַסן אין פּאַלעסטינע, איז און דאַרף זיין דער וועג צו דעם און דער קאַמף איז אַן אייגנאַרטיקער און זעלבסטשטענדיקער. אָט אַזוי שטורעמט באַגייסטערט משה דאָס שוסטער־יינגל, וועמענס איינציקע דערציִונג און אויסבילדונג איז געקומען אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

איך זיץ, קוק, און באַוווּנדער, פון וואַנען דער גייסט, די דרייסטקייט און דער וויסן, פון אָט דעם פּשוטן חבר פון דער רייע און הגם איך בין איינער פון די קעגן וועלכע עס איז געווענדעט די שאַרפע קריטיק פון חבר משה — פרייט מיך דאָס האַרץ, ווייל נישט אומזיסט איז די אָנגעשטרענגטע, אָפּטמאָל שווערע אַרבעט פון אויסבילדן און אָרגאַניזירן די „משהלעך״ און „שלמהלעך״ און משה איז נישט דער איינציקער וועלכער באַווייזט זיך אַרויס־

צוהייבן אינערהאַלב די אָרגאַניזאַציע, פיל יוגנטלעכע, בעקער און סטאָלער-אַרבעטער און שניידער און שוסטער, ווי אין פועלי ציון אַזוי אויך אין „בונד".

ווי פריער דערמאָנט, גייט אָן נאָך דער צעטיילונג פון דער ביבליאָטעק אָן אינטענסיווע קולטור און פאַרטיי-טעטיקייט אויך ביים „בונד", אונטער דער אָנפירונג פון דער פריער דערמאָנטער חטע רויזע בורשטיין — איצט בלומענקראַנץ, אַלס פרוי פון יחיאל בלומענקראַנץ — צוזאַמען מיט רויזען פאַרנעמט אָן אָרט אין דער אָנפירונג איר יינגערער ברודער בעריש בורשטיין.

עפּעס צו דער פערזענלעכקייט פון חטע רויזע. אַ מיטגליד פון דער פאַמיליע בורשטיין, מיט אַ שאַרפן פאַרשטאַנד און נאַטירלעכע אינערלעכע אינטעליגענץ. פון פאַך אַ שניידערין, געווען אַ צייט אין וואַרשע, דאָרט זיך אָנגעזאַפּט מיט אַרבעטער אידעאַלן און באַקומען איר ערשטע דערציִונג אין די רייען פון „בונד". חטע רויזע, ווי איך זע זי, אַ שיין געוויקסענע ערלעך פיינע יידישע טאָכטער, אַ רויקע, וועקט דרך־ארץ און אַכטונג צו זיך, אין אַ שמועס מיט דיר, ווייט פון זיין אַ מאַסן-רעדנערין, אָבער אַ שיינע לאָקאַלע רעדנערין. איר וואָרט איז איבערצייגנד און ווייזט אַרויס אַ סך טאַקט אין דער האַלטונג אַפילו צו קעגנער. אַדאַנק די דערמאָנטע אייגנשאַפטן באַווייזט חטע רויזע צוצוציִען אייניקע פון די בעסערע אינטעלעקטועלע יוגנט, איר הויז ווערט אַ זאַמלפּונקט פאַר פריינט און חברים און אויך פערזענלעכע פריינט.

דער בלוטיקער שטורעם וואָס האָט געבראַכט צום אונטערגאַנג פון שטעטל, האָט אויך מיטגעריסן אָט די ערלעכע געשטאַלט צוזאַמען מיט איר פאַמיליע, איר מאַן יחיאל, אַ טאָכטער און אַ זון. זאָלן אָט די געציילטע ווערטער זיין דער אָנדענק פאַר אָט די ערלעכע און טרייע אַרבעטס-טוערן און קעמפערין.

און אַזוי גייט אָן ווייטער אַ פאַרצווייגטע אינטענסיווע אַרבעט. סיי אין דער געזעלשאַפט „אָוונט קורסן פ"צ", סיי אין דער י. ל. פרץ ביבליאָטעק „בונד" באַזונדערס נאָכן באַקומען אַ מער באַקוועמע וווינונג אין אַ זייטיק געסל אין ניישטאָק — ביי דער אַלמנה פריווע — ווייט פון אַ בייז אויג.

אויך די געזעלשאַפט „אָוונט קורסן" טוישט דעם לאָקאַל, איבערגייענדיק צו אלי מאַנקע, אַ מער גרויסער לענגלעכער זאַל אויפן ערשטן שטאָק. דאָרט בלייבט די געזעלשאַפט ביזן צווייטן מאָל שליסן דורך דער מאַכט, האַרט פאַר דעם צווייטן וועלט-קריג. עס ווערן פאַרשטאַרקט די קרייזן, חברים-שמועסן, פאַרזאַמלונגען, פאַרלעזונגען דורך פרעמדע חברים. אויך ווערט באַנייט די אַרבעט פון דראַמאַטישן קרייז. אויך ביים „בונד" פירט זיך אַ לעבהאַפטע טעטיקייט אויף אַלע געביטן.

אין דער צייט פון מער באַזונדערע געשעענישן אין פּאָליטישן לעבן, ווי וואַלן צו דעם פאַרלאַמענט, אָדער אָרטיקע מוניציפּאַלע אַנשטאַלטן, פילט זיך אַ פיל מער אינטענסיווע פאַרשטאַרקטע טעטיקייט, די פאַרטייען ברענגען די פּאָפּולערסטע רעדנערס אויף די דורך זיי איינגעאָרדנטע מיטינגען, און אויף פאַרזאַמלונגען, עלטערע און יונגערע חברים ווערן מאָביליזירט פאַר הויז-אַגיטאַציע, די ויכוחים גייען אָן אין וואַרשטאַט, אין הויז, אין גאַס, דאָס שטעטעלע ברויזט, באַזונדערס אין די וואַל-טעג ווערט אָפּגעשטעלט יעדע אַרבעט, אַלע אָרגאַניזירטע חברים זענען צוגעטיילט צו און אַרום די וואַל-אורנעס, און אָט די אַזוי אָנגעשטרענגטע אַרבעט, ווייסנדיק אַז קיינער פון די פאַרטייען אויף דער יידישער אַרבעטער גאַס קען נישט און וועט נישט דערגרייכן קיין פּאָזיטיוון רעזולטאַט, אַ דאַנק די ספּעציעל פאַרטיילטע וואַל-ראַיאָנען דורך דער פּוילישער רעאַקציאָנערער מאַכט.

אין די טעג זעען זיך אויך אין שטעטל מער אַקטיווער, די איינצלנע חברים פון די בירגערלעכע ציוניסטן „השומר הצעיר", רעכטע פועלי ציון, אָנגעפירט פון מרדכי מענדל נאַווענשטערן — דער קולטור-טרעגער, אַזוי רופט מען אים צוליב זיין באַשעפטיקונג פון פאַרקויפן צייטונגען — טוביה פרידמאַן, דער פריער-דערמאָנטער משה ברוך קאַנטאָר, אַברהם אלי זשעלעניעץ א"אַ, ולהבדיל לחיים יצחק אַלטשולער, היינט אין ישראל.

אין די באַגרענעצטע לאָקאַלע מעגלעכקייטן ווערט איינגעאָרדנט, סיי ביים „בונד", סיי דורך דער פועלי ציון, אַקאַדעמיעס צו די באַראַכאָוו און י. ל. פרץ יאָרצייטן, מיט צוגעפּאַסטע פּראָגראַמען פון דעקלאַמאַציעס, מאָנאָלאָגן, כאָר-געזאַנג, אויך חברים-באַנקעטן, אַרום פאַרשידענע געשעענישן, וועלכע ברענגען אַריין, אויסער געלט-מיטלען פאַר די געזעלשאַפטן, דער עיקר שטימונג און ענגע חברשע פאַרבינדונג.



דראַמאַטישער קרייז ביי דער פועלי־ציון (לינקע) מיטן רעזשיסאָר שלמה ־ דוד פריימאַן

עס ווערט אויפסניי רעאָרגאַניזירט דער דראַמאַטישער קרייז ביי פ״צ דורך אויפנעמען נייע קרעפטן, דאָס מאָל שוין אונטער דער אָנפירונג און רעזשי פון אָרטיקע קרעפטן, עס ווערן אויפגעפירט פיעסן פון גאָלדפאַדען, הירשביין, גאָרדין, שלום אַש, שלום עליכם, ווייניקסטנס צוויי מאָל אַ יאָר, פסח און סוכות, ווערט איינגעאָרדנט אַ פאָרשטעלונג אין דער שטעטלדיקער פייערלעשער געביידע. דאָרט געפינט זיך אַ שטענדיקע בינע. דעקאָראַציעס ווערן צוגעגרייט דורך דעם קרייז, אַזאַ פאָרשטעלונג ווערט צוגעגרייט אין כמעט אַ האַלב יאָר. אויך דער געשאַפענער דראַמאַטישער קרייז ביים „בונד" פירט אויך אויף פון צייט צו צייט אַ פאָרשטעלונג אין די זעלבע באַדינגונגען ווי פ״צ. די טעאַטער ־ פאָרשטעלונגען האָבן גרויס דערפאָלג אין שטעטל, דער זאַל פול, די איינקונפט אַ גוטע. כאַראַן פאַלן ווען מען שפילט אַ פיעסע מער ווי איין מאָל, בדרך כלל פילט זיך אַ פריילעך יום־טובדיקע שטימונג אין די טעג ווען עס קומט פאָר אַזאַ פאָרשטעלונג.

אויך ערשטע מיי־פייערונגען ווערן דורכגעפירט דורך פ״צ און „בונד". פאַר די אָרגאַניזירטע חברים איז דער טאָג אַ רו־טאָג פון אַרבעט. שוין פון גאָר פרי זעען זיך גרופעס חברים אין גאַס. ווער פון זיי מיט אַ רויט בלימעלע אין לאַץ. ווייניקער דרייסטע באַהאַלטן דאָס בלימעלע אונטערן לאַץ, קיין עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען קאָן מען נישט איינאָרדענען. באַמיונגען צו לעגאַליזירן אַזעלכע, טרעפן זיך שטענדיק אָן מיט אַן אָפזאָג פון דער מאַכט, דערפאַר קומען פאָר אַזעלכע פאַרזאַמלונגען אין די נאָכמיטיק־שעהן אין דעם נאָענטן וואַלד, שפאַצירנדיקע גרופעס טרעפן זיך צוזאַמען אין אַ פונקט, עס „וואַקסט" אויס פון זיי איינער אָדער צוויי רעדנערס — רעדן וועגן דעם אינהאַלט און באַדייטונג פון ערשטן מיי פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטערשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז אין די פאַלן ווערט אָפגעהיט די פולע פאָרזיכטיקייט דורך חברים אין דעם אַרום, פאַר אַ נישט געוווּנטשן אויג.

אין דעם אָוונט קומען זיך די חברים צוזאַמען אין לאָקאַל, מען טיילט זיך מיט די איינדרוקן. מען שמועסט וועגן דעם אינהאַלט פון טאָג. אָפטמאָל קומען צוריק חברים פון וואַרשע —די הויפטשטאָט— געפאָרן ספעציעל זיך באַטייליקן דאָרט אין דער גאַס־דעמאָנסטראַציע פון דער פאַרטיי. געווען פאַלן

ווען מען קומט צוריק מיט צייכנס, אַ צעקלאַפּטער, פון די בלוטיקע דעמאָנסטראַציעס פונאַנדערגעטרי־בענע דורך דער פּוילישער רעאַקציע.

אין די ראַמען פון די אָרגאַניזאַציעס ווערן אויס־געבילדעטע יוגנטלעכע אַרבעטער וועלכע וואַנדערן מיט דער צייט אויס אין די גרעסערע שטעט — באַ־זונדערס וואַרשע אײַנצואָרדענען זיך בײַ די אַנדער יענע אַרבעט. געפינענדיק דאָרט זייער פּלאַץ שוין אַלס אָרגאַניזירטע אַרבעטער אין דער פּאַרטיי, אויך אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. צו דער צייט ווערט אויך געמאַכט אַ פּרוּוו צו אָרגאַניזירן אין שטעטל אַ פּראָ־פעסיאָנעלן פאַראיין, אַ צווישנפּאַרטיישן, אַן אַלגע־מיינעם, לײַדער גיט זיך דאָס נישט אײַן, צוליב די ווייניק אין צאָל אַרבעטער. עס שאַפט זיך אָבער אַן ענגע פאַרשטענדיקונג בײַ די אַרבעטער אין אַלע פאַכן און אַ דאַנק דעם ווערט אײַנגעשטעלט דער אַכט־שעהדיקער אַרבעטס־טאָג, אַ מער ווייניק סטאַ־בילער טעגלעכער אָדער מאָנאַטלעכער געהאַלט אא״וו. די גרעסטע צאָל אַרבעטער זענען קאָנצענ־טריר אין סטאָלער פאַך ווי שוין פריִער דערמאָנט. די צוויי ווערקשטעלן פון וואָלף קראָנפעלד און שלמה נודעלמאַן. דאָרט טרעפט זיך שוין אויך פאַלן פון אָרגאַניזירטע שטרײַקן — דורך וועלכע די אַרבעטער קומען צו געוויסע סאָציאַלע דערגרייכונגען.

און אַזוי גייט אָן די אַנטוויקלונג בײַ דער שטעט־טלדיקער יוגנט. טאָג נאָך טאָג, יאָר נאָך יאָר, ביז עס קומט אין שטעטל אַ נײַע פּרנסה קוועלע: שטריקערײַ פון וואָלענע דערעס.

## דער מענטש קאָנקורירט די מאַשין...

ווי עס ווײַזט זיך אַרויס גייען אַרײַן אין דער מאָדע, דערעס, געשטריקטע האַנט־אַרבעטן. זיי ווערן געקויפט נישט נאָר דורך דער דאָרפישער באַפעלקע־רונג, נאָר אויך דורך דער שטאָטישער און די אַר־בעט ווערט אויסגעפירט דורך פרויען, זי דרינגט אַרײַן אין די יידישע שטעט און שטעטלעך און דינט אַלס אַ צוגאָב פאַר דער יידישער פאַמיליע אין זייער עקסיסטענץ. די פּראָדוקציע — „פאַבריקאַט״ כביכול— שטייט אײַן אין די הענט פון קליינע יידי־שע הענדלער —אָדער פאַרמיטלער— וועמענס אַר־בעט באַשטייט אין דעם צו ברענגען פון שטאָט פעקלעך וואָל און פאַרטיילן אין שטעטל, צו די יידי־שע פרויען וועלכע שטריקן די דערעס לויט די אָנ־געגעבענע מוסטערן.

דער פּרײַז פאַר דער אַרבעט איז לויט דער צאָל שטיק און מוסטער, אויך לויט דער קאָניונקטור פון די אויסגעשטריקטע דערעס אין שטאָט —דער עיקר וואַרשע— אין שטעטל דרינגט אַרײַן אָט די אַרבעט פון דערנעבנדיקן פּאַוויאַט שטעטל ווענגראָוו. אָבער גלײַך שאַפן זיך אין שטעטל אָ ר ט י ק ע א ו נ ט ע ר נ ע מ ע ר ס פאַבריקאַנטן, איינ־צעלנע אַפילו פון די אָנגעזעענסטע טוער אין די פּאַרטייען, ווי אונדזער חבר חיים פּאַגאָדע, צוזאַ־מען מיט זײַן ברודער מאָטעלע; אברהם־יוסף אַס־טשעגאַ אַן אָנגעזעענער חבר פון בונד, טראָגט די לאַסט פון אויפהאַלטן די פאַמיליע, וואַנדערט שפּע־טער אויס קיין אַרגענטינע, לאָזט דאָ אַ שיינע ליב־טיקע פרוי, וועלכע געפינט איר אייביקן וועג צו־זאַמען מיטן גרעסטן טייל פון דער פאַמיליע, צו־זאַמען מיט די מיליאָנען יידישע קרבנות אין די גאַז־אויוונס פון די נאַצי־מערדערס הי״ד. אויך משה גאַלאַנט, אַ גוטער, טרײַער בונדישער חבר, איז איינער פון די גרעסטע אונטערנעמער און הערשל קקורופּקע, וואָס איז שפּעטער איינער פון די ערשטע געפאַלענע אין שטעטל, מיט זײַן פאַמיליע, אין דער ערשטער מערדערישער נאַצישער באָמבאַרדירונג פון דעם שטעטל.

אָט דער פּרנסה קוואַל נעמט אַרום. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל, עלטערע און יינגערע פרויען, ווען איר גייט דורך דאָס שטעטל אין די שפּעטע נאַכט־שעהן און זעט פון די נידעריקע פענצטערלעך אַרויסלייכטן די ליכט פון נאַפט לעמפּלעך, ווייסט איר, אַז דאָרטן קאָנט איר טרעפן די מוטער מיט איי־נע, אָדער מערער טעכטער האַלב פאַרשלאָפענע, מי־דע בײַ דער אַרבעט פון פאַרענדיקן אַ דערע, בכדי צו פאַרגרעסערן דעם וועכנטלעכן פאַרדינסט און מעגלעך נאָך מער כדי זיך אויסצוצייכענען פאַר דעם אַרויסגעבער, אַז ער באַקומט צו דער צייט אויסגעפּאַרטיקטע סחורה. דער נײַער פּרנסה־צווײַג לאָזט זיך באַדײַטנד פילן אין שטעטל. עס קומט צום אויסדרוק אין דעם געהעכערטן לעבנס־סטאַנ־דאַרט פון דער שטעטלדיקער באַפעלקערונג. איר טרעפט די שטיבלעך בעסער אײַנגעאָרדנט, די קינ־דער שענער געקליידעט, בעסער דערנערט, בקיצור — דער איבעריקער גראָשן־פאַרדינסט האָט זײַן ווירקונג.

ווי פריִער דערמאָנט, שטייט אײַן אָט די פאַ־בריקאַציע כמעט אין די הענט פון פאַרטיי אָנפירנ־

דיקע חברים. אַזוי אַז די באַשעפטיקטע אַרבעטערינס ווערן פאַרהעלטניסמעסיק באַהאַנדלט פיל בעסער, ווי אין די אַנדערע ערטער, סײַ אין פרײַז און אין צאָלן צו דער צײַט און אָט דער פאַקט איז איינער פון די הויפּט־סיבות, וואָס יעדער פּרווו צו אָרגאַניזירן אַן אַלגעמיינעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון שטריקער־אַרבעטאָרינס קומט נישט צושטאַנד. הגם עס אָרגאַניזירן זיך אין די פאַרטיי ראַמען, שטריקער־סעקציעס וועלכע פירן אָן —ווען נייטיק— פון צײַט צו צײַט אַקציעס, און אונטערהאַנדלונגען מיט די אונטערנעמער פאַר דער אָדער יענער פאָדערונג וועלכע ווערט זייער אָפט דערלייריקט אָן קיינע באַזונדערע אָנשטרענגונגען אָדער קאַמף. וועגן פירן פּראָפעסיאָנעלע אַרבעט אין אַנדערע צווײַגן קומט בכלל נישט אין באַטראַכט, צוליב די ווייניקע צאָל אַרבעטער, די גרעסטע צאָל אַרבעטער זענען סטאָלערס — ווי פריער דערמאָנטע באַשעפטיקט אין די צוויי וואַרשטאַטן פון וועלוול קאַצנפעלד און שלמה בודעלמאַן. אָבער אויך דאָ דערגייט זייער צאָל צו ווייניקער פון צען אַרבעטער, אַזוי אַז עס גיט נישט קיין מעגלעכקייט צו שאַפן ספּעציעל אַ פאַראיין פון האָלץ־אַרבעטער און אויך דאָ זענען אָרגאַניזירט סעקציעס בײַ דער פאַרטיי. און ווען עס איז נייטיק קומט צו אַ פאַרשטענדיקונג פון ביידע פאַרטייען. עס דערגייט פון צײַט צו צײַט צו אָרגאַניזירטע שטרײַקן, וועלכע ווערן אָפט געקרוינט מיט אַ זיג פון די אַרבעטער, סײַ וועגן אַ נאָרמאַלן אַרבעטס־טאָג, סײַ וועגן אַ באַשטימטן געהעריקן אַרבעטס־לוין.

און אַזוי גייט אַוועק דאָס לעבן אין שטעטל, אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אַ מאָנאַט נאָך אַ מאָנאַט, און אַ יאָר נאָך אַ יאָר. אַ טייל עלטערע יוגנט וואַנדערט אויס אין די גרעסערע שטעט צו זוכן זייער גליק און די אונטערגעוואַקסענע יוגנט פאַרנעמט זייער פּלאַץ אין דער אָרגאַניזאַציע, אין דער געזעלשאַפט ווי פּ״צ. און „בונד" גייט ווײַטער אָן אַן אינטענסיווע טעטיקייט קולטורעל און פּאָליטיש.

אין דער צײַט ריאַליזירט זיך מײַן אַלטער חלום און אין מערץ מאָנאַט 1936 פאָר איך אַרויס פון שטעטל מיט מײַן פאַמיליע, די פרוי און צוויי קליינע קינדער קיין ארץ ישראל. לאָז נאָך זיך ליבע עלטערן, שוועסטער און פאַמיליעס, אַ גוט אײַנגעאָרדנטע וווינונג, אַ גוטן אַרבעט־פּלאַץ — דירעקטאָר אין דער שטעטלדיקער לײַ־ און שפּאָר־קאַסע. מײַן אַרויספאָרן פון שטעטל ווערט אָרגאַניזירט אין געציילטע וואָכן, אין רעזולטאַט פון אַ געשעעניש וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם הערשנדיקן זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם אין „געבענטשטן" פוילן.

ומעשה שהיה כך היה; זײַענדיק אַ מיטגליד אין דער שטעטלדיקער מוניציפּאַלער פאַרוואַלטונג, פאַרטראָטן דורך דער פאַרטיי פּ״צ אין אַ פרײַנדלעכן שמועס בײַ אַן אָפיציעלער זיצונג, וואַרפט מיר צו, אויך אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד, דער פריערדערמאָנטער פאָלקס־שול דירעקטאָר נאָוואַצקי אַן אָריגינעלע „חכמה": „דו הער, פרײַמאַן, ביזט אַ פײַנער אָרנטלעכער ייִד, אָבער די מערהײַט ייִדן זענען פאַרשיווע — קרעציקע". וואָס איך האָב געפילט אין דעם מאָמענט, איז שווער אַרויסצוברענגען אויפן פּאַפּיר. גענוג צו זאָגן, אַז איך האָב שווער געטראָפן דעם וועג צו פאַרלאָזן די זיצונג, מיטן באַשלוס מער נישט טרעפן זיך און נישט זען אָט די ווילדע חיות אין מענטשן געשטאַלט, נאָך מער ווען דאָס דאַרף אויסדריקן די פוילישע בעסערע אינטעליגענץ און דינען אַלס דערציער פון אַ דור.

שוין זײַענדיק אין ארץ ישראל, דערגייען צו מיר באַריכטן וועגן דער פאַרשטאַרקטער ריאַקציע אויף דער אַלגעמיינער פוילישער גאַס און דער דרוק אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג דורך די פאַרגרעסערטע שטײַער־צאָלונגען. דער פונדאַמענט אויפגעוועקטער אַנטיסעמיטיזם צווישן דער פּויערישער קריסטלעכער באַפעלקערונג, וועלכער קומט צום אויסדרוק דורך צעמאָלן ייִדישע „שטעלן" —האַנדלס־פּונקטן— אין די מאַרקטעג. אַוועקשטעלן שטאַפּעטן בײַ די ייִדישע קרעמלעך מיט אויפשריפטן: קויפט נישט בײַ ייִדן, — „סוואָי דאָ סוועגאָ", (אייגענע צו אייגענע) און שפּעטער דער אָפיציעלער פאַרבאָט פון דער ייִדישער שחיטה. פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע געשעענישן האָבן געהאַט זייער ספּעציפישע ווירקונג אויף דעם גאַנג פון אַלגעמיינעם לעבן אין דער ייִדישער גאַס.

די ייִדישע באַפעלקערונג ראַנגלט זיך פאַר איר עקזיסטענץ מיט לײַב און לעבן. אַ טייל, בעיקר דער ייִנגער דור באַמיט זיך אויסצוּוואַנדערן. לײַדער גיט זיך דאָס אײַן נאָר אַ קליינעם טייל. די יוגנט באַמיט זיך ווײַטער אָנצוגיין מיט זייער טעטיקייט קולטורעל און פּאָליטיש. חברים שרײַבן מיר וועגן פאַרשטאַרקטע רדיפות און אונטערדריקונגען,

קעגן דער יידישער באַפעלקערונג בכלל, ובפרט קעגן זייערע ליבע אינסטיטוציעס באַזונדערס די אַרבעטער אינסטיטוציעס. אונטערן אויסרייד אַלס קאָמוניסטישע קעמערלעך. עס קומען פאַר אַרעסטן פון איינצעלנע יוגנטלעכע אַרבעטער. די געזעל־שאַפט „אָוונט קורסן" ווערט געשלאָסן דורך דער מאַכט, אָבער נאָך שטאַרקע באַמיִונגען ווערט געע־פנט אַ נייע געזעלשאַפט „פריינד פון פאַלעסטיניזם".

דער היטלער־נאַצי רעזשים האָט זיינע ווירקונ־גען אויף דעם פּאָליטישן סאַנאַציע רעזשים אין פּוילן. און דאָך שרייבן די חברים, האַלט די יוגנט ווייטער אָן, אין די ראַמען פון די מעגלעכקייטן און מער פון דעם. דעם קאַמף פאַר זייער וועג און עקזיסטענץ אויף אַלע געביטן, ביז — ביז דעם אויסברוך פון בלוטיקן נאַצישן קריג, וועלכער ווישט אָפּ דורך פייער און בלוט 6 מיליאָן יידן און הונדערטער שטעט און שטעטלעך, באַזונדערס אין פון גאָט פאַרשאָלטענעם פּוילן.

אָבער וועגן דער תקופה —צייט— פון זינט מיין פאַרלאָזן דאָס שטעטל ביז דעם אונטערגאַנג, זאָלן דערציילן די וועלכע האָבן די צייט דורכגע־לעבט אין שטעטל, עדי ראיה און האָבן געהאַט דאָס גליק ווער דורך די סטעפּעס אין דעם ווייטן רוס־לאַנד, ווער אין די אַלט־אַלטע וועלדער, זיך אָפּצו־ראַטעווען פון אָט דער בלוט באַד. אויך זאָלן זיי אונדז דערציילן דעם גורל פון די צוויי ביבליאָטעקן מיט זייערע טויזנטער ביכער, וועלכע זענען דורך און מיט אַזוי פיל מי און כוח אויפגעשטעלט געוואָרן דורך אַ דור שטעטלדיקער יוגנט.

אויף דעם באַנקעט וואָס חברים און פריינד האָבן איינגעאָרדנט צו מיין אָפּפאָר פון שטעטל, איז מיר צוגעטראָגן געוואָרן אַלס אָנדענקס־מתנה דריי ביכער — „דער קאַפּיטאַל" פון קאַרל מאַרקס. אָט די דריי בענד געפינען זיך ביז היינט צו טאָג אין מיין פּערזענלעכער ביבליאָטעק, זאָלן דאָס זיין די איינציק געבליבענע —שארית הפליטה— פון די צוויי אַזוי רייכע ביבליאָטעקן אין שטעטל און מעג־לעך זענען פאַר דער צייט נאָך געווען וועלכע גליק־לעכע צופאַלן אַזעלכע?

— זאָל דאָס זיין אַ צופאַל פון גורל — ווען יאָ? איז דאָס אַ געוווּנטשענער און פריילעכער צו־פאַל.



# סטאַק אין מײַן זיכרון — צום געדענקען

ווען מיר טרעטן אַרײַן אין די טרויעריקע טעג פון חודש סעפּטעמבער, קומען מאָמענטן פון טיפער נשמה־דערוואַכונג און דער געדאַנק ווערט איבערפולט מיט מחשבות און דערמאָנונגען פון יענע טראַגישע סעפּטעמבער־טעג פון יאָר 1939, פון יענע טעג ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די טראַגעדיע פון פוילישן און אייראָפּעיִשן ייִדנטום. וואָס ווײַטער עס ווערט די דיסטאַנץ פון צײַט, אַלץ טיפער דער צער, אַלץ שאַרפער דער ווייטיק אויף דעם וואָס מיר האָבן פאַרלוירן און אַלץ קלאָרער ווערט דאָס בילד פון מײַן שטעטעלע, וואָס כ׳האָב אין יענע טעג פאַרלאָזן, וואָס כ׳האָב אין יענע טעג געזעגנט און וואָס איז געבליבן אין מײַן זיכרון אויף קיין מאָל נישט צו פאַרגעסן.

אין משך פון די יאָרן פון מײַן וואַנדער איבער וועגן און לענדער, דורך סיבירער טײַגעס און סטעפּעס פון אַזיע, אין יענע יאָרן פון מלחמה־גרויל און פּײַנפולן נע־ונד האָט זיך אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן דאָס בילד פון מײַן קליין שטעטעלע. ביז הײַנט דויערט די בענקשאַפט נאָך יענע טעג פון קינדערישער, שטיפערישער צעשפּילטקייט און יוגנטלעכער פאַרליבטקייט. הײַנט ווייס איך, אַז כ׳האָב דאָס שטעטעלע ליב געהאַט, די מענטשן אין זייער אָרעמקייט, די הײַזער די הילצערנע מיט זייער באַשיידנקייט, דעם אַרומיקן וואַלד מיט זײַן שיינקייט, דעם „זאגייניק" מיט זײַן סודותדיקער שטילקייט, דעם מאַרק מיט זײַן פּוסטקייט, די אַרומיקע פעלדער מיט זייער שפּעדיקער גרינקייט, איז ווען דו זיצסט אַזוי אין דער שטילקייט פון דער נאַכט און וועבסט מחשבות פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהײַט, אַנטפּלעקט זיך אין דמיון דאָס שטעטעלע מיט דער גאַנצער פּראַכט פון אָרימקייט און באַשיידנקייט און ס׳ווילט זיך אויסגיסן אויפן פּאַפּיר דעם צער און דעם ווייטיק אויף דעם וואָס איז פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט אונדזערע ליבסטע און טײַערסטע.

און שיין איז דאָס שטעטעלע געווען — פּרעכטיק שיין אין יענע באַגינענס פון פרילינג. דאָס קרייען פון דעם האָן און די ערשטע שטראַלן פון זון־אויפגאַנג האָבן אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען פון אַ נײַעם טאָג. האָבן ייִדן עלטערע זיך געפּעדערט צו גיין אין בית המדרש דאַווענען מיטן ערשטן מנין, אַ קדושה אַרײַנכאַפּן, ווער אַ הייליקע פליכט דערפילן און קדיש זאָגן. דער בית־המדרש איז שוין געווען אָפן, בײַם שײַן פון יאָרצײַט ליכט האָט ווער אַרײַנגעקוקט אין אַ ספר. דער אַלטער שמש האָט דעם ערשטן שמעק טאַבאַק געטאָן און אָנגעהויבן זײַן אַרבעט. דאָס ערשטע אָנגעצונדן די ליכט בײַם עמוד און אַ בליק געטון צי ס׳איז דאָ וואַסער אין האַנדפאַס „כיור".

באַלד האָט זיך געשטעלט דאַווענען דער ערשטער מנין. עס זענען געקומען ייִדן בעלי־מלאכות און ייִדן דאָרפס־גייער, וואָס האָבן זיך געאײַלט אָנצוהויבן זייער אַרבעטס־טאָג, ווער בײַם וואַרשטאַט, ווער בײַ דער מאַשין און ווער מיטן פּעקל און זעקל פאַרוואָרפן אויף די פּלייצעס זיך לאָזן אין וועג איבער די דערפלעך זוכן פּרנסה; ווער עס האָט אויף שנעל „אַרײַנגעכאַפּט" דאָס דאַווענען און ווער עס האָט לאַנגזאַמער, דביקותדיקער געדאַוונט און מיט אַ קרעכץ אַרויסגעבראַכט זײַן תפילה „אוי גאָט, גאָטעניו! גרויס איז די נויט און קליין באַשיידן דער פאַרלאַנג, אוי, „עמך ישׂראל צריכים פּרנסה"!

פון אַלע זײַטן שטעטל האָבן וועגן געפירט צו דערפער און דערפלעך, קליינע און גרעסערע. האָבן ייִדן דאָרפסגייערס זיך אײַנגעטיילט אין געגנטן אויף נישט משיג גבול צו זײַן איינער דעם צווייטן און געזוכט פּרנסה. איז זיך פּײַווע־מאָטל געגאַנגען מיט זײַן סחורה אין דער הוטע און אין פּאַפּלינער געביטן און גייענדיק אַזוי, געלערנט אויף אויסנווייניק סוגיות און מסכתאָס גאַנצע, איז זיך מײַן באָבע מרים געגאַנגען אין די פאַבריקס געביטן פון באַטשק־לאָפּיאַנקע און אויף אויסנווייניק איבערגעחזרט די צאנה־וראנה מעשׂיות און אַנדערע תחינות. איז זיך זלמן־פּײַוויש געגאַנגען זוכן עפּעס אַ פּעלכל און כסדר געזאָגט דעם תהילים אויף אויסנווייניק. אַזוי האָט דער באַגינען זיך אָנגעהויבן אויספּיקן און שטעלן דעם טאָג אין שטעטל.

די בעלי עגלות האָבן די פערד געשפּאַנט און צו דער באַן געפאָרן, צו פירן און ברענגען רײַזנ־

דע פון און צו דער גרויסער שטאָט, האָט זיך אין מאַרק געשטעלט די פור וואָס פאָרט קיין ווענגראָווע אין פּאָוויאַט אַרייַן, פויערים האָבן די בהמות אין פעלד אַרויסגעטריבן, אַנדערע האָבן אָנגעהויבן ברענגען אין שטעטל מילך, פוטער, אייער און אַנדערע דאָרפישע פּראָדוקטן און איַינגעקויפט אין די קרעמלעך נאַפט, זאַלץ און אַנדערע נויטיקע זאַכן פאַר זייער דאָרפישער ווירטשאַפט.

אין יענע באַגינענס פון פרילינג האָט אויך די יוגנט דערוואַכט און אויפגעשטורעמט, מען איז גאַנץ פרי אויפגעשטאַנען און זיך גרופּירט אויף אָפּגערעדטע פונקטן אין וואַלד און מאַיוווקעס געמאַכט, מיט דער צייַטונג און בוך אונטערן אָרעם און מיט עפּעס צו עסן, ווער אַ פרישע זעמעלע און ווער אַ שטיקל טרוקן ברויט, זאָרגלאָז ווי נאָר קינדער קענען זיַין, באַרוישט פון דער גרינקייט פון פרילינג, דער אַראָמאַט פון בליִענדע ביימער און פעלדער האָט פאַרשיכורט, האָט מען געלייענט, דיסקוטירט, געשטיפּט און געזונגען, געשליפן דאָס וואָרט, געשאַרפט דעם געדאַנק און געוועבט חלומות צווישן הונגער און ליבע.



אַ גרופּע שומרים אויף אַ „מאַיוווקע" אין וואַלד

העל בלוי זענען געווען די באַגינענס פון פרילינג אין שטעטל און טראָץ דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע פון אַ סך פון זייַנע איַינוואוינערס האָט דאָס שטעטל געלעבט, געאַרבעט און געשאַפן, אַ זוניקע ליכטיקייט האָט די פרימאָרגנס באַשטראַלט און געוואַרעמט און די איַינוואוינערס האָבן געוועבט דעם גלויבן און די האָפענונג אויף אַ בעסערן מאָרגן וואָס וועט קומען.

סטאָק! שטעטעלע מייַנס! ווי קען איך פאַרגעסן מייַנע ערשטע טריט אין קינדערישער צעשמייכלטקייט אין דייַן שויס, אָט יענע שבת צו־נאַכטן ווען מייַן זיידע שלמה איז צו אונדז אַרייַנגעקומען טרינקען טיי און מיך פאַרהערן דעם חומש און מיר געגעבן אַ טיטעלע מיט צוואַנציק פינפערגראָשנס ווי אַ באַלוינונג פאַרן קענען די סדרה פון דער וואָך. ווי קען איך פאַרגעסן דאָס לערנען זיך שרייַבן דעם אַלף־בית בייַם פעטער סאַנען אין שטוב; ווי קען איך פאַרגעסן די קינדערישע שול־עפּיזאָדן, ספּעציעל איינעם אַן עפּיזאָד וואָס האָט מיר דורך טרערן אין טרויער דערהויבן.

האַרט בייַם וועג וואָס פירט קיין ווענגראָווע, אין יענעם עק שטעטל האָט זיך געפונען די „פּאָוושעכנע" שול, אַ נייַער רחבותדיקער בנין, געראַימע קלאַס־צימערן מיט גרויסע פענצטער, פול מיט זון און ליכט. אַ גרויסער קאָרידאָר האָט געפירט אין די פאַרשידענע קלאַסן. אין שולע האָט געשפּרודלט מיט יוגנטלעכער לוסטיקייט און לעבן. די שול איז געווען אַ געמישטע פאַר ייִנגלעך און מיידלעך, ייִדישע און קריסטלעכע צוזאַמען; געווען אַ ייִדישע לערערקע — שרה מאָרגנשטערן, געווען אַ ספּעציעלער לערער פון רעליגיע פאַר די ייִדישע שילער — שמשון־לייזער בערגרין. אין אָט דער שולע האָט מען זיך אויסער לערנען זיך אָנגעהויבן פאָרמירן חבריש און גענומען שאַפן גרופּן קרייַזלעך. אין די פיר ווענט פון מייַן קלאַס, האָב איך דאָס מיט קינדערישער נאַיִוויטעט און פשטות מייַן ערשטן אויפרוף אין אַ גרייַזיקן פויליש געשריבן. פאַרשפּרייט צווישן די שילער פון מייַן קלאַס און דערנאָך אין „פלאָמיק" רעדאַקציע דאָס אַרייַנגעשיקט. געווען איז דאָס ווען די לערערן גאַלאָוואַ איז געשטאָרבן. דאָס האָב איך דאַן אַ קאָלעקטיוון טרויער פון די שילער אויסגעדריקט. דער זשעסט פון דער פלאָמיק־רעדאַקציע וואָס האָט אָפּגעדרוקט אַ ספּעציעלן טרויער טאָוול אין נאָמען פון אונדזער קלאַס און מיר דאָס צוגעשיקט. ווי ערשט וואָלט דאָס געווען זע איך דעם מאָמענט ווען כ'האָב אין קלאַס דעם טרויערנעקראָלאָג אויפגעהאָנגען און ס'קומט אַרייַן דער לערער גאַלע און די ייִדישע לערערקע, זיי ווערן איבערראַשט פון דעם טרויעריקן אָבער דאָך אָנ־

גענעמען סיורפריז, וואָס רופט אַרויס טרערן ביז וויינען, ווי קינדעריש דערהויבן בין איך דאָס דאַן געוואָרן.



ביים פראָנט פון דער נייער פּאָוושעכנער שולע

אין אָט יענע טעג האָב איך גענומען שטעלן מיינע ערשטע אָרגאַניזאַציע־טריט. פילפאַרביק און רוישיק איז געווען דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן אין שטעטל. אַלע פאַרטייען און פּאָליטישע ריכטונגען וואָס האָבן געווירקט אין יידישן לעבן אין פוילן האָבן געהאַט זייער אָפּשפּיגלונג און אויסווירקונג אין דעם שפּרודלדיקן לעבן פון אונדזער קליין שטעטעלע. ס'האָבן עקזיסטירט אָפּטיילונגען פון „בונד", פּועלי ציון — לינקע און רעכטע —, ציוניסטישע אין די פאַרשידענע שאַטירונגען, קאָמוניסטישע קעמערלעך און אויך רעליגיעזע.

ווי נעכטן וואָלט דאָס געווען, זע איך זיך ביים גראַלן אין דער הויף, אין דער ביבליאָטעק, ווי כ'האָב גענומען דאָס ערשטע ביכל צום לייענען, געווען איז דאָס דינעזאָנס „יאָסעלע". מיין פעטער בעריש איז געווען דער ביבליאָטעקאַר און ווען איך בין געקומען טוישן אויף אַ צווייט ביכל האָט ער מיך עקזאַמינירט, צי כ'האָב טאַקע געלייענט און וויס וואָס כ'האָב געלייענט.

אין די זעלבע פיר ווענט איז שפּעטער געווען די שומרישע אָרגאַניזאַציע. מיט וויפל פּיעטעט און ליבשאַפט פלעגן מיר די ווענט באַצירן, דאָרט האָב איך מיין שוואַכקייט צו צייכענען איינגעאיבט אין די ווענט מיט בילדער און לאָזונגען באַדעקט, דאָרט האָבן מיר וואַנט־צייטונגען געשריבן, געלייענט, דיסקוטירט, געטרוימט און געחלומט וועגן ארץ־ישראל. נאָך קלינגט אין אויער דער קלאַנג פונעם געזאַנג „יפים הלילות" און „באָצקאַ". ווי שטימונגספול פלעגן זיין די קאָלעקטיווע געזאַנגען, מיט חסידישער התלהבות און ברען פלעגט מען זינגען, „האָראַס", טאַנצן און אָנפילן די פיר ווענט פון דעם קן מיט יוגנטלעכער לוסטיקייט, מיט שטורמישן דראַנג צום לעבן און שאַפן.



ביים שומרישן לאָקאַל אַ גרופּע חברים

סטאָק! שטעטעלע מיינס! ווי קען איך דיך פאַרגעסן? ווי קען איך פאַרגעסן יענע טעג אין וועלכע איך האָב אָנגעהויבן זען און פאַרשטיין די ביטערקייט פון דער נויט, די אָרעמקייט וואָס האָט געהערשט אין אונדזערע היימען, די טאָג־טעגלעכע ברויט־פראַגע און דאַן דאָס וועלן מיט עפּעס מיטהעלפן אין דעם טאָג־טעגלעכן געראַנגל פאַר עקזיסטענץ. איך בין אַריין צו יוסף שטעפּער אויף דער לערע און צוגעהאָלפן אין דער אַרבעט ביי קאַמאַשנמאַכעריי. כ'בין אין משך פון געציילטע טעג געוואָרן אַ „פּראָלעטאַריער" און אַ נייער בליק האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן. כ'האָב אָנגעהויבן זען די שבת־יומטובדיקע יידן אין שטעטל מיט זייער נשמה יתירהדיקייט, און די וואָכעדיקע יידן מיט זייער האָרעפּאַשנעקייט, די סטאָליאַרעס, שמידן און שוסטערס, די בעקערס און קצבים מיט זייער אַרבעטזאַמקייט און פּראָדוקטיוויטעט, אַרבעטמענטשן וואָס האָבן מיט זייערע צען פינגער אויסגעהאָרעוועט זייער חיונה, וואָס האָבן מיט זייער מי

און שוויס רעאַליזירט דעם געבאָט פון „בזעת אפיך תאכל לחם". זיי, אָט די גרופּע האַרעפּאַשני־קעס, דער קרײַז אַרבעטער פאַמיליעס, צוזאַמען מיט דער קלײנער צאָל קרעמערס און הענדלערס, מענ־טשן פּשוטע, באַשײדענע און ערלעכע, זענען דאָס געווען די אַקס אַרום וועלכער ס'האָט זיך געדרייט דאָס עקאָנאָמישע לעבן פון שטעטל, זיי, אָט די פאַ־מיליעס זענען דאָס געווען דער נערוו וואָס האָט פּולסירט און געמאַכט ברויזן דאָס לעבן אין שטע־טל, ספּעציעל אין די מאָנטיקס פון יעדער וואָך. ווי פילפאַרביק און רוישיק איז דאָס געווען דער מאָנ־טיק אין שטעטל, דער וועכנטלעכער מאַרק־טאָג אין וועלכן ס'האָבן זיך קאָנצענטרירט די אײַנוווינער פון גאַנצן שטעטל, מיט אַ צוגאָב פון די שכנות־דיקע שטעטלעך און דערפער.

באַלד זונטיק נאָך אַ האַלבער נאַכט האָט זיך אָנגעהויבן דער מאָנטיק אין שטעטל. דער גרויסער מאַרק וואָס האָט אַ גאַנצע וואָך געפּוסטעוועט, האָט אָנגעהויבן פאַרנומען ווערן דורך די ערשטע קרע־מער פון שטעטל. באַלד נאָך חצות, ווען ס'איז נאָך שטאָק פינצטער געווען, האָבן אייניקע קרעמער פון די „זריזים", זיך געפעדערט און אָנגעהויבן אַרויס־טראָגן דרענגלעך, ברעטער און סטאַלינגעס און גענומען צוזאַמענשטעלן די ערשטע געשטעלן־ביידלעך, אַזוי גערופענע „סטראַגאַנעס", אויף וועל־כע מען האָט אין דעם מאַרק־טאָג אויסגעלייגט צום פאַרקויף די פאַרשידענע סחורות. וואָס נענטער ס'איז געוואָרן צום פרימאָרגן אַלץ פולער איז גע־וואָרן באַזעצט דער מאַרק. עס האָבן זיך פאַרמירט רייען פון געשטעלן אין דער פאָרעם פון „גאַסן" מיט דורכגענג פאַר די באַזוכער וואָס קענען ווערן קו־נים. ס'האָבן אָנגעהויבן קומען די פויערישע ווע־גענער באַלאָדן מיט פּראָדוקטן צום פאַרקויפן. זיי האָבן געבראַכט תבואות פון פאַרשידענע סאָרטן, גרינסן פון אַלע מינים. וועגענער מיט פּראָדוקטן פון פויערישע גערטנער און פעלדער, פון דאָרפי־שער בײַשטוביקער ווירטשאַפט, עופות, פון פאַר־שידענע סאָרטן פּרוכט. פּרוכטבאַר און רײַך איז געווען די פּוילישע שוואַרץ־ערד און באַלאָדן מיט שפע איז געווען דאָס פּוילישע דאָרף. סעדער מיט פּרוכט ביימער וואָס זייערע צווײַגן האָבן זיך גע־בראָכן פון דער באַלאָדנקייט מיט פּירות.

אין דער צווייטער זײַט שטעטל, נאָך דער מיל, האָט זיך געפונען אַ גרויס, ליידיק פּלאַץ, אַרומגע־צוימט מיט אַ פּלויט, דאָס איז געווען דער בהימות־מאַרק, די אַזוי גערופענע „טאַרגאָוויצע", דאָרט האָבן זיך קאָנצענטרירט די פלייש־הענדלער. דאָרט זענען אַרײַנגעפירט געוואָרן פאַרשידענע מינים שטוב־חיות, פערד און בהמות, שעפּסן און קעלב־לעך, דאָרט האָבן די קצבים, די גרויסע פאַרצווײַג־טע פאַמיליעס שניידמאַן געהערשט. די גאַנצע ענערגיע און פעיקייט פון קצבישן מסחר האָבן זיי אָנגעווענדעט אויף צו באַזאָרגן זיך מיט „סחורה" פאַרן שטעטלדיקן געברויך ווי אויך אויף צו קענען פירן קיין וואַרשע — צו זייערע קונים אין דער הויפּטשטאָט.

ווי דורך אַ פילם־טאַשמע שוועבן אַדורך ביל־דער, טיפּן און געשטאַלטן פון שטעטל. ווי נעמט מען דעם כוח, —דערציילערישן און קינסטלערישן — צום שילדערן דעם מאָנטיק אין שטעטל. דעם מאָנטיק אין זײַן גאַנצן פאַרנעם פון טומלדיקייט. צעיאָכמערטע און פאַרהאַוועטע אין דעם געראַנגל פאַר עקזיסטענץ. מען האָט געזוכט פּרנסה. אין דעם הו־האַ און טומל זענען אַרײַנגעצויגן געוואָרן קליין און גרויס, יונג און אַלט. און אַלע צוזאַמען האָבן געשאַפן דעם געדרענג און דעם קאָלאָריט פון דעם וועכנטלעכן יאַריד אין שטעטל.

סטאָק, שטעטעלע דו מײַנס! ווי קען איך דיך פאַרגעסן? ספּעציעל אין די טעג פון חורבן דער־מאָנונג, ווי קען איך פאַרגעסן די טעג פון ערב חורבן? אין יענע טעג פון היטלעריסטישן אויפ־שטײַג האָט אויך אויף דער פּוילישער ערד אָנגע־הויבן שטאַרקער שפּראָצן דאָס געוויקס פון יידן־האַס און ווילדער שנאה. לאַנגע יאָרהונדערטער — טויזנט יאָר — ווי יידן האָבן אויף דער פּוילישער ערד געלעבט, געפּאָקט און געמאָזלט, מיטגעמאַכט אַלע עטאַפּן פון ירידה און אויפשטײַג, מיטגע־ווירקט מיט בלוט, קרבנות און טרערן אין קאַמף פאַר פּוילישער זעלבסטשטענדיקייט, מיטגעווירקט מיט אַרבעט און שווייס פאַר פּוילנס אַנטוויקלונג און פאַרפעסטיקונג, געבויט שטעט, אינדוסטריע־צענטערן, אַנטוויקלט די קאָמערץ, געשאַפן קאַד־רען אינטעליגענץ און פּראָפעסיאָנאַלן, און טראָץ דער אַרבעטסזאַמקייט, אָפּפערוויליקייט און אַלזײַ־טיקער נוצלעכקייט פון יידישן מיטבירגער, האָט דער פּוילישער אינטעליגענט און די מאַכטהאָ־בער געזען אין די יידן דעם פעיקן קאָנקורענט און פרעמדן עלעמענט. דאָן, אין יענע טעג, האָבן זיי אָפיציעל פּראָקלאָמירט זייער עקאָנאָמישן קאַמף קעגן יידן, די אַזוי פאַרסמענדיקע „אָושעם" פּאָלי־

טיק. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן די כוואַליע פון אַנטי־יידישע עקסצעסן וואָס האָבן זיך טרויעריק באַרימט געמאַכט אין דער וועלט דורך פשיטיק־מינסק און וועמענס שוואַרצע כמאַרעס האָבן אָנגעהויבן דערגרייכן צו אונדזער שטעטל און פאַרטונקלט דעם מאָנטיקדיקן מאַרקטאָג. סטאָק איז אויך פאָגראָמירט געוואָרן. ווי קען איך פאַרגעסן יענע טעג ווען דו האָסט דיין מוטיקע שטים פון פּראָטעסט און דיין פויסט אין דער הויך אויפגעהויבן, פאַרטיידיקט דיין רעכט צום לעבן און מוטיק געפאָדערט גערעכטיקייט. דאָס איז אָבער אַ באַזונדער קאַפּיטל וואָס פאַרדינט אַ ספּעציעלע באַאַרבעטונג.



בעת אַן אויסזידלונג אין סטאָקער מאַרק

סטאָק, שטעטעלע מיינס! ווי קען איך פאַרגעסן יענע טעג? פאַרנעפּלט איז דער הימל, פאַרטונקלט דער האָריזאָנט און שווער איז דאָס געמיט. זיצסטו אַזוי אין דער שטילקייט פון דער נאַכט און שפּינסט דעם פאָדעם פון זכרונות, נישט קיין קינדהייט־זכרונות, נאָר דערמאָנונגען פון אַ נעכטן וואָס איז פאַרשווינדן נישט דורכן פאַרגיי פון דער צייט, נאָר וואָס איז פאַרשווינדן פון שטח, וואָס איז אויסגעריסן געוואָרן מיטן וואָרצל, וואָס איז אַזוי ברוטאַל פאַרניכטעט געוואָרן. וועבסטו אַזוי ווייטער דעם פאָדעם פון זכרונות, זעסטו דאָס שטעטל מיט זיינע מענטשן, לעבעדיקע זעסטו זיי, מיט זייער פרייד און מיט זייערע לײדן, זעסטו זיי אַלע, אַלע מיט זייערע זאָרגן און מיט זייערע פּראָבלעמען, און נישט באַמערקנדיק ווי אַזוי דאָס געשעט, עפנט זיך דער קוואַל פון טרערן און זיי הייבן אָן פליסן לאַנגזאַם און שטיל און הייבן אָן פייכט מאַכן דאָס פּאַפּיר, עס ווערט אַ קנויל אין האַלדז און עס פאַרהאַקט דעם אָטעם און עס ווילט זיך אויסשרייען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט אויף נישט דערשטיקט צו ווערן: פאַרוואָס? פאַרוואָס? פאַרוואָס די ליקווידאַציעס? פאַרוואָס די אַכזריות? פאַרוואָס אַזוי פיל לײדן? פאַרוואָס, אָ, גאָט! פאַר וועלכע זינד אַזאַ אומברחמנותדיקע טאָטאַלע פאַרניכטונג? פאַרוואָס? און אַזוי פיל פאַרוואָסן הויבן אָן שוועבן אין דעם חלל און בלייבן הענגען אָן אַ פאַרענטפערונג.

מאַכטלאָז איז די פויסט וואָס הייבט זיך אויף, ביז הייזעריק ווערט די שטים וואָס שרייט אויס דעם וויי פון דריקענדער פּיין און פּראָטעסט אין די ליפּן־פייכטע און ציטערנדיקע, הויבן אָן שעפּטשנדיק אַרויסברענגען ווי אַ תפילה בלחש דעם קדיש און זיין פולן באַדייט. יתגדל ויתקדש, דערהויבן און געהייליקט זאָל זיין אייער אָנדענק; יתגדל ויתקדש, דערהויבן און געהייליקט זאָלן זיין אייערע נעמען; יתגדל ויתקדש, נאָך דיר, שטעטעלע מיינס, ביז צום סוף פון מיינע טעג.

יתגדל ויתקדש! מיר, דער דור וואָס איז געבוירן אין שטעטל און אַליין מיטגעלעבט דאָס פולבלוטיקע שטעטלדיקע לעבן, זענען נישט פון די לעצטע וואָס טראָגן דעם זכר פון אייער זיין אין אונדזער בלוט, דורך דעם המשך וואָס מיר פלעגן און דערציען, שטעלן מיר אויף נייע דורות „סטאָקער” וואָס באַרעכטיקן אונדזער עצם עקזיסטענץ. פאַר אייך, נייע דורות סטאָקער, אונדזער יזכור. געדענקט דאָס מיט האַרץ און נשמה. יזכור ביז צום סוף פון אַלע צייטן!

**שמחה לאַנדע** / בוענאָס־אײַרעס

# די סטאָקער קהילה און אירע טעטיקייטן

## סטאָק ערב דער קהילה־גרינדונג

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פון 18—1914, ווען פוילן איז געוואָרן באַפרײַט און זעלבסט שטענדיק דעם 11טן נאָוועמבער פון 1918, נאָך דער דײַטשער קאַפּיטולאַציע דעם 9טן נאָוועמבער אין זעלביקן יאָר. פאַר די אַליאירטע מלוכות, האָבן די ייִדן אין פוילן, וועלכע האָבן געבילדעט בײַ די 12 פּראָצענט פון דער דאָרטיקער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן ווי אַ נאַציאָנאַלע מינדערהייט און אין דעם זענען זיי מיטגעהאָלפן געוואָרן דורך דעם ווערסײַלער טראַקטאַט. צו יענער צײַט, איז דער „דזשאָינט" מיט זײַן אײַנשטעלן פאָלקס־קיכן אין אַלע שטעט און שטעטלעך, תיכף נאָך דער פוילישער באַפרײַונג, פאַר דער אויסגעהונגערטער ייִדישער באַפעלקערונג, געווען דער אומדירעקטער, אָבער פאַקטישער פאָרגייער פון שאַפן און אָרגאַניזירן די סטאָקער ייִדישע קהילה.

דאָס שטעטל סטאָק, האָט געאָגראַפיש זיך געפונען זיבעציק קילאָמעטער אויף מערב־זײַט פון וואַרשע און 7 קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַנציע זשעליענעץ (דערנאָך געענדערט דעם נאָמען אויף סאַדאָוונע) און אויף מזרח־זײַט פון דער באַן־ליניע פון וואַרשע־ביאַליסטאָק ־ ווילנע (אין די רוסישע צײַטן, די באַן־ליניע וואַרשע ־ פעטערבורג). און כאָטש געאָגראַפיש איז סטאָק געווען ווי אַ „טל ומטר אין אַ קליין סידורל"... האָט דאָך דאָס שטעטל געהאַט אַ שם ווי אַ ישוב מיט אַן אימפּולסירנדיק קהליש און קולטור־לעבן, צו וועלכן אַ סך שטעטלעך מיט אַ סך אַ גרעסערער באַפעלקערונג, זענען צו אַזאַ שם נישט דערגאַנגען.

ווי מ'ר האָבן אויבן באַמערקט, איז דער „דזשאָינט" געווען דער פלאַסטערער און ברוקלייגער פון דער סטאָקער קהילה. מיט דער אײַנגעשטעלטער פאַרצווײַגטער הילפס־אַרבעט פון „דזשאָינט" אין פוילן, תיכף נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אין סטאָק געשאַפן געוואָרן דער „קאָמיטעט פאַר די מלחמה געליטענע" וועמענס אויפגאַבע און ציל איז געווען צו שאַפן אַ פאָלקס־קיך און פונאַנדערטיילן מלבושים פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט זיך געניטיקט אין אַזעלכעס (און וועלכער תושב האָט זיך נישט געניטיקט אין אַ „טעלער זופּ" אָדער מלבוש?), אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען ר' שלמה זלמן פרידמאַן און שלום העדש אָסטשעגאַ. אין דער זעלביקער צײַט ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן דער הילפס־קאָמיטעט האָט זיך אויך געשאַפן אַ גמילת חסדים־קאַסע, אויך אויף דער איניציאַטיווע און מיט דער מיטשטיצע פון „דזשאָינט". אַלס בוכהאַלטער (כערענטע בלע"ז) האָט מען אַראָפּגעבראַכט דעם ה' מרדכי שוסטער פון סאָקאָלאָווע. די גמילת חסדים קאַסע האָט זיך געפונען אין דעם הויז פון שמעון „קאָנטשאַרעק", נעבן בית המדרש און יעדן שבת צונאַכטס פלעגט פאָרקומען אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג, אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען: אַברהם האָכבערג (שמעון פינקעלשטיינס איידעם); נטע פרידמאַן (שלמה זלמנס) און מאָטל קאָכאַן — (נעשקעס איידעם). פונקט ווי דער הילפס קאָמיטעט איז געווען דער פאָרגייער פון דער קהילה אין סטאָק, אַזוי איז די גמילת חסדים קאַסע געווען די פאָרגייערין פון די צוויי בענק, וועלכע האָבן עקזיסטירט ביז דעם חורבן סטאָק פון 1939 און האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון סטאָקער ישוב.

נאָכן באַרימטן „נס בײַ דער ווײַסל" אין יאָר 1920, ווען די באָלשעוויקעס האָבן זיך געמוזט צוריקציען פון די טויערן בײַ וואַרשע, האָט נאָך דעם פוילן, בײַם עסטאַבליזירן די מלוכה־אַדמיניסטראַציע, אַלס אַ דעמאָקראַטיש לאַנד (וואָס האָט געקאָנט אַוועקגעשטעלט ווערן אונטער אַ סך פראַגע־צייכנס), זיך דאָך געמוזט רעכענען מיט דער גרויסער טייל פון איר באַפעלקערונג, וועלכע איז עטניש נישט געווען פויליש. ווי: ייִדן, דײַטשן, ווײַס־רוסן, ליטווינער, אוקראַאינער און טשעכן און געמוזט געבן די אַלע אויבן־דערמאָנטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, פולע מלוכה־רעכט אַלס פוילישע בירגער און עס

איז געשאַפן געוואָרן אַ מיניסטעריום פון בילדונג און רעליגיע און די ייִדן אין פוילן האָבן באַקומען געוויסע אויטאָנאָמישע רעכטן. ווי „פוילישע בירגער פון משהס גלויבן" און עס איז דאַן רייף געוואָרן דער געדאַנק צו שאַפן ייִדישע קהילות אין אַלע שטעט און שטעטלעך איבער גאַנץ פוילן, (אין די גרויסע שטעט, זענען נאָך פריִער אויך געווען קהילות) און עס איז אין יאָר 1924 אויך געגרינדעט געוואָרן אָפיציעל די ייִדישע קהילה אין סטאָק.

ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס סטאָק איז געווען זייער אַ קליין שטעטעלע און לויט דער מלוכהשער אַדמיניסטראַטיווער איינשטעלונג בלויז אַ געמינע, אַפילו נישט קיין שטאָט (מיאַסטאַ אין פויליש), האָבן באַלאַנגט צו דער סטאָקער קהילה נאָך 4 אַנדערע געמינעס: סאַדאָווניע, לאָכאָוו, פּראָסטין און קאַמיאָנע. אַזוי אַרום איז אונדזער ק ה י ל ה דערהויבן געוואָרן צו אַ העכערער מדרגה מיט מער אַטריבוטן; עס איז געווען אַ באַזונדער מאָטיוו פאַר דער ספּעציעלער חשיבות פון דער סטאָקער קהילה, אין וועמענס גבול עס האָבן זיך געפונען צוויי גרויסע אייזנגיסערייען, אָדער מעטאַל־פאַבריקן, איינע אין באַצק „פערליסעס פאַבריק" און די צווייטע אין אָסטרוווּעק „לעווענשטיינס פאַבריק". ביידע מעטאַל פאַבריקן זענען געווען ייִדישע און די אייגנטימערס האָבן זייער אַ סך בייגעטראָגן בכדי דער קהילהבודזשעט זאָל נישט האָבן קיין דעפיציטן.

מיט אַ סך יאָרן ערב דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה פון 1914, איז אין סטאָק שוין געווען אַ ציבורדיק קהילה־לעבן. אויפן סטאָקער בית־עולם האָבן זיך געפונען מצבות פון דעם יאָר תרנ"ח (1898). גאַנץ מעגלעך אַז עס זענען געווען נאָך עלטערע קברים, נאָר ביי מיר האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון 2 מצבות מיט דער אויבנדערמאָנטער דאַטע. צוליב דעם חורבן סטאָק — פון וואַנען מען האָט דאָס לעצטע רעשטל ייִדן אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע (16 קילאָמעטער פון סטאָק) און דאָרטן זיי פאַרגאַזט, דאָס איז געווען אין י"ג תשרי ה'תש"ג (לויט דער גבית עדות פון דער געראַטעוועטער בת־עיר דארקע מאָנצאַוש, וועלכע לעבט היינט אין בוענאָס איירעס), איז נישט געלונגען אַרויסצוראַטעווען דעם פנקס־סטאָק ביי דער חברה קדישא, אין וועלכן עס איז געווען פאַרצייכנט תולדות עדת סטוק, אַזוי אַרום אַז מיר מוזן זיך באַנוצן בלויז מיט אונדזער זכרון און אויף דעם סמך שרייבן מיר די ראשי פרקים פון דעם אויפקום פון קהילת סטאָק (אין דער ערשטער צייט נאָך אַ „קהילה אונטערוועגס").

אין סוף פון 19טן און אין אָנהייב פון 20סטן יאָרהונדערט, האָט זיך אין סטאָק אָנגעהויבן אַ ציבורדיק קהליש לעבן און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ חברה קדישא, וועלכע איז געווען די פאַקטישע פאָרגייערין פון דער שפּעטערדיקער קהילה. פון די ערשטע גבאים (פּרעזעס, אָדער פּאָרזיצער) פון דער חברה קדישא זענען געווען ר' שלמה זלמן פרידמאַן און ר' יצחק מענדל. און פון די ערשטע רבנים איז געווען ר' יואל סלאַדאָזש שליט"א וועמען מען פלעגט רופן ר' יואל דיין (דרך אגב איז ער געווען מיין עלטער־זיידע און מיין ברודער יואל טראָגט דעם נאָמען נאָך אים); פון די ערשטע שוחטים און מוהלים איז געווען ר' ישראל־מרדכי ז"ל, וועלכער איז געפאַלן אין 1920 —ווען די פּאָליאַקן האָבן נאָכגעיאָגט די באָלשעוויקעס— ביים אַרויסגיין פון זיין שטוב און האָט געוואָלט אַריינגיין אין בית המדרש (עס איז געווען אַ שבת) און עס איז געלעגן אַ באָמבע נעבן זיין שטוב. עס איז גראָד אין דעם אָנגעקומען לייבל „אַדוואָקאַט" און אויפגעהויבן די באָמבע, האָט דער שוחט זיך אָנגערופן, אַז ער זאָל אַוועקוואַרפן די באָמבע ווייל עס איז שבת און ווען לייבל אַדוואָקאַט האָט אַוועקגעוואָרפן די באָמבע, האָט זי גלייך אויפגעריסן און ר' ישראל מרדכי דער שוחט איז גלייך דערהרגעט געוואָרן און לייבל אַדוואָקאַט איז שטאַרק פאַרוווּנדעט געוואָרן און דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַוויינט דעם דאָזיקן מלחמה־קרבן.

צו די כלי־קודש האָט באַלאַנגט —כאָטש אויף אַן אומבאַצאָלטן אופן (על מנת שלא לקבל פרס)— דער אַלטער איצעלע גרינבערג, (וועלכער איז געווען בעל־מוסף אין בית המדרש). דערנאָך האָט דעם אַלטן איצעלעס פּלאַץ פאַרנומען איינער פון די חשובי־העיר און פילמאָליקער גבאי פון דער חברה קדישא ר' שלום הערש אָסטשעגאַ; ער איז געווען אַ גרויסער למדן און חריף און איז אויך געווען אַ חזן, אַ בעל־תפילה בחסד־עליון. זיין דאַווענען ימים נוראים אין בית המדרש אַלס בעל־מוסף מיט זיין קאַפּעליע (כמעט אַ כאָר), וועלכע איז באַשטאַנען: פון זיין ברודער יאַנקל דוד, פון ישראל בלעכער און זיינע דריי בנים: אברהם־יוסף און שעפּסל (ביידע געשטאָרבן אין סאַלטאַ, אַרגענטינע) און אים צו לאַנגע יאָר — יודל, פלעגן יעדן ראש השנה און יום כיפור זיין די אמתע אַטראַקציע. ער איז

געווען אַ ווירדיקער שליח ציבור — און ווי געזאָגט, איז דאָס ביי אים געווען על מנת שלא לקבל פרס — ער האָט קיין מאָל נישט גענומען באַצאָלט פאַר דעם.

ר׳ שלום הערשס פאָטער איז געווען אַ מצבה־קריצער און זיין נאָמען איז געווען מאיר יחיאל. דער אַלטער מצבה־קריצער האָט געהאַט נאָך אַ זון מיט דעם נאָמען אברהם־יוסף, וועלכער האָט געלערנט אין ישיבות — און פון דער ישיבה איז ער אַוועק „לתרבות רעה״ און געוואָרן אַ באַרימטער סקולפּטאָר אין פּוילן. ער האָט געהאַט אַן אַטעליע אין וואַרשע אין דער אַריסטאָקראַטישער געגנט פון שטאָט און אַ חוץ זיין באַרימטקייט אויף דער פּוילישער גאַס, האָט ער זיך ספּעציעל באַרימט געמאַכט אויף דער ייִדישער גאַס מיטן מאַכן דעם אוהל פרץ, אויפן גענשער בית־עולם, וועלכער איז געבליבן שטיין ביזן היינטיקן טאָג.

„אַדוואָקאַט״ איז איינער פון די פיל פּאַראַדאָקסן פון דעם אַמאָליקן פּוילישן ייִדנטום, ספּעציעל אין די פּראָווינץ שטעטלעך; נישט באַזיצנדיק קיין עלע־מענטאַרע בילדונג (פון הויך־בילדונג איז אַפילו קיין רייד נישט געווען), האָט דער זעלבער געהאַט גרויס דערפאָלג אין זיין פּראָפעסיע, סיי ביי פּאָליאַקן און סיי ביי ייִדן און ער פלעגט געווינען זייער אַ סך משפטים און אין פּוילן זענען די געריכטס פאַר־האַנדלונגען געווען אויסשליסלעך מינדלעכע.

דער צווייטער פון די ראשונים פון דעם קהלישן לעבן אין שטעטל, איז געווען לייבל חזן. אַלס שמאַט־חזן איז זיין פענסיע (געהאַלט) באַשטאַנען אין גיין יעדן פרייטיק „איבער די היזער״ און יע־דער שטעטלדיקער באַלעבאָס, פלעגט אים צאָלן וואָכן־געלט.

דער דאָזיקער אופן פון אויסהאַלטן די כלי־



דער „אוהל פרץ״ אויפן גענשער בית־עולם אין וואַרשע געמאַכט פון סטאָקער בן־עיר דעם באַרימטן סקולפּטאָר אין פּוילן — אברהם־יוסף אָסטשעגאַ

צו די ראשונים פון ציבורדיקן לעבן אין סטאָק, דאַרפן פאַרצייכנט ווערן: לייבל זילבערבערג, וועמען מען האָט געקענט אַלס לייבל „אַדוואָקאַט״, וועלכער פלעגט פאַרטיידיקן זיינע קליענטן אין דעם כטאָקער פרידנס ־ געריכט (סאָנד פּאָקאָיו). לייבל

קודש אין די אַמאָליקע קליינע שטעטלעך פון פּוי־לן, איידער עס זענען געשאַפן געוואָרן די קהילות, איז געווען זייער אַ נעבעכדיקער — אַפילו די רב־נים אין די קליינע שטעטלעך פלעגן זייער חיונה באַקומען אויף אַ נעבעכדיקן אופן. ווי צום ביישפּיל:

זיי האָבן געהאַט אַ „קאָנצעסיע" אויף שבת־ליכט און הייוון, ביי וועמען אַלע יידן אין שטעטל האָבן געמוזט קויפן.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי צו פאַרצייכענען אַן עפּיזאָד פון דעם דיין ר׳ יואל, וואָס עס האָט מיר דערציילט מיין מומע עטל בורשטיין: ר׳ יואל דיין זצ"ל, וואָס איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד, האָט אין אַ „פּראָסטן מיטוואָך" גענומען דעם טלית און תפילין און אַ זעקעלע מיט עסנוואַרג און אַוועק קיין אַלעקסאַנדער צום רבין צופוס, ווייל ער האָט נישט געהאַט אויף קיין רייזע־הוצאות. און דער פאַל איז געשען בעת ער האָט פאַרנומען דעם כסא־הרבנות אין סטאָק. ווען ער איז געקומען צום רבין, איז דער אַלעקסאַנדער רבי אים געגאַנגען אַנטקעגן און אים אַריינגעפירט אין רביישן הויף און דערנאָך אים אַוועקגעזעצט נעבן זיך ביים טיש. אַזאַ אופן פון אויפנעמען אַ חסיד מצד אַ רבין — און דערצו נאָך מצד איינעם פון די באַרימטע רביים אין פּוילן, איז געווען דער בעסטער אַטעסטאַט פון וועלכן קאַליבער דער דיין ר׳ יואל פון סטאָק איז געווען.

זיין איידעם, מיין זיידע ר׳ שלמה מלמד, איז געווען ראוי צו פאַרנעמען דאָס כסא־הרבנות, האָט קיין מאָל נישט געוואָלט הערן דערפון און איז אַלע זיינע יאָרן אַנגעגאַנגען מיט זיין מלימדות און געלערנט בלויז מיט דערוואַקסענע בחורים, גמרא מיט תוספות. צווישן זיינע תלמידים זענען געווען זיין אייגענער זון סאַנע דוד, וועלכער איז געווען באַרימט אַלס דער סטאָקער עילוי, ווייל צו 17 יאָר האָט ער באַקומען סמיכות אויף רבנות. אויך איז געווען זיינער אַ תלמיד מיין גאָטזעליקער פאָטער פנחס דוד, וועמען מען האָט גערופן פינטשע.

דער זיידע שלמה איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און אַנגעזעען אין דער גאַנצער געגנט אַרום סטאָק. אין 1923 איז מיין זיידע קראַנק געוואָרן און מען האָט אים אַוועקגעפירט קיין יאַדעווע און נישט געקוקט אויף דעם גרויסן „ראַטונעק" פון דעם באַרימטן יאַדעווער דאָקטער ווישניעווסקי, איז ער דאָרטן נפטר געוואָרן און געקומען צו קבורה אויפן יאַדעווער בית־עולם. נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער נפטר איז נישט געווען קיין יאַדעווער תושב, האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך באַטייליקט אין דער לוויה און אַלע געשעפטן זענען געשלאָסן געוואָרן אין דער צייט פון דער לוויה. און עס האָט אים, צווישן אַנדערע אויך מספיד געווען דער יאַדעוווער רב.

ביים פאַראייביקן דעם עלטער־זיידן ר׳ יואל און זיידן שלמה מלמד (בורשטיין), איז כדאי צו פאַרפיקסירן אַן עפּיזאָד פון מיין ברית־מילה. ווי מיינע עלטערן פנחס דוד (פינטשע) און יענטע רבקה פלעגן מיר דערציילן, איז ביי מיין ברית פאָרגעקומען אַן אמתע מחלוקה לשם שמים — און געשען איז אָט וואָס: זייענדיק דאָס ערשטע אור־איניקל, אייניקל און בכור, איז געוואָרן אַ מחלוקה, נאָך וועלכן רבין מען זאָל מיר אַ נאָמען געבן: דער עלטער־זיידע ר׳ יואל איז געווען אַן אַלעקסאַנדער חסיד און דעם רבינס אַ מקורב און מיינע ביידע זיידעס, ר׳ שלמה מלמד און ר׳ הענעך חסיד (לאַנדע), זענען געווען גערער חסידים — און דער סוף איז געווען, אַז מען האָט מיר אַ נאָמען געגעבן נאָך דעם אַלטן גערער רבין שמחה בינעם, וועלכן איך טראָג מיט גרויס שטאָלץ ביזן היינטיקן טאָג. איך האָב געהאַט שוועריקייטן וועגן די ביידע נעמען, ביים אָננעמען די אַרגענטינער בירגערשאַפט — און איך בין זיי בייגעקומען און איך פיגוריר אין דעם אַרגענטינער בירגער־ביכל, עקזאַקט אַזוי ווי מען האָט מיר אַ נאָמען געגעבן אויף מיין ברית: שמחה בינעם.

מיטן אַנטשטיין פון דער קהילה, האָט דאָס סטאָקער ציבורדיק לעבן באַקומען אין גאַנצן אַן אַנדער אויסזען. און אַלע יעניקע וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דעם גייסטיקן און רעליגיעזן לעבן פון שטעטל, אָנהייבנדיק מיט דעם רב און ענדיקנדיק מיט דעם שמש, האָבן זיך אַלע געפילט מער חשובער און מער מענטשלעכער. אַ דאַנק די אייגנטימער פון די ביידע מעטאַל־פאַבריקן: פערליס און וולאַדיסלאַוו לעווענשטיין, זענען אויפגעבויט געוואָרן עטלעכע געביידעס אַרום דעם בית־המדרש אין איינער פון זיי זענען איינגעאָרדנט געוואָרן די ביוראָען פון דער קהילה און אין אַ צווייטער — אַ שולע פון צוויי קלאַסן. ביים בית־המדרש האָט געהאַט אַ דירה דער רב און די דירה האָט געהאַט אַ באַזונדער בית־דין שטוב, וועלכע איז געווען דער אַזוי גערופענער ראַבינאַט. אין דער בית דין שטוב איז געווען טעטיק דער ציוויל־רעגיסטער פון דער יידישער באַפעלקערונג און דאָרטן פלעגט אויך דער רב פסקענען שאלות און פאַרמיטלען דין־תורהס און עס איז אויך געווען דאָס זיץ־אָרט פון די שוחטים.

די ערשטע קהילה־פאַרוואַלטונג, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען איתמר ווירשבינסקי (פּרעזעס) און אברהם יאַנקל מאַלצמאַן (קאַסיר), האָט



יידישע צוגאָב־קלאַסן פון דער פּאָווישעכנער שולע אין הויז פון דער קהילה מיט זייער לערערקע שרה מאָרגענ־שטערן און רעליגיע־לערער ר׳ שמשון אליעזר בערגרין

איינגעשטעלט אַן עטאַט, וואָס עס האָט געמיינט : מיטגלידס־שטייער, וואָס האָט געדעקט ביי די אַכציק פּראָצענט פון קהילה־ביודזשעט. דער „עטאַט" איז געווען אַ יערלעכער מיטגלידס־אָפּצאָל מיט אַלע לעגאַלע אַטריבוטן פון אַ מלוכה־שטייער און קיין שום קהילה־מיטגליד האָט זיך ניט געקאָנט אַרויס־דרייען און נישט צאָלן. די סטאָקער קהילה האָט אַרומגענומען — אַ חוץ די אָרטיקע געמינע — אויך די פריער־דערמאָנטע פיר געמינעס מיט זייערע ישובים; אַזוי אַרום אַז דער שטח פון דעם קהילה־לעבן איז געווען אַ סך אַ גרעסערער ווי פון אַנדע־רע קליינע שטעטלעך און באַזירנדיק זיך אויף דעם אייבן־געשריבענעם, האָט די קהילה פון סטאָק אַרומגענומען פאָלגנדיקע ישובים: סאַדאָוונע, באַצק, לאָפּיאַנקע, לאָכאָוו, יאַשערוווקע, אָסטרוווועק, ווייע־ליטשנע,ביידע וויעלגעס, בודזשיסק, פּאַפּלין, די היטע, ליפּק, און פּראָסטין; סאַדאָוונע אַלס אַ שטע־טעלע מיט אַ גרעסערער צאָל יידן, האָט געהאַט אַ באַזונדער רבֿ מיט אַ שוחט, וועלכע האָבן באַקומען זייערע „שכירות" פון דער סטאָקער קהילה.

## ד״ר גאָנשער און דאָס ראַטעווען דעם קהילה־ביודזשעט

באַלד אין די בראשית־יאָרן פון אַן אָרגאַניזירט קהילה־לעבן אין סטאָק, האָבן די דאָזאָרעס אָנגע־הייבן צו טראַכטן וועגן פאַרבעסערן די געזונט־מערכה פון דער דאָרטיקער באַפעלקערונג; מען דאַרף דערביי באַטאָנען, אַז ביז דעם סוף פון די צוואַנציקער יאָרן, איז אין שטעטל נישט געווען קיין דאָקטער און ווען עס פלעגט ווער קראַנק ווערן, האָט מען דאָס ערשטע גערופן דעם אָרטיקן פעלדשער, קלאָשינסקי. און ווען די רפואות זיינע מער „באַב־סקע" ווי מעדיציניש, האָבן נישט געהאָלפן, האָט מען דעם קראַנקן אַוועקגעפירט מיט אַן „אַמבולאַנס" (געמיינט אַ פערד און וואָגן) קיין יאַדאָווע, צום דאָרטיקן דאָקטער ווישניעווסקי, וועלכער האָט גע־האַט אַ שם אין דער גאַנצער געגנט. און ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון אַן ערנסטן חולה, פלעגט מען אַרויסרופן דעם יאַדאָווער דאָקטער צום קראַנקן; דרך־אגב פלעגט נישט אָנקומען לייכט צו באַווירקן דעם דאָקטער ווישניעווסקי, אַז ער זאָל באַוויליקן צו קומען קיין סטאָק. און אין דעם טאָג ווען דער יאַדעווער דאָקטער פלעגט קומען אין שטעטל צו אַ

חולה־מסוכן, פלעגן אַלע קראַנקע פון שטעטל אים באַלאַגערן און ער האָט אַלעמען געמוזט אונטער־זוכן און פאַרשרײַבן רעצעפּטן.

אין שטעטל איז אין יענער צײַט געווען נאָך אַ פעלדשער און זײַן נאָמען איז געווען יאָסעלע ווײַנ־טריב, וואָס האָט אויך געהאַט אַ פריזיר־אַנשטאַלט, נאָר אַזוי ווי ער פלעגט זיך אָפּגעבן מיט היילן קראַנקע, מיט „באַבסקע" רפואות, האָט מען אים גערופן יאָסעלע פעלדשער. ער פלעגט „היילן" די קראַנקע מיט העכסט פרימיטיווע מיטלען, ווי צום בײַשפּיל: פלעגט שטעלן געהאַקטע באַנקעס, פּיאַווקעס און אַפילו געריסן ציין אויף אַ ביז גאָר פּרי־מיטיוון אופן.

נאָך לאַנגע אסיפות און הכנות, האָט די קהי־לה־פאַרוואַלטונג אַראָפּגעבראַכט, אין יאָר 1928, אין שטעטל אַ יידישן דאָקטער, וועמענס נאָמען עס איז געווען איגנאַץ גאָנשער. ער איז געווען אַ זון פון דעם שמש פון דער טלאָמאַצקע־שיל אין וואַרשע. די סטאָקער קהילה האָט געמאַכט אַ קאָנטראַקט מיט דעם ד"ר אי. גאָנשער אויף צוויי יאָר און אים גע־געבן אַ זייער באַקוועמע דירה אויף אײַנצואָרדענען אַ קאָנסולטאָריע און אויך אַ צוגעפּאַסטע וווינונג. אַלע אײַנריכטונגען פון דער קאָנסולטאָריע און מעבל פאַר דער וווינונג זענען געבראַכט געוואָרן פון וואַרשע און געמאַכט געוואָרן אויפן חשבון פון דער קהילה. פאַר דעם אַלעמען האָט ד"ר גאָנשער באַ־צאָלט מיט זײַן פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז ער פלעגט אונטערזוכן אָרעמע קראַנקע אומזיסט, לויט אַ צײַגעניש צוגעשטעלט דורכן חולה און אַרויסגעגעבן פון דעם קהילה־סע־קרעטאַריאַט.

ד"ר אי. גאָנשער, האָט אין אַ קורצן צײַט־אָפּ־שניט, באַקומען אַ שם אַלס אַ זייער גוטער מעדי־ציגער און שטאַרק מצליח געווען, נישט בלויז בײַ דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך בײַ דער פּוילישער באַפעלקערונג פון דעם שטעטל און אַפילו פון די ישובים אַרום סטאָק. פון דער נאַטור איז ד"ר גאָנשער געווען אַ שטילער און באַשײדע־נער מענטש מיט אַ גוטן כאַראַקטער — און ער האָט שנעל געווונען די סימפּאַטיע פון אַלעמען און מען קאָן זאָגן, אַז דאָס שטעטל האָט אויף אַן אמת אויפגעלעבט מיטן באַזעצן זיך פון ד"ר גאָנשער. די ערשטע צוויי יאָר —נאָך זײַן באַזעצן זיך אין סטאָק, נאָך זײַענדיק אַ בחור— פלעגט ער אָנגיין מיט זײַן פּראָפעסיע אויף אַן עכט הומאַניטאַרן אופן

און האָט קיין מאָל נישט געלייגט קיין אַכט אויף דער מאָנעטאַרער זײַט — און עס איז אַפילו דער־גאַנגען צו פאַרשידענע מיסברויכן מצד געוויסע פּאַציענטן, וועלכע פלעגן באַצאָלן דעם דאָקטער פאַר וויזיטן, מיט פאַלש געלט. זייער אָפט פלעגט ד"ר גאָנשער רופן דעם שרײַבער פון די דאָזיקע שורות און זיך מיט מיר באַראַטן צי עס איז פאַראַן אַ מעג־לעכקייט אויסצובײַטן דאָס דאָזיקע געלט — און שטענדיק אין אַ גוטמוטיקן און ממש שעמעוודיקן טאָן. פונקט ווי ער גופא וואָלט געווען „שולדיק" אין ברענגען מיר פאַלשע מטבעות און באַנקנאָטן. אַנשטאָט זיך צו בייזערן אָדער רעדן מיט פאַרדרוס אויף די פאַקטיש שולדיקע, מיטן מיסברויכן מיט זײַן נאָבעלער און אידעאַלער באַהאַנדלונג, מצד זײַנע פּאַציענטן.

בײַם דערמאָנען דאָס קאַפּיטל פון ד"ר גאָנשער, טײַכט אויף אין רעיון, אַן עפּיזאָד וואָס באַשטעטיקט נאָך אַמאָל דעם זאָג, אַז: „כל ישראל חברים ועריבים זה לזה" און אַז ד"ר גאָנשער איז געווען אַן אמתער „מלאך רפאל". אין איינעם אַ זומערדיקן ערב שבת־דיקן פרײַטיק פאַרנאַכט, פאַר ליכט־בענטשן, איז דאָס שטעטל אויפגעציטערט געוואָרן פון דעם אויפ־רײַס פון אַ „לופע" (סיפאָן) מיט גאַז בײַ יצחק וואַסערמאַכער אין „פאַבריק", וואָס האָט שטאַרק פאַרוווּנדעט דעם אייגנטימער. אָן צײַט־פאַרלוסט, האָט דער שרײַבער פון די שורות, אַלס סעקרעטאַר פון דער קהילה, געבראַכט דעם ד"ר גאָנשער, וועלכער האָט געראָטן אַרויסצורופן אַן אַמבולאַנס פון יידישן שפּיטאָל אויף טשיסטע גאַס אין וואַר־שע, ווײַל מען מוז אים, דעם אַקצידענטירטן יצחק וואַסער־מאַכער, תיכף אָפּערירן; דער אויפרײַס האָט פּאַסירט, ווען די יידן זענען שוין געגאַנגען אין בית־המדרש אַרײַן, כדי מקבל שבת צו זײַן, בין איך אַוועק אין בית המדרש און אַרויף אויפן באַ־לעמער, צוזאַמען מיטן רב ר' שמואל קאַנטאָר זצ"ל (געשריבן האָט זיך דער רב: קן טהור) און געהייסן אַלע יידן אַז זיי זאָלן לויפן אַהיים, צו ברענגען געלט כדי צו ראַטעווען דעם וואַסער־מאַכער. אין געציילטע מינוטן אַרום האָבן די סטאָקער יידן גע־בראַכט אין בית־המדרש און איבערגעגעבן דעם שרײַבער פון די שורות גרויסע סומעס געלט און ווער עס האָט נישט געהאַט קיין געלט, האָט געגעבן חפצים וואָס זענען געווען שווה כסף. נישט געקוקט אויף דעם וואָס עס איז שוין געווען שבת, האָט דער רב דאָס מתיר געווען, ווײַל דאָס איז געווען פּיקוח

נפש. מען האָט אַרײַנגעכאַפּט דעם אַקצידענטירטן מיט דער אַמבולאַנס אין דעם ייִדישן שפּיטאָל אויף טשיסטע אין וואַרשע, וועמען עס האָט באַגלייט דער ד״ר גאָנשער און מען האָט יצחק וואַסער־מאַכער גלײַך אָפּערירט און ער איז אַזוי אַרום געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

די אָרעמקייט אין שטעטל, איז געווען נישט בלויז קיין „פּריוואַטע”, נאָר אויך אַ „געזעלשאַפטלעכע”. די ייִדישע קהילה — די הויפּט־רעפּרעזענטאַנץ פון דאָרטיקן ישוב, האָט קיין מאָל נישט געהאַט אויף דאָס נייטיקסטע, נישט אויף אַרויסצוהעלפן די דאָרטיקע אינסטיטוציעס, נישט אויף צו לינדערן די נויט צווישן די דאָרטיקע אָרעמע לײַט און אַפּילו נישט אויף צו באַצאָלן דעם אייניציקן אָנגעשטעלטן וואָס זיי האָבן געהאַט... גאַנץ אָפט פּלעגן די דאָזאָרעס און פּרעזידענטן פון דער קהילה זיך ברעכן די קעפּ ווו צו נעמען אַ פּאָר זלאָטעס אויף צו דעקן דאָס נייטיקסטע. אָבער גאָט איז אַ פאָטער און פאַרלאָזט קיינעם נישט — און עס איז נאָך קיינער קיין מאָל דאָרטן נישט געשטאָרבן פאַר הונגער... און די קהילה פּלעגט שטענדיק, אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן, נאָכקומען אירע התחייבותן.

און עס דערמאָנט זיך מיר דערבײַ אַ זייער אינטערעסאַנטער קוריאָז, ווי אַזוי אַ טויטער האָט געהאָלפן צו מאַכן „לעבעדיק” די פינאַנצן און אויסגלײַכן דעם ביודזשעט פון דער ייִדישער קהילה פון סטאָק. עס איז גראָד דאַן געווען איינער פון די שטענדיקע און פּעריאָדישע קריזיסן אין דער קהילה־קאַסע און וויפל די דאזארעס האָבן זיך נישט געבראָכן די קעפּ, האָבן זיי פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט געפינען קיין ענטפער אויף דער ביז גאָר באַשיידענער פראַגע: „ווו נעמט מען געלט?” די סומע געלט וואָס די קהילה האָט באַדאַרפט, איז כלל נישט געווען קיין גרויסע — אין גאַנצן עטלעכע הונדערט זלאָטעס; עס האָט זיך אָבער געהאַנדלט אין אַ זייער דרינגענדיקער זאַך.

נאָר אָט איז אַרײַנגעלאָפן אין דער קהילה איינער פון די דאזארעס — דער „הויכער נח” (אין סטאָק, האָט כמעט יעדער איינער געהאַט אַ צונאָמען) און האָט אויסגעשריגן צו מיר, מיט אַן איבעראַשטער פרייד; — „שמחה, עס איז דאָ! מיר זענען געראַטעוועט!”. ווי דער „הויכער נח” האָט מיר איבערגעגעבן, זאָל אין דעם דערבײַיִקן דאַטשע פּלאַץ, וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג צווישן דער באַן־סטאַנציע זשעליענעץ און שטעטל כאַדאָוונע, זאָל האָבן געשטאָרבן אַ גאָר „פעטער העכט”, איינער וואָס איז געקומען פון וואַרשע אויף זומער־וווינונג. און אַזוי ווי לויט די פּוילישע געזעצן, האָט מען אַזעלכן נישט געטאָרט באַגראָבן, אָדער צונעמען פון דאָרטן אָן אַ ספּעציעלער דערלויבניש פון דער דאָרטיקער ייִדישער קהילה, איז שוין במילא קלאָר געוואָרן, ווי אַזוי אָט דער טויטער, קאָן דאָס ראַטעווען דעם ביודזשעט פון דער לעבעדיקער קהילה פון סטאָק.

און נישט לאַנג געטראַכט, האָט דער סעקרעטאַר פון דער קהילה צוזאַמען מיט צוויי דאזארעס און אַ פּאָליציאַנט, געכאַפּט אַ פערד און וואָגן און נישט פאַרגעסן מיטצונעמען דעם באַגרעבער פון שטעטל — דעם „גרויסן יאָשע” (אויך אַ צונאָמען) און זיך געלאָזט אויף אַן עקספּעדיציע צו זוכן דעם „פעטן טויטן”, וואָס דאַרף טויטערהייט ראַטעווען די סיטואַציע. טאַקע אָט דער „גרויסער יאָשע” האָט דאָס אין דעם ערשטן מאָמענט געשטערט צום דערפאָלג פון דער סיטואַציע; ווײַל גלײַך ווי מען האָט נאָר געזען דעם באַגרעבער, צוזאַמען מיט די דאזארעס און קהילה־סעקרעטאַר, האָט מען אויף שנעל צוגעקלאַפּט די טירן און אַפּילו אַרויס מיט זידלערײַען און נישט געוואָלט געבן קיין שום ענטפער און קיין שום דערקלערונג — און עס האָט שוין געהאַלטן דערבײַ, אַז די גאַנצע עקספּעדיציע האָט געזאָלט פאָרן צוריק קיין סטאָק, אָן דעם „פעטן טויטן” — און מיט דעם גרויסן לאָך אין דעם קהילה־ביודזשעט.

נאָר מיטאַמאָל האָט זיך דערזען פון דער ווײַטנס אַן אויפגעהויבענער שטויב פון אָנפאָרנדיקן אויטאָ — אויטאָס בכלל זענען געווען אַ זעלטנהייט אין יענער געגנט און די קהילה־דאזארעס מיטן סעקרעטאַר האָבן דעריבער גענומען אָפּוואַרטן דעם אָנקומענדיקן אויטאָ, וואָס איז געווען נישט עפּעס אַנדערש ווי אַן אויטאָ פון דער ו אַ ר ש ע ו ע ר „חסד של אמת”־געזעלשאַפט, אין וועלכן עס איז געפאָרן נישט קיין אַנדערער ווי דער פּרעזידענט (פּרעזעס) פון דער געזעלשאַפט, דער באַקאַנטער פינקערט. איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ וועט־לויף צווישן דעם אויטאָמאָביל און דעם מאָגערן פערדל מיט די סטאָקער שטאָט־באַלעבאַטים; אַ שווערער געיעג געווען. די דאזארעס מיטן סעקרעטאַר האָבן זיך געוויגט און געטרייסלט אויפן וואָגן און געהאַלטן ממש די נשמות אין די הענט. אָבער באַקאַנט איז דאָך, אַז „שלוחי מצווה אינם ניזוקים”

און די קהילה־דאזארעס זענען נאָכגעלאָפן און אָנגעקומען בשלום אויפן פּלאַץ, ווו עס האָט גערוט דער „פּעטער העכט" — דער פאַרשטאָרבענער וואַרשעווער דאַטשע־אײַנוווינער און אַרום וועלכן עס האָבן זיך שוין „געפּאָרעט" די אָנגעקומענע מיטגלידער פון דער „חסד של אמת"־געזעלשאַפט מיטן פּרעזעס פינקערט בראָש.

עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן אַ לאַנגער וויכוח צווישן די סטאָקער שטאָט־באַלעבאַטים און די וואַרשעווער „חסד של אמת"־ניקעס; איינע האָבן אַרגומענטירט וועגן כבוד המת און די אַנדערע האָבן דערציילט וועגן שטעטלדיקע צרות און וועגן יושר, ביז עס האָט זיך אַרײַנגעמישט „דאָס געזעץ" אין געשטאַלט פון דעם פּוילישן פּאָליציאַנט און דער סוף איז געווען: די יורשים האָבן אײַנגעצאָלט אין דער סטאָקער קהילה זעקס הונדערט זלאָטעס. די דאזארעס האָבן גענומען צו ביסלעך בראָנפן. דער ביודזשעט האָט זיך ווי נישט איז אויסגעגלײַכט און די סיטואַציע האָט זיך אויף אַ צײַט געראַטעוועט.

אַ צווייט מאָל איז דער ביודזשעט פון דער קהילה געראַטעוועט געוואָרן, נישט פון קיין טויטן „פּעטן העכט", נאָר דווקא פון אַ גרויסן אָרעמאַן, פון אַן א"ג „דארן דלות" — ומעשה שהיה כך היה".

אין שטעטל סטאָק איז אַמאָל געקומען אַ געווויסער אָרעמאַן; דאָס איז אייגנטלעך נישט געווען קיין נײַעס אין שטעטל, ווײַל אויסער די אייגענע האַלבע, גאַנצע און דאָפּלטע אָרעמע לײַט, פלעגן נאָך אין שטעטל אָפט קומען פרעמדע בעטלער צו בעטן נדבות. דאָס אַנדערשקייט מיט דעם דאָזיקן אָנגעקומענעם אָרעמאַן איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער איז געקומען אַ קראַנקער. מען האָט אים געוואָלט נעמען „אויף שבת", אָבער דער אָרעמאַן האָט נישט געקאָנט גיין. די קהילה האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט אים, געשיקט צו אים דעם שטאָט־דאָקטער גאָנשער, וועלכער איז געקומען צום קראַנקן אָרעמאַן און עטלעכע מאָל אים געגעבן רפואות. עס האָט אָבער גאָר נישט געהאָלפן און דער אָרעמאַן איז געשטאָרבן; איז ווי זאָגט זיך: געשטאָרבן, באַגראָבן און די קהילה האָט אים מקבר געווען ווי געהעריק. קיין גרויסע זיבן זאַכן האָט דער אָרעמאַן נישט איבערגעלאָזט: אַ פּאָר תפילין, אַ סידורל, אַ פּאַספּאָרט און אַ פּאָר שטיוול.

די פּאָר שטיוול זענען באַלד נעלם געוואָרן. דאָס האָט זיי דער „גרויסער יאָשע" „עקספּראָפּריאירט"... (ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, האָבן אין די שטיוול זיך געפונען אײַנגענייט אַ פּאָר הונדערט זלאָטעס) און פון פּאַספּאָרט האָט מען זיך דערוווּסט דעם וווין־אָרט פון דעם אָרעמאַן און באַלד האָט דער סעקרעטאַר געהייסן דעם סטאָקער רב אַוועקשרײַבן אַ בריוו צום רב פון יענעם שטעטל (שידלאָווצע). אין וועלכער מען האָט געמאָלדן וועגן טויט פון דאָזיקן מענטשן און געבעטן דאָס איבערגעבן דעם פאַרשטאָרבענעמס קרובים.

אומגעפער מיט אַ צען טעג שפּעטער נאָכן אַוועקשיקן דעם בריוו, יאַווועט זיך אַרײַן אין דער קהילה אַ פּערזאָן, וואָס דערציילט דעם סעקרעטאַר (דעם שרײַבער פון די שורות), אַז צו אים זאָל האָבן געקומען צו חלום זײַנער אַ ברודער, וואָס האָט אים „געמאָלדן", אַז ער איז געשטאָרבן און ער איז געקומען צו קבורה אין שטעטל סטאָק און אַז ער —דער פאַרשטאָרבענער— האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל למען השם אָפּנעמען דאָס סידורל. די שטיוול א"אַ זאַכן. דער אופן פון רעדן און דאָס בילמאָליקע איבערחזרן וועגן סידורל און שטיוול איז מיר געוואָרן שטאַרק פאַרדעכטיקט; הויפּטזאַכלעך איז מיר געווען אויפפאַלנדיק דאָס וואָס דער ברודער פרעגט זיך גאָרנישט וועגן דעם אופן ווי אַזוי זײַן ברודער איז געשטאָרבן, נאָר האַלט אין איין איבערחזרן נערוועזיש, אַז מען זאָל אים אָפּגעבן דאָס סידורל און די שטיוול.

איך האָב דעם ייִדן געהייסן אַרײַנגיין צום רב אין בית־דין שטוב און איך האָב אַרויסגענומען דאָס פּעקל זאַכן פון פאַרשטאָרבענעם און דערמיט אַרײַן צום רב. בײַם רב אין בית־דין שטוב האָט דעם פאַרשטאָרבענעמס ברודער שטאַרק היסטעריש געהאַלטן אין איין שרײַען, אַז מען זאָל אים אָפּגעבן דאָס סידורל מיט די שטיוול. איך האָב דאַן געעפנט דאָס פּעקל און אַרויסגענומען דאָס סידורל בלויז (ווײַל די שטיוול זענען נישט געווען אין דעם פּעקל; ווײַל ווי איך האָב אויבן געשריבן, האָט זיך אַרויסגעוויזן. אַז ווען דער „גרויסער יאָשע" האָט מיר איבערגעגעבן דאָס פּעקל, האָט ער צוגענומען די שטיוול פאַר זיך...). איך האָב דאָס איבערגעגעבן דעם רב און אים געהייסן אויפרײַסן די טאָוולען פון דעם סידורל. און צו אונדזער גרויסער איבעראַשונג, האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז אין די

טאָוולען פון דעם סידורל איז געווען איינגענייט אַ טשעק פון 3.200 זלאָטעס פון שערעשעווסקיס באַנק אין וואַרשע. איך האָב גלייך טעלעגראַפיש זיך פאַרבונדן מיט שערעשעווסקיס באַנק־הויז אין וואַרשע, צו „פאַרגליווערן" פאַרלויפיק דעם אויבנ־דערמאָנטן טשעק, ביז עס וועט קומען אַ פאַר־שטייער פון דער סטאָקער קהילה.

— אויב אַזוי, — האָט די קהילה געטענהט — און דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַרעכטיקט די האַנדלונג פון די דאָזאָרעס, אויב דער פאַרשטאָר־בענער „אָרעמאַן" פאַרמאָגט אַזאַ „פּותיקה", איז פאַרוואָס האָט מען אים געדאַרפט געבן אומזיסטע מעדיצינישע הילף? און פאַרוואָס האָט מען אים געגעבן אַ קרקע אומזיסט? און אַלע הוצאות האָט געדעקט די קהילה, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס די קאַסע איז געווען ליידיק? עס איז דעריבער אָוועק אַ לאַנגע לאַדעניש מיט אַדוואָקאַטן און ריכ־טערס און דער סוף איז געווען: די סטאָקער קהי־לה האָט באַקומען 800 זלאָטעס און מיט דער דאָ־זיקער סומע, האָט מען אויפגעטאָן אַ סך גוטע זאַכן: מען האָט באַצאָלט דער אַלטער רביצין די פענ־סיע, נאָכן אַלטן רב זצ"ל וואָס מען איז איר געווען שולדיק פאַר אַ סך חדשים; מען האָט באַצאָלט דעם איינציקן אָנגעשטעלטן וואָס די קהילה האָט גע־האַט — און נאָך אַ סך גוטע זאַכן האָט מען אויפ־געטאָן.

## דער נייער רב — ר' שמואל קאַנטאָר

ווען דער אַלטער רב, יהודה אריה האַלבער־שטיין איז נסתלק געוואָרן, זענען זיך צוזאַמענגע־פאָרן רבנים פון די אַרומיקע שטעט און שטעט־לעך צו דער לוויה, ווי: דער ווענגראָווער רב מאַרגענשטערן (אַ זון פון באַרימטן סאָקאָלאָווער רבין זצ"ל), דער סאַדאָווניער רב, דער קאָסאָווער רב, דער יאַדאָווער רב, דער אָסטראָוו־מאַזאָוויעצ־קער אב בית־דין (ווייל דאָרטן זענען געווען עט־לעכע רבנים — און דער אַלטער זאַלעשינער רב (אגב אַ מחותן פון דעם נפטר) וועלכער איז געווען באַרימט אין דער רבנישער וועלט און איז אויך געווען אַ מחבר פון עטלעכע ספרים און דאָס גאַנ־צע שטעטל האָט באַגלייט צו זיין אייביקער רו, דעם באַליבטן, געשעצטן און קלוגן רב, דעם פאַט־ריאַרכאַלן זקן, וואָס האָט ביים לעבן גענאָסן מצד אַלע יידן אָן אויסנאַם, פון גרויס פאַרערונג און אומבאַגרענעצטן דרך־ארץ.

באַלד נאָך דער לוויה איז דורכגעפירט געוואָ־רן אַן אַסיפה פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג, צוזאַ־מען מיט אַ גרופּע אָנגעזעענע שטאָט בעלי־הבתים און די צונויפגעפאָרענע רבנים, בכדי צו באַשטי־מען אַ ממלא מקום אויף דער כסא־הרבנות פון סטאָק. עס זענען געווען צוויי אָרטיקע קאַנדידאַטן: דעם נפטרס איידעם ר' שמואל קאַנטאָר און מאָטל (מרדכי) לובעלטשיק (ר' שלמה זלמן פרידמאַנס איידעם) און עס האָבן זיך גלייך געשאַפן צדדים. איין צד האָט געוואָלט, אַז מאָטל לובעלטשיק, וועלכער איז געווען אַ גרויסער תלמודיסט, זאָל פאַרנעמען די כסא־הרבנות און אַ צווייטער צד האָט געשטיצט די קאַנדידאַטור פון דעם נפטרס איידעם. און ווי עס איז דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, האָט זיך אויך געשאַפן אַ דריטער צד, מיט שלום הערש אָסטשעגאַ בראש, וואָס האָט געהאַל־טן אַז ביידע אָרטיקע קאַנדידאַטן זענען נישט צו־געפּאַסט אַלס אב בית־דין פון דער סטאָקער קהי־לה — און זיי האָבן פאָרגעשלאָגן אויפצונעמען אַלס רב איינעם פון אַ צווייטער שטאָט. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט באַשטימט אויפצונעמען אַלס ממלא־מקום אויף דער סטאָקער כסא־הרבנות, דעם נפטרס איידעם, ר' שמואל קאַנטאָר. דער אויסוואַל איז געמאַכט געוואָרן אַ דאַנק דעם זכות אבות, פון זיין פאָטער, דער זאַלעשינער רב, וועל־כער האָט משפיע געווען לטובת זיין זון.

בכדי עס זאָלן נישט אויסברעכן קיין מחלוקת אין שטעטל און איינצושטילן די געמיטער פון דעם צד שכנגד, איז דער אַלטער זאַלעשינער רב גע־בליבן אין שטעטל ביז איבער די ימים־נוראים און טאַקע אַ דאַנק זיין בלייבן אין שטעטל עטלעכע חדשים, האָט מען זיך אָנגעהויבן צוצוגעוווינען צום נייעם רב און די געמיטער ביי די קעגנער האָ־בן זיך איינגעשטילט און דאָס גאַנצע שטעטל יידן האָט זיך בהדרגהדיק צוגעוווינט צום אַלטן רבס ממלא מקום — צו זיין איידעם ר' שמואל קאַנטאָר (קן טהור) און דער רב האָט צוביסלעך באַקומען די אויטאָריטעט און רעספּעקט, אָנפירנדיק מיט זיין אַמט אַלס גייסטיקער מנהיג פון דער סטאָקער עדה.

דער זעלבער האָט אָנגעפירט מיט דעם גייס־טיקן און רעליגיעזן לעבן פון קהילת־סטאָק. ביז דעם חורבן און איז אומגעקומען אין סטאָק דורך די נאַצישע מערדער ימח שמם וזכרם, ביים נישט וועלן דורכפירן זייער באַפעל פון צוזושטעלן אַ

קאָנטינגענט (צאָל) יידן צו דער „אַרבעט", וואָס עס האָט געמיינט זיי אַוועקצופירן קיין טרעבלינקע פאַרגאַזט צו ווערן. בעתן קומען צום רב מיט דעם באַפעל, האָט ער זיך אָנגעטאָן דעם טלית און תפילין און געזאָגט: „איך וועל קיין שום ייד נישט צושטעלן. נעמט מיך אַנשטאָט זיי". און די נאַציס האָבן אַרויסגעפירט דעם רב ר' שמואל קן טהור אין מיטן מאַרק און אים דערשאָסן.

מיר, די סטאָקער שארית הפליטה, צעזייטע און צעשפּרייטע בכל תפוצות העולם, אויף וועמען עס איז געפאַלן דער גורל און חוב צו שטעלן אַ ווירדיקע מצבת־נצח, נאָך אונדזער געבורטס־שטעטל און קדושי־סטאָק, פאַרצייכענען מיר מיט בלוטיקע און פייערדיקע אותיות, דעם נאָמען פון אונדזער רעליגיעזן און גייסטיקן מורה־דרך, דעם ווירדיקן קדוש, וואָס איז געפאַלן אין פולן זין פון וואָרט על קידוש השם, וועלכער האָט ביים לעבן זיך גערופן:

## ר' שמואל קן־טהור זצ"ל אב"ד דק"ק סטאָק און אומגעגנט

ביים פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל פונעם אַלטן רבס ממלא מקום, דעם קדוש ר' שמואל קן־טהור (און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז „כשמו כן היא), טויכט אויף אַן עפּיזאָד וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרן זעלבן: עס איז געשען אין די עשרת ימי תשובה־טעג, ווען דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געגרייט צו די פאָרכטיקע טעג — און יעדער איינער אויף זיין שטייגער, דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל וואָס עס האָט פאַסירט ראש השנה פון ה'תרפ"ח (1928), אין בית המדרש ביי אַ גרויסן געדרענג פון אַן איבערפולטן עולם, פון אמתע דאַוונער און פון יוגנטלעכע, וועלכע זענען שוין „געכאַפּט אין דער מעשה". נאָר זייער אָנוועזנהייט אין בית־המדרש, איז נישט מחמת פרומקייט, נאָר צוליב דרך ארץ פאַר זייערע עלטערן. שטייען אויפן באַלעמער, דער אַלטער זאַלעשינער רב (דער פאָטער) מיטן נייעם רב ר' שמואל קן טהור, וועלכער האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק פאַרנומען די כסא־הרבנות אין סטאָק, נאָכן נסתלק ווערן פון דעם אַלטן רב ר' יהודה אריה אַלבערשטיין זצ"ל (דער שווער פון דעם נייעם רב). נעבן די רבנים שטייט דער בעל־מוסף שלום צבי (הערש) אָסטשעגאָ, וועלכער איז גלייכצייטיק בעל־תוקע. און דער אַלטער זאַלעשינער רב הויבט אָן פאָרזאָגן בלחש „תקיעה" און דער באַרימטער בעל־תפילה און — צו גלייכער צייט — בעל תוקע, שטרענגט זיך אָן מיט אַלע כוחות און דער שופר „פאַרהאַקט" זיך און גיט נישט אַרויס קיין קול. מען האָט געבראַכט אַ צווייטן שופר און ווידער אַמאָל „עס גייט נישט"! ביז עס איז אַרויף אויפן באַלעמער דעם בעל־תפילהס משורר, מלך נאַכט־הייל שו"ב און דאָס שופר־בלאָזן איז אַדורך נאָרמאַל.

מען האָט דערנאָך לאַנג קאָמענטירט די געשעעניש און אַ סך יידן האָבן אַרויסגעבראַכט די השערה, אַז די סיבה פון ר' שלום הערשס נישט קאָנען בלאָזן שופר (הגם ער איז געווען אַ באַרימטער בעל־תוקע, פונקט ווי אַ בעל־תפילה), האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער איז געווען קעגן דעם, אַז מען זאָל אויפנעמען דעם אַלטן רבס איידעם — ר' שמואל קן־טהור, אַלס סטאָקער רב, און דער אַלטער זאַלעשינער רב, האָט אויסגעפועלט ביים רבונו של עולם, אַז דער שטן זאָל מקטרג זיין דעם בעל־תוקע שלום צבי (הערש) אָסטשעגאַ.

## חברה קדישא און קהילה

ביים שרייבן די געשיכטע פון דער סטאָקער קהילה, דאַרף אָפּגעמערקט און פאַרצייכנט ווערן די „חברה קדישא" וואָס האָט פאַרנומען אַ גאַנץ אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דעם אָרטיקן קהלישן לעבן. פאַקטיש איז די חברה קדישא געווען מער ווי אַ „קבורה־חברה". צו דער חברה־קדישא, האָט מען אַלס מיטגלידער, נישט צוגעלאָזט קיין סתם יידן מתעסקים, נאָר אויף אַריינגענומען צו ווערן אין דער חברה קדישא האָט מען באַדאַרפט האָבן אמתן יחוס עצמו; מע האָט באַדאַרפט זיין אַ שטאַרק אָפּגעהיטער און פרומער ייד, אַ חסיד, אַ למדן און אַן ערלעכער מאַן. דער ראש פון דער חברה קדישא איז געווען דער גבאי (במעט פּרעזידענט), וועלכן מען פלעגט אויסוויילן אויף אַן אסיפה (פאַרזאַמלונג) איין מאָל אין יאָר. די אסיפות פלעגן פאָרקומען, צוזאַמען מיט די באַרימטע „סעודות" און די „סעודות" פון דער חברה קדישא פלעגן פאָרקומען אין דעם יאָרצייט נאָך דעם ארי־הקדוש. ערב דער סעודה (באַנקעט בלע"ז), פלעגן אַלע

חברה־קדישא מיטגלידער פאַסטן און גיין אין מרחץ (מקוה) זיך טובלען. די סעודות פון דער חברה־קדישא פלעגן געמאַכט ווערן מיט גרויס פאַרנעם און זענען געווען די טעמע פון טאָג. ערב דער סעודה — און אַ צייט לאַנג נאָך דער סעודה.

ערב דער אָפיציעלער גרינדונג פון דער קהילה, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1924, איז די חברה קדישא געווען די פאַקטישע קהילה און פון די ערשטע גבאים פון דער חברה קדישא זענען געווען: ר׳ יצחק מענדל, שלמה זלמן פרידמאַן, נח צוקערשטיין (דער „קליינער נח") און אַ סך מאָל שלום הערש אָסטשעגא, און ערב דעם חורבן — חיים־מאיר יאפקע (אָנגערופן חיים מאיר רימאַרש) דער לעצטער איז שוין נישט געווען פון די „פני" — פון די א״ג יחסנים, נאָר אַ פשוטער פאָלקס־ייד, פון עמך און האָט געהאַט אַ רימאַרסקן וואַרשטאַט.

צווישן די הויפט־תקנות פון דער חברה קדישא איז געווען: אַז ווען עס שטאַרבט אַ מיטגליד און עסקן פון דער חברה קדישא, קומט אַזעלכן אַן אומזיסטע קרקע (מעג זיך דאָ האַנדלען אפילו וועגן אַ נגיד אָדער אַ גביר) און די לוויה דאַרף געמאַכט ווערן על חשבון הקהל. ויהי היום און עס איז געשטאָרבן מאָטל ניימאַן (דער פאַרבער), וועלכער איז געווען פון די אַקטיווסטע חברה־קדישא מיטגלידער און אַזוי ווי ער איז געווען אַ בעל־פרנסה, כאָטש גאַנץ ווייט פון צו זיין אַ גביר און די קהילה האָט זיך „גראַד" גענייטיקט אין געלט־מיטלען (כאָטש ווען נישט?...), האָט מען געשיקט רופן די זין פון דעם נפטר און געפאָדערט ביי זיי, אַז זיי זאָלן באַצאָלן פאַר דער קרקע; עס דערמאָנט זיך מיר דערביי דער קוריאָז: איך האָב מיך געפונען אין דער קהילה בעת דעם ווערטער־אויסטויש צווישן דעם דאזאר דענענבערג (דער „גרויסער נח". וואָס לעבט היינט אין בני ברק, ישראל) און דעם פאַרשטאָרבענעם זון יחיאל ניימאַן, האָט דער לעצטער אויסגערופן מיט אַ ביסל כעס: „דרך ארץ פאַר מיר, אַ בן־תורה!" און ער האָט געמיינט צו זאָגן, אַז מען זאָל האָבן דרך ארץ פאַר זיין פאָטער מאָטל ניימאַן, וואָס איז טאַקע געווען אַ בן־תורה...

צווייטער עפּיזאָד:

אין איינעם אַ באַגינען, ווען יידן זענען געקומען אין בית־המדרש צום ערשטן מנין, האָבן זיי באַמערקט דורך די בית־המדרש פענצטער, שטייען אַן איינגעשפּאַנט פערד אין אַ „דראָביאַזגן" וואָגן, וואָס האָט גערופן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און עטלעכע יידן זענען אַרויס אויפן בית המדרש הויף און ווי גרויס איז געווען זייער חידוש, ווען זיי האָבן אויפן וואָגן געטראָפן ליגן אַ בר־מנן (אַ טויטן).

וואָס פאַר אַ טומל ס׳איז געוואָרן אין שטעטל איז זיך לייכט פאַרצושטעלן און ס׳האָבן זיך גלייך צונויפגענומען רעדלעך מיט נייגעריקע און יעדער איינער האָט געמאַכט פאַרשידענע השערות: ווער איז דער טויטער, ווער האָט אים געבראַכט און דערנאָך געמאַכט ויברח?

נאָך אַ טיפער אויספאָרשונג מצד דער קהילה־לייטונג, און דאָס האָט באַדאַרפט געטאָן ווערן אויף שנעל און געהיים, בכדי ס׳זאָל נישט דערגיין צו דער פאָליציי, מ׳זאָל חס וחלילה נישט דאַרפן דעם טויטן פאַלמעסן, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַט וואָס: אין פראַסטין איז געשטאָרבן הענעך סטוטשינסקי, וועלכן מ׳האָט גערופן הענעך בעקער, וואָס האָט געהאַט אַ בעקעריי און געווען אַ פאַרמעגלעכער ייד. תמיד האָט די קהילה געדאַרפט אָנווענדן שטרענגע מיטלען איינצומאָנען דעם „עטאַט"־שטייער ביי ה. ד. — הענעך בעקערס זון, ווען דער פאָטער איז געשטאָרבן, אויס מורא אַז די קהילה וועט פאָדערן אַ גרויסע סומע פאַר דער קרקע, האָט באַשלאָסן אים —דעם טויטן טאַטן— אַוועקצופירן קיין סטאָק און איבערלאָזן דעם פאַרשטאָרבענעם אויפן בית־המדרש הויף אין מיטן דער נאַכט, מיינענדיק אַזוי אַרום זיך איינצוברענגען קבורה־געלט. דער סוף איז געווען: דער „טייערער" זון וואָס האָט געמיינט צו בלייבן מיט אַ גרעסערן חלק ירושה, געמוזט „נעבעך" געבן אַ היפּשע סומע קבורה־געלט.

איבעריגייענדיק צו די שטענדיקע זאָרגן און פּראָבלעמען פון דער קהילה, לטובת די הצטרכותן פון דעם ישוב, האָט מען זיך געווענדעט צו דעם אייגנטימער פון דער אָסטרוווקער מעטאַל פאַבריק, וולאַדיסלאַוו לעווענשטיין, מיט דער בקשה, אַז ער זאָל ווערן פרעזעס (פּרעזידענט) פון דער סטאָקער קהילה. אָבער ער אַליין האָט נישט געוואָלט אָננעמען דעם דאָזיקן אַמט און ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז עס זאָל ווערן פרעזעס זיין פלימעניק, דער דירעקטאָר פון דער פאַבריק, אינזש׳ קאַרל בערגמאַן.

מיטן ווערן ראש הקהל פון אינזש׳ קאַרל בערגמאַן —הגם ער איז געווען פון אַ שטאַרק אַסימילירטער היים— האָט די קהילה אין סטאָק באַקומען אַן אַנדער אויסזען און האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פולשטענדיקער רעפרעזענטאַנץ פון אַלע

סטאָקער ייִדן און פון די אַרומיקע ישובים, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו דער סטאָקער קהילה; מען האָט אויפגעהערט צו קוקן אויף דער קהילה ווי אויף אַ „מתים־שטיבל" (דרך אגב, פלעגן מיט דעם זעלביקן נאָמען, געוויסע פּאַרטייען אין פּוילן, אײדער זיי האָבן באַשלאָסן צו וואַרפן די לאָזונג פון „כיבוש הקהילות", אָנגערופן די וואַרשעווער קהילה „דאָס מתים־שטיבל פון גזשיבאָווסקי 26"); דער נײַער ראש הקהל פון סטאָק, האָט אַרײַנגעבראַכט אַן אויפלעבונג און סאַנירט די קהילה־טעטיקייטן אויף אַלע שטחים און אין דער ערשטער ריי אויפן געביט פון דער עקאָנאָמיק און פינאַנצן. אַ דאַנק דעם אינזש' בערגמאַן, האָט די גאַנצע טעטיקייט פון דער קהילה, מיט דעם קהילה־בודזשעט, באַקומען אַ פולשטענדיקן תיקון סײַ בײַ דעם ישוב, ווי בײַ די מלוכה־אינסטאַנצן, ווי אין סטאַראָסטווע און דער וואָיעוואָדסטווע.

אויף צו אילוסטרירן דעם אָנזען פון דער קהילה, ספּעציעל בײַ די מלוכה־אינסטאַנצן, זינט דאָס איבערנעמען די קהילה־לײַטונג מצד דעם אינזשעניער בערגמאַן, איז כדאַי צו דערציילן אַן עפּיזאָד, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם צוטרוי לגבי דער סטאָקער קהילה מיט דעם אינזש' בערגמאַן בראָש. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1934, ווען עס האָבן געדאַרפט דורכגעפירט ווערן קהילה־וואַלן אין סטאָק און די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה, האָט אין אײַנקלאַנג מיט דעם וואַל־רעגלאַמענט פאַרעפנטלעכט פאַרשידענע מודעות וועגן צושטעלן קאַנדידאַטן־ליסטעס פאַר אַ פאַרוואַלטונג. אַ גרויסע מערהײַט פון די סטאָקער ייִדן זענען געווען מיט דער מיינונג, אַז עס זאָלן נישט פאָרקומען קיין וואַלן, נאָר די זעלביקע לייטונג זאָל פאַרבלײַבן בײַ דער אָנפירונג פון דער קהילה. עס איז אָבער געווען אַ קליינע מינדערהײַט פון די אַזוי גערופענע „עמך, שער און אײַזן" מיט אָשרקע פלאַטנער אין דער שפּיץ, וועלכע האָבן פאַר יעדן פּרײַז געוואָלט אַרײַנשיקן זייערע פאָרשטייער אין דער קהילה. פאַרשטייט זיך, אַז אָט די מינדערהײַט איז דורכגעפאַלן און איז געבליבן מחוץ דער פאַרוואַלטונג. אָשרקע פלאַטנער איז דאַן אַוועקגעפאָרן קיין ווענגראָווע, צום סטאַראָסטאַ און געמאַכט אַן אָנקלאַגע קעגן דער פאַרוואַלטונג, צוליבן נישט דורכפירן די וואַלן מאָטיווירנדיק אַז די פאַרוואַלטונג איז באַגאַנגען מיסברדיכן און אַלס בעסטן „באַווײַז" אַז זײַן באַשולדיקונג איז אַ ריכטיקע, האָט דער זעלביקער אָשרקע אָנגעוויזן, אַז דער קהילה־סעקרעטאַר שמחה לאַנדע גרייט זיך צו אַנטלויפן פון לאַנד און ווי אַ פאַקט דערפון האָט ער אָנגעגעבן, אַז דער סעקרעטאַר האָט געבעטן אַרויסצונעמען אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט.

עס איז טאַקע געווען אמת, אַז דער קהילה־סעקרעטאַר האָט געבעטן צו באַקומען אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט, אָבער מיט אַ קליינעם אונטערשייד" אין דעם מאָטיוו, פאַרוואָס ער גרייט זיך צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד... די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָבער גענומען אַזוי שטאַרק „ערנסט" אָשרקעס אָנקלאַגע, אַז זיי האָבן גלײַך טעלעפאָניש אינפאָרמירט וועגן דעם, סײַ דעם ראש הקהל אינזש' ק. בערגמאַן און סײַ דעם קהילה־סעקרעטאַר, וועגן דער צוגעשטעלטער אָנקלאַגע. היות לויט די לאַנדגעזעצן, מוז יעטוועדע אָנקלאַגע אויסגעפאָרשט ווערן ווי געהעריק, איז טאַקע נאָך דעם אַראָפּגעקומען דער סטאַראָסטאַ מיט אַ בוכהאַלטער פון דער וואָיעוואָדסטווע פון לובלין און נאָכן רעווידירן די בוכפירונג פון דער קהילה, האָבן זיי געעצהט דעם סעקרעטאַר פון דער קהילה, אַז ער זאָל צוציען דעם אויבנדערמאָנטן אָשרקע פלאַטנער צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. אָבער דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות וואָס איז דאַן געווען דער קהילה־סעקרעטאַר, איז טאַקע מיט צוויי וואָכן שפּעטער (סוף אויגוסט פון 1934), אָפּגעפאָרן קיין אַרגענטינע, ער האָט אָבער במילא ניט געוואָלט מאַכן קיין אָנקלאַגע, אויף דעם פאַלשן חושד זײַן בכשרים.

## „שחיטה"

אַ ביז גאָר וויכטיק אָרט אין דער קהילה־טעטיקייט, האָט פאַרנומען דער רעסאָרט פון שחיטה.

דאָס פּוילישע ייִדנטום, וואָס האָט געלעבט אין אַ כמעט געטאָ, סײַ אונטער דער הערשאַפט פון די פּוילישע מלכים־דינאַסטיע, סײַ אין דער תקופה פון פּוילנס צעטיילונג, ווען פּוילן האָט זיך געפונען אונטער דער הערשאַפט פון אויסלענדישע מלוכות — און אויך נאָך דעם ווי פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק אין דעם 11טן נאָוועמבער פון 1918; די ייִדישע באַפעלקערונג האָט שטענדיק געפירט אַן אייגנאַרטיק נאַציאָנאַל און גאַנץ ספּעציעל אַ רעליגיעז לעבן און איינע פון די צוויי הויפּט־געזעצן (דינים) וואָס דאָס פּוילישע ייִדנטום

האָט אויסגעפאָלגט מיט דעם גרעסטן פאַנאַטיזם, איז אַ חוץ טהרת המשפחה געווען דאָס אָפּהיטן אויפן מאַקסימאַלסטן אופן די כשרות.

מיט דער אָפיציעלער שאַפונג פון די קהילות אין פוילן און נאָכן גרינדן די קהילה אין סטאָק אין יאָר 1924, איז די שחיטה אַרונטערגעפאַלן אונטער דער קהילה. אַ חוץ די ראָל וואָס די שחיטה האָט געשפּילט אַלס אַן הכנסה־קוואַל פאַר דעם קהילה־בודזשעט (און די שוחטים זענען געווען קהילה־אָנגעשטעלטע), איז זי — די שחיטה — געווען אַ זייער קאָמפּליצירטער ענין פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, ווײַל עס האָט געהאַט צו טאָן מיט כשרות היהודית. און נישט איין מאָל, פלעגט דער רב צוזאַמען מיט די שוחטים זיך ברעכן די קעפּ, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין דאַרפן מאַכן טריף אַ געשאָכטענע בהמה, וואָס האָט זייער אָפט געשטעלט אין סכנה די פּרנסה פון די קצבים, און די קצבים פון סטאָק האָבן געהאַט אַ שם אַלס „מאָצנע זשידעס" (שטאַרקע ייִדן) אין פיזישן זין פון וואָרט און זיי זענען אין גרעסטן טייל באַשטאַנען פון אַ ברייט פאַרצווײַגטער פאַמיליע שנײַדמאַן — און מען פלעגט זיי טאַקע רופן די „שנײַדמאַנעס"...

און עס פלעגט זייער אָפט פּאַסירן, ווען דער רב מיט די שוחטים פלעגן זײַן פאַרזאַמלט אין בית־דין שטוב בײַם רב, אַרײַנגעטאָן אין די גמראָס, אויף צו געפינען אַ מסכתא, אויף צו קאָנען כשרן די שחיטה און נישט דאַרפן חס וחלילה זײַן געצוווּנגען צו מאַכן טריף, פלעגן אונטערן פענצטער פון בית־דין שטוב זיך פאַרזאַמלען די שנײַדמאַנס און שרײַען צום רב, אַז ער זאָל זיך נישט דערוועגן זיי צו מאַכן אומגליקלעך און זיי „קוילען אָן אַ חלף"... אַזעלכע סצענעס פלעגן זיך אָפּשפּילן ווען מען פלעגט ברענגען אין שעכט־הויז אַ קראַנקע בהמה (אויפן קצבישן לשון: אַ „שטומפּ", איידער ער פּגרט..) בײַ אַזעלכע פאַלן, פלעגט יענקל דער שוחט נישט וועלן שטעלן אויף זיך אַליין און פלעגט שנעל לויפן צום רב מיט דער האַרבער שאלה.

עס איז דאַן נישט געווען וואָס מקנא צו זײַן דעם שוחט און אַפילו אויך נישט דעם רב, ספּעציעל ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פון דעם יונגן רב שמואל קן־טהור, פאַר וועמען די קצבים האָבן נישט געהאַט דעם זעלביקן דרך־ארץ ווי פאַר דעם אַלטן רב. ווען איין מאָל האָט שמואלקע דער קצב, דער „ראש" פון דער קצבים־דינאַסטיע פון די „שנײַדמאַנעס" באַקומען אין בית־המדרש, אַ פּאַטש פון דעם אַלטן רב — און קיינער פון דער ברייט־פאַרצווײַגטער משפחה שנײַדמאַן, מיט זײַנע בנים און פון זײַן באַרימטן ברודער משה „מאָנט" (אויך אַ צונאָמען), זענען אַלע געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערטע און אַפילו נישט געוואַגט אַרויסצולאָזן די פּאַרע פון מויל...

די אַדמיניסטראַטיווע טייל פון דער שחיטה־אָפּטיילונג, ווי בכלל די גאַנצע אַדמיניסטראַציע פון דער קהילה, האָט אײַנגעפירט דער ערשטער קהילה־סעקרעטאַר, אהרן פײַערטאָג, וועלכער האָט פאַרנומען דעם אַמט אַלס הויפּט־בוכהאַלטער אין לעווענשטיינס פאַבריק אין אסטראָוועק. הגם ער איז נישט געווען קיין דיפּלאָמירטער אין וועלכן עס איז אוניווערסיטעט, איז ער אָבער דאָך געווען אַ זייער פעיִקער פּראָפעסיאָנאַל און האָט אײַנגעפירט אַ מוסטערהאַפטע אַדמיניסטראַציע; די קצבים פלעגן דאַרפן אויסקויפן אין דעם קהילה - סעקרעטאַריאַט ספּעציעלע שחיטה־קופּאָנעס און די שוחטים האָבן געדאַרפט גיין שעכטן אויסשליסלעך, נאָר ווען די קצבים האָבן זיי געגעבן אַזאַ קופּאָן.

ויהי הלילה (ווײַל די טעטיקייטס־שעהן פון דעם שעכט־הויז זענען שטענדיק געווען בײַנאַכט) און די דאָזיקע האָבן פאַראָרדנט דעם קהילה־סעקרעטאַר (וואָס איז געווען דער שרײַבער פון די שורות), אַז ער זאָל גיין אין שעכט־הויז צו קאָנטראָלירן, צי מען שעכט אַמאָל נישט אָן אַ קהילה־קופּאָן, און אַזוי ווי „סלוזשבא ניע דרוזשבא", וואָס דאָס מיינט אַז אויספאָלגן אַ פליכט איז נישט קיין קינדער שפּילעכל, בין איך אַוועק אין שעכט־הויז באַגלייט דורך אַ פּאָליציאַנט און טאַקע געטראָפן שעכטן אָן די נויטיקע אָפּצאָל־קופּאָנען. איך האָב גלײַך סעקוועסטרירט די חלפים און די קהילה־פאַרוואַלטונג האָט אָפּגעשטעלט אויף צוויי וואָכן דעם שוחט יאַנקל לערמאַן, וועלכער האָט אין יענעם אָוונט געהאַט די טורנע אין דעם שעכט־הויז. און אַ דאַנק דער פּאָליציייִשער באַגלייטונג בין איך אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק, ווײַל ווען נישט די שמירה, וואָלטן די קצבים מיך נישט אַרויסגעלאָזט קיין „טרוקענעם" פון דעם שעכט־הויז...

אַ באַזונדער הכנסה איז געווען פון שעכטן עופות און גענדז, ספּעציעל אין די ווינטער חדשים, ווען מען פלעגט דאָס פירן קיין וואַרשע. דער הויפּט פון דעם האַנדל איז געווען יאַנקל בערגמאַן, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן „יאַנקל גענדזעלעס". ער

פלעגט אַרויסנעמען „שעכט־קופּאָנעס" פאַר אַ קליינער צאָל עופות און גענדז און געבראַכט צום שוחט אַ סך אַ גרעסערע צאָל ווי ער פלעגט אויס־קייפן די „קופּאָנעס", וואָס מען פלעגט אויך רופן „שחיטה־קוויטלעך". אַן עקסטרע שחיטה הכנסה איז געווען איין מאָל אין יאָר פון דעם שלאָגן כפרות ערב יום־כיפור. דער קהילה סעקרעטאַר פלעגט דאַן אַמטירן כמעט אַ גאַנצע נאַכט בײַם פאַרקויפן די שחיטה־קוויטלעך, אויף צו שעכטן די כפרות.

פונקט ווי עס פלעגן זײַן מחלוקת בײַם אויפ־נעמען אַ רב אין שטעטל, אַזוי פלעגן פאָרקומען פאַרשידענע מחלוקת בײַם אויפנעמען אַ שוחט און איינע אַזאַ מחלוקת איז פאָרגעקומען ווען מען האָט אויפגענומען יאַנקל שוחט, ווי דער שטייגער אין אַזאַ פאַל, האָבן זיך געשאַפן צדדים פון „פאַר" און „קעגן" און די הויפּט אַרענע פון די קריגערײַען איז געווען דער בית־המדרש.

אויפן פּראָפעסיאָנעלן שחיטה־געביט, פלעגן אָפט פאָרקומען סיכסוכים צווישן דעם באַצקער שוחט, ר' אברהם שלמה קאָוואַדלע, וואָס פלעגט זייער אָפט „רעבעלירן", און נישט געוואָלט אויס־פאָלגן די קהילה באַשלוסן, אַזוי אַז אין אַ געוויסן שבת צו נאַכטס, בין איך אַלס קהילה־סעקרעטאַר געפאָרן אין דאָרטיקן שעכט־הויז און מיט דער הילף פון דער פּאָליציייִשער אינטערווענץ, בײַ אים צו־גענומען די חלפים.

## אַנטיסעמיטיזם אין סטאָק — און סוף קהילה־לעבן

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין 1933, האָט די פּוילישע רעגירונג, וועלנדיק זיך חנדלען צו היטלערן, מיינענדיק אויף אַזאַ אופן אויסצו־מײַדן אַ קריג קעגן פּוילן — אָנגעהויבן מיט אַ פאַר־שטאַרקטער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק קעגן די פּוילישע ייִדן (וואָס איז געווען גאַנץ שטאַרק אין אַלע צײַטן), אָנהויבנדיק מיטן באָיקאָט „אָוושעם"־קאַמפּיין, וועלכן עס האָט בכבודו ועצמו „פּײַער־לעך" פּראָקלאַמירט פון דער סיים־טריבונע דער פּוילישער פּרעמיער מיניסטער גענעראַל סקלאַד־קאָווסקי. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, געפּאָרט מיט נאַציזם, קעגן די ייִדן אין אַלע שטעט און שטעטלעך און אור־מעטום אין אַלע דערפער.

עס איז אַוועק אַ סדרה פון „פּיקעטן" בײַ די ייִדישע געשעפטן, פּרעדיקנדיק די „סוואָי דא סוועגאָ"־פּאָליטיק: דער שחיטה ־ פאַרבאָט, ביז זבאָנשין און דעם טרויעריק־באַרימטן „פּשיטיק"־פּסיכאָז — ווען סטאָק, דאָס קליינע שטעטעלע, וואָס האָט געהאַט אַ צונאָמען, אַז עס איז „פאַרשטאָפּט מיט גראָכאָווינעס", איז איבער נאַכט טרויעריק באַרימט געוואָרן, צוליב דעם פּאָגראָם וואָס די פּאָ־ליאַקן האָבן דורכגעפירט אין אַ מאָנטיקדיקן יריד אין דעם שטעטל.

דאָס איז געשען אין דער זעלביקער צײַט, ווען עס איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין פּשיטיק און עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז די רעגירונג האָט באַשטראָפט די ייִדישע צײַטונגען, צוליב דעם וואָס זיי האָבן געשריבן וועגן פאָרגעקומענע פּאָ־גראָמען — און די רעגירונג האָט געהאַט טענות צו די צײַטונגען פאַרוואָס זיי „טרײַבן איבער" און רופן אָן מיט דעם נאָמען פּאָגראָמען, דאָס וואָס די רעגירונג האָט אָנגערופן מיט דעם איידעלערן אויסדרוק „עקסצעסן".

עפּעס ענלעכעס צו דעם איז געשען אין סטאָק בעת דעם טרויעריק־באַרימטן פּאָגראָם אויפן יריד. דער דעמאָלסטדיקער סעקרעטאַר פון דער קהילה, יואל לאַנדע, האָט זיך טעלעפאָניש פאַרבונדן מיט דעם קהילה־פּרעזידענט אינזש' ק. בערגמאַן אין אָסטרוועק און אויף דער אינטערווענץ פון דעם קהילה־פּרעזידענט בײַם סטאַראָסטאַ און פּאָליציי־קאָמענדאַנט, איז געקומען פּאָליציי פון דעם פּאָ־וויאַט אין ווענגראָווע און נישט אָנטרעפנדיק קיין טויטע, זענען זיי געווען מלא רציחה און שטאַרק אין כעס, פאַרן „איבערטרײַבן" און אַליאַרמירן דעם סטאַראָסטאַ און די צענטראַלע מאַכט־אָרגאַנען אין וואַרשע.

(עפּעס מער וועגן דאָזיקן פּאָגראָם ברענגען מיר אויף אַ צווייטן פּלאַץ פון דעם „יזכור־בוך", געשריבן פון דעם ספּעציעלן שליח פון דער וואַר־שעווער „די פּאָלקסצײַטונג" מ. זעלדין (מאַטוויי בערנשטיין), וואָס האָט אַלס געראַטעוועטער פון דער נאַצי־מלחמה, געלעבט עטלעכע יאָר אין בוע־נאָס איירעס און דער נאָך אין ניו־יאָרק — ווו ער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק געשטאָרבן).

בײַם פאַרענדיקן די אַרבעט וועגן דער סטאָקער קהילה, זאָלן פאַראייביקט ווערן די נעמען פון דעם לאַנג־יעריקן קאַסירער פון דער קהילה, אברהם יאַנקל מאַלצמאַן ע"ה, וואָס איז געווען אַן ערלעכער

מענטש בכלל, נאָר קהליש געלט האָט ער אָפּגעהיט אַ סך מער ווי זײַן אייגן געלט; שמשון אליעזר בערגרין ע״ה, וועלכער איז געווען לאַנג־יאָריקער דאזאר און שטענדיק פאַרנומען דעם אַמט אַלס סעקרעטאַר פאַר קולטור און רעליגיע — און איז טאַקע געווען לערער פון רעליגיע אין דער מלוכהשער פאָלקס־שול, און זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן דער יידישער סאָלטיס הערש מאיר ווישניעווסקי ע״ה, וועלכער פלעגט נישט איין מאָל אָפּראַטעווען יידן פון פאַרשידענע שטראָפן בײַם אײַנמאָנען מלוכהשע און קאָמונאַלע שטײַערן.

און יבדל בין החיים והמות: לאָמיר אויך דערמאָנען דעם לעצטן ראש הקהל ערב דעם חורבן, אהרן פײַערטאָג, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט און לעבט הײַנט אין באר־שבע, ישראל — און דעם לעצטן סעקרעטאַר פון דער קהילה יואל לאַנדע אויך אַ געראַטעוועטער, וועלכער לעבט הײַנט אין בוענאָס־אײַרעס, אַרגענטינע.

*
**

טײַער חנוודיק שטעטעלע מײַנס, סטאָק! דו ביסט שוין איצט מער נישטאָ; ביסט אַוועק אין פײַער און רויך, ווי נאָך הונדערטער און טויזנטער יידישע שטעטעלעך זענען אַוועק; פון דעם אַש דײַנעם, וועט שוין נישט אויפשטיין קיין נײַער יידישער ישוב — אָבער דײַן אָנדענק וועט נאָך לאַנג לעבן צווישן די פאַרוואָגלטע זין און טעכטער דײַנע איבער דער גאָרער וועלט, וועלכע שטעלן דיך — דורך דעם דאָזיקן יזכור־בוך — אַ מצבת נצח.



אַהרן פײַערטאָג / ישראל

# קלײנע און גרעסערע פאַרצײכענונגען פון אַמאָליקן סטאָק

ווען מען דערמאָנט דעם נאָמען פון אונדזער אַמאָליק שטעטעלע סטאָק, וואָס עקזיסטירט שוין מער נישט, אַלנפאַלס נישט מער ווי קײן פלאַץ פאַר ייִדן, קומען אויף זייער אַ סך זכרונות און דערמאָנונגען, וואָס נישט אַלע געדענקט מען גענוי, אַז מען זאָל זיי קאָנען איבערגעבן מיט אַלע נויטיקע פּרטים, און וועגן אַ גאַנצע ריי זאַכן, האָבן זיכער שוין געשריבן, אפשר מיט מער גענויקייט, אַנדערע לאַנדסלײַט. עס פאַרבלײַבן אָבער איבער נאָך זייער אַ סך זאַכן, וואָס בעטן זיך פאַרצייכנט צו ווערן, ספּעציעל ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ בוך, אָדער אַ ספר, וואָס דאַרף דינען ווי אַן אָנדענק, אָדער יזכּור־בוך נאָך דעם שטעטל, וואָס איז, צום באַדויערן, שוין מער נישט פאַראַן.

איך וועל דאָ פּרווון פאַרצייכענען בלויז אַ קלײנעם טייל פון זיי:

1) דאָס איז געווען אין יאָר 1913. איך בין געשטאַנען בײַ דער טיר נעבן מײַן פאָטערס געוועלב פון מאַנופאַקטור און גאַלאַנטעריע, איז דורכגעגאַנגען דער סעקרעטאַר פון „סאָנד פאָקאָיאָווי" (פּריִדנס־געריכט), מיט זײַנע „געסט", האָט ער אָנגעוויזן, אַז דאָ קויפט ער סחורה. זיי, די „געסט" זענען געווען פון גרעסערע שטעט, און זיי האָבן אים געזאָגט דאָס וואָרט, וואָס האָט פאַר מײַנע קינדערישע אויערן געקלונגען אַביסל פרעמד: —„באָיקאָט", האָט געהייסן דאָס דאָזיקע וואָרט— און זינט יענער צײַט, האָט דער דאָזיקער סעקרעטאַר אויפגעהערט צו קויפן סחורות בײַ אונדז און נישט בײַ קײן שום ייִדן.

2) אין יאָר 1914, אין דעם ערשטן אויגוסט פון דאָזיקן יאָר, איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. באַלד אין צוויי טעג אַרום, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאָביליזאַציע פון די וואָס האָבן געהאַט „רויטע בילעטן", האָבן די קריסטן גלײַך פאַרפירט אַ „מלחמה" קעגן די ייִדן; אויפן מאַרק האָבן זיי אָנגעהויבן צו ראַבירן סחורה — און שלאָגן ייִדן ווען זיי האָבן געטראָפן אויפן וועג. דאָס איז געווען בלויז דער אָנהויב, וואָס האָט אָנגעהאַלטן און געווילדעוועט, ביז דעם חודש סעפּטעמבער 1915, ווען די דײַטשן האָבן אָקופּירט דעם טייל פּוילן וואָס האָט פריִער געהערט צו רוסלאַנד. עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין יענער צײַט, זענען גראָד די דײַטשן געווען די „ייִדנפרײַנט". אָבער אין דער צײַט ווען דאָס צאַרישע מיליטער איז אָפּגעטראָטן, האָבן די קאָזאַקן אונדז געלאָזט אַ „לעצט־געלט", האָבן געווילדעוועט און גערויבעוועט בײַ ייִדן און געוואָלט אונטערצינדן דאָס שטעטל.

3) דעם 11טן נאָוועמבער פון 1918, איז פאָרגעקומען די באַפרײַאונג פון פּוילן. און כאָטש מיר ייִדן פון סטאָק, ווי פון די אַנדערע שטעט און שטעטלעך, זענען געווען געבוירענע אין פּוילן און אויך אונדזערע עלטערן און אורעלטערן זענען געווען דאָרטן געבוירענע — און ייִדן בכלל האָבן געהאַט הינטער זיך אַ געשיכטע פון טויזנט יאָר לעבן אין דאָזיקן לאַנד, איז די באַפרײַונג פון פּוילן נישט געווען פאַר אונדז; און פאַר ייִדן האָט זיך „אָנגעהויבן" די אַלט־נײַע תקופה: אויף די מערק האָט מען ווײַטער געשלאָגן ייִדן און אויך אויף די וועגן. ספּעציעל האָט זיך אין דעם „אויסגעצייכנט" די טרויעריק באַרימטע אַרמיי פון גענעראַל האַלער, אויף וועמענס נאָמען מען האָט גערופן זײַן אַרמיי „די האַלערטשיקעס", וואָס האָבן אַרײַנגעפירט אַ „נײַעס" אין זייער קאַמף קעגן ייִדן, דערמיט וואָס זיי האָבן געשניטן די בערד בײַ ייִדן — און געוואָרפן ייִדן פון די לויפנדיקע באַנען.

ווען די פּאָליאַקן האָבן מאַרשירט אויף קיִעוו, זענען די נצחונות געווען, פאַרשטייט זיך, זייערע. אָבער ווען זיי זענען געלאָפן צוריק, זענען די שולדיקע געווען די ייִדן און אַ סך אומשולדיקע ייִדן, האָבן גאַנץ טײַער באַצאָלט פאַר דער פּוילישער מפּלה. איך קאָן דאָ, פאַרשטייט זיך, נישט אויסרעכענען אַלע ייִדישע קרבנות פון אונדזערע געגנטן,

אָבער אין מינסק־מאַזאָוויעצק, האָבן די פּאָליאַקן דערשאָסן דעם דאָרטיקן רב שאַפּירא ז״ל, ווײַל ער איז כלומרשט געווען אַ רוסישער שפּיאָן און האָט איבערגעגעבן ספּעציעלע „צייכנס״ דער רויטער אַרמיי (הרב שאַפּירא, האָט דעמאָלט מחדש געווען די לבנה און דאָס זענען דאָס געווען די ספּעציעלע „געהיימע צייכנס״). אויך ווען די פּאָליאַקן זענען שפּעטער געקומען צו זיך, נאָך דעם „נס בײַם ווײַסל״ האָט מען אין שכנותדיקן מאלקין דערשאָסן אָן אַ שום פאַרוואָס זיבן ייִדן, אַלס כלומרשטע „מיטאַרבעטער מיט די באָלשעוויקעס״. מען האָט אין יענער צײַט אויך אַרויסגענומען די ייִדישע אינטעליגענטן פון דער פּוילישער אַרמיי און זיי קאָנצענטרירט אין דעם טרויעריק־באַרימטן לאַגער פון יאַבלאָנאַ.

4) אין יאָר 1921 איז פאָרגעקומען אַ פאָלקסציילונג פון אַלע בירגער. פאַרשטייט זיך, אַז די פּאָליאַקן האָבן געוואָלט, אַז אַלע זאָלן אויספילן אין דער רובריק: פאָלק „נאַראָדאָוואָשטשי״, דאָס וואָרט „פּאָלסקאַ״ (פּוילישע), אַנשטאָט „זשידאָווסקא״ (ייִדישע). איך האָב געזאָלט זײַן איינער פון די ציילער. אָבער ווען איך האָב דערהערט, אַז מען וויל פאַרגוואַלדיקן די ייִדישע רעכט, בין איך אַוועק אין בית המדרש, בעת דעם שבתדיקן דאַווענען און אויפגעקלערט די פאַרזאַמלטע, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און די ייִדן פון סטאָק האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן, אַז מען זאָל די רובריק „נאַראָדאָוואָשטשי״ אײַספילן אויפן פלאַץ אין זייער אָנוועזנהײַט. מען האָט מיך דערפאַר אַרעסטירט, צוזאַמען מיט מײַן פאָטער מנשה ע״ה. אָבער נאָך אַ קורצער צײַט אַרעסט, האָט מען אונדז ביידע באַפרײַט.

5) אין יאָר 1922, ווען איך האָב געאַרבעט אין וואַרשע אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט, אויף גענשע גאַס, איז צו מיר געקומען אַברהם אסטשעגא ע״ה און מיר דערציילט, אַז די שטײַערן־מאַכט פון סטאָק, האָט אויסגעחשבונט, די שטײַערן אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג, אויף 3—4 מאָל אַזוי פיל, וויפל עס איז זיי פאַקטיש אויסגעקומען צו צאָלן — און דאָס ערגסטע פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס זיי זענען גלײַך צוגעטראָטן דורכצופירן די עקזעקוציעס.

איך האָב מיך דאַן באַפרײַט אויף אַ פאָר שעה פון דער אַרבעט און צוגעפאָרן אין ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט און געבעטן אַן אינטערווענץ. דאַן האָט מיר אַן אַפּליקאַנט פון דעם סיים־דעפּוטאַט, אַדוואָקאַט האַרטגלאַס, געגעבן דעם נומער פון דער פאַראָרדענונג, אין וועלכער עס זאָגט זיך, אַז עס ווערן אָפּגעהאַלטן די עקזעקוציעס פאַר די שטײַערן פון די יאָרן 1920־21. און ער האָט געבעטן אַ שריפטלעכע ביטע פון דער באַפעלקערונג. איך האָב גלײַך אָנגעשריבן די דאָזיקע ביטע אין נאָמען פון דער סטאָקער ייִדישער באַפעלקערונג און דאָס איבערגעגעבן מײַן חבר אברהם אָסטשעגא, וואָס האָט אין אַ קורצער צײַט צוגעשטעלט די ביטע צו דעם ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט און צו דעם קלוב פון די ייִדישע סיים דעפּוטאַטן, וועלכע האָט געהייסן „קאָלאָ״.

באַלד האָט דער אַדוואָקאַט האַרטגלאַס אַרויסגעשיקט אַן אָפּשריפט פון אונדזער ביטע צום פינאַנץ־מיניסטער און געפאָדערט בײַ אים, אַז ער זאָל אַרויסגעבן אַ טעלעגראַפישע פאַראָרדענונג, וועגן אָפּשטעלן די עקזעקוציעס און פאַקטיש זענען די דאָזיקע עקזעקוציעס באַלד אָפּגעשטעלט געוואָרן. גלײַכצײַטיק איז וועגן דעם ענין געווען אַן אינטערפּעלאַציע אין סיים און עס איז דאָרטן אויסגעוויילט געוואָרן אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג־קאָמיסיע און אַלס רעזולטאַט דערפון זענען באַזײַטיקט געוואָרן פון זייערע אַמטן פיר באַאַמטע.

## אַנטיסעמיטישע שטרײַקן אין 1925

נאָך לאַנגע באַמיִונגען פון די פּוילישע גײַסטלעכע, פון דעם גלח לעוויצקי פון קאַמיאָננאַ און אַנדערע „ייִדנפרײַנט״, איז אין סטאָק אַנטשטאַנען אַן אָפּטיילונג פון דער אַנטיסעמיטישער אַרבעטער פּאַרטיי „כ. ד.״ און זיי האָבן געבראַכט אַ ספּעציעלן אינסטרוקטאָר מאַגילעוויטש, וועלכער האָט געדאַרפט אָרגאַניזירן „ווילדע״ שטרײַקן אין די ייִדישע פאַבריקן און אײַזן־גיסערײַען; בײַ די ברידער פערליס און אין דער פאַבריק „אָסטרוווע א. ג.״ אָן קיין שום סיבות. דער אינסטרוקטאָר האָט געשיכורט מיט די אַרבעטער און זיי צוגעזאָגט פאַרשידענע גליקן און געשלאָגן די פורמאַנעס וואָס האָבן געפירט די סחורות פון די פאַבריקן.

זײַן צו רײַכע טעטיקייט, האָט גערופן די אויפמערקזאַמקייט און פאַרדאַכט בײַ דער ניכטערער באַפעלקערונג און מען האָט גענומען זאַמלען אינפאָרמאַציעס וועגן דעם אינסטרוקטאָר מאַגילעוויטש און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז טאַדעאוש פעל טעאָדאָר מאַגילעוויטש, אַ זון פון פיאָדאָראַ און וויערא איז פאַרמשפט געוואָרן אין שטאָט ווראָצלאָוו, אויף

אַ יאָר טורמע און אַ חוץ דעם האָט ער נאָך אַנדערע חטאים און משפטים אין בידגאָשטש און אין אַנדערע שטעט... דאָס האָט זיך באַוויזן אין דער צײַטונג „נאַראָד" — אַ פרימאָרגן־אויסגאַבע. אין דער צײַטונג איז באַשריבן געוואָרן די גאַנצע געשיכטע. צווישן אַנדערעס איז אין דער צײַטונג איבערגעגעבן געוואָרן, אַז דער גלח לעוויצקי, איז געווען פאַרמישט און האָט „געלויבט דעם כיים־דעפּוטאַט אורבאַנסקי און ער האָט געמאָסטן אַנדערע מיט זײַן „ערלעכקייט"...

אָבער פון וואַנען האָט דער סיים־דעפּוטאַט אורבאַנסקי, אויסגעקליבן אַזאַ מין „אינסטרוקטאָר"? דאָס האָט מען בײַ אים געפאָדערט, אַז ער זאָל ענטפערן. און דערמיט האָט ער קאָמפּראָמעטירט די גאַנצע „כ. ד. פּאַרטיי" און דער סוף איז געווען, אַז מאַגילעוויטש איז אַנטלאָפן פון אונדזער געגנט און די אַרבעטער האָבן אַ צײַט לאַנג געבעטן די יִדישע פאַבריקאַנטן, אַז מען זאָל אָנהייבן אַרבעטן און דער „שטרײַק" האָט געדויערט בײַ די 5—6 וואָכן.

## עפּעס וועגן יִדיש - געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן

אין סטאָק איז אַנטשטאַנען אַ יִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן פון 1914־1918, ווו עס פלעגן זיך אַלע אָוונטן טרעפן די דאָרטיקע יוגנט. יעדן שבת זענען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען פון יִדישער געשיכטע, פון נאַטור־וויסנשאַפט און אויך וועגן אַנדערע טעמעס. פון צײַט צו צײַט, האָט מען געבראַכט רעפערענטן פון וואַרשע און פון אַנדערע שטעט. אויך סטאָק גופא האָט געהאַט אירע אייגענע רעפערענטן.

עס זענען בײַ אונדז אויך געווען פאַרשידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי „באָראָכאָוו יוגנט", „צוקונפט" און אויך „צעירי ציון", מיט וועלכע עס האָבן זיך שפּעטער געשטאַרקט די פּאַרטייען לינקע פּועלי ציון, בונד, אַלגעמיינע ציוניסטן און אַ קליינע גרופּע קאָמוניסטן.

ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק, האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויך אויף די יִדישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס. די פּאָליציי האָט זייער אָפט דורכגעפירט רעוויזיעס אין דער ביבליאָטעק און פאַרשטייט זיך, גאָר נישט געפונען אַ חוץ ביכער. אָבער גראָד דאָס האָט זיי אַרײַנגעבראַכט אין גרוים גרימצאָרן און אין סוף פון יאָר 1919, ווען אַ גרויסער טייל פון דער פאַרוואַלטונג איז אַוועק אין מיליטער, האָט די פּאָליציי, אָן שום פאַרוואָס געשלאָסן די ביבליאָטעק און דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן ביז כמעט סוף יאָר 1920 און מיר, די איבערגעבליבענע יוגנטלעכע, האָבן זיך געפילט „היימלאָז" און פאַרוואָגלט.

אין חודש סעפּטעמבער פון 1920, האָט די פּאָליציי געוואָלט פאַרברענען אַלע ביכער, מיט דעם כלומרשטן מאָטיוו, אַז די ביבליאָטעק איז אַ קאָמוניסטישע. און בײַ אונדז האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פראַגע, ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען אונדזער קולטור־פאַרמעגן פון פאַרניכטעט צו ווערן. עס איז דאַן פאָרגעקומען אַ באַראַטונג אין הויז פון סאַנע בורשטיין און איך האָב זיך דעמאָלט אונטערגענומען די מיסיע אָפּצוראַטעווען די ביבליאָטעק, זיך נישט רעכענענדיק מיט דעם, אַז מען קאָן מיר צוליב דעם דאָזיקן „חטא" אַרעסטירן אויף אַ לאַנגער צײַט.

איך בין אַוועק אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט און דערקלערט, אַז אין דער צײַט ווען די עלטערע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער זענען אַוועק אין מיליטער צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד, האָבן זיי איבערגעגעבן אונדז יוגנטלעכע, אַז מיר זאָלן אָפּהיטן דאָס פאַרמעגן פון דער ביבליאָטעק. דאַן האָט מיר דערקלערט דער פּאָליציי קאָמענדאַנט: גוט, וואָס דו ביסט געקומען, האָבן מיר איצט וועמען צוצוציִען צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איך בין דאַן אַרויסגעטראָטן מיט אַ פּאַטריאָטישער דרשה... אַז ווען עס פירן זיך די קאַמפן אויף די פּוילישע פעלדער און אונדזערע יִדישע ברידער, צוזאַמען מיט אַנדערע בירגער פאַרגיסן זייער בלוט אַא״וו און בײַם סוף האָב איך דערקלערט, אַז איך מאַך זיך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם פאַרמעגן פון דער ביבליאָטעק און בעט צו נעמען אין אַכט מײַן דערקלערונג און אַזוי אַרום איז די ביבליאָטעק געבליבן גאַנץ אויף איר פריערדיקן פּלאַץ.

דאַן האָט מען אָנגעהויבן צו קלערן וועגן צוריק דערעפענען די ביבליאָטעק. און צוליב דעם דאָזיקן צוועק איז געפאָרן אַ דעלעגאַציע פון דרײַ פערזאָן קיין וואַרשע. די דעלעגאַציע איז באַשטאַנען פון: שלמה דוד פרײַמאַן, רויזע בורשטיין און דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות. מיר זענען געפאָרן צום ד״ר עמנואל רינגעלבלום ע״ה, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן פאַר יִדישע אַרבעטער", וועלכע האָט גע־

האָט אַן אויסגעאַרבעטן און לעגאַליזירטן סטאַטוס און מיר האָבן באַשלאָסן זיך אָנצושליסן אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט און עפענען אַן אָפּטײלונג אין סטאָק.

דאָס איז נישט געווען אַזאַ לײַכטע אַרבעט, ווײַל מען האָט געדאַרפט האָבן אַ גרויסן לאָקאַל מיט אַ סך צימערן און אויך אַנגאַזשירן לערערס. עס איז אָבער געווען אַ סך גוטער ווילן און יוגנטלעכער גײַסט און עס האָט זיך אײַנגעגעבן צו דינגען אַ שײנעם לאָקאַל (בײַ גוראלן) אין דעם „געמויערטן הויז"... מיר האָבן אַנגאַזשירט דעם לערער גודלעווסקי, וואָס האָט געדאַרפט אָנפירן מיט דער געזעלשאַפט. און פאַרשטײט זיך, אַז אין דער ערשטער רײ האָט זיך אָנגעהויבן די טעטיקײט פון דער ביבליאָטעק, וואָס איז צוריק געוואָרן טעטיק, ווי אין די „אַמאָליקע גוטע צײַטן". יעדן אָוונט האָט זיך דאָרטן פאַרזאַמלט די יוגנט און מען האָט געלײענט פאַרשידענע צײַטונגען, זשורנאַלן, ביכער און מען פלעגט וועגן אַלצדינג דיסקוטירן. עס זענען ווײַטער אויך פאָרגעקומען פאָרלעזונגען און רעפעראַטן ווי פריִער.

אָבער אונדזער גאַנץ אומשולדיקע אַרבעט, איז געוואָרן גרויס אין די אויגן פון דער פּוילישער פּאָליצײ און פון דער פּוילישער רעאַקציע. הויפּטזאַכלעך האָט זײ פאַרדראָסן דאָס וואָס די ייִדישע יוגנט האָט פאַרמאָגט דעם שענסטן לאָקאַל פון סטאָק. האָבן זיך ווײַטער אָנגעהויבן שיקאַנעס. אין אַ שײנעם פרימאָרגן, עס איז גראָד געווען שבת, איז געקומען דער אינספּעקטאָר פון דער זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון פּאָוויאַט זאַריצקי; דער אינספּעקטאָר פון די שולן; דער פּאָליצײ קאָמענדאַנט, דער וואָיט און נאָך אַנדערע — און האָבן געוואָלט, אַז מיר זאָלן זײ אָוועקגעבן דעם גרויסן זאַל.

דאַן איז אויף מיר ווײַטער אויסגעפאַלן די שווערע מיסיע פון פאַרטײדיקן זיך, קעגן אַזאַ „אָנגעזעענער" דעלעגאַציע און איך האָב זײ פּראָסט און פּשוט אַוועקגעשטעלט די פראַגע: וואָס ווילט איר? האָבן זײ מיר געענטפערט, אַז זײ בעטן דעם גרויסן זאַל פאַר זײערע צוועקן. איך האָב מיך אָבער נישט געלאָזט „איבערצײַגן" פון אַזאַ ענטפער און איך האָב זײ קאַטעגאָריש דערקלערט, אַז די געזעלשאַפט „אָוונט קורסן פאַר אַרבעטער", איז אַ קולטור־אינסטיטוציע און אַז די ייִדישע יוגנט וויל זיך אויך לערנען און נישט בלײַבן אין דער פינצטער און אַז מיר געדענקען נאָך די צײַטן פון צאַרישן רוסלאַנד, ווען ייִדן און קריסטן האָבן צוזאַמען געשמאַכט אונטערן רוסישן שטיוול — און שפּעטער אונטער דעם יאָך פון דײַטשן יונקער. און הײַנט, ווען מיר האָבן אַ פרײַ פּוילן, ווילט איר ווײַטער פאַרפאָלגן אונדזער ייִדישע יוגנט? און בײַם סוף האָב איך זיך געווענדט מיט אַ פראַגע צום שול אינספּעקטאָר, צי מען האָט אַ רעכט צו רעקווירירן אונדזער לאָקאַל. און קעגן אונדזער אַלעמענס דערוואַרטונגען, האָט דער שול אינספּעקטאָר דערקלערט, אַז דאָס איז אַ קולטור־געזעלשאַפט און מיר האָבן נישט דאָס רעכט צוצונעמען דעם לאָקאַל.

עס איז דאַן געוואָרן שטיל, ביז 1939, ווען די נאַציס זענען אַרײַן קײן סטאָק און אַלצדינג חרוב געמאַכט. און מיט זײ האָט זיך קײנער נישט געקאָנט אײַסטענהן.

איך געדענק נאָך, אַז אין יענע ערשטע צײַטן, האָבן די לעקציעס און פאָרלעזונגען פון ייִדישער געשיכטע געגעבן סאנע בורשטיין ע"ה און — אים צו לאַנגע יאָר — שלמה דוד פרײמאַן און פון נאַטור־וויסנשאַפט האָט געגעבן די לעקציעס יחיאל בלומענקראַנץ ע"ה.



יודל ניימאַן (קאַנאַדע)

# זכרונות און דערמאָנונגען פון אַמאָליקן סטאָק

אונדזער ליב און האַרציק שטעטעלע סטאָק, איז שוין לאַנג מער נישט פאַראַן — אַלנפאַלס אַזוי ווי מיר האָבן דאָס אַמאָל געקענט און אַלנפאַלס שוין נישט מער מיט די ייִדן, וואָס זענען פאַקטיש געווען די הויפּט־אײַנוווינער פון דאָזיקן ליבן און טײַערן שטעטל. זיי זענען אומגעקומען, ווי מיליאָנען ייִדן פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך פון דעם אַמאָליקן מזרח־אייראָפּע, אין די טעג, אָדער אין די יאָרן פון צאָרן און אומקום.

און דערפאַר פאַלט אויף אונדז אַלעמען אַ חוב צו פאַרשרײַבן און צו דערציילן דאָס וואָס מיר געדענקען און דאָס וואָס עס איז בײַ אונדז פאַרבליבן אין זכרון וועגן דעם דאָזיקן שטעטל. און אויך איך וועל זיך באַמיִען, אויף וויפל מײַן זכרון דערלויבט מיר, אַרויסצוברענגען עפּעס פון דעם אַמאָליקן סטאָק, פאַר אונדזער יזכור־בוך, וואָס דאַרף דאָס זײַן אין אַ געוויסער מאָס די „לעבעדיקע מצבה" פון אונדזער פאַרשניטן שטעטל.

איך וועל אָנהויבן מיט די מלמדים פון אונדזער שטעטל. נישט פון אַלע מלמדים, נאָר פון מײַן אייגענעם מלמד, פון מײַנע ערשטע קינדהייטס־יאָרן. מײַן ערשטער מלמד, אָדער „רבי" ווי מיר האָבן אים גערופן, איז געווען משה איצל זשעלעניעץ, וואָס איז געווען אַ פאָטער פון מײַן פעטער שמואל לייב און די „רביצין" איז געווען העניע ־ פייגע. זיי זענען געוועןביידע שטילע מענטשן — און האָבן ווײַזט אויס געדאַנקט גאָט, וואָס מיר האָבן זיי נישט געטשעפּעט... כאָטש אין גאַנצן רויִק האָבן מיר דעם „רבין" און די „רביצין" נישט דורכגעלאָזט — און זיי האָבן געהאַט פון אונדז זייער אַ סך אויסצושטיין...

ווען איך בין געוואָרן אַ ביסל עלטער, וואָס עס האָט געמיינט שוין פינף יאָר, האָט מען מיך אַרײַנגעגעבן צו אַ „גרעסערן" מלמד — צו ר' נחמן דאָמבעק, אָדער ווי מען האָט אים גערופן, נחמנקע דאָנדעק. ער איז געווען באַקאַנט און געהאַט אַ שם ווי אַ שלעכטער מענטש און ער האָט געוואָלט אײַנפירן בײַ אונדז אַ שטרענגע דיסציפּלין — און ער פלעגט אונדז שלאָגן אומברחמנותדיק מיט דער „כפּראָנזשקע" פון זײַן לעדערנעם פּאַסעק, מיינענדיק, ווײַזט אויס, אַז אויף אַזאַ אופן, וועט ער אין אונדז אַרײַנשלאָגן די תורה... מיר זענען אים אָבער אויך נישט „געבליבן שולדיק" — און פלעגן אים אָפּטאָן „שטיקלעך", פון וואָס ער פלעגט האָבן צו זינגען און צו זאָגן; ווען ער פלעגט אַרויסגיין האָבן מיר אים אונטערגעלייגט שפּילקעס אויף זײַן בענקל און נאָך ענלעכע זאַכן, אַזוי אַרום, אַז מיר האָבן זיך מיט אים „אויסגעגלײַכט".

דאָס איז אַלזאָ געווען אונדזער עלעמענטאַרע בילדונג פון יענע צײַטן. און דאָס איז געווען נישט בלויז בײַ מיר, נאָר בײַ אַלע קינדער פון אונדזער שטעטל — און בלויז געציילטע פלעגן זיך אַרויסכאַפּן אין אַנדערע דערבײַיִקע גרעסערע שטעט, ווו זיי פלעגן לערנען אין די דאָרטיקע ישיבות; קיין ייִדישע שולעס זענען בײַ אונדז נישט געווען — אַלענפאַלס נישט אין די צײַטן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און דאָס ביסל ייִדיש לייענען און שרײַבן, האָבן מיר אויסגעלערנט אין די חדרים — און אונדזער ביסל וועלטלעך וויסן, האָבן מיר שפּעטער באַקומען אין דער ביבליאָטעק.

און אַז מען דערמאָנט שוין די ביבליאָטעק, איז כדאַי איבערצוגעבן אַז אין די ערשטע צײַטן האָט די ביבליאָטעק זיך געפונען אין הויז בײַ זעמבראָווסקין אויף נײַ־סטאָק, נעבן די בורשטיינס און נעבן די לאַנדעס. אָבער אַזוי ווי די ביבליאָטעק האָט אָנגעהויבן צו ווערן וואָס ווײַטער אַלץ גרעסער — און עס האָבן אין די ערשטע צײַטן זיך געפונען אין איר מיטגלידער פון פאַרשיידענע פאַרטייען, ווי פון „בונד", לינקע פועלי ציון און ציוניסטן —און אין די ערשטע יאָרן האָבן אַלע געאַרבעט צוזאַמען טיכטיק אויף דעם קולטור־געביט און געווען זייער פלײַסיק אויף דעם דאָזיקן געביט— האָט מחמת א י ר ברייט ־ פאַרצווײַגטער אַרבעט, זיך איניקע מאָל איבערגעצויגן אין גרעסערע און באַקוועמערע פלעצער.

צווישן די אָנפירערס פון דער ביבליאָטעק — און פון אַנדערע טיילן פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, געדענק איך — און איך בין זיכער, אַז אויך אַנדערע סטאָקער געדענקען זיי, זענען געווען: סאַנע בורשטיין, רויזע בורשטיין און אויך בעריש בורשטיין. זיי פלעגן אונדז געבן רעפעראַטן און לעקציעס וועגן נאַטור־וויסנשאַפט, וועגן פּאָליטישע פראַגן א״א און מיר אַלע פלעגן זײַן באַגײַסטערט פון זייערע לעקציעס. אויך פלעגט יעדן פרײַטיק אין אָוונט דורכגעפירט ווערן „קעסטל־אָוונטן", ווו יעדער איינער האָט געקאָנט שטעלן געוויסע פראַגן און זיך באַטייליקן אין די דיסקוסיעס.

פון צײַט צו צײַט, פלעגן צו אונדז קומען רעפערענטן פון וואַרשע. איך, צום בײַשפּיל, געדענק דאָס קומען צו אונדז פון די רעדנער: נאַטאַן שאַפּראַן, מלך ראַוויטש, ברוך שעפנער, כדי נישט צו דערמאָנען אַלעמען — און זיי פלעגן אַרײַנברענגען אַ גרויסע אויפלעבונג אין שטעטל. עס איז בײַ דער געלעגנהײַט כדאַי צו דערמאָנען, אַז אַ גרויסער טייל פון די רעדנערס פלעגן קומען שבת אין דער פרי. און אונדזערע אָנפירערס פלעגן זיך „פּאַרען" אַרום דעם ווער עס זאָל פאָרן צו דער באַן־סטאַנציע (זשעלעניעץ), שפּעטער סאַדאָוונע, כדי די רעדנערס מקבל פּנים זײַן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ גרויסע זכיה פאַר די וואָס זענען געפאָרן. אָבער ווען מען איז אַרײַנגעקומען אין שטעטל, האָט מען געמוזט פאָרן הינטן אַרום, ווײַל די ווײַבער פלעגן זיצן אויף די שוועלן און פלעגן שיטן טויטע קללות, אויף אָט די „גוייִם", וואָס זענען מחלל שבת. אין גרעסטן טייל פלעגט מען די רעפערענטן אַרײַננעמען אין הויז פון רויזע בורשטיין, וואָס איז אַליין געווען אַ גאַנצע אינסטיטוציע אין שטעטל — און דעם גאַנצן שבת בײַטאָג איז שוין געווען לעבעדיק.

די רעפעראַטן פון די וואַרשעווער רעדנערס, פלעגן פאָרקומען אין דער „שאָפּע" פון די „סטראַזש אָגניאָווע" (פײַערלעשער), וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג וואָס מען איז געגאַנגען קיין נײַ־סטאָק, אַנטקעגן איבער דעם הויז פון דעם גרויסן מאַנעס מאַלישעוויטש דער שנײַדער. איך געדענק, אַז מיר זענען געווען גליקלעך, ווען דער רעפעראַט פלעגט דורך בשלום, ווײַל אין אונדזער שטעטל, ווי אין אַנדערע שטעטלעך, זענען געווען די וואָס מען האָט אָנגערופן „ווײַסע חברהניקעס", וועמען מען האָט אונטערגעשטעלט, אַז זיי זאָלן וואַרפן שטיינער אויפן דאַך — און אַזוי ווי אין דער „שאָפּע" איז געווען אַ בלעכענער דאַך, האָט דאָס גאָר שטאַרק געשטערט צום רעפעראַט...

עס דערמאָנט זיך מיר אויך די קאַמפן און שמײַסן, וואָס עס פלעגן פאָרקומען אין אונדזער יוגנטלעכער געזעלשאַפט, צווישן די פּאַרטייען, וואָס האָבן אָנגעהויבן אויפצוקומען אין אונדזער שטעטל. איך קאָן מיר נישט דערמאָנען אין וועלכן יאָר עס איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג אין אונדזער גרויסער אַלגעמיינער ביבליאָטעק און די צווי „הויפּט־מחותנים" זענען געווען דער „בונד" און די לינקע פּועלי ציון. די אָנפירער פון „בונד" זענען געווען: רויזע בורשטיין, בעריש בורשטיין און שמחה לאַנגלייב, פון די לינקע פּועלי ציון זענען געווען: שלמה דוד פריימאַן, חיים פאָגאַדע, הערשל פּענעמאַן און רחל שוואַרצבערג און יעדער גרופּע באַזונדער האָט געפירט אַ שיינע קולטור־אַרבעט. און אַ חוץ די געוויינלעכע קולטור־אַרבעט האָט יעדער פּאַרטיי־גרופּע אויך געהאַט אַ דראַמאַטישן קרײַז, וואָס פלעגן אויפפירן פאַרשידענע פּיעסן. בײַ די לינקע פּועלי ציון איז דער רעזשיסער געווען שלמה דוד פריימאַן — און בײַם „בונד" זענען דאָס געווען: רויזע און בעריש בורשטיין. יעדער איינער פון די דערמאָנטע האָבן געטאָן זייער אַרבעט מיט אַ סך התלהבות און אַזוי אַרום האָבן מיר זיך אויסגעלעבט געזעלשאַפטלעך.

אויף וויפל איך געדענק אונדזער סטאָקער מאַטעריעל לעבן, האָט דער גרעסטער טייל פון אונדז געלעבט זייער אָרעם און באַשיידן. דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג זענען באַשטאַנען פון קליינע סוחרים און בעלי־מלאכות, וואָס דאָס מיינט פון שנײַדערס, שוסטערס, שמידן, רימערס א״אַ. יעדער אויף זײַן שטייגער האָט געאַרבעט זייער שווער אָבער יעדער איינער אין זײַן אַרבעט איז געווען ערלעך און באַשיידן. מען האָט אין אַ גרויסער מאָס געלעבט פון אונדזערע אַמאָליקע שכנים — פון די פּאָליאַקן, וואָס פלעגן קומען יעדן מאָנטיק אויף די מערק אָדער יאַרידן און פון דעם האָט אונדזער שטעטל געשלעפּט די חיונה. אין די דאָזיקע יאַרידן האָבן זיך אויך באַטייליקט די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווי וועגראָוו, סאָקאָלאָוו, קאָסאָוו — און די גאָר נאָענטע שטעטלעך דערנעבן, וואָס מען פלעגט זיי אָנרופן די

„פאַראייניקטע שטאַטן פון סטאָק", וואָס עס זענען געווען באַצק, לאָפּיאַנקע און לאָכאָוו.

אונדזער שטעטל איז, ווי געזאָגט, געווען זייער אָרעם און אַלע אָן אויסנאַם האָבן געדאַרפט שווער אַרבעטן, אויף דער אָרעמער חיונה, אָבער מען האָט אַלצדינג געטאָן בכבודיק. ווען עס איז געקומען דער פרימאָרגן, האָט מען געזען ווי אונדזערע טאַטעס זענען געלאָפן דאַוונען. די בעלי־מלאכות זענען געגאַנגען אין גרעסטן טייל אין בית המדרש, אָבער אונדזערע חסידישע טאַטעס זענען געגאַנגען יעדער אין זײַן „שטיבל". עס האָבן זיך געפונען אַ סך אַזעלכע חסידים־שטיבלעך, ווי דאָס גערער שטיבל, דאָס אַלעקסאַנדער שטיבל, דאָס סקערנעוויצער שטיבל א״אַ און עס איז געווען אַ גרויסער בית־המדרש אין וועלכן עס האָט אויך געוווינט דער רב, מיט זײַן גאַנצער פאַמיליע אונטער דעם זעלביקן דאַך.

עס דערמאָנט זיך מיר בײַ דער געלעגנהײַט די התונות וואָס עס פלעגן פאָרקומען בײַ דעם רבס קינדער; מען פלעגט אַרויסנעמען אַלע בענק פון דער ווײַבערשער שיל און דאָרטן פלעגן פאָרקומען זייערע חתונות. און בײַ דער געלעגנהײַט דערמאָנט זיך מיר, ווי אַזוי עס פלעגן פאָרקומען חתונות בײַ אונדזער פאַמיליע. מיר האָבן אַלע געוווינט אין קליינע שטיבלעך מיט ענגע צימערן — און ווען עס פלעגט פאָרקומען אַ חתונה בײַ אונדזערע שוועסטערס אָדער ברידער, פלעגן מיר בעטן די וווינונג בײַ די ווײַנטרויבס, וואָס איז געווען יאָסל דער פעלדשער, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן דער "רופא". די ווײַנטרויבס האָבן געוווינט אַנטקעגן איבער אונדז, אין גרויסע, באַקוועמע צימערן — און אַ סך חתונות פלעגן פאָרקומען בײַ אונדזערע שכנים.

די חתונות אין שטעטל פלעגן אַרײַנברענגען אַ סך היימלעכקייט און פריילעכקייט, נישט בלויז בײַ די מחותנים, נאָר אויך אין גאַנצן שטעטל; אויף אַזאַ חתונה פלעגן קומען, נישט בלויז די געבעטענע געסט, נאָר אויך אַ סך אומגעבעטענע... און אויך די גויים פון די דערפער. און אַ סך פלעגן זיך אויפפירן רויִק און אָנשטענדיק. עס האָבן זיך אָבער אויך געפונען אַ סך וואָס פלעגן זיך גרייטן צו מאַכן „לעבעדיק", זיך אָנשיכורן און מאַכן שפעטער סקאַנדאַלן. איך דערמאָן מיך דערבײַ אַ „פאַל", וואָס האָט פּאַסירט אויף דער חתונה בײַ מײַנער אַ שוועסטער. איר נאָמען איז שרה דבורה — און בײַ דער חופּה, האָט מען איר געוואָרפן אַ שטיין אײַנגעוויקלט אין שניי און דער דאָזיקער שטיין האָט איר געטראָפן אין שטערן. צום גליק איז זי אָפּגעקומען בלויז דערמיט וואָס עס איז פאַרפלעקט געוואָרן מיט בלוט אירע ווײַסע קליידער און עס האָט, פאַרשטייט זיך, געקאָנט זײַן אַ סך ערגער.

***

אַזוי ווי מיר שרײַבן זכרונות און נישט קיין געשיכטע, מישן זיך די זאַכן אויס צוזאַמען און מען פאַרלויפט אָפטמאָל, דאָס וואָס עס איז געווען שפּעטער, פאַר די זאַכן וואָס זענען פאָרגעקומען פריִער. און ווען מיר רעדן וועגן דער באַפעלקערונג פון אונדזער שטעטל בכלל, מוז מען זאָגן, אַז דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען שטאַרק רעליגיעז. דאָס פרומע לעבן אין אונדזער שטעטל האָט געשפּילט אַ זייער גרויסע ראָל — אַפילו די יונגע, זענען אויך מיטגעריסן געוואָרן מיט דעם פרומען לעבן. און כאָטש צײַטנווײַז פלעגן מיר אָפּטאָן „שקאָצישע שפּיצלעך", האָבן מיר זיך אָבער קיינמאָל נישט פאַרמאָסטן און נישט געווען בכוח צו פירן אויף דעם געביט אַ שטרײַט מיט אונדזערע עלטערן.

בײַ די פרומע גופא, זענען אויך געווען פאַנאַטישע גרופּעס, וווּ עס האָט אויך געשפּילט אַ געוויסע ראָל דער יחוס זייערער, ווײַל דער גרעסטער טייל פון זיי זענען נישט געווען קיין בעלי־מלאכות, נאָר סוחרים... און עס איז פאַקטיש געווען אַ מין „קלאַסן־אונטערשייד"; די סוחרים זענען געווען חסידים — און די בעלי־מלאכות, מתנגדים, וואָס זענען ווי באַקאַנט, נישט געווען אַזוי פרום.

מיר, די יוגנט, פון די פרום־פאַנאַטישע עלטערן, האָבן פאַרשטייט זיך, אָנגעהויבן צו קוקן אויף אַ סך זאַכן אַנדערש און האָבן אָנגעהויבן אײַנברעכן די ווענט און מחיצות, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן געפּרוּווט אײַנשטעלן צווישן די רעליגיעזע ייִדן גופא און מיר האָבן געזוכט אַ וועג אויף אָפּצושאַפן די יחוס־טיילן און אַ דאַנק טאַקע די אָרגאַניזאַציעס און די ביבליאָטעקן וואָס אונדזער שטעטל האָט פאַרמאָגט, איז אונדז געלונגען אָפּצושאַפן די אַלטע מחיצות — אָבער נישט זעלטן האָבן מיר אַליין אײַנגעשטעלט פאַרשידענע מחיצות — אין גרעסטן טייל פּאַרטיישע צווישן דער יוגנט גופא. מיר האָבן אַלע געשטרעבט צו אַ שענער און בעסער לעבן, כאָטש יעדער איינער האָט אויסגעטײַטשט דאָס דאָזיקע לעבן אויף זײַן שטייגער, בײַ

עס איז געקומען די צווייטע און גרויזאַמע וועלט־מלחמה, וואָס האָט פֿאַרענדיקט מיט דעם גאַנצן דאָרטיקן ייִדישן לעבן און מיט די אַלע שטרעבונגען.

איך מוז ברענגען אייניקע פֿאַקטן און קוריאָזן, וועגן די קאַמפֿן וואָס עס איז אונדז אויסגעקומען אָנצופֿירן קעגן אונדזערע עלטערן און די פֿאַמיליעס פֿאַר אַ ביסל פֿרײַהייט און פֿאַר דעם וואָס מיר האָבן פֿאַרשטאַנען אונטערן באַגריף וועלטלעכקייט. און איך וועל דערציילן אייניקע קוריאָזן פֿון מיר גופֿא און פֿון מײַנע עלטערן מײַן פֿאָטער מאָטל פֿאַרבער ע"ה און מײַן מוטער מאַכלע ע"ה. זיי האָבן פֿאַר קיין פֿאַל נישט געוואָלט, אַז איך זאָל גיין אין דער ביבליאָטעק און איך זאָל לייענען ביכער, וואָס זיי האָבן אָנגערופֿן „טריף־פּסולס". איך האָב אָבער געוואָלט האָבן אַ ביסל פֿרײַהייט און נישט געוואָלט בלײַבן קיין אַנאַלפֿאַבעט, וואָרעם דאָס וואָס עס האָט מיר געגעבן דער חדר, איז געווען בלויז אויף צו קאָנען אָנשרײַבן אַ פּאָר ווערטער — קיין אַנדער שולע האָבן מיר נישט געהאַט. איז אין יענער צײַט געווען בײַ אונדז אַ לערער פֿײַנשטיין, ווי אונדזערע ייִנגלעך און מיידלעך זענען געגאַנגען אויף לעקציעס און ווען מײַנע עלטערן האָבן זיך דערוווּסט, אַז איך גיי אויך אויף אַזעלכע לעקציעס, האָבן זיי מיר אין דעם געשטערט און נישט געוואָלט געבן קיין געלט אויף צו באַצאָלן פֿאַר די לעקציעס, ווײַל זיי האָבן געהאַלטן, אַז אויב מען הייבט אָן זיך צו לערנען, גייט מען אַוועק פֿון ייִדישקייט...

נאָך דעם, ווען זיי האָבן געזען אַז איך הויב אָן צו ברענגען ביכלעך פֿון דער ביבליאָטעק, איז דאָס געווען פֿאַר זיי אַ שרעקלעכע זאַך. מײַן מאַמע האָט מיר געזאָגט אַז אויב זי וועט געפֿינען אַ ביכל, וועט זי דאָס פֿאַרברענען — און איך האָב איר געזאָגט, אַז אין פֿאַל זי וועט דאָס טאָן, וועט זי דערפֿאַר דאַרפֿן פֿײַן ב אַ צ אָ ל ן. און עס איז טאַקע געשען אַזאַ מין פֿאַקט. מײַן מאַמע האָט „סעקוועסטרירט" אַזאַ מין ביכל און אין דער ביבליאָטעק האָט מען געוואָלט, אַז איך זאָל דערפֿאַר באַצאָלן. בין איך דאַן געפֿאַלן אויף אַן המצאה. עס איז בײַ אונדז געווען איינער יענקל, משה פֿאַרבערס זון (וואָס האָט שפּעטער געוווינט אין אָסטראָווע) און ער איז געווען אַ גרויסער קיבעצער. איך האָב אים דערציילט די גאַנצע מעשה און ער איז געקומען צו מײַן מאַמען און איר געמאַכט אַ שרעק, אַז מען וועט זי רופֿן אין „סאַנד" (געריכט) און זי וועט מוזן באַצאָלן דער ביבליאָטעק פֿינף זלאָטעס פֿאַר דעם בוך. מײַן מאַמע האָט גלײַך אַרויסגענומען דאָס בוך פֿון דער באַהעלטעניש און אַוועקגעגעבן...

איך האָב אויך געהאַט אַ זייער שווערן „קאַמף", ווען איך האָב באַשלאָסן צו מאַכן פֿון מײַן לאַנגער קאַפּאָטע אַ קורצע „מאַרינאַרקע" און נישט קיין קלענערן קאַמף האָב איך —און אַ סך ענלעכע צו מיר— געדאַרפֿט אויסשטיין, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן אַרומצוגיין מיט מיידלעך... עס איז דערבײַ אינטערעסאַנט צו באַמערקן, ווער פֿון אונדזערע יוגנטלעכע האָט געהאַט מער מעגלעכקייטן צו ווערן זעלבסטשטענדיק און ווער ווייניקער.

אויף דעם געביט האָבן די קינדער פֿון די בעלי־מלאכות, געהאַט פֿיל מער מעגלעכקייטן צו ווערן זעלבסטשטענדיק; ווײַל אָדער זיי האָבן געאַרבעט בײַ זייערע עלטערן און באַקומען אַ געוויסע שכירות, אָדער ווען דער פֿאָטער האָט אים נישט באַדאַרפֿט, האָט ער אים „פֿאַרדזונגען" צו אַ גרעסערן בעל־מלאכה, אויף אויסצולערנען דאָס פֿאַך — און זיי פֿלעגן דערפֿאַר באַקומען אַ געוויסע סומע געלט און זענען געווען אַ סך פֿרײַער. און נאָך פֿרײַער און זעלבסטשטענדיקער זענען געווען די וואָס זענען אַוועק אין דער „גרויסער וועלט" און דאָרטן אָנגעהויבן צו אַרבעטן און האָבן גלײַכצײַטיק זיך אויך אָנגעהויבן צו פֿאַרנעמען מיט געזעלשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער טעטיקייט.

ערגער איז דאָס געווען מיט אונדז, קינדער, וועמענס עלטערן עס זענען געווען סוחרים — און קיין גרויסע געשעפֿטן זענען בײַ אונדז נישט געווען, אין גרעסטן טייל זענען דאָס געווען קליינע געוועלבלעך, פֿון וועלכע אונדזערע עלטערן גופֿא האָבן נישט געהאַט אויף אַרויסצונעמען פֿון זיי קיין סך — און פֿאַרשטייט זיך, אַז נאָך ווייניקער האָבן געהאַט דערפֿון זייערע אָרעמע קינדער. מיר האָבן אָבער ניט געקאָנט פֿאַרלאָזן אונדזערע עלטערן און פֿלעגן זיך אָפּטמאָל אַרומדרייען ליידיק איבער די גאַסן און נישט געהאַט וואָס צו טאָן. און דער איינציקער „צײַט־פֿאַרטרײַב" אונדזערער איז געווען דאָס אָפּוואַרטן די צײַטונג (אין סטאָק פֿלעגן אָנקומען אַ סך בונדישע „פֿאָלקס־צײַטונגען"), לייענען אַ בוך, אָדער אַוועקגיין אין זאַגייניק און דאָרטן פֿאַרברענגען שעהן; דאָס „פֿאַרברענגען" דאָרטן איז באַשטאַנען אין רעדן, דיסקוטירן — און באַזאָרגן די וועלט־פּאָליטיק...

די „גלאַוונע באַנק" איז געווען בײַ אסתר, משהלס קיטשקאָווסקיס געוועלב. און נישט איין מאָל פֿלעגט זי אַרויסגיין און שרײַען אויף אונדז, אַז מיר

זאָלן פון דאָרטן אַוועקגיין, ווײַל מען „פּאַרטרײַבט איר די קונים" און די לייזעכץ פון די פּאָר גראָשן פּאַר נאַפט, אָדער זאַלץ און נאָך ענלעכע אַרטיקלען. די הויפּט־זיצערס פון דער דאָזיקער באַנק, זענען געווען די ברידער טשאַפּקעוויטש, ישראל פריד און נאָך אַנדערע וועמען איך געדענק שוין איצט נישט.

אַ חוץ די דאָזיקע בענק אָדער „זאַגייניק", האָבן מיר געהאַט „בענק", אָדער לײַקאַסעס, וואָס זענען מער ווי פינאַנץ־אינסטיטוציעס, געווען פלעצער אויף צונויפצוזאַמלען זיך. אַ מין „בית ועד לחכמים", ווו מען האָט באַהאַנדלט „וועלט־פּראָבלעמען". עס איז געווען די גרויסע ליי־קאַסע, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַרק נעבן די פּײַערטאַגס און דער בוכהאַלטער איז דאָרטן געווען שמחה לאַנדע און קאַסיר כײַקל זשעליענעץ, באַגלייט פון אַ גרויסער פאַרוואַלטונג. די ליי־קאַסע האָט טאַקע זייער אַ סך מיטגעהאָלפן דעם אָרעמען סוחר, אָדער בעל־מלאכה, וואָס פלעגט דאָרטן באַקומען אַן הלוואה פון אַ פּאָר הונדערט זלאָטעס, וואָס עס איז פּאַר אים געווען אַ גרויסע סומע און די ליי־קאַסע האָט געאַרבעט אין אַ גרויסן מאַסשטאַב.

אין שטעטל האָט אויך עקזיסטירט נאָך אַ באַנק אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען: שלמה דוד פריימאַן, חיים פּאַגאָדע און הערשל פּענעמאַן און אַ ברייטע פאַרוואַלטונג, וואָס האָט אויך אָנגעפירט אַ גרויסע טעטיקייט און דאָס האָט נאָך אַ מאָל באַוויזן, אַז מען נייטיקט זיך אין סטאָק אין אינסטיטוציעס וואָס קאָנען געבן אַן הלוואה.

ווען שלמה דוד פריימאַן האָט פאַרלאָזט סטאָק און אַוועק קיין פּאַלעסטינע, האָט זײַן אָמט פאַרנומען הינדע שלאָסקע. דאָס זעלביקע איז געשען, ווען אין דער באַנק ווו עס איז געווען טעטיק שמחה לאַנדע און ווען ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע, האָט זײַן אָמט איבערגענומען זײַן ברודער יואל — און ווי מיר האָבן פריער באַמערקט, האָט די יוגנט פון שטעטל, געהאַט ווו צו זיצן...

אויסער די דאָזיקע צווי „בענק", וואָס פלעגן געבן קרעדיטן, האָבן זיך אויך געפונען אַ סך רײַכערע מענטשן (נישט חס־ושלום קיין מיליאָנערן...), נאָר מיט גוטע הערצער, וואָס פלעגן געבן הלוואות, אָדער גמילת חסדים, פאַרשטייט זיך, אַז אָן פּראָצענט און אייניקע פון זיי איז כדאַי צו דערמאָנען, ווי צום בײַשפּיל: אַברהם יאַנקל מאַלצמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע קראָם און די אַלע פון די קליינע געשעפטלעך, פלעגן בײַ אים קויפן. אויך זײַנע קינדער אלי, זכריה און מינדל, וואָס זענען געווען אַזוי טיכטיק ווי דער פאָטער, האָבן אַלץ געפירט מיט אַ סך באַשיידנקייט און זיי האָבן געהאַט גוטע הערצער און זיי האָבן גוט געוווּסט, וועלכער קליי־נער קרעמער גרייט זיך צו פאָרן קיין וואַרשע, נאָך אַ ביסל סחורה — און עס פעלט אים אויס אַ פּאָר זלאָטעס, פלעגן שוין אָט די קינדער, צוזאַמען מיט זייער טײַערער מאַמען חנה צירל, זיי אַוועקפירן אַ גמילת חסד. אויך די סקאָרופּקעס זענען געווען זייער גוטע און האַרציקע אויף צו העלפן דעם וואָס האָט דאָס באַדאַרפט; אויך די גאַלאַנטס — און צווישן די קצבים האָט זיך געפונען די משפחה שנײַדמאַן, וועלכע איז געווען אַ ברייט־פאַרצווײַגטע משפחה, פלעגט שטאַרק העלפן איינער דעם צווייטן.

אָבער אין דער זעלביקער צײַט, ווען בײַ די לײַ־קאַסעס, אָדער „בענק", איז פאָרגעקומען אַ שפּאַל־טונג — און אַ פאַרמערונג, איז אויף אַ צווייטן געביט פאָרגעקומען אַ פאַראייניקונג. איך וויל דאָ דערציילן וועגן אונדזערע דראַמאַטישע קרײַזן, וואָס איך האָב דערמאָנט באַלד פון אָנהייב, אַז מיר האָבן געהאַט גאַנצע צוויי: איינע בײַם „בונד" און די צווייטע בײַ די לינקע פועלי ציון און זיי פלעגן דורכפירן גאַנץ שיינע פאָרשטעלונגען, מיט אַ גאַנץ גרויסן דערפאָלג. אָבער עס פלעגן פאָרקומען קעגנזײַטיקע באַיקאָטן — ביז מען איז געקומען צום באַשלוס, אַז מען דאַרף פאַראייניקן די כוחות אויף דעם דאָזיקן געביט און מען האָט געשטעלט פיעסן צוזאַמען און דער הויפּט־רעזשיסאָר איז געווען שלמה דוד פרײַמאַן — און דער דערפאָלג איז געווען זייער אַ גרויסער, כאָטש עס זענען אויפגעקומען נײַע שוועריקייטן.

איינע פון די נײַע שוועריקייטן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט באַדאַרפט לעגאַליזירן די פיעסן וואָס מען האָט געוואָלט שפּילן. כדי די דאָזיקע פיעסע צו לעגאַליזירן האָט מען גע־דאַרפט די פיעסע איבערזעצן אין פויליש און זי אַוועקשיקן אין „סטאַראָסטוואָ" קיין ווענגראָווע און מען האָט געמוזט אָנגעבן דעם טערמין, ווען מען וועט שפּילן. און עס האָט זייער אָפט געטראָפן, אַז מען האָט שוין געמאַכט די מעלדונגען און אַלע צוגרייטונגען און שוין אַרויסגעשיקט די אײַנלאַדונ־גען און די לעגאַליזאַציע איז נאָך אַלץ נישט גע־האַט אָנגעקומען. און אָדער מען האָט איר אין גאַנצן אָפּגעזאָגט, אָדער „דאָרטן" האָט מען באַ־

שטימט אַן אַנדער טערמין, ווען מיר זאָלן דאַרפן שפּילן... מיט די דאָזיקע אַלע זאַכן פלעגט זיך פאַרנעמען אונדזער אומפאַרגעסלעכער בעריש בורשטיין.

אָבער ווען מיר האָבן שוין געהאַט אַלצדינג אין אָרדענונג, וואָס דאָס האָט געמיינט, סײַ די דורכגעפירטע רעפּעטיציעס און סײַ די דערלויבעניש, איז אין די שבתדיקע אָוונטן, ווען מען פלעגט שפּילן טעאַטער, געווען אַן אמתדיקער יום־טוב אין שטעטל. אַלע, די גאַנצע יוגנט —און אויך עלטערע פלעגן קומען אין טעאַטער— און האָבן זיך נישט געקאָנט זאַט אָפּלויבן פון אונדזערע פאָרשטעלונגען; עס פלעגן אויך קומען זייער אַ סך פון די אַרומיקע שטעטלעך און גאַנץ אָפט, האָט מען געמוזט די פאָרשטעלונג איבערחזרן נאָך אַ צווייט מאָל. דער פּלאַץ ווו מיר האָבן געשפּילט טעאַטער איז געווען די „שאָפּע" פון די פּײַערלעשערס.

*
**

אויסער די ערנסטע זאַכן, ווילט זיך אויך דערציילן וועגן אַ ריי קוריאָזן, וואָס עס זענען פאָרגעקומען אין אונדזער קליינעם און ליבהאַרציקן סטאָק. און אָפּטמאָל זענען אין די דאָזיקע קוריאָזן פאַראַן זייער אַ סך ערנסטע און וויכטיקע זאַכן:

אָט דערמאָנט זיך מיר דער פאַל, אָדער קוריאָז מיט אונדזער שכן מענדל שוסטער, וועמען מען האָט גערופן „מענדל דעם רבס". דאָס האָט זיך גענומען דערפון, וואָס אונדזער רב האָט געהאַט אַ זון מענדל, וואָס האָט געוווינט אין וואַרשע — און אַזוי ווי מענדל דער שוסטער איז געווען דער שוסטער בײַם רב, וואָס עס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז ווען בײַם רב האָבן די קינדער געדאַרפט האָבן שיך, האָט מען גערופן מענדלען און ער האָט פאַר זיי געמאַכט די שיך, דערפאַר האָט מען אים גערופן מענדל דעם רבס.

איך מיין אַז קיין ספּעציעלע גאונים האָט אונדזער שטעטל נישט אַרויסגעגעבן, אַ חוץ די פּאָר געציילטע וואָס מען האָט זיי אָנגערופן משכילים, ווי צום בײַשפּיל: סאנע בורשטיין, יחיאלקע בלומענקראַנץ א"אַ. אויך האָט זיך דאַן געפונען אין אונדזער שטעטל הענעך פינקעלשטיין, וואָס האָט געשטודירט אין גימנאַזיע אין וואַרשע און פלעגט קומען אויף יעדן יום־טוב אַהיים. ער איז געווען זייער אַ שיינער און האָט אויסגעזען ווי די אַמאָליקע פּראָפעסאָרן, מיט די גרויסע שפּאַקולן אויף די אויגן און מיר האָבן געוווּסט, אַז רבקהלע, דעם רבס טאָכטער, האָט זיך פאַרליבט אין אים — כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט האָבן אַ סך שטערונגען אין דעם. ווײַל ווען דער אַלטער רב האָט זיך דערוווּסט, אַז זײַן טאָכטער האָט זיך פאַרליבט אין הענעכן, האָט ער געזאָגט, אַז בײַ זײַן לעבן וועט נישט געשען, אַז זײַן טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט שמעון פינקעלשטיינס אַ זון, כאָטש דער פינקעלשטיין איז געווען זייער אַ רײַכער און באַלעבאַטישער ייִד און דאָס גאַנצע שטעטל האָט פון אים שטאַרק געהאַלטן, אָבער דעם רב איז נישט אָנגעשטאַנען דער שידוך, ווײַל ער איז נישט געווען פון גרויס יחוס; ער אַליין האָט נישט געקאָנט אין די „דראָבנע אותיות" און אויך דער פאָטער פון שמעון פינקעלשטיין איז געווען אַ פּראָסטער ייִד און האָט כמעט נישט געקאָנט דאַווענען, לויט ווי מען האָט דעמאָלט גערעדט בײַ אונדז.

האָט זיך טאַקע געפונען בײַ אונדז אַ גרויסער לץ, וואָס האָט געהייסן פּרויקע דער זייגערמאַכער, לייבל אַדוואָקאַטס זון, האָט ער זיי „אונטערגעפירט" און אין אַ געוויסן שבת בײַטאָג, ווען כמעט די גאַנצע שטעטלדיקע יוגנט פלעגט פאַרברענגען אין אונדזער גרויסן „זאַגײַניק" וואָס מיר האָבן געהאַט — און ווו עס פלעגט קומען כמעט די גאַנצע שטעטלדיקע יוגנט, האָט גענומען דער דאָזיקער פּרויקע דעם דאָזיקן הענעך מיט רבקהן — און זיי „מקדש" געווען... און אין דעם זעלביקן אָוונט, האָט ער אָנגעקלאַפּט בײַם רב אין פענצטער און אים מודיע געווען, אַז ער זאָל וויסן, אַז עס קומט אים אַ מזל־טוב, ווײַל זײַן טאָכטער איז מקדש געוואָרן צו הענעכן...

וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין סטאָק, איז זיך משער צו זײַן; און מען האָט דעמאָלט גערעדט דערפון, אַז הענעך האָט געמוזט „גטן" זײַן „פרוי" רבקה און ער האָט זיך נאָך דעם אַ צײַט לאַנג נישט געוויזן אין סטאָק. וואָס שייך רבקה דעם רבס, האָט מען איר חתונה געמאַכט מיט אַ ווענגראָווער, מיט איינעם פון די דאָרטיקע גאַרבערס, וואָס איז געווען פון גרויס יחוס. זײַן נאָמען איז געווען שמואל — און אַלע באַלעבאַטים פון שטעטל, האָבן זיך שטאַרק געפרייט אויף דער חתונה.

איצט וויל איך איבערגעבן אייניקע עפּיזאָדן פון אונדזער שטעטלע סטאָק אויפן געביט פון מעדיצין. ווי איך געדענק האָבן מיר אין די יאָרן פון ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, נישט גע־

האָט קיין דאָקטער, נאָר עס איז געווען איינער וועמען מען האָט גערופן „פעלדשער", זײַן נאָמען איז געווען קלאָשינסקי, וואָס האָט אַ ביסל געוווּסט פון אַ קרענק... אָבער קיין ערנסטע זאַכן האָט ער נישט געוווּסט. מיר האָבן אויך געהאַט דעם פעלדשער יאָסל ווײַנטרויב, וועמען מען האָט אויך גערופן דער רופא — און מען פלעגט אים איבערהויפּט רופן צו קראַנקע קינדער; ווען ער פלעגט אַרײַנקומען אין אונדזערע הײַזער, ווען אַ קינד איז קראַנק געוואָרן, האָט ער דאָס ערשטע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שאָפּן־פּעלץ (אין גרעסטן טייל פלעגן די קינדער קראַנק ווערן אום ווינטער) און ער פלעגט צוגיין צו דעם וויגעלע — און די מאַמעס פלעגן דערבײַ מאַכן די ברכה, אַז צוזאַמען מיט אים זאָל האָבן אַרײַנגעקומען דער גוטער מלאך... ער פלעגט נעמען אַ לעפעלע עפּענען דאָס מײַלעכל בײַם קינד — און פלעגט באַלד אויפן אָרט מאַכן דעם „דיאַגנאָז", אַז דאָס קינד האָט אַן אָנטצינדונג און ער פלעגט דערפאַר נעמען בײַ אַ דרײַ זלאָטעס — און „אויב נישט נאָך העכער". אַ חוץ דעם האָט ער נאָך געהאַט פּראָפעסיעס; ער איז געווען אַ שערער און ראַזירער און אויך — אַ דענטיסט און פלעגט נעמען זייער הויכע פּרײַזן, ווײַל ערשטנס האָט ער זייער ליב געהאַט געלט און צווייטנס האָט ער געהאַט זייער אַ גרויסע משפּחה, פון עלף קינדער — צען זין און איין טאָכטער. די אַלע זין זענען נישט געגאַנגען אין טאַטנס דרכים, נאָר זענען געווען גוטע בעלי־מלאכות: שנײַדערס, שוסטערס און האָבן געפירט אַ שיין לעבן.

און איצט קער איך מיך אום צוריק צו אונדזער פעלדשער קלאָשינסקי. ער איז שוין געווען אַ ביסל אַ געלערנטער און מיט געוויסע דאָקטערישע רעכטן, ווײַל אויף דער „שילד" בײַ זײַן טיר, זענען געווען דרײַ בלעכלעך אין דער פאָרעם פון טעלערס, דאָס האָט געמיינט, אַז ער האָט שוין אַ רעכט צו שרײַבן רעצעפּטן. וואָס שײַך אַן אַפּטייק, האָבן מיר געהאַט אַ שיינע רײַכע אַפּטייק, אָבער ווען מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ מער ערנסטן רעצעפּט, האָט מען נאָך אַזעלכע געדאַרפט שיקן קיין וואַרשע... איך געדענק נאָך יענע יאָרן, ווען בײַ אונדז האָט געבושעוועט דער טיפוס און די לונגען־אָנטצינדונגען און דער פעלדשער קלאָשינסקי, איז ניט געווען בכוח און האָט נישט געהאַט די מעדיציניש פּראַקטיק צו העלפן די אַלע קראַנקע, האָבן מיר געמוזט אָנקומען צו דעם יאַדעווער דאָקטער, וועלכער איז דאַן געווען די גרעסטע אויטאָריטעט אין אונדזער געגנט.

עס איז אָבער געווען אַ שווערער ענין צוצוקומען צום דאָזיקן דאָקטער, ווײַל מען האָט געמוזט געפינען אַ פויער פון דעם דאָרף, וואָס זאָל וועלן שנעל פאָרן צו ברענגען דעם דאָקטער פון יאַדעווע; און עס איז געווען איינער פון די נסים, ווען די קראַנקהייט בײַם חולה איז געווען פון דעם מין, אַז דער דאָקטער זאָל נאָך באַוויזן עפּעס אויפצוטאָן. אָבער ווען דער יאַדעווער דאָקטער פלעגט שוין אָנקומען אין אונדזער שטעטל, האָבן שוין דערפון געוואָסן אַלע חולאים. מען האָט אים אַרומגעפירט איבער אַלע פלעצער ווו עס איז געווען אַ קראַנקער און ווען ער פלעגט אָנקומען אין די אָוונטן, פלעגט זײַן דער באַגלייטער זײַנער דער גרויסער יוסף באַנוועל, וואָס פלעגט אים אַרומפירן מיט אַ לאַמטערן, איבער די סטאָקער בלאָטעס. אויך פלעגט ער זייער אָפט באַגלייט ווערן פון דעם פעלדשער קלאָשינסקי, וואָס פלעגט אין דער זעלביקער צײַט „כאַפּן" בײַ אים פּראַקטיק...

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, זענען מיר געווען פון די גליקלעכע, ווײַל מיר האָבן באַקומען אַ גוטן דאָקטער פאַר אונדזער שטעטל. זײַן נאָמען איז געווען ד"ר גאָנשער. ער איז געווען זייער אַ גוטער מענטש און טאַקע אַ גוטער דאָקטער; ער איז געווען אַן אַלגעמיינער דאָקטער און ספּעציעל אַן אַקושאָר־דאָקטער. אָבער מיט אים האָט געטראָפן אַ טרויעריקער אומגליקס־פאַל. אַזוי ווי ער פלעגט אויך אַרומפאָרן אין די אַרומיקע דערפער צו היילן די דאָרטיקע קראַנקע, האָט מיט אים פּאַסירט אַ פאַל, אַז ער איז געפאָרן מיט אַ פויער און עס האָט זיך איבערגעדרייט דער וואָגן און דער דאָקטער איז אַרויסגעפאַלן פון דעם וואָגן און האָט זיך צעבראָכן אַ פוס. מען האָט אים געמוזט נעמען קיין וואַרשע אין אַ ספּעציעלער אַמבולאַנס און מען האָט אים געמוזט אַראָפּנעמען דעם פוס — און צום יאָר פון דאָזיקן אומגליק, איז ער געשטאָרבן און מיר זענען ווײַטער געבליבן אָן אַ דאָקטער.

און עס האָט געדויערט אַ לענגערע צײַט, ביז מיר האָבן באַקומען אַ צווייטן דאָקטער, און מיר האָבן אין פאַרלויף פון דער דאָזיקער צײַט געהאַט זייער אַ סך קרבנות. ווײַל ווען איינער איז קראַנק געוואָרן אויף אַן ערנסטער קרענק, איז אונדזער פעלדשער קלאָשינסקי נישט געווען בכוח אים צו

העלפן און מען האָט ווײַטער געדאַרפט פאָרן קיין יאַדאָווע צו ברענגען דעם דאָרטיקן דאָקטער, אָבער ביז מען האָט באַקומען אַ פויער וואָס זאָל וועלן פאָרן און ביז דער דאָקטער איז געקומען, פלעגט שוין אָפטמאָל זײַן צו שפּעט, צו קאָנען ראַטעווען דעם קראַנקן.

אַזאַ מין זאַך, איז געשען מיט מײַן פאָטער, וואָס האָט באַקומען אַ לונגען־אַנטצינדונג און ביז מיר האָבן געבראַכט דעם דאָקטער פון יאַדאָוו, איז שוין געווען צו שפּעט, אים צו קאָנען ראַטעווען. דאָס איז געווען אין יאָר 1924.

***

און אַז מען דערמאָנט שוין וועגן טויט, וואָלט איך שוין פּאַקטיש געקאָנט פאַרענדיקן. עס ווילט זיך אָבער דערציילן וועגן אייניקע לעבעדיקע זאַכן, וואָס זענען געווען אין אַמאָליקן שטעטל, וואָס איז צום באַדויערן איצט שוין אויך טויט — אַלנפאַלס פאַר אונדז ייִדן, וואָס זענען שטענדיק געווען די הויפּט־אײַנוווינער פון דאָזיקן שטעטל סטאָק.

איך וועל דערמאָנען אייניקע יחידים — און שפּעטער איבערגיין צו גרופּעס און אָרגאַניזאַציעס. די יחידים זענען געווען אונדזערע צווי אָרעמע בעלי־עגלות איטשע און יאַנקל, וועמען מען האָט גערופן נישט בײַ די נעמען, נאָר מען האָט זיי גערופן די „ברידער קאָבעלעס". זיי פלעגן פאָרן צו דער סטאַנציע סאַדאָוונע, פון וואַנען מען פלעגט נעמען די באַן אויף צו פאָרן קיין וואַרשע. עס איז באמת געווען אַ גרויסער נס, ווי אַזוי מען איז פאַרפאָרן מיט זייערע שוואַכע און אָרעמע פערדלעך, וואָס זענען נאָך געווען אָרעמער ווי זייערע באַלעבאַטים... און עס איז געווען אַ גרויסער נס, ווי אַזוי מען האָט מיט זיי געקאָנט דערפאָרן, ווײַל קיין שאָסיי איז אין די ערשטע צײַטן נישט געווען. עס זענען אויך געווען אַנדערע בעלי־עגלות אַרקעלע און שואלקעלע, וואָס זענען געווען אַ ביסל רײַכערע, ווײַל זיי זענען געווען פעיִקערע אויף צו קאָנען „כאַפּן" אַ פּאַסאַזשיר וואָס פלעגט קומען מיט סחורה פון וואַרשע. אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן, האָבן מיר שוין געהאַט אַ שאָסיי — און עס האָט אָנגעהויבן צו קורסירן אַן אויטאָבוס צו דער סטאַנציע סאַדאָוונע און די בעלי־עגלות זענען נישט געווען צופרידן און זענען געווען קרבנות פון דער „ציוויליזאַציע".

איך דערמאָן זיך אויך אין די אויספלוגן, וואָס די בונדישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, די „צוקונפט" האָט דורכגעפירט. איין מאָל, געדענק איך, איז אַזאַ אויספלוג אָדער „צוזאַמענפלי" פאָרגעקומען פון דער יוגנט פון אונדזער שטעטל, צוזאַמען מיט דער יוגנט פון אָסטראָווע, ווענגראָוו, קאָסעווע און פון די אַרומיקע שטעטלעך און דער „צוזאַמענפלי" איז דורכגעפירט געוואָרן אין דעם דאָרף טרעבלינקע און דאַן האָט קיינער פון אונדז נישט געטראַכט, אַז דאָס דאָזיקע אָרט וועט אַמאָל זײַן אַ פ ל אַ ץ פאַר גאַז־אויוונס און אויף אומצוברענגען הונדערטער טויזנטער פון אונדזערע טײַערע און נאָענטע.

ענלעכע אויספלוגן פלעגן דורכפירן אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, ווי די לינקע פועלי ציון, „השומר הצעיר" און אויך די „לינקע" און יעדער האָט אויף זײַן אופן געפירט אַ שיינע און ברייט־פאַרצווײַגטע געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע אַרבעט און יעדע איינע האָט געגלויבט אין אַ שענערער און בעסערער וועלט, וואָס איז צום באַדויערן, נישט געקומען, נאָר אַנשטאָט דעם איז געקומען טויט און פאַרוויסטונג.

אָבער נישט בלויז מיט אויספלוגן פלעגן מיר זיך פאַרנעמען, נאָר אויך מיט דירעקטער פּאָליטישער אַרבעט; און אין די וואַלן וואָס פלעגן פאָרקומען צום סיים און צו די שטאָט־ראַטן, האָבן אונדזערע אָרגאַניזאַציעס זיך באַטייליקט זייער אַקטיוו. מיר אַליין פלעגן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל און מיר פלעגן אויך ברענגען רעדנערס און אָרגאַניזאַטאָרן פון וואַרשע.

איך געדענק, אַז איין מאָל אַ שבת נאָך מיטאָג האָט אונדזער יוגנט־אָרגאַניזאַציע גערופן אַ מיטינג אין בית המדרש פאַר מנחה. אין דעם מיטינג, וואָס איז געווען זייער אַ גוט באַזוכטער, האָבן זיך באַטייליקט מענער מיט פרויען צוזאַמען. און עס דערמאָנט זיך מיר דעם טריאומף וואָס מיר האָבן דאַן אָפּגעהאַלטן, ווען די ייִדן זענען געקומען צו מנחה און זיי האָבן דערזען אַ זאַך, וואָס זיי האָבן זיך גאָר נישט געקאָנט פאָרשטעלן. פון אָנהויב האָבן זיי אונטערגעשטעלט אַ פאָר חברה לאָבוסעס, אַז זיי זאָלן מאַכן צווישנרופן, כדי צו שטערן דעם רעדנער — און אַ סך ייִדן האָבן זיך נישט געוואָלט זעצן אויף די פלעצער, ווו עס זענען געזעסן „נשים"...

אין דעם טאָג פון די וואַלן, פלעגן די פאָרשטייער פון די פאַרשידענע פאַרטייען, לויפן איבער די הײַזער און אַגיטירן, אַז מען זאָל שטימען פאַר

זייערע ליסטעס. אין געוויסע הײַזער פלעגט מען אַרויס מיט געשרייען קעגן אונדז, אַז מיר זענען אַפּיקורסים. עס זענען אָבער אויך געווען אַנדערע עלטערן, וואָס פלעגן צורעדן זייערע שכנים, אַז מען זאָל שטימען פאַר די קאַנדידאַטן, וואָס זייערע קינדער האָבן געהייסן. איינע פון די ערשטע מאַמעס, וואָס האָט דאָס געטאָן, איז געווען די מאַמע פון אַהרן זיסק, בינע דעם שטיינער־קלאַפּערס און עס זענען געווען נאָך אַ סך אַנדערע מאַמעס און טאַטעס, וואָס האָבן געפאָלגט זייערע קינדער, אָבער וואָס איך קאָן זיי דאָ נישט אויסרעכענען אַלע.

פאַרלאָזט אונדזערע היימען, ווער צוליב שרעק, אַז די „זיגרײַכע" פּאָליאַקן זאָלן זיך אין אים נישט נוקם זײַן —ווי עס איז טאַקע געשען אין אַ סך אַרומיקע שטעט— און אַנדערע, ווײַל זיי האָבן געגלויבט, אַז זיי וועלן העלפן בויען אַ בעסערע וועלט — און גראָד זיי האָבן די ערשטע זיך אַנטוישט און צוריקגעקומען.

עס האָט אין יענער צײַט געדויערט אַ פּאָר וואָכן און חדשים, ווי אַ סך פון די דאָזיקע „בעזשענצעס" זענען צוריקגעקומען. אַלע מאָל אַן אַנדערער, ביז די לאַגע אין פּוילן האָט זיך „נאָרמאַליזירט", אויף



אַרויסבאַגלייטנדיק פריידע רחלען מיט די קינדער און אסתר נאָזבלאַט צו זייער אָפּפאָר קיין אַרגענטינע צו זייערע מענער: חיים פּאַגאָדע און אברהם י. שוואַרצפאַרב

די דאָזיקע שטרײַטן פלעגן זיך אויך איבערחזרן, ווען מען האָט געדאַרפט אויסוויילן דאָזאָרעס צו דער יידישער געמינע — און אויך דאָ האָבן זיך באַטייליקט אַלע פּאַרטייען פון רעכטס ביז לינקס.

עס איז אויך כדאַי צו דערמאָנען די צײַט פון יאָר 1920, ווען די באָלשעוויקעס זענען דערגאַנגען ביז וואַרשע און שפּעטער צוריקגעטראָטן און אַ גרויסער טייל פון אונדזער יוגנט, איז מיט זיי אַוועק און געוואָרן „בעזשענצעס" (היימלאָזע). מיר האָבן

וויפל מען האָט בכלל געקאָנט רעדן וועגן אַ נאָרמאַל לעבן פאַר יידן אין פּוילן. און אַזוי האָט מען געלעבט ביז דעם יאָר 1939. אַ סך פון אונדז האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל און אַריבערגעפאָרן אין גרעסערע שטעט און אַ סך זענען אַוועק אין אַנדערע לענדער פון דער גרויסער וועלט; ווער עס איז אַוועק קיין פּאַלעסטינע, ווער קיין אַרגענטינע, אָבער דער גרעסטער טייל איז פאַרבליבן ביז דעם גרויסן חורבן, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט —כאָטש נישט

איבערגעלעבט— פון דעם היטלער גהינום און אַ טייל איז געלונגען זיך צו ראַטעווען קיין רוסלאַנד, ווו אַ סך זענען אומגעקומען אין קאַלטן סיביר.

***

גאַר בײַם סוף (ווײַל אחרון אחרון חביב), וויל איך דערמאָנען אַ ריין פּערזענלעכן מאָמענט, וואָס איך גלויב אָבער, אַז ער איז מער ווי ריין פּער־זענלעך; איך וויל אַרויסברענגען עפּעס פון דעם לעבן פון מײַן אומפאַרגעסלעכער שרה רויזע, ווע־מען איך געדענק, ווען איך בין נאָך געווען זייער יונג. שפּעטער בין איך מיט איר געווען פאַרבונדן אין די בעסטע און ערגסטע יאָרן פון אונדזער צו־זאַמענלעבן — און ווען איך וועל שטענדיק גע־דענקען, כל זמן איך וועל נאָך לעבן.

שרה־רויזע איז געווען די איינציקע טאָכטער בײַ אירע עלטערן. איר פאָטער איז געווען דוד שלמה דער סופר, וועלכער איז געווען דער שענ־סטער און איידלסטער ייִד פון שטעטל; ער פלעגט שרײַבן אַ ספר תורה, נישט ווי קיין פאַך, נאָר ווי אַ הייליקייט, אָדער אַ געטלעכקייט. איר מוטער אסתר דאָבע, האָט אַרויפגעקוקט אויף איר מאַן, ווי אויף אַ געטלעכן מענטש — און זי איז דאָס טאַקע געווען די פּרנסה־געבערין, כדי נישט אָפּצורײַסן איר מאַן פון זײַן הייליקער אַרבעט און זי פלעגט זיך פאַרנעמען מיט האַנדלען קיין וואַרשע — און האָט שווער געאַרבעט, נאָר דאָס אָנגעגנומען מיט ליבשאַפט, כדי צו קאָנען שפּײַזן דעם מאַן און דער איינציקער טאָכטער.

אָבער דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער מאַן און פאָטער איז געשטאָרבן יונגערהייט און איך גע־דענק נאָך ווי דאָס קינד שרה־רויזע, פלעגט גיין יעדן טאָג אין בית המדרש צו זאָגן קדיש נאָך איר פאַרשטאָרבענעם פאָטער. דאָס איז פאַר אַלעמען גע־ווען אַ וווּנדער און — אַ סענסאַציע.

די מוטער האָט, פאַרשטייט זיך, געמוזט נאָך מער אַרבעטן ווי פריער, אָבער גאַר שנעל, ווען שרה־רויזע איז געוואָרן עפּעס עלטער, האָט זי אָנ־געהויבן עפּעס אַרויסהעלפן דער מוטער און אַרויס־געוויזן אַן ענערגיע, וואָס איז געווען אַ סך אַ גרע־סערע ווי אירע יונגע יאָרן. זי האָט אָבער געהאַט זייער אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר די פּראָבלעמען פון לעבן.

שפּעטער האָט איר מוטער, אַלס אַ יונגע אַל־מנה, נאָך אַמאָל חתונה געהאַט, וועלנדיק דערמיט אויסבעסערן דאָס לעבן פון איר איינציק קינד. אָבער די חתונה איז נישט געווען קיין געלונגענע — און שרה־רויזע האָט נישט געקאָנט אײַנשטי־מען מיט איר נײַעם „פאָטער" און האָט אָנגעהויבן צו קרענקען. און אין אירע יוגנט־יאָרן, האָט זי דורכגעמאַכט זייער אַ שווער לעבן מיט אַ סך אָפּע־ראַציעס, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט אין וואַרשע — און כמעט איר גאַנץ לעבן, ביז מיר האָבן חתונה געהאַט, האָט זי געמוזט לעבן אויף אַ שטרענגער דיעטע און מיט אַ סך רעצעפּטן. זי האָט אָבער אין זיך פאַרמאָגט אַזוי פיל לעבנס־לוסט און מוט, וואָס האָט איר אַלצדינג געמאַכט פאַרגעסן. איר הויז איז געווען כמעט אַן אָפּטיילונג פון דעם גע־זעלשאַפטלעכן לעבן. יעדן אָוונט איז מען זיך צו־זאַמענגעקומען בײַ איר אין הויז און מען האָט זיך אונטערגעהאַלטן געזעלשאַפטלעך און דאָרטן איז געווען אַן אויסמיש פון אַלע פּאַרטייען און ריכטונ־גען, ווײַל זי האָט געהאַט די נאָענטסטע און בעסטע גוטע פרײַנד צווישן די ציוניסטן, בונדיסטן, לינקע פועלי ציון און אַנד'.

אַזוי איז דאָס געווען, ביז מיר האָבן חתונה גע־האַט אין יאָר 1927 און עס האָט זיך נישט געענ־דערט קיין סך אויך נאָך אונדזער חתונה. מיר האָבן געפירט אַ שיין צוזאַמענלעבן און מיר האָבן גע־האַט צוויי קינדער: מאַטעלע און שלמהלע וועלכע מיר האָבן דערצויגן אויף דעם בעסטן אופן, ביז עס איז אונטערגעקומען די שרעקלעכע צײַט פון דעם גרויזאַמען חורבן. מיר האָבן אָבער באַוויזן אי־בערצולעבן צוזאַמען אין די שרעקלעכסטע באַדינ־גונגען, ביז מיר זענען געקומען אין דעם פרײַען לאַנד קאַנאַדע — און דאָ איז זי פון מיר אַוועק־געריסן געוואָרן, מסתמא ווי אַ רעזולטאַט פון די קראַנקהייטן פון אירע יוגנט־יאָרן — און טאַקע ווי אַ יונגע און יוגנטלעכע, וועט זי אייביק לעבן אין מײַן אָנדענק.

בצלאל קאַרצאַרזש / בוענאָס־איירעס

# סטאָק מײַן היים־שטאָט, ווי איך געדענק זי

(זכרונות און פאַרצייכענונגען)

ווען איך הייב אָן עפּעס צו שרייבן פאַר דעם יזכור־בוך, הויבט מיר אָן צו שווינדלען פאַר די אויגן, מײַנע הענט הייבן אָן צו ציטערן און דער קאָפּ און מײַן האַרץ, ווערן אויפגעברויזט און דוכט זיך, אַז זיי ענדערן זייער פּלאַץ.

איך דערמאָן זיך אין דער ערשטער ריי, מײַן טײַערע משפחה; מײַן פאָטער און מוטער, מײַנע זיידעס און באָבעס, שוועסטער און ברידער, מיט זייערע קליינע קינדער, ווי זיי זענען אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַן אײַזערנער קייט פון די דײַטשע מערדערס, וועלכע האָבן זיי אַרויסגעפירט פון אונדזער אַמאָליקער היים־שטאָט סטאָק און זיי געפירט אויף דעם „וועג", וווהין מען האָט געשיקט די זעקס מיליאָן יידישע קדושים — אין די גאַז־קאַמערן.

די מערדערישע דײַטשן, זענען צוגעהאָלפן געוואָרן פון אונדזערע פּוילישע „שכנים", וואָס האָבן געיאָגט אונדזערע פאַראָרעמטע ברידער און עלטערן, כדי זיי זאָלן קאָנען ווערן די באַלעבאַטים פון די פאַרמעגנס, וואָס סטאָקער יידן האָבן געהאַט; זייערע געשעפטן און דאָס ביסל האָב און גוטס, וואָס די דײַטשע רויבערס האָבן נישט געקאָנט צונעמען, אָדער האָבן נישט געפונען פאַר נייטיק דאָס צו טאָן.

צײַטנווײַז טראַכט איך וועגן דעם, אַז ווען מײַן עקאָנאָמישע לאַגע אין מײַן היים־שטאָט, וואָלט געווען אַ בעסערע, וואָלט איך נישט געדאַרפט פון דאָרטן אַנטלויפן באַצײַטנס — און איך וואָלט מיך געפונען צוזאַמען מיט זיי — מיט די טראַגיש־אומגעבראַכטע און וואָלט געהאַט דעם זעלביקן גורל וואָס זיי, צו מײַן גליק, בין איך פון דאָרטן באַצײַטנס אַוועק און קאָן וועגן דעם אומקום גופא פון אונדזער שטעטל נישט שרײַבן, נאָר איך קאָן בלויז דערציילן עפּעס וועגן דעם, וואָס סטאָק איז געווען ערב דעם אומקום, פון דער צײַט ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק.

איך הויב אָן מיט דער צײַט, ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק, אין סוף פון יאָר 1918 און שפּעטער נאָך דער שליסונג פון ווערסײַלער שלום־טראַקטאַט. באַלד נאָך איר זעלבסטשטענדיקייט, האָט פּוילן געדאַרפט אונטערשרײַבן די דעקלאַראַציע, אַז די יידן, ווי אַלע מינדערהײַטן, וועלן באַקומען גלײַכע רעכט און אַלע וועלן זײַן בירגער פון דער זעלביקער קאַטעגאָריע און וועלן דינען אונטער דער זעלביקער פאָן.

אָבער דאָס איז געווען אין אַ דעקלאַראַציע (וואָס איז שפּעטער אָנערקענט געוואָרן דורך דער פעלקער־ליגע), אָבער איך געדענק נאָך ווי הײַנט, ווען איך בין אין יענער צײַט געווען אין וואַרשע און האָב געדאַרפט אָפּפאָרן אַהיים אַרום צען אַ זייגער בײַנאַכט, געדענק איך ווי איך בין געגאַנגען אויף דער טאַרגאָווע גאַס און האָב זיך דערנענטערט צו דעם פּלאַץ, וווּ איך האָב געדאַרפט נעמען די באַן און מיט אַמאָל האָבן זיך צו מיר דערנענטערט צוויי פּאָליאַקן, איינער פון פאָרנט און דער צווייטער פון הינטן און אָן אַ שום פאַרוואָס, האָט מען מיר אַזוי מכבד געווען, אַז פון דעם ערשטן „שטעמפּל", האָב איך נאָך אַ צײַט לאַנג געהאַט די צייכנס — און דאָס איז געווען מײַן ערשטע „דעקלאַראַציע", וואָס איך האָב באַקומען פון די פּאָליאַקן...

פון דעם שטעטל סטאָק, בין איך שוין אַוועק איבער פערציק יאָר. אָבער ווען איך הויב מיך אָן צו דערמאָנען, וואָס אַלץ עס איז דאָרטן פאָרגעקומען, זעט מיר אויס ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען און אַז איך בין ערשט נעכטן פון דאָרטן אַוועק. און איך וועל שילדערן מײַן שטעטעלע סטאָק מיט די דאָרטיקע יידן, אַזוי ווי זיי האָבן נאָך אויסגעזען בעת מײַן אַוועקפאָרן, כאָטש איך ווייס, אַז דאָס איז נישט מער ווי אַ חלום פון אַמאָל.

אין מײַן צײַט, האָבן אין סטאָק געוווינט בײַ אַ דרײַ הונדערט יידישע פאַמיליעס, וואָס דאָס מיינט

ביי אַרום צוויי טויזנט נפשות. קיין גענויע ציפער וועגן די צאָל דאָרטיקע ייִדן האָט מען נישט געהאַט, פּונקט ווי מען האָט נישט געקאָנט גענוי פעסטשטעלן, ווי לאַנג און אין וועלכן יאָרהונדערט אונדזער שטעטעלע איז געגרינדעט געוואָרן און זינט ווען עס האָט דאָרטן עקזיסטירט אַ ייִדישער ישוב. פאַר אונדז האָט זיך געדוכט, אַז אַ ייִדישער ישוב אין סטאָק, איז געווען אייביק — און אויפן דאָרטיקן ייִדישן בית־עולם האָט מען געפונען מצבות, פון גאָר אַלטע צייטן און אויך אַזעלכע מצבות, אויף וועלכע מען האָט שוין נישט געקאָנט לייענען די אויפשריפטן און מען האָט נישט געוווסט פון וועלכע יאָרן זיי זענען.

עס איז אויך נישט פאַראַן קיין באַשטימטקייט אויף פעסטצושטעלן, פון וואָס ייִדן האָבן געלעבט אין דעם שטעטל סטאָק; כאָטש דער אמת מוז געזאָגט ווערן, אַז דער גרעסטער טייל פון סטאָקער ייִדן, האָבן נישט „געלעבט", נאָר געמאַטערט זיך, אויף דעם אַז זיי זאָלן קאָנען אויסאַרבעטן, אַז זייערע קינדער זאָלן האָבן כאָטש אַ שטיקל ברויט צו דער זעט. נאָר ווי שלעכט עס איז געווען מיר און די אַנדערע ייִדן פון שטעטל, האָבן מיר דאָס שטעטל ליב געהאַט, ווייל מיר האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אייגנס — און פאַר דער היים.

אַרום דעם מאַרק זענען געווען שמאָלע געסלעך, וואָס זענען נישט געווען ברוקירט. די הייזקעס זענען געווען הילצערנע און די דעכער באַדעקט מיט שינדלען און ווען עס פלעגט זומער פאַלן אַ גרויסער רעגן (אום ווינטער האָט דאָרטן נישט גערעגנט, נאָר געשנייעט), פלעג איך לויפן אויפן בוידעם און דאָרטן אויסשטעלן טעפּ מיט שיסלען, כדי „איינצוהאַלטן" דעם רעגן. אָבער דער רעגן האָט זיך געטאָן זיינס און ער פלעגט דורכגיין דורך דעם סופיט, איבער די שפּאַלטן וואָס זענען דאָרטן געווען און פאַלן ביז צו די פאָלן. מיר פלעגן שטענדיק פירן אַ קאַמף מיט דעם רעגן, אָבער אויסגעפירט האָט דער רעגן...

איך פלעג אַרויסגיסן דאָס וואַסער פון שטוב אין דעם געסל. אָבער דאָס זעלביקע האָבן אויך געטאָן די אַנדערע, וואָס האָבן געוווינט אין זעלביקן געסל און אין די בלאָטעס האָט זיך אָנגעגאָסן אַ סך וואַסער און די בלאָטעס זענען שיטערער געוואָרן און עס פלעגט ווערן אַ גאַנצע „פאַרפלייצונג" און מען האָט נישט געקאָנט אַרויסשטעלן קיין פוס פון דעם געסל. עס האָט זיך געטראָפן נישט איין מאָל, ווען מען פלעגט אַרויסגיין מיט די שטיוול אין גאַס (און זיין גרעסטן טייל פלעגן די שטיוול זיין גרעסער ווי דער פוס — כדי עס זאָל קאָנען וואַקסן...), פלעגט דער פוס אַרויסקריכן פון שטיוול און אַריינקריכן אין די בלאָטעס... און אַלע קליינע געסלעך פון שטעטל, האָבן פאַר מיין צייט געהאַט דעם זעלביקן פנים.

אַ קליינע ענדערונג איז געווען אויף דעם מאַרק. דאָרטן זענען די גאַסן אַרום די שפּייז־קראָמען און אַרום די שניט־קראָמען, יאָ געווען ברוקירט ביי אַ צוויי מעטער פון די געשעפטן. אָבער אויך דאָרטן האָבן נישט געפעלט קיין בלאָטעס, כפּעציעל ערב פּסח, ווען דער שניי האָט אָנגעהויבן זיך פונאַנדערצוגיין — און אפילו אויך אין די אַנדערע צייטן פון אַ גאַנץ יאָר.

מיר פלעגן שטענדיק זאָגן, אַז מיר האָבן אַ קלוגן רב. איך ווייס נישט גענוי אויף וויפל עס איז באַשטאַנען זיין קלוגשאַפט, אָבער איך ווייס, אַז ער האָט מיטגעהאָרעוועט מיט די דאָרטיקע ייִדן אויפן שטיקל ברויט, און כדי צו קאָנען לעבן פון די דאָרטיקע אָרעמע ייִדן, האָט מען באמת געדאַרפט זיין קלוג. און דער סטאָקער רב האָט מיטגעלעבט די ערגסטע צייטן מיט די סטאָקער ייִדן — און דערפון נעמט זיך זיכער זיין קלוגשאַפט.

מיט איין זאַך איז אונדזער שטעטל געווען באַגליקט: מיר האָבן פאַרמאָגט אַ גרויסע „שאָפע" אין דאָרטן האָבן זיך געפונען די פייערלעשער. דאָס זויכטיקסטע וואָס די דאָזיקע פייערלעשער האָבן פאַרמאָגט, איז געווען דער גלאָק, אויף —„ווי עס זאָל זיך נישט מאַכן"; נאָר דאָס שטעטל סטאָק האָט געהאַט דאָס גליק, אַז עס פלעגן דאָרטן נישט פאָרקימען קיין שרפות. עס פלעגט זיך אַמאָל מאַכן, אַז עס איז אויסגעבראָכן אַ שרפה אין אַ דאָרף. אָבער איידער זיי האָבן צונויפגענומען די „קאַפּעליע", האָט געדויערט דאָס קלינגען אין גלאָק ביי אַ שעה צייט, איידער די פייערלעשער זענען זיך צונויפגעקומען. נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן אַ „סדרה" מיט זוכן פערד, ווייל נישט אַלע האָבן געוואָלט געבן זייערע פערד און ווען מען האָט שוין מיט שוועריקייטן באַקומען די פערד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פעסלעך האָבן נישט קיין וואַסער. אָבער די ערשטע זאַך וואָס די פייערלעשער פלעגן טאָן, איז האָבן זיי זיך אָנגעטאָן די מעשענע קאַסקעס און אַז זיי האָבן זיך אָנגעטאָן דעם „אוניפאָרם", האָבן זיי אויסגעזען ווי די אמתע פייערלע־

שער. אָבער ווען זיי זענען געקומען אין דעם דאָרף, האָבן זיי שוין נישט געהאַט וואָס צו לעשן — ווײַל אַלצדינג איז שוין געווען אָפּגעברענט...

ווי געזאָגט, האָבן מיר געהאַט איין גליק אין סטאָק, וואָס אין שטעטל גופא, איז קיין מאָל נישט פאָרגעקומען קיין שרפה; ווײַל ווען אַזאַ שרפה וואָלט פאָרגעקומען, איז מיט אַזעלכע „פײַערלעשער", איז ווער ווייסט וואָס פון דעם שטעטל וואָלט געוואָרן. אין מײַן צײַט זענען ייִדן אויך געווען אין דער אָפּטיילונג פון די פײַערלעשער און זיי האָבן אויך געטראָגן די מעשענע קאַסקעס אויפן קאָפּ, אַז עס פלעגט פון זיי אַזש לײַכטן... און ייִדן האָבן זיי באַוואונדערט: „נו, ווי געפעלן אײַך אונדזערע פײַערלעשער? אַ שיינקייט אויף זיי צו קוקן!" — נאָר זאָל בעסער נישט ברענען און מען זאָל זיי נישט באַדאַרפן...

ווי איך האָב שוין פריִער באַמערקט, האָבן די סטאָקער ייִדן ליב געהאַט זייער שטעטל און פאַר זיי איז נישט געווען קיין שענערע שטאָט, ווי אונדזער שטאָט סטאָק — און קיין בעסערע ייִדן, ווי די וואָס סטאָק האָט פאַרמאָגט.

***

פון וואָס האָבן געלעבט די ייִדן פון סטאָק? קיין גאָר גרויסע פאַבריקן זענען אין שטעטל סטאָק גופא נישט געווען, עס זענען אָבער געווען דערפער אַרום סטאָק; אין די אַלע צוויי אָדער פיר קילאָמעטער, איז געווען אַ דאָרף און יעדן מאָנטיק פון דער וואָך, פלעגט זיך „שטעלן דער מאַרק" און עס פלעגן זיך צוזאַמענפאָרן די פויערים פון די דערפער און יענער טאָג פלעגט דאָס ברענגען „חיונה" פאַר דער גאַנצער וואָך. ייִדן פלעגן קויפן בײַ די פויערים די תבואה; די קצבים פלעגן קויפן בהמות און ייִדן פלעגן אויך קומען פון די אַרומיקע שטעטלעך, מיט זייערע פאַרטיקע סחורות אויף צו פאַרקויפן.

אָבער נישט בלויז „חיונה" פלעגט מען האָבן פון דאָזיקן מאַרק, נאָר גאָר אָפטמאָל פלעגט מען אויף די דאָזיקע מערק כאַפּן פויערישע קלעפּ, אָן אַ שום פאַרוואָס, נאָר בלויז דערפאַר ווײַל מען איז אַ ייִד. מען פלעגט זייער אָפט הערן אַ געשריי אויף דעם מאַרק און אַ געוואַלד, אַז מען שלאָגט ייִדן — און אַז גויים שלאָגן, טוען זיי דאָס „מיטן גאַנצן האַרצן" און מיטן גאַנצן כוח. וויפל מאָל האָב איך אַרײַנגעכאַפּט בײַטשן פון די פויערים, איידער איך בין געקומען אין שטוב אַרײַן און נישט איין מאָל זענען די צייכנס פון די בײַטשן געבליבן אויף מײַן לײַב. און נישט בלויז בײַ מיר, נאָר אויך אַנדערע פלעגן באַקומען די זעלביקע בײַטשן און עס פלעגט בײַ זיי בלײַבן די זעלביקע צייכנס, נאָר אַזוי האָט מען געמוזט לעבן, צווישן אונדזערע שכנים, די פּאָליאַקן. דער טאָג פון מאַרק איז געווען אַ טאָג פון פּרנסה — אָבער אויך אַ טאָג פון שרעק פאַר די ייִדן, און אַזוי האָט מען געמוזט לעבן און האָפן, אַז אפשר וועט אַמאָל קומען אַ בעסערע צײַט.

מיט וואָס האָבן זיך פאַרנומען די ייִדן פון שטעטל? דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען קליינהענדלער. איך אַליין בין אויך געווען אַ קליינהענדלער און ווי איך האָב אָפּגעשאַצט זענען געווען בײַ די צען פּראָצענט שניט־קרעמערס; אַ צוואַנציק פּראָצענט זענען געווען שפּײַז־קרעמערס און איבער צוואַנציק פּראָצענט זענען געווען האַנטווערקערס, וואָס האָבן אַרומגענומען שנײַדערס, שוסטערס, סטאָליאַרעס, רימערעס, שמידן, בלעכערס, שינדל־מאַכערס, (וואָס זענען געווען גלײַכצײַטיק אַרבעטער און סוחרים), תבואה־הענדלערס א"אַ. דערצו קאָן מען אויך צורעכענען די מלמדים, וועמענס פרויען עס פלעגן אויך צוהעלפן מיט עפּעס צו דער פּרנסה. און די אַנדערע, בײַ די דרײַסיק פּראָצענט, זענען געווען קליינהענדלער, וואָס פלעגן גיין אין די דערפער און דאָרטן קויפן פאַרשידענע סחורות, ווי: אייער, פּוטער, עופות און אַלץ וואָס מען האָט געקאָנט באַקומען אין די דערפער — און די דאָזיקע סחורות פלעגן מיר אָוועקפירן קיין וואַרשע.

איך דערמאָן זיך: יעדן דינסטיק אַרום צוויי בײַנאַכט, פלעג איך אָנקלאַפּן און אויפוועקן איטשע דעם באַלעגאָלע, וואָס איז געווען אַביסל פויל און פלעגט זיך בײַם רעדן אַביסל פאַרהיקן. איך פלעג צו אים טענהן:

— איטשע, עס איז שפּעט, מיר וועלן נאָך פאַרשפּעטיקן.

און ער פלעגט מיר ענטפערן, אַז עס איז נאָך צײַט — און מיר וועלן נישט פאַרשפּעטיקן די באַן. איך פלעג אים נישט אָפּלאָזן און פלעג גיין צו אים אפשר צען מאָל, ביז איך האָב אים אויפגעוועקט. מײַן היים איז געווען אַ פּאָר שפּאַן פון זײַנער און דערפאַר פלעג איך אַרויספאָרן שטענדיק פריִער ווי די אַנדערע — און ער פלעגט צו מיר האָבן גאַנצע טענות פאַר דעם וואָס איך האָב אים צו פרי אויפגעוועקט. פאַרשטייט זיך, אַז ער פלעגט פאָרן, נישט

בלויז מיט מיר אַליין, נאָר ער פלעגט אויפן וועג אויפנעמען זײַנע פּאַסאַזשירן. ווען מען פלעגט שוין אַרויספאָרן אויפן מראַזאָוואַלער וועג, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע סדרה בלאָטעס, ווײַל פון סטאַק קיין זשעלעניעץ, ווו עס איז געווען די באַן־סטאַנציע, איז נישט געווען קיין שאָסיי און בלאָטעס האָבן דאָרטן קיין מאָל נישט געפעלט — און מען האָט זייער אָפט געמוזט במחילה אַראָפגיין פון וואָגן און גיין צו פוס.

איטשע דער באַלעגאָלע האָט קיין מאָל נישט געוואָלט מיטנעמען קיין פרויען אויף זײַן וואָגן; ער האָט אויף זיי געטראָגן אַ ספּעציעלן כעס, דערפאַר ווײַל ווען אַ פרוי פלעגט יאָ אַרויפגיין אויף זײַן „ריטוואָגן", האָבן געקאָנט זײַן די גרעסטע בלאָטעס זענען זיי נישט אַראָפּגעגאַנגען. דערפאַר האָט ער זיך באַמיט, אַז בלויז מענער זאָלן פאָרן מיט אים. כחורה —פלעגט ער זאָגן— מעגט איר אַרויפלייגן וויפל איר ווילט, נאָר אַזוי ווי דער וואָגן האָט נישט געקאָנט גיין אין די בלאָטעס, איז די וואָס זענען מיט אים געפאָרן, האָבן געמוזט, נישט בלויז אַרונטערגיין פון דעם וואָגן, נאָר העלפן דעם וואָגן אַרויסשלעפּן פון דעם „טינטערל". איטשע האָט זיך אויך שווער געמאַטערט אויפן שטיקל ברויט — און ווי פויל ער איז נישט געווען, פלעגט ער מוזן אויפשטיין יעדע נאַכט, נישט געקוקט אויף דעם, צי עס האָט יאָ גערעגנט, אָדער נישט גערעגנט, אַלץ איינס האָט ער געמוזט פאָרן קיין זשעלעניעץ צו דער באַן. און צי האָט ער געהאַט פון זײַנע נסיעות אויף צו עסן, האָט ער נאָר אַליין (און גאָט) געקאָנט וויסן... מיט אַלע זײַנע חסרונות, האָט ער געהאַט אַ זייער גוטן כאַראַקטער צו זײַנע „פּאַרשוינען" און ער פלעגט שטענדיק קומען צום באַן מיט 5 מינוט איידער די באַן איז אָפּגעגאַנגען קיין וואַרשע.

אין יענע יאָרן, ווען איך בין געווען אין פּוילן, פלעגט מען שטענדיק צו דער באַן צוטשעפּען אַ פּאָר לעצטע וואַגאָנען, וואָס האָבן זיך אָנגערופן די דריטע קלאַס און אין די דאָזיקע וואַגאָנעס פלעגט מען אויך פירן די משא. די פּאַליאַקן פלעגן אויסשטעלן לאַנגע בענק אין די וואַגאָנעס און בײַנאַכט אָנצינדן אַ נאַפט־לעמפּל. די דאָזיקע באַן פלעגט קומען פון די גרענעץ־געביטן וואָס פּוילן האָט געהאַט מיט רוסלאַנד. פון דאָרטן פלעגן אויך קומען קריסטן, אָבער גאָר זעלטן האָט מען פון זיי געהערט אַנטיסעמיטישע אויסדרוקן. אַנדערש איז אָבער געווען מיט די פּאַליאַקן, וואָס פלעגן זײַן פון אונדזער געגנט. ווען זיי האָבן געזען, אַז יידן פאָרן מיט זיי צוזאַמען, איז דאָס ערשטע געווען צו זען, וועלכע יידן עס טראָגן בערד, כדי מען זאָל זיי קאָנען אָפּשנײַדן — און אויב נישט איז סתם אַרויסוואַרפן אַ יידן פון וואַגאָן, ווען די באַן איז געלאָפן.

איך געדענק אַ פאַל, ווען די דאָזיקע פּאַליאַקן, האָבן נאָך זייער רעדן אָנגעהויבן אַריבערגיין צו „מעשׂים". פונקט האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף איינעם יאַנקל, וועמען מען האָט אָנגערופן „גענדזועלע", ווײַל ער איז געווען אַ פעסט יידל; אַ נידעריקער אין וווּקס נאָר אַ שטאַרקער. ער האָט נישט מורא געהאַט פאַר קיין קלאַפּ — און ווען די פּאַליאַקן האָבן זיך מיט אים „פּאַרטשעפּעט", האָט ער דעם פּאַליאַק גלײַך פאַרפאָרן אין פּיסק אַרײַן. אָפט מאָל, פלעגט ער אײַנכאַפּן אַ קלאַפּ פון אַ פּאַליאַק, אָבער „שולדיק" איז ער קיין מאָל נישט געבליבן. איז פונקט כאַפּט זיך אַריבער אַ פּאַליאַק דאָ ווו מיר זענען געזעסן — כאָטש שטענדיק האָבן מיר זיי געוואָלט אויסמײַדן, נאָר גיי מײַד זיי אויס, אַז זיי זענען די, וואָס פלעגן זיך וואַרפן אויף אונדז. איז אָט דער דאָזיקער פּאַליאַק, האָט אַרויסגענומען אַ שערל און געוואָלט בײַ יעקבן אָפּשערן אַ האַלבע באָרד. יעקב בעט זיך בײַ אים: לאָז מיך אָפּ, פּאַרטשעפּע זיך נישט מיט מיר, ווײַל דו וועסט שלעכט אָפּשנײַדן... דער פּאַליאַק גיט אָבער יעקבן אַ כאַפּ אָן פאַר דער באָרד — און איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, עס האָט נישט געדויערט קיין מינוט, ווי מען האָט געהערט געוואַלדן פון דעם פּאַליאַק, אַז יידן האָבן אים געוואָלט הרגענען... אַ גליק וואָס עס איז אַרויפגעקומען דער קאָנטראָליער פון די בילעטן און עס האָט זיך אַ ביסל אײַנגעשטילט. דער פּאַליאַק האָט געהאַט אַ פאַרלאָפן אויג און יאַנקל האָט געהאַלטן דאָס שערל און אָנגעוויזן, אַז מיט דעם שערל, האָט דער פּאַליאַק געוואָלט בײַ אים אָפּשערן זײַן באָרד און דערבײַ געוואָרנט, אַז: ווער עס זאָל נישט זײַן, וועט ער אים קיין מאָל נישט לאָזן באַפלעקן זײַן באָרד, ווײַל דאָס איז בײַ מיר אַ הייליקייט. אַוודאי האָבן די פּאַליאַקן געשריגן, אַז: „אין אונדזער פּוילן, ווו די „זשידעס" זענען פרעמדע, וואָגן זיי נאָך צו שלאָגן אונדזערע ברידער"...

מיר, וואָס זענען געזעסן מיט די צעהיצטע פּאָליאַקן, האָט אויף אונדז געציטערט די הויט אויפן לײַב. אָבער יאַנקל איז זיך געזעסן גאַנץ רויק און זיכער, ווי עס וואָלט גאָר נישט פאָרגעקומען. אַ פאַקט איז געווען, אַז די פּאַליאַקן האָבן שוין זייערע הענט מער נישט געהויבן אין דער דאָזיקער נאַכט.

אַזעלכע ווי יאַנקל, האָט סטאָק פאַרמאָגט אַ סך. זיי האָבן געקאָנט צונעמען אַ קלאַפּ פון אַ פּאָליאַק, אָבער זיי פלעגן נישט בלײַבן שולדיק — און דער פּאָליאַק פלעגט זײַנס צוריקבאַקומען מיט „פּראָצענט"... און די דאָזיקע פּאָליאַקן האָבן שוין געוווּסט, אַז מיט די „יאַנקלס". איז נישט כדאַי זיך אָנצוהייבן און בכלל איז בעסער נישט צו האָבן צו טאָן מיט זיי.

אַזוי פלעגט מען פאָרן וואָך־אײַן, וואָך־אויס קיין וואַרשע מיט די זעלביקע פּאָליאַקן, וואָס פלעגן אונדז וועלן וואַרפן פון די וואַגאָנעס, ווען די באַן איז געלאָפן, אָדער אָפּשנײַדן בײַ די יידן די בערד. אַזעלכע „רעכטן" האָבן מיר געהאַט אין פּוילן! ווען מיר פלעגן אַמאָל צוגיין צו אַ פּוילישן באַאַמטן און אים פרעגן: פאַרוואָס קומט אונדז, אַז איר זאָלט אונדז אַזוי שלעכט באַהאַנדלען אין די באַנען? — איר דאַרפט דאָך אָפּהיטן די אָרדענונג? פלעגן זיי אונדז ענטפערן: דינגט אײַך באַזונדערע וואַגאָנען, וועט איר פאָרן באַקוועמער. איר שטופּט זיך צופיל אין די וואַגאָנען און איר לאָזט נישט דורכגיין קיין מענטש. איר פירט מיט זיך צופיל פּעק. וואָס האָט איר געמיינט, אַז איר זענט בײַ זיך אין שטוב? ווען איינער גיט אײַך אַ שטויס, מאַכט איר באַלד אַ געוואַלד, אַז מען וויל אײַך אַרויסוואַרפן פון די באַנען. איר שרײַט, אַז מען שנײַדט בײַ אײַך די בערד — און איך זע, אַז אַלע יידעלעך טראָגן זייערע בערד און קיין איינער פון אײַך איז נאָך נישט געהרגעט געוואָרן... און אַלע רגעס קומט איר זיך באַקלאָגן; ווען איך וואָלט באַדאַרפט אָננעמען אַלע אײַערע אָנקלאַגעס —ווי איר ווילט— וואָלט קיין איינער פון אונדזערע פּאָליאַקן נישט געקאָנט פאָרן מיט די באַנען.

ערשט דעמאָלט האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די גאַנצע פּוילישע באַפעלקערונג איז איבערפולט מיט שרעקלעכער שנאה קעגן יידן און אַלע זענען גלײַכע אַ נ ט י ס ע מ י ט ן. דאָס איז געווען אין די יאָרן פון 1918—1919. און אונדז יידן איז אויסגעקומען צו פאָרן יעדע וואָך קיין וואַרשע און די ווערטער האָב איך געהערט פון כלערליי פּאָליאַקן. עס איז געווען שווער צו לעבן צווישן די פּאָליאַקן, אָבער מען האָט דאָך געמוזט לעבן צווישן זיי, ווײַל קיין אַנדער אויסוועג איז פאַר אונדז נישט געווען.

די איינציקע „טרייסט" פאַר מיר איז געווען דאָס, וואָס איך בין נישט קיין אויסנאַם — נישט קיין „בן יחיד" אויף דעם געביט, נאָר אַרום די נײַנציק פּראָצענט פון יידן פון סטאָק און זיכער אויך, אַז פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך ווי אונדזערע, האָבן בײַ די נײַנציק פּראָצענט פון יידן אַזוי געלעבט און זיך געמאַטערט. און דאָך האָבן מיר קיין מאָל נישט פאַרלוירן די האָפענונג אויף בעסערע צײַטן און — דעם שמייכל אויפן פּנים. און איינער דעם צווייטן איז נישט מקנא געווען און איינער דעם אַנדערן האָט זיך באַמיט אַרויסצוהעלפן, מיט וואָס ער האָט נאָר געקאָנט; עס זענען געווען מידות בײַ די סטאָקער, וואָס איינער דעם אַנדערן האָט מיטגעהאָלפן, ספּעציעל די יעניקע וואָס האָבן נישט געהאַט קיין גענוג ברויט צו דער זעט.

עס זענען געווען אַ סך יידן אין דעם שטעטל, וואָס האָבן אין גאַנצן נישט געהאַט קיין פּרנסה. פלעגן אַרויסגיין פאַרלעך אויף צוזאַמענצונעמען נדבות, כדי יענע צו העלפן. און גאַנץ אָפט פלעגט מען זיך טיילן מיט דעם לעצטן ביסן ברויט. אַמערסטן פלעגט דאָס געשען דאָנערשטיק, ווען מען האָט געוווּסט, אַז עס זענען פאַראַן פאַמיליעס, וואָס פאַרמאָגן נישט אויף צו „מאַכן שבת" — און די דאָזיקע פאַמיליעס האָבן פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט אויסשטרעקן די האַנט אויף צו בעטן. אָבער עס פלעגן זיך שטענדיק געפינען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָרגט אַז יידן זאָלן האָבן צום שבתדיקן מאָלצײַט חלות אויפן טיש און ווײַן אויף צו מאַכן קידוש.

***

מיר פלעגן אויך האָבן אונדזערע פריידן און לײדן אויף אַנדערע געביטן. איינע פון אונדזערע פריידן איז געווען דאָס צוזאַמענקומען זיך פרײַטיק צונאַכטס נאָך דעם עסן. דער זיץ־פּלאַץ און דער זאַמל־פּונקט, איז געווען נעבן דער געמינע. מען פלעגט זיך דאָרטן אַוועקזעצן אויף די לאַנגע קלעצער, וואָס פלעגן דאָרטן שטענדיק ליגן, כאָטש קיינער האָט נישט געוווּסט נאָך וואָס מען דאַרף זיי. מען פלעגט זיך אונטערשפּאַרן מיט קליינע קלעצלעך — און דער „סעאַנס" האָט זיך אָנגעהויבן.

מײַן גרופּע איז באַשטאַנען פון קליינע סוחרים און אַ חוץ מיר פלעגן זיך דאָרטן שטענדיק אויך געפינען יחיאל ניימאַן, כײַקל זשעלעניעץ, מאָטל פּאָגאָדע און אַנדערע. יידן האָבן דאָ קיין מאָל נישט געפעלט — און גלײַך ווי מען האָט דאָ דערזען יחיאלן, האָט מען שוין געוווּסט, אַז ער וועט אַלעמען מאַכן לאַכנדיק, ווײַל ער איז שטענדיק געווען אַ וויצלער פאַר יענעם (פאַר זיך אַליין איז ער גע־

ווען גאַנץ ווײַט פון צו זײַן פרייליך, ווײַל זײַן פריוואַט לעבן, איז געווען זייער אַ טרויעריקס — און ער פלעגט מיר אָפט זאָגן מיט זיפץ: צאַלקע, איך האָב געהאַט אַ בלום אין מײַן האַרץ און זי איז אָפּגעריסן געוואָרן און אַוועק פון מיר), איך פלעג קומען צו אים אין שטוב אַרײַן, ווען ער איז געקומען אַהיים פון דער מקווה.

איידער מען פלעגט גיין אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ פון דער געמײנע, פלעגט מען יעדן פרײַטיק נאָך מיטיק גיין אין מקווה אַרײַן, דאָרטן פלעגן קומען אַלע מענטשן פון שטעטל און שטענדיק פלעגט פרײַטיק דאָרטן זײַן געפּאַקט מיט מענטשן און איינער פלעגט ממש זיך אַרויפשטופן אויף דעם צווייטן און צו דער געוויינלעכער היץ, פלעגט דאָרטן זעצן אַ פּאַרע ממש נישט איבערצוטראָגן.

מיר פלעגן אויך זײַן „פּאַרנומען" מיט דער פּאָליטיק, וואָס איז אין גרעסטן טייל באַשטאַנען אין רעדן וועגן דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט נישט געלאָזט לעבן דעם ייִדן. די פּוילישע רעגירונג פלעגט אַרויפלייגן אַזעלכע גרויסע שטײַערן אויף ייִדן, אַז עס איז געווען אוממעגלעך זיי צו צאָלן און די שטײַערן פלעגן אַרויפגעלייגט ווערן סײַ אויפן גרויסן סוחר און אויך אויף דעם קליינעם. און אויב מען האָט נישט געקאָנט באַצאָלן די שטײַערן, פלעגט מען צונעמען דאָס מעבל, די בעט־געוואַנט און אין גרעסטן טייל פלעגט מען זוכן און צונעמען די שבת־דיקע לײַכטער. און דערפאַר האָט מען זייער אָפט געזען, אַז פרײַטיק צו נאַכטס, פלעגן נישט שטיין קיין לײַכטער אויף די טישן.

עס זענען געווען אָרעמע שפּײַז־קרעמלעך, וואָס האָבן פּאַקטיש נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן; עס איז נישט געווען קיין קילאָ צוקער אין גאַנצן קרעמל און דאָס העכסטע וואָס עס איז דאָרטן געווען איז געווען אַ קילאָ מעל, אַ קילאָ זאַלץ, מיט אַ ביסל נאַפט. אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, האָט דער דאָזיקער קרעמער געדאַרפט באַהאַלטן אין קעשענע — און נאָך אַ סך פּראָדוקטן, האָט ער געמוזט באַהאַלטן זוער ווייסט ווו. דאָס גאַנצע „לייזעכץ" איז געווען כּמעט, אין דעם מאַרק־טאָג. דער קרעמער האָט אָבער אין יענעם טאָג מורא געהאַט, אַז עס זאָל נישט אַרײַנפאַלן דער סעקוועסטראַטאָר (שטײַערן־אינספּעקטאָר); פאַר אים האָט מען זיך געמוזט אויסהיטן מיט אַ סך אַרטיקלען און ספּעציעל מיט פּאַפּיראָסן, ווײַל די דאָזיקע אַקציזניקעס, וואָס זענען געווען גרויסע אַנטיסעמיטן, פלעגן צונעמען אַלצדינג און נאָך מאַכן שטראָפן.

אונטער אַזעלכע שווערע באַדינגונגען האָט געמוזט לעבן דער קליינער קרעמער און צאָלן אומגעהויערע גרויסע שטײַערן און האָבן מיט זייער „מסחר" געדאַרפט פאַרזאָרגן זייערע קינדער מיט אַ שטיקל ברויט און שיקן זייערע קינדער אין שולע, אָדער אין חדר און מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן ווי אַזוי עס האָט געלעבט דער מלמד, וואָס פלעגט האָבן תלמידים פון אַזעלכע קבצנים און דער גרעסטער טייל פון די מלמדים, האָבן נישט געהאַט אויף צו עסן צו דער זעט.

איך וויל דערמיט נישט זאָגן, אַז אַלע סטאָקער ייִדן האָבן געלעבט גלײַך, אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן געלעבט אין אָרעמקייט. אין דער צײַט, ווען איך בין נאָך געווען אין סטאָק און מײַנע האָפענונגען זענען געווען, אַז איך זאָל קאָנען אַמאָל אַוועק פון פּוילן, פלעג איך פרײַטיק בײַטאָג האָבן ווייניק וואָס צו טאָן. אין שטוב פלעגן די ברויען זאָגן: אפשר וואָלט איר זיך נישט געדרייט אַזוי פיל אונטער די פיס? גייט בעסער צו דער געמײנע און איר וועט שוין טרעפן מיט וועמען צו רעדן. איך פלעג אויסקוקן אויף דער דאָזיקער געלעגנהײַט און איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז איך וועל דאָרטן זײַן דער ערשטער, אָבער ווען איך פלעג אַהין קומען, איז שוין כּמעט אויך געווען און עס איז דאָרטן אויך געווען יחיאל ניימאַן און איך גיב אַ קוק, אַז אויך יחיאל סטאָלאָוויטש איז דאָרטן פאַראַן. אויף אים האָט מען זיך נישט געריכט און איך האָב אים געפרעגט:

— ווי קומסטו אַהער?

און זײַן ענטפער איז געווען, אַז מען האָט מיר געגעבן דעם וועג פון שטוב, בין איך אויך געקומען אויף דער „פאַרזאַמלונג"...

אויף אונדזערע „פאַרזאַמלונגען" פלעגן מיר שטענדיק רעדן, אַז מען דאַרף אַנטלויפן פון פּוילן. כּמעט האָט שטענדיק געהאַלטן, אַז מען דאַרף אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, ווײַל אין אַמעריקע גייט מען גלײַך אַרײַן אין אַ פאַבריק און מען באַקומט באַלד צוויי דאָלאַר אַ טאָג. און אַז מען שיקט קיין פּוילן אַ דאָלאַר, איז דאָס דאָ גאַנצע אַכצן זלאָטעס און פון דאָזיקן געלט קאָן מען שוין גוט לעבן. יחיאל פלעגט אים ענטפערן:

— פון מײַנעט וועגן מעגסטו פאָרן קיין אַמעריקע, אויב מען וועט דיך נאָר דאָרטן אַרײַנלאָזן. איך וואָלט אַפילו געפאָרן קיין קובאַ, ווו עס זענען פאַראַן ווייניק ייִדן און מען פאַרדינט אויך נישט אַזוי גוט, נאָר אַבי זיך אַרויסצורײַסן פון פּוילן.

דערווייל האָט די „פאַרזאַמלונג" זיך אויפגע־לייזט און יעדער איז צוריקגעקומען צו זיך אין שטוב. אונדזערע פרויען האָבן שוין געהאַט צוגע־גרייט דעם שבת און די לײַכטער זענען שוין גע־שטאַנען אויף די טישן — און ווער עס האָט נישט געהאַט קיין לײַכטער, האָבן די פרויען אוועקגעש־טעלט בלעכענע טעצלעך, אין זיי אַרײַנגעשיט זאַמד און אין זיי אַרײַנגעשטעלט אַ ליכט. און ווען מען צינדט אָן די ליכט, ווערט פריילעכער אין שטוב און אויף דער נשמה. אַפילו די קליינע, שמאַלע געסלעך ווערן אויך לעבעדיקער און ליכטיק. פון די קליינ־וואַרג איז דאָך אָפּגערעדט אַז זיי באַלײַכטן נאָך מער ווי די ליכט; מען דערקענט דאָס אין זייערע אייגע־לעך און די יאַנקעלעך מיט די שרהלעך, פלעגן דאָס שבת אַרײַנברענגען די גאַנצע פרייד אין שטוב און ווען עס פלעגט קומען דער שבת, האָט מען שוין ניט געוואָלט אַרײַנקלערן וועגן דעם, וואָס דער מאָרגן און די וואָך וועלן ברענגען.

אָט די „יאַנקעלעך" מיט די „שרהלעך", ווען זיי זענען געוואָרן עלטער (איך בין שוין דעמאָלט נישט געווען אין סטאָק), האָבן באַלויכטן דאָס גאַנצע שטע־טל אונדזערס. זיי האָבן אמתדיק געלעבט אין דער זעלביקער אַרעמקייט ווי זייערע עלטערן, אָבער זיי האָבן געקעמפט פאַר זייער עקזיסטענץ און געהאָפט, אַז עס וועלן אַמאָל קומען בעסערע צײַטן אין דער גאַנצער וועלט און אויך אין אונדזער סטאָק. זיי זע־נען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין יוגנט־געזעלשאַפטן און האָבן מיטגעהאָלפן צו שאַפן פאַרטיי־אָפּטיילונ־גען בײַ אונדז אין שטעטל, ווי פון „בונד", פועלי ציון א"א און זיי האָבן געשאַפן אַ כוח אויף צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. די דאָזיקע יוגנט, האָבן ווייניקער מורא געהאַט פאַר די אַנטיסעמיטישע פּאַליאַקן און פלעגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד און פלעגן ענטפערן מיט אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ. און זיי זענען נישט גע־בליבן זיצן בלויז אין סטאָק, נאָר פלעגן אויך פאָרן אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך. אַ סך פון זיי זע־נען געוואָרן לעקטאָרן און געגעבן לעקציעס און רע־פעראַטן אין אַנדערע שטעטלעך — און אַנדערע פלעגן פאָרן קיין וואַרשע, וווּ זיי פלעגן אַרבעטן און אויך זיך לערנען געזעלשאַפטלעך און אַ טייל פון זיי האָבן זיך שפּעטער אַרויסגערוקט און געוואָרן דאָס, וואָס מען רופט אָן אינטעליגענץ און זיי פלעגן אָנ־פירן מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. קיין שרײַבערס האָט סטאָק נישט אַרויסגעגעבן, אָבער קולטור־מענ־טשן מיט אַ געוויסן סטאַזש, זענען יאָ געווען.

ווען איך האָב געהאַלטן בײַם אָפּפאָרן פון סטאָק, איז צו מיר געקומען דער אַלטער שמש און מיר געזאָגט, אַז עס רופט מיך דער רב און וויל זיך מיט מיר געזעגענען — און אַז דער רב רופט, דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, גיין. אין מײַן צײַט פלעגן די אַלע וועלכע האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל סטאָק, צי זיי פלעגן פאָרן קיין צפון־אַמעריקע, צי קיין אַר־גענטינע, פלעגן זיי גיין זיך געזעגענען מיט דעם רב און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אויב דער רב רופט מיך דאַרף איך גיין און אים לאָזן אַ מתנה — און דאָס ערשטע וואָס איך האָב געטאָן בײַם אַרײַנקומען צום רב, איז געווען דאָס אַוועקלייגן אים די דאָזי־קע מתנה. דער רב האָט מיר געגעבן די האַנט און האָט מיר צוגעווונטשן, אַז איך זאָל פאָרן געזונטער־הייט קיין אַרגענטינע. אָבער איין זאַך האָט ער מיר געזאָגט: „דו זאָלסט קיין מאָל נישט פאַרגעסן אין דײַן שטעטל סטאָק; דו זאָלסט זיך דערמאָנען אין אונדזער שטעטל, ווען עס וועט קומען אַ יום־טוב, זאָלסטו צושיקן אַ פּאָר דאָלאַר, ווײַל שטענדיק זע־נען פאַראַן נויטבאַדערפטיקע".

איך האָב דאָס צוגעזאָגט דעם רב און האָב אויך צוגעזאָגט מײַנע חברים, אַז איך וועל זיי אַריבער־נעמען קיין אַרגענטינע און האָב דאָס בפירוש גע־וואָלט דערפילן אין די ראַמען פון מײַנע מעגלעכ־קייטן; עס איז אָבער מיט מיר געשען ווי מיט איי־נעם, וואָס וויל אײַננעמען די וועלט און שיקט אַרויס אַ באַלאָן, צו זען ווי ער פליט — און פלוצים האָט דער באַלאָן זיך צעריסן; עס איז בײַ מיר געשען אַזיינס, פון וועלכן איך דערצייל אויף אַ צווייטן פּלאַץ אין דעם דאָזיקן יזכור־בוך, ווען מײַן באַלאָן, —וואָס איז געווען איבערפולט מיט אַ סך האָפענונ־גען— איז אויף אַ טראַגישן אופן צעריסן געוואָרן.

איך האָב דעמאָלט פאַרלוירן דעם אינטערעס אין לעבן בכלל —און האָב שוין אויך נישט געהאַט מער קיין קאָנטאַקט מיט מײַנע נעכטיקע חברים און אויך נישט מיט מײַן גאַנץ שטעטל. איך האָב דאָן פאַרלאָזט מײַן שטעטל סטאָק אויף אייביק און צו אונדזער אַלעמענס אומגליק, איז אויך אונדזער שטעטל, גלײַך ווי הונדערטער אָדער טויזנטער אַנ־דערע ייִדישע שטעטלעך אויסגעראָטן געוואָרן און עקזיסטירן שוין נישט מער; אַ פינצטערער שאָטן איז פאַרבליבן פון אַמאָליקן סטאָק מיט אירע הונדער־טער ייִדן.

אָבער זאָל זייער אָנדענק בלײַבן לעבן בײַ אונדז, אין אונדזערע הערצער אויף אַלע אייביקייטן!

יצחק ראָזענבערג / מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

# דער וואַלד

## זײַן ראָל און אײַנפלוס אויף דער יוגנט אין סטאָק

בײַם דערמאָנען זיך אין יענע יאָרן אין אונדזער שטעטל אײדער דער חורבן האָט זיך אָנגעהויבן, ווען מיר טראָגן זיך אויף די פליגל פון דמיון אויף צוריק, שוועבן פאַרבײַ בילדער אומפאַרגעסלעכע, פאַרן בליק באַווײַזט זיך — ווי מיט דער הילף פון עפּעס אַ ווונדערלעכן קינאָמאַטאָגראַפישן אַפּאַראַט — סטאָק, אַזוי ווי עס האָט אויסגעזען מיט איבער 30 יאָר צוריק: דער אומברוקירטער מאַרק־פּלאַץ, קרומע געסלעך, נידעריקע הײַזקעס, בלאָטיקע הויפן און האַלב־אײַנגעפאַלענע שטעלער

עס קומען אויפן זכרון געשעענישן, קוריאָזן פריילעכע, טרויעריקע, וויכטיקע און טאָג־טעגלעכע. עס טויכן אויף געשטאַלטן, ס'דערשײַנען די טײַערע געשטאַלטן פון נאָענטע, אייגענע — און אַלע אין קליינעם שטעטל זענען געווען נאָענט און אייגן. עס הערן זיך אָפּגעריסענע ווערטער־קלאַנגען ווי זיי וואָלטן געקומען פון אַלע עקן: פון מיטן מאַרק, בײַם ווײַנעמס ברונעם, נעבן דער קרעטשמע און אויפן ווענגראָווער וועג. עס טיילן זיך אויס ברעקלעך געשפּרעכן פון ייִנגע חברים און פרײַנד, שטימען פריילעכע, האָפערדיקע, פול מיט זיכערקייט און אָפּטימיזם וואָס נאָר יוגנט איז פעיִק אויף דעם. אַזוי טראָגט זיך פאַרבײַ פאַרן אינערלעכן אויג אַ פּאַנאָראַמע אַ פילפאַרביקע — אַזוי ווייטיקדיק קלאָר און פיזיש — פון אַ לעבן וואָס דאַכט זיך: אָט האָסטו דאָס אַזוי ווי אין האַנט און אָט איז דאָס אויסגערונען צווישן די פינגער.

* * *

אַ יזכור־בוך איז די אייגנאַרטיקסטע און פּאַסיקסטע פאָרם פון באַערן אַ גאַנצע עדה ייִדן און איבערגעבן די קומענדיקע דורות וועגן זייער לעבן, שטרעבונגען, חלומות און האָפענונגען, וועגן זייער אומפאַרגלײַכלעכער אויפפירונג פנים אל פנים דער בלוטיקער נאַצישער בעסטיע, וועגן זייער העלדישער האַלטונג אין דעם לעצטן גאַנג צום אומשולדיקן אומקום; אַ יזכור־בוך איז אַ מצבת־נצח! ס'איז נישט קיין דענקמאָל אויסגעהאַקט אין שטיין, מאַרמאָר, אָדער גראַניט, עס איז פיל מער. דאָס לעבעדיק־געדרוקטע וואָרט האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער געשיכטע ווירקזאַמער און דויערהאַפטער ווי דער אימפּאָזאַנטער מאָנומענט. אין שריפט קאָן פאַראייביקט ווערן דער זכר נישט נאָר פון אַ שטאָט מענטשן, נאָר אויך די שטאָט גופא און אַלץ וואָס האָט איר געהאָלפן באַקומען אַ ספּעציפישן חן און אָננעמען איר כאַראַקטעריסטישע פיזיאָגנאָמיע.

איינע פון די מערקווירדיקייטן מיט וועלכע סטאָק איז געווען באַשאָנקען איז געווען דער וואַלד, ריכטיקער — די וועלדער און עס איז נישט מער ווי רעכט, אַז זיי זאָלן דערמאָנט ווערן אין דעם יזכור־בוך, ווײַל זיי, די וועלדער, האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע און פּאָזיטיווע ראָל אין לעבן פון אונדזער דור, אויך זיי האָבן בײַגעשטײַערט צו דער גײַסטיקער און פיזישער אַנטוויקלונג פון דער יוגנט, געשאַפן דעם נאַטירלעכן קלימאַט אַרויסצוברענגען דאָס גוטע, שיינע, זוניק־באַשטראַלטע, מענטשלעך־דערהויבענע אין די מיט אידעאַלן באַלויכטענע איבערצײַגונגען און דערוואַרטונגען. טאַקע זיי האָבן אויסגעשפּרייט דעם קאָלירפולן טעפּעך אויף וועלכן די יוגנט האָט געשפּרײַזט מיט זיכערע טריט, מיט אַ געפיל פון פאַרבינדונג מיט דער גרויסער און שיינער וועלט.

די וועלדער זענען געווען מערקווירדיק מיט דעם וואָס זיי זענען געווען ווי אַרײַנגעוועבט אין געמיט פון דער יוגנט — בוכשטעבלעך אַ טייל פון זייער לעבן. די ווירקונג און איך וואָלט געזאָגט די באַהעפטונג איז געווען אַ קעגנזײַטיקע, דער וואַלד מיט

די קילע זוינטלעך, דופטיקע ריחות און גרינע ווייטקייטן האָט דערציילט, אַז די וועלט איז פּרעכטיק, אַז זי איז באַשאַפן געוואָרן זיך צו פרייען, צו געניסן פון לעבן און מיר פון אונדזער זייט, האָבן דעם וואַלד פאַרגייסטיקט: אונדזערע ערשטע מייפייערונגען, די ל״ג בעומר אויספלוגן, די לעקציעס און געשפּרעכן אויף קולטורעלע און געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע טעמעס האָבן אים, דעם וואַלד „פאַרייִדישט” געגנוי ווי ער האָט אונדז פאַרמענטשלעכט, אַוועקגענומען דעם קאָמפּלעקס פון איזאָלאַציע און פאַרשטאַרקט די זיכערקייט אַז מיר זענען אַ טייל פון אַלע מענטשן, קינדער וואָס פאַרלאַנגען אַביסל יושר און שטרעבן פאַר אַ טראָפּן גליק אויף דער וועלט.

אונדזערע וועלדער זענען געווען נאָענט, ממש אַזוי ווי ביי דער טיר. מען האָט נישט געדאַרפט פּלאַנירן, זיך גרייטן צו גיין דאָרטן, די פיס האָבן אויטאָמאַטיש געפירט אַהין אַזוי ווי צו אַ צווייטער היים, אַ שענערער, אַ מער רחבותדיקער היים, און עס איז נישט געווען קיין איינער פון די ייִנגע מענטשן וואָס זאָל מיט זיי נישט באַקאַנט זיין. צום ערשט האָבן זיך באַוויזן די ייִנגערע ביימלעך פון „זאַגייניק”. מיט זייער גלייכן אָרדענונגספולן צוזאַמענשטעל האָבן זיי געמאַכט אַן איינדרוק פון אַן ערנוואַך אַוועקגעשטעלט מקבל פנים זיין די טייערע געסט — די ייִדישע יוגנט. דער זאַגייניק איז טאַקע געווען דער טרעף־פּונקט, דאָ האָבן חברים זיך פאַרהאַלטן, אַז די גאַנצע גרופּע זאָל זיך צונויפזאַמלען אָדער אַ בחור האָט אויף אַ מיידל געוואַרט. צו אים איז מען געקומען אַפילו ווען מען האָט נישט געהאַט קיין צייט צו גיין פאַרברענגען נאָר זיך געקענט דערלויבן אויף אַ „רגע” זיך אַרויסכאַפּן פון שטוב.

פון זאַגייניק האָט אַן אַלייע געפירט צום „מיידאַנער” וואַלד, אַ וואַלד אַ פויערישער, מיט הויכע באַקרוינטע סאָסנעס, וועלכע זענען געוואַקסן אויף גאָטס ערד ווי פויערישע קינדער, אָן אויפזיכט און צערטלעכקייטן. דאָ האָט חברה זיך אַמבעסטן געפילט. דער מיידאַנער איז געווען פרייניטלעך, צוגעלאָזן און הפקרדיק אַזוי ווי ער וואָלט צו קיינעם באַלאַנגט און ער לאַדט איין יעדן זיך צו פילן ווי ביי זיך אין הויז. אַפילו די פויערים וועלכע האָבן



חברה יונגוואַרג אין מיידאַנער וואַלד מיט גזשיבאָווסקין אויף זיין וואָגן



אַ גרופּע שומרים אין סטאָקער וואַלד אויף אַ „מאַיוווקע"

געוווינט דאָרטן האָבן געהאַט פאַרשטענדעניש פאַר אינדזער „חזקה" אין וואַלד און אַרויסגעוויזן גאַסט־פריינדלעכקייט ווען מען איז צוגעקומען צו זייער הויז אָדער אַ ווירטשאַפט. חברה האָט ליב געהאַט צו גיין צו גזשיבאָווסקען נאָך מילך און פאַר עטלע־כע גראָשן האָט מען געטרונקען פרישע, שוימיקע וואַרעמע מילך „גלייך פון אונטער דער קו" אָדער מען האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו פּאָסטעקן און זיך געהוידלט אומגעשטערט אויף די הוידלקעס. מען האָט געקענט אַראָפּלייענען פון די פויערישע גע־זיכטער ווי זיי זענען אונדז מקנא, אונדזער פריי־לעכקייט, אונדזער יוגנט און ווי זיי ווערן מיטגע־ריסן און אָנגעשטעקט, אַז ווען זיי שעמען זיך נישט וואָלטן זיי אַליין זיך אַוועקגעזעצט אויף זיי, די הוי־דלקעס.

אַממערסטן איז דער מיידאַנער געווען פאַרפולט מיט שפּאַצירנדיקע שבת און יום־טוב. ווי מען האָט געוואָרפן אַ בליק האָבן זיך געמערקט פּאָרלעך גייענדיק געמיטלעך מיט זאָרגלאָזע פּנימער און צעשטראַלטע אויגן, און אַפילו פון די וועלכע האָבן צומערשט אָנגעהויבן זייער שפּאַציר גרופּנווייז, האָבן אויך שטופּנווייז און אַזוי ווי אומבאַמערקבאַר זיך געבילדעט פּאָרלעך, און דער מהלך צווישן איין פּאָרל און צווייטן האָט זיך פאַרגרעסערט ביז מען האָט זיך פאַרלוירן פון אויג. דערנעבן זענען געווען די „לעשטשינעס" מיט ניס ווי מען האָט זיך פון רעגן געשיצט אין אַ פּאָרל האָט זיך צייטנווייז גע־שיצט פון נישט געשטערט זיין זיך אָפּצוזונדערן און זיין מיט זיך אַליין.

גייענדיק מיטן „וואַלד" האָט זיך פון דער צווייטער זייט באַוויזן דער „מידניקער" וואַלד אַ פרישער, אַ קולטוווירטער און אַ ביסל אַ פרעמד־לעכער. זיינע דעמבענע און גראַביענע ריזן האָבן אין סימעטרישע רייען זיך געצויגן העט ווייט, ווייט

ביז מידניק. דער מידניקער האָט געשראָקן און געצויגן, געשראָקן צוליב דעם פּריצישן פאַרבאָט, צוליב דעם „נאַדלעשניק" מיטן ביקס און גרויסן הונט און גלײַכצײַטיק געצויגן, ווײַל דאָס איז די אַוואַנטוריסטישע נייגונג פון יוגנט צו גיין אַהין וווּ עס איז פאַרבאָטן און מוראדיק. געציילטע פּאָרלעך וועלכע האָבן געוואָלט זיך אָפּטיילן פון טומלדיקן מײַדאַנער האָבן געוואַגט אַריבערצושפּרײַזן דעם וואַלד, זיך אַראָפּלאָזן, און דורכן ברייטן ראָוו — וועלכער האָט אין רעגן־צײַט זיך אין אַ קליין טײַכל פאַרוואַנדלט, צום מידניקער זיך לאָזן, צו דעם וואַלד וועלכער האָט געשאַפן די פּאַסיקע אַטמאָספער פאַר פרישע פאַרליבטע, פאַר זייערע נײַ־אויפגעוואַכטע געפילן וועלכע האָבן אויך געשראָקן און געצויגן און עס האָט זיך געפאָדערט אַ געוויסע דרייסטקייט אַריבערצושפּרײַזן די אײַנגעבוירענע מורא פאַר דעם נײַעם, מיסטישן און אומבאַקאַנטן וואָס האָט גענומען שפּראָצן און בליִען, וועקן און ציִען איינעם צום צווייטן. אין דער סודותדיקער שטילקייט פון מידניקער וואַלד האָבן בחור און מיידל אָנגעהויבן בעסער זיך פאַרשטיין, דערקענען און זיך צוגעוווינען צום נײַעם קלאַנג און ריטם פון זייערע הערצער..

מער פון אַלץ איז וויכטיק צו פאַרצייכענען די ראָל פון וואַלד אין צונויפברענגען די גאַנצע יוגנט אין איין אָרט, און געבן אַ מעגלעכקייט זיך צו באַגעגענען, זיך צו באַפרײַנדן און זיך צו פילן ווי איין גרויסע יונגע משפחה. בײַ אונדז אין סטאָק האָבן וועגנט פון פאַרטיי־לאָקאַלן נישט געציילט. אָרגאַניזאַציאָנעלע אָנגעהעריקייט האָט נישט געשאַפן קיין מחוצות און אידעישע אײַנשטעלונגען נישט אויפגעשטעלט קיין באַריערן צווישן איין יונגן מענטש און צווייטן.

געוויס איז אין סטאָק —גענוי ווי איבעראַל אין ייִדיש פוילן—, געקומען צום אויסדרוק אַלע שאַטירונגען פון נאַציאָנאַלער גאולה, אַלע ניואַנסן פון סאָציאַלער אויסלייזונג, אָבער די פאַרשידנאַרטיקייט איז נישט גענוצט געוואָרן ווי אַן אינסטרומענט פון קאַמף, ווי אַ באַרעכטיקונג פאַר פּאָליטישער מחלוקת, ווי אַ פאַקטאָר פאַר איבעררײַסן פעררזענלעכע פרײַנדשאַפט אַזוי ווי עס האָט פּאַסירט אין פיל שטעט און ערטער. בײַ אונדז האָבן מיינונגען פאַרשידענע געדינט ווי פאַר אַ מאָלער, פאַרבן פאַרשידענע; מיינונג נעבן מיינונג, ווי פאַרב נעבן פאַרב, האָבן געהאָלפן שאַפן דאָס גרויסע ייִדישע געמעל פון טויזנט יאָר דינאַמישער שעפערישקייט אין פוילן.

דער וואַלד האָט מיט אַ כשוף־קראַפט געצויגן די מענטשן פון די באַזונדערע לאָקאַלן צו זיך אין בשותפותדיקן לאָקאַל אַרײַן, און אין דעם „לאָקאַל" האָט זיך נישט געפאָדערט די לעגיטימאַציע פון דער אָרגאַניזאַציע צו וועלכער מען האָט באַלאַנגט, ווי צום בײַשפּיל: „בונד", השומר הצעיר, פועלי־ציון לינקע, סתם לינקע אאַ"וו.

די וואַלד לעגיטימאַציע איז געווען אויסגעשטעלט אויף דער באַזע פון אַ פּלאַטפאָרם וואָס יעדער איינער האָט געקענט זיך אונטערשרײַבן: אַלץ וואָס לעבט, אָטעמט, וואַקסט און אַנטוויקלט זיך האָט רעכט אויף עקזיסטענץ. ניט וויכטיק דער קאָליר, אויסזען, ראַסע, אָפּשטאַם אאַ"וו. דאָרטן האָבן פרידלעך געוואַקסן בוימער פון פאַרשידענע קאָלירן, זענען געשטאַנען ביימער פון פאַרשידענע ראַסן: דעמבענע, גראַביענע, אָלשינע, סאָסנעס, ווערבעס און אַנדערע. עס שטייען צוזאַמען שטאַרקע און שוואַכע, גראָבע און דינע און פאַר אַלע שײַנט די זון. דאָס איז געווען די לעקציע וואָס דער וואַלד האָט אונדז געגעבן אויף אַ שפּראַך וואָס מיר האָבן אינסטינקטיוו פאַרשטאַנען.

*
**

עס איז געווען נישט לאַנג נאָך דער באַפרײַונג און אין אַ פרײַטיק אין אָוונט, דורך שווערקייטן און מסירת־נפש האָב איך זיך דערשלאָגן קיין סטאָק. עס זענען שוין געהאַט אַרויס אויף דער ליכטיקער שײַן די איינציק פאַרבליבענע פון טרעבלינקע, פון די לעכער און באַהעלטענישן די סטאָקער שארית־הפליטה פון אַרום צען נפשות. עס איז נישט מײַן כוונה אין די ראַמען פון די איצטיקע פאַרצייכענונגען וועגן די וועלדער איבערצוגעבן מײַן דערינערונג וועגן יענער באַגעגעניש. איך ווייס אַז כ'האָב נישט דעם כוח —אַפילו הײַנט, נאָך אַזוי פיל יאָרן פאַרגאַנגענע— אַרויסצוברענגען און שילדערן די אויפטרייסלענדיקע איבערלעבונג אין מאָמענט ווען איך בין אַרײַן אין סטאָק און געזען אַ שטאָט אָן ייִדן.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט און גייענדיק איבער די געסלעך פון נײַ־סטאָק צום הויז וווּ די געציילטע אַנטרונענע האָבן זיך געפונען האָט זיך מיר גענומען דאַכטן אַז די געסלעך שרײַען, דאָס שטעטל

איז אַ מת און די געסלעך מיט די חורבות שרײַען. דורך די אַלע יאָרן אין וועלדער, אויף פראָנטן, האָבן זיך דורכגעריסן ידיעות וועגן דער מאַרטיראָלאָגיע פון ייִדן אונטער די נאַציס, אָבער דעם בראָך איז זיך געווען שווער פאָרצושטעלן אין זײַן גאַנצן פאַרנעם, און איצט, אַן אַן איבערגאַנג, אַן אַ צוגרייטונג זעסטו מיט דײַנע אויגן דאָס וואָס דער מוח איז נאָך אַלץ נישט אימשטאַנד צו באַנעמען, אָדער בעסער געזאָגט, דאָס צו אַקצעפּטירן.

איך גיי, הער די געשרייען און אַליין ווילט זיך מיר אויך שרײַען, געבן אַ צייכן וועגן זיך געבן אַן קולות, מען האָט געדאַרפט רעדן, רעדן וועגן וואָס עס לאָזט זיך, רעדן אָן איבעררײַס און מיט ווערטער באַטויבן די שטילקייט וואָס שרײַט ביז מוח־דערשיטערונג.

אויף מאָרגן שבת בין איך אַוועק אין וואַלד. עס איז געווען אַן אינערלעכער דראַנג אין מײַן צושטאַנד פון עמאָציאָנעלן אויפברויז צו זײַן אין אַן אָרט וווהין מען איז געגאַנגען בײַ מעגלעכע געלעגנהײַטן אין דער נישט ווײַטער פאַרגאַנגענהײַט.

אין אַ פרימאָרגן פון באַגײַסטערטער אויפלעבונג, ווען אַ צושטאַנד פון עקסטאַז, פרייד און



אַ גרופּע יוגנט בעת אַ שפּאַציר אין „זאַגייניק"

ענטפער — אַז איך זע אַלץ וואָס האָט געטראָפן — מיט אַ געוואַלד אַזוי ווי דאָס איז דאָס לשון פון פאַרשטענדיקונג וואָס איז פאַרבליבן אַזוי ווי דאָס איז די איינציקע מענטשלעכע שפּראַך וואָס ווערט פון איצט אָן בײַ אונדז ייִדן, באַנוצט ווערן. דאָס גיין אין באַגלייטונג פון אַ פּאָליאַק וועלכער איז געווען מײַן וועג־ווײַזער האָט מיר אַרויסגענומען פונעם צושטאַנד פון בעווילדערונג און אין מאָמענט ווען כ'האָב זיך געטראָפן אויג אויף אויג מיט די לעבן־געבליבענע, האָב איך באַוויזן זיך צו פאַרהאַלטן אויף אַן אופן וואָס זאָל נישט פאַרראַטן וואָס עס טוט זיך בײַ מיר אינעווייניק, איך האָב פאַרשטאַנען אַז מען טאָר נישט שרײַען, אַז מען טאָר זיך נישט אויס־פרעגן ווער? ווען? ווי־אַזוי? ווהין? אאַ"וו בכדי נישט אויפרײַסן אויפסנײַ די נאָך בלוטיקע וווּנד, איבעריקנס, די שטילקייט האָט געשריגן העכער פון גלויבן אין דער צוקונפט האָט חלומות געשפּינען, אין אַ בין־השמשות פון נאָענדער בענקשאַפט, ווען דער וואָרעם פון צווייפל האָט געטאָטשעט. אין אַ שטאָק פינצטערער נאַכט פון יאוש, ווען די ביטערע ווירקלעכקייט און אויסוועגסלאָזיקייט פון קליינעם שטעטל האָט געפּרעסט אויף דער נשמה, פלעגט אין וואַלד ווערן לײַכטער אַזוי ווי ער וואָלט אינספּירירט אַן ענטפער צו די אַלע מחשבות, שטימונגען און געפילן וואָס האָבן זיך געזאַמלט און פאַרלאַנגט צו באַגרײַפן דעם זין פון לעבן. אין דער באַצויבערנדיקער אַטמאָספערע פון דער נאַטור איז דער מענטש געוואָרן פעיק צו מאַכן אַ חשבון מיט זיך און מיט דער וועלט און געפינען אַ וואָרט פון דערמוטיקונג און טרייסט צוגעפּאַסט צו דער נויטווענדיקייט און שטימונג פון מאָמענט. מען האָט זיך באַרויקט, אַוועק אַהיים אַ געשטאַרקטער און

באַנומען דעם סוד פון וואַלדס אייביקייט; זיין כוח נישט צוזאַמענצוברעכן אונטערן דרוק פון שטורמישע אומשטענדן, זיך בייגן אין אַלע זייטן נאָר נישט ברעכן, ווייל דאָס שלעכטע געבוי ווי דאָס גוטע, איז נישט אויף שטענדיק, נאָך ווינטער קומט דער פרילינג. אָט האָבן די צווייגן געוויינט מיט רעגן־טרערן און אָט שמייכלען זיי מיט זון־שיין נאָך איידער די טרערן זענען פאַרשוווּנדן.

אַזוי איז געשטאַנען אין מיין זכרון דער וואַלד און איך בין אַריין אינעווייניק. אַלץ האָט אויסגעזען באַקאַנט, די זעלבע ביימער, די זעלבע אַלייע, דער זעלבער וואַלד, אָבער דאָס וויכטיקסטע איז נישטאָ, ס'איז נישטאָ די יוגנט, מען הערט נישט קיין קלאַנג פון אַ קול, קיין אָפּהילך פון פיסטריט, קיין צייכן פון לעבן, אין אַן אָרט ווו דער מיידאַנער, אין אַ טאָג ווי שבת ווען עס האָט געשפּרודלט מיט פרייד פון שפּאַצירנדיקע יונגע מענטשן, חברים און פריינד, אַ שוידער האָט מיך דורכגענומען אין אַ שרעק איז באַפאַלן, אַן אומדערקלערבאַרע שרעק נישט פאַר קיין שונא — דער שונא איז באַזיגט — נאָר פאַר דער צוקונפט; פאַר דער מעגלעכקייט, אָנצוגיין מיטן לעבן אין אַזאַ איינזאַמקייט. שנעל האָב איך דעם וואַלד פאַרלאָזט, שוין מער נישט געשטאַרקט ווי אַמאָל, און אין האַרצן האָב איך געוווּסט אַז מער וועל איך אַהער זיך נישט אומקערן.

עס איז געווען מוראדיק שטיל. די ביימער באַוועגלאָז ווי געפּלעפּט פון מיין באַשלוס, אַ ווינטל האָט אָנגעהויבן בלאָזן אין מאָמענט ווען איך בין געשטאַנען ביים ראַנד פון זאַגייניק. איך האָב זיך אויסגעדרייט צו געבן דעם לעצטן בליק און עס האָט אויסגעזען ווי די ביימער שאָקלען מיט די קרוינען־קעפּ, באַוועגן מיט די אָרעמס־צווייגן און ווילן עפּעס זאָגן, מעגלעך זיך פאַרענטפערן פאַרן נישט באַשיצן די יידישע יוגנט, אַז זיי זענען געווען ווייניק אין צאָל און דער וואַלד צו קליין קעגן אַזאַ גרויזאַמען פיינט וועלכער האָט אים אַרומגערינגלט און דורכגעקעמט מיט אייזערנע ציין, אַז פּאָליאַקן וועלכע האָבן געוווינט דירעקט אין שכנות זענען געווען באַאיינפלוסט צום גוטן. עס קורסירן קלאַנגען אַז פּאָסטעק איז אומגעקומען פון די דייטשן פאַר באַהאַלטן יידן, אַז די אָרדינסקאַ, די פּוילישע אָקושערן איז אויך אומגעקומען פאַרן זעלבן חטא — דער אמת איז אָבער געווען, אַז אָן דער מיטהילף פון די פּוילישע שכנים וואָלטן די דייטשן נישט באַוויזן אַזאַ פולשטענדיקע פאַרניכטונג. עס איז געווען קלאָר אַז יידן וועלן נישט שלאָגן קיין וואָרצלען אויפסניי אויף פּוילישער ערד.

אויף מאָרגן האָב איך פאַרלאָזט סטאָק אויף אייביק און איך שעם זיך נישט צו זאָגן, אַז דורך אַלע מיינע וואַנדערונגען דורך קאָנטינענטן, לענדער און שטעט טראָג איך מיט זיך די דערינערונגען וועגן יענער צייט, וועגן אונדזער האַרציק שטעטל, וועגן אונדזער הערלעכן דור. צייטנווייז ווען איך פאַרלאָז אויף אַ ווײַלע די גרויסשטאָטישע ברוקן און זע זיך צווישן ביימער, שיינט מיר אַז דאָס לעבן האָט ווי באַקומען אַ זינען, איך האָב מיין אַלטן פריינד דעם וואַלד פאַרלוירן, געזוכט און געפונען!



# וואָס איך געדענק פון אַמאָליקן סטאָק און וועגן מײַן ברודער סאַנע

דערציילן אַלצדינג וואָס איך געדענק פון דעם אַמאָליקן סטאָק, איז אוממעגלעך אין אַ קליינער באַשרײַבונג, וואָס דאַרף פאַרנעמען בערך אַ פּאָר זײַטן פון אונדזער יזכור־בוך; ווײַל כאָטש עס זענען שוין פאַרבײַ אַ פּאָר צענדליק יאָר, זינט איך האָב פאַרלאָזט אונדזער ליב און האַרציק שטעטעלע, וואָס איז שוין אויך מער נישט פאַראַן בײַ אַ פּאָר צענדליק יאָר (אַזנפאַלס ווי אַ יידיש שטעטעלע, וואָס איז אונדז אַלעמען געווען און אויך פאַרבליבן ליב און טײַער); אויף צו דערציילן אַלע „קלייניקייטן" פון דעם געוועזענעם שטעטעלע, וואָס זענען אָפּטמאָל גאַנץ גרויסע און וויכטיקע זאַכן — וואָלט מען געדאַרפט אָנשרײַבן אַ גאַנץ בוך און דאָס איז ווײַט נישט פאַר מײַנע מעגלעכקייטן

איך וועל דעריבער פּרוּוון, אין די ראַמען פון מײַנע מעגלעכקייטן דערציילן איניקע זאַכן וואָס איך געדענק פון דעם אַמאָליקן סטאָק און איך מיין אַז אויב יעטוועדער לאַנדסמאַן וועט דערציילן געוויסע זאַכן וואָס ער געדענקט פון זײַן פאַמיליע און פון זיך אַליין, וועט זיך במילא שאַפן דער אָנדענקס־בוך נאָך אונדזער פריצײַטיק אומגעבראַכט שטעטל, וואָס עס דאַרף זײַן דער ציל פון אונדזער יזכור־בוך.

מײַן פאָטער, ר' שלמה ב ו ר ש ט יי ן ע"ה, איז געווען אַ באַקאַנטער מלמד אין דעם שטעטל און אויך שפּעטער אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין דער לײַ־קאַסע און אויך אין אַנדערע ענלעכע אינסטיטוציעס. מיר האָבן געוווינט אין „מאַסלאָווסקיס" געסל (אין סטאָק האָבן די גאַסן נישט געהאַט קיין אָפיציעלע נעמען און מען פלעגט די גאַסן אַליין געבן „אייגענע" נעמען) און אַלע אײַנוווינערס פון דעם געסל, האָבן זיך באַטראַכט ווי איין משפחה, סײַ צום גוטן און סײַ צום שלעכטן — און אַלע האָבן געוווּסט וואָס עס קומט פאָר בײַ דעם אַנדערן.

עס איז בײַ מיר געבליבן אײַנגעקריצט אין זכרון ווי מען איז אַרײַנגעקומען צו אונדז אין שטוב און מען האָט דערציילט, אַז לייב־איצל, משה פאַרבערס זון, איז נישט פאַר קיין שום יידן געדאַכט — געוואָרן אַ „ציצעליסט" און איך האָב פאַר קיין פאַל נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס מען דאַרף אויף דעם פאַרברעכן מיט די הענט. און דאָס אייניקע וואָס מען האָט דערציילט וועגן לייב־איצלען איז געווען, אַז ער רעדט צו די קריסטן, וואָס אַרבעטן אין דער „גרעמפּליאַרנע" בײַ זײַן פאָטער, אַז מען זאָל זיי באַצאָלן דעם זעלביקן לוין וואָס מען צאָלט די יידן; אַ „גרעמפּליאַרנע" איז געווען אַזאַ מין פאַבריק, ווו מען פלעגט פונאַנדערדרײַסן, אָדער פונאַנדערקעמען דעם וואָל, פלאַקס און לײַן און מאַכן דערפון פעדים אָדער שטריק. האָט מען דערציילט, אַז לייב־איצל אַגיטירט די פויערים, אַז זיי זאָלן באַקומען גרעסערע שכירות — פונקט אַזוי

בעת אַ שפּאַציר אין וואַלד



שטייענדיק פון רעכטס: חנהטשע רויזעס, רייזל בורשטיין, אהרן זיסק, מינדל מאַלצמאַן און שלמהקע רויזעס; אין דער מיט: עטל און רויזע; אונטן: בעלטשע און דוד סטאַלאָוויטש מיט זייער זונעלע אברהמעלע

פיל וויפל עס פאַרדינט אַ ייד (כאָטש די שכירות פון אַ יידן זענען אויך נישט געווען קיין גאָר גרויסע און די יידישע אַרבעטער פון די קליינע שטעטלעך —און אויך פון סטאָק— האָבן פאַרדינט זייער וויניק אין יענע צייטן); אַ חוץ דעם האָט מען דערציילט, אַז לייב־איצל רעדט שטאַרק צו די פויערים, אַז זיי זאָלן אַראָפּוואַרפן דעם קיסר... און ווי געזאָגט האָבן די ווייבער דאָס אויסגעהערט מיט זייער אַ סך באַדויערן און האָבן פאַרבראָכן די הענט, ווי אַן אויסדרוק פון טרויער.

איך געדענק אויך, ווי מיין מאַמע מרים בודשטיין ע"ה, איז אין יענער צייט געפאָרן קיין וואַרשע און האָט געהאַט אין איר קלייד אַ רויטן ליאַמפּאַס — און אַ סך האָבן דאָס געהאַלטן פאַר געפערלעך, ווייל דאָס זענען געווען די צייטן ווען מען האָט ביי אונדז אין שטעטל, זיכער ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט און שטעטלעך גערעדט וועגן אַ רעוואָלוציע. כאָטש דער גרעסטער טייל פון די וואָס האָבן וועגן דעם גערעדט, האָבן זייער וויניק פאַרשטאַנען וואָס אַזוינס מען מיינט מיט דעם דאָזיקן וואָרט.

איך דערמאָן זיך אויך, אַז אין יענע צייטן, זענען צו אונדזער באַן־כטאַנציע אָנגעקומען אַ סך מיליטער און מען האָט פאַרנומען אַ סך „פאַרדעכטיקע" יונגעלייט, צווישן זיי אויך מיין ברודער סאנע דוד, אָבער ווען די סאָלדאַטן האָבן געזען, אַז ער טראָגט אַ טלית־קטן, האָט מען אים באַפרייט.

אַ גרויסע איבערקערעניש האָט געמאַכט אין אונדזער שטעטל דאָס אָנקומען פון אַ קאַלושינער אַרבעטער, וואָס האָט, ווייזט אויס, געהערט צום „בונד" און ער האָט דאָס „איינגעפירט", אַז ווען מען פלעגט פירן אַ כלה צו דער חופה, האָבן די כלי־זמרים געדאַרפט שפּילן די בונדישע שבועה. איך האָב אין יענער צייט, פאַרשטייט זיך, נישט געוווסט, וואָס אַזוינס עס באַדייט דאָס וואָרט „בונד" און וואָס עס מיינט דאָס שפּילן די בונדישע שבועה; איך געדענק בלויז, אַז מען האָט פאַר דעם קאַלושינער שינדל־מאַכער שטאַרק מורא געהאַט. איך געדענק אַ פאַל פון אַ חתונה אין שטעטל, ווען איינער פון די מחותנים, לייזערקע זשעלעניעץ, וועמען מען האָט גערופן לייזערקע „טשאָרט" (אין סטאָק, ווי אין גרעסטן טייל יידישע שטעטלעך, האָט יעדער איינער שטענדיק געהאַט אַ צונאָמען.... וואָס האָט געזאָגט, מען וועט די דאָזיקע שבועה נישט שפּילן, איז געוואָרן אַ גאַנצע סומאַטאָכע, די כלה האָט געוויינט און געפּאָדערט אַז מען זאָל יאָ שפּילן און מען האָט אַפילו וועגן גאַנצן ענין פאַרפאַסט אַ לידל, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן:

„באַלד אויפן אָרט,
איז געקומען לייזער „טשאָרט".
און מער פון אַלע,
האָט געשריגן די כלה"...

ביי אונדז אין שטוב האָט דער טאַטע אָנגעהויבן נאָכצוקוקן דעם עלטערן זון סאנע־דוד, וואָס כאָטש ער האָט נאָך אין יענער צייט געטראָגן אַ טלית־קטן, איז ער שוין, ווייזט אויס, געווען אַ ביסל „געכאַפּט אין דער מעשה" און דער טאַטע האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז ער זאָל זיך אויך נישט „פאַרטשעפּען" — ווי עס איז טאַקע שפּעטער געשען. פאַר אונדז, מיידלעך, האָט דער טאַטע קיין מורא נישט געהאַט. מיין ברודער סאנע, האָט צו 17 יאָר באַקומען סמיכות אויף רבנות און מען האָט אים באַלד חתונה געמאַכט; אָבער ערשט דאַן איז ער „אַראָפּ פון גלייכן וועג" און שפּעטער געוואָרן דער פירער פון דער ביבליאָטעק און פון דער יוגנט, האָט געגעבן לעקציעס וועגן פאַרשידענע ענינים און די יוגנט האָט געקוקט אויף אים ווי אויף זייערן אַ גייסטיקן מורה דרך — אָבער וועגן דעם וועל איך איבערגעבן שפּעטער.

— 2 —

מיין פאָטער שלמה, איז געווען אַ מלמד, אָבער נישט קיין דרדקי מלמד, נאָר ער האָט געלערנט גמרא שוין מיט עלטערע בחורים און דערצו איז ער געווען אַ הייסער גערער חסיד. און איך געדענק נאָך ווי עס איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע, אַז דער גערער רבי איז נפטר געוואָרן און, פאַרשטייט זיך, אַז מיין פאָטער האָט זיך שנעל צוגעאיילט צו פאָרן צו דער לוויה און ווען ער איז אָנגעקומען צוריק, האָט ער דערציילט, אַז מען האָט אין דעם רבינס הויף געוואָלט, אַז ער זאָל לערנען מיט דעם רבינס זון. אין שטוב איז, פאַרשטייט זיך, געוואָרן אַ גערודער און מען האָט שטאַרק נישט געוואָלט, אַז ער זאָל אַוועקפאָרן פון סטאָק און אויך די באָבע בינע האָט אים שטאַרק צוגערעדט, אַז ער זאָל פאַרבלייבן און דער פאָטער מיינער פלעגט זיך שטענדיק צוהערן צו דעם וואָס די מאַמע זיינע האָט אים געראַטן.

דאָס איינציקע וואָס עס איז אין יענער צײַט געשען איז געווען, אַז אַנשטאָט זיך איבערצוציען אין אַן אַנדער שטאָט, האָבן מיר זיך אַריבערגע־צויגן אין אַן אַנדער דירה, אין אַ צווייט געסל און איך געדענק נאָך ווי באַגינען פלעגן קומען די בחו־רים לערנען און איינע פון די שוועסטער פון די בחורים, הינדע פינקעלשטיין (שמעון פינקעל־שטיינס טאָכטער), פלעגט ברענגען הייסע טיי פאַר די בחורים. די מאַמע מײַנע האָט איר געזאָגט, אַז אויך בײַ אונדז קאָן מען באַקומען די טיי, אָבער הינדע האָט זיך אײַנגעעקשנט, אַז זי וויל האָבן די מצווה פון ברענגען טיי פאַר ישיבה־בחורים לער־נערס — און פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט אויסגע־פירט.



סאַנע דוד בורשטיין
דער סטאָקער עלוי

אין די שבתדיקע פרימאָרגנס, פלעגן קומען די שטעטלדיקע באַלעבאַטים, אין גרעסטן טייל חסידים (געווען: גערער, אַלעקסאַנדער און סקער־ניעוויצער), טרינקען טיי, וואָס מען פלעגט אַרײַנ־שטעלן ערב שבת אויפן „פּיעקעליק" און דאָס פאַרדעקן מיט קישנס און קאָלדרעס און די מאַמע פלעגט אַלעמען מכבד זײַן מיט הייסער טיי און מען פלעגט באַהאַנדלען כלערליי זאַכן, סײַ פון סטאָק גופא און סײַ וועגן דער „פּאָליטיק" פון דער גאַנצער וועלט און מען פלעגט זיך דערבײַ שטאַרק אַמפּערן, כאָטש זייער זעלטן איז מען פון דער דאָזיקער אַמפּערניש ברוגז געוואָרן.

נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז בײַ אונדז געווען אַ לײַ־קאַסע, וווּ מײַן פאָטער איז גע־ווען אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד און עס איז, ווײַזט אויס, געווען אַ לײַ־קאַסע פון אַ פאַרנעם, ווײַל די דאָזיקע לײַ־קאַסע האָט געהאַט אַן אייגענעם בוכ־האַלטער, וועמען מען האָט געבראַכט פון שכנות־דיקן סאָקאָלאָוו. זײַן נאָמען איז געווען מרדכי שוס־טער און ער האָט געהאַט אַ שיינעם אויסזען. מרדכי שוסטער האָט געהאַט אַ פרוי מיט פיר קינ־דער און ווען ער פלעגט זיך געפינען מיט מײַן פאָטער, איז ער געווען אַ פרומער ייִד, אָבער ווען ער פלעגט זיך געפינען מיט מײַן ברודער, האָט מײַן פאָטער געפילט, אַז זיי רעדן וועגן אַנדערע — גאָרנישט אַזעלכע פרומע זאַכן... מײַן פאָטער האָט אין יענער צײַט געמאַכט אַ „חושן ואופד" פאַר זײַנע תלמידים, וואָס דער זעלביקער מרדכי שוסטער האָט אין מײַן פאָטערס אָנוועזנהײַט שטאַרק געריימט, אָבער ווען ער איז געווען מיט מײַן ברודער, האָבן זיי ביידע וועגן דעם גערעדט אין גאַנץ אַנדערע טערמינען.

— 3 —

איך האָב פריער צוגעזאָגט צו דערציילן עפּעס וועגן מײַן ברודער סאַנע, אָדער ווי עס איז געווען זײַן פולער נאָמען נתנאל דוד. און איך טו דאָס דערפאַר, נישט בלויז ווײַל ער איז געווען מײַן ברודער, נאָר ווײַל ער איז געווען אַ מין פּראָטאָ־טיפּ פון די יונגע משכילים פון אונדזער און פון אַ סך אַנדערע ייִדישע שטעטלעך, פון דעם נישט ווײַטן אַמאָל.

מײַן ברודער סאַנע, האָט מען זייער פרי חתונה געמאַכט, כמעט געצוווּנגענערהייט מיט זײַן קוזינ־קע כײַטשע פון דערפל סטאַניסלאַוואַ, נעבן מינסק־מאַזאָוויעצק. ער האָט די כלה אַפילו נישט געקענט, אָבער אין יענע צײַטן האָט אַזאַ זאַך נישט געשפּילט די מינדעסטע ראָל — ווײַל די וועלכע האָבן דעצי־דירט בײַ דער חתונה, זענען געווען די מחותנים און נישט די חתן־כלה. אָבער מײַן ברודער סאַנע איז שוין געווען פאַרכאַפּט פון די נײַע ווינטן — און פון די נײַע לידער וואָס מען האָט שוין אין יענער צײַט געזונגען. כאָטש ער האָט שוין צו די

זיבעצן יאָר באַקומען סמיכות אויף רבנות; ער האָט שוין אין יענער צײַט נישט געוואָלט לערנען און אויך נישט חתונה האָבן אויף דעם שטייגער ווי מען האָט אים חתונה געמאַכט — און ער האָט דעם דאָזיקן פּראָטעסט אויסגעדריקט אין פאַרשידענע פאָרמען.

איינער פון די פּראָטעסטן איז געווען דערמיט, וואָס ער האָט נישט געוואָלט אַז די חתונה מלבושים זאָל אים נייען לייבטשע שנײַדער. (וואָס האָט געקאָנט אַ סך בעסער נייען תכריכים, איידער חתונה־קליידער...) אָבער דאָ האָט אויסגעפירט דער טאַטע; אַ צווייטע זאַך איז געווען מיט צוויי בחורים, וואָס האָבן זיך געחברט מיט מײַן ברודער און זענען שוין אַרויס „לתרבות רעה” (אַוועק אויף שלעכטע וועגן — און געלייענט ביכער); די דאָזיקע חברים זענען געווען: פרויקע — לייבל „אַדוואָקאַטס” זון און דער צווייטער איז געווען ראובן — חנה ברכהטשעס זון. זיי פלעגן אָפּוואַרטן די פרומע יונגעלײַט און אײַנשמועסן מיט זיי די נײַע „תורות”. כאָטש זיי האָבן אַליין קיין סך נישט געקאָנט, פלעגן זיי אָבער געבן די פרומע יונגעלײַט צו לייענען „טריף־פּסולע” ביכער. קיין ביבליאָטעק איז אין שטעטל נישט געווען. אָבער פּריוואַט האָט יעדער איינער געהאַט אַ געוויסע צאָל ביכער. און ווען עס איז געקומען ערב דער חתונה, האָט דער טאַטע אויסגעמיטן די ביידע בחורים, כדי זיי נישט צו דאַרפן בעטן צום קידוש, וואָס מען פלעגט שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן דורכפירן און דער ברודער האָט מיט זיי געמאַכט אַן אָפּמאַך, אַז ער וועט צו דער חתונה נישט אָנטאָן קיין שטריימל.

אָבער אַ טאָג פריער איידער מ׳האָט געדאַרפט פאָרן צו דער חתונה, זענען די דאָזיקע צוויי בחורים אַרײַנגעקומען אין שטוב און געזאָגט צום טאַטן: כאָטש איר האָט אונדז נישט געבעטן צום קידוש, אָבער מיר זענען אַלץ איינס סאנעס גוטע פרײַנט און מיר וועלן העלפן אײַנפּאַקן די זאַכן. דער טאַטע האָט זיך נישט געכאַפּט אויף גאָרנישט און אָנגענומען אַלצדינג „פאַר גוט געלט” און זיי געלאָזט אײַנפּאַקן די זאַכן.

ווען מען איז געקומען צו דער חתונה קיין סטאַניסלאַוואַ — איז דאָס שטרײַמל נישט געווען... און דער טאַטע האָט זיך אָפּגעגעבן חשבון, וועגן דעם וואָס יענע צוויי בחורים האָבן אים אָפּגעטאָן און ער האָט באַשטראָפט סאנען דערמיט, אַז ער האָט געמוזט אָנטאָן דאָס שטריימל פון זיין עלטסטן יידן פון שטעטל סטאַניסלאַוואַ אַ געוויסער משה־טוביה און דערמיט איז ער געגאַנגען צו דער חופּה און אויף דער חתונה.

באַלד נאָך דער חתונה, האָט זיך בײַ אונדז אָנגעהויבן דער באַרג־אַראָפּ פון דעם נחת פון עלטסטן זון: עס האָט זיך אָנגעהויבן די שלעכטע מאַטעריעלע לאַגע און די קראַנקהײַט פון דער פרוי, און דאָס ערשטע קינד איז געשטאָרבן באַלד בײַם געבוירן ווערן. נאָך דעם זענען זיי געקומען וווינען קיין סטאָק. די פרוי כײַטשע איז געווען אַ זאָקן־מאַכערקע און זי האָט זיך געמאַכט אַ שניט־קרעמל, צו וועלכן זי האָט זיך נישט אויסגעטויגט און עס האָט זיך גענומען שאַפן אַ קריזיס אין דער פאַמיליע; זי איז אַ חוץ אַ קראַנקער מענטש, אויך נישט געווען קיין צופיל באַלעבאָסטע — און ער, אַלס יונגער מענטש, האָט נישט געקאָנט מיטגיין מיט איר און פלעגט זיך זוכן אויסצולעבן אין אַנדערע געזעלשאַפטן.

אין שטעטל האָט זיך אין יענער צײַט אַרײַנגעצויגן די פאַמיליע טאָשער, וואָס איז געווען אַ מער פאָרגעשריטענע און אומגעפער אַרום דעם יאָר 1911, איז דער מאַן אַוועקגעפאָרן קיין נאָרד אַמעריקע. די פרוי איז געווען אַ מער מאָדערנע און האָט שוין אין יענער צײַט נישט געטראָגן קיין שייטל און צו איר פלעגן קומען יונגע מענטשן און אויך מײַן ברודער סאנע האָט אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען אַהין. פאַרשטייט זיך, אַז ער פלעגט אַוועקגיין פון שטוב ווען די פרוי איז אײַנגעשלאָפן און עס האָבן זיך שטענדיק געפונען אַזעלכע וואָס האָבן איר אונטערגעטראָגן אַלע פּליאָטקעס און זי האָט, פאַרשטייט זיך, שטאַרק געליטן דערפון און דאָס האָט נאָך פאַרערגערט איר קראַנקהײַט, צו וועלכער ס׳איז אין יענער צײַט נישט געווען קיין היילונג — טובערקולאָז. און ווען זײַן פרוי איז געשטאָרבן, איז סאנע אַוועק פון דער היים און כמעט אַ יאָר צײַט האָט מען נישט געוווּסט ווו ער איז פאַרפאַלן געוואָרן.

נאָך דעם יאָר איז מײַן ברודער סאנע געקומען אַהיים און מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין דאָזיקן יאָר איז ער געווען אַ לערער אין די פאָליעסער וועלדער בײַ דער פאַמיליע קופּערבערג, וואָס האָט געהאַט אַ סך קינדער און עס האָט דער פאַמיליע געלוינט אויסצוהאַלטן אַ לערער. ער איז שפּעטער אויך געווען אַ לערער אין אַ מאָדערנער שולע פון וואַרשע, ווו ער האָט געלערנט תנ״ך און

אין די יאָרן 1915—1916 בעת דער ערשטער וועלט מלחמה איז ער געקומען קיין סטאָק, ווו ער איז אַרײַן אַרבעטן צו דער פרוי צביה טאָשער, וואָס האָט געהאַט אַן אײַזן־געשעפט; ער איז אַרײַן אַרבעטן אַלס אָנגעשטעלטער, אָדער „סוביעקט" און אַ צײַט שפּעטער, געוואָרן איר מאַן.

אַ גרופּע חברטעס פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק פאַר דער „שפּאַלטונג"



זיצנדיק פון לינקס צו רעכטס: דבורה טענטשאַ, רבקה סאָבאָטאַ און עלקע צוקער; שטייענדיק, פון לינקס: רבקה פריד, חיה וויערשבינסקע און פערל טשערוואָנאַ

איך דערמאָן זיך אַן עפּיזאָד, ווען דער ברו־דער סאנע האָט געדאַרפט שטיין צום מיליטער, האָט ער זיך „געמאַרעט" (געצערט) און זיך גע־מאַכט אַ פעלער אויף דער האַנט און מען האָט אים באַפרײַט און ער האָט באַקומען אַ „רויטן בילעט" און נישט געגאַנגען דינען; עס זענען אָבער געקו־מען „ווילדע יונגען" וועמען מען האָט געדאַרפט אונטערשמירן...

אין אָנהייב פון דער מלחמה, איז אויך מײַן פאָטער געשטאַנען צום מיליטער, צוזאַמען מיט צוויי ברידער. די אָבבע בינע, איז געווען מיט זיי צוזאַמען בײַ דער „פּריסוטסטוואָ" און געבעטן גאָט, אַז מען זאָל זיי נישט צונעמען. און עס זענען דאָרטן געווען אַ חברה לצים, וואָס האָבן די דרײַ ברידער געקרוינט מיט דעם נאָמען „טשי קרולי" — און זיי האָבן דאָס דערציילט דער באָבען בינע, אַז איינעם פון די „טשי קרולי" — מרדכי מענדל (וואָס איז געווען דער שווער פון מײַן ברודער סאנע), האָט מען צוגענומען צום מיליטער, עס איז פאַרשטייט זיך, געווען בלויז אַ „וויץ"...

— 4 —

די ביבליאָטעק בײַ אונדז אין שטעטל איז גע־שאַפן געוואָרן אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען בײַ אונדז זענען שוין געווען די דײַטשן (וואָס זענען נישט געווען אַזעלכע מער־דער, ווי אין דער צווייטער וועלט־מלחמה); די ביבליאָטעק איז געשאַפן געוואָרן צום ערשטן יאָר־צײַט נאָך דעם גרויסן י. ל. פּרץ און מיט דעם אַקט האָט אָנגעפירט מײַן ברודער סאנע. מיך האָט מען נישט אַרײַנגעלאָזט, ווײַל דער דײַטש וואָס האָט אַכטונג געגעבן אויף דער אָרדענונג, האָט נישט אַרײַנגעלאָזט קיין קליינע קינדער.

און פון דעמאָלט אָן האָט די יוגנט זיך אָנגע־הויבן צו גרופּירן אַרום דער ביבליאָטעק, וואָס איז פאַר אַ סך געוואָרן די צווייטע היים און מײַן ברודער סאנע איז דאָרטן געוואָרן דער לערער און וועגווײַזער און שבת בײַטאָג פלעגט ער געבן לעק־ציעס פון געשיכטע און פילאָסאָפיע און אויך וועגן ליטעראַטור און פּאָליטישער עקאָנאָמיע. און אַליין איז ער געווען אַ גרויסער מתמיד; ער האָט גע־לייענט אַ סך און אויך געלערנט אַנדערע. איך גע־דענק נאָך ווי ער איז אַמאָל געקומען מיט דעם זשורנאַל „כאַליאַסטרע" וווּ עס האָבן מיטגעאַרבעט פּרץ מאַרקיש — און זיי צו לאַנגע יאָר — אורי צבי גרינבערג און מלך ראַוויטש און ער האָט זיך גע־קלאָגט, אַז ער קאָן דעם דאָזיקן זשורנאַל נישט פאַרשטיין.

אַ פירער אין דער ביבליאָטעק איז אויך גע־ווען מײַן פאָטערס תלמיד יחיאל בלומענקראַנץ, וואָס איז שפּעטער געוואָרן מײַן פאָטערס איידעם און דער מאַן פון מײַן אומגעבראַכטער שוועסטער רויזע הי"ד.

מײַן ברודער סאנע איז אין יאָר 1923 אַוועק־געפאָרן קיין ק ו ב אַ. עס איז גראַד געווען אין דעם מאָמענט, ווען מען האָט אין פּוילן דער־מאָרדעט דעם פּרעזידענט נאַרוטאָוויטש — און מען

האָט געפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אַ שווערע צײַט אין פוילן, כאָטש פאַר קיין פאַל נישט אַזוי שלעכט ווי עס איז געוואָרן שפעטער אין דער צײַט פון די דײַטשע מחבלים.

ער איז געפאָרן קיין קובאַ, צוזאַמען מיט אהרן ידידיאל יורקיעוויטש. זיי זענען געפאָרן אויף אַן אַלטער שיף, וואָס האָט זיך אויפן וועג צעשפאָלטן און געהאַלטן בײַם אונטערגיין, זיי האָבן פאַרשריבן זייערע נעמען און דאָס אַרײַנגעלייגט אין אַ פלאַש — אָבער זיי האָבן זיך געראַטעוועט. שפעטער איז ער אַוועק קיין נאָרד אַמעריקע און ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1953.

און אין סטאָק, האָט אַלצדינג זיך געצויגן ווײַטער ווי אַ מאָל.

ווען מען דערמאָנט זיך אין מענטשן פון דעם אַמאָליקן סטאָק, קאָן מען פאַר קיין פאַל נישט דורכלאָזן און מען מוז דערמאָנען די „באָבע בינע", וואָס איז געווען אַן אמתער שם דבר אין אונדזער שטעטל (כאָטש עס איז פאַראַן וועגן איר אַ ספּעציעלע דערמאָנונג אין דאָזיקן יזכור־בוך). איר פאָטער, אברהם גלאַזמאַן, איז געווען אַ שניצער און מאָלער. כאָטש ער האָט אין ערגעץ נישט געלערנט די דאָזיקע זייער איידעלע פאַכן.

דער פאָטער אירער איז געבוירן געוואָרן אין ראַדזימין און אַלס קעסט־קינד האָט ער זיך פאַרנומען מיט שניצן מזוזות, איז דאָרטן געקומען אַ משכיל און געווען איבערראַשט פון זײַן שניצן און ער האָט אים געזאָגט, אַז ער וועט אים אַרײַנגעבן אין אַ קונסט־שולע. מען האָט אים אָבער אין דער דאָזיקער שולע נישט אָנגענומען. זיכער צוליב דעם ווײַל מען האָט דאָרטן נישט שטאַרק ליב געהאַט קיין ייִדן.

ער האָט אָבער ווײַטער געמאָלן בילדער, ביז עס איז געקומען דער פריץ פון ווילאַנאָוו און האָט אים אַרײַנגענומען צו זיך, אַז ער זאָל אַרבעטן און מאָלן בלויז פאַר אים און ער האָט אים אָפּגעגעבן אַ ספּעציעלן פּאַלאַץ פאַר זײַנע אַרבעטן, ווו עס איז אויך געווען אַן אויסשטעלונג און פריצים פון די אַרומיקע געגנטן און סתם קונסט־מבינים פלעגן קומען באַזוכן די דאָזיקע אויסשטעלונג און זיך נישט געקענט זאַט אָנקוקן פון זײַנע בילדער. עס איז אָבער שפעטער אָנגעקומען אַ גזירה, אַז ייִדן טאָרן נישט וווינען אין קיין פריצישע הייף און ער האָט געמוזט צוריק זיך באַזעצן אין ראַדזימין.

אָבער ווען די שכנותדיקע פריצים האָבן זיך וועגן אים דערוווּסט, האָבן זיי אים גענומען אין דעם סטאַראָוויזש, ווו ער האָט געמאַכט פאַר דעם דאָרטיקן פריץ אַזאַ ריזיק בילד, אַז עס האָט נישט געקאָנט אַרײַנגענומען ווערן אין שטוב — און מען האָט געמוזט מאַכן אַן אויסגראָבונג אין דער פאָד־לאָגע.

עס איז אין יענער צײַט געווען אַ גרויסער הונגער אין פוילן און דער פריץ איז אַוועקגעפאָרן אין איינעם פון זײַנע גיטער קיין טיף רוסלאַנד און ער האָט איבערגעלאָזט אַ באַפעל וועגן דעם זיידן, אַז מען זאָל אים באַזאָרגן מיט אַלדאָס נויטיקע. אָבער דאָס וואָס מען האָט אים געגעבן איז במילא געווען ווייניק און ער האָט געליטן דחקות און ער איז געווען געוווינט צו האָבן אַ פאַרנעמע שטוב און ער האָט זיך באַזעצט אין דעם דאָרף „הוטע" בײַ די פינף קילאָמעטער פון סטאָק.

די באָבע האָט געהאַט אַ גלענצנדיקן זכרון און זי פלעגט דערציילן אַ סך איינצלהײַטן פון דער פוילישער „פאַווסטאַניע" פון 1863, ווען די קאָזאַקן פלעגן זיך „טשעפען" צו די פוילישע — און אויך ייִדישע — מיידלעך און כדי דאָס אויסצומײַדן, פלעגן די מיידלעך אין די הייסטע זומער־טעג זיך אָנטאָן ווינטערדיקע בגדים און מען פלעגט די קאָזאַקן געבן אַ סך „וואָדקאַ" און זיי האָבן זיך דערמיט פאַרשיכורט און באַפרידיקט.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז די באָבע בינע האָט — ווי דער גרעסטער טייל אין יענע צײַטן —, נישט געקאָנט לייענען און נישט שרײַבן, אָבער זי האָט גערעדט אַן אויסגעצייכנטן און פרעכטיקן פויליש.

איך געדענק נאָך אַ סך זאַכן פון אַמאָליקן סטאָק, אָבער דאָס איז בלויז אַ טייל פון די זאַכן, וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר נייטיק צו פאַרצייכענען.

# מלמדות און מלמדים אין שטעטל סטאָק

איך וועל זיך באַמיִען אין די ראַמען פון מײַנע מעגלעכקייטן צו שילדערן אַ וויכטיקן טייל פון אונדזער ייִדיש לעבן אין דעם טרויעריק חרוב־געוואָרענעם שטעטל סטאָק, וואָס איז זיכער אויך געווען אין הונדערטער אַנדערע שטעטלעך אין דעם אַמאָליקן פּוילן. דער דאָזיקער טייל האָט געטראָגן דעם נאָמען מלמדות און איז געווען דער בראשית פון דער דערציִונגס־ און אויך קולטור אַנטוויקלונג פון דעם אַמאָליקן ייִדישן קינד.

אין דער הײַנטיקער מאָדערנער צײַט, ווערט דעם דערציִער געגעבן דער נאָמען פון: פּראָפעסאָר, מורה אָדער לערער; אָבער אין די פריערדיקע יאָרן, האָט מען אַפילו אַ מאָדערנעם לערער, גערופן מיט דעם נאָמען מלמד — און די תלמידים מיט זייערע עלטערן, האָבן דעם מלמד באַצייכנט מיט דעם זייער בכבודיקן נאָמען: רבי.

געוויסע באַלעבאַטישע יונגעלײַט, פלעגן בעת אַ וויכוח, ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין גענוג אַרגומענטן אויף איבערצײַגן דעם צד שכנגד, פלעגן זיי זיך אויסדריקן מיט אַ געוויסן ביטול, אַז: „זײַ נישט קיין מלמד!” און געמיינט מיט דעם דאָזיקן אויסדרוק צו דערנידעריקן דעם מצב פון דעם מלמד און האָבן דערמיט געוואָלט צוגעבן, אַז זײַן באַשעפטיקונג איז אַ מין באַנק־קוועטשערײַ און אַזעלכער וואָס וויס זייער ווייניק פון מסחר, אָדער אַפילו פון געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. איך וויל דעריבער מיט מײַנע פאַרצייכענונגען דערהויבן דעם מלמד, מיט דעם חדר צו אַ העכערער מדרגה, לויט ווי מײַן זכרון וועט מיר דינען צו דערמאָנען פּערזאָנען און געשטאַלטן פון מלמדים. מיט זייערע משפחות, וואָס האָבן פאַרנומען אָנגעזעענע פלעצער אין ייִדיש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. און בכלל דערהויבן דעם חדר, ווו די קינדער פלעגן אָנהייבן צו גיין לערנען אין דער „עלטער” פון דרײַ יאָר און אַפילו פון נאָך פריִער און פון די דאָזיקע חדרים און פון די ישיבות, זענען שפּעטער אַרויסגעוואַקסן רבנים און אויך שרײַבערס און קינסטלערס — און שפּעטער זענען אַ טייל פון די וואָס האָבן געלערנט אין די חדרים און ישיבות, אַוועק לערנען אין די אוניווערסיטעטן און פון זיי זענען אויסגעוואַקסן וויסנשאַפטלערס און מענטשן וועלכע האָבן פאַרשאַפט כבוד פאַרן ייִדנטום.

איך וויל בעטן מײַנע חשובע בני־עיר — איידער איך וועל דערמאָנען די ליכטיקע געשטאַלטן פון די סטאָקער מלמדים, אַז אויב איך וועל פאַרפעלן געוויסע פּערזאָנען, וועלכע זענען בײַ מיר פאַרשוווּנדן פון זכרון, וואָס זענען ווערט געווען אַז מען זאָל זיי פאַראייביקן — אַז איר אַליין זאָלט צוגעבן און דערגענצן די דאָזיקע וואָס פעלן און זיי מתיחד זײַן צו די וואָס ווערן דאָ דערמאָנט.

## בוטשע דער מלמד

איך וועל אָנהויבן מיט מײַן ערשטן „רבין” וואָס איז געווען דער דרדקי־מלמד מיט דעם נאָמען בוטשע, מסתמא איז זײַן אמתער נאָמען געווען ברוך; ער איז געווען אַ קליין־געוויקסיקער און אַ שטילער און מיט זייער אַ לאַנגער באָרד און זיצנדיק, האָט זײַן באָרד דערגרייכט ביז צו די קני... ער האָט דווקא געוווינט זייער „באַקוועם”, אין אַ וווינונג פון צוויי צימערן, אין איין צימער איז געווען דער חדר צום לערנען, צוזאַמען מיט דער קיך און דער צווייטער צימער איז געווען דער שלאָף־צימער. די רביצין (איך געדענק נישט איצט איר נאָמען) פלעגט העלפן אָפּהיטן די קינדער.

געוווינט האָט דער רבי אין נײַ־סטאָק, בײַ סראָלקע דעם קצב. דאָרט איז געווען אַ פאַרצוימטער פלאַץ, ווו די קינדער האָבן זיך געקאָנט שפּילן אין דרויסן. סראָלקע קצב האָט געהאַט אַ שטאַל, וואָס האָט געדינט אַלס שעכט־הויז און די קינדער פלעגן זיך צוקוקן צו דער שחיטה און שפּעטער זיך געשפּילט ווי איינער איז אַ קצב, דער צווייטער אַ קאַלב — און דער דריטער אַ שוחט.

איך געדענק בוטשעס אַ זון, חנא וועלוול, וואָס האָט געהאַט דעם צונאָמען „טאַפּט די קאָליע”; קאָליע האָט געמיינט צו זאָגן אַ באַן און זײַן צונאָמען האָט זיך גענומען פון דער צײַט, ווען עס איז איפּגעקומען די באַן און די באַן־סטאַנציע האָט

זיך געפונען זיבן קילאָמעטער פון סטאָק און האָט געהייסן זשעלעניעץ. שפּעטער סאַדאָווניע. און זיך געפינענדיק ביי דער באַן־סטאַציע, ווען די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אויפצונעמען פּאַסאַזשירן, האָט חנא וועלוול אויסגענוצט די געלעגנהייט און אַנגעטאָפּט די קאַליע... און שפּעטער וועגן דעם דערציילט די נסים אין בית המדרש און דערפאַר באַקומען דעם פריער דערמאָנטן צונאָמען.

פאַר אין וועגס, האָט מען שוין געזונגען דאָס באַקאַנטע פאָלקס־לידל, פון:

„אוי איז דאָס אַ פייפער,
מיט אַן אייזערנעם כוח.
פון אונטן גייט אַ פייער,
פון אויבן גייט אַ רויאַך".

## דער חומש מלמד ר' ברוך

צוליב מיינער אַן איבערלעבונג, דערמאָן איך מיין צוויטן רבין, ר' ברוך מלמד, ביי וועמען איך האָב געלערנט חומש מיט רש"י. ער איז געווען אַ ייד אַ שטאַרק קורצזיכטיקער און ער האָט געוווינט אין איין צימער, וועלכער האָט געדינט פאַרן חדר צום לערנען, אַלס אַ קיך, אַ שלאָפצימער און ער האָט אויך פאַרדונגען אַ שטיקל אַלקער — אַ סוב־לאָקאַטאָר.

מיין איבערלעבונג איז באַשטאַנען אין דעם, עס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין די יאָרן פון 1914 אָדער 1915. דער רבי ברוך האָט געקויפט אויפן מאַרק אַ פור האָלץ, אויף צו קאָנען באַהייצן די שטוב און מען האָט דאָס האָלץ געדאַרפט צעשניידן, האָט דער רבי געליִען אַ טעמפּע זעג און איינגעלייגט דעם קלאָץ אויף אַ באַנק און די קינדער האָבן געדאַרפט צוהאַלטן דעם קלאָץ און דער רבי מיט אַן עלטערן תלמיד האָבן געדאַרפט זעגן. אַזוי ווי דאָס האָלץ איז געווען נאַס און די זעג טעמפּ, האָט די זעג אָנגעהויבן „שפּרינגען" און איינגעהאַקט די אָדערן ביי דעם ערשטן יינגל וואָס איז געזעסן נעבן דער זעג. דער יינגל איז געווען, אויב איך האָב נישט קיין טעות, שמעון טוכשער, אַ זון פון מענדל דאַן — און אויף זיין געשריי זענען אָנגעלאָפן אַ סך מענטשן און אַ קאָזאַק, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטן אין זעלביקן הויז ביי אַ שיקסע, איז דערזעענדיק דאָס בלוט ביי דעם יינגל, איז דער קאָזאַק געוואָרן אַ „בעל רחמנות" און אַרויסגעכאַפּט די שווערד פון דער שייד און זיך פאַרמאָסטן איבער דעם רבינס קאָפּ... נאָר אַ דאַנק דער אַריינמישונג פון דער שיקסע, האָט דער קאָזאַק צוריק אַריינגעזעצט די שווערד אין דער שייד און אַלע קינדער זענען פון גרויס שרעק אַוועק אין זייערע היימען.

## דער מאָדערנער מלמד ר' אברהם לאָכאָווער

עס איז אויך געווען אַ מלמד וואָס האָט געהייסן ר' אברהם לאָכאָווער, וואָס איז געווען אַ געפּוצטער ייד, מיט אַ שיין שוואַרץ בערדל, וואָס ער האָט געהאַלטן שטאַרק אין אָרדענונג און האָט בכלל געהאַט אַ מאָדערנעם צוגאַנג צו אַלצדינג און ער האָט געהאַלטן, אַז אויסער לערנען תורה, דאַרף מען אויך קענען לייענען און שרייבן יידיש און אפילו לאַטייניש שריפט (אויף צו קאָנען אָנשרייבן אַן אַדרעס).

ער האָט טאַקע געלערנט מיט זיינע תלמידים דעם לאַטייניש „א. בע־צע". און אויך רעכענונג און אַז אַ תלמיד האָט געלערנט ביי ר' אברהם לאָכאָווער עטלעכע זמנים, איז ער אַרויס פון זיין חדר מיט אַ סך קענטעניש.

## דער מלמד ר' מאיר יחיאל אָסטשעגאַ און זיינע זין

עס איז ביי אונדז געווען אַ מלמד ר' יחיאל אָסטשעגאַ, וואָס איז געווען דער פאָטער פון דעם גרויסן באַרימטן קינסטלער און סקולפּטאָר אברהם אָסטשעגאַ, וועלכער איז באַרימט געוואָרן דערמיט וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט דעם באַרימטן אוהל פּרץ. אַרום דעם דאַזיקן אוהל האָבן זיך אויך געפונען די קברים פון די גרויסע יידישע שרייבערס יעקב דינעזאָן און ש. אַנסקי און יידן, נישט בלויז פון וואַרשע, נאָר פון גאַנץ פוילן פלעגן עולה רגל זיין צום דאַזיקן אוהל. צום גליק האָבן די נאַצישע מערדערישע לאַפּעס נישט געטשעפּעט דעם דאַזיקן אוהל און ער איז געבליבן גאַנץ — אָבער צום באַדויערן געפינען זיך שוין מער נישט כמעט קיין יידן אין פוילן, וועלכע זאָלן באַזוכן די דאָ־

זיקע הייליקע קברים און עס וועט בלײַבן בלויז אַ זכר פאַר די היסטאָריקערס.

איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זען פּערזענלעך דעם קינסטלער אברהם אָסטשעגאַ, וועלכער איז געקומען צו דער פּטירה פון זײַן פאָטער ע״ה.

דער צווייטער זון פון מאיר יחיאלן, איז גע־וועז שלום הירש. אַ מאַנופאַקטור־סוחר און אַ ייִד אַ בעל־מנגן און איז געווען אַ בעל מוסף ראש־השנה און יום־כיפּור; ער פלעגט זינגען מיט אַ צוגעפּאַסטן כאָר און ער האָט צוגעצויגן צו זײַנע תּפילות די מאָדערנע און אַפילו פרײַע יוגנט.

דער דריטער זון יאַנקל־דוד, האָט געהאַט איין פוס אַ קירצערן און איז געגאַנגען מיט דער הילף פון אַ שטעקן. ער האָט אָבער שטענדיק גע־האַט אַ שמייכל אויפן פּנים און געווען „גע־בענטשט״ מיט אַ סך מלאכות, אָבער מיט גאָר ווינ־ציק ברכות; זײַנע פאַך־קענטענישן זענען געווען: אַ זייגער־מאַכער, אַ גאָלדשמיד, אַ מאַליער, אַן אײַנבינדער, אַ מצבה־קריצער א״אַ אָבער פון אַלע מלאכות, האָט אים געפעלט צו מאַכן שבת..

## דער מלמד פון דרײַ דורות — ר׳ אברהם זישעס

איך קאָן נישט דורכלאָזן און נישט דערמאָ־נען דעם „שטענדיקן״ מלמד אברהם זישעס, אין וועמענס חדר עס האָבן געלערנט דרײַ דורות: זיי־דעס, זין און אייניקלעך. מײַן פאָטער ע״ה האָט מיר דערציילט, אַז אברהם זישעס איז געווען זײַן רבי און נישט געקוקט אויף זײַן אָנגעשטרענגטער אַרבעט בײַם לערנען מיט די קינדער (וואָס אַ סך מלמדים פלעגן זאָגן, אַז דאָס איז „ערגער ווי האַקן האָלץ״...), האָט ר׳ אברהם נישט פאַרפעלט צו לער־נען יעדן טאָג, אויסער שבת, מיט אַ גרופּע ייִדן צווישן מנחה און מעריב דעם „עין יעקב״.

## ר׳ מאטעס נח שטערן — מיט זײַנע ארבע בנים

געווען אַ מלמד ר׳ מאטעס נח שטערן, וואָס האָט געהאַט ארבע בנים, אָבער נישט פון דער הגדה של פּסח, נאָר יעדער פון די פיר זין, האָבן געהערט צו אַנדערע פּאָליטישע פּאַרטייען. דער עלטסטער הערשל, איז געווען אַ שפּיליטער, וואָס עס מיינט אַ צושטעלער פון סחורות אין די קלייטן. ער איז דער איינציקער לעבנס־געבליבענער פון זײַן משפּחה און געפינט זיך הײַנט אין ישראל — און ער איז געווען און ווארשײַנלעך אויך הײַנט, פאַר־בליבן אַ מזרחי; דער צווייטער, משה, איז געווען אַן אַלגעמיינער ציוניסט; דער דריטער, נחמן, איז גע־ווען אַ בונדיסט און דער פערטער — שמחה, אַ פּועלי־ציוניסט.

פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען אין פּוילן האָבן געלעבט דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן ייִדן, האָט דאָס ייִדישע לעבן געקלאַפּט אויף אַלע געביטן: אויפן געביט פון קולטור, פּאָליטיק און פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט. איבערהויפּט פלעגן די דאָזיקע אַלע זאַכן קומען צום אויסדרוק ערב די וואַלן צום סיים, אָדער צום שטאָט־ראָט, אָדער קהילה. דעמאָלט פלעגן פאָרקומען הייסע דיסקו־סיעס צווישן די ברידער שטערן, איבער פּאָלי־טישע אָדער פּאַרטייאישע פראַגן; דער „שעת הכושר״ פאַר אַזעלכע דיסקוסיעס פלעגט זײַן שבת בײַ דער סעודה, ווען עס האָבן זיך אָנגעטראָפן די אַרבע בנים און האָבן נישט געקאָנט אַוועקגיין. די דיס־קוסיעס פלעגן זיך פאַרענדיקן, ווען די מאַמע האָט געבראַכט דעם טשאָלנט מיט דעם געשמאַקן קו־געלע — און אַלע האָבן זיך דאַן פאַראייניקט...

## ר׳ מאָטל לובעלטשיק — אַ רב וואָס האָט געמוזט זײַן אַ מלמד

געווען אַ ייִד מאָטל לובעלטשיק — דער איי־דעם פון ר׳ שלמה ז׳למן פרידמאַן, אַ לאַנג־יאָריקער דאַזאר אין דער סטאָקער קהילה. ר׳ מאָטל לובעל־טשיק איז געווען אַ גרויסער בן תורה און זײַנע אינטערעסאַנטע דרשות האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. ער האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות און ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין מזל צו באַקומען אַ שטעטל אין אַ וועלכן עס איז שטעטל, אויסער איין מאָל, ווען ער האָט פאַרטראָטן אין שכנותדיקן שטעטל מאַלקין דעם דאָרטיקן רב, וואָס איז אַרויס־געפאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע אויף צוויי יאָר.

דער רב מאָטל לובעלטשיק, האָט זיך געמוזט פאַרנעמען מיט מלומדות און האָט, פאַרשטייט זיך, געלערנט בלויז מיט גרויסע בחורים.

## ר׳ שלמה בורשטיין — זײַנע קינדער און זײַנע אייניקלעך

איך דערמאָן איצט אַ ליכטיקע געשטאַלט פון אונדזער שטעטל, וואָס איז אויך געווען אַ מלמד פון עלטערע בחורים און איז אויך געווען אַ גרויסער בן תורה. איך מיין דאָ ר׳ שלמה בורשטיין, וואָס האָט אָבער נישט געקאָנט לעבן בלויז פון מלומדות און זײַן פרוי און קינדער, האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט מאַנופאַקטור־מסחר.

אויך ר׳ שלמהס קינדער האָבן פאַרנומען זייער אַן אָנגעזען פּלאַץ אין דעם אַמאָליקן סטאָק, מיט זייער קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

זײַן עלצטער זון סאַנע, וואָס האָט אָנגעהויבן אַלס ישיבה־בחור, איז שפּעטער געוואָרן אַ וועלטלעכער מענטש און געווען אַ לערער אין דער וואַרשעווער יידישער געמינע. ער איז צוריקגעקומען קיין סטאָק און זיך פאַרנומען אין מסחר פון דער אײַזן־בראַנזשע און ער האָט געגעבן לעקציעס אין דער ביבליאָטעק וועגן קולטור־ענינים אויפן מאָדערנעם סיסטעם און פלעגט אין שבת געבן לעקציעס און דעם צווייטן שבת שטעלן פראַגן וועגן דער פריערדיקער לעקציע.

און איך געדענק אַן עפּיזאָד: זיצנדיק בײַ אַ לעקציע נעבן זײַן ברודער, מײַן חבר לייבל, אין דער צײַט פון די פראַגן, האָט דער לעקטאָר און לערער סאַנע אויסגערופן מײַן נאָמען. מען האָט זיך געדאַרפט אויפשטעלן בײַם ענטפערן, אַזוי ווי אין אַ שולע און איך האָב געגעבן דעם ריכטיקן ענטפער. נאָך מײַן ענטפער האָט ער אויסגערופן לייבלס נאָמען און פון גרויס איבערראַשונג האָט לייבל פאַרגעסן די פראַגע און ער האָט געפרעגט:

— וואָס זאָגט איר?

האָט זײַן ברודער סאַנע אים געענטפערט:

— לייבעלע, זאָג מיר דו, אָבער ענטפער מיר אויף דער פראַגע וואָס איך האָב דיר געשטעלט...

דער לעקטאָר האָט איבערגעחזרט די פראַגע און זײַן ברודער, דער שילער האָט געענטפערט ווי געהעריק.

ר׳ שלמהס טאָכטער רויזע, אָדער ווי די גאַנצע יוגנט פון שטעטל האָבן זי גערופן: די חברטע רויזע, איז צײַטנווײַז געווען נישט בלויז אַ חברטע, נאָר אַ מאַמע אָדער שוועסטער. איר שטוב איז געווען אַן אמתדיק קולטור־הויז און איר אַדרעס איז געווען גוט באַקאַנט אויסער סטאָק און אַפילו אין וואַרשע, בײַ שרײַבער און רעפערענטן, וועלכע האָבן אָפט באַזוכט סטאָק און געגעבן רעפעראַטן און לעקציעס אויף פאַרשידענע טעמעס.

איך וויל דערבײַ דערמאָנען אַן עפּיזאָד וואָס עס איז געשען בײַ אונדז אין שטעטל, ווען עס האָט געהאַלטן אַ רעפעראַט דער דיכטער און עסייאיסט מלך ראַוויטש אויף דער טעמע: „דער גרויסער פילאָסאָף ספּינאָסאַ״. צו אַ רעפעראַט פון אַזאַ חשובן דיכטער ווי עס איז מלך ראַוויטש, פלעגן אויך קומען צוהערער פון אַנדערע שטעטלעך. און עס איז געווען אַ שבת נאָך מיטיק זומער און ס׳איז געווען זייער הייס און בעת דער רעפערענט האָט גערעדט וועגן דעם חרם, וואָס מען האָט אין יענער צײַט אַרויפגעלייגט אויף ספּינאָסאַן, איז אַ מיידל וואָס איז מסתמא געווען מיד פון וועג — אײַנגעשלאָפן און אַ חבר אירער, האָט אָנגעשריבן אַ צעטעלע אין וועלכן עס האָט זיך געזאָגט, אַז עס איז אַ חרפה צו שלאָפן בעת אַ לעקציע. אָבער אַנשטאָט דאָס איבערצוגעבן דער שלאָפנדיקער מיידל, האָט איינער געמיינט אַז דאָס איז אַ פראַגע פאַר דעם לעקטאָר — און האָט דאָס דערלאַנגט ראַוויטשן... ראַוויטש, איבערלייענענדיק דאָס צעטעלע, האָט קורץ געענטפערט: דאָס איז נישט חל אויף מיר, איך שלאָף נישט...

חברטע רויזע בורשטיין, איז געווען גוט באַהאַוונט אין די געביטן פון יידישער ליטעראַטור, קולטור, פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע ענינים. זי האָט אין די לעצטע יאָרן געוואָלט אויסוואַנדערן פון פּוילן און איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די מערדערישע נאַציס און געפינט זיך צווישן דעם צעטל פון אונדזערע קדושים.

אויך שלמהס זון בעריש, איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער בחור מיט זייער אַ סך וויסן און איז יאָרן־לאַנג געווען דער סעקרעטאַר אין דער סטאָקער ביבליאָטעק.

עס איז אויך כדאַי צו פאַרצייכענען די לעבנסגעבליבענע פון דער משפּחה בורשטיין — זיי צו לאַנגע יאָרן. עס געפינען זיך אין בוענאָס אײַרעס די טעכטער פון ר׳ שלמהן: עטל און גאָלדע בורשטיין - צוקער. די לעצטע איז דאָ גוט באַקאַנט מיט איר אַקטיווער טעטיקייט אויפן שול־ און קולטור־געביט און אויך אויף אַנדערע געזעלשאַפטלעכע געביטן; גאָלדע איז אויך לייטונגס־מיטגליד

אין דער בוענאָס אײַרעסער קרוין־אינסטיטוציע — די קהילה.

ר׳ שלמהס אייניקלעך און מײַנע נאָענטע חברים און פרײַנד — די ברידער שמחה און יואל לאַנדע, זענען גוט באַקאַנט דעם היגן ישוב מיט זייער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט; זיי זענען די אַק־טיווסטע טוער און מיטאַרבעטער פון אונדזער סטאָקער לאַנדסלײַט־פאַראיין; זיי זענען אויך די, וועלכע באַמיִען זיך שטאַרק אַז דער יזכור־בוך, זאָל וואָס שנעלער דערשײַנען און זענען בכלל טע־טיק אויף אַלע אונדזערע געביטן. דער נאָמען שמחה לאַנדע, איז געווען אַן אַדרעס פאַר אַלע סטאָקער פון צענדליקער יאָרן צוריק — און אויך הײַנט. זײַן הויז איז געווען אַ וואַרעמע היים פאַר אַלע נײַ־אָנגעקומענע סטאָקער, אין די צײַטן פון די אַזוי גערופענע „גרינע״ יאָרן און ער פלעגט אַלע אָנגעקומענע מיטהעלפן מיט אַלץ וואָס עס איז גע־ווען אין זײַנע מעגלעכקייטן. איך דערמאָן דאָ אויך מיט גרויס כבוד דעם אָנדענק פון שמחהס ליבע און אומפאַרגעסלעכע פרוי, אונדזער פרײַנדין און לאַנדסמאַנקע — בעלטשע ע״ה, וועלכע האָט אַ סך מיטגעהאָלפן איר מאַן, שמחהן, צו דער הומאַני־טאַרער, ברידערלעכער הילף פאַר די סטאָקער לאַנדסלײַט.

## מײַן פאָטער ר׳ יעקב חיים סטאָלאָוויטש ע״ה

און אחרון אחרון חביב: איך וויל דאָ אויך דער־מאָנען מײַן ליבן פאָטער יעקב חיים סטאָלאָוויטש ע״ה, וועלכער איז אויך געווען עטלעכע יאָר מלמד און שפּעטער, איז ער —ווי איך געדענק—, באַ־שטימט געוואָרן אַלס משגיח איבער כשרות, אין דער צײַט ווען עס האָט זיך געשאַפן דער שטאָטי־שער שעכט־הויז און ער איז געווען דער משגיח איבער שחיטה און בדיקה.

שפּעטער האָט זיך געשאַפן אַ תלמוד־תורה, וווּ מײַן פאָטער איז באַשטימט געוואָרן אַלס מלמד און ער האָט מיט דער מלומדות אָנגעפירט עטלעכע יאָר. איך געדענק דערבײַ אַ פאַקט, ווען אין דער תלמוד־תורה איז אָנגעקומען אַ ייִנגל — אַ גר און נאָך עטלעכע זמנים לערנען האָט ער שוין געקאָנט גוט דאַוונען.

איך האָב דערמאָנט אייניקע קינדער און אייני־קלעך פון אונדזערע קדושים. צו אונדזער גליק לעבן אייניקע פון זיי און איך האָב מיט דעם גע־וואָלט אונטערשטרײַכן די גײַסטיקע ירושה, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט און זיי זענען די וואָס שטעלן הײַנט די גרויסע מצבה — דעם ספר הזכרון נאָך דעם שטעטל סטאָק.

## נאָך אַנדערע מלמדים

עס איז געווען בײַ אונדז אַ מלמד, אַ זייער בכבודיקער פאָלקס־ייִד אברהם־חיים זשעלעניעץ. ער האָט געוווינט אין נײַסטאָק; ער האָט ליב געהאַט זיך צו פאַראינטערעסירן בײַ זײַנע קינדער —שוין מאָדערנע— וועגן וועלט־זאַכן. עס געפינט זיך צווי־שן די לעבעדיקע: זײַנע אַ טאָכטער פייגע פון די שארית הפליטה, אין ישראל.

עס איז געווען אַ לאַנגיאָריקער מלמד, מיט דעם נאָמען נחמן (אָדער נחמנקע), וואָס איז געווען פאַר־רעכנט פאַר אַ זייער שטרענגן; אָבער קענענדיק נחמנקעס שטרענגקייט צו זײַנע תלמידים, האָט דאָס דאָך נישט אָפּגעהאַלטן די עלטערן צו שיקן זייערע קינדער אין זײַן חדר.

מיט אומגעפער דרײַסיק יאָר צוריק, איז אין בוענאָס־אײַרעס געשטאָרבן זײַן זון משה־יצחק. ער איז געשטאָרבן זייער יונג און האָט איבערגעלאָזט זײַן פרוי פריידע, אויך אַ סטאָקערין — די טאָכטער פון משה סופר, מיט דרײַ קינדער — און אייניקע פון זייערע אייניקלעך געפינען זיך הײַנט אין יש־ראל ווי עולים; עס געפינט זיך אויך אין ישראל זײַן זון מרדכי — ווי איינער פון דער שארית־הפליטה.

איך געדענק אויך מאיר ־ אַנטשל סטאָלאָוויטש — אַ ייִד אַ בן־תורה און גבאי אין חסידים־שטיבל; בעת חגים, איז ער געווען דער אָרגאַניזאַ־טאָר פון אויפפירן עפּנטלעך די העלדן פון דער מגי־לת אסתר און פורים און שמחת־תורה, האָט ער אָנ־געפירט מיט די געזאַנגען און פאַרווײַלן דעם עולם בײַם עסן און טרינקען, מיט זמירות לכבוד דער הייליקער תורה.

ער איז אַמאָל געווען אַ מאַנופאַקטור־סוחר, אָבער צוליב פאַרשידענע סיבות איז אים נישט גע־גאַנגען אין מסחר און ער איז געוואָרן אַ מלמד פון

עלטערע בחורים. ער האָט באַאײַנפלוסט אַ סך תל־מידים צו תורה־קענטעניש, מיטן אײַנפירן אין זײַן חדר אַן אופן פון אויסצייכענונגען, ווי אין מאָדערנע שולעס. די אויסצייכענונגען זענען געווען אַ: „ו׳״, „ז׳״, „ח׳״, „ט׳״ און „י׳.״. און דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס בײַ די תלמידים; יעדער האָט פלייסיק געלערנט, כדי צו דערגרייכן די גרעסטע אייסצייכענונג פון אַ „י׳״.

ר׳ מאיר־אַנטשל האָט אויך געהאַט ספּעציעלע פעיִקייטן צו מאָלערײַען שניצן — און אויך מצבה־קריצערײַ. אויך זײַן זון, חיים־דוד, וואָס איז זייער יונג געשטאָרבן, האָט געהאַט גרויסע פעיִקייטן צו מאָלן און שניצן.

בײַם דערמאָנען ר׳ שלמה מלמד, איז מיר אַרויס פון זכרון, אַ ליכטיקע פרויען געשטאַלט — די באָבע בינע, וויל איך זי איצט דערמאָנען אין דעם מאָמענט. מאיר אַנטשלס פרוי — ביילע, איז געווען אַן איניקל פון דער באָבע בינע — אַ טאָכטער פון איר עלטערן זון אברהם ברוך, וואָס איז אויך געווען אַ מלמד, אָבער נישט אין סטאָק, נאָר אין פראָסטין.

פראָסטין, וואָס האָט געהערט צו סטאָקער קהילה, איז געווען צו קליין ער זאָל דאָרטן קאָנען אָנהאַלטן כסדר זײַן מלמדות, איז ער אויף יעדן זמן אײַנגעלאַדן געוואָרן אין אַנדערע פלעצער און אויך געווען ראש ישיבה. די מוטער פון ביילען, איז געווען מײַן מומע — אַ צווילינג־שוועסטער פון מײַן פאָטער יעקב־חיים.

אויסער אירע פאָקטישע איניקלעך, האָבן אַלע סטאָקער זי גערופן: באָבע בינע, ווײַל זי איז געווען אַן אָקושאַרקע, אָדער ווי מען האָט דאָס אַמאָל גערופן: הייבאַם, אָדער באָבע — און איז געווען באַליבט בײַ גרויס און קליין און אַלע האָבן זי גערופן: „די באָבע בינע״.



מ. זעלדין*

# דאָרט ווו ס'איז אַדורך אַ ווירבל־שטורעם

## פון אַ באַזוך אין סטאָק

(געווען געדרוקט אין דער „פאָלקס־צײַטונג" אין וואַרשע, אויגוסט 1937)

אָפּגערוקט אין אַ זײַט פון אַלע מינים קאָמוניקאַציע־וועגן ליגט זיך דאָס דאָזיקע שטעטל, זיבן קילאָמעטער פון אַ באַן־סטאַנציע, 15 קילאָמעטער פון אַ טײַך (בוג), צען קילאָמעטער פון אַ טראַקט. וווינען אין דעם דאָזיקן שטעטל העכער 440 ייִדישע משפּחות. זיי לעבן פון קליין־האַנדל, שנײַדער, שוסטער, די לעצטע פּאָר יאָר איז אין שטעטל צוגעקומען נאָך אַ פּרנסה, שטריקערײַ. די גרויסע פאַבריקאַנטן לוינט נישט צו בויען פאַבריקן אין וואַרשע און לאָדזש, צו קויפן מאַשינען און האַלטן לוין־אַרבעטער, האָבן זיי זיך אומגעקערט צו פאַרצײַטיקע פּרימיטיווע אַרבעט־אופנים — די האַנט־אַרבעט. כדי אָבער די האַנט־אַרבעט זאָל קאָנען פאַרקאָנקורירן דער מאַשין, מוז זי קאָסטן ביליק, און סטאָק איז איינס פון די שטעטלעך וואָס שטעלט צו ביליקע אַרבעט־הענט, דער עיקר ווערן דאָ אויסגעאַרבעט טיכער, (דערעס, אויף דער אָרטיקער שפּראַך) ביז דרײַ הונדערט אַרבעטערינס, פרויען און יונגע מיידלעך זיצן גאַנצע טעג און נעכט און שטריקן מיט שידעלקעס די דאָזיקע טיכער. פאַרדינען זיי ביז צוואַנציק גראָשן אַ טאָג. (יאָ, צוואַנציק גראָשן אַ טאָג). די דאָזיקע טיכער גייען אַוועק קיין וואַרשע, פון וואַנען זיי ווערן פאַרקויפט אין גאַנץ פּוילן, דער עיקר אויף די קרעסן און אַפילו אין אויסלאַנד.

אָבער דער הויפּט מקור פון פּרנסה אין סטאָק איז דער יוּעכנטלעכער שטאָטישער מאַרק, וואָס קומט פאַר יעדן מאָנטיק, טויזנטער פּויערים פון אַרום קומען דאַן אין שטעטל, ברענגען צו פאַרקויפן זייערע סחורות, תבואה, פעלעכליַך, פלאַקס, לײַוונט און אַנדערע לאַנדווירטשאַפטלעכע אויסאַרבעטונגען, דאָ אויפן מאַרק טוישן זיי און קויפן אײַן דעם לעבעדיקן אינווענטאַר: (פערד, קי, חזירים) און דאָ קומען וואָך־וועכנטלעך ייִדישע סטראַגאַניאַזשעס, מאַרק־שטייער מיט זייערע סחורות, פאַרטיקע מלבושים און גאַלאַנטעריע, שיכוואַרג און גלאָזוואַרג, אויבס און קיך־געשיר, קצבים־ און פערד־הענדלער פעלן דאָ אויך נישט. פון ווישקאָוו, וועגנגראָוווע, יאַדאָווע, סאָקאָלאָוו, בראָק, סאַדאָווגע און אַנדערע פונקטן פלעגן זיי תמיד קומען האַנדלען, קויפן, פאַרקויפן, פאַרמיטלען און מיט מי און אָנשטרענגונג ציִען ווי ס'איז די געמאַטערטע חיונה.

אַרום סטאָק געפינען זיך די אַזוי גערופענע „פּאַראַייניקטע שטאַטן". ווי מען רופט דאָס אין דער גאַנצער נאָענטער אומגעגנט, אַזוי הייסט אַ גרויסע גרופּע דערפער: בודזשיסק, לאָפּיאַנקע, אָסטרוווּעק, באַטשקי, יאַשערוווקע, לאָכוּוו, מיט אַ באַדײַטנדער ייִדישער באַפעלקערונג. דאָס איז גראָד אַ פּראָלעטאַרישער עלעמענט וואָס איז באַשעפטיקט אין די פאַבריקן פון לאַנדווירטשאַפט־מאַשינען אין אָסטרוּווּעק און באַצק.

און די באַציִונגען צווישן ייִד און פּאָלאַק זענען דאָ פון שטענדיק אָן געווען אויסערגעוויינלעכע. מען האָט זיך פון נאָענט געקענט. אויף איין גאַס געוווינט, אין איין פאַבריק געאַרבעט, איינע בײַ די אַנדערע געקויפט, פאַרקויפט. זענען די וועגן אַרום סטאָק שטענדיק פול געווען מיט ייִדישע גייערס, וועלכע ווער אין די דערפער, האַנדלען, וואַנדלען, ווער פון די „פּאַראַייניקטע שטאַטן" צו קרובים, באַקאַנטע שכנים, פון איין „שטאַט" צום צווייטן.

און רויִק און שטיל האָט זיך געלעבט אין דעם דאָזיקן שטעטל. אָפּט עטוואָס צו שטיל מרה־שחורהדיק, בלויז די יוגנט האָט געהאַט אַ פולערן לעבן, זי פלעגט זיך אויסלעבן אין אירע אָרגאַניזאַציעס, אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, בײַ דער באמת מוסטערהאַפטער בונדישער ביבליאָטעק א"נ פון י. ל. פּרץ, שבת פלעגט זיך דאָס גאַנצע שטעטל אַוועקלאָזן אין וואַלד און אַלט און יונג ווי אין פּסוק שטייט: „אנשים, נשים וטף", און מען פלעגט לאָזן דאָס שטעטל, די איין איינציקע גאַס מיט אַ פּאָר זײַטיקע געסלעך אַזוי צו זאָגן אויף הפקר, ווײַל ווער וועט אונדז עפּעס שלעכטס טון?

* מ. זעלדין איז געווען דער פּסעוודאָנים פון מאַטוויי בערענשטיין.

פון לאַנגע דורות איז אין סטאָק און אין אומגעגנט פאַרשפּרייט אַ ווערטל: „סטאָקער הימל איז מיט גראָכאָווינעס פאַרדעקט" — אַ שפּרוך־אַזאַ, פאַרוואָס? אפשר טאַקע צוליב דער רויִקייט וואָס הילט אײַן דאָס שטעטל וואָס ליגט זיך שטיל צווישן וואַלד און פעלד.

כ'האָב אָבער אַמאָל שוין געזען סטאָק, ווען אויפן הימל זענען שוין גראָד קיין „גראָכאָווינעס" ניט געווען, ס'איז געווען מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען דער וואַרשעווער „סקיף" האָט געהאַט זײַן לאַגער אין די גרויסע וועלדער צווישן בראָק און סטאָק, ז'אַן איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפלי פון דער „צוקונפט" פון געגנט, עס זענען געקומען בונדישע יאַטן פון בראָק און ווענגראָוו, פון פּראַסטין און מאַלקין, פון מיעדזנע און אָסטראָוו, דאָס שטעטל האָט געיובלט, געפרייט זיך, די שטיבלעך זענען געווען צעזונגען און אַפילו די אָפּגעלאָזענע „שאָפּע" פון די פײַערלעשער, ווו ס'איז פאָרגעקומען די פײַערלעכע אַקאַדעמיע האָט גאָר אַנדערש יום־טובדיק אויסגעזען. קיין שום שפּור איז נישט געווען פון אַ מיט שנאה־פאַרסמטער אַטמאָספער. די „פליִער" זענען געגאַנגען צופוס דורך דערפער. אומעטום האָט מען באַטראַכט מיט נייגער — אָבער אָן אַ סימן פון שנאה. ס'איז געווען פאַר דעם גאַנצן געגנט אַן אַטראַקציע. עפּעס ייִדישע יונגוואַרג אין בלוי און רויט אָנגעטאָן, איך בין געגאַנגען צופוס מיט די לאַגעריסטן, יעדעס דאָרף האָט אונדז באַגריסט, דורכגייערס האָבן באַוווּנדערט, פון פעלד האָט מען צו אונדז געפאָכעט מיט טיכלעך. אַזוי איז געווען אַ מאָל ביז.. ביז די גיפט־מישער האָבן אָנגעהויבן צו פאַרסמען דעם אַרום. די ערשטע שוואַרצע קראָ איז געווען דאָס רציחהדיקע דערטרינקען אין טײַכל ליוויעץ, אַ צענדליק קילאָמעטער פון שטעטל אין יוני חודש דעם יוגנטלעכן ווישניעווסקי (אַ פּועלי־ציוניסט). דאָס איז געווען אַ טרויעריקער אָנזאָג, אַז אויך דאָ הייבט זיך עס אָן.

נאָך דעם איז אַלץ שווערער געוואָרן צו קומען אין דאָרף, יונגוואַרג פלעגן נאָכשרײַען, נאָכוואַרפן מיט שטיינער, אין די דערפער גופא איז דאָס לעבן געוואָרן פון טאָג צו טאָג שווערער, אומדערטרעגלעך און אין איין דאָרף, ליפּק האָט מען די דאָרפיקע ייִדישע משפחות פשוט פאַריאָגט פון זייערע נחלות. זיי האָבן געלאָזן אויף הפקר זייערע הײַזער און זיך קוים אַרויסגעראַטעוועט מיטן לעבן.

אָבער אין שטעטל איז ביז די סאַמע לעצטע טעג נאָך אַלץ געווען רויִק. דער שטעטלדיקער פּאָליאַק האָט ווײַטער אײַנגעהאַלטן זײַנע גוטע באַציִונגען מיט די שכנים, בלויז געציילטע האָבן גענומען נאָכשפּירן מיט דער נאָז די ווינטן וואָס קומען פון אַנדערע שטעט. דער האַנדל און וואַנדל אין שטאָט איז אָבער פאָרגעקומען נאָרמאַל, ווי אין די פריערדיקע גוטע צײַטן, עס זענען געשטאַנען מערק ווי אַמאָל און די ייִדישע באַפעלקערונג האָט נישט איפגעהערט אין דער שטיל (הויך האָט מען מורא געהאַט כדי זיך נישט איבערצורעדן) זיך בענטשן און שעפּטשען, בײַ אונדז איז נאָך גאָט צו דאַנקען צו דערלײַדן.

איז טאַקע דער חורבן וואָס ס'איז געמאַכט געוואָרן לעצטנס, בעתן מאַרק געקומען אומגעריכט, ווי אַ דונער אין אַ זוניקן טאָג און געקומען איז אַ חברה פון דער פרעמד, אונטער דער אָנפירונג פון אַ העלד פון סאָקאָלאָוו, גאָראָנצקי.

ווי אַ וויכער האָבן זיי זיך בעתן מאַרק אַרײַנגעריסן אין שטעטל. זיי האָבן גוט געוווּסט אַז די פּויערים ווילן עס נישט, געוווּסט אַז ווען מען וואָלט זיך אויף דעם געריכט, וואָלטן די כוליגאַנעס דעם אמתן אָפּשניט באַקומען. זענען זיי געקומען אין אַ געשלאָסענער גרופּע, שנעל, מיט געלויף און געפילדער אין צוואַנציק מינוט אָפּגעטאָן זייער צעשטערערישע אַרבעט. אין משך פון צוואַנציק פיבער מינוטן האָבן זיי באַוויזן צו צעשלאָגן ביז אַ פופציק פערזאָן און אָנטאָן שאָדן אַ פערציק פערזאָן.

ווי אַ וויכער זיך אַרײַנגעריסן, אַזוי זאָגן זיי טאַקע די סטאָקער, און צום שבח פון די סטאָקער דאַרף מען זאָגן, זיי האָבן דעם מוט נישט פאַרלוירן נאָך די מינוטן פון פּשוטער נישט אָריענטירטקייט, נישט וויסן וואָס ס'איז געשען, זענען זיי צוריק אין גאַס אַרויס. אַרויס אין מאַרק מיטן באַוווּסטזײַן אַז זיי זענען נישט קיין פרעמדע, נישט קיין אָנגעלאָפענע. ס'איז אין שטעטל אַ וויכער אַדורך, ווי נאָך יעדן שטורעם געווירבל בלײַבן שפּענער און מיסט, זאַמד און אָפּפאַל. ס'וועלן איצט דאַרפן די סטאָקער אין אָרדענונג ברענגען דאָס וואָס דער וויכער האָט קאַליע געמאַכט.

ש. פנחסזאָן / בוענאָס־איירעס

# פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און קאָאָפּעראַטיווע בענק אין סטאָק

## אַ קלײנער אַרײַנפיר

הגם אונדזער פאַרשניטן שטעטל סטאָק, האָט נישט פאַרמאָגט קיין „ספר התולדות" פון אירע עקזיסטירנדיקע פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און קאָאָפּעראַטיווע בענק, האַלטן מיר אָבער פאַר אונדזערן אַ גרויסן מאָראַלישן חוב, אָפּצושפּיגלען און צו פאַרצייכענען, אין דעם „פּנקס סטאָק" עפּעס וועגן די אמתדיקע „לעבעדיקע כוחות" פון דעם שטעטלדיקן לעבן.

אַלס יליד סטאָק, וועמען עס בינדט מיט טויזנטער פעדים אונדזער געבורט און היימאַטס־שטעטל, פון מײַנע פריסטע יוגנט־יאָרן אָן, נעם איך זיך צו דער מלאכת־הקודש פונקט ווי עס האָבן דאָס געטאָן די אמתדיקע שלוחי־ציבור, אין דער ימים־נוראימדיקער תּפילה אין דעם זאָג פון „הנני העני ממעש"... און איך וועל מיך באַמיִען מיט מײַנע באַשיידענע מיטלען, צו פּרוּוון געבן אַן אָביעקטיוו און אַלזײַטיק בילד פון אַלע לעבעדיקע כוחות און דערשײַנונגען אין שטעטל, אַ דאַנק וועלכן סטאָק „וואָס איז געווען פאַרשטאָפּט מיט גראַכאַווינעס"... וואָס איז געווען גרויס ווי אַ „טל־זמטר אין אַ קליין סידורל" וואָס האָט אַפילו נישט פיגורירט אויף דער מאַפּע... האָט דאָך באַוויזן זיך קונה־שם צו זײַן, אַלס אימפּולסיוו, קולטורעל, פּאַרטייִש און געזעלשאַפטלעך שטעטל פון אַ גאַנץ הויכער מדרגה — און האָט ווײַט איבערגעשטיגן אַ סך אַנדערע שטעטלעך אין איכות, כאָטש נישט אין כמות.

מיר וועלן פּרוּוון עפּעס דערפון צו פאַרצייכענען, אויף וויפל עס דינט אונדז אונדזער זכרון.

## פּאַרטייען (ערב זייער גרינדונג)

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פון 1914/18, האָט אויפגעוואַכט די ייִדישע יוגנט פון קאָנגרעס־פּוילן, צו וועלכער עס איז אין יענער צײַט שוין אויך צוגעקומען די ייִדישע יוגנט פון גאַליציע; זיי האָבן אויפגעוואַכט צו עמאַנציפּאַציע און צו אַרויסרײַסן זיך פון דעם אַליין־אײַנגעשלאָסענעם געטאָ־לעבן און פון דעם אַרויפגעצוווּנגענעם „תחום המושב", וואָס איז טעאָרעטיש נישט געווען אין דעם אַזוי גערופענעם „קרוין־פּוילן", אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָט דאָס פּאַקטיש יאָ עקזיסטירט. און דאָס איז געווען דער גורם דערפון, אַז אין דעם גרעסטן טייל קליינע שטעטלעך (און סטאָק אויך בתוכם), זאָל מען זיך אויפכאַפּן פון דעם לעטאַרגישן שלאָף —און די יוגנט האָט מיטן גאַנצן אימפּעט און דראַנג, זיך אַרײַנגעוואָרפן צום לייענען און צו לערנען זיך— און דערמיט האָט מען אָנגעהויבן צו עפענען די אויגן און מען האָט געזען, אַז אויסער די שטעטלעך, איז פאַראַן אַ גרויסע און שיינע וועלט, פול מיט סאָציאַלע, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען.

דער רעזולטאַט פון דעם אַלעמען איז געווען, אַז מען האָט אין דער ערשטער ריי געגרינדעט אַ ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק, וואָס האָט געזאָלט זײַן אַ קעגנזאַץ צו די ביז־איצטיקע חסידים־שטיבלעך, ווו עס האָבן זיך ביז דאַן גרופּירט די יוגנט. דער פּאַקטישער איניציאַטאָר און גרינדער פון דער ביבליאָטעק איז געווען מרדכי שוסטער, פון שכנותדיקן סאָקאָלאָווע, וועמען מען האָט זײַנער צײַט אַראָפּגעבראַכט קיין סטאָק, אויף צו העלפן אָרגאַניזירן אַ גמילת־חסדים קאַסע, ווענעס פאַרוואַלטער עס איז טאַקע געוואָרן דער זעלביקער מרדכי שוסטער.

אַלס מענטש, וועלכער האָט פאַרמאָגט זייער אַ סך מעלות און ועל כולם איז ער געווען אַ זייער אינטעליגענטער, געבילדעטער און קלוגער מאַן, האָט ער גלײַך באַוויזן צו געווינען די סימפּאַטיעס, סײַ בײַ דעם עלטערן דור און אַוודאי בײַ דער יוגנט. אַ דאַנק זײַנע אויסערגעוויינלעכע אָרגאַני־

זאַטאָרישע פעיִקייטן — און דערצו נאָך באַשאַנקען פון דער נאַטור מיט דער מידה פון אַ „מעורב עם הבריות", אין פולן זין פון וואָרט, איז אים געלונגען צו באַווירקן די יוגנט — און טאַקע אויף זײַן איניציאַטיוו איז געגרינדעט געוואָרן די „ערשטע אַלגעמיינע יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", וועלכע איז גלײַך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאָדערנער וועלטלעכער שולע (פאַר דער יוגנט, פאַרשטייט זיך), אויך אַ מאָדערנער בית המדרש, אַ „פאָלקס־אוניווערסיטעט" — און איבערהויפּט ווי אַ „היכל התרבות" און אַ פלאַץ פון אַ „שבת אחים גם יחד".

אָט די אַלגעמיינע פאָלקס־ביבליאָטעק, איז געוואָרן דער בראשית פון אַ פולבלוטיק אינהאַלטסרײַך און שפּעריש יידיש לעבן, אויף אַלע געביטן אין אונדזער קליינעם און סימפּאַטישן שטעטל סטאָק. מיר פאַרצייכענען דעריבער מיט גרויס יראת הכבוד די נעמען פון די גרינדער פון דער דאָזיקער ביבליאָטעק, וועלכע זענען געווען: אהרן יחיאל יורקעוויטש, יחיאל ניימאַן, חײַקל זשעלעגיעץ און שמואל לאַנגלייב. מיטן גאַנג פון דער צײַט, האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שוואַלבן פון ווירדיקע מחנכים און וועג־ווײַזער פאַר די סטאָקער תושבים און ספּעציעל פאַר דער יוגנט.

מיר ווילן —און האַלטן גלײַכצײַטיק פאַר אונדזערן אַ חוב— אַרויסהויבן די ליכטיקע געשטאַלט פון סטאָקער עלוי, וועלכער האָט צו 17 יאָר באַקומען סמיכת אויף רבנות און איז געווען אַ גרויסער תלמודיסט און ליטעראַטור־קענער און אויך אַ לערער אין אַ העברעישער גימנאַזיע אין וואַרשע; זײַן נאָמען איז געווען סאָנע דוד בורשטיין. דער נאָמען סאָנע איז געווען אַ שם־דבר נישט בלויז אין סטאָק, נאָר האָט אויך אָפּגעקלונגען אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. דער דרך־ארץ און רעספּעקט פאַר אים אין שטעטל, איז געווען אין לשער.

אַלס פאַקט פון דער ריכטיקייט פון דעם אויבן באַצייכנטן, וועלן מיר ברענגען אַן עפּיזאָד מיט כאַנעס ברודער לייבל. בעת אַ פאָרלעזונג אין דער ביבליאָטעק, ווו דער לעקטאָר איז טאַקע געווען סאָנע בורשטיין, האָט ער געשטעלט פאַרשידענע פראַגן דעם אודיטאָריום. איז אויסגעפאַלן אויף איינער אַ פראַגע צו ענטפערן זײַן אייגענעם לײַבלעכן ברודער לייבל. דער דאָזיקער, אַלס שטאַרק רעספּעקטפולער צו דעם לעקטאָר, האָט בײַם ענטפערן אויף דער פראַגע אָנגעהויבן צו „אירצן" דעם אייגענעם ברודער...

אַזוי איז אָנגעגאַנגען די נאָרמאַלע טעטיקייט פון דער ביבליאָטעק עטלעכע יאָר און עס האָט דאָרטן געהערשט אַ פולשטענדיקע האַרמאָניע און אמתדיקע חברשאַפט — ביז די צענטראַלעס פון די פאַרשידענע פאָליטישע פאַרטייען אין וואַרשע, האָבן אָנגעהויבן צו שיקן פאַרטיי־שליחים אין דער פראָווינץ, צו שאַפן דאָרטן פאַרטיי־אָפּטיילונגען — און זיי זענען אויך געקומען קיין סטאָק.

בעת אַ באַזוך אין סטאָק פון דעם פועלי־ציון פירער, ד"ר אײַזענשטאַט, וואָס איז געקומען פון וואַרשע, איז טאַקע דורכגעפירט געוואָרן אַ שפּאַלטונג אין דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק, ווו איין טייל מיטגלידער האָט געשאַפן אַ באַזונדערע ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער השפעה פון די לינקע פועלי ציון — און אַ צווייטער טייל האָט געשאַפן אַ ביבליאָטעק אונטערן נאָמען „י. ל. פרץ" און האָט זיך געפונען אונטער דער השפעה פון דעם „בונד". און די שפּאַלטונג פון דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק אין שטעטל, האָט גורם געווען צו דעם אויפקום פון פאַרשידענע פאַרטייען און ריכטונגען אין דעם ציוניזם.

אַ קורצע צײַט נאָך דער שפּאַלטונג פון דער ביבליאָטעק, איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַן אַלגעמיינע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע און אָנגעהויבן צו טאָן ציוניסטישע אַרבעטן. מיט עטלעכע יאָרן שפּעטער איז געגרינדעט געוואָרן דער „קן" פון „השומר הצעיר" און עס זענען דאַן אויך געשאַפן געוואָרן קאָמיטעטן פון פאַרשידענע ציוניסטישע און חלוציש מוסדות, ווי: „החלוץ", „העובד", „סניף קק"ל", „שקל־קאָמיטעט", „קאָמיטעט פון פאַלעסטינער אַרבעטער פאָנד" (פ. א. פ.) און עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ קאָמוניסטישע באַוועגונג, וואָס זייער טעטיקייט איז געווען אַן אונטערערדישע, מחמת די קאָמוניסטישע באַוועגונג אין פוילן איז געווען אומלעגאַל.

איצט וועלן מיר איבערגעבן אַ קורצן תמצית פון יעדער פאַרטיי באַזונדער:

## „בונד" און „י. ל. פרץ" ־ ביבליאָטעק

ז דער שפּאַלטונג פון דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין

איר וווינונג ביי גוראלן אויפן ערשטן שטאָק — און איז באַשטאַנען פון צווי גרויסע רחבותדיקע צימערן, איז פאַרגעקומען די „חלוקה״ צווישן דעם „בונד״ און די לינקע פועלי־ציון, מיט דעם גאַנצן ביבליאָטעק־אינווענטאַר, אַזוי אַז אין איין לאָקאַל האָט זיך איינגעאָרדנט דער „בונד״ און אין צווייטן די לינקע פועלי־ציון.

אין יענע יאָרן (און נאָך מער אין די שפּע־טערדיקע יאָרן), האָט דער „בונד״ פאַרנומען אַ זייער בכבודיקן און אָנגעזעענעם פּלאַץ צווישן די ברייטע יידישע פאָלקס־מאַסן אין לאַנד און נאָך מער געהאַט אַן השפּעה איבער די אומפּאַרטייישע קרייזן. דאָס זעלביקע האָט אויך פּאַסירט אין סטאָק, ווו דער „בונד״ האָט אָנגעהויבן צו פירן אַ ברייט־פאַרצווייגטע אַרבעט. עס איז כדאַי אונטערצו־שטרייכן, אַז די גרעסטע מערהייט מיטגלידער פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע, זענען געווען קינ־דער פון חסידישע און בעל־הביתישע הייזער.

אין שפּיץ פון סטאָקער „בונד״, זענען פון אָנהייב געשטאַנען: רויזע און בעריש בורשטיין, שמחה לאַנגלייב, יחיאל בלומענקראַנץ און אבר־הם יוסף אָסטשעגאַ. די הויפּט ־ טעטיקייט פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין די בראשית־יאָרן פון איר עקזיסטענץ, איז געווען געווידמעט דער קול־טור־אַרבעט. און די פּרץ־ביבליאָטעק איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַקטישער פאָלקס־אוני־ווערסיטעט. די אָנפירער פון דער אָרגאַניזאַציע האָבן שטענדיק געזאָרגט אַז מען זאָל באַרייכערן די פּרץ־ביבליאָטעק מיט צייטונגען, זשורנאַלן און דער עיקר מיט ביכער.

די י. ל. פּרץ־ביבליאָטעק האָט אויך באַקו־מען גרויס חשיבות אין שטעטל צוליב דער ברייט פאַרצווייגטער קולטור־אַרבעט און גאָר באַזונ־דער, צוליב איר לאַנג־יאָריקן ביבליאָטעקאַר — בעריש בורשטיין, וועלכער איז געווען דער רוח־החיים פון דער דערמאָנטער ביבליאָטעק. מיטן גאַנג פון דער צייט, האָט דער „בונד״ אָנגענומען אַן אַנדער ווענדונג אין זיין אַרבעטס־טעטיקייט און בכלל אין זיין מהות פון טראַכטן און דענקען און האָט געלייגט דעם גאַנצן טראָפּ אויף פּאַרטיי־אַר־בעט. עס איז דאַן געגרינדעט געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט״ אין וועלכער עס זענען איינגעצויגן געוואָרן די יוגנטלעכע פון די אָרע־מע היימען, וועמענס עלטערן עס האָבן נישט באַ־לאַנגט צו דער א״ג חסידיש באַלעבאַטישער „עלי־טע״ פונעם שטעטל.

דורך דעם געגרינדעטן יוגנט בונד „צוקונפט״ באַקומט דער סטאָקער „בונד״ אַ זכות הקיום, וועלכער איז ביז דאַן געווען אין פולער סתירה צו די גרונט־פּרינציפּן און אידייען פון „אַלגע־מיינעם יידישן אַרבעטער־בונד״ אַלס אַזעלכער; די יוגנט איז פון אייביקע צייטן, שטאַרק אימפּולסיוו — און נאָך מער סענטימענטאַל — און ווען זיי דער־פילן אַז זייערע דערציערס, וועג־ווייזערס און פי־רערס זענען אויפריכטיק און ערלעך צו דעם וואָס זיי פּריידיקן (און ווער שמועסט נאָך, אַז די פי־רערס זענען נישט בלויז קיין „נואה דורשים״, נאָר אויך „נואה מקיימים״), דאַן ווערן אַזעלכע ממש פאַרגעטערט ביי דער יוגנט, און דער סטאָקער „בונד״ האָט געהאַט אַזעלכע גוטע און איבערגע־געבענע טוערס און אָנפירערס.

שרייבנדיק וועגן סטאָקער „בונד״ מוז מען זיך ספּעציעל אָפּשטעלן אויף דער משפּחה בורשטיין, וואָס איז שטאַרק געאַכטעט און געשעצט געוואָרן ביי אַלעמען פון שטעטל און גאָר ספּעציעל מוז מען זיך אָפּשטעלן און דערמאָנען די ליכטיקע גע־שטאַלט פון דער פירערין פון סטאָקער „בונד״, רויזע בורשטיין ־ בלומענקראַנץ, וועמען אַלע אָן אויסנאַם, ניי בונדיסטן, סיי ציוניסטן, ווי פועלי־ציוניסטן, קאָמוניסטן און „שומרים״, האָבן זי גע־רופן „חנטע רויזע״ און איר נאָמען איז דורך אַלעמען אויסגעזאָגט געוואָרן מיט גרויס דרך־ארץ.

די „חברטע רויזע״ האָט מיט זיך פאַרקער־פּערט אַן אויטענטישע פאָלקס־פירערין, נישט בלויז ביי אירע פאַרטיי־חברים, וועלכע האָבן זי געקרוינט מיט דעם נאָמען „די מאַמע פון בונד״, נאָר אַלע סטאָקער אָן אונטערשייד צו וועלכער פּאָליטישן ריכטונג זיי האָבן געהערט, האָבן גע־האַט דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר אָט דער איידע־לער און אָט־געבענטשטער פרוי, מיט אָן אַ שיעור גוטע מידות און מעלות און מיט אַ סך לעבנס־חכמה און נאַטירלעכע אינטעליגענץ. „חברטע רויזעס״ שטוב האָט געהאַט אַ שם ווי אַן אמתער „בית ועד לחכמים״. אין די צייטן ערב דער שפּאַלטונג פון דער אַלגעמיינער פאָלקס־ביבליאָטעק — און אַפילו נאָך דער שפּאַלטונג — האָבן די באַרימטע פּאָעטן, שרייבערס און זשורנאַליסטן, וועלכע

פלעגן אײַנגעלאַדן װערן אין שטעטל, צו געבן פאַר־לעזונגען אין גרעסטן טייל אויף ליטעראַרישע טעמעס — און עס קומען אויפן זכרון אייניקע פון זיי, ווי: מלך ראַוויטש, ישראל שטערן ע״ה און ד״ר באָריס אייסעראַוויטש (שפּעטער זיך גערופן סוראַ־וויטש) ע״ה און אַ סך אַנדערע, געהאַט זייער „אַכס־ניה״ (נישט חס ושלום פאַר באַצאָלט), אין הויז פון דער „חברטע רויזע״.

ווי געזאָגט, האָט דער סטאָקער „בונד״ נאָכן אָרגאַניזירן די שטעטלדיקע אַרבעטער יוגנט, דור־כן גרינדן „ד י צ ו ק ו נ פ ט״, באַקומען אַ זכות־הקיום ווי אַ יידישע אַרבעטס־פּאַרטיי. עס רוקן זיך באַלד אַרויס אייניקע יוגנטלעכע, וואָס פאַרנעמען גלײַך דעם אויבן־אָן אין דער „צוקונפט״ און זיי הייבן אָן צו פירן אַ קאַמף פאַר אַ מענטש־לעכער באַהאַנדלונג פון די אַרבעטער, הויפּטזאַכ־לעך פון די יוגנטלעכע און פאַר אַ צען־שעהדיקן אַרבעטסטאָג, וואָס איז אין אונדזערע שטעטלעך געווען נאָך אַ חלום. מיר פאַרצייכענען דאָ די נעמען פון אייניקע אָנפירערס פון „צוקונפט״: בעריש נאָ־העגשטערן, גאָלדע בורשטיין, דוד סטאָלאָוויטש א״אַ וועלכע האָבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן —ערב דעם חורבן— עמיגרירט קיין אַרגענטינע און זענען אַר־גענטינער תושבים ביזן היינטיקן טאָג. עס איז דערבײַ כדאַי צו פאַרצייכענען, אַז חבר בעריש נאָ־הענשטערן האָט אין 1933 פאַרלאָזט די בונדישע רייען און איז געוואָרן אַ „חלוץ״ און דורכגעמאַכט „הכשרה״ כדי צו מאַכן עליה. דער אויבנדערמאָנטער טאַט האָט געמאַכט אַ רושם אין שטעטל און איז אַ געוויסע צײַט געווען דער געשפּרעך פון טאָג אין די יוגנט־קרײַזן.

איך וויל פאַרענדיקן מיט נאָך אַן עפּיזאָד פון דעם „בונד״ אין סטאָק, וואָס האָט אויך געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, ספּעציעל אין די בונדישע קרײַזן. דאָס איז געווען אין סוף פון די 20קער און אָנהייב פון די 30קער יאָרן. ווען דער „בונד״ אין פּוילן איז געווען אין צײַט פון אויפבלי און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער יידישער גאַס אין לאַנד, אָבער אַ גרויסער טייל פון פּוילישן יידנטום —און כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט האָט געגלויבט, אַז פון סאָוועט־רוסלאַנד וועט קומען די ישועה און אַ שע־נערע און בעסערע וועלט פאַר אַלע מענטשן אָן אונ־טערשייד פון ראַסן און גלויבנס— איז דאַן אין די בונדישע רייען אויך געווען דרײַ ריכטונגען אונטער דרײַ פאַרשידענע נומערן, אָדער טעזן: טעזע נומער איינס, וועמענס הויפּט וואָרטזאָגערס זענען געווען די באַרימטע פירערס הענריק ערליך און וויקטאָר אַלטער; טעזע נומער צוויי, וועמענס וואָרטזאָגער עס איז געווען יוסף כמורנער און טעזע נומער דרײַ, וועמענס וואָרטזאָגער איז געווען איסר גאָלדבערג און עס האָט דאַן געדראָט מיט אַ שפּאַלטונג אין דעם פּוילישן „בונד״.

בכדי אויסצומײַדן אַ שפּאַלטונג, האָט דער „בונד״ פאַררופן אַ לאַנד־קאָנפערענץ און עס זענען געשיקט געוואָרן דעלעגאַטן פון אַלע שטעט און שטעטלעך פון לאַנד. ווו עס האָט זיך געפונען אַ בונ־דישע אָרגאַניזאַציע, אויך פון סטאָק איז דעלעגירט געוואָרן דער בונדישער טוער א. יוסף אָסטשעגאַ, מיט פולמאַכטן צו שטימען פאַר די „צווייער״, וואָס זאָס האָט געמיינט פאַר דער טעזע נומער צוויי, ווײַל די מערהײַט פון די סטאָקער בונדיסטן זענען געווען אָנהענגערס פון דער דאָזיקער טעזע. דער סוף איז אָבער געווען, אַז אברהם יוסף אָסטשעגאַ האָט אָפּגעגעבן זײַן שטימע פאַר די „איינסער״ און נישט פאַר די „צווייער״ — און זײַן שטימע האָט מכריע געווען און עס האָבן געזיגט די „איינסער״ — און עס איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ שפּאַלטונג בײַם „בונד״ אין פּוילן.

אברהם־יוסף אָסטשעגאַ, האָט ערב דעם חורבן אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע און זיך באַזעצט אין דעם ווײַטן צפון פון לאַנד, אין דער שטאָט סאַלטאַ, ווו ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1968.

## לינקע פּועלי־ציון פּאַרטיי און די ביבליאָטעק א״נ אָוונט־קורסן

אונטערן אײַנפלוס פון דעם באַזוך אין שטעטל, פון די פּראָמינענטע פּאַרטיי־פירער פון די לינקע פּועלי־ציון: ד״ר אײַזענשטאַט און אהרן וואל פון וואַרשע, איז געשאַפן געוואָרן די לינקע פּועלי־ציון פּאַרטיי אין סטאָק און אין דער שפּיץ פון דער לינקער פּועלי־ציון פּאַרטיי שטעלן זיך די חברים אהרן יחיאל יורקיעוויטש און אים צו לאַנגע יאָרן — שלמה דוד פרײַמאַן, אַ דאַנק וועמענס אינטעליגענץ און אָרגאַניזאַטאָרישע פעיקייטן, פאַרנעמט ער באַלד אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער לינקער פּועלי ציון פּאַרטיי אין סטאָק.

אַ גרויסע השפּעה אויף דער פאַרצווײַגטער טעטיקייט פון די סטאָקער לינקע פּועלי־ציון, האָט

געהאַט די שוועסטער־אָרגאַניזאַציע פון וועגנגראַוו, פון וואַנען עס זענען זייער אָפּט געקומען אָנגעזע־ענע טוערס ווי: משה מאַנדעלבוים, שלמה לויפער און אים צו לאַנגע יאָרן מאָטל זאַיאָנץ, וועלכע זע־נען ספּעציעל געקומען אָנצופירן מיט דעם באַרימ־טן דראַמאַטישן קרייז, וואָס האָט געגעבן אינטע־רעסאַנטע און אינהאַלטסרייכע טעאַטער ־ פאַר־שטעלונגען ביי די לינקע פועלי־ציון. (שפּעטער האָט די דאָזיקע אַרבעט געמאַכט זייער גוט שלמה דוד פריימאַן). מיר דערמאָנען ספּעציעל דעם נאָ־מען פון טייערן חבר מאָטל זאַיאָנץ, וועלכער האָט אין אַ צייט אַרום עמיגרירט קיין אַרגענטינע און גלייך פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דעם היגן יידישן ישוב, אין יענע בראשית־יאָרן פון יידישן אַרגענטינע, ווען די מערהייט פון דעם ישוב האָט געמיינט און געגלויבט באמונה שלימה, אַז פון סאָוועטן פאַרבאַנד וועט קומען די ריכטיקע ישועה פאַר אַלע פעלקער און לענדער (און אויך פאַר דעם יידישן פאָלק, וואָס האָט נאָך אין יענער צייט נישט געהאַט קיין אייגן לאַנד), זעען מיר דעם זייער אינ־טעליגענטן פירער פון די לינקע פועלי־ציון אין וועגנגראַוו, חבר מאָטל זאַיאָנץ צוזאַמען מיט זיין בן עיר מענדל פּשעפּיורקע (וועלכער איז אויך זייער אָפּט געקומען קיין סטאָק אין נאָמען פון די לינקע פועלי ציון — און וועלכער איז זייער יונג גע־שטאָרבן, דאָ אין בוענאָס־איירעס); טרעפן מיר זיי ביידע אין די פאָדערשטע רייען ביי די „לינקע", זייענדיק צווישן די טאָן־געבער און ראש־המדברים. נאָכן אויפקום פון מדינת־ישראל, ווערט מאָטל זאַ־יאָנץ אַ חוזר־בתשובה און ווערט גלייך אַקטיוו אין די נאַציאָנאַלע רייען און ספּעציעל אויפן לאַנדס־מאַנשאַפטלעכן געביט און ביזן היינטיקן טאָג פאַר־נעמט ער אַ בכבודיקן פּלאַץ אין דעם געזעלשאַפט־לעכן לעבן און ספּעציעל ביי די וועגנגראַווער לאַנדס־לייט אין אַרגענטינע.

די לינקע פועלי־ציון אין סטאָק, האָבן געפירט אַ ברייט־פאַרצווייגטע טעטיקייט, סיי קולטורעל, סיי אָרגאַניזאַציאָנעל און ספּעציעל אויפן פּאַרטיי־געביט און צווישן די ראשונים פון די סטאָקער לינקע פועלי־ציון זענען געווען אַ חוץ די אויבנ־דערמאָנטע פירער: אהרן יחיאל יורקיעוויטש און אים צו לאַנגע יאָרן, שלמה דוד פריימאַן, וועלכער האָט אָנהייב 1936 עולה געווען, צוזאַמען מיט זיין משפחה קיין ישראל (און זאָל דערביי דערמאָנט ווערן, אַז ער, צוזאַמען מיט יחיאל נאָווענשטערן, זענען די פאַקטישע איניציאַטאָרן פון שטעלן אַ מצבת־נצח אונדזערע סטאָקער קדושים, מיט דעם אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך); אַ חוץ זיי זענען געווען זייער טעטיק חיים פאַגאַדע און משה מאַלישעוויטש, וועלכע האָבן שפּעטער געלעבט און געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס. חיים פאַגאַדע, איז גלייך נאָכן באַזעצן זיך אין בוענאָס איירעס, געווען זייער אַק־טיוו אין דער „צווישאַ" און ביי די לינקע פועלי־ציון און איז אויך געווען איינער פון די אַקטיווסטע לאַנדסלייט אין אַרגענטינע. (מיר גיבן אַ ספּעציעלן קאַפּיטל אין דעם יזכור־בוך, געווידמעט זיין ליכ־טיקן אָנדענק) און משה מאַלישעוויטש איז געווען לאַנגיאָריקער ביבליאָטעקאַר אין דער סטאָקער ביבליאָטעק א"נ „אָוונט־קורסן". נאָך זיין אויס־וואַנדערן קיין אַרגענטינע, נעמט ער באַלד אַן אַק־טיוון אָנטייל אין דער פּאַרטיי־אַרבעט, אָנהויבנדיק אין מאָנטעראָס (אַ קליין שטעטל נעבן טוקומאַן, צו־זאַמען מיט זיין לעבנסבאַגלייטערין — רחל, איר צו לאַנגע יאָר) און נאָכן אַריבערציִען זיך קיין בוענאָס איירעס, פאַרנעמט ער אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער „צווישאַ" און ביי די לינקע פועלי־ציון אין בוענאָס־איירעס. ער איז געווען זייער באַליבט, סיי ביי זיינע פּאַרטיי־חברים און סיי ביי די איינוווינערס פון דעם שטאָט־קוואַרטאַל „ווילאַ דעל פּאַרקע", וווּ ער האָט געוווינט — און דאָרטן געווען איינער פון די אַקטיווסטע עסקנים אין די פאַרשידענע נאַ־ציאָנאַלע אינסטיטוציעס, פאַר זיינע גוטע מידות און ווי אַן אויפריכטיקער און געטרייער פּאַרטיי־חבר און אַן ערלעכער עסקן, שעוסק בצרכי ציבור באַ־מונה שלימה. צו די אַקטיווע טוער, דאַרפן אויך צוגערעכנט ווערן די שוועסטער רחל און רבקה שוואַרצבערג. רחל האָט דערנאָך עמיגרירט קיין אַרגענטינע צו איר מאַן משה מאַלישעוויטש און ביזן היינטיקן טאָג פאַרנעמט זי אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ ביי די לינקע פועלי ציון אין אַרגענטינע און היינט אין דער „תנועת עבודה הציונית". צו די ראשונים פון די לינקע פועלי־ציון אין סטאָק, דאַר־פן אויך צוגערעכנט ווערן: הערשל פּענעמאַן ע"ה און משה זשעפּקא ע"ה (ביידע אומגעבראַכט גע־וואָרן דורך די נאַציס) — און אים צו לאַנגע יאָרן, אברהם יאַנקל שוואַרצפאַרב, וועלכער לעבט אין בוענאָס איירעס.

נאָכן גרינדן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע א"נ „בער

באַראַכאָוו", ווועמענס פירער עס איז געווען —ביז זײַן עולה זײַן— שלמה דוד פריימאַן, רוקן זיך גלײַך אַרויס צוויי יוגנטלעכע וועלכע פאַרנעמען דעם אייבן־אָן בײַ דער „באַראַכאָוו־יוגנט": ישראל קיאַק און ירחמיאל נאָווענשטערן. דער ערשטער האָט שפּעטער עמיגרירט קיין בראַזיל און אין אַ קורצע שטיקל צײַט אַרום זיך באַזעצט אין בוענאָס אײַרעס און איז זייער אַקטיוו ביזן הײַנטיקן טאָג אין זײַן פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך לעצטנס פאַראייניקט מיט דער „מפאי" און הייסט „עבודה" - פּאַרטיי. בײַ דער געלעגנהײַט, ווילן מיר אויך אָפּמערקן דעם נחת פון אונדזער בן־עיר ישראל קיאַק, וואָס ער האָט פון זײַן זייער געראָטענעם און אינטעליגענטן זון, ד"ר משה קיאַק (ער טראָגט דרך־אגב מיט שטאָלץ דעם נאָמען פון זײַן זיידן ר' משה סופר ז"ל) און אויף אים איז באמת חל דער פּסוק פון: „מעשי אבות ירשו בנים" — ד"ר משה קיאַק, אַחוץ זײַן פּראָפעסיע אַלס זייער דערפאָלגרײַכער מעדיקער און איז אויך פּראָפעסאָר מיט אַ קאַטעדרע אין דער בוענאָס אײַרעסער אוניווערסיטעט, איז ער אויך זייער אַקטיוו אין דער גרויסער שלום עליכם־שולע און איז אויך לעקטאָר אין דער פּאַקס אוניווערסיטעט בײַם „ייוואָ". ער איז אויך דער מחבר פון אַ וויסנשאַפטלעך בוך א"נ „פרויד און דער פּסיכאָאַנאַליז", דערשינען אין בוענאָס אײַרעס אין 1971. מיר מערקן דאָס אָפּ מיט גרויס שטאָלץ און מיר זענען זיך משתתף צום גרויסן נחת פון אונדזער בן־עיר ישראל קיאַק, און מיר זענען אויך צופרידן דערפון וואָס מיר דרוקן דאָ אין אונדזער פּנקס, אַן אייגנאַרטיקע אַרבעט פון ד"ר משה קיאַק.

דער צווייטער איז געווען ירחמיאל נאָווענשטערן, וועלכער איז געווען זייער באַליבט בײַ דער „באַראַכאָוו־יוגנט", צוליב זײַנע לעקציעס וועגן מאַרקסיזם, באַראַכאָוויזם און פּראָלעטאַרישן ציוניזם. ער האָט זיך געראַטעוועט, געווען פאַרשיקט אין טיף רוסלאַנד און לעבט הײַנט אין יזעור, ישראל.

און שרײַבנדיק וועגן די לינקע פּועלי־ציון אין סטאָק, פאַרצייכענען מיר נאָך אַ נאָמען פון אַ זייער אַקטיווער חברטע פון דער „באַראַכאָוו־יוגנט" און לאַנגיאָריקער ביבליאָטעקאַרין אין דער פּועלי־ציון ביבליאָטעק א"נ „אָוונט־קורסן" — מאַלע מאַלישעוויטש, וועלכע איז איינע פון די לעבנס־געבליבענע „נסים־ייִדן", וועלכע האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון די נעגל פון טויט; זי האָט דורכגעמאַכט דעם טויטן־לאַגער אוישוויץ און לעבט הײַנט אין בוענאָס־אײַרעס.

די לינקע פּועלי־ציון פּאַרטיי, האָט אין יענער תקופה, זינט איר אַנטשטייאונג, באָיקאָטירט דעם ציוניסטישן קאָנגרעס און במילא פלעגן זיי נישט אײַסקויפן דעם שקל און אויך זיך נישט באַטייליקט אין די נאַציאָנאַלע מוסדות און קרנות, ווי קרן היסוד, קרן קימת לישראל און אַפילו נישט אין „קפאי", „קופת פועלי ארץ ישראל", וואָס דאָס האָט געמיינט דער „פּאַלעסטינער אַרבעטער פאָנד" און די אָפּטיילונג פון דער סטאָקער לינקער פּועלי־ציון באַוועגונג, איז געווען פיל מער באַפרײַנדעט מיט דעם אַנטי־ציוניסטישן „בונד" און אַפילו מיט די קאָמוניסטן ווי מיט די ציוניסטן און אַפילו נישט מיטן „החלוץ" און „השומר הצעיר" און עס וועט כדאי זײַן צו פאַרצייכענען אַן עפּיזאָד וואָס איז זיך פאַרלאָפן אין שטעטל, ערב די וואַלן צום 18טן ציוניסטישן וועלט־קאָנגרעס, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין אויגוסט 1933, באַלד נאָכן דערמאָרדן דעם ד"ר חיים אַרלאָזאָראָוו ז"ל.

די ציוניסטישע פּאַרטיי־גרופּעס אין סטאָק, האָבן דאַן דורכגעפירט אַן אינטענסיוון שקל־קאַמפּיין און האָבן פאַרקויפט אַ סך מער שקלים ווי צו אַנדערע ציוניסטישע קאָנגרעסן, צווישן אומפאַרטייִשע און סתם ייִדן. אין דעם סאַמע ברען פון דעם וואַל־קאַמפּיין, האָבן די לינקע פּועלי־ציון צוגעפּגעבראַכט אַ פאָרשטייער פון זייער צענטראַל־קאָמיטעט, אויף דורכצופירן אַ מיטינג ספּעציעל געווידמעט דעם ציוניסטישן קאָנגרעס. ווי עס פלעגט זיך פירן שטענדיק בײַ אַזעלכע פאַלן, האָבן די לינקע פּועלי־ציון פונאַנדערגעשיקט אײַנלאַדונגען צו אַלע אַנדערע פּאַרטיי־גרופּירונגען, מעלדנדיק וועגן דעם פאָרשטייענדיקן מיטינג. אַזוי ווי עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פּאַרטייִש־פּאָליטישער טעמע און זיי האָבן געוואָלט, אַז דער געמאָלדענער מיטינג זאָל באַזוכט ווערן מאַסנווײַז, האָבן זיי אָנגעגעבן אין די צוגעשיקטע אײַנלאַדונגען צו די פּאַרטיי־גרופּעס, אַז דער מיטינג וועט פאָרקומען מיט פרײַע דיסקוסיעס און פון „החלוץ" און „השומר הצעיר" זענען געגאַנגען צו דעם מיטינג אַ גרעסערע צאָל חברים, כדי צו נעמען אַ וואָרט אין די פרײַע דיסקוסיעס. אָבער די אָרגאַניזירער פון דעם מיטינג, האָבן תיכף נאָך דעם ווי עס האָט פאַרענדיקט צו רעדן דער פאָרשטייער פון

זייער צענטראַל־קאָמיטעט, האָט דער פּאַרזיצער שלמה דוד פריימאַן באַלד געשלאָסן דעם מיטינג און נישט געוואָלט געבן קיין וואָרט דעם פאָרשטייער פון „החלוץ" און „השומר הצעיר", וועלכע האָבן באַטראַכט די דאָזיקע האַנדלונג פאַר אַן אומקאָרעקטער און אומטאַקטישער. אין אַ ריי חלוצים און שומרים, האָבן אויפגעהויבן זייער פאַרשטייער אויף די אַקסלען און פון דער אימפּראָוויזירטער „טריבונע", האָט ער אָפּאָנירט דעם רעפערענט, נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער פּאַרזיצער האָט שוין געהאַט געשלאָסן דעם מיטינג. דאָס האָט הערפירט צו „היציקע" דיסקוסיעס, וועלכע זענען דערגאַנגען צו קלעפּ. דער אָפּאָנענט מצד דעם „החלוץ" און „השומר הצעיר" איז געווען דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות.

לגבי די לינקע פּועלי ציון פון יענער צײַט, איז חל דאָס באַרימטע העברעיִשע פאָלקס־ווערטל, אַז: „מה שלא יעשה השכל, יעשה הזמן". די צײַט האָט טאַקע באַוויזן צו ענדערן זייער אַ סך שטעלונגען לגבי דעם ציוניזם, וואָס עס איז געקומען צום אויסדרוק אין זייער אַרבעט און אין זייערע שטעלונגען אויף פאַרשידענע קאָנגרעסן און אין דעם וואָס זייערע פירערס זענען הײַנט אײַנגעשלאָסן אין אַלע העכסטע אַמטן פון דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע און צווישן זיי געפינט זיך אויך אונדזער חיים פינקעלשטיין, וועלכער איז הײַנט דער מנהל פון דער מחלקה לחינוך ולתרבות בגולה, וואָס איז עטלעכע צענדליק יאָר געווען גענעראַל סעקרעטאַר פון די לינקע פּועלי־ציון בײַ אונדז אין אַרגענטינע.

## ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

ווען מיר הייבן אָן מיט אַ געשיכטלעכן איבערבליק, וועגן דער ציוניסטישער באַוועגונג אין סטאָק, האָבן מיר גלײַך זיך געמוזט באַנוצן מיט אַן אַנדער טיטל, ווי בײַם שרײַבן וועגן „בונד" אָדער לינקע פּועלי־ציון. ווײַל פון אָנהייב איז געשאַפן געוואָרן אַן אַלגעמיין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אונטער וועמענס דאַך עס האָבן זיך מיט דער צײַט „אויסגעפּיקט" דער „החלוץ" און דער „השומר־הצעיר".

די גרינדער פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען געווען: אברהם אליהו זשעלעניעץ, וועלכער איז אַלע יאָרן געווען אַן אָנהענגער פון „מזרחי"; משה ברוך קאַנטאָר (דעם סטאָקער רבס עלטסטער זון, וועלכער האָט זיך גענומען דאָס לעבן אין טרעבלינקע) און מרדכי מענדל נאָווענשטערן. צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע האָבן באַלאַנגט אין די בראשית־יאָרן כמעט אויסשליסלעך בחורים, וועלכע זענען געקומען פון בעלי־הבתישע און חסידישע היימען און אין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָבן די דאָזיקע בחורים געהאַט אויסצושטיין אַ סך שיקאַנעס מצד זייערע עלטערן און הויפּטזאַכלעך האָבן דאָס געפילט די חברים: אליהו מאַלצמאַן, טביה פרידמאַן, חיים נתן גאַלאַנט, לייבל האַכבערג און מאָטל ראָזענבוים. און איך וויל דאָ פאַרצייכענען אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד, וואָס וואַרפט אַ ליכטיקן שײַן אויף די ענוים וואָס די חברים זענען אויסגעשטאַנען.



ציונים־ותיקים: אברהם טאָשער און זכריה מאַלצמאַן

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט מיט עטלעכע וואָכן פאַר כ׳ תמוז (הערצלס יאָרצײַט), זיך אָנגעהויבן צו גרייטן אויף דורכצופירן אַ הערצל־אַקאַדעמיע, געווידמעט דעם יאָרצײַט פון שעפער פון פּאָליטישן ציוניזם. די אַקאַדעמיע איז פאַרגעקומען אַ פרײַטיק־צו־נאַכטס און כדי די שכנים פון דעם לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (וואָס האָט זיך דאַן געפונען בײַם „גרויסן יוסף" אין הויז), זאָלן זײַן עדות, אַז די לאָמפּן אויף קעראָסין (קיין עלעקטריע איז נאָך דאַן נישט געווען אין שטעטל), האָט מען אָנגעצונדן פאַר ליכטבענטשן, דער חבר ישראל אלתר ווײַסמאַן (ברוך מלמדס זון, וועמען מען האָט גערופן „וויקטאָר אַלטער", ווײַל ער איז פריער געווען אַ בונדיסט)

איז אַוועק אין לאָקאַל ווו די הערצל־אַקאַדעמיע האָט באַדאַרפט פּאַרקומען, אַ שטיק צײַט פֿאַר ליכט צינדן — און האָט דאָרטן אָנגעצונדן די לאָמפּן — און אַוועקגעטראָגן די שליסלען צו דעם שרײַבער פֿון די דאָזיקע שורות, וועלכער האָט זיך שוין געפֿונען אין בית־המדרש, באַגלייטנדיק דעם פֿאָטער (צוליב דרך ארץ) צו קבלת שבת. בעת ישראל אלתר האָט מיר איבערגעגעבן די שליס־לען, האָט דאָס באַמערקט דער סטאָקער „סאַלטיס״ הערש מאיר ווישניעווסקי, וועלכער האָט געדאַווענט אין בית־המדרש און זיך צוגעהערט צו אונדזער שמועס — און ער האָט גלײַך אויפֿגעהויבן אַ גע־וואַלד, אַז די ציוניסטן גרייטן זיך מחלל שבת צו זײַן. ער, דער סאַלטיס, זײַענדיק אַ שטאַרק פֿאַנאַ־טישער, איז תיכף נאָכן עסן אַוועק צו די עלטערן פֿון די אַקטיווע ציוניסטישע טוער און ווען די הערצל־אַקאַדעמיע האָט זיך שוין געהאַט אָנגע־הויבן, זענען אַרײַן אין לאָקאַל די חשובע „פּני״ פֿון שטעטל, ווי: אברהם יאַנקל מאַלצמאַן, אברהם האַכבערג, אברהם ראָזענבוים און דער „סאַלטיס״ הערש מאיר ווישניעווסקי און אָנגעהויבן צו געבן קלעפּ אַלעמען איבערהויפּט די אייגענע קינדער און האָבן דערפֿירט דערצו, אַז די הערצל־אַקאַדע־מיע איז נישט פֿאַרענדיקט געוואָרן.

די פּראָמאַקעס און פֿאַנאַטיקערס, האָבן אַ שטיק צײַט זיך נישט געקאָנט שענקען, אַז אויך די ציו־ניסטן זענען שוין דערגאַנגען —פּונקט ווי די בונ־דיסטן און לינקע פּועלי־ציוניסטן— צו מחלל־שבת זײַן און געוואָרן די זעלביקע „פּושעים״ ווי די „ציציליסטן״ רחמנא לצלן... די חברים, וועמענס עלטערן עס זענען געווען פֿאַרברענטע חסידים און שטאַרקע פֿאַנאַטיקער, האָבן געהאַט צו „זינגען און צו זאָגן״ און פֿלעגן אויסשטיין פֿאַרשידענע בזיונות פֿון זיי.

ווי מיר האָבן פֿריער געזאָגט, זענען כמעט אַלע חברים פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געווען זין פֿון שטאַרק פֿרומע און פֿאַנאַטישע על־טערן, און אַפֿילו זייער הלבשה איז געווען אין שטרענגען נוסח פֿון די פֿרומע, און לאַנגע יאָרן האָבן די ציוניסטן אין שטעטל זיך אויסגעטיילט מיט זייער הלבשה, ביז נאָך אַ לאַנגן קאַמף האָבן זיי בהדרגהדיק געזיגט — און פֿאַרביטן די לאַנגע קאַ־פּאָטעס, מיט דעם קײַלעכדיקן היטעלע, אויף „מאָ־דערנע״ מלבושים.

עס איז דערבײַ כדאַי צו דערמאָנען אַ כאַראַק־טעריסטישן עפּיזאָד. אליהו מאַלצמאַן, וועלכער פֿלעגט אָפּט פֿאָרן קיין וואַרשע געשעפֿטלעך, האָט זיך געמאַכט אַן אָנצוג און אים געהאַלטן בײַם שרײַבער פֿון די שורות אין שטוב. און שטענדיק ווען ער פֿלעגט אַרויספֿאָרן פֿון סטאָק, פֿלעג איך אים אַרויסבאַגלייטן צום באַן (בײַ אַ זיבן קילאָ־מעטער פֿון שטעטל) און דאָרטן האָט זיך אלי איי־בערגעטאָן און איך פֿלעג נעמען אהיים די קאַפּאָטע מיטן קײַלעכדיקן היטעלע און באַהאַלטן די דאָזיקע הלבשה בײַ אונדז אין שטוב — און דאָס זעלביקע איז געווען ווען אליהו מאַלצמאַן איז צוריקגעקומען, פֿלעג איך אים שוין אָפּוואַרטן אונטערן שטעטל מיט דער אַלט־פֿרענקישער הלבשה, אַז ער זאָל זיך איי־בערטאָן...

אָט די געבראַכטע עפּיזאָדן און פֿאַרשידענע אַנדערע, זענען געווען אַ סיבה פֿון דער אײַנגע־שרומפּענער טעטיקייט פֿון דער אַלגעמיינער ציו־ניסטישער אָרגאַניזאַציע; צו וואָס פֿאַר אַ גראַד עס איז דערגאַנגען די שרעק און מורא, מצד די אָנ־פֿירער פֿון דער אָרגאַניזאַציע פֿאַר זייערע פֿאַנאַ־טישע עלטערן, קאָן מען זיך שאַפֿן אַ קלאָר בילד פֿון פֿאָלגנדן פֿאַל: די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין סטאָק, האָט אין נאָוועמבער פֿון 1926, צום ערשטן מאָל זינט איר עקזיסטענץ, געבראַכט אַ רעדנער פֿון וואַרשע, דעם דעמאָלסטיקן מאַגיסטער און שפּע־טער באַרימטן ציוניסטישן פֿירער אין פּוילן, ד״ר משה פּאָליאַקעוויטש. עס זענען פֿאַראַנדערגעשיקט געוואָרן אײַנלאַדונגען, אָדער ווי מען האָט זיי אָנ־גערופֿן „באַקאַנטמאַכונגען״ צו די לינקע פּועלי־ציון און צום „בונד״ אונטערשטרײַכנדיק, אַז נאָכן רעפֿעראַט וועלן פֿאָרקומען פֿרײַע דיסקוסיעס, בכדי דורך דעם צו פֿאַרזיכערן זיך אַ גרעסערן מאַסן־עולם. די געמאָלדענע פֿאַרלעזונג און דער עיקר די פּאָליטישע טעמע, האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם, ספּעציעל פֿון „בונד״.

דער פֿאָרזיצער פֿון דער פֿאַרלעזונג, מרדכי־מענדל נאָווענשטערן, האָט פֿאָרגעשטעלט דעם רע־פֿערענט, מאַגיסטער משה פּאָליאַקעוויטש, האָט אָנגעהויבן זײַן רעפֿעראַט אד״ט: „ציוניזם און בונד״ און גלײַך בײַם אָנהויב פֿון רעפֿעראַט האָט די צאָלרײַכע גרופּע בונדיסטן, אָנגעהויבן צו מאַכן צווישנרופֿן; פֿון אָנהויב זענען די צווישנרופֿן געווען אידעאָלירטע, אָבער נאָך דעם זענען זיי געוואָרן אַלץ

אָפּטערע, ביז דער פירער פון „בונד" בעריש בור־שטיין, האָט נישט געוואָלט וואַרטן אַז דער רעדנער זאָל פאַרענדיקן און בעטן אַ וואָרט, נאָר מיט דער הילף פון דער גרופּע בונדיסטן, פּאָקטיש איבער־גענומען די פאַרלעזונג און עס האָט בלויז געפעלט, אַז נאָך דעם ווי בעריש בורשטיין האָט פאַרענדיקט זײַן רעדע, זאָל מען זינגען די בונדישע „שבועה"... אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער ערשטער רעפע־ראַט, פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע מיט אַ רעדנער־גאַסט פון וואַרשע.

אַזוי איז אָנגעגאַנגען די טעטיקייט — זייער אַ רעדוצירטע — פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין שטעטל, ביז דעם יאָר 1928, ווען עס איז גע־גרינדעט געוואָרן דער „השומר הצעיר", אַ דאַנק וועלכן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגענו־מען אַן אַנדער ווענדונג און אָנגעהויבן אַ ברייט־פאַרצווײַגטע טעטיקייט אויף אַלע ציוניסטישע געביטן.

## „השומר הצעיר"

דער „השומר הצעיר" אין סטאָק, איז געגרינ־דעט געוואָרן אין יולי 1928, בעת אַ באַזוך פון אַ גרופּע „שומרים" פון שכנותדיקן שטעטל קאָסאָוו־טעלאַקי (דערנאָך געביטן דעם נאָמען אויף קאָסאָוו פּאָדלאַסקי) וואָס זענען געקומען מיט זייער ראש־הקן יהושע ליבערמאַן (אומגעקומען תיכף נאָכן מלחמה־אויסברוך אין 1939) און זייער מזכיר פישל טוכמאַן, וואָס לעבט הײַנט צוזאַמען מיט זײַן משפּחה אין מדינת ישראל, אין דעם קיבוץ „בית אלפא", ווו ער איז יאָרן לאַנג געווען מזכיר פון דעם קי־בוץ. די גרינדער פון סטאָק, זענען געווען: איטשע אַלטשולער, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט און לעבט הײַנט אין רמת־גן, ישראל — און דער שרײַ־בער פון די שורות.

בײַם אָנהויב פון דער טעטיקייט פון סטאָקער „השומר הצעיר", האָט מען געלייגט דעם הויפּט־טראָפּ אויף דעם „באָי־סקאַוט" טייל, וואָס האָט גע־מיינט צו זאָגן פיזישע דערציִונג — און דער „שומ־רישער" אוניפאָרם, האָט געהאַט אַ מאַגישע צוציִונג בײַ דער שטעטלדיקער יוגנט און גאָר שנעל נאָך דער גרינדונג, ציילט שוין דער „השומר הצעיר" אַ כך צענדליקער יונגע „ברידער" און „שוועסטער" (בײַם „השומר הצעיר" אין יענער תקופה, האָט מען זיך גערופן „אַחים" און „אחיות" — און נישט „הברים" און „חברטעס"); אַ חוץ די גרינדער, האָבן אָנגעפירט מיט דעם „השומר הצעיר", יואל לאַנדע, וועלכער האָט זיך געראַטעוועט פון נאַצישן גהינום, צוזאַמען מיט זײַן לעבנס־באַגלייטערין, די שומ־רת חנה זשעלעניעץ און זיי לעבן הײַנט אין בוע־נאָס אײַרעס, אַרגענטינע. און עס איז אויך געווען איינער פון די אָנפירער, דער טײַערער און האַר־ציקער לייבל האָכבערג ע"ה, וועלכער איז אומגע־בראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.



פישל טוכמאַן און שמחה לאַנדע בעתן גרינדן דעם קן פון „השומר הצעיר"

לייבל האָכבערג, איז געקומען פון זייער אַ רײַכער היים, וועמענס פאָטער, ר' אברהם, איז גע־ווען איינער פון די אָנגעזעענסטע בעלי־הבתים און איבער אַלץ אַ תלמודיסט און קלוגער מענטש; לייבל האָכבערג איז געווען אַ פּיאָנער אויפן געביט פון „הגשמה חלוציות" (חלוצישע פאַרווירקלעכונג); ער איז געווען דער ערשטער חלוץ פון סטאָק, וואָס האָט דורכגעמאַכט די „הכשרה" אין איינעם פון די ער־שטע קיבוצים, געשאַפענע אין פוילן — אין באַ־רימטן: „קיבוץ חוצבי אבנים בקלוסובה" שטיינ־אַקערײַ אין קלאַסאָווע, נעבן סאַרנע.

דער „השומר הצעיר" וועלכער האָט אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט אין לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט אַ חוץ די ספּעציפיש שומריש־חלוצישער אַרבעט פון דערציִען דעם יונגן דור אין

דעם גײַסט פֿון חיבת און שיבת־ציון — פֿון פֿאַרווירקלעכן דעם חלום פֿון „אַלטנײַ־לאַנד" און ווע'ין די מאָרגנדיקע בויערס פֿון אַן ארץ־ישראל אויף סאָציאַליסטישע און קאָאָפּעראַטיווע קאָלעקטיווע יסודות — האָט גלײַכצײַטיק זיך געשטעלט אין שפּיץ פֿון אַלע ציוניסטישע מוסדות, ווי קרן קימת לישראל, פֿאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן שקל, וואָס האָט גלײַכצײַטיק געדינט אַלס מיטל צו דערנענטערן די ברייטע פֿאָלקס־מאַסן צום ציוניסטישן אידעאַל — און אַ סך אַנדערע קאַמפּײנען, וואָס פֿלעגן דורכגעפֿירט ווערן אין די ראַמען פֿון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער טעטיקייט.

און מען פֿלעגט דורכפֿירן ספּעציעלע פֿײַערונגען און אויף זיי געזאַמלט געלט, כדי צו קאָנען אויסלייזן וואָס מער באָדן אין ארץ־ישראל'

די גרונט־פּרינציפּן און אידייען פֿון דער „השומר הצעיר"־באַוועגונג (נישט פּאַרטיי), האָבן זיך אויסגעטײלט פֿון אַלע אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס אויף דער יידישער גאַס, מיט דעם רעאַליזירן די אידייע בפֿועל ממש; אַ מיטגליד פֿון „השומר הצעיר", ווען עס איז געקומען זײַן רײַ דורכצומאַכן „הכשרה", כדי זיך צוצוגרייטן צו זײַן עליה — און ער האָט דאָס נישט אויסגעפֿאָלגט, איז ער אויטאָמאַטיש אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון



אַ קבוצה „צופֿים" מיט זייער ראש־הקבוצה ל ײ ב ל ה אָ כ ב ע ר ג

דער קרן קימת לישראל און די בלוי־ווײַסע פּושקע פֿאַרנעמען אַ גאַר בכבודיק אָרט אין דער טעטיקייט פֿון „השומר הצעיר". עס ווערט אײַנגעפֿלאַנצט בײַ די שומרים דער אידעאַל פֿון קק"ל, וואָס באַדײַט דאָס אויסלייזן דעם ארץ־ישראל באָדן און אים באַזעצן מיט חלוצים און שומרים. עס פֿלעגן פֿאָרקומען סיסטעמאַטישע „שיחות" (שמועסן) וועגן נאַציאָנאַל־פֿאָנד, אַנהויבנדיק פֿון די גאָר יונגענטשקע „כּפֿירים" (יונגע לייבן), „צופֿים" (סקאַוטן) און „בוגרים" (דערוואַקסענע); מען פֿלעגט פֿאַרבונדן די נאַציאָנאַלע ימים טובים און אויך ספּעציעל ציוניסטישע דאַטעס, מיט דעם קרן קימת

דער „שומרישער" און „חלוצישער" באַוועגונג. אַפֿילו די ריין אָרגאַניזאַציאָנעלע טערמינען און נעמען, זענען געווען נישט די זעלביקע ווי בײַ אַנדערע באַוועגונגען און פּאַרטייען. אַזוי צום בײַשפּיל איז אַנשטאָט פֿיליאַל אָדער אָפּטיילונג, פֿלעגט דער „השומר הצעיר" דאָס אָנרופֿן „קן" (נעסט) און אַנשטאָט חברים און חברטעס, ווי עס איז געווען אָנגענומען בײַ אַנדערע פּאַרטייען, האָט דאָס בײַם „השומר הצעיר" געהייסן „ברידער" און „שוועסטער" און עס איז ווירקלעך געווען „כשמם כן הם".

דער „השומר הצעיר", אַ חוץ די סיסטעמאַטישע „שיחות" און אסיפֿות, וועלכע די שומרים פֿלעגן

מיט אַ לאָקאַלן קאָלאָריט אָנרופן אויף פוילישׂ „זביורקי״ (פאַרזאַמלונגען), האָט אויך דורכגעפירט פון צײַט צו צײַט „טיולים״ (אויספלוגן), אין אַנדערע שכנותדיקע שטעט און שטעטלעך און גאָר באַזונדער פלעגן זיך אויסטיילן די דורכגעפירטע לג־בעומר־פײַערונגען, וועלכע פלעגן זיך אָנהויבן מיט דורכמאַרשירן פון די „שומרים״ און „שומרות״ דורכן שטעטל, אין זייערע שומרישע אוניפאָרמען, מיט זייערע ווײַס־בלויע פענער און אונטער די קלאַנגען פון שומרישע און חלוצישע לידער און פאַרשידענע ציוניסטישע לאָזונגען. אָט די געקומען אין סטאָק. די אָנפירערס פון אונדזער „השומר הצעיר״ האָבן געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט צוצוגרייטן, אַז די „פּגישה״, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט עטלעכע הונדערט שומרים און שומרות פון פינף „קנים״, פון: סטאָק, קאָסאָוו, זאַראָמב, ווענגראָוו און סאָקאָלאָוו, זאָל דורכגעפירט ווערן אויף אַ געלונגענעם אופן.

אָנגעפירט מיט דער „פּגישה״ האָבן: צאַלקע ראָזענבלום, וועלכער פאַרנעמט די לעצטע יאָרן דעם אַמט אַלס מזכיר־כללי פון „תנובה״; פישל טוכמאַן, וועלכער איז אין די לעצטע יאָרן מזכיר פון קי־



די אַכטע לאַנד־קאָנפערענץ פון „השומר הצעיר״

פאָרגעקומען אין וואַרשע 28־23סטן סעפטעמבער 1931 פון היסטאָרישער באַדײַטונג צוליב דער פערזענלעכער באַגריסונג פון גרויסן דיכטער ח. נ. ב י אַ ל י ק

שומרישע פײַערונגען, פלעגן אַרויסרופן גרויס הייטערקייט בײַ די סטאָקער ייִדן, וועלכע הערנדיק דאָס התלהבותדיק געזאַנג: „אנו עולים ארצה, בשירה ובזמרה״, זענען אַרויס פון די שטיבער און בײַ אַ סך האָט מען געקענט באַמערקן ווי זיי לאָזן אַ טרער פון עמאָציע.

עס פלעגן אויך פאָרקומען „פּגישות״ (צוזאַמענטרעפן, אָדער ווי אַנדערע האָבן דאָס גערופן „צוזאַמענפליִען) פון אַ גרופּע „קנים״ פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. יעדעס מאָל אין אַן אַנדער פּלאַץ — און איינע אַזאַ „פּגישה״ איז פאָרבוץ „בית אלפא״ — און דער שרײַבער פון די דאָזיקע שורות. די דערמאָנטע „פּגישה״ איז פאָרגעקומען דעם 21סטן און 22סטן סעפּטעמבער 1929. די אויסוויקלונג פון די באַהאַנדלטע פּונקטן, פון אינהאַלטסרײַכן סדר־היום איז פאָרגעקומען אונטערן טרויעריקן רושם פון די דאַן נאָר־וואָס פאָרגעקומענע געשעענישן אין ארץ ישראל, וועלכע זענען אויסגעבראָכן דעם 23סטן אויגוסט פון יאָר 1929.

די בלוטיקע אויגוסט־געשעענישן האָבן אַרויסגערופן אַ גוואַלדיקן אויפברויז איבער דער גאַנ־



## „פ ג י ש ה" פון השומר הצעיר אין סטאָק

פאָרגעקומען דעם 21סטן און 22סטן סעפּטעמבער 1929 און אָנגעפירט געוואָרן דורך צאַלקע ראָזענבלום, פישל טוכמאַן און שמחה לאַנדע

צער וועלט — און ספּעציעל בײַם פּוילישן ייִדנטום.
און מיר וועלן ברענגען אַן אויסצוג פון דעם בוך „פון בריטישן מאַנדאַט ביז דער ייִדישער מדינה" (אַרויסגעגעבן אין בוענאָס אײַרעס אין 1954 דורכן פאַרלאַג „אונדזער וואָרט"): „דער 16טער ציוניסטישער קאָנגרעס, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין ציריך אין אויגוסט פון 1929, האָט געשיקט אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע קיין לאָנדאָן, כדי צו וואָרענען דאָס קאָלאָניע - מיניסטעריום, אַז אין ארץ ישראל גרייטן זיך אַנטי־ייִדישע אומרוען, אָבער די בריטישע אַדמיניסטראַציע פון ארץ ישראל האָט ווײַטער נישט אָנגענומען קיין שום מיטלען, כדי צו פאַרהיטן דאָס לאַנד פון דעם אומגליק און אין ענגלאַנד איז שוין ווידער געווען אַ רעגירונג פון דער לייבאָר־פּאַרטיי, וועלכע האָט געזיגט בײַ די וואַלן, וואָס זענען פאָרגעקומען דעם 31סטן מײַ 1929. בראָש פון דער רעגירונג איז ווידער געשטאַנען ראַמזיי מאַקדאָנאַלד". „די אומרוען זענען אויסגעבראָכן דעם 23סטן אויגוסט 1929. עס זענען געפאַלן טויט 32 ייִדן, פאַרווונדעט זענען געוואָרן 318 און נײַן טויזנט ייִדן האָבן געמוזט פאַרלאָזן זייערע אײַנגעזעסענע היימען. גרויזאַם זענען געווען די מערדערײַען, דער עיקר אין די שטעט פון אַלטן ישוב, ווי חברון און צפת, וואָס האָבן נישט פאַרמאָגט דעם נײַעם ייִדישן אַרבעטער עלעמענט מיט זײַן זעלבסטשוץ. די מערדער האָבן נישט געשוינט קיין אַלטע לײַט, פרויען און קינדער. די וווינונגען זענען צעראַבירט געוואָרן און נאָך דעם אונטערגעצונדן. זינט דער מאַסן־שחיטה אין חברון, האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן דער ייִדישער ישוב אין דער דאָזיקער אַלטער שטאָט, ווו ייִדן זענען געזעסן אין משך פון די לעצטע הונדערטער יאָרן. דער נײַער ייִדישער ישוב האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און האָט געצוווּנגען די פּאָגראָם־לײַט צו באַצאָלן אַ טײַערן פרײַז פאַר זייער מאָרד און רויב־גלוסטעניש. די מאַכט האָט אָבער גערודפט די „הגנה", אַנטוואָפנט און אַרעסטירט די פּאַרטייִקערס און זיי געשטעלט צום משפּט".

עד כאן דער אויסצוג וועגן די טרויעריקע אויגוסט־געשעענישן. דער אויפברויז בײַ דער מערהײַט

פון דעם פוילישן ייִדנטום, איז געווען נאָך שטאַרקער ווי אין אַנדערע לענדער, צוליב דער חרפּה־דיקער שטעלונג פון דעם „בונד", וועמענס פּאַרטיי פירערס האָבן אויף די שפּאַלטן פון זייער „פאָלקס־צייטונג" און אויף פאַרשידענע עפנטלעכע טריבונעס, פאַרטיידיקט די „אָרעמע" אַראַבער נעבעך...

דער ערשטער קרבן, וואָס איז ביי אונדז געפאַלן פון די פּוילישע כוליגאַנעס, איז געווען כייוול פּילערס זעכצן יאָריק בחורל וועלכער האָט געהערט צום „השומר הצעיר". מען האָט אים פאַרנאַרט אין דעם וואַלד צווישן באַצק און קאַמיאַנע שורות, וועלכער איז געווען שטאַרק באַפריינדעט מיט דעם הער פּילער, באַלד אַוועק קיין באַצק און זיך באַטייליקט, צוזאַמען מיט אַ גרופּע באַצקער תושבים און מיט דעם ה' פּילער, אין דער „עקספּעדיציע" פון געפינען דעם פאַרנאַרטן בחור. זוכנדיק אַ גאַנצן טאָג — עס איז דאַן געווען אין חודש יוני 1932, איז ווען עס האָט צוגעשלאָגן די נאַכט, האָבן מיר אים געפונען אַ דערמאָרדעטן אין דעם „שוואַרצן וועלדל", אויפן וועג צווישן באַצק און קאַמיאַנע און מען האָט אים גלייך געבראַכט קיין סטאָק און אויפן פּאַרלאַנג פון פאַראַבלטן פאָטער, האָט מען די לוויה דורכגעפירט אין זעלביקן



אַ מושבת־קיץ (זומער ־ קאָלאָניע) פון השומר־הצעיר גליל פודלסיה אַדורכגעפירט אין מיעלניק ביים טייך בוג אין 1933.

און אים דאָרטן דערמאָרדעט. דער פאָטער פון דעם דערמאָרדעטן „שומר", איז געווען דער בוכהאַלטער אין דער גרויסער איזן־גיסעריי און מעטאַל־פאַבריק פון די ברידער פּערליס אין באַצק; ער איז געווען אַ הייסער „מזרחיסט" און אַ חוץ אַלגעמיינעם וויסן, איז ער אויך געווען אַ גרויסער תלמודיסט און אַ רעליגיעזער ייִד; ער איז געווען דער גייסטיקער מנהיג פון דאָרטיקן ישוב, אויך זייער מוהל און ער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען.

ווען זייער בחור איז פאַרלוירן געוואָרן און מען האָט וועגן דעם צו וויסן געגעבן דעם „השומר הצעיר" אין סטאָק, איז דער שרייבער פון די אָוונט כדי מען זאָל אים נישט דאַרפן פּאַלמעסן (מאַכן אַן אוטאָפּסיע).

ביים אָפענעם קבר, האָבן אים געזעגנט, דער שרייבער פון די שורות, אין נאָמען פון „השומר הצעיר" און דער פאָטער פון דעם דערמאָרדעטן, האָט אַליין מספּיד געווען דעם אייגענעם זון און געזאָגט נאָך אים קדיש. אָט די סטאַשישע האַלטונג פון דעם פאַראַבלטן פאָטער, האָט זיך מיר איינגעקריצט אין מיין זכרון. און היינט, נאָך אַ צייט־אָפּשניט פון פיר צענדליק יאָר, קלינגען נאָך אין מיינע אויערן די מוטיקע הספּד־ווערטער פון אַ שטאָלצן נאַציאָנאַלן ייִד און ליבן מענטש, וועל־

כער האָט בײַם לעבן געהייסן פּײַוול פּילער און האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע אונדזערע קדושים. יהי זכרו ברוך לעולם ועד!

דער „השומר הצעיר" איז סטאָק, האָט אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער הייליקער אַרבעט פון „כיבוש העבודה". אָבער דאָס לאָזן מיר איבער פאַר דעם קאַפּיטל פון דער „החלוץ"־טעטיקייט. אין די לעצטע יאָרן ביזן אויסברוך פון דער מלחמת־זדון, וואָס איז אויסגעבראָכן אין סעפּטעמבער 1939, האָבן אָנגעפירט מיט דער שומרי־שער באַוועגונג: יואל לאַנדע, יחיאל נאָווענשטערן און איטשע אַלטשולער. אַלע געראַטעוועטע; דער ערשטער לעבט אין אַרגענטינע און די אַנדערע צוויי אין ישראל.

## „החלוץ" און „העובד"

דעם סטאָקער „החלוץ" האָט געגרינדעט דער „קן" פון „השומר הצעיר", אין אָקטאָבער 1929, גלײַך נאָך דער „פּגישה" פון די 5 „קנים" (אויספירלעכער וועגן דעם, האָבן מיר געשריבן אין דעם קאַפּיטל וועגן „השומר הצעיר"), ווײַל אויף צו מאַכן עליה איז נאָר מעגלעך געווען דורך דעם „החלוץ" און דערבײַ איז וויכטיק איבערצוגעבן וועגן דעם וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער „החלוץ" און זײַן מהות אַלס באַוועגונג פון פּיאָנערן.

מיר ברענגען דאָ אַן אויסצוג פון דעם בוך „חלוצים אין פּוילן", וואָס עס איז אַן אַנטאָלאָגיע פון דער חלוצישער באַוועגונג און איז צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט פון לייב שפּיזמאַן (וועלכער איז אגב אַ כמעט לאַנדסמאַן און האָט געשטאַמט פון קאָסאָוו־פּאָדליאַסקי) און וועגן דעם וואָס ער שרײַבט וועגן די יסודות פון „החלוץ":

„דער החלוץ שטעלט זיך אַלס ציל צו שאַפן און אָרגאַניזירן די ערשטע אַרבעטס־אַרמיי פאַר ארץ־ישראל; די אַרבעט אין לאַנד זאָל געפירט ווערן אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות, אין דער פאָרם פון אַרטעלן און דעראָבערוגס־ און אַרבעטס־גרופּן. צוליבן דאָזיקן ציל פאַראייניקט דער „החלוץ" די אַלע וואָס האָבן באַשלאָסן עולה צו זײַן אין לאַנד בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט, צו פאַרבינדן זייער פּערזענלעכן גורל מיטן גורל פון אונדזער לאַנד און וואָס אָנערקענען דעם פּרינציפּ פון קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט, אַלס יסוד פון דער נײַער געזעלשאַפט אין לאַנד. דער „החלוץ" אָרגאַניזירט אַ באַזונדערע גרופּע פאַר די אויפגאַבן פון וועכטער אין ארץ ישראל, די עליה פון די חברים קיין ארץ ישראל, ווי די גאַנצע אַרבעט פון „החלוץ" ווערט אָנגעפירט דורך זײַן הויפּט־לייטונג".

„מיט זײַן אָנשלוס אין דער אָרגאַניזאַציע, איז זיך דער חבר מתחייב עולה צו זײַן קיין ארץ ישראל אין דער פאַרלאַנגטער צײַט און זיך אונטערצוואַרפן דער דיסציפּלין פון דער לייטונג און אירע אינסטרוקציעס".

(„החלוץ, פּרינציפּן און אויפגאַבן"
ניו־יאָרק, יאַנואַר 1917).

באַזירנדיק זיך אויף די יסודות פון „החלוץ" און אויף דער גרונט־אידיי און פּרינציפּן פון דעם „השומר הצעיר", איז דורכן זעלבן געגרינדעט געוואָרן דער „החלוץ" אין סטאָק: אַלע שומרים „בוגרים" (אין עלטער פון 18 יאָר) זענען אויטאָמאַטיש געוואָרן מיטגלידער פון דעם „החלוץ" און אויך די גרופּע רעכטע פּועלי־ציון האָבן געטאָן דאָס זעלביקע און דער „החלוץ" האָט אָנגעהויבן זײַן טעטיקייט אין זעלביקן לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דער ערשטער „ועד החלוץ" פון סטאָק איז באַשטאַנען פון די חברים: אברהם טאָשער, מרדכי־מענדל נאָווענשטערן און טוביה פרידמאַן — אַלע אומגעקומען דורך די נאַציס — און שמחה לאַנדע.

אַ צײַט פריער פאַר דער גרינדונג פון „החלוץ" אין סטאָק, האָט אַ גרופּע פון 16 חלוצים און חלוצות, אַלע פון וואַרשע, דורכגעמאַכט זייער הכשרה אין דעם פּאָלוואַרק (גוט) פון די ברידער פּרוסאַק אין דאָרף וויעליטשנע, נעבן סטאָק. די פּריצים פון וויעליטשנער פּאָלוואַרק זענען, נישט קוקנדיק אויף זייער אַסימילאַטאָרישן אָפּשטאַם געווען נאַציאָנאַל געשטימט און אַפילו געפירט אַ כשרע קיך. אין די צוואַנציקער יאָרן פון דעם יאָרהונדערט האָט פּאַסירט אַן אויסערגעוויינלעכער אַנטיסעמיטישער פאַל. אַ גרופּע פּוילישע אַרבעטער פון דער באַצקער אײַזן־גיסערײַ (מעטאַל־פאַבריק) האָבן געפאָדערט בײַ די פּרוסאַקס (וועלכע זענען געווען שותּפים צו פּערלעכס פאַבריק), זיי זאָלן אויפשטעלן אַ גרויסן צלם (ציילעם) אויפן מיטן וועג צווישן וויעליטשע און קאַמיאַננע. פאַרשטייט זיך, אַז די ברי־

דער פּרוסאַק האָבן אָפּגעזאָגט די פּאָדערונג מחמת רעליגיעזע טעמים און דער אָפּזאָג האָט דערפירט דערצו, אַז איינער פון די ברידער איז געפאַלן אַ קרבן פון די אונטערגעהעצטע פאַבריק אַרבעטער וועמען זיי האָבן דערשטאָכן אויף טויט. בײַם דער־מאָנען די משפּחה פּרוסאַק וויל איך אויך פאַרצײ־כענען דעם פאַל וואָס ס׳האָט פּאַסירט מיט מײַן מאַמען יענטע רבקה, אין דער משפּחה פּרוסאַק איז געווען אַ דערפאָלגרײַכער דאָקטער, זײַן נאָמען איז געווען ד״ר ווילק (אײדעם פון איינעם פון די נײַן ברידער פּרוסאַק). בעת מײַן מאַמע האָט געבוירן מײַן ברודער יואלן האָט זיך קאָמפּליצירט דער געבורט און אַ דאַנק די גיכע מעדיצינישע אינ־טערווענץ פון דאָקטער ווילק איז מײַן מאַמע אָפּ־געראַטעוועט געוואָרן.

די גאַנצע גרופּע חלוצים האָבן געאַרבעט בײַ ערד־אַרבעט און אויך אין סאַד (פּרוכטן־גאָרטן) פון דעם אַרענדאַר יונה ווערנער, וועלכער איז אין אַ צײַט אַרום עולה געווען מיט זײַן משפּחה קיין ארץ ישראל און דאָרטן געשטאָרבן. די גרופּע חלו־צים וועלכע האָבן דורכגעמאַכט זייער הכשרה אין וויעליטשנע, האָבן אַלע געשטאַמט פון זייער רײַכע היימען און אַ טייל פון זיי זענען געווען געענדיק־טע פּראָפעסיאָנאַלן און נישט געקוקט אויף זייער סאָציאַלן מצב, פלעגן זיי אַרבעטן בײַ די שווערסטע באַדינגונגען, מיט דער גרעסטער צופרידנקייט: זיי פלעגן איגנאָרירן די סביבה און אירע מיינונגען וועגן זיי און זײַענדיק פול מיט גלויבן, אַז זייער וועג איז דער ריכטיקער, פלעגן זיי אַליין חוזק מאַכן פון זייערע צרות און לײַדן און זיך לאָזן אין אַן התלהבותדיקן „הורא״ און דערבײַ צוזינגען:

„בין איך מיר אַ חלוצל,<br>אַ חלוצל פון פוילן;<br>גיי איך מיר אין שיכעלעך,<br>אין שיכעלעך, אָן זוילן...״

ווען זיי פלעגן קומען קיין סטאָק אויף צו דער־ליידיקן געוויסע ענינים פון דער „הכשרה״, זע־נען זיי געוואָרן אַ טעמע פאַר פאַרשידענע קאָמענ־טאַרן מצד די שטעטלדיקע אײַנוווינערס. אייניקע האָבן די חלוצים געהאַלטן פאַר משוגעים, אַנדערע האָבן געהאַט מיטלייד, וואָס אַזעלכע רײַכע און בעלי הבתישע קינדער, אַרבעטן נעבעך אַזוי שווער און געווען אויך אַזעלכע פאַרטיי־לײַט וואָס האָבן גע־רעדט מיט צאָרן און פאַרדרוס קעגן די חלוצים, אַז זיי נעמען צו די אַרבעט בײַ די אָרעמע פּויערים...

ווען דער „מרכז־החלוץ״ (החלוץ־צענטראַלע), האָט געוואָרפן די לאָזונג פון „כיבוש־עבודה״, האָט דער סטאָקער „סניף״ (צווײַג), דערמעגלעכט דורך



גרשון קלאַפּ

אָנפירער פון דער הכשרה - פלאַצוווקע נעבן סטאָק

זײַן מזכיר (סעקרעטאַר), דעם שרײַבער פון די דאָ־זיקע שורות, צו שאַפן אַ „פּלאַצוווקע״ פאַר „הכש־רה״. איך בין דאַן אַוועק, צוזאַמען מיט דעם שליח פון „מרכז החלוץ״ ח׳ גרשון קלאַפּ, צום רײַכן פּויער גראַבאָווסקי אין דאָרף גראַביענעס, אַז ער זאָל אונדז אָפּגעבן דעם „שײַער״ (אַ מין תבואה־שפּײַכלער) אַלס אַ צײַטווײַליקע „דירה״ פאַר דער גרופּע חלוצים, וועלכע האָבן באַדאַרפט דורכמאַכן זייער הכשרה. דער פּויער איז נאָכגעקומען אונדזער בקשה, מיטן באַדינג, אַז איך פערזענלעך זאָל אים אונטערשרײַבן אַ פּאַפּיר אַלס פּאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער „פּלאַצוווקע״. אַלס רעזולטאַט דערפון, איז מיט צוויי וואָכן שפּעטער שוין געווען לוסטיק און לעבעדיק אין דעם דאָרף גראַביענעס, פון דער חברה חלוצים געקומענע פון פאַרשידענע פּלעצער, אויף דורכצומאַכן זייערע צוגרייטונגען כדי צו קאָנען באַקומען אַ „סערטיפיקאַט״ אויף עולה צו זײַן קיין ארץ ישראל.

דער ערשטער וואָס איז עולה געווען דורך אַ „סערטיפיקאַט״ איז געווען נחמן איצל סאַפּירשטיין, וואָס האָט דורכגעמאַכט די הכשרה אין קיבוץ

„שחריה" אין מאָלאָדעטשנאָ, וועלכער איז הײַנט אַ פּאָסט־אָנגעשטעלטער אין ירושלים. ער האָט געביטן דעם פאַמיליען־נאָמען און הייסט הײַנט נחמן יבניאלי. דער סניף „החלוץ", האָט אויך געגרינדעט דעם „העובד" וואָס איז באַשטאַנען פון האַנטווערקערס.

וואָס איז געווען דער „העובד" און וועלכע צילן און אויפגאַבעס האָט ער געהאַט? מיר וועלן אויף דעם ענטפערן, מיטן ברענגען אייניקע אויסצוגן פון דעם באַרימטן „החלוץ"־פירער נ. בנאַרי, זײַן געווענדעט צו קולטורעלער אַרבעט, צו געזעלשאַפטלעכער וואַכזאַמקייט און צו געמיינזאַמער הילף. אין „העובד" מוז זײַן די לאָזונג: צו קאָאָפּעראַטיווער אָרגאַניזאַציע אויך דאָ אין די גלות־לענדער; קאָאָפּעראַציע אויך ווי אַ הכשרה־מיטל צו נײַע עקאָנאָמישע פאָרמען, ווי איבערגאַנגס־פאָרמען פון די נישטיקע יידישע מלאכות, צו אַ מער אָרגאַניזירטער אינדוסטריעלער קראַפט. פאַרשטייט זיך, אַז די „העובד" ־ קאָאָפּעראַטיוון וועלן מוזן פאַרבלײַבן אַ לענגערע צײַט אין פרימיטיווע




אַ גרופּע פון קיבוץ „שחריה" אין מאָלאָדעטשנאָ

צווישן זיי שטייענדיק פון לינקס צו רעכטס: נחמן איצל סאַפּירשטיין, דער ערשטער פון סטאָק וואָס האָט געמאַכט עליה

פון זײַנעם אַ רעפעראַט אויף דער לאַנד־קאָנפערענץ פון „העובד"; און מיר נעמען פון דאָרטן אַרויס: „דער «העובד» איז אָרגאַניזירט געוואָרן, נישט כדי צו פאַרלײַכטערן דעם וועג פון דער עליה און פון חלוציזם, נאָר כדי צו פאַרברייטערן דעם חלוצישן שליאַך און אַרומנעמען מענטשן ביז דער עלטער פון 33 יאָר, מענטשן מיט פאַמיליעס און אויך פון זיי צו פאָדערן חלוציות. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ מוז דער צוגאַנג זײַן אַן אַנדערער און זייער הכשרה מוז זײַן אַן אַנדערע; זי מוז בעיקר ראַמען פון קליין־אינדוסטריע, ווײַל גלײַכער איז, אַז די חברים פון „העובד" זאָלן אויך קומען קיין ארץ ישראל אָרגאַניזירטערהייט, נישט ווי יחידים, נאָר ווי אָרגאַניזירטע גרופּן. דערמיט וועלן זיי גלײַך אָפּגעטיילט ווערן פון סתם עמיגראַנטן, און דער „העובד" וועט זאָרגן פאַר זײַנע חברים, נישט נאָר אינעם זין ווי זיך אַריבערצופּעקלען קיין ארץ ישראל, ווי צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט פאַר יעדן איינעם, נאָר אויך ווי צו אָרגאַניזירן אָט די צעפלאַמטע מאַסע און שאַפן פון איר גוט־אָרגאַ־

ניזירטע עליה־גרופּעס, פּאַכמעניש אויסגעשולטע, קולטורעל צוגעגרייטע און פּאַרמירטע אין קאָאָפּע־ראַטיוון" („דאָס וואָרט" 110, מײַ 1934).

נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט, אין יאַ־נואַר 1933, האָט די פּוילישע רעגירונג, וועלנדיק נושא חן זײַן בײַ היטלערן, אָנגעהויבן צו רודפן די ייִדן אין פּוילן, אין אַ סך שטאַרקערער פֿאָרם, ווי אין די פֿריערדיקע צײַטן און דאָס האָט דער־פֿירט, אַז די מערהײַט פֿון דעם פּוילישן ייִדנטום האָט זיך אַרומגעזען, אַז דער איינציקער אויפֿן איז: „ושובו בנים על גבולם". אַזוי אַרום האָבן די ברייטע פֿאָלקס־מאַסן זיך אָנגעהויבן צו קלאַמערן אין די ציוניסטישע פּאַרטייען מיטן אויסקוק עולה צו זײַן. פֿון דעם נעמט זיך דאָס גרינדן פֿון „העובד" אין סטאָק, וועלכער איז באַשטאַנען פֿון ייִדן האַ־רעפּאַשניקעס, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַ־נען אַשרקע פּלאַטנער און אונטער וועמענס השפּעה עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן כמעט אַלע זעלבסטשטענ־דיקע בעלי־מלאכות פֿון שטעטל (וועגן זעלביקן אַשרקע פּלאַטנער, געפֿינט זיך אַ ספּעציעלע אַר־בעט אין דעם יזכור־בוך, געשריבן פֿון יואל לאַנ־דע — רעד.). דער „העובד" אַלס אַזעלכער, האָט זיך באַטייליקט אין דעם אָרטיקן ייִדישן לעבן, לויט די דירעקטיוון פֿון דעם „סניף" פֿון „החלוץ" און האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע ציוניסטישע מוסדות אין לאַנדס־מאַסשטאַב.

## קרן קימת און ליגע פֿאַרן אַרבעטנדיקן ארץ - ישראל

נאָך דער גרינדונג פֿון „השומר הצעיר" אין סטאָק, איז די אַרבעט פֿאַר דעם נאַציאָנאַל־פֿאָנד אַרויף אויף אַ פֿיל אויסגעברייטערטן שטח פֿון אַק־טיוויטעט, נישט ווי ביז יענער צײַט, ווען די קרן קימת־טעטיקייט פֿלעגט זײַן באַגרענעצט מיטן דורכפֿירן בלויז די „תשרי־אַקציע" און דער הויפּט מקור פֿון די הכנסות, זענען געווען די באַרימטע „קערות".

אַ דאַנק דעם „השומר הצעיר", וועלכער האָט דערצויגן און אײַנגעפּלאַנצט די ליבע צו דער „בלוי־ווײַסער פּושקע" און צום נאַציאָנאַל־פֿאָנד בכלל, וועלכער איז דער אויסלייזער פֿון ארץ־יש־ראל באָדן, אָנהויבנדיק בײַ גאָר יונגעטשקע „כפֿי־רים" און אויסברייטערנדיק דעם געדאַנק פֿון קרן קימת לישראל, מחוץ דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע, בײַ אַלע ייִדן פֿון סטאָק און אַרומיקע ישובים, וועלכע האָבן באַלאַנגט צו דער סטאָקער קהילה — און גאָר ספּעציעל אין באַצק און אָס־טרוווּעק, ווו עס האָבן זיך געפֿונען די צוויי גרוי־סע אײַזן־גיסערײַען (מעטאַל־פֿאַבריקן), וועמענס אייגנטימער עס זענען געווען די ברידער פּערליס און וולאַדעק לעווענשטיין.

אויסנוצנדיק די פֿרײַנדשאַפֿט וואָס עס האָט פֿאַרבונדן דעם שרײַבער פֿון די שורות, מיט די דירעקטאָרן פֿון דער אָסטרוווּקער מעטאַל־פֿאַבריק, דורך דעם אינזש' קאַרל בערגמאַן, וואָס איז גע־ווען דער ראש הקהל פֿון דער סטאָקער קהילה, האָט זיך אײַנגעגעבן די גוטע איניציאַטיוו בײַם ועד (קאָמיטעט) פֿון קרן קימת לישראל, אײַנצואָרדענען יאָר־יערלעך אַ „קרן קימת באַזאַר" (אַ פֿאַנטאַוועט לאָטעריע), מיט פֿאַרנעם. די קרן קימת באַזאַרן, זענען געווען אַ שם דבר אין שטעטל; זיי פֿלעגן צו־ציִען גרויסע מאַסן באַזוכערס, אַפֿילו פֿון דער קריסטלעכער באַפֿעלקערונג, צוליב דער מעגלעכ־קייט פֿון קאָנען געווינען אַפֿילו אַגריקולטור־מאַ־שינען. ביידע פֿאַבריקן פֿון אָסטרוווּעק און באַצק, פֿלעגן שענקען פֿאַר די באַזאַרן זייער ווערטפֿולע מאַשינען און דאָס איז געווען אַ צוציִונגס־קראַפֿט, ספּעציעל פֿאַר די דאָרפֿישע פּויערים, אַז זיי זאָלן מאַסנווײַז באַזוכן דעם „קרן קימת־באַזאַר" און אויסקויפֿן „זכה בגורל" צעטלען.

די באַזאַרן פֿלעגן אײַנגעאָרדנט ווערן מיט גרויס געשמאַק און פֿאַרנעם. די שומרישע יוגנט האָט ממש געפֿיבערט און מיטן גאַנצן יוגנטלעכן ברען און חלוצישער התלהבות, פֿלעגן זיי ערב די פֿײַערלעכע דערעפֿענונגען פֿון די באַזאַרן, גיין פֿון שטוב צו שטוב, כדי צו זאַמלען פֿאַרשידענע חפֿ־צים פֿאַרן באַזאַר — און דערפֿאַר פֿלעגן די דאָזיקע באַזאַרן זיך פֿאַרוואַנדלען אין וויכטיקע געשעענישן מיט אַ קאָלאָסאַלן דאָפּלטן דערפֿאָלג: מאָראַליש און מאַטעריעל פֿאַרן קרן קימת לישראל.

איינער פֿון די הויפּט קוואַלן פֿון הכנסה פֿאַר דעם קרן קימת, זענען געווען די „בלימל־טעג", וועלכע פֿלעגן זיך פֿאַרוואַנדלען אין וויכטיקע גע־שעענישן אין שטעטל. אָט די „בלימל־טעג" פֿלעגט מען אַדורכפֿירן בעת די פֿאַרגעקומענע ירידים. די באַשטימטע פֿאַרלעך, וועלכע האָבן דאָס באַטראַכט פֿאַר אַ גרויסער זכיה, פֿלעגן קיינעם נישט דורכ־

לאָזן אָן אָנצוהענגען אַ ווײַס־בלוי שלייפל — און אָנגעוואנדן פאַרשידענע „טריקס", כדי קיינער זאָל זיך חס וחלילה נישט אַרויסדרייען און נישט אַרײַנלייגן אַ מטבע, אָדער פּאַפּיר־באַנקנאָט אין דעם אויסגעצאַצקעטן בלוי־ווײַסן קוישל. און נאָכן „בלימל־טאָג" פלעגן די פּאַרלעך האָבן צו דערציילן פאַרשידענע עפּיזאָדן וועגן ייִדן און פּאָליאַקן — און גאָר באַזונדער וועגן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע פלעגן קומען אין שטעטל צום קיאָסקן (סטאַנדן) פלעגט ער באַפּוצן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן געשמאַק און דאָס האָט צוגעגעבן אַ סך גלאַנץ און דער עסטעטישער אויסזען פון „באַזאַר" מיט זײַנע געצייכנטע בילדער, וואַנט־לאָזונגען, טראַנספּאַרענטן, וואַנט־צײַטונגען און באַפּוצטע קיאָסקן, האָבן אַרויסגערופן באַוווּנדערונג בײַ אַלעמען —און אַ דאַנק וועלכן די צאָל באַזוכער פלעגן שטײַגן פון טאָג צו טאָג און נאָרמאַל פלעגט דער „באַזאַר" דויערן בײַ די אַכט טעג.




קרן ־ קימת לישראל ־ קאָמיטעט

זיצנדיק פון לינקס: מרדכי מענדל נאָווענשטערן, לייבל האָכבערג און שמחה לאַנדע; שטייענדיק פון לינקס: טוביה פרידמאַן און יואל לאַנדע.

יריד (אָדער מאַרק) און האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט פאַרשטאַנען, וואָס עס באַדײַט דער קרן קימת לישראל.

שרײַבנדיק וועגן די באַזאַרן און „בלימל־טעג" דאַרף באַזונדערס אַרויסגעהויבן ווערן דער נאָמען פון יואל לאַנדע, וועלכער פלעגט מיט אַ סך טאַלאַנט באַפּוצן די ווענט פון לאָקאַל, ווו די באַזאַרן פלעגן אײַנגעאָרדנט ווערן, מיט פאַרשידענע צייכענונגען און טראַנספּאַרענטן. אויך די פאַרשידענע

דער קרן קימת־קאָמיטעט איז שטענדיק געווען צוזאַמענגעשטעלט פון די זעלביקע חברים, וועלכע האָבן געאַרבעט בלב ונפש פאַרן נאַציאָנאַלפאָנד און איז באַשטאַנען פון: מרדכי מענדל נאָווענשטערן, טוביה פרידמאַן, לייבל האָכבערג, שמחה און יואל לאַנדע.

די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון „החלוץ", „השומר הצעיר" און רעכטע פועלי ציון. די אויפגאַבע פון

דער „ליגע" איז געווען צו זאַמלען פאַרן „פּ. אַ. פ." (פּאַלעסטינער אַרבעטער פאָנד), אַדער ווי ער האָט געהייסן אין עברית „קופת פועלי ארץ־ישראל" („ק. פּ. א. י.") און אין דורכפירן געמיינזאַם פאַר־שידענע פּאָליטישע ציוניסטישע מיטינגען וועגן אַקטועלע ענינים.

אין 1933 אין דער צייט פון באַרימטן „טראַנס־פער", וועמענס איניציאַטאָר איז געווען דער וויזיאָנער ד"ר חיים אַרלאָזאָראָוו ז"ל, וועלכער איז אין זעלביקן יאָר דערמאָרדעט געוואָרן אין ארץ־ישראל, האָט די „ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־



**טוביה פרידמאַן**

איינער פון די ציוניסטישע ראשונים אין סטאַק

ישראל" אין סטאַק, דורכגעפירט אין דעם בית־המדרש —צום ערשטן מאָל אין דעם שטעטל— אַ מאַסן־מיטינג לטובת דעם טראַנספער. דער בית המדרש איז געווען איבערגעפולט מיט מענטשן. אייניקע פון די לינקע פּאַרטייען, האָבן פּרובירט שטערן און געוואָלט פּשוט אויפרייסן דעם מיטינג, אָבער אָן דערפאָלג. אַלס רעדנער זענען אַרויסגע־טראָטן די חברים מרדכי מענדל נאַוואָנשטערן און טוביה פרידמאַן און ביים סוף האָט שמחה לאַנדע, אַלס סעקרעטאַר פון דער „ליגע פאַרן אַרבעטנ־דיקן ארץ ישראל", איבערגעלייענט די אָנגענו־מענע רעזאָלוציע פון דער מאַסן־פאַרזאַמלונג לטובת דעם „טראַנספער" און דער מיטינג האָט זיך פאַרענדיקט מיט דעם געזאַנג פון דער „התקוה" און „תחזקנה" - הימן פון אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל.

## קאָמוניסטן אין סטאַק

אַזוי ווי די קאָמוניסטישע פאַרטיי אין פּוילן איז געווען אומלעגאַל, האָט זי נישט פאַרמאָגט קיין מאַסן מיטגלידערשאַפט און נאָך ווייניקער אויף דער פּראָווינץ. אין סטאַק איז געווען (ביי ייִדן) אַ קליינע גרופּע אַקטיוויסטן און זייער הויפּט־אַקטו־אַציע האָבן זיי דורכגעפירט אין די אַזוי גערופענע „פּאַראייניקטע שטאָטן" פון סטאַקער ראַיאָן, ווייל דאָרטן האָבן זיך געפונען די באַרימטע צוויי אייזן־גיסערייען. איינע אין אָסטראָוועק און די צווייטע אין באַצק — און זיי פלעגן דורכפירן געהיימע פאַרזאַמלונגען אין פעלדער אַרום די פאַבריקן.

ערב דעם ערשטן מיי, פלעגן זיי אויפהענגען רויטע פענער אויף עפנטלעכע געביידעס און דאָס פלעגט „שטעלן אויף די פיס" די פּאָליציי, וואָס האָט דורכגעפירט פאַרשידענע אַבלאַוועס אין די היימען פון די „פאַרדעכטיקע" און פלעגן אַרעס־טירן אין גרעסטן טייל אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שום שייכות צו דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אַ ספּעציאַליסט אין דער „מאַטעריע" פון אַרויסהענגען פענדלעך און קיין מאָל נישט גע־כאַפּט צו ווערן, אויף דער הייסער מינוט, איז גע־ווען יודל אָסטשעגאַ, וועלכער לעבט היינט אין דעם ווייטן צפון פון אַרגענטינע, אין דער שטאָט סאַלטאַ.

אָנגעפירט מיט דער קאָמוניסטישער טעטיקייט אין סטאַק האָבן: ישראל פריד, אַ שניידער־אַרבע־טער, וועלכער איז אומגעקומען דורך די נאַציס, נישט געקוקט אויף דעם, וואָס ער איז געווען אַ הייסער פּאַרטיידיקער פון דעם היטלער - סטאַלין פּאַקט, וואָס האָט גורם געווען דעם גאַנצן ייִדישן אומגליק; ישראל קאַנטאָר — דעם סטאַקער רבס זון, אַ ישיבה־בחור מיט אַ שאַרפן מוח און אַ זייער אינטעליגענטער געבילדעטער בחור פון זעלבסט־בילדונג — און דער פריער דערמאָנטער יודל אָסטשעגאַ, וועלכער האָט גלייך פון דער ישיבה־באַנק און פון „עסן טעג" זיך אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצן ברען און אימפּעט און שאַרפן מוח און האָט אָנגעפירט מיט דער געהיימער אונטערערדי־

שער קאָמוניסטישער טעטיקייט און מיט די געשאַפענע „קעמעדלעך".

נישט קוקנדיק אויף דעם שרעקלעכן קאַטאַקליזם, וואָס האָט דערפירט צום חורבן און פאַרטיליקונג פון פוילישן ייִדנטום מצד דער נאַצי־בעסטיע און אויף דעם, וואָס דער „פאַקט"־שותף,



ישראל קאַנטאָר אָדער ווי מ׳פלעגט אים רופן ישראל דעם רבס און יודל אָסטשעגאַ — אַ בילד פון די ישיבה־יאָרן

זעצט פאָר מיט דער זעלביקער פּאָליטיק, פון ווען פאַרניכטן מדינת ישראל, האָט דער זעלביקער אַמאָליקער אידעאַליסט, וואָס האָט געגלויבט באַמונה שלימה און געמיינט, אַז: „מ׳מאָסקווע תוצא הגאולה", איז ער ביזן הײַנטיקן טאָג פאַרבליבן אין זײַנע מחשבות און גלויבט נאָך עד היום הזה אין דעם פאַלשן משיח.

אָבער דאָס לעבן טוט טייל מאָל אָפּ אַזעלכע „שפּיצלעך" דעם בן־אדם, וואָס מוז זיך פאַרטראַכטן און קומען צום אויספיר, אַז „מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל" — און עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין אַ געוויסן טאָג זאָל דער זעלבער יודל אָסטשעגאַ זיך באַזעצן אין מדינת ישראל. איינער פון די הויפּט מאָטיוון איז דאָס, וואָס זײַן זייער געראָטענע און אינטעליגענטע טאָכטער, דאָקטאָרין אין מעדיצין — שרהלע (סילוויאַ) אָסטשעגאַ ־ האָניגמאַן, איז עולה געווען, צוזאַמען מיט איר מאַן ד"ר יוסף האָניגמאַן (אויך אַ מעדיקער) און זיי אַרבעטן אין „רמבם"־שפּיטאָל אין חיפה.

## לינת ־ הצדק פאַראיין

„ביקור־חולים" איז איינע פון די הומאַניטאַרסטע מענטשלעכע אַקטן און בײַ ייִדן איז מבקר חולה זײַן אַ גאָר גרויסע מצווה, אויף אַזוי ווײַט, אַז עס איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס־ווערטל, אַז יעדער וואָס באַזוכט אַ קראַנקן, נעמט ער בײַ אים צו אַ זעכציקסטל פון דער שלאַפקייט. און אין די קליינע שטעטלעך, איז מען געגאַנגען נאָך ווײַטער אין דעם מקיים זײַן די מצווה פון ביקור־חולים און מען האָט געגרינדעט לינת־הצדק פאַראיינען (אויף צו נעכטיקן און באַגלייטן דעם קראַנקן) און דאָס זעלביקע האָבן אויך געטאָן די ייִדן פון סטאָק.

אַ קורצע צײַט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן אין סטאָק אַ לינת־הצדק פאַראיין, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן הייליקע אויפגאַבע נישט בלויז דאָס נעכטיקן בײַם חולה, נאָר אויך ברענגען מעדיקאַמענטן און רפואות פאַר די קראַנקע פון די אָרעמע היימען און די אַקטיוויסטן פון דעם „לינת־הצדק פאַראיין", אָדער ווי מען פלעגט זיי רופן אויפן הײמישן שטייגער „חברה לינת־הצדק", האָבן זייער הומאַניטאַרע אַרבעט געטאָן מיט אַ געוואַלדיקער אחריות.

אַלס באַווײַז דערפון, וועלן מיר ברענגען צוויי פאַקטן וועגן צוויי שווער־קראַנקע: איין פאַל האָט פּאַסירט מיט איטשע אַלטשולער, אַן אָנפירנדיקער מיטגליד פון „השומר הצעיר" וועלכער איז פאַרשלאָפט געוואָרן אויף אַ לונגען־אַנטצינדונג — און אין יענע יאָרן, ווען עס זענען נאָך נישט געווען קיין אַנטי־ביאָטיקס, איז אַזאַ שלאַפקייט געווען זייער אַן ערנסטע און מען האָט באַדאַרפט וואַכן בײַם קראַנקנס בעט, בײַטאָג און בײַנאַכט. נו, האָבן די ציוניסטן און ספּעציעל די שומרים, נישט אָפּגעטראָטן פון דעם קראַנקן און די אַקטיוויסטן פון לינת הצדק, האָבן זיך געפילט שטאַרק געטראָפן פון „אויסכאַפּן" זייער הייליקע אַרבעט. דער צווייטער פאַל איז געווען מיט דעם בונדיסט אײַזיק באַרייקוס, פון פּראָסטין. מען האָט אים געבראַכט קיין סטאָק, אַ שווער קראַנקן אויף טיפוס, האָבן די בונדיסטן געדונגען אַ צימער בײַם „גרויסן יוספן" אין שטוב — און נישט געקוקט אויף דעם וואָס טיפוס איז אַן אָנשטעקנדיקע קראַנקהײַט, פלעגן די בונדיסטן נישט אָפּטרעטן פון דעם חולה בײַטאָג און

בײַנאַכט — און דאָס האָט ווידער אַרויסגערופן זאָרג און פשוט „איפערזוכט" בײַם אַקטיוו פון לינת־הצדק, וואָס מען איז זיי „משיג גבול", צו אַזאַ מדרגה, פון העכסטן גראַד הומאַניזם, איז דערגאַנגען די „חברה לינת הצדק" פון סטאָק.

געווען אַפילו פאַלן, ווען מען פלעגט אַראָפּברענגען דעם יאַדעווער דאָקטער ווישניעווסקי (ווען דאָס שטעטל האָט נאָך נישט געהאַט קיין אייגענעם דאָקטער) אויפן חשבון פון לינת־הצדק. אויף אויסצוהאַלטן דעם „לינת הצדק פאַראיין" — כאָטש דער גאַנצער אַקטיוו האָט געאַרבעט „האָנאָראָווע" וואָס דאָס האָט געמיינט צו זאָגן אומבאַצאָלט, איז די הויפּט הכנסה געווען פון „וואָכן־געלט" וואָס דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז יעדן פרײַטיק פלעגן צוויי אַקטיוויסטן פון פאַראיין, באַזוכן די שטעטלדיקע אײַנוווינערס און בײַ זיי אײַנקאַסירן דאָס „וואָכן געלט" (דעם מיטגלידס־אָפּצאָל), וועלכע מען האָט זיי אַקעגנגעטראָגן בסבר פנים יפות און אויך צו שאַפן מער פאָנדן, פלעגט דער לינת־הצדק דורכפירן, פון צײַט צו צײַט, טעאַטער־פאָרשטעלונגען אויף נאַציאָנאַל - היסטאָרישע טעמעס, ווי: „עקדת יצחק" אָדער „מכירת יוסף". די פאָרשטעלונגען פלעגן דורכגעפירט ווערן אין דער ווײַבער־שיל פון בית־המדרש און דער רעזשיסער איז געווען יאָסעלע ווײַנטרויב, אָדער ווי מען פלעגט אים רופן יאָסעלע פעלדשער — און די „פרימאַדאָנע" איז געווען פאַולינאַ פלאַטנער — (אָשרקעס פרוי) און די הויפּט אַרטיסטן (אַמאַטאָרן מיט אַקטיאָריש בלוט) זענען געווען: פרץ און רבקה ווײַנטרויב, יאָסעלע פעלדשערס קינדער.

די טעאַטער־פאָרשטעלונגען פלעגן פאָרקומען פורים־צײַט און האָבן שטענדיק געהאַט אַ מאָראַלישן און דער עיקר אַ מאַטעריעלן דערפאָלג. ווי סנדיק דעם הייליקן צוועק פאַר וועלכן עס זענען געווען באַשטימט די הכנסות.

בײַם פאַרענדיקן מיט דעם קאַפּיטל לינת־הצדק, זאָלן דערמאָנט און פאַרצייכנט ווערן די נעמען פון די שטענדיקע אַקטיוויסטן, וועלכע זענען בפועל ממש געווען „עסקנים שעסקו בצרכי ציבור באמונה שלימה" ואלו הם: לייזער זשעלעניעץ (אָדער ווי מען פלעגט אים רופן לייזערקע „טשאָרט") אָשר פלאַטנער (אָשרקע); שמואל מרדכי מאַלישעוויטש; אברהמעלע איגלע, שמחה גאָדענגאַנד, יאָבעלע ווײַנטרויב (יאָסעלע פעלדשער); חנא סוקעניק (דער „גרויסער חנא" ווי מען פלעגט אים רופן); משה־חיים באַנוועל (דעם „גרויסן יוספס" זון) און אחרון, אחרון — ישראל ווועלוול מאַלישעוויטש (אַנגערופן דער „געלער") וועלכער האָט שפּעטער עמיגרירט קיין פאַריז.

## די צוויי יידישע בענק אין סטאָק

ווי מיר האָבן איבערגעגעבן אויספירלעך אין דער אַרבעט וועגן דער סטאָקער קהילה מיט אירע אָפצווײַגן, איז די פאָרגייערין פון די שפּעטערדיקע צוויי יידישע בענק אין סטאָק, געווען די לײַ־קאַסע, וועלכע איז פאַקטיש געווען אַ גמילת חסדים־קאַסע און מיר האָבן וועגן דער דאָזיקער לײַ־קאַסע געשריבן אויספירלעך אין דער אויבנדערמאָנטער אַרבעט.

אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, איז אויף דער איניציאַטיוו פון „דזשאָינט", וועלכער איז געווען דער גואל (אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט) פון דעם אויסגעהונגערטן און אדם־נאַקעטן פוילישן יידנטום, געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלע קערפערשאַפט פון קאָאָפעראַטיווע בענק, וועלכע האָבן זיך געגרינדעט אין יעדער שטאָט און שטעטל איבער דעם דעמאָלסטיקן פוילן.

אַזוי איז געגרינדעט געוואָרן אין סטאָק אַ קאָאָפעראַטיווע באַנק, וועלכע האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין דער צענטראַלע פון די קאָאָפעראַטיווע בענק אין פוילן. די צענטראַלע האָט געהאַט איר זיץ־אָרט אין דער הויפּטשטאָט וואַרשע אויף רימאַרסקע 6. די קאָאָפעראַטיווע באַנק אין שטעטל איז געגרינדעט געוואָרן אויף עכט קאָאָפעראַטיווע יסודות און עס זענען נישט געמאַכט געוואָרן קיין שום שוועריקייטן בײַם אַרויסגעבן קרעדיטן, אויף אַ נידעריקער פראָצענט־טאַסע און אַלע וועלכע פלעגן אַרומלויפן בײַטאָג און בײַנאַכט נאָך אַן הלוואה אויף פראָצענט — און דער עיקר נאָך אַ גמילת חסד, האָבן לײַכטער אָפּגעאָטעמט. אין שפּיץ פון דער קאָאָפעראַטיווער באַנק זענען געשטאַנען: ר' אברהם האָכבערג (אָדער ווי מען פלעגט אים רופן: אברהם שמעונס); איתמר ווירשבינסקי, אברהם־יאַנקל מאַלצמאַן, לייבל אימבער (גערופן „דער קאַשע־מאַכער", צוליב זײַן קאַשע־מיל); יחיאלקע בלומענקראַנץ, חייקל זשעלעניעץ און — אים צו לאַנגע יאָרן— פנחס קיטשקאָווסקי, וועלכער

לעבט אין אַרגענטינע (אַ סך יאָרן אין סאַלטאַ און לעצטנס — ווען ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון מסחר, צוליבן עלטער, וווינט ער צוזאַמען מיט זײַן פרוי חנה גיטל לאַנגלייב (משה אהרן בעקערס טאָכטער) אין ראָזאַריאָ, די צווייט־גרעסטע שטאָט אין אַרגענטינע, נאָך בוענאָס־אײַרעס.

די אַלע אויסגערעכנטע פּערזאָנען, זענען געווען עקאָנאָמיש גוט סיטואירטע און קיין מאָל נישט באַדאַרפט אַרויסנעמען קיין קרעדיטן פאַר זיך גופא, אַ דאַנק וועלכן די באַנק האָט זייער שנעל געוווּנען דעם פולסטן צוטרוי בײַ דער גאַנצער שטעטלדיקער באַפעלקערונג און אויך פון די אַרומיקע ישובים. בוכהאַלטער וועלכער איז גלײַכצײַטיק געווען אויך דער פאַרוואַלטער פון דער באַנק, איז געווען זײַנוול טשערוואָנאָגורא (חיים דוד קו־פערבערגס אײדעם), אַליין פון שטעטל בראָק, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווײַט פון סטאָק, האָט ער שנעל גושא חן געווען בײַ דעם סטאָקער ישוב — און ספּעציעל בײַ די באַנק־אַקציאָנערן — און ער האָט אָנגעפירט און פאַרוואַלטעט מיט דער באַנק אויף אַ זייער קאָרעקטן אופן.

די קאָאָפּעראַטיווע באַנק, וועלכע איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער צענטראַלע פון רימאַרסקע 6 אין וואַרשע, איז, פאַרשטייט זיך, געווען אונטער־געוואָרפן אונטער דעם קאָנטראָל פון דער צענטראַלע און צוליב דעם פלעגן אָפט באַזוכן אינספּעקטאָרן פון דער צענטראַלע, כדי צו רעווידירן די בוכ־האַלטעריע־ביכער און די גאַנצע באַנק־טעטיקייט. און אַזוי אַרום פלעגן באַזוכן סטאָק — אַלס באַנק־אינספּעקטאָרן — באַרימטע פּערזענלעכקייטן, ווי: יצחק גוטערמאַן און ד״ר חיים שאָשקעס ע״ה. נאָך די דורכגעפירטע רעוויזיעס אין דער באַנק, פלעגן די אינספּעקטאָרן מיטנעמען די בעסטע אײַנדרוקן פון דער ראַיעלקייט און ערלעכער אָנפירונג מיט דער באַנק, מצד דער פאַרוואַלטונג און פון דעם פאַרוואַלטער־בוכהאַלטער זײַנוול טשערוואָנאָגורא.

און אַזוי איז די קאָאָפּעראַטיווע באַנק אָנגע־גאַנגען מיט איר טעטיקייט, ביז דער דעמיסיע פון בוכהאַלטער, בײַ וועמען עס איז געשען אַ גרויס אומגליק, מיט דעם וואָס זײַן פרוי רויזע חיה קו־פערבערג, איז אַוועק פון דער וועלט, בײַם געבוירט פון דעם ערשטלינג — און זײַנוול טשערוואָנאָגורא, האָט מער נישט געוואָלט בלײַבן אין סטאָק און האָט פאַרלאָזט זײַן פּאָסטן. און עס האָבן זיך געשאַפן צדדים וועגן דעם וועמען צו באַשטימען אַלס זײַן נאָכפאָלגער.

זײַענדיק אַ נוגע בדבר אין דעם סכסוך, וואָס האָט זיך דאַן געשאַפן אַרום דער באַנק — און ווי איך האָב מיך מתנצל געווען גלײַך בײַם אָנהייב פון אָט דער גרעסערער אַרבעט, צו זײַן שטרענג אָב־יעקטיוו, היט איך דעריבער אָפּ מיט מײַן גאַנצער אחריות און פיעטעט, דאָס הייליקע געבאָט פון אָב־יעקטיוויטעט און נאָך מער דעם ציל פון אונדזער אַלעמענס אָנגעשטרענגטער מלאכת הקודש, וועלכע דאַרף ווערן אַ מצבת־נצח נאָך קדושי־סטאָק. איך וויל בײַ דער געלעגנהײַט בלויז פאַרצייכענען, אַז אַ דאַנק דער גרויסער אחריות מצד די צדדים, האָבן די סיכסוכים נישט געשעדיקט דעם נאָרמאַלן גאַנג פון דער באַנק־טעטיקייט און במילא האָט די באַנק ווײַטער אַרויסגעגעבן הלוואות און אָנגעגאַנגען נאָר־מאַל מיט אַלע באַנק־אָפּעראַציעס. דער סיכסוך האָט אָבער דערפירט, צו דער שפּאַלטונג פון דער צווייטער באַנק, וועמענס איניציאַטאָר איז געווען יחיאל בלו־מענקראַנץ.

אויף זײַנוול טשערוואָנאָגוראס פּלאַץ, איז אַרײַן אַלס פאַרוואַלטער און בוכהאַלטער אונדזער ליבער שלמה דוד פריימאַן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק על צד היותר טוב, מיט דער גאַנצער אחריות און ערלעכקייט, ביז ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1936. נאָך שלמה דודס פאַרלאָזן דעם פּאָסטן, איז אַרײַן אַלס בוכהאַלטערין די חברטע פון „השומר הצעיר״. הינדע שלאַסקע, וועלכע האָט זיך שפּעטער —בעת דעם גרויסן אומגליק— געראַטעוועט, ווערנדיק פאַרשיקט אין טיף רוסלאַנד און לעבט הײַנט אין צפון־אַמעריקע, אין ברוקלין.

איך וויל אויך דערמאָנען, אַז אין אַלע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער באַנק, איז געווען קאַסיר, דער „מזרחי״־ותיק, ר׳ אברהם אליהו זשע־לעניעץ ע״ה, וואָס איז אומגעקומען אין טרעבלינקע ה״יד.

## די צווייטע באַנק „קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע״

ווי איך האָב שוין אויבן אָנגעמערקט, איז די צווייטע באַנק געגרינדעט געוואָרן אויף דער איני־ציאַטיוו פון יחיאלקע בלומענקראַנץ, אגב מײַנער אַ פעטער. די גרינדער פון דער נײַער באַנק זע־

בען געוועזן, אַ חוץ דעם איניציאַטאָר יהיאלקע בוימענקראַנץ, וואָס איז געוועזן זייער אַ פעיקער אָרגאַניזאַטאָר און אינטעליגענטער מענטש: וועלוול שניידמאַן (גערופן „וועלוול בעקער"); חייקל זשע־



חייקל זשעלעניעץ

איינער פון די הויפּט־איניציאַטאָרן פון דער קאָאָפּעראַטיוויסטישער באַוועגונג אין סטאָק

לעניעץ און לייבל אימבער (דער „קאַשע־מאַכער"); אַלס בוכהאַלטער און פאַרוואַלטער איז באַשטימט געוואָרן שמחה לאַנדע און אַלס קאַסיר חייקל זשעלעניעץ, וועלכער האָט אין די אומגליק־יאָרן זיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע, עטלעכע יאָר צייט אין אַ גרוב נעבן סטאָק, ביז אַ קורץ שטיקל צייט פאַר מיי פון 1945, האָט מען אַנטדעקט זייער „סכראָן" (באַהעלטעניש) און מען האָט זיי אַלעמען אומגעבראַכט.

אהרן פייערטאַג, וועלכער איז געוועזן פאַרוואַלטער און הויפּט בוכהאַלטער אין דער באַרימטער אייזן־גיסעריי אין אָסטראָוועץ, האָט איינגעשטעלט און איינגעפירט דעם מאָדערנעם אַמעריקאַנער סיסטעם פון דער בוכפירונג און ער איז פאַקטיש געווען אַ „ספּעץ" אין דער מאַטעריע. און עטלעכע חדשים באַלד נאָך דער גרינדונג פון דער „קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו", האָט זיין יונגערער ברודער, שלמה פייערטאַג, געטיילט צוזאַמען מיט מיר דעם פּאָסטן אַלס בוכהאַלטער און פאַרוואַלטער. אין אַ קורץ שטיקל צייט אַרום, איז שלמה פייערטאַג געוואָרן בוכהאַלטער אין לעווענשטיינס פאַבריק און אויף דעם דאָזיקן פּאָסטן איז ער פאַרבליבן, ביזן אויסברוך פון דער מלחמה — און דערנאָך געטיילט דעם זעלביקן גורל פון אַלע קדושי־סטאָק — און אומגעקומען אין טרעבלינקא.

די נייע באַנק, נישט געקוקט אויף דעם שנעלן צוטרוי וואָס די סטאָקער יידישע באַפעלקערונג האָט איר גלייך געשאָנקען, צוליב דער הויכער מאָראַל פון די אָנפירערס פון באַנק, האָט דאָך ביים אָנהויב פון איר אַקטיוויטעט געהאַט אויסצושטיין פאַרשיידענע מכשולים און שוועריקייטן, אָנהויבנדיק גלייך פון דער לעגאַלער זייט. באַטש ביי דער סטאָקער באַפעלקערונג האָט זי געהייסן „די נייע באַנק", האָט זי דאָך דעם דאָזיקן נאָמען נישט געטאָרט טראָגן, ווייל לויט די דעמאָלסטיקע מלוכה־געזעצן האָבן נישט געטאָרט זיין קיין צוויי בענק אין סטאָק, דעריבער האָט זי זיך געמוזט אָנרופן „קאָאָפּעראַטיווע" און איז טאַקע לעגאַליזירט געוואָרן אַלס „קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע מיט באַגרענעצטער פאַראַנטוואָרטלעכקייט" — און האָט זיך דעריבער אָנגעשלאָסן



שלמה פייערטאַג

אין דער צענטראַלע פון האַנדלס־בענק און קאָאָפּעראַטיוועס, וואָס האָט געהאַט איר צענטראַלע אין וואַרשע אויף מאַריאַנסקע 8. די דאָזיקע צענטראַלע, איז געווען אונטער דער השפּעה פון דער „אגודה"

און איר פּאַרזיצער איז געווען יאָרן־לאַנג הרב אי־טשע מאיר לעווין (דעם גערער רבינס איידעם), וועלכער איז מיט אַ קורצער צײַט צוריק נפטר גע־וואָרן אין ישראל.

נישט קוקנדיק אויף דער הויפּט־שוועריקייט, וואָס מיר האָבן געהאַט מיטן נישט קאָנען זיך אָנ־שליסן אין דער צענטראַלע פון די קאָאָפּעראַטיווע בענק (צוליב דעם זעלביקן טעם וואָס מיר האָבן גע־האַט בײַם לעגאַליזירן זיך בײַ די מאַכט־אָרגאַנען) און מיר האָבן צוליב דעם נישט געקענט באַקומען קיין גרויסע הלוואות, אויף אַ קליינער פּראָצענט־טאַקסע, האָט דאָך די „קרעדיט קאָאָפּעראַטיווע“ אויסגעשפּרייט אַ ברייט־פאַרצווײַגטע באַנק טעטי־קייט. און דאָס איז געלונגען, אַ דאַנק דעם וואָס די גרינדער פון דער „נײַער באַנק“ (ווי מען האָט זי פאָרט גערופן), האָבן אַרײַנגעלייגט גרויסע סו־מעס געלט אָן אינטערעסן — און די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן אַרײַנצולייגן „פּקדונות“ (דעפּאָזיטן) און דאָס איז געווען דער בעסטער באַווײַז, אַז די באַפעלקערונג שענקט דעם פולסטן צוטרוי די אָנ־פירערס פון דער באַנק און דער באַנק גופא.

הגם די גרינדער פון דער „קרעדיט - קאָאָ־פּעראַטיווע“, וועמען מען האָט אָנגערופן די „טראָי־קע“, ווײַל זיי זענען געווען דרײַ: וועלוול „בעקער“, חײַקל זשעלעניעץ און לייבל „קאַשע־מאַכער“ האָבן נישט געשטודירט קיין עקאָנאָמישע וויסנשאַפטן (דרך אגב איז פאַראַן וועגן זיי אַ ספּעציעלע כאַ־ראַקטעריסטיק א. ב. „דרײַ זענען זיי געווען“, אויף אַן אַנדער פּלאַץ אין דעם יזכור־בוך פאַרצייכנט דורך יואל לאַנדע, וועלכער איז שפּעטער געווען בוכהאַלטער און פאַרוואַלטער פון דער „קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע“, נאָך דעם יאָר 1934, ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — רעד) זענען זיי געשטאַנען ווי געניטע קאַפּיטאַנען און האָבן אָנגעפירט מיט דער נײַער באַנק מיט אַ סך איבערגעגעבנקייט און אָן דעם מינדעסטן אייגננוץ. און די האַנטווערקער און קליינע סוחרים, וועלכע האָבן אַרויסגענומען קרעדיטן אָדער א״ג „סאָל־דאָס“ אין דער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע, האָבן גע־קאָנט אָנגיין נאָרמאַל מיט זייערע וואַרשטאַטן און מסחרים.

די נשמה פון דער צענטראַלע פון די „אגו־דהשע“ בענק, אויף מאַריאַנסקע 8, איז געווען דער באַקאַנטער זשורנאַליסט פון „טאָג־בלאַט“, ר׳ אײַ־זיק בער עקערמאַן ז״ל, וועלכער איז גראָד יאָ גע־ווען אַ גרויסער עקאָנאָמיסט און ער איז געווען דער דירעקטאָר פון דער צענטראַלע ביזן אויסברוך פון דער מלחמה — און עס איז אים געלונגען זיך צו ראַטעווען נאָך דעם אויסברוך פון דער מלחמה און ער האָט זיך באַזעצט אין ריאָ דע זשאַנעיראָ, בראַזיל, וווּ ער איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק. יהי זכרו ברוך!

ווען עס פלעגט מיר אויסקומען צו פאָרן אין דער צענטראַלע, אין שליחות פון דער „קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע“, איז נישט קוקנדיק אויף מײַן פּאַרטייִשער אָנגעהעריקייט צום „השומר הצעיר“, פלעג איך זייער העפלעך אויפגענומען ווערן, סײַ דורכן פאָרזיצער פון דער צענטראַלע, הרב אי־טשע־מאיר לעווין זצ״ל און אויך דורכן דירעקטאָר ר׳ אײַזיק בער עקערמאַן ז״ל.

די „קרעדיט - קאָאָפּעראַטיווע“, פונקט ווי די „קאָאָפּעראַטיווע באַנק“ איז געווען אונטערגעוואָר־פן אַ שטענדיקן קאָנטראָל מצד דער צענטראַלע און נאָך אַזעלכע רעוויזיעס אין דער בוכפירונג, דורך קאָמפּעטענטע אינספּעקטאָרן, טרעפנדיק אַלץ אין בעסטער אָרדענונג, פלעגט דאָס זײַן נאָך אַ באַווײַז און אַטעסטאַט, אויף דער ערלעכקייט און ראַיעל־קייט פון דער „קרעדיט - קאָאָפּעראַטיווע“ און פון דער טעטיקייט פון דעם פאַרוואַלטער און דער עיקר מצד דער לײַטונג פון דער זעלבער.

אויף ווי ווײַט עס איז דערגאַנגען דער צוטרוי פון דער סטאָקער באַפעלקערונג, צו די אָנפירערס פון דער „קרעדיט־קאָאָפּעראַטיווע“, איז כדאַי אי־בערצוגעבן פאָלגנדן פאַקט: אין יוני 1934 איז גע־קומען צוריק פון נאָרד אַמעריקע, נאָכן אָפּזײַן דאָר־טן אַ סך יאָרן, דער סטאָקער תושב שמחה רובין און געבראַכט אַ גרויסע סומע דאָלאַרן, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט אין רײַכן אַמעריקע, אויף דער באַזע פון שווערער שאַפּ־אַרבעט. פונקט אין יענער צײַט, איז די נײַע באַנק געווען אַ ביסל „פאַרענגט“ און בכדי מען זאָל קאָנען נאָכקומען אַלע ביטעס פון הלוואות, איז אַוועק אַ דעלעגאַציע אין באַשטאַנד פון: וועלוול שנײַדמאַן, חײַקל זשעלעניעץ, לייבל אימבער און שמחה לאַנדע, צו שמחה רובין, אַז ער זאָל אַרײַנלייגן אַ טייל פון זײַן געבראַכטן קאַפּיטאַל (פאַרשטייט זיך אויף פּראָצענט) שמחה רובין, האָט פון אָנהויב אַרויסגעוויזן אַ געוויסן אומצוטרוי, אָבער נאָך דער אינטערווענץ פון זײַן איידעם, יש־

ראל סאָבאָטע (אָדער ווי מען פלעגט אים רופן: ישראל בלעכער), וועלכער איז געווען בעת די פאַר־האַנדלונגען, איז ער מסכים געווען אַרײַנצוליגן אַ טייל פון זײַן קאַפּיטאַל, נאָר מיט דעם תנאי, אַז אַלע פון דער דעלעגאַציע, זאָלן אַ חוץ דעם אָפּי־ציעלן אָפּשפּאָר־ביכל וואָס די באַנק וועט אים אַרויסגעבן, אויך אונטערשרײַבן אַ דאָקומענט, וועלכער זאָל זײַן אונטערגעשריבן דורך די דרײַ פּערזאָן, ווי „זשיראַנטן" פאַר דער קרעדיט־קאָ־אָפּעראַטיווע".

די אָנפירערס פון באַנק, האָבן נאָכן באַקומען דעם גרויסן „פּקדון" פון שמחה רובין, געקאָנט באַקומען די גרויסע צאָל ביטעס און אויסגעטיילט די קרעדיטן און עס איז זיי אַראָפּ „אַ שטיין פון האַרצן".

אַ דאַנק טאַקע דער אומבאַגרענעצטער איבער־געגעבנקייט פון די אמתע עסקנים בצרכי ציבור באמונה שלימה, איז לײַכטער אָנגעקומען די אַלע וואָס האָבן באַדאַרפט אַרויסנעמען קרעדיטן (און ווער האָט דאָס נישט באַדאַרפט?), כדי אָנצוציִען מיט זייערע פּרנסות אין דעם אַנטיסעמיטישן פּוילן, ווו עס איז אָנגעגאַנגען די טרויעריק־באַרימטע באָי־קאָט־פּאָליטיק לגבי דער יידישער באַפעלקערונג, אונטער דער לאָזונג פון „אָווושעם", וואָס עס האָט פּראָקלאַמירט פון דער סיים־טריבונע דער פּרע־מיער־מיניסטער גענעראַל סקלאַדקאָווסקי; אונטער אַ מלוכה־רעזשים, ווו די הויפּט־פּאָליטיק פון דער רעגירונג איז באַשטאַנען אין רודפן די יידישע באַפעלקערונג (אָדער ווי מען האָט זיי אָנגערופן: „די פּוילישע בירגער פון משהס גלויבן") און גאַנץ באַזונדער, האָט מען די יידן געראודפט אויפן עקאָ־נאָמישן געביט; מען האָט נישט צוגעלאָזט קיין יידן, אַפילו צו קיין עפנטלעכע אַרבעטן און אָפּ־געדעדט שוין פון באַקומען וועלכן עס איז פּאָסטן, אין דער מלוכהשער, אָדער קאָמונאַלער אַדמיניס־טראַציע — איז זיך דעריבער לײַכט פאַרצושטעלן די הייליקע פונקציע פון די פאָלקס־בענק און קרע־דיט־קאָאָפּעראַטיוועס, וועלכע זענען געווען אמתע גואלים פאַרן פּוילישן יידנטום בכלל און פאַר די יידן פון דער פּוילישער פּראָווינץ בפרט.

## אַ פּאָר שלוס - ווערטער

„...און זיי זענען אַלע אומגעקומען אין דעם טאָג פון גרויסן צאָרן", אין דעם טאָג, אָדער יאָרן, ווען דער שרעקלעכער שונא אונדזערער, האָט אומגעבראַכט דעם גרעסטן טייל פון דעם שע־פערישן יידנטום פון מזרח־איראָפּע, האָט ער אויך אומגעבראַכט און פאַרשניטן, די אַלע פאַרשידענע יידישע אינסטיטוציעס, פאַרטייען און פאַריינען, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די דאָר־מיקע יידן פון אונדזער קליינעם שטעטעלע סטאָק.

איז יתגדל ויתקדש, זאָלן זייערע נעמען און זייער גײַסט פאַרבלײַבן אויף אייביק אין אונדזער אָנדענק און זאָלן זיי געהייליקט ווערן לעולם ועד!



**חנה טשאַפּקיעוויטש - גאָלדשטיין** (ניו־יאָרק)

# אַ פּאָר קורצע פאַרצייכענונגען וועגן שטעטעלע סטאָק

## ווי איך געדענק דאָס פון אַמאָל — און פון נאָך דער פאַרניכטונג

מייַן, אָדער אונדזער שטעטעלע סטאָק, איז געוועןֹ, ווי דאָס רוב אַנדערע שטעטעלעך אין דעם פאַרמלחמהדיקן פוילן, וואָס האָט פאַרמאָגט זייער אַ סך זאַכן, וואָס קאָנען נישט פאַרצייכנט ווערן אין קיין קורצן אַרטיקל. אָבער דאָס וואָס עס איז אַרויסגעקומען אַמבולטסטן, איז זיכער געווען די אָרעמקייט וואָס עס האָט דאָרטן געהערשט און די זייער שוואַכע אויסזיכטן וואָס עס זענען געווען ביי אַלעמען אויף אַ בעסערער צוקונפט.

ספּעציעל אויסזיכטלאָז איז געווען די יוגנט, וואָס האָט נישט געקאָנט געפינען פאַר זיך קיין שום באַשעפטיקונג אין דעם קליינעם שטעטעלע און אַ גרויסער טייל פון זיי זענען אַוועקגעפאָרן אין אַנדערע לענדער, ווו זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט, און אַ טייל פון זיי אַפילו זיך אַרויפגעאַרבעט און די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן פון אונדזער שטעטל קיין אויסלאַנד (אַ דאַנק וועלכן זיי האָבן זיך שפּעטער געראַטעוועט), האָבן זיך באַמיט אַוועקצופאָרן אין די גרעסערע שטעט, ווו עס איז געווען לייַכטער צו באַקומען אַרבעט און בכלל צו לעבן אויף אַן אַנדער אופן.

מייַנע עלטערן זענען געווען אָרעמע — ווי דער גרעסטער טייל ייִדן פון סטאָק — און איך האָב נישט געוואָלט זייַן קיין לאַסט פאַר זיי און בין דעריבער אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע, ווו איך האָב באַקומען אַרבעט און האָב מיך אַליין אויסגעהאַלטן. פון צייַט צו צייַט —הויפּטזאַכלעך אויף די יום־טובים— פלעג איך קומען קיין סטאָק, ווו אַלצדינג איז מיר געווען ליב און טייַער און ווו איך האָב געהאַט מייַנע ליבסטע — מייַנע עלטערן.

ווען מייַן פאָטער איז געשטאָרבן, האָט מייַן מאַמע אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט אויבסט אויפן מאַרק, כדי זיך צו קאָנען מפרנס זייַן, כאָטש אויף אַן אָרעמען, אָבער ערלעכן אופן. אָבער אויך דאָ זענען אויפגעקומען זייער אַ סך שוועריקייטן, אַ חוץ די געוויינלעכע דאגות הפרנסה, וואָס קומען אויף ווען אַ פרוי מוז זיך נעמען צום מסחר, איז נאָך צוגעקומען דאָס וואָס עס האָט דעמאָלט געהאַלטן באַזאָרגט די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג אין פוילן — דער אַנטיסעמיטיזם; די פוילישע כוליגאַנעס פלעגן זיך זייער אָפט וואַרפן שלאָגן די אָרעמע ייִדישע מאַרק־הענדלער און צעראַבירן זייער ביסל אָרעמקייט און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז זיי געווען אַ סך לייַכטער, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַן אָרעמער, שוואַכער פרוי.

און כאָטש די לאַגע ביי דער ייִדישער יוגנט איז געווען אויסזיכטלאָז, האָט מען זיך דאָך באַמיט מיט אַלע מעגלעכקייטן אָנצוהאַלטן דעם אָפּטימיזם, וואָס איז שטענדיק די כאַראַקטעריסטישע זאַך פון דער יוגנט. מען האָט זיך אין די ראַמען פון די באַגרענעצטע מעגלעכקייטן, אויסגעלעבט קולטורעל און געזעלשאַפטלעך; עס זענען געווען ביבליאָטעקן און פאַרשידענע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, מען האָט געפירט דיסקוסיעס איבער אַקטועלע פראַגן, סיי וועגן סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען און וועגן פראַגן פון ציוניזם; אַ סך האָבן געזען די לייזונג פון דער ייִדנפראַגע אין עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל און אַנדערע האָבן געזען די לייזונג פון דאָזיקן פּראָבלעם אין עמיגראַציע בכלל און אַ גרויסער טייל האָט אָנגעהאַלטן די מיינונג פון בלייַבן — און קעמפן אויף דעם אייגענעם פּלאַץ. מיר האָבן געפירט די דיסקוסיעס אַליין, מיט אייגענע כוחות און מיט אייגענע רעפערענטן און מען האָט דאָס אויך געטאָן מיט רעדנערס, וואָס פאַרשידענע פּאַרטייען האָבן געבראַכט פון אַנדערע שטעט — און אָפטמאָל פון וואַרשע, וואָס זענען פאַר אונדז אַלעמען געווען אויטאָריטעטן. דאָס וויכטיקסטע פון אַלצדינג איז זיכער באַשטאַנען אין דעם, וואָס מען האָט זייער ווייניק געזאָרגט וועגן זיך אַליין —כאָטש דאָס דאָזיקע איז אויך געווען אומבאַדינגט נייטיק— נאָר מען האָט אַ סך מער געזאָרגט וועגן אַלעמען, ווער וועגן כלל ישראל און ווער וועגן דער גאַנצער מענטשהייט, אָבער ווי געזאָגט, זענען אַזעלכע זאַכן זיכער פאַרגעקומען אויך אין אַנדערע שטעט און שטעט־

יעך און זענען פאַר אַלעמען באַקאַנט און איך וועל דעריבער דערציילן עפּעס וועגן זיך אַליין און וועגן מײַנע אייגענע וואַנדלונגען, וואָס האָבן זיך פאַרשטאַרקט, נאָך דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

איך וועל זיך באַמיִען דאָס צו מאַכן ווי אַמקירצטן, ווײַל שרײַבן וועגן אַלץ וואָס מיר איז אויסגעקומען דורכצומאַכן זינט יענער צײַט, דאַרף מען זײַן אַ שרײַבערין פון אַ גרויסן פאַרנעם — און מען וואָלט פאַר דעם געדאַרפט האָבן אַ גאַנץ בוך און נישט קיין געציילטע בלעטלעך פון אַן אַלגעמיינעם יזכור־בוך.

אין די טראַגישע גורל־טעג פון סעפּטעמבער 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, האָב איך זיך געפונען אין וואַרשע, וואָס איז באַלד אין די ערשטע טעג פון דעם נאַצישן איבערפאַל, געוואָרן אָפּגעשניטן פון דעם איבעריקן טייל פון לאַנד — און דער וועג צו מײַן היימשטאָט סטאָק, איז שוין געווען פאַרצוימט דורך די דײַטשע בעסטיאַלישע מערדער־באַנדעס, וועלכע האָבן גלײַך מיט זייער אָנקומען אָנגעהויבן צו פאַרזייען טויט און פאַרניכטונג אויף אַלע וועגן, ספּעציעל קעגן דער יידישער באַפעלקערונג און איך האָב שוין ניט געקאָנט טראַכטן וועגן זען מײַן ליב און טײַער שטעטעלע סטאָק.

איך האָב אָבער שפּעטער געהערט, אַז סטאָק האָט געהאַט דעם זעלביקן גורל ווי עס האָבן דאָס געהאַט דער גרעסטער טייל יידישע שטעטלעך; אַ סך יידן זענען באַלד אומגעקומען אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, ווען געציילטע אַוויאָנען האָבן געוואָרפן באָמבעס אויפן שטעטל, פּונקט ווי עס וואָלט געווען אַ מיליטערישער פּונקט און האָבן פאַרברענט דעם גרעסטן טייל פון די הײַזקעס פון שטעטל — און אויך אייניקע יידן זענען פון די דאָזיקע באָמבאַרדירונגען דערמאָרדעט געוואָרן. שפּעטער האָבן די דײַטשע מערדער געמאָרדעט, אויף אַ „לאַנגזאַמען" אופן, ביז מען האָט דעם גרעסטן טייל פון זיי אַוועקגעשיקט אין דעם טויטן־לאַגער טרעבלינקע, וואָס האָט זיך געפונען זייער נאָענט פון דעם געווזענעם סטאָק — און סטאָקער יידן זענען געווען פון די ערשטע קרבנות, פּשוט דערפאַר ווײַל פון סטאָק קיין טרעבלינקע זענען בלויז געציילטע קילאָמעטערס.

קיין סטאָק האָב איך מער נישט געקענט אָנקומען — און דאָס האָט מיך זיכער געראַטעוועט פון צו טיילן דעם גורל פון די דאָרטיקע יידן. און מיט גרויס מי איז מיר געלונגען אַריבערצוגיין אויף דער סאָוועטישער זײַט — און נאָך אַ געוויסער צײַט זײַן דאָרטן, האָט מען מיך, צוזאַמען מיט נאָך פּויליש־יידישע פּליטים אַוועקגעשיקט אין ווײַטן און קאַלטן סיביר.

אין סיביר האָב איך געאַרבעט אין אַ שניידער־קאָמבינאַט און מיר זענען אַלע געווען אָפּגעריסן פון דער וועלט און עס איז אונדז געווען שטאַרק קאַלט אין די סיבירער טײַגעס — און ווען עס איז געשלאָסן געוואָרן דער שיקאָרסקי־אָפּמאַך, לויט וועלכן מען האָט באַפרײַט די פּליטים פון פּוילן, בין איך אַוועק פון קאַלטן סיביר און אַריבערגעפאָרן אין דעם אַ סך מילדערן מיטל־אַזיע, ווו איך האָב מיך געטראָפן מיט אַ סך יידן און אויך מיט מײַן לעבנסבאַגלייטער און איך האָב דאָרטן חתונה געהאַט.

ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט אין 1945, זענען מיר צוריקגעפאָרן קיין פּוילן, ווו מיר האָבן געטראָפן אַן אומגעהייער גרויסן בית־הקברות; אַלע פון אונדזערע נאָענטע און טײַערסטע, זענען געווען פאַרטיליקט און מיר האָבן נישט געקאָנט — און נישט געוואָלט — בלײַבן לענגער אויף דעם פּלאַץ וואָס איז געוואָרן אַן אומענדלעך גרויסער יידישער בית־עולם.

מיר האָבן שנעל פאַרלאָזט פּוילן און נאָך אַ גאַנצער ריי וואַנדערונגען, זענען מיר אָנגעקומען קיין דײַטשלאַנד, ווו מיר האָבן זיך געפונען בײַ די דרײַ יאָר צײַט אין אַ „די־פּי"־לאַגער — ביז מיר זענען נאָך אַ סך אָנשטרענגונגען און מיט אַ גוטן מזל, אָנגעקומען קיין אַמעריקע.





**חנה וואָלאָווסקאַ־שנײַדמאַן**
(קרית מוצקין, ישראל)

# זכרונות, וואָס לאָזן זיך נישט פאַרגעסן

איך בין געבוירן געוואָרן אין אַ קליינעם פּלאַץ, וואָס האָט געהייסן „היטע" און ווער עס האָט געמיינט, אַז דאָס איז געווען אַ דאָרף, האָט געהאַט אַ גרויסן טעות, ווײַל דער נאָמען „היטע" אַליין זאָגט שוין פאַר זיך, אַז עס איז געווען אַן אינדוסטריעפּלאַץ, ווו מען האָט אויסגעאַרבעט גלאָז און נישט מער.

פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה (אַ זאַך וואָס איך ווייס פון דערציילן), זענען אַראָפּגעקומען פון וואַרשע רײַכע סוחרים און אינוועסטירער און האָבן געבויט די היטע — און אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז זי געווען איינע פון די צוויי גרעסטע היטעס אין לאַנד און מען האָט דאָרטן אויסגעאַרבעט וווּנדערבאַר־שיינע זאַכן פון גלאָז און פאַרשידענע קלאַסן קרישטאָלן און אין דער צײַט פון דער מלחמה איז די פאַבריק אונטערגעגאַנגען. די באַלעבאַטים זענען אַנטלאָפן און מיטגענומען מיט זיך די מאַשינען און אַלע אײַנריכטונגען און מער ווי אַ חורבה איז פון דער פאַבריק נישט געבליבן.

פאַרוואָס דערצייל איך דאָס אויבן־דערמאָנטע?

ווײַל דאָס איז געשען אין דער צײַט, ווען איך בין נאָך געווען גאָר אַ קליין מיידעלע און איך געדענק נישט אַלצדינג. אָבער איך ווייס יאָ, אַז עס זענען געווען אַ סך ייִד' משפחות אין דער היטע און אַזוי ווי אויף יעדן פּלאַץ ווו עס האָבן זיך געפונען ייִדן, איז פאַרשטענדלעך אויך געווען אַ שיל צום דאַוונען, אַ חדר ווו ייִנגלעך האָבן געלערנט תורה, און מען האָט דעם דאָזיקן פּלאַץ געקאָנט באַצייכענען ווי אַ קליין שטעטעלע. אָבער אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך געדענק שוין יאָ גוט די היטע, איז דאָרטן מער ווי אַ צענדליק ייִדישע משפחות נישט געווען, ווײַל ווער עס האָט נאָר געהאַט די מעגלעכקייט, האָט פאַרלאָזט דעם פּלאַץ און אויסגעוואַנדערט אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און אַנדערע גאָר אין דער גרויסער וועלט און ווער עס האָט נישט געהאַט קיין ברירה, דער איז געבליבן אויפן פּלאַץ. ווער איז געבליבן? אַממערסטן בעלי־מלאכות און די וואָס האָבן געהאַט קליינע שפּײַז־געוועלבלעך. די היטע איז געווען אַרומגערינגלט מיט וועלדער און אַ סך דערפער, אָבער די היטע פאַר זיך אַליין, איז קיין דאָרף נישט געווען.

די קריסטלעכע שכנים, האָבן געהאַט נעבן זייערע הײַזקעס גאָר קליינע שטיקלעך פעלד, וואָס האָט זיי געדינט בלויז פאַר זייער אייגענעם געברויך און קיין פּרנסה דערפון האָבן זיי נישט געהאַט, אָבער מיר, ייִדן, האָבן דאָס אויך נישט פאַרמאָגט. און אויב עס האָט ווער פון אונדז געהאַט אַ שטיקל ערד אונטערן פענצטער, האָט ער דאָרטן פאַרזעצט בלומען, אַ זאַך וואָס איך גופא האָב דאָס אַליין געטאָן און מיר האָבן געלעבט בשלום מיט אונדזערע קריסטלעכע שכנים, אַלנפאַלס האָט דאָס אַזוי אויסגעזען אין יענער צײַט.

די היטע האָט אין די יאָרן 1917־18 נישט געהאַט קיין שולע און די ערשטע שולע פאַר קינדער האָט זיך געגרינדעט אין דאָרף גרעגעראָוו. איך בין דאָרטן געווען די ערשטע און אַ צײַט לאַנג די איינציקע ייִדישע שילערין. און שפּעטער האָט זיך אויך געשאַפן אַ שולע אין דאָרף זשעליך, וואָס איז געווען נענטער און עס זענען שוין געווען מער ייִדישע קינדער אין דער זשעלינער שולע און צום סוף איז שוין אייך געווען אַ שולע אין דער היטע און צו אַלעמענס פרייד, זענען מיר שוין געווען מער ווי אַ צענדליק ייִדישע קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין דער היטער שולע, וואָס האָט געהאַט בלויז די 7 קלאַסן פון אַ פאָלקס־שול און ווער עס האָט געוואָלט לערנען ווײַטער, האָט זיך געמוזט באַגנוגענען בלויז מיטן ווילן...

מיר האָבן דעמאָלט געהאַט אַ שפּײַז־געוועלבל און איך געדענק ווי מײַן לערער איז געקומען עפּעס קויפן און ער האָט געזאָגט צו מײַן פאָטער: אַ שאָד וואָס דו שיקסט נישט דײַן חנהקען זיך ווײַטער לערנען און אַז ער נעמט זיך אונטער מיך צוצוגרייטן צום פערטן קלאַס גימנאַזיע, ווײַל ער איז מער ווי

זיכער, אַז איך וועל אויסהאַלטן די עקזאַמענעס; אַזוי האָט געזאָגט דער לערער און שטעלט אײַך פאַר מײַן האַרצווייטיק, ווײַל לערנען ווײַטער איז געווען מײַן חלום, אָבער ווו? אין שכנותדיקן ווענגראָווע איז יאָ געווען אַ גימנאַזיע, אָבער מיר האָבן זיך געפונען בײַ די 13 קילאָמעטער פון ווענגראָווע און קיין קאָמוניקאַציע־מיטלען זענען דאַן נישט גע־ווען קיין ווענגראָווע און מען האָט אַהין געקאָנט פאָרן בלויז מיט אַ פור און פערד און זײַן סטאַביל אין ווענגראָווע און דאָרטן לערנען, איז פאַר מײַנע עלטערן געווען אוממעגלעך מאַטעריעל, ווײַל מיר זענען נישט געווען קיין פאַרמעגלעכע, באַזונדערס האָבן מײַנע דרײַ ברידער געדאַרפט לערנען אין חדר.

מען האָט דעריבער אַראָפּגעבראַכט אַ מלמד אין דער היטע און אַלע דאָרטיקע יינגלעך האָבן בײַ אים געלערנט און פאַר די מיידלעך איז נישט גע־ווען קיין פּלאַץ ווו צו לערנען אַ יידיש וואָרט, אָבער נישט האָבנדיק קיין ברירה האָב איך געמוזט לער־נען יידיש אַליין — טאַקע דעם יידיש, וואָס איך שרײַב דאָ. איך בין אָבער זיכער, אַז צוליב דעם פעלן פון לערן־מיטלען און לערן־פלעצער, זענען אַ סך גרויסע טאַלאַנטן פאַרלוירן געגאַנגען, פאַר־שטייט זיך, אַז נישט בלויז בײַ אונדז, נאָר אין אַלע יידישע שטעט און שטעטלעך. מײַן ברודער יוסף וואָלט זיכער אויסגעוואַקסן אַ גרויסער מאַטעמאַטי־קער און עס איז בײַ אונדז געווען אַ משפחה לאַפּאַטע, האָבן זיי געהאַט אַ זון מיט דעם נאָמען נחום, וואָס וואָלט זיכער געקאָנט ווערן אַ וועלט־באַרימטער זינ־גער. איך אַליין האָב געחלומט צו לערנען מוזיק, אָבער צום באַדויערן האָב איך נישט געהאַט ווו צו לערנען.

קיין סך יוגנט איז אין היטע נישט געווען, אָבער מיר פלעגן זיך גאַנץ גוט אײַנלעבן; מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען אין אַ שטוב פון איינעם פון די דאָרטיקע אײַנוווינער און פלעגן זיך פאַרווײַלן זינ־גענדיק אָדער טאַנצענדיק און אויך זיך איבערדער־ציילן פון די ביכער וואָס יעדער איינער פון אונדז האָט געלייענט. פון צײַט צו צײַט פלעגן מיר פאָרן קיין סטאָק, כדי עפּעס צו שעפּן פון דער סטאָקער געזעלשאַפט און כאָטש יעדער איינער פון אונדז האָט געהערט צו אַן אַנדער פּאַרטיי, האָבן מיר אָבער געלעבט אין אַן אַבסאָלוטער האַרמאָניע איינער מיט דעם צווייטן; מיר האָבן זיך צוזאַמען דערצויגן און מיר האָבן זיך באַטראַכט ווי ברידער מיט שוועסטער און אַ טייל פון די עלטערע צווישן דער יוגנט, האָבן צווישן זיך חתונה געהאַט.

די יונגערע האָבן שוין געלעבט אין אַן אַנדער אַטמאָספער און עס האָט זיך בײַ זיי געפילט אַ מאַנגל אין באַשעפטיקונג. יעדער פון זיי האָט גע־זוכט אַ וועג צו דער צוקונפט און מען האָט שוין נישט געוואָלט פאַרבלײַבן אין די ענגע ראַמען פון דעם געבוירן־אָרט. באַזונדערס האָט זיך שוין גע־נומען פילן דער אַנטיסעמיטיזם, וואָס די ווינטן האָבן אין יענער צײַט געבראַכט פון דײַטשלאַנד. נאָך היטלערס קומען צו דער מאַכט אין יאָר 1933, כאָטש אין פּוילן האָט מען דעם אַנטיסעמיטיזם נישט געדאַרפט „אימפּאָרטירן", ווײַל ער האָט קיין מאָל נישט געפעלט, אָבער בײַ אונדז אין היטע, האָט מען דעם אַנטיסעמיטיזם נישט שטאַרק גע־פילט.

ווען איך בין נאָך געווען זייער יונג, האָב איך נישט געוווּסט וועגן קיין אונטערשייד צווישן יידן און קריסטן און איך וויל דערבײַ דערציילן אַ קליי־נעם עפּיזאָד: אויף דעם זעלביקן הויף ווו מיר האָבן געוווינט, האָט אויך געוווינט אַ קריסטלעכע מש־פּחה. זייער טאָכטער איז געווען (לאָמיר אַזוי זאָגן) מײַנע אַ חברטע; מיר זענען געזעסן אין שולע אויף דער זעלביקער באַנק, צוזאַמען געמאַכט די לעק־ציעס און מיט איין וואָרט, מיר זענען געווען זייער היימיש איינע מיט דער אַנדערער. איין מאָל אָבער קוקט זי אַזוי אויף מיר און זאָגט צו מיר נישט מער און נישט ווייניקער: „כאַנקאַ, דו האָסט אַזעלכע שיינע אויגן און עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס דו ביסט אַ „זשידוווקע"... פון דעם טאָג איז זי שוין מער מײַן חברטע נישט געווען. איך בין אָבער איר גאָר נישט שולדיק געבליבן און איך האָב זי צוריק גע־פרעגט:

— און אַז איך בין אַ זשידוווקע איז וואָס, טאָר איך דעריבער נישט האָבן קיין שיינע אויגן? פאַר־וואָס זאָג איך דיר נישט, אַז דו האָסט אַ פאַררײסן נעזל און דו זעסט אויס ווי אַן אמתע „שיקסע"?

זי האָט מיר אויף דעם גאָרנישט געענטפערט, נאָר פאַרקערט, זי האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל איר מוחל זײַן, עס האָט זיך בײַ איר אַזוי נישט־ווילנדיק אַרויסגעכאַפּט. דאָס דערצייל איך פון אַ סך פריער, ווען מיר זענען נאָך ביידע געגאַנגען אין שולע. שפּעטער האָבן זיך אונטערגערוקט אַ סך ער־גערע צײַטן. איך אַליין בין בעת דער מלחמה נישט

געווען דאָרטן און איך דערציייל וועגן דעם נאָך איידער איך בין פון דאָרטן אַוועקגעפאָרן.

אונדזערע „גוטע" און „שטילע" שכנים, די קריסטן, האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן קעגן אונדז. מיר האָבן אָבער גוט געוווסט פון זייער יעדן צוזאַמענקונפט און אַפילו ביי וועמען אין שטוב די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן פלעגן פאָרקומען. אין אַ געוויסן טאָג איז אַריינגעקומען צו אונדז אין געוועלב אַ קריסטלעכנס שכנס אַ זון. ער האָט געוווסט אַז איך פאָר בקרוב אַוועק קיין אַרגענטינע און ער זאָגט צו מיר: „באַנקאַ, פאַרוואָס פאָרסטו אַוועק"? איך האָב געוווסט, אַז מיט אַ נאַכט פריִער איז ביי זיי אין שטוב געווען אַ פאַרזאַמלונג, ווו מען האָט גערעדט וועגן ייִדן און איך האָב אים מיט שטאָלץ געענטפערט: „וואָס גייט דיר אָן, אַז איך פאָר אַוועק? איר וועט האָבן מיט איין „זשידוווקע" ווייניקער און דו וועסט האָבן מער ברויט צו עסן".

איך וויל דאָ באַמערקן, אַז מיר זענען געווען שכנים מיט דעם קריסטס עלטערן און ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, האָבן מיר זיך צוזאַמען געשפּילט און נאָך דעם געגאַנגען צוזאַמען אין שולע. און ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז ביי זיינע עלטערן אין שטוב האָט מען געפירט אַנטיסעמיטישע אַגיטאַציעס קעגן די ייִדישע שכנים? אָבער צום באַדויערן, איז דאָס געווען דער טרויעריקער אמת, נאָך וועלכן עס זענען שפּעטער געקומען אַ סך מער טרויערדיקע זאַכן.

דעם 3טן מערץ פון יאָר 1936 בין איך אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע. עס האָט מיך אַרויסגעפאָדערט מיין שוועסטער מאַשע, וועלכע האָט זיך געפונען אין אַרגענטינע זינט דאָס יאָר 1929 און ווער פון אונדזערע לאַנדסלייט עס איז געקומען אין יענע יאָרן קיין אַרגענטינע, ווייסט געוויס וואָס פאַר אַ שווערע לאַגע עס האָט דעמאָלט געהערשט אין אַרגענטינע. איך וויל דערמיט אין אַ קלענער מאָס באַרעכטיקן דאָס, וואָס קיינער פון אונדז איז דעמאָלט נישט געווען מסוגל עפּעס צו טאָן פאַר די געבליבענע ייִדן אין אַנטיסעמיטישן פּוילן. און ווען אין יאָר 1938 איז מיר שוין יאָ געלונגען צו מאַכן פּאַפּירן פאַר מיין ברודער דוד, איז שוין געווען צו שפּעט. צו אונדז אין שטוב זענען אַריינגעקומען הויכע אַרגענטינער באַאַמטע און ווען מיר האָבן ביי זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן אינטערווענירן וועגן אַריינלאָזן מיין ברודער קיין אַרגענטינע, האָבן זיי אונדז געענטפערט, אַז זיי באַדויערן שטאַרק דאָס, וואָס זיי קאָנען גאָר נישט טאָן פאַר אונדז, ווייל די אימיגראַציע פאַר ייִדן איז געשלאָסן. זעט אויס אַז היטלערס נאַצישע האַנט האָט שוין דאַן אויך דערגרייכט קיין אַרגענטינע און אַזוי אַרום האָב איך נישט באַוויזן צו ראַטעווען מיין ברודערס לעבן.

— וואָס איך ווייס וועגן דער אומקום־תקופה? צום באַדויערן זייער ווייניק.

ביז היינט ווייס איך זייער ווייניק ווו און ווי אַזוי עס זענען אומגעקומען מיינע ברידער דוד און אברהם, פּונקט ווי איך ווייס נישט וואָס עס איז געוואָרן מיט מיין שוועסטער מנוחה, מיט איר מאַן און זייער טעכטערל, וואָס האָבן אַלע געוווינט ביז דער מלחמה אין וואַרשע.

דער זעלביקער קריסטלעכער שכן, וואָס האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס איך פאָר אַוועק, האָט מיר נאָך דער מלחמה געשריבן אַ בריוו, ווייל ער האָט געוואָלט אַז איך זאָל אים שיקן אַ באַשטעטיקונג, אַז איך פאַרקויף אים די שטוב פון מיין ברודער יוסף און אויך די שטוב פון מיין פעטער עזריאל, מיין מאַמעס ברודער, אין וועלכע ער האָט שוין פריִער געוווינט. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים אַזאַ באַשטעטיקונג נישט געשיקט און אַפילו נישט געענטפערט.

ער טאַקע האָט מיר געשריבן (מסתמא געפונען מיין אַדרעס אין מיין ברודערס הויז), אַז מיין מאַמען און מיין טאַטן, האָבן די דייטשן, אָדער סתם די גויים געשאָסן אין זייערע בעטן, ווייל ביידע זענען געווען קראַנק אויף טיפוס און דאָס נישט ביי אונדז אין שטוב, נאָר ביי אונדזער קוזין מרדכי שניידמאַן, אין סטאָק. ער האָט מיר אויך געשריבן, אַז אונדזער הויז איז פאַרברענט געוואָרן באַלד אין אָנהייב פון דער מלחמה און אַז מיין ברודער יוסף איז אומגעקומען אין טרעבלינקע. זיין פרוי פייגע, ווייס ער אויך נישט ווו זי איז אומגעקומען. דוד מיט אברהמען זענען אַנטלאָפן געוואָרן אויף דער רוסישער זייט און האָבן זיך אַ צייט לאַנג געפונען אין דער סביבה פון באַראַנאָוויטש.

נאָך דער מלחמה האָב איך זיי געזוכט דורך דעם „רויטן קרייץ" און אַפילו באַקומען בריוו פון זיי. אַברהם האָט מיר געשריבן, אַז ער גרייט זיך חתונה האָבן, אָבער נאָך דעם האָב איך פאַרלוירן יעדן קאָנטאַקט מיט אים ביזן היינטיקן טאָג. וואָס שייך דודס פרוי —„די שיינע אסתרקע"— האָט מען זי געפונען אין אַ ראוו, צוזאַמען מיט איר קינד, טויטע. דאָס איז וואַרשיינלעך געשען אויפן וועג

קיין טרעבלינקע, אָדער סאָדאָווגע; מײַן שוועסטער מנוחה, ווייס איך נישט וואָס פאַר אַ סוף זי האָט געהאַט מיט איר מאַן און קינד.

איך מיין אַז די סטאָקער ווייסן, אַז מײַן מאַמע האָט געהאַט אַ שוועסטער אין סטאָק — מײַן מומע אסתר מיידענבוים. מײַן פעטער איז דערהרגעט געוואָרן אויפן גאַס און די מומע מיט די קינדער האָבן זיך אַ געוויסע צײַט אויסבאַהאַלטן אויפן צמענטאַרזש, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווײַט פון זייער שטוב. מען האָט זיי אָבער אַנטדעקט און זיי אומגעבראַכט.

אין היטע האָט געלעבט נאָך איין שוועסטער מײַנע מיט פיר קינדער און מײַן פעטער מיט זײַן פרוי (זיי האָבן נישט געהאַט קיין קינדער). די מומע, מײַן פעטערס פרוי, איז געהרגעט געוואָרן אויף דער שוועל פון זייער הויז. מײַן פעטער מיט דער מומע כײַטשע, מיט אירע פיר קינדער (ווו איר מאַן איז אומגעקומען ווייס איך נישט. איך ווייס בלויז, אַז ער האָט שטענדיק געאַרבעט אין וואַרשע), האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בײַ אַ קריסט אין דאָרף גרעגאַראָווו. זייערער אַ זון האָט זיך געלערנט בײַ מײַן פעטער שנײַדערײַ און זיי האָבן אים ליב געהאַט און ער זיי אויך. דעריבער גלויב איך, אַז זיי האָבן געמיינט, אַז דער פאָטער פון דעם זון, וועט זיי אויסבאַהאַלטן. עס איז אָבער אַזוינס נישט געשען און אין אַ געוויסער נאַכט, האָט מען זיי אַרויסגעפירט אין פעלד און מען האָט זיי אַלעמען אָפּגעהאַקט די קעפּ.

דאָס איז אַלץ וואָס איך ווייס פון מײַנע טײַערע אומגעקומענע משפחה־מענטשן, וואָס זענען געוואָרן די זעלביקע מאַרטירערס, ווי מיליאָנען אַנדערע ייִדן.

דעם קריסט האָב איך, —ווי געזאָגט— נישט געענטפערט אויף זײַן ביטע, אַז איך זאָל פאַר אים אָפּשרײַבן די שטיבער פון מײַן ברודער יוסף און פון מײַן פעטער עזריאל. נאָר נאָך דער מלחמה איז געקומען קיין אַרגענטינע אַן אַדוואָקאַט פון קרן קימת און מען האָט גערופן דורך די צײַטונגען, יעדן איינעם, וואָס האָט עפּעס אַ געוויסע נחלה פון זײַנע אומגעקומענע קרובים, זאָל ער דאָס אַוועקגעבן פאַר דעם קרן קימת און איך בין געווען פון די ערשטע וואָס האָבן זיך געמאָלדן פאַר דעם צוועק. און איך ווייס נישט צי דער קרן קימת האָט דערפון טאַקע גענאָסן, אָבער איך האָב געהאַט די סאַטיספאַקציע, אַז יענער אַנטיסעמיטישער גוי, זאָל נישט ווערן קיין בעל הבית איבער די צוויי הײַזער.

דערמיט ענדיק איך מײַנע זכרונות, קיין מער פּרטים זענען מיר נישט באַקאַנט, ווײַל אין די יאָרן פון אומקום, בין איך אין פּוילן נישט געווען.



**שיינע צוקער ־ ווײַנער**
(בוענאָס־איַירעס)

# פאַקטן וואָס האָבן אַנטוישט אין לעבן

ווען איך בין אָפּגעפאָרן פון סטאָק אין יאָר 1936, האָב איך זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז איך זע פאַר מיר דאָס לעצטע מאָל אונדזער שטוב און מײַן מאַמען, שוועסטער, אַלע חברים און אַלע שכנים — און נאָך ווייניקער האָב איך מיר געקאָנט פאַרשטעלן, אַז אָט די דאָזיקע שטוב, מיט אַלע מײַנע נאָענטע און טײַערע, וועלן שוין מער נישט זײַן און אַז דאָס גאַנצע שטעטל —אַלנפאַלס דער יידישער טייל פון דעם שטעטל— וועט פאַרניכטעט ווערן און וועט אויף אַ שוידערלעכן אופן אויפהערן צו עקזיסטירן.

ווען איך בין שפּעטער אָנגעקומען קיין אַרגענטינע, איז מיר געוועזן געוואַלדיק שווער זיך צוצוגעוווינען צו די מנהגים פון לאַנד. איך האָב מיר דאָ געטראָפן אַפילו מיט די זעלביקע מענטשן, אָבער דאָ זענען זיי געוואָרן אַנדערש און זיי פלעגן מיר באַלד דערקלערן, אַז „דאָ איז אַמעריקע" און אונטערן באַגריף „אַמעריקע", האָבן זיי געמיינט, אַז אַלצדינג דאַרף זײַן אַנדערש, ווי עס איז געווען אַמאָל אין דעם קליינעם שטעטל, אין אונדזער ליבן און טײַערן סטאָק. איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג און האָב געמוזט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז אַזוי איז דאָס — און הויפּטזעכלעך, אַז אַזוי מוז דאָס שוין זײַן.

אָבער גראָד אין דעם דאָזיקן נײַעם „אַמעריקע" פלעגט זיך בײַ מיר אַזוי שטאַרק בענקען נאָך אייגענע און נאָענטע; נאָך דעם וואָס עס איז געווען און איך האָב קיין מאָל נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז עס וועט שוין מער קיין מאָל נישט זײַן. און אין אַזעלכע מאָמענטן פלעג איך זיך דערמאָנען, ווי זאָרגלאָז —און אַפילו פריילעך— עס האָט זיך געלעבט אין דעם קליינעם שטעטעלע סטאָק און מסתמא אויך אין די הונדערטער, אָדער טויזנטער אַנדערע יידישע שטעט און שטעטעלעך, וואָס האָבן נאָך אין יענע צײַטן עקזיסטירט אין דעם געוועזענעם פּוילן.

און פון דעם גאַנצן און גרויסן הויפן זכרונות און דערמאָנונגען, וואָס זענען בײַ מיר אויפגעקומען אין יענער צײַט (און וואָס איך געדענק נאָך אַ טייל ביז דעם הײַנטיקן טאָג), וועל איך אַרויסנעמען בלויז אייניקע און וועל זיי פּרווון איבערגעבן:

איך דערמאָן זיך אין דעם „צוזאַמענפלי", וואָס מיר האָבן דורכגעפירט אין דעם קליינעם דערפל קאָל, נאָענט פון פּראַסטין, אין דעם יאָר 1929. עס איז געווען אַ קליינער נאָר פּרעכטיק פּלאַץ, פול מיט ביימער (כאָטש אויך אין און אַרום סטאָק, האָבן נישט געפעלט קיין ביימער און וועלדער), אָבער די שיינקייט איז זיכער באַשטאַנען אין דעם, וואָס דאָרטן זענען זיך צוזאַמענגעקומען (אָדער „צוזאַמענגעפלויגן") יוגנטלעכע „סקיפּיסטן" פון די אַרומיקע שטעטלעך און זיי האָבן דאָס צוגעגעבן אַ סך יוגנטלעכן חן און יוגנטלעכע שיינקייט. און דעמאָלט זענען מיר, אַ גרופּע יוגנטלעכע, אָדער נאָך כמעט קינדער, אַוועק צופוס קיין קאָל, ווו מיר האָבן פאַרבראַכט דרײַ וווּנדערבאַרע טעג. און ווער האָט זיך אין יענער צײַט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אין צען יאָר שפּעטער, וועט היטלער אַזאַ פּרעכטיק פּלאַץ פאַרוואַנדלען אין אַן „אומשלאַגס־פּלאַץ", ווו מען האָט געפירט מענטשן צום טויט, אין דעם שרעקלעך־באַרימטן פאַרניכטונגס פּלאַץ טרעבלינקע; און ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז נאָך די לאָזונגען פון פאַרברידערונג און מענטשלעכקייט, וואָס מיר האָבן אין יענעם פּלאַץ פאַרשפּרייט, וועט קומען דער טויט און אויסראָטונג.

נאָך דעם „צוזאַמענפלי" אין קאָל, איז פאָרגעקומען אין יאָר 1934 אַ „צוזאַמענפלי" אין סטאָק און פון די אַרומיקע שטעטלעך פלעגן אָנקומען גרופּעס „סקיפּיסטן", „צוקונפטיסטן" און בונדיסטן. אין דער זעלביקער צײַט, איז אין בראָק געווען ד"ר עמנואל פּאַט מיטן וואַרשעווער „סקיף" (סאָציאַליסטישער קינדער פאַרבאַנד); מיר האָבן דעמאָלט אײַנגעלאַדן עמנואל פּאַט, אַז ער זאָל קומען — און ער איז טאַקע געקומען מיט דעם וואַרשעווער „סקיף". ווי מוסטערהאַפט זיי האָבן דעמאָלט אַרײַנגעמאַרשירט אין אונדזער שטעטל, מיט די בלויע בלוזעס און רויטע קראַוואַטן — אַן אמת שיינע און האָפענונגספולע יוגנט־אַרמיי. אַלע זענען געשטאַנען און געקוקט און באַוווּנדערט די אַרײַנגעקומענע

קינדער און יוגנטלעכע און עס איז באמת געווען אַ נחת און פרייד אויף זיי צו קוקן. עס איז דעמאָלט פאַרגעקומען אין סטאָק, דער ערשטער „צוזאַמענ־פלי" פון „בונד" און ווען עס איז אָנגעקומען פון צענטראַל קאָמיטעט פון וואַרשע אַבראַשאַ בלום, האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפיציעלער טייל. אַלע האָבן זיך אויסגעשטעלט אַרום דער ביבליאָטעק מיט די „אוניפאָרמען" און פון דאָרטן האָבן מיר אַוועקגעמאַרשירט אין די וועלדער פון „זאַגײַניק" און דאָרטן פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג, און ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אין פינף יאָר שפּעטער, זאָל פון אַזאַ שפּרודלדיק, פולבלוטיק געזעלשאַפט־לעך לעבן, אַלצדינג אָפּגעווישט און פאַרניכטעט ווערן.

גישע דיסקוסיעס און ווען מײַן מאַמע האָט זיך גע־לייגט שלאָפן, האָבן מיר פאַרלאָשן דעם נאַפט־לאָמפּ. מאָרגן, שבת אין דער פרי, האָט די מאַמע באַמערקט, אַז עס איז נאָך פאַראַן נאַפט אין לאָמפּ און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז איינער פון אונדז האָט דעם לאָמפּ אויסגעלאָשן — אַ זאַך וואָס עס איז גע־ווען שטאַרק פאַרבאָטן לויט דער יידישער רעליגיע און דאָס פלעגט בלויז טאָן ביי אונדז אַ „שבת־גוי"... די מאַמע האָט אונדז געפרעגט, ווער עס האָט אויס־געלאָשן דעם לאָמפּ? און מיר, וואָס דאָס האָט גע־מיינט, אַז סײַ איך און סײַ מײַן שוועסטער בעלטשע, האָבן זיך געפילט שולדיק און נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן אויף דעם.

עס איז גראָד געווען אַ פּאָר טעג פאַר פסח און



אַ גרופּע בונדיסטן מיט זייער פּאַרטיי־„מאַמע" רויזע בורשטיין־בלומענקראַנץ

אַזוי פיל דערינערונגען און זכרונות זענען פאַרבליבן פון יענע יוגנט־יאָרן — און עס ווערט שווער אויפן האַרצן, ווען מען דערמאָנט זיך וואָס פון דעם אַלעמען איז שפּעטער געוואָרן.

איך דערמאָן זיך, ווי צו אונדז אין שטוב פלע־גן אַרײַנקומען בונדיסטן, ציוניסטן און קאָמוניסטן. מײַן מאַמע איז געווען מער וועלטלעך, כאָטש עס איז פאַרשטענדלעך, אַז זי איז געגאַנגען אין שיל אַרײַן און, פאַרשטייט זיך, אָפּגעהיט אַלע יידישע רעליגיעזע דינים, איז זי אָבער געווען טאָלעראַנט אויך צו אַנדערע און צו אונדז יונגע. און עס דער־מאָנט זיך מיר אַ פאַקט, אויף וועלכן איך האָב אין יענער צײַט נישט געלייגט קיין באַזונדער אַכט, אָבער הײַנט, ווען איך אַנאַליזיר דאָס אַלץ, זע איך וואָס פאַר אַן עוולה מיר זענען אין יענער צײַט באַ־גאַנגען קעגן מײַן מאַמע. עס איז געווען פרײַטיק צו נאַכטס, ווען יונגעלײַט פון פאַרשידענע ריכטונגען, האָבן פאַרבראַכט ביז שפּעט בײַנאַכט ביי אידעאָלאָ־

אין דער ערשטער סדר־נאַכט, האָט די מאַמע זיך געפּילט שלעכט צוליב דעם געשעענעם און האָט זיך געלייגט אין בעט אַרײַן און מיר האָבן געהערט איר שטיל געוויין — און דאָך איז מײַן מאַמע געווען אַזוי טאָלעראַנט צו אונדז אַלעמען, אַז מיר האָבן זי געקאָנט נעמען ווי אַ בײַשפּיל פאַר אַ סך אַנדערע.

די דאָזיקע טאָלעראַנץ האָט אויך באַשטעטיקט דער פאַקט, וואָס ווען מײַן ברודער חיים איז איין מאָל געגאַנגען אָפּנעמען אויף פּאָסט די בונדישע יוגנט־אויסגאַבע „יוגנט־וועקער" און „וואָלקאַ" אין פּויליש, האָט מען אים צוריקוועגס אַרעסטירט און נאָכן פאַרנעמען אים איז די פּאָליציי געקומען צו אונדז אין שטוב אַרײַן אויף צו מאַכן בײַ אונדז אַ רעוויזיע. אין יענעם מאָמענט האָט זיך געפונען בײַ אונדז אין שטוב די לאַנדסמאַנקע גיטל אָרענ־שטיין און זי האָט דורכגעפירט אַ זאַך וואָס עס איז געווען פון געוואַלדיקער געוואַגטקייט; זי האָט באַ־מערקט, אַז בײַ אונדז אין שטוב איז פאַראַן אַ קאָ־

מוגיסטישע צײַטונג מיט לענינס בילד, האָט זי זייער פלינק געכאַפּט די צײַטונג און אַנטלאָפן דורך דער צווייטער טיר — און באַלד פאַרברענט די צײַטונג. די פּאָליציי איז איר נאָכגעלאָפן, אָבער זי איז געווען פלינקער פאַר זיי און האָט אַלצדינג שנעל פאַרווישט. נאָך דעם פאַקט, האָט די מאַמע געזאָגט אַז מער קיין קאָמוניסטישע צײַטונגען זאָלן נישט אַרײַנקומען צו אונדז אין שטוב.

און איצט, זײַענדיק אין אַרגענטינע, מאַטערט מיך דער געדאַנק, אַז מיר פלעגן אונדזערע עלטערן פאַרשאַפן ווייטיקן צוליב אָפּטמאָל נאַרישע זאַכן און אַזוינס האָט נישט לאַנג צוריק דערציילט אַ קאָרעספּאָנדענט פון אַ היגער יידישער טאָג־צײַטונג, וואָס האָט דערציילט אַ פאַקט פון טרעפן זיך אין ישראל בײַם כותל המערבי אַ יידישן קאָמוניסט פון פּוילן, וואָס איז געשטאַנען נעבן „כותל" און — האָט געוויינט... ווען ער האָט אים געפרעגט, פאַרוואָס ער וויינט, האָט ער אים דערציילט, אַז ער באַדויערט שטאַרק, פאַרוואָס ער האָט פאַרשאַפט אַ סך האַרץ־ווייטיק זײַנע עלטערן, כאָטש ער האָט געקאָנט אין יענע פאַלן זאָגן „אַ שיינעם ליגן"... ער האָט אים דערציילט, אַז ווען ער איז אָפּגעפאָרן פון פּוילן קיין פאַריז, האָט אים זײַן מאַמע אַרײַנגעלייגט די תפילין אין וואַליזקע. דערנאָך איז צוגעגאַנגען דער טאַטע זײַנער און אים געפרעגט: זון מײַנער, דו וועסט לייגן תפילין? — האָט ער אים געענטפערט אַז נישט. דעמאָלט האָט דער טאַטע אַרויסגענומען די תפילין און זיי באַהאַלטן, אַז די מאַמע זאָל דאָס נישט וויסן. און איצט באַדויערט ער שטאַרק פאַרוואָס ער האָט דעמאָלט אַזוי געהאַנדלט. ווען איך האָב דאָס דאָזיקע געלייענט, האָב איך בײַ מיר געטראַכט: ווי גוט איז יענעם קאָמוניסט, וואָס ער גלויבט איצט, אַז ער וועט זיך אויסוויינען בײַם כותל המערבי, וועט אים גרינגער ווערן אויפן האַרצן, פאַר דער עוולה וואָס ער איז באַגאַנגען קעגן זײַן אומגעקומענעם פאָטער, אָבער וואָס קאָנען וועגן די זעלביקע זאַכן טאָן אַנדערע, וואָס זענען אויך באַגאַנגען עוולות קעגן זייערע עלטערן? איך גלויב, אַז איך בין נישט די איינציקע וואָס טראַכט, אַז ווען מיט אויסוויינען זיך קאָן מען פאַרריכטן עוולות וואָס מען האָט געטאָן — וואָלטן דאָס זייער אַ סך געטאָן.

איצט וויל איך דערמאָנען עפּיזאָדן פון די קריסטלעכע שכנים, וואָס מיט איינער פון זיי בין איך געווען אַזוי גוט אײַנגעלעבט, אַז איך בין דאָרטן שטענדיק געווען אין שטוב און זי פלעגט זייער אָפט קומען צו אונדז. זי האָט געהייסן סטאַניאָוואַ מאַנישאַ און ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די שרעקלעכע נײַעסן פון פּוילן, האָב איך צו איר געשריבן און זיך איר געפרעגט, צי האָט זי עפּעס געטאָן פאַר מײַנע אייגענע אָדער כאָטש פאַר דער שוועסטערס קינד פון 7 יאָר, וואָס איז געווען בלאָנד און געהאַט אַ „גוטן אויסזען". זי האָט מיר נישט געענטפערט. מסתמא האָט זי זיך געשעמט צו ענטפערן, ווײַל זי האָט זיכער גאָרנישט געטאָן קיין גוטס פאַר זיי.

אין אַ צײַט אַרום האָב איך געשריבן צו אַ צווייטן קריסט, איגנאַטאָווסקי, ווו מײַן מאַמע מיט דער שוועסטער מיטן קינד האָבן דאָרטן געוווינט. די שוועסטער האָט גענייט אויף אַ מאַשין און דערפון האָבן זיי אַלע זיך אויסגעהאַלטן און געלעבט. אין אַ שטיקל צײַט אַרום איז אָנגעקומען אַן ענטפער פון דעם קריסט און ער האָט מיר געשריבן, אַז מען האָט אַלע יידן אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע און צווישן זיי איז אויך געווען מײַן מאַמע, שוועסטער און דאָס קינד. ער האָט מיר אויך געשריבן, אַז מען האָט אַ סך קריסטן אויך געפירט קיין טרעבלינקע. נאָר איין זאַך האָט ער נישט „פאַרגעסן" צו שרײַבן און דאָס איז געווען, אַז ער בעט מיך, אַז איך זאָל אים אָפּשיקן פאַר דרײַ חדשים דירה־געלט, וואָס זיי זענען אים געבליבן שולדיק...

ווי פּײַנלעך עס איז געווען צו לייענען דעם בריוו פון נעכטיקע שכנים, בײַ וועמען עס איז פאַרבליבן דאָס גאַנץ ביסל אָרעמקייט, וואָס מײַן אומגעקומענע מאַמע און שוועסטער האָבן פאַרמאָגט — בעט ער נאָך, אַז מען זאָל אים באַצאָלן פאַר דרײַ חדשים דירה געלט. ווי שווער עס ווערט אויפן האַרצן, ווען מען האָט אַזוי פיל יאָרן געגלויבט אין אַזעלכע מענטשן. כאָטש עס זענען אויך געווען אייניקע קליינע אויסנאַמען, ווען אייניקע יידן האָבן זיך געקאָנט ראַטעווען בײַ די דאָרטיקע קריסטן — אָבער זיי זענען טאַקע געווען אויסנאַמען, וואָס האָבן באַשטעטיקט דעם כלל.

און עס איז אַ שטאַרקער ווייטיק, אַז מען דאַרף אַזעלכע פאַקטן דערמאָנען פון דעם שטעטל, פון וואַנען עס זענען פאַרבליבן אַזעלכע שיינע דעריינערונגען — און פאַר מיר איז דאָס ספּעציעל ווייטיקדיק, ווײַל איך האָב אין די דאָזיקע מענטשן זייער אַ סך געגלויבט.

ירחמיאל נאָווענשטערן / (יעזור, ישראל)

# מײַן שטעטל סטאָק, ווי איך געדענק דאָס און וואָס עס איז געווען פאַר מיר

## (אַ ביסל זכרונות וועגן אונדזער שטעטל)

געוויס וועט אין דעם יזכור־בוך אַרויסגעבראַכט ווערן ברייט, אַלצדינג וואָס עס איז געווען אונדזער שטעטל און וועגן די לײַדן און פרייד פון דאָזיקן שטעטל און פון דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, ווי אַזוי אונדזערע עלטערן האָבן געפירט זייער לעבנס־שטייגער און ווי שווער עס איז זיי אָנגעקומען אַרײַנצוברענגען דאָס ביסל פרנסה אין שטוב אַרײַן.

געוויס וועלן אויך אַרויסגעבראַכט ווערן פאַרשידענע פאַקטן און געשעענישן פון דער יידישער יוגנט, וועלכע האָט נישט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, זיך געריסן צו די גרויסע און ליכטיקע וועלטן (אַלנפאַלס האָבן זיי אַזוי געגלויבט), וויל איך אויך זיך דערמאָנען אַ ביסל וועגן אונדזער שטעטל, אָדער געוועזענעם שטעטל און צוריק אויפלעבן אַ טייל פון מײַנע יוגנט־יאָרן, וועלכע איך האָב דורכגעמאַכט צוזאַמען מיט אַ גרויסן טייל, וועלכע קאָנען שוין ליידער נישט דערציילן זייערע זכרונות.

איך וועל אָנהייבן פון דער צײַט, ווען איך, אַ יוגנטלעכער, וואָס האָב שוין דורכגעמאַכט אַ פּאָר יאָר לערנען אין דער ישיבה, בין אַראָפּ פון „גלײַכן וועג" און האָב אָנגעהויבן אַרײַנקומען אין דער יידישער פאָלקס־ביבליאָטעק פון דעם שטעטל. דאָס איז געווען אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן און בײַ אונדז אין סטאָק, איז די ביבליאָטעק געווען דאָס איינציקע פלאַץ, ווו עס פלעגן זיך צונויפקומען די יונגערע און עלטערע חברים, וואָס האָבן געלעכצט נאָך אַ ביסל וויסן, נאָך עפּעס זיך לערנען און האָבן דאָס באַקומען פון לייענען אַ גוט יידיש בוך, אָדער דורך הערן אַ לעקציע פון אַן אייגענעם חבר, אָדער פון אַ צוגערײַזטן רעפערענט, אָדער סתם כאַפּן אַ שמועס וועגן יידישע און וועלט־פּראָבלעמען.

איך געדענק, אַז אין יענער צײַט, איז די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק געווען דאָס איינציקע ליכטיקע ווינקל בײַ אונדז, וואָס האָט געקאָנט צוציִען די אַלע וואָס האָבן זיך געוואָלט אַרויסרײַסן (און אַ סך האָבן זיך טאַקע שפּעטער אַרויסגעריסן) פון דעם טאָגטעגלעכן גרויען לעבן און פון די שוועריקייטן, וואָס האָבן אונדז אַרומגערינגלט — און דאָס איז גראָד געווען זייער אַ גרויסע זאַך און זייער אַ סך.

ווײַל דאָס שטעטל וואָס האָט בסך־הכל פאַרמאָגט איין ברייטן מאַרק־פּלאַץ, וואָס איז געווען פול מיט בלאָטעס, ספּעציעל אין די ווינטער־חדשים, ווען ס'האָט גערעגנט און ס'איז דאָרטן געווען שווער דורכצוגיין, האָט אויך געהאַט קליינע, שמאָלע געסלעך, אַרומגערינגלט מיט נידעריקע הײַזלעך, מיט האַלב־פאַרפוילטע דעכער — און אין די דאָזיקע קליינע שטיבלעך איז אָנגעפירט געוואָרן אַ שווערער קאַמף פאַר דער פּשוטער עקזיסטענץ און אונדזערע עלטערן האָבן זיך געמוזט גאָר שווער ראַנגלען, כדי צו קאָנען אַרײַנברענגען דאָס ביסל פרנסה פאַר זייער הויזגעזינד, און אויך מיר, דער יינגער דור, האָט שוין געפילט אויף זיך די שוועריקייטן פון דעם לעבן און זיי האָבן שוין דערזען היפּל שוועריקייטן עס זענען פאַראַן אין דעם לעבן.

און די יוגנט האָט געפּרוווט אויף דעם וועג, דורך וויסן און לערנען, זיך אַרויסצורײַסן אויף די ברייטערע וועגן, וואָס האָבן געדאַרפט פירן צו דער א"ג „ליכטיקער וועלט". און דערפאַר איז טאַקע די יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק, אָדער ווי זי האָט אָפיציעל געהייסן אין יענער צײַט „געזעלשאַפט פאַר אָוונט־קורסן", געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו מיר פלעגן זיך פאַרזאַמלען, כדי צו קאָנען אַרויסרײַסן זיך פון דער טעגלעכער גרויקייט און האָבן געקאָנט אַביסל פאַנטאַזירן וועגן אַ שענערן און בעסערן מאָרגן.

דאָרט פלעגן אונדז קומען צו הילף די עלטערע חברים, וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער ביבליאָטעק. אויף וויפל איך געדענק, זענען אין יענער צײַט געשטאַנען אין שפּיץ פון דער ביבליאָטעק די חברים: בורשטיין (לעבט שוין הײַנט נישט מער) און אים צו לענגערע יאָרן — שלמה פריימאַן, וואָס געפינט זיך אין ישראל. זיי פלעגן מיט זייערע לעקציעס און שמועסן, אויפדעקן פאַר אונדז פולשטענדיק נײַע וועלטן, וועגן וועלכע מיר האָבן אַפילו נישט געחלומט און וועגן זיי נישט געוווּסט. עס פלעגט אויך פון צײַט צו צײַט קומען צו אונדז אַ צוגערײַזטער רעפערענט פון די גרויסע שטעט, וואָס פלעגן אונדז באַזוכן זייער אָפט.

איך דערמאָן זיך, אַז טאַקע אין אַזאַ שבתדיקן נאָך מיטיק ווען איך בין געווען אויף אַ רעפעראַט אין דער ביבליאָטעק, האָט זיך צו מיר געווענדט די חברטע רבקה שוואַרצבערג (אומגעקומען אין וואַרשעווער געטאָ) און האָט מיך געפרעגט צי איך וויל זיך באַטייליקן אין אַ קרײַזל, וואָס עס וועט פאָרקומען בײַ איר אין שטוב דעם הײַנטיקן אָוונט, מיט דער באַטייליקונג פון די חברים פריימאַן און גאָלדשטיין (ביידע הײַנט אין ישראל) און דאָרטן וועט מען באַשליסן צו גרינדן אַ זעלבסט־בילדונגס קרײַז בײַ אונדז אין סטאָק.

איך מוז זיך מודה זײַן, אַז דער דאָזיקער פאָרשלאַג האָט מיך זייער אימפּאָנירט און שטאַרק פאַראינטערעסירט, ספּעציעל צוליב די פּערזאָנען וואָס האָבן זיך אין דעם געדאַרפט באַטייליקן, ווײַל סײַ די חברטע שוואַרצבערג און סײַ די חברים פריימאַן און גאָלדשטיין, זענען געווען גוט באַקאַנט בײַ אונדז אַלס אינטעליגענטע און באַוווּסטע פּערזאָנען; און סײַ דער ציל פון קרײַז, וואָס איז באַשטאַנען אין לערנען זיך און זיך דערוויסן זאַכן, וואָס מיר ווייסן נאָך נישט, האָט מיך זייער פאַראינטערעסירט, און איך האָב זיך קוים דערוואַרט אויף דער באַשטימטער שעה, ווען איך האָב געדאַרפט אַהין גיין.

ווען איך בין אַרויפגעקומען אין דער וווינונג פון די שוועסטער שוואַרצבערג, האָב איך שוין דאָרטן געטראָפן פאַרזאַמלט אַ צוויי צענדליק יוגנטלעכע און עס איז שווער איבערצוגעבן די שטימונג, וואָס עס האָט בײַ אַלעמען געהערשט, זיצנדיק אַרום דעם קײַלעכדיקן טיש און מיט וויפל אויפמערקזאַמקייט מיר האָבן זיך צוגעהערט צו די ווערטער פון די עלטערע חברים, ממש נײַע וועלטן האָבן זיי פאַר אונדז אויפגעדעקט און עס האָבן זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט נײַע קלאַנגען וועגן נײַע צײַטן, וואָס זענען —צום באַדויערן—, שפּעטער נישט געקומען. און טאַקע אין דעם זעלביקן אָוונט האָבן מיר באַשלאָסן זיך צו אָרגאַניזירן אין אַ יוגנט גרופּע און זיך טרעפן רעגולער צוויי אָדער דרײַ מאָל אַ וואָך, אויף צו לערנען זיך אַליין און צו קאָנען איבערגעבן אַנדערע דאָס וואָס מיר ווייסן שוין. און צוזאַמען מיט די חברים ישראל קיאַק (הײַנט אין בוענאָס אײַרעס), שמחה שטערן און שמחה טשאַפּקעוויטש (ביידע אומגעקומען אין פּוילן), האָבן מיר באַוויזן אין אַ קורצער צײַט אַרום, צו שאַפן אַ גרעסערע גרופּע חברים און חברטעס און מיר האָבן געגרינדעט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע בײַ דער פּועלי־ציון פּאַרטיי אין סטאָק.

און איך מוז מודה זײַן, אַז מיר האָבן מצליח געווען צו גרופּירן אַרום אונדז אַ באַדײַטנדיקן טייל פון דער יידישער יוגנט, וועלכע האָבן געהאַט אַן אינטערעס זיך צו לערנען און דערוויסן זיך וואָס עס קומט פאָר אין דער גרויסער וועלט. און אין אַ קורצער צײַט אַרום, ווען מיר האָבן געעפנט אַן אייגענעם לאָקאַל, פלעגט ער יעדן אָוונט זײַן איבערפולט מיט צענדליקער יינגלעך און מיידלעך. און עס איז ממש געווען אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף זייערע פּנימער, וועלכע האָבן געלויכטן פאַר פרייד און דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געווען פאַרנומען, ווער בײַם לייענען אַ יידיש בוך, ווער אַ טאָגצײַטונג און ווער עס האָט סתם געפירט אַ דיסקוסיע מיט אַ חבר פון אַ צווייטער ריכטונג, וואָס האָבן זיך אויך געפונען אין סטאָק.

יאָ, אין סטאָק האָבן זיך אויך געפונען אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, ווי צום בײַשפּיל: די „צוקונפט" בײַם „בונד", בראש פון וועלכער עס איז געשטאַנען די חברטע רויזע בורשטיין (אומגעקומען אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע) און אויך דער „החלוץ" און „פרײַהייט" יוגנט־אָרגאַניזאַציע, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען מײַן טראַגיש־אומגעקומענער ברודער מרדכי מענדל (אומגעקומען אין טויטן־לאַגער טרעבלינקע) און אויך די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „השומר הצעיר" בראש מיט שמחה לאַנדע (הײַנט אין אַרגענטינע). און גאַנץ אָפט פלעגט מען אָרגאַניזירן ספּעציעלע דיסקוסיע־אָוונטן, וואָס פלעגן אין גרעסטן טייל דורכגעפירט ווערן אין די פרײַטיק צונאַכטן און מען פלעגט די דיסקוסיעס אָנהאַלטן ביז שפּעט בײַנאַכט און אויף

גאַנץ הויכע טענער. די דאָזיקע דיסקוסיעס פלעגן בײַ אונדז טראָגן דעם נאָמען חברים־שמועסן, אָדער קעסטל־אָוונטן. ווו יעדער איינער האָט געקאָנט שטעלן פאַרשידענע פראַגן און יעדער איינער פלעגט זיך באַמיִען אויפצווײַזן, אַז בלויז די אידייע פון זײַן פּאַרטיי איז די ריכטיקע און אַז בלויז זיי קאָנען דערפירן צו דער ריכטיקער לייזונג פון אַלע פּראָבלעמען וואָס עס מאַטערן אונדז אַלעמען און טוען אונדז אַלעמען וויי — און כאָטש מען פלעגט זייער אָפט דיסקוטירן אויף הויכע טענער, פלעגן זיך דער גרעסטער טייל פון אַזעלכע אָוונטן פאַרענדיקן מיט די געזאַנגען פון פריילעכע יידישע פאָלקס־לידער, וואָס האָבן זיך פונאַנדערגעטראָגן שפּעט בײַנאַכט איבערן גאַנצן שטעטל און נישט לאָזן שלאָפן, נישט בלויז אונדזערע עלטערן, נאָר אויך די דאָרטיקע אַנטיסעמיטן...

איך וויל דערבײַ דערמאָנען צוויי טראַגישע געשעענישן, וואָס מיר האָבן דורכגעלעבט באַלד אין די ערשטע מאָמענטן פון אונדזער צוזאַמענשטעלן זיך אַלס אָרגאַניזאַציע. דאָס ערשטע איז געווען דער טויט פון משה פּיטקאָווסקי, וועלכער איז געווען איינער פון אונדזערע געטרײַסטע חברים און איז געשטאָרבן פון שווינדזוכט, אַלס רעזולטאַט פון די שלעכטע לעבנס־באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן געלעבט, נישט בלויז ער, נאָר דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג בײַ אונדז אין שטעטל און ספּעציעל ער, וואָס איז געווען אַ קינד פון אַן אָרעמער אַרבעטער פאַמיליע. און שוין פון די יונגע קינדער־יאָרן האָט ער געמוזט אָנהייבן צו אַרבעטן בײַ אַ שווערער פיזישער אַרבעט און נישט האָבנדיק שטענדיק צו עסן צו דער זעט און צוליב דעם איז ער קראַנק געוואָרן אויף טובערקולאָז און מיר האָבן געזען, ווי די קרענק פרעסט אים אויף און וואָס אַן אמת האָבן מיר אָנגעווענדט אַלע מיטלען אים אַרויסצוראַטעווען פון די נעגל פון דער שרעקלעכער קראַנקהײַט, אָבער ליידער אָן דערפאָלג.

מיר האָבן באַשלאָסן אים צו געזעגענען און צו באַגלייטן צו זײַן אייביקער רו, אין נאָמען פון אונדזער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז דרך אגב געווען דער ערשטער פאַל בײַ אונדז אין שטעטל צו טאָן אַזוינס און עס איז פאַרשטענדלעך, אַז אַ גרויסער טייל פון אונדזערע רעליגיעזע עלטערן, האָבן זיך קעגן דעם קעגנגעשטעלט. אָבער זיי האָבן גאָר נישט געקענט טאָן קעגן אונדז. און עס איז אויסגעפאַלן אויף מיר, אַז איך זאָל זײַן דער, וואָס זאָל רעדן בײַם אָפענעם קבר. און עס איז מיר אַפילו איצט שווער זיך צו באַפרײַען פון די אײַנדרוקן פון יענעם מאָמענט, ווען איך האָב אין קורץ געפאַסטע ווערטער אָנגעוויזן, אויף דעם אַז חבר משה איז אַ קרבן פון אָרעמקייט און נויט און האָט שוין אין די פריסטע יאָרן געמוזט אַרבעטן בײַ אַ שווערער אַרבעט און איז צעפרעסן געוואָרן פון דער שרעקלעכער פּראָלעטאַרישער קרענק. און מיט אַמאָל, האָט זיך פון אונדזער אַלעמענס העלדזער אַרויסגעריסן די קלאַנגען פון אונדזער פאַרטיי־שבועה און אַלע זענען געבליבן דערשטוינט, ווײַל עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווי אויפן „גוטן אָרט" האָבן זיך געהערט די קלאַנגען פון אַ שבועה פון אַן אַרבעטער־פּאַרטיי — און אויב איך האָב נישט קיין טעות, איז דאָס געווען אַ סטימול פאַר די לעבנס־געבליבענע צו גיין אויף דעם זעלביקן וועג. און ליידער האָבן מיר איבערגעלאָזט אויף דעם בית עולם עטלעכע קברים פון יונג־פאַרשניטענע לעבנס פון גוטע און האַרציקע חברים, וועלכע זענען פון אונדז אַוועקגעריסן געוואָרן אין אַ זייער פריִען עלטער.

אין אַ קורצער צײַט אַרום נאָך דעם פאַל פון דעם טויט פון חבר משה פּיטקאָווסקי, האָבן מיר געהאַט דעם נאָך מער טראַגישן פאַל פון דעם טויט — ריכטיקער פון דעם מאָרד — פון לייבל ווישניעווסקי, וועלכער איז געווען אַ קרבן פון ברוטאַלן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט שוין גענומען בושעווען בײַ אונדז. דאָס איז געווען אין מיטן פון די דרײַסיקער יאָרן, ווען חבר לייבל ווישניעווסקי איז געפאָרן אויפן ראָווער, עטלעכע קילאָמעטער אונטערן שטעטל און איז באַפאַלן געוואָרן דורך אַ גרופּע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן אים בעסטיאַליש דערמאָרדעט אָן אַ שום פאַרוואָס (נאָר בלויז דערפאַר ווײַל ער איז געווען אַ ייִד) און זײַן טויטן קערפּער האָבן זיי אַרײַנגעוואָרפן אין אַ טײַכל און דערמיט געוואָלט פאַרווישן די שפּורן פון דעם נידערטרעכטיקן מאָרד. און ווען ח' לייבל האָט זיך אין אָוונט נישט אומגעקערט אין שטוב אַרײַן, האָבן מיר אים אָנגעהויבן צו זוכן און שפּעטער געפונען זײַן טויטן קערפּער אין דעם טײַכל. מיר האָבן דעמאָלט אויסגענוצט דעם מאָרד אויף דורכצופירן אַן אָפענעם פּראָטעסט קעגן דעם צעבושעוועטן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט שוין אָנגעהויבן פראַנק און פרײַ צו „אַרבעטן" בײַ אונדז און מיר

האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט אַלע יוגנט און פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און מיר האָבן דורכגעפירט אַ גרויסע פּראָטעסט ־ דעמאָנסטראַציע בײַ זײַן לוויה, וועלכע האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסן אײַנדרוק, נישט בלויז בײַ דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אויך אַפילו אויף אַלע אָפענע און באַהאַלטענע אַנטיסעמיטן, וועלכע האָבן געמוזט דערצו זיך צוקוקן און שטילשווײַגן, מורא האָבנדיק פאַר דעם צאָרן און פּראָטעסט פון אַלע פאַרזאַמלטע.



אַ גרופּע השומר־הצעיר־ניקעס
בײַם לוויה־צוג

אָבער די צוויי טראַגישע פאַלן, האָבן נישט געהאַט קיין ווירקונג פון אָפּשוואַכונג אויף אונדזער אַרבעט, נאָר פונקט פאַרקערט: וואָס מער מיר האָבן אָנגעהויבן צו פילן די רעזולטאַטן פון די אַנטי־יידישע קאַמפּיינען, וואָס האָבן געלאָזט שטאַרק פילן זייערע שפּורן, אַלץ שטאַרקער און אַקטיווער האָבן מיר געאַרבעט, און ווי איך געדענק די דרײַסיקער יאָרן, ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט ־ מלחמה, זענען זיי געווען יאָרן פון אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און אַנטוויקלונג בײַ אונדז. און ווי איך האָב שוין אונטערגעשטראָכן, איז אונדזער שטעטל אפשר אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע שטעטלעך און אַנדערע ישובים געווען אָרעמער אויף דעם מאַטעריעלן געביט, אָבער געזעלשאַפטלעך, מוז איך פעסטשטעלן, אַז מיר זענען נישט געווען צוריקגעשטאַנען און זיך נישט געהאַט מיט וואָס צו שעמען, אַפילו לגבי אַנדערע שטעט און ישובים, וואָס זענען געווען מיט אַ גרעסערער יידישער באַפעלקערונג ווי אונדזערע.

איך גלויב, אַז אין דעם יזכור־בוך וועט אַרויסגעבראַכט ווערן אַ גרויסער טייל פון דעם קולטורעלן און געזעלשאַפטלעכן לעבן בײַ אונדז אין שטעטל, איך וויל בלויז דערמאָנען, אַז בײַ אונדז זענען געווען טעטיק אַלע יידישע פּאָליטישע און רעליגיעזע פּאַרטייען און שטרעמונגען, וועלכע האָבן געווירקט אין דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן אין פּוילן ביז צו דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וואָס האָט געבראַכט די פאַרניכטונג פון אַלעמען, סײַ פון די יידן און סײַ פון זייערע פאַרשידענע פּאַרטייען און באַוועגונגען. עס איז ערב דעם חורבן געווען אַ פאַרגעניגן צו קוקן אויף דעם שפּרודלדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס עס איז געווען בײַ אונדז. עס איז געווען זעלטן אַ שבת, ווען עס זאָל אונדז נישט באַזוכן אַ רעדנער אָדער לעקטאָר פון וואַרשע, אָדער פון אַן אַנדער גרויסער שטאָט פון פּוילן — און ווער שמועסט נאָך, אַז עס פלעגט קומען אַ יום־טוב, פלעגן מיר האָבן אַפילו 2 אָדער 3 רעפערענטן פון אַנדערע שטעט. און בײַ יעדער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע האָט אויך עקזיסטירט אַ דראַמאַטישער קרײַז, וואָס פלעגט דורכפירן גאַנץ אָפט טעאַטער־פאָרשטעלונגען, וואָס פלעגן באַזוכט ווערן, נישט בלויז פון די שטעטלדיקע אײַנוווינערס, נאָר פלעגט אויך צוציען גרויסע טיילן פון דער יידישער באַפעלקערונג, הויפּטזאַכלעך פון דער יוגנט פון די נאָענטע ישובים, ווײַל אַרום אונדזער שטעטל, האָבן זיך געפונען אַ גאַנצע ריי קלענערע שטעטלעך און ישובים, מיט וועלכע מיר פלעגן אָנהאַלטן אַ נאָענטן קאָנטאַקט.

איך וויל דאָ באַזונדערס דערמאָנען דעם יידישן ישוב פון באַצק, ווו עס האָבן זיך געפונען די גרויסע מעטאַל־פאַבריקן, וואָס האָבן זיך געפונען עטלעכע קילאָמעטער פון סטאָק (מיר האָבן דרך־אגב די דאָזיקע געגנט אָנגערופן „די פאַראייניקטע שטאַטן"). דאָרטן האָבן זיך געפונען אַ גרעסערע צאָל יידן וואָס האָבן געאַרבעט אין די פאַבריקן און מיר פלעגן מיט זיי אָנהאַלטן אַ נאָענטן



אַ גרופּע חברים לינקע „פּועלי־ציון" ביי אַ „קריַיז"־שמועס אין וואַלד

קאָנטאַקט. עס איז נישט געווען קיין איין שבת, אַז מיר זאָלן זיי נישט באַזוכן, אָדער פאַרקערט, זיי פלעגן קומען צו אונדז. און ווער קאָן דען אויס־רעכענען דאָס גאַנצע און רייַכע געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס האָט זיך געפונען אין אונדזער קליין און אָרעם שטעטעלע; און ווי געזאָגט, האָבן מיר געזאָרגט, נישט בלויז פאַר אונדז, נאָר מיר פלעגן איך זאָרגן, אַז אין אָט די אַלע קליינע ערטער, ווו עס האָבן געלעבט קליינע גרופּעס ייִדן און ווו עס האָבן זיך געפונען ייִדישע יוגנטלעכע, זאָלן זין אויך אָרגאַניזירן יוגנט־גרופּעס און מיר פלעגן דאָרטן אויך דורכפירן פאַרשידענע רעפעראַטן און פאָרלעזונגען.

באַזונדערס איז מיר געבליבן אייַנגעקריצט אין זכרון אַ באַזוך וואָס איך האָב געמאַכט אין דעם קליינעם ישוב, וואָס איז געווען אַ קליין דער־פל און האָט געטראָגן דעם נאָמען פראָסטין. דאָס איז געווען אַ דאָרף מיט פוילישע פויערים, צווישן וועלכע עס האָבן אויך געלעבט אַ פּאָר צענדליק ייִדישע פאַמיליעס און, פאַרשטענדלעך, אַז עס זענען דאָרטן אויך געווען אַ גאַנץ באַדייַטנדיקע גרופּע יוגנטלעכע, וואָס האָט שוין אַפילו געהאַט אַן אייגן ייִדיש ביבליאָטעקל און אַן אייגן ווינקל, ווו זיי פלעגן זיך צונויפקומען. (כאָטש דאָס דאָרף אַלס אַ גאַנצס, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גרויסן קלויסטער, וואָס עס האָט פאַרמאָגט און וואָס פלעגט אין די קאַטוילישע יום־טובים צוציען טויזנטער קריסטלעכע עולי־רגלים). און איך דערמאָן זיך. ווי די דאָרטיקע גרופּע האָט אונדז אייַנגעלאַדן אַז מיר זאָלן זיי באַזוכן און עס איז אויסגעפאַלן אַז איך און ישראל קיאַק, זאָלן זיך אַראָפּכאַפּן צו זיי אויף אַ שבת. און עס איז מיר פאַרבליבן אין זכרון דאָס בילד ווי איך בין געקומען צו פאָרן קיין פראסטין אין אַ שבתדיקן פרימאָרגן און מיר האָבן געטראָפן די יוגנטלעכע דאַוונען מיט זייערע עלטערן אין דאָרטיקן בית המדרש און מיר האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און האָבן זיך אויך געמוזט אַרייַנכאַפּן צום דאַוונען און מען האָט אונדז גאַנץ פייַן אויפגענומען און מיר האָבן אַפילו גע־מוזט מיטעסן די שבתדיקע סעודה ביי איינעם פון די דאָרטיקע בעלי בתים.

און גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז נאָך דעם האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ שמועס מיט דער יוגנט שוין אין זייער לאָקאַל און מיר זענען באַאייַנדרוקט גע־וואָרן פון דעם גאַנץ קולטורעלן און געזעלשאַפט־לעכן ניוואָ פון דער דאָרטיקער יוגנט, וואָס איז נישט באַאייַנפלוסט געוואָרן פון דער אַרומיקער פויערישער סביבה, אין וועלכער עס איז זיי אויס־געקומען צו לעבן, נאָר גראָד פאַרקערט; זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס און אַ סך וויסן וועגן אַלע פראָבלעמען וואָס זענען אין יענער צייַט געווען אַקטועל ביי דער ייִדישער יוגנט אין פוילן. און אויף צוריק אַהיים צו פאָרן, האָבן אונדז באַ־גלייט ביז צו דער נאָענטער באַן־סטאַנציע די גאַנ־צע יוגנט פון דעם דאָרף און מיר זענען געגאַנגען אַלע צוזאַמען און די גאַנצע צייַט געזינגען ייִדישע

פּאָלקס־לידער, ביז מיר זענען אָנגעקומען צו דעם קליינעם באַן־אָפּשטעל (פּרזשיסטאַנעק) מיט דעם נאָמען טרעבלינקע, וואָס האָט זיך געפונען בסך־הכל בײַ אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער פון פּראַסטין, און עס איז דעמאָלט זיכער קיינעם נישט אײַנגעפאַלן, אַז דאָס דאָזיקע פּלאַץ וועט אַמאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ גיהנום און פאַרניכטונגס־פּלאַץ פאַר דעם פּוילישן יידנטום; און אַז אויף דעם דאָזיקן פרידלעכן פּלאַץ וועלן געטריבן ווערן גאַנצע שטעט און שטעטלעך אויף זייער לעצטן וועג פון זייער אומקום — און אַז צוזאַמען מיט זיי וועלן אויך געטריבן ווערן אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, אַלטע לײַט און קינדער פון אונדזער שטעטל, וואָס זענען, צום באַדויערן, געווען די ערשטע קרבנות פון דעם פאַרשאָלטענעם טויטן־לאַגער טרעבלינקע.

אַ באַזונדער פּלאַץ אין אונדזערע קאָנטאַקטן מיט די יוגנט־גרופּעס פון די אַרומיקע ישובים, אויף צו אָרגאַניזירן יוגנט־צוזאַמענטרעפן — ספּעציעל אין די זומער־חדשים, זענען געווען די ברייטע סטאָקער וועלדער, ווו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען הונדערטער יוגנטלעכע פון נאָענטע און ווײַטע מקומות. און וויפל פרייד, וויפל פאַרגעניגן פלעגן אַזעלכע צוזאַמענקונפטן אַרײַנברענגען, איז הײַנט שווער איבערצוגעבן; נישט נאָר די פייגעלעך אין וואַלד פלעגן ווערן איבערראַשט פון די הילכיקע יידישע פאָלקס־ און אַרבעטער־לידער פון אַזאַ צוזאַמענטרעף, נאָר אויך די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס די יידישע יוגנט זינגט אַזוי פיל. און נישט איין מאָל פלעגן זיי אונדז אָנטאָן צרות און נעמען צו הילף די פּאָליציי, אויף צו פאַרטרײַבן אונדז פון וואַלד.

אָבער דווקא אויף צו להכעיס, פלעגן מיר וואָס אָפטער אָרגאַניזירן אַזעלכע צוזאַמענקונפטן און נישט איין מאָל פלעגן מיר באַצאָלן מיט איבערפאַלן און אַרעסטן. אָבער אויך דאָס האָט גראָד בײַ אונדז נאָך מער פאַרשטאַרקט אונדזער אַרבעט. אָבער אין די לעצטע יאָרן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן מיר שוין גוט געפילט ווי מיר ווערן וואָס ווײַטער אַלץ מער אַרומגערינגלט פון די כוואַליעס פון ברוטאַלן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט אַזוי —אין די געוויינלעכע צײַטן—, אויך קיין מאָל נישט געפעלט בײַ אונדז אין פוילן. און מיר האָבן אָנגעהויבן צו פילן, אַז מיר פאַרלירן וואָס אַמאָל אַלץ מער דעם באָדן אונטער די פיס; מיר האָבן דערפילט, אַז די לופט ווערט וואָס ווײַטער אַלץ מער פאַרפּעסטעט, סײַ פון דעם בלוטיקן היטלער־דײַטשלאַנד, ימח שמו, און סײַ פון די אייגענע גוט־באַקאַנטע אַנטיסעמיטן.

גאַנץ באַזונדערס האָט זיך בײַ אונדז געלאָזט פילן דאָס וואָס אַ גאַנצע ריי עלטערע חברים, פילנדיק אַז זיי פאַרלירן דעם באָדן און דעם אָנהאַלט אין דעם קליינעם שטעטל, האָבן גענומען אַרויסוואַנדערן, ווער אין די גרעסערע שטעט, ווער אין אַנדערע לענדער און ווער עס האָט באַוויזן צו דערפילן זײַן טרוים און אַוועק קיין ארץ ישראל, ווי די חברים ווישניעווסקי, פריימאַן און אַנדערע. עס האָבן בײַ אונדז אָנגעהויבן אויסצופּעלן אַקטיווע טוערס, אָבער מיר האָבן זיך באַמיט אַרײַנצוציען אויף זייער פּלאַץ יונגערע טוערס און מיר האָבן זיך באַמיט צו פאַרשטאַרקן נאָך מער אונדזער אַקטיוויטעט.

איך וויל דערבײַ דערמאָנען אייניקע חברים מיט וועמען עס איז מיר אויסגעקומען צוזאַמענצואַרבעטן אין יענע יאָרן — און ליידער האָבן זיי נישט דערלעבט, אַז אויך זיי זאָלן זיך קאָנען טיילן מיט אַ ביסל זכרונות פון יענע יאָרן — און מיר ווייסן אַפילו נישט ווו זייערע קברים געפינען זיך; זיי זענען ליידער אַוועק מיט דעם וועג פון דעם גאַנצן פּוילישן יידנטום און צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע אייגענע און טײַערע פון גאַנצן שטעטל. איך גלויב אַז געוויס וועלן זייערע נעמען און טעטיקייטן, אַרויסגעבראַכט ווערן אין דעם דאָזיקן יזכור־בוך, ווײַל זיי זענען געווען די וואָס האָבן געהאָלפן בויען און געשטאַלטיקן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן בײַ אונדז. געווען פון זיי זייער אַ סך, וואָס האָבן אָפּגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זייער פּערזענלעך לעבן, פאַר אָט די דאָזיקע צוועקן, אָבער ליידער האָבן זיי נישט דערלעבט זיך צו קאָנען באַטייליקן אין אָט דעם דאָזיקן „פּנקס" וואָס איז, צום באַדויערן, אַ „יזכור־בוך" נאָך דעם שטעטל און אויך נאָך זיי.

זיי וואָלטן געקאָנט דערציילן אַ סך זאַכן וועגן אונדזער שטעטל און וועגן די אַלע פּערזאָנען וואָס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון די פּאָליטישע און יוגנט־גרופּעס בײַ אונדז, אַזוי אַז איך וועל נאָר דערמאָנען אייניקע פון זיי; אייניקע פון מײַנע פּערזענלעכע און פּאַרטיי־חברים, מיט וועמען עס איז מיר אויסגעקומען מיטצואַרבעטן אין די לעצטע

יאָרן, ערב דעם בלוטיקן מבול, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט בײַ אונדז און אַלצדינג פאַרטרונקען און אַראָפּגעשווענקט, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע שטעט און שטעטלעך, אויך אונדזער טײַער און ליב שטעטעלע סטאָק.

איך וויל דערמאָנען די יעניקע מיט וועלכע מיר פלעגן זיצן גאַנצע אָוונטן און טרוימען וועגן אַ בעסערן מאָרגן, ווו דער מענטש און דער ייִד וועלן קאָנען לעבן פרײַ אָן זאָרגן און אָן אַלע שוועריקייטן מיט וועלכע ער איז געבונדן אין דער הײַנטיקער טרויעריקער צײַט און ווי פריילעך מיר פלעגן ווערן ווען מען פלעגט באַקומען אַ בריוו פון אונדזער חבר פריימאַן פון ארץ ישראל; וויפל טרוימען האָבן די חברים פאַרבונדן מיט זייער צוקונפט און אַן עדות, אַז זייער אָנדענק לעבט און וועט לעבן ווײַטער אין אונדזער זכרון, כל זמן מיר וועלן זיך געפינען צווישן די לעבעדיקע און אַז מיר וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן זייער לעבן און זייער פריצײַטיקן און טראַגישן אומקום.

איך וויל דאָ פאַרענדיקן מײַנע פאַרצייכענונגען מיט די לעצטע טעג, וואָס אונדזער שטעטל האָט נאָך עקזיסטירט, כאָטש שוין אין דעם אָנבליק פון די טראַגישע טעג פון דער מלחמה, וואָס האָט זיך אויף אונדז אָנגערוקט — כאָטש אַפילו אין יענע צײַטן, האָבן מיר נישט געוואָלט גלייבן, אַז דאָס איז שוין דער סוף פון דעם שטעטל און פון אונדז אַלעמען. מיר האָבן אָבער שוין געפילט, אַז עס רוקט זיך אָן אויף אונדז אַ גאָר שווערע צײַט, וואָס האָט



פון לינקס צו רעכטס:
ליבע ווירזשבינסקי,
שעפּסל אָסטשעגאַ,
שלום טענטשאַ
און
שלמה פּאָזשאָמעק

אין דעם אייגענעם לאַנד. איך וויל דערמאָנען די נעמען פון די ברידער זשעפּקאַ, קורץ, פאַמיליע גאָלדשטיין, משה שלאַסקי, שמחה שוואַרצפאַרב מיט זײַן פרוי און ועל כולם, מײַן פערזענלעכן פרײַנד און חבר יחזקאל ראָזענבוים און אַ סך אַנדערע, וואָס זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען און מיר ווייסן אַפילו נישט ווו זייערע קברים געפינען זיך. אין אויך דעם הייליקן אָנדענק פון מײַן טראַגיש־אומגעקומענעם ברודער מרדכי־מענדל, וואָס האָט זײַן לעבן פאַרענדיקט אין דעם אויבנדערמאָנטן טויטן־הויז טרעבלינקע און מײַנע יונגערע שוועסטער שרה־שיינדל און פייגע־לאה, פון וועלכע מיר ווייסן אַפילו נישט, ביזן הײַנטיקן טאָג דאָס פּלאַץ און די דאַטע פון זייער אומקום. זאָלן אָט די פּאָר ווערטער, וואָס איך דערמאָן דאָ, זײַן אַ צייכן

פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט פאַרגליכן ווערן מיט די אַלע פריערדיקע שווערע צײַטן. מיר זענען געווען פאַרצווייפלט און צעטומלט. אַ סך פון די עלטערע חברים — ווי איך האָב שוין דערמאָנט — זענען געהאַט אַוועק און מיר האָבן זיי שטאַרק מקנא געווען און מיט ציטערניש פלעגן מיר לייענען זייערע בריוו — און וויפל צער און פאַרצווייפלונג האָט אונדז אַרומגענומען, זעענדיק ווי די שוואַרצע כוחות רוקן זיך אַלץ נענטער אָן אויף אונדז, כדי אונדז צו פאַרניכטן.

איך דערמאָן זיך אין דעם טאָג פון ערשטן סעפּטעמבער פון 1939, ווען די בלוטיקע היטלעריסטישע באַנדעס האָבן זיך גענומען דערנענטערן צו אונדז. אָבער מיר האָבן זיך אַליין געטרייסט (און נאָך מער זיך געוואָלט טרייסטן), אַז מיר וועלן

זיי בײַקומען און אַז מיר וועלן זיי איבערלעבן. מיר האָבן זיך נענטער צוזאַמענגענומען און ענגער גרופּירט אַלע, ווי איין גרויסע משפּחה. עס זענען דאַן פאַרשוווּנדן אַלע קליינע חילוקי־דעות, עס זענען אַוועק אַלע מיינונגס־פאַרשידנהײַטן, וואָס מיר האָבן געהאַט אין די פריערדיקע צײַטן. און אַפילו אין דעם טרויעריקן מאָמענט, ווען מיר, אַ גרופּע יוגנטלעכע זענען געווען געצוווּנגען צו אַנטלויפן פון שטעטל, איז קיינעם נישט אײַנגעפאַלן, אַז מיר וועלן שוין קיין מאָל מער נישט זען אונדזערע טײַערע ברידער און שוועסטער און אַז דאָס איז שוין די לעצטע געזעגענונג מיט זיי.

און ווען מיר האָבן פאַרלאָזט אונדזער טײַער שטעטעלע און געוואָרפן דעם לעצטן בליק אויף די פאַרברענטע היימען, וואָס די נאַציסטישע באַנדיטן האָבן אונטערגעצונדן, בײַם אַרײַנטרעטן אין דעם שטעטל, האָבן מיר אָבער דאָך געהאָפט, אַז מיר וועלן זיך אין גיכן צוריק אומקערן און אפשר נעמען נקמה פאַר אַלצדינג, וואָס זיי האָבן געטאָן קעגן אונדז — און אַז מיר וועלן ווידער זײַן מיט אונדזערע אייגענע. אָבער לײַדער איז דאָס שוין אונדז נישט געווען באַשערט. ווײַל ווען אייניקע פון אונדז, האָבן זיך נאָך די מלחמה־יאָרן צוריק אומגעקערט פון זייערע וואַנדערונגען און נאָך דעם ווי זיי האָבן דורכגעמאַכט פאַרשידענע קאָנצענטראַציע־ און טויטן־לאַגערן, האָבן מיר שוין לײַדער נישט באַוויזן צו טרעפן קיינעם פון די וואָס האָבן געלעבט און געאַרבעט אין סטאָק. מיר האָבן קוים באַוויזן צונויפצוזאַמלען אַ טייל פון די רעשטלעך געבליבענע טויטע קערפּערס, פון די אונדז אַזוי טײַערע און נאָענטע, וואָס זענען געווען צעוואָרפן אין פאַרשידענע פּלעצער, ווו די דײַטשע באַנדיטן האָבן זיי דערמאָרדעט און מען האָט זיי געבראַכט צוזאַמען אויף איין ברודער־קבר, וואָס געפינט זיך אויף דעם שטעטלדיקן בית־עולם, וואָס איז געבליבן דער איינציקער „עדות", אַז דאָ האָט געלעבט געליטן און געקעמפט אַ יידישע באַפעלקערונג אַמאָל — און איצט איז פון דעם אַלעמען נישט פאַרבליבן מער ווי דער טויטער בית־עולם, וואָס איז ווי מיר האָבן לעצטנס געהערט, שוין אויך כמעט פאַרשוווּנדן.



יוגנט־קרײַז פון די לינקע פּועלי־ציון א"נ פון לייבל ווישיענעווסקי, מיטן אָנפירער ירחמיאל נאָווענשטערן; אויבן: דער אָנפירער ירחמיאל נאָווענשטערן

# מײַן משפּחה — אַזוי ווי איך געדענק זי

שוין יאָרן לאַנג, זינט עס איז געוואָרן אַק־טועל די פֿראַגע פֿון אַרויסגעבן אַ יזכּור־בוך נאָך דעם אומגעבראַכטן שטעטל סטאָק, זענען אויף די צוזאַמענקונפֿטן מיט די לאַנדסלײַט געלופֿטערט געוואָרן דער פּראָבלעם וועגן דעם ווי אַזוי מען זאָל פֿאַראייביקן אויף אַ בעסערן און גרינטלעכערן אופֿן די אומגעקומענע אין דעם גרויסן חורבן. און מען האָט דערבײַ אַוועקגעשטעלט די גאַנץ איינ־פֿאַכע, נאָר ריכטיקע פֿראַגע (ווײַל אין גרעסטן טייל, זענען די איינפֿאַכע פֿראַגן די סאַמע ריכ־טיקסטע); אַזוי פֿיל שטעט און שטעטלעך האָבן שוין באַקומען אַ תּיקון דאָס פֿאַראייביקן זיי אין אַ בוך־פֿאָרם, איז פֿאַר וואָס נישט אויך סטאָק?

עס איז נישט פֿאַראַן קיין צווייפֿל, אַז מען דאַרף פֿאַרצייכענען און אַרײַננעמען די אַלע, וואָס זענען אַזוי טראַגיש פֿאַרשניטן געוואָרן. אָבער דערבײַ עקבערט די פֿראַגע וועגן דעם, צי וועט דער זכרון אויסרעכענען אַלץ ווי מען באַדאַרף? און צי וועט זיך כאָטש העלפֿן צונויפֿשטעלן און אויפֿלעבן גע־שטאַלטן וואָס האָבן געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין דעם לעבן פֿון אונדזער פֿאַרניכטעט סטאָק?

און ווען איך שטעל אַוועק די פֿראַגע אין אַל־געמיין, שטעל איך אויך אַוועק די פֿראַגע וועגן מײַן אייגענער משפּחה, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ וויכטי־קע ראָל אין דעם לעבן פֿון דעם שטעטל, סײַ די פֿון אַלטן דור — און נאָך מער די פֿון דעם נײַעם דור. מען דאַרף דאָך דערבײַ נעמען אין אַכט, אַז עס זע־נען שוין אַריבער באַלד 40 יאָר, זינט איך האָב פֿאַרלאָזט מײַן ליב האַרציק שטעטל און אַוועק אין דער גרויסער, ברייטער וועלט און איך האָב אין דער אַלטער היים איבערגעלאָזט די מאַמע, שוועס־טער, ברודער און אַנדערע משפּחה־מיטגלידער, וואָס צוזאַמען האָבן זיי געבילדעט איין פּרעכטיקע פֿאַ־מיליע. און פֿאַרלאָזט האָב איך זיי אין אַ זייער פֿריִען עלטער. און די באַדינגונגען און סיטואַציעס פֿון יענע צײַטן האָבן זיך געענדערט; דער גאַנצער לעבנס־שטייגער פֿון אַמאָל איז געוואָרן אַן אַנדע־רער; מען האָט זיך דערוווּסטערט פֿון דער היים און פֿאַרשלונגען געוואָרן אין אַ נײַער סביבה און אין אַ נײַער וועלט און אַ סך בילדער פֿון דער אַלטער היים, זענען פֿאַרבלאַסט און פֿאַרשווונדן געוואָרן.

דאָס אַמאָליקע שטעטל מיט דעם מאַרק, מיט די דאָרטיקע געסלעך, מיט די טיפֿע בלאָטעס און מיט די פּרעכטיקע וועלדער אַרום. אָבער דאָס אַלץ האָט זיך צוביסלעך אָפּגערוקט און געלאָזט פֿרײַ דעם וועג — און דעם געדאַנק פֿאַר אַ באַזונדער פּאַנאָראַמע, וואָס עס איז אַ גרויסע שטאָט מיט איר פֿרעמדער אַטמאָספֿער, מיט די נײַע און שווערע לעבנס־באַדינגונגען, אָבער מיט אַן אַ פֿאַרגלײַך בעסערע אויסזיכטן. און דאָס אַלץ האָט אָנגעהויבן צו פֿאַרנעמען אין דעם געמיט דעם אויבן־אָן.

שטיי איך איצט מיט אַ געפֿיל פֿון בענקשאַפֿט צו דעם אַלעמען וואָס עס איז פֿאַרבײַ — און וואָס וועט שוין מער קיין מאָל נישט קומען צוריק און מיט אַ תּפֿילה וועגן דעם, אַז אַלצדינג וואָס איך וועל פּרווון פֿאַרצייכענען, זאָל אַרויסקומען עכט, אַזוי ווי מײַנע אייגענע האָבן דאָס פֿאַרדינט און אַזוי ווי זיי וועלן שטענדיק לעבן אין מײַן זכרון.

***

דאָס שטעטעלע סטאָק, איז אײַנגעקריצט אין דעם באַגינען פֿון מײַן לעבן, ווײַל דאָרטן האָב איך אייפֿגעוואַכט און אָנגעהויבן צו באַנעמען די אַרו־מיקע שיינקייט און די ליבשאַפֿט צו מײַן משפּחה, פֿון וועלכע איך בין די יינגסטע. און אונדזער משפּחה האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ געטרײַשאַפֿט פֿון איינעם צום אַנדערן. און די ערשטע בילדער וואָס האָבן זיך פֿאַרהאַלטן אין מײַן זכרון, זענען די יעניקע אין וועלכע מײַן עלטסטער ברודער סאַנע (געשטאָרבן אין ניו־יאָרק) שפּילט די הויפּט־ראָל. און פּונקט ווי עס וואָלט געווען איצט, זע איך אים ווי ער זיצט אין שטוב און ווײנט און טרערן גיסן זיך פֿון זײַנע אויגן און באַגיסן אים דאָס פּנים; ער

זיצט אָנגעשפּאַרט די הענט אויפן קאָפּ און כליפּעט און וויינט. זײַן פרוי לאה איז געשטאָרבן זייער אַ יונגע און ער איז פאַרבליבן אַ יונגער אלמן.

איך זע זיך אַלס אַ גאָר קליין קינד. איך זיץ אויפן טיש און באַנעם נישט וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער עס איז גענוג אַז איך זאָל מיך אָנשטעקן פון מײַן ברודער און וויין מיט צוזאַמען.

אַ צווייטע סצענע: אַ דראַמאַטישע ביז גאָר. דער טאַטע, מײַן גוטער און שטי׳לער טאַטע, האָט אַ צוזאַמענשטויס מיט דעם ברודער סאנע, וועלכער איז אַראָפּ פון „גלײַכן וועג” און פאַר מײַן טאַטן, דעם שיינעם יידן, דעם תלמוד חכם, איז דעם זונס בײַער וועג, אַן אמתע טראַגעדיע. ערשט נעכטן האָט ער באַדאַרפט באַקומען סמיכות אויף רבנות און שוין אויס, אויך ער איז קאַליע געוואָרן! די שטרענגקייט פון מײַן טאַטן, זײַן פאַנאַטיזם, האָט נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט פאַר קיין אויסגלײַך. און איך דערמאָן זיך יענעם מאָמענט, ווען מיר אַלע: די עלטערע משפחה־מיטגלידער, מײַן מאַמע און אַלע איבעריקע, האָבן געציטערט פאַר דעם אויסברוך פון כעס און פון נישט־געצוימטער פאַרצווייפלונג פון דעם טאַטן, ווײַל ער האָט נישט געקאָנט און נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז זײַן באַליבטער זון, דער בכור, דער שאַרפער למדן און עילוי — זײַן זון זאָל מיט אַמאָל אַלצדינג פאַרוואַרפן און ווערן — לויט זײַן מיינונג — אַן אַפּיקורס.

ווי געזאָגט געהערן די דאָזיקע סצענעס, צו דעם סאַמע באַגינען פון מײַן לעבן און איןביידע פאַלן, האָבן זיי זיך געלייגט זייער שווער אויף מײַן קינדערשער שטימונג און עס האָט מיך שטענדיק באַרפאָלגט די שרעק פאַר אַ נײַעם אינצידענט.

איך געדענק אויך אייניקע כאַראַקטעריסטישע פאַלן, וואָס גיבן איבער די פּרימיטיווקייט, וואָס עס האָט באַהערשט דאָס יידישע לעבן פון יענער צײַט אין די קליינע שטעטלעך. איין פאַל איז פאָרגעקומען מיט מיר גופא און דער צווייטער מיט אַ ייִנגעלע וואָס איז געווען אונדזערער אַ שכן.

דער פאַל מיט מיר האָט געקאָנט זײַן אַן ערנסטער, אָבער צום גליק בין איך אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק. איך פרוּוו דורכגיין די גאַס — און אַ וואָגן פאָרט מיך איבער, אָבער צום גליק, בין איך אָפּגעקומען בלויז מיט לײַכטע ווונדן און מיט קלעפּ, אָבער איך ברעך אויס אין אַ שרעקלעכן געוויין און די מאַמע, אַ צעשראָקענע, פּרוווט מיך אײַננעמען און אײַנשטילן און „נעמט מיך אײַן”, מיט אַ שיסעלע קאַרטאָפל מיט פערפל... דער צווייטער פאַל איז פאָרגעקומען אין אַ שכנותדיקער שטוב, אין אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט. אין שטוב זענען שוין אַלע געשלאָפן, אָבער צו מיר דערטראָגט זיך אַ געשפּרעך דורך דער וואַנט, צווישן אַ שכן און זײַן קראַנקן זון. און עס דערגייען צו מיר די ווערטער — וואָס אַפילו שוין דעמאָלט האָבן זיי בײַ מיר געקלונגען ווי אַן אַבסורד.

— נו, שאַ, שאַ! —זאָגט דער פאָטער צום וויינענדיקן ייִנגל, וועלכער לײַדט שטאַרקע יסורים פון אַ מכה— וואָס ווילסטו, אַז איך זאָל טאָן פאַר דיר? איך האָב דאָך שוין דיר געגעבן געבייטלט ברויט און דיר איז נאָך אַלץ נישט בעסער?...

עס זענען שוין אַזוי פיל יאָרן אַריבער זינט יענער צײַט, אָבער איך הער נאָך אַלץ די שטימע פון אליהו ליפּקער (אַזוי האָט געהייסן דער שכן), וואָס האָט געוואָלט אײַנשטילן די ווייטיקן פון זײַן זון, מיט אַ שטיקל געבייטלט ברויט... יאָרן שפּעטער האָב איך דערציילט דעם עפּיזאָד, וואָס האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ וויץ, אָבער צום באַדויערן איז דאָס נישט געווען קיין וויץ, נאָר אַ טרויעריקער אמת.

דאָס לעבן פון די ייִדיש־פּוילישע שטעטלעך, איז פול געווען מיט אַזעלכע און אַנדערע קוריאָזן און וויצן, ספּעציעל ווען מען פאַרגלײַכט יענץ לעבן מיט דער הײַנטיקער צײַט און מיט די באַדינגונגען אין וועלכע מען האָדעוועט און מען דערציט קינדער הײַנט, זעט יענע צײַט אויס צו זײַן פאַנטאַסטיש אומגלויבלעך. אָבער בײַ אַזעלכע באַדינגונגען, האָבן זיך דערצויגן און אויסגעוואַקסן געזונטע מענטשן. עס איז אמת, אַז מען האָט אַ שפּאָר ביסל צורגעקרענקט, אָבער זיך דאָך אַרויסבאַקומען און מיט אַ סך ווייניקער פיזישע פּראָבלעמען ווי הײַנטיקע קינדער וועלכע ווערן אָפּגעהיט מיט די סאַמע פאַרגעשריטנסטע מיטלען.

— ווי אַזוי האָט אויסגעזען דאָס שטעטל? —

ווי אַ ווײַטער חלום דערגייט צו מיר דאָס פּולע בילד פון דעמאָלסטדיקן סטאָק. איך זע אָבער אין דעם בילד גאַנץ בולט אונדזער שטוב און דעם גאַנצן וועג וואָס פירט צו מײַן שוועסטער רויזעס היים. אונדזער שטוב איז אויף נײַסטאָק און פאַר דער שטוב געפינט זיך אַ באַנק. מיר זענען אַכט

קינדער און איך בין די יונגסטע פון אַלע. דער טאַטע פאַרנעמט זיך מיט מלומדות און די מאַמע העלפט אַרויס אין דער פרנסה, ווײַל פון דעם טאַטנס באַשעפטיקונג האָט אַזאַ גרויסע משפחה, געקאָנט נישט מער ווי הונגערן. די מאַמע האַנדלט מיט מאַנופאַקטור און פון זונטיק ביז פרײַטיק איז זי אונטערוועגנס, אין די שכנותדיקע דערפער און פאַרקויפט איר סחורה צו די פויערים און זיי צאָלן איר ראַטעסווײַז.

צוביסלעך גיט אויף דער טאַטע זײַן חדר און העלפט מיט דער מאַמען אין דער באַשעפטיקונג און ביידע פעלן שוין דעמאָלט עטלעכע טעג פון דער וואָך פון דער היים. די דערוואַקסענע שוועסטער, די עלטסטע —רבקה— געדענק איך אַלס חתונה געהאַטע און צו מײַן זכרון דערגייט נישט איר זײַן צוזאַמען מיט אונדז. פון די אַנדערע שוועסטער, פאַרנעמט זיך פריידע מיטן צושטעלן סחורה פון וואַרשע, וואָס דאָס מיינט אַז זי איז די פאַקטישע אַרויסהעלפערין פון מסחר. רויזע לערנט זיך אויס דאָס פאַך פון שנײַדערײַ און ווערט אַן אָנגעזעענע שנײַדערין אין שטעטל און די יונגערע פון זיי, עטל, אַרבעט צוביסלעך בײַ רויזען און העלפט אויך מיט אין דער אַרבעט פון שטוב.

צו בלאַס איז בײַ מיר דאָס בילד פון מײַן ברודער סאנע. איך געדענק בלויז, אַז נאָך אַ ריי קאָנפליקטן מיט דעם טאַטן איז ער אַוועק פון דער היים און אַ שטיקל צײַט איז ער אַ לערער אין אַ העברעישער שול פון וואַרשע. ער איז דערנאָך געקומען צוריק קיין סטאָק און ווערט אַן אָנגעשטעלטער אין אַן אײַזן־געשעפט און דער ברוגז צווישן טאַטן מיט סאנען האַלט אָן יאָרנלאַנג; דער טאַטע קאָן אים נישט מוחל זײַן די באַגאַנגענע „זינד" פון אויפגעבן זײַן פרומקייט און פון זײַן שטאַנדפונקט איז דער טאַטע געווען גערעכט, ווײַל ער האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז די „מגפה" וועט זיך נישט אָפשטעלן בלויז בײַ סאנען, נאָר וועט אויך אַרומכאַפן די אַנדערע קינדער און די מורא זײַנע האָט זיך באַשטעטיקט; אויך די אַנדערע משפחה־מיטגלידער, זענען אַוועקגעגאַנגען אויף די וועגן פון סאנען. צום ערשטן זענען דאָס געווען די עלטערע שוועסטער און דער נאָך דער ברודער בעריש (געשטאָרבן אין קובאַ) און זײַן וועג זענען, פאַרשטייט זיך, אויך נאָכגעגאַנגען די יונגסטע, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען מײַן ברודער לייבל און איך, וועלכע האָבן אויך נישט אויסגעמיטן דעם נײַעם פאַרכאַפנדיקן שטראָם פון קעגנשטעלן זיך און באַפרײַען זיך פון פאַנאַטיזם. אָבער נישט געקוקט דערויף איז די מורא און דער כבוד צום טאַטן נישט געמינערט געוואָרן. און ווי אַן אויטאָריטעט, האָט זײַן בליק און וואָרט תמיד אַרויסגערופן צו זיך די געהעריקע באַציִונג.

*
**

מײַן משפחה, אַזוי ווי איך געדענק זיי:

איך וועל אָנהייבן מיט מײַן טאַטן. ער איז געווען אַ הויכער, שיינער מאַן, מיט אַ פעך־שוואַרצער באָרד. אַ שטרענגער, אָבער אין דער זעלבּיקער צײַט אַ סענטימענטאַלער. און איך געדענק אַן עפּיזאָד פון דער סאַמע פריסטער קינדהײַט, וואָס האָט זיך בײַ מיר אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון. די מאַמע האָט מיך אַוועקגעפירט קיין יאַדאָווע צו אַ דאָקטער, וואָס האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט אַלס גרויסער ספעציאַליסט. מײַן קראַנקהייט איז געווען אַ מכה, וואָס איך האָב געהאַט און מען האָט איר געמוזט עפענען און דער ווייטיק איז געווען אַן אומבאַשרײַבלעכער.

אין אַ שפעטער בײַנאַכטיקער שעה, האָט אונדז דער בעל־עגלה אַראָפגעלאָזט נעבן דער טיר פון מײַן מומע אסתרביילע — דער מאַמעס אַ שוועסטער, וואָס האָט געווינט אין יאַדאָווע. איך דערמאָן זיך אין דעם, ווי יאָרן לאַנג פלעגן מײַנע שוועסטער אָפלאַכן פון מיר, ווײַל ווען איך בין אָנגעקומען קיין יאַדאָווע אַ פאַרשלאָפענע, האָב איך נישט געוואָלט וואַרטן, ביז מײַן מומע וועט אויפעפענען די טיר, נאָר איך האָב מיר אָנגעהויבן צו באַפרײַען פון דעם אָנטועכץ, נאָך אין דרויסן, כדי וואָס שנעלער זיך קאָנען לייגן שלאָפן.

נאָכן זײַן אַ טאָג אין יאַדאָווע און נאָך דעם ווי דער דאָקטער האָט מיך באַהאַנדלט, האָבן מיר זיך צוריק אומגעקערט קיין סטאָק. אויף דער סטאַנציע זשעליענעץ, האָט דער טאַטע מיך אָפגעוואַרט און דאָס ערשטע מאָל האָב איך דערפילט זײַן צערטלעכקייט און ליבשאַפט וואָס ער האָט געהאַט צו מיר, וואָס איך בין געווען זײַן יונגסטע טאָכטער; און איך, וואָס האָב שטענדיק פאַר אים מורא געהאַט און געזען אין אים נאָר אַ שטרענגן און אָפטמאָל בייזן מענטשן, ווען דער גורל האָט

ניט צו גוט באַהאַנדלט, האָב אים מיט אַמאָל דערזען אין אַן אַנדער און אין דער אמתדיקער ליכט.

די מאַמע איז געווען אַ בידעריקע, אַ דיקלעכע, האָט זי אַרופגעקוקט פול מיט באַוווּנדערונג פאַר איר מאַן. זי איז נישט געווען פריי פון קאָמפּלעקסן — און פלעגט איר ביטער האַרץ אויסגיסן אין אירע תפילות, ווו זי פלעגט זיך אויסטענהן מיט גאָט ווי מיט איינעם פון דער משפחה.

און אַז מיר רעדן שוין וועגן משפחה־מיטגלידער, קאָן מען פאַר קיין פאַל נישט אָפּטיילן איינע וואָס איז געווען אַ וויכטיקע מיטגלידערין פון אונדזער משפחה און האָט פאַרנומען אַ בכבודיקן פּלאַץ — איך מיין דאָ דער באָבע בינע. איך געדענק זי ווי אַן אַלטע, אַ זקנה, מיט אַ שאַרפן מוח און מיט זייער שאַרפע ווערטער, ווען זי האָט געוואָלט שטראָפן פאַר זאַכן, וואָס האָבן אין אירע אויגן אויסגעזען ווי זינד.

איך געדענק די „באָבע בינע", וואָס האָט אין שטעטל געבראַכט גאַנצע דורות, ווייל זי איז געווען די אַקושאָרקע פון שטעטל, האָט אירע אייניקלעך אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. גאַנצע נעכט פלעגט זי זיצן ביים אויוון און וואַרטן אויף אונדז, ביז מיר זענען געקומען אַהיים פון אונדזערע שפּאַצירן — און ערשט דעמאָלט פלעגט זי אַליין זיך לייגן שלאָפן. און אין דער ענגשאַפט פון אונדזער פאַמיליע, האָט זי איר בעט געטיילט מיט אַן אייניקל, אין גרעסטן טייל איז דאָס געווען מיט מיר.

מיט אַלע טענות און פּרעטענזיעס וואָס זי האָט געהאַט צו אונדז, איז איר באַציִונג צו אונדז, געווען פול מיט ליבשאַפט און רעספּעקט און ווי אַ געטריַיע מאַמע, פלעגט זי זיך נישט פאַרגינען צו עסן פריִער, ביז זי האָט נישט געזען באַזאָרגט אַלע אירע אייניקלעך, אין דער ערשטער ריי מיט די קינדער פון מיין שוועסטער רבקה, וועלכע האָבן נישט געגאָסן פון קיין גרויסן לוקסוס.. מיט מיר פלעגט זי זיך קריגן צוליב דעם, וואָס איך לייען ביכלעך און דערפאַר וואָס איך בין נישט פרום. אָבער אין די אַלע טענות פלעגט זי צוגעבן: איינס מוז איך זיך מודה זיין: חנה ־ גאָלדע נעמט נישט פריִער קיין ביסן אין מויל, ביז זי גיט מיר נישט דאָס עסן. דאָס פלעגט זי זיך באַציִען צום א"ג פרישטיק, וואָס מיר פלעגן עסן אין דער היים. און באמת פלעג איך האָבן די געוווינהייט פריִער צו באַזאָרגן דער באָבען מיט פרישטיק, ווען זי פלעגט בלייבן מיט אונדז אין שטוב, נאָך דעם ווי דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען געווען גאַנצע טעג אונטערוועגס.

ביסלעכוויַיז האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אין מיין לעבן אַן אָרט דער אויפקומענדיקער שטראָם, וואָס האָט זיך אַריַינגעריסן מיט אַן אימפּעט און געמאַכט אַן איבערקערעניש אין דעם לעבן פון דער גאַנצער יוגנט, וואָס איז נאָך ערשט נעכטן געווען געבונדן מיט טויזנטער פעדים צו דער רעליגיע — און גאָר מיט אַמאָל האָבן מיר אָנגעהויבן צו טראַכטן אויף אַן אַנדער אופן און באַנעמען אַנדערש אַלע זאַכן פון לעבן. און פון יענער צייט, הויבט אָן אויפצוקומען און פאַרנעמען אַ זייער וויכטיקן פּלאַץ אין מיין לעבן, מיין אומפאַרגעסלעכע שוועסטער רויזע. עס איז ביז גאָר נישט לאַנג אין דעם, וואָס אונטערן דרוק פון די באַדינגונגען וואָס פאַרהאַרטעווען און פון געשעענישן, וואָס איבמוניזירן אונדז קעגן עמפּפינדלעכקייטן — און ווי איך קאָן אַרויסזאָגן דעם נאָמען פון מיין שוועסטער רויזע און זיך נישט צעוויינען; עס זענען געווען מאָמענטן, ווען בלויז ביים אָנרופן איר נאָמען, פלעגן מיר די טרערן פאַרשטיקן דאָס קול און איך פלעג שוין מער קיין וואָרט נישט קאָנען אַרויסזאָגן.

אין וואָס איז באַשטאַנען איר שטאַרקער איינפלוס און דעם אמתדיקן רום און צויבער וואָס זי האָט אַזוי באַהערשט מיין מענטאַליטעט, מיינע געפילן און מיין גאַנץ וועזן? אויך די אַנדערע ברידער און שוועסטער האָב איך ליב געהאַט און האָב פון זיי אויך באַקומען געטריַישאַפט און ליבשאַפט, שוין אָפּגערעדט פון סאנען, וועלכער האָט מיר אַרויסגעוויזן זייער אַ סך צערטלעכקייט. אָט שטייט פאַר מיר רבקה, מיט איר איבערגעגעבנקייט צו דער היים, כאָטש זי גופא האָט געהאַט איר אייגענע היים מיט אירע פּראָבלעמען: קינדער, אַ מאַן — און ווי געוויינלעך — דאָס פעלן פון פרנסה. איך זע זי אַ פאַרדאגהטע, מיט טענות צו מיר פאַרוואָס איך פאַרנעם זיך נישט מיטן היטן אירע קליינע קינדער; איך זע אויך פריידען, די פאַרזאָרגערין פון פרנסה פאַר דער היים, מיט איר קלוגן קאָפּ און פעיִקייט צו מסחר. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך באַנעם שוין די לאַגע פון שטוב, וואַקסט זי אויס אין מיינע אויגן צו אַ טראַגישער פיגור; אַ דורכפאַל אין איר פערזענלעכן לעבן, פאַרוואַנדלט

דער געראַטענער און סימפּאַטישער מיידל אין אַן אַנטוישטער, וואָס וויל נישט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז אין לעבן קאָן זײַן אַזוי פיל גע־מיינקייט: אַ גוטע חברטע אירע, פאַדראַט זי און רעדט פון איר אָפּ דעם בחור אין וועלכן זי איז געווען פאַרליבט — און פון דעמאָלט אָן ווידמעט זי זיך מיט מער אייפער צו דער שטוב. אין מײַנע אויגן וואַקסט זי אויס צו אַ ראָמאַנטישער העלדין און איך באַוווּנדער איר רעזיגנירטקייט און האָב פאַר איר אַן אַ שיעור ליבע.



בעריש בורשטיין — איינער פון די געשטאַלטיקער פונעם קולטור־לעבן אין שטעטל

מײַן ברודער בעריש, איז געווען אַן אינטע־ליגענטער בחור, וואָס ווערט זייער שנעל באַאײַנ־פלוסט פון אונדזער עלטערן ברודער סאַנע און הייבט אָן צו פאַרנעמען, מיט זײַן באַהאַוואַנטקייט, אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ בײַ דער יוגנט אין שטעטל. אויך מײַן שוועסטער עטל אָריענטירט מיט איר לאָ־גיק די אַרומיקע. זי העלפט צו צו ביסלעך אין דער היים און דער עיקר ציט זי צו רויזעס היים; אויך זי איז אונטערן אײַנפלוס פון רויזעס פּערזענלעכ־קייט. אגב לערנט זי זיך אויך שנײַדערײַ און העלפט צו רויזען אין דער אַרבעט אין שטוב און אויך בײַ דער שנײַדערײַ.

אָבער ווי איך האָב שוין אַ פּאָר מאָל אונטער־געשטראָכן, פאַרנעמט אין מײַן לעבן דעם אויבן־אָן דאָס געשטאַלט פון רויזען. מאַמע טײַערע! איך האַלט דײַן אָנדענק און געשטאַלט הייליק אין מײַן זכרון — און איך האָב די גאַנצע צײַט געהאַט די „טרייסט", אַז דו ביסט אַוועק מיט אַ נאַטירלעכן טויט; אַז דו האָסט אויסגעמיטן דעם פּײַן און די לײַדן פון נאַצי־גיהנום, אָבער ערשט דאָ נישט לאַנג, איז מיר די דאָזיקע „אילוזיע" צעשטערט געוואָרן. אָבער איך בעט בײַ דיר טויזנט מאָל מחילה פאַר דעם וואָס איך שטעל אַוועק רויזען אַזוי הויך אין מײַן זכרון, ווײַל פּאַקטיש האָט זי, רויזע, מיך דערצויגן און סטימולירט אין מיר דעם אומרו, וואָס ריזלט דאָס גאַנצע לעבן אין מיר און מיט איר אינטויציע און אויסערגעוויינלעכער אינ־טעליגענץ, האָט זי מיר אין אַלצדינג אַרויסגעהאָל־פן און אָפטמאָל מיך געטרייסט אין מאָמענטן, ווען איך האָב נישט געקאָנט דערגרייכן דעם ציל פון לערנען ווײַטער.

צוזאַמען מיט סאַנען, האָט זי באַווירקט און באַשלאָסן, נאָך דעם טאַטנס טויט, אַז איך זאָל ווײַטער פאָרזעצן דאָס לערנען אין דער פאָלקס־שול. איך האָב אין איר געהאַט נישט בלויז אַ שוועסטער, נאָר אַ וווּנדערבאַרע מוטער, וואָס האָט מיך פאַרשטאַנען און וואָס האָט פאַר מיר נישט געהאַט קיין סודות. אויך זי האָט געזוכט ענטפערן פאַר אירע פּראָבלעמען און האָט זיך צײַטנווײַז גע־מוזט אַראָפּרעדן פון דעם האַרצן; זי האָט גע־דאַרפט דערציילן וועגן אירע נישט דערגרייכטע ציִלן. און מאָדנע — נישט געקוקט אויף דעם אונ־טערשייד אין די יאָרן, האָט זי געפונען אין מיר אַ געטרײַע צוהערערין און אַ באַוווּנדערין פון איר דערציילן און פון די שילדערונגען פון אירע איבערלעבונגען. עס האָט געהערשט צווישן אונדז אַזאַ פאַרבינדונג, אַז אפילו הײַנט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, ווען איך אַליין בין שוין רײַף געוואָרן צו באַנעמען און אויסטײַטשן פאַרשידענע דערשײַנונ־גען, קאָן איך אָבער נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי עס איז געווען מעגלעך, אַזאַ אומגעוויינלעכע באַנעמונג צווישן שוועסטער, פון אַזאַ פאַרשידענעם עלטער.

אונטער איר אײַנפלוס, ווער איך מיטגעריסן פון די אידעאַלן פון „בונד" און ווער אַן ענטוזיאַס־טישע לייענערין פון דער בעסערער ליטעראַטור. און דאָס שענסטע און וווּנדערלעכסטע פון איר ליבשאַפט צו מיר איז געווען דאָס, וואָס אפילו דע־מאָלט ווען זי אַליין איז שוין געווען אַ מאַמע און האָט שוין געהאַט וועמען איבערצוגעבן אירע גע־

פילן, האָט זי מיך כסדר אָריענטירט. און איך געדענק וועגן דעם אַזוי פיל עפּיזאָדן, וואָס וואָלטן געקאָנט איבערפולן אַ גאַנץ בוך, פון וועלכע איך וועל דערציילן בלויז איינס.

אין וויך איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט. אויך דער „יוגנט־בונד צוקונפט" איז דאָרטן געווען פאַרטראָטן מיט אַ גרעסערער דעלעגאַציע, אָבער דאָס פאָרן קיין אָסטראָוויץ איז געווען פאַרבונדן מיט אַן אויסגאַבע פון צען דאָלאַר — און ביי אונדז אין שטוב, איז אין יענער צייט אַפילו נישט געווען אויף קיין מלבוש. רויזע האָט אָבער נישט גערוט און מיט איר גאַנצן ברען האָט זי געוואָלט רעאַליזירן דעם פּלאַן, אַז איר יונגסטע שוועסטער זאָל פאָרן אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר. אין יענער צייט, איז מיין היינטיקער מאַן — און דעמאָלדיקער חבר — חיים צוקער, שוין געווען אין בוענאָס איירעס און רויזע האָט געוווסט פון זיינע ערנסטע כוונות מיך אַריבערצונעמען קיין אַרגענטינע. און איר פּלאַן איז דעריבער געווען, אַז איך זאָל בעטן ביי חיימען פינף דאָלאַר און די אַנדערע פינף דאָלאַר, וועט זי שוין באַקומען פאַר מיר, כדי איך זאָל קאָנען פאָרן. אָבער פאַר מיינע עדלעכע באַנעמונגען צו זאַכן, האָט נישט געפאַסט, אַז איך זאָל בעטן געלט ביי אַ בחור, וואָס דאַרף ערשט אין דער צוקונפט האָבן אַ שייכות צו מיר. איך האָב דאָס דערקלערט מיין שוועסטער און זי האָט דאָס פאַרשטאַנען און געליטן מער פאַר מיר, צוליב דעם וואָס איך האָב נישט געקאָנט פאָרן אויף דעם דאָזיקן צוזאַמענפאָר.

***

און צו וועלכן עפּיזאָד פון מיין לעבן איך זאָל מיך נישט צורירן, שטייט פאַר מיינע אויגן איר געשטאַלט, אירע שמייכלענדיקע אויגן רופן נאָך אויף מיר ביזן היינטיקן טאָג. און איך האָב נאָך ביזן היינטיקן טאָג נישט קיין פאַרענטפערונג פאַר דעם, וואָס אין מיינע שווערע אימיגראַנטישע יאָרן, האָב איך נישט געקאָנט נאָכקומען איר ווענדונג פון אַרויסצובאַקומען זיך פון דעם קליינעם שטעטל, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער קבר פאַר צענדליקער פון אַ פאַרצווייגטער משפחה און ווו זי איז אויך טראַגיש אומגעקומען.

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיט אָנגעזעענע בונדישע פערזענלעכקייטן פון דער יידישער וועלט, פלעג איך תמיד אַרויסרוקן די טענה, פאַרוואָס פאַראייביקט מען נישט די וווּנדערבאַרע פיגורן פון די קליינע יידישע שטעטלעך, אין וועלכע זיי האָבן אַזוי פיל ליכט און האָפענונג אַריינגעבראַכט. און מיין שוועסטער רויזע איז זיכער געווען איינע פון זיי, וואָס האָט מיט איר זאַכלעך און פאַטעטיש וואָרט באַגייסטערט די יוגנט און יונג און אַלט האָבן זיך גרופּירט אַרום איר און איר וואָרט איז אויפגענומען געוואָרן מיט ליבשאַפט און פאַרערונג.

מיר האָבן אין דאָזיקן שטעטל געחלומט וועגן אַ גערעכטער און שיינער וועלט; וועגן אַ וועלט פון סאָציאַליזם און יושר. די בונדישע אידייען זענען צו אונדז דערגאַנגען מיט אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט, גלייך ווי מיר וואָלטן מיט איר געבוירן געוואָרן און אויסגעוואַקסן און דאָס האָט רויזע מיט איר טאַלאַנט אונדז מיטגענומען אויף די פליגל פון איר שיינקייט, פון אַ ליכטיקער צוקונפט, אין וועלכע די מענטשהייט — און מיט איר די יידישע מאַסן זאָלן אויסגעלייזט ווערן. און דאַכט זיך אַז די דאָזיקע טרוימען זענען דאָס געווען דער הויפּט־אינהאַלט פון דעם לעבן פון די יונגע מענטשן אין די קליינע שטעלעך און אָן די דאָזיקע אידייען, וואָלט דאָס דאָרטיקע לעבן אין גאַנצן נישט געהאַט קיין זין און עס וואָלט דאָרטן געווען אוממעגלעך צו לעבן.

ווער קאָן און וועט פאַרגעסן די נעכט אין דעם קליינעם שטעטל, ביים שיין פון אַ ליכטל, ווי מען פלעגט זיצן פאַרזונקען אין אַ בוך, וואָס פירט דיך ביי דער האַנט און נעמט דיך אַריבער אין אַנדערע וועלטן און דו מאַכסט דורך — אין די דאָזיקע ביכער — אַ רייזע איבער פאַרשידענע קאָנטינענטן און לענדער, מאַכסט דורך אַ וווּנדערבאַרע פאַנטאַסטישע רייזע דורך די ביכער פון זשול ווערן און אַנדערע. וויפל בענקשאַפט באַפאַלט דיך נאָך יענער צייט, ווען אַלץ איז געווען פול מיט חלום און דערוואַרטונג?

עס דערמאָנען זיך מיר אויך מיינע אייגענע „רייזעס" אין זומער, באָרוועס, כדי נישט צו צערייסן די שיך. איך פלעג אין יענער צייט, נאָך זייער אַ יונגע, אַרויסהעלפן דער מאַמען צו גיין אין דאָרף. איך פלעג זיך אָנטאָן אויף די פּלייצעס אַ פעקל סחורה און איך האָב מיך דרך אגב זייער

שטאַרק געשעמט, אויב עס פלעגט מיך באַגעג־
נען אַ היימישער בחור, ביז איך פלעג מיך אַרויס־
באַקומען אויף דעם וועג וואָס פירט צום דאָרף
און דאָרטן פלעג איך מיך אַוועקלאָזן אויף אויס־
געחלומטע וועגן, אויסגעפאַנטאַזירטע דורך מײַן
פאָרשטעלונגס־קראַפט: ווו בין איך אַלץ דעמאָלט
נישט געווען?... איך פלעג אַזוי אַרום אַריבערלוי־
פן (און נישט גיין) די פּאָר קילאָמעטער ביז לאָ־
פּיאַנקע און פון דאָרטן צוריק אַהיים.

אויפוועקן מיך פון דעם חלום, פלעגן מיך די
קאָנטורן פון דער מיל, וואָס איז געווען דער אָנ־
זאָג, אַז איך בין שוין צוריק אין שטעטל; אַז אָט
באַלד וואַרטן אויף מיר פּראָזאַישע אַרבעטן, ווי
טשעפּען און זיך רייצן צוליב בונדישע דורכפאַ־
לן (ער איז געווען אַ קאָמוניסט און האָט פאַרשאַפט
אַ סך שרעק אין שטוב, צוליב דער מורא פאַר
זײַן אַרעסט ספּעציעל ווען מען פלעגט אויפהענ־
גען אַ רויטע פאָן אויפן שפּיץ פון קלויסטער,
אָדער אין אַן אַנדער פּלאַץ) און איבער אַלעמען
פלעגט מיך אַרײַננעמען די שטוב פון רויזען, וואָס
איז שטענדיק פול מיט מענטשן און ווו מען דיסקו־
טירט און מען וויצלט זיך, און דער עיקר עס איז
דאָרטן פריילעך.

רעזיגניר איך דעמאָלט פון מײַנע נישט רעאַ־
לע „עקסקורסיעס" און ווער ווידער אַ טייל פון דער
וואָך.



אַ גרופּע תלמידים פון דער ערשטער יידישער פאָלקס־שולע אין סטאָק מיט דער לערערין
מאַניע פײַנשטיין אין דער מיט

וואַשן דאָס געפעס, אָדער וואַשן די פּאָדלאָגע. אָבער
דאָס צוריקקומען אין דער היים, נאָך אַ פּאָר שעה־
דיקן געפינען זיך אין אַנדערע אויסגעפאַנטאַזירטע
וועלטן, האָט מיך דערמאָנט אין אַן אַנדער רעאַ־
ליטעט — אין אַ וואָכעדיקער — , אָבער אין
אַזעלכע ווו עס איז פאַראַן אַ באַלויִנונג; איך האָב
מיך צוריק געטראָפן מיט דער באָבע בינע, וואָס
וואַכט מיט איר מאַמעשער געטרײַשאַפט אויף דעם
אייניקל, מיט וועמען זיך צו קריגן, פאַרוואָס זי
ווייכט אָפּ פון יידישקייט; מיט די געטרײַע שוועס־
טער פריידע און עטל, מיט די ברידער בעריש און
מיט לייבלען, וואָס זוכט זיך שטענדיק צו פאַר־
טײַ מײַן ברודער סאנע און סײַ מײַן שוועסטער
רויזע, האָבן געלייגט אַ סך האָפענונגען אויף מײַנע
פעיקייטן — און עס קאָן זײַן, אַז איך וואָלט זיי
נישט אַנטוישט, ווען די באַדינגונגען וואָלטן גע־
ווען גינסטיקע. איך האָב מיט אַ סך פלייס און
מיט אַ סך דערפאָלג פאַרענדיקט די אָנפאַנג־שול
און האָב מיט מער ענטוזיאַזם געזוכט צו לערנען
ווײַטער, אָבער ווער האָט אין יענע באַדינגונגען
געקאָנט דערגרייכן אַזאַ זאַך? איז בײַ מיר אין גע־
כיט פאַרבליבן אַ ווײַטע איבערלעבונג, פון יענער
צײַט, איך און צוויי חברטעס, וואָס האָבן צוזאַמען
מיט מיר פאַרענדיקט די פאָלקס־שול, נעמען זיך

אונטער צו פאָרן שטודירן ווײַטער קיין וואַרשע, וואָס איז געווען אַ צוויי שעה רײַזע, מיט דער באַן פון אונדזער שטעטל.

מיט באַוווּנדערונג קרייצן מיר דורך דעם מויער פון דער גימנאַזיע און מיר רעדן מיטן דירעקטאָר און מיר פרעגן זיך אויס אויף דעם פרײַז פון לערנען און עס זעט פאַר מיר אויס אַ וווּנדערבאַרער חלום, וואָס האַלט אָבער נישט אָן לאַנג, בלויז געציילטע וואָכן און דער הונגער מאַטערט מיך אויס און די אילוזיע פאַרענדיקט זיך מיטן אויפגעבן אַ לאַנג געצערטלטן און אויסספּאַנטאַזירטן פּלאַן — און מיר קערן זיך אום צוריק קיין סטאָק. אין יענעם אָוונט פון צוריקקערן זיך, וועל איך קיין מאָל נישט פאַרגעסן. איך האָב געוויינט אָן אויפהער; איך האָב געזען פאַר זיך אַ צעשטערטע אילוזיע, אַ דורכפאַל, וואָס האָט אין מײַנע אויגן אויסגעזען ווי אַ גרויסע טראַגעדיע. נאָך רויזע האָט מיך געקאָנט אײַנשטילן מיט איר טרייסט און מיט איר עצה, אַז איך זאָל נעמען לעקציעס בײַ אַ לערערין און אויף אַזאַ אופן באַקומען מיטלשול - בילדונג — כאָטש גאָר ווײַט בין איך אויף דעם דאָזיקן אופן נישט דערגאַנגען.

און דערווײַל איז דאָס לעבן געגאַנגען מיט דעם ריטעם פון דער צײַט. בײַ רויזען זענען די קינדער חנהלע און שלמהקע אונטערגעוואַקסן. אירע פּראָבלעמען זענען אויך געוואָרן גרעסערע. דאָס לעבן אין קליינעם שטעטל האָט זיך געלייגט גאָר שווער, אָבער די שפּאַצירן און געשפּרעכן וועגן הויכע ענינים האָבן נישט אויפגעהערט און די דיסקוסיעס וועגן פּאַרטייִשע און פּאָליטישע פּראָבלעמען האָבן בײַ דער יוגנט פאַרנומען דעם אויבן־אָן.

ווי עס וואָלט ערשט איצט געווען, דערמאָנט זיך מיר אַ מאָמענט פון אַ שאַרפן איבעררייד מיט מײַן ברודער לייבל. עס איז געווען אין אַ מאָמענט ווען מען איז געגאַנגען צו די פּאַרלאַמענט־וואַלן און אַלץ האָט אויסגעוויזן, אַז דער „בונד״ האָט שאַנסן צו געווינען אַ דעפּוטאַט. די וואַל־פּראָפּאַגאַנדע איז געווען אַ דינאַמישע. אין דעם קליינעם שטעטל, ווו מיר האָבן מיטגעלעבט און מיטגעפיבערט פאַר דעם אויסגאַנג פון די וואַלן, איז די טעמע פון בונדישן דעפּוטאַט נישט אַראָפּ פון טאָג־אָרדענונג — ביז עס איז געקומען די גרויסע אַנטוישונג און דער דורכפאַל האָט אַלעמען דערשיטערט; איך האָב פון גרויס פאַרדרוס געוויינט, אָבער מער פון אַלץ האָט מיך ווי געטאָן דאָס וואָס מײַן ברודער לייבל, האָט זיך גערייצט מיט מיר...

עס איז שווער צו פאַרגעסן דעם אײַנדרוק פון יענער איבערלעבונג, אָבער מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז דערשינען אַן אַרטיקל פון בייניש מיכאַלעוויטש א״נ: „נישט אַראָפּלאָזן די הענט״ — און ווי אַ באַלזאַם האָט געווירקט דאָס וואָרט פון גרויסן בונדישן פירער און אַלס יוגנטלעכע, וואָס עמאָציאָנירט זיך לײַכט, האָב איך שנעל פאַרגעסן דעם דורכפאַל און ווידער זיך געקריגט מיט דעם ברודער לייבל, צוליב אידעאָלאָגישע ענינים וואָס האָבן אונדז צעטיילט.

שטעלן זיך בײַ מיר אויס די בילדער אין זכרון, איין בילד הינטערן צווייטן און איך זע מײַן היים אויף נײַסטאָק — און אין די אויערן איז בײַ מיר פאַרבליבן דער ווײַטער אָפּקלאַנג פון די באַנען, וועמענס לאָקאָמאָטיוו - סיגנאַלן האָבן אַרײַנגעזונגען אין די שפּעטע נאַכט־שעהן און געוועקט פאַרלאַנגען צו באַזוכן ווײַטע האָריזאָנטן און שטעט און דערמיט אויספילן די ליידיקייט און די שטענדיקע בענקשאַפט וואָס האָט מיך פאַר־פאָלגט צוליב דאָס נישט קאָנען דערגרייכן מײַן פאַרלאַנג צו לערנען.

*
**

און דערווײַל קומען פאָר בײַ אונדז גרויסע ענדערונגען אין שטוב. מײַן ברודער סאנע פאָרט אַוועק קיין נאָרד־אַמעריקע און דאָס איז בײַ אונדז דער ערשטער גרויסער בלויז נאָך דעם טאַטנס טויט, ווען דער אָנשפּאַר פון דער פאַמיליע איז געבליבן דער עלטסטער ברודער. דער וועג ווערט אויך מיט דער צײַט פרײַ פאַר דעם יונגערן ברו־דער בעריש, וועמען סאנע נעמט אין עטלעכע יאָר אַריבער קיין קובאַ (קיין נאָרד אַמעריקע האָט מען שוין דאַן נישט געקאָנט פאָרן) און אין שטוב גייט אָן דער געראַנגל פאַר דער עקזיסטענץ, שוין אָן דעם טאַטן — און די פאַריתומטקייט לייגט זיך שווער אויף דעם געמיט און אין שטוב הערשט טרויער — אָבער די מאַמע און די עלטערע שוועסטער, באַמיִען זיך אַז אין דער פאַמיליע זאָל גאָרנישט פעלן.

און צוזאַמען מיט די דאגות פון פרנסה און מיט דער באַגרענעצטקייט פון אַ קליינשטעטלדיק לעבן, ברויזט די יוגנט מיט איר ווילן זיך אַרויסצורייסן פון די ענגע געסלעך. אַלע מאָל פּרוווט ווער אַנדערש דאָס מזל פון אַוועקפאָרן קיין וואַרשע, וואָס איז פּאַקטיש נאָענט פון סטאָק, אָבער זייער אָפט פאַרענדיקן זיך אַזעלכע פּרוּוון מיט אַ דורכפאַל. און ווען מען פאַרגלייכט די באַדינגונגען פון אַמאָל מיט דער הײַנטיקערווירקלעכקייט, איז זיך שווער פאָרצושטעלן, אַז אין די אַמאָליקע פאַרהעלטנישן זאָל קאָנען אויסוואַקסן אַ יוגנט מיט אַזוי פיל שווּנג און פאַרנעם — און דער עיקר מיט אַזוי פיל גלויבן אין דעם מענטשן און אין דער וועלט.

איך לאָז אַרויס אַ סך מאָמענטן וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט דאָס לעבן אין דעם קליינעם שטעטל, אָבער עס זענען פאַראַן אַ סך זאַכן וואָס זענען שווער פאַרבײַצוגיין, ווי דאָס פאַרזאַמלען זיך אין וואַלד אויף די פאַרשידענע „מאַיעווקעס"; די דאָרטיקע צוזאַמענטרעפן מיט די עלטערע חברים, צווישן וועלכע מײַן ברודער בעריש האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ, אַלס פאַרלייענער פון ליטעראַטור. אָדער די פאַרזאַמלונגען אין דער ביבליאָטעק, ווו מען האָט זיך באַגעגנט און געפּילדערט גאַנצע אָוונטן. אויך די דראַמאַטישע קרײַזן און דאָס שפּילן טעאַטער האָט פאַרנומען אַ וויכטיק פּלאַץ בײַ דער יוגנט. דאָס אויספירן אַ פּיעסע, איז אין שטעטל געווען אַ גרויסע געשעעניש צו וועלכער עס פלעגן קומען קליין און גרויס.

און איבער דעם אַלעמען האָט געפלאַטערט אַן אומבאַשרײַבלעכע באַגײַסטערונג פון יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך נישט גערעכנט מיט דעם עגמת־נפש פון זייערע עלטערן און פלעגן זיך פאַרנעמען מיט פּלענער, צו ענדערן די אָרדענונג פון דער וועלט.

און ווי קאָן מען נישט דערמאָנען די אויספלוגן קילאָמעטער ווײַט פון דער היים, די „צוזאַמענפליען", די רעפעראַטן פון באַרימטע לעקטאָרן וואָס פלעגן קומען פון וואַרשע און אין גרעסטן טייל זיך אויפהאַלטן בײַ רויזען אין שטוב. זיי האָבן אַרײַנגעבראַכט לעבן און ענטוזיאַזם אין שטעטל. אמת איז, אַז אין דער היים איז געבליבן די מאַמע, מיט דער זעלטענער באָבע בינע. איבערהויפּט אין די שבתים נאָך מיטיק, פלעגט אונדזער שטוב, נאָך דעם טאַטנס טויט, בלײַבן עלנט. מיר, די יונגע האָבן זיך נישט געקאָנט אײַנהאַלטן אין שטוב, ווײַל עס האָט אונדז גערופן די „גאַס", דער וואַלד, די ביבליאָטעק — און האָבן אונדז „אַרויסגענאַרט" פון דער היים; די מאַמע מיט איר גורל פון אַן אַלמנה האָט אַרײַנגעוויינט אין דער תחינה און די באָבע האָט איר געהאָלפן מיטוויינען. מיך פלעגט פאַרקלעמען דאָס האַרץ פאַר ווייטיק; עס פלעגט מיך אַרומנעמען אַ רחמנות אויף דעם עלנט און גורל פון מײַן מאַמען און באָבען. אָבער ווי קאָן מען בײַשטיין דעם כוח פון „דרויסן"? בײַ רויזען אין שטוב, געפינט זיך מלך ראַוויטש און באַלד גרייט זיך די יוגנט צו הערן זײַנע אַ לעקציע, איז ווי קאָן איך פאַרבלײַבן מיט דער מאַמען און מיט דער באָבען און אויסהערן זייער אויסטענהן זיך מיט גאָט, פאַר די עוולות וואָס זיי שטייען אויס?

וויינט אין מיר דאָס האַרץ, אָבער די פּיס זענען פלינקער און איידער איך האָב נאָך צײַט אויסצוהערן זייערע פּרעטענזיעס, בין איך שוין אויף דער צווייטער זײַט טיר. ערשט מיט יאָרן שפּעטער, האָב איך געפונען דעם ענטפער אויף דער תפילה, וואָס די מאַמע פלעגט מיט אַזוי פיל האַרץ אויסוויינען; אַ תפילה, אַז זי זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו קיין קינדער. מײַן קינדערשע פאַנטאַזיע פון יענער צײַט האָט נישט באַגריפן די דאָזיקע תפילה; זענען מיר דאָך געווען מיט אַזוי פיל דרך ארץ צו אונדזערע עלטערן, איז פאַר וואָס בעט די מאַמע אַזוי פיל, אַז זי זאָל נישט דאַרפן אָנקומען צו אירע קינדער?

נאָך דעם ווי דער טאַטע איז געשטאָרבן — און געווען איז דאָס אין אַ קאַלטן בײַנאַכט פון חודש יאַנואַר, ווען מען האָט געשיקט נאָך אונדז אַ בעל עגלה פון שטעטל יאַדאָווע, ווו דער טאַטע איז געווען אינטערנירט, אַז מען זאָל אַהין ברענגען די קינדער צו דער לוויה. אין דער היים האָט זיך באַזעצט אַ טרויער, וואָס האָט נאָך דעם יאָרן לאַנג נישט אָפּגעלאָזט. און שוין דעמאָלט האָט מיך פאַרפאָלגט דער געוויסן, פאַרוואָס איך לאָז איבער די מאַמע אַליין שבת בײַטאָג און איך לויף אַוועק צו מײַנע עניינים; שוין דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן צו באַנעמען איר תפילה, ווײַל איך האָב געזען, אַז אויך די אַנדערע קינדער האָבן געזוכט זייערע אייגענע אינטערעסן און שוין דעמאָלט האָט

מיך פאַרפאָלגט דאָס געפיל פון שולד קעגן דעם עלנטן גורל פון מײַן מאַמען.

פון מײַן ווײַטער קינדהײַט, הויבן זיך אַרויס עטלעכע מאָמענטן, וואָס וואַרפן אַ שײַן אויף דעם צוזאַמענלעבן פון מײַן משפחה, אין דעם כאַראַקטער פון קלײנעם שטעטל:

1) אין אונדזער שטוב, האָבן מיר נישט געליטן קיין הונגער, הגם דער געשפענסט פון דעם זעלביקן, האָט געהאַנגען איבער די היימען פון קליינעם שטעטל. דער מאַמעס געטרײַשאַפט און איר האַנדל מיט מאַנופאַקטור, וואָס זי פלעגט צושטעלן אין פויערישע היימען, האָט געגעבן די מעגלעכקייט אָנצופילן דעם קעלער מיט קאַרטאָפל, מייערן, בוראַקעס און אַנדערע אַרטיקלען. און אין צײַטן פון קריזיס אין אַנטיסעמיטישן פוילן, איז דאָס געווען אַ גוטער צושטײַער אויף צו דערנערן די משפחה. קיין לוקסוס האָבן מיר נישט געהאַט, אָבער אונדזער שטוב און היים איז געווען אַ ביז גאָר באַלעבאַטישע.

2) די געטרײַשאַפט און צוגעבונדנקייט פון איינעם צום צווייטן, האָט געשאַפן אַן אַטמאָספער פון עכטער שיינער משפחהדיקייט, וואָס איז אַריבער די גרענעצן פון דער שטוב און דערגרייכט אויך צענדליקער פון אַ ווײַטער אָנגעהעריקייט, ווי: פעטערס, מומעס, קוזינען א״אַ, ווײַל אונדזער משפחה איז געווען זייער אַ פאַרצווײַגטע. און נישט איין מאָל האָב איך מיט אַ גרופּע יונגטלעכע אַוועקגעשפּאַצירט צופוס קיין פּראָסטין, ווו עס האָט געוווינט אונדזערס אַ פעטער.

פון סטאָק קיין פּראָסטין, איז געווען בײַ די אַכצן קילאָמעטער און אַזאַ שפּאַציר פלעגט בײַ אונדז זײַן אַ נאַרמאַלע זאַך. אויך קיין ווענגראָווע און אַנדערע פלעצער פלעגן מיר זייער אָפט גיין צופוס. און ווער שמועסט נאָך, אַז עס פלעגט פאָרקומען אַ בונדישער „צוזאַמענפלי״?

די אָנגעהעריקייט צום „בונד״ פון מײַנע יונגסטע יאָרן, פאַרנעמט אין מײַן זכרון אַ זייער חשוב פלאַץ. אין סטאָק איז געווען אַ באַדײַטנדיקע בונדישע אָרגאַניזאַציע און זי פלעגט אויספירן דעם גרעסטן טייל פון איר טעטיקייט אין דער פרץ־ביבליאָטעק, ווו מיר פלעגן מיט שפּאַנונג אָפּוואַרטן די „פאָלקס־צײַטונג״. די אָנפירער פון „בונד״ זענען געווען: מײַן שוועסטער רויזע, מײַן ברודער בעריש און פון זײַן עלטער אויך שמחה לאַנגלייב (הײַנט אין ישראל). איך בין פון זיי געוואָרן באַאײַנפלוסט און שפּעטער אַליין אויסגעפירט געוויסע טעטיקייטן אויפן פאַרטיי־געביט. מיר פלעגט אָפטמאָל אויסקומען אַרויסצוטרעטן מיט אַ וואָרט, וואָס עס פלעגט מיר נישט אָנקומען שווער, ווײַל איך האָב פאַרמאָגט די פעיקייט צו רעדן; אַ פעיקייט, וועלכע האָט מיך אויסגעטיילט פון מײַנע אַנדערע חברטעס, פון וועלכע איך בין געווען אומצעטיילבאַר.

איך וועל דאָ דערמאָנען די פינף חברטעס, וועלכע האָבן צוזאַמען געבילדעט אַ כמעט איינהייטלעכע גרופּע: זיי זענען געווען: רחל פּאָסעסאַרסקי — בלומענקראַנץ, די שוועגערן פון מײַן שוועסטער רויזע; חוה בלומענקראַנץ, די שוועסטער פון מײַן שוואָגער יחיאל (און שוועגערין פון רויזען). זיי זענען ביידע געפאַלן קרבנות פון נאַציזם. עס געפינט זיך אין ישראל פּערל לאַנגלייב; עטל פּאָסעסאַרסקי געפינט זיך אין ניו־יאָרק און איך געפין מיך אין בוענאָס־איירעס.



די באַרימטע „פּיאַנטקע״

אויבן, פון רעכטס: חנה הענדע בורשטיין און חוה בלומענקראַנץ; אונטן פון רעכטס: רחל פּאָסעסאַרסקי, פּערל שנײַדמאַן און עטל פּאָסעסאַרסקי

איך דערמאָן זיך די הייסע און טעמפּעראַמענטפולע דיסקוסיעס וואָס איך פלעג מיט זיי פירן און איך האָב זיי שטענדיק געוואָלט איבערצײַגן אין דער ריכטיקייט פון דער אידייע, אַזוי ווי איך האָב זי אויסגעפאַסט. אָבער מיט נאָך מער שטורעם פלעג איך דיסקוטירן מיט די קעגנער, וועלכע האָבן געהאַט זייער אָרט אין דער זעלביקער ביבליאָטעק — מיט די לינקע פועלי ציון, מיט וועלכע מען איז געווען פּריוואַט באַפרײַנדעט, אָבער ווען

עס פֿלעגט קומען צו געזעלשאַפֿטלעכע עניינים, פֿלעגן די זאַכן אָננעמען אַ שטורמישן כאַראַקטער און עס פֿלעגט דערגיין צו גאָר הויכע טענער.

זעט אויס, אַז אויף די פֿעיִקייטן וואָס איך האָב אַרויסגעוויזן אַלס פּראָפּאַגאַנדיסטן, האָט רויזע געלייגט אַ סך האָפֿענונגען. אויך מײַן ברודער סאַנע האָט פֿון מיר דערוואַרט, אַז איך זאָל מיך אינטעלעקטועל אַנטוויקלען, אָבער די באַגרענעצטע מיטלען פֿון דעם קליינעם שטעטל און דאָס נישט קאָנען פֿאָרן אין דער גרויסער שטאָט, האָט נישט בלויז מיר פֿאַרשאַרפֿט זאָרג, נאָר האָט אויך זיי פֿאַרדראָסן.

***

נישט לאַנג צוריק, האָב איך געבלעטערט די פֿאַרשריבענע פּאַפּירן מיט אײַנדרוקן פֿון דער בונדישער וועלט־קאָנפֿערענץ וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע אין 1955. איך האָב דעמאָלט געמאַכט דעם ערשטן אַרויספֿאָר פֿון לאַנד און איך האָב מיך אויך געזען מיט מײַן ברודער בעריש און זײַן פֿאַמיליע אין קובאַ. מײַן ברודער סאַנע, וואָס האָט געלעבט אין ניו־יאָרק — וועלכער האָט מיר נישט איין בריוו געשריבן, אַז איך זאָל אים קומען זען — האָב איך שוין צו מײַן גרויסן באַדויערן נישט באַוויזן צו זען. ער איז מיט צוויי יאָר פֿריִער געשטאָרבן.

די קאָנפֿערענץ גופֿא איז געווען פֿאַר מיר אַ געוואַלדיקע עמאָציאָנעלע איבערלעבונג — און איך האָב זי גלײַך פֿאַרבונדן מיט דער געשטאַלט פֿון מײַן טראַגיש־אומגעקומענער שוועסטער רויזע. איך דערמאָן זיך, אַז די ערשטע אַסאָציאַציע מיט איר פּערזאָן איז געווען, ווען איך בין אַרויפֿגעגאַנגען אויף דער טריבונע, אויף וועלכער עס זענען געווען אָנגעזעענע בונדישע פּערזענלעכקייטן, כּדי אָפּצוגעבן אַ באַריכט פֿון דער אַרגענטינער בונדישער באַוועגונג. איך האָב אַ שטיקל צײַט נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אין זאַל געפֿינט זיך — רויזע! זי קוקט אויף מיר מיט איר מילדן בליק, שמייכלט און שעפּט נחת פֿון איר יונגערער שוועסטער, ווען עס איז צוגעטיילט געוואָרן דער כּבֿוד צו זײַן אַ דעלעגאַטין אויף דעם וועלט־צוזאַמענפֿאָר פֿון „בונד”, צו וועלכן עס זענען געקומען בונדיסטן, אָפּגעראַטעוועטע פֿון די טויטן־לאַגערן און מענטשן וואָס זענען אויפֿגעשטאַנען פֿון דעם פֿאַרברענטן אַש, כּדי צו דערציילן זייערע דערפֿאַרונגען פֿאַר דער וועלט און וואָרענען קעגן דער פֿינצטערקייט וואָס האָט זיך געהאַט אַראָפּגעלאָזט אויף דער וועלט מיט דעם אויפֿקום פֿון דער נאַצי־בעסטיע.

איך האָב אָפּגעגעבן מײַן באַריכט און דערבײַ געהאַט אַ גרויסן דערפֿאָלג, אונטערן רושם פֿון די זעאונגען פֿון רויזעס „אָנוועזנהײַט” און סאַנעס „צופֿרידנקייט”, דערפֿאַר וואָס איך האָב זיי נישט אין גאַנצן אַנטוישט.

איך האָב שפּעטער, ווען איך בין געווען אין ניו־יאָרק, געמאַכט מײַן ערשטן שפּאַציר קיין ברוקלין, צו דער וווינונג וווּ עס האָט געהאַט געלעבט מײַן ברודער סאַנע. איך האָב געטראָפֿן מײַן שוועגערין צביה, וואָס האָט מיר אַ סך דערציילט וועגן סאַנעס לעצטע טעג און איך האָב אײַנגעזאַפּט אין מיר אַלץ וואָס עס האָט געהאַט אַ שײַכות צו אים בײַ זײַן לעבן איך האָב געבלעטערט אַ טייל ביכער פֿון זײַן רײַכער ביבליאָטעק, איך האָב אָנגעטאַפּט די שטול אויף וועלכער ער איז געזעסן שוין זײַענדיק קראַנק און דערבײַ געהאַט אין זינען יענע קורצע פּאָר שורות, וואָס איך האָב דערהאַלטן פֿון אים נאָך עטלעכע יאָר וווינען אין בוענאָס־אײַרעס. די קאָרעספּאָנדענץ צווישן אונדז איז געווען אַ נאָרמאַלע און אין איינער אַזאַ בריוו, האָט ער מיר געשריבן פֿול מיט טענות, איך וואָלט אַפֿילו געזאָגט מיט כּעס: „גאָלדע! וואָס איז געוואָרן פֿון דיר? איז די ווירטשאַפֿט און שטובזאַכן דײַן אייגנטלעכער באַרוף? איך דערקען דיך נישט, גאָלדע. אום גאָטעס ווילן, נעם זיך אין די הענט אַרײַן!” די דאָזיקע ווערטער האָבן מיך יאָרן לאַנג פֿאַרפֿאָלגט — און געוואָרנט; און מיר דערציילט וועגן דעם, אַז מײַן ברודער סאַנע האָט געהאַט אַ סך אילוזיעס וועגן מײַנע פֿעיִקייטן און איך האָב מיך פֿאַרשעמט.

אין צוויי מאָמענטן האָב איך דערפֿילט די נאָענטקייט פֿון סאַנעס טענות און געזוכט אין דער פֿאַנטאַזיע זיך צו פֿאַרענטפֿערן און אים געבן אַ סאַטיספֿאַקציע. איין מאָל איז דאָס געווען אויף דער בונדישער קאָנפֿערענץ, ווען עמנואל שערער און אַנדערע אָנפֿירנדיקע פּערזענלעכקייטן, האָבן אויסגעדריקט זייער באַוווּנדערונג פֿאַר מײַן באַריכט פֿון אַרגענטינע און דאָס צווייטע מאָל איז דאָס געווען, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַ־

טראָטן דעם זיצונגס־זאַל פון דער בוענאָס־איַירע־סער קהילה, ביַי דער פּראָצעדור וואָס עס דאַרף דורכפירן אַ מיטגליד פון דער קהילה־לייטונג.ביידע מאָל זענען פאַר מיַינע אויגן געשטאַנען — רײזע און טאַנע, די וואָס האָבן ביַי מיר פאַרלאַנגט, געפאָדערט און סטימולירט אַז איך זאָל אַנטוויקלען מיַינע נאַטירלעכע אייגנשאַפטן, אין וועלכן זיי האָבן געזען פעיִקייטן און אינטעליגענץ. איך אַליין

דער שוואָגער פּנחס, זייערע קינדער, פון וועלכע בלויז יואל און חנה האָבן זיך געראַטעוועט פון דעם מבול (שמחה איז געקומען קיין אַרגענטינע מיט יאָרן פריִער פאַרן אויסברוך פון דער מלחמה); מיַין שוועסטער פריידע, וואָס האָט שוין חתונה געהאַט און געבוירן אַ פּרעכטיק יינגעלע, צו וועלכן איך האָב זיך שטאַרק צוגעבונדן און נאָך ווען איך האָב שטאַרק געבענקט; מיַין שוועסטער עטל, וועל־



צו חנה גאָלדע בורשטיינס אָפּפאָרן קיין אַרגענטינע אין יאָר 1931

בין וויַיט נישט צופרידן מיט זיך. איך האָב אָבער אַ קליינע קאָמפּענסאַציע אין דעם, אַז איך האָב זיי נישט אַנטוישט אין גאַנצן.

***

איך בין אַוועק פון סטאָק אין יאָר 1931, מיט געציילטע יאָרן ערב דעם חורבן כאָטש קיינעם האָט נישט געקענט איַינפאַלן, אַז עס וועט קומען אַזאַ שרעקלעכער מבול, וואָס וועט אַלצדינג פאַרניכטן. עס האָבן מיך אַרויסבאַגלייט: מיַין מאַמע, וואָס האָט ביטער געוויינט, מיַין באָבע בינע, וואָס האָט געכליפּעט און געמורמלט: קינד מיַינס! איך וועל דיך מער נישט זען; מיַין שוועסטער רבקה,

כע איז נאָך דעם אַריבערגעקומען קיין אַרגענטינע — און מיַין ברודער לייבל.

עס זענען פאַרבליבן —און מיך מקנא געווען— אַ סך חברים און חברטעס, מיט וועלכע איך האָב יאָרן לאַנג צוזאַמען אויסגעטראָטן די וועגן און שטעגן פון סטאָק און צוזאַמען געחלומט אין די וועלדער פון אַ גרויסער שיינער וועלט, וואָס איז וויַיט פון סטאָקערווירקלעכקייט; עס זענען פאַרבליבן צענדליקער משפּחה־מיטגלידער, וועלכע האָבן אין די קליינשטעטלדיקע פאַרהעלטענישן אַרויסגעוויזן אַ סך האַרציקייט.

איך האָב מיך געזעגנט מיט חיים איַיזיקס (צורקערס) פאַמיליע; מיט זיַין מאַמען, וואָס האָט שוין געוווסט פון אונדזערע פאַרבינדונגען; מיט זיַינע

שוועסטער און ברידער, פון וועלכע שיינע־שרה און שמואל, זענען צום גליק אויך געקומען קיין אַרגענטינע און אַזוי אַרום זיך באַוויזן צו ראַטעווען.

איך האָב מיך אויך געזעגנט מיט אַלע פון שטעטל, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט דער משפּחה בורשטיין און געוווּסט זייער יחוס און אָפּגעשאַצט די אינטעליגענץ פון אירע מיטגלידער.

עס האָבן מיך אַרויסבאַגלייט אַ גרויסע גרופּע יוגנטלעכע, ביז דער באַן־סטאַנציע. און איך בין אַוועק, פון איין זײַט מיט דער פרייד פון באַגעגענען זיך מיט אַ גרויסער וועלט און מיט ווײַטע האָריזאָנטן, וואָס האָבן געלאָקט, אָבער פון דער צווייטער זײַט מיט דעם וואַכן געפיל, אַז איך פאַרלאָז זיי אַלע אויף אייביק. ערגעצווו האָט געטליעט די האָפענונג פון אַריבערנעמען וועמען עס איז — אָבער דערווײַל האָט געריצט די ווײַטע און גרויסע וועלט.

און ווי זאָגט זיך דאָרטן: און דערנאָך איז געקומען אַ שטילקייט, אַ מוראדיקע שטילקייט!

## מײַן שטעטל און מײַן משפּחה, געזען אין בליק פון ווײַטן בוענאָס אײַרעס

מיט יאָרן שפּעטער, נאָך מײַן אָנקומען קיין אַרגענטינע, איז געקומען דער שוידערלעכער חורבן, וואָס האָט אומגעבראַכט מיליאָנען מענטשן פון אונדזער פאָלק, אונדזער שטעטל און צווישן זיי אויך מײַן פאַרצווײַגטע משפּחה — און אַלע האָפענונגען און אילוזיעס זענען פאַרשוווּנדן און זיך אויסגעלאָשן.

דערמאָנט זיך מיר, ווי שטאַרק עס איז געווען די בענקשאַפט און דער פאַרלאַנג זיך צוריק אומצוקערן אַ ה יי ם און צו דער אייגענער משפּחה. די האַרטע אַרגענטינער ווירקלעכקייט, האָט צו יענער צײַט נישט געלאָזט פאַרגעסן אין דער געטרײַשאַפט פון די נאָענטע, אָבער די צײַט האָט געטאָן אירס — און מען האָט זיך צוביסלעך אײַנגעלעבט און זיך אײַנגעבירגערט אין דעם נײַעם לעבנס־שטייגער, כאָטש דער טאָג־טעגלעכער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ איז געווען זייער אַ שווערער.

פון דער היים האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אַלץ ערגערע גרוסן, — און דער עיקר אַ שטאַרקער באַגער זיך פון דאָרטן אַרויסצורײַסן. אָבער אין דעם צושטאַנד פון שווערן געראַנגל פאַר דאָס סאַמע עלעמענטאַרסטע, וואָס מיר האָבן אין יענער צײַט געפירט, איז אַפילו נישט געווען צו חלומען וועגן אַריבערברענגען מײַן שוועסטער רויזע, וועלכע האָט נישט איין מאָל אויסגעדריקט איר פאַרלאַנג צו קומען אַהער. דרך אגב האָט זיך קיינער נישט פאָרגעשטעלט, אַז עס וועט קומען אַזאַ שוידערלעך־פינצטערער קאָשמאַר, וואָס וועט חרוב מאַכן אַלצדינג און עס וועט אונדז נישט איבערבלײַבן קיין אַנדער זאַך, ווי צו באַוויינען די אַלע וואָס זענען אומגעקומען און צו שטעלן אַ מצבה נאָך די וואָס זענען אַוועק אויף דעם שוידערלעכן וועג פון אומקום און אויסראָטונג.

אין זכרון האָבן זיך אײַנגעקריצט די געשטאַלטן פון די סאַמע נאָענטסטע, אָבער די משפּחה איז דאָך באַשטאַנען פון צענדליקער מיטגלידער: פון פעטערס, מומעס, קוזינען א״אַ וועלכע האָבן אַלע צוזאַמען געבילדעט אַ גרויסן קרײַז, וואָס האָט זיך אידענטיפיצירט מיט דער משפּחה בורשטיין.

צו די פאַרשידענע זאַכן וואָס איך האָב שוין פאַרצייכנט, וויל איך צוגעבן בלויז אייניקע עפּיזאָדן און סיטואַציעס, וועלכע וועלן בולטער אונטערשטרײַכן דאָס וואָס עס איז געווען אונדזער שטעטל, אין אָנבליק פון די גרויסע דערגרייכונגען, וואָס זענען שוין אין יענער צײַט געווען אין די גרויסע שטעט און בײַם הײַנטיקן טאָג נאָך מער.

איך וועל אָנהייבן מיט אַזאַ פּראָזאַישער זאַך ווי דאָס איז אַ וואַש־מאַשין, וואָס איז הײַנט צו טאָג אַ נויטבאַדערפטיקטע זאַך אין יעדן הויז — און ווען איך זע הײַנט, מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט עס אַרבעט די דאָזיקע עלעקטרישע מאַשין, טויכט אויף אין מײַן זכרון, ווי אַזוי איך מיט מײַן שוועסטער פלעגן טראָגן פּעק וועש אויף די פּלייצעס צום כטאָקער „סטאַוו”, אָדער טײַכל, ווו מען פלעגט זיצן און וואַשן דאָס וועש — און שפּעטער צוריקטראָגן אַהיים.

די ריינקייט פון אונדזער שטוב האָט מען זייער שטאַרק געהיט. און נאָך דעם אָפּוואַשן די פּאָדלאָגע, פלעגט מען אויף איר אויסשיטן געלן זאַמד, וואָס מען פלעגט ברענגען פון ווײַט פון דער היים. איך פלעג טראָגן אַהיים די שווערע משא זאַמד אויף די פּלייצעס און פלעג דערבײַ טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן, מיט וועלכע מיר פלעגן אויספילן אונדזער לעבן.

צײַטנווײַז דוכט זיך, אַז נישט קיין פערציק יאָר זענען אַריבער זינט יענער צײַט, נאָר זייער אַ סך יאָרהונדערטער; אויך דאָ אין אַרגענטינע און אין דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט. דער פאָרשריט אַפילו בײַ אונדז איז אַ קאָלאָסאַלער — אָבער איצט האַלטן מיר בײַם שטעטל און עס זעט ממש אויס ווי אַ זאַך פון אַ לעגענדע און מיר אַליין איז דאָס שווער צו באַנעמען, ווי אַזוי מען האָט געקאָנט לעבן בײַ די אַמאָליקע פרימיטיווע באַדינגונגען און דאָך איז דאָס אַזוי געווען.

איך וועל פאַרשטייט זיך, נישט שרײַבן וועגן דעם אַלגעמיינעם לעבן פון די שטעטלעך, וואָס איז שוין אַזוי פיל מאָל באַשריבן געוואָרן פון די מײַסטער פון דער יידישער ליטעראַטור. איך וויל דאָ בלויז דערמאָנען וועגן די אָנגעהעריקע צו מײַן משפחה. וויפל שיינקייט איז געווען אין דער פרימיטיווער אַטמאָספער, וואָס עס האָט געהערשט אין מײַן שטעטל און אין מײַן משפחה, פון וועלכע איך וויל דאָ פאַרצייכענען בלויז אייניקע:

מײַן שוועסטער רבקה האַלט פענסיאָניסטינס אין די זומער־חדשים; דאָס זענען וואַרשעווער מיידלעך, אָדער פרויען וואָס קומען אַהער אויף זייערע וואַקאַציעס און מײַן שוועסטער קאָכט פאַר זיי „פאָטראוועס" און מײַן „מיסיע", איז זיך צו פאַרנעמען מיט דעם קליינוואַרג, זיי האַלטן אויף די הענט און זיי אָפּהיטן, כדי מײַן שוועסטער זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן מיט דער פרנסה. צווישן די דאָזיקע „דאַטשניקעס" געפינט זיך אַן אינטעליגענט מיידל, וואָס לייענט פוילישע ליטעראַטור — און זי האָט באַמערקט מײַן נייגעריקייט, מיט וועלכן איך קוק אויף די ביכער און ווי אַן אויסדרוק פון איר סימפּאַטיע, שענקט זי מיר דאָס בוך „פּאַן טאַדעאוש" פון אַדאַם מיצקיעוויטש, עס איז דאָס ערשטע בוך וואָס איך באַקום פון אַ פרעמדן — און דאָס בוך רופט בײַ מיר אַרויס אַ סך עמאָציע.

מיט דער צײַט ווער איך אַן ענטוזיאַסטישע לייענערין אויך פון דער פוילישער ליטעראַטור. און עס איז די אַפּטייקערין פון אונדזער שטעטל, וואָס ווײַזט מיר אַרויס אַ סך ליבשאַפט און באָרגט מיר אויס פוילישע ביכער. עס זענען שוין אַריבער אַזוי פיל יאָרן זינט יענער צײַט און איך קאָן נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן דעם אײַנדרוק, וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט דאָס בוך פון זשעראָמסקי „די געשיכטע פון זינד" און נאָך הײַנט געדענק איך סצענעס פון יענעם בוך און די שילדערונגען, וואָס האָבן „פאַרכאַפּט" פון ערשטן בלעטל אָן. און אויף די שטיגן פון דער אַפּטייק, האָב איך צוזאַמען מיט מײַן סימפּאַטישער „ביבליאָטעקאַרין", די אַפּטייקערין, נאָכגעפאָלגט דאָס שרעקלעכע און גלײַכצײַטיק פּרעכטיקע בילד פון אַ שׂרפה אין מיטן דער נאַכט — דאָס האָט געברענט די ווינט־מיל פון דער משפחה בלומענקראַנץ.



די מאַמע פון סטאָקער „בונד"

רויזע בורשטיין ־ בלומענקראַנץ

יחיאל בלומענקראַנץ, איז געווען דער מאַן פון מײַן שוועסטער רויזע און זײַן מיל האָט דאָס געברענט. די פליגל פון דער מיל האָבן אויסגעזען ווי אָנגעצונדענע פאַקלען און די ליכט האָט באַלויכטן דעם אַרומיקן פײַער און מיר בײדע זענען געשטאַנען און באַוואונדערט די „שיינקייט" פון דער צעשטערערישער אַרבעט.

עס קומען אויף בילדער פון דער פריסטער קינדהייט, פון דער יוגנט־צײַט — און פון זאַכן וואָס עס זענען כדאַי פאַרצייכנט צו ווערן אין דעם יזכור־בוך. איך דערמאָן זיך אַז דאָס גליק מײַנס צו באַזוכן די „פאָוושעכענע״ שול, איז געווען פאַר מיר אומבאַשרײַבלעך; דאָס האָט געמיינט אַוועקצוגיין פון שטוב, מיט אירע פּראָבלעמען און אַרײַנגיין אין אַ קלאַס צוזאַמען מיט אַנדערע קינדער, וואָס עס האָט אויסגעזען פאַר מיר ממש אַ גן־עדן און איך היט אָפּ די שולע ווי אַ פרומער ייִד דאָס דאַוונען. דערווײַל קומט אונטער אַ באַפעל, אַז ייִדישע תלמידים דאַרפן אויך שבת גיין אין שול אַרײַן; מײַן צוגעבונדנקייט צו דער שול איז אָבער אַזוי גרויס, אַז אין איינעם אַ שבת גנבע איך מיך אַרויס פון שטוב און מיט אונטערוועגן, קום איך אַרײַן אין דער שול. אָבער פון ערשטן מאָמענט אָן, באַנעם איך, אַז איך האָב נישט געטאָרט אָפּבאַרן מײַנע עלטערן — און אַוודאי נישט נאָכקומען די פאַראָרדענונגען פון דער דירעקטאָרין פון דער שול. איך האָב זיך געפילט, נישט בלויז שולדיק, נאָר אויך פאַרשעמט און איך בין געקומען אַהיים מיט דעם פעסטן באַשלוס, נישט צו גיין מער קיין מאָל שבת אין שול אַרײַן.

צו דער סעריע עפּיזאָדן, פון מײַן לערנען שטייט אויך פאַר מיר בזלט דאָס געשטאַלט פון דעם גוטמוטיקן לערער, וואָס האָט געוווינט אין ליפּק — אַ 4 קילאָמעטער פון סטאָק, וואָס נישט געקוקט אויף דעם אײַנגעוואָרצלטן אַנטיסעמיטיזם וואָס עס האָט אין פוילן אָנגעהאַלטן, איז ער אָבער געווען ווײַט דערפון; עס איז אויך כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס מיר פלעגן נישט האָבן קיין מורא און פלעגן אַוועקגיין קילאָמעטערס ווײַט פון דער היים און עס דערמאָנט זיך מיר, ווי איך פלעג מיט מײַן חברטע עטל פּאָסעסאָרסקי (הײַנט אין ניו־יאָרק) פלעגן מיר צוויי אָדער דרײַ מאָל אין וואָך אַוועקגיין קיין ליפּק, כדי דאָרטן צו נעמען לעקציעס אויף צו פערפעקציאָנירן זיך אין דער פוילישער שפּראַך. און אָפטמאָל פלעגן מיר דעם דאָזיקן וועג דורכמאַכן שפּעט אין אָוונט — און אָן שרעק.

בכלל איז מײַן קינדהייט און יוגנט, געווען פאַרבונדן מיט גיין אין די דערפער. מײַן מאַמע האָט געצויגן איר פּרנסה פון די דערפער און פלעגט שטענדיק זײַן אונטערוועגס און אויב איך האָב געוואָלט אײַנבערענגען דער מאַמען דאָס גיין אויפמאָנען פאַר דער סחורה, האָב איך אַליין זיך געמוזט צוכאַפּן אַזעלכע 11 אָדער 12 קילאָמעטער פון דעם שטעטל. דרך אגב, האָב איך אין אַזעלכע פאַלן געהאַט די מעגלעכקייטן אַ סך צו חלומען און איך בין גערן געגאַנגען. איבערהויפּט בין איך געווען צופרידן ווען איך פלעג גיין אָן דעם פּעקל אויף די פּלייצעס; מיט דעם פּעקל פלעג איך זיך שעמען און פילן דערנידעריקט, אָבער מען האָט געמוזט אַרויסהעלפן דער מאַמען אין דער שווערער פּרנסה.

איין מאָל אין אַ זונטיק, איז מײַן מאַמען אײַנגעפאַלן, איך זאָל מיך צוכאַפּן אין דעם דאָרף לאָפּיאַנקאַ אײַנצומאָנען אַ חוב און זי איז געווען זיכער, אַז די פּויערטע וועט גלײַך באַצאָלן. שטייט מיר נאָך איצט דאָס דאָרף אַזוי ווי לעבעדיק פאַר די אויגן: אַ זונטיק פאַר מיטיק. פון קלויסטער טראָגן זיך פונאַנדער די קלאַנגען פון די גלעקער און די קריסטין וועלכע איך האָב באַזוכט, בייזערט זיך אויף מיר, פאַרוואָס איך בין געקומען זי באַלעסטיקן — און טאַקע אום זונטיק. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין אַוועק מיט ליידיקע הענט.

דער וועג אַהיים איז געווען אַ שווערער און דער צעגאַנגענער שניי (עס איז געווען ערב פרילינג), האָט געמאַכט דעם וועג שווערער, אָבער דער מאַמעס באַפעל האָט מען געמוזט אויספילן, בפרט ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּרנסה.

גרינג איז געוואָרן דאָס געמיט ווען מען האָט געזען פרײַטיק אין דער פרי, אָנקומען דער מאַמען, מיטן טאַטן, נאָכן פעלן אַ וואָך צײַט פון דער היים. עס איז געוואָרן פריילעכער אויף אַ טאָג אָדער צוויי — און עס איז געקומען אַן „אָנטשפּאַנונג״, דער עלנט איז פאַרשוווּנדן און ווידער איז די משפחה געוואָרן אַ גאַנצע, אָבער דאָס האָט געדויערט ווינציק און שוין זונטיק, אָדער מאָנטיק, האָט זיך ווידער אָנגעהויבן דאָס גרייטן זיך צו גיין אין די דערפער: לאָפּיאַנקע, אָסטרוּוועק און אַנד׳.

***

אַ סך מענטשן און געשעענישן, האָב איך פאַרגעסן אין משך פון די יאָרן, אָבער דער אַלגעמיינער אויסזען און צוזאַמענשטעל פון דעם שטעטל,

שטייט פאַר מײַנע אויגן מיט דער גאַנצער קלאָרקייט.

מיר וווינען אויף נײַ־סטאָק און די פאַמיליע צוקער —די משפחה פון מײַן מאַן חיים— וווינען אין דעם צווייטן טייל פון דעם שטעטל. איך גיי זייער אָפט צו זיי אין שטוב אַרײַן; חיימס מאַמע — רחל, איז די פאַרקערפּערונג פון גאַסטפרײַנטלעכקייט. זייער שטוב שמט מיט איר ריינקייט און מיט דעם בעלי־בתּישן פאַרנעם.

נאָך דעם ווי חיים איז אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע, האָט זײַן מוטער אַרויסגעפילט די נאָענטקייט — ווי אַן אָנזאָג צו דער שײַכות וואָס עס דערוואַרט אונדז און מיט אַ זעלטענער געטרײַשאַפט פלעגט זי מיר אויפנעמען און זיך נאָכפרעגן אויף די גרוסן וואָס פלעגן אָנקומען דורך די בריוו — און אין דער זעלביקער צײַט, פלעגט זי מיר מיטטיילן די נײַעסן, וועלכע זי פלעגט באַקומען פון איר זון. די זעלביקע באַציִונג האָבן צו מיר אַרויסגעוויזן די שוועסטער ביילטשע, אומגעקומען מיט איר יונדעלע און איר צו לאַנגע יאָר — שיינע, וואָס געפינט זיך דאָ אין בוענאָס־אײַרעס.

ווי עס האָבן שוין זיכער געשריבן אַ סך אַנדערע, איז אונדזער שטעטל געווען אַ קליינס, אָבער פון דעסט וועגן, האָבן זיך קיין מאָל נישט פאַרענדיקט אונדזערע שפּאַצירן און אונדזערע דיסקוסיעס. גאָט מײַנער! ווו האָט זיך גענומען בײַ אונדז אַזוי פיל מאַטעריאַל פאַר די אַלע רייד? אויסער וואָס מיר זענען געווען צעטיילט אין פּאַרטייען, האָבן מיר זיך אויך געטיילט אין גרופּעס; מיר זענען געווען אַ גרופּע פון פינף מיידלעך און מסתמא אַן ענלעכע צאָל, אָדער מער, יינגלעך. און כאָטש מיר פלעגן זיך טרעפן יעדן טאָג, איז יעטוועדע באַגעגעניש געווען בײַ אונדז אַ געשעעניש — און וועגן וואָס צו שמועסן, האָט בײַ אונדז קיין מאָל נישט געפעלט.

צו יענער צײַט פלעגן אָנקומען טאָג־צײַטונגען פון וואַרשע, אַ זאַך וואָס איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אַ זעלטנהײַט; עס פלעגן אָנקומען, די „פאָלקס־צײַטונג", דער „הײַנט", דער „מאָמענט" און אַנדערע. און וואָס אַזעלכע צײַטונגען האָבן באַדײַט פאַר דער יוגנט פון די קליינע שטעטלעך, איז איבעריק צו שילדערן, ווײַל נישט בלויז די צײַטונג אַלס גאַנצע, נאָר יעדעס אַרטיקל באַזונדער פלעגט שטאַרק קאָמענטירט ווערן און אַרויסרופן הייסע דעבאַטעס.

פונקט ווי עס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס אין די קינדער־יאָרן, די ערשטע ביבליאָטעק, ספּעציעל פאַר קינדער, ווו מען האָט באַקומען קינדער־ליטעראַטור, ווי אַ ווײַטער חלום דערגייט צו מיר יענע צײַט, ווען מײַן ברודער בעריש, פלעגט זיך פאַרנעמען מיט אַרויסגעבן די קינדער־ביכלעך און דערנאָך פלעגט ער אויך אָפּנעמען אַן עקזאַמען, וועגן דעם וואָס מיר האָבן געלייענט און וואָס מיר האָבן פאַרשטאַנען פון דעם געלייענטן — פונקט ווי אַן אמתער לערער...

יאָרן שפּעטער הייבט אָן צו פאַרנעמען אַ זייער אָנגעזעענעם פּלאַץ דער דראַמאַטישער קרײַז אין די קליינע שטעטלעך, ווו דאָס איז געווען דער איינציקער טעאַטער. וואָכן לאַנג פריִער האָט מען זיך פאַרנומען מיט די רעפּעטיציעס און שפּעטער פלעגט מען וואָכן־לאַנג דיסקוטירן דאָס געשפּילטע. מיט גרויס שפּאַנונג פלעגט דאָס „פּובליקום" וואַרטן אויף דער פאָרשטעלונג. און עס דערמאָנט זיך מיר אַ מאָמענט, ווען אַ פרוי, אונדזערע אַ שכנה —די שוואַרצע שרה— דעם „גרויסן יוספס פרוי" איז געפאַלן חלשות בײַ אַזאַ פאָרשטעלונג, ווען די „קינסטלער" האָבן אויפגעפירט דעם „ווילדן מענטש"; זי האָט זיך אַזוי איבערגענומען דערמיט וואָס דער ווילדער מענטש קלײַבט זיך צו דערשטעכן די „העלדין", אַז זי האָט נישט אויסגעהאַלטן און פאַרלוירן דעם באַוווסטזײַן.

מיט איין וואָרט, די אַלע פאַקטאָרן, ווי ביבליאָטעק, דראַמאַטישע קרײַזן און דער עיקר, דער שטאַרקער באַגער צו לייענען און זיך צו לערנען, האָט געשאַפן די סביבה און די געהעריקע אַטמאָספער, אין וועלכער די יוגנט האָט זיך אויסגעלעבט, און כאָטש עס האָט נישט געפעלט קיין זאָרג פאַר דעם סאַמע נויטווענדיקסטן, איז דאָך דאָס לעבן געווען פול מיט ראָמאַנטישער שיינקייט. און דערפאַר איז דאָס ש ט ע ט ל פאַרבליבן בײַ אונדז אין זכרון אַזוי שיין און קאָלירפול, נישט געקוקט אויף די בלאָטעס וואָס פלעגן דאָרטן זײַן כמעט שטענדיק און גאָר ספּעציעל נאָך רעגנס און שנייען.

און נישט געקוקט אויף דער פּרימיטיווער פאָרם אין וועלכער מען האָט געלעבט, אָן באָד־צימערן און אָן דאָס נויטווענדיקסטע, וואָס מען באַטראַכט

הײַנט פֿאַר עלעמענטאַרע זאַכן האָט מען דאַן אָפּ־געהיט די בויטיקע היגיענע און מען איז אויסגע־קומען אָן די אַלע באַקוועמלעכקייטן, וואָס איז בײַם הײַנטיקן טאָג אַ טייל פֿון דעם מאָדערנעם גרויסשטאָטישן לעבן. מיר האָבן נישט אין זכרון קיין איבערלעבונגען פֿון לוקסוס, אָבער מיר האָבן יאָ איבערלעבונגען וואָס זענען פֿאַרבונדן מיט שרעק צוליב דעם אַנטיסעמיטיזם, פֿאַר פּאָגראָמען — און מורא פֿאַר הונגער.

עס דערמאָנט זיך מיר, ווי מײַן ברודער בעריש קערט זיך אום צוריק פֿון ביאַליסטאָק, וווּהין ער איז אַוועק ווען די באָלשעוויקעס האָבן פֿאַרלאָזט סטאָק און ווען ער קומט אַהיים, איז זײַן ערשטע פֿראַגע, צי איז פֿאַראַן אין קעלער קאַרטאָפֿל, אַזוי הונגעריק איז ער געווען.

ווי אין חלום זע איך ווי אַ קאָזאַק יאָגט זיך נאָך מײַן טאַטן (צוליב קיין שום באַגאַנגענעם פֿאַרברעך) און דער טאַטע באַהאַלט זיך אויס על־פּי נס, ערגעצווו אין אַ ווינקל פֿון הויף — און די שרעק האָט מיך ווי פּאַראַליזירט.

אַ צווייטער מאָמענט: מײַן ברודער לייבל, ווערט פֿאַרנומען דורך די האַלערטשיקעס און ער דאַרף, לויט זייער באַפֿעל, טרײַבן די בהמות וועל־כע זיי פֿירן אַרויס פֿון שטעטל, ערגעץ ווײַט. איך מיט מײַן שוועסטער עטל לויפֿן נאָך מיט געוויין — און מיט אַ שטיקל ברויט. אָבער מײַן ברודער לייבל איז דאָרטן נישטאָ, ווײַזט זיך אַרויס, אַז טרײַבנדיק אַ בהמה, האָט ער אויסגענוצט דעם מאָמענט ווען ער האָט זיך געדאַרפֿט נאָכיאָגן נאָך איר און איז אַליין אַנטלאָפֿן. זײַן צוריקקומען אין ש ט ו ב, איז געווען אַ געשעעניש פֿון אַ סך פֿרייד, ווײַל מען האָט אים אין שטוב שוין געהאַל־טן פֿאַר אַ פֿאַרלוירענעם.

די נאָכווייענישן פֿון דער ערשטער וועלט מלחמה, האָבן איבערגעלאָזט טיפֿע שפּורן און מורא פֿאַר אויסברוכן פֿון עקסצעסן און פֿאַרמאַכטע לאַ־דנס און אויסבאַהאַלטן זיך אויף די בוידעמס, זענען געוואָרן באַגלייט־דערשײַנונגען פֿון דעם לעבן פֿון יענער צײַט — און עס רוקן זיך אַרויס בילדער פֿון סיטואַציעס און מענטשן פֿון יענער צײַט און צווישן זיי פֿאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ מײַן שוואָגער פּנחס — דער פֿאָטער פֿון שמחה און יואל לאַנדע. איך געדענק אים ווי אַ פּעדאַנט און אַ גע־וואַלדיק אָפּגעהיטער אין דער הלבשה און אַן עלע־גאַנטער פֿאַר יענע באַדינגונגען. און אַ סך חשיבות האָט אים צוגעגעבן דאָס, וואָס ער איז געקומען פֿון אַ גרויסער שטאָט — פֿון ביאַליסטאָק און זײַן פֿאָטער הענעך, איז אין מײַנע אויגן געווען אַ גאַנ־צער אַריסטאָקראַט.

⁂

עס האָט זיך דערנענטערט די צײַט פֿון מײַן אָפּפֿאָרן פֿון דער היים קיין אַרגענטינע. און ערשט דעמאָלט האָב איך דערפֿילט די טיפֿע ליבשאַפֿט פֿון מײַנע אייגענע צו מיר און מײַן שוואָגער פּנחס איז געווען איינער פֿון זיי. עס האָבן מיך אַרויסבאַ־גלייט פֿון דער היים, מײַנע שוועסטער, חברטעס און חברים — דוכט זיך, אַז דאָס גאַנצע שטעטל; אַ סך האָבן באַדויערט וואָס איך לאָז מיך אויף אַזאַ ווײַטן און אומבאַקאַנטן וועג און אַ סך האָבן מיך מקנא געווען, וואָס איך באַפֿרײַ מיך פֿון דעם פּלאַץ וואָס האָט שוין דאַן אויסגעזען האָפֿענונגסלאָז און אָן אַ צוקונפֿט — און דער גרעסטער טייל פֿון זיי אַלע זענען טאַקע שפּעטער אומגעקומען.

פֿון מײַנע נאָענטע, האָב איך שפּעטער געהאַט דאָס גליק צו זען מײַן ברודער בעריש, אין 1955. אונדז האָט אָפּגעטיילט אַ צײַט־דיסטאַנץ פֿון קאַרגע דרײַסיק יאָר און עס האָט גענומען אַ היפּשע צײַט, ביז מיר האָבן ווידער אַמאָל באַקומען די נאָענט־קייט; זי איז געקומען אַ דאַנק דאָס בלעטערן די געשיכטע פֿון אונדזער שטעטל און דער עיקר די געשיכטע פֿון אונדזער משפּחה, וואָס איז אַזוי טראַ־גיש פֿאַרשניטן געוואָרן, צוזאַמען מיטן שטעטל.

אין אַמעריקע, קאַנאַדע און ישראל, ווו איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זײַן, דאָס ערשטע מאָל אַליין און דערנאָך מיט מײַן מאַן, האָבן מיך גע־טראָפֿן לאַנדסלײַט און פֿאַר זיי אַלעמען איז די משפּחה בערשטיין געווען גוט באַקאַנט און מיט אַ טיפֿן דרך ארץ דערמאָנען די נעמען פֿון מײַן מש־פּחה — און מיט פֿאַרערונג דעם נאָמען פֿון רויזען.

אין ישראל געפֿינען זיך אַ סך לאַנדסלײַט, גע־ראַטעוועטע פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה — און זיי זענען געווען עדות פֿון די לעצטע געשעע־נישן, פֿון חורבן סטאָק. דאָרט, אין ישראל, איז די פֿראַגע פֿון יזכור־בוך געשטאַנען אויפֿן סדר היום מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט. אין יאָר 1958, ווען מיר זענען געווען אין ישראל איז בײַ די דאָר־טיקע לאַנדסלײַט געשטאַנען די פֿראַגע פֿון אַרויס־

געבן דעם יזכור־בוך אין ישראל, מיט דער מיטהילף פון די לאַנדסלײַט פון אַרגענטינע און אַנדערע לענדער, אָבער אין 1970 האָט זיך דאָס בילד געענדערט און די איניציאַטיוו איז אַריבער צו די לאַנדסלײַט פון אַרגענטינע.

און ערשט בײַם רעאַליזירן די אַזוי וויכטיקע מיסיע, מאַטערט אונדז אַלעמען דער צווייפל, צי וועט זיך באַקומען דאָס ריכטיקע בילד פון דעם שטעטל — און פון דער משפחה און צי וועט געלינגען אַרויסצובאַקומען פון זכרון די וויכטיקסטע מאָמענטן פון דעם „אַמאָל", וואָס וועט זיך צום באַדויערן שוין מער קיין מאָל נישט אומקערן — און צי וועט דער רעזולטאַט אויף דעם דאָזיקן געביט זײַן אַ פאָזיטיווער?

איך האָב מיך באַמיט צו דערציילן — אויף וויפל מײַן זכרון האָט מיר געדינט — עפּעס וועגן אונדזער משפחה. אונדזערע קינדער ווייסן אַ סך פון דעם וואָס מיר האָבן דערציילט און אַ טייל פון זיי טראָגן די נעמען פון די סאַמע נאָענטסטע און דער יזכור־בוך דאַרף ווערן אַ ווירדיקע מצבה נאָך אונדזער שטעטל סטאָק און נאָך די אַלע וואָס האָבן דאָרטן געלעבט, געהאָפט — און צום גרויסן אומגליק אַזוי טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן. עס וועט זײַן אַ גרויסע פאַרלײַכטערונג, אויב מיר וועלן דורך דעם יזכור־בוך געבן אַ תיקון און באַוואָרענען אַז דער נאָמען פון אונדזער שטעטל זאָל נישט פאַרגעסן ווערן.

און הײַנט, ווען עס דערנענטערט זיך צו דעם אַז דער יזכור־בוך זאָל ווערן אַ פאַקט, וויל איך פאַרגלײַכן מײַן געבעט צו דער תפילה פון מײַן מאַמען, וואָס האָט אַרײַנגעוויינט אין דער תחינה, אָדער אין אַן אַנדער ספר, בײַם וועלן זיך אויסריידן מיט גאָט. פון דער גאַנצער פאַרצווײַגטער משפחה בורשטיין, זענען מיר פאַרבליבן בלויז צוויי; איך און מײַן שוועסטער עטל — און מײַן טיפער באַגער איז, אַז פון די אָנגעוואָרפענע ווערטער, אָן פאַרצייכנטע דאַטעס, זאָל דאָס געפיל פון ליבשאַפט וואָס בינדט אונדז אַזוי פיל מיט דער אומגעקומענער משפחה בורשטיין, נעמען די אויבערהאַנט — און אויב בלויז אַ קליינער טייל וועט געלינגען איבערצוגעבן, וועט דאָס אויך זײַן אַ גרויסע דערגרייכונג!



אַ געזעגענונגס־פאָטאָ צו בעריש בורשטיינס עמיגרירן קיין קובאַ

שטייען: פון רעכטס: עטל פאָסעסאָרסקי, פריידע בורשטיין און עטל בורשטיין; זיצן: פון רעכטס צו לינקס: בעריש, רויזע, חנהטשע רויזעס און פינטשע לאַנדע

# סטאָקער בעלי־מלאכות און סתם ייִדן אַזוי ווי איך געדענק זיי און וואָס עס איז פון זיי געוואָרן

## די סטאָקער ייִדישע באַפעלקערונג

מײַנע טײַערע און ליבע ייִדן פון סטאָק. איר אַלע וואָס זענט פאַרטיליקט און פאַרניכטעט געוואָרן פון די נאַצישע בעסטיעס און פון די פּוילישע כוליגאַנעס, וואָס זענען געווען זייערע דירעקטע מיטהעלפערס, אויף צו דערמאָרדן און פאַרלענדן אײַך דורך כלערליי מיתות־משונות; איר אַלע, סטאָקער ייִדן, מענער און פרויען, אַלטע און יונגע און פּיצלעך קינדער, איר אַלע וואָס האָבן מיט אַזוי פיל מסירת־נפש אויפגעהאַלטן אײַער לעבן אונטער זייער שווערע באַדינגונגען. איך, איינער פון די וועמען עס איז געלונגען צו בלײַבן לעבן — און צו ראַטעווען זיך פון דעם גרויסן אומקום, ווײַל איך האָב דאָס שטעטל פאַרלאָזט, נאָך אין יאָר 1929 און דערמיט זיך על פּי נס געראַטעוועט, איך וועל פּרוּוון פאַרצייכענען עפּעס פון אײַער לעבן — און דערמיט אײַך שטעלן אַ באַשיידענע מצבה.

כמעט דאָס גאַנצע שטעטל אײַנוווינערס, האָבן מאַטעריעל געלעבט זייער אָרעם, אָנהייבנדיק פון די עטלעכע שנײַדערס, עטלעכע סטאָליערעס, עטלעכע שוסטערס, עטלעכע קאָוואַליעס און אַ גרעסערע צאָל קצבים, וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה, כמעט פון גאָרנישט — און דאָך זיך געהאַלטן סטאָיִש אויף די פיס און זיך באַמיט צו לעבן אין ערלעכקייט און באַשיידנקייט און זיך באַמיט צו שיקן זייערע קינדער אויף צו באַקומען אַ ייִדישע דערציִונג — און נאָך מער זיך באַמיט אָנצוטאָן זיי אַלע יעדן ערב יום־טוב אין אַ נײַער קאַפּאָטקע, אָדער מען האָט די אַלטע קאַפּאָטע איבערגעדרייט אויף דער אַנדערער זײַט, וואָס איז געווען ווייניקער אָפּגעבליאַקעוועט — און זי געמאַכט „נײַ".

דאָס זעלביקע איז אויך געשען מיט די ייִדן, וואָס האָבן געשלעפּט זייער פּרנסה פון משטיינס געזאָגט האַנדל; פון דעם קלייטל וואָס זיי האָבן געהאַט, אָדער פון דעם יאַריד וואָס פלעגט פאָרקומען יעדן מאָנטיק. די בעלי־מלאכות פלעגן אײַך צײַטנווײַז מקנא זײַן. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט פון אײַערע שוועריקייטן פון אַרומלויפן צו זוכן אַ גמילות חסד, וויסנדיק פון פריִער ווי שווער און ביטער עס וועט אײַך זײַן דעם גמילות חסד אָפּצוגעבן — און צו זיי קאָן מען אויך צורעכענען די צאָל מלמדים, וואָס זענען געווען די וואָס האָבן געדאַרפט גײַסטיק געשטאַלטיקן דעם מאָרגנדיקן ייִדן.

פון זיי, וועל איך מיר באַגרענעצן און אָפּשטעלן בלויז אויף דעם בלינדן לייזער, כאָטש יעדער פון די מלמדים, איז אַ באַזונדער קאַפּיטל וואָס מען באַדאַרף באַהאַנדלען מיט אַ סך רעספּעקט און יראת הכבוד. איך אָבער וועל בלויז אַרויסהייבן די געשטאַלט פון דעם בלינדן לייזער און מעגלעך, אַז אַנדערע וועלן דאָס טאָן אין דעם יזכור־ספר מיט אַנדערע וויכטיקע געשטאַלטן.

פאַר אונדזערע לאַנדסלײַט איז באַוווּסט, אַז דער בלינדער לייזער איז געווען יצחק וואַסערמאַכערס פאָטער — און ער איז געוואָרן בלינד דורך אַן אַקצידענט באַלד נאָך זײַן חתונה. ער האָט געהאַט דרײַ זין און איין טאָכטער. זײַן ווײַב רויזע־רבקה, פלעגט צוהאַנדלען אין מאַרק; פלעגט קויפן אַ מענדל אייער, אַ הינדל, אַ שטיקל פּוטער און אַנדערע זאַכן און דאָס איבערפאַרקויפן און אַזוי אַרום האָט זי געהאָלפן אויסהאַלטן די שטוב. ער, דער מאַן אירער, דער בלינדער לייזער, האָט געהאַט אין גאַנצן אויסגעהאַקט די אויגן, ווי פינצטערע צוויי לעכער אין האָט זיי אַפילו נישט פאַרשטעלט מיט קיין ברילן. אַזוי איז ר' לייזער געווען אַ שלאַנקער מענטש, אַ הויכער, מיט אַ שיינער פיגור און מיט אַ געלבלעכער באָרד, וואָס איז געווען עפּעס מער טונקל בײַ די פּיאות און פלעגט אין גרעסטן טייל זיצן אַליין אייזאַם אין שטוב.

געוווינט האָט ער בײַ מאיר בלומענקראַנץ און דאָרטן איז אויך געווען דער חדר ווו ער פלעגט

לערנען מיט זײַנע תּלמידים. ער האָט געקאָנט גאַנץ שׂס מיט פּוסקים אויף אויסנווייניק. און בײַ געוויסע געלעגנהײַטן פּלעג איך בײַזײַן, ווען צו אים פּלעגן קומען עלטערע בחורים, וואָס האָבן געדאַרפט וויסן עפּעס פון העכערן לומדישן וויסן און זיי פּלעגן זיך ווענדן צו אים; זיי פּלעגן אים פרעגן עפּעס וועגן די ספרים, וואָס ער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט זען, אָבער ער פלעגט זיי אָפּשטעלן און זיי זאָגן: לאָז מיך הערן נאָך אַמאָל. דאָרטן זאָגט זיך נישט אַזוי ווי דו האָסט אַצינד געזאָגט.

ער, ר' לייזער, איז געווען אַן אָטוואָצקער חסיד און מײַן טאַטע איז אויך געגאַנגען אין דעם זעלביקן שטיבל, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען בײַ גדליה גאָנטאַר. אָדער פריווע ווישעבינסקי — און בײַ ראש השנה און בײַ אום יום כּיפּור פלעגט ער דאַווענען אויף אויסנווייניק. און עס איז געווען מאָדנע, אַז יום כּיפּור פאַר נעילה, פלעגט ער זיך אויסדרייען צום פענצטער און פלעגט זאָגן: מיר דוכט זיך, אַז מען דאַרף שוין באַלד דאַווענען מנחה. מיט וועלכן חוש ער האָט אויפגעכאַפּט דעם פאַרנאַכט, איז בײַ מיר ביז הײַנטיקן טאָג אַ רעטעניש.

ער האָט נאָך געהאַט די זכיה, אַז זײַן פּטירה זאָל זײַן ווי די נשיקת משה; אָבער זײַנע דרײַ זין און טאָכטער — און זײַן פרוי און זייער מוטער, דורך וועלכן טויט זענען זיי פאַרשניטן געוואָרן?

סטאָק האָט געהאַט צוויי שוחטים: משה מאַטעס זשולטע און יאַנקל לערמאַן; זיי זענען אויך געווען מוהלים. יאַנקל שוחט איז אויך געווען אַן אָטוואָצקער חסיד און אַ גרויסער בעל מנגן; ער האָט געהאַט אַ זיסע שטימע און דער עיקר האָט ער אינטערפּרעטירט יעדעס וואָרט פון פּיוט אין זײַן אייגענעם ניסוח. בלויז איין טאָכטער און איין זון ש מ ח ה ל ע זענען געבליבן לעבן, אָבער ווו זענען פאַרברענט געוואָרן זײַנע אַלע קינדער? אין טרעבלינקע אָדער אין אָשוויענטשים? דאָס זעלביקע איז אויך געשען מיט משה מאַטעסן און מיט זײַן גאַנצער משפּחה. וועלכער טויט האָט זיי פאַרכאַפּט?

אונדזער שטעטל סטאָק האָט אויך געהאַט צוויי סופרים, וואָס איינער איז געווען משה קיאַק, דער סופר און דער צווייטער יצחק לאַשיצקי, דער סופר. משה סופר איז געווען מײַן פאָטער און יצחק סופר, איז געווען איינער פון די ייִדן וואָס האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי די יוגנט אין זייער ביבליאָטעק, פאַרזאַמלען זיך יעדן שבת און אין די יום־טוב טעג און האָבן דאָרטן אייגענע „מנינים", אָבער אַנשטאָט גרויסע ספרי תּורות פון מינדעסטנס 24 צאָל די גרויס, „דאַווענען" זיי אין קליינע „ספרימלעך", וואָס האָבן אַפילו נישט קיין צוועלף צאָל יעדע איינע...

סטאָק האָט אויך געהאַט צוויי שטריקערמאַכערס: איינער אברהם יידל קאַלטאַן, וואָס האָט געוווינט נעבן דער „תּפילה" און דער צווייטער איז געווען שיִע שטריקערמאַכער. ער איז געווען דער צווייטער מאַן פון וואָלף־בערס טאָכטער, וועמענס ערשטער מאַן איז אומגעקומען אין דער ערשטער וועלט־מלחמה; אויך זענען אין סטאָק געווען צוויי זייגערמאַכערס: איינער פּרויקע, דער זון פון לייבל „אַדוואָקאַט" און דער לאַמער זייגערמאַכער אָסטשעגאַ, וואָס איז אויך געווען אַן אײַנבינדער פון ביכער און אַ ברודער פון דעם באַרימטן סקולפּטאָר אַברהם אָסטשעגאָ פון וואַרשע, דער וואָס האָט געמאַכט דעם „אוהל פּרץ".

עס זענען אין סטאָק אויך געווען דרײַ רימערעס. חיים־מאיר יאַבקע, וואָס איז געווען מײַן פעטער, ווײַל ער איז געווען פאַרהײַראַט מיט מײַן טאַטנס שוועסטער פריידע. זיי האָבן געהאַט זעקס קינדער און אַלע זענען פאַרגאַזט געוואָרן אין טרעבלינקע און ער גופא, איז אומגעקומען פון דער ערשטער באָמבאַרדירונג אין סטאָק. דער צווייטער איז געווען שלאָמקע — אַ ייִד וואָס האָט געהאַט אַ סך קינדער— און קיינער איז פון זיי נישט געבליבן לעבן. און דער דריטער איז געווען קופער, וועמענס זון, ישראלקע קופער — האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך הײַנט מיט זײַן משפּחה אין ישראל.

אויך האָט סטאָק געהאַט אַ טאַקער, וואָס איז געווען מײַן טאַטנס אַ ברודער, הערשל קיאַק דער טאַקער. זײַן זון גדליה מיט זײַן פאַמיליע זענען פאַרברענט געוואָרן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. אויך זײַן זון ישׂראל־חיים מיט זײַן פאַמיליע און די טאָכטער חנה מיט דעם מאַן און זייערע קינדער און זײַן טאָכטער בלומע, זענען אַלע דערמאָרדעט געוואָרן. זײַן זון שמואל מיט זײַן משפּחה געפינט זיך אין אַרגענטינע און זײַן טאָכטער איטקע מיט איר מאַן מיט די קינדער האָבן זיך געראַטעוועט און געפינען זיך אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע און זײַן טאָכטער פריידקע מיט אירע קינדער געפינען זיך אין בראַזיל.

אין סטאָק האָבן זיך אויך געפונען דרײַ „באַטניקעס" (וואָס פלעגן מאַכן תּפילין): טביה באַטניק,

וואָס איז אומגעקומען מיט זײַן פרוי דוואָשע און צוויי קינדער: יאַנקל גענדזעלעס, וואָס איז אויך אומגעקומען מיט זײַן פאַמיליע און דער פּעטרוש־טשעליכעס אײדעם, ווײַנברום און ער האָט זיך ערב מײַן אַוועקפאָרן פון סטאָק, זיך אַרויסגעצויגן קיין וואַלאָמין. אין סטאָק האָבן זיך אויך געפונען צוויי גלעזערס, זיי זענען געווען: הערש ־ יאַנקל טענ־טשאַ און קרישטאַל, אויך פון זיי איז קיינער נישט געבליבן לעבן.

איך דערמאָן זיך אויך, אַז סטאָק האָט געהאַט צוויי פאַרבערס: מאָטל נײַמאַן דער פאַרבער און משה פאַרביאַרש דער פאַרבער; פון די דאָזיקע צוויי משפחות זענען בלויז פאַרבליבן די טאָכטער פון משה פאַרבער — כעלטשע, וואָס געפינט זיך אין בראַזיל צוזאַמען מיט איר מאַן און אַן אייניקל פון משה פאַרבער (פון זײַן טאָכטער רבקה) וואָס האָט זיך געראַטעוועט אין די אַרומיקע וועלדער פון סטאָק און געפינט זיך איצט אין ישראל — די אַלע איבעריקע זענען אומגעקומען.

צו די סטאָקער בעלי־מלאכות דאַרף מען אויך צורעכענען די צוויי היטלמאַכערס: מנחם שוואַרצ־פאַרב, וואָס זײַן עלצטע טאָכטער חיה־פייגע איז געווען מײַן ברודער איטשעס פרוי. זײַן זון אברהם־יאַנקל מיט זײַן פאַמיליע, געפינען זיך אין אַרגענ־טינע; זײַן זון שמשון מיט זײַן פאַמיליע געפינען זיך הײַנט אין ישראל און זײַן טאָכטער חנה מיט איר מאַן און קינדער, זענען אויך אין ישראל. אָבער די עלטערן מיט די צוויי זין און די טכאָטער שרה זענען אַלע אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן. דער צווייטער היטלמאַכער איז געווען איטשע היטלמאַ־כער מיגדאַל, וואָס פון זײַן גאַנצער משפחה איז קיינער נישט געבליבן לעבן.

און אַז מען רעדט שוין וועגן די פאַרשידענע בעלי־מלאכות, וועלן מיר אויך דערמאָנען די דרײַ וואַסערמאַכערס, וואָס זענען דאָרטן געווען. יצחק דעם בלינדן לייזערס זון, וואָס פון אים און זײַן פאַמיליע איז קיינער ניט פאַרבליבן. אלחנן סוקעניק דער וואַסערמאַכער, וואָס בלויז איין זון זײַנער בועז איז געבליבן לעבן און געפינט זיך הײַנט אין יש־ראל — און אויך רבקה אַלטשילער, וואָס איר זון איטשע, און איר טאָכטער א ס נ ה געפינען זיך אין י ש ר א ל צוזאַמען מיט זייערע פאַמי־ליעס און איר טאָכטער גיטל מיט איר פאַמיליע גע־פינען זיך אין אורוגוויַ. סטאָק האָט אויך געהאַט פינף יידישע בעקערײַען: משה ־ אהרן לאַנגלייב, יאַנקל פריימאַן, אברהם וועלוול מאַלישעוויטש, וועלוול שנײַדמאַן און נתן גאָלדבערג, יחיאל ברוכס זון: ס׳איז בײַ אונדז אויך געווען אַ פעלדשער יאָסעלע פעלדשער האָט מען אים גערופן. ער האָט גע־האַט אַ גרויסע פאַמיליע און אין די לעצטע יאָרן האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין וואלאמין.

יעדער פאַר זיך איז געווען אַ שטיק יידישע געשיכטע און אַלע צוזאַמען זענען געווען טײַערע ערלעכע יידן און געהאַט פײַנע גרויסע משפחות און מען וואָלט פון יעדן איינעם פון זיי געקאָנט אַ סך שרײַבן און דערציילן; זיי זענען געווען גרייט צו העלפן אַנדערע מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט — און אַלע וועלכע האָבן זיך גענייטיקט אין הילף.

איצט בלײַבט מיר בלויז איבער זיי אַלעמען צו שטעלן איין גרויסע מצבה — און זאָלן זייערע נעמען בלײַבן געהייליקט אויף אַלע אייביקייטן!

## פאַרשידענע פערזאָנען און פאַרשידענע געשעענישן

איך וועל דאָ פרוון אַרויסברענגען אייניקע גע־שעענישן. וואָס זענען פאַרבליבן אײַנגעקריצט אין זכרון. איך וועל דאָ דערמאָנען אַ געשעעניש פון די צוואַנציקער יאָרן, וואָס עס האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אין דעם שטעטל.

אין סטאָק איז געווען אַ ייד אַן אָרעמאַן, וואָס האָט זיך „אויסגעצייכנט" דערמיט וואָס ער איז געווען מער אָרעם ווי אַנדערע אָרעמעלײַט. גע־הייסן האָט ער לייבע האָכבערג — און האָט גע־האָט דעם צונאָמען „פּאָשמאַט" (כמעט יעדער איי־נער פון סטאָק, האָט געהאַט אַ צונאָמען); סטאָק האָט געהאַט אַ לײַ־קאַסע, וואָס פלעגט באָרגן געלט — און ווער האָט זיך אין סטאָק נישט גענייטיקט אין קיין געלט? די לײַ־קאַסע אָדער „בענקל" איז נאָך געשאַפן געוואָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלח־מה און האָט זיך אַ צײַט לאַנג געפונען אין הויז בײַ שמעון פלאַטנער. און דער לייבע „פּאָשמאַט", איז געווען דער וואָס האָט גערייניקט און אויסגעקערט די דאָזיקע „באַנק". אין דער צײַט פון דער ערש־טער וועלט־מלחמה, איז די דאָזיקע „באַנק" פאַר־שוואונדן, נאָר לייבע איז אויך געווען אַ שטיקל שוס־טער, אָבער גאָר זעלטן פלעגט ווער ברענגען זײַנע שיך צו פאַרריכטן צו לייבען, דעריבער האָט זײַן

זיַיב רחל — לייבעס. צוזאַמען מיט איר זון מאָטעלע — „קאַליע” האָבן אים די קינדער גערופן — גיין איבער די היַיזער צו זאַמלען נדבות. זיי האָבן איך געהאַט אַ טאָכטער, וואָס האָט געהייסן שרה, וואָס האָט אָבער נישט געוווינט אין סטאָק.

דער מאָטעלע לייבעס, איז געווען אַ האַלב־צוריקגעשטאַנענער; דאָס פּנים ביַי אים איז אויך געווען אַ געמיש פון אַ מענטש מיט אַ חיה — און מען האָט אים קוים אויסגעלערנט עפּעס צו זאָגן פון דעם סידור. און אַ סידור פלעגט ער טראָגן גאָר אַ גראָבן, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען טיילן פון די מחזורים און פון אַלע פינף חימושים און נאָך אַנדערע זאַכן.

ער פלעגט מיט זיַין גראָבן סידור גיין פון זיַין שטוב, וואָס האָט זיך געפונען ביַי דעם גרויסן יוספן — פון עק נייַסטאָק, ביז אין בית המדרש אַריַין, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם צווייטן עק פון שטעטל. זומער, אין די גרעסטע היצן פלעגט ער גיין אָנגעטאָן אין אַ גראָבן וואַטענעם פאַלטן, מיט אַ שווער היטל און גרויסע שווערע שטיוול.

ווען די דאָזיקע געשעעניש פון וועלכע איך דערצייל איצט, איז פאָרגעקומען, האָט מאָטעלע געקאָנט אַלט זיַין אַ 12 אָדער 13 יאָר, איז געשען איין מאָל ווען ער האָט געדאַרפט גיין צוריק פון בית המדרש — און ווי איך דערמאָן זיך האָט ער דעמאָלט געהאַט יאָרציַיט, וויַיל זיַין טאַטע לייבל איז שוין דאַן נישט געווען מער צווישן די לעבעדיקע, איז אַנשטאָט צו גיין אַהיים צו זיך, האָט ער זיך פאַרנומען צום וועג פון דעם „וויעטראַק” (ווינט־מיל), ד״ה דורך דעם צמענטאַרזש־וועג און גליַיך פאַרקראָכן אין דעם מידניקער וואַלד אין דער געגנט פון די זומפן. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט און דאָס יינגל איז געבליבן זיצן אויף אַ „קעמפּע” (אַן אינדזל) אין מיטן אַ זומפּ און אַזוי איז ער דאָרטן געבליבן זיצן צוויי טעג מיט צוויי נעכט.

און דערוויַיל איז אונדזער שטעטל „געגאַנגען אויף רעדלעך”. אַלע יידן, אַלט און יונג, גרויס און קליין, האָבן זיך צעטיילט אין גרופּעס און געגאַנגען זוכן מאָטעלען — רחל פּאַשמאַטס זון. דאָס שטעטל האָט דעמאָלט דורכגעלעבט שרעקלעכע אַנגסטפולע מאָמענטן, ביז עס איז געשען דער נס און מען האָט געבראַכט מאָטעלע „קאָליען” אַ לעבעדיקן. און עס האָט אים געבראַכט אויף זיַינע פּלייצעס יאַנקל דער בעקער.

ווער עס געדענקט יאַנקל בעקער, דער ווייסט, אַז עס איז נישט געווען פאַר זיַינע כוחות צו טראָגן פון מידניקער וואַלד מאָטעלען, וויַיל מאָטעלע איז געווען גרויס און גראָב און דער עיקר — נאָס און זיַין הלבשה אויסגעווייקט אין די וואַסערן אין וועלכע ער איז געווען פאַרשטעקט; דעמאָלט האָט מאָטעלע געוויגן מער ווי דער וואָס האָט אים געטראָגן אויף זיַינע פּלייצעס. אָבער יאַנקל בעקער, האָט קיינעם נישט געוואָלט איבערגעבן די מצווה פון ברענגען מאָטעלען צו זיַין מאַמען — און דאָס שטעטל האָט דעמאָלט געהאַט אַ גליקלעכן טאָג פון זיך געפינען דעם פאַרלוירענעם מאָטעלען. און אַזעלכער איז געווען יאַנקל בעקער. איך האָב אים געקענט פון גאָר נאָענט, וויַיל ער איז געווען אַן אַטוואָצקער חסיד און געדאַוונט אין דעם זעלביקן שטיבל וואָס מיַין טאַטע.

ווער פון די סטאָקער געדענקען נאָך ווי דער אָטוואָצקער רבי איז געקומען קיין סטאָק צו זיַינע חסידים — און די חסידים האָבן אויסגעשפּאַנט די פערד פון דער בריטשקע, וואָס דער סטאָקער פּריץ האָט ספּעציעל צוגעשטעלט צו ברענגען דעם רבין פון דער באַן פון זשעליענעץ. די חסידים האָבן געשלעפּט די בריטשקע, כאָטש דער רבי ר׳ שמחה האָט דאָס נישט געוואָלט, אָבער זיַינע חסידים האָבן געטאָן זייערס און דער רבי איז איַינגעשטאַנען ביַי יאַנקל בעקער. מען האָט דעמאָלט געפילט ווי די קדושה פון גרויסן רבין און צדיק קומט אַרויס פון יאַנקל בעקערס הויז.

און ווען איך בין לעצטנס געווען אין ארץ־ישראל און איך בין געווען צו גאַסט ביַי אונדזער טיַיערן שלמה דוד פריימאַן —יאַנקל בעקערס זון— און זעענדיק דאָס בילד פון יאַנקל בעקער הענגען אויף דער וואַנט, האָב איך באַשיַינפּערלעך געזען דאָס אַמאָליקע בילד ווי מאָטעלע „בעגעלע” (נאָך יענער געשיכטע האָט ער באַקומען דעם נאָמען „בעגעלע”, וויַיל ווען מען האָט אים געפרעגט: ווו ביסטו געווען? האָט ער געענטפערט: אויף דעם „בעגעלע” — אַנשטאָט בערגעלע), האָב איך נאָך דעמאָלט געזען ווי מאָטעלע זיצט אויף די שוואַכע פּלייצעס פון יאַנקל בעקער — און ער ציט די בריטשקע מיט דעם רבין שמחה בינם צו זיך אַהיים אין שטעטל אַריַין קיין סטאָק.

ווו איז אַהינגעקומען יאַנקל בעקער מיט זיַין פרוי שפּרינצע און זייער עלצטע טאָכטער, וואָס האָט געוווינט אין וואַרשע מיט איר מאַן און קינדער. וועלכער טויט האָט זיי פאַרכאַפּט? די אַנדע־

רע צוויי טעכטער, חנה־געלע און פייגע האָבן דורך אַלע שבעה מדורי גיהנום, זיך קוים געראַטעוועט און געפינען זיך היינט מיט זייערע פאַמיליעס אין ישראל. פון נתן בעקער, איז קיינער נישט געבליבן פון זיין פאַמיליע. אויך דער גרעסטער טייל פון דער משפחה פון משה־אהרן בעקער זענען אומגעקומען. פון וועלוול בעקער איז געבליבן בלויז די טאָכטער דאָבע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט דורך טויזנטער נסים, צוזאַמען מיט איר מאַן און קינדער און זיי געפינען זיך היינט אין ישראל. אַברהם־וועלוול דער בעקער מיט זיין פרוי און טאָכטער שרה — און די טאָכטער וואָס האָט געוווינט אין יאַשעראָווקע, זענען אַלע דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצי־מחבלים, דאָ אין אַרגענטינע האָט געוווינט זייער זון משה, וואָס איז געווען פאַרהייראַט מיט רחל שוואַרצבערג. אָבער עס איז פאַר אַלעמען טרויעריק באַקאַנט, אַז מיט אַ פאָר יאָר צוריק איז משה מאַלישעוויטש אַוועק אין דער אייביקייט. דאָ אין אַרגענטינע געפינט זיך אַברהם וועלוולס טאָכטער מאַליע, וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון אָשוויענטשים און אַנדערע טויטן־לאַגערן.

ווען מיר האָבן אויסגערעכנט אַלע בעלי־מלאָכות פון סטאָק, האָבן מיר דורכגעלאָזט (פאַר קיין פאַל נישט פאַרגעסן) די דריי שטעפּערס וואָס האָבן זיך געפונען אין שטעטל, ווילן מיר זיי דאָ אויסרעכענען: שמשון נוסבלאַט, אַברהם שוואַרצבערג און יוסף עדעלשטיין, שמשון שטעפּער און זיין פרוי האָדל און זייער זון אָריש, זענען אומגעקומען און די רוסישע סטעפּעס. זייער טאָכטער כאַשע ־ יענטע און זייער זון קלמן האָבן זיך געראַטעוועט און זיי געפינען זיך היינט מיט זייערע פאַמיליעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון נאָרד־אַמעריקע און זייער עלצטער זון יאַנקל און די טעכטער שבע און אסתר מיט זייערע פאַמיליעס געפינען זיך אין אַרגענטינע.

אין סטאָק איז אויך געווען אַ פאַבריקל צו מאַכן אייל (אָלעארנע), וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם לאָמען ח יי ם און זיין פרוי פעשע־הינדעס. וועגן זייערס אַ קינד איז פאָרגעקומען אַ זאַך וואָס האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע שטעטל. דער יינגסטער ביי זיי איז אַלט געווען ביי די צען יאָר און אין אַ געוויסן טאָג איז ער פאַרשווונדן געוואָרן. עטלעכע טעג האָט אים דאָס גאַנצע שטעטל געזוכט און געווען באַזאָרגט וועגן זיין גורל; מען האָט פאַרגעסן אַלע פערזענלעכע דאגות, וואָס האָבן קיין מאָל נישט געפעלט אין דעם שטעטל און מען האָט זיך געלאָזט זוכן דאָס קינד — ביז דער גרויסער חיים שניידמאַן דער קצב, וואָס האָט אים געזוכט צוזאַמען מיט נאָך יידן צווישן די קוסטעס, זומפּן און וואַסערן, אויף דעם זשעלעניצער וועג, האָבן זיי געפונען דאָס קינד אַ דערטרונקענס און אים געבראַכט צו טראָגן אין שטעטל אַריין און דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פאַרזונקען אין אַ טיפן טרויער.

אָבער אַ שטיקל צייט נאָך דער דאָזיקער טרויעריקער געשעעניש, איז געשען אַ פאַל מיט אַ יונגן בחור, וואָס איז געגאַנגען פון באַצק קיין זשעליענעץ, אין אַ געגנט ווו עס געפינט זיך אַ קליין וועלדל — און דאָרטן איז ער דערמאָרדעט געוואָרן דורך אַ שגץ. מען האָט דעם שגץ פאַרהאַלטן, צוגענומען ביי אים דאָס געווער און דאָס אַוועקגעגעבן דער סטאָקער פּאָליציי, אָבער מען האָט גאָר שנעל דעם שגץ באַפרייט, ווייל „עס זענען נישט געווען קיין באַווייזן קעגן אים” און דאָס שטעטל איז געבליבן אין אַ טרויעריקן מצב.

צוגלייך דערמיט איז אויך געשען אין וויעליטשנע, אַ דערפל פון עטלעכע יידישע משפחות איז דאָרטן געשטאָכן געוואָרן אַ יידישער בחור פון אַ 25 יאָר דורך פוילישע מערדערס. אויך זיין טויט האָט געטראָפן דאָס שטעטל ווי אַ גרויס אומגליק. אַ חוץ די טויטנפאַלן, האָט דאָס שטעטל געהאַט פון צייט צו צייט שווערע ביטערע מאָמענטן, סיי מאָראַלישע און סיי פון גרויסע לעבנס־פאַרלוסטן. עס איז געווען אַ צייט, ווען אין געציילטע חדשים האָט פּאַסירט אַז שוואַנגערנדיקע פרויען זענען, פאַרן האָבן דאָס קינד אַוועק פון דער וועלט און דאָס האָט געהאַט גאָר אַ שווערע ווירקונג אויף דעם שטעטל און עס וואָלט געווען אַ פעלער, אַז מען זאָל די דאָזיקע זאַכן נישט דערמאָנען און איך וועל דערציילן די זאַכן אַזוי ווי איך געדענק זיי:

די פרוי פון שמואל־מרדכי מאַלישעוויטש — דעם „גרויסן מאַנעסעס” זון, ווען זי איז שוין געווען אין די „הויכע חדשים” איז זי קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. און לויט דעם יידישן דין טאָר מען זי נישט מקבר זיין צוזאַמען מיט דעם קינד, וואָס איז שוין אויך טויט; לויט דעם דין „מוז זי פריער האָבן דאָס קינד” און נאָך דעם דאַרף מען זיי ביידע באַערדיקן אין דעם זעלביקן קבר. איז ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? אַלע גבאיטעס פון שטעטל, טוען

דאָס וואָס זיי וויסן אַז דאָס קאָן העלפן צו האָבן דאָס קינד — אָבער דאָס דאָזיקע געשעט נישט; מען מאַכט הייסע וואַנעס, מען זאָגט ברכות און להבדיל קללות און עס העלפט נישט. דאַן באַשליסט דער סטאָקער רב מיט דער צושטימונג פון נאָך יידן, אַז אַ מנין יידן זאָלן זאָגן תהילים, מיט ספעציעל צוגעפּאַסטע תפילות פאַר אַזאַ אומגליקלעכן מאָמענט. ער הייסט אויך מײַן טאַטן משה סופר צו בלאָזן שופר, כמעט דאָס זעלביקע וואָס מען ווענדעט אָן בײַם אַרויסטרײַבן אַ דיבוק — און דער נס געשעט: דאָס קינד ווערט אָפּגענומען שוין שפּעט נאָך מעריב און אַרום צען אַזייגער בײַנאַכט, קומט צו קבורה דאָס קינד צוזאַמען מיט דער מוטער.

אין יענער צײַט זענען אויך פאָרגעקומען כמעט ענלעכע געשעענישן מיט שטאַרבן פון מוטערס, בײַם געבורט פון זייערע קינדער. עס געשעט אַז עס שטאַרבט די פרוי פון זאַנוויל טשערוואָנאָגוראַ, ווען זי געבוירט דאָס קינד; דאָס זעלביקע געשעט אויך בײַ דעם זאַמען זייגערמאַכער אָסטשעגאַ, ווען עס שטאַרבט זײַן פרוי די אײַנבינדערקע בײַם האָבן דאָס קינד און אין עטלעכע טעג שפּעטער געשעט דאָס זעלביקע בײַ דער פרוי ווייעלע פון די ווילקעס און באַלד ברענגט מען אַ יידישע פרוי פון יאַשעראָווקע, וואָס איז שוין טויט און דאָס קינד איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן און עס איז אויך נישט געווען לײַכט ביז מען האָט זיי געקאָנט ברענגען צו קבורה.

אָט די געשעענישן זענען פאָרגעקומען אין אַ קורצער צײַט פון אפשר איין יאָר — און זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, איבערגעלאָזט אַ שווערן אײַנדרוק אין שטעטל.

## זאַכן וואָס האָבן זיך אײַנגעקריצט אין זכרון

סטאָק האָט אויך געהאַט זייער אָריגינעלע מענטשן און אויך געשעענישן וואָס האָבן זיך ספּעציעל אײַנגעקריצט אין זכרון און איך וועל זיך באַמיען זיי צו פאַרצייכענען אָן שום באַפּוצונגען, נישט אַראָפּנעמען און נישט צוגעבן גאָרנישט.

איך וועל אויסטיילן און אָנהויבן מיט מאָטל ליבעלטשיק און זײַן פרוי ביילע, שלמה זלמנס טאָכטער און זייער זון יהושע, וואָס איז געווען מײַן יוגנט־חבר און איך האָב צוזאַמען געאַרבעט מיט אים בײַ טביה באַטניק (און נאָך שפּעטער האָבן מיר צוזאַמען געאַרבעט אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות בײַ מאירקע בלומענקראַנץ אין שטוב).

מאָטל לובעלטשיק איז געווען אַ ייד מיט אַ טיפן תלמודישן וויסן, ממש אַ לעבעדיקע תלמודישע ענציקלאָפּעדיע. ער איז אויך געווען אַרײַנגעטאָן אין קבלה און זײַן וויסן און קענטשאַפט האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. ער האָט געהאַט אָנגעשריבן אייניקע חיבורים, אָבער צוליב זײַן גרויסער אָרעמקייט האָט ער זיי נישט געקענט אָפּדרוקן און ס׳איז אין סטאָק נישט געווען ווער עס זאָל אים קאָנען מיטהעלפן מיט געלט דאָס אַרויסצוגעבן. זײַן פרוי ביילע, וואָס מען האָט איר געגעבן אַ ספּעציעלן צונאָמען — ווײַל זי איז לײדער ניט געווען קיין היינע האָט געהאַט אַ הויכע שיינע פיגור, אַ שיין ליכטיק פּנים, גרויסע שוואַרצע אויגן און שלאַנק, גלײַך ווי אַ ווירע — אַן אמת גראַציעזע פיגור.

שבת, אויף צו גיין אין שיל אַרײַן, פלעגט זי האָבן אַ סאַמעטן קלייד, מיט אַ שיינער גאָלדענער קייט, אָבער די שיך זענען געווען די זעלביקע. ווער עס פלעגט זי זען גיין אין שיל אַרײַן, האָט געזען וואָס פאַר אַ פּרעכטיקע שיינהײַט די ביילע איז. אָבער אין זייער שטוב ווו זיי האָבן געוווינט בײַ משה־אריהן טיף אין הויף, זענען שטענדיק געווען אַרײַנגעשטעלט די דאָפּלטע פענצטער און די ווענט —און אַפילו די לופט— איז געווען פול מיט שימל. די פּאָדלאָגע איז ניט געווען צו דערקענען. כ׳פלעג זען ווי די קינדער ליגן אין זייערע וויגן — און אַ כך מאָל האָב איך געהאָלפן אײַנוויגן די קינדער און מער ווי צוויי אָדער דרײַ יאָר פלעגט אַזאַ קינד נישט „דערציִען" און אפשר מער ווי 12 קינדער, טײַערע נשמהלעך, האָבן אַזוי אומשולדיק אויסגעהויכט זייערע לעבנס.

און אַפילו הײַנט מאַטערט מיר דער געדאַנק, ווי אַזוי דער זון יהושע האָט געקאָנט אויפוואַקסן און שפּעטער ווערן נאָך אַ קרבן פון דעם מערדערפאָלק די דײַטשן. איך דערמאָן מיך ווי עס וואָלט געווען איצט, ווי איך, יהושע און שמואל בלומענקראַנץ, זענען אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון וואַרשע, נאָך דעם ווי מיר האָבן פאַרקויפט אונדזער סחורה, די געפּוצטע תפילין צו אַ וואַרשעווער ייד וואָס האָט געהאַנדלט מיט רעליגיעזע סחורות. עס איז שוין געווען שפּעטלעך בײַנאַכט און עס איז נישט געווען פאַר אונדזערע קעשענעס צו גיין איבערנעכטיקן אין אַ האָטעל, האָבן מיר בײַ זיך אָפּגעמאַכט אַזוי אַרומצושפּאַצירן ביז עס וועט

ווערן טאָג און אין דער פרי צו גיין קיין פּראַגע, צו נעמען דאָרטן די באַן און פאָרן אַהיים קיין סטאָק. דער דאָזיקער יהושע האָט געהאַט אַ מיידל, וואָס ער פלעגט באַהאַלטענערהייט כאַפּן אַ בליק אויף איר. זי איז געווען זײַנע אַ שכנה, די טאָכטער פון משה־אריה און איר נאָמען איז געווען לייטשע. אָבער איר פאָטער איז געווען משוגע פרום און ער פלעגט זאָגן, אַז אויב זײַן טאָכטער וועט חתונה האָבן מיט אַ בחור וואָס זײַנע עלטערן זענען חסידים פון אַן אַנדער רבין — וועט ער זײַן טאָכטער פאַרסמען... אויף אַזוי ווײַט איז דערגאַנגען זײַן חסידישער פאַנאַטיזם.

און אָט אַזוי גייענדיק, שוין באַגינען איבער די וואַרשעווער גאַסן, אין די געדיכטע יידישע קוואַר־טאַלן, איז יהושע געגאַנגען אַ שווײַגנדיקער און גאָרנישט גערעדט. זאָג איך צו אים: זאָג מיר, יהושע, דו טראַכסט נישט אַמאָל וועגן דײַן לייטשען, אפשר וועסטו זי איצט טרעפן? ווײַל זי איז דע־מאָלט געווען צו גאַסט אין וואַרשע בײַ קרובים. און דאָ אַזוי שמועסנדיק, קומט זי גראָד אַרויס פון אַ הויף און גייט עפּעס קויפן אין אַ מילך־געוועלבל. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן דעם צוזאַמענטרעף פון שיִען מיט לייטשען. ביידע האָבן נישט געפונען קיין ווערטער און האָבן זיך בלויז אָנגעקוקט אָן רייד.

זעענדיק, אַז מיר וועלן די לאַגע נישט פאַר־בעסערן — און אַפילו נישט אויפפּלאָנטערן — פאַר־לאָזן מיר זיי און מיר פאַרנעמען זיך אויף דעם וועג קיין פּראַגע. אַ שטיקל צײַט איז שיִע געווען אָפּ־ווענזנד פון סטאָק און מיר האָבן אויפגעלייזט אײַד־ער „קאָאָפּעראַטיווע" פון תפילין־מאַכערײַ. טײַע־רער שיִע! ווו ביסטו אַהינגעקומען? וואָס איז גע־וואָרן פון דײַן טאַטן? און ווו איז אַהינגעקומען דײַן מאַמע? — איין גורל האָט אײַך אַלע דרײַ געטראָפן — טרעבלינקע!

איך וועל דערמאָנען נאָך איין עפּיזאָד, ווען אין שטעטל האָט געבושעוועט דער טיפוס און יעדן טאָג זענען געווען פרישע קרבנות פון דער מגפה און עס האָט אויך געטראָפן דעם סטאָקער רבס איי־דעם — אפרים הערש, דער פאָטער פון רחל־ביילע אָסטשעגאַ, וואָס איז אויך נפטר געוואָרן און מען האָט געבראַכט דעם מת מיט דער מיטה אין בית המדרש אַרײַן און מאָטל לובעלטשיק האָט געהאַלטן די הספד־רעדע. ער האָט אָנגעהויבן מיט דעם פּסוק פון שיר השירים „דודי ירד לגנו" — און דער גאַנצער עולם יידן אין בית המדרש זענען עלעקטריזירט געוואָרן און האָט נאָכגעזאָגט די וואָר־טער און זיי איבערגעטײַטשט אין יידיש, אַז „גאָט איז אַראָפּ אין סטאָקער גאָרטן, כדי אויסצוקלײַבן די שענסטע בלומען און רײַסט זיי אַרויס אומברחמ־נותדיק". אים, — מאָטלען — האָבן אָנגעהויבן צו שטיקן די טרערן און ער האָט ווײַטער נישט געקאָנט רעדן. מען האָט נאָך דעם געמאַכט זיבן הקפות מיט דעם נפטר אַרום דעם בעלעמער. לייזערקע זשע־לעניעץ טיילט אײַן ווער עס זאָל זײַן דער „טרע־גער" בײַ יעדער הקפה און נאָך דעם טראָגט מען אַוועק דעם נפטר אויפן סטאָקער „גוטן אָרט" און מען איז אים דאָרטן מקבר.

איצט שטייט פאַר מײַנע אויגן די בלינדע חוה, מיט אירע זין משה און זלמן. איך קאָן נישט גע־דענקען ווען דער מאַן פון דער בלינדער חוה איז געשטאָרבן. איך געדענק אָבער יאָ, אַז עס איז גע־ווען בײַ זיי אַ מיידעלע, וואָס האָט געהאַט אַן האַלבן קאָפּ מיט האָר און די אַנדערע העלפט, איז געווען גלאַטיק. אָבער דאָס מיידעלע איז אַוועק אין די פריסטע יאָרן פון דער וועלט און עס איז בלויז געבליבן די בלינדע מאַמע און די צוויי יינגלעך. ווען עס זענען געווען די מלחמה־יאָרן, פלעגט צום ערשטן גיין דאָס עלטערע יינגל משה, אַלע ערב שבת מיט דער בלינדער מוטער אין די הײַזער צו בעטן אַ נדבה און פון דעם האָבן זיי זיך גענערט אַ גאַנצע וואָך. דאָס איז געווען אַזוי לאַנג ביז דער עלטערער זון, משה, איז אַוועק אַרבעטן אַלס אַ יערנייִנגל צו אַ שוסטער — און זינט יענער צײַט פלעגט דער יינגערער זון זלמן גיין מיט דער בלינדער מאַמען נאָך נדבות אַלע ערב שבת, ביז דער צײַט, ווען אויך דער יינגערער זלמן איז אויך אַוועק אַרבעטן אויף דער לער אַלס שוסטער צו מײַן שוואָגער ישראל־משה — מײַן שוועסטער ביי־לעס מאַן (מײַן שוועסטער האָט דעמאָלט געוווינט בײַ דעם „גרויסן יאַשע" אין הויז) און גלײַך זיי ביידע זין האָבן אָנגעהויבן צו פאַרדינען האָט די מוטער אויפגעהערט צו גיין ערב שבת נאָך נדבות.

זיי האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין דעם הויז וואָס די סטאָקער קהילה האָט אויסגעבויט נעבן דעם בית המדרש. צום ערשטן איז דאָס דאָזיקע הויז געווען אַ „ביליקע קיך", ווו מען פלעגט אויסטיי־לן דאָס עסן וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן מיט דער מיטהילף פון „דזשאָינט", וואָס האָט אין יענער צײַט

איך צוגעטײלט סײַ עסן און סײַ צו ביסלעך קלײדונג, וואָס עס איז געווען זייער אַ גרויסע זאַך אין יענע נאָך מלחמה־יאָרן.

ווען די שטיצע פון „דזשאָינט" אויף דעם געביט האָט זיך פֿאַרענדיקט (ווײַל די דאָזיקע שטיצע האָט אָנגענומען אַנדערע, מער קאָנסטרוקטיווע פאָרמען), איז דאָס הויז בײַם בית המדרש געוואָרן אַ פּלאַץ ווו עס האָט געוווינט דער אַלטער שמש שלמה־הערש און זײַן פרוי. אַ געוויסער טייל איז צוגעטײלט געוואָרן פאַר אַן הכנסת אורחים, ווו עס האָבן איבערגענעכטיקט די אָרעמע לײַט וועלכע האָבן זיך געפונען אין סטאָק בעת זייער גיין איבער דער מדינה — און די צווייטע טייל פון דעם הויז האָט מען אַוועקגעגעבן דער בלינדער חוה מיט אירע צוויי זין און זיי האָבן דאָרטן אײַנגעאָרדנט זייער וואַרשטאַט פון שוסטערײַ און די בלינדע מאַמע האָט געפירט די ווירטשאַפט; האָט געקאָכט דאָס עסן, פאַרריכט אַ העמד און געלייגט אַ לאַטע אויף די צעריסענע הויזן. עס איז געווען בײַ אַלעמען אַ וואונדער, וואָס אַזאַ בלינדע פרוי קאָן אויפהאַלטן אַזוי ציכטיק די שטוב און פאַרריכטן אַ לאַטע. זי פלעגט בלויז בעטן די קינדער, אַז זיי זאָלן אײַנפעדעמען די נאָדל און דאָס איבעריקע פלעגט זי שוין טאָן מיט זייער אַ סך געניטקייט — פונקט ווי אַ זעעוודיקע.

איך פלעג דאָרטן זײַן אַן אָפטער אַרײַנגייער, ווײַל זיי, די זין, זענען געווען מײַנע אידייען־חברים און איך פלעג זען ווי די בלינדע מאַמע זיצט און פאַרריכט אַ העמד אָדער הויזן — און ווי זי האָט געמאַכט גלאַטיק די לאַטע, אַ שיינע און אַ גלײַכע, איז נאָר געווען זי צו קושן די הענט... און ווען איך האָב איר דאָס געזאָגט, איז זי געווען שטאַרק צופרידן וואָס מען קאָן אָפּשאַצן איר אַרבעט און זי פלעג מיר זאָגן: אַ מאַמע, אַ בלינדע צי אַ זעעוודיקע דאַרף זײַן פריער פון אַלץ אַ מאַמע. און זי פלעגט נאָך צוגעבן: חבר קיאַק! (אַזוי פלעגט זי מיך רופן) „ביעדאַ נאַוטשי", די נויט לערנט אויס. זי איז געווען אַ שיינע פרוי, אַ הויכע, אַ ציכטיקע. זי האָט געקאָנט דאַוונען און זאָגן די תחינה פון אויסנווייניק און זי פלעגט פאַרלאַנגען בײַ די זין, אַז זיי זאָלן פאַר איר לייענען די „אַרבעטער צײַטונג" און די „פרײַע יוגנט", די צוויי אויסגאַבעס פון די לינקע פועלי ציון און זי איז געווען גוט אָריענטירט אין אַלע פאַרטיי־ענינים.

## סטאָק פון מײַנע קינדער יאָרן

אויף יויפל מײַן זכרון דינט מיר, וועל איך אָנהייבן צו דערציילן דאָס וואָס איך געדענק פון מײַנע קינדער־יאָרן. איך וועל אָנהויבן פון יענעם פרימאָרגן, ווען מײַן טאַטע האָט מיך אַרויסגענומען פון בעט און האָט מיר געוויזן אַ זאַך, וואָס עס איז געווען אַ פולשטענדיקע נײַעס פאַר סטאָק: אין דרויסן נעבן בוטשע גאַדענגאַנד וואָס איז געווען אַ שוסטער, זענען געשטאַנען צוויי דײַטשן וועלכע האָבן געפירט אין קייטן צוויי בערן. די בערן פון ברוינעם קאָליר, זענען געשטאַנען אויף די אונטערשטע פיס און אין די פאָדערשטע פיס האָבן זיי געהאַלטן פלעשער מיט ביר און זיי האָבן געטרונקען פון די פלעשער; די דײַטשן האָבן זיי באַפוילן צו פאַרנויגן זיך (אין יענער צײַט זענען די דײַטשן געווען זייער העפלעכע) און די בערן האָבן דאָס אויסגעפילט. שפּעטער זענען די דײַטשן געגאַנגען צו די ווײַטערדיקע הײַזער און זיי האָבן איבערגעחזרט די זעלביקע זאַך.

די מאַמע מײַנע האָט באַלד געזאָגט צו דעם טאַטן: משה, זײַ וויסן אַז דאָס זענען דײַטשע שפּיאָנען! דאָס דאָזיקע איז געשען אין יאָר 1912 און אומגעפער אין צוויי יאָר אַרום, דעם 28סטן יוני 1914, איז פאָרגעקומען דער טרויעריק־באַרימטער סאַראַיעווער שאָס און אין אַ חודש שפּעטער, דעם 28סטן יולי פון זעלביקן יאָר איז אויסגעבראָכן די מלחמה פון די דײַטשן קעגן דעם גרעסטן טייל פון די אייראָפּעיִשע מלוכות — און דער פולווער־פאַס פון דער וועלט, האָט אויפגעריסן אויף אַ שרעקלעכן און בלוטיקן אופן.

איך דערמאָן זיך יענעם תשעה־באָב, ווי דאָס שטעטל האָט אַרויסבאַגלייט די אַלע וועמען מען האָט מאָביליזירט. די געוויינען פון די פרויען, פון די מאַמעס, פון די טאַטעס און פון די קינדער, קלינגען מיר נאָך אַלץ אָפּ אין די אויערן. עס האָט נישט געדויערט קיין סך טעג און איבער דעם שטעטל האָבן אָנגעהויבן דורכמאַרשירן רוסיש מיליטער פון אַלע מינים צום פראָנט און אויף דעם שטעטל סטאָק האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ פינצטערער וואָלקן. אין דער ערשטער ריי זענען דאָס געווען די צוגענומענע טאַטעס, וואָס זענען געווען די שפּײַזערס פון די משפּחות און די באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן צו לײַדן הונגער, קעלט און — שרעק.

די רוסישע סאָלדאַטן, הויפּטזאַכלעך די קאָזאַקן,

האָבן געזייט פּחד און מאָרד און פאַרגוואַלדיקונג, ספּעציעל צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג. און דאָס האָט אַזוי לאַנג געדויערט ביז עס זענען אַרײַנגעקומען די דײַטשן (וואָס זענען אין יענער צײַט געווען די „גוטע דײַטשן") און אויף אַ סך געביטן האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרלײַכטערונג. שוין אין יענער צײַט האָבן די דײַטשן געהאַט זייערע פּלענער וואָס צו טאָן מיט גאַנץ אייראָפּע. דאָס זענען אָבער נישט געווען די שוידערלעכע היטלער־פּלענער מיט דער ייִדן־אויסראָטונג. זיי האָבן אין שטעטל אײַנגעפירט אַ קאָמענדאַנטור אָדער „וואַכע", וואָס האָט זיך געפונען אין דער רעזידענץ פון פּריץ און פון „סאָנד" (געריכט); עס איז געווען פאַרווערט דאָס אַרויסרירן זיך עפּעס ווײַטער פון דעם שטעטל אָן אַ באַזונדער „שיין", וואָס עס האָט געמיינט אַ דערלויבעניש און נאָך 8 אַזייגער אין אָוונט האָט מען אויך נישט געטאָרט אַרויסגיין פון די הײַזער אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. און בעת די סליחות, ערב ימים נוראים, האָט מען באַדאַרפט אַ גאָר ספּעציעלע דערלויבעניש, ווײַל דאָס פלעגט זײַן נאָך האַלבער נאַכט און אַזאַ מין דערלויבעניש איז געווען פאַרבונדן מיט זייער אַ ספּעציעלן פּרײַז.

די פּאָליאַקן פון שטעטל פלעגן אונדז פאָרוואַרפן, אַז מיר ייִדן, זענען די פאַרבינדעטע פון די דײַטשן „וואַשאַ טשאָטקאַ ניעמיעץ" — אײַער מומע דער דײַטש, ווײַל מיר ייִדן האָבן ווי נישט איז זיך געקאָנט פאַרשטענדיקן מיט די דײַטשן, צוליב דעם לשון — און מיר ייִדן, וואָס געוווינען זיך שטענדיק צו צו אַלצדינג, האָבן זיך אויך אָנגעהויבן צוצוגעוווינען צו די דײַטשן, אויף זייער לשון — אַ זאַך וואָס די גויִים האָבן נישט באַוויזן. אַ חוץ דעם האָבן די פּויערים געטראָגן אַ שנאה צו די דײַטשן, דערפאַר וואָס יענע האָבן בײַ זיי סעקוועסטרירט די בהמות, דעם קאָרן און אַנדערע תבואות. די קאַרטאָפל, די הינער, די אייער און פּוטער און אַנדערע זאַכן און האָבן דאָס אַוועקגעשיקט קיין דײַטשלאַנד, אָדער באַנוצט פאַר דער אייגענער אַרמיי. וואָס שײַך ייִדן האָבן זיי אויך געהאַט זייערע שוועריקייטן, מיט די „באָנאָס" וואָס מען האָט זיי אַרויסגעגעבן, זענען זיי געווען צו ווייניק אויף צו לעבן, אָבער מען האָט זיך ווי נישט אַן עצה געגעבן.

עס זענען אָבער געווען אַ סך אַנדערע צרות און שוועריקייטן, הויפּטזאַכלעך אויף דעם היגיעניש געביט. פון דעם שרעקלעכן דלות און פון דעם אָנקומען פון די אַרמייען און בכלל די שמוץ וואָס עס האָט אין יענע צײַטן געהערשט אין די פאַרנומענע געביטן, האָבן געבראַכט צו אַן „אינוואַזיע" פון לײַז, שטשורעס א"אַ „באַשעפעניש" וועלכע האָבן פאַרשפּרייט אַלערליי עפּידעמיעס און מגיפות ווי טיפוס און אַנדערע קראַנקהײַטן, וועלכע האָבן געקאָסט אַ סך קרבנות דעם שטעטל פון עלטערע און יונגע. און די דײַטשן פלעגן צו די דאָזיקע פאַלן אָננעמען מער מיליטערישע ווי מעדיצינישע מיטלען. אַ טייל פון די קראַנקע האָט מען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל פון דער פּאָוויאַט־שטאָט ווענגראָוו. און אַ חוץ דעם האָבן זיי אָנגענומען אַנדערע פאָרזיכטס־מיטלען. מען האָט אונדז, קינדער, געשטעלט פּאָקן קעגן פאַרשידענע אָנשטעקנדיקע קראַנקהײַטן. מען האָט אונדז אויך געפירט אין „דער וואַנדערנדיקער באָד", וואָס איז געווען אַזאַ קײַלעכדיקע פאַס פון אַ גרויסן פאַרנעם און די ווענגראָווער סאַניטאַרן, האָבן גענומען דאָס אָנטאָן און בעטגעוואַנט און אַרײַנגעלייגט אין דער באָד, וואָס איז געווען פול מיט פּאַרע. נאָך דעם האָט מען געדאַרפט סטעריליזירן די זאַכן וואָס האָבן געקאָנט ברענגען די עפּידעמיעס. די ווענגראָווער סאַניטאַרן זענען געווען משה מאַנדעלבוים און איטשע קאשיץ — און זיי האָבן דאָס געדאַרפט זען, אַז די זאַכן וואָס מען האָט אַרײַנגעלייגט אין באָד, זאָל דערנאָך עפּעס אַרויסקומען פון דעם; ווײַל נישט איין מאָל, איז אַלצדינג וואָס מען האָט אַהין אַרײַנגעלייגט, איז פון אַלצדינג אַרויסגעקומען פאַרברענט, סײַ דאָס ביסל בעטגעוואַנט און סײַ די אַלטע „לאַכעס" און פאַר אונדז, קליינוואַרג, איז דאָס אַלצדינג געווען אַ סענסאַציע.

אויף צו באַקעמפן די עפּידעמיעס האָבן דערמאָלט די דײַטשן אויפגעשטעלט נעבן נחמנקע מלמד אַזאַ ביידל מיט אַ גרויסן קעסל און כדי דאָס וואַסער וואָס מען דאַרף באַנוצן צום טרינקען, זאָל ווערן געזאָדן, פלעגט מען דאַרפן גיין אַהין און נעמען דאָס וואַסער אין ריינע כלים. מען האָט נישט דערלויבט צו שעפּן דאָס וואַסער מיט אייגענע עמערס, נאָר יעדער ברונעם האָט געדאַרפט האָבן אַן אייגענעם עמער צוגעפעסטיקט צו דער קייט און פאַרמאַכט די דעק פון דעם עמער מיט אַן איבערקרייץ פון אײַזן, כדי קיין פערד אָדער קו זאָלן נישט קאָנען טרינקען פון די עמערס. מען האָט אויך נישט דערלויבט אויסצוגיסן די אומריינע וואַסערן אָדער אַנדערע זאַכן אין גאַס אַרײַן. מיט איין וואָרט:

די דײַטשן האָבן „אָרגאַניזירט" דאָס שטעטל און אַפילו אין דער מקווה האָבן זיי באַפוילן אַרײַנצושטעלן אַ פּלומפּ, אויף אַרויסצוגיסן די אומריינע וואַסער און אָנצוצאַפּן פרישע ריינע וואַסער.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָבן זיי געטאָן מער פאַר זיך, ווײַל עס זענען געווען אין סטאָק אַ גרויסע צאָל דײַטשע זעלנער און זיי האָבן געוואָלט היטן זייער אייגענע פעל. פון צײַט צו צײַט, פלעגן זיי פּראַווען באמת ווילדע שטיק קעגן די ייִדן (כאָטש ווי מיר האָבן פריִער באַמערקט, אַז דאָס זענען געווען „גוטע דײַטשן"). זיי פלעגן אײַנשפּאַנען אַברהם דרייאַרזש אין אַ וואָגן און צווינגען עטלעכע ייִדן זיך אַרײַנצוזעצן אין וואָגן און עטלעכע ייִדן האָבן געדאַרפט אונטערשטופּן דעם וואָגן און אַזוי אַרום האָבן זיי געדאַרפט מאַכן עטלעכע אומקרײַזן איבער דעם מאַרק און אַלע צוזאַמען האָבן געדאַרפט זינגען שבתדיקע זמירות. און מען פלעגט צווינגען די ייִדן פון שטעטל אַרויסצוגיין פון די הײַזער און זיך צוצוקוקן אויף דער ווילדער וואַקכאַנאַליע.

און אַזוי האָט דאָס שטעטל געלעבט, געליטן און געוואַרט אויף בעסערע צײַטן. עס האָבן שוין אָנגעהויבן אָנצוקומען בריוו פון די זעלנער און מען האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו דערוויסן, פון וועמען מען וועט שוין מער קיין בריוו נישט באַקומען. פון צײַט צו צײַט איז שוין ווער עס איז געקומען צוריק פון געפאַנגענשאַפט. און קיין סך נײַעסן האָט מען אין שטעטל נישט געוווּסט; עס זענען געווען צוויי אָדער דרײַ פערזאָן וואָס פלעגן יאָ לייענען אַ צײַטונג — און פון זיי האָט מען זיך דערוווּסט „ווי מען האַלט אין דער וועלט". פון זיי האָט מען געוווּסט אַז אויף דעם פראַנצויזישן פראָנט גייען אָן פאַרביסענע שלאַכטן בײַ ווערדון און אַז די דײַטשע קריגס־מאַשין הויבט זיך אָן אײַנצוברעכן. און עס איז שפּעטער אויך געקומען אַ טאָג ווען סטאָק האָט געזען, ווי זיי, די אַלע נעכטיקע שטאָלצע דײַטשן, פאַר וועלכע אַלע האָבן זיך אַזוי שטאַרק געשראָקן, מיט זייערע זשאַנדאַרן בראָש, פאַרלאָזן אײַלנדיק סטאָק און די גויִים אין די דערפער וואָס פלעגן אַזוי ציטערן, ווען זיי פלעגן דערזען אַ דײַטשן מונדיר, האָבן אין געוויסע מאָמענטן אַראָפּגעצויגן פון זיי די מונדירן.

די דײַטשן האָבן מיט זייער „העפלעכקייט" נאָך געזאָגט צו אַלעמען „אויף ווידערזען!" — און צום באַדויערן איז דאָס מקוים געוואָרן אין יאָר 1939, ווען זיי זענען געקומען צוריק און די נקמה איז דאַן געווען, נישט קעגן די גויִים (וועלכע האָבן בײַ זיי אויך נישט „געלעקט קיין האָניק"), נאָר הויפּטזאַכלעך קעגן ייִדן, ווען זיי האָבן אומברחמנותדיק אויסגעמאָרדעט מיט אַלע מיתות משינות.

נאָך דעם געשלאָסענעם וואָפנשטילשטאַנד און שפּעטערדיקן שלום־אָפּמאַך, איז פוילן געוואָרן זעלבסטשטענדיק — און די דאָזיקע זעלבסטשטענדיקייט האָבן די סאַמע ערשטע געפילט די ייִדן, קעגן וועמען עס האָבן זיך אָנגעהויבן גזירות, פאַרפאָלגונגען און אויך פּאָגראָמען און סטאָק האָט די אַלע זאַכן אויך נישט אויסגעמיטן. באַלד נאָך דער פוילישער זעלבסטשטענדיקייט, האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה קעגן באָלשעוויסטישן רוסלאַנד. די פּאָליאַקן האָבן אין יענער צײַט געוואָלט אײַננעמען (און זענען אַפילו אַרײַנגעקומען אַהין) קיִעוו, מיט נאָך אַ סך פלעצער. פון דער צווייטער זײַט זענען די באָלשעוויקעס אין זייער קאָנטער־אָפענסיווע דערגאַנגען אַזש ביז וואַרשע און דאָס שטעטל סטאָק, כאָטש עס איז נישט געלעגן בײַם סאַמע טראַקט, האָט אויך באַצאָלט איר חלק.

כמעט די גאַנצע סטאָקער ייִדישע יוגנט האָט געדינט אין דעם 15טן פּולק (און די גויִים האָבן דעם דאָזיקן פּולק גערופן „משה רבינוס פּולק"), ווײַל דער גרעסטער טייל פון די זעלנער זענען געווען ייִדן. און דער דאָזיקער פּולק האָט זיך העלדיש געשלאָגן. אָבער דערפאַר האָבן די פּאָליאַקן זיי באַצאָלט מיט אַ גאָר גוטער „אויסצייכענונג" און ווען פוילן האָט געוווּנען די מלחמה (מיט דער פראַנצויזישער מיטהילף), האָט מען דעם גאַנצן 15טן פּולק, צוזאַמען מיט אַ טייל פון 37סטן פּולק (פאַרשטייט זיך, אַז אַלע ייִדן) אַוועקגעפירט קיין יאַבלאָנע, וואָס איז געווען אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר זיי. דאָרטן זענען אַ סך ייִדישע סאָלדאַטן אומגעקומען און צווישן זיי אויך אַ סך סטאָקער.

עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז מײַנע צוויי ברידער, שמואל און הערשל, זענען דעמאָלט געווען אויף די פראָנטן און ווען מײַן ברודער הערשלס פּולק פלעגט דורכגיין אין אַ געגנט ווו עס האָט זיך געפונען אָדער דורכגעגאַנגען דער 15טער פּולק, פלעגט ער זוכן דעם ברודער שמואל און טאַקע דאָרטן האָבן זיי זיך צוזאַמענגעטראָפן. שמואל איז געלעגן אין אַ שײַער און געשלאָפן, מיט אַ טייל איבערגעבליבענע סאָלדאַטן פון זײַן קאָמפּאַניע און ער איז געווען מער טויט ווי לעבעדיק. מײַן ברו־

דער הערשל פלעגט דערציילן, אַז עס האָט אים געקאָסט זייער אַ סך ביז ער האָט זיך אָריענטירט וואָס עס קומט פאָר און אין ערשטן מאָמענט האָט ער זיך געכאַפּט צו דער ביקס און הערשל האָט אים קוים, קוים געקאָנט באַרויִקן, און ערשט דאַן איז געקומען די באַגעגעניש ווי עס פּאַסט פאַר צוויי ברידער אין אַ שלאַכט.

באַלד ווי מען איז געקומען צו זיך, איז די ערשטע פראַגע געווען וועגן דעם וואָס עס הערט זיך אין דער היים, ווײַל בײדע האָבן נישט געהאַט קיין בריוו פון דער היים און לויט ווי עס האָבן זיי אינפאָרמירט זייערע קאָמענדאַנטן, איז סטאָק געווען אין גאַנצן צעשטערט. קיין סך צײַט זײַן צוזאַמען איז ניט געווען מעגלעך, ווײַל עס איז געווען אַ געפאַר צו פאַרבלײַבן אויסער דעם פּולק; מען האָט פאַר אַזאַ זאַך געקאָנט באַשולדיקן אין דעזערציע און וואָס אַזוינס עס באַדײַט אין מלחמה־צײַט, איז זיך לײַכט פאָרצושטעלן, ווײַל דאָס האָט געקאָנט מיינען אַ קויל אין קאָפּ.

און פאַקטיש האָט סטאָק זיך געראַטעוועט דעמאָלט ווי דורך אַ נס — אַ זאַך וואָס עס איז פאַר אַ סך סטאָקער אפשר נישט באַקאַנט. מיר האָבן דעמאָלט געוווינט בײַ יחיאל ברוכן. און בשכנות פון יחיאל ברוך, אויף נײַסטאָק, זענען געווען די פעלדער פון סטאָקער פריץ. איז הינטער אונדזערע פענצטער וואָס איז אַרויסגעגאַנגען צו די פעלדער, זענען געווען אײַנגעבראָכן אין טיפע גריבער צען גרויסע קאַנאָנען, אין פאַל דער שונא, וואָס עס האָט געמיינט די פּאָליאַקן, וועלן מאַכן אַ פּרוּוו פון גיין צוריק און אַרײַנשנײַדן אַ „קלין" אין דעם פראָנט. פון אונדזער פראָנט הינטער דעם פענצטער, האָט מען עטלעכע מאָל געשאָסן אין דער ריכטונג פון ווישלגע, כדי איבערצושנײַדן די פּוילישע ליניעס — און עס איז געשען דער „נס" וואָס עס איז נישט געקומען קיין קעגן־שאָס און צוליב דעם איז דאָס שטעטל געבליבן גאַנץ.

עפּעס ענלעכעס איז געשען אין סאַדאָווגע, עטלעכע קילאָמעטער פון סטאָק, ווו אַזעלכע קעגן־שאָסן זענען יאָ געקומען און עס האָט זיך פאַרענדיקט זייער און זייער טרויעריק. און דאָרטן איז דעמאָלט אומגעקומען אַ גאַנצע סטאָקער ייִדישע משפחה, וואָס עס איז געווען די טאָכטער פון אלי בערל פריד מיט איר מאַן און קינד, וואָס האָבן געוווינט אין סאַדאָוונע. און ווען מען האָט די הריגים געבראַכט קיין סטאָק, איז די מאַמע פון דער טאָכטער, אַ קראַנקע געזעסן בײַם פענצטער און אַרויסגעקוקט אין גאַס אַרײַן און ווען זי האָט געזען, אַז מען פירט אַדורך אַ וואָגן מיט אַן איבערגעדעקטן טוך, אין דער ריכטונג פון הקדש, האָט זי געזאָגט צו איר מאַן: גיי נאָר אלי בערל, גיב נאָר אַ קוק וועמען מען האָט דאָ געבראַכט.

בײַ דעם גרויסן אומגליק, איז אויך געשען אַ קלײנער נס; אַ קינד זייערס איז געשטאַנען נעבן דער מאַמעס פּלייצעס און ווען דער שראַפּנעל איז אַרײַן און האָט זיי דערהרגעט, זענען זיי געפאַלן אויף דעם קינד און דאָס קינד איז געוואָרן נאָר אַ קלײן ביסל פאַרוווּנדעט. און ווען מען האָט אויפגעהויבן די צוויי קרבנות, האָט מען געזען ווי דאָס קינד לעבט נאָך; נאָר איז בלויז לײַכט פאַרוווּנדעט געוואָרן.

סטאָק האָט נאָך דורכגעלעבט זייער און זייער אַ דראַמאַטישן מאָמענט און עס וואָלט געווען אַן עוולה, ווען מען זאָל דאָס דאָזיקע נישט פאַרצייכענען און דער קדוש וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט דאָס שטעטל סטאָק, זאָל נישט אַרײַן אין דעם קדשי־קדשים פון דער סטאָקער צדיקישער מצבה.

עס איז געשען אין אײנעם אַ שבת אין דער פרי, ווען דאָס פּוילישע מיליטער איז געקומען און אָפּגעטראָטן פון געוויסע מיליטערישע פּונקטן, אין אַ גאַנץ כאַאָטישן צוריקצי. צום ערשטן זענען געגאַנגען די „ראַזוויעדטשיקעס" (אויסשפּירער) און זיי זענען געווען אַרויסגערוקט עטלעכע מעטער פון דעם בית המדרש. עס איז דאַן געווען גאַנץ טונקל אין דרויסן און ישראל־מרדכי, דער אַלטער שוחט —משה מאַטעסעס שוחטס פאָטער— וואָס האָט געוווינט קעגנאיבער דעם בית המדרש און האָט אַהין געוואָלט אַרײַנגיין. ערשט ער שטויסט זיך אָן אין אַ האַרטער זאַך מיט זײַנע פיס. ער הויבט דאָס אויף און האַלט דאָס אין זײַנע הענט און דאָ דערמאָנט ער זיך, אַז עס איז שבת — און די דאָזיקע זאַך איז מוקצה און ער וואַרפט דאָס אַוועק נאָענט פון זײַנע פיס — און עס רײַסט אויף און ער ווערט צעריסן אויף שטיקער. און אין אַ פּאָר מינוט שפּעטער קומען אָן די ערשטע מיליטערישע אײנהײַטן און גייען פאַרבײַ.

ווי מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, איז די גאַנצע זאַך געווען צוגעגרייט פון אַ געוויסן לאַדעס, וואָס איז געווען אַ געמיינער כוליגאַנישער באַנדיטישער אַנטיסעמיט, ער און זײַן פרוי און אויך זייערע זין. זיי האָבן דאָס צוגעגרייט אַז די באָמבע

זאָל אויפרײַסן, ווען דאָס פּוילישע מיליטער וועט דורכגיין נעבן בית המדרש, ווײַל דאָס איז געווען די איינציקע גאַס וואָס איז געווען ברוקירט מיט שטיינער — און צוגעפּאַסט פאַרן שווערן טראַנס־פּאָרט און עס וועט אויסקומען, אַז דאָס האָבן גע־טאָן ייִדן קעגן דער פּוילישער אַרמיי; און וואָס עס וואָלט דערפון אַרויסגעקומען איז נישט שווער זיך פאַרצושטעלן. דעם גענעראַל האַלערס אַרמייען האָ־בן „געוווסט" וואָס צו טאָן קעגן ייִדן בײַ אַזעלכע צוגעגרייטע טײַוולאָנישע פּלענער — און בפרט אין אַזאַ פאַל. דעריבער זאָל דער נאָמען פון אַלטן שוחט ישׂראל־מרדכי, זײַן פאַר די סטאָקער איינער פון די גרויסע קדושים, וואָס האָבן מיט זייער טויט מקדש השם געווען — און זאָל זײַן נאָמען פאַרבלײַבן: קדוש! קדוש! ת. נ. צ. ב. ה.

נישט ווייניקער צדיקות איז געווען די אַלטע האָדעס, וואָס פלעגט יעדן שבת נאָך דעם טשאָלנט, גיין אין אַלע ייִדישע הײַזער און פלעגט פאַר־לאַנגען, מען זאָל איר געבן עפּעס פון דעם שבתדיקן טיש: חלה, ברויט, אַ שטיקל צוקער, אַ שטיקל קוגל א"אַ זאַכן. זי פלעגט דאָס אַלצדינג צוזאַמענגעמען אין פאַרטוך אַרײַן. זי האָט נישט אויסגעמיטן קיין איין ייִדישע שטוב; אויב מען האָט דאָרטן נישט געהאַט איר עפּעס צו געבן פון שבתדיקע זאַכן, פלעגט זי דאָרטן עפּעס לאָזן, אַרויסנעמענדיק פון איר פאַרטוך און קיינער האָט פון דעם נישט גע־וווסט. און ווען זי האָט צו שלוש סעודות פאַרענ־דיקט איר הייליקע אַרבעט, איז איר פאַרטוך געווען אַזוי ליידיק ווי בעת איר קומען און קיינער האָט נישט געוווסט בײַ וועמען זי האָט גענומען און וועמען זי האָט געגעבן און דערמיט האָט זי גע־שטילט דעם הונגער אין אַ סך הײַזער, אויף איינעם אָדער אויף מער טעג. זאָל אָט די האָדעס די שטילע צדיקות פון די אָרעמע באַשיידענע און ערלעכע ייִדן דערמאָנט ווערן צווישן די קדושי וטהורי סטאָק! כבוד איר אָנדענק.

ווען אין סטאָק האָט זיך פאַרענדיקט די ער־שטע וועלט־מלחמה, האָט זיך צו ביסלעך אָנגעהויבן אײַנצושטעלן אַ ביסעלע רויקייט און מנוחה. די צוריקגעקומענע פון דער מלחמה, האָבן זיך אָנגע־הויבן אײַנצוגלידערן און אייניקע זענען אַוועק אין אַנדערע שטעטלעך און נאָך אַנדערע קיין אויסלאַנד. די ייִדישע קינדער האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַר־שרײַבן אין דער פּוילישער „פּאָווששעכנער" שולע. די ערשטע שול, אָדער „שקאָלע" ווי מען האָט זי אָנגערופן האָט זיך געפונען אין דעם פּלאַץ ווו עס איז געווען דער אַלטער מאַנאָפּאָל — און איז גע־ווען אַ ביסל ווײַטלעך פון שטעטל, אָבער דאָך האָבן אַ גרויסער טייל פון די סטאָקער ייִדישע קינדער, הויפּטזאַכלעך מיידלעך, באַזוכט רעגלמעסיק די שולע. שפּעטער איז די שולע אַריבער אין מיטן מאַרק און נאָך שפּעטער אויף דעם וועג קיין דער־גיץ, וואָס האָט זיך געפונען נאָך דעם סטאָקער „גוטן אָרט".

אין יענער צײַט, האָט די גרופּע ייִדישע דע־פּוטאַטן, אונטער דעם נאָמען די „קאָלאָ" אויס־געקעמפט, אַז פאַר די ייִדישע קינדער, זאָל מען אין די אַלגעמיינע שולן באַשטימען אַ ספּעציעלן לערער פאַר רעליגיעזער אונטערריכט — און אויב מעגלעך צו מאַכן פאַר די ייִדישע קינדער ספּעציעלע שולן. דער לערער פאַר ייִדיש־רעליגיעזער אונ־טערריכט איז אַ צײַט לאַנג געווען שמשון לייזער און שפּעטער זענען אויך געווען לערער און די־רעקטאָרן פון דער פרעמד, ווי מאַרגענשטערן און ליקסעמבורג — און די ייִדישע יוגנט האָט צו־ביסלעך באַקומען וועלטלעכע און עלעמענטאַרע בילדונג.

קיין מיטלשול־בילדונג האָט די סטאָקער יוגנט נישט דערגרייכט; עס זענען אין דער ערשטער ריי נישט געווען קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייטן פאַר דעם אַז אַ סטאָקער פאָטער זאָל זיך קאָנען דער־לויבן אַזאַ לוקסוס, צו שיקן זײַנע קינדער אין דער פרעמד און אויך בײַ דער יוגנט איז געווען זייער שווער זיך צו שיידן מיט דער היים און דערפאַר האָט די יוגנט געפונען אַ פאַרגיטיקונג אין זייערע אַספּיראַציעס אין דעם וואָס זיי האָבן זיך באַטיי־ליקט אין די יוגנט־באַוועגונגען און אין די פּאָלי־טישע פּאַרטייען, וועלכע זענען געוואָרן ווי בליץ־אַפּלייטערס פון די אָנגעזאַמלטע גײַסטיקע ענער־גיעס. די אַקציע אין די פּאָליטישע קרײַזן, ווו מען האָט געפונען אַ פּלאַץ ווו אויסצולאָדן דעם גײַסטיקן אומרו און אַ פאַרענטפערונג פאַר אַלע סאָציאַלע און פילאָזאָפישע פראַגן.

דאָס איז זיכער נישט געווען קיין פאַרגיטיקונג אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, אָבער אָן דעם אַלע־מען איז די לאַגע געווען נאָך אַן ערגערע, ווײַל אָן דעם וואָלט דאָס ייִדישע ייִנגל אָדער מיידל גײַסטיק דערשטיקט געוואָרן און עס וואָלט אָנגעהאַלטן די מיינונג, אַז אין סטאָק איז דער הימל פאַרשטאָפּט מיט „גראַכעווינעס", ווי מען פלעגט, געוויינלעך

זאָגן אויף אונדזער שטעטל, כאָטש נישט אַלע האָבן זיך געקאָנט דערקלערן די סיבה פון דעם דאָזיקן „זאָג” אָדער ווערטל. זיי אַלע האָבן דאָס אויסגעטראָטן דעם וועג, פאַר די יעניקע וואָס האָבן געדאַרפט לעבן אַ בעסער און שענער לעבן, וואָס איז צום באַדויערן נישט געקומען, ווייל די דאָזיקע וואָס זענען פאַרבליבן אין אונדזער שטעטל און האָבן נישט באַוויזן אַוועקצופאָרן אין אַנדערע לענדער, זענען פאַרטיליקט געוואָרן דורך די נאַצישע בעסטיעס און פון זייערע מיטהעלפערס, וואָס עס זענען געווען די פוילישע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן מיטגעהאָלפן צו פאַרלענדן אַלע סטאָקער יידן, מענער און פרויען, אַלטע לייט און יוגנטלעכע — און אַפילו פיצעלעך קינדער מיט אַלע מיתות משינות און אונדז בלייבט נישט מער ווי צו זאָגן אַ קאָלעקטיוון קדיש נאָך זיי אַלעמען און צו באַערן זייער אָנדענק, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, וואָס איינע פון די דאָזיקע אָנדענקונגען, איז דער דאָזיקער ספר הזכרון.

## סטאָק אין די לעצטע יאָרן וואָס איך געדענק

ווען איך שרייב פון די לעצטע יאָרן פון סטאָק, מיין איך נישט פון דער שטאָט בכלל, ווייל איך בין פון דאָרטן אַוועק נאָך אין די צייטן פון „בליונג”, אין יאָר 1929 — און איך האָב נישט געזען דעם חורבן. און צום באַדויערן איז פון די וואָס זענען דאָרטן פאַרבליבן אין די שפּעטערדיקע צייטן, כמעט קיינער נישט פאַרבליבן וואָס זאָל קאָנען עפּעס דערציילן און איך וועל בלויז איבערגעבן עפּעס דערפון וואָס איך געדענק פון די יענע צייטן, וואָס איך באַטראַכט פאַר די לעצטע יאָרן פון מיין זיין דאָרטן.

איך געדענק, אַז משה דער בלינדער חווהס, איז געוואָרן אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן פון זעלבסטבילדונג און איז געוואָרן אַ לעקטאָר איבער פּאָליטישע און ליטעראַרישע פּראָבלעמען. שפּעטער זייענדיק אין דעם דראַמאַטישן קרייז, האָט ער דערגרייכט, אַז מען זאָל אים שיקן אויף אַ רעזשיסאָרן־קורס קיין וואַרשע צו דער דראַמאַטישער סעקציע ביי דער „אַרבעטער היים” אויף קאַרמעליצקע 23, אונטער דער אָנפירונג פון דעם דירעקטאָר און רעזשיסער ווײַדע און ער איז געוואָרן רעזשיסער פון דער סטאָקער אָפּטיילונג פון דעם דראַמאַטישן קרייז ביי דער געזעלשאַפט אָוונט־קורסן, און אונטער זיין רעזשי זענען דורכגעפירט געוואָרן שיינע און אינטערעסאַנטע אויפפירונגען.

פון דער נאַטור איז ער שטענדיק געווען אַ פריילעכער און קיין מאָל האָט זיך אויף זיין פנים נישט געמערקט קיין אָפּשפּיגלונג פון זיינע קינדער־יאָרן, וואָס זענען געווען אַ סך אַנדערש ווי ביי די איבעריקע קינדער. דאָס זעלביקע, נאָר אין אַ קלענערן גראַד, איז געווען ביי זיין ברודער זלמן, וואָס איז נישט געווען אַזוי שטאַרק אַריינגעדרונגען אין אַלצדינג ווי משה און ווי עס האָט זיך געלאָזט מערקן, האָט זיין קינדהייט יאָ איבערגעלאָזט טיפע שפּורן אין זיין גאַנצן געמיט־צושטאַנד; ער איז שוין נישט געווען אַזוי פריילעך ווי דער עלטערער ברודער און האָט שטענדיק געהאַלטן אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און קיין מאָל נישט אויפגעהויבן צו הויך די שטימע און איז געווען מער אַריינגעטאָן אין זיך, און ער פלעגט קלאַפּן די טשוועקלעך אין די נייע שטיוול אויף אַ שלאַבערדיקן אופן. און ווען ער פלעגט שמייכלען, ווייל ער פלעגט האָבן פאַרגעניגן פון אַ שיינער שטעל אין זיין צייטונג, אָדער ער פלעגט דאָרטן זען וועגן אַ זיג פון זיין באַוועגונג, פלעגט ער לאַכן מיט אַ האַלב מויל — און עס פלעגט זיך ווי עפּעס אויסקרומען איין אויג, אַ האַלב מויל און אַ העלפט פון זיין פנים.

עס שטייט מיר פאַר די אויגן די סצענע ווען מען האָט אויפגעפירט שלום אַשס פּיעסע „אַ שנירל פּערל”. די הויפּט־ראָל פון ר׳ שלמהן האָט געשפּילט אונדזער טייערער חבר שלמה דוד פריימאַן און זיין געהילף איז געווען משה זשעפּקע (אַזוי איז געווען זייער פאַמיליען־נאָמען). ר׳ שלמה איז געווען געוווינט, אַז יעדן פרייטיק צו נאַכטס, פלעגן ביי זיין טיש זיין עטלעכע אָרעמע לייט אַלס אורחים און יענעם אָ פרייטיק צו נאַכטס, האָבן מיט אַמאָל אויסגעפעלט אורחים אין שטעטל. זיין געהילף, משה זשעפּקע, איז געגאַנגען אין אַלע בתי מדרשים און האָט אין קיין איין פּלאַץ נישט געפונען קיין אָרעמע לייט, און זיין פאַרצווייפלונג איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז ער האָט געגעבן אַ פּאָך מיט זיינע גרויסע הענט, אַז ער האָט שיער נישט איבערגעדרייט דעם טיש מיט די לייכטער. פון דער צווייטער זייט איז אָבער געווען אַ סאַטיספאַקציע, אַז עס זענען שוין מער נישטאָ קיין אָרעמע לייט; ער, משה זשעפּקע, האָט דעמאָלט זיך אַליין געזען (ווי אַן אָרעמען וואָס איז שוין מער נישטאָ) און זיך אַליין געשפּילט. און ר׳ שלמה גלייכט זיך אויס סטאָיש און זאָגט צו

אַלע זײַנע שטוב־מענטשן: נו, רבונו של עולם, איך דאַנק דיר דערפאַר וואָס דו קומסט נישט נאָך מײַן תאווה, פון האָבן אָרעמע־לײַט בײַם טיש — און עס ווערן דערפאַר נישט אָפּגעריסן קיין מענער פון זייערע אייגענע משפחות; פון אייגענע ווײַב און קינדער! ער הויבט אָן צו מאַכן קידוש, אָבער אין דעם מאָמענט, פאַלן אַרײַן צו אים אין שטוב עטלעכע שטאַרק דערשראָקענע יידן און דערציילן מיט גרויס פּחד, ר׳ שלמהן, אַז אין שטעטל איז אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם און די גויים צוזאַמען מיט קאָזאַקן, רויבן, מאָרדן, שענדן און ברענען אַלצדינג וואָס עס איז



אַ גרופּע חברים לינקע פּועלי ציון מיט ישראל קיאַק און הערשל פענעמאַן אין דער מיט

יידיש האָב און גוטס — און ר׳ שלמה פאַלט אין חלשות און קאָן שוין נישט פאַרענדיקן דעם קידוש.

— טײַערער חבר משה זשעפּקע, ווער ווייסט, צי שוין דעמאָלסט ביסטו נישט פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט דײַן ברודער זלמן און אײַער טײַערער מוטער די בלינדע מאַמע חוה, אין טרעבליבקער גאַז־קאַמער?

און פאַרוואָס זאָל איך דאָ אויך נישט דערמאָנען הערשל פענעמאַן — אַ יינגל וואָס האָט זיך דערצויגן בײַ זײַנע אָרעמע קרובים, וואָס איז אַפילו נישט געגאַנגען אין חדר, ווײַל עס איז נישט געווען ווער עס זאָל צאָלן פאַר אים שכר־לימוד, און ער האָט פון קליינערהייט, געמוזט אַרבעטן, כדי זיך צו קאָנען דערנערן; ווען ער איז געוואָרן עפּעס מער ווי 13 יאָר, האָט ער אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט פעלן, אַ צײַט לאַנג שותפות מיט יחיאל ניימאַן און נאָך דעם אַליין. ער האָט אָבער געשטרעבט צו ווערן עפּעס מער ווי ער איז געווען און ער האָט פון זיך אַליין זיך אויסגעלערנט לייענען און שרײַבן און ער איז אַרײַן אין דער פּועלי ציון־באַוועגונג און ער האָט זיך דערפילט גאָר דערהויבן בײַם קאָנען אָנטיילנעמען אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — וואָס איז באַשטאַנען זאָרגן פאַר אַלע פינאַנציעלע הצטרכותן פון דער ביבליאָטעק, וואָס דאָס איז נישט געווען אַזאַ לײַכטע זאַך.

זײַן מוטער וואָס איז נישט געווען צוזאַמען מיטן זון, ווײַל זי איז געווען מענטאַל קראַנק, האָט זיך אויפגעהאַלטן אין ווענגראָווע און עס איז געווען שווער צו וויסן, ווו און בײַ וועמען זי האַלט זיך אויף. און ווי מענטשן פון שטעטל פלעגן דערציילן, האָט מען זי געזען פון צײַט צו צײַט קומען צו לויפן אין שטעטל אַרײַן און אין די נאַכט־שעהן, פלעגט זי אַרײַנקוקן דורך דעם פענצטער, דאָ ווו איר זון האָט זיך אויפגעהאַלטן — זי פלעגט אַרײַנקוקן און ווײַטער פאַרשווינדן.

דער הערשל פענעמאַן איז געווען איינער פון די געטרײַסטע אידעאַליסטן צו דער אידייע צו וועלכער ער האָט געדינט; ער איז דערצו געווען איבערגעגעבן מיטן האַרץ און מיט דער נשמה — און אויך מיט מאַטעריעלע מעגלעכקייטן, אויף וויפל ער האָט געקאָנט. און ווען ער האָט געדינט אין מיליטער, בעת דעם רוסיש־פוילישן קריג, איז אים אויסגעקומען צו דינען אין גענעראַל האַלערס אַרמיי, וווּ עס האָבן זיך געפונען די גרעסטע פוילישע פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס פלעגן מיט זייערע באַגנעטן שנײַדן ייִדישע בערד און וואַרפן ייִדן פון די פאַרנדיקע באַנען. און ווען ער, הערשל פענעמאַן פלעגט דאַרפן שטיין פנים אל פנים פאַר אַזאַ כוליגאַנישן אַקט פלעגט ער נישט קוקן אויף קיין שום קאָנסעקווענצן און זיך געשטעלט דעצידירטערהייט, אויף צו פאַרטיידיקן מיט זײַן לעבן דעם ייִדן וועמען די כוליגאַנעס האָבן געוואָלט טאָן שלעכטס. ער איז פון דער נאַטור און מיט זײַן פיזישן אויסזען געווען אַ שטאַרקער און נישט קיין פּחדן און אַ סך מאָל ווען גויים פלעגן זיך וועלן אַ „שפּיל טאָן" מיט די ייִדן אין שטעטל, איז געווען גענוג זײַן אָנוועזנהייט, אַז זיי זאָלן דאָס נישט טאָן, כדי נישט צו דערפילן דעם קעגנקלאַפּ, וואָס ער האָט געקענט געבן.

חבר הערשל פענעמאַן, דײַן הייליק אַש איז אַ צולאָג צו דעם גרויסן באַרג אַש פון דעם טרעבלינקער קרעמאַטאָריע!

און ווען מען רעדט וועגן גיהנום־וועג וואָס עס האָבן דורכגעמאַכט די סטאָקער ייִדן און מען וויל פאַראייביקן די דאָרטיקע עדה, איז ווי קאָן מען נישט דערמאָנען די דאָרטיקע קצבים, וואָס זענען געווען אַ וויכטיקער באַשטאַנד־טייל פון אונדזער סטאָקער ייִדנטום; ווײַל אויב אין אונדזערע פלעצער זענען די וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט דער דאָזיקער אַרבעט, געווען ברוטאַליזירט, איז קאָן מען דאָס ניט זאָגן וועגן סטאָקער קצבים; ווײַל אַפילו פון דאָזיקן קוק־ווינקל האָבן די קצבים פון אונדזער שטעטל געבילדעט אַן אַנדער טייל און מען האָט זיי געקאָנט געפינען אין אַלע חסידים־שטיבלעך: אין אָטוואָצקער שטיבל, אין ראַדזימינער שטיבל, אין גערער שטיבל און אין אַנדערע.

נעמט למשל יצחק דוד אָרזשעך, וואָס איז געווען אַ קצב און ער האָט געלערנט אין בית המדרש אין די פאַרנאַכטן, מיט דעם עולם משניות און ער איז געווען דער הויפּט־זייל פון דעם אָטוואָצקער שטיבל. ימים נוראים איז ער געווען דאָרטן בעל־מוסף און האָט געהאַט אַ זיסע בעל־תפילה שטימע. זײַן פּאַטריאַרכאַלער אויסזען, מיט זײַן רויטער, לאַנגער און ברייטער באָרד, האָט אים אין דער פאַנטאַזיע פון אונדז קינדער געמאַכט ווי אַ מין אברהם אבינו...

— וועלכן טויט האָט מען פאַר אים צוגעטראַכט; פאַר אים, פאַר זײַן ווײַב און קינדער? פאַר זײַנע זין: ברוך, סראָלקע, שמחה, בינם, יואלקע, אברהם און פאַר זײַנע טעכטער מיט זייערע אַלעמענס קינדער?

איצט דערמאָן איך זיך אין דעם גרויסן חיים שנײַדמאַן — אַ קצב, אַ שיינער ייִד, מיט אַן הדרת פנים, אַ פרומער אָפּגעהיטענער, אויך פון די אָטוואָצקער חסידים. ער איז געווען דער בעל־מציצה אויף אַלע בריתן אין שטעטל. ער האָט געהאַט דרײַ זין: סראָלקע, יאַנקל און אַברהמטשע — אַלע פון דער פלייש־בראַנזשע.

אויך שמואלקע קצב איז געווען אַ פרומער ייִד און מען האָט אים געקאָנט אָנרופן דער „תהלים־ייִד". אַלע זײַנע זין: שיע־משה, אַנטשל און לעמל זענען אויך געווען ערלעכע און גוטע ייִדן.

אַ ברודער פון שמואלקע, איז געווען יאַנקל שנײַדמאַן, אָדער ווי מען האָט אים גערופן „דער שוואַרצער יאַנקל", אַ קצב אַן ערלעכער, אָפּגעהיטענער ייִד וואָס איז שטענדיק געווען גרייט צו זײַן אַן עוסק בצרכי ציבור. זײַן שטענדיקער פאַרגעניגן איז געווען צו דאַוונען שבת בײַ דעם עמוד אין בית המדרש. און זײַן זיסער מעלאַנכאָלישער ניגון בײַ „אתה אחד ושמך אחד" האָט אַרײַנגעבראַכט אַזאַ מין נאָסטאַלגיע אין דער נשמה, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן ביז איצט. און עס געדענקען זיך נאָך די קאָנטורן פון די שאָטנס וואָס פלעגן זיך שוין באַזעצן אַרום די ווענט פון בית המדרש, וועלכע פלעגן אַרויסרופן אַ בענקשאַפט נאָך דעם נשמה־יתירהדיקן שבת, וואָס גייט שוין אַוועק און די נאָך נײַע גוט־דערוואַרטנדיקע וואָך וואָס רוקט זיך אָן מיט די אַלע דאגות. און דער ניגון פון דעם „שוואַרצן יאַנקלען" וואָס איז געווען דורכגענומען מיט אַזאַ אומעט און רעזיגנאַציע. דאָס האָט געגעבן מוט דורכצוגיין אַלע סטאָקער ייִדן אַלע שווערע וועגן, מיט דעם געדאַנק פון „אתה אחד" די קרעמאַטאָריעס, ווו אויך דער „שוואַרצער יאַנקל" מיט זײַן פרוי און זון חיים און די טאָכטער ליבע מיט איר מאַן און קינדער און אויך זײַן ברודער משה „מאַנד" (אַ צונאָמען אַזאַ), אַ קצב מיט זײַן פאַמי־

ליע, זענען אַלע פאַרברענט געוואָרן אין דעם גהינום פײַער פון טרעבלינקע.

לייבטשע קצב (פּאָסעסאָרסקי), אויך אַ גוטער ייד, אַן אָטוואָצקער חסיד וואָס איז אויך אומגעקומען מיט דער גאַנצער משפּחה אין טרעבלינקע; אברהם דרייערזש, אַ קצב, אַ ברייטער, הויכער, מיט אַ גאָר ברייטער באָרד, אַ ייד אַ גאָר אַ פרומער וואָס פלעגט דאַווענען פון פאָרנט פאַרן עמוד אין בית המדרש אַלע ימים נוראים פון מה טובי ביז הודי. ער האָט געהאַט אַ פעסטע באַסאָווע שטים און דער „גרויסער יוסף" פלעגט אים צוהעלפן. ווען די דײַטשן זענען אַרײַן קיין סטאָק אין דער ערשטער וועלט־מלחמה (עס זענען נאָך דעמאָלט געווען די „גוטע" דײַטשן...) האָט זיך זיי פאַרגלוסט צו נעמען ר' אברהם שנײַדמאַן און אים אײַנשפּאַנען אין אַ שווערן וואָגן און זיי האָבן אויף דעם דאָזיקן וואָגן אַרויפגעזעצט עטלעכע יידן און האָבן אים געצווונגען, ר' אברהמען, אַז ער זאָל זיי אַרומפירן איבער דער גאַס און זינגען בשעת מעשה שבתדיקע זמירות — און זיי, די גויים, וואָס האָבן געהאַלטן די דײַטשן פאַר די יידישע „פאַרבינדעטע", האָבן אָנגעקוואָלן פון דעם.

ר' אברהם האָט געהאַט אַ זון, יוסף, אויך אַ קצב, אַ צווייטער זון זײַנער איז געווען וועלוול, אַ בעקער און אויך אַ זון אפרים, צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס. וועלכער טויט האָט זיי אַלעמען געטראָפן?

*
**

עס איז שווער און זיכער אוממעגלעך דורכצוגיין מיט די פיס־טריט, דאָס אַלץ וואָס איך האָב דאָ דערמאָנט, ווײַל מיר דוכט זיך אַז איך טרעט אויף קדושים און איך ווייס נישט צי איך בין דער, וואָס האָב אַ רעכט זיך צוצורירן צו אַזאַ הייליקן פלאַץ; צי בין איך „אני הגבר" וואָס האָב דאָס רעכט צו אַנטבלויזן די דאָזיקע פלעצער; צי דאַרף איך דאָ נישט באַנוצן דעם אויסדרוק פון „שעל נעליך מעל רגליך במקום קדוש אתה עומד, אדמת קודש היא"; וואָס אויף ריין יידיש מיינט דאָס צו זאָגן: „טו אויס די שיך פון דײַנע פיס, ווײַל דו געפינסט זיך אויף אַ הייליקן פלאַץ. דאָס איז הייליקע ערד".

בעט איך דאָ בײַ די אַלע וועמען איך האָב דאָ דערמאָנט, אַז זייער אָנדענק זאָל אונדז שטענדיק האַלטן וואַך און אונדז נישט לאָזן רוען — און מיר זאָלן זיי שטענדיק דערמאָנען: זיי זאָלן אונדז כסדר וואָרענען, אַז שטענדיק קאָן זיך דאָס איבערחזרן קעגן אונדז, ווײַל דער שונא האָט נאָך נישט אַרײַנגערוקט זײַן בלוטיקע שווערד אין דער שייד.

מיר אָבער, וואָס זענען על־פּי נס ניצול געוואָרן, דאַרפן אויך אויף זיך נעמען דעם חוב, אַז דורך דער געשריבענעם אין דעם יזכור ספר פון סטאָק, זאָל דאָס פאַרבלײַבן אויסגעברענט ווי מיט פײַער אויף אונדזער גאַנצן וועזן און מיר זאָלן מיטהעלפן צו דעם, אַז מער זאָל זיך שוין קיין מאָל נישט איבערחזרן קיין טרעבלינקעס און אָשוויענטשימס פאַר אונדזער פאָלק, נאָר מיר זאָלן מיטהעלפן צו דער בויאונג און קיום פון אונדזער פאָלק און פון אונדזער לאַנד — ישראל!



# מײַנע יוגנט זכרונות פון אונדזער שטעטל סטאָק

ווען איך בין אַוועק פון אונדזער שטעטל סטאָק, בין איך נאָך געווען זייער יונג, כמעט נאָך אַ קינד און האָב מיך נאָך דעמאָלט נישט פאָרגעשטעלט, אַז איך וועל שוין מער דאָס שטעטל נישט זען, און אַוודאי נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס וואָס עס וועט מיר אויסקומען אַמאָל צו שרײַבן, וועט דאַרפן זײַן אין דער פאָרם פון זכרונות און נישט אין פאָרם פון זכרונות וואָס מען דערמאָנט זיך און מען דערציילט אין פריילעכע צײַטן, נאָר אין דער פאָרם פון אַ יזכור וועגן דעם, וואָס עס איז געווען און וועט שוין, צום באַדויערן, מער נישט זײַן.

אַזאַ מין פאַרצייכענונג, איז אפשר פון ריין היסטאָרישן שטאַנדפּונקט נישט אין גאַנצן ריכטיק. נאָר איך באַטראַכט מיך נישט פאַר קיין היסטאָריקער און פאַרנעם זיך ווײַט נישט צו שרײַבן די גאַנצע געשיכטע פון אונדזער אומגעבראַכט און אויס געראָטן שטעטל — און אגב פיל איך מיך נישט באַרופן דערצו און דאָס וועלן זיכער טאָן אַנדערע, וואָס האָבן לענגער געקענט אונדזער שטעטל ווי איך און זענען דערצו מער צוגעפּאַסט. איך וויל דאָ בלויז דערציילן עפּעס פון מײַן יוגנט און דערציילן דאָס אויף אַן אופן ווי איך געדענק דאָס; אַזאַ מין פאַרצייכענען האָט אין זיך אַנדערע צוויי מעלות:

1) ווײַל ווי עס האָט געשריבן דער גרויסער און באַרימטער ייִדיש־דײַטשער שרײַבער סטעפאַן צווײַג (אין זײַן באַרימט בוך „די וועלט פון נעכטן") אַז, „אונדזער זכרון איז נישט קיין צופעליקער עלעמענט, וואָס באַהאַלט איין זאַך און לאָזט צופעליק אַרויס אַ צווייטע זאַך, נאָר אונדזער זכרון איז אַ כוח, וואָס באַהאַלט מיט אַ כיוון און לאָזט אַרויס מיט אַ שכל. אַלץ, וואָס מען פאַרגעסט פון דעם אייגענעם לעבן, איז אין תוך שוין מיט אַ לאַנגער צײַט פריִער פאַרמשפּט געווען דורך אַן אינערלעכן אינסטינקט פאַרגעסן צו ווערן".

2) די זאַכן וואָס פאַרבלײַבן פון דער יוגנט, אָדער דאָס וואָס מען רופט געוויינלעך אָן אַלס „גירסא דינקותא" זענען זיכער די וויכטיקסטע פאַר דעם לעבן פון אַ מענטשן און ווען מען נעמט נאָך אין אַכט, אַז דאָס לעבן פון דער יוגנט אין דעם גאַנצן שטעטל (אָדער אין אַלע שטעטלעך צוזאַמענגענומען), איז כמעט אומעטום געווען דאָס זעלביקע, איז דאָס וואָס איך וועל דאָ ווײַטער דערציילן, קאָנען זײַן כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ גרויסן טייל פון דער יוגנט פון אונדזער אַמאָל בליִענדיק און הײַנט שוין פאַרניכטעט און אומגעבראַכט שטעטל סטאָק.

און נאָך דער דאָזיקער קורצער הקדמה, וועל איך פּרוּוון איבערגעבן דאָס וואָס איך געדענק פון מײַן פריסטער יוגנט, סײַ דאָס וואָס איך באַצייכן אַלס פּערזענלעכע איבערלעבונגען און סײַ דאָס וואָס קאָן באַצייכנט ווערן אַלס געזעלשאַפטלעכע געשעענישן, ווײַל שוין אין מײַן פריסטער יוגנט, האָב איך אָנגעהויבן צו אַקטוויִרן געזעלשאַפטלעך — ווי עס האָבן דאָס, דרך־אגב, געטאָן דער גרעסטער טייל פון אונדזער ייִדישער יוגנט אין די אַמאָליקע פּויליש־ייִדישע שטעטלעך. און איך מיין, אַז די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט וואָס איך טו הײַנט אין דעם גרויסן בוענאָס־אײַרעס, איז אַ פאָרזעצונג און אַ מין ירושה פון דעם וואָס איך האָב מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק אָנגעהויבן אין דעם אַמאָליקן סטאָק.

***

מײַן פאָטער עליו השלום, האָט געהייסן אברהם משה און מען האָט אים גערופן אברהם־משה „מאָנטזשאַש", ווײַל ער איז געווען, אַ חוץ אַ תבואה סוחר, אויך אַזעלכער וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע מיל אין דעם שכנישן דאָרף פּאַפּלין, וואָס האָט זיך געפונען בײַ אַ 12 קילאָמעטער פון סטאָק און כמעט אַ גאַנצע וואָך — אויסער אין די שבת־טעג און אין די ייִדישע ימים טובים — פלעגט דער טאַטע זיך געפינען אין דער מיל. און איך געדענק, אַז איין מאָל, ווען איך בין נאָך געווען אַ גאָר קליין קינד, האָט דער פאָטער מיך גענומען אויף אַ פּאָר טעג אין דער דאָזיקער מיל און אַלצדינג איז פאַר מיר געווען אַ

געוואַלדיקע נייעס — אַן אמת אַנדער וועלט ווי די וואָס איך האָב געקענט אין סטאָק,

די מאַמע מיינע, רחל ע״ה, איז שוין געווען די דריטע פרוי ביי מיין פאָטער און האָט געשטאַמט פון שעדלעץ; האָט גערעדט גוט רוסיש און פלעגט גיין גוט און שיין אָנגעטאָן און אַלע ביי אונדז פלעגן זאָגן, אַז זי גייען אָנגעטאָן ווי רחל, אברהם־משהס.

די מאַמע מיינע האָט אַ געוויסע צייט געוווינט אין פּאַפּלין און דאָרטן האָט זי זיך באַקענט מיט מיין פאָטער וואָס איז געווען אַ רייכער מענטש — און מען פלעגט זאָגן וועגן אים, אַז ער „גייט געבאָדן אין וויין״...

אונדזער שטוב איז שטענדיק געווען אַן אָפּענע און גאַסטפריינדלעכע. נאָך אין די אַמאָליקע צייטן, ווען דער טאַטע, וואָס איז געווען אַ סקערניעוויצער חסיד, פלעגט פראַווען ברייטע מלוה מלכות פאַר די חסידים און פאַר אַלע יידן — און שפּעטער, ווען דער טאַטע האָט שוין נישט געלעבט, איז אונדזער הויז געווען אַ זאַמל־פּונקט פאַר דער יוגנט.

עס דערמאָנט זיך מיר צוויי עפּיזאָדן, וואָס האָבן זיכער איבערגעלאָזט אַן איינדרוק אויף מיין ווייטערדיקן לעבן. דער ערשטער עפּיזאָד איז פאָרגעקומען מיט מיין פאָטער אין אָנהויב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די רוסן זענען אַוועק פון שטעטל און מען האָט געזאָגט, אַז די רוסן וועלן ערב זייער אָפּטרעטן, אונטערצינדן דאָס שטעטל, אַזוי ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין אַנדערע פלעצער. דער טאַטע האָט דעמאָלט צוגעגרייט צוויי זעק מיט „סוכאַרעס״, עס זאָל זיין וואָס צו געבן צו עסן די קינדער; אין יענער צייט זענען אָנגעקומען צוויי קאָזאַקן און דאָס געוואָלט צוגעמען. איינער פון זיי האָט אַרויסגענומען די שווערד און געדראָעט, אַז ער וועט דעם טאַטן אָפּהאַקן דעם קאָפּ. דער טאַטע, וואָס איז בכלל נישט געווען קיין שרעקעוודיקער און דערצו נאָך אַזעלכער, וואָס האָט נישט ליב געהאַט זיך „צו לאָזן שפּייען אין דער קאַשע אַריין״, האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן און אים באַלד געענטפערט: „דאָס וואָס עס איז מיינס, קאָנסטו נעמען — אָבער דאָס ברויט וואָס עס איז פאַר מיינע קינדער, וועל איך דיר נישט געבן!״

איך ווייס נישט מיט וואָס דער דאָזיקער „דיאַלאָג״ וואָלט זיך פאַרענדיקט, אָבער עס זענען שנעל געקומען צוויי „ראַזוויעדטשיקעס״ — (אויסשפּירערס), וועלכע האָבן געמאָלדן, אַז מען דאַרף זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגן — און די קאָזאַקן זענען אַוועק.

דעם צווייטן עפּיזאָד וואָס איך געדענק איז געווען דער: מיין פאָטער האָט ליב געהאַט צו טאָן טובות און באָרגן גמילת חסדים. ער האָט אָבער געהאַלטן, אַז געלט דאַרף מען ציילן. געדענק איך אַ פאַל, ווען איינער איז געקומען צו מיין פאָטער געבעטן אַ גמילת חסד נאָר האָט „פאַרגעסן״ צו ציילן דאָס געלט, און דאַן האָט אים מיין פאָטער געזאָגט, אַז ער וועט אים דאָס געלט נישט באָרגן, ווייל דאָס וויל זאָגן, אַז יענער טראַכט נישט אים אָפּצוגעבן דאָס געלט...

אַ כמעט ענלעכער פאַל, איז פאָרגעקומען דאָ מיט מיר, ווען מיינער אַ גוטער חבר, האָט געוואָלט באָרגן ביי מיר אַ געוויסע סומע געלט — און איך וואָלט אים די דאָזיקע סומע געלט געגעבן, נאָר יענער האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן פּראָצענט פאַר דעם געלט — און איך האָב אים דערפאַר נישט געגעבן די הלוואה, ווייל איך האָב נישט געוואָלט ווערן קיין פּראָצענטניק...

ווען איך בין געוואָרן „עלטער״ (וואָס דאָס מיינט אַרום צען יאָר), און זיך אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן לאַנגע האָר, נישט חס ושלום, אַזוי ווי די היינטיקע „היפּפּיס״, נאָר איך האָב מיך פאַרלאָזט אַ „גזשיבע״ — און ביידע זאַכן זענען מיין טאַטן נישט געפעלן געוואָרן, ווייל ער האָט נישט געוואָלט, אַז איך זאָל גיין אויף די וועגן פון מיין עלטערן ברודער דוד. איז וואָס שייך דאָס לייענען ביכער, האָב איך דאָס געקאָנט און געמוזט טאָן, אויף אַ געהיימען אופן, אַז קיינער זאָל דאָס נישט זען. ערגער איז דאָס געווען מיט דער „גזשיבקע״ וואָס דער טאַטע האָט מיר אָפּגעשניטן, כאָטש איך האָב געמאַכט אַ גרויס געוואַלד. אָבער דער טאַטע פון זיין זייט, האָט אויך געשריגן, אַז ער וויל נישט אַז איך זאָל גיין אויף די וועגן פון מיין ברודער דוד.

און ווען איך רעד וועגן מיין עלטערן ברודער דוד, דאַרף איך דערציילן, אַז ער איז געווען אַ גוטער לערנער — און דער טאַטע מיינער האָט פון אים זייער אַ סך דערוואַרט, אַז ער זאָל אויסוואַקסן אַ לערנער, אָבער דוד האָט זיך געהאַט זיינע געדאַנקען און ער איז „אַראָפּ פון גלייכן וועג״. ער האָט זיך געחברט מיט יחיאל בלומענקראַנץ און זיי האָבן

זיך געמאַכט אַ „געהיימע קאַסע" און דאָרטן צונויפגעזאַמלט אַ געוויסע סומע געלט און ווען דער טאַטע האָט אים געשיקט לערנען אין אַ ישיבה, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע און דאָרטן אָנגעהויבן צו לערנען אין אַ שולע און מײַן טאַטע האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז בײַ מיר זאָל זיך אויך נישט איבערחזרן אַזאַ מין געשיכטע. און איך געדענק אַז ווען איך האָב אָנגעהויבן אויסצוטאָן דאָס היטל, האָט מיך דער טאַטע געשלעפּט פאַר די אויערן און אויפגעקומען די „פּאָרושעכנע שול" ווו מיר האָבן אַלע געמוזט גיין לערנען.

אין דער ערשטער צײַט פון די דײַטשן, האָט מען בײַ מײַן פאָטער „רעקוויזירט" צוויי וואַגאָנען מעל און זינט יענער צײַט, איז מײַן פאָטער פאַרערעמט געוואָרן און איך, וואָס האָב שוין געהאַט אַ געוויסן „סוחרישן" גײַסט, און באַלד אין מײַנע ערשטע נאָך כמעט קינדער־יאָרן, האָב איך שוין זיך פאַרנומען מיט האַנדל און מײַנע ערשטע „פּאַכן"

## אַ גרופּע אַקטיוויסטן פונעם סטאָקער „בונד"



(פון רעכטס צו לינקס): אברהם יוסף אָסטשעגאַ, עט ; פּאָסעסאָרסקי (בעריש בורשטיינס פרוי), עטל פּאָסעסאָרסקי (פרימעטס טאָכטער), שמחה לאַנגלייב, חיים א. צוקער און משה גאַלאַנט

געשריגן, אַז איך זאָל נישט אויסוואַקסן אַזאַ מין „לאבוס" און „גויעץ" ווי — דוד ..

שפּעטער איז מיט מיר געשען דאָס זעלביקע ווען איך בין אַרײַנגעטראָטן אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס סײַ מײַן טאַטע — און אויך אַלע אַנדערע טאַטעס — האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַ פּלאַץ פון אַפּיקורסות און „פון אַראָפּגיין פון דעם גלײַכן וועג". מיך האָט אָבער געצויגן כײַ צום לערנען און סײַ צו זײַן צוזאַמען מיט דער יוגנט און איך האָב מיר אָנגעהויבן צו זוכן געוויסע אַרבעטן אויף צו זײַן אומאָפּהענגיק און איך האָב זיך אָנגעהויבן צו לערנען אַרבעטן אַלס קאַמאַשנמאַכער און זיך אויך געלערנט בײַ דעם לערער פײַנשטיין. שפּעטער איז זענען געווען דאָס רײַסן יאַגדעס און זיי פאַרקויפן, אויך רײַסן קאַרשן און איך געדענק אַפילו ווי איך האָב געדונגען אַ סעדל און געהאַט דערפון „פּרנסה" און ווען איך בין אַלט געוואָרן בײַ די 14—15 יאָר, איז שוין בײַ מיר אויפגעקומען דער געדאַנק פון ווערן אַ „פּראָלעטאַריער" און איך האָב אָנגעהויבן צו אַרבעטן אַלס קאַמאַשנמאַכער.

*
* *

איך וועל איבעררײַסן מײַנע ריין פּערזענלעכע זכרונות און אַריבערגיין צו מער אַלגעמיינע, אָדער „געזעלשאַפטלעכע" ענינים.

ווען מיר זענען געוואָרן אַ ביסל עלטער, האָט זיך בײַ אונדז געשאַפֿן אַ קינדער־ביבליאָטעק און די צוויי אָנפירערס פון דער דאָזיקער ביבליאָטעק זענען געווען בעריש בורשטיין און שמחה לאַנג־לייב, וואָס זענען געווען עלטער פון אונדז מיט בלויז געציילטע יאָרן. זיי האָבן שוין אָבער געוווּסט אַ סך מער פון אונדז און זיי זענען געוואָרן אונדזערע לערער און פירער. זיי פלעגן אונדז געבן צו לייענען ביכער און נאָך דעם פלעגט מען אונדז נעמען „אויפן פאַרהער" און זיך אונדז פרעגן וואָס מיר האָבן געלייענט און וואָס מיר האָבן דערפון אַרויס־גענומען. און מיר פלעגן גאַנץ געשמאַק שוויצן, אויף צו געפינען די צוגעפּאַסטע ענטפערן און צײַטנווײַז זענען די דאָזיקע ענטפערן געווען אַ סך שווערערע ווי בײַ אונדזערע אַמאָליקע מלמדים, ווײַל די ביכער האָבן אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ נײַער און פאַר אונדז, ביז דאַן אומבאַקאַנטער וועלט.

די צוויי הויפּט־פאַרטייען וואָס זענען געווען אין סטאָק, זענען געווען דער „בונד" און די לינקע פּועלי־ציון, וועלכע האָבן געאַרבעט גאַנץ אַקטיוו. כאָטש זייער אַרבעט איז געווען מער אַ טעאָרעטי־שע ווי אַ פּראַקטישע און איז באַשטאַנען אין גרע־סטן טייל אין דיסקוסיעס פון וועלן איבערצײַגן איינער דעם צווייטן, אָדער אַרײַנציִען די אומפּאַר־טייישע. עס זענען אָבער געווען צײַטן, ווען עס פלעגן פאָרקומען וואַלן אין לאַנד, דאַן האָט מען זיך אויך פאַרנומען מיט פּראַקטישער אַרבעט און דורכגעפירט רעפעראַטן און מיטינגען, סײַ מיט אייגענע כוחות און אויך מיט אַזעלכע וואָס מען האָט געבראַכט פון אַנדערע שטעט און ספּעציעל פון וואַרשע; מען פלעגט אויך גיין פון שטוב צו שטוב און געפירט „הויז־פּראָפּאַגאַנדע" און אין דער דאָזיקער אַרבעט, האָבן זיך אויך אַקטיוו באַ־טייליקט די יוגנטלעכע פון 14—16 יאָר, שוין נישט רעדנדיק פון די עלטערע, וועלכע פלעגן אַרומגע־כאַפּט ווערן מיט אַזאַ פײַער און ברען, גלײַך ווי מען וואָלט זיי גופא געדאַרפט אויסוויילן אַלס דעפּו־טאַטן...

אויף וויפל איך געדענק, איז ביז אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, געווען בלויז איין ביבלי־אָטעק, אַן אומפּאַרטייישע פאַר אַלעמען, אָבער אין יענער צײַט איז געקומען דער פאָרשטייער פון די לינקע פּועלי־ציון פון וואַרשע, ד"ר שמואל אײַ־זענשטאַט און האָט פאָרגעשלאָגן אַז מען זאָל שפּאַלטן די ביבליאָטעק, אויף צוויי באַזונדערע: איינע פון די לינקע פּועלי־ציון און די צווייטע פון „בונד". שפּעטער איז געקומען דער פאָרשטיי־ער פון די לינקע פּועלי ציון פון וואַרשע, אהרן וואל, וואָס איז געגאַנגען נאָך ווײַטער און האָט פאָר־געשלאָגן, אַז די גאַנצע ביבליאָטעק זאָל זיך אָנ־שליסן אין דער „געזעלשאַפט אָוונט קורסן פאַר יידישע אַרבעטער", וואָס איז געווען אַ לינק פּוע־לי־ציוניסטישע און איך געדענק, ווי קעגן אים איז שאַרף אַרויסגעטראָטן חיים שנײַדמאַן, וואָס האָט אים געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון די טרעפּ און מען האָט אים געדאַרפט שטאַרק אָפּהאַלטן, אַז ער זאָל דאָס נישט טאָן.

אָבער ביסלעכווײַז האָט מען אַליין אײַנגעזען, אַז דער „געצוווּנגענער שידוך" איז נישט קיין געלונגענער און מיר אַליין האָבן געשפּאָלטן די ביבליאָטעק. און פון די צוויי צימערן וואָס די בי־בליאָטעק האָט פאַרמאָגט, האָבן די לינקע פּועלי־ציון גענומען דעם גרעסערן צימער און די בונ־דיסטן האָבן גענומען דעם קלענערן צימער. שפּע־טער האָבן די בונדיסטן זיך אַריבערגעצויגן אין דעם הויז פון פריוועז און די פּועלי־ציון זענען פאַר־בליבן אין דעם פריערדיקן פּלאַץ.

אין ביידע ביבליאָטעקן פלעגט מען געבן רע־פעראַטן, סײַ פון אייגענע חברים און אויך פון אַזעל־כע וואָס זענען געקומען פון וואַרשע. אָדער ווען עס זענען נישט פאָרגעקומען קיין רעפעראַטן האָט מען סתם קאָמענטירט די אַלגעמיינע ידיעות און גע־פירט הייסע דיסקוסיעס און יעדער איינער האָט געוואָלט איבערצײַגן דעם אַנדערן.

אַ גרויסן אינטערעס פלעגט אַרויסרופן, ווען עס פלעגט קומען אַ רעדנער פון וואַרשע, אָדער פון אַן אַנדער שטאָט, אַן אינטערעס און צײַטנווײַז אויך אַ קעגנערשאַפט. איך געדענק נאָך ווען עס איז צו אונדז געקומען דער באַקאַנטער דיכטער מלך ראַ־וויטש — און ער איז געקומען צו פאָרן אום שבת — און אַ פרוי האָט אים נאָכגעוואָרפן שטיינער אין גאַס און מיר האָבן אים געמוזט פאַרהיטן; איך גע־דענק אויך אַן ענלעכן פאַל וואָס איז פאָרגעקומען מיט לוציאַן בליט און עס איז געווען אַ קליינער קאָנפליקט.

איך געדענק אויך ווי מיר האָבן געהאַט די קינדער־ביבליאָטעק, אין וועלכער די הויפּט פירער זענען געווען קינדער פון 12 ביז 14 יאָר און מיר

האָבן אַפילו געזאַמלט געלט און האָבן געקויפט אַ צאָל ביכער און האָבן געוואָלט אַז מען זאָל אונדז אַרײַננעמען אין דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק, אָבער מען האָט אונדז געשטעלט באַדינגונגען, אַז די קינדער זאָלן בלײַבן בלויז ביז אַכט אַזייגער אין אָוונט און מיר האָבן דעמאָלט אָנגעשריבן אויף דער וואַנט, אַז „עס זאָל פּלאַצן די גאַל בײַ יענעם וואָס וועט אויסזאָגן דעם סוד”...

אין יענער צײַט איז שלמה־דוד פרײַמאַן צוריקגעקומען פון מיליטער און דאַן פלעגט ער אונדז געבן אינטערעסאַנטע לעקציעס וועגן געשיכטע און פּאָליטישע עקאָנאָמיע און סאָניע בורשטיין פלעגט אונדז געבן אַממערסטן לעקציעס וועגן ליטעראַטור.

פלעגן מיר דיסקוטירן וועגן דעם וואָס מיר האָבן געלייענט. און באַזונדער האָט זיך בײַ אונדז אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון „פּראָלעטאַריזירן” זיך און צו ווערן „אַ טייל פון אַרבעטער קלאַס”. איך בין דאַן אַוועק זיך לערנען צו אַרבעטן אַלס אַ קאַמאַשנמאַכער, ווען איך בין אַלט געווען בלויז 11 יאָר. און ווען איך האָב אָפּגעאַרבעט צוויי יאָר, בין איך אַוועק זוכן אַרבעט — און גליקן — אין אַנדערע פלעצער; איך בין אַוועק קיין טלושטש, וואלאמין,

## אַ גרופּע יוגנטלעכע פון דער פאָלקס - ביבליאָטעק



אויבן פון רעכטס: חיים א. צוקער, דוד סטאָלאָוויטש, מרדכי דאָמבעק, לייבל בורשטיין; אונטן: ישראל פריד, יצחק באַנדערימער, אולקע טאָשער, פרץ ווײַנטרויב און שמחה יורקעוויטש

אַ וויכטיקער עטאַפּ איז בײַ אונדז געווען, ווען עס האָט זיך בײַ אונדז געשאַפן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט” און כאָטש מיר זענען געווען די זעלביקע קינדער ווי פריער, האָבן מיר שוין אָנגעהויבן זיך צו באַטראַכטן ווי יוגנטלעכע (וואָס עס האָט שוין געמיינט אַ העכערע קאַטעגאָריע); און ווי שוין מער „דערוואַקסענע”, האָבן מיר זיך שוין אָנגעהויבן צו פאַרזאַמלען אין וואַלד און דאָרטן

ביז איך בין געקומען קיין וואַרשע. איך בין געקומען צו ישראל פריד, וואָס האָט מיר געהאָלפן זוכן אַרבעט, אָבער איך האָב במילא נישט געפונען און זיך צוריק אומגעקערט קיין סטאָק.

די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט” האָט אין סטאָק געציילט בײַ די 50—60 יוגנטלעכע, וואָס עס איז געווען זייער אַ גרויסע צאָל יוגנטלעכע און צו אונדז פלעגן קומען פון שכנותדיקן מאלקין די פירער פון דער דאָרטיקער „צוקונפט” יעלקע ליטעווקע, מיט זײַן שטענדיקן ליבן שמייכל (הײַנט געפינט ער זיך אין לאָס אַנדזשעלעס, פאַראייניקטע שטאַטן פון נאָרד אַמעריקע) און — ליטעווקען צו

לאַנגע יאָר — מרדכי כּילעם (איז אומגעקומען אויף אַ העלדישן אופן אין דעם טויטן־לאַגער טרעבלינקע). איך געדענק אויך ווי עס איז געקומען צו פאָרן אברהם־יוסף אָסטשעגא, אַ טוער פון „בונד" וואָס האָט געדאַרפט שטימען פאַר דער גרופּע פון די „צווייער", אָבער אין לעצטן מאָמענט האָט ער זיך נישט געקאָנט דעצידירן און האָט געשטימט פאַר דער גרופּע פון די „איינסער".

אויף מײַן נאָמען איז אָנגעקומען אויף דער פּאָסט די גאַנצע בונדישע פּרעסע און איך האָב אַפילו נישט געוווּסט — און וואָלט זיך נישט גערעכנט מיט גאָרנישט, ווען אַפילו איך זאָל דאָס יאָ וויסן — מיט וואָס פאַר אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט דאָס איז פאַרבונדן. איין מאָל, דאָס איז געווען ערב דעם ערשטן מײַ, האָב איך געזען ווי דוד סטאָלאָוויטש און חיים פּאָגאָדע, נעמען אָפּ די פּרעסע פון די לינקע פּועלי ציון און איך בין געגאַנגען אָפּנעמען די פּרעסע פון „בונד" און מיט אַמאָל האָב איך געזען ווי צוויי פּאָליציאַנטן, צוזאַמען מיט דעם „פּשאָדאָווניק" פאָלגן מיך נאָך און האָבן מיך פאַרהאַלטן. איך האָב מיך פאַרטיידיקט זאָגנדיק, אַז איך פאַרקויף די צײַטונגען, ווײַל איך פאַרדין דערפון. מען האָט אָבער אויך געפונען אויפרופן און פלאַקאַטן און מען האָט מיך געפרעגט וואָס דאָס איז אַזוינס און איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט געבן אויף דעם קיין ענטפער און מען האָט „אונדז אַלעמען פאַרהאַלטן אין „פּאָסטערונעק" (פּאָליציישע יואַך). איך האָב בײַ מיר געהאַט אַ ליסטע פון בײַשטײַערער און איך האָב נישט געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן אַרײַנפאַלן און איך האָב די דאָזיקע ליסטע אויפגעגעסן...

מען האָט אונדז אַרײַנגעזעצט אין „קאָזע" (שטעטלדיקע תפיסה), צוזאַמען מיט אַ גנב און מיר האָבן געבעטן, מען זאָל אונדז ניט זעצן צוזאַמען און דערווײַל איז זיך אין דרויסן צוזאַמענגעקומען „גאַנץ סטאָק" און מיר האָבן אונדזערס אויסגעפירט.

אויף צו מאָרגנס האָט מען אונדז געפירט קיין ווענגראָוו, אין דער פּאָוויאַט־תפיסה. מיך האָט מען געשמידט מיט אַ „קייטעלע" צוזאַמען מיט פּאַגאַדאַן און די הויפּט־זאַך וואָס מען האָט אונדז געפרעגט איז געווען ווי אַזוי עס קומען צו אונדז די פּלאַקאַטן. מיר האָבן זיך פאַרענטפערט אויף פאַרשיידענע אופנים, אָבער זעט אויס, אַז נישט בלויז מיר האָבן זיי נישט איבערצײַגט, נאָר עס איז פאַר אונדז אַליין נישט געווען קלאָר וואָס מיר האָבן געענטפערט. אָבער דערווײַל איז געקומען צו לויפן דער פעטער אברהם ראָטבאַרד, וואָס האָט געאַרבעט אין דער קליינער מיל און ער איז, ווײַזט אויס, געווען גוט באַקאַנט און מען האָט אים אויך גוט אויפגענומען אין דער ווענגראָווער פּאָליציי און ער האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז עס וועט נישט דויערן לאַנג און מען וועט אונדז אַלעמען אַרויסלאָזן.

נאָך אין זעלביקן טאָג, האָט מען אונדז אַרויסגערופן און אונדז געגעבן אונטערצושרײַבן אַ לאַנגן פּאַפּיר. איך האָב געבעטן, אַז מען זאָל אונדז פריער לאָזן איבערלייענען דאָס פּאַפּיר און מען האָט פון אָנהויב דאָס נישט געוואָלט טאָן. איך האָב אָבער דערפילט „דעם פעטערס כוח" און נישט געוואָלט אונטערשרײַבן, ביז מען וועט אונדז נישט איבערלייענען דאָס וואָס מיר שרײַבן אונטער — און מיר האָבן אויסגעפירט...

אין שטוב בײַ אונדז אין סטאָק, האָט מען דערווײַל אָנגעהויבן אַן אמתדיקע „שרפה", מען האָט געברענט ליטעראַטור און פאָטאָגראַפיעס און אַלץ וואָס עס איז געקומען אונטער די הענט. אָבער אין זעלביקן טאָג האָט מען אונדז אַרויסגעלאָזט. מיר זענען נאָך געווען אַ שטיקל צײַט בײַם פעטער אין שטוב און פון דאָרטן האָבן מיר גערעדט טעלעפאָניש קיין סטאָק, ווו אונדזער באַפרײַונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע איבערראַשונג, ווײַל אין אַנדערע פלעצער האָט מען פאַר ענלעכע „פאַרברעכנס" געהאַלטן אַרעסטירט אַ פּאָר יאָר צײַט.

שפּעטער, ווען דער „פּשאָדאָווניק" האָט באַמערקט, אַז מען באַגריסט זיך נישט צו אים, האָט ער זיך פאַר אונדז אַנטשולדיקט. און ווען איך האָב אַרויסגענומען דעם פּאַספּאָרט צו פאָרן קיין אַרגענטינע, האָט דער זעלבער זיך אויף אים אונטערגעשריבן...

דאָס איז אַ טייל פון אַ סך זאַכן, וואָס איך האָב פאַרצייכנט פון מײַן אַמאָליקן שטעטל סטאָק, וואָס וועט שוין מער נישט זײַן קיין יידיש שטעטעלע.

יחיאל נאָוועשטערן / ישראל

# מײַן שטעטל סטאָק, אירע מענטשן און פּרנסות

(זכרונות און פאַרצייכענונגען)

איבער די רחבותדיקע פּוילישע פעלדער און וועלדער, האָבן האַלב־קולטיווירטע וועגן געפירט צו מײַן קליין שטעטעלע סטאָק, וואָס האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט צווישן די אַרומיקע דערפער מיט די אָרעמע קליינע הײַזקעס מיט די שטרוי־באַדעקטע דעכער.

קרומע גאַסן און גלײַכע געסלעך האָבן באַצירט דאָס שטעטעלע. נידעריקע הײַזקעס האָבן זיך געשלענגלט לענג־אויס די געסלעך. די לאַנגע יאָרן האָבן געלאָזן זייערע שפּורן אויף די הײַזקעס און דער גרינער מאָך, האָט באַצירט זייערע אַלט־געבויגענע שינדל־קעפּ.

אין מיטן שטעטל האָט זיך געפונען דער גרויסער פּירקאַנטיקער, נישט ברוקירטער מאַרק, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע פיר זײַטן, מיט הײַזער און קראָמען, פון וועלכע יידן און נישט יידן האָבן געצויגן זייער חיונה. דער מאַרק איז פּאַקטיש געווען די קרוין פון דעם שטעטל; דאָ האָט „געבליט” דער יידישער מסחר, דאָ פלעגט יעדן מאָנטיק פאָרקומען דער יריד, ווו די סטאָקער יידן (און אויך נישט־יידן), פלעגן פון אים ציען פּרנסה די גאַנצע וואָך. דאָ אויף דעם מאַרק, בײַ דער אַלטער קרעטשמע, פלעגט זיך פאַרזאַמלען די סטאָקער יידישע יוגנט אין די אָוונטן און פלעגן דיסקוטירן וועגן פאַרשידענע וועלט־פּראָבלעמען; דאָ אויפן מאַרק פלעגן די „שומרים” אויסזינגען זייערע לידער און זייערע טרוימען וועגן אַ שיינער פרײַער צוקונפט — ערגעצוו ווײַט אין לאַנד פון זייערע אבות; אין דעם לאַנד, ווו דער הימל איז „בלויער ווי בלוי”. דאָ אויפן מאַרק, פלעגן די סטאָקער מאַרק־זיצערינס זײַן אַ גאַנצע וואָך און פאַרקויפן אום זומער פאַרשידענע גרינסן און פרוכטן, ווי שוואַרצע יאַגעדעס, קאַרשן, עפּל און באַרן. טראָץ דער ביליקייט פון די פ ר ו כ ט ן בעת דעם סעזאָן, האָבן זיך אַ סך אָרעמע יידישע קינדער אַרומגעדרייט איבערן מאַרק און „פאַרבענקטע” זיך צוגעקוקט צו די רייצנדיקע פרוכטן און ממש געשלונגען זייער שפּײַעכץ.

און נישט איין מאָל, ווען די מאַרק־זיצערינס פלעגן אײַנשלאָפן פון מידקייט, פלעגן אָט די קליינע אָרעמע קינדער אַרויסכאַפּן בגנבה אַן עפּל, אָדער באַר, כדי צו פאַרזוכן זייער טעם... און ווען איך שרײַב וועגן אָט די מאַרק־זיצערינס, דערמאָנט זיך מיר, אַז ווינטער ווען די פרעסט האָבן „געברענט” און די קעלט איז געווען גרויס, פלעגן זיך די מאַרק־זיצערינס באַנוצן מיט „פײַער־טעפּ”, כדי אַביסל צו דערוואַרעמען די פאַרפרוירענע גלידער. איך מוז דערבײַ צוגעבן, אַז דער דאָזיקער „הייץ־מעטאָד” פלעגט אויך באַנוצט ווערן אין אַ סך קליינע קרעמלעך, ווו די טיר איז געווען אָפן אַ גאַנצן טאָג, וואַרטנדיק אויף אַ קונה, וואָס האָט זיך נישט אַזוי געאײַלט צו קומען...

פון מאַרק האָבן זיך געצויגן עטלעכע גאַסן, ווי: די ווענגראָווער גאַס, די קאַסאָווער גאַס, די מיל־גאַס, די דאָרף־גאַס און די באַן־גאַס. פון דער באַן־גאַס האָט געפירט אַ וועג צו אַלט־סטאָק, וואָס איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישער טייל פון דעם שטעטל, וואָס האָט זיך אויסגעטיילט פון דעם אַנדערן טייל פון שטעטל, מיט אירע שמאָלע געסלעך און מיט די נידעריקע אַלטע אײַנגעבויגענע הײַזקעס. דאָ אין אַלט־סטאָק, פלעגט אַפילו קיין פור נישט קאָנען דורכפאָרן צוליב דער שמאָלקייט פון דעם געסל. אַלט־סטאָק האָט זיך אויך „אויסגעצייכנט” מיט אירע טיפע בלאָטעס, וואָס פלעגן זיך שאַפן נאָך סוכות. עס איז פּשוט געווען אַן אײַנשטעלעניש, צו לאָזן זיך אין אַ פינצטערער נאַכט איבער די בלאָטעס פון די אַלט־סטאָקער געסלעך. און נישט איין מאָל פלעגן זיך הערן הילפס־רופן פון אַלטע לײַט, אַז מען זאָל זיי אַרויסנעמען פון די דאָרטיקע בלאָטעס... אין אַלט־סטאָק, האָבן בדרך־הכלל געוווינט די אָרעמערע און האָרעפּאַשנע סטאָקער פאָלקס־מענטשן.

סטאָק איז, ווי געזאָגט, געווען אַ קליין שטעטל, אָבער דאגות האָט דאָס פאַרמאָגט גאַנץ גרויסע און קודם־כל אויף דעם מאַטעריעלן געביט. ווי אין אַנדערע יידיש־פּוילישע שטעט און שטעטלעך, איז אויך די יידישע באַפעלקערונג פון סטאָק, באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פון קליינע סוחרים, האַנטווערקער און אַרבעטער. און דער גרעסטער רוב פון זיי האָבן געלעבט אין ענגשאַפט און אין אָרעמקייט. און איך גלויב, אַז די פראַגע „ווי נעמט מען אויף שבת?" איז קיין מאָל נישט אַראָפּ בײַ זיי פון סדר היום. בײַ אַ סך סטאָקער משפחות, איז זייער שווער געווען דער גערענגל פאַר דער טאָג־טעגלעכער עקזיסטענץ און אַ סך כוחות האָבן זיך גענייטיקט אויף בײַצוקומען די שוועריקייטן, כדי זיך קענען האַלטן אויף דער אויבערפלאַך און פירן אַ שווערן קאַמף פאַרן עקאָנאָמישן קיום. און דאָס איז אויך געקומען אַלס רעזולטאַט פון דער דיסקרימינאַציע לגבי דער יידישער באַפעלקערונג מצד דער הערשנדיקער מאַכט.

מיט וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט די יידן פון סטאָק? פון וואָס האָבן זיי געלעבט? דאָס איז אַ פראַגע, אויף וועלכער עס איז שווער צו ענטפערן. אָבער איין זאַך קאָן איך יאָ פעסטשטעלן, אַז אין קיין צופיל שפע, האָט זיך דאָס שטעטל קיין מאָל נישט געבאָדן. און די הויפּט־פּרנסה האָבן די סטאָקער יידן בדרך־כלל געצויגן פון דעם מאַרק, וואָס פלעגט דורכגעפירט ווערן יעדן מאָנטיק. אויף דעם דאָזיקן מאַרק, אָדער יריד ווי מען פלעגט אים רופן, פלעגן פאָרקומען אַלע „האַנדלס - טראַנזאַקציעס" צווישן די יידן און זייערע גוייִשע שכנים. מען דאַרף דערבײַ צוגעבן, אַז אַ חוץ אַ באַשיידענע צאָל גרעסערע געשעפטן וועלכע האָבן געהאַט כלערליי סחורות, זענען אָבער דער גרעסטער טייל באַשטאַנען פון קליינע אָרעמע קרעמלעך, ווו דער דלות האָט ממש „אַראָפּגעשריגן" פון אַלע פּאָליצעס. אָט די קליינע קרעמלעך, זענען געווען פשוטע גראָשן־געשעפטן, ווײַל אויף קיין גאַנצן הערינג, פלעגן דאָרטן נישט זײַן קיין בעלנים...

אַ גרויכער טייל פון סטאָקער יידן, האָבן זיך פאַרנומען מיט מלאכה, ווי: שוסטערס, שנײַדערס, היטלמאַכערס, סטאָליערעס, קאָוואַליעס, בעקערס, קצבים, בעלי־עגלות און אַנדערע בעלי־מלאכות, פון וועלכע עס האָבן זיך אויסגעטיילט אַ געוויסע גרופּע טאַנדייטניקעס, וועלכע האָבן פּראָדוצירט ביליקע מלבושים און שיך פאַר דער פּויערישער באַפעלקערונג — און אויך פאַר די אומגעגנטן. די דאָזיקע סטאָקער ביליקע סחורה, פלעגט וואַנדערן אויף אַלע ירידים אין דער סטאָקער סביבה. און אַז איך דערמאָן שוין די סטאָקער פּרנסות, וויל איך אויך דערמאָנען נאָך אַ פּרנסה, אַ ספּעציעלע קאַטעגאָריע פון הענדלערינס, באַקאַנט מיט דעם נאָמען „פשעקופּקעס", וועלכע זענען געווען קינסטלערינס אויסצודינגען בײַ די פּויערים די עופות, פּוטער, אייער — און דאָס צוריק פאַרקויפן מיט פאַרדינסט. די „פשעקופּקעס" זענען געווען אַ שם־דבר אין שטעטל און אַלע האָבן זיי געוואָלט אויסמײַדן, צוליב זייערע אומסימפּאַטישע אייגנשאַפטן, וואָס עס האָט זיך בײַ זיי אויסגעבילדעט ווי אַ רעזולטאַט פון דעם שווערן קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ וואָס עס איז זיי אויסגעקומען כסדר אָנצופירן.

סטאָק האָט אויך פאַרמאָגט צוויי מילן. און כאָטש די מילן האָבן געהערט צו קריסטן, האָבן דאָך יידן געצויגן פון זיי פּרנסה. זיי פלעגן אויפן יריד קויפן קאָרן און מאַכן דערפון מעל און דאָס פאַרקויפן די בעקערס פון שטעטל — און אַ סך יידישע משפחות האָבן געהאַט זייער אַ שיינע פּרנסה פון דעם פאַך. אויך זענען אין שטעטל געווען פיר פאַבריקלעך פון סאָדע־וואַסער, וועלכע פלעגן אַרבעטן הויפּטזעכלעך אין די זומערדיקע חדשים.

דאָס איז כמעט דאָס גאַנצע בילד פון די סטאָקער יידישע פּרנסות. און פאַקטיש האָט דער דלות געפּײַפט אין אַלע ווינקעלעך און די מחנות אָרעמעלײַט, וועלכע פלעגן יעדן ערב־שבת אָדער ערב יום־טוב גיין איבער די הײַזער כדי צו קלײַבן נדבות — ווער אַ גראָשן, ווער אַ שטיקל צוקער און ווער אַפילו אַ שטיקל ברויט — האָבן אילוסטרירט די אמתע שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין אונדזער שטעטל סטאָק, וואָס איז נישט געווען מיט קיין סך אַנדערש ווי דאָס יידישע לעבן אין אַנדערע שטעטלעך פון אַמאָליקן פּוילן.

עס דערמאָנט זיך מיר דאָס בילד, ווי די אַלטע טובהלע און אַנדערע סטאָקער יידישע פרויען פלעגן שבת אין דער פרי גיין פון שטוב צו שטוב און צונויפנעמען ברויט און חלה און אַנדערע זאַכן און דאָס שפּעטער פונאַנדערטיילן צווישן אַ סך משפחות, וואָס האָבן זיך פשוט גענייטיקט אין דעם. כדי זיך צו שאַפן אַ באַגריף פון דער אָרעמקייט וואָס עס איז בײַ אונדז געווען. און איך וויל

בײַ דער געלעגנהײַט פעסטשטעלן מיט צופרידנ־קײט, אַז סטאָקער ייִדן זענען שטענדיק געווען גרייט צו געבן זייערע אָרעמע ברידער, אַלץ וואָס זיי האָבן געקאָנט — און שפּעטער זענען אַפילו גע־שאַפן געוואָרן פאַרשידענע געזעלשאַפטן אויף אַרויסצוהעלפן אָרעמע בעלי־מלאכות און קליינ־הענדלער, ווען זיי האָבן זיך געניטיקט אין הילף.

## פאַרשידענע אַנדערע פּרנסות און אייניקע דאַרטיקע מענטשן

אין סטאָק האָבן געלעבט בײַ די פינף הונדערט ייִדישע משפּחות, וואָס זענען געווען די מערהײַט פון דער אַלגעמיינער אַרטיקער באַפעלקערונג און נישט בלויז די וווינונגען, נאָר אויך אַלע געשעפט־לאָקאַלן אויפן מאַרק זענען געווען ייִדישע, מיט דעם אויסנאַם פון עטלעכע פּוילישע חזיר־סוחרים.

די ייִדישע פּרנסות, האָבן זיך בעיקר באַזירט אויף די מלאכות און האַנדל, וואָס מיר האָבן פריער אויסגערעכנט. עס זענען אָבער געווען פאַרשידענע אַנדערע פּרנסות וואָס מיר האָבן פריער נישט דער־מאָנט און וואָס מיר וועלן איצט אויסרעכענען און אויך דערמאָנען אייניקע פּערזאָנען פון זיי.

אין דער ערשטער ריי איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז עס זענען געווען אַ געוויסער פּראָצענט סטאָקער ייִדן, וואָס האָבן געלעבט פון גײַסטיקע פּראָפע־סיעס, ווי: דער רב, שוחטים, מלמדים, סופרים, שמשים א״א און פון אָט די אַלע פּרנסות, איז נישט געווען קיין צופיל „שפע" בײַ די סטאָקער ייִדן און זיי האָבן געמוזט פירן אַ שווערן טאָג־טעגלעכן קאַמף, כדי צו קאָנען געבן ברויט זייער משפּחה.

אין דעם פילפאַרביקן רעגנבויגן פון די סטאָ־קער פּרנסות, האָבן אַ באַזונדער פּלאַץ פאַרנומען די א״ג „שפּיליטערן", פון וועלכן עס האָבן גע־צויגן זייער פּרנסה אויף אַ שווערן אופן, עטלעכע דאַרטיקע משפּחות. און פון דאָזיקן משפּחה־צווײַג, איז געווען אָפּהענגיק אין אַ גרויסער מאָס, די ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט און אַנטוויקלונג פון אַ גרויסן טייל פון שטעטלדיקן מסחר און פון די בעלי־מלאכות.

די „שפּיליטערן" האָבן אומבאַדינגט געדאַרפט צו האָבן ספּעציעלע פיזישע און אויך גײַסטיקע אייגנשאַפטן, ווײַל אָן דעם איז נישט געווען מעג־לעך דורכצופירן זייער אַרבעט. ערשטנס איז גע־ווען נייטיק אַ סך ענערגיע, ווײַל דאָס פאָרן יעדן יעדן טאָג קיין וואַרשע מיט דער באַן, באַלאָדנט מיט אַ סך פּעקלעך, האָט געפאָדערט אַ סך פיזישע קראַפט און דערצו האָט מען געדאַרפט לייגן אַ סך אַכט אויף דעם, אַז מען זאָל נישט פאַרלירן קיין פּעקל. צווייטנס איז בײַ דעם פאַך געווען נייטיק אַ שנעלע אָריענטאַציע — און דער עיקר האָט מען געדאַרפט קענען אַ ביסל די פּסיכאָלאָגיע פון די קליענטן, פאַר וועמען מען האָט געדאַרפט ברענגען די סחורה פון וואַרשע. און דערצו האָט מען גע־דאַרפט קענען גוט אַלע גאַסן פון וואַרשע, אויף צו וויסן ווו מען באַקומט די סחורות און בכלל האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ סך רירעוודיקייט, צו קאָנען אויספירן אין פאַרלויף פון טאָג אַלע באַשטעלונגען, אויף דעם בעסטן אופן.

עס איז דערבײַ כדאַי זיך צו באַקענען מיט צוויי פרויען, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דעם דאָזיקן פאַך פון „שפּיליטעריי".

איינע איז געווען פייגעלע ישׂראל־היימס. איר נאָמען אַליין איז געווען גענוג אויף צו וויסן ווער זי איז. זי איז געווען אַ פרוי אין די דרײַסיקער יאָרן (אין דער צײַט וואָס איך געדענק זי); זי איז געווען אַלע יאָרן אַליין, אָן אַ מאַן. איר מאַן איז אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אַוועק אין מילי־טער און איז מער נישט צוריקגעקומען. עס איז אָבער אויך נישט געווען קיין שום ידיעה וועגן אים און דערפאַר האָט זי נישט געטאָרט חתונה האָבן און זי האָט אַליין געמוזט זוכן פּרנסה.

זי האָט אָנגעהויבן צו פירן אייער, פּוטער, פלייש און אַנדערע זאַכן קיין וואַרשע — ביז זי איז געוואָרן אַ שפּיליטערין און זי איז געווען אַזוי רירעוודיק און דינאַמיש אין איר פאַך, אַז עס איז געווען אַפילו שווער צו געפינען אַ מאַן וואָס זאָל זיך אַזוי אויסטויגן און האָבן אַזאַ שנעלע אָריענ־טאַציע ווי זי האָט געהאַט; מען האָט צו איר נישט געדאַרפט רעדן קיין סך און זי האָט אַלצדינג פאַר־שטאַנען אויפן ווונק און זי פלעגט אויספירן אַלע באַשטעלונגען געטרײַ און פּינקטלעך, סײַ די זאַכן וואָס זי האָט געדאַרפט פירן קיין וואַרשע און אויך די זאַכן וואָס זי האָט פון דאָרטן געדאַרפט ברענ־גען.

אַ חוץ אירע רײַזעס קיין וואַרשע, פלעגט זי אויך האַנדלען אויפן מאַרק און אויפן יריד. זי האָט זייער שווער געאַרבעט אויף איר פּרנסה, דאָך האָט זי אויפגענומען אַלצדינג באהבה און נישט געהאַט חס ושלום צו קיינעם, קיין שום טענות.

אַ צווייטער טיפּ פון פייגעלען, איז געווען אסתּר דאבּע זשעליענעץ. זי האָט שוין יאָ געהאַט אַ משפּחה־לעבן, כאָטש זי איז געווען אַן אלמנה; זי האָט אָבער געלעבט מיט איר טאָכטער און איידעם יודל ניימאַן. זי, פּונקט ווי פייגעלע, איז געווען פון די ערשטע שפּיליטערינס אין סטאָק און נישט געקוקט אויף איר עלטער, איז זי געווען אַ רירעוודיקע און דינאַמישע און זי פלעגט אויספירן אַלע באַשטעלונגען אויף דעם בעסטן אופן.

און כאָטש אויסערלעך האָט זי אויסגעזען צו זײַן אַ ביסל אַ שטרענגע, איז דאָך ווען מען האָט געדאַרפט עפּעס מיטגעבן פאַר אַ קינד אין וואַרשע, איז דער זיכערסטער אופן געווען דאָס צו טאָן דורך אסתּר דאבּען: זי האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגעזאָגט צו טאָן ווען עס איז אַ טובה און ספּעציעל ווען עס איז ווער קראַנק געוואָרן אין שטעטל און דער חולה האָט זיך געבייטיקט אין אַן ארץ־ישראלדיקן פּאָמעראַנץ, אָדער אין אַ ביסל ווײַנטרויבן, האָט מען דאָס געקאָנט באַקומען נאָר בײַ אסתּר דאבּען. זי האָט אויך געהאַט אַ קליין געשעפט אויפן מאַרק און פאַר איר פּינקטלעכקייט און ערלעכקייט, האָט מען זי אין שטעטל שטאַרק ליב געהאַט.

די צוויי ברידער מאָטל און חיים פּאָגאָדע, פלעגן אין די ערשטע צײַטן גיין אויפן דאָרף מיט אַ פּעקל שניט־סחורה און שפּעטער זענען זיי אויך געוואָרן שפּיליטערן.

איך געדענק זייער גוט מאָטלען, וואָס איז געווען אַ ברויזנדיקער און אימפּולסירנדיקער — און האָט זיך קיין מאָל נישט באַגנוגנט מיט דעם וואָס ער האָט פאַרמאָגט און פלעגט אַרבעטן טאָג און נאַכט כדי צו האָבן מער פּרנסה ביז ער איז געוואָרן מער סוחר ווי שפּיליטער.

ער האָט בײַ זיך אין שטוב אײַנגעפירט אַ שיין שניט־געשעפט און אויף דעם מאַרק, אָדער יריד, פלעגט ער שטיין מיט אַ שיינעם שטעל אויפן מאַרק. אין די לעצטע יאָרן, ערב דעם חורבן, פלעגט ער ברענגען וואָל פון וואַרשע און ער פלעגט די וואָל אַרויסגעבן די סטאָקער מיידלעך צו שטריקן דערעס — און אַ דאַנק זײַן רירעוודיקייט און שאַרפן קאָפּ, איז ער געוואָרן אַ גרויסער סוחר.

אָבער ווי פלינק און רירעוודיק ער איז געווען אַ גאַנצע וואָך, אַזוי רויִק און בנעימותדיק איז ער געווען שבת. דעמאָלט האָט ער אַרויסגעלאָזט אַלע געשעפטן פון קאָפּ און זיך באַפרײַט פון דער אָנגעלאָדענער שפּאַנונג און פלעגט טריט בײַ טריט — גאָרנישט ווי זײַן טבע— שפּאַצירן אין בית המדרש אַרײַן, מיט זײַנע קינדער, צו דאַווענען.

אויך הערשל שטערן, איז געווען אַ שפּיליטער, אָבער אין אַ געוויסער מאָס אַן אויסנאַם פון די אַנדערע; ער איז געווען זייער אַ רויִקער און זײַנע געשעפטן האָט ער געפירט שטיל און לאַנגזאַם; ער פלעגט זיך פאַרנעמען מיט ברענגען פון וואַרשע צודאַטן פאַר שוסטערס און ער פלעגט די שוסטערס אויך פאַרקויפן אַ ביסל לעדער. און אַ חוץ זײַן באַשעפטיקונג, האָט ער ליב געהאַט זיך אַרײַנצומישן אין קהלשע זאַכן.

*
**

מיר וועלן דאָ אויך דערמאָנען אַזעלכע וואָס האָבן געלעבט פון „קאָפּ־אַרבעט”, וואָס מיר מיינען דאָ אין דעם פאַל — היטלמאַכערס... דאָס איז געווען אַ פאַך וואָס האָט שטענדיק געהאַט אַרבעט. און איך געדענק ווי ייִדן פלעגן זיך וויצלען און פרעגן: נאָך וואָס דאַרף, אייגנטלעך, אַ גוי אַ היטל, אַז קיין קאָפּ האָט ער סײַ ווי נישט? איז דער ענטפער, כדי די ייִדישע היטלמאַכערס, זאָלן האָבן אויף צו מאַכן שבת... און כדי צו דערנערן אַ ביסל ייִדישע משפּחות, איז שוין גאָרנישט אַזוי לײַכט געווען און מען האָט געדאַרפט צולייגן קאָפּ — און דווקא ייִדישן קאָפּ, כדי אויפצושטעלן אַ פאַרצווײַגטע פּראָדוקציע וואָס זאָל געבן פּרנסה די אַלע וואָס האָבן זיך דערמיט באַשעפטיקט. און פּונקט ווי בײַ אַנדערע פאַכן, האָבן זיי אויך די אויסגעאַרבעטע היטלען טיילווײַז פאַרקויפן בײַ זיך אין שטוב און דער עיקר אויף די ירידים אין דער נאָענטער סביבה.

פון אַלע סטאָקער היטלמאַכערס געדענק איך בלויז מנחם שוואַרצפאַרב. עס זענען פאַראַן אַ סך סיבות דערפאַר און די הויפּטזאַך, ווײַל ער איז געווען אַ גוטער פאַכמאַן און אַז מיר, ייִדישע קינדער, האָבן אָנגעטאָן אויף פּסח אַ נײַ היטעלע פון מנחמען, איז דאָס געווען בײַ אונדז אַן אמתער עונג יום־טוב. און כאָטש זײַנע היטלען האָבן געקאָסט אַ ביסל טײַערער, האָבן דאָך אַלע געוואָלט מאַכן די היטלען בײַ אים. אַפילו די פּויערים האָבן געהאַט צו מנחמען מער צוטרוי ווי צו אַן אַנדערן.

איז דערפאַר נישט קיין וווּנדער, וואָס שוין שבת צו נאַכטס, ווי עס איז נאָר וואָס אַוועק דער הייליקער שבת, האָט מען בײַ מנחם היטלמאַכער שוין געאַרבעט, ווײַל ער האָט געמוזט צוגרייטן

סחורה פאַר דעם מאַרק, אָדער יריד. איך האָב ליב געהאַט אַרײַנצוקוקן און זען ווי מנחם מיט זײַנע קינדער זיצן בײַ די ניי־מאַשינען און אַרבעטן גאַנץ שווער — אָבער דערבײַ פלעגן זיי זיך פונאַנדערזינגען אויף אַ דביקותדיקן אופן, ווײַל מנחם איז געווען אַ קאָצקער חסיד און ער פלעגט זײַן התלהבות אַרויסברענגען אומעטום און אויך בײַ זײַן אַרבעט, וואָס האָט בײַ אים פאַרנומען דעם גרעסטן טייל פון זײַן לעבן.

בכלל איז ער געווען שטענדיק אַן אויפגעלייגטער און געמיטלעכער מענטש; שטענדיק געווען פול מיט הומאָר און וויץ — טראָץ דעם וואָס ער איז געווען אַ כהן. אין זײַן אָנוועזנהײַט האָט די עצבות שטענדיק געמוזט אָפּטרעטן. און כאָטש זײַן שטענדיקע פאַרנומענקייט, איז ער געווען פון די ייִדן וואָס האָבן קיין מאָל נישט פאַרפעלט צו לערנען דעם עין יעקב, צווישן מנחה און מעריב אין בית המדרש.

## מלמדים אין סטאָק

די חדר־יאָרן, ווי בכלל די קינדער־יאָרן, זענען זיכער בײַ אַלעמען פאַרבליבן ווי דער ערשטער טייל פון זייער לעבן. אויך בײַ מיר האָבן די דאָזיקע יאָרן איבערגעלאָזט טיפע צייכנס, וועלכע האָבן מיך אַרײַנגעפירט אין אַ נײַעם לעבן און האָבן מיך געלערנט נײַע זאַכן, וואָס זענען ביז דאַן געווען פאַר מיר פרעמד און דאָרטן האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן און פאַרשטיין זאַכן, אויף אַ נײַעם אופן און אין אַן אַנדער ליכט.

דאָס וואָס איך וויל פעסטשטעלן איז, אַז פון בערציִונגס־שטאַנדפּונקט איז דאָס מלמדות אין שטעטל געווען אַ חשובע באַשעפטיקונג בײַ די סטאָקער ייִדן. די דאָזיקע מענטשן וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט מלמדות, האָבן דאָך געגעבן די ערשטע עלעמענטאַרסטע יסודות פון ייִדישקייט, לויט דעם טראַדיציאָנעלן — און פון דורות פעסטגעשטעלטן סדר. עס איז אמת, אַז די לערן־באַדינגונגען זענען אין יענער צײַט געווען זייער פרימיטיווע און דער חדר איז בכלל געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקער מדרגה.

בדרך הכלל, איז דער חדר — דאָס לערן־אָרט פון די יונגע תלמידים — אין גרעסטן טייל געווען אַ ווינקל פון דעם צימער אין וועלכן עס האָט געוווינט דער מלמד, וואָס איז באַשטאַנען פון איין צימער אין גרויס דחקות און ענגשאַפט און במילא אויך אָן די עלעמענטאַרסטע היגיענישע באַדינגונגען. לײדער זענען אויך די מלמדים על פי רוב, נישט געווען אַזוי צופרידן פון זייער מלומדות; זיי זענען געווען אַנטוישט און אַפילו פאַרביטערט, ווײַל זייער מלאכות קודש איז אין גרעסטן טייל נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן און אַוודאי נישט באַצאָלט געוואָרן ווי עס באַדאַרף צו זײַן.

דאָס באַקאַנטע ווערטל, אַז „ווער עס איז נישט מצליח, דער ווערט אַ מלמד", האָט בולט אילוסטרירט די באַציִונג צו זיי, וואָס עס האָט זיך אָפּגערופן אויף זייער מצב. אָבער טראָץ דעם וואָס אַ סך מלמדים זענען געווען פאַרביטערט און דאָס וואָס מען באַצייכנט אַלס „מרי־נפש" און זיך דערײבער נישט אויסגעצייכנט מיט קיין צופיל ליבשאַפט צו זייער פאַך, מוז איך זאָגן, אַז עס זענען אָבער אויך געווען צווישן זיי זייער אַ סך וואָס זענען דווקא געווען איבערגעגעבן צו זייער פראָפעסיע און האָבן ממש ליב געהאַט די תלמידים אהבת נפש.

צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע האָט געהערט מאָטל לובעלטשיק — אַ גרויסער למדן און חסיד, ווי אויך מאיר אַנטשל סטאָלאָוויטש און נחמן שמחה: זיי האָבן אײַנגעפלאַנצט אין די הערצעלעך פון זייערע יונגע תלמידים אומבאַגרענעצטע אהבת־ישראל און אפשר אויך אהבת לארץ ישראל, וואָס איז אין יענע יאָרן געווען בײַ אַ סך אַן אויסנאַמס פאַל. אָט די מלמדים־למדנים, האָבן געווידמעט זייער לעבן צו לערנען ייִדישע קינדער תורה מיט דרך ארץ; ייִדישקייט און מענטשלעכקייט.

מיט גרויס יראת הכבוד דערמאָן איך הײַנט, זיי, מײַנע מלמדים, און אַלע וועלכע האָבן נישט געקוקט אויף זייער גרויסער דחקות, נישט אויפגעגעבן זייער פאַך, ווײַל זיי האָבן באַטראַכט דאָס מלמדות ווי אַ זכות; ווי אַ מלאָכות הקודש, אויף צו זײַן די טרעגער פון דער ייִדישקייט קולטור, דערציִענדיק דעם יונגן ייִדישן דור.

און אויב איך דערמאָן הײַנט די חדר־יאָרן, ווילט זיך מיר דערמאָנען ווי עס האָט בכלל אויסגעזען דאָס לערנען אין יענע יאָרן אין חדר — און איך מוז דערבײַ פעסטשטעלן, אַז אַפילו הײַנט איז מיר שווער שלום צו מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז

מיר זענען באמת געווען אַמאָל אַזעלכע „גוטע קינדער" וואָס האָבן געקאָנט אויסהאַלטן דעם גאַנצן טאָג אין חדר, ווײַל דאָס לערנען אין חדר, האָט זיך פּאַקטיש אָנגעהויבן גאַנץ פרי און זיך פאַרענדיקט שפּעט בײַנאַכט און ווינטער צײַט. אין די פינצטערע נעכט פלעגן מיר מיטברענגען לאַמטערנס, וואָס מיר, קינדער, פלעגן אַליין מאַכן פון פּאַפּיר כדי צו קענען זען ווי אַזוי צו גיין אַהיים אין די פינצטערע נעכט. די אומבאַלויכטענע געסלעך פון שטעטל, וואָס האָבן אַזוי געשראָקן די קינדערשע נשמות. מיר האָבן אויך גערדאַרפט ברענגען יעדע וואָך אַ ליכט אָדער געלט אין חדר אַרײַן, כדי אָנטיילצונעמען אין די „באַלײַכטונגס־הוצאות" פון דעם חדר.

מיר זענען געווען צוגעבונדן צום חדר, כמעט די גאַנצע זיבן טעג פון דער וואָך, אַפילו שבת נאָכן עסן, זענען מיר געגאַנגען אין חדר כדי צו זאָגן „פּרק" אין די זומער־חדשים, אָדער דעם „ברכי־נפשי" אין די ווינטער־שבתים. שבת איז אויך געווען אַ מנהג צו „פאַרהערן" די תלמידים, בײַ באַקאַנטע לומדים אין שטעטל — און אַזוי איז געווען דער חדר, וווּ דאָס ייִנגל האָט פאַרבראַכט זײַנע קינדער־יאָרן און אין אָט דעם חדר, האָבן מיר געשטעלט די ערשטע טריט פון אונדזער לעבן און אונדזערע לערערס זענען געווען די מלמדים.

## מײַנע מלמדים

מײַן ערשטער רבי, איז געווען דער דרדקי־מלמד, וועמען מען האָט גערופן אין סטאָק דער „טויטער מלמד", פאַרוואָס מען האָט אים אַזוי גערופן, זענען אין סטאָק אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע קלאַנגען און דאָס וואָס איך ווייס איז, אַז ער האָט אַמאָל, שבת נאָכן עסן בײַם בענטשן, ווען ער האָט גענומען זאָגן און אויסזינגען דעם „ובנה ירושלים, עיר הקודש ברחמיו בנה", האָט אים אָנגעכאַפּט אַזאַ מין בענקשאַפט, אַז ער האָט גענומען דאָס מעסער, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, און האָט זיך אײַנגעשניטן די אָדערן פון האַנט. פון דעמאָלט אָן, איז ער שטענדיק געווען אַ בלאַסער אויפן פנים און עס איז אים פאַרבליבן דער צונאָמען „דער טויטער מלמד".

ער איז נישט געווען קיין סטאָקער און האָט געשטאַמט פון ווענגראָוו און האָט געוווינט בײַ אַברהם שמעונס אויפן בוידעם שטיבל. ער האָט געלעבט אַליין, אָן אַ משפּחה און איך האָב אים זייער שטאַרק ליב געהאַט און אַלס קינד האָב איך געהאַט צו אים רחמנות־געפילן, ווײַל ער איז נישט געווען קיין שטרענגער און אויף וויפל איך געדענק, איז ער געווען אַ רויִקער און האָט אונדז, די קינדער, אויך זייער ליב געהאַט; ער האָט בכלל נישט פאַרמאָגט קיין קאַנטשיק, ווי די אַנדערע מלמדים. ער האָט אויך קיין מאָל נישט געגעבן קיין פּעטש, אָדער געריסן בײַ די פּאות; פאַרקערט, ער האָט זיך צו אונדז געווידמעט מיט אַ סך ליבע, נישט געקוקט אויפן שווערן און דחקות־דיקן לעבן, וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער אונדז, קינדער, געגעבן אַ סך ליבע. טראָץ וואָס ער האָט נישט געהאַט קיין סך תלמידים, האָט ער פאַר קיין פאַל נישט אויפגעגעבן זײַן מלמדות. ער האָט שטענדיק באַטראַכט זײַן אַרבעט ווי אַ מלאכות־קודש און האָט געהאַלטן פאַר אַ זכות צו קאָנען דערציִען קליינע ייִדישע קינדער צו תורה און פון אים האָב איך אַלס קינד געלערנט אַ סך זאַכן — און דער עיקר איז זײַן ליבע צו ארץ ישראל פאַרבליבן אויף שטענדיק אין מײַן האַרץ.

מײַן צווייטער רבי איז געווען ר' ברוך מלמד, אַזוי האָט מען אים גערופן אין סטאָק. ער איז געווען זייער אַ שטרענגער און אויך אַ גרויסער בעל־כעסן. איך געדענק נישט, אַז ער זאָל אַמאָל אַ שמייכל טאָן צו זײַנע תלמידים.

בדרך־הכלל, איז דאָס אַריבערגיין פון איין מלמד צו אַ צווייטן, נישט געווען אַזוי פשוט, ווײַל נישט דער תלמיד האָט דאָ געהאַט עפּעס וואָס צו זאָגן אין דעם ענין, נאָר דעם תלמידס פאָטער, אָדער זיידע; זיי האָבן באַשטימט צו וועלכן מלמד זיי וועלן שיקן דאָס קינד, רעכענענדיק זיך ערשטנס מיט דעם יחוס און אויך מיט די עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן און אַספּיראַציעס פון די עלטערן, אָבער אַזוי ווי איך בין געווען אַ יתום, האָט מײַן מאַמע מיך אַרײַנגעגעבן צו ברוך דעם מלמד, וואָס איז דורך־אַגב געווען אונדזער שכן. און דאָ, בײַ ברוך דעם מלמד, האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ נײַע תקופה אין מײַן לעבן: ערשטנס האָב איך זיך שוין אָנגעהויבן צו פירן ווי אַ חומש ייִנגל, וואָס מיט דער צײַט וועל איך אויך אָנהייבן צו לערנען אַ בלאַט גמרא. און צווייטנס, האָב איך דאָ בײַ ברוך מלמד, באַקומען נײַע חברים, וואָס

צוזאַמען מיט זיי האָט זיך בײַ מיר אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן.

דער רבי ר׳ ברוך מלמד, איז געווען אַ קליין דאַר יידל, מיט שוואַכע אויגן, און ווען ער פלעגט מיט אונדז לערנען, האָט ער געמוזט אַרײַנרוקן זײַנע אויגן, טיף טיף אין חומש אָדער אין דער גמרא. און זײַן שוואַכע ראיה האָבן מיר אויסגע־נוצט אַ סך מאָל, בכדי אים אָנצוטאָן גרויסע צרות.

געוווינט האָט ברוך מלמד, אין דעם „רויטן מויער" אויפן מאַרק־פּלאַץ. דער חדר איז באַ־שטאַנען פון אַ טייל פון דעם צימער, וואָס האָט אויך געדינט פאַר דער דירה פון זײַן משפחה און אויך פאַר דער קיך. זײַן ווײַב מנוחה פלעגט אים אַרויסהעלפן אין דער פרנסה; זי פלעגט יעדן זונ־טיק באַקן ברויט און חלות און דאָס פאַרקויפן אויפן מאַרק אין די מאָנטיק־טעג. דער צימער פון דעם חדר איז געווען זייער ענג, כמעט אָן לופט און אָן ליכט און דער ריח פון דעם צימערל, ווו עס איז געווען די קיך און פון דעם קרופּניק, וואָס די רביצין פלעגט קאָכן, פלעגט אונדז נישט איין מאָל פאַרהאַקן דעם אָטעם. און נישט איין מאָל, איז אונדז באַפאַלן אַזאַ מין מידקייט און עס האָט זיך זייער געוואָלט אַ ביסעלע פרישע לופט, בפרט אין די הייסע זומער־טעג, ווען דער חדר איז פאַר אונדז ממש געווען אַ תפיסה.

און דערצו פלעגט אונדז דער רבי אַזוי שטאַרק און ממש אומברחמנותדיקן שלאָגן, אַז אַ סך מאָל האָבן מיר געוואָלט פשוט אַנטלויפן פון דאָזיקן חדר, אָבער שטענדיק האָבן מיר מורא געהאַט, סײַ פאַר דער שטוב און נאָך מער פאַרן רבין, וואָס אין גרויסע פאַלן פלעגט ער אונדז שלאָגן אָן אַ חש־בון. די אימה פאַרן רבין, קאָן איך נאָך ביז איצט נישט פאַרגעסן. און מער ווי שטענדיק איז דער רבי געווען בייז דאָנערשטיק בײַנאַכט, ווען ער פלעגט אונדז פאַרהערן דעם חומש, אָדער דעם בלאַט גמרא און אפילו דאָס יינגל, וואָס האָט יאָ געקאָנט דעם בלאַט גמרא, פלעגט אויך אַרײַנכאַפּן אָן אַ שום סיבה עטלעכע קלעפּ, נאָר אָך און וויי איז געווען צו דעם יינגל וואָס האָט נישט געקאָנט די גמרא; דער פלעגט שוין אַרײַנכאַפּן אַזוי פיל קלעפּ, אַז ער האָט ממש געדאַרפט האָבן אַ נס פון הימל, אַז ער זאָל נישט קראַנק ווערן.

איך מוז אָבער דערבײַ צוגעבן, אַז אויך מיר זענען נישט געווען אַזעלכע גוטע קינדער; אויך מיר האָבן אונדזער רבין אָפּגעטאָן אַ סך צרות. עס דערמאָנען זיך מיר צוויי פאַלן, ווען מיר האָבן גענומען נקמה אין אונדזער רבין. דער ערשטער פאַל איז געווען אין אַ פשוטן מיטוואָך בײַנאַכט; אין דרויסן איז געווען שרעקלעך קאַלט און דער רבי איז געזעסן מיט אונדז און געלערנט דעם חומש. אין איין האַנט האָט ער געהאַלטן זײַן גראָ־בן קאַנטשיק און מיט דער צווייטער האַנט גייט ער איבער דעם חומש, מיט זײַן טײַטל און לערנט מיט אונדז און זינגט אונטער דעם ניגון וואָרט בײַ וואָרט: „והם יקחו את הזהב ואת התכלת ואת הארגומן יאת תולעת השני ואת השם". אין חדר איז שטיל, ווײַל מיר האָבן ליב צו לערנען אַזעל־כע זאַכן בפרט ווען עס האַנדלט זיך וועגן חושן ואופד, וואָס דער כהן־גדול איז געגאַנגען אין בית המקדש. ער לערנט, דער רבי, מיט אַזאַ התלהבות און מתיקות, איבערחזרנדיק כסדר דעם „והם יקחו את הזהב", אַז עס פאַרמאַכן זיך בײַ אונדז די אויגן און מיר זעען ממש ווי דער כהן־גדול שטייט פאַר אונדז אָנגעטאָן מיט דעם חושן ואופד. אָבער אין דאָזיקן התלהבות, ווילט זיך דעם רבין כאַפּן אַ דרימל. ער לייגט אַוועק זײַן רויטע פאַ־טשיילע אויפן חומש און שפּאַרט אָן לאַנגזאַם דעם קאָפּ אויפן טיש און ווערט שטאַרק אײַנגעשלאָפן.

און דאָ פאַרגעסן מיר זיך אין דעם כהן־גדול, אין דעם חושן ואופד, נאָר מיר דערמאָנען זיך די קלעפּ, וואָס מיר האָבן הײַנט אַרײַנגעכאַפּט פון דעם רבין און מיר באַשליסן נקמה צו נעמען אין אים.

גערעדט און געטאָן — פּאַקטיש מער געטאָן ווי גערעדט — און שמשון, מנחם היטלמאַכערס זון וואָס איז אַ כהן, לייגט אין חרם אַרײַן די וואָס וועלן עפּעס דערציילן, און קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי עס איז דאָ אָנגעקומען סמאָלע און מיר נעמען אַ ביסל סמאָלע און שמירן אָן דעם רבינס באָרד, וואָס ליגט ברייט פונאַנדערגעשפּרייט אויפן טיש... און אָט מיט אַמאָל וויל דער רבי אויפהייבן דעם קאָפּ פון טיש און ער קאָן נישט. ער נעמט שרײַען: „געוואַלד, שקצים!" און מיר לאָזן זיך אַרויס פון חדר און ווילן אַנטלויפן, אָבער פון גרויס פחד און איבעראַשונג, בלײַבן מיר ממש ווי פאַראַליזירט; אַזוי ווי לוטס ווײַב בלײַבן מיר שטיין מיט פאַרגליווערט בלוט אין די אָדערן, זיך אָפּגעבנדיק אַ דין וחשבון וואָס עס דערוואַרט

אונדז. מיר זענען סוף כל סוף ווי עס איז אַנטלאָפֿן, אָבער אויף צו מאָרגנס, קומענדיק אין חדר, האָבן מיר געקושט די מזוזה, בעטנדיק גאָט, אַז דער רבי זאָל זיך אויף אונדז מרחם זיין. אָבער ווי שטענדיק, האָט דער רבי נישט געהאַט אויף אונדז קיין רח־מנות און דאָס מאָל נאָך ווייניקער ווי שטענדיק...

דעם צווייטן פֿאַל האָט געפּלאַנירט משה — דעם „גרויסן נחס" זון. אַ זאַך וואָס איז געווען אַ נײַע — און ווייטיקדיקע פֿאַר דעם רבין. אין מיר קינדער, זענען שטענדיק געווען צופֿרידן פֿון אַזעלכע זאַכן: ערשטנס, איז פֿאַר אונדז געווען סתּם אַ נחת צו זען ווי דעם רבין טוט ווײ און ווי ער געפֿינט זיך אין אַ לעכערלעכער פּאָזע און צווייטנס, האָבן מיר דערווײַל נישט געלערנט און דאָס איז דאָך פֿאַר אונדז געווען אַ ריינער „ריווח". בקיצור, אין איינעם פֿון די הפסקות, ווען דער רבי איז געגאַנגען עפּעס עסן, בכדי אויפֿצוהאַלטן זײַן שוואַכן גוף, האָבן מיר גענומען און איבערגע־דרייט דעם רבינס בענקל און שטילערהייט אַרײַנ־געקלאַפּט דינע טשוועקלעך, מיט די שפּיצן אַרויף און שנעל אָװעקגעשטעלט דאָס בענקל אויפֿן פּלאַץ ווי עס וואָלט גאָרנישט פֿאַרגעקומען. מיר זיצן אַלע שטיל און רויִק און וואַרטן מיט אומגעדולד אויף דעם, אַז דער רבי זאָל צוריקקומען. דער רבי האָט אָפּגעגעסן, געבענטשט דעם רבונו של עולם, פֿאַר דער גוטער שיינער וועלט וואָס ער האָט באַשאַפֿן און קומט צוריק און זעצט זיך אויף זײַן בענקל, נישט וויסנדיק וואָס אים דערוואַרט.

און מיט אַמאָל הערן מיר זײַן געשריי: „גע־וואַלד, שקצים, לאַבוסעס!" די געשרייען דערגייען אויף דער גאַס און שכנים קומען צולויפֿן. אַ טייל גיסן אויפֿן רבין קאַלט וואַסער און אַנדערע געבן אים חלשות־טראָפּנס און עס איז ליהודימדיק... קומענדיק צו זיך, האָט דער רבי מיט ביטערע טרערן באַוויינט זײַן שווערן גורל און דעם „גהי־נום" וואָס ער האָט אויסצושטיין פֿון זײַנע „ברויט געבערס".

מײַן דריטער רבי איז געווען אברהם זישע, וואָס איז געווען אַ גאָר אַן אַנדער טיפּ פֿון רבין; ער איז געווען אַ הויך־געוויקסיקער, מיט אַ קליין בערדל און האָט אַרויסגערופֿן אַכטונג און כבוד צו זיך מצד זײַנע שוין דערוואַקסענע תּלמידים. בײַ אברהם זישען האָט מען געלערנט גמרא מיט תּוספֿות און מען האָט געמוזט גוט צולייגן דעם קאָפּ כדי נאָכצוקומען די וואָס אַמאָל גרעסערע פֿאָדערונגען פֿון דעם רבין. אויך די אַרומיקע באַ־דינגונגען בײַ אים זענען געווען בעסערע און באַ־קוועמערע. דער חדר האָט זיך געפֿונען אין אַ גרויסן לופֿטיקן צימער. און שבת האָט דער חדר געדינט פֿאַר אַ חסידים־שטיבל און אַ חוץ דעם איז מען אויך געווען מער פֿרײַער ווי בײַ אַנדערע מלמדים, ווײַל אברהם־זישע פֿלעגט יעדן אָוונט צווישן מנחה און מעריב לערנען אין בית המדרש מיט אַן עולם ייִדן „עין יעקב" און אָט די פֿרײַע צײַט פֿלעגן מיר אויסנוצן אויף פֿאַרשידענע זאַכן. דער עיקר פֿלעגן מיר אין דעם בין השמשות שפּי־לן אין חדר אין קאָרטן, אָדער אַרויסלויפֿן אין גאַס און זיך וואַרפֿן מיט שניי־קוילן, אָדער גאָר פּשוט אַרויסשלעפּן פֿון הינטער די פּאָלעס אַ פּאָר ב'עטלעך און זיי צובינדן צו די שיך מיט אַ שטריקל און זיך לאָזן גליטשען אויפֿן אײַז.

אָט די אַלע חדרים, מיט זייערע מלמדים, האָבן דערפֿילט אַ געוואַלדיקע גרויסע שליחות אין סטאָקער דערציִונגס־וועזן און האָבן מיטגע־האָלפֿן, אַז עס זאָל אויסוואַקסן דער רעזערוואַר, פֿון אַ גוטער און באַוווסטזיניקער ייִדישער יוגנט בײַ אונדז אין שטעטל.

## דער סטאָקער בית־המדרש

פֿון מאַרק האָט געפֿירט אַ וועג צום בית־המדרש. און נאָך אַלס קליין ייִנגל האָב איך ליב געהאַט דעם בית־המדרש, כאָטש איך האָב נישט געוווּסט גענוי פֿאַרוואָס. איך האָב ליב געהאַט צו גיין אין בית־המדרש און הערן ווי די בחורים לער־נען, ווי די ייִדן דאַוונען און זיך צוהערן צו די מוסר־דרשות פֿון באַרימטע מגידים, וואָס פֿלעגן ווי אמתע קינסטלער שילדערן דעם גיהנום, מיט זײַנע זיבן „מדורים" און וואָס די רשעים און בעלי עבירות וועלן דאָרטן דאַרפֿן אויסשטיין און צײַ־טנווײַז פֿלעגט בײַ אַ סך פֿון אונדז, קינדער, אויס־ברעכן אַזאַ געוויין און יאָמער; עס פֿלעגט אונדז אָנ־כאַפּן אַ רחמנות אויף די רשעים, וואָס זיי דאַרפֿן דאָס אַלץ אויסשטיין אין גיהנום.

דער בית־המדרש איז שטענדיק געווען גע־פּאַקט, סײַ בײַ שחרית און סײַ בײַ מנחה און מע־ריב. כמעט שטענדיק האָבן סטאָקער ייִדן אָפּגע־היט צו אַרײַנכאַפּן אַ קדושה. די סטאָקער קרעמער־

פלעגן צומאַכן זייערע קראָמען די בעלי מלאכות זייערע וואַרשטאַטן און זיך אַרײַנכאַפּן אין בית־המדרש צו דאַנקען און לויבן און טאָן דערבײַ אַ מצווה, ווײַל קיין גרויס לייזעכץ און צופיל פּרנסה איז נישט געווען, איז זאָל מען לכל הפּחות דאַנקען דעם בורא, פאַר דעם חסד וואָס ער לאָזט לעבן און פאַרן ביסל געזונט וואָס ער שענקט זײַנע ייִדן.

מער ווי אַלץ האָב איך ליב געהאַט צו זיצן אין אַ וואָכעדיקן בין־השמשות, בײַ מנחה און מעריב און זיך צוקוקן ווי דער עולם ייִדן דאַוונט. די לופט אין בית המדרש איז שטענדיק געווען געדיכט און נאָכן אַרײַנכאַפּן אַ מנחה, וואָס איז בדרך הכלל צוגעגאַנגען שנעל, האָט זיך דער עולם אַוועקגעזעצט בײַ די טישן, ווער בײַ אַן „עין יעקב" ווער בײַ אַ בלאַט גמרא און ווער בײַ אַ חומש — און אַ סך מאָל פלעגט אַפּרימקע דער זייגער־מאַכער, זיך אַוועקשטעלן זאָגן תהילים פאַר אַ חולה, וואָס האָט געהאַלטן שלעכט און זייערע ווײַבער פלעגן קומען אין בית־המדרש, אויף צו „רײַסן די ספר־תורה". עס פלעגט אויך אַמאָל קומען אַ בעל־דרשן און דער עולם פלעגט זיך צוהערן צו זײַנע רייד מיט גרויס אינטערעס. און נאָך אַ קורצער אָדער לענגערער הפסקה, פלעגט מען אָנהייבן דאַוונען מעריב אַ ביסל מאָנאָטאָן און טרויעריק. דער פעטער אברהם שנידמאַן האָט אָנגעהויבן די תפילה און דער עולם פלעגט אים אונטערכאַפּן און נאָכגעזאָגט אַ פּסוק נאָך אַ פּסוק, ביז מען איז אָנגעקומען צו דער שמונה־עשרה און אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט אויף די פיס — און מען פלעגט זי זאָגן מיט אַ שטיל שעפּטשען און מיט גרויס דביקות, לויט דער בחינה פון „רק שפתיה נעים וקולה לא ישמע".

אין מיטן דאַוונען מעריב זענען אַ סך מאָל נאָך אָנגעקומען פאַרשפּעטיקטע ייִדן, כדי נאָך אַרײַנצוכאַפּן אַ תפילה לכבוד דעם בורא. אָט קומט אַרײַן אַ דאָרפס־ייִד, מיט זײַנע פאַרבלאָטיקטע שטיוול, ער נעצט אײַן זײַנע הענט אין דעם האַנטפאַס, ווישט זיי שנעל אָפּ אין דער פאַטשיילע און שטעלט זיך אַוועק אין אַ ווינקל, דאַוונט אָפּ אין אײַלעניש מנחה, ער האַלט שוין בײַ „עלינו לשבח", שפּײַט אויס אויף רעכטס און אויף לינקס — און ער איז שוין פאַרטיק צום מעריב גלײַך מיט אַלעמען... און אויב ער האָט חס־וחלילה אין גאַנצן פאַרשפּעטיקט, דאַוונט ער שנעל פאַר זיך, כדי נאָר יוצא צו זײַן פאַרן באַשאַפער, ווײַל סוף כל סוף איז דאָך זײַן כוונה געווען אַ גוטע.

נאָכן דאַוונען, בלײַבן נאָך אַ טייל ייִדן אין בית המדרש און מען כאַפּט סתם אַ שמועס, ווער וועגן זײַן קרעמל, ווער וועגן די פּרײַזן פון נאַפט, זאַלץ, ליכט, הערינג א"אַ זאַכן און ווער עס פאַרקלאָגט זיך אויפן שוואַכן פדיון פון אַ גאַנצן טאָג אין זײַן קרעמל. עס זיצן אויך ייִדן בעלי־מלאכות און שמועסן ווו צו פאָרן אויף וועלכן יאַריד און אין וועלכן שטעטל איז דער יאַריד גרויס. און אויף דער מזרח־וואַנט זיצן די שיינע ייִדן פון סטאָק און שמועסן גאָר וועגן פּאָליטיק, וואָס דאָס אינטערעסירט דאָך פּאַקטיש אַלעמען; זיצן דאָרטן די ייִדן שטיל און הערן זיך צו וואָס דער למדן ר' נחמן שמחה דערציילט וועגן שווערע טעג וואָס קומען אויף דער וועלט בכלל און פאַר ייִדן בפרט. דער עולם ווערט ערנסט, די פּנימער ווערן מיט איין מאָל אַזוי פאַרטראַכט און מען פילט ווי די זאָרג און דער פחד האָט זיך אַרײַנגעריסן אין זייערע הערצער, אַז זיי האָבן בכלל פאַרגעסן, אַז זיי דאַרפן נאָך גיין ערגעצוווּ צו בעטן אַ גמילת חסד, כדי צו קאָנען פאַרן מאָרגן קיין וועגנגראָוו, אויף צו ברענגען אַ ביסל סחורה אין זייערע קרעמלעך.

אָט די סטאָקער ייִדן, ווי קאָן מען זיי פאַרגעסן, זייערע פאַרחלומטע אויגן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגעשטראַלט אַזוי פיל גוטמוטיקייט און זיי זענען בײַ מיר פאַרבליבן טיף־טיף אײַנגעקריצט אין זכרון ביזן הײַנטיקן טאָג; ווי קאָן איך פאַרגעסן דעם בית־המדרש, אין וועלכן עס זענען געווען קענטיק די סימנים פון דורות מתפללים, וועמענס ווענט עס האָבן אין זיך אײַנגעזאַפּט די האַרציקע אויפריכטיקע מתיקותדיקע, פיל דורותדיקע תפילות? אָט זיצן אַרום די לאַנגע און ברייטע טישן, סטאָקער בחורים, בײַ אָפענע גמרות און זיי לערנען מיט אַזאַ גרויסער התלהבות: „אמר אביי" — האָט אביי געזאָגט, — פאַרגייט זיך חיים ישראל אין מתיקות, איבערחזרנדיק אומאויפהערלעך דעם „אמר אביי" און עס דוכט זיך ווי ער וואָלט אַליין געשטאַנען מיט דעם תנא אביי און זיך מיט אים מתווכח איבער אַ האַרבער סוגיה, עס שרײַט אים אָבער איבער זײַן חבר ייִדל מיט אַ

טאָג פון דער „משנה". די דערמאָנטע צוויי חברים, חיים־ישראל האָכבערג און יידל שטולאַרק זענען אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן געווען גאַנץ גוטע


חיים־ישראל האָכבערג

חברים, אָבער בעתן לערנען זענען זיי צווישן זיך געווען גאַנץ פרעמד און אַפילו פיינטלעך.

נישט ווייט פון בית המדרש, האָט זיך געפונען דער „ווייַן־ברונעם". דאָ פלעגן די סטאָקער


סטאָקער ישיבה בחורים:
פון רעכטס צו לינקס: לוי יצחק סטאָלאָוויטש, יהודהל ווישניע, שמשון שוואַרצפאַרב און יהודהל מילער

ווייַבער נעמען וואַסער אויף צו מאַכן טיי. דאָס וואַסער פון דאָזיקן ברונעם, איז געווען דאָס בעסטע וואַסער פון שטעטל און די סטאָקער מיידלעך פלעגן שבת פאַרנאַכט ברענגען וואַסער פון דעם „ווייַן־ברונעם", כדי צו מאַכן פרישע טיי אויף שבת צו נאַכטס.

דאָ, נעבן דעם ווייַן ברונעם, פלעגן פאָרקומען די חופות, סיי פון אָרעם און סיי פון רייַך. פלעגן דאָ פראַווען זייערע חתונות אונטערן פרייַען הימל, סיי זומער און סיי ווינטער, שפּעט בייַנאַכט. פלעגט מען דאָ פירן חתן־כלה צו דער חופה און דאָס גאַנצע שטעטל פלעגט זיך משמח זייַן אַפילו אומ־געבעטענערהייט, כדי מקיים צו זייַן די מצווה פון הכנסת־כלה. צום ערשטן פלעגט קומען דער חתן מיט זייַנע „אונטערפירער", באַגלייט פון די ווענגראָווער כלי־זמרים און נאָך דעם פלעגט קו־מען די כלה אין באַגלייטונג פון מחותנים און פרייַנט וועלכע פלעגן האַלטן פילפאַרביקע אָנגע־צונדענע ליכטלעך אין די הענט. אויף פאַר דער כלה, האָבן די כלי־זמרים מאַרשירט בראָש — און ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט, פלעגט דער רב אָפּריכטן די חתונה־צערעמאָניע און דערנאָך האָבן די כלי־זמרים באַגלייט דאָס יונגע פּאָרל מיט אַ פריילעכן מאַרש איבערן שטעטל.

ווענגראָווער כלי־זמרים, זענען געווען אַ שם־דבר אין דער גאַנצער געגנט; זיי האָבן אויך פאַר־מאָגט דעם באַוווסטן בדחן ר' בעריש — אַ ייד אַ בן־תורה, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אימ־פּראָוויזירן פערזן, לידער און גראַמען און צוזאַ־מענשטעלן כלערליי גמטריות און זייַנע צוהערערס זענען זייער אָפּט איבערראַשט געוואָרן פון זייַנע וועלטלעכע קענטענישן.

## די בית־המדרש בחורים

קליין איז געווען דער יידישער קיבוץ אין סטאָק און שטיל און באַשיידן האָבן די יידן גע־לעבט אין דעם שטעטל. סטאָק איז אָבער געווען רייַך אין יידישער גייַסטיקייט און סטאָקער בחו־רים זענען געווען פּיאָנערן פון תורה און השכלה, פון ציוניזם און פון סאָציאַליזם.

עס דערמאָנען זיך מיר יענע יאָרן, ווען סטאָ־קער בחורים פלעגן זיצן אין בית־המדרש און לערנען תורה, נישט דווקא בציבור, נאָר אויך בי־חידות, ווייל דער גרונט־פּרינציפּ פון דער טראַ־דיציאָנעלער יידישער פּעדאַגאָגיק איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מען זאָל דערציִען דעם תלמיד, ער

זאָל שוין גאָר פרי, אין עלטער פון דרײַצן־פערצן יאָר, קאָנען לערנען „פאַר זיך" אָן דער הילף פון אַ רבין — אַ בלאַט גמרא, ווײַל אַזאַ מין בחור האָט שוין אַליין געמוזט „געפינען דעם וועג" אין דעם „ים התלמוד", אין דער רײַכער ליטעראַטור פון גמרא און פוסקים.

זענען מיר, סטאָקער בחורים, געזעסן אין בית המדרש און געלערנט דעם בלאַט גמרא, מיט אַזאַ התלהבות און מתיקות און מיר האָבן כמעט פאַר־געסן אין דער וועלט אין וועלכער מיר לעבן, ווײַל אין יענע יאָרן האָט דאָס לערנען תורה, געהייסן פאַר אונדז זיך אָפּזאָגן פון אַ סך פרייד אין לעבן, גראָד אין די יאָרן, ווען דער „יצר־הרע" צום לעבן איז בײַ אונדז אַזוי שטאַרק. און עס איז אפשר נישט קיין וווּנדער, וואָס דאָס קומט צום אויסדרוק אין דעם ניגון פון דער גמרא, וואָס האָט אין זיך אַזוי פיל טרויער און בענקשאַפט.

און עס איז אפשר אויך נישט קיין וווּנדער, וואָס יונגע לערנער האָבן מיט אַ כיוון אָפּגעזוכט ערגעצווו אַ חסידים־שטיבל, אַ פאַרוואָרפן ווינקל, כדי צו זײַן אַליין מיט דער תורה. איך דערמאָן זיך אויך ווי אומעטיק עס איז מיר געווען אין דעם שטילן, כמעט ליידיקן סטאָקער בית־המדרש, אי־בערהויפּט אין די ווינטערדיקע נעכט, שוין נאָך מעריב, ווען איך בין געזעסן אַליין אין אַ ווינקל, צוגעשמידט צו אַ גרויסער גמרא און אין אַ צווײ־טן ווינקל איז געזעסן אַ צווייטער בחור און פלעגט אויך אויסזינגען זײַן ניגון מיט אַ נאָגענדן טרויער.

דאָס זיצן אַליין אין די ווינטער־נעכט אין בית מדרש, האָט געהאַט דעם שטאַרקסטן אײַנפלוס אויף מײַן גײַסטיקער אַנטוויקלונג. אפילו הײַנט, נאָך אַזוי פיל יאָרן איז מיר שווער צו פאַרגעסן יענע מאָמענטן, וואָס האָבן זיך בײַ מיר אַזוי טיף אײַנגעקריצט און איבערגעלאָזט אַ סך שפּורן אין מײַן לעבנס־וועג. דאָס איז געווען אין דעם מאָ־מענט ווען סטאָקער ישיבה־בחורים פלעגן אין אַ שבת פאַרינאַכט לערנען „מוסר". איך בין גראָד געווען אַ יינגל, וואָס האָט געהאַט אַ נייגונג צו מיסטיק און בין גראָד געווען אַ „תועה בדרכי החיים" — אַ בלאָנדזשער און אַ זוכער.

דערפאַר האָבן די מאָמענטן פון לערנען „מוסר" מיך טיף דורכגענומען און געמאַכט בײַ מיר אַ דערשיטערנדיקן אײַנדרוק. איך געדענק אַ שבת בין השמשות, עס ווערט פינצטער, בײַ די שטענ־דערס אויף די בענק אַרום די טישן, שאָקלען זיך מענטשלעכע סילועטן, אַנדערע זיצן אָדער שטיי־ען ווי פאַרגליווערט און פאַרדבקהט. פון צײַט צו צײַט שנײַדט דורך די געדיכטע פינצטערניש אַ טיפער קרעכץ — און ליפּן שעפּטשען פסוקים און תפילות. פּלוצלינג דערהערט זיך פון אַ ווינ־קל אַ געברום פון אַן אײַנגעבראָכענער שטים: „אדם יסו־דו מ־עפר וסו־פו לעפר". פון אַ צווייט ווינקל קלאָגט איינער אויף זײַנע עבירות, בקול רם. עס הערט זיך דאָס קלאַפּן אין אַ שטענדער, דאָס קלאַפּט אַ בחור מיט זײַן האַנט אויפן שטענ־דער, בכדי צו פאַריאָגן זײַנע שלעכטע מחשבות, וואָס ווילן זיך אַרײַנרײַסן, דווקא אין אַזעלכע היי־ליקע מאָמענטן, צו אים אין האַרצן און דער גע־שפּאַנטער און אויפגעברויזטער מאָמענט איז גע־ווען, דאָס זאָגן שבת נאָך מעריב דאָס קאַפּיטל תהילים „משכיל לדוד" און דאָ פלעגט דאָס איינער זאָגן, מיט אַזאַ האַרצרײַסנדיקן ניגון, וואָס האָט פשוט געקאָנט רירן שטיינער פון אָרט — און אַ סך פון דעם עולם פלעגן דאָס זאָגן מיט אַזאַ גע־וויין און איבער און איבערחזרן וואָרט נאָך וואָרט און זיך פאַרטראַכטן אין מיסטישע „מוסר"־גע־דאַנקען.

## אַ שבתדיקער בין־השמשות אין אַלעקסאַנדער שטיבל

מיט אַ טיפער סענטימענטאַלער דביקות האָבן די חסידים אין שבת־קודשדיקן בין השמשות, פון אַלעקסאַנדער שטיבל, אַרויסבאַגלייט דעם שבת מלכתא. ווען דער שטאָלצער שבת־פּרינץ האָט זיך דערנענטערט צו זײַן סוף און די מתפּללים האָבן גענומען לייענען אין דער שטיבל־טונקעלקייט, די קומענדיקע פּרשה פון דער וואָך און די פאַרנאַכ־טיקע שאָטנס, האָבן דעם גאַנצן אַרום אײַנגעהילט אין אַ געהיימניספולער שטילקייט און די עקזאַל־טירטע באַוועגונגען פון די מתפּללים בעת דער שטילער שמונה־עשרה, האָבן געבראַכט צום אויס־דרוק די אַוועקגייענדיקע שבתדיקע קדושה. אַ סך האָבן צוגעלייגט דעם קאָפּ צו דער קאַלטער וואַנט און טיף אונטערגעקרעכצט אין דעם ספּעציפישן נוסח פון „אתה — אחד — ושמך — אחד". מיט די עקזאָטישע אָריענטאַלע טענער, האָט אַ מין

מיסטישע אַטמאָספער באַהערשט אַלעמען און זיך צעגאָסן איבער אַלעמענס בענקענדיקע נשמות, נאָך דער שבת־דערהויבנקייט.

אָפּגעדאַוונט מנחה, איז זיך דער עולם, לאַנגזאַם טריט נאָך טריט געגאַנגען אַהיים, כדי אָפּצועסן דעם שלוש־סעודות און אויפן וועג האָט מען אַרײַנגעכאַפּט אַ שמועס וועגן פאַרשידענע ענינים און תיכף נאָכן אָפּעסן, איז מען געגאַנגען צוריק מיט אַ כזית חלה אין קעשענע, כדי אין מקום קדוש — און בציבור פאַרענדיקן דעם שלוש סעודות מיט זמירות און מיטן בענטשן אין מזומן.

לכתחילה האָבן זיך די זמירות אָנגעהויבן מיט אַ שטילן באָמבלען, אָבער וואָס ווײַטער, האָט דער עולם זיך אַלץ שטאַרקער און דביקותדיקער צעזונגען — און אַז עס איז געקומען צו „בני היכלא דכסיפין" און אַנדערע שלוש־סעודות זמירות, מיט די סקאַרבאָוונע טראַדיציאָנעלע ניגונים, זענען מיר קינדער, וועלכע האָבן זיך „מיטגעכאַפּט" מיט די עלטערן, מיטגעריסן געוואָרן פון דער אַלגעמיינער אַטמאָספער פון קדושה און מיסטעריעזער באַהעפטונג מיט די עולמות העליונים.

אַ סך מאָל פלעגט מען מכבד זײַן אַ פריש אײדעמל, ווי יחיאל וואָנסעווער, אָדער אפרים הערש — דעם אַלטן רבס אײדעם, אָדער סתם אַ זײַדענעם יונגערמאַנטשיק, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גוט קולכל מיט אַן „אל מסתתר", אָדער מיט אַ „ידיד נפש אב הרחמן" און אַלע חסידים פלעגן מיט באַגײַסטערונג זיך צוהערן און שטילערהייט צו ברומען, אונטערהאַלטנדיק דאָס געזאַנג מיט אַ טיפן קרעכצן און זיפצן — און דאָס זיכער דערפאַר, ווײַל עס האָט זיך נישט געגלוסט צו שיידן מיט דעם הייליקן שבת און זיך צוריק אומקערן צו די קומענדיקע וואָכעדיקע זאָרגן.

צום סוף, אַז עס איז שוין געוואָרן גענוג שפּעט, האָט מען געזונגען דעם „מזמור לדוד ה' רועי לא אחסר" און דאַן מכבד געווען אַ שיינעם חסיד, ווי מײַן זיידן, אָדער משה מתות שוחט, מיט בענטשן מזומן, מיט טיפער זאָרג און עצבות, באַגלייט דאָ און דאָרט, מיט אַ טיפן קרעכץ און מיט אַן „אוי וויי"! האָט מען דאָס בענטשן פאַרענדיקט און זיך געשטעלט דאַווענען מעריב, אויף אָנצוהויבן אַ נײַע מזלדיקע וואָך.

## דאָס סטאָקער בריקל

נישט ווײַט פון בית־המדרש, אויפן ברייטן נישט־ברוקירטן וועג, וואָס עס האָט געפירט קיין קאָסאָווע, האָט זיך געפונען דאָס סטאָקער בריקל. דאָס דאָזיקע בריקל, איז בײַ מיר ספּעציעל פאַרבליבן אין זכרון, צוליב אַ סך סיבות, וואָס עס איז זיי שווער צו פאַרגעסן.

איך געדענק נאָך דאָס בריקל אַלס אַ קינד — און שוין דעמאָלט האָט דאָס מיך געצויגן אַהין אויף צו טרעפן זיך מיט אַנדערע סטאָקער קינדער. מיר פלעגן אַ סך מאָל פאַרשווינדן פון בית־המדרש און לויפן צום בריקל צו פּליושקען זיך אין וואַסער. שפּעטער, אַלס ישיבה־בחור פלעג איך אָפּט גיין צום בריקל, מיט פײַוול דעם שוחטס און שמועסן מיט אים וועגן אַ געוויסער סוגיה, אָדער וועגן אַ שווערן תוספות, וואָס איך האָב נישט אַזוי גוט פאַרשטאַנען, אָדער סתם רעדן וועגן אַ ביסל פּאָליטיק.

און נאָך שפּעטער, ווען מיר פלעגן אין די אָוונטן גיין מיט מיידלעך צום בריקל און דאָרטן, בײַ דעם שטיל־פליסנדיקן טײַכל אויסדריקן אונדזערע ליבעס־געפילן. דאָס בריקל איז געווען ליב און היימיש פאַר אַלעמען — און עס איז געווען ממש יידישלעך; סטאָקער ווײַבער זענען אַהער געקומען וואַשן זייער וועש און יידישע קינדער פלעגן לויפן מיט פרייד אַהער צו טובלען די נײַע פסחדיקע כלים — און סטאָקער יידן פלעגן קומען צום בריקל און צום טײַכל צו תשליך.

עס שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן, ווי דעם ערשטן טאָג ראש השנה, תיכף נאָך מנחה, זענען מאַסן יידן יום־טובדיק געקליידט, אין זײַדענע קאַפּאָטעס, געקומען צום בריקל, וואָס האָט דאַן באַקומען אַן אַנדער אויסזען. דאָס וואַסער איז געווען סאָלידער און רויִקער ווי שטענדיק און מאַיעסטעטיש געפלאָסן לענג־אויס די ברעגן; די ליפּט איז געווען אָנגעזאָפּט מיט אַ מין קדושה און מיט האַרציקע תפילות צום באַשעפער, אַז ער זאָל זיי מוחל זײַן אויף אַלע זייערע זינד און זיי געבן אַ גוט יאָר.

דאָס גיין צו תשליך צום בריקל, האָט אויך אונדז, יוגנט, מיטגעצויגן, כאָטש מיר האָבן שוין אין דעם נישט געגלויבט, דאָך פלעגן מיר אויך גיין צום בריקל; אַ טייל יוגנט האָט ליב געהאַט

צו העלפן דעם פעטער ר׳ אברהם שניידמאַן, וואָס פלעגט גיין דער ערשטער און זינגען אַ ספּעציעלן ניגון, וואָס האָט געבראַכט צום אויסדרוק זײַן בענקשאַפט נאָך גאולה און אַ טייל יוגנט איז גע־קומען, פשוט צו שטיין אויף דער וואַך, אַז עס זאָל חס וחלילה נישט געשען עפּעס די סטאָקער ייִדן, מצד דעם גוישן שכן לאַדעס, וואָס פלעגט זיך זייער אָפּט וואַרפן אַ שיכּורער צו שלאָגן די ייִדן פון אונדזער שטעטל.

## מאָנטיק — דער מאַרק - טאָג

מיר וועלן אַריבערגיין פון גײַסטיקע זאַכן, פון בלויז רוחניות און אַריבערגיין צו מאַטעריעלע ענינים, אָדער ווי עס הייסט צו גשמיות — און וואָס פאַר אַ מער מאַטעריעלער ענין האָט געקאָנט זײַן בײַ אונדז אין שטעטל, ווי דער מאַרק־טאָג?

דער מאַרק־טאָג איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע געשעענישן אין לעבן פון שטעטל בכלל און פון ייִדן בפרט; דער דאָזיקער מאַרק־טאָג איז אויסגעפאַלן מאָנטיק און פון דאָזיקן טאָג, האָט דאָס גאַנצע שטעטל געצויגן פּרנסה אויף אַ גאַנ־צער וואָך.

פלעגן טאָקע די סטאָקער ייִדן זיך נעמען גרייטן צום מאַרק, באַלד שבת צו נאַכטס, ווי נאָר מען האָט געמאַכט הבדלה, פלעגן די שנײַדערס און די שוסטערס —און פון אַנדערע פאַכן— זיך אַוועק־זעצן בײַ זייערע מאַשינען און צוגרייטן סחורה צום מאַרק און אַ גאַנצן זונטיקדיקן טאָג האָט מען גע־פילט אין סטאָק, אַז מען גרייט זיך צו דעם טאָג וואָס וועט דאַרפן באַשטימען, צי עס וועט יאָ זײַן, אָדער נישט זיין אויף צו מאַכן שבת. און די סטאָ־קער בעלי־מלאכות און סטאָקער סוחרים, פלעגן שטיין אויף דער וואַך, אַז זיי זאָלן חס־וחלילה נישט פאַרשלאָפן דעם מאַרק־טאָג און אַז זיי זאָלן קאָנען געבן זייערע משפּחות צו לעבן אַ גאַנצע וואָך.

מאָנטיק אין דעם מאַרק־טאָג, זענען אויך מאָ־ביליזירט געוואָרן אַפילו די „אויפגעקלערטע״ זין און טעכטער, אַז זיי זאָלן צוהעלפן זייערע „צוריק־געשטאַנענע״ עלטערן אין זייערע געשעפטן; אַז זיי זאָלן אין דאָזיקן טאָג פאַרגעסן אין זייערע אי־דעאַלן פון פּראָדוקטיוויזאַציע און אַז זיי זאָלן אין דאָזיקן טאָג ווערן לײַטישע סוחרים. מאָנטיק גאַנץ פרי, פלעגן הונדערטער פויערים פון אַלע דער־פער אַרום שטעטל, אָנקומען מיט זייער פּראָדוק־ציע. די אויסגעשפּאַנטע פערד, זענען צוגעבונדן געוואָרן צו די פּאַרקאַנעס און דער מאַרק מיט אַלע אַרומיקע גאַסן און געסלעך זענען געוואָרן פול געפּאַקט מיט פויערים און פויערטעס. די סחורה וואָס זיי האָבן געבראַכט איז אויסגעשפּרייט גע־וואָרן איבער די וועגענער און דאָרטן האָט זיך געפונען: קאַרטאָפל, אייער, מייערן, ציבעלעס, קרויט און אַנדערע אַרטיקלען. און ווי אויסגעהונ־גערטע זענען מענטשן „באַפאַלן״ די פויערים און אָפּגעקויפט אַלץ וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. עס האָבן זיך אויפן מאַרק אויך געלאָזט הערן די קולות פון קוויטשענדיקע חזירים, הירזשנדיקע פערד און קוואָקענדיקע עופות, וואָס סטאָקער ייִדישע ווײַבער לויפן אַרום און טאַפּן זיי אויס. איבעראַל פּאַטשט מען זיך אין די הענט, דאָס האַנדלט מען אַזוי אויס דעם פּרײַז און שפּעטער פלעגן די צופרידענע פויערים זיך אַ לאָז טאָן אי־בער די ייִדישע געשעפטן און דאָרטן אײַנקויפן זייערע זאַכן וואָס זיי האָבן באַדאַרפט, ווי בלויזעס, הויזן, היטלען, שיך, מעבל און פאַרשידענע אַר־בעטס־מכשירים און דער עיקר צו נעמען אַ ביסל משקה, אויף צו באַנעצן דעם גאָרגל. אַ גרויס גע־פילדער האָט שטענדיק געהערשט אין די שענקען; האַלב־שיכּורע פויערים זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן מיט געוואַלד דורך זייערע פרויען פון די שענקען. די פרויען פלעגן מורא האָבן פאַר די לעצטע עטלעכע זלאָטעס וואָס זענען נאָך בײַ זיי פאַרבליבן פון זייער גאַנצן פדיון פון מאַרק־טאָג. און פאַרנאַכט פלעגן נאָך בלײַבן איניקע שיכּורע פויערים, ליגן אין זייערע אייגענע וועגעלעך, אָדער זיך וואַקלענדיק, ווי עס איז און זיך געהאַלטן אויף די פיס און געכאַרכלט, געשריגן און גע־שאָלטן מיט דער גאַנצער גוישער רציחה.

יונגע שקצים מיט שיקסעס, האָבן זיך אַרומ־גענומען און געשפּאַצירט איבערן מאַרק און בײַ די דאָרטיקע טישלעך האָבן זיי געקויפט פאַרביקע לענטעס, ביליקע שפּילקעס, קרעלן, אָדער גאָר הייליקע איקאָנעס פאַר זייערע געליבטע. דאָס שטעטל האָט ממש אויפגעלעבט אין דעם מאַרק־טאָג — אַפילו די קבצנים, האָבן אויך „געשעפט״ פּרנסה פון דעם מאַרק־טאָג, ווײַל ווען דער האַנדל

גייט, איז אויך די האַנט אָפן — און אַלע גיבן נדבות — אָט זיצט צווישן די טישלעך אַן אַלטער בלינדער פּויער און גרימפּלט עפּעס אויף זײַן צעבראָכענעם מוזיקאַלישן אינסטרומענט; ער שפּילט עפּעס אַ לידל און ברומקעט אונטער צום טאַקט, פאַר יעדער אַרײַנגעוואָרפענער מטבע אין פאַרשמאָלצענעם היטל, ער מורמלט עפּעס צו און צלמט זיך איבער מיט גרויס הכנעה.

## די סטאָקער ייִדישע יוגנט

די אויפקלערונגס־ווינטן, האָבן אויך דער־גרייכט דאָס שטעטל סטאָק און די ערשטע, וועלכע האָבן געבראַכט אַהער די אויפקלערונג איז גע־דאַרפט קעמפן אויף צוויי פראָנטן: קעגן דער רע־אַקציאָנערער פּוילישער רעגירונג און אויך קעגן רעליגיעזן ייִדישן פאַנאַטיזם. אָבער נישט געקוקט אויף אַלץ האָט די סטאָקער ייִדישע יוגנט באַ־וויזן זיך אַרויסצורײַסן פון דעם אַמאָליקן פאַר־שטיינערטן לעבן און האָט אָנגעהויבן זיך אָנצו־צייכענען אַ נײַעם וועג פאַר אַ נײַעם לעבן.

פון די נעכטיקע אײַנגעשרומפענע פּחדנות־דיקע סטאָקער ישיבה־בחורים פון די שטיבלעך, מיט די לאַנגע פּאות, מיט שוואַרצע היטעלעך און לאַנגע קאַפּאָטעס, זענען אויסגעוואַקסן געזונטע יוגנטלעכע, אָנגעטאָן ווי ספּאָרטסמענער און אַרויס אויפן גאַס מיט אויפקלערונגס־ביכער אונטערן



ביי אַ „שיחה" אין סטאָקער וואַלד פון אַ גרופּע ש.מרים מיטן מנהל יחיאל נאָווענשטערן אין דער מיט

זוען די יוגנט, וועלכע האָבן געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף מיט די דעמאָלסטיקע רעליגיעז־פאַנאַטישע עלעמענטן, וועלכע האָבן געקוקט מיט אַ סך פײַנטלעכקייט צו די אַלע וועלכע האָבן געוואָלט מאָדערניזירן דאָס ייִדישע לעבן און פאַרזייען קערנער פון נײַע אידייען.

די סטאָקער ייִדישע יוגנט האָט געהאַט אויס־צושטיין שאַרפע פאַרפאָלגונגען, אָבער די יוגנט האָט געאַרבעט מיט אַ סך מסירת־נפש און גע־אָרעם און מיט פענער; ווער מיט רויטע און ווער מיט ווייס־בלויע און ווער מיטביידע צוזאַמען. די גאַסן זענען באַלעבט געוואָרן פון דער סטאָקער שפּאַצירנדיקער יוגנט און עס האָבן זיך געהערט נײַע קלאַנגען פון דיסקוסיעס און פון נײַע גע־זאַנגען.

אויך די וועלדער אַרום דעם שטעטל זענען פול געוואָרן מיט לעבן, מיט אסיפות פון יוגנט־לעכע פון „השומר הצעיר" אויסזינגען זייערע ארץ

ישראלדיקע לידער, אין דעם מיטדאָנער וואַלד ביז שפּעט אין דער נאַכט. און דער עכאָ פלעגט זיך פאַנאַנדערטראָגן ווייט אַרום.

עס זענען ג ע ו ע ן פּאַרטייען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, פון עקסטרעם־לינקס ביז רעכטס. יידישע און קריסטלעכע קינדער זענען געזעסן צוזאַמען אין דער אַלגעמיינער פאָלקסשול און דאָ און דאָרטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו וועבן חברישע באַציִונגען צווישן די קינדער און אויך צווישן די דערוואַקסענע פון ביידע פעלקער. און די אייביקע שרעקלעכע שנאה צוליב פאַראורטיילן און פאַנאַטיזם, האָבן לאַנגזאַם זיך אָנגעהויבן אָפּצושוואַכן. „שייגעץ" און „שיקסע" האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלירן דעם באַדייט פון אַ זידל־וואָרט און באַקומען זייער נאַטירלעכע באַדייטונג.

די סטאָקער יידישע יוגנט האָט אירע פּראָבלעמען אויפגענומען נישט לייכט, נאָר מיט דער גאַנצער ערנסטקייט און זיי האָבן געקעמפט פאַר אַ בעסערער וועלט פאַר אַלעמען אָן אויסנאַם. איך קאָן — פאַרשטייט זיך — נישט שרייבן וועגן דער גאַנצער סטאָקער יידישער יוגנט, פון אַלע פּאַרטייען און פון אַלע באַוועגונגען, וועלכע האָבן אַלע פאַרמאָגט גענוג אידעאַליסטן, נאָר איך וועל

שרייבן ווי איינער פון דער „השומר הצעיר" באַוועגונג, וואָס איך בין אפשר נישט געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן געהאָלפן שאַפן ביי אונדז די דאָזיקע באַוועגונג, נאָר איך בין איינער פון די ווייניק לעבנס־געבליבענע און איך האַלט פאַר מיין הייליקן חוב צו דערמאָנען אָט די דאָזיקע באַוועגונג, וואָס האָט פאַר מיר — און פאַר אַ סך אַזעלכע ווי איך — אָנגעצייכנט זייער וועג אין לעבן.

די האַנט ציטערט ביים שרייבן, ווייל איך בין זיכער, אַז איך וועל פאַר קיין פאַל נישט אַרויסברענגען דאָס וואָס עס איז נייטיק און די וויי טערדיקע שורות וועלן בלויז זיין אַ בלייכער שאָטן פון דעם הייליקן קאַמף וואָס די דאָזיקע גרופּע האָט געפירט אויף אָנצוהאַלטן דעם פלאַם פאַרן אויפבוי פון אונדזער לאַנד און פאַר די אַלגעמיינע מענטשלעכע פּרינציפּן, וואָס די דאָזיקע באַוועגונג האָט אויף אַזאַ שיינעם אופן געפירט.

ווען איך בין נאָך געווען אַ ישיבה־בחור, האָב איך געפילט אַ גרויסן דרך־ארץ און ליבע, צו אָט דער באַוועגונג, וואָס האָט זיכער אַריינגעשריבן אַ זייער שיין בלעטל אין דעם לעבן פון דער סטאָקער יוגנט. איך האָב אין דעם „השומר הצעיר" געזען דעם כוח וואָס קאָן געבן דער יידי־



א קבוצה „צופות" מיט'ן מנהל איטשע אַלטשולער אין דער מיט

שער יוגנט דעם וועג צו זייער היים — און שפּע־טער האָב איך אין דעם „קן" געפונען מײַן אָרט און מיט מײַן גאַנצן יוגנט־טעמפּעראַמענט גע־גלויבט אַז דאָ געפין איך מיך אויף דעם וועג פון דער גאולה.

די נשמהדיקע צוגעבונדנקייט צו דער באַ־וועגונג, האָט אַנטפּלעקט געפילן פון ברידערלע־כער איבערגעגבנקייט און גורל־געמיינזאַמקייט, סײַ אין מאָמענטן פון פרייד און סײַ אין מאָמענטן פון צער. איך געדענק יענעם קריזיס וואָס עס האָט זיך בײַ אונדז געשאַפן, ווען עס האָבן זיך צוריק־געקערט אַ טייל בוגרים פון קיבוץ און זיי זענען געווען אַנטוישט — און דאָס האָט געווירקט אויף דעם, אַז אַן אַנדער טייל בוגרים האָבן זיך אָפּגע־זאָגט פון „הגשמה־עצמות" — אָבער דאָך האָבן מיר דורכגעבראָכן דעם קריזיס און האָבן אין גע־זאַנג פאַראייניקט אַ טרוים, וואָס —צום באַדוי־ערן— האָבן בלויז אַ קליינער טייל באַוויזן דאָס צו דערלעבן.

דער „קן" איז געשאַפן געוואָרן, אויב איך האָב נישט קיין טעות, אין זומער 1929, מיט דער מיטהילף פון דעם „קן" פון „השומר הצעיר" פון קאָסאָווע. אין שפּיץ פון דער אַרבעט, זענען דאַן געשטאַנען: יצחק אַלטשולער, יואל לאַנדע און לייבל האַכבערג. אָבער אַלס „ראש הקן" איז גע־שטאַנען שמחה לאַנדע, אַ זייער אינטעליגענטער בחור מיט אַ סך פעיִקייטן, כאָטש אַ גרויסער פּעדאַנט; ער האָט אָבער פאַרמאָגט אַ סך יוגנט־לעכקייט און אונטערנעמונגס־גײַסט. דער „קן" האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן פּראַקטישער אַר־בעט פאַר די „קרנות". און איך קאָן מיט דער גאַנצער פאַראַנטוואָרטלעכקייט זאָגן, אַז ווען נים דער „קן" וואָלט מען בכלל נישט געפירט קיין שום אַרבעט פאַרן קק"ל. איך מוז אויך אונטער־שטרײַכן, אַז אין דער אַלגעמיינער השפּעה אויף דער סטאָקער יוגנט, האָט אונדזער „קן" אַלנפאַלס אין מײַן צײַט, אַריבערגעשטיגן אַלע אַנדערע אָר־גאַניזאַציעס.

בײַם סוף, וויל איך מיט כבוד דערמאָנען די, וועלכע זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון „קן" אין די יאָרן 1938—1939, וועלכע האָבן מיט זייער שומרישער התלהבות באַוויזן אָוועקצושטעלן דעם „קן" אויף דער געהעריקער הויך. און זאָלן מײַנע אָרעמע באַשיידענע ווערטער, דינען ווי אַ נר תמיד פאַר די נשמות פון גאַנצן „קן" און בפרט פאַר די וועלכע זענען געשטאַנען אין שפּיץ אין דער שרעקלעכער צײַט. זאָלן זייערע נעמען בלײַבן שטענדיק פאַרהייליקט בײַ אונדז!

**בעריש נאַווענשטערן** / בוענאָס־אײַרעס

# די יוגנט ־ אָרגאַניזאַציע „צוקונפט" אין אונדזער שטעטל

„אָ, איר יאָרן, יונגע יאָרן מײַנע,
זאָגט, ווו זענט איר אַהינגעקומען?
צי מיטן פײַער פאַרברענט געוואָרן,
אָדער מיטן וואַסער אַוועקגעשווומען?"
(פון אַן אַלט פאָלקס־לידל)

דער גרויזאַמער גורל האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן זײַן די לעצטע עדות פון אַ דורותדיקן ייִדישן לעבן פון אונדזער היים־שטעטל סטאָק; און אַז מיר זאָלן דאַרפן שרײַבן — און אָפט מאָל נישט האָבן די נייטיקע מאַטעריאַלן דערצו — דאָס לעצטע קאַפּיטל פון דער נישט־אָנגעשריבענער געשיכטע פון דעם שטעטל, ווו מיר האָבן דורכגעמאַכט אונדזערע יוגנט־יאָרן אין אַ סביבה פון חברשאַפט און פּאָליטיש ־ געזעלשאַפטלעכע טעטיקייטן.



אַ קרײַז פונעם סטאָקער „סקיף" מיטן אָנפירער בעריש נאָווענשטערן אין דער מיט

אין יענע יאָרן, פון וועלכע איך וועל דאָ ווײַטער דערציילן, בין איך געווען פאַרבונדן מיט דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון „בונד", וועמענס נאָמען עס איז געווען „יוגנט־בונד צוקונפט". די דאָזיקע יוגנט ־ אָרגאַניזאַציע אין שטעטל האָט געציילט בײַ די עטלעכע צענדליק יוגנטלעכע (צײַטנווײַז בײַ די זיבעציק); מיידלעך און ייִנגלעך. און די אָרגאַניזאַציע האָט געפירט אַ לעבעדיקע און פאַרשידנאַרטיקע טעטיקייט, פון וועלכער איך וויל דאָ דערציילן בלויז אייניקע מאָמענטן, וואָס זענען זיכער נישט די סאַמע וויכטיקסטע, נאָר אַזעלכע וואָס האָבן זיך ספּעציעל אויסגעטיילט אין זכרון.

כאָטש עס טיילן מיך שוין אָפּ עטלעכע צענדליק יאָרן, סײַ פון יענער צײַט און סײַ דעם שטעטל אין גאַנצן (און כאָטש דאָס שטעטל אַליין עקזיסטירט שוין נישט מער, ווי קיין שום אַנדער ייִדיש שטעטל פון דעם אַמאָליקן ייִדישן פּוילן) און הגם איך גופא, בין אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן און טאַקע אויך אין די איצטיקע עלטערע יאָרן, אַוועק ווײַט פון יענע צײַטן, איז אָבער פאַראַן אַ תלמודישער זאָג, וואָס ווערט זייער אָפט באַשטעטיקט.

אַז: „גירסא דינקותא לא תשכחך״, וואָס עס מיינט אַז די זאַכן פון דער יוגנט ווערן נישט פאַרגעסן, אין אויך בײַ מיר, זענען יענע יאָרן געבליבן פריש אין מײַן זכרון, ווי זאַכן פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהײַט און איך געדענק נאָך זייער גוט די דאָרטיקע מענטשן און ספּעציעל די יוגנט, פון וועלכע איך בין געווען אַ טייל.

איך זע פאַר מײַנע אויגן די צענדליקער יוגנטלעכע, אין גרעסטן טייל אַרבעטער און לערן־ייִנגלעך, אַרומגעזעצט בײַ די לאַנגע טישן פון דער פּרץ־ביבליאָטעק, פאַרטיפטע אין דעם לייענען אָדער דיסקוטירן פאַרשידענע געשעענישן פון דער מענטשלעכער געשיכטע און זיך גריבלען אין די עקאָנאָמישע פּראָצעסן פון דעם קאַפּיטאַליסטישן ווירטשאַפטס־סיסטעם און אויך אַרומרעדן די פּראָבלעמען און סתירותן וואָס טרײַבן די איצטיקע וועלט, מיט אַן אײַזערנער נויטווענדיקייט — צום סאָציאַליזם, אין וועלכן זיי האָבן אַזוי עכט און ערלעך געגלויבט.

און אין דער איצטיקער צײַט, ווען די יוגנט איז אַזוי דעזאָריענטירט —און איז בכלל אַזוי משונהדיק אין איר אויסזען און אין איר הלבשה— פיל איך אַ טיפע גערירטקייט און פאַרערונג, פאַר יענער יוגנט, וואָס האָט געלעבט אין אַן אַליין־אַרויפגעצווּנגענער געזעלשאַפטלעכער דיסציפּלין; האָט זיך געווידמעט געוויסע אידייען און אויף זייער שטייגער ענערגיש פאַר די דאָזיקע אידייען געקעמפט.

אָבער פאַר דעם, עטלעכע אַלגעמיינע ווערטער וועגן דעם שטעטל.

⁂

סטאָק, (אין פּויליש: סטאָטשעק), איז אַ קליין שטעטל (איך באַנוץ די באַצייכענונג שטעטל, ווײַל ביז דעם חורבן האָט דאָס נישט געהאַט דעם סטאַטוס פון אַ שטאָט, נאָר איז געווען אַ געמיינדעראַט — און אין פּויליש „ראַדאַ גמיננאַ״); דאָס דאָזיקע שטעטל געפינט זיך בײַ אַ זיבעציק קילאָמעטער אויף מזרח־זײַט פון וואַרשע, אויף דער באַן־ליניע וואַרשע־מאַלקין און בלויז געציילטע קילאָמעטער פון טרויעריק באַרימטן טויטן־לאַגער — טרעבלינקע, ווו די נאַצי־וואַנדאַלן האָבן אומגעבראַכט דעם גרעסטן טייל ייִדן פון וואַרשע און פון יענער גאַנצער געגנט. דאָס איז אויך געווען דער לעצטער וועג פון די לעצטע ייִדן אין שטעטל, וואָס זענען דאָרטן פאַרפײַניקט און אומגעבראַכט געוואָרן.

קיין געשריבענע געשיכטע וועגן דעם, ווען און דורך וועמען דאָס שטעטל איז געגרינדעט געוואָרן, איז —ווי איך ווייס— נישט פאַראַן. זקנים פלעגן דערציילן וועגן דעם, אַז דאָס שטעטל איז אויסגעבויט געוואָרן דורך אַ פּריץ, וואָס איז געווען דער בעל הבית פון דער גאַנצער געגנט. דאָס שטעטל איז אויסגעבויט געוואָרן אויפן פּלאַץ פון אַן אויסגעהאַקטן וואַלד — און זיי האָבן נאָך געדענקט פון זייערע קינדער־יאָרן, די לעצטע ביימער פון דעם וואַלד, וואָס זענען געבליבן וואַקסן אויפן מאַרקפּלאַץ, וואָס איז געוואָרן דער צענטער פון דעם שטעטל. אַלע הײַזער פון דעם שטעטל זענען געווען נידעריקע און געבויט פון האָלץ. און ביז דער לעצטער צײַט, האָבן אַ גרויסע טייל פון די הײַזער נאָך געהערט צו דעם פּריץ, וואָס איז געווען דער „וויפלטער״ יורש פון יענעם פּריץ וואָס האָט דאָס שטעטל געבויט, די הײַזער אַרום דעם מאַרק, האָבן אַלע געהאַט קראָמען, וואָס עס איז געווען די הויפּט פּרנסה פון דעם שטעטל.

אַרומגערינגלט מיט געדיכטע סאָסנע־וועלדער, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך די לעצטע הײַזער, אָן אַ באַן אָדער שאָסיי, איז דאָס שטעטל געווען ווי אָפּגעשלאָסן און איזאָלירט פון דער וועלט. דאָס איז געווען איינע פון די סיבות פאַר וואָס דאָס שטעטל האָט געהאַט אין דעם געגנט דעם צונאָמען, אַז „דער הימל אין סטאָק איז פאַרשטאָפּט מיט גראָכאָווינעס״, וואָס קיינער האָט נישט געקאָנט גענוי דערקלערן פון וואַנען דער דאָזיקער צונאָמען נעמט זיך. אָבער נישט געקוקט אויף דער אָפּגעריסנקייט פון דעם שטעטל, האָט דאָס נישט אויסגעמיטן, אַז אין די דרײַ מלחמות וואָס מיר האָבן געהאַט אין אונדזער הײַנטיקן יאָרהונדערט (פון זיי, צוויי וועלט־מלחמות), זאָל דאָס שטעטל זײַן אַ וויכטיקער טראַנזיט־פּונקט פון די קעמפנדיקע אַרמייען, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט טיפע און בלוטיקע צייכנס פון מאָרד און רויב, אָבער דעם גרעסטן און בלוטיקסטן צייכן האָט, פאַרשטייט זיך, געלאָזט די לעצטע און צווייטע וועלט־מלחמה — און דער בלוטיקסטער צייכן איז געבליבן בײַ די דאָרטיקע ייִדן, וואָס זענען אין גרעסטן טייל אומגעבראַכט און פאַרניכטעט געוואָרן.

צוליב דער געאָגראַפישער איזאָלירטקייט, האָט דאָס שטעטל געלעבט ווײַט פון אַלע געשעענישן אין דער וועלט. און אויף וויפל איך געדענק, איז ביז דעם אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, נישט געווען קיין איין אַבאָנענט פון קיין טאָג־צײַטונג. כאָטש עס זענען געווען יאָרן, ווען די וועלט האָט געקאָכט מיט פאַרשידענע געשעענישן, ווי מלחמות, שלום־אָפּמאַכן, רעוואָלוציעס אאַ״וו. אין שטעטל האָט מען זיך פון אָט די אַלע זאַכן דערוווּסט, ווען דער אײַזן־קרעמער שלמה זלמן פרידמאַן פלעגט פאָרן קיין וואַרשע צו קויפן סחורה און פאַר איין וואָגס פלעגט ער שוין ברענגען אַ יידישע צײַטונג. וואָס עס איז געווען „דער מאָמענט״. פרײַטיק נאָך מנחה, פאַר קבלת שבת, פלעגט ער אין דעם אַלעקסאַנדער שטיבל, ווו מיר האָבן געדאַוונט, איבערדערציילן און פאַרלייענען אַלע נײַעסן פון דער צײַטונג.

איך בין דעמאָלט נאָך געווען זייער יונג, כמעט אַ קינד. און אַ גאַנצע וואָך האָב איך געוואַרט אויף דער דאָזיקער „פערטל שעה״ און איך פלעג זיך אײַנהערן אַ פאַרגאַפּטער און מיט שטוינונג פלעג איך אויפנעמען די אַלע אויסטערלישע פּאַסירונגען, וואָס פאַרלויפן זיך אין דער וועלט ערגעץ ווײַט פון אונדזער שטעטל און אַן אמתער דם שונא בין איך דעמאָלט געווען אונדזער שכן — יאַנקל־היים— אַן אומגעדולדיקער ייִד, וואָס האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין צײַט. און פּונקט ווען שלמה־זלמן האָט געהאַלטן אין פאַרלייענען די „דראַמאַטישע״ באַשרײַבונגען, ווי אַזוי די צעבונטעוועטע רוסישע זעלנערס האָבן אַראָפּגעריסן די גאָלדענע עפּאָלעטן בײַם צאַר ניקאָלאַי און צעבראָכן זײַן שווערד — דאַן פלעגט ער איבעררײַסן דאָס פאַרלייענען די צײַטונג און זיך צוכאַפּן צום עמוד און אָנהייבן דאַוונען דעם קבלת שבת.

***

די זעלביקע אָפּגעשלאָסנקייט און צוריקגעשטאַנענקייט — אַפילו ווי פאַר יענער צײַט (מיט אַן ערך פופציק יאָר צוריק)— איז אויך געווען אויף דעם עקאָנאָמישן געביט, מיט די פרנסות אין שטעטל.

קיין פאַבריקן, אָדער אַזוינס וואָס האָט געקאָנט באַצייכנט ווערן אַלס אַן אינדוסטריע, איז אין שטעטל נישט געווען און אַפילו קיין עלעקטריש ליכט האָט מען דאָרטן נישט געהאַט. די הויפּט־פרנסה איז געווען קליינהאַנדל און אויך אייניקע בעלי־מלאכות, וועלכע פלעגן אויסאַרבעטן זאַכן פאַר די פויערים פון די אַרומיקע דערפער און האָבן זיך פאַרנומען מיט עכט טראַדיציאָנעלע יידישע פאַכן, ווי שנײַדערײַ, שוסטערײַ, סטאָליערס א״אַ.

די אַרבעט אין די האַנטווערקערײַען, איז פאַרשטייט זיך געמאַכט געוואָרן מיט פרימיטיווע מיטלען און מיט האַנט־געצײַג. און בײַ די אַרבעטן זענען געווען באַשעפטיקט יוגנטלעכע, ווי לערן־ייִנגלעך און ווי לוין־אַרבעטער. און אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע יוגנטלעכע האָבן דאָס געבילדעט די אָרגאַניזאַציע „יוגנט־בונד צוקונפט״, וואָס זענען אין קעגנזאַץ צו דער גרופּע עלטערע חברים פון דער פאַרטיי „בונד״, שוין געווען אַ גרויסער טייל פאַרהײַראַטע און האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנדל, אָדער אַנדערע זענען געווען אין די געשעפטן פון זייערע עלטערן, איז די יוגנט פון דער „צוקונפט״ אָרגאַניזאַציע געווען כמעט אויסשליסלעך אַן אַרבעטנדיקע. אַ זייער אָנגעזעענעם פּלאַץ האָבן צווישן זיי פאַרנומען די סטאָליער־אַרבעטער. דאָס דאָזיקע פאַך איז געווען דאָס וואָס איז געווען צום בעסטן „אינדוסטריאַליזירט״. אין שטעטל זענען געווען בלויז אַ דרײַ אָדער פיר סטאָלערײַען און זיי האָבן באַשעפטיקט אַ גרעסערע צאָל לוין־אַרבעטער, וואָס האָט אויף אונדזער שפּראַך געהייסן „פּראָלעטאַריער״. און פון זיי האָבן זיך אויסגעטיילט און זיך אָנגעזען מיט זייער אַקטיוויטעט אין דער אָרגאַניזאַציע די חברים: די ברידער מאָטל און אַנטשל גרינבערג, משה דוד מיידענבוים (אומגעקומען אין חורבן), הערשל פּאַסעסאָרסקי (יונג געשטאָרבן), איטשע טאָשער (הײַנט אין ישראל) און אַ צווייטער הערשל פּאַסעסאָרסקי, וואָס איז הײַנט אין אויסטראַליע.

אין גאַנצן אַנדערש איז דאָס געווען בײַ די שנײַדערס, דערמיט וואָס יעדער שנײַדער איז גלײַכצײַטיק געווען דער אונטערנעמער, דער פאַבריקאַנט און אין דער אַרבעט האָבן זיי זיך אַרויסגעהאָלפן מיט זייערע משפּחה־מענטשן און האָבן באַשעפטיקט ווייניק אויסערלעכע אַרבעטער. און פון די ווייניקע נאָדל־אַרבעטער דאַרף מען דערמאָנען: נחמן שטערן, י. גאָלדשטיין און אלי פּאַזשאַמעק. עס זענען אויך געווען גרויסע אַנדערע פאַכן ווי שמידערס, שוסטערס, רימערס א״אַ.

איך אַליין בין געווען אַ בעקער־אַרבעטער און

אַלע מײַנע יוגנט־יאָרן, כמעט ביזן עמיגרירן פון שטעטל, האָב איך געאַרבעט בײַ יאַנקל פרײַמאַן אין בעקערײַ, וואָס האָט זיך געפונען קעגנאיבער דער געמינע־קאַנצעלאַריע. מײַן בעל הבית, יאַנקל בעקער, ווי מען האָט אים גערופן, איז געווען אַ ייִד מיט אַ סך איידעלע מידות און מיט אַ טיפן נאַטירלעכן חוש פאַר סאָציאַלן הומאַניזם (כאָטש ער האָט נישט שטודירט מאַרקסן...) ער האָט אויך ליב געהאַט זיך צו גריבלען אין „מעטאַפיזישע" ענינים, ווי אמונה און כפירה. אין די באַגינענס בעת דער אַרבעט אין דער בעקערײַ, פלעגט ער מיך שטענדיק „פּראָוואָצירן" מיט שמועסן און דיסקוסיעס וועגן אָט די אַלע זאַכן. כאָטש אַליין אַ שטאַרק פרומער, האָט ער שטענדיק אויסגעהערט אַנדערע מיינונגען מיט אַ סך געדולד און רויִק אַר־גומענטירט. זאָלן די דאָזיקע באַשיידענע פאַר ווער־טער זײַן אַ דערמאָנונג נאָך זײַן אָנדענק ווי אַ קדוש!

***

די אַרבעטס־באַדינגונגען אין די וואַרשטאַטן, זענען אין קיין שום הינזיכט נישט געווען אײַנגע־שטעלט אונטער אַ באַשטימטער נאָרמע. עס קומט הײַנט אויס לעכערלעך צו דערציילן, אַז אַפילו די אַרבעטס־שעהן זענען נישט געווען נאָרמירט, אָפּ־גערעדט שוין פון אַזעלכע זאַכן ווי דער אַרבעטס־לוין, אָדער גאָר געוויסע סאָציאַלע פאַרבעסערונ־גען. אַזוי ווי די אַרבעטן וואָס מען פלעגט מאַכן, זענען געווען זייער איינפאַכע און פון אַ שוואַכער קוואַליטעט, פלעגן די באַלעבאַטים זיך אַ סך אַרויס־העלפן מיט פשוטע לערן־ייִנגלעך, וועמען מען האָט גאָר נישט געצאָלט, אָדער גאָר אַ קלייניקייט — איפּן זמן. דערנאָך, ווען זיי האָבן זיך אַ ביסל קוואַ־ליפיצירט, פלעגט מען זיי פאַרטרײַבן אויף אַנדערע.

אַ דאַנק דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג, וואָס די יוגנט־אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט צווישן די יוגנטלעכע, האָבן זיי זיך אָר־גאַניזירט און אַפילו אַרויס אין שטרײַק קעגן די אַלע אומנאָרמאַליטעטן.

די ערשטע וואָס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ פאַריין איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַן אומפּאַרטיי־אישער און צו אים האָבן אויך געהערט די יוגנט־לעכע פון דער פועלי־ציון יוגנט און אייניקע פון זיי זענען געווען אין פאַריין גאַנץ אַקטיוו, ווי: שמחה שטערן, שלום טענטשא א״אַ און עס איז אינ־טערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז פון די ערשטע פאָ־דערונגען וואָס דער פאַריין האָט אַרויסגעשטעלט איז געווען: אַן אַרבעטס־טאָג פון בלויז צען שעה (וועגן אַ קלענערן אַרבעטס־טאָג, האָט מען אַפילו נישט געקאָנט חלומען) און פרײַטיק בלויז זעקס שעה; בײַם צונעמען און אָפּזאָגן אַרבעטער, מוז דער באַלעבאָס האָבן דעם הסכם פון דעם פאַריין — און אויך נאָרמירטע לוינען דורך דעם פאַריין.

און פאַר אָט די עלעמענטאַרע פאָדערונגען, האָ־בן די סטאָליערעס אין סטאָק, אין יאָר 1930 (מער אָדער ווייניקער), געשטרײַקט בײַ די צען וואָכן. אָבער דאָס וויכטיקסטע וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרן, איז געווען דאָס וואָס דער פאַריין איז אָנערקענט געוואָרן פון די בעלי בתים פאַר אַלע ענינים וואָס עס האָט געהאַט אַ שײַכות צו זייערע אַרבעטער. דער זעלביקער פּרוּוו איז אויך געמאַכט געוואָרן צו אָרגאַניזירן די שנײַדער־אַרבעטער, אָ־בער אָן דערפאָלג. דאָס האָט זיך גענומען דערפון וואָס די שנײַדער־מײַסטערס, זענען נישט געווען אָנגעוויזן אין זייער פּראָדוקציע, אויף זייערע אַר־בעטער און זיי פלעגן זיך אַרויסהעלפן מיט דער אַרבעט פון זייערע משפחה־מענטשן. און דעם שטרײַק וואָס זיי האָבן דערקלערט, האָט זיך לאַנג פאַרצויגן און האָט נישט געגעבן קיין שום רעזול־טאַט.

אין יענער צײַט, פון אָנהויב די דרײַסיקער יאָרן, איז אונדזער געגנט געוואָרן אַ צענטער פון האַנט־געשטריקטע טיכער, וואָס זענען אין גרויסע סכומים, איבערגעשיקט געוואָרן אויף די „קרעסן" (און מעגלעך אַז קיין רוסלאַנד). די אַרבעט פלעגט געמאַכט ווערן דורך עלטערע פרויען און דורך קליי־נע מיידלעך — נאָך כמעט קינדער. די אונטערנע־מערס האָבן זייער שטאַרק געמיסברויכט מיט דעם דאָזיקן „פּראָלעטאַריאַט" און האָבן געצאָלט זייער ווייניק פאַר דער אַרבעט. באַזונדערס האָבן זיי זיך געמאַכט אַ סיסטעם צו באַצאָלן פאַר דער אַרבעט — מיט סחורה.

אין אַ געוויסן טאָג, איז אַראָפּגעקומען קיין סטאָק דער סעקרעטאַר פון שטריקער אַרבעטער־פאַריין אין ווענגראָווע — חיים מילער (הײַנט אין נאָרד אַמעריקע), כדי צו אָרגאַניזירן די פרויען און די מיידלעך אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. און עס איז געווען אַן אינטערעסאַנט בילד צו זען ווי

עס זענען פאַרזאַמלט די עלטערע פרויען: מאַמעס און באָבעס, אין לאָקאַל פון דער פּרץ־ביבליאָטעק און מען רעדט פאַר זיי און מען קלערט זיי אויף וועגן די עוולות, וואָס מען באַגייט קעגן זיי, ווי מען נאַרט זיי אָפּ — און מען האָט זיי אויפגערופן זיך קעגנצושטעלן און פאָדערן אַ גערעכטע באַהאַנד־לונג.

***

דער פאַקט וואָס אונדזער שטעטל האָט זיך געפונען אַזוי נאָענט פון ווארשע און איז געווען אין יענער צײַט אַזוי צוריקגעשטאַנען און אָרעם, האָט געווירקט אַז די יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך אַ ביסל קוואַליפיצירט אין וועלכער עס איז אַרבעט, זענען אַוועק פון שטעטל און האָבן געזוכט אַרבעט אין דער גרויסער שטאָט ווארשע, כאָטש אויך אין דער גרויסער שטאָט איז דאָס לעבן פון אַן אַרבע־טער געווען גאַנץ שווער און עס זענען געווען ערנ־סטע פּראָבלעמען גובר צו זײַן און איך וועל דער־ציילן צוויי פאַלן פון אונדזערע סטאָקער, וואָס האָבן באַצאָלט מיט זייערע יונגע לעבנס אין דער גרוי־סער שטאָט.

אין אַ ספּעציעל שווערער לאַגע האָבן זיך גע־פונען די יוגנטלעכע פון די אַזוי גערופענע יחס־נישע משפחות, וואָס האָבן נישט געקאָנט ווערן קיין לערן־ייִנגלעך בײַ אונדז אין שטעטל — און דאָ זיך לערנען אַ פאַך און זיי זענען דערפאַר געפאָרן קיין ווארשע. און איינער פון זיי איז געווען בערל לערמאַן. ער איז געווען אַן איידעלער בחור, אַ שוואַכער אין געזונט, אַ זון פון יאַנקל שוחט, איז ער אין אַ גאָר יונגן עלטער אַוועק קיין וואַר־שע, זיך אויסגעלערנט טריקאָטאַזש, וואָס עס מיינט שטריקערײַ און געאַרבעט עטלעכע יאָר אין אַ קליין דאַך־קעמערל, אָן לופט און אָן געהעריקער דער־נערונג, ביז דער שטויב פון די וואָל־פעדים האָט פאַרצערט זײַנע יונגע און שוואַכע לונגען.

ער איז געקומען צוריק אַהיים שוין אַ קראַנ־קער, אין אַ כמעט האָפענונגסלאָזן צושטאַנד — און אין אַ האַרבסטיקן בײַטאָג, ווען אַ גרויסע פײַער־דיקע זון האָט מיט אַן אומעטיקער רויטער שײַן, באַגאָסן די דעכער פון די הײַזער פון שטעטל, האָבן חברים אים אַוועקגעטראָגן צו זײַן אייביקער רו, אויף דעם שטעטלדיקן בית עולם. און צום ערשטן מאָל אין שטעטל, האָט מען אָנשטאָט צו זאָגן „צדוק הדין" בײַ דער קבורה, וואָס דאָס האָט געמיינט מצדיק זײַן דעם דין, האָט דער יוגנטלעכער אהרן זיסק (הײַנט אין ניו־יאָרק) זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די אַקסלען פון עטלעכע חברים און אויסגעשריגן דעם פּראָטעסט קעגן דער אָרדענונג, וואָס צווינגט צו אַרבעטן אין אַ יונגן עלטער און אָן אַ זאָרג און אויפזיכט איבער דעם געזונט פון די יונגע אַר־בעטער.

דער צווייטער טרויעריקער פאַל איז געווען מיטן יוגנטלעכן הערשל פּאָסעסאָרסקי. אַ הויכער, אַ שיינער און פיזיש גוט אַנטוויקלטער בחור און אַ גוטער מעבל־סטאָליער. ער האָט זיך גוט אײַנ־געאָרדנט אין ווארשע בײַ זײַן פאַך און איז געווען אַקטיוו אין דער „צוקונפט"־אָרגאַניזאַציע. ער האָט געהערט צו דער „אָרדנער־גרופּע", וואָס האָבן גע־דאַרפט באַשיצן די בונדישע מאַניפעסטאַציעס פון אָנפאַלן. און עס איז טאַקע געשען בעת אַן אַרבע־טער מאַניפעסטאַציע, איז ער אַרומגערינגלט גע־וואָרן פון „ענדעקישע" כוליגאַנעס, וואָס האָבן אים שטאַרק צעשלאָגן — און ער איז פון די קלעפּ מער נישט געקומען צו זיך.



הערשל פּאָסעסאָרסקי

עס האָט ווי געטאָן דאָס האַרץ צו קוקן אויף אים און זען ווי ער זיצט אויף די זאַמד־בערגלעך, הינטער דעם אַלטן מאַנאַפּאָל בײַם סאָסנע־וואַלד; זען ווי עס לעשט זיך אויס אַ יונג בליִענדיק לעבן, מיט יעדן הוסט און שפּײַ...

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט די „צוקונפט" אָרגאַניזאַציע אין שטעטל געציילט בײַ די זיבעציק יוגנטלעכע, צווישן חברים און חברטעס. די אָרגאַניזאַציע איז געווען אײַנגעטיילט אין דרײַ גרופּעס (קרײַזן), וועלכע האָבן געהאַט די נעמען פון די בונדישע וועטעראַנען, ווי: „וולאַדימיר מעדעם", „בראָניסלאַוו גראָסער" און פון יונג דערמאָרדעטן „צוקונפט"־טוער „אַלבערט בערנשטאָק". די קרײַזן זענען געווען פאַרטיילט לויט דער עלטער. און אויף די קרײַזן זענען געהאַלטן געוואָרן סיסטעמאַטישע לעקציעס וועגן סאָציאַליזם און קולטור־געשיכטע. און אויסער די צוזאַמענקונפטן פון די קרײַזן, זענען פון צײַט צו צײַט פאָרגעקומען גרעסערע פאַרזאַמלונגען פון דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע, אויף אויפצוקלערן און צו באַהאַנדלען אַקטועלע פּראָבלעמען.

אַ באַזונדער פּלאַץ האָבן פאַרנומען פאַרשידענע פײַערונגען, וואָס זענען געווען עפנטלעכע און פון אַ גרעסערן פאַרנעם אויף אָפּצוצייכענען דאַטעס אָדער אָנדענקס־טעג, ווי דער ערשטער מײַ, אינטערנאַציאָנאַלער יוגנט־טאָג א"אַ. אויף די דאָזיקע פײַערונגען, פלעגן אַ חוץ די רעדעס, אויך זײַן פאַרשידענע סצענישע אויפפירונגען און בײַ די דאָזיקע געלעגנהײַטן זענען אויפגעפירט געוואָרן פראַגמענטן פון ערנסט טאָלערס „מאַסע־מענטש" „די מאַשינען צעשטערער" וואָס זענען געווען אין יענער צײַט שטאַרק פּאָפּולער — און אויך דיכטונגען פון דער יידישער פּאָעזיע פון אַ סאָציאַלן כאַראַקטער.

אין יאָר 1929, האָט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע געפײַערט איר פינף־יאָריקן יובל פון עקזיסטענץ. די פײַערונג איז געווען פון אַ גרויסן פאַרנעם, מיט פאָרשטייער פון די אָרגאַניזאַציעס פון די אַרומיקע שטעטלעך. די פײַערונג איז באַשטאַנען פון אַן עפנטלעכער אַקאַדעמיע, אין זאַל פון די פײַערלעשער און אַ באַנקעט אין דער פּרץ־ביבליאָטעק. אויף דער פײַערונג איז אָפּגעצייכנט געוואָרן די דערגרייכונגען פון דער אָרגאַניזאַציע אין פאַרלויף פון די פינף יאָר און אירע אויפגאַבן אויף ווײַטער.

אין זומער 1933, אין חודש יולי, איז אין שטעטל פאָרגעקומען אַ „צוזאַמענפלי" פון די „צוקונפט" אָרגאַניזאַציעס פון דער יוגנט, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אונדזער אָרגאַניזאַציע און עס האָבן זיך אין דער „צוזאַמענפלי" באַטייליקט עטלעכע הונדערט יוגנטלעכע פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווי: ווענגראָווע, קאָסאָווע, פּראָסטיק און בראָק, אין די צוויי טעג — פרײַטיק און שבת — וואָס עס האָט געדויערט דער „צוזאַמענפלי", האָט דאָס שטילע, פאַרשלאָפענע שטעטל באַקומען אַן אַנדער פּנים. אַלע געסלעך, אין אַלע הײַזער, האָט געווימלט מיט די „אָנגעפלויגענע" צוקונפטיסטן, וואָס האָבן געטראָגן ספּעציעלע אוניפאָרמען: בלויע בלוזעס און רויטע האַלדז־טיכער.

באַזונדערס האָט זיך אָנגעזען די באַטייליקונג פון אַ גרופּע „סקיפּיסטן" (פון סאָציאַליסטישן קינדער־פאַרבאַנד), פון שכנותדיקן „סקיף"־לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אין שטעטל בראָק בײַם טײַך בוג. זיי זענען געקומען מיט די לאַגער־פירערס עמנואל פּאַט (געשטאָרבן מיט עטלעכע חדשים צוריק אין ניו־יאָרק) און ברכה זאַלצמאַן (וואָס איז שפּעטער געווען זײַן פרוי) און פון צענטראַל קאָמיטעט האָבן זיך באַטייליקט די חברים: אַבראַשאַ ווײַנער און מאַטוויי בערנשטיין. אומפאַרגעסלעך אימפּאָזאַנט איז געווען דער מאַרש אין געשלאָסענע רייען, פון אַלע אָנטיילנעמער אין דעם „צוזאַמענפלי". שבת בײַטאָג ווען דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען פאַרזונקען אין שבתדיקן שלאָף, האָט די יוגנט דורכגעמאַרשירט דאָס גאַנצע שטעטל אין וואַלד אַרײַן, ווו עס זענען — ווי אַ טייל פון דעם פּראָגראַם — פאָרגעקומען ספּאָרט־פאַרמעסטונגען. און הילכיק האָבן געקלונגען זייערע געזאַנגען, ספּעציעל די סטראָפן פון דעם יוגנט־הימן:

„דעם מאָרגן־רויט אַנטקעגן,
ווען קוים די זון דערשײַנט.
פאַרנעמען מיר די וועגן,
זאָל ציטערן דער פײַנט!"

דעמאָלט, אין יולי 1933, האָט נאָך קיינער פון אונדז זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז דערמיט וואָס די נאַציס האָבן אין מערץ פון זעלביקן יאָר איבערגענומען די מאַכט אין דײַטשלאַנד, איז אויך געחתמעט געוואָרן אונדזער גורל; און אַז שוין דעמאָלט האָט דער שונא שוין געגרייט די „לאַנגע מעסערס" פון די גרויליקע נעכט פון 1939 ביז דעם יאָר 1945.

***

דאָס איבערנעמען די מאַכט דורך די נאַציס אין דײַטשלאַנד אין חודש מערץ 1933, מיט די

פּאָגראָמען און ייִדן־פאַרפאָלגונגען, האָט זיך ווי אַ
מגפה אַריבערגעטראָגן קיין פּוילן. די פּרײַנטשאַפטס
פּאָליטיק, וואָס די פּוילישע האַלב־פאַשיסטישע
סאַנאַציע רעגירונג, האָט געפירט מיט די נאַציס און
די קעגנזײַטיקע וויזיטן פון די מלוכה־לײַט פון די
ביידע לענדער, האָבן געווירקט אויף דעם אַז דער
אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן זאָל ווערן מיט יעדן טאָג
אַלץ שאַרפער און אַגרעסיווער.

די ייִדנפײַנדלעכע פּאָליטיק פון דער פּוילישער
רעגירונג, איז געקומען צום אויסדרוק מיטן אַרויפ־
לייגן גרויסע שטײַערן אויף ייִדישע אונטערנעמונ־
גען און דאָס דערלויבן און באַרעכטיקן דעם אַנטי־
ייִדישן באָיקאָט; דאָס אָרגאַניזירן אָפענע פּאָגראָ־
מען, ספּעציעל אין די מאַרק־טעג, האָט פאַר די
ייִדן געמאַכט אוממעגלעך ווײַטער פאָרצוזעצן דאָס
לעבן אין פּוילן. און אויך אונדזער שטעטל סטאָק,
האָט זיך געפונען אויף דער זעלביקער פײַער־
ליניע.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס מיטן צעשטערן די
ייִדישע „סטראַגאַנעס" (מאַרק־געשטעלן) און מיטן
אָנפאַלן אויף ייִדן אין די מאַרק־טעג. דער נאָך איז
געקומען דער סיסטעמאַטישער באָיקאָט און דאָס
„פּיקעטירן" ייִדישע געשעפטן, אַז קיין קריסטלע־
כער קונה זאָל אַהין נישט אַרײַנגיין, ביז אין אַ
געוויסן פרימאָרגן, האָבן זיך באַוויזן אין שטעטל די
ייִדן פון עטלעכע אַרומיקע דערפער, באַרויבטע
און צעשלאָגענע און אַרויסגעטריבענע פון זייערע
היימען, ווו זיי האָבן געוווינט שוין דורות לאַנג.

די סיטואַציע האָט געשאַפן אַ זייער געדריקטע
שטימונג, פון פאַרצווייפלונג און האָפענונגסלאָזי־
קייט. די יוגנט האָט אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן
אויף צו קאָנען אַנטלויפן און עמיגרירן; אָבער די
מעגלעכקייטן צום עמיגרירן זענען געוואָרן וואָס
ווײַטער אַלץ קלענערע. איניקע האָט זיך אײַנגעג־
געבן אַוועקצופאָרן אין די אַמעריקאַנער לענדער;
געציילטע זענען אַוועקגעפאָרן אין דעמאָלסטיקן
פּאַלעסטינע. דער גרעסטער טייל אָבער, זענען
פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם בלוטיקן שטורעם, אויף
צו זײַן די לעצטע עדות פון דעם חורבן און אומ־
קום פון אונדזער שטעטל. דערציילן די עדות פון
די ערשטע גרויל־טעג: באַלד נאָך דעם ווען די דײַ־
טשן האָבן פאַרנומען דאָס שטעטל און אָנגעהויבן אַ
ווילדן טעראָר קעגן די עטלעכע הונדערט ייִדישע
פאַמיליעס און האָבן אָנגעהויבן צו מאָרדן און
פאַרברענען אַ העלפט פון דעם שטעטל, האָבן די
יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך געפונען אין דער אָנ־
פירונג פון דער אָרגאַניזאַציע, צוזאַמענגענומען אַלע
ביכער פון דער פּרץ־ביבליאָטעק, מיט די מאַטע־
ריאַלן פון דער אָרגאַניזאַציע, דאָס פאַרפּאַקט אין
קאַסטנס און באַגראָבן אין אַ גאָרטן נאָענט פון דער
פּרץ־ביבליאָטעק.

דערמיט האָבן זיי אויסגעלייזט זייער גײַסטיק
פאַרמעגן פון שאַנד און שענדונג. און זייער אייגן
לײַב און לעבן געלאָזט אויף הפקר, אויף אַלע סכ־
נות און גרוילן.

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי געווען דער גזר?...

און איז דער דאָזיקער גײַסטיקער פאַרמעגן
טאַקע פאַרמשפּט דאָרטן צו פאַרבלײַבן אויף אַלע
אייביקייטן?...

אהרן פײַערטאָג / באר־שבע, ישראל

# דאַטן און פאַרצייכענונגען פון לעבן און אומקום אין סטאָק

סטאָק איז געווען אַ קליין ייִדיש שטעטל, וואָס האָט געהערט צום ווענגראָווער פּאָוויאַט און וואַרשעווער וואָיעוואָדסטווע. די גענויע געשיכטע פון דעם שטעטל בכלל און די צײַט זינט ייִדן האָבן דאָרטן געוווינט, איז כמעט אומבאַקאַנט, נאָר דער גרעסטער טייל פון דאָרטיקע ייִדישע תושבים, האָבן געוווּסט, אַז ווען זיי זענען געבוירן געוואָרן, אָדער ווען זיי זענען אין דאָזיקן שטעטל אָנגעקומען, זענען שוין דאָרטן געווען ייִדן. און זיי זענען אויך געווען זיכער אין דעם, אַז כּל־זמן דאָס שטעטל וועט עקזיסטירן, וועלן דאָרטן אויך זײַן ייִדן — אַ זאַך וואָס האָט זיך צום באַדויערן נישט באַשטעטיקט און די דײַטשע משחיתים, האָבן „געזאָרגט" דערפאַר, אַז סטאָק — צוגלײַך מיט דעם גרעסטן טייל ייִדישע שטעט און שטעטלעך פון אַמאָליקן פּוילן — זאָלן ווערן „ייִדנריין".

עס איז אויך נישט גענוי באַקאַנט די צאָל ייִדן וואָס האָבן ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה געלעבט אין סטאָק, כאָטש לויט אַן אויבערפלעכלעכער אָפּשאַצונג, האָבן אין סטאָק און אין די דערבײַיקע פינף שטעטלעך, וואָס האָבן געהערט צו דער סטאָקער ייִדישער געמינע און אויך אין די אַרומיקע דערפער, האָבן צוזאַמען זיך געפונען בײַ די 600 ייִדישע משפּחות. און די מערהײַט פון די דאָרטיקע ייִדן זענען באַשטאַנען פון: סוחרים, קליינהענדלער און בעלי־מלאכות, ווי דאָס רוב ייִדישע שטעטלעך פון פּוילן.

דאָס צוזאַמענלעבן צווישן די ייִדן און קריסטן אין סטאָק, איז פאַרהעלטנישמעסיק געווען אַ גוטע — כאָטש דער אַנטיסעמיטיזם, האָט זיך אויך געלאָזט מערקן אין אַלע צײַטן; אָנהייבנדיק פון דעם געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד, ביז דעם יאָר 1915 און שפּעטער אין דעם זעלבסטשטענדיקן פּוילן, ווען עס האָט אָנגעהאַלטן די טרויעריקע פּאָליטיק פון „סוואָי דאָ סוועגאָ" און די „אָוושעם"־פּאָליטיק, ביז עס איז געקומען די פאַרניכטונגס־אַרבעט פון די דײַטשע מחבלים, וואָס קאָן פאַר קיין פאַל נישט באַצייכנט ווערן מיט דעם געוויינלעכן וואָרט אַנטיסעמיטיזם, נאָר דאָס האָט שוין געהאַט אַ שײַכות צו מערדערײַ און רציחות.

די אָרעמקייט אין שטעטל איז שטענדיק געווען זייער גרויס. און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט איז פון דעם שטעטל אַוועקגעפאָרן; פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען מען האָט געקאָנט לײַכט פאָרן קיין נאָרד אַמעריקע, זענען גרויסע טיילן פון די ייִדן אין סטאָק אַהין אַוועקגעפאָרן. נאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס זענען געמאַכט געוואָרן שוועריקייטן צו פאָרן קיין נאָרד־אַמעריקע, זענען ייִדן געפאָרן קיין אַרגענטינע, פּאַלעסטינע (דאָס הײַנטיקע ישראל) און וווּ נאָר מען האָט געקאָנט — און טאַקע די דאָזיקע האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען — און צו געדענקען דאָס אַמאָליקע סטאָק.

אַ גרויסער טייל פון די ייִדן פון סטאָק, פלעגן פאָרן אויף די ירידים און מערק פון די דערבײַיקע שטעטלעך ווי: יאַדעווע, ווענגראָווע, קאָסעווע און אַנדערע. ביז סוף 1918, איז אין סטאָק נישט געווען קיין פאָלקס-שולן. די קריסטן האָבן געהאַט קינדער־גערטנער, די א"ג „אָכראַנעס" און די ייִדן האָבן געהאַט חדרים. אַ דאָקטער איז אין סטאָק נישט געווען ביז דעם יאָר 1925. און ווען עס איז געווען נייטיק אַ דאָקטער, האָט מען אים געמוזט ברענגען פון יאַדעווע אָדער ווענגראָווע — און אין יאָר 1925, האָט זיך ערשט באַזעצט אין סטאָק דער דאָקטער גאָנשער, פון וואַרשע.

דאָס רעליגיעזע לעבן אין סטאָק, איז געקומען צום אויסדרוק אין די חדרים, וואָס דער גרעסטער טייל פון די קינדער האָבן דורכגעמאַכט. און אַ טייל פון זיי האָבן פאָרגעזעצט זייערע לימודים אין די ישיבות פון ווענגראָווע און אַנדערע פלעצער. אין דער גרויסער שיל (בית המדרש), האָט מען בין מנחה למעריב שטענדיק געטראָפן אַ סך ייִדן פון אַלע שיכטן עפּעס לערנען. עס האָבן אויך עקזיסטירט אַ „חברה משניות"; אַ „חברה תהילים"

אין אַ ריי אַנדערע. עס זענען אויך געווען פאַרשי־דענע חסידים־שטיבלעך און מנינים ווי: גערער, אָטוואָצקער, אַלעקסאַנדער, סקערניעוויצער און אַנ־דערע, ווו מען פלעגט דאַוונען יעדן שבת און אין די יום־טובים.

אין שטעטל זענען אויך געווען פאַרשידענע חברות, ווי: „ביקור חולים", „לינת הצדק", „תל־מוד תורה", „גמילת חסד" ווי אויך צוויי בענק, „די קאָאָפּעראַטיווע באַנק" און „די סוחרים באַנק". עס איז בײַ אונדז אויך געווען אַ ייִדישע געמינע, וואָס האָט אַרײַנגענומען די ישובים פון סטאָק, לאָכאָוו, סאַדאָוונע, פּראָסטין און כרושטשעפּקאָ.

עס וועט בײַ דער געלעגנהײַט זײַן כדאַי אײַ־בערצוגעבן דעם ביודזשעט פון דער ייִדישער גע־מינע פאַר די לעצטע יאָרן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. דער ביודזשעט איז געווען אַרום 80 טויזנט זלאָטעס און די הכנסות זענען געווען (אין קײַלעכיקע ציפערן): פון שחיטה — 62 טוי־זנט זלאָטעס; פון בית הקברות — 8 טויזנט זלאָ־טעס; פון עטאַט — 10 טויזנט זלאָטעס, צוזאַמען 80 טויזנט זלאָטעס. הוצאות: לוינען און געהאַלטן — 50.500 זלאָטעס; סאָציאַלע הילף — 7.500 זלאָטעס; אויסהאַלטן דעם בית הכנסת — 6 טויזנט זלאָטעס; אויסהאַלטן דעם בית עולם — 3 טויזנט זלאָטעס; די מקווה — 6 טויזנט זלאָטעס; די פאַר־שידענע בנינים — 4 טויזנט זלאָטעס און פאַרשי־דענע אויסגאַבן — 3 טויזנט זלאָטעס.

די אויסגאַבן פון לוינען און געהאַלטן וואָס איז געווען די גרעסטע רובריק, האָט זיך פאַנאַנדערגע־טיילט אויף פאָלגנדן אופן: 2 רבנים (אין סטאָק און סאַדאָוונע) 12 טויזנט זלאָטעס אַ יאָר; 6 שוחטים (אין סטאָק, סאַדאָוונע, לאָכעווע און פּראָסטין) — 28.800 זלאָטעס; 1 סעקרעטאַר (אין סטאָק) 3.600 זלאָטעס; 1 שמש (אין סטאָק) 3.600 זלאָטעס; 2 אַר־בעטער אויפן בית הקברות — 2.500 זלאָטעס. צו־זאַמען 50,500 זלאָטעס *.

מיר האָבן דערמאָנט צווישן די הכנסות די רו־בריק „עטאַט", וואָס עס מיינט צו זאָגן שטײַערן, אָדער ווי מען רופט דאָס אָן בײַ אונדז אין ישראל „מסים". די דאָזיקע רובריק האָט געדאַרפט אַרײַנ־ברענגען בײַ די 10 טויזנט זלאָטעס, וואָס עס האָט געמיינט איבער 12 פּראָצענט פון די אַלגעמיינע הכנסות. אָבער פּונקט ווי די אַנדערע הכנסות, זע־נען נישט געווען קיין פולשטענדיק זיכערע, איז אויך די הכנסה פון „עטאַט", וואָס האָט געדאַרפט זײַן אַ מין דירעקטער שטײַער, איז אויך נישט געווען קיין פולשטענדיק זיכערע; עס האָט געהייסן אַז די אַלגעמיינע צאָל עטאַט־צאָלער זענען געווען 200, וואָס האָבן געצאָלט 5 זלאָטעס אַ יאָר ביז 200 זלאָטעס און פּאַקטיש איז 30% פון דעם עטאַט אַרײַנגעקומען פון די טשערנאָגוראַס פאַבריקן: „פּערליס", „אַסטרוועק" און די פירמע „צוקער" פון לאָכאָוו. און מען דאַרף אויך נעמען אין אַכט, אַז די הוצאות זענען נישט שטענדיק געווען די זעלביקע, נאָר זענען זייער אָפט געווען אַ סך מער, ווי די וואָס מען האָט געהאַט באַשטימט אין דעם ביודזשעט, אַזוי אַרום, אַז די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה (אָדער פון די פינף קהילות), האָבן געהאַט אַ „גאַנץ שווער לייענען", אויף צו קאָנען דעקן די אויסגאַבן פון דעם ביודזשעט.

די פאַרוואַלטונג פון דער קהילה, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אין יאָר 1936 איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע: אהרן פײַערטאַג (פאָרזיצער); אבר־הם יעקב מאַלצמאַן, אברהם אליהו זעלעניעץ, גאָלדשטיין און אָשר פלאַטנער פון סטאָק; גאָלד־שטיין פון באַצק און גרוסקין פון לאָכאָוו. זיי האָ־בן אָנגעפירט מיט דעם קהילה־לעבן, ביז דער טראַגישער דאַטע פון סעפּטעמבער 1939.

***

אין סעפּטעמבער 1939, האָט זיך אָנגעהויבן דער נאַצישער איבערפאַל אויף פּוילן, וואָס איז געווען אַ פּרעלודיע פון זייער איבערפאַל איבער דער גאַנצער וועלט. די גאַנצע וועלט איז זיי טאָקע נישט געלונגען צו באַזיגן — כאָטש זיי האָבן אַ סך בלוט פאַרגאָסן אויך בײַ אַנדערע פעלקער, אָבער בײַ אונדז ייִדן, האָבן זיי דורכגעפירט די שרעקלעכסטע בלוט־באָד, וואָס אונדזער שטענדיק לײַדנדיק פאָלק האָט ווען עס איז אין זײַן געשיכ־טע דורכגעמאַכט. און אין דער דאָזיקער בלוט־באָד, איז אויך אונדזער קליין און האַרציק שטעטעלע אומגעבראַכט און פאַרניכטעט געוואָרן.

איך האָב נישט אַלע ידיעות וועגן דעם בלו־טיקן אומקום פון אונדזער שטעטעלע סטאָק און פון די דאָרטיקע ייִדן; וואַרשײַנלעך האָט קיינער נישט די דאָזיקע ידיעות אַלס גאַנצע. די דײַטשע מערדערס, וואָס זענען שטענדיק אַזוי פּינקטלעך מיט פאַרצייכענען אַלצדינג וואָס זיי פירן דורך, האָבן זיך אין די פאַלן פון זייערע מאָרדן זיך באַ־

* אָט דער גאַנצער ביודזשעט איז פּאַקטיש געווען אַ „טעאָרעטישער" און בלויז אויפן פּאַפּיר.

מיט נישט בלויז, אַז מען זאָל זייערע בלוטיקע מאָרדן נישט פאַרצייכענען, נאָר האָבן אָנגעווענדעט אַלע מיטלען, צו פאַרווישן יעטוועדן שפּור פון זייערע מאָרדן — כאָטש נישט אַלצדינג איז זיי געלונגען אויף דעם דאָזיקן געביט און אַ סך פון זייערע אכזריותן און פאַרברעכנס, זענען דאָך אַרויס צו דער עפנטלעכקייט. און אויך די ווייניקע לעבנסגעבליבענע סטאָקער, האָבן זיכער צו דערציילן וועגן אַ גאַנץ גרויסן טייל פון דעם ליידן און פּיין — און פון אומקום פון דעם גרעסטן טייל יידן פון אונדזער שטעטל. אויך צו מיר זענען דערגאַנגען אַ טייל פון די דאָזיקע ליידן פון אונדזערע לאַנדסלייט, וואָס איך וויל דאָ פאַרצייכענען.

שוין אין די ערשטע וואָכן פון חודש סעפּטעמבער פון 1939, האָבן די היטלעריסטן, מיט דער הילף פון די דייטשע קאָלאָניסטן פון דאָרף פלאַטקאָוויצע, דערשאָסן 6 יידן פון סאַדאָוונע און זיי באַגראָבן נאָך האַלב לעבעדיקע. אָבער צום באַדויערן, איז דאָס בלויז געווען ערשט אַן „אָנהויב”, נאָך וועלכן עס זענען געקומען נאָך אַ סך טרויעריקע און שוידערלעכע זאַכן, ביז מען האָט אומגעבראַכט, מיט אַלע מיתות משינות אַלע יידן פון סטאָק און אומגעגנט, פּונקט ווי מען האָט אויסגעראָטן אַלע יידן פון גאַנץ פּוילן און מזרח־אייראָפּע.

שפּעטער האָבן די דייטשן מיט דער הילף פון די דאָרטיקע פּאָליאַקן אויסגעפונען, אַז אין דער פאַבריק „אָסטרוּוועק”, האָט מען אויסגעבויט אַ בונקער אין פּוטירקע און זיי האָבן דאָרטן דערמאָרדעט די פאַמיליע רייכער: לעאָן רייכער, צעציליאַ רייכער, אינזש׳ יוליאַן רייכער, פּאַולינאַ בערגמאַן, אַ טאָכטער פון די לעווענשטיינס, אינזש׳ יוליאַן בערגמאַן, טערעסאַ מאַלבין און העלענאַ מאַלבין.

אין די בריוו וואָס איך האָב באַקומען פון אַ באַקאַנטער פּאָליאַטשקע ראַטשינסקאַ, שרייבט זי מיר: „ווי עס איז באַוווּסט, האָבן די דייטשן אַרויסגעפירט אַלע יידן פון די שטעט, שטעטלעך און דערפער און פון די פאַבריקן, אין די טויט־פאַבריקן („דאָ פאַבריקאַ שמיערטשי”) ווי קיין טרעבלינקע, מאַידאַנעק א״אַ, וואָס אַנבאַלאַנגט אייער פאַמיליע, די פרוי און קינדער, זענען זיי אומגעקומען אין לוצק, ווי אויך אייער ברודער שלמה פייערטאַג. וואָס אַנבאַלאַנגט אייער ברודער גרשון הענעך מיט דער פרוי און קינדער, זענען זיי צוזאַמען מיט אַלע יידן אַרויסגעפירט געוואָרן קיין טרעבלינקע; מאַנטשאַרזש מיט דער פרוי האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן — און מען האָט זיי דערשאָסן אויפן פּלאַץ...

זייער טאָכטער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ געוויסע צייט און דערנאָך איז זי אַרויסגעפאָרן אַלס אַ פּוילישע אויף אַרבעט קיין דייטשלאַנד (דאָס איז געשען אין חודש סעפּטעמבער 1942). דאַקעגן אינזש׳ יוליאַן רייכער, מיט זיין מוטער און אינזש׳ בערגמאַן מיט זיין מוטער מאַלווינאַ און זייער טאָכטער, האָבן זיי זיך נאָך אויסבאַהאַלטן אַ מאָנאַט צייט „אונטער דער ערד” — אין אַ גוט־פאַרמאַסקירטן בונקער, אין פּוטירקע. אָבער מען האָט פאַרראַטן זייער באַהעלטעניש און אין אַ געוויסן טאָג זענען געקומען די דייטשע זשאַנדאַרן און מען האָט אַלעמען דערשאָסן אויפן פּלאַץ.

נאָך אַ יאָר זיך אויסבאַהאַלטן, איז דערמאָרדעט געוואָרן די משפחה גאָדענגאַנד (די פרוי איז געווען אַ שוועסטער פונעם באַרימטן סקולפּטאָר אָסטשעגאַ, וואָס האָט געלעבט אין וואַרשע). דר״אַ קורכין, וועלכע האָט זיך אויסבאַהאַלטן אַ יאָר צייט ביי קריסטן, איז אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן דורך אַ חברה לאָבוזעס. (לויט ידיעות וואָס איך האָב באַקומען ביי מיין צוריקקומען קיין פּוילן, איז זי דערמאָרדעט געוואָרן דורך דעם קריסט, ווו זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן). דאָס האָט מיר איבערגעגעבן אַ געוויסע גרויסע פּערזענלעכקייט, וועלכער האָט אַליין אָפּגעראַטעוועט אַ פּאָר יידן אין וואַרשע און צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, גיב איך נישט אָן זיין נאָמען. עס האָבן זיך אויך באַטייליקט אויף אַן אַקטיוון אופן אין דעם אויפשטאַנד פון טרעבלינקע אייניקע יידן פון סטאָק, צווישן זיי דער יונגער זון פון מאַלצמאַן - מאַידענבוים; מען האָט מאַידענבוימען געזען אַ פאַרבלוטיקטן רייטן אויף אַ פערד. צווישן די אויפשטענדלער אין טרעבלינקע, זענען געווען נאָך אַ געוויסע צאָל סטאָקער יידן.

אין דער צייט פון דער אָקופּאַציע, האָבן די משפחה ד״ר אַרטור רייכער און אינזש׳ העלענאַ, באַשלאָסן, אַז זי וועט זיך אַליין אַריינוואַרפן אין ווייסל און דאָס קינד וועט ער אַריינוואַרפן, און שפּעטער וועט ער זיך וואַרפן אונטער אַ באַן, ווייל עס איז זיי שוין געווען פאַרמיאוסט אַזאַ מין „לעבן”. אין פאַקטיש האָט זי זיך אַליין אַריינגעוואָרפן אין ווייסל און דאָס קינד האָט אַריינגעוואָרפן דער טאַטע אַרטור. ער איז געווען ד״ר מעדיצין אין אַ שטעטל נעבן וואַרשע און זי האָט געאַרבעט יאָרן לאַנג אַלס אינזש׳ אַגראָנאָם אין „דזשאָינט”.

באַלד אָבער האָבן פּוילישע פישער זי אַרויסגענומען פון ווייסל און זי האָט זיי דערציילט, אַז זי האָט דאָס געטאָן באַוווּסטזיניק, ווייל זי איז אַ יידי-

שע; זי האָט זיי אויך מיטגעטיילט, אַז איר קינד „ליגט" אויך אין ווײַסל, האָבן זיי אויך דאָס קינד באַוויזן אַרויסצונעמען — כאָטש עס איז זיי דאָס גע־ווען שווער אָפּצוראַטעווען. וואָס עס איז געשען מיט ד"ר אַרטור רײַכער, ווייסט מען נישט אויף באַ־שטימט, עס איז אָבער זיך נישט שווער פאַרצושטע־לן וואָס עס איז פון אים געוואָרן.

נאָך די דערקלערונגען פון דער פרוי רײַכער, האָבן איר די פישער געזאָגט: אויב מיר האָבן אײַך אַרויסגענומען פון דעם וואַסער, איז אַ באַווײַז אַז איר דאַרפט לעבן און די פישער האָבן זי אַרײַנגע־נומען אין אַ בודקע, געבן ווײַסל, האָבן איר גע־האָלפן אויסטריקענען די קליידער און אין דער דאָ־זיקער בודקע, האָט זי איבערגענעכטיקט. אויף צו מאָרגנס האָבן זיי געזוכט אין די צײַטונגען, אויף צו דערוויסן זיך וואָס עס איז געשען מיט איר מאַן אַרטור, אָבער אַן קיין שום דערפאָלג. די פרוי הע־לענאַ האָט געטראָפן אַ פוילישע יוגנט־חברטע פון דער שולע, וואָס איז באַלד אַוועק צו אַ גלח און גע־בראַכט פאַר איר אַ מעטריקע פון אַ פאַרשטאָרבע־נער פרוי אין איר עלטער. דעם נאָמען פון איר גיב איך נישט אָן.

די געשיכטע האָב איך געהערט פון אַנדערע, אָבער אויך פרוי העלענאַ רײַכער האָט דאָס מיר דערציילט פּערזענלעך און איך גיב דאָס איבער אויף אַ פאַרקירצטן אופן.

מיר איז אויך געלונגען זיך צו דערוויסן וועגן אַ ריי אַנדערע טרויעריקע פאַלן, וואָס שעפּן פאָר קיין פאַל נישט אויס דאָס קאַפּיטל מאַרטיראָלאָגיע פון דעם קליינעם יידישן ישוב פון סטאָק. אָבער איך מיין אַז מען דאַרף זיי דערציילן:

חיים שנײַדמאַן ז"ל, האָבן די דײַטשן דערשאָסן אויפן וועג קיין טרעבלינקע; זיי האָבן אויף אים „רחמנות געהאַט" און געוואָלט אַז ער זאָל האָבן אַ „גרינגן" טויט...

אין סטאָק גופא, האָבן זיך אַ פּאָר יידישע פאַ־מיליעס אויסבאַהאַלטן אין אַ גוט פאַרמאַסקירטן בונקער. צווישן זיי האָט זיך געפונען די פאַמיליע פון כײַקל זשעליענעץ. אָבער פאַר די דײַטשע מערדער איז געווען שווער זיך אויסצובאַהאַלטן — און מען האָט זייער בונקער אויפגעדעקט און מען האָט זיי אַלע דערשאָסן אויפן פּלאַץ. און פאַר דער־ציילן זיי הילף, האָבן די דײַטשן אויך דערמאָר־דעט די צוויי קריסטן; פּאַסטעק און בעראַן.

צוויי מיטגלידער פון דער יידישער געמינע, האָבן זיך אַליין גענומען דאָס לעבן, נישט וועלנדיק אַרויסגעבן קיין יידן אויף „אַרבעט". דאָס זענען געווען אברהם יעקב מאַלצמאַן פון סטאָק, און גאָלד־שטיין, פון באצק לאַפּיאַנקאַ. כבוד זייער אָנדענק!

אין סעפּטעמבער 1942 האָבן די דײַטשן מיט דער הילף פון דער פוילישער באַפעלקערונג, אַרויס־געפירט אַלע יידן פון סטאָק און אומגעגנט קיין טרעבלינקע, זיי צו „ליקווידירן" און אין דער אומ־געגנט פון טרעבלינקע געפינען זיך טויזנטער „קב־רים" פון אומבאַקאַנטע יידן, וועלכע האָבן געפּרוּווט אַנטלויפן אויפן וועג און אויך פון די וואָס האָבן זיך „געראַטעוועט" בעת דעם אויפשטאַנד אין טרעב־לינקע.

מײַנער אַ פּלימעניק, דוד דענענבערג, האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער צווישן סטאָק און טרעבלינקע. אָבער מיט אַ פּאָר טעג ערב דעם אַרײַנקומען פון דער רויטער אַרמיי, איז ער דער־מאָרדעט געוואָרן פון די פויערים, וואָס האָבן גע־זוכט בײַ אים גאָלד... און אים צעשניטן אויף שטיקער.

אין חודש סעפּטעמבער 1948, האָבן די סטאָקער לעבנסגעבליבענע, דורכגעפירט אַן עקסהומאַ־ציע פון 57 קדושים פון סטאָק און פון דער אומגע־גנט. נישט וועגן אַלע ווייסט מען ווער זיי זענען גע־ווען, אָבער בײַ אייניקע האָט מען געפונען דאָקו־מענטן און פאַרצייכנטע נעמען, וואָס זענען געווען: זילבערשטיין, מאַלצמאַן, חײַקל זשעליעניעץ, משה גריידענבוים, דינה וויערזשבינסקע. די אַנד' האָט מען נישט געקאָנט אידענטיפיצירן און זיי זענען אַרײַן אין דעם טרויעריקן צעטל פון קדושים וטהורים, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן על קידוש השם ועל קידוש העם.

און צום דאָזיקן טראַגישן צעטל וועלן מיר אויך צושטעלן די נעמען פון יוליאַן פּערליס — געוועזענער דירעקטאָר פון דער פאַבריק אין באצק, וואָס איז אומגעקומען אויף אַ טראַגישן אופן אין דאָרף זניוו, אין גאַליציע און מיקאַלאַי פּערליס, דאָראָטאַ פּערליס, יוליאַן פּערליס, וויעסלאַווא פּערליס און לודוויק לעווענשטיין — אַ זון פון ד"ר לעווענשטיין—, וואָס זענען אַלע אומגעקומען פון הונגער און קעלט אין רוסלאַנד, אין דער צײַט פון דער מלחמה.

זאָלן זייערע נעמען און זייער אָנדענק פאַרבלײַ-בן אין די געדעכענישן פון אונדזער פאָלק — און ספּעציעל פון די לעבנגעבליבענע פון אַמאָליקן שטעטל סטאָק!

# פאַרצייכענונגען וועגן דעם קולטור־לעבן אין סטאָק

עס דערמאָנען זיך מיר ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דאָס קולטור־לעבן בײַ אונדז אין שטעטל און אַ פּאָר זאַכן פון זיי ווילט זיך פאַרצייכענען לזכרון.

אַ צײַט לאַנג איז די ביבליאָטעק געווען די הויפּט־פעסטונג און הויפּט־צענטער פון דער קולטור טעטיקייט. און אַ צײַט לאַנג האָבן מיר געפירט אַ געמיינזאַמע אַרבעט אין און אַרום דער ביבליאָטעק. עס פלעגן דאָרטן פאָרקומען פאַרשידענע אונטערנעמונגען און יעדן פרײַטיק אָוונט פלעגט מען דורכפירן אַ „קעסטל־אָוונט", ווו מען האָט



בײַם אָפּוואַרטן יעדן פרימאָרגן די וואַרשעווער ייִדישע צײַטונגען נעבן חיים נתנס פאַפּיראָסן־געשעפט

געלופּטערט פאַרשידענע לויפנדיקע פראַגן און עס פלעגן זיך באַטייליקן אין די דיסקוסיעס, סײַ די עלטערע חברים און אויך די יוגנטלעכע — און פון צײַט צו צײַט, פלעגט מען אַראָפּברענגען רעדנערס פון די גרעסערע שטעט, הויפּטזעכלעך פון וואַרשע.

עס איז אָבער אָנגעקומען אַ צײַט, ווען די אײַפגעקומענע פאַרטייען, האָבן זיך אַרויסגערוקט העכער ווי די געמיינזאַמע ביבליאָטעק — און מען האָט די ביבליאָטעק צעטיילט צווישן „בונד" און לינקע פּועלי ציון און דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע קאָנקורענץ אויף דעם געביט פון אַראָפּברענגען רעדנערס פון וואַרשע און דער אויפהאַלט פּונקט פאַר די רעדנערס, איז אין גרעסטן טייל געווען בײַ דער חברטע רויזע בורשטיין־בלומענקראַנץ.

דערמאָנט זיך מיר ווי נאָך סוכות, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שטאַרקע רעגנס, האָט מען געדאַרפט שיקן אַ פור, וואָס זאָל ברענגען מלך ראַוויטשן, וואָס האָט געגעבן בײַ אונדז צוויי רעפעראַטן: איינעם וועגן ברוך שפּינאָזאַ און דעם צווייטן רעפעראַט וועגן שלום אַש — און מלך ראַוויטש האָט אונדז געשטעלט אַ באַדינג, אַז מיר מוזן אַרויסשיקן אַ וואָגן מיט צוויי פערד און קיינער אויסער דעם פורמאַן זאָל נישט פאָרן; די סיבה איז געווען אַ פּשוטע. עס איז נישט געווען קיין שאָסיי פון דער באַן־סטאַנציע ביז צו דעם שטעטל — און מלך ראַוויטש איז געווען פון די צער בעלי חיים, אים איז געווען אַ רחמנות אויף די פערדלעך...

איך געדענק אויך ווי מען האָט געבראַכט דעם דיכטער ישראל שטערן ז"ל און מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז ער איז אַ פרומער און פלעגט יעדן אין דער פרי גיין דאַוונען און ער האָט אויך געטראָגן אַ טלית קטן — און פאַרשטייט זיך, אַז ער איז נישט געקומען צו פאָרן אום שבת, נאָר געקומען צו אונדז פרײַטיק.

פון די גוטע און שיינע רעדנערס געדענק איך לײַאָן פינקעלשטיינען, וועמען עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן רעדן; עס איז צו אונדז אויך געקומען ה. ש. קאַזדאַן און באָריס אייסוראָוויטש, וואָס האָט אונדז אַלעמען „אָוועקגעפירט" קיין אינדיע, ווו ער איז געווען אַ רײַזנדער — און יעדער פון די צוהערערס פלעגט אים הערן מיט אַ סך אויפמערקזאַמקייט זײַנע איבער צוויי־שעהדיקע רעדעס.

אין דער צײַט פון די סיים־וואַלן, האָבן די פאַרטייען געשיקט זייערע רעדנער אויף „אײַנצונעמען" סטאָק — און איך געדענק דעם גרויסן רושם וואָס עס האָט געמאַכט יעקב פּאַט מיט זײַנע

רעדעס. און נאָך די אָפיציעלע רעדעס, פלעגט מען אָפּהאַלטן פאַרזאַמלונגען מיט די פּאַרטיי־חברים ביז שפּעט בײַנאַכט.

די יוגנט פון שטעטל האָט זייער ווייניק פאַרדינט און אַ סך האָבן גאָרנישט פאַרדינט און זעלטן ווער פון אונדז האָט געהאַט אַן איבעריקע זאָטע, אָבער גאָר ווייניק פלעגן זיך אָפּזאָגן פון צו קומען אויף אַ פאָרלעזונג פון אַ רעדנער פון וואַרשע.

איך געדענק נאָך, וואָס פאַר אַן איבערראַשונג עס האָט בײַ אונדז אַלעמען געמאַכט די ידיעה, אַז עס וועט קומען קיין סטאָק ברוך שעפנער, וועמען אַלע האָבן גוט געקענט פון זײַנע פעליעטאָנען אין דער בונדישער „פאָלקס־צײַטונג", וואָס האָט שטאַרק אויסגענומען, אַפילו בײַ זײַנע קעגנערס. די בונדישע אָרגאַניזאַציע האָט דאַן געוואָלט דינגען די „שאָפּע" פון די פײַערלעשער, ווײַל מען האָט געווסט, אַז עס וועלן קומען זייער אַ סך מענטשן אים הערן. אָבער אויף אַזעלכע רעפעראַטן, האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש — און מען האָט געדאַרפט צושיקן צו דעם פּוילישן סטאַראָסטאַ אַ ביטע און מען האָט געדאַרפט אָנגעבן אויסצוגן פון דער טעמע אין פּויליש — און מיר האָבן די דערלויבעניש טאַקע נישט באַקומען.

מען האָט די פאָרלעזונג געמאַכט בײַ זיך אין לאָקאַל און מען האָט אַוועקגעשטעלט אין דרויסן איייניקע „שומרים" וואָס זאָלן אַכטונג געבן, אַז קיין „קנעפּל" זאָל נישט פאַרבײַגיין — און איך האָב געדאַרפט זײַן איינער פון די דאָזיקע היטערס. עס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן דאָס וואָס איך קאָן נישט הערן שעפנערן. עס איז אָבער געווען אַ דיסציפּלין און מען האָט זיך געמוזט אונטערוואַרפן.

***

איך האָב אַרויסגעכאַפּט בלויז אייניקע קליינע דערמאָנונגען פון דער גרויסער און ליכטיקער קולטור־אַרבעט, וואָס מען האָט בײַ אונדז יאָרן־לאַנג אָנגעפירט. צום באַדויערן זענען די מענטשן, די קולטור־טוערס, מיט דעם גאַנצן שטעטל, שוין מער נישטאָ — און עס בלײַבט אונדז דאָ נישט איבער מער ווי צו פאַרצייכענען די אַלע זאַכן נאָך זייער הייליקן אָנדענק.

**מ. ג—ט.**

(ישראל)



**משה גאַלאַנט** (חיפה, ישראל)

# פון מײַן שטעטעלע סטאָק, איבער גלות רוסלאַנד, קיין מדינת ישראל

ווען איך דערמאָן זיך אין מײַן שטעטעלע סטאָק, לויפן מיר פאַרבײַ פאַרשידענע בילדער פון מײַן קינדהײַט און פון די שפּעטערדיקע יוגנטיאָרן, וואָס נישט אַלע געדענק איך שוין און נישט אַלע קאָן מען אויסדערציילן און בלויז אייניקע איז כדאַי צו פאַרצייכענען.

ווי קליין אונדזער שטעטעלע איז געווען, האָט זיך עס נאָך אײַנגעטיילט אין צוויי טיילן: אין אַלט־סטאָק און אין נײַ־סטאָק — און דערצו האָט מען נאָך צוגעגעבן אַ מין „פּאַטשעמייקע", אַז אין סטאָק איז דער הימל פאַרשטאָפּט מיט גראָבעווינעס... דאָס האָט זיך וואַרשײַנלעך גענומען דערפון, וואָס אונדזער שטעטעלע איז געווען אַרומגערינגלט מיט וועלדער. און אין אַ געווויסער צײַט האָט מען אויסגעהאַקט אַ טייל פון וואַלד און אויף דעם פּלאַץ אויסגעבויט דאָס שטעטעלע סטאָק — און פון דעם אַמאָליקן וואַלד זענען בלויז פאַרבליבן די גראָבעווינעס. און אַ סך סטאָקער ייִדן פלעגן זיך שעמען פאַר נישט סטאָקער צו זאָגן פון וואַנען זיי שטאַמען.

די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג פון סטאָק איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר הונדערט משפּחות און איז געווען מיט אַ סך זאַכן ענלעך צו אַנדערע ייִדישע שטעטעלעך פון פּוילן. אין מיטן שטעטעלע האָט זיך געפונען אַ מאַרק־פּלאַץ, וווּ עס פלעגט איין מאָל אין וואָך פאָרקומען אַ מאַרק אָדער יריד. און די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פלעגן ברענגען זייערע סחורות אויף צו פאַרקויפן. דער קויפער בײַ די פּויערים איז, פאַרשטייט זיך, געווען דער ייִד. אין דער ערשטער ריי זענען דאָס געווען די ייִדן פון סטאָק גופא, עס פלעגן אָבער אויך קומען ייִדן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך ווי ווענגראָוו, יאַדעווע א"אַ און כמעט נײַנציק פּראָצענט אײַנוווינער פון שטעטעלע סטאָק, האָבן געלעבט פון דעם מאַרק אָדער יריד.

אַרום דעם גרויסן מאַרק־פּלאַץ, זענען געווען בידעריקע הײַזקעס מיט קראָמען פון פאַרשידענע סחורות און יעדעס שטיבעלע האָט געהאַט אַן אַנדערן אויסזען. אַ גרויסער טייל פון די שטיבלעך זענען געווען געדעקט די דעכער מיט הילצערנע שינדלען, וווּ עס זענען אַ סך יאָרן געוואַקסן אויף זיי אַ גרינער מאָך. פון די הילצערנע הײַזקעס האָט זיך אויסגעטיילט אַ מויער פון ווײַסע ציגל — און מען האָט דאָס דאָזיקע הויז אָנגערופן „די ווײַסע מויער". עס איז אויך געווען אַ מויער געבויט פון רויטע ציגל, וואָס מען האָט אָנגערופן „די רויטע מויער" — און עס האָט זיך אויך געפונען אַ גרויס הילצערן הויז, וואָס מען האָט אָנגערופן „די טשאַניע", ווײַל אין מיטן פון הויז איז געווען אַ פּלאַץ אויף אַרײַנצופאָרן מיט אַ פור און מען האָט דאָרטן געקאָנט איבערנעכטיקן אַ נאַכט, צוזאַמען מיט דער פור און אין גרעסטן טייל פלעגן דאָרטן נעכטיקן גלעזער, וואָס פלעגן אַרומפאָרן מיט גלאָז איבער די אַרומיקע דערפער.

אין אַן עק פון דאָזיקן הויז האָבן מיר געוווינט און עס האָט זיך דאָרטן צוזאַמען מיט אונדזער דירה אויך געפונען אונדזער געוועלב. און אין אַ צווייטער זײַט פון דעם הויז האָט געוווינט די אַלמנה נעשקע נאָווענשטערן. די דאָזיקע דירה איז איר געבליבן נאָך דעם מאַנס טויט — צוזאַמען מיט זעקס טעכטער.

אַ גרויסער טייל פון די אײַנוווינער פון דעם שטעטל, האָבן זיך געפונען אין די דאָזיקע צוויי מויערן, ווײַל מער ווי איין צימער האָט קיינער בײַ אונדז נישט געהאַט אין דעם שטעטל און דער דאָזיקער צימער האָט געדינט, סײַ פאַר דעם וואַרשטאַט צו דער אַרבעט, ווי אויך פאַר דעם שלאָף־און עס־צימער און מען פלעגט דאָרטן אויך אויפנעמען געסט — אַלץ אין דעם איינציקן צימער. און אויף צו באַצאָלן דירה־געלט פאַר דעם איינציקן צימער, האָבן אַ סך נישט געהאַט צו באַצאָלן און האָבן געמוזט אָפּשפּאָרן פון אַ סך אַנדערע זאַכן אויף צו האָבן צו באַצאָלן דאָס דירה־געלט.

אין דער דאָזיקער דירה פון איין צימער, איז

נישט געווען קיין פּראָבלעם פון וויפל די משפּחה איז באַשטאַנען און ווו מען וועט זיי לייגן שלאָפן, ווייל אין יעדער דירה האָבן זיך געפונען אַ פּאָר אַרויסרוק־בעטן, וואָס בייטאָג זענען דאָס געווען בענק און ביינאַכט האָט מען דאָס באַנוצט צום שלאָפן. דאָ פלעגט מען לייגן אַפילו פיר קינדער צוזאַמען אין אַזאַ רוק־בעט — און עס האָט זיך קיי־נער נישט געקלאָגט, אַז עס איז אים ענג אין דעם איינציקן צימער, ווו מען פלעגט זייער אָפט דאַרפן צושטעלן אַ וויגעלע פאַר אַ ניי צוגעקומען קינד.

איך געדענק נאָך ווי איצט, ווי עס איז געווען איינגעפירט ביי אונדז, אַז אַ יינגל פון 3 יאָר האָט מען שוין אַוועקגעגעבן צו אַ מלמד אויף צו לערנען דעם אלף־בית. דאָס ערשטע מאָל האָט מען דאָס קינד איינגעוויקלט אין אַ גרויסן טלית און מען פלעגט פאַר דעם קינד אַראָפּוואַרפן אַ פּאָר קאָפּיקעס פון אויבן, כדי עס זאָל גוט לערנען... דער ערשטער חדר מיינער איז געווען ביי דעם מלמד בוטשע און נאָך דעם ווי איך האָב שוין געקאָנט דאַוונען און אויך חומש, האָט מען מיר געשיקט צו אַ גרעסערן מלמד, ווו מען האָט שוין אויך געלערנט גמרא. מען האָט מיך געוואָלט שיקן צו דעם מלמד נחמנקע, וואָס האָט געהאַט אַ שם, אַז ער שלאָגט שטאַרק די קינדער און איך האָב געשטעלט אַ ווידערשטאַנד און האָב נישט געוואָלט דעם דאָזיקן מלמד — און מען האָט מיך געשיקט צו ברוך דעם מלמד. ער איז געווען זייער אַ קורצזיכטיקער און מיר פלעגן אים אָפּטאָן פאַרשידענע שפּיצלעך; מיר פלעגן אים אינטערגיסן וואַסער אויף זיין בענקל, מיר פלעגן אים אויך צונעמען דעם קאַנטשיק און אים באַ־האַלטן, ביז ער האָט אונדז געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט מיט אים מער נישט שלאָגן. מיר האָבן קיין מאָל נישט אויסגעזאָגט, ווער עס האָט דאָס געטאָן, אַפילו ווען מיר האָבן באַקומען געשלאָגן דערפאַר, דאָבן מיר דאָס צוגענומען באהבה...

לערנענדיק ביים דאָזיקן מלמד צוויי זמנים, האָב איך געדאַרפט איבערגיין צו אַ מלמד פון אַ העכערער מדרגה און ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ בכבודיקער מלמד, שלמה בורשטיין, וואָס ביי אים האָט מען שוין געלערנט גמרא מיט תוספות און קיין גרעסערער פאַר אים, איז שוין ביי אונדז אין שטעטל נישט געווען, האָט מען געקלערט מיך צו געבן לערנען צו אים, איז אָבער געווען די פראַ־גע פון וואַנען מען וועט נעמען אים צו צאָלן. מיר האָבן טאַקע געהאַט אַ געוועלב, אָבער מיט פּרנסה איז מען געווען זייער שטאַרק הינטערשטעליק. און אַזוי טראַכטנדיק וואָס מען וועט טאָן מיט מיר, האָט דער טאַטע מיינער ע״ה באַשלאָסן אַז ער אַליין וועט לערנען מיט מיר און מען פלעגט מיך אויפ־וועקן יעדן פרימאָרגן נאָך פאַר פינף אַזייגער פאַר־טאָג, אַפילו ווינטער אין די גרעסטע פרעסט מיט שניי און איך פלעג גיין אין אָטוואָצקער שטיבל, ווו יעדן פרימאָרגן פלעגן קומען מענטשן צום דאַוונען. ביי דער געלעגנהייט פלעגט שוין מיין פאָטער ע״ה מאַכן טיי און יעדער איינער האָט גע־קאָנט טרינקען אַ גלאָז טיי. און פאַר דעם דאַוונען פלעגט מיין פאָטער לערנען מיט מיר אַ בלאַט גמרא, מיט די פאַרשידענע פּירושים.

אין אַ צייט שפּעטער, איז געקומען צו מיין פאָ־טער יעקב פריימאַן ע״ה און גערעדט מיט אים, אַז ער זאָל אויך לערנען מיט זיין זון שלמה דוד. ער האָט מיט אים אויך גערעדט, אַז ער זאָל נעמען נאָך איניקע קינדער און ער זאָל האָבן עפּעס פּרנסה דערפון. פאַרשטייט זיך, אַז מיין פאָטער האָט אים געפאָלגט, ווייל ער איז נישט געווען צו שטאַרק פאַרנומען ביי דעם געשעפט, כאָטש עס איז פאַר מיין מוטער ע״ה געווען גאַנץ שווער זיך אָפּצוגעבן מיט דעם געשעפט אַליין און זי האָט נאָך געהאַט איניקע קליינע קינדער, וואָס האָבן איר נישט גע־קאָנט העלפן — און איך האָב אַ צייט לאַנג גע־לערנט ביי מיין פאָטער. וועגן דעם אַז מען זאָל שיקן קינדער אין אַ פאָלקס־שול, דאָס געדענק איך נישט און איך ווייס אַפילו נישט צי עס איז אַזוינס געווען ביי אונדז. און אַ חוץ דעם חדר, האָבן אַ גרוי־סע צאָל קינדער זיך געלערנט לייענען און שרייבן ביי אַ פּריוואַטן לערער.

ווי אַזוי האָט אויסגעזען דאָס אַלגעמיינע לעבן אין דעם שטעטל? ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט מען גענומען אין מי־ליטער ביז דער עלטער פון 43 יאָר און אַ סך פאָ־טערס זענען גענומען געוואָרן אין מיליטער צוזאַ־מען מיט זייערע זין און יעדער איינער פון שטעטל האָט געהאַט וועמען פון דער משפּחה אין מיליטער. צו עסן איז אָבער נישט געווען און יעדער איינער האָט געמוזט זוכן וואָס צו עסן און דעריבער גע־דאַרפט גייך אין די דערפער צו די פּויערים, עפּעס וואָס צו פאַרקויפן און דערפאַר באַקומען עסנוואַרג. אין עס איז דעריבער נישט געלעגן אין זינען ביי קיינעם צו לערנען, אין אַ צייט ווען מען איז געווען אויסגעשטעלט אויפן הונגער, ווייל עס איז דאָך אַ

באַקאַנטער כלל, אַז „אַט אין קמח אין תורה" און דעריבער ווען איך בין אַלט געווען בלויז 13 יאָר, האָב איך געמוזט איבעררײַסן מײַן לערנען און האָב געמוזט צוהעלפֿן מיט וואָס איך האָב נאָר געקאָנט. איך מיט מײַן עלטערער שוועסטער אסתר ע"ה, זענען מיר געגאַנגען אין דאָרף, דאָרטן געקויפֿט אַ ביסל קאָרן און דאָס גלײַך דאָרטן צעמאָלט אין אַ „זשאַרנע" (אַזאַ פּרימיטיווע „מיל" פֿון צוויי גרויסע שטיינער) און האָב געבראַכט די מעל אַהיים אויף צו באַקן דערפֿון ברויט. דאָס זעלביקע איז אויך געווען מיט אַביסל קאַרטאָפֿל צו עסן. מיר האָבן די דאָזיקע „סחורה" געמוזט טראָגן אויף די פּלייצעס איניקע קילאָמעטער ביז אין שטוב אַרײַן און מען האָט געדאַרפֿט האָבן „מזל", אַז קיין דײַטש זאָל אונדז נישט דערזען און מען זאָל דאָס בײַ אונדז נישט צונעמען.

מיט פּרנסה אין דער צײַט ווען די דײַטשן זענען געווען אין פּוילן, איז גאָרנישט געווען פֿון די לײַכטע זאַכן — כאָטש די דײַטשן פֿון יענער צײַט, האָבן נישט געהאַט קיין שום ענלעכקייט צו די שפּעטערדיקע נאַצישע מערדערס, דאָך איז געווען גאָרנישט קיין לײַכטע זאַך צו קאָנען עסן צו דער זעט, ווײַל אַלצדינג איז געווען פֿאַרבאָטן. מיר האָבן געהאַט אַ געוועלב, אָבער מיר האָבן נישט געהאַט וואָס צו פֿאַרקויפֿן און מען האָט געמוזט טראַכטן וועגן ברענגען אַביסל סחורה, עס זאָל זײַן וואָס צו פֿאַרקויפֿן. אין עלטער פֿון 14 יאָר, בין איך שוין געוואָרן אַ „סוחר" און האָב שוין אָנגעהויבן צו ברענגען סחורה פֿון דער שטאָט ווענגראָוו, וואָס האָט זיך געפֿונען אַ צוואַנציק קילאָמעטער פֿון סטאָק. דערוויסנדיק זיך, אַז מען פֿירט פֿון אונדז האָלץ קיין ווענגראָוו צו פֿאַרקויפֿן, האָב איך זיך פֿאַרשטענדיקט מיט אַ באַקאַנטן פּויער, אַז איך וועל גיין מיט דעם שאָסיי די צען קילאָמעטער און נאָך דעם פֿאָרן מיט אים קיין ווענגראָוו און דאָרטן קויפֿן אַביסל סחורה וואָס איך וועל נאָר קאָנען באַקומען. די סחורות זענען באַשטאַנען פֿון זאַלץ, נאַפֿט, צוקער און אַנדערע פּראָדוקטן. און צו זײַן געזיכערט, אַז מען וועט מיך נישט דערקענען, אַז איך בין אַ ייִדיש ייִנגל, האָב איך זיך אָנגעטאָן אַ לאַנגן פּויערישן מאַנטל און זיך געלייגט שלאָפֿן אויף דער פֿור און אַזוי אַרום האָט זיך מיר אײַנגעגעבן צו ברענגען איניקע מאָל אַביסל סחורה, כּדי צו קאָנען עפּעס פֿאַרדינען.

און ווי זאָגט אַ פֿאָלקס־ווערטל, אַז: „דער אַפּעטיט קומט מיטן עסן". נאָך מײַנע ערשטע „דערפֿאָלגן" אין מסחר, האָב איך אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן מאַכן אַ נסיעה קיין וואַרשע און ברענגען פֿון דאָרטן אַביסל גאַלאַנטעריע־זאַכן ווי זאָקן און אַנדערע סחורות. עס געדענקט זיך מיר נאָך איצט ווי עס האָט אויסגעזען מײַנע אַ רײַזע קיין וואַרשע. איך בין געגאַנגען צופֿוס פֿון שטעטעלע סטאָק ביז דער באַן־סטאַנציע זשעליענעץ (שפּעטער סאַדאָוונע). דאָס זעלביקע האָב איך אויך געדאַרפֿט מאַכן אויף דער צוריק־רײַזע. דאָס וואָס איך האָב אײַנגעקויפֿט האָב איך געפֿירט אין זעק מיט דער באַן און קומענדיק האָט מען באַדאַרפֿט האָבן מזל צו באַקומען אַ פֿורל צו קאָנען פֿאָרן קיין סטאָק. אויב מען האָט אַזאַ פֿורל נישט באַקומען, האָט מען געדאַרפֿט נעמען די פּעקלעך אויף זיך און זיי טראָגן די זיבן קילאָמעטער ביז סטאָק. אין דעם עלטער ווען איך האָב נאָך געדאַרפֿט זיצן אויף דער שול־באַנק, האָב איך שוין געמוזט זאָרגן וועגן פּרנסה.

ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק און עס האָט זיך צו ביסלעך נאָרמאַליזירט דאָס לעבן, בין איך שוין געווען אַביסל עלטער און בין שוין במילא געווען דער הויפּט־„סוחר" פֿון שטוב און מײַן עלטערע שוועסטער אסתר איז געווען די הויפּט פֿאַרקויפֿערין און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויפֿאַרבעטן, ביז עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט די באָלשעוויקעס אין די יאָרן 1919־1920 און מען האָט אין מיר נישט פֿאַרגעסן, צו רופֿן אין מיליטער, כאָטש איך בין דעמאָלט אַלט געווען בלויז 18 יאָר, אָבער אַז מען רופֿט, מוז מען גיין. איך בין דרך־אַגב נישט געווען דער אײנציקער; עס זענען אויך געווען פֿון דעם זעלביקן יאָר: שלמה פֿריימאַן, מרדכי שנײַדמאַן, לייבטשע סמאָלינסקי און אויך אַנדערע. ווי אַזוי מיר האָבן דורכגעמאַכט „די קליינע מלחמהלע" איז זייער אַ סך צו שרײַבן, ווײַל עס האָט געדויערט בײַ אַ 12 חדשים, ביז מען האָט מיך באַפֿרײַט און ווען איך בין אַלט געוואָרן 21 יאָר, האָט מען מיך ווידער גערופֿן צום מיליטער־דינסט.

אָפּזײַענדיק די צוויי יאָר אין מיליטער און קומענדיק צוריק אין שטעטל, האָט זיך בײַ מיר געשטעלט די ערשטע פֿראַגע וועגן דעם, צי זאָל איך צוריק אָנטאָן דאָס לאַנגע כאַלאַטל מיט דעם קײַלעכדיקן היטעלע, וואָס איך האָב געטראָגן ביז צום גיין אין מיליטער און נישט ווייסנדיק וואָס צו

טאָן, האָב איך נאָך איניקע וואָכן געטראָגן די מי־ליטערישע בגדים, ביז איך האָב מיך דעצידירט, אַז איך מוז טוישן מײַנע קליידער אויף מער מאָדער־נערע, ווי דאָס האָבן שוין געטאָן אַ סך יונגעלײַט אין מײַן עלטער. ווען איך בין אַרײַנגעקומען צו מנחם היטלמאַכער ע״ה, וואָס ער איז געווען מיט מײַן פאָטער פון זעלביקן רבין און האָט געדאַוונט מיט אים אין זעלביקן אָטוואָצקער שטיבל — און אים געזאָגט, אַז ער זאָל מיר נעמען אַ מאָס אויף צו מאַכן אַ היטל, אַ „ליצעפּעטע", האָט ער זיך אויף מיר צעשריגן: וואָס הייסט, אַלטערס זון וועט גיין אין אַ גויִש היטל? דאָס זעלביקע איז געווען ווען איך בין געגאַנגען צו נח דענענבערג אויף צו קויפן שמאָף זיך צו מאַכן אַ קורצן אַנצוג. ער האָט דאָס מיר נישט געוואָלט פאַרקויפן, ביז איך וועל האָבן אַ באַשטעטיקונג אויף דעם פון מײַנע עלטערן — און אויף צו באַקומען פון מײַנע עלטערן אַזאַ מין באַשטעטיקונג, האָב איך געדאַרפט לאַנג, לאַנג וואַרטן. . אָבער איך האָב מײַנס אויסגעפירט.

אין יענער צײַט האָב איך זיך שוין געטראָפן אין דער פרײַער צײַט מיט חברים, וואָס האָבן מיך גענומען אין דער ביבליאָטעק ווו מען האָט געקאָנט נעמען ביכער צו לייענען אַהיים. די ביבליאָטעק האָט שוין געהאַט עקסיסטירט איניקע יאָר. עס איז אָבער בײַ מיר געשטאַנען די פראַגע, צי קאָן איך נעמען אַ ביכל צו זיך אַהיים. ווענן דעם, אַז מײַנע עלטערן זאָלן דאָס זען, האָב איך אַפילו נישט געקאָנט טראַכטן. איך האָב אָבער פאָרט געוואָלט לייענען אַ ביכל, פונקט ווי מײַנע חברים, האָב איך זיך געמאַכט אַ ווינקעלע, ווו קיינער זאָל נישט זען און דאָרטן האָב איך אָפּגעלייענט איניקע ביכלעך, ביז מען האָט מיך געכאַפּט און מען האָט די ביכלעך צעריסן אויף שטיקלעך און זיי פאַרברענט און איך האָב געמוזט באַצאָלן פאַר די פאַרברענטע ביכלעך.

אַ סך לײַכטער איז פאַר מיר געווען צו גיין הערן אַ פאָרלעזונג אין דער ביבליאָטעק, וואָס פלעגט פאָרקומען יעדן פרײַטיק אין אָוונט, סײַ דורך אייגענע כוחות, אָדער זייער אָפט פלעגט מען אַראָפּברענגען אַ רעדנער פון וואַרשע, וואָס פלעגט רעדן אין גרעסטן טייל אויף ליטעראַרישע טעמעס; עס פלעגן אויך פאָרקומען חברישע שמועסן איבער פאַרשידענע אַקטועלע טעמעס, אָדער פראַגן פון דער וואָך און יעדער איינער האָט זיך געקאָנט באַטייליקן אין די דאָזיקע שמועסן. בײַ דער ביבלי־אָטעק איז אויך געווען אַ דראַמאַטישער קרײַז, וואָס פלעגט אָפט שפּילן טעאַטער און פאַר דעם געלט פלעגט מען פאַרגרעסערן די ביבליאָטעק מיט נײַע ביכער. קיין זאַל צו שפּילן האָבן מיר נישט געהאַט, עס איז אָבער געווען די „שאָפּע" פון די פײַערלעשער און אין דעם אָוונט ווען מען האָט געשפּילט טעאַטער, האָט מען געדאַרפט אַרויספירן די פעסלעך, כדי צו קאָנען שפּילן.

דאָס קליינע שטעטעלע סטאָק, האָט געהאַט אַלע יידישע פאַרטייען, פונקט ווי די גרויסע שטעט און עס האָבן זיך געפונען משפחות מיט אַ געוויסער צאָל קינדער און יעדער איינער פון זיי האָט געהערט צו אַ צווייטער פאַרטיי און איינער האָט געוואָלט „איבערצײַגן" דעם צווייטן — און עס איז דאָרטן געווען לעבעדיק און פריילעך און גאָר אָפט פלעגט מען דאַרפן איבערגיין צו „שלאָגנדיקע" אַר־גומענטן... פון די אַלע פאַרטיי־גרופּעס האָבן זיך אויסגעצייכנט די צוויי גרעסטע, וואָס זענען גע־ווען דער „בונד" און די לינקע פועלי ציון, וואָס האָבן געהאַט אייגענע לאָקאַלן, מיט שיינע ביבליאָ־טעקן אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען די נײַסטע ביכער וואָס פלעגן אין יענער צײַט דערשײַנען אין יידיש, אין אַ גאַנץ גרויסער מאָס.

אין יעדער איינער פון אונדז, ווי מען איז נישט געווען באַשעפטיקט מיט דער דאגות הפרנסה, פלעגט מען זיך יעדן אָוונט טרעפן אין איינע פון די ביבליאָטעקן, אָדער אין די פאַרשידענע אָרגאַ־ניזאַציעס; ווער עס האָט געלייענט אַ צײַטונג, ווער אַ ביכל און ווער עס פלעגט דיסקוטירן איבער פאַר־שידענע פּאָליטישע, קולטורעלע אָדער געזעלשאַפט־לעכע פראַגן. אַלנפאַלס איז דאָס געווען דער פּלאַץ ווו מען פלעגט זיך טרעפן אין דער פרײַער צײַט און דאָס איז געווען פאַר אונדז אַלצדינג, סײַ די שולע און סײַ דער העכערער בילדונגס־אַנשטאַלט, וואָס יעדער איינער פון אונדז האָט געדאַרפט דורכמאַכן, ווײַל קיין אַנדער אַנשטאַלט פון דעם מין, איז אין דעם שטעטל סטאָק נישט געווען.

רעדנדיק וועגן די פרנסות פון דעם שטעטל, איז כדאַי איבערצוגעבן וועגן דעם פון וואָס מען האָט אין אונדזער שטעטל געלעבט, כאָטש אויף דעם געביט איז נישט געווען קיין גרויסער אונ־טערשייד פון אַנדערע יידישע שטעטלעך. דער גרעסטער טייל אײַנוווינער פון סטאָק זענען געווען קליינהענדלער, וואָס האָבן געהאַט קליינע געוועלב־לעך, וואָס האָבן צום גרעסטן טייל געהאַט ליידיקע

פּאַליצעס... אַ גרויסער טייל סטאָקער ייִדן פלעגן פאָרן אויף די מערק און ירידים פון די אַרומיקע שטעטלעך, וואָס פלעגן פאָרקומען אין פאַרלויף פון דער וואָך. עס זענען אויך געווען אַ געוויסע צאָל בעלי מלאכות, ווי: שוסטער, שניידערס, סטאָליאַרעס א״אַ, וואָס האָבן צוגעגרייט זייערע סחורות און דאָס פירן אויף די יאַרידן און אַ טייל פון זיי פלעגן מאַכן זייערע אַרבעטן אויף באַשטעלונגען. עס האָבן זיך אויך געפונען הענדלער וואָס פלעגן גיין אין די דערפער מיט פאַרשידענע סחורות, וואָס זיי פלעגן דאָס געבן אויף אויסצוצאָלן און ס׳זענען געווען אַזעלכע, וואָס פלעגן זיך דערוויסן אין די דערפער, צי איינער וויל פאַרקויפן אַ קו אָדער קעלבל און פלעגן קומען אין שטעטל און דאָס זאָגן דעם קצב און באַקומען עפּעס דערפאַר. און אויב עס פלעגט פּאַסירן, אַז ביי אַ פויער פלעגט אַ קו זיך צעברעכן אַ פוס, אָדער אַזוי קראַנק ווערן, איז ווען ער האָט דאָס איבערגעגעבן, האָט ער באַקומען פון דעם קצב מער ווי געוויינלעך.

אַלס ביישפּיל ווי שווער עס איז געווען צו האָבן פּרנסה, וועל איך דאָ ברענגען דעם שוסטער יאַנקל טשעכאָנאָוויעצקי, וואָס איז געווען אַ גוטער פאַכמאַן און ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט זיינעם אַ זון אַ בחור. די משפּחה איז באַשטאַנען פון 6 נפשות און געאַרבעט האָבן זיי ביידע, מער ווי צוויי מאָל אַכט שעה אַ טאָג און אַז עס פלעגט קומען די צייט פון די רעגנס, דאָס הייסט פאַר סוכות, פלעגן זיי האָבן אַרבעט אויף אַ גאַנצן ווינטער פון די באַשטעלונגען וואָס די פויערים האָבן געמאַכט. אָבער אַז עס איז געקומען נאָך פּסח, איז שוין קיין אַרבעט נישט געווען און מען האָט געמוזט לעבן דערפון, וואָס די פרוי האָט געדונגען אַ סאָד און האָט צוזאַמען מיט די קינדער זיך פאַרנומען מיט היטן דעם דאָזיקן סאָד, ביז די פּירות זענען צייטיק געוואָרן. עס זענען אָבער אויך געווען שוסטער, שוין נישט אַזעלכע גוטע בעלי־מלאכות, וואָס פלעגן זיך פאַרנעמען מיט לייגן לאַטעס און פאַרריכטן שיך. איינער פון זיי, לייבל דאָן ע״ה, האָט געלעבט נעבן אונדז. איז אין דער ווינטער צייט, ווען עס פלעגן זיין די גרויסע רעגנס און די שנייען, פלעגט ער אַרבעטן, וויפל ער האָט נאָר געקאָנט, פון גאַנץ פרי ביז שפּעט ביינאַכט, ביי אַ לאָמפּ פון נאַפט, אָבער ווען עס פלעגט קומען נאָך פּסח, פלעגט ער נעמען דאָס זעקל אויף די פּלייצעס און גיין אין דאָרף אויף צו ברענגען אַביסל שיך צו פאַרריכטן.

די פרוי זיינע האָט אויך געמוזט צוהעלפן און ווינטער פלעגט זי פליקן פעדערן אויף צו מאַכן איבערבעטן און קישנס און זומער פלעגט זי גיין אין וואַלד און קלייבן דאָרטן שוואַרצע יאַגעדעס און שוואָמען און אויך שטיין אין גאַס און פאַרקויפן פרוכט, עפּל און באַרנעס — און אַזוי האָט זי צוגעהאָלפן דעם מאַן צו דער פּרנסה. און דערצו האָט זי נאָך באַוויזן צו געבוירן גאַנצע צען טעכטער. פאַרשטייט זיך, אַז ער, דער מאַן, האָט זייער שטאַרק געוואָלט האָבן אַ זון — אַ קדיש, אָבער קעגן דעם ווילן פון גאָט קאָן אַ מענטש גאָרנישט טאָן.

ר׳ לייבל האָט אַלע זיינע טעכטער חתונה געמאַכט פאַר ערלעכע, גוטע איידעמס, וואָס יעדער פון זיי האָט מיט שווערער אַרבעט קוים באַוויזן צו האָבן גענוג חיונה פאַר זיך. עס זענען געקומען די עלטערע יאָרן ביי לייבלען — און קיין קדיש האָט אים גאָט נישט געגעבן. ער האָט פון זיין לאַנגיאָריקער שווערער אַרבעט געהאַט אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט און ער האָט דעמאָלט געזאָגט צו זיין פרוי: דו ווייסט פרומעט, איך האָב באַשלאָסן דיר צוצונעמען פאַר אַ גלייכן שותף, דו וועסט מיר אויך געבן דאָס געלט וואָס דו האָסט אָפּגעשפּאָרט און מיר וועלן הייסן שרייבן אַ ספר תורה, וואָס וועט זיין אונדזער קדיש. איך גלויב, אַז עס געפינען זיך נאָך אַ סך סטאָקער וואָס געדענקען ווי פריילעך עס איז געווען אין שטעטל, ווען מען האָט געמאַכט דעם סיום פון דער ספר תורה און זי געפירט אונטער דער חופּה אין בית המדרש ווו ער האָט געדאַוונט; מען האָט דעמאָלט אויך געמאַכט דעם אמתדיקן לחיים און אים געווונטשן, אַז ער זאָל נאָך דערלעבן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

אין שטעטל איז אויך געווען אַ וועשין, מיט דעם נאָמען ברכה, וואָס פלעגט זיצן גאַנצע טעג ביי דעם טייכל פון שטעטל, נעבן דעם בריקל און פלעגט וואַשן די וועש וואָס מען האָט איר אַרויסגעבראַכט; מען פלעגט איר אויך אַרויסברענגען דאָרטן עפּעס צו עסן, איז ווען מען פלעגט איר ברענגען אַ שטיקל פלייש, פלעגט זי דאָס צוריקגעבן און זאָגן, אַז מען זאָל דאָס בעסער געבן פאַר די קינדער. זי אַליין פלעגט זיצן ביז טיף אין דער נאַכט און אַרבעטן. און ביי דער דאָזיקער שווערער אַרבעט, האָט זי אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט. אויך זי האָט געהאַט בלויז טעכטער און האָט פאַר דעם אָפּגעשפּאָרטן געלט געגעבן צו שרייבן אַ ספר תורה, וואָס זאָל זיין במקום אַ קדיש. אַזעלכע פּשוטע און ערלעכע מענטשן האָט

אונדזער שטעטעלע פאַרמאָגט און דעם גרעסטן טייל פון זיי האָט היטלער ימח שמו אומגעבראַכט אין טרעבלינקע.

אין דאָזיקן שטעטעלע סטאָק, האָבן געלעבט אַ פּאָר הונדערט יידישע משפחות און עס איז דאָר־טן נישט געווען קיין דאָקטער, עס איז בלויז געווען אַ פעלדשער יוסף ווײַנטרויב, וואָס איז אויך געווען אַ פריזירער און מיט ביידע פּראָפעסיעס, האָט ער קוים געהאַט פּרנסה. ווען מען פלעגט אים רופן צו אַ קראַנקן, איז דאָס געווען אַ קינד אָדער אַן עלטע־רער מענטש, האָט ער געוויסט בלויז פון איין זאַך, אַז דאָס איז אַן אַנטצינדונג און מען דאַרף שטעלן באַנקעס — און אויב דער קראַנקער איז שוין גע־ווען גאָר שטאַרק קראַנק, האָט ער געהייסן שטעלן געהאַקטע באַנקעס. אַ דאָקטער פלעגט מען ברענ־גען, ווען דער קראַנקער איז שוין געווען מער אויף יענער וועלט — און דעמאָלט האָט מען געמוזט פאָרן אין שטעטל יאַדאָווע, ווו עס איז געווען אַ גוטער דאָקטער, וואָס האָט געדאַרפט באַדינען די גאַנצע געגנט מיט אַלע אַרומיקע שטעטלעך.

איך דערמאָן זיך, ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז סטאָק זאָל אַליין האָבן אַ דאָקטער. דאָס איז געווען ווען עס איז געגאַנגען צו קינד די פרוי רייזע חיה קופּערבערג ע"ה — די פרוי פון זאַוול טשערוואָנעגורע. עס האָט געהאַלטן גאָר שלעכט מיט איר און די אַקושאָרן האָט געזען, אַז מען מוז אימבאַדינגט ברענגען אַ דאָקטער און מען האָט גע־שיקט אַ פור קיין יאַדאָווע, וואָס האָט דעם דאָקטער געבראַכט, אָבער ביז דער דאָקטער איז געקומען האָט שוין רייזע־חיה נישט געלעבט און דער דאָק־טער האָט בלויז באַוויזן צו ראַטעווען אַ לעבעדיקס דאָס קינד, וואָס איז געווען אַ מיידעלע און מען האָט דאָס אַ נאָמען געגעבן נאָך דער מוטער. אָבער דער דאָזיקער פאַקט האָט אויפגערודערט דאָס גאַנ־צע שטעטל און מען איז אַרויס מיט אַ געוואַלד צו דער יידישער געמיינע און צו די דאָזאַרעס, אַז מען מוז האָבן אין שטעטל אַ דאָקטער. אויך די פּוילי־שע באַפעלקערונג האָט זיך אָנגעשלאָסן און מען האָט געבראַכט פון וואַרשע אַ גוטן דאָקטער, וואָס האָט געהייסן גאַנשער. מיט פּרנסה איז ער געווען באַזאָרגט, ווײַל אַ חוץ די קראַנקע פון סטאָק, פלעגט מען אים רופן פון די אַלע אַרומיקע דערפער. אין אַ געוויסער מאָס פלעגן מיטהעלפן דעם דאָקטער די פאַרשידענע חברות וואָס זענען געווען, ווי ביקור חולים, וואָס פלעגט געבן אויף אַ רעצעפּט די יעני־קע וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף צו קויפן דעם רעצעפּט — און די חברה לינת הצדק פלעגט נעכטיקן — און באַגלייטן די קראַנקע, וואָס האָבן דאָס באַדאַרפט.

ווען איך דערמאָן זיך אין אונדזער שטעטעלע, דערמאָן איך זיך אויך ווי אַזוי עס האָבן אויסגעזען חתונות אין אונדזער שטעטל. קיין ספּעציעלער גרויסער זאַל אויף אַרײַנצונעמען אַ סך מענטשן, איז בײַ אונדז נישט געווען. און די וואָס פלעגן מאַכן די חתונה, פלעגן אַרויסנעמען פון דער וווינונג אַלץ וואָס עס איז דאָרטן געווען און מען פלעגט מאַכן אַ ספּעציעלן פּלאַץ פאַר דער כלה, אויף אַ שיינעם פאָטעל, באַדעקט מיט אַ שיינער קאָלדרע אונטער דעם פאָטעל, האָט מען אָוועקגעשטעלט אַ באַליע, אין וועלכער מען וואַשט וועש, כדי דער פאָטעל זאָל אויסקומען העכער. מען פלעגט אין גרעסטן טייל בעטן בײַ די שכנים אַ צימער פאַר דעם חתן, ווײַל ביז צו דער חופּה, האָט דער חתן נישט געטאָרט זײַן אין זעלביקן צימער ווו עס איז פאַראַן די כלה. מוזיק פלעגט מען באַשטעלן אין ווענגראָוו, צוזאַמען מיט אַ בדחן, וואָס האָט געדאַרפט מאַכן די חתונה־געסט צו לאַכן און צו וויינען.

דער בדחן ר' בעריש ע"ה, אַז ער פלעגט זיך אַוועקשטעלן פאַר דער חופּה, צו „באַזינגען די כלה" און פלעגט אָנהייבן מיט זײַן: „כלהשע לעבן, וויין, וויין", האָט זי באמת געוויינט, ווײַל אין דער זעלביקער צײַט וואָס ער האָט זי „באַזונגען", פלע־גן די פרומע פרויען איר אָפּשערן אירע שיינע געפלאָכטענע צעפּ, וואָס זי האָט זיי אַזוי געטרײַ און ערלעך אָפּגעהיט ביז דער חתונה. גלײַך נאָך דער חופּה, האָט די כלה געדאַרפט אָנטאָן אַ שייטל וואָס דעם חתנס מוטער האָט פאַר איר געהאַט צוגעגרייט; די כלה פלעגט אויך וויינען און בעטן, אַז זי זאָל גע־פינען חן אין די אויגן פון איר צוקונפטיקן מאַן, וועמען זי האָט ביז יענער צײַט נישט געקענט — און זי פלעגט אויך וויינען און בעטן מזל וועגן פּרנסה.

דאָס פירן דאָס פּאָרל צו דער חופּה, איז געווען אַ ספּעציעל קאַפּיטל אין סטאָק. דאָ איז געווען אַ מנהג, אַז די חופּה איז געמאַכט געוואָרן אין דרויסן פון בית הכנסת און מען פלעגט פירן חתן־כלה, מיט מוזיק דורך דעם גאַנצן שטעטל און אין יעדן פענצ־טער פלעגט מען אַרויסשטעלן אַ לאָמפּ אָדער אַ ליכט, ווײַל אין גאַס איז קיין באַלײַכטונג נישט גע־ווען און דערפאַר זענען דאָרטן געווען זייער אַ סך בלאָטעס, ספּעציעל אום ווינטער און נישט אין

מיידל פלעגט אין די דאָזיקע בלאָטעס איבערלאָזן אירע לאַטשן... ווען עס פלעגט זײַן שניי אין דרויסן, פלעגן חברה לאָבוסעס וואַרפן גאמולקעס שניי אויף דער חתן־כלה, אַז זיי האָבן דאָס געהאַט גוט צו געדענקען...

וועגן דעם, אַז ייִנגלעך זאָלן קאָנען טאַנצן צוזאַמען מיט מיידלעך, איז אין יענער צײַט געווען שטרענג פֿאַרבאָטן. און עס זענען שוין געווען אַזעלכע וואָס פלעגן אַכטונג געבן אויף דעם, אַז אַזוינס זאָל נישט פֿאָרקומען. העכסטנס האָבן געקאָנט טאַנצן אַ ברודער מיט אַ שוועסטער, אָדער פון די גאָר נאָענטע קרובים. אויב עס האָט זיך „אַרײַנגעכאַפּט" מיטטאַנצן אַ זײַטיקער, האָט אים דאָס האַרץ גיט געקלאַפּט, אַז מען זאָל אים נישט אַרויסשיקן אין מיטן טאַנצן. צוזאַמען מיט דעם טאַנצן איז אויך געגעבן געוואָרן דער מאָלצײַט, מיט דער גילדענער יויך פאַר דער חתן־כלה — און נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה פון דרשה־געשאַנק, וואָס דער בדחן האָט אויסגערופן מיט גראַמען און מיט ספּעציעל צוגעפּאַסטע וויצן. שפּעטער איז געקומען דאָס „מצווה־טענצל", ווו יעדער איינער האָט מיט אַ טיכל אין דער האַנט געמוזט טאַנצן מיט דער כלה און איר ווינטשן מזל, אַז זי זאָל נישט פאַרשעמט בלײַבן בײַם מאַן. די דאָזיקע ווונטשענישן פלעגן אויך אָנהאַלטן אויף דעם מאָרגנדיקן טאָג — און בײַ אַ סך האָט דאָס אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע וואָך, ווען עס זענען פאָרגעקומען די שבעה ברכות.

ווען מען וועט דערציילן אונדזערע קינדער דאָס אַלץ, וועלן זיי אין דעם גלויבן? — זיכער נישט, ווײַל מיר אַליין גלויבן שוין נישט אין דעם און עס דוכט זיך אונדז אויס, אַז דאָס האָבן אונדז אונדזערע עלטערן דערפון דערציילט.

— 2 —

איך לאָז אַדורך אַ סך געשעענישן, וואָס קומען מיר אויף אין זכרון אין פאַרבינדונג מיט אונדזער שטעטעלע, וואָס איז שוין מער נישטאָ — און פון וועלכן מען וואָלט געקאָנט אָנשרײַבן אַ גאַנץ בוך. איך וועל אַריבערגיין צו דערציילן וועגן מײַנע איבערלעבונגען זינט די לעצטע טעג פון ערב דער מלחמה, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין סעפּטעמבער פון 1939 און איז געוואָרן דער סוף פון ייִדישן סטאָק און פון דעם גאַנצן ייִדישן לעבן פון די מזרח אייראָפּעיִשע לענדער.

מיט צוויי וואָכן פריִער, פאַר דעם אָפיציעלן מלחמה־אויסברוך, איז שוין דורכגעפירט געוואָרן די מאָביליזאַציע און עס האָט זיך שוין געפילט די מלחמה־שטימונג — כאָטש קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די מלחמה וועט אַזוי אויסזען און זיך אַזוי פאַרענדיקן. איך בין אויך געווען צווישן די מאָביליזירטע, כאָטש אַ סך פון מײַן יאָר האָט מען נישט גערופן, ווײַל מיר זענען שוין געווען פון די עלטערע. אָבער אַזוי ווי איך בין געווען אַ סאַביטאַר און מען האָט געדאַרפט האָבן אין מיליטער אַ סך סאַניטאַרן, האָט מען מיך אויך מאָביליזירט.

ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען יענער פרימאָרגן פון דער מאָביליזאַציע אין סטאָק, איז שווער צו שילדערן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך געפונען נעבן דער געמינע, ווו עס זענען געשטאַנען צענדליקער פורן אונדז אַוועקצופירן קיין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק. די געוויינען פון די עלטערן, פרויען און קינדער זענען געווען האַרצרײַסנדיקע און יעדער איינער פון אונדז האָט געהאַט אין תפילה צו גאָט, אַז מען זאָל נאָך דערלעבן צו קומען צוריק און טרעפן די עלטערן, פרויען און קינדער לעבעדיקע. יענץ טרויעריק בילד, שטייט מיר נאָך ביז הײַנט פאַר די אויגן, ווי עס וואָלט געווען ערשט נעכטן.

געפירט האָט מען אונדז דורך אַ וואַלד נעבן אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק. אויף דעם וועג האָט מען אונדז איבערגעטאָן אין מיליטערישע בגדים און אונדז געגעבן געווער, כאָטש דער גרעסטער טייל פון אונדז האָט געמיינט, אַז עס וועט נישט אויסברעכן קיין מלחמה. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די וואָס האָבן אין יענער צײַט געהאַט דעם גורל פון די לענדער אין זייערע הענט, האָבן אַנדערש געטראַכט און דעם 1טן סעפּטעמבער פון 1939 איז די מלחמה יאָ אויסגעבראָכן.

מען האָט אונדז געפירט אין דער ריכטונג פון דער דײַטשער גרענעץ און מען האָט אונדז געפירט בלויז בײַנאַכט, כדי מיר זאָלן זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די דײַטשע עראָפּלאַנען, וואָס פלעגן זיך אַרונטערלאָזן גאָר נידעריק און פאַרשפּרייטן אַרום זיך דעם טויט.

מיר האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסן וואַלד, נאָענט פון דער שטאָט ראָזשאַן און זײַענדיק מיד פון אַ גאַנצער נאַכט, האָט מען אונדז דערלויבט זיך אָפּצורוען אויף איין שעה, אָבער נישט באַווײַזנדיק זיך אַוועקצולייגן אונטער אַ בוים, ווו מיר האָבן געהאַט דעם איינציקן פאַרלאַנג צו קאָנען כאַפּן אַ

דרימל פון אַ פּאָר מינוט, זענען געקומען צו פליען ערָאָפּלאַנען אין די צענדליקער און האָבן באָמבאַרדירט דעם גאַנצן וואַלד, אַז קיין איין בוים אין דעם וואַלד איז נישט פאַרבליבן אויף זײַן פּלאַץ און אַלץ אַרום האָט געברענט און ווער עס האָט נאָר געקאָנט לויפן, איז אַוועק פון דעם וואַלד, כאָטש מיר האָבן נישט געוווּסט ווו מען קען לויפן און ווו מען קאָן זיך ראַטעווען — און פון אַ קאָמפּאַניע פון דרײַהונדערט מאַן זענען מיר פאַרבליבן אַ צוויי צענדליק. די איבעריקע זענען געווען ווער טויט און ווער פאַרווונדעט.

די לעבן־געבליבענע האָבן געבלאָנדזשעט נישט ווייסנדיק וווהין, ביז מיר זענען צוגעקומען צום טײַך בוג, וואָס איז אַ גרויסער טײַך און מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָ, אין דער געגנט פון ווישקאָוו, וועט די פּוילישע אַרמײ שטעלן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד די דײַטשן, אָבער מיר האָבן נישט באַוויזן אויסצוגראָבן אַ גריבל אויף צו קאָנען באַהאַלטן דעם קאָפּ און עס זענען שוין אָנגעקומען דײַטשע עראָפּלאַנען און אונדז באָמבאַרדירט. זיי זענען געפלויגן גאָר נידעריק, ווײַל זיי זענען געווען זיכער, אַז מען וועט קעגן זיי נישט שיסן, ווײַל עס איז נישט געווען ווער און הויפּטזאַכלעך איז נישט געווען מיט וואָס.

אַזוי האָט דאָס אויסגעזען די באַרימערײַ פון די יעניקע וואָס האָבן כסדר זיך גערימט, אַז נישט בלויז דאַנציק וועלן זיי נישט אַוועקגעבן נאָר אַפילו קיין איין קנעפּל. און אין געציילטע טעג איז צעקלאַפּט געוואָרן די אַרמײ פון אַ לאַנד וואָס האָט געציילט מער ווי דרײַסיק מיליאָן נפשות.

אײַנזעענדיק די לאַגע, האָב איך באַשלאָסן ווי ווײַט מעגלעך זיך צו דערנענטערן צוריק קיין סטאָק. עס איז דעמאָלט געווען זונטיק, אין דער וואָך ווען עס איז אויסגעפאַלן מיטוואָך דער ערשטער טאָג פון ראש השנה. איך האָב מיך געפונען אין אַ שטעטל מיטן נאָמען סטאַניסלאַוו און איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל בעטן בײַ וועלכער עס איז משפּחה, מען זאָל מיר קויפן ציווילע אָנטאָן כדי צו ווערן אויסזעלנער. איך בין דאָרטן אַרײַנגעקומען צו אַ פרומער משפּחה און האָב זיי געבעטן, אַז זיי זאָלן מיר קויפן אַ רעקל, אַ פּאָר הויזן און אַ היטל, כדי איך זאָל זיך קאָנען דערשלאָגן קיין סטאָק. דערהערנדיק אַז איך בין אַ סטאָקער, זאָגט מיר די פרוי, אַז זי האָט אַ ברודער אין סטאָק, וואָס איז דעם אַלטן רבס אַן איידעם, אפרים הערש און די פרוי זײַנע הייסט שׂרה. זיי האָבן צוויי טעכטער, איינע הייסט רחל־ביילע און די אַנדערע פייגל. איך האָב איר געזאָגט, אַז איך קען זיי זייער גוט און די פרוי האָט פאַר מיר געקויפט אַלץ וואָס איך האָב געבעטן און דאָס מיליטעריש אָנטועכץ האָב איך אַרײַנגעלייגט אין אַ זעקל און דאָס איבערגעלאָזט אונטער דער שטאָט.

איך האָב דער פאַמיליע געדאַנקט און זיך מיט זיי געזעגנט און האָב מיר געלאָזט גיין אויף דעם שאָסיי קיין לאָכאָוו. מיט מיר איז מיטגעגאַנגען אַ פּויליש יינגל פון אַ יאָר 16 וואָס האָט געלערנט אין פּויזן און געגאַנגען צופוס קיין ווילנע. מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר קילאָמעטער, האָב איך באַמערקט פון דערווײַטנס, ווי עס פאָרן אייניקע דײַטשן אויף דעם שאָסיי קיין וואַרשע. איך האָב דאָס געזאָגט מיין מיטגייער און נישט ער און נישט איך האָבן געקאָנט גלויבן די אייגענע אויגן, ווײַל מיט אַ פּאָר מינוט פריִער, זענען אויף דעם דאָזיקן שאָסיי נאָך געפאָרן פּוילישע רײַטער־מיליטער. אָבער צום באַדויערן איז דאָס געווען ריכטיק.

ווי זיי האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז, האָבן זיי אונדז געהייסן אויפהייבן די הענט אין דער הויך און אונדז באַזוכט, צי מיר האָבן נישט קיין געווער און בײַ אונדז אויסגעפרעגט וויפל פּויליש מיליטער מיר האָבן געטראָפן אויף אונדזער וועג און אין וועלכער ריכטונג דאָס מיליטער איז אַוועק. איך האָב דערבײַ געהערט ווי איינער האָט געפרעגט דעם צווייטן, צי מען זאָל אונדז נישט דערשיסן און דער צווייטער האָט אים געענטפערט, אַז עס איז אַ שאָד די צײַט און אַז זיי דאַרפן זיך נאָכיאָגן נאָך דעם פּוילישן מיליטער און אַזוי ווי נאָך זיי גייט נאָך די אַרמײ, וועלן שוין יענע וויסן וואָס מען דאַרף טאָן מיט אונדז.

מיר זענען שוין נישט געגאַנגען ווײַטער מיט דעם שאָסיי, נאָר אַביסל ווײַטער אויפן פעלד האָט זיך געפונען אַ פּוילישער גוטבאַזיצער, זענען מיר אַוועק צו אים און אים איבערגעגעבן די „פריילעכע בשורה", אַז די דײַטשן זענען שוין פאַראַן דאָ נישט ווײַט. פאַרשטייט זיך, אַז ער האָט אונדז נישט געוואָלט גלויבן און זיך שטאַרק דערשראָקן, ווײַל מיט אַ פּאָר מינוט פריִער איז פון אים אַוועק אַ גרופּע פּוילישע סאָלדאַטן. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און ער האָט זיך איבערצײַגט אין דער ריכטיקייט.

דער זעלביקער גוטבאַזיצער האָט מיך דערקענט, ווײַל ער פלעגט אָפטמאָל אַרײַנקומען צו

אונדז אין סטאָק אין אונדזער געשעפט. ער האָט אונדז געגעבן אָפּצועסן וואָס מיר האָבן נאָר געוואָלט. עס איז צוגעפאַלן די נאַכט און ער האָט געקלערט ווו ער זאָל מיר געבן אַ געלעגער צום שלאָפן. מיט מײַן מיטגייער האָט ער זיך נישט געשראָקן אים צו געבן אַ געלעגער, בפרט אַז ער איז בײַ אים געבליבן אַרבעטן אַלס אַ באַדינער. ער האָט מיר דעריבער געגעבן אַ פּלאַץ צו שלאָפן אין דעם שײַער אין דער הויף ווו ער האַלט די תבואה און האָט צוגענומען דעם לייטער, אַז מען זאָל צו מיר נישט קאָנען אַרויפקומען. איך האָב מיך נאָך נישט באַוויזן אײַנצואָרדענען, ווי עס זענען אָנגעקומען אַ סך דײַטשע סאָלדאַטן און האָבן אַרויסגעשלעפּט די שטרוי אויף דעם הויף צו קאָנען דאָרטן שלאָפן. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין שוין יענע נאַכט נישט געשלאָפן און איך האָב אין דער פרי געהערט ווי מען וועקט אויף די סאָלדאַטן, זיי האָבן זיך געוואַשן, געמאַכט אַ גוטן טרונק, אָפּגעגעסן פרישטיק און זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון וואַרשע.

דער אייגנטימער איז צוגעקומען צו מיר, האָט זיך אַ פּאָר מאָל איבערגעצלמט און געזאָגט אַ תפילה, ווײַל סײַ איך און סײַ ער האָבן געהאַט מזל, דערמיט וואָס זיי האָבן נישט געהאַט דעם לייטער אַרויפצוגיין, ווײַל ווען זיי טרעפן מיך באַהאַלטן אין דעם פּלאַץ, וואָלטן מירביידע געווען קרבנות און זײַן גאַנץ פאַרמעגן וואָלט אַוועק מיטן רויך. ער האָט מיר געגעבן פרישטיק אָפּצועסן אין דעם שײַער און האָט מיר אָנגעוויזן ווי אַזוי איך דאַרף גיין, כדי אָנצוקומען קיין סטאָק — און האָט מיר אָנגעזאָגט נישט צו גיין אויף די אָפענע וועגן, ווײַל אומעטום געפינען זיך דײַטשן. איך האָב אים האַרציק געדאַנקט און פאַרשטייט זיך, אַז אויך געפאָלגט.

איך בין געגאַנגען, ביז איך בין אָנגעקומען אין אַ דאָרף פאַר סטאָק, ווו איך האָב מיך געטראָפן מיט באַקאַנטע פויערים, וואָס האָבן מיר שוין אָפּגעגעבן אַ גרוס ווי אַזוי עס זעט אויס סטאָק; זיי האָבן מיר שוין דערציילט ווער עס איז געהרגעט געוואָרן פון די דײַטשע באָמבאַרדירונגען. אויך בײַ סקאַרופקען אין שטוב איז אַרײַנגעפאַלן אַ באָמבע און ער און זײַן פרוי זענען דערהרגעט געוואָרן. עס האָט זיך בײַ אים געפונען די פרוי קיטשקאָווסקי —די מוטער פון חיה קיטשקאָווסקי— צוזאַמען מיט איר אַ טאָכטער, זענען זיי אַלע אומגעקומען און די וווינונג איז פאַרברענט געוואָרן. די קינדער פון סקאָרופּקען האָבן זיך געפונען אין קיך און אַרויס דורך אַן אונטער־טיר און האָבן זיך געראַטעוועט און געבליבן שפּעטער פאַר טרעבלינקע.

איך בין אָנגעקומען צו אַ פויער וואָס וווינט נעבן סטאָק און איז געווען מײַנער אַ באַקאַנטער. איך האָב זיך מורא געהאַט צו ווײַזן אין שטעטל, מען זאָל מיך נישט אויסגעבן צו די דײַטשן און איך האָב זיך בײַ אים אויסגעפרעגט אויף מײַן משפחה, צי ער האָט עפּעס געהערט פון זיי און צי זיי לעבן. ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט געהערט, אַז עס זענען געהרגעט געוואָרן חיים מאירס אַ טאָכטער און יואלקע בלומענקראַנצס אַ זון — און דאָס איבעריקע, וועל איך מיר שוין דערוויסן פון מײַן משפחה. ער האָט אויך אויסגעזוכט מײַן פרוי און איר איבערגעגעבן וועגן מיר און זי איז צו מיר געקומען מיט די קינדער און מיר זענען דאָרטן געווען ביז בײַנאַכט.

בײַ דער נאַכט האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט אָנצוקוקן ווי עס זעט אויס דאָס שטעטעלע סטאָק נאָך דער שרפה. דאָס שטעטל איז נישט געווען צו דערקענען. דער גאַנצער מאַרק מיט דעם גאַנצן ייִדישן האָב און גוטס, איז אַוועק מיטן רויך און פון אַלץ איז בלויז פאַרבליבן קוימענס. איך האָב נישט געקאָנט דערקענען ווו מײַן הויז איז געשטאַנען. עס איז בלויז פאַרבליבן דער רויטער מײַער, ווו מײַן שוועסטער האָט געדונגען אַ וווינונג און איך מיט מײַן משפחה האָבן זיך דאָרטן אַרײַנגעצויגן. קיין שום מעבל איז דאָרט כמעט נישט געווען: עס איז אויך נישט געווען קיין טעפּל־לעפל צו קאָכן — און אויך נישט וואָס צו קאָכן.

מיר האָבן נישט געוווּסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט מיר זענען. אָבער אַזוי ווי עסן דאַרף מען, האָט מײַן פרוי אָנגעהויבן צו פאָרן אין די אַרומיקע שטעט ווי ווענגראָווע און קאָסעווע און אָנגעהויבן צו ברענגען אַביסל נאַפּט, צוקער, זאַלץ און אַנדערע זאַכן אויף צו האָבן צו פאַרקויפן די פויערים און דערפאַר באַקומען שפּײַז־אַרטיקלען. עס איז אין יענער צײַט געווען בײַ די פויערים אַ גרויסע נאָכפראַגע אויף זאַלץ, ווײַל די פויערים האָבן מורא געהאַט אַז די דײַטשן וועלן בײַ זיי צונעמען די חזירים, האָבן זיי אַליין זיי אַלע אויסגעקוילעט — און כדי זייער פלייש זאָל זיך קאָנען לענגער אויפהאַלטן, האָבן זיי געדאַרפט האָבן זאַלץ. און אַנשל שניידמאַן וואָס האָט געהאַנדלט מיט קישקעס, האָט ער צו זיי געהאַט אַ סך זאַלץ, וואָס האָט נישט גע־

טויגט צום געוויינלעכן קאָכן (מען האָט דאָס גע־ריבן „אָפּגעסמטע זאַלץ״), אָבער אַז עס איז קיין בעסערע נישט געווען, האָט מען גענוצט אויך דאָס דאָזיקע זאַלץ און געגעבן דערפאַר וואָס מען האָט גאָר געוואָלט: קאַרטאָפל, מעל, אייער און אַנדערע שפּייז־אַרטיקלען.

אין דער ערשטער צײַט, ווען רוסלאַנד האָט זיך צעטיילט מיט די דײַטשן, מיט דעם אומגעברענגטן פּוילן, איז געווען באַשטימט, אַז די גרענעץ וועט זײַן דער טײַך ווײַסל, וואָס דאָס האָט געמיינט אַז וואַרשע וועט געהערן צו די דײַטשן און די פּאַר־שטאָט פּראַגע, צוזאַמען מיט דעם מזרח־טייל פון ווײַסל וועט געהערן צו רוסלאַנד און אויך אונדזער שטעטעלע סטאָק האָט געדאַרפט אַרונטערפאַלן צו די רוסן און מיר האָבן שוין אויסגעקוקט אויף די רוסן, ווי אַ פרומער ייִד אויף משיחן. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די גרענעץ איז געמאַכט געוואָרן בײַ דעם טײַך בוג — און דאָס שטעטל דעניר איז געווען בײַ די רוסן און מיר זענען פאַר־בליבן בײַ די דײַטשן.

צו פאַרבלײַבן בײַ די דײַטשן האָט זיך מיר נישט שטאַרק געוואָלט און איך האָב באַשלאָסן, זיך צו פאַרנעמען מיט מײַן משפּחה קיין טשעכאָנאָווצע ווו עס האָבן געוווינט מײַן פרויס עלטערן און ווו עס זענען געווען די רוסן; וואָס צו פאַרלירן האָבן מיר נישט געהאַט, דאָס ביסל שטרוי אויף צו שלאָפן בײַ־נאַכט, וועלן מיר דאַרטן אויך האָבן און עס האָט זיך שטאַרק געוואָלט זײַן מיט אונדזערע „גוטע ברי־דער״ — מיט די רויטע...

עס איז אָבער נישט אַזוי לײַכט אָנגעקומען צו באַקומען אַ פורמאַן, וואָס זאָל אונדז וועלן פירן קיין טשעכאָנאָווצע, ווײַל יעדער איינער האָט מורא געהאַט. איך האָב אָבער געפונען אַ פויער, וואָס האָט געקאָנט אַ ביסל רוסיש — און ער האָט מיר געגעבן אַ זאָג אַז איך זאָל אים געבן פאַר דער רײַזע פּיפציק זלאָטעס און ער איז געווען זיכער, אַז אַזאַ גרויסע סומע וועל איך אים פאַר קיין פאַל נישט געבן — אָבער ווער האָט אין אַזאַ צײַט געקוקט אויף געלט? מיר האָבן אים געגעבן די געבעטענע סומע און אַרויפגעלייגט אויף דעם וואָגן אונדזער גאַנצע אַרעמקייט, דאָס ביסל בעטגעוואַנט וואָס מיר האָבן אָפּגעראַטעוועט פון דער שריפה און אַרויפ־געזעצט די קינדער און מיר זענען געגאַנגען צו־פוס. עס איז מיט אונדז אויך מיטגעגאַנגען פייגע זשעלעניעץ און דעם ד״ר גאָנשערס אַ ברודער און אַ שוואָגער.

איך האָב אויך מיטגענומען אַ זעקל זאַלץ, ווײַל איך בין געווען זיכער, אַז פון דעם זעקל זאַלץ, וועל איך און מײַן משפּחה האָבן צו עסן קאַרטאָפל אַ פּאָר חדשים. איך געדענק נאָך ווי עס האָבן גע־וווינט אין רויטן מויער נח דענענבערג און יצחק שטול און זיי האָבן זיך געבעטן בײַ מיר, אַז איך זאָל נישט אוועקפאָרן, ווײַל עס וועט ווערן אַ פּחד אין שטעטל. אָבער איך האָב שוין געהאַט באַשלאָסן, אַז איך וועל נישט בלײַבן בײַ די דײַטשן.

— 3 —

אָנקומענדיק אין דעם שטעטל טשעכאָנאָווצע, האָבן מיר גלײַך באַקומען דעם נאָמען „בעזשע־נעץ״ (היימלאָזער), וואָס דאָס איז געווען אַ מין מינדערשעצונגס־וואָרט און נישט איין פרוי פלעגט זאָגן צו איר טאָכטער, אַז „אַפילו אַ „בעזשענעץ״ וועט מיט דיר נישט וועלן חתונה האָבן״... אָבער די מינדערשעצונג איז נאָך נישט געווען דאָס ערגסטע. אַ סך ערגער איז געווען דערמיט וואָס מען האָט גע־דאַרפט האָבן פּרנסה. איך האָב געוואָלט גיין אַר־בעטן, האָב איך אָבער נישט געהאַט בײַ וואָס. קיין פאַכמאַן בין איך נישט געווען און איך האָב אויך געזען, אַז לעבן פון אַרבעט, איז אַפילו פאַר די פאַכלײַט געווען זייער שווער און איך האָב מיר געמוזט נעמען צום האַנדל, כאָטש דאָס איז געווען זייער שטרענג פאַרבאָטן בײַ די רויטע — און עס זענען שטענדיק געווען אַזעלכע וואָס האָבן גלײַך צו וויסן געגעבן, מיט וואָס איינער פאַרנעמט זיך. און איך האָב מיר געגרייט יעדן טאָג אַרײַנצופאַלן אין זד־גדיא און איך האָב גוט געוווּסט, אַז קיין יאָרן זשאַלעוועט מען נישט בײַ זיי; מען קאָן אָפּזיצן 5 יאָר, אָדער מער פאַר פּרוּוון האַנדלען.

אָפּזײַענדיק אַ שטיקל צײַט, האָט מען אָנגע־הויבן דורכצופירן אַ רעגיסטראַציע פון די וואָס ווילן צוריקפאָרן פון וואַנען זיי האָבן געשטאַמט, וואָס דאָס האָט געמיינט צוריק צום דײַטש. אויף דעם האָט מען געגעבן צוויי וואָכן צײַט צו באַשלי־סן און אויב נישט מוז מען אַרויסנעמען אַ רוסישן פּאַס און מען קאָן זיך געפינען בלויז הונדערט קי־לאָמעטער פון דער גרענעץ.

אין די דאָזיקע צוויי וואָכן צײַט, ווייס איך נישט צי איך בין געשלאָפן רויק איין נאַכט. אין יענער

צײַט האָט אײנער נישט געקאָנט זאָגן דעם צװײטן, װעמען עס װעט זײַן בעסער, צי די װאָס פֿאַרשרײַבן זיך אויף צו פֿאָרן צוריק, אָדער די װאָס נעמען אַרויס רוסישע פּעסער. אָבער װען עס האָט זיך דערנענטערט דער סוף פֿון דעם טערמין פֿון די צװײ װאָכן, האָב איך זיך פֿאַרשריבן, אַז איך פֿאָר צוריק קײן סטאָק. עס זענען אָבער געװען אַ סך טויזנטער ייִדן, צװישן זײ אויך אַ סך סטאָקער, װאָס האָבן געהאַלטן, אַז עס װעט זײַן בעסער אַז זײ װעלן אַרויסנעמען רוסישע פּעסער. נחמן שטערן, פֿון סטאָק, מיט זײַן משפּחה האָבן אַרויסגענומען רוסישע פּעסער (װי עס האָבן דאָס געטאָן אַ סך טויזנטער ייִדן) און זײ זענען אַרויסגעפֿאָרן קײן סלאָבים און איבערפֿלעכלעך האָט דאָס אויסגעזען, אַז זײ זענען אַװעק װאָס װײַטער פֿון די דײַטשן. אָבער קײנער פֿון זײ האָט נישט געקאָנט װיסן, אַז עס װעט קומען אַן 21סטער יוני פֿון 1941, װען די דײַטשן װעלן איבערפֿאַלן און אַרײַנדרינגען טיף קײן רוסלאַנד און פֿאַרכאַפּן די דאָרטיקע ייִדן און װעמען זײ האָבן געמאָרדעט אויפֿן פּלאַץ און װעמען זײ האָבן לענגער געמאַטערט, אָבער בלויז גאָר װײניק האָבן אויסגעמיטן דעם טראַגישן סוף פֿון טרעבלינקע, אָדער אַנדערע דערמאָרדונגס־פּלעצער.

און די װאָס האָבן זיך רעגיסטרירט צוריק צו פֿאָרן צו די דײַטשן, האָבן אויך געהאַט זײער „איבערראַשונג". דעם 29סטן יוני פֿון 1940, 12 אַזײגער בײַנאַכט, איז מען צו זײ געקומען פּינקטלעך, צו יעדער משפּחה צװײ זעלנער מיט ביקסן און מען האָט פֿאַר אונדז צוגעגרײט פֿורן, װי אויך װאַגאָנען אין װעלכע מען פֿירט פֿי און מען האָט אין די דאָזיקע װאַגאָנעס אַרײַנגעשטופּט בײַ די פֿערציק משפּחות און עס האָבן זיך אָפּטמאָל געפֿינען ביז הונדערט נפֿשות אין אײן װאַגאָן. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז מען פֿירט אונדז אין די קאַלטע געגנטן פֿון רוסלאַנד און אַז מיר זאָלן מיטנעמען מיט זיך די װאַרעמע זאַכן װאָס מיר האָבן, בעטגעװאַנט און אויך טעפּ צום קאָכן, װײַל דאָרטן װעלן מיר דאָס נישט באַקומען. אײנער האָט מיר אין דער שטיל אײַנגערוימט װי אַ סוד, אַז אויב איך האָב אַ ביסל שפּײַז זאָל איך דאָס אויך מיטנעמען — און מיר האָבן זיך באַלד געקאָנט פֿאָרשטעלן, אַז קײן האָניק װעלן מיר דאָרטן נישט לעקן.

אַזוי אַרום זענען מיר געפֿאָרן אין די פֿאַרמאַכטע װאַגאָנעס בײַ די פֿיר װאָכן. מיר האָבן באַקומען אײן לעבל ברויט פֿון צװײ קילאָ פֿאַר אַ משפּחה, נישט געװען װיכטיק פֿון װיפֿל די משפּחה איז באַשטאַנען, פֿון 2 אָדער 3 מענטשן אָדער צען. אײן מאָל אין צװײ טעג פֿלעגט זיך אונדזער באַן אָפּשטעלן אויף אַ פֿעלד און מען פֿלעגט עפֿענען די װאַגאָנעס, אויף צו דערלײדיקן די מענטשלעכע באַדערפֿענישן, אונטער די װאַגאָנעס. דאָס האָבן געטאָן צוזאַמען מענער, פֿרויען און קינדער — און איבער אונדז זענען געשטאַנען פֿיר זעלנער מיט ביקסן און „אַכטונג" געגעבן, אַז מיר זאָלן דאָס מאַכן װאָס שנעלער. אַזוי האָט אויסגעזען דאָס „לעבן" אין די עטלעכע װאָכן פֿאָרנדיק אין די פֿאַרמאַכטע װאַגאָנעס, װוּ מען האָט אונדז געפֿירט ערגער װי בהמות און עס איז זיך פֿאָרצושטעלן װי עס האָט אויסגעזען די „היגיענע" אין די דאָזיקע װאַגאָנעס. און דאָ זענען מיר געװען מיט צװײ פּיצלעך קינדער, פֿאַר װעלכע מען האָט באַדאַרפֿט האָבן מילך — און עס איז פֿאַר זײ אַפֿילו נישט געװען קײן װאַסער. און נישט אײנער פֿון אונדז האָט דעמאָלט געטראַכט װעגן אונדזער אומגליקלעכן גורל — און צוליב װאָס מיר האָבן זיך פֿאַרשריבן צוריק צו פֿאָרן צו די דײַטשן, װאָלט דען נישט געװען לאָגישער און בעסער אַרויסנעמען רוסישע פּעסער?

פֿאַרשטײט זיך, אַז די רוסן האָבן נישט געמײנט אונדזער טובֿה, מיט דעם פֿאַרשיקן אונדז אין די װײַטע װעלדער אין טיף־סיביר; זײ האָבן דערמיט זיכער נישט געמײנט, אַז מיר זאָלן דערמיט זײַן געשיצט פֿון די דײַטשן, נאָר דערפֿאַר װײַל מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו װערן רוסישע בירגער, האָבן זײ געהאַלטן, אַז מיר זענען זײערע קעגנער און דאָס איז געװען די סיבה פֿון אונדזער פֿאַרשיקונג. װי מען האָט גערעדט, זענען געװען בײַ אַ מיליאָן מענטשן װאָס האָבן זיך פֿאַרשריבן צוריקצופֿאָרן צו די דײַטשן. דער גרעסטער טײל פֿון זײ זענען געװען ייִדן, עס איז אָבער אויך געװען אַ געװיסער פּראָצענט פּאָליאַקן. אין אַ געװיסער מאָס איז דאָס אויסגעפֿאַלן אונדז לטובֿה, װײַל מיר זענען געבליבן לעבן, כאָטש נישט װײניק צװישן אונדז האָבן זיך אַלײן גענומען דאָס לעבן, צוליב די צרות װאָס מיר האָבן דורכגעמאַכט און אַ סך פֿון אינדז זענען געשטאָרבן פֿון הונגער און פֿון די מגפֿות, װי טיפֿוס און אַנדערע קראַנקהײטן, װאָס דער מענטשלעכער קערפּער האָט נישט געקאָנט איבערטראָגן, צוליב נישט דערעסן און נישט קאָנען אויפֿהאַלטן די היגיענע. פֿאַר אונדז אַלעמען איז דאָס

געווען די צווייטע פאַרשיקונג, דאָס ערשטע מאָל ווי מיר זענען אַוועק פון די היימען און דאָס צווייטע מאָל ווען מען האָט אונדז געשיקט אין דעם ווייטן און קאַלטן סיביר. און וויפיל פאַרשיקונגען קאָן דאָס אויסהאַלטן אַ מענטש?

צווישן די אַלע וואָס האָבן זיך פאַרשריבן צוריקצופאָרן צו די דייטשן, זענען געווען אַ סך נישט קיין פאַרהייראַטע און פאַר זיי איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ ביסל לייכטער זיך אָפּצורייסן פון די משפּחות. זיי אַלע האָט מען פאַרשיקט פריער פאַר אונדז מיט אַ צען טעג און מען האָט זיי גלייך געשיקט אין די אַרבעטס־לאַגערן, אָן אַ שום משפּט — און ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דאָס „לעבן" אין די דאָזיקע לאַגערן, דאָס גלייב איך, אַז אַלע האָבן זיכער געלייענט וועגן דעם פון מענטשן, וואָס האָבן די דאָזיקע לאַגערן דורכגעמאַכט און עס זענען שוין וועגן דעם געשריבן געוואָרן ביכער אין די צענדליקער אין פאַרשידענע שפּראַכן. די וואָס זענען געווען מיט משפּחות און מיט קינדער, די דאָזיקע האָט מען געשיקט אין האַלב־געשלאָסענע לאַגערן. און פאַר יעדער משפּחה, נישט וויכטיק ווי גרויס די משפּחה איז געווען, האָט מען זיי צוגעטיילט אַ צימערל מיט צוויי בעטן. עס איז אָבער נישט געווען קיין טישל, אויף וועלכן מען זאָל קאָנען אָפּעסן און אויך נישט קיין בענקל צו קאָנען זיצן. די צוויי בעטלעך האָבן שוין געדאַרפט דינען פאַר אַלצדינג.

נאָך דעם ווי מיר זענען געפאָרן אין די פאַרמאַכטע פי־וואַגאָנעס, זענען מיר אָנגעקומען קיין אַרכאַנגעלסק. פון דאָרטן האָט מען אונדז אַריבערגעזעצט אויף קליינע שיפלעך, איבערן טייך וואָס עס איז דער וועג קיין קאַטלאַס, נאָך דריי טעג פאָרנדיק מיטן וואַסער, האָט מען אונדז אַרויסגענומען אויף אַ „פּאָשיאָלעק" (פאַרשיקונגס־פּלאַץ) ווו עס האָבן זיך שוין געפונען גאַנץ גרויסע באַראַקן, געבויט פון גראָבע קלעצער, וואָס מען האָט אַוועקגעלייגט איינעם אויפן צווייטן, ווייל פריער פאַר אונדזער קומען זענען דאָרטן אויך געווען פאַרשיקטע פון פאַרשידענע פלעצער פון רוסלאַנד, אַזוי אַז מיר האָבן איבערגענומען די „שיינע" דירות, אָן שליסל־געלט... אויסער די באַראַקן האָט מען נישט געזען מער ווי הימל, ערד און וואַלד. עס איז אויך געווען אַ גרויסער טייך, וואָס איז אפשר געווען נאָך גרעסער ווי דער ווייסל נעבן וואַרשע.

ווען מיר זענען אָנגעקומען, האָט מען אונדז געפירט אין אַ פּלאַץ, וואָס מען האָט געגעבן דעם נאָמען „אַ באָד", ווו מען האָט זיך געקאָנט אַרומוואַשן פון דעם גרויסן שמוץ, וואָס מיר האָבן אויף זיך געהאַט. די קליידער וואָס יעדער איינער האָט געטראָגן, האָט מען אַרייַנגעגעבן אויסצופּאַרען. ווי אַזוי די דאָזיקע קליידער האָבן אויסגעזען נאָך דעם אויספּאַרען, איז זיך לייכט פאָרצושטעלן. מיר האָבן אָבער דערלעבט אַ נקמה אין די זעקס־פוסיקע היהלעך, וואָס האָבן אין פאַרלויף פון דער רייזע זיך אַהין אַרייַנגעכאַפּט. ביים אַרייַנגעבן אונדזערע בגדים, האָט מען געזען אַז עס באַדינט די „באָד" אַ לעבעדיקע שיקסע — און מיר זענען געגאַנגען אדם נאַקעט. אָבער מיר האָבן זיך גאָר שנעל צו דעם צוגעוווינט, ווייל קיין בושה האָבן מיר דאָרטן נישט געהאַט.

עס זענען געווען אַ סך זאַכן ערגערע ווי די בושה — און דאָס איז געווען אונדזער אַרבעט. מיר האָבן געהאַט איבער אונדז אַ נאַטשאַלניק, וואָס פלעגט אונדז יעדן טאָג איבערציילן, אַז עס זאָל קיינער פון אונדז נישט פעלן. און ער האָט באַפוילן, אַז אַלע מענער און פרויען דאַרפן פון מאָרגן פרי אָן אַרויסגיין צו דער אַרבעט, אויסער די פרויען אין וועמענס משפּחות עס זענען געווען קינדער וואָס זענען נאָך נישט אַלט געווען קיין דריי יאָר. אַזוי אַז מיין פרוי האָט געהאַט דאָס גליק נישט צו דאַרפן גיין צו דער אַרבעט. דער נאַטשאַלניק האָט אונדז אויך באַפוילן, אַז קיינער טאָר נישט אַוועקגיין פון שטוב אָן זיין וויסן און יעדן פרימאָרגן פלעגט מען קומען און קאָנטראָלירן און איבערציילן, צי עס פעלט נישט ווער פון אונדז. מיין פרוי וואָס האָט נישט געאַרבעט האָט אָבער באַקומען אַ דערלויבעניש צוצוגיין אין דעם דערבייַיקן „קאָלכאָז", דאָס הייסט אין דאָרטיקן דאָרף און זי פלעגט מיטנעמען אַ העמד אָדער אַ פּאָר זאָקן און פלעגט דאָס אויסטוישן אויף אַ פלאַש מילך אָדער אַביסל קאַרטאָפל. קיין געלט האָבן זיי נישט געוואָלט נעמען, ווייל זיי האָבן נישט געהאַט וואָס צו טאָן דערמיט. דאָס בעסטע וואָס זיי פלעגן וועלן איז געווען אַ נאַכט־העמד, וואָס זיי פלעגן אָנטאָן ווי אַ קלייד...

געקומען זענען מיר אין דאָזיקן לאַגער אין סוף חודש אויגוסט. און אונדזער אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַראָפּלאָזן אין וואַסער דאָס האָלץ וואָס מען האָט צוגעגרייט אין די פריערדיקע חדשים; מען האָט דאָס האָלץ געדאַרפט בינדן אין וואַסער און דאָס האָט געדאַרפט אַוועקגעפירט ווערן אַפילו אין

אַנדערע לענדער מיטן וואַסער. נישט איינעם איז געוואָרן נישט גוט, ווען ער האָט געזען אין וואָס די אַרבעט באַשטייט, ווײַל דערצו האָט זיך געפאָדערט פאַך־קענטעניש, צו וויסן ווי אַזוי איינער זאָל דעם צווייטן נישט אָוועקהרגענען. ווען עס איז געקומען די וואָך פון ראש־השנה, זענען שוין געווען שטאַרקע פרעסט מיט גרויסע שנייען און מען פלעגט אונדז פירן אין וואַלד אַרײַן און מען האָט צוזאַמענגעשטעלט „בריגאַדעס" פון אַכט פערזאָן יעדע איינע און בײַ יעדער „בריגאַדע" איז געווען איינער וואָס האָט אונדז געדאַרפט לערנען, ווי אַזוי צו שנײַדן די ביימער, ווי אַזוי דער בוים זאָל פאַלן און וואָס פאַר אַ מאַטעריאַלן מען זאָל פון אים אַרויסנעמען; דאָס סאַמע ערשטע און בעסטע איז געגאַנגען אויף צו מאַכן די שוועלן פאַר די באַנליניעס. נאָך דעם האָט מען אײַנגעשטעלט אַזעלכע וואָס זאָלן דעם בוים שנײַדן, ווער עס זאָל אים אויסמעסטן, ווער עס זאָל אַראָפּנעמען די צווײַגן און זיי פאַרברענען. עס זענען אויך אײַנגעשטעלט געוואָרן נאָרמעס פון דרײַ מיט אַ האַלבן מעטער אויף אַ מענטשן, די דאָזיקע אַרבעט האָט מען געמוזט מאַכן און פאַר אַזאַ אַרבעט האָט מען געצאָלט ביז דרײַ רובל אַ טאָג. פאַר דעם דאָזיקן פאַרדינסט וואָס איך האָב באַקומען פאַר אַזאַ שווערער אַרבעט, האָב איך נישט געהאַט אויף צו קויפן דרײַ טעלער זופּ מיט אַ שטיקל ברויט פאַר מיר אַליין און אויב איינער האָט נישט געהאַט קיין געלט אָדער עפּעס וואָס צו פאַרקויפן, איז אים געווען גאַנץ שלעכט.

וואָס אַנבאַלאַנגט די קליידער וואָס איינער האָט געהאַט אויף זיך, זענען זיי אין אַ קורצער צײַט אַרום צעריסן געוואָרן בײַ דער אַרבעט. צום ווינטער האָט מען אונדז געגעבן, פאַרשטייט זיך אַז פאַר געלט, אַ רעקל אונטערגענייט מיט וואַטע, אַ פּאָר וואַרעמע הויזן און וואָלעקעס אויף די פיס. די פרעסט זענען דאָרטן געווען שרעקלעכע, אָפּטמאָל ביז פופציק גראַד אונטערן נול און נישט איינער האָט זיך עפּעס אָפּגעפרוירן, ווער די נאָז ווער די אויערן, די פיס, פינגער, אָדער אַנדערע אברים — און אַזוי איז געגאַנגען דאָס לעבן. עס זענען אויך געווען פאַלן, ווען ווײַסע בערן פלעגן אָנפאַלן אויף מענטשן און מיר האָבן שטענדיק געמוזט זײַן עטלעכע צוזאַמען, אויף צו קאָנען זיך פאַרטיידיקן.

און אַזוי אַרום האָבן מיר געלעבט אויף דער פאַרשיקונג אַ גאַנץ יאָר, ביז עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט דײַטשלאַנד דעם 21סטן יוני פון 1941 און עס איז נאָך דעם געשעענעם געוואָרן דער אָפּמאַך מיט דעם גענעראַל שיקאָרסקי, וועגן דעם אַז אַלע פוילישע בירגער, וואָס געפינען זיך אין די לאַגערן, אין די טורמעס, אָדער פאַרשיקט אויף די „פּאָשיאָלקעס", זאָלן באַפרײַט ווערן — און עס זאָל צוזאַמענגעשטעלט ווערן אַ פּוילישע אַרמיי, וואָס זאָל מלחמה האַלטן מיט די דײַטשן. דעמאָלט האָט מען אונדז איבערגעגעבן, אַז מיר ווערן באַפרײַט פון דעם „פּאָשיאָלעק" און ווער עס וויל קאָן דאָ בלײַבן ווײַטער צו אַרבעטן און ווער עס וויל קאָן באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַרויסצופאָרן פון דאַנען.

מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געוואָלט בלײַבן אין דעם ווײַטן און קאַלטן עק און האָבן זיך פאַרשריבן צו פאָרן קיין אוזבעקיסטאַן, אין מיטל־אַזיע, ווײַל מיר האָבן זייער שטאַרק געבענקט צו קאָנען זײַן אין אַ וואַרעמער געגנט. דאָ האָט מען זיך אויך געקאָנט פאַרשרײַבן אין דעם פוילישן מיליטער, אָבער פאַר יידן איז דאָס נישט געווען אַזוי לײַכט; די פּאָליאַקן האָבן נישט געוואָלט אַרײַננעמען קיין יידן אין זייער אַרמיי, טראָץ דעם וואָס זיי האָבן זיך שטאַרק געניטיקט אין מענטשן און דער גרעסטער טייל „פּאָליאַקן" אין רוסלאַנד, זענען געווען יידן, אָבער דער אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַזוי גרויס בײַ די פוילישע פירער, אַז זיי האָבן דורך אַלע מיטלען נישט געוואָלט אָננעמען קיין יידן. עס זענען געווען קלאַנגען, אַז די וואָס וועלן צוגענומען ווערן אין פוילישן מיליטער, וועלן גלײַך קאָנען אַרויספאָרן מיט זייערע משפּחות פון רוסלאַנד — און מיר האָט זיך שוין דעמאָלט שטאַרק געהאַט צוגעגעסן דאָס זײַן אין רוסלאַנד און איך האָב מיך צוגעשטעלט צו דער פוילישער קאָמיסיע און זיי אָנגעוויזן, אַז איך בין געווען אַ סאַניטאַר אין דער פוילישער אַרמיי — און איך האָב באַצאָלט אַ טייל פון דער קאָמיסיע מיט „וואָדקא", אָבער ווי אַנטוישט בין איך געוואָרן, ווען איך האָב געהערט, אַז איך טויג נישט צום מיליטער, ווײַל איך בין נישט געזונט. אַרויסגייענדיק פון דאָרטן, האָב איך געטראַכט, אפשר איז די דאָזיקע פעסטשטעלונג אַ ריכטיקע און איך בין אַוועק צו אַ דאָקטער, וועמען איך האָב באַצאָלט און ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז איך בין פולשטענדיק געזונט — און אַז ער ווינטשט זיך צו זײַן אַזוי געזונט ווי איך. אַזוי האָט דעמאָלט אויסגעזען די לאַגע, אַז אמת קראַנקע,

וואָס האָבן קוים געשלעפּט די פיס, האָט מען צוגענומען אין דער פּוילישער אַרמיי, אויב זיי זענען געווען פּאָליאַקן און זיי זענען טאַקע אַרויסגעפאָרן קיין טעהעראַן און שפּעטער אַוועק קיין ענגלאַנד.

די אַנדערע וואָס זענען „באַפרײַט" געוואָרן פון די לאַגערן, זענען אַ טייל אַוועק אַרבעטן אין די „קאָלכאָזן", וווּ מען האָט זיך געבייטיקט אין אַרבעטס־העגט און יעדער איינער האָט זיך געטראַכט, אַז אַזוי ווי די מלחמה וועט זיך ענדיקן נישט אַזוי שנעל, וועט מען דערווײַל האָבן וואָס אָפּצועסן, אויב מען וועט אַרבעטן אין אַ דאָרף. דער חשבון האָט אָבער נישט אין גאַנצן געשטימט — און אַ גרויסער טייל פון די וואָס זענען אַוועק אַרבעטן אין די „קאָלכאָזן", זענען בוכשטעבלעך געשטאָרבן פון הונגער, ווײַל זיי האָבן נישט געהאַט זאַט אָפּצועסן. דעריבער איז אַ גרויסער טייל פון זיי פון דאָרטן אַוועק און ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט, האָט אָנגעהויבן צו האַנדלען אויפן באַזאַר. און דער וואָס האָט געהאַט „מזל" און מען האָט אים נישט אָפּגעמסרט און די מיליץ האָט אים נישט געכאַפּט, דער האָט גוט פאַרדינט וואָס דאָס מיינט צו זאָגן אַז ער האָט געהאַט אויף אָפּצועסן זאַט אַ שטיקל ברויט.

עס דערמאָנט זיך מיר ווי גייענדיק אויף דעם באַזאַר, האָב איך מיר געטראָפן מיט אסתר טאָשער און צירל ראָזענבוים, וואָס זענען נישט לאַנג צוריק באַפרײַט געוואָרן פון די לאַגערן אַלס פּוילישע בירגערינס. איך האָב זיי נישט אַזוי לײַכט דערקענט, ווײַל זיי זענען געווען אָנגעטאָן לויט דער „לעצטער מאָדע" — מיט „קופייקעס" פול מיט לאַטעס. די פרייד פון דער באַגעגעניש איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב שוין יענעם טאָג פאַרגעסן, אַז איך דאַרף עפּעס פאַרדינען כדי מען זאָל קאָנען קויפן אַ שטיקל ברויט. מען האָט זיך אָנגעהויבן אויסצופרעגן אפשר האָבן זיי באַגעגנט נאָך וועמען פון די סטאָקער און זיי האָבן מיר דערציילט אַז זיי האָבן געטראָפן חנה זשעליענעץ און אסנה אַלטשולער און אויך אַ מיידל פון קאָסעווע, וואָס איז געווען צוזאַמען מיט זיי אין לאַגער. זיי האָבן מיר געגעבן זייערע אַדרעסן און איך האָב זיי געגעבן מײַן אַדרעס און זינט יענער צײַט איז דאָס טרעפן זיך אונדזערס געוואָרן אַן אָפטע זאַך און שטענדיק האָבן מיר געהאַט וואָס צו דערציילן פון אונדזערע איבערלעבענישן.

איך האָב אויך אויפגעזוכט חנה זשעליענעץ און נאָך אייניקע ח ד ש י ם, האָט צ י ר ל זיך אָפּגעזוכט איר באַשערטן אברהמען. אויך אסתר טאָשער איז געווען מיט אונדז אייניקע חדשים, ביז מיר האָבן זי באַקענט מיט אַ בחור פון אַ פײַנער פאַמיליע און זי האָט מיט אים חתונה געהאַט. די חתונה איז פאָרגעקומען בײַ אונדז אין שטוב און די שמחה וואָס מיר האָבן געהאַט פון דער דאָזיקער חתונה איז נישט צו באַשרײַבן. מענטשן האָבן זיך געפרעגט צי זי איז אונדזער אַ משפחה־גליד, וואָס מיר פרייען זיך אַזוי שטאַרק און מיר האָבן זיי דערציילט, אַז זי איז בלויז פון אונדזער שטעטל — און זיי האָבן נישט געוווּסט אויף דעם וואָס צו ענטפערן — און אַזוי האָט דעמאָלט אויסגעזען ווען איינער האָט געטראָפן אַ צווייטן פון זעלביקן שטעטל: די שמחה איז געווען אַזוי גרויס, פּונקט ווי אַ ברודער וואָלט זיך געטראָפן מיט אַ שוועסטער.

נאָך גאַנץ לאַנגע און באמת שווערע לײַדן, וואָס מיר קאָנען דאָ נישט דערציילן אַלצדינג —ווײַל דאָס וואָלט געווען מאַטעריאַל פאַר אַ בוך— האָט זיך די מלחמה פאַרענדיקט און מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד. ביז מיר זענען נישט געזעסן אין דער באַן, האָט קיינער נישט געוואָלט גלויבן, אַז מיר פאָרן שוין טאַקע אַרויס. עס איז אָבער געשען, אַז מיר זענען געפאָרן צוריק קיין פּוילן און די רײַזע האָט געדויערט בײַ די דרײַ וואָכן צײַט. דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט די ייִדן וואָס זענען פאַרבליבן בײַ די דײַטשן אין פּוילן, האָבן מיר שוין אַביסל געהערט נאָך זײַענדיק אין רוסלאַנד, אָבער מיר האָבן דאָס נישט געוואָלט גלויבן, ווײַל מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס דערציילט מען אונדז כדי מיר זאָלן נישט וועלן אַרויספאָרן פון רוסלאַנד. אָבער אָנקומענדיק קיין פּוילן, האָבן מיר דערזען דעם שוידערלעכן אמת, אַז מען האָט אַלע ייִדן, וואָס די דײַטשן האָבן נאָר געקאָנט כאַפּן, האָט מען דערמאָרדעט מיט אַלע מיתות משונות; מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט דעם סוף פון אונדזער שטעטעלע סטאָק, אַז מען האָט דעם גרעסטן טייל פון די דאָרטיקע ייִדן אַוועקגעשיקט אין דעם שרעקלעכן קאַלך־אויוון פון טרעבלינקע און זיי דאָרטן פאַרברענט; מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז נאָך יום־כיפּור פון 1942, האָט מען צוזאַמענגענומען אַלע סטאָקער ייִדן, מיט דעם רב בראָש און זיי אַרויסגעפירט קיין טרעבלינקע, אויך מײַן פאָטער האָט געטיילט דעם זעלביקן גורל. איך האָב מיך אויך דערוווּסט,

אַז מײַן ברודער חיים־נתן, האָט מען נאָך פריִער געשיקט, מיט נאָך יונגע מענטשן, אַז זיי זאָלן העלפן בויען דעם לאַגער טרעבלינקע — און שפּעטער האָט מען זיי, פאַרשטייט זיך, אומגעבראַכט. מײַן שוועסטער מיט אירע צוויי קינדער, זענען נאָך געווען אויסבאַהאַלטן אייניקע חדשים אין דעם וואַלד, ביז מען האָט זיי געכאַפּט און דערשאָסן.

אַזוי אַז קיינעם פון אונדז איז אַפילו נישט אַרויפגעקומען אויף דעם געדאַנק, צוריקצופאָרן קיין סטאָק, ווו אַלץ האָט דערמאָנט אין טויט און אומקום, נאָר מיר זענען געפאָרן אין די נײַע געביטן, וואָס פּוילן האָט באַקומען פון דײַטשלאַנד. מיר זענען אָנגעקומען אין דער שטאָט ליגניץ, ווו מיר זענען געווען קנאַפּע צוויי חדשים און נאָך דעם זענען מיר אַוועק פון דײַטשלאַנד קיין עסטרײַך, ווו מיר האָבן זיך געפונען אין אַ לאַגער, וואָס איז פריִער געווען אַ פּלאַץ פאַרן מיליטער און איצט האָבן זיך דאָרטן געפונען לעבנס־געבליבענע ייִדן פון פאַרשידענע פעלצער, וועמען עס איז געלונגען איבערצולעבן די מלחמה און צו זען די דײַטשע מפּלה. אַ טייל פון זיי האָבן געקעמפט צווישן די פּאַרטיזאַנער, אַנדערע איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן בײַ די פּויערים ווײַל מען האָט זיי געגעבן גרויסע געלט־סומעס.

אין דאָזיקן לאַגער האָבן זיך געפונען אַ פּאָר טויזנט ייִדן און מען האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך און געפירט אַ קולטור־אַרבעט. מען האָט געשאַפן שולן פאַר די קינדער, ווו מען האָט געלערנט עברית און מען האָט אויך געמאַכט פאַך-קורסן פאַר עלטערע מענטשן, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פאַך — און דער „דזשאָינט” האָט געבראַכט מאַשינען אויף צו לערנען די פאַרשידענע פאַכן; מען האָט אויך געבראַכט פאַרשידענע פילמען און עס פלעגן קומען ייִדישע אַרטיסטן און געשפּילט טעאַטער. אַחוץ דעם פלעגט יעדע משפּחה באַקומען צוגעטיילט פון דער „אונראַ” (קערפּערשאַפט צו העלפן פּליטים פון דער „יון”) און פון „דזשאָינט” פאַרשידענע צוגאָב־שפּײַזן.

— 4 —

אַזוי האָבן מיר זיך געפונען אין דעם לאַגער אייניקע יאָר — און געבענקט קיין פּאַלעסטינע, כאָטש מיר האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייטן אַהין צו פאָרן, ווײַל די ענגלישע מאַנדאַטן ־ מאַכט האָט נישט אַרײַנגעלאָזט קיין ייִדן — ביז עס איז אַנטשטאַנען מדינת ישראל.

עס קאָן זיך נישט פאַרגעסן די שמחה וואָס עס איז דאַן געווען אין דעם לאַגער. מען האָט פאַר פרייד געטאַנצט אַ גאַנצע נאַכט: אַלטע, יונגע, פרומע און פרײַע; די פרומע מיט זײַדענע קאַפּאָטעס און שטריימלען — און פרײַע אין גאַנצן אָן היטלען אויף די קעפּ, האָבן געטאַנצט צוזאַמען. עס איז דעמאָלט נישט געווען ווער עס זאָל זײַן פון איין פּאַרטיי און ווער פון אַ צווייטער; אַלע האָבן מיר געהערט צום זעלביקן לײַדנדיקן פאָלק, וואָס האָט ענדלעך באַקומען דאָס אויסגעבענקטע לאַנד; צוזאַמען האָט מען געטרונקען לחיים און צוזאַמען זיך געווונטשן צו טרעפן אין דער מדינה — און „לשנה הבאה בירושלים”.

מען האָט גלײַך געמאַכט טראַנספּאַרענטן, מיט לאָזונגען פון: „מיר ווילן פאָרן אין אונדזער אייגן לאַנד!”, „ווי אַמשנעלסטן ליקווידירן די לאַגערן פון די שארית הפליטה!”, „גענוג געזעסן דאָ!”, „מיר דאַרפן שוין נישט קיין סערטיפיקאַטן!” אאַ״וו און עס האָט זיך גלײַך אָנגעהויבן די רעגיסטראַציע אויף צו פאָרן קיין ישראל.

די ערשטע האָט מען פאַרשריבן די וואָס קאָנען זיך באַגיין מיט געווער און וואָס זענען שוין געווען אין מיליטער — ווײַל מען האָט פאָרגעזען וואָס עס וועט נאָך פאָרקומען אַרום ישראל. נאָך דעם האָט מען אויך אָנגעהויבן צו פאַרשרײַבן משפּחות און מען האָט אויך אָנגעהויבן צו זאַמלען געלט אויף צו קאָנען אײַנקויפן געווער — און ווער עס האָט געהאַט געלט, אָדער גאָלד האָבן דאָס געגעבן; פרויען האָבן אויסגעטאָן די גאָלדענע קייטלעך, בראָשקעס, פינגערלעך א״אַ ווערט־זאַכן און האָבן דאָס געגעבן פאַר דעם דאָזיקן הייליקן צוועק, און מען האָט געדאַרפט זען ווי זיי האָבן געטאַנצט פאַר שמחה, ווײַל זיי האָבן צו דעם דערלעבט.

עס דערמאָנט זיך מיר דעם אַרויספאָר פון דעם לאַגער. אייניקע וואָכן האָבן מיר זיך געגרייט דערצו און מיר האָבן געוווּסט, אַז הײַנטיקס מאָל וועלן מיר שוין נישט פאַרלאָזן איין לאַגער, כדי אָנצוקומען אין אַ צווייטן, נאָר אַז דאָס מאָל פאָרן מיר שוין ענדלעך אין דער אייגענער היים. מען האָט דעריבער צוגעגרייט אַלצדינג וואָס יעדער איינער האָט פאַרמאָגט און אָפּגעשיקט מיט די שיפן. איך בין געפאָרן מיט אַ שיף וואָס האָט געהאַט פּלאַץ פאַר אייניקע הונדערט פּערזאָן, אָבער מען האָט אויף דער

דאָזיקער שיף אַרויפגעזעצט בײַ די 1.800 מענטשן און קיינער האָט זיך נישט געקלאָגט און מען האָט קיינעם נישט געמאַכט קיין פאָרוואורפן, אַז עס איז נישט באַקוועם צו פאָרן אויף דער דאָזיקער שיף.

מיר זענען געפאָרן מיט דער שיף זעקס טעג פון מאַרסעל און אָנגעקומען פרײַטיק אַרום מיטיק צײַט קיין חיפה, ווו עס האָבן געוואַרט אויף אונדז גרויסע אויטאָמאָבילן און מען האָט אונדז געפירט אין פאַרשידענע בתי עולים. מיר זענען אַוועקגעפאָרן קיין חדרה, ווו עס זענען שוין געווען אויפגעשטעלטע פּאַלאַטקעס אויף אַ גרויסן שטח, פאַר יעדע צוויי משפחות איז געווען איין פאַלאַטקע און עס האָבן זיך געפונען אין די טויזנטער עולים געקומענע פון דאָרטן. בײַנאַכט האָבן מיר נישט געקאָנט שלאָפן צוליב דעם וואָיען פון די שאַקאַלן אין בײַטאָג האָבן די פאַלאַטקעס געברענט פון דער זון און מען האָט נישט געקאָנט אַרײַנגיין זיך דאָרטן אָפּרוען, אָבער מיר האָבן דאָס אַלצדינג אָנגענומען מאַר ליב און מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ צײַטווײַליקע זאַך.

און יעדער איינער האָט לויט זײַנע מעגלעכקייטן זיך געקאָנט אײַנאָרדענען אויף אַ בעסערן אופן; ווער עס האָט געהאַט אַ ביסל געלט, האָט געקאָנט באַקומען אַ ווינקל אין שטאָט, אָדער בײַ דער משפחה, אויב ער האָט געהאַט אַזעלכע. קיין נײַע דירות האָט מען אין דער ערשטער צײַט נישט געבויט, נאָר עס זענען בלויז געווען די דירות, וואָס די אַראַבער האָבן איבערגעלאָזט, אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי זענען שוין געווען באַזעצט פון די פריִער אָנגעקומענע. דורך אַ צופאַל האָב איך זיך געטראָפן מיט אַ גוטן באַקאַנטן אין חיפה, וואָס האָט מיר אָפּגעגעבן אַ דירה נעבן זיך וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זײַן משפחה. און אַזוי אַרום בין איך געוואָרן אַ חיפהער בירגער.

עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע, ווו נעמט מען פרנסה און צו וואָס איך קאָן מיך נעמען. און איך בין געגאַנגען אין דער לשכת עבודה, אויף צו באַקומען אַ טאָג אַרבעט, אָבער כדי צו באַקומען אַרבעט, האָט מען געדאַרפט האָבן אַ גרויסע משפחה פון וואָס מער קינדער און אַזוי ווי מײַן משפחה איז באַשטאַנען פון בלויז פיר פערזאָן, האָב איך געהאַט זייער שוואַכע האָפענונגען צו באַקומען אַרבעט — אוןז איך האָב געדאַרפט האָבן פראָטעקציע אויף צו באַקומען אַרבעט.

אָבער אַז מען זוכט געפינט מען. איינער פון מײַן פרויס שטאָט, איז געקומען צו מיר מיט אַ גוטער נײַעס, אַז ער האָט אַ „קבלן" (אונטערנעמער), וואָס גייט בויען אויפן כרמל אַן „אחוזה" (אַן אייגנטום), פון אייניקע נײַע הײַזער און איך קאָן שוין מאָרגן פרי גיין צו דער אַרבעט. קומענדיק צו דעם אַרבעטס־פּלאַץ, האָט מיר דער מנהל אָנגעוויזן, אַז איך זאָל נעמען אַ „מעדר" (אַ רידעל) און אָפּרייניקן דאָס פּלאַץ אויף צו גראָבן דעם פונדאַמענט צו בויען דאָס הויז. דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך נישט געוווּסט, ווי אַזוי מען נעמט זיך צו דער דאָזיקער אַרבעט, אָבער ווי זאָגט מען, אַז נויט ברעכט אײַזן און איך האָב זיך אַזוי צוגעוווינט צו דער בנין־אַרבעט, אַז עס איז מיר געווען אַ שאָד אַוועקצוגיין צו אַ צווייטער אַרבעט.

די צווייטע אַרבעט מײַנע איז געווען אין „פניציה" — אַ פאַבריק פון גלאָז, ווו איך האָב אָפּגעאַרבעט גאַנצע זעכצן יאָר, ביז איך בין אַרויס אויף פענסיע.

# סטאָק — די ייִנגערע שוועסטער־שטאָט פון ווענגראָוו

פון אַ. זילבערשטיין / בוענאָס־אײַרעס

דאָס שטעטל סטאָק, וואָס איר אָפיציעלער נאָמען איז געווען סטאָטשעק, איז מקדמונים אָן געווען צוזאַמענגעבונדן מיט ווענגראָוו. ווען מען האָט אין דער גרויסער וועלט געפרעגט אַ סטאָקער ייִדן: ווו געפינט זיך אײַער שטעטל? האָט ער גלײַך געענטפערט: — נעבן ווענגראָוו. און היות — ווענגראָוו גופא איז אויך נישט געווען פון די שטאַרק באַקאַנטע שטעט אין פוילן, ווײַל פונקט ווי סטאָק, איז זי נישט געלעגן נאָענט פון קיין באַנליניע, האָט ממילא אָנגעהאַלטן דאָס נאָכפרעגן: — און ווו געפינט זיך ווענגראָוו? טייל מענטשן האָבן געמיינט אַז עס האַנדלט זיך וועגן איוואַנגראָד, אויף דעם זעלבן אופן האָבן אייניקע געמיינט אַז סטאָק איז אַ פאַרקירצונג פון ביאַליסטאָק. פלעגן זיך טאַקע ווענגראָווער ייִדן וויצלען אויפן חשבון פון סטאָק, זאָגנדיק אַז סטאָק האָט געביטן איר נאָמען אויף ביאַליסטאָק, באשר מען האָט דאָרט אָפּגעקאַלכט די קוימענס...

מיט אַ מאָל איז דאָס קליינע שטעטעלע באַקאַנט געוואָרן אין דער גאַנצער וועלט. בעסער געזאָגט: סטאָק איז מיט אַ מאָל געוואָרן „וועלט־באַרימט". דעם מאָנאַט אויגוסט פון 1937 איז סטאָק פלוצלינג געוואָרן מפורסם. גרויסע צײַטונגען מיט וועלט־נעמען האָבן געבראַכט טעלעגראַמעס פון דער „ערשטער קוועלע", זיי האָבן געווידמעט גאַנצע קאָלומס און געצייכנט מאַפּעס פון דעם קליינעם שטעטעלע. וואָס איז געשען? — אַ קלייניקייט. לויט דער פוילישער טעלעגראַפן־אַגענטור זענען אין סטאָטשעק פאָרגעקומען „עקסצעסן". דער עטימאָלאָגישער באַדײַט פונעם וואָרט „עקסצעס" איז איבערטרײַבונג, איבער דער מאָס, צופיל אא"וו. דאָס איז געווען די פוילישע באַצייכענונג פאַר פּאָגראָם. דאָס וויל זאָגן אַז די כלאָפּצעס האָבן אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס... טאָ, צו וואָס דער טומל? מען האָט צעשפּאַלטן אַ ביסל זשידאָווסקע קעפּ, עס זענען צופעליק געשטאָרבן עטלעכע זשידקעס, און בעת דעם טומל זענען געוואָרן אויסגעפּלינדערט עטלעכע ייִדישע געוועלבן, איז מה רעש? די פּאָליאַקן וועלן איבער אַזאַ קלייניקייט נישט אויפהערן צו זײַן קיין נאָבעלע שליאַכטעס.

דער פּאָגראָם איז ווײַט נישט געווען קיין ספּאָנטאַנער אויסברוך. דער פּאָגראָם איז געווען גוט צוגעגרייט מיט אַלע פּישטשעוויקעס. עס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט קיין סטאָק אַ באַנדע ענדעקישע שלעגערס, זיי האָבן זיך אַרומגעדרייט איבערן שטעטל אַ צוויי טעג, זיי האָבן געקוקט שפּאָטיש די ייִדן אין די אויגן און האָבן געפּרוווט פּראָוואָצירן געשלעגן. און צום סוף האָבן זיי צעפירט די לאַפּעס און האָבן אָנגעהויבן פּאָגראָמירן. און לויטן פוילישן שטייגער אין אַזעלכע פאַלן, איז די פּאָליציי נישט געווען בנימצה. דאָס הייסט, „פּאָ פּראָסטו", אַז די פּאָליציי איז געווען פאַרנומען מיט וויכטיקערע ענינים...

אַז דער פּאָגראָם איז געווען אַ צוגעגרייטער פון פאָרויס, קאָן דינען דער פאַקט וואָס ער איז פאָרגעקומען בערך אין דער זעלבער צײַט מיט די פּאָגראָמען אין פּשיטעק און אין מינסק־מאַזאָוויעצק און אין אַ ריי אַנדערע ייִדישע שטעטלעך.

דער ייִדישער ישוב אין בוענאָס אײַרעס איז געוואָרן אויפגעשוידערט איבער די רציחות. קודם האָט מען געשיקט אַ דעלעגאַציע צום פוילישן אַמבאַסאַדאָר וועלכע האָבן אין נאָמען פון אַרגענטינער ייִדנטום אויסגעדריקט אַ שאַרפן פּראָטעסט איבער דעם פאָרגעקומענעם פּאָגראָם. און מען האָט געבעטן „זײַן עקסעלענץ" אַז ער זאָל איבערשיקן אַ מעמאָראַנדום צו זײַן רעגירונג. דער אַמבאַסאַדאָר האָט פאַרלאַנגט בײַ דער דעלעגאַציע אַז מען זאָל נישט אָרגאַניזירן קיין פּראָטעסט־אַקטן, מען זאָל נישט פאַרשוואַרצן פוילנס נאָמען, אין קעגנטייל וועט ער נישט איבערשיקן דעם מעמאָראַנדום צו דער פוילישער רעגירונג. די דעלעגאַציע האָט זיך

נישט אָפּגעשראָקן פאַר זײַנע סטראַשונקעס און מען האָט דורכגעפירט אַ מאַסן־אַקט. און ווי דער שטייגער — אויף אַזעלכע אַקטן — האָט מען אויך פאַרבעטן אייניקע אַרגענטינער פּערזענלעכקייטן (נישט קיין ייִדן), וועלכע האָבן געהאַלטן עלאָקווענטע רעדעס לויבנדיק דאָס ייִדישע פאָלק פאַר זײַן צושטײַער פאַרן פּראָגרעס און ציוויליזאַציע, זיי האָבן זיך אָבער אויסגעהיטן נישט פּוגע בכבוד צו זײַן אין פּוילישן פאָלק און אין דער פּוילישער רעגירונג. עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק אַז זיי האָבן נישט קיין חשק צו פאַרטשעפּען זיך מיט פּוילן. די ייִדישע רעדנער האָבן ענערגיש פּראָטעסטירט און האָבן אויסגעדריקט זייער צאָרן און פאַרביטערונג איבער דער פאַרברעכערישער גלײַכגילטיקייט פון די פּוילישע אויטאָריטעטן איבערן גורל פון די ייִדישע מאַסן אין פּוילן, פאַר נישט באַשטראָפן די מערדער. און מען האָט איבערגעשיקט אַ פּראָטעסט־טעלעגראַמע קיין וואַרשע — דירעקט צו דער פּוילישער רעגירונג.

ווער האָט זיך דאַן געקענט ריכטן אַז דער סטאָקער פּאָגראָם, צוגלײַך מיט די פּאָגראָמען אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין באַפרײַטן פּוילן איז בלויז געווען אַ פּרעלודיע צום מאָנסטעריעזן און שוידערלעכן מאַסן־מאָרד וואָס מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז אויסגעפירט געוואָרן איבערן ייִדישן פאָלק. ווו די דײַטשע מערדער — מיט דער מיטהילף, פון פּוילישע, ליטווישע און אוקרײַנישע רוצחים וועלן אויספירן איבער זעקס מיליאָן ייִדישע מענער, פרויען און קינדער?

י ת ג ד ל ו י ת ק ד ש !



# סטאָק, מײַן חרוב געוואָרן קליין שטעטעלע

— ווו זענען די זיידעס און טאַטעס אונדזערע? זיי, וועלכע פלעגן זיצן אין בית־המדרש און לערנען און בעטן גאָט פאַר זייערע פאַמיליעס און פאַר כל־ישראל? ווו זענען אונדזערע באָבעס מיט די קופּקעס, די מאַמעס מיט די שייטלען, וועלכע פלעגן פאַרגיסן טרערן בײַם בענטשן ליכט, ווו זיי פלעגן צווישן אַנדערעס אויך בעטן פאַר זיווגים פאַר זייערע טעכטער? ווו זענען די 48 שוסטער־משפחות פון אונדזער שטעטל, וועלכע פלעגן האָרעווען טאָג און נאַכט, פאַרקאָפּטשעטע, פאַרן גאַנצן שטעטל ייִדן און גוים און אויך פאַר דער דאָרפישער אומגעגנט — און דערפון קוים מיט שוועריקייטן צונויפגעשעפּטלט דעם שבת?

— ווו זענען די 37 שנײַדער־משפחות, וועלכע האָבן באַקליידט דאָס גאַנצע שטעטל און די אַרומיקע דערפער פון דער אומגעגנט? ווו זענען די מאַנקעס און איגלעס, וועלכע האָבן געהאָרעוועט מיט זייערע גאַנצע משפחות טעג און נעכט, געניייט פאַר די פּויערים, אַפילו פאַר דעם פּרײַז פון 5 אייער פאַר אַ פּאָר הויזן?

ווו זענען די בעקערס, די תבואה־סוחרים־מלעך, די אייגנטימערס פון די געוועלבן און אַנדערע, וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן די אָרעמע פּאַליאַקן, ווען יענע האָבן נישט געהאַט קיין געלט און האָבן געוואַרט, אַז די דאָרפישע פּויערים זאָלן אַראָפּברענגען זייער געוועקס פון די פעלדער? ווײַל קיין פּאָליאַק איז נישט געגאַנגען נאָך קיין הילף צו אַן אַנדער פּאָליאַק, ווײַל ער וואָלט אַזוינס נישט באַקומען און דערפאַר איז ער געגאַנגען צו די ייִדן, ווו ער האָט די דאָזיקע הילף יאָ באַקומען.

— ווו זענען די אָרעמע אלמנות, וועלכע האָבן זיך און זייערע קינדער געשפּײַזט, טראָגנדיק אויף זייערע פּלייצעס פאַרשידענע סחורות אין די דערפער, פאַר די פּויערים?

· און דער עיקר: ווו זענען אונדזערע יוגנטלעכע? אונדזער שיינע און שטורמישע יוגנט, וואָס דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט; די יוגנט, וואָס האָט געברויזט געוועקט און געגרופן — און געהאָפט אויף אַ שענערער און בעסערער וועלט און אויף בעסערע צײַטן? ווער דורך דער ראַטנמאַכט און דורך סאָציאַליזם און ווער עס האָט געטרוימט וועגן לעבן און אַרבעטן אין ארץ ישראל. אָבער די אַלע זאַכן זענען בלויז געווען טרוימען — און די קעשענעס זענען געווען ליידיק. עס איז בלויז געווען אַ קליינער אייסנאָם פון איינצלנע, וועלכע האָבן געהאַט דערצו מעגלעכקייטן און האָבן עמיגרירט אין דער ווײַטער וועלט, און אַזוי אַרום געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו ראַטעווען.

— כבוד און רום דעם הייליקן אָנדענק, פון אונדזערע אומגעבראַכטע זיידעס און פאָטערס; פון אונדזערע אומגעבראַכטע ברידער און שוועסטער אַרבעטער און קליינהענדלער, יונגע און אַלטע — וועלכע זענען פאַרברעכעריש דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן און זייערע פּוילישע מיטהעלפערס; דורך מערדער און סתם אויסוואורפן פון אַלע מינים, וועלכע האָבן געלעכצט, נאָך דעם משטיינס געזאָגטן ייִדישן האָב און גוטס — און פאַרשאָלטן זאָלן זיי אַלע זײַן, צוזאַמען מיט דער בלוט־דורשטיקער פּוילישער ערד!

⁂

עס איז שוין פאַרבײַ איבער דרײַ צענדליק יאָר, זינט איך האָב דאָס שטעטעלע סטאָק פאַרלאָזט. בעסער געזאָגט, זינט איך בין פון דאָרטן פאַרטריבן געוואָרן. סטאָק, דאָס שטעטעלע, ווו איך בין געבוירן, דערצויגן און אין געוויסער מאָס רײַף געוואָרן; ווו איך האָב דורכגעמאַכט און מיטגעלעבט דאָס האַרטנעקיקע, קליינשטעטלדיקע לעבן, סײַ אויפן עקאָנאָמישן און סײַ אויפן גײַסטיקן געביט, אויף דעם זעלביקן אופן, ווי עס האָבן דאָס דורכגעמאַכט דער גרעסטער טייל פון די דאָרטיקע ייִדישע אײַנוווינערס.

איך דערמאָן זיך עפּעס פון מײַנע קינדער־יאָרן, ווען איך האָב אָנגעהויבן צו גיין אין חדר, צום מלמד מאיר אַנטשל סטאַלאָוויטש, צוזאַמען מיט מײַנע יוגנט־חברים און האָב גלײַכצײַטיק אָנגעהויבן צו גיין אין דער אַלגעמיינער „פּאָוושעכנער"

* אומגעקומען דעם 1טן נאָוועמבער 1971 אין עפולה (ישראל) מיט אַ טראַגישן טויט.

שולע, וואָס איז געווען בײַ אונדז. און דאָ מוז איך אונטערשטרײַכן דעם גרויסן ווילן מײַנעם — און מײַן טרוים, וואָס איך האָב דעמאָלסט געהאַט, צו קאָנען ענדיקן די 7 קלאַס פון דער „פּאָווישעכנער" שולע, צו וועלכן קוים עטלעכע ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך האָבן דאָס דערגרייכט. פון די ייִנגלעך זענען געווען בלויז דרײַ — און דאָס זענען געווען: לייבטשע שוואַרצפּאַרב, אברהם מיידענבוים און דער שרײַבער פון די שורות. עס האָבן אויך פּאַרענדיקט אַ גרעסערע צאָל ייִדישע מיידלעך, פון וועלכע איך געדענק: רחל קאַנטאָר, דעם רבס טאָכטער, חיה טויבע נאָווענשטערן און אַנדערע וואָס איך געדענק איצט נישט.

און פאַרוואָס נאָר דרײַ ייִנגלעך? ווײַל ספּעציעל מיר, ייִנגלעך, האָבן אַלע יאָרן פון גיין אין דער שולע געהאַט אויסצושטיין טאָג־טעגלעכע שיקאַנעס, באַליידיקונגען און אַפילו געשלעגן, פון אונדזערע פּוילישע „מיט־חברים", וועלכע זענען געהעצט געוואָרן דורך דעם יונגן גלח אויף די לעקציעס פון רעליגיע; און דאָס איז געווען איינע פון די הויפּט־סיבות וואָס דעם גרעסטן טייל ייִדישע ייִנגלעך איז פאַרמיאוסט געוואָרן צו קומען אין דער שולע. עס איז אויך געווען אַן עקאָנאָמישע סיבה, ווײַל ייִנגלעך האָבן געמוזט צוהעלפן צו דער פּרנסה זייער עלטערן, וועלכע האָבן זיך שווער געראַנגלט אויף צו קאָנען אויסהאַלטן זייערע גרויסע משפּחות.

און ווען איך דערמאָן דעם גרויסן קאַמף וואָס איך האָב געפירט, כדי צו קאָנען דערגרייכן דאָס מאַקסימאַלסטע, וואָס איך האָב געקאָנט דערגרייכן אין אונדזער שטעטל — צו ענדיקן די „פּאָווישעכנע" שולע, וויל איך נאָך דערמאָנען, אַז אויך פון „קיעראָווניק" (דירעקטאָר) נאָוואַצקי, וועלכער איז געווען אַ פאַרשטעלטער אַנטיסעמיט, האָבן מיר אויך געהאַט אַ סך אויסצושטיין. איך דערמאָן זיך דערבײַ, צווישן אַנדערעס, ווי יעדן פרײַטיק צו נאַכטס, ווען מיר פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן אין לאָקאַל פון „השומר הצעיר", צוזאַמען מיט חברים און חברטעס אויף צו פאַרברענגען אַ ביסל, פלעגט דער דירעקטאָר קומען מיט אַ פּאָליציאַנט און דאָרטן זוכן שול־קינדער — און מיר פלעגן שפּרינגען דורך די פענצטער, אָדער באַהאַלטן זיך אונטער די טישן, כדי ער זאָל אונדז נישט זען און נאָך דעם דראָען מיט אַרויסוואַרפן אונדז פון דער שולע.

איך געדענק זייער גוט און שטרײַך דאָ אונטער דאָס שווערע יוגנט־לעבן, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אין אונדזער געבורטס־שטעטל סטאָק. אָבער טראָץ אַלע פּלאָגענישן, שיקאַנעס און מאַטעריעלע שוועריקייטן, איז דאָרט די יוגנט געווען האָפערדיק און אָפּטימיסטיש און באַזעלט מיט גרויסע אידעאַלן — און זיך געריסן און געהאָפט אויף אַ נײַ, שענער און בעסער לעבן; ווער עס האָט געבענקט און געהאָפט נאָך ארץ ישראל און בײַ וועמען דער אידעאַל איז געווען דער קאָמוניסטישער גן־עדן פון רוסלאַנד. און מיר פלעגן זיך שטאַרק גריבלען, ווער אין פילאָזאָפיע און ווער אין פּאָליטיק — און מיר פלעגן פאַרברענגען טעג און נעכט אויף פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען, קעסטל־אָוונטן, „זביורקעס" און אַנדערע און איינער האָט זיך באַמיט אויפצוקלערן און איבערצוצײַגן דעם אַנדערן, אַז זײַן אמת איז דער ריכטיקער און זײַן פּאַרטייפירט אויף דעם אמתדיקן וועג פון באַפרײַונג און אויסלייזונג.

און דערווײַל האָט דער דלות געפײַפט אין אַלע ווינקעלעך און אומגעפער בײַ די אַכציק פּראָצענט פון אונדזערע משפּחות פלעגן לעבן דערפון, וואָס מען האָט אָנגערופן בײַ אונדז, אַז מען לעבט פון גמילת חסדים, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז: מען האָט געבאָרגט בײַ דעם, כדי אָפּצוגעבן יענעם און מ'האָרגן בײַ אַ דריטן, כדי אָפּצוגעבן דעם צווייטן אאַ"וו....

נאָר אַ דאַנק דעם שבת און די יום־טובים, האָבן אונדזערע עלטערן געקאָנט אָפּכאַפּן דעם אָטעם און יעדע פאַמיליע האָט אין די דאָזיקע טעג אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם וואָכעדיקן עול און געגאַנגען אין בית המדרש אַרײַן — און נאָך דעם געפּראַוועט דעם שבתדיקן טיש, צוזאַמען מיט דער פאַמיליע און אין די דאָזיקע טעג זיך געפילט פרײַ, אָן דאגות און אָן זאָרגן, אַז מען קאָן באַלד אָנקלאַפּן אין טיר, אַז מען זאָל באַצאָלן דעם חוב, אָדער די רעגירונגס־שטײַערן. און ווער בײַ אַ שענערן טיש און ווער בײַ אַ געוויינלעכן, זענען אַלע געווען צוזאַמען מיט די משפּחות און זיך געפילט יום־טובדיק.

אַזוי האָט זיך דאָס לעבן געצויגן יאָר נאָך יאָר, טאָג־אײַן טאָג־אויס, פון ווינטער צום זומער, אאַ"וו און אונדזערע עלטערן האָבן כסדר געהאָפט, אַז גאָט וועט העלפן און וועט נישט פאַרלאָזן.

אין קעגנזאַץ צו אונדזערע עלטערן, האָט די

יוגנט זיך געריסן צו אַ נײַ לעבן און אַ גרויסע טייל פון זיי איז געלונגען אַוועקצופאָרן קיין ארץ־ישראל, אָדער אין אַנדערע לענדער פון דער גרויסער פרײַער וועלט, צו זוכן זיך אַ נײַ און בעסער לעבן. אָבער נישט אַלע האָבן געהאַט עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן דערצו — און די וואָס האָבן יאָ געהאַט בעסערע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, זענען געווען ווי פאַרשיכורט פון זייערע עקאָנאָמיש־בעסערע פּאָזיציעס — און עס האָט זיך זיי נישט געוואָלט גלויבן, אַז אין פּוילן קאָן פאָרקומען מיט די ייִדן, דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט די ייִדן אין דײַטשלאַנד — און לײדער, איז געקומען דאָס שרעקלעכסטע, וואָס קיין שום מענטש האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן. און ספּעציעל די עלטערע מענטשן האָבן נישט געוואָלט גלויבן, אַז אויף די פּוילישע ייִדן וועט קומען דאָס, וואָס עס איז צום באַדויערן שפּעטער געקומען און עס איז געווען דאָס שרעקלעכסטע, וואָס קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן.

איך דערמאָן זיך דעם טאַטן פון ישעיה גאָלד־שטיין, ווי ער האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן ווען די באָמבעס זענען שוין געפאַלן, האָט ער געזאָגט, אַז דאָס איז אַ גאָט־זאַך און פון גאָטס־שטראָף קאָן מען זיך נישט אויסבאַהאַלטן, און מען דאַרף זיך נישט באַהאַלטן און ווען די דײַטשן וועלן אַרײַן, וועט ער זיי זאָגן: מײַן ליבער הער, ווי ער זאָגט דאָס איצט צו די פּאָליאַקן אויף פּויליש און בײַ אים איז דאָס אַלץ איינס.

אַזאַ אײַנשטעלונג האָבן געהאַט דער גרעסטער טייל פון אונדזערע עלטערן, אַז מען מוז דינען דעם גוי; דעם, אָדער יענעם — און דאָס איז געווען איינע פון די סיבות פאַרוואָס די עלטערע מענטשן האָבן זיך נישט געוואָלט רירן פון דער היים און אַזוי אַרום מיטגעהאָלפן און לײַכטער געמאַכט די מערדער, זיי צו פאַרטיליקן און אומברענגען.

איך דערמאָן זיך ווי אונדזער שכן הערשל סקאָרופּקע, וועלכער האָט מיך גערופן שבת פאַר־נאַכט אויף צו ווײַזן, אַז איך זאָל באַקוקן ווי גוט ער האָט פאַרקלעפּט די שויבן פון זײַן נײַ הויז און מיט זיכערקייט און פרייד האָט ער גערעדט, אַז ער האָט „אין דער ערד" אַלע דײַטשן און ער האָט

שוין פאַר זיי נישט קיין מורא! לײדער, איז באַלד זונטיק אין דער פרי, געפאַלן די ערשטע באָמבע אין זײַן הויז און ער און זײַן פרוי איטע־רויזע און אויך יאָספּע קיטשקאָווסקי, וועלכע האָט דאָרטן געוווינט, זענען געווען פון די ערשטע דערהרגעטע פון סטאָק — און נאָך דעם איז אונטערגעצונדן געוואָרן דאָס גאַנצע שטעטל, אַ חוץ נײַ־סטאָק און זינט דאַן האָט דאָס שטעטעלע דערפילט די דײַ־טשע מערדערישע לאַפּע און די ערשטע רעזול־טאַטן פון דער מלחמה, וואָס איז באַשטאַנען פון הונגער און נע־ונדקייט.

איך וויל דערבײַ אונטערשטרײַכן, אַז די בע־קערײַ פון מײַנע עלטערן, קעגנאיבער דער פּאָלי־ציי, איז נישט פאַרברענט געוואָרן. מײַן טאַטע איז געווען זלמן לאַנגלייב, משה־אהרן דעם בעקערס זון; מײַן מאַמע שרה און מײַן עלטער ברודער יצחק. מיר זענען געווען זעקס ברידער און איין שוועס־טער — רחל, וואָס זענען שוין אַלע לײדער מער נישטאָ — און זאָל דאָ זייער אָנדענק דערמאָנט ווערן.

נאָך עטלעכע מאָנאַטן זיך אָפּמאַטערן בײַ די דײַטשן, איז זיי געלונגען אָנצוקומען קיין ביאַליס־טאָק, וווּ איך בין שוין דאָרטן געווען. אָבער לײ־דער זענען זיי אַלע אומגעקומען בעתן איבערפאַל פון די דײַטשן קעגן רוסלאַנד אין יאָר 1941, ווען די רוסן האָבן קאָנצענטרירט אַלע ייִדן וואָס זענען אַנטלאָפן פאַר די דײַטשן, אין ווײַס־רוסלאַנד; אין די געגנטן פון באַראַנאָוויטש, סלאָנים און אומ־געגנט — און אַלע זענען זיי דאָרטן אומגעבראַכט געוואָרן און דעם זעלביקן גורל האָט אויך געליטן מײַן פאַמיליע.

כבוד זייער אַלעמענס אָנדענק! איך בין לײדער פאַרבליבן איינער אַליין פון אַזאַ גרויסער פאַמי־ליע. דער גרעסטער טייל פון זיי איז אומגעקומען פון די מערדערישע הענט פון די נאַציס, אָדער דורך זייערע פּוילישע, אוקראַײַנישע, לעטישע און אַנדערע מיטהעלפּערס, אָבער נישט ווייניק פון מײַנע פרײַנט און נאָענטע און פון די ייִדן פון סטאָק בכלל, זענען אומגעקומען אין די סיבירער לאַגערן, אָדער אין קירגיזיע פון הונגער און קעלט — און איך דערמאָן אַ טייל פון זיי אויף אַן אַנדער פּלאַץ פון דאָזיקן יזכור־בוך.

מאָטל זאַיאָנץ / בוענאָס־אײַרעס

# ווענגראָווער דראַמקרײַז שפּילט טעאַטער אין סטאָק

(פאַרשידענע פאַרצייכענונגען)

ווען מיר דערמאָנען זיך אין אונדזער היימשטאָט ווענגראָוו, קומט גלײַך אַרויף אויפן רעיון די „מיזינקע" סטאָק, וואָס איז געווען פאַר די ווענגראָווער אַ מין פאָרהויז, אָדער די קלענערע צווילינגס־שוועסטער פון ווענגראָוו. סטאָק איז געווען פאַרבונדן מיט ווענגראָוו עקאָנאָמיש, סאָציאַל און קולטורעל; צוויי מאָל אין דער וואָך פלעגן סטאָקער קרעמערס, ייִדן אָדער ייִדענעס, קומען צו פאָרן קיין ווענגראָוו, מיט פויערשע וועגענער אויף אײַנצוקויפן סחורות, איבערהויפּט שפּײַז־אַרטיקלען פאַר זייערע קראָמען. און ווען סטאָקער ייִדן האָבן נישט געקאָנט דורכקומען צווישן זיך וועגן אַ סיכסוך, פלעגן זיי קומען אויף בוררות קיין ווענגראָוו, כדי די ווענגראָווער ייִדן זאָלן אויסגלײַכן די דאָזיקע סיכסוכים.

אויך צווישן די ווענגראָווער און סטאָקער פּאָליטישע ריכטונגען, איז געווען אַ שטענדיקער קאָנטאַקט און זייער אָפט פלעגן זיי זיך באַראַטן וועגן ענינים פון פּאַרטיי־געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער און די ווענגראָווער יוגנט האָט געהאַט אַ זייער געהויבענע מיינונג וועגן דער סטאָקער יוגנט; עס האָט זיי אימפּאָנירט זייער געזעלשאַפטלעכע רײַפקייט און זייער קולטור־פּרצוף וואָס האָט פאַרמאָגט אַ באַזונדערן חן און געהאַט אין זיך אַ געמיש פון גרויסשטאָטישקייט מיט דאָרפישער פּשטות, וואָס איז אויך געווען געאייניקט מיט סאָלידן באַוווּסטזײַן.

אין דעם קליינעם שטעטעלע סטאָק, האָבן — ווי אין דעם גרעסטן טייל ייִדישע ישובים — עקזיסטירט אַלע פּאַרטייען וואָס האָבן אַקטיווירט אויף דער ייִדישער גאַס. און כדי בולטער צו מאַכן דעם אַמביענט, וווּ עס זענען פאָרגעקומען די עפּיזאָדן, וואָס איך קלײַב מיך דאָ צו פאַרצייכענען, איז כדאַי צו דערמאָנען אַ פאַל, ווען דער ווענגראָווער דראַמקרײַז, בײַ דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, איז אויף דער אײַנלאַדונג פון דער סטאָקער פּועלי־ציון געפאָרן אַהין, כדי צו געבן אַ טעאַטער פאָרשטעלונג.

די סטאָקער גאַסטפרײַנדלעכקייט, איז בײַ דער ווענגראָווער יוגנט געווען גוט באַקאַנט און צוליב דעם, האָט דער פאָרשלאַג צו פאָרן קיין סטאָק אַרויסגערופן אַ גרויסן חשק בײַ אַ סך חברים — אויסער דעם דראַמקרײַז — צו פאָרן אַהין. און בײַ אונדזער בעסטן ווילן, נישט צו באַלאַסטן צופיל די סטאָקער חברים, מיטן עול פון באַזאָרגן אַ גרעסערע צאָל געקומענע (קיין האָטעל, איז פאַרשטייט זיך נישט געווען אין סטאָק), האָבן מיר דאָך געמוזט נאָכקומען דעם פאַרלאַנג פון אַ געוויסער צאָל חברים און זיי מיטנעמען קיין סטאָק און דאָס האָט אונדז געצוווּנגען צו דינגען צוויי פויערישע וועגענער, וועלכע זאָלן אונדז פירן קיין סטאָק; מיר האָבן געדונגען פויערישע וועגענער, מחמת צוליב שבת האָט קיין ייִדישער פורמאַן נישט געוואָלט פאַרלאָזן זײַן היים.

אין אַ הייסן זומערדיקן פרײַטיק נאָכמיטיק, האָבן מיר אויפגעלאָדן די טעאַטער־מטלטלים אויף די וועגענער און זענען געפאָרן קיין סטאָק. דער שטח פון ווענגראָוו ביז סטאָק איז געווען בײַ די 17 קילאָמעטער, פון דעם זענען בײַ די 7 קילאָמעטער — ביזן דאָרף סטאַראָוויעזש — געווען אַ ברוקירטער שאָסיי און פון דאָרטן, האָט זיך פאַרענדיקט דער שאָסיי און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ זאַמדיקער שליאַך. און דער עולם אויף די וועגענער, איז געווען פול מיט שמחה — ווי עס איז דער שטייגער בײַ דער יוגנט — און באַלד בײַם פאַרלאָזן ווענגראָוו, האָט דאָס געזיבלט מיט שפּיצערײַען און מיט געזאַנג.

די פּאַנאָראַמע האָט זיך אָבער געענדערט, ווען מיר זענען אַרויפגעפאָרן אויף דעם זאַמדיקן וועג און מען האָט נישט באַוויזן אָפּצופאָרן קיין צוויי קילאָמעטער, האָבן זיך אָנגעהויבן די „חבלי

לידה״ פון דער רייזע, וואָס האָבן אָפּגעשטעלט די שטיפערייען, מחמת די פערדלעך האָבן אָנגעהויבן אונטערצוהינקען און יעדע צוויי שפּאַן האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. און מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ערשט דער „פאָרשפּיל״ און דאָס ערגסטע וועט קומען שפּעטער — און כך הוה, עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווי די אמתע שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן; גאַנץ פּלוצלינג, האָבן ביידע פערד, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך „אָפּגערעדט״ זיך אין גאַנצן אָפּגעשטעלט און זיך נישט גערירט פון אָרט; האָבן אויסגעדרייט די פערדישע קעפּ צום וואָגן און האָבן „מיושבדיק״ באַטראַכט די פריילעכע חברה אויפן וואָגן, אַראָפּגעלאָזט די קעפּ, האַלב פאַרמאַכט די אויגן — און סטאָפּ, מען גייט נישט... מיר ווענדן אונדזערע אויגן צו די פויערים ־ פורמאַנעס און זיי זיצן זיך גאַנץ רויק, די פיס פאַרלייגט און פונקט ווי זייערע פערד, מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, כאַפּן זיי אַ דרימל.

מיר קוקן זיך איבער איינער מיטן צווייטן און הויבן אָן צו פאַרשטיין דאָס „פאַרשטענדיקן״ זיך פון די פערד מיט זייערע באַלעבאַטים, אָדער פאַרקערט. און אין דעם הייסן זומער־טאָג, ווערט אונדז קאַלט אין די אברים; אַ שיינע מעשה, פרייטיק, ווייט נאָך מיטיק און די זון רוקט זיך צו מעריב. אונדזערע טענות צו די פורמאַנעס, אַז מיר קאָנען נישט אַריינפאָרן אין שבת אַריין קיין סטאָק, אַ זאַך וואָס עס איז אוממעגלעך, שווייגן זיי לעפּיש, הויבן מיט די אַקסלען און צעשפּרייטן די הענט, וואָס דאָס מיינט צו זאָגן, אַז זיי קאָנען גאָר נישט העלפן.

מיר רעדן זיך דורך צווישן זיך און מיר באַשליסן אַראָפּצוגיין פון די וועגענער, כדי די פערד זאָלן זען אונדזער מענטשלעכקייט, וועלן זיי נישט קאָנען האַנדלען אַזוי פערדיש קעגן אונדז... מיר קריכן אַראָפּ פון די וועגענער, אַלע איש ואישה און טאָפּטשען מיט די פיס אין די טיפע זאַמדן. וואָלטן מיר נישט געהאַט דעם טעאַטער־רעקוויזיט אויף די וועגענער, וואָלטן מיר איבערגעלאָזט די פערד, מיט זייערע באַלעבאַטים — און גייענדיק וואָלטן מיר זיכער אָנגעקומען אַ סך שנעלער. אָבער דאָ דערוואַרט אונדז אַ נייער סיורפּריז: נאָך אונדזער אַראָפּגיין פון די וועגענער, זעענדיק אַז אַלע טאָפּטשען אין די זאַמדן, גיט דער פויער אַ שטורך מיט דער בייטש דאָס פערד און איינער פון די פערד טוט געלאָזן אַ דריי אויס דעם קאָפּ, באַטראַכט דעם עולם פון ביידע זייטן וואָגן און זעט אַז דער וואָגן איז אויסגעליידיקט און די „פּיעכאָטע״ גייט אַרום די וועגענער, הייבט ער אויף די פיס און נעמט גיין — אָבער רחמנא לצלן! וואָס פאַר אַ גאַנג איז דאָס? — טריטעלעך פון אַ קעסט־קינד... מיר רעכענען אויס, אַז מיט אַזאַ „גאַנג״ וועלן מיר אָנקומען קיין סטאָק צו די שלוש־סעודות...

מיר „וואַרפן״ זיך אויף די פורמאַנעס מיט אַ שפּאָר ביסל צאָרן און דערמאָנען זיי, אַז מיר האָבן אָפּגעמאַכט, אַז זיי דאַרפן אונדז ברענגען קיין סטאָק צוויי שעה פאַרנאַכט — נאָר גיי טענה זיך אויס מיט אַ טויב־שטומען... זיי הייבן מיט די אַקסלען און צעשפּרייטן די הענט; מיר באַראַטן זיך צווישן זיך און עס בלייבט מיט דער הסכמה פון דעם גאַנצן עולם, אַז מיר זאָלן זיך שטעלן ביי די זייטן פון די וועגענער און אונטערשטופּן די וועגענער און מיט דעם שטופּן אויך אונטערטרייבן די פערד.

דערזעענדיק דאָס, גיט דאָס פערדל אַ הירזשע, וואָס האָט געזאָלט זיין אַזאַ מין לאַכן אויפן חשבון פון די „יאָלדן״ — און האָט אָנגעהויבן צו שטעלן גרעסערע טריט און זיין פערדישער „חבר״, האָט אים נאָכגעטאָן דעם ביישפּיל. די געדריקטע שטימונג וואָס האָט אונדז אַלעמען באַהערשט, צוליב דער מורא, אַז מען וועט נישט דערפאָרן ביז שבת קיין סטאָק, האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזט און פאַרקערט, די שפּיל וואָס די פערד האָבן אונדז אָפּגעשפּילט, האָט אויפגעהייטערט דעם עולם און אַ טייל האָבן דאָס באַטראַכט ווי אַ טשעקאַוון עפּיזאָד און כמעט ווי אַן אַוואַנטורע — אַ פערדישע אַוואַנטורע... דער עולם האָט אָנגעהויבן צו שפּאַסן, אַז דאָס נעמט זיך פון דער סטאָקער לופט, וואָס האָט „קלוג״ געמאַכט די פערד; אַנדערע האָבן צוגעגעבן: ווער ווייסט וואָס די סטאָקער גופא קאָנען אונדז אָפּטאָן? די געהייטערטע שטימונג, האָט אַרויסגערופן אַ פּלאַן, פאַרוואָס זאָלן מיר נישט אויסנוצן דאָס שטופּן דעם וואָגן אויף איבערצוחזרן די פּיעסע, וואָס מיר דאַרפן שטעלן מאָרגן פאַר דער מבינות פון סטאָקער פּובליקום? אַ צווייטער האָט צוגעגעבן, אַז מען זאָל די פּיעסע אויסשפּילן בנוסח „אָפּערע״, מיט געזאַנג, וועט זיין גרינגער צו שטופּן דעם וואָגן, עלעהיי די רוסישע פישער, וואָס זינגען „העי וואָלגאַ״! און אַזוי איז טאַקע געבליבן. דאָס געזאַנג האָט שטאַרק „נושא חן״ געווען ביי די פערד און צו הירזשענדיק האָבן זיי זיך גענו־

מען שנעלער גיין —און כמעט ווי געלאָפן— און מיר האָבן קוים באַוויזן נאָכצוהאַלטן דעם לויף. הפנים, אַז די פערד האָבן אונדז געוואָלט מפיס זײַן פאַר זייער פריערדיקער שלעכטער האַנדלונג און סאַפּענדיק האָבן מיר דערזען פון דער ווײַטנס די סטאָקער דעכער און ווי די זון גליטשט זיך אַראָפּ פון זיי איבערלאָזנדיק שאָטנדיקע פלעקן.

***

די סטאָקער חברים זענען אַרויס פון שטעטל אונדז אָפּצוּוואַרטן און זיי זענען שוין געווען אַ ביסל אומרויִק צוליב דער שפּעטער שעה. און ווען זיי האָבן אונדז דערזען פון דערווײַטנס, האָבן זיי אָנגעהויבן צו לויפן צו אונדז מיט אָפענע אָרעמס — און אָפענע מײַלער, אויף צו דערוויסן זיך די סיבה פון אונדזער פאַרשפּעטיקן זיך. מיר האָבן, גייענדיק צום שטעטל, מיט די לעצטע כוחות וואָס עס איז אונדז פאַרבליבן פון דער „לויפנדיקער רײַזע", זיי דערציילט וואָס די פערד האָבן מיט אונדז געטאָן... מיר זענען אַרײַן אויפן מאַרק, וואָס איז דער צענטער פון סטאָק; דער מאַרק איז געווען פול מיט אײַלעניש. די ווײַבער האָבן זיך געאײַלט אַהיים פון די נאָרוואָס פאַרמאַכטע קראָמען; פאַרשפּעטיקטע פורמאַנעס האָבן אונטערגעלעגנט זייערע פערד און ייִדן מיט נאַסע בערד און פּיאות, וואָס זענען נאָר וואָס אַרויס פון מקוה, האָבן געאײַלט אין זייערע היימען אויף אויפצונעמען דעם שבת.

שטייענדיק אויפן מאַרק, זענען די געקומענע צוגעטיילט געוואָרן צו באַשטימטע חברים, וואָס אין זייערע היימען זענען זיי אויפגענומען געוואָרן אַלס אורחים אויף שבת. און דער מאַרק האָט מיט אַמאָל געביטן זײַן אויסזען; די זון האָט איבערגעלאָזט אויפן ראַנד פון די סטאָקער פעלדער אַ ברייטן, פײַער־גלאַנציקן פּאַס. דער פריערדיקער רעש און לויפערײַ, איז ווי דורך אַ צויבער־שטעקעלע פאַרשוווּנדן און די מנוחה פון שבת האָט אויסגעשפּרייט איר רו איבער די ייִדישע היימען — און מיט אַמאָל זענען אַלע פענצטער באַלויכטן געוואָרן פון די אָנגעצונדענע ליכט. מאַמעשע הענט האָבן זיי אָנגעצונדן, אַרומגעאָרעמט און באַדעקט מיט די געלײַטערטע הענט דאָס פּנים, האָבן זיי געבענטשט דעם הייליקן שבת און בײַ מיר האָט עפּעס אויפגערודערט און אָפּגעזעצט זיך אויף די ליפּן, וועלכע האָבן שטיל געשעפּטשעט „מה טובו אוהליך יעקב".

איך בין געגאַנגען מיטן חבר פ. אין דער היים פון זײַנע עלטערן, ווו איך בין געווען אײַנגעלאַדן אַלס „אורח" אויף שבת. אַרײַנקומענדיק האָב איך געטראָפן זײַן מאַמען שטיין בײַם ווײַס־געדעקטן טיש, אָנגעשפּאַרט מיט די אײדעלע הענט און פון איר באַחנט פּנים האָט אַרויסגעלויכטן די עמאָציע פון נאָרוואָס פאַרענדיקטן ליכט־בענטשן, מיט דער מנוחה פון הייליקן שבת, אויף מײַן באַגריסן מיט אַ „גוט שבת!", האָבן צוויי לויכטנדיקע מאַמעשע אויגן, מיך באַגאָסן מיט וואַרעמער גוטסקייט און חן און זי האָט מיר מיט שטילער האַרציקייט געענטפערט: „גוט שבת, גוט יאָר!". באַלד נאָך דעם איז געקומען דער טאַטע פון בית המדרש און גענומען אויסזינגען מיט אַ זאַפטיקער שטימע דעם „שלום עליכם" און „אשת חיל". די מאַמע האָט מיט כוונה און גליקזעליקייט זיך אײַנגעהערט, האַלטנדיק אירע ווײַסע הענט אויף די חלות, וואָס זענען געווען צוגעדעקט מיט אַ ווײַס אויסגעהאַפטן טישטעכל. דער טאַטע האָט נאָכן פאַרענדיקן זינגען „אשת חיל", איז ער צוגעגאַנגען צום טיש, אָנגעגאָסן אַ בעכער ווײַן און געמאַכט קידוש. נאָכן וואַשן זיך די הענט, האָבן מיר זיך געזעצט צום שבתדיקן טיש און מיט הנאה האָבן מיר געגעסן פון די שבתדיקע מאכלים, וואָס זענען באַגלייט געוואָרן מיט שיין געזונגענע זמירות, דורכן בעל הבית פון הויז.

דאָס אַלץ איז באַהויכט געוואָרן מיט שבת־קודשדיקער שטילקייט און שלווה, וואָס איז געפלאָסן פון דער אײדלקייט פון דער בעלי־הביתטע, וואָס האָט באַדינט דעם טיש — און מײַנע ליפּן האָבן פון זיך אַליין שטיל געזאָגט „שבת מלכה". בײַם סוף פון עסן, האָט דער בעל הבית גענומען פאַרפירן מיט מיר אַ שמועס (אין מיטן עסן, טאָר מען, ווי באַקאַנט, נישט רעדן, ווײַל עס זאָגט זיך „אין משיחין בסעודה"); ער האָט זיך גענומען אויספרעגן, מיט אַ סך אײדלקייט, וועגן מײַן פאַמיליע, וועגן פּרנסה, וועגן געזונט און ביסלעכווײַז אַריבער צו דער פראַגע וועגן דער לאַגע פון די ייִדן און וואָס ווילן מיר מיט אונדזער טעטיקייט (דער בעל הבית איז געווען אַ „מזרחי") און אויף דו"ר באַזע האָט זיך אַנטוויקלט אַ ברייטער און אַלזײַטיקער שמועס און נישט וועלנדיק אָנרירן זײַנע איבערצײַגונגען, האָב איך פאַרענדיקט: אונדזערע וועגן גייען זיך פאַנאַנדער, אָבער בלויז

אין דער טאַקטיק; אין תוכן אָבער שטרעבן מיר אַלע צו פאַרזיכערן דעם קיום פון אונדזער פאָלק און זײַן צוקונפט, כדי דאָס פאָלק זאָל קאָנען אויסלעבן אַ ייִדיש באַוווּסטזיניק לעבן, פרײַ און אָן מורא פאַר אונטערדריקונג און נישט ווערן דיסקרימינירט פון קיינעם — און כדי דאָס צו דערגרייכן, איז נייטיק אַן אייגן לאַנד, אויף דעם פּלאַץ פון אונדזערע אבות.

ער איז געבליבן זיצן שטיל נאָכטראַכטנדיק און דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן זײַנע גוטע אויגן, מיך באַטראַכט אַ ווײַלע און שטיל געזאָגט, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין: אַ סך דרכים זענען פאַראַן וואָס פירן „על דרך המלך"; אײַערע אידייען און צילן זענען טיף ייִדישע. איר (מיינענדיק מיך און זײַן זון), האָט ייִדישע הערצער און געפילן. זאָל השם יתברך אײַך זײַן צו הילף!. די מאַמע וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסן שטיל און מיט אַ סך אינטערעס זיך צוגעהערט צום שמועס, האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן איר קאָפּ און מיט לײַכטנדיקע אויגן און מיט אַ ליכטיקן מאַמעשן שמייכל, מיר שטום באַדאַנקט. דאָס איז געווען אַ מתנה פאַר איר זונס חבר.

פון גאַס האָבן זיך אַרײַנגעריסן יונגע שטיפּערישע קולות און אַ לײַכטער געלעכטער; דאָס האָבן יונגע מיידלעך און יינגלעך זיך איבערגערופן מיט לײַכטע שטעך־ווערטלעך און צעטיילט אין פּאַרטיי־קרײַזלעך, האָבן זיי דעם דינעם פלירט אײַנגעוויקלט אין אַ כלומרשטן מיינונגס־אויסטויש. מיר זענען אַרויס אין גאַס און גלײַך זענען מיר אַרומגענומען געוואָרן פון אַ פריילעכער, שטיפּערישער יוגנט, וועלכע האָבן געהערט צו פאַרשידענע פּאַרטייען און האָבן זיך געפּורעמט ווי אַ פילפאַרביקער בלומענקראַנץ.

די זומער־נאַכט האָט לײַכט געווינטלט מיט זיס־רייצנדיקע ריחות, וואָס זענען געקומען פון דעם נאָענטן סאָסנע־וועלדל און געלאָקט מיט אַ סך צוזאָגן, אין דעם נאַכטיקן גלי. די יוגנט, ווי זי וואָלט דאָס נישט באַמערקט, האָט דעם ברי פון זייער יונגן בלוט „אויסגעפײַערט" אין די הייסע דיסקוסיעס און אין אַ וואַרעמער פאַרטיידיקונג פון זייערע אויסגעוויילטע אידייען, וואָס זענען פאַר זיי צוגעפּאַסט געוואָרן צו לייזן די אַקטועלע צײַטפּראָבלעמען.

אַרויסשפּאַצירנדיק פון שטעטל, האָבן זיי זיך אָנגעזאַפּט מיט די פעלד־ריחות, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אין דער רײַפקייט פון זייערע הייסע יונגע הערצער און בײַ די ראַנדן פון די סטאָקער פעלדער —דאָרטן ווו עס באַגעגנט זיך דער הימל און די ערד— האָט זיי דערמאָנט, אַז שפּעטער וואַרטן אויף זיי נײַע און אינטערעסאַנטע וויכּוחים, וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען און עס פּאָדערט זיך אַ ביסל רו אויף אויפצוהאַלטן קלאָר דעם קאָפּ און אַ שטאַנדהאַפטיק געמיט — און גיך אײַלנדיק, איז יעדער איינער געלאָפן צו זיך אַהיים, אין זײַן רו.

שבת, נאָכן עסן, האָט דער לאָקאַל פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי, זיך אָנגעפילט איבער די ברעגן מיט יוגנטלעכע פון פאַרשידענע ריכטונגען אַ חוץ די חברים פון די פּועלי־ציון, זענען אויך געקומען חברים פון „בונד" (וועלכע האָבן געהאַט זייער אַ סך באַוווּסטזיניקע און אינטעליגענטע יוגנטלעכע), אויך חברים פון „השומר הצעיר" א"אַ וועלכע האָבן מיט אומגעדולד און אַפילו מיט אַ געוויסער עקשנות געוואַרט אויף די צווישן־פּאַרטייִשע שמועסן, וואָס די פּועלי־ציון פּאַרטיי האָט געהערט אויף הײַנט.

דער שמועס איז פאָרגעקומען אין אַן אַמביענט פון אַ געהעריקער הויך און מיט אַ טיפן און אַלזײַטיקן אַנאַליז וועגן די פּראָבלעמען וואָס זענען באַהאַנדלט געוואָרן. באַזונדערס האָט זיך דער צווישן־פּאַרטייען־שמועס אויסגעצייכנט מיט זײַן חברישער און טאָלעראַנטער באַציִונג צו די מיינונגען פון די קעגנערס; אַפילו אין די הייסע מאָמענטן פון דער שאַרף־ווערטערדיקער דיסקוסיע, האָט מען נישט איבערגעטראָטן דעם רעספּעקט און לאָיאַליטעט צום קעגנער און צו זײַן מיינונג.

ווען איך וועק אויף אין מײַן זכּרון דעם לויף פון יענעם צווישן־פּאַרטייִשן וויכּוח, וואָס מיר האָבן געפירט מיט דער טײַערער און האַרציקער סטאָקער יוגנט, זע איך פאַר מיר תּמיד דעם פלאַם פון התלהבות, וואָס פלעגט זיך אָנצינדן אין זייערע אויגן, בײַם פאַרטיידיקן זייערע פּרינציפּן, אין וועלכע זיי האָבן הייליק געגלויבט. און בײַם שליסן דעם דעמאָלסטיקן שמועס, האָב איך האַרציק געדאַנקט אַלע באַטייליקטע אין דעם שמועס, פאַר דעם נחת רוח און פאַר דער ערנסטער און רײַפער באַציִונג וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן און איך האָב ספּעציעל אונטערגעשטראָכן דעם הויכן גראַד פון

טאָלעראַנץ און אײדעלע באַציִונג פון איין פּאַרטיי צו דער צווייטער און פון איין חבר צו דעם צווייטן. הלוואַי —האָב איך דעמאָלט אונטערגעשטראָכן— אויף גרויסע פּאַרטיי־צענטערן געזאָגט געוואָרן!

און דערמאָנענדיק זיך אין יענעם שמועס, פיל איך ווי אַ קניפּ שטיקט מיך אין האַלדז — און די אויגן ווערן פאַרנעפּלט פון פייַכטקייט.

*
**

די טונקלקייט, האָט זיך פלוצלינג אַראָפּגעלאָזט אויף דעם סטאָקער מאַרק און אויף די זייַטיקע געסלעך. פון די חסידים־שטיבלעך האָבן זיך אַרויסגעריסן די זמירות פון שלוש־סעודות. מיר האָבן געדענקט, אַז דער עיקר קומט איצטער, אָבער מיר האָבן נישט געקאָנט באַליידיקן דאָס פרומע סטאָק און ברענגען אונדזער רעקוויזיט אין דעם זאַל פון די פייַער־לעשער, איידער מען האָט געדאַוונט מעריב. אָבער נאָך הבדלה, האָבן די אָנטיילנעמערס אין דער פאָרשטעלונג „גאָט, מענטש און טייַוול”, זיך פאַרזאַמלט הינטער דער ענגער בינע, ביי די קוליסן און זיך אָנגעהויבן צו גרייטן צו דער פאָרשטעלונג און צוליב דער ענגשאַפט, האָט יעדע זאַך געמוזט צוגעגרייט ווערן באַזונדער און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געמוזט געטאָן ווערן אין אייַלעניש כדי עס זאָל נישט דאַרפן דויערן קיין סך שעהן, ווייַל מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז דער עולם וועט זיכער זייַן אומצופרידן פון אַ לאַנגן וואַרטן.

מיר האָבן טאַקע געבעטן די חברים, אַז זיי זאָלן, ווי ווייַט מעגלעך, אויפהאַלטן דעם עולם טעאַטער־גייער אין דרויסן, אָבער ווען מיר האָבן שוין פאַרענדיקט דאָס צוגרייטן און האָבן שוין געוואָלט אָנהייבן די אויפפירונג, האָט אונדז אַלעמען געוווּנדערט די שטילקייט וואָס עס הערשט אין זאַל. מיר האָבן פון אַ ווינקל געכאַפּט אַ בליק אין זאַל און זענען נשתומם געוואָרן: ליידיק, פולשטענדיק ליידיק איז דער זאַל געווען; דער זייגער ווייַזט שוין נאָענט צו האַלבער נאַכט און קיינער פון די סטאָקער חברים איז נישטאָ. מיר קוקן זיך איבער איינער מיט דעם צווייטן צוליב דעם מאָדנעם וווּנדער. די חברים האָבן אונדז פאַרזיכערט, אַז די בילעטן זענען אַלע אויספאַרקויפט, טאָ וואָס פאַר אַ צרה האָט דאָ געקאָנט פאַסירן?

איינער פון אונדז מאַכט אַ באַמערקונג: סטאָק איז פול מיט סיורפּריזן — און אַפילו די פערד האָבן דאָס פאַרשטאַנען... גאַנץ פלוצלינג באַווייַזט זיך הינטער דער בינע אַ סטאָקער חבר און מיר באַגעגענען אים מיט אָפענע מייַלער און זענען אים גרייט צו שטעלן אַ סך פראַגעס, נאָר ער פאַרכאַפּט אונדז פריִער שמייכלענדיק און באַרויִקט אונדז: זייַט נישט איבערראַשט, חברים! די זאַך איז אַזעלכע: אַלע בילעטן זענען אויספאַרקויפט און דער עולם ביי דער טיר רייַסט זיך און וויל אַרייַן אין זאַל, נאָר מיר לאָזן נישט. פאַרוואָס? שרייַען מיר אַלע אויס מיט איין קול? און עס ווייַזט זיך אַרויס, אַז דער ענין איז אַזעלכער: זיי האָבן אויספאַרקויפט בילעטן צו די חברים פון די דערבייַיקע אינדוסטריעלע דערפער, ווי באַצק, אָסטרוועק, סאַדאָוונע און היטע, וועלכע געפינען זיך ביי די 10—12 קילאָמעטער און מען האָט זיי צוגעזאָגט, אַז מען וועט אויף זיי וואַרטן און מען ווייסט, אַז זיי זענען אַרויסגעפאָרן באַלד נאָך הבדלה און וועלן זיכער באַלד אָנקומען און אויב מען וועט אַרייַנלאָזן דעם עולם אין זאַל, וועט מען פאַרלאַנגען אַז מען זאָל באַלד אָנהויבן צו שפּילן, ווייל מען דעריבער וואַרטן אויף די געקומענע פון אַנדערע פלעצער.

מיר זענען געבליבן אָנגענעם איבערראַשט פון דעם דאָזיקן ענטפער און איינער אַ חבר האָט זיך אָפּגערופן: מיר האָבן געמיינט, אַז מיר קענען שוין סטאָק מיט אירע אַלע סיורפּריזן, צום סוף ווייַזט זיך אַרויס אַז נישט; מען קאָן זאָגן —רופט זיך אָפּ אַ צווייטער חבר— „אויב נישט נאָך העכער!” הערט אַ וווּנדער: אויפהאַלטן דעם עולם ביז נאָך אַ האַלבער נאַכט, צוליב אַ פּאָר „דאָרפישע” חברים, וועלכע ווילן זען אַ ייִדישע פאָרשטעלונג — און דער עולם וואַרט מיט געדולד. אַן אַנדער חבר זינגט: סטאָק, סטאָק — מייַן טייַער שטעטעלע סטאָק! און נאָך אַ חבר שרייַט אויס: חברים, פאַרגעסט נישט; אַזאַ קרבן פון חברים טאָר מען נישט פאַרגעסן!

נאָך אַ מערקווירדיקן עפּיזאָד פון סטאָק. דער פריִער־דערמאָנטער חבר גייט אַוועק און מיר זעצן זיך אויס אויף דער פּאָדלאָגע און צוליב דער מידקייט און נישט דערשלאָפן די פריִערדיקע נאַכט, שפּאַרן מיר אָן די קעפּ אויף אַ נעבן־זיצנדיקן חבר און מען כאַפּט אַ דרימל, וואָס פאַרוואַנדלט זיך צו ביסלעך אין אַ האַרטן שלאָף און עס דערגייט דער־

צו, אַז שוין היפּשע מינוטן ווי חברים וועקן אונדז און מיר קאָנען זיך נישט אויסטשוכען:

— שטייט אויף, חברים! בעטן זיך אונדזערע וועקערס, די דאָרפסלײַט זענען שוין אָנגעקומען. דער רעש און געדודער, געלעכטער און גערעדע־רײַ מאַכן אונדז וואַך און אַלע שפּילערס הייבן זיך האַסטיק אוי'ף. איך מונטער די חברים שפּילערס: זעט, דער זאַל איז איבערגעפולט און שפּאַרט ממש די ווענט! זאָגט מיר, ווו האָט איר געזען אַזאַ אי־דעאַליסטישע יוגנט, מיט אַזוי פיל געדולד און טאַקט? אַ יוגנט וואָס איז גרייט צו וואַרטן אַ האַל־בע נאַכט, כדי צו זען אַ פאָרשטעלונג — און זיי זענען גרייט צו וואַרטן אויף אייניקע חברים און אַנדערע חברים לאָזן זיך אַרויס בײַנאַכט אויף צענדליקער קילאָמעטער, כדי צו זען אַ יידישע פאָרשטעלונג, געשפּילט פון אַמאַטאָרן, ווייסט דע־ריבער פאַר וועמען איר שפּילט און ווײַזט זיי, אַז איר האָט די ווערט — און שפּילט גוט דעם טעאַ־טער!

דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבן און די סטאָקער יוגנט האָט אונדז געגעבן „קרעדיט" און אונדז אויפגענומען מיט שטאַרקע אַפּלאָדיסמענטן, נאָך איידער זיי האָבן געזען די פאָרשטעלונג און נאָך יעדן אַקט, זענען די אַפּלאָדיסמענטן געוואָרן נאָך שטאַרקער. די שפּילער זענען פון די געשעע־נישן ערב דער פאָרשטעלונג, געוועזן עמאָציאָנירט און איבערגעיוירן מיט געפילן פאַר די טרײַע חברים, וועמען מען האָט געקענט, אָבער זייער אי־דעאַליזם, טאַקט און חברישקייט, איז ווײַט אַרי־בערגעשטיגן די השגה וואָס מען האָט געהאַט וועגן זיי.

די פאָרשטעלונג האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַן אויסגעפּילטן ענטוזיאַזם, סײַ פון די שפּילערס און סײַ פון דעם טעאַטער־עולם און אַזוי ווי זיי האָבן נישט געקאָנט אונדז באַגריסן אויף דער בינע, האָבן מיר געמוזט אַראָפּגיין אין זאַל, און די האַנט־דרוקן פון די דאָרפישע יינגלעך, געדענק איך נאָך ביז הײַנט און זייער האַרציק באַגריסן אונדז מיט אויפריכטיקער באַגײַסטערונג, האָט אונדז געוואַ־רעמט די נשמה.

ווען דער עולם האָט זיך באַרויִקט און מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צוזאַמענגרייטן אַראָפּצעוואַרפן פון זיך די לאַסט פון די בערד און פון דעם גרים, איז אונטערגעקומען נאָך אַ סיורפּריז: די פּושקע, אין וועלכער מיר האָבן געהאַט אַ שמירעכץ אויף אָפּצורייניקן זיך פון דעם גרים, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן און עס האָבן נישט געהאָלפן אַלע זוכענישן און מיר האָבן געמוזט אָננעמען די אײַנלאַדונג פון די חבריב, אַז מיר זאָלן גיין מיט דער הלבשה און מיט דעם גרים אין פאַריין אַרײַן און דאָרטן וועט מען אונדז שוין באַזאָרגן. מיר זענען אין דער דאָ־זיקער הליכה אַרויס אויף דער גאַס און געמוזט דורכגיין דעם מאַרק, וואָס עס איז געווען די האַנ־דלס־געגנט פון סטאָק.

די זון האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבן און אַ שפּאָר ביסל זיך אַרײַסגערוקט פון דער סטאָקער „אונטערערד". דער מאַרק האָט שוין געאָטעמט מיט טאָג־טעגלעכער אַרבעט און מענטשן האָבן שוין געעפנט די קראָמען; די מילך־יידענע, דער בעקער, דער קצב א"אַ זענען שוין אָנגעגאַנגען מיט זייערע טעטיקייטן און אַ סך יידן מיט טליתים אונטער די אָרעמס, זענען געגאַנגען אין בית־המדרש אַרײַן דאַווענען —און להבדיל גויים— זע־נען געגאַנגען אין קלויסטער אַרײַן. אַלע האָבן זיך אָפּגעשטעלט, אונדז באַוווּנדערט, מיט אַ שמייכל אויפן פּנים און אונדז באַגלייט פרײַנדלעך מיט זייערע בליקן.

— נו, —זאָגט אַ חבר— אַ צוגאָב־פאָרשטע־לונג. זאָל זיי וויל באַקומען! — גיט צו אַ צווייטער. אין לאָקאַל פון פאַריין, האָבן מיר זיך אַרומ־געוואַשן, אָפּגערייניקט פון די „שמירעכצער" און אַנדערע אומרייניקייטן און נאָך דעם ווי די חברים פון סטאָק, האָבן מיט אונדז מיטגעפרישטיקט, האָבן מיר אויפגעלאָדן אונדזער גאַרדעראָב און זיך געזעגנט האַרציק מיט די חברים און פרײַנד, וואָס זענען געקומען אונדז ווינטשן אַ פאָר־געזונט.

דורכפאָרנדיק סטאָקער מאַרק און אַ טייל געס־לעך, וועלכע האָבן געפירט צו דעם וועג קיין ווענגראָוו, האָבן מיר געזען דאָס וואָכעדיקע סטאָק פון אַרבעט און באַשעפטיקונג — און כאָטש סטאָק איז מיר געווען באַקאַנט פון אַנדערע באַזוכן, האָב איך איצטער דאָס געזען מיט אַנדערע אויגן — מיט אַ מין אונטערשייד פון קודש לחול; פון נעכטן און פון הײַנט און איך האָב אויך געזען דעם „חול" אין זײַן האַלבער קדושה; דאָס קול פון דעם סטאָלערס זעג, דער קלאַנג פון דעם שוסטערס האַ־מער, דער רויש פון דער שנײַדער־מאַשין, האָבן זיך באַהאָפטן מיט די געזאַנגען פון די קינדער אין

די חדרים און פון די בחורים אין בית־המדרש, וועלכע האָבן אויסגעזונגען מיט פאַרשידענע ני־גונים זייער לערנען גאָטס תורה.

איך האָב מיך אַליין געוווּנדערט: איך שטאַם פון אַ פרומער היים און פון אַ שטעטל, וואָס איז —ווי אַלע פוילישע שטעטלעך— געווען יידיש־רעליגיעז. מײַן שטאָט האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן פּראָצענט אַרבעטער און אַ סך לערנערס פון חד־רים ביז אַ ישיבה — און דאָך געדענק איך נישט, אַז עס זאָל זיך ווען עס איז אײַנקריצן אין מײַן געמיט דער אופן פון דעם יידישן לעבן און לער־נען, מיט אַלע אַקטיוויטעטן, ווי דאָס איז געשען אין דעם קליינעם סטאָק און איך האָב נישט גע־ווּסט דעם פאַרוואָס.

מיר זענען אַרויס פון סטאָק. אַלע חברים האָבן גענומען דערציילן די אײַנדרוקן פון זייער נסיעה; האָבן דערציילט פון דער פרײַנדלעכקייט מיט וועלכע מען האָט זיי אויפגענומען אין די היימען פון די עלטערן פון די חברים, וואָס האָבן זיי גע־בראַכט צו זיך אין שטוב. די שבחים פאַר דער סטאָקער יוגנט, פאַר זייער רײַפן און סאָלידן באַ־וווּסטזײַן, זייער טאַקט בײַם דיסקוטירן מיט די קעגנערס, זייער טאָלעראַנץ צו דעם קעגנערס מיי־נונגען — אַ סך אַנדערע מעלות, וואָס זיי האָבן דערזען אין סטאָק בכלל און בײַ דער יוגנט בפרט. אַלע זענען מיר געווען אײַנשטימיק, אַז אויף צו באַקענען זיך מיט דער סטאָקער יוגנט, דאַרף מען פאָרן קיין סטאָק און איינער פון אונדז האָט באַ־מערקט דעם באַקאַנטן אַפאָריזם פון: „ווילסטו דעם דיכטער קענען, מוזטו אין זײַן לאַנד גיין״ און אַלע האָבן זיך געאייניקט מיט דער הנחה, אַז צווישן די קליינע יידישע שטעטלעך, איז סטאָק אַ גינס־טיקער אויסנאַם און אַז די סטאָקער יוגנט נעמט אויף מיט טיפער פאַרשטענדעניש די פּראָבלעמען וואָס שטייען ברומו אין דער יידישער וועלט — און דעריבער פילן זיי אויס די רייען פון די פאַר־טייען, וואָס גיבן זיי ליזונגען פאַר די דאָזיקע פּראָבלעמען און דינען מיט געטרײַשאַפט און אײַ־בערגעגעבנקייט פאַר זייערע פאַרווירקלעכונגען.

⁂

דערמאָנענדיק הײַנט דעם זכר פון סטאָק — און בײַם לאָזן אויפפרישן אין אונדזער געדאַנק די איבערגעלעבטע צוזאַמענטרעפן מיט דער יוגנט פון סטאָק, וואָס איז געווען גרויס גײַסטיק און מאָראַליש; דעם סטאָק, וואָס מיר, וועגגראַוווער, האָבן זיך מיט איר געגרויסט, פּונקט ווי אַן עלטע־רער ברודער גרויסט זיך מיט די פעיקייטן פון אַ יינגערן ברודער; דערמאָנענדיק דאָס אַלץ, קאָן איך אויך נישט פאַרגעסן, מיט אַ גרויסן און טיפן ווײ־טיק, אַז אין די טיפע זאַמדן, אויף וועלכע מיר זע־נען דעמאָלט געפאָרן, זענען איצט צעשפּרייט די דערמאָרדעטע גופים פון אונדזערע סטאָקער ברי־דער, וועלכע האָבן מיט שטאָלץ און כבוד געטראָגן דעם יידישן חותם — און אויפן זעלביקן זאַמדיקן וועג, זענען אַ סך פון זיי צעשאָסן געוואָרן.

זיי זענען געגאַנגען אויף דעם דאָזיקן וועג, מיט אַ קללה פון פאַראַכטונג קעגן זייערע מערדער און מיט אַ גלויבן, אַז „נצח ישראל לא ישקר״. אַ טיפער קרעכץ פון גרויל און ווייטיק רײַסט אויף אונדזער האַרץ און אין אונדזער קדיש דערמאָנען מיר אײַך, ווי דעם טייל וואָס האָט זיך געבינדן בצרור החיים פון די זעקס מיליאָן קדושים — און צווישן אונדזערע נאָענטע און אייגענע וועלן מיר אײַך שטענדיק געדענקען מיט יראה און קדושה — און קיין מאָל אײַך נישט פאַרגעסן!

אײַער בלוט וואָס האָט זיך געאייניקט מיט דעם בלוט פון די געפאַלענע העלדן, פאַרזיכערן די אייביקייט פון דעם יידישן פאָלק, אויף זײַן אייגענער ערד אין זײַן אייגענעם לאַנד; אײַער בלוט, וואָס האָט מקדיש געווען השם והעם, שאַפט ווײַטער די גיבורים, וואָס פאַרזיכערן די פעסטקייט פון דעם יידישן פאָלק און גרויסקייט פון דער מדינה, וואָס לעבט און וועט לעבן לעולם ועד!

# אַ פּאָר פאַרצייכענונגען פון מײַן שטעטל סטאָק

מײַן שטעטל סטאָק, אָדער ווי עס הייסט אין פּויליש „סטאָציעק" ליגט אַרומגערינגלט 16 קילאָמעטער אַרום מיט דעם כראַביע זאַמאַיסקעס סאָסנע־וועלדער. דאָס שטעטל געפינט זיך אַרום 70 קילאָמעטער פון וואַרשע און דאָרטן האָבן נאָך מיט עטלעכע און דרײַסיק יאָר צוריק געלעבט אַ פּאָר הונדערט יידישע פאַמיליעס, מיט זייער אַ שיינער יוגנט, וועלכע האָבן אַקטוּוירט אין פאַרשידענע פּאַרטייען; עס איז אויך געווען אַ גרויסע יידישע קהילה, וועלכע האָט אַרומגענומען אַ סך שטעטלעך און דערפער ווו יידן האָבן געוווינט.

ווער האָט נישט ליב געהאַט צו קומען שעפּן אַ ביסל געזונטע פרישע לופט אין סטאָק: ווען וואַרשעווער האָבן נאָר געהאַט צו וועמען צו קומען, אָדער קאָסאָווער און אויך פון אַנדערע שטעטלעך פלעגט מען קומען צו אונדז אויף שבת צו פאַרברענגען, אָדער אין אַ מאָנטיק־טאָג אויף דעם מאַרק, אָדער יריד. אויף די דאָזיקע יאַרידים פלעגט מען באַקומען פון אַלץ: מעבל, אָנטועכץ, עסנוואַרג ווי אויך בהמות און פערד; דער פערד־מאַרק איז געווען כמעט אַזוי גרויס ווי דאָס גאַנצע שטעטל.

מיר האָבן געוווינט נעבן דער שול און נעבן ווײַנעס ברונעם, וואָס האָט געגעבן וואַסער פון אַ קוואַל און אַלע פלעגן קומען נעמען וואַסער פון דאָזיקן ברונעם אויף צו מאַכן טיי. און אַ סך פון דער יוגנט פלעגן קומען צו דעם ברונעם כדי צו כאַפּן אַ שמועס, ביז עס פלעגט ווערן שפּעט און זיי פלעגן זיך יאָגן שנעל צו גיין אַהיים. נאָך אינטערעסאַנטער איז געווען ווען די רעליגיעזע יינגלעך פלעגן זיך דאָרטן אַראָפּכאַפּן צו שמועסן וועגן פּאָליטיק, אָדער סתם זיך טרעפן מיט וועמען און פלעגן זיך דאָרטן פאַרזאַמען און די מוטערס פלעגן זיי פרעגן: נו, ווי האָט זיך עפּעס געדאַוונט בײַ גיטלס מנין?...

אויך פלעגן די חופּהס פאָרקומען פרײַטיק פאַרנאַכט נעבן אונדזער שטוב און בעת די ימים־נוראים פלעגן מײַנע חברטעס קומען הערן שופר בלאָזן צו אונדז, ווײַל אַ חוץ דער שיל, זענען אַרום געווען אַ סך חסידישע שטיבלעך און פון אונדזער שטוב האָט מען געקאָנט הערן דאָס בלאָזן שופר פון די אַלע פלעצער.

איין מאָל אין יאָר, ערב ראש השנה, אָדער ערב יום־כיפור פלעגט קומען צו אונדז די מומע חנה־צירל, אויסגעפּוצט מיט איר נײַער קופּקע און מיט דעם שענסטן קלייד און צירונג — און זי האָט אַרויסגעשײַנט פון דעם אַלעמען און זי פלעגט קומען אונדז ווינטשן אַ גוט יאָר.

מיר פלעגן אויסאַרבעטן פאַרשידענע געטראַנקען און זומער אויך „ליאָדעס" (אײַז־קרעם) און עס פלעגן קומען צו אונדז קינדער אויף צו געניסן פון די געשמאַקע מאַכלים; אויך פלעגן קומען יוגנטלעכע קויפן געטראַנקען און אײַז־קרעם און פאַרברענגען די פרײַע צײַט. עס איז געווען אַ שיינער שפּאַציר אויף דער גאַס ווו מיר האָבן געוווינט און עס פלעגן קומען קויפן צו אונדז אויך נישט קיין יידן.

מיר זענען געווען זייער אַ פאַרצווײַגטע משפּחה אין סטאָק, די אַלע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך פון דער באָבע טויבעלע, וואָס האָט געלעבט ביז 96 יאָר און האָט איבערגעלאָזט פיר דורות פון אויך 96 מיטגלידער און אין סטאָק זענען געווען נאָך פאַרצווײַגטע משפּחות, וועגן וועלכע די לעבנס־געבליבענע סטאָקער וועלן זיכער דערציילן אין דאָזיקן אָנדענקס־בוך.

סטאָק האָט אויך געהאַט אַלע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן אַקטוּוירט אין פּוילישן יידנטום. אויך פלעגן קיין סטאָק קומען פאַרשידענע יידישע טעאַטער־טרופּעס, וועלכע פלעגן אויפפירן פּיעסעס פון בעסטן יידישן טעאַטער (אַ חוץ דעם וואָס מיר האָבן געהאַט אייגענע דראַמאַטישע קרײַזן, וואָס האָבן זיך גאַנץ אָפט פאַרמאָסטן צו גרויסע טעאַטער־אויפפירונגען) און אָפט מאָל פלעגט מען בײַ אונדז אין שטוב מאַכן די פּראָבעס.

פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז בײַ אונדז געווען אַן „אינדוסטריע" פון וואָלענע טיכער — און אַלץ און אַלע האָבן געשטריקט: מענער, פרויען און קינדער, אויסער דער פאַמיליע פון דעם רב...

ווען מען רעדט וועגן סטאָק, קאָן מען פאַר קיין פאַל נישט דורכלאָזן די דאָרטיקע וועלדער, וועלכע אַ חוץ דעם וואָס זיי זענען געווען זייער שיינע און האָבן צוגעגעבן אַ סך חן אונדזער שטעטל, האָבן זיי אויך געבראַכט געזונט פאַר די אײַנוווינערס און פאַר ספּעציעלע דאַטשע־געסט וואָס פלעגן קומען פון די אַרומיקע שטעט און אויך פון וואַרשע; די דאָרטיקע סאָסנע־לופט איז געווען ספּעציעל געזונט

פאַר די לינגען־קראַנקע. אין די דאָזיקע וועלדער זענען אויך געוואַקסן פאַרשידענע ניסלעך און שוואַרצע און רויטע יאַגעדעס און פאַרשידענע סאָרטן שוואָמען, וועלכע מען פלעגט נוצן פאַר דעם אייגענעם געברויך און אויך שיקן קיין וואַרשע, וווּהין מען פלעגט אויך שיקן אַנדערע אויסאַרבעטונגען.

═══

דער יונגער און גוטער דאָקטער גאָנשער, איז געקומען אין אונדזער שטעטל, ווען ער האָט זיך נאָרוואָס גראַדויִרט און האָט אַ געוויסע צײַט פּראַקטיצירט אין דעם ייִדישן שפּיטאָל פון דער גאַסטשיסטע פון וואַרשע. די ערשטע יאָרן איז אים געגאַנגען אַ ביסל שווער, אָבער שפּעטער איז ער באַרימט געוואָרן און מען פלעגט אים אַרויסרופן אויך אין די אַרומיקע שטעטלעך ווי קאָסאָווע, סטערדין, סאַדאָוונע און אַפילו קיין וואַרשע, ווו מען פלעגט זיך באַראַטן מיט אים און אויסהערן זײַנע קלוגע מיינונגען.

איין מאָל האָט ד״ר גאָנשער דורכגעפירט אַן אַבאָרט בײַ אַ פויערטע פון אַן אַרומיקן דאָרף און ער האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל עטלעכע טעג נישט טאָן קיין שווערע אַרבעט. אָבער די פויערטע האָט דאָס פאַרגעסן און האָט אויפגעהויבן אַ גרויסן אײַזערנעם טאָפּ מיט שאָלעכץ פון קאַרטאָפל, מיט וואַסער און קלײַען, וואָס מען האָט געגעבן צו עסן די קי אין ווינטער, כדי זיי זאָלן געבן אַ סך מילך. דער קריסטין האָט אָט די שווערע אַרבעט, נאָך דעם אַבאָרט געמאַכט זייער שלעכט, אָבער אַנשטאָט צו רופן דעם דאָקטער, האָט דער מאַן גערופן דעם גלח פון דעם דאָרף. און אין פוילן זענען אַבאָרטן געווען פאַרבאָטן — און דער גלח האָט געמסרט דעם דאָקטער און מען האָט דעם דאָקטער אַרעסטירט און אים געשיקט קיין וואַרשע צום משפט. אין וואַרשע האָט אים פאַרטיידיקט אַ ייִדישע אַדוואָקאַטין, וועלכע האָט אים געהאָלפן באַפרײַען; און ווען די אַדוואָקאַטין פלעגט גיין רעדן מיט דעם דאָקטער גאָנשער, צוליב זײַן פאַרטיידיקונג, איז מיט איר שטענדיק מיטגעגאַנגען איר ייִנגערע שוועסטער, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן זײַן פרוי. זיי האָבן בײדע געלעבט אין סטאָק, געהאַט צוויי קינדער און געווען גליקלעך, ביז עס איז בײַ אים געשען אַ ריי אומגליקן.

וווען מען פלעגט אים רופן צו אַ פרוי וואָס האָט געדאַרפט געבוירן אַ קינד און ער האָט געזען, אַז אין שטוב „פײַפט דער דלות" פלעגט ער זאָגן, אַז ער וועט זײַן דער קוואַטער; עס זענען אויך געווען פאַלן, אַז וויפל געלט מען פלעגט אים נישט לאָזן, אָדער אַרײַנגעשטעקט אין האַנט, האָט ער קיין מאָל נישט פּראָטעסטירט אַז עס איז ווינציק און עס פלעגט אייך־פּאַסירן פאַלן, ווען מען פלעגט אים געבן פאַלש געלט און ער פלעגט דאָס פאַרשווײַגן; ווען מען פלעגט אים פרעגן וויפל ער וויל פאַר קורירן אַ קראַנקן, פלעגט ער שטענדיק ענטפערן: גיט מיר וויפל איר קענט און די רעשט וועט מיר שוין געבן אַ רײַכער.

ד״ר גאָנשער האָט אויך צוגעהאָלפן צו דער אָרגאַניזירונג פון דעם לינת הצדק און ער פלעגט געבן אָנווײַזונגען דערפאַר אַז עס זאָל דער אָרעמער באַפעלקערונג נישט קאָסטן טײַער קיין מעדיצין. אין די ווינטער חדשים איז מיר אויסגעקומען צו אַרבעטן אין לינת הצדק (פאַרשטייט זיך אַז אומזיסט) און דאָרטן האָב איך דערקענט דעם גוטן מענטשן און דעם וואַרעמען ייִדן וואָס עס איז געווען ד״ר גאָנשער, וועלכער האָט מיטגעפילט דעם „אוי"! ־ געשריי פון דער אָרעמער ייִדישער באַפעלקערונג פון סטאָק. זײַן פרוי איז געווען אַקטיוו בײַם „בונד" און דאָרטן אָנגעפירט מיט דעם דראַמאַטישן קרײַז.

ד״ר גאָנשער האָט געליטן אַן אַקצידענט און ווען מען האָט אים גענומען קיין וואַרשע אין דעם ייִדישן שפּיטאָל אויף טשיסטע — ווו ער האָט אַמאָל פּראַקטיצירט — האָט ער אַליין געגעבן די אָנווײַזונגען ווי אַזוי אים צו היילן. ער האָט שפּעטער געהאַט אַ צווייטן צופאַל בײַ זײַן אַרבעט, ווען ער האָט געהאָלפן בײַם געבוירן אַ קינד (אַ צווילינג) בײַ דער פאַמיליע שנײַדמאַן אין נײַ־סטאָק, האָט ד״ר גאָנשער באַקומען אַ לונגען־אַנטצינדונג, וואָס האָט זיך בײַ אים קאָמפּליצירט מיט זײַן אָפּגענומענעם פוס — און אַזוי אַרום האָט ער פאַרענדיקט זײַן גוטע, ערלעכע און אַזוי הומאַניטאַרע מיסיע, וועלכע ער האָט אויף זיך גענומען פרײַוויליק און די גאַנצע ייִדישע און נישט־ייִדישע באַפעלקערונג האָבן אַ צײַט לאַנג געטרויערט נאָך דעם דאָקטער גאָנשער.

═══

מײַן מוטער רבקה רחל אַלטשולער, מיט אירע פינף קינדער: איטשע, גיטל, אסנה, אברהם און ירחמיאל האָבן אָנגעפירט מיט דער פאַבריק פון געטראַנקען — און כאָטש עס זענען געווען נאָך פיר ענלעכע פאַבריקן, איז אונדזער פאַבריק געווען די גרעסטע און מיר פלעגן צושטעלן אונדזערע פּראָדוקטן קיין סאַדאָוונע, זשעלעניעץ, קאָסאָווע, סטער־

דין און צו טשערוואָנאָגראַד. אין לאָכאָווע, וואָס איז געווען אַ טייל פון די א"ג „פּאַראייניקטע שטאַטן“. ווי מען פלעגט אָנרופן אונדזערע שטעטלעך און אויך פון פּראָסטין פלעגט מען בײַ אונדז קויפן אונדזערע געטראַנקען.

אַלעמען איז גוט באַקאַנט דער שרעקלעכער אַנטיסעמיטיזם וואָס עס האָט געהערשט אין פּוילן ערב דעם חורבן (און וואָס הערשט צום באַדויערן ביזן הײַנטיקן טאָג) און דער דאָזיקער אַנטיסעמיטיזם האָט, פאַרשטייט זיך, אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער שטעטל סטאָק — און איך וויל דאָ איבערגעבן אַן עפּיזאָד פון יענער צײַט. דער גלח פון פּראָסטין, האָט פאַראָרדנט נישט צו דערלויבן די ייִדן צו פאַרקויפן אין די טעג פון גרויסן „אָדפּאָסט“ אין פּראָסטין, וועלכער האָט געדויערט בײַ אַ וואָך צײַט און אין דער זעלביקער צײַט האָט דער גלח צוגעשיקט צו אונדז אַ מענטשן, אַז מיר זאָלן אים צושטעלן געטראַנקען צו אים דירעקט. און אין דער זעלביקער צײַט איז צו אונדז געקומען אַ פּרוי, אַ קריסטין, אַז מיר זאָלן איר פאַרקויפן קאָרקעס צו פלעשער — און מײַן שוועסטער אסנה, וואָס איז איצט אין ישראל, וויסנדיק דעם צוועק פאַר וועלכן זי דאַרף האָבן די קאָרקעס, האָט איר געהייסן דאָס גיין קויפן אין אַן אַנדער פּלאַץ.

די קריסטין האָט געזאָגט צו מײַן שוועסטער, אַז: „מאָנטיק אויפן יריד, ווען מײַן מאַן וועט זיך אָנשיכורן, וועט ער בײַ דיר אין געשעפט אַלץ צעברעכן“ און מײַן שוועסטער האָט איר געענטפערט, אַז דאָס איז אַ חזירײַ פון דײַן זײַט אַזוינס צו טראַכטן און צו זאָגן, און ווען די קריסטין איז געקומען צו זיך אַהיים, האָט זי דערציילט וועגן דעם גאַנצן ענין און אַ פּוילישער באַאַמטער וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען בײַ אירע עלטערן, האָט איר געזאָגט: גיי אַוועק צו דער פּאָליציי און מעלדע, אַז די אַלטשולערס האָבן באַליידיקט דאָס פּוילישע פאָלק און זי, די ייִדישקע, וועט שוין גוט באַשטראָפט ווערן. די קריסטין האָט לאַנג נישט געקלערט און דאָס גלײַך געמאָלדן און די פּאָליציי איז גלײַך געקומען צו אונדז אין געשעפט, צו אַרעסטירן „די אַלטשולערין, וואָס האָט אַזוי שרעקלעך באַליידיקט דאָס פּוילישע פאָלק“. מײַן מאַמע האָט געענטפערט, אַז איך בין אַוועקגעפאָרן און זי ווייסט נישט ווען איך וועל קומען צוריק.

דערווײַל האָט מען זיך באַראַטן מיט דעם ייִדישן אַדוואָקאַט און ער האָט געזאָגט, אַז איך זאָל אַוועק פון לאַנד, ווײַל דער דאָזיקער אויסגעטראַכטער בילבול, קאָן מיך קאָסטן פינף יאָר טורמע; איך האָב באַשלאָסן אַוועקצופאָרן קיין פּאַלעסטינע (הײַנט ישראל) און איך האָב באַשלאָסן צו געזעגענען זיך מיט אייגענע, חברים און חברטעס. אָבער איך בין אַרײַנגעגאַנגען דרייסט צום פּאָליציי־שעף קאַליק און אים געפרעגט, נאָך וואָס ער האָט מיך געשיקט רופן? צי איז דאָס צוליב אַ וויכטיקן ענין? און דער פּאָליציי־שעף האָט מיר געענטפערט: אויב עס געפעלט דיר נישט פּוילן, טאָ פאָר זיך קיין רוסלאַנד, האָב איך אים דאַן געזאָגט, אַז איך בין אַ גוטע בירגערין פון לאַנד און האָב ליב דאָס לאַנד — און דערבײַ אים צוגעגעבן: דו ביסט דאָך אַן ערלעכער מענטש און פאַרשטייסט דאָך גוט, אַז ייִדן זענען אומשולדיק און אַז דאָס אַלץ זענען אַנטיסעמיטישע אויסטראַכטענישן, דערפאַר בעט איך דיר אַז דו זאָלסט זײַן אַזוי הומאַניטאַריש און אַנולירן די אָנקלאַגע, ווײַל אויב נישט וועלן זיך אַזעלכע אָנקלאַגעס איבערחזרן טאָג־טעגלעך אין סטאָקער געריכט — און ער האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל גיין מיט אַ פּאָליציאַנט צו דער פּרוי וואָס האָט געמאַכט די אָנקלאַגע און יענע זאָל באַשטעטיקן אָדער אָפּלייקענען די אָנקלאַגע.

איך בין צוגעקומען צו דער פּרוי און געבעטן דעם פּאָליציאַנט, אַז ער זאָל וואַרטן אין דרויסן און איך בין אַרײַנגעגאַנגען צו דער פּרוי און האָב איר געזאָגט: הער זיך אײַן, מיר האָבן דאָך אַ לעבעדיקן גאָט, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין פאַלשע זאַכן, איז אויב דו וועסט אָנהאַלטן דײַן פאַלשע באַשולדיקונג קעגן מיר, וועט מײַן מאַמע אָנצינדן ליכט און דײַנע קינדער וועלן שטאַרבן: און דעריבער קום שוין אין דער פּאָליציי, ווײַל דער פּאָליציאַנט וואַרט אויף דיר. די קריסטין איז מיט מיר געגאַנגען אין דער פּאָליציי און זי האָט אָפּגעלייקנט איר באַשולדיקונג און דער פּאָליציי־שעף האָט צעריסן די אָנקלאַגע.

דרך אגב איז דער פּאָליציי־שעף קאַליק געווען נישט פון די שלעכטע פּאָליאַקן און ווען שפּעטער האָט מען זיך דערוווסט, אַז די פּויערים גרייטן אַ פּאָגראָם אויף ייִדן, האָט דער פּאָליציי־שעף געזאָגט צו די ייִדן, אַז זיי זאָלן זיך פאַרטיידיקן מיט וואָס זיי קאָנען — און מיר האָבן געשאַרפט העק, מעסערס און געהאַט גרייט זאַלץ־זײַער אויף צו גיסן די איבערפאַלערס אין די אויגן. מיט דער דאָזיקער זעלבסטשוץ האָט אָנגעפירט אשרקע פלאַטנער.

יחיאל נאָוועגשטערן / ישראל

# אײַנגעקריצטע זאַכן פון סטאָק וואָס לאָזן זיך נישט פאַרגעסן

צײַטנווײַז דוכט זיך, אַז אַלצדינג וואָס עס איז בײַ אונדז פאַרבליבן פון דער קינדהײַט און פון אונדזער יוגנט, לאָזט זיך נישט פאַרגעסן און עס איז בײַ אונדז אַפילו פאַראַן אַ תלמודישער זאָג, פון „גירסא דינקוסא לא משתכח”, וואָס דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די זאַכן פון דער קינדהײַט בלײַבן בײַ אונדז אײַנגעקריצט אויף אייביק — און פאַרבלײַבן אַפילו אין אונדזער אונטער־באַוווּסטזײַן, אויף די אַ סך שפּעטערדיקע צײַטן, ווען מיר געפינען זיך שוין בײַ אַנדערע באַדינגונגען און לעבן שוין אין אַן אַנדער סביבה פון דער וואָס מיר האָבן זיך געפונען אין די קינדער־יאָרן.

דאָס אַלצדינג, איז אָן שום ספק זייער ריכטיק. עס זענען אָבער פאַראַן זאַכן, וואָס קריצן זיך אײַן מער ווי די אַנדערע און זיי לייגן זייער שטעמפּל אויף אונדזער גאַנצן לעבן. און צוויי פון די דאָזיקע זאַכן, וואָס האָבן אַ שײַכות צו אונדזער אַמאָליקן סטאָק — און האָבן אַ שײַכות, נישט בלויז צו מיר אַליין פּערזענלעך, נאָר צו דעם גרעסטן טייל סטאָקער, וועל איך דאָ פּרוּוון פאַרצייכענען, אויף וויפל זיי זענען פאַרבליבן בײַ מיר — און זיכער אויך בײַ אַ סך אנשי־העיר אין זכרון.

און איך וועל דערמאָנען בלויז צוויי זאַכן: איינע, וואָס איז פאַר מיר און פאַר אַלע אַנדערע לאַנדסלײַט, געווען זייער אַן אָנגענעמע — און די צווייטע, וואָס איז פאַר אונדז אַלעמען געווען זייער נישט אָנגענעם.

## 1. דער מאַידאַנער וואַלד

עס איז מיר שווער צו פאַרגעסן דעם מאַידאַנער וואַלד, וואָס איז אומצערײַסבאַר פאַרבונדן מיט די ערשטע טריט וואָס איך האָב געשטעלט אין מײַן לעבן. און איך בין זיכער, אַז נישט איין סטאָקער, ווו ער זאָל זיך נישט געפינען, האָט זיכער אויך נישט פאַרגעסן אָט דעם וואַלד, וואָס האָט בײַ אַלעמען איבערגעלאָזט אָן ספק אָנגענעמע אײַנדרוקן, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט אויפן שויס פון דער נאַטור, אונטער די שטיל־פליסטערנדיקע ביימער.

די סטאָקער יוגנט, וועלכע האָט מיט אַלע פיבערן פון איר נשמה, געבענקט נאָך פרײַהייט, האָט נישט געקאָנט זיך אײַנלעבן און מסכים זײַן מיט די ענגע דושנע געסלעך פון דעם שטעטל — און



אַ גרופּע אין סטאָקער זאַגייניק; זיצנדיק: אברהמל לערמאַן, רחל פּאָסעסאָרסקי - בלומענקראַנץ מיט אירע ביידע קינדער

האָט געזוכט וועגן און מיטלען, ווי אַזוי זיך צו באַפרײַען פון שטרענגן אומטאָלעראַנטן בליק פון די קאָנסערוואַטיווע סטאָקער עלטערן און אָט דער מאַידאַנער וואַלד, איז געווען איינער פון די אידעאַלסטע פּלעצער, ווו מען האָט געקאָנט פאַרברענגען שעהן לאַנג און נישט ווערנדיק געשטערט פון קיינעם.

די אָן אַ שיער „שטילע” וואַלד־ווינקעלעך, האָבן נישט נאָר געדינט פאַר ראָמאַנטיש־פאַרליבטע פּאָרלעך, אָדער פאַר סתם שפּאַצירנדיקע, וועלכע זענען געקומען אַהער ספּעציעל שבת נאָכן עסן, כדי אײַנצואָטעמען די געזונטע ריינע, פרישע וואַלד־לופט, נאָר אויך ווי פאַרזאַמלונגס־פּלעצער, פאַר פאַרשידענע לעגאַלע און אומלעגאַלע פאַר־

טייען און באַוועגונגען, וועלכע האָבן דאָרטן אויף דער פרײַער לופט, אומגעשטערט פון קיינעם, געפירט אַ גרויסן טייל פון זייער אָרגאַניזאַציע־טעטיקייט.

דאָ אין איינעם פון די שטילע וואַלד־ווינקעלעך, האָבן מיר, אַ טייל ישיבה־בחורים, ווי איך, יידל מילער, אהרן סטאָלאָוויטש, משה דענענבערג א״אַ געהאַט אונדזער ערשטע אסיפה, פאַר אונדזער אַרײַנטריט אין דעם „השומר הצעיר״. איך דערמאָן זיך דערבײַ, ווי יואל לאַנדע האָט אונדז געלערנט די ערשטע שומרישע לידער „הבו לבנים״ און ווי מיר האָבן מיט אַ טיפן רעספּעקט און אמונה אויפגענומען די אידייען פון „השומר הצעיר״. מיר



אין אַ פראָסטיק ־ ווינטערדיקן שבת נאָך מיטיק, בעת אַ שפּאַציר אין מידניקער וואַלד — פון רעכטס: משה קוויאַטעק, חיים לאַנדע, הינדע שלאַסקע, (די פערטע אין דער שורה — אומבאַקאַנט), איטשע אַלטשולער, איטע רויזע מאַלצמאַן־סקאַרופּקע און יוסף צוקערשטיין

האָבן גענומען אויף זיך די נײַע אויפגאַבן פרײַוויליק און מיטן ברען פון חסידישער התלהבות, האָבן מיר אויפגעפּאַסט די „נײַע תורה״ און די נײַע פליכטן און אויפגאַבן, פאַר וועלכע מיר זענען געווען גרייט צו גיין אין פײַער און אין וואַסער. און מיט אַ צײַט שפּעטער, פלעג איך שוין מיט אַ גאַנצער גרופּע „צופים״ (סקויטן) פון סטאָקער „קן״, דעקאָרירטע מיט שומרישע פענער און מונדירן, זיך אַ לאָז טאָן אַלע פרײַטיק אין אָוונט אויף אַ „טיול־ערב״ (אָוונט־אויספלוג) אין מאַידאַנער וואַלד און מיר האָבן אַ גאַנצן אָוונט פאַרבראַכט אין וואַלד און אײַנגעזאַפּט אין זיך דעם פאַרשיכורנדיקן געזונטן אַראָמאַט פון די מאַידאַנער סאָסנע־ביימער.

דאָ, בײַם ראַנד פון מאַידאַנער וואַלד, אויפן ברייטן פלאַך פון דעם אַרום, פלעגט מען כמעט אַלע שבת נאָכן עסן טרעפן משה ברוך קאַנטאָר זיצן און לייענען דעם ערב ־ שבתדיקן נומער „היינט״ פאַר זײַנע חסידים און אין די צווייטע טיילן פון דעם וואַלד פלעגן זיצן „קרײַזן״ פון דער סטאָקער יידישער יוגנט און פירן צווישן זיך, אויף אַ חברישן אופן, הייסע וויכוחים וועגן די נײַע אידייען, אַלגעמיינע, וועלטלעכע און אויך ספּעציפיש־יידישע; זיי פלעגן דאָס באַהאַנדלען מיט אַזאַ היץ און אויפריכטיקן אינטערעס, גלײַך ווי עס וואָלט געווען אָפּהענגיק דער פערזענלעכער קיום פון יעדן פון זיי.

גאָר ווײַט אין דעם וואַלד, פלעגן זיצן די יונגע פאָרלעך — און זיי פלעגן אין דער שטילקייט פון דעם וואַלד, אויסדריקן מיט דעם פיבער פון זייערע נשמות, זייער ליבע איינער צום צווייטן.

ליידער האָט אַ גאַנץ אַנדער ווענדונג אָנגענומען די „באַציונגען״ פון דער סטאָקער יידישער יוגנט מיט דעם מאַידאַנער וואַלד, אין דער לעצטער אומגליקלעכער מלחמה, ווען די האַקנקרייצלער האָבן דורכגעפירט זייערע „אַקציעס״ וואָס דאָס האָט געמיינט די יידן־פאַרניכטונג; די דאָזיקע באַציונגען האָבן דעמאָלט אָנגענומען טראַגישע פאָרמען. נישט מער קיין פאַרווײַלונג און אָפּרו־פּלאַץ איז דער דאָזיקער וואַלד געוואָרן, נאָר אַ מקום־מקלט פאַר יידישע סטאָקער בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן זייער לעבנס־גורל פאַרבונדן מיט דעם וואַלד, זוכנדיק דאָרטן צווישן די ביימער זייער שוץ און רעטונג.

צווישן די וועלכע האָבן געפונען זייער טויט אין דעם מאַידאַנער וואַלד, איז געווען נחמן שטערן מיט זײַן פרוי און שייע גאָלדשטיין, משה גילדע און אויך מײַן שוועסטער שרה־שיינדל, וועלכע האָבן אַלע געזוכט אין וואַלד שוץ פאַר זייער לעבן — און ליידער דאָרטן געפונען דעם טויט. מען דערציילט אויך, אַז מען האָט אין וואַלד געטראָפן אַרומלויפן אברהם יאַנקל מאַלצמאַן, אָבער עס איז שווער פעסטצושטעלן, צי די ידיעה איז אַ ריכטיקע.

וואָלטן די ביימער פון מאַידאַנער וואַלד געקאָנט ריידן, וואָלטן זיי אונדז דערציילט וועגן אַ סך אויפטרייסלענדיקע שרעקלעכע סצענעס; זיי

וואָלטן אונדז איבערגעגעבן וועגן דעם שפּלותדיקן דזשונגל־געיעג פון די פּאַטאָלאָגישע האַקנקרייץ־העגקער, קעגן די סטאָקער ייִדן, וועלכע האָבן זיך געריסן צום לעבן — און זייער לעבן פאַרלוירן אויף אַ טראַגישן אופן.

## 2. דער פּאָגראָם אין סטאָק

איינע פון די זכרונות, וואָס זענען פאַרבליבן איינגעקריצט און ממש פאַרזיגלט אין מײַן מוח, איז בלי־ספק דער „טרויעריקער מאָנטיק" פון אויגוסט 1937, ווײַל דער טאָג האָט איבערגעלאָזט טיפע צייכנס און שפּורן אין מײַן לעבן; ווײַל אין דאָזיקן טאָג האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין מער די טראַגעדיע פון דעם גלות — און אָנגעהויבן צו פילן דעם אמתן טעם פון גלות־לעבן.

עס איז זיכער, אַז די אכזריותדיקע מלחמה מיט אירע גרויזאַמקייטן ספּעציעל קעגן ייִדן, האָט באַוויזן צו פאַרטושן אַ טייל פון אָט יענע זכרונות, אָבער איך וועל זיך באַמיִען מיט אַלע מײַנע מעגלעכקייטן צו דערמאָנען אין דעם וואָס עס איז אין יענעם טאָג פאָרגעקומען בכדי צו קאָנען זאָגן דאָס וואָס עס זאָל בלײַבן אַ לערע פאַר אונדזערע קינדער.

די ייִדן אין שטעטל, האָבן פּאַקטיש זיך געגרייט אויף עפּעס, ווײַל די לאַגע פון ייִדישן קיבוץ אין פּוילן און דער שווערער און אומגלײַכער פאַרצווייפלטער קאַמף וואָס ייִדן האָבן געפירט פאַר זייער עקזיסטענץ, איז אָן שום ספק אויך נישט געווען פרעמד די סטאָקער ייִדן — כאָטש אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע שטעטלעך איז די לאַגע אין סטאָק געווען אַ ביסל בעסער, אָבער דאָך האָט די זאָרג פון כלל, אויך אַרויסגערופן פיל מורא און פחד בײַ די סטאָקער ייִדן.

יענער טאָג איז געווען אַ נאָרמאַלער זומער־טאָג, אַ מאָנטיק ווי אַלע ירידים־טעג. ייִדן אײַלן זיך פרי פון בית־המדרש, כדי אויפצושטעלן זייערע טישלעך און געשטעלטן אויפן מאַרק; ווער מיט שניט־סחורה און ווער מיט פאַרטיקע מלבושים און ווער מיט אַנדערע זאַכן. אויף לאַנגע טישלעך לייגן ייִדן אויס זייער גאַלאַנטעריע ־ סחורה און בעטן בײַ גאָט אויף אַ גוטן פּרנסה־טאָג. דער מאַרק ווערט איבערגעפּולט פון פּויערים, וואָס קומען צו פאָרן פון די אַרומיקע דערפער נעבן סטאָק און זיי ברענגען זייער פּויערישע פּראָדוקציע. די קולות פון די קוויטשענדיקע חזירים און פון די הירשנדיקע פערד, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דעם בהמהשן מאַרק, האָבן עדות געזאָגט אויף דעם, אַז דער יאַריד האָט זיך אָנגעהויבן.

איך מיט אייניקע חברים, שפּאַצירן אין מאַרק און מיר אָבסערווירן דעם יריד. עס קומט צו אונדז צו מאָטל ווישניעווסקי און דערציילט אונדז, אַז אַ סך פרעמדע שקצים — און אַ טייל פון זיי אַפילו מיט סטודענטן־היטעלעך, געפינען זיך פאַרזאַמלט בײַ דעם יונגן גלח און ער גלויבט, אַז זיי גרייטן זיך עפּעס צו „טאָן" אין דעם שטעטל. מיר האָבן נישט געלייגט קיין אַכט אויף זײַנע רייד און מיר זענען געגאַנגען אין דער ריכטונג פון נח צוקערשטיין, כדי דאָרטן אָפּצוּוואַרטן די פּאָסט־פור, וואָס האָט געדאַרפט ברענגען די צײַטונגען פון וואַרשע. אָבער בײַ איטקע קיאַקס „בודקע", זענען מיר מיט אַמאָל אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ גאַנצער באַנדע יונגע שקצים, וועלכע זענען אָנגעקומען פון דער טיפלה־גאַס מיט ווילדע געשרייען — און נאָך זיי אַ גאַנצע מחנה פּויערים מיט גראָבע שטעקנס. זיי האָבן מיט ווילדע געשרייען און קללות אויפן חשבון פון די ייִדן פאַרשריגן כמעט דעם גאַנצן מאַרק און פּויערטעס מיט ליידיקע זעק האָבן זיך באַוויזן, כדי צו ראַבעווען אין ייִדישע געשעפטן. מיר זענען קוים אַרויס פון דער אַרומגערינגלטער קייט און זענען אַרײַן צו נחום מילער אין געשעפט און דאָ האָב איך געקאָנט הערן די רעדע, וואָס עס האָט געהאַלטן אַ יונגער סטודענט פון דאָרף ליפּקע, ער האָט גערעדט פון אַ פור — און גערעדט מיט אַ פּויערישן ברען.

דעם גאַנצן נוסח פון זײַן רעדע געדענק איך נישט (און עס איז אפשר נישט כדאי דאָס צו געדענקען), אָבער אַ טייל געדענק איך יאָ — און ער האָט אין דער רעדע געזאָגט:

פּאָליאַקן ־ לאַנדווירטן! צי קאָנט איר באַרײַכערן די ייִדן און אַרבעטן פאַר זיי שווער, כדי זיי זאָלן קאָנען לעבן אין ווילשטאַנד?

געדענקט! נישט צו קויפן בײַ ייִדן,

קויפט בײַ פּאָליאַקן, בײַ קריסטן, געדענקט, אַז די וויכטיקסטע סיבה פון דער הײַנטיקער נויט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, זענען די ייִדן, וועלכע באַרײַכערן זיך פון האַנדל, באַשווינדלענדיק

פּוילישע לאַנדווירטן! געדענקט, נישט צו קויפן אין קיין יידישע געוועלבער! ווייל אין פּוילן דאַרף דאָס ברויט און די אַרבעט זיין נאָר פאַר ריינע פּאָליאַקן, וועלכע זענען זינט דורות, די אמתע בעלי־בתים פון דער ערד!״

זיין רעדע איז איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ קאָלעקציע „זאַפּטיקע״ קללות אויף דעם חשבון פון די יידן — און דאָ און דאָרטן, הויבן אָן צו פאַלן שטיינער. עס הערט זיך דער בראַזג פון דעם פאַלן פון די צעבראָכענע שויבן; פון די יידישע טישלעך טראָגן זיך הילפס־רופן. יידן ווערן אַוועקגעשלייּדערט פון זייערע טישלעך און זייערע סחורות ווערן צעראַבירט; עס ווערט אַן אימהדיקע בהלה־שטימונג און עס באַווייזן זיך יידן מיט צעשפּאַלטענע קעפּ, מיט פאַרבלוטיקטע פּנימער און די געשעפטן ווערן געשלאָסן. אַ צעטומלטקייט האָט אונדז אָנגעהויבן צו באַהערשן און יידן אַנטלויפן, כדי נישט אַריינצופאַלן אין די כוליגאַנישע הענט פון די פּאָליאַקן. מיר הייבן אָן צו טראַכטן וועגן אַ זעלבסטשוץ, אָבער לײַדער פאַרמאָגן מיר נישט קיין שום כלי־זין, אויסער שטיינער.

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אַ דאַנק דעם סטאָקער פּאָליצײ־קאָמענדאַנט, צוזאַמען מיט דער דאָרטיקער פּאָליציי, איז באַהערשט געוואָרן די לאַגע און עס איז אויסגעמיטן געוואָרן אַן אמתער פּאָגראָם, וואָס וואָלט זיכער געקאָסט אַ סך יידישע קרבנות.

אָבער אָט די אַלע רדיפות און עקאָנאָמישע דיסקרימינאַציעס קעגן יידן, זענען פאַר אונדז געווען אַ באַווייז, נישט בלויז פון אַ קאַמף קעגן אַן אַנדער סאָציאַלן שיכט, נאָר מיר האָבן אין דעם געזען די אייביק איינגעוואָרצלטע שנאה צו אונדזער פאָלק, מצד אונדזערע פּוילישע שכנים; מיר האָבן אָנגעהויבן צו זען דײַטלעך, אַז מיר ווערן פאַרפאָלגט דער עיקר צוליב אונדזער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקייט — און אָט די געפילן, האָבן אונדז גערופן צום קאַמף פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער באַפרייּונג. די יידישע יוגנט האָט דערפילט, אַז דער באָדן ברענט אונטער די פיס און אַז מען מוז זיך אָנשליסן אין דעם אידעאַל, וואָס איז נאָך אַזוי פיל דורות אונטערדריקונג, פאַרווירקלעכט געוואָרן אין מדינת ישראל.

שמחה לאַנגלייב
(פתח־תקוה, ישראל)

# אַ בײַשטײַער צום אָנדענק פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס

פונקט ווי גוטע קינדער, פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זייערע עלטערן, דורך שטעלן זיי אַ מצבה און זיי דערמאָנען אין זייערע יאָרצײַט־טעג — און אויך אין אַ׳ע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, אַזוי מוזן מיר, קינדער פון דעם געוועזענעם שטעטעלע סטאָק דערמאָנען און געדענקען און אויך שטעלן אַ מצבה, אין דער פאָרם פון אַ יזכור־בוך, ווײַל מיר ווייסן נישט ווו עס זענען די קברים און אַפילו דאָס אַש, פון אונדזערע טאַטעס און מאַמעס; פון אונדזערע ברי־דער און שוועסטער; פון אונדזערע זקנים און קינדער, וואָס זענען אויף אַזאַ מערדערלעכן אופן פאַרשניטן און אויסגעראָטן געוואָרן, דורך די היטלעריס־טישע רוצחים, אין דעם אַמאָליקן לעבעדיקן און אימפולסיוון יידישן שטעטעלע סטאָק.

אונדזער שטעטעלע סטאָק, האָט זיך נישט אויסגעצייכנט, ווי אַנדערע קלענערע און גרעסערע שטעט און שטעטלעך, מיטן אַרויסגעבן גרעסערע פערזענלעכקייטן; מיר האָבן נישט פאַרמאָגט קיין גאָר גרויסע אינטעליגענטן, וועמענס נעמען זענען באַרימט געוואָרן אין אַנדערע פלעצער. מיר קאָנען אויך נישט פאַרצייכענען קיין שרײַבער, פּאָעטן, אָדער זשורנאַליסטן, וואָס זאָלן זיך האָבן אַרויסגערוקט פון אונדזער שטעטל (אָדער אפשר זענען אַזעלכע יאָ געווען, נאָר זענען נישט באַקאַנט) * אָבער דאָס שטעטעלע סטאָק איז געווען אַ וויכטיקער באַשטאַנדטייל פון דעם גאַנצן פוילישן יידנטום — אַ ברזך־טייל פון די דרײַ מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן, וואָס האָבן געלעבט, זיך געראַנגלט און געשאַפן און געבויט — און אַ גרויסער טייל פון דאָזיקן שאַפן און בויען און אויך פון געראַנגל, האָט אויך דערגרייכט אין אונדזער שטעטל, ווו מען האָט געקאָנט געפינען תורה און חכמה, סײַ פון דעם אַלטן טראַדיציאָנעלן שטייגער און אויך די נײַע אויפגעקומענע געדאַנקען און אידעאַלן, וואָס האָבן באַהערשט די יוגנט פון די לעצטע צײַטן.

און אויפן דאָזיקן געביט, איז אונדזער שטעטל סטאָק נישט געווען צוריקגעשטאַנען פון דעם אַרומיקן לעבן. און דער בעסטער באַווײַז דערפון איז, וואָס אַלע נײַע ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן אין דער אַרומיקער וועלט און אין די אַרומיקע שטעט, האָבן אויך דערגרייכט צו אונדז און האָבן בײַ אונדז אין סטאָק געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג און מיר האָבן געהאַט שטאַרקע באַוועגונגען פון אידעאַלן און שטרעמונגען, וואָס זענען אַרײַנגעדרונגען צו דער יוגנט. אין דער ערשטער ריי איז דאָס געווען די השכלה־באַוועגונג, וואָס איז געווען אַן אַלגעמיינע און האָט זיך אויסגעדריקט אין אַ ווילן צו וויסן און צו באַנעמען אַלע דערשײַנונגען אין דער וועלט. און שפּעטער זענען געקומען די פאַרשידענע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס און פאַרטייען, וואָס האָבן זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט פאַרשטיין און באַנעמען די וועלט, נאָר האָבן געוואָלט די וועלט איבערמאַכן אויף אַ בעסערן און שענערן אופן און מיטהעלפן אויפבויען אַ גערעכטע און יושרדיקע וועלט.

פאַר מײַנע צײַטן געדענק איך ווי עס האָט זיך געגרינדעט די פועלי ציון־אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירונג פון שלמה פרײַמאַן, חיים פּאָגאָדע, ה. פענעמאַן און אַנד׳ אין דער זעלביקער צײַט איז אויך אַנטשטאַנען אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירונג פון רויזע בורשטיין, יחיאל בלוכענקראַנץ, פריידע בורשטיין און אַנדערע — און דאָרטן איז אויך באַלד געוואָרן טעטיק מײַן חבר בעריש בורשטיין. און באַלד נאָך דעם איז געגרינדעט געוואָרן די יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט” און די קינדער־אָרגאַניזאַציע „סקיפ” (סאָציאַליסטישער קינדער־פאַרבאַנד) און עס זענען אויך געגרינדעט

* באַמערקונג פון רעדאַקציע: וועגן דעם אַז אַזעלכע זענען יאָ געווען, זאָגט עדות דער פאַקט, און דער אַרטיקל, וואָס מיר דרוקן אין דעם יזכור־בוך פון לייזער צוקער, וואָס איז נאָך אין יאָר 1905 אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, אין עלטער פון צוואַנציק יאָר און דאָרטן געווען אַן אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער טוער פון דער ערשטער מדרגה. און עס איז אויך אַלעמען באַקאַנט, אַז סטאָק האָט אַרויסגעגעבן דעם באַרימטן סקולפּטאָר אברהם אָסטשעגאַ, דער וואָס האָט געמאַכט דעם „אוהל פּרץ”.

געוואָרן יוגנט־ און קינדער־אָרגאַניזאַציעס בײַ אַנדערע פּאַרטייען.

און איך וויל, פאַרשטייט זיך, זיך נישט אָוועקלאָזן צו די אַמאָליקע צײַטן, ווען עס האָט צו אונדז אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען די השכלה, וואָס האָט פאַרכאַפּט אַ ריי יחידים, כאָטש זיי האָבן קיין אָרגאַניזאַציעס נישט געשאַפן. די טעטיקייט פון די דאָזיקע איינצלנע משכילים האָט זיך אין גרעסטן טייל אויסגעדריקט אין זייער דראַנג נאָך בילדונג און וויסן, פון וועלכן זיי האָבן קיין סך נישט געקאָנט דערגרייכן בײַ אונדז אין סטאָק, ווו עס איז אַפילו קיין יידישע שולע נישט געווען און אויך נישט קיין ביבליאָטעק (איך מיין דאָ די צײַטן נאָך פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט) און די יעניקע וועלכע האָבן בײַ זיך דערפילט דעם נײַעם גײַסט פון דער השכלה, זענען אין גרעסטן טייל אַוועקגעפאָרן אין אַנדערע שטעט, אָדער אַנדערע לענדער, (די פאַראייניקע שטאָטן זענען אין יענער צײַט געווען אָפן פאַר די אַלע וועלכע האָבן געוואָלט אַהין אײַנוואַנדערן), אָבער די דאָזיקע זענען אין גרעסטן טייל געבליבן אָפּגעריסן פון אונדזער שטעטל סטאָק — און מיר ווייסן זייער ווייניק וועגן זיי, כאָטש דאָס וויל פאַר קיין פאַל נישט זאָגן, אַז אַזעלכע זענען נישט געווען.

דאָ איז כדאַי צו דערמאָנען די גרינדונג פון דער "ײַ־און לייען־ביבליאָטעק, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע, ממש קאָלאָסאַלע ווירקונג פאַר דער אויסבילדונג פון דער יוגנט אין שטעטל. די ערשטע גרינדער פון דער ביבליאָטעק זענען געווען, אויף וויפל איך געדענק: מרדכי שוסטער, (אַ בוכהאַלטער), צאַלקע יורקעוויטש, כײַקל זשעלעניעץ, שמואל לאַנגלייב און נאָך אַנדערע, וואָס איך געדענק איצט נישט און שפּעטער זענען צוגעקומען נײַע כוחות.

און אַמאָל טוט זיך אַזוי אַ מיש אויף אין זכרון פאַרשידענע זאַכן — און מען דערזעט פאַר זיך אַ שטעטל, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ סך אַנדערע שטעטלעך פון פוילן, ווו יידן האָבן געלעבט, געליטן און געקעמפט שווער און ביטער פאַר אַ שטיקל ברויט. די אָרעמקייט איז געווען זייער גרויס, עס איז אָבער געווען זייער אַ סך וויטאַליטעט און ווילן צום לעבן און פאַרצוזעצן מיט יידישקייט, כאָטש יעדער איינער האָט דעם באַגריף יידישקייט פאַרשטאַנען אַנדערש.

מיר זעען נאָך פאַר זיך, אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, שטענדיק פאַראומערטע און פאַרזאָרגטע



גרינדער פון דער ערשטער ביבליאָטעק: אויבן פון רעכטס: יחיאל ניימאַן און חייקל זשעלעניעץ; עס זיצן: שמואל לאַנגלייב און יחיאל סטאָלאָוויטש

— אָבער קיין מאָל נישט אַרײַנגעפאַלן אין דעם וואָס מען רופט אָן יאוש און מיר זעען אויך פאַר זיך אונדזערע ברידער און שוועסטער, וואָס זענען שוין צוגעגאַנגען צום לעבן מיט אַן אַנדער בליק — און מיר זעען אויך אונדזערע משפּחות און סתם פרײַנד, וואָס זענען געווען פאַראייניקט אין נויט און הײַנט זענען זיי „פאַראייניקט" אין חורבן און אומקום. פון זיי אַלע איז פאַרבליבן בלויז אַ גרויסער באַרג אַש, וואָס עס האָבן צעבלאָזן די בייזע ווינטן.

עס האָט אַמאָל אַ נאַיווער טרוימער און זינגער געפּרוווט זינגען, וועגן וואַרשע, נאָך דער „שואה", אַז:

„וואַרשע דו מײַן,<br>
דו וועסט ווידער זײַן,<br>
אַ יידישע שטאָט ווי געווען".

— ניין! סטאָק, מײַן סטאָק! דו וועסט שוין מער קיין מאָל נישט זײַן צוריק וואָס דו ביסט געווען! ווײַל אַש איז פון אונדזערע טײַערע געבליבן!

איז זאָלן מיר דאָ שטעלן דאָס דאָזיקן ליבע שטעטעלע אַ מצבה, לזכרון!

# „אַ בינטל זכרונות פון מײַנע יוגנט־יאָרן"

פאַר אַלע מײַנע נאָענטע און אומפאַרגעסלעכע פרײַנד, קרובים און אַלע ייִדן פון מײַן היימשטאָט סטאָק, וועלכע זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע, אָדער דערשאָסענע און פאַרפײַניקטע אין אַנדערע פלעצער, פון וועמען מען ווייסט אַפילו נישט ווו זייערע טויטע קערפּערס געפינען זיך, אָדער ווו זייער הייליק אַש איז פאַראַן — פאַר זיי אַלעמען די פּאָר ווײַטערדיקע שורות.

סטאָק, מײַן היימשטאָט, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן און אויף וועמענס גאַסן, אָדער געסלעך איך האָב מיך געשפּילט, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע ייִדישע קינדער, די דאָזיקע שטאָט איז שוין מער נישטאָ און אַ טייל פון דעם לעבט נאָך אין אונדזער זכרון און פון וועלכן עס ווילט זיך כאָטש עפּעס דערציילן.

עס קומט אויף אין מײַן געדאַנק זאַכן פון מײַנע קינדער־יאָרן, וואָס איך בין שוין אַזוי ווײַט פון זיי און דאָך דוכט זיך מיר, אַז דאָס איז ערשט נעכטן געשען. עס קומט אויף בײַ מיר אין געדאַנק, ווען עס האָט זיך בײַ אונדז געשאַפן די „פּאָוושעכנע" שולע און זייער ווייניק ייִדישע קינדער האָבן זיך פאַרשריבן צו גיין דאָרטן לערנען. איך האָב יאָ געוואָלט זיך פאַרשרײַבן, אָבער מײַן טאַטע אברהם זאב הכהן, האָט מיר נישט דערלויבט, ווײַל עס האָט נישט געפּאַסט, פאַר קיין פרומען ייִדן, אַ חסיד, וואָס פלעגט פאָרן צום רבין (ווי אַ סך אַנדערע ייִדן פון שטעטל), אַז זײַנס אַ קינד זאָל גיין אין אַ שולע צוזאַמען מיט שיקסעס און אויך מיט שקצים. ווער ווייסט —האָט ער מיר געזאָגט — צי מען וועט דיך נישט צווינגען צו גיין לערנען אום שבת אין שולע? אַז מען זאָל באַהיט ווערן פון אַזעלכע זאַכן, און ווי קאָן מען דאָס דערלויבן?

איך האָב גענומען בעטן בײַ מײַן גוטער, האַרציקער מאַמע איטע־ביילע, אַז זי זאָל איבעררעדן מיט דעם טאַטן און אײדער וואָס ווען, בין איך שוין געלאָפן און זיך פאַרשריבן אין דער שולע... איך געדענק נאָך ווי מײַן גוטע מאַמע האָט גענומען רעדן צו מײַן שטרענגן טאַטן:

— ווי מיינסטו, —זאָגט זי צו אים—, אפשר זאָל טאַקע די קליינע מויד זיך גיין פאַרשרײַבן אין דער „שקאָלע"?

און מײַן טאַטע, ווי עס פּאַסט פאַר אַ כהן, האָט זיך צעשריגן אויף דער מאַמען:

— ווי פאַלט דיר אײַן אַזעלכעס, מען וועט דאָך פון זיי מאַכן גויים!

מײַן גוטע מאַמע האָט נישט געענטפערט קיין וואָרט דעם טאַטן און האָט אים געלאָזט זיך אויס־שרײַען, נאָר צו מיר האָט זי געווונקען, אַז איך זאָל אַוועקגיין. בין איך אַרויס פון שטוב און ווען איך בין געקומען צוריק, לויפט מיר מײַן גוטע האַרציקע מאַמע אַנטקעגן און זאָגט מיר, אַז דער טאַטע באַשטייט, אַז איך זאָל גיין זיך פאַרשרײַבן. זאָג איך איר, אַז איך האָב מיך שוין פאַרשריבן — און איך האָב טאַקע די שולע פאַרענדיקט און האָב דערנאָך געחלומט צו גיין אין גימנאַזיע. אָבער דאָ האָב איך שוין געדאַרפט פאָרן קיין וואַרשע — און דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט פועלן בײַ מײַן טאַטן און עס איז פאַרבליבן נישט מער ווי אַ חלום.

איך געדענק אָבער אַ פאַקט, אַז אַ יאָר אײדער איך האָב פאַרענדיקט די שולע, האָב איך זיך אָנ־געהויבן צו לערנען שפּילן מאַנדאָלינע בײַ דעם אָרגאַניסט פון שטעטל. פאַרשטייט זיך, אַז אין שטוב האָט מען נישט געטאָרט וויסן דערפון. דער אָרגאַניסט האָט געוווינט נעבן „קאָשטשאָל" — (קלויסטער) און איך פלעג גיין באַהאַלטענערהייט דורך די פעלדער, אויף צו נעמען די לעקציעס. און עס איז אַזוי לאַנג געווען גוט, ביז עס האָט דאָס קיינער נישט געזען. זאָגט מען דאָך אָבער, אַז עס זענען נישט פאַראַן קיין באַהאַלטענע זאַכן, האָט אַמאָל אַ דאָרטיקער ייִד מיך געזען גיין אַהין און האָט דאָס דערציילט מײַן טאַטן, איז דאָס גע־ווען בײַ אים גאַנץ פשוט, אַז איך גיי זיך שמדן... געדענק איך דאָס, פונקט ווי עס וואָלט געווען ערשט נעכטן און דאָס גאַנצע בילד שטייט מיר פאַר די אויגן; מײַן טאַטע האָט מיט זײַן כהנישן כעס זיך "גענומען" צו מיר און האָט גענומען

שרײַען: גוואַלד, ווי וועל איך דאָס אויסהאַלטן אַזאַ זאַך! אַזאַ משומדתטע! און ער האָט אַראָפּגעכאַפּט דעם פּאַס פון די הויזן און מיך געשלאָגן אָן רחמנות; איך האָב געריטשעט ווי אַ ווילדער אָקס און ער האָט געשריגן: ווי וועל איך קאָנען גיין אין שטיבל אַרײַן? ווי וועל איך קאָנען עפענען די אויגן פאַר מענטשן? ווי וועל איך קאָנען פאָרן צום רבין, אַז מײַן קליינע מויד גייט זיך שמדן?

איך האָב ג ע וו יי נ ט מיט איבער־מענטשלעכע טרערן און כסדר אויפן קול געשריגן, אַז עס איז נישט אמת, אָבער ווער האָט דעמאָלט געקאָנט איבעררעדן, אָדער איבערצײַגן מײַן טאַטן? מײַן גוטע ליבע מאַמע האָט געקוקט אויף דעם אַלעמען און געוויינט, אָבער נישט געזאָגט דעם טאַטן, חלילה, קיין וואָרט. אָבער ווען בײַם טאַטן איז אַוועק דער כעס און ער האָט אויפגעהערט צו שלאָגן און צו שרײַען, איז מײַן מאַמע צוגעקומען צו מיר, האָט מיך אַרומגענומען, אָפּגעווישט מיר די טרערן און האָט מיר צוגעלייגט טיכלעך מיט קאַלט וואַסער, אויף די פלעצער ווו מײַן טאַטע האָט מיך געשלאָגן מיטן פּאַסעק און צו מיר געזאָגט:

— איז דאָס טאַקע אמת, מאַלעשי, אַז דאָס אַלץ איז אַ ליגן, אַז דו גייסט זיך נישט שמדן — און דאָס האָבן בייזע צינגער אויסגעטראַכט! דו ביסט דאָך אַ קלוג קינד, ווייס איך אַז דו וועסט אַזאַ נאַרישקייט נישט טאָן. האָב רחמנות, —האָט זי מיר ווײַטער געזאָגט— קינד מײַנס, אויף דײַן מאַמען. און אַז דו וועסט נישט קאָנען שפּילן מאַנדאָלינע, וועסטו אם ירצה השם אַזוי אויך האָבן אַ גוט מזל!

מײַן מאַמעס געבעט, האָט מיך פאַרקלעמט בײַם האַרצן און האָט מיך אַ סך מער ווי געטאָן ווי די באַקומענע קלעפּ — און איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען איפּסנײַ און קושן מײַן מאַמען און האָב איר געשוווירן אַז איך וועל מער נישט נעמען קיין לעקציעס פון מאַנדאָלינע. און צוליב ליבע און רחמנות צו מײַן מאַמען און צוליב שרעק פאַר מײַן שטרענגן טאַטן (זאָל ער מיר שטאַרק מוחל זײַן פאַר מײַן אויסדרוק), האָב איך אויפגעהערט צו לערנען שפּילן מאַנדאָלינע.

דערנאָך געדענק איך, אַז ווען עס האָט זיך בײַ אונדז געשאַפן די ביבליאָטעק, בין איך נאָך דעמאָלט געווען זייער יונג. מײַן ברודער משה, פלעגט מיך מיטנעמען מיט זיך, ווען ער פלעגט גיין צו זײַן גרופּע; זיי פלעגן זיך צוזאַמענקומען בײַ פריידע פאָגאָדע אין שטוב און מיט שלמה פריימאַן אין דער ביבליאָטעק; זיי פלעגן לייענען ביכער און צײַטונגען און דערנאָך פלעגן זיי דיסקוטירן און פאַרשטייט זיך, אַז יעדער איינער האָט געהאַט זײַן אייגענע מיינונג וועגן פאַרשידענע עניגים. עס פלעגן אויך קומען רעפּערענטן פון וואַרשע און פון אַנדערע פלעצער און געהאַלטן רעפעראַטן. מיט דער צײַט האָבן זיך געשאַפן פאַרטייען. בײַ אונדז זענען די שטאַרקסטע פאַרטייען געווען די לינקע פּועלי־ציון און דער „בונד“ און בײַ די אָפטע דיסקוסיעס, פלעגט דאָס אויך קומען צו געשלעגן — און דאָס פלעגט אויך פאָרקומען אין דער ביבליאָטעק, ביז מען האָט זיך צעטיילט מיט דער ביבליאָטעק און איין טייל איז געבליבן בײַ די לינקע פּועלי ציון און די אַנדערע טייל — בײַם „בונד“.

איך האָב מיך צו דעם אַלעמען צוגעקוקט און עס האָט מיר אויך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן און איך בין אַרײַנגעטראָטן אין דער „באָראָכאָוו“־יוגנט. די עלטערע חברים האָבן פאַר אונדז פאָרגעלייענט טיילן פון צײַטונגען, אָדער פון ביכער און זיי האָבן פאַר אונדז אויפגעקלערט געוויסע פּראָבלעמען. דערנאָך האָט מען פון דער יוגנט גופא אויסגעטיילט געוויסע חברים, וואָס האָבן געדאַרפט אָנפירן מיט קרײַזן און אויפקלערן אַנדערע. און אויך איך האָב שפּעטער אָנגעפירט מיט אַ קרײַז.

עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ דראַמאַטישער קרײַז, צו וועלכן איך האָב אויך אָנגעהערט און מען האָט אָנגעהויבן צו שפּילן טעאַטער אין דער „שאָפּע“ פון די פײַערלעשער און ווען די חברים פון „בונד“ זענען געווען „ברוגז“ מיט די פּועלי־ציון, האָבן זיי באָיקאָטירט די פאָרשטעלונג און נישט געקומען אין טעאַטער און דאַן האָבן זיך פאַר אונדז געשאַפן שווערע פּראָבלעמען און דאָס האָט פאַרנומען בײַ אונדז אַ גרויס אָרט.

איך געדענק, אַז אַ סך יאָרן איז מײַן ברודער משה געווען דער ביבליאָטעקאַר און ווען ער האָט זיך געגרייט צו פאָרן קיין אַרגענטינע, האָט שלמה פריימאַן צוגעגרייט מיך, אַז איך זאָל פאַרנעמען זײַן פּלאַץ און מען האָט מיך געשיקט קיין וואַרשע אויף אַ קורצן ביבליאָטעקאַרן־קורס, געדענק איך אַן עפּיזאָד פון יענער צײַט. עס איז געווען חול המועד פּסח און מען האָט אונדז גענומען צום עסן אין דער „אַרבעטער היים“ אויף קאַרמעליצקאַ 23;

געדענק איך אַז מען האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש ברויט און איך האָב מיך געדרייט אַרום טיש און נישט געוואָלט עסן קיין ברויט — און נישט געבן צו פילן די אַנדערע אַז איך עס נישט...

נאָכן אַוועקפאָרן פון מײַן ברודער משה, בין איך טאַקע געוואָרן ביבליאָטעקאַרין אונטער דער אויפזיכט פון שלמה פריימאַן. איך האָב מיך דאַן געפילט שטאַרק דערהויבן און אַלץ האָט געהאַט פאַר מיר אַן אַנדער אינטערעס. דאָס צונויפקומען זיך אין דער ביבליאָטעק, ווו ווער עס האָט געלייענט אַ צײַטונג, ווער אַ בוך, ווער עס האָט געשמועסט וועגן וועלט־פּראָבלעמען און אין אַ ווינקל איז זיך צוזאַמענגעקומען אַ גרופּע און אָנגעפירט מיט אַ קרײַז און יעדער איינער האָט זיך געפונען בײַ זײַן אַרבעט.

אַזוי איז זיך געגאַנגען דאָס לעבן. עס האָבן זיך געשאַפן גרופּעס חברים און חברטעס, וואָס נאָכן אַוועקגיין פון דער ביבליאָטעק האָבן זיי שפּאַצירט, גערעדט, געזונגען, געלאַכט און — געפלירטעוועט און כאָטש מיר אַלע האָבן געשטרעבט צו אַן אַנדער לעבן, איז אונדז אַזוי אויך געווען גוט, כאָטש מיר האָבן אויך געהאַט שוועריקייטן מיט אונדזערע טאַטע־מאַמעס, ווײַל בײַ זיי האָט מען גאַרנישט געטאָרט; נישט לייענען קיין ביכל, נישט שפּאַצירן מיט קיין יינגלעך און אַזוי ווי מיר האָבן נישט געוואָלט אָנטאָן קיין צרות אונדזערע עלטערן, האָט מען זיך מיט אַלצדינג אויסגעהיט.

איך געדענק ווי איך פלעג וואַרטן פרײַטיק צו נאַכטס, אַז מען זאָל וואָס שנעלער פאַרענדיקן די שבתדיקע וועטשערע און דער טאַטע זאָל שוין גיין שלאָפן און דעמאָלט פלעג איך אויף די שפּיץ פינגער זיך אַרויסכאַפּן פון שטוב, כדי זיך צו טרעפן מיט חברים און חברטעס און פאַרברענגען צוזאַמען. אין די ווינטערדיקע שבתים בײַנאַכט, איז מען אַ סך מאָל געפאָרן מיט שליטנס אין די שכנותדיקע דערפלעך, ווי באַצק, לאַפּיאַנקע, יאַשערוועקע און אָסטראָוועק, כדי זיך צו טרעפן מיט די דאָרטיקע חברים און פאַרברענגען מיט זיי צוזאַמען.

עס האָט זיך אונדז אַזוי געלעבט גוט צוזאַמען, ביז עס איז אויסגעבראָכן די אומגליקלעכע מלחמה, וואָס איז ספּעציעל געווען אומגליקלעך פאַר אונדז יידן; די מלחמה וואָס האָט גורם געווען די אויסראָטונג פון אַ דריט־חלק פון אונדזער פאָלק. עס האָט זיך בײַ אונדז אין דעם געמיטלעכן סטאָק אָנגעהויבן אַ לויפעניש און יאָגעניש, כאָטש קיינער האָט נישט געוווּסט וווהין מען דאַרף לויפן. מען האָט נאָר געוואָלט אַנטלויפן פון טויט, און דעם, וועמען עס איז געלונגען זיך צו ראַטעווען על פּי נס, וועט האָבן אַ גאַנץ לעבן וועגן דעם צו דערציילן דאָס וואָס ער האָט דורכגעמאַכט און פאַר די אַלע אונדזערע נאָענטסטע און טײַערע וואָס זענען אַזוי טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן, זאָלן מיר דאָ פאַרגיסן אַ טרער און געדענקען זייערע נעמען.

און איך וויל דאָ, בײַ דער געלעגנהײַט דערמאָנען די סאַמע נאָענטסטע מײַנע וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן: מײַן ליבן טײַערן טאַטן אברהם זאב הכהן; מײַן האַרציק גוטע מאַמע איטע־ביילע; מײַן טײַערן, ליבן עלטסטן ברודער ה ע ר ש ־ מ א י ר מיט זײַן פרוי ר ב ק ה ־ ר ח ל און דרײַ טײַערע קינדערלעך; מײַן ליבע גוטע שוועסטער רחל־לאה מיט אירע צוויי האַרציקע קינדערלעך משהלע און פערעלע; מײַן ליבע און געטרײַע שוועסטער שרה; מײַנע פעטערס, מומעס, קוזינען און קוזינקעס — און אַלע אַנדערע יידן פון אונדזער שטעטל, וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם.

זאָל זייער אַלעמענס אָנדענק זײַן געהייליקט **אויף אַלע צײַטן און אויף אַלע דורות!**

# קלײניקײטן, וואָס עס געדענקען זיך פון אונדזער הײמשטאָט סטאָק

ווען איך בין אַוועק פון אונדזער געוועזענע־הײמשטאָט סטאָק, האָב איך — און זיכער אַ סך אַזעלכע ווי איך —, זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז דאָס וועט שוין זײַן אונדזער לעצטער באַזוך אין אונדזער הײמשטאָט. אַ סך פון אונדז האָבן זיך פאָרגעשטעלט, אַז פונקט ווי אַ גרויסער טײל פון אונדזערע עלטערן זענען אָפּטמאָל געפאָרן קײן נאָרד־אַמעריקע און דאָרטן געוועזן אַ געוויס שטיקל צײַט און זיך שפּעטער אומגעקערט, אַזוי וועלן אויך מיר זיך נאָך ווען עס איז צוריק אומקערן קײן סטאָק, ווו מיר זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן. צום באַדויערן האָט זיך אָבער אַזאַ זאַך בײַ אונדז נישט איבערגעחזרט אין מיר — די אַלע וועלכע האָבן נאָך באַוויזן אַוועקצופאָרן פון סטאָק, ווי פון פוילן בכלל, האָבן נאָך באַוויזן זיך צו ראַטעווען און איצט מיטהעלפן צו שטעלן אַ מצבה דעם אומגעקומענעם סטאָק. און הלוואַי וואָלטן אונדזערע משפּחות אויך באַוויזן אַוועקצופאָרן פון דעם פּלאַץ וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ גיהנום און אַ מאָרד־פּלאַץ פאַר די דאָרטיקע ייִדן.

איך בין אַוועקגעפאָרן פון סטאָק, אין דעם יאָר 1937, וואָס דאָס הייסט מיט 35 יאָר צוריק. כאָטש פאַרהעלטנישמעסיק האָט מיר דאָרטן אין סטאָק גאָר נישט געפעלט. איך האָב דאָרטן געלאָזט דעם פאָטער, די מוטער, צוויי ברידער און שוועסטער און אויך מײַן פרוי, וואָס איך האָב נאָך באַוויזן אַריבערצונעמען אין אַ יאָר שפּעטער — און מיט עפּעס מער ווי אַ יאָר ערב דעם שרעקלעכן חורבן, וואָס קײנער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן אַז ער וועט זײַן אַזוי שרעקלעך און אַזוי שוידערלעך.

און מחמת דעם, וואָס נישט איך און נישט קײן אַנדערער האָבן זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז אונדזער אָפּפאָר פון סטאָק, איז שוין געווען אַן ענדגילטיקער, נאָך וועלכן עס וועט שוין מער נישט קאָנען זײַן קײן „צוריקגאַנג" און אויך מחמת דעם, וואָס דער חורבן פון אונדזער הײמשטאָט איז געווען אַזאַ גרינטלעכער, אַז עס איז דאָרטן אומגעקומען און אויסגעראָטן געוואָרן דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן — פּונקט ווי עס איז געשען מיט אַלע ייִדישע שטעט און שטעטלעך אין דעם אַמאָליקן מזרח־אייראָפּע — אַזאַ מין גרינטלעכן חורבן, נאָך וועלכן עס איז שוין נישט געבליבן קײן שום שאָטן פון קײן ייִדיש לעבן און עס פעלט קײנעם נישט אײַן זיך צוריק אומצוקערן צו דעם פּלאַץ וואָס עס איז אַמאָל געווען אונדזער געבוירנשטאָט, מחמת דעם איז כדאי אויפצוקלײַבן יעדע קלײניקײט, וואָס עס האָט געהאַט אַ שײַכות צו אונדזער שטעטל און פון די דאָזיקע „קלײניקײטן" וועט זיך אפשר שאַפן די מצבת נצח, וואָס מיר דאַרפן שטעלן אונדזער אומגעקומענער ייִדישער הײמשטאָט סטאָק, פּונקט ווי געטרײַע קינדער שטעלן אַוועק אַ מצבה נאָך זייערע פאַרשטאָרבענע עלטערן — און בײַם שטעלן די מצבה נאָך אונדזער אומגעקומען שטעטל, ווערט במילא אויך אַוועקגעשטעלט אַ מצבת נצח נאָך אונדזערע אומגעקומענע טאַטעס און מאַמעס. נאָך די אומגעבראַכטע שוועסטער און ברידער אונדזערע און נאָך די אויסגעראָטענע ייִדן פון אונדזער שטעטל סטאָק.

***

איך בין געבוירן, ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, דעם 20סטן סעפּטעמבער 1906, אָבער אַזוי ווי מען האָט מיך נישט פאַרשריבן אין דער געהעריקער צײַט — אַ זאַך וואָס עס פלעגט זייער אָפט געשען אין יענער צײַט (כדי אויסצומײַדן צו גיין דינען צו „פּאָניען") האָט מען מיך שפּעטער, שוין אונטער דער פּוילישער הערשאַפט גענומען „צום שאַצן" און מען האָט מיך דווקא „אָפּגעשאַצט" אויף עלטער, ווײַל איך בין געווען אַ הויכער און מען האָט מיך אָפּגעשאַצט אַז איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1905 און איך האָב געדינט אַ יאָר מיט 7 חדשים אין זעמבראָווע. און לויט דער דאָזיקער „שאַצונג" האָב איך אויך באַקומען מײַן פּאַספּאָרט, וואָס האָט מיר געדינט צו פאָרן קײן אַרגענטינע און לויט וועלכן איך רעכן מײַן לעבנס־עלטער ביזן הײַנטיקן טאָג.

קינדווײַז געדענק איך, אַז איך בין געווען זייער

פרום, אָבער וואָס עלטער איך בין געוואָרן, אַלץ מער האָט זיך ביי מיר די דאָזיקע פרומקייט „אַרויס־געגליטשט" און איך מיין, אַז צו מיין בר מצווה, בין איך שוין געווען אַ שטיק „אַפּיקורס" און ווי דער גרעסטער טייל פון דער דעמאָלסטיקער יידישער יו־גנט, בין איך שוין געווען אַ שטיק בעל עבירה...

אויסער מיין לערנען אין חדר — און איך האָב געלערנט אין איינעם פון די בעסטע חדרים, ביי ר׳ שלמה בורשטיין, וואָס איז געווען אַ מלמד פון גע־קליבענע קינדער און ביי אים, ביי ר׳ שלמה ע״ה האָט מען געלערנט געציילטע שעהן אין טאָג — אין קעגנזאַץ צו אַנדערע מלמדים ווו מען פלעגט לער־נען יום ולילה, האָב איך אַ חוץ דעם אויך געלערנט אין פאַרשידענע „שטיבלעך". אַ צייט לאַנג האָב איך געלערנט אין דעם אַלעקסאַנדער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען אין הויז פון עטקע די גאַנטערקע, און דאָרטן האָבן מיר זיך געדאַרפט אויפהייבן באַגינען צום לערנען, ווייל בייטאָג האָט אברהם געדאַרפט אַרבעטן אין דער „אַלעאַרנע" (אין אייל־פאַבריק) און שפּעטער געדענק איך ווי איך האָב געלערנט אין ראַדזימינער שטיבל. און איך געדענק נאָך ווי עס איז דאָרטן געקומען אַ מלמד, וואָס ער האָט גע־זאָגט וועגן זיך, אַז ער איז פון „זאַגראַניצע", וואָס דאָס האָט געמיינט פון יענער זייט גרענעץ. און דער דאָזיקער מלמד, האָט געקאָנט שיין און שטאַרק זינ־גען — און ער פלעגט זאָגן וועגן זיך, אַז ער זינגט „אָפּערעס". וואָס אַזוינס אַן אָפּערע איז, האָט קיי־נער ביי אונדז נישט געוווּסט, אָבער משה ברוך קאַנ־טאָר, דעם רבס זון, וואָס איז געווען אַ שטיקל „יודע ספר" האָט דאָס געזאָגט, אַז ער זינגט אָפּערעס — און ביי די שלום־סעודותדיקע געזאַנגען, פלעגט ער אָפּטמאָל נעמען גאָר אַ הויכן און אַנגענעמען טאָן און צוליב דעם פלעגט מען זאָגן, ער מישט אַריין אַ טייל פון דער אָפּערע אין זיין געזאַנג...

אין די דאָזיקע שטיבלעך, פלעגן מיר דאָס לער־נען אַליין אַ גאַנצע וואָך, אָבער דאָס וואָרט „אַליין" איז נישט אין גאַנצן קיין ריכטיקס, ווייל יעדן שבת פלעגן קומען די באַלעבאַטים אונדז פאַרהערן, וואָס דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז אין גאַנצן „אויף הפקר" האָט מען אונדז נישט געלאָזט.

און אַז מען רעדט שוין וועגן „אַראָפּגיין פון גלייכן וועג", דאַרף מען אויך דערמאָנען מיין ברו־דער שמשון, וואָס געפינט זיך היינט אין ישראל. ער האָט געלערנט אין דער ישיבה פון דערנעבנדיקן אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק — און מען האָט געזאָגט וועגן אים, אַז ער וועט אַרויס אַ „כלי" — אָבער גאָר מיט אַמאָל האָט מיין פאָטער באַקומען אַ בריוול, אַז מען האָט ביי שמשונען געפונען אַ ביכל נעבן דער גמרא... מיין פאָטער איז באַלד אַוועק קיין אָסטראָווע — און מען האָט שמשונען אַריבערגעשיקט אין דער ישיבה פון ווישקאָוו, וואָס איז געווען פאַררעכנט ווי אַ „קאַרנע" ישיבה, וואָס דאָס האָט געמיינט אַ „שטראָף־ישיבה".

אָבער שמשון האָט זיך דאָרטן לאַנג נישט גע־האַלטן און איז פון ווישקאָוו אַוועק קיין מעזריטש, אין דער דאָרטיקער ישיבה פון די „מוסרניקעס" און ווען די מאַמע מיינע האָט זיך דערוווּסט הערפון, איז זי געפאָרן אים זוכן קיין מעזריטש — און ווען די מאַמע איז אַהין געקומען, האָט ער געהייסן זאָגן, אַז ער געפינט זיך שוין אין ביאַלע; אָבער די מאַמע איז צוגעשטאַנען צו דעם שמש וואָס האָט איר איי־בערגעגעבן די דאָזיקע ידיעה, האָט ער איר געזאָגט אַז באַלד וועט דער ברודער אַריינקומען — און פּאָק־טיש איז אַזוינס געשען. אָבער ווען דער ברודער איז אַריינגעקומען, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן אַהיים. די מאַמע האָט אים דאַן דערציילט אַז דער פאָטער איז קראַנק און דעמאָלט האָט ער באַשלאָסן צו קומען און איז צוזאַמען מיט דער מוטער געקו־מען קיין סטאָק.

ווען ער איז אין יענער צייט געקומען אַהיים, איז ער געווען אַזוי פרום, אַז ער האָט נישט געוואָלט רעדן מיט קיין פרוי... ער איז געווען אַ שטיקל צייט אין סטאָק, ביז דער פאָטער איז געזונט גע־וואָרן און דעמאָלט איז ער צוריק אַוועקגעפאָרן קיין מעזריטש אין דער נאָוואָראָדאָקער ישיבה, ווו ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט ביי די „מוסרניקעס" אַז זיי האָבן באַשלאָסן אים צו שיקן קיין ארץ יש־ראל אויף ווייטער צו לערנען. און דעם 12טן אוי־גוסט פון 1939 —מיט געציילטע וואָכן ערב דעם שרעקלעכן מלחמה־אויסברוך— איז ער אין אַ מזל־דיקער שעה אָפּגעפאָרן קיין ארץ ישראל, ווו ער לעבט ביזן היינטיקן טאָג און ער האָט אויף אַ גליק־לעכן אופן אויסגעמיטן צו טיילן דעם גורל, פון אַלע אונדזערע ברידער און שוועסטער פון סטאָק און פון אַנדערע יידישע שטעט און שטעטלעך.

***

וועגן מיר גופא געדענק איך זייער אַ סך זאַכן, אָבער נישט אַלע זענען פון דעם מין וואָס פאַרדי־נען פאַרצייכנט צו ווערן. אָבער דאָס וואָס איך וועל

יאָ פאַרצייכענען, געהער זיכער צו דעם מין וואָס עס האָבן דורכגעמאַכט דער גרעסטער טייל פון אונדזער אַמאָליקער יידישער יוגנט אין אונדזער שטעטל און טאַקע דערפאַר פאַרדינט דאָס, אַז מען זאָל דאָס פאַרצייכענען.

מײַנע עלטערן, כאָטש נישט קיין שטאַרק אָרעמע, זענען אָבער אויך געווען גאַנץ ווײַט פון צו זײַן רײַך און האָבן זיך נישט געקאָנט דערלויבן מיך צו שיקן ווײַטער לערנען, אין אַ וועלכער עס איז ישיבה, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן מיט מײַן ברודער שמשון און נאָך זייער יונג, האָב איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן און צו ווערן אַ בעל מלאכה; מען האָט מיר אויסגעזוכט אַן „איידעלע" מלאכה וואָס עס איז געווען אַ היטלמאַכער (און האָט געהאַט אַ שײַכות צו „קאָפּ־אַרבעט") און ווערנדיק אַן אַרבעטער, האָב איך, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט זיך אָנשליסן אין אַן אַרבעטער־פּאַרטיי און דאָס האָב איך געטאָן אַרײַנטרעטנדיק אין דער לינקער פּועלי־ציון פּאַרטיי, וווּ שלמה־דוד פריימאַן איז געווען דער הויפּט־פירער און איז גלײַכצײַטיק געווען מײַנער אַ נאָענטער חבר פון אַ סך יאָרן. די דאָזיקע חברשאַפט מײַנע האָט אָנגעהאַלטן ביז שלמה ־ דוד איז אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע — און האַלט נאָך אָן ביזן הײַנטיקן טאָג, כאָטש עס זענען שוין פאַרבײַ אַזוי פיל יאָרן ווי מיר האָבן זיך נישט געזען.

אין דער פּועלי־ציון פּאַרטיי בין איך אַרײַן אין עלטער פון 22 יאָר, אָבער נאָך פריִער בין איך געווען אַ פלײַסיקער מיטגליד פון דער שטעטלדיקער ביבליאָטעק, וואָס איז אַמאָל געווען אַן איינהײַטלעכע, אָבער ווען עס זענען אויפגעקומען פּאַרטייען און עס האָבן זיך „צעהיצט" די געמיטער, האָט די ביבליאָטעק זיך געשפּאָלטן לויט דער צאָל פּאַרטייען וואָס עס זענען בײַ אונדז געווען; עס זענען אין דער ערשטער צײַט געווען אַ ביבליאָטעק פון די לינקע פּועלי־ציון און אויך פון „בונד", וואָס זענען געווען פון די גרעסטע, שפּעטער איז אויך אויפגעקומען אַ ביבליאָטעק פון „השומר הצעיר" און יעדע ביבליאָטעק, האָט אַ חוץ דאָס האָבן ביכער, אויך געפירט אַ קולטור־טעטיקייט אין די ראַמען פון זייערע מעגלעכקייטן.

אַ חוץ אין דער ביבליאָטעק פון די לינקע פּועלי־ציון, האָב איך אויך אַקטיווירט אין דער פּאַרטיי און בין געווען אין דעם קאָמיטעט און אַ חוץ מיר זענען דאָרטן געווען שלמה־דוד פריימאַן, וואָס איז געווען אונדזער הויפּט־פירער און אויך די חברים: היים פּאָגאָדע, הערשל פענעמאַן און לייבל ווישניעווסקי, וואָס איז געפאַלן אַ קרבן פון די אַנטיסעמיטישע אַקציעס, וואָס זענען געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר גאַנץ פּוילן (און צום באַדויערן איז דאָס אויך אַ טייל פון דעם הײַנטיקן פּוילן, כאָטש דאָס הײַנטיקע פּוילן איז שוין כמעט „יודנריין") און האָט אויך נישט דורכגעלאָזט אונדזער שטעטל. דער אָנדענק וואָס עס איז מיר פאַרבליבן פון לייבל ווישניעווסקי, איז געווען פון אַ רויִקן זייער זאַכלעכן מענטשן און פון אַ געטרײַען איבערגעגעבענעם חבר.

— זאָל זײַן נאָמען באַערט ווערן און בלײַבן אין אונדזער אָנדענק אויף אַלע צײַטן!

* * *

ווי געזאָגט, האָב איך געאַרבעט אַלס היטלמאַכער און מאַטעריעל געלעבט נישט שלעכט. פאַרשטייט זיך אַז מען דאַרף דערבײַ נעמען אין אַכט, אַז די באַדערפעונישן אין אונדזערע שטעטלעך זענען קיין מאָל נישט געווען קיין גאָר גרויסע און מען האָט זיך געשטעלט צופרידן מיט דעם וואָס מען האָט פאַרמאָגט און מיט דעם וואָס מען האָט פאַרדינט. איך האָב געאַרבעט אין סטאָק און איך פלעג פאָרן קיין סאַדאָווניע, וואָס האָט זיך געפונען בײַ אַ פיר קילאָמעטער פון דער באַן־סטאַנציע און דאָרטן האָבן זיך אויך געפונען יידן — און פאַרשטייט זיך, אַז אויך פאַרשידענע פּאַרטייען — און פּאַרטיי־קאַמפן, וואָס פלעגן צײַטנווײַז אָנעמען גאַנץ שאַרפע פאָרמען און איך האָב מיך גאַנץ אַקטיוו באַטייליקט אין די דאָזיקע קאַמפן וואָס פלעגן צײַטנווײַז איבערגיין צו „שלאָגנדיקע אַרגומענטן"... פון וועלכע איך האָב מיך צום גליק אָפּגעראַטעוועט און זיי אויסגעמיטן.

אָבער נישט די מאַטעריעלע סיבות זענען געווען דאָס וואָס האָט מיך באַוויגן אַרויסצופאָרן פון פּוילן — און פאַרשטייט זיך, אַז אויך נישט די געזעלשאַפטלעכע באַדינגונגען, וואָס איך האָב שטאַרק ליב געהאַט און דאָס באַטראַכט פאַר אַ צווייטן און אפשר דעם וויכטיקסטן טייל פון מײַן לעבן, עס איז אָבער געווען דער אַנטיסעמיטיזם און די געשאַפענע אַטמאָספער קעגן יידן, וואָס האָט מיר — פונקט ווי אַ סך אַנדערע יידן — געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייערע היימאַטס־פלעצער און זוכן זיך נײַע היימען אין אַנדערע לענדער, און עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס נאָר מיליאָנען יידן האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן, ווײַל צום באַדויערן זענען אַ סך לענ־

דער געווען פולשטענדיק געשלאָסן און מען האָט נישט אַרײַנגעלאָזט קיין ייִדן, אָדער מען האָט אַהין אַרײַנגעלאָזט ייִדן אין זייער אַ קליינער צאָל, און איינע פון די לענדער, וואָס האָט נאָך אַרײַנגעלאָזט ייִדן, כאָטש נישט אין אַזאַ מאָס ווי אין די אַמאָליקע צײַטן, איז געווען אונדזער אַרגענטינע און איך בין אויך געווען איינער פון די וואָס האָבן באַוויזן אין יענער צײַט זיך צו ראַטעווען.

דעם דאָזיקן פוילישן אַנטיסעמיטיזם האָב איך נאָך געפילט אין מײַן פריסטער יוגנט, ווען קעגן אונדזער שטוב, האָט געוווינט אַ פּאַרביסענער „ענ־דעק" (ראשי תיבות פון דעם וואָרט „נאַראָדאָוואַ דעמאָקראַציאַ" וואָס איז געווען אַן אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי) און שפּעטער האָט ער געהערט צו דער סאַמע אַנטיסעמיטישער גרופּע פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, וואָס האָט זיך אָנגערופן „נאַרא". דער דאָזיקער „ענ־דעק" האָט געהייסן הוידאנא — און גראָד מיט אונדז, זײַנע ייִדישע שכנים, האָט ער געלעבט בשלום.

איך געדענק נאָך, ווען מען האָט אין פוילן דער־מאָרדעט דעם פּרעזידענט גאַבריעל נארוטאָוויטש, אין יאָר 1922, האָט מען דעמאָלט דורכגעפירט אַ מרויער־אַקט אין דעם זאַל פון די פײַערלעשער. בײַם אַרויסגיין האָט מען זייער אַ סך פאַרהאַלטן און אין יענעם מאָמענט האָט מען הוידאנאן געשמידט אין קייטן און אים פאַרשיקט אין אַ תּפיסה. שפּעטער איז ער געוואָרן דער פירער פון די אַנטיסעמיטן אין קעלץ און פון דער דאָרטיקער גאַנצער געגנט.

הוידאַנאַ איז טאַקע פון אונדז אַוועק, אָבער זײַן „גײַסט" איז פאַרבליבן און עס זענען געווען זייער אַ סך אַנטיסעמיטן און טאַקע אַנטיסעמיטישע אַק־ציעס קעגן ייִדישע געשעפטן, בעת דעם מאַרק און אויך דער אַנטיסעמיטישער מאָרד פון מײַן חבר לייבל ווישניעווסקי, פון וועלכן איך האָב שוין פריער דערמאָנט. און איך געדענק, אַז עס איז געווען זו־מער־צײַט פון 1936, ווען איך בין געווען אין זשע־לעניעץ, האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען וועט מאַכן אַ פּאָגראָם קעגן ייִדן — און שבת זענען זיך צוזאַמענגעקומען זייער אַ גרויסע צאָל פּויערים פון די אומגעגנטן, פּונקט ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַ סיגנאַל פאַר זייער קומען — כאָטש קיין ספּעציעלע מאָטיוון פאַר דעם זענען נישט געווען.

אָבער שטענדיק ווען מען דערוואַרט „עפּעס" אַזוינס, קומט דאָס געוויינלעך נישט פאַר און אין יענער צײַט, האָט גראָד אַן אומבאַקאַנטער פּאָליאַק געהאַלטן אַ רעדע לטובת ייִדן (אַ זאַך וואָס עס איז געווען אַ זעלטנהייט) און די פאַרזאַמלטע פּאָליאַ־קן, פון וועלכע אַ טייל האָבן זיך זיכער שוין געהאַט צוגעגרייט צום ייִדישן רויב, האָבן זיך צוריקגע־קערט אין זייערע היימען און נישט געטשעפּעט קיין ייִדן.

אין יענער צײַט האָב איך באַשלאָסן, אַז מען דאַרף זוכן אַ נײַע היים, וווּ ייִדיש לעבן און ייִדיש האָב און גוטס, איז נישט הפקר. און איך האָב אויס־געוויילט צו פאָרן קיין אַרגענטינע — כאָטש קיין סך אויסצוקלײַבן איז נישט געווען, ווײַל דער גרעסטער טייל לענדער, אײַנגעשלאָסן ארץ ישראל וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטערן ענגלישן מאַנדאַט, איז געווען געשלאָסן פאַר ייִדן, וואָס האָבן געוואָלט פאָרן אַהין.

דאָ איז געווען מײַן שוועסטער חיה (אַ שוועגע־רין פון ישראל קיאַק) און אין דער היים האָב איך געלאָזט מײַן פאָטער, מוטער, צוויי ברידער און אַ שוועסטער — און אַזוי פיל פרײַנד און באַקאַנטע, פון וועמען איך האָב שוין געזען זייער ווייניק.

איך בין געווען 15 טעג אין דער פראַנצויזישער פּאָרט־שטאָט האַוור און איך בין געפאָרן מיט דער שיף „גראַיקס". די רײַזע האָט געדויערט בײַ אַ חודש צײַט און איך בין אַהער אָנגעקומען אין חודש נאָבעמבער פון 1937. צוזאַמען מיט מיר זענען געקו־מען די לאַנדסלײַט אברהם יוסף אָסטשעגא און שמואל בלומענקראַנץ. איך האָב נאָך באַוויזן אַרי־בערצוברענגען אַהער מײַן פרוי, וואָס איז געקומען אין חודש מײַ 1938. זיי אָבער האָבן שוין נישט באַוויזן צו ברענגען אַהער זייערע פרויען און קינ־דער, וועלכע זענען אומגעקומען מיט אַלע קדושי סטאָק.

און דאָס איז כמעט אַלץ וואָס איך האָב געפונען פאַר נייטיקע איבערצוגעבן אין אָנדענק פון אונדזער אומגעקומענע שטאָט און פון דעם וואָס עס איז מיר פאַרבליבן אין מײַן זכרון פון אַמאָליקן סטאָק.

**ד״ר משה קיאַק** / בוענאָס־אײַרעס

# דאָס נעגאַטיווע און פּאָזיטיווע פון „שטעטל״ בכלל און אויך פון אונדזער סטאָק*

## (און וואָס עס האָט איבערגעלאָזט פאַר די „יורשים״)

### פאַרשידענע מחשבות וועגן סטאָק

אין מײַנע קינדער יאָרן, יעדעס מאָל ווען איך פלעג זיך וועלן פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן אויסזען עס האָט געהאַט דאָס שטעטל ווו מײַנע עלטערן זענען געבוירן געוואָרן, פלעגן פאַר מיר אויפשווימען אַ געמיש פון בילדער, אָדער בעסער געזאָגט, בלויז פראַגמענטן פון זיי, גלײַך ווי זיי וואָלטן געווען אַן איבערבלײַב פון אַ צעשטערטן בילדער־אַרכיוו. צו די דאָזיקע אימאַזשן פלעגן זיך צוטשעפּען פאַרשידענע דערציילונגען און געשפּרעכן וואָס איך האָב געהערט פון מײַנע עלטערן וועגן סטאָק, דורכגעאַרבעט, פאַרשטייט זיך, דורך מײַן דעמאָלטיקער קינדערישער פאַנטאַזיע, כ'האָב אויך, למשל, בשום



ד״ר משה קיאַק
באַקאַנטער פּראָפעסיאָנאַל און אינטעלעקטואַל, אונדזערס אַ בן בני־עיר

אופן נישט געקענט גלייבן, אַז אין סטאָק זענען פאַראַן קאָלירן. אַלץ האָט זיך מיר פאָרגעשטעלט ווי אַ געמיש פון גרויע טענער, אין געציילטע ווערטער: סטאָק איז פאַר מיר געווען בלויז אַ מאָדנער קאָלאזש.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט מײַן הײַנטיקער פּסיכאָאַנאַליטישער אַרבעט, וואָס באַשטייט אויסשליסלעך אינעם פרווו צו פאַרשטיין די מענטשלעכע נשמה, בין איך נײַגעריק געוואָרן אויך צו דערוויסן זיך פאַרוואָס האָט פאַר מיר סטאָק געהאַט אַזאַ אויסזען.

אַזוי ווי די חלומות, ווי ווילד זיי זאָלן נישט אויסזען, פאַרמאָגן אַן אייגנאַרטיקע לאָגיק, אַזוי אויך אינעם פריער דערמאָנטן קאָלאזש־געשטאַלט איז פאַראַן אַ זין, וואָס איז געווען דער רעזולטאַט פון פאַרשידענע, אָפּט קעגנזעצלעכע סיבות.

ווי ס'איז לײַכט צו פאַרשטיין, האָט אַ גרויסע

* **פון דער רעדאַקציע:** ד״ר משה קיאַק, איז נישט קיין סטאָקער, נאָר אַ געבוירענער אין אַרגענטינע און אַ זון פון דעם מיטגליד פון אונדזער „ועד הספר״ — ישראל קיאַק. דאַ פאַרנעמט ער די קאַטעדרע פון פּסיכאָאַנאַליז אין דער בוענאָס אײַרעסער אוניווערסיטעט און אויך אַ לעקטאָר פון דער פאָלקס־אוניווערסיטעט בײַ דער „ייוואָ״, וואָס האָט אויך אַרויסגעגעבן זײַנס אַ בוך א״נ: „פרויד און דער פּסיכאָאַנאַליז״.

זײַן אַרטיקל וואָס מיר דרוקן אין אונדזער יזכור־בוך, קאָן, פאַרשטייט זיך, נישט זײַן קיין אָפּהאַנדלונג פון דעם שטעטל סטאָק, וועלכן דער חשובער מחבר האָט אַפילו נישט געקענט (סײַדן דורך די דערציילונגען פון זײַנע עלטערן — ווי ער אַליין גיט דאָס אָן); און אין דאָזיקן אַרטיקל ווערט באַהאַנדלט — אין אַ געוויסער מאָס —, אין ליכט פון פּסיכאָאַנאַליז, דער גאַנצער ענין וועגן דעם נעגאַטיוון און פּאָזיטיוון פון דעם פאַרניכטעטן „שטעטל״ בכלל און ספּעציעל פון דעם פאַרניכטעטן שטעטל סטאָק.

געשריבן אין אַ קלאָרער און לײַכטער שפּראַך, גיט אונדז דער חשובער דאָקטער און פּסיכאָאַנאַליסט זײַן זייער אינטערעסאַנטע און פּאָזיטיווע מיינונג, וועגן דעם וואָס עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דאָס יידישע „שטעטל״ בכלל און אין אונדזער פאַל, וואָס אַזוינס עס באַדײַט פאַר אונדז דאָס שטעטל סטאָק.

השפּעה געהאַט אויף מיר, מײַנע עלטערנס שילדערונגען וועגן אַלץ וואָס האָט אַ שײַכות געהאַט צו סטאָק.

ווען אַ פֿאַרמעגלעכער טוריסט מאַכט אַ שפּאַציר איבער ווענעציעס קאַנאַלן און געסלעך, וועלן בײַ אים פֿאַרבלײַבן זעלטן שיינע אײַנדרוקן פֿון דער דאָזיקער שטאָט. די דאָזיקע אײַנדרוקן זענען ווײַט צו זײַן די זעלבע וועלכע עס פֿאַרמאָגן ווענעציעס אײַנוווינערס, וואָס מוזן אויסשטיין אַזוי פֿיל צרות פֿונעם שלעכטן קלימאַט, די פֿאַרפֿלייצונגען אאַ"וו. ווען מײַנע עלטערן וואָלטן געבוירן געוואָרן אין פֿאַרמעגלעכע היימען, וואָלטן זיי גאַנץ אַנדערש גערעדט וועגן זייער שטעטל. אָבער לײדער, האָבן זיי נישט בלויז געמוזט אויסשטיין פֿון עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פֿון אַ סך אַנדערע צרות האָבן די שטעטל אײַנוווינערס געליטן. ווי אַ מוסטער וועל איך בלויז דערמאָנען דעם חדר (דאָס אָרט וווּ עס ווערן דערמאָרדעט אַלע „קינדערישע אילוזיעס" — ווי מענדעלע מוכר ספֿרים האָט עס דעפֿינירט), און די פֿײַנטלעכע גוישע סבֿיבֿה וואָס האָט כסדר געשראָקן.

די געשטאַלטן פֿון פֿיל פּערסאָנאַזשן פֿונעם שטעטל פֿלעג איך זען, ווי אָפּגעשפּיגלט אין „קרומע שפּיגלען". פֿאַרוואָס אַזוי, איז מיר הײַנט נישט שווער צו פֿאַרשטיין. דער אייגנאַרטיקער לעבנסשטייגער אין אַ קליין שטעטל, און די קאָנפֿליקטיווע באַציִונגען צווישן קרובישע און האַלב־קרובישע פֿאַמיליען - גרופּעס, האָט זיכער פֿאַראורזאַכט אַז די דערציילונגען וואָס איך האָב געהערט וועגן פֿאַרשידענע סטאָקער, זענען נישט שטענדיק געווען קיין אָביעקטיווע.

לויט ווי איך האָב ביז אַצינד געשריבן, קען מען מיינען, אַז איך האָב זיך בלויז אָנגעהערט מיט נעגאַטיווע אַספּעקטן וועגן סטאָק, דאָס איז נישט ריכטיק. אויך מעשׂיות וועגן וואַלד, יאַגדעס, שטיפֿערײַען האָט מען מיר דערציילט. שפּעטער האָב איך זיך אויך דערוווּסט וועגן אַ צעבליטן קולטורלעבן, אידעאַליזם, ציוניזם, סאָציאַליזם, ביבליאָטעקן, טעאַטער גרופּעס אאַ"וו.

ס'האָט אויך אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק די קעגנזײַטלעכע שטימונג וואָס כ'האָב געפֿילט בײַ מײַנע עלטערן און בײַ אַלע לאַנדסלײַט זייערע: פֿון איין זײַט דאָס בענקען נאָך זייער שטעטל, און דעם נישט באַהאַלטענעם טרוים אומצוקערן זיך צוריק צו אים, גלײַך ווי ס'וואָלט קיין מאָל גאָר נישט געשען, און פֿון דער צווייטער זײַט די פֿײַנטלעכע שטימונג אַז אַלץ איז אומגעקומען, אַז סטאָק מיט אירע ייִדן וועלן שוין מער קיין מאָל נישט אויפֿשטיין צוריק. אָט די פֿריִער דערמאָנטע, קעגנזעצלעכע באַשרײַבונגען, פֿלעגן לאָזן אין גאַנג מײַנע אייגענע פֿאַנטאַזיעס, וועלכע האָבן צוגעהאָלפֿן אינעם אויפֿקום פֿון מײַן פּריוואַטן שטעטל־געשטאַלט.

מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב זיך אַרײַנגעטאָן אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס גיט זיך אַזוי פֿיל אָפּ מיטן שטעטל, האָב איך געהאָפֿט, אַז כ'וועל באַקומען כאָטש אומדירעקט אַ מער אָביעקטיוו בילד פֿון סטאָק. אָבער לײדער, איז דאָס געשטאַלט פֿון שטעטל נישט געוואָרן קלאָרער פֿאַר מיר. פֿאַרקערט: אין אַ סך הינזיכטן האָב איך געפֿילט אַז עס זענען באַרעכטיקט געווען מײַנע פֿריערדיקע פֿאַנטאַזיעס. מענדעלעס שטעטל, מיט זײַנע פֿאַרקריפּלטע פּערסאָנאַזשן, האָבן זיך בײַ מיר אויסגעמישט מיט שלום אַשס לירישע באַשרײַבונגען וועגן שטעטל, און ס'איז ווײַטער פֿאַר מיר אויפֿגעשטאַנען אַ נײַער שטעטל קאָלאַזש.

***

אָבער ווי אַזוי פּאָרט האָט אויסגעזען דאָס שטעטל? ווי אַזוי האָט אויסגעזען סטאָק?

כאָטש איך האָב נאָך נישט קיין פֿולן ענטפֿער אויף די דאָזיקע פֿראַגן, איז אָבער דערפֿאַר דאָס בילד פֿאַר מיר נישט אַזוי אויסגעקרומט ווי פֿריִער.

ווי ס'איז פֿאַרשטענדלעך, מיין איך נישט סטאָקס מאַטעריעלן אויסזען, וואָס בלײַבט פֿאַר מיר נאָך אַלץ אומבאַקאַנט. איך מיין דאָ דעם גײַסטיקן אויסזען, און איבערהויפּט אירע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע שטריכן. מען קען מיר פֿאָרוואַרפֿן אַז ס'איז נישט מעגלעך צו האָבן אַ ריכטיקע מיינונג וועגן עפּעס, אויב מען איז נישט פּערזענלעך באַקאַנט מיט דעם. און אַ שפּאָר ביסל אמת שטעקט אין דעם. אָבער אויף דעם פֿאָרוואורף קען מען ענטפֿערן, אַז אַ דירעקטע עקספּעריענץ איז אויך נישט קיין גאַראַנטיע פֿאַר אַן אָביעקטיוון משפּט. איןביידע פֿאַלן קען מען פֿאָרורטיילן, און אפֿשר אַ סך מערער ווען מען איז אַ דירעקטער אַקטיאָר. איך מיין אַז עס זענען אַזוי גערעכט די דאָזיקע וואָס האַלטן אַז דאָס שטעטל איז לויטער שיינקייט, ווי די אַנדערע וואָס

האַלטן פונקט דאָס פאַרקערטע. דער איינציקער פעלער זייערער (איך מיין דאָ סײַ די ערשטע, סײַ די צווייטע), באַשטייט אין דעם, וואָס זייערע באַהױפּטונגען זענען טיילווײַזע און טענדענציעזע. ביידע האָבן פאַר זייערע אויגן בלויז געוויסע אַספּעקטן, און זיי נוצן זיי ווי אַ מוסטער וואָס ווערט אָנגעווענדעט —אָדער קאָנטאַמינירט—, אַלע איבעריקע אַספּעקטן, און ליידער, איז אונדזער פּסיכיזם זייער גענייגט צו מאַכן אַזעלכע אויספירן, וואָס ווערן אָנגערופן פאַראורטייל.

עס וואָלט אונדז גענומען אַ צו לאַנגע צײַט אויסצוגעפינען די אַלע פאַקטאָרן וואָס זענען משפיע אויף דעם דאָזיקן פאַראורטיילישן אופן פון דענקען. כ'וועל בלויז ווי אַ מוסטער דערמאָנען איינע פון די דאָזיקע סיבות: די השפּעה פונעם אַמביענט. ווי אַ בײַשפּיל קען דינען דער אַנעקדאָט וועגן יענע צוויי יידן וואָס פאָרן קיין פּאַריז, יעדער איינער צו זײַן ברודער. איינעמס אַ ברודער איז אַ שמש אין אַ פּאַריזער שיל; דעם צווייטנס ברודער איז אַ קעלנער אין אַ נאַכט לאָקאַל. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר יעדן איינעם פון די באַזוכער וועט זײַן גאַנץ אַנדערש די מיינונג וועגן פּאַריז: פאַרן ערשטן וועט עס זײַן אַ שטאָט פון לויטער צדיקים, פאַרן צווייטן אַ שטאָט פון לויטער רשעים. כאָטש איך האָב נישט געקענט דאָס שטעטל, גלויב איך אַז סײַ מענדעלע מוכר ספרים, סײַ שלום אַש, זענען גערעכט אין זייערע שטעטל־באַשרײַבונגען. נישט מער וואָס ביידע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף געוויסע אַספּעקטן און נישט געזען, אָדער נישט באַשריבן די אַנדערע. בעסער געזאָגט: עס האָט געפעלט אַ געהעריקער סינטעז צווישן די פאַרשידענע, אָפט קעגנזעצלעכע אַספּעקטן.

הײַנט זע איך סטאָק ווי אַ סינטעז פון פילזײַטיקע טענדענצן, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע; דינאַמישע און סטאַטישע, פּראָגרעסיווע און רעגרעסיווע. אָט די דאָזיקע דיאַלעקטישע וויזיע פונעם שטעטל, איז פיל פּאָזיטיווער ווי די אידעאַליזירטע באַשרײַבונגען, וואָס זענען, ווי געזאָגט, איינזײַטיקע און אַוודאי און אַוודאי פון די נעגאַטיווע וויזיע פונעם שטעטל אַפילו ווען דער דאָזיקער צוגאַנג וויל זיך אויסבאַהאַלטן אונטער אַ מאַסקע פון אָביעקטיוויזם. דער מענטש איז אַ סינטעז פון קעגנזײַטיקע כוחות, פון לעבן און טויט־טענדענצן, און אַלץ וואָס האָט אַ שײַכות מיט אים, אַלץ וואָס איז אַ פּראָדוקט פון זײַן פירונג, וועט פאַרמאָגן זײַנע אייגנשאַפטן.

⁂

דער פאַראורטיילישער אופן פון דענקען פאַרמאָגט אַ כאַראַקטעריסטיק: ער צווינגט שטענדיק אַלעמען צו אַקטויִרן לויט די דיקטאַטן פון די דאָזיקע פאַראורטיילן. אַן אַנטיסעמיט, למשל, וואָס איז באַהערשט פון פאַראורטיילישע מיינונגען קעגן יידן, וועט קיין מאָל נישט בלײַבן בלויז בײַ אָט די געדאַנקען. ער מוז, געצוווּנגען פון אָט דעם פאַראורטיילישן געדאַנק, איבערזעצן מיינונגען אין מעשים. די דאָזיקע אַקטן פאַנגען אָן מיטן באַרעדן, באַקעמפן, דיסקרימינירן קעגן די דאָזיקע אויף וועמען עס פאַלט דער פאַראורטייל, ביז צו פיזישער און גײַסטיקער אויסראָטונג.

ווי אַזוי לאָזן זיך מערקן, וועלכע זענען די קאָנסעקווענצן פון די פאַראורטיילן קעגן שטעטל? דאָס באַרעדן, באַשמוצן דאָס שטעטל, דאָס איז אַ טאָגטעגלעכע דערשײַנונג. אָבער דער שרעקלעכסטער רעזולטאַט פון אָט די דאָזיקע פאַראורטיילן איז די אומדיסקרימינאַטיווע צעשטערונג פון אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיטן שטעטל, מיט אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט אים. עס וואָלט אפשר נישט געשאַדט ווען מען אַטאַקירט בלויז דאָס נעגאַטיווע (כאָטש ווער איז בכוח פעסטצושטעלן גענוי וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט). ליידער צעשטערט מען אַלץ וואָס איז אויך פּאָזיטיוו: די אייגנאַרטיקע ירושה וואָס דאָס שטעטל האָט אונדז איבערגעלאָזט.

ס'איז אמת אַז דאָס שטעטל האָט געהאַט אומגעווונטשענע אַספּעקטן. אָבער: איז דען אַלץ אינעם שטעטל געווען נעגאַטיוו? ווען עס וואָלט געווען טאַקע אַזוי, טאָ פון וואַנען האָבן געשעפּט זייערע גײַסטיקע ענערגיעס די יוגנטלעכע וועלכע האָבן אונטער פאַרשידענע פּענער: ציוניסטישע צי סאָציאַליסטישע, געקעמפט פאַר זייערע אידעאַלן. עס איז אוממעגלעך צו פאַרשטיין דעם אויפקום פון די פּאָליטישע באַוועגונגען, פון דער יידישער קולטור אין שטעטל, בלויז ווי אַ רעאַקציע קעגן די רעגרעסיווע, קאָנסערוואַטיווע כוחות. די מסירת־נפשדיקייט, די קאַמפּס־גרייטקייט וואָס די אידעאַליסטישע יוגנט האָט פאַרמאָגט, איז, ווי מאָדנע עס זאָל נישט אויסזען, געווען אַ ירושה פון די פּאָזי־

טיווע אַספּעקטן פון די עלטערע דורות וועלכע די יוגנט האָט באַקעמפט.

וועלכער איז דער רעזולטאַט פון דעם פּאָרטרייטלערישן קאַמפּיין קעגן שטעטל? אויבערפלעכלעך קען מען מיינען אַז אַזוי אַרום ווערט מען באַפרייט פונעם נעגאַטיוון, צוריקגעשטאַנענעם גייסט פונעם שטעטל און דערמיט, מיט אָט דער כלומרשט איקאָנאָקלאַסטישער האַנדלונג, טרעט מען אַריין וואָס לייכטער און שנעלער, אין אַ נייער, בעסערער, שענערער וועלט.

פאַקטיש אָבער זענען די רעזולטאַטן אַנדערש. קיינער פון די פריער דערמאָנטע פּסעוודאָ־רעוואָלוציאָנערן איז נאָך נישט באַגליקט געוואָרן פון אָט דער האַנדלונג, און דער פּרייז וואָס זיי האָבן באַצאָלט עפּעס צו דערגרייכן פון דער אַרומיקער וועלט איז געווען אַ געפערלעך טייערער: זיי האָבן זיך געמוזט אָפּזאָגן, טויטן אין זיך, די אייגנאַרטיקע, פּאָזיטיווע כוחות, דעם גייסטיקן פאַרמעגן זייערן, און במילא אויפפירן זיך, ווי געטרייע אונטערטעניקע פון די נעגאַטיווע, זעלבסטצעשטערערישע כוחות, וועלכע זיי האָבן כלומרשט געוואָלט באַקעמפן.

אַן ענלעכע זאַך געשעט אויך מיט דעם פּאָרטריילישן קאַמפּיין פאַרן שטעטל. די עקסטרעמע אידעאַליזאַציע פונעם שטעטל, דאָס פאַרהייליקן אַלע אַספּעקטן און אייגנשאַפטן, פירט צום אויפהאַלטן, אונטער אַ מער אָדער ווינציקער מאָדערנעם שלייער, פאַרשידענע נעגאַטיווע דערשיינונגען פונעם שטעטל. דאָס נישט קענען אָפּטיילן גוטס פון שלעכטס, פירט צו אַזאַ צושטאַנד אין וועלכן מען קען נישט אָפּשאַצן אויף אַ געהעריקן אויפן די גוטע אַספּעקטן, און מען בלייבט אונטערטעניק די שלעכטע.

*
**

אויב מען וויל מאַכן אַן אַלגעמיינעם באַלאַנס און אָפּוועגן אָביעקטיוו וואָס אַזעלכעס עס איז אונדז פאַרבליבן פון שטעטל, צי איז פאַראַן עפּעס נוצלעכס אָדער נישט, מוז מען נעמען אין אַכט אַזוי פיל עלעמענטן, אַז ס׳וועט נאָך נעמען אַ לאַנגע צייט ביז דער דאָזיקער באַלאַנס וועט קענען דורכגעפירט ווערן.

איך וויל דאָ מאַכן אַ קורצן, אינדיווידועלן באַלאַנס, און זען וואָס דאָס שטעטל, מיינע עלטערנס שטעטל סטאָק, האָט מיר געגעבן. און דער דאָזיקער סך־הכל איז אַ פּאָזיטיווער. נאָך דעם וואָס מען איז בכוח צו באַזייטיקן די פריער דערמאָנטע נעגאַטיווע אַספּעקטן, טרעפט מען זיך אָן מיט אומצאָליקע גייסטיקע רייכטימער, ד״ה דאָס אָריגינעלע וואָס מיר, די יורשים פון שטעטל פאַרמאָגן. די דאָזיקע ירושה איז אונדזער צושטייער צו דער ציוויליזאַציע. דערמיט זענען מיר אָריגינעל, אַנדערש, לייקענענדיק אָבער דאָס וואָס דאָס שטעטל האָט אונדז געגעבן זענען מיר בלויז נאָכמאַכערס, האָבנדיק דערווייל פאַרלוירן אונדזער אינדיווידואַליטעט. כל זמן מיר וועלן אָפּהיטן אָט די גייסטיקע, פּאָזיטיווע, שטענדיק דינאַמישע ירושה, וועט דאָס שטעטל ווייטער לעבן אין אונדז.



## פון דער רעדאַקציע:

מיר האָבן זיך געווענדעט צום גרויסן יידישן פאָלקס־דיכטער מלך ראַוויטש, וואָס האָט אייניקע מאָל באַזוכט סטאָק, אַז ער זאָל עפּעס אָנשרייבן וועגן אונדזער שטעטל און דאָ לייגן מיר ביי זיין ענטפער.

און כאָטש זיין ליד „ביי די וואַסערן פון דער ווײַסל״, איז נישט געשריבן ספּעציעל פאַר סטאָק, איז דאָס אָבער צוגעפּאַסט פאַר אַ סך געוויזענע יידישע שטעטלעך, פּונקט ווי דאָס בילד פון זיין זון, דער מאָלער יאָסל בערגנער און מיר דרוקן ביידע זאַכן מיט אַ סך צופרידנקייט.

מאָנטרעאַל, דעם 3טן מערץ 1972

טײַערע פרײַנד שמחה לאַנדע און י. צוזיקער — אָנפירערס פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט־פאַראיין —

אַנטשולדיקט מיר טויזנט מאָל פאַר דעם פאַרשפּעטיקטן ענטפער אויף אײַער האַרציקן בריוו פון 14טן סעפּטעמבער 1971. צופעליק איז אײַער בריוו פאַרלייגט געוואָרן און זיך ערשט די טעג אָפּגעזוכט.

לאָמיר האָפן, אַז עס איז נאָך נישט צו שפּעט.

עס איז מיר לעצטנס שווער צו שרײַבן אַ סך און דער עיקר אויף טעמעס, וואָס דאַרפן האָבן אַ היפּשע צוגרייטונג און פאָרשונג — איז אַזוי: מײַן פּען־פּראָפּיל פון לייזער צוקער —אײַער לאַנדסמאַן— גיב איך אײַך מיט פאַרגעניגן דאָס רעכט איבערצודרוקן אין אײַער ספר סטאָק.

איך לייג אײַך פאָר איבערצודרוקן אין אײַער ספר מײַנס אַ ליד מיטן נאָמען „ביי די וואַסערן פון דער ווײַסל״. עס געפינט זיך אין מײַן בוך „די לידער פון מײַנע לידער״. עס געפינט זיך דאָרט אויף די זײַטן 277, 278, 279. איר קענט זיך אויך באַנוצן מיט דער צייכנונג אין זעלבן בוך אויף דער זײַט 278. איך גיב אײַך רשות דאָס בילד צו באַנוצן אין דעם דערמאָנטן ליד. דעם רשות צו דרוקן דאָס בילד גיב איך אײַך פרײַ. דער מאָלער יאָסל בערגנער איז מײַן זון.

איך ווינטש אײַך הצלחה אין אײַער הייליקער אַרבעט

**מלך ראַוויטש**

מלך ראַוויטש

# ביַי די וואַסערן פון דער ווײַסל

ביַי די וואַסערן פון דער ווײַסל,
הינטער פענצטער — ווינט אין לעכער פון די שויבן,
אונטער קרומע שינדל־דעכער,
ביַי די פוסטע טישן — פוסט אָן ברויט און פוסט אָן גלויבן,
זיצן זיי מיט הענט פאַרלייגטע,
פרירן אין די שיך, אין די צעווייקטע,
הערצער פול מיט האָפענונגען אויסגעדאַרטע —
און וואַרטן — וואַרטן — וואַרטן

ביַי די וואַסערן פון דער ווײַסל,
אויף די שיינע, אויף די לעצטע, אויף די אַלטע יאָרן,
זענען בעטלער זיי געוואָרן
ביַי די אייגענע זין און טעכטער,
ברידער־שוועסטערן אויף די ווײַטע קאָנטינענטן.
בריוו מיט בלוט און בריוו מיט טרערן —
מיט וואָס נאָך דען קאָן מען שרײַבן?
קיינער וויל זיי מער נישט גלייבן —
צו די וואַסערן פון דער ווײַסל
זענען זיי פאַר טויזנט יאָרן,
מיט קינד און קייט, מיט האָב און גוטס,
פאַרטריבן געוואָרן, אין בוידן פאַרפאָרן,
ערשטע יידן, זייערע עלטער־זיידעס,
הײַנט —מיט טויזנט יאָרן ווײַטער,
ווײַזט מען זיי אַרויס די טירן—
וווּ־זשע גייען און וווּ פירן
נאָך טויזנט יאָרן אָט די טירן? — —

פון די וואַסערן פון דער ווײַסל
און פון אירע שוועסטער־טײַכן
גייען אויף אין ליכט אין בלייכן
פון דער פוילישער לבנה

שאָטנס פון אַמאָל: פון אַ גוטן, גרויסן, רײַכן
לעבן, שאָטנס פון אַ גרויסער ליבע —
און די שאָטנס שווימען שטראָם־אַפּ
פונקט ווי זיי, ווי זיי פון הײַנט מיט שאַנד געטריבן.
פון די וואַסערן פון דער ווײַסל
איבער אַלע ערדנס באַנען,

איבער אַלע וועלטן-ימים,
איבער אַלע גרענעץ-צוימען
זענען אין די קינדער זייערע געקומען,
זענען אין די פרעמדע וועלטן אויפגעשטאַנען
לעבעדיקע, די קליינשטעטלדיקע טרוימען,
און די ווײַטע וועלטן אײַנגענומען.

איצטער זענען זיי אַליין —נאָך טויזנט יאָרן—
נאָך נישט אויפגענומען און נאָך נישט אַרויסגעטריבן,
און פון גרויסן טרוים? חורבות —
אַ טרוים אַפילו נישט אויף אַ טרוים פאַרבליבן — —



געצייכנט פון יאָסל בערגנער

בײַ די וואַסערן פון דער ווײַסל
וואַקסן יידישע בית-עולמס
איבער מאַרקן, איבער שטיבער,
איבער שטעט און שטעטעלעך אַריבער —

און דער טויט — — דורך פענצטער-לעכער
שטעקט ער זײַנע ווײַסע ביינער-פינגער;
וואָס ער וויל — דאָס קאָן ער קריגן,
אַלטע פון די טויטן-בעטן, קינדער פון די וויגן — —

1935

מלך ראַוויטש

# לייזער צוקער ז״ל

(אינטימער פען־פּראָפיל פון דער סעריע „מײַן לעקסיקאָן")

געבוירן אין יאָר 1886 (תרמ״ו) אין סטאַק
נפטר געוואָרן אין מאָנטרעאַל, דעם 19טן
מאַרץ 1965 (תשכ״ה)

ווען עמיצער וואָלט מיך געפרעגט אָט אַזוי: קענסט מיר מיט אַן איין און איינציק וואָרט באַצייכענען דעם כאַראַקטער פון דעם ייִד לייזער צוקער, וואָס האָט זעכציק יאָר געוווינט אין דער שטאָט מאָנטרעאַל און איז דאָ געווען ייִדיש־געזעלשאַפטלעך טעטיק אָט אָ די לאַנגע צײַט? נישט טראַכטנדיק לאַנג וואָלט איך געענטפערט: דאָס וואָרט איז „איידלקייט".

פון וואַנען עס האָט זיך פונקט צו דעם ייִדן, דעם בן־קאָוואַל פון שטעטל סטאָק בײַ וואַרשע, גענומען אָט די איידלקייט, דער אידעאַליזם, דער טאַקט, די לעבנס חכמה, די סבלנות, די מענטשלעכע גוטסקייט — און דווקא נישט הפקרדיק אומבאַגרענעצט, נאָר מיט אַ מאָס — די טאָלעראַנץ, כאָטש אַליין איז ער געווען אַ שטרענגער פּאַרטיי־מענטש, אַ פּועלי ציון, כמעט נאָך איידער בער באָראָכאָוו אַפילו — אָט דאָס איז אַ סוד פון כביכולס קוזניע פון מענטשלעכע כאַראַקטערן אין הימל. דאָס וואָרט „קוזניע" איז אונדז געקומען אונטער די פינגער, נישט צופעליק. איך האָב עס פריִער שוין דערמאָנט און וויל עס נאָך אַמאָל דערמאָנען: לייזער צוקערס פאָטער איז געווען אַ קאָוואַל, אַ שמיד. און ייִדישע שמידן זענען געווען אַ שבט פאַר זיך, אַ גשמהדיקער שבט, בײַ דער גשמיותדיקסטער, ביטערער פּרנסה. אַ קאָוואַל האָבן אַלע ליב געהאַט, ווײַל אַן אים איז קיין אַקעראײַזן און קיין בראָנע נישט געווען, קיין ראָד האָט זיך נישט געקענט דרייען, קיין פערד האָט נישט געקענט לויפן אָן זײַנע פּאָדקאָוועס. און אַז אַלע האָבן ליב געהאַט דעם קאָוואַל — האָט שוין במילא דער קאָוואַל ליב געהאַט אַלעמען. אָט דאָרט איז אפשר צו זוכן דעם סוד פון צוקערס כאַראַקטער.

אַ בלאָנדער ייִד, אַ פעסט־געבויטער, אַ הויכלעכער, איז קיינמאָל נישט גרוי געוואָרן, האָט אַלע מאָל אויסגעזען צוואַנציק יאָר ייִנגער ווי ער איז געווען. אַזוי האָב איך אים געקענט פון ערשטן טאָג אָן, ווען איך בין געקומען קיין מאָנטרעאַל, אין מערץ 1941. פון דער פּראָפעסיע איז ער געווען אַן אַסעקוראַציע ־ אַגענט, אויפגעכאָוועט אַ משפחה פון זעקס קינדער. האָט ער מסתמא די פּרנסה גוט אין זינען געהאַט, ווײַל אין זײַן היים האָט געהערשט אַ מוסטערהאַפטער שלום בית, און פאָרט האָט ער באַוויזן צו זײַן אַקטיוו אין אפשר אַ טוץ געזעלשאַפטלעכע ייִדישע אינסטיטוציעס און קיין מאָל קיין זיצונג נישט פאַרפעלט. דאָ איז ער געווען אַ פּרעזידענט, דאָרט אַ פאָרזיצער און ערגעץ אַנדערש אַ פאַרוואַלטונגס ־ מיטגליד. מער ווי ווו נישט איז איז ער געווען אַקטיוו אין דער פּרץ שולע, די ערשטע וועלטלעכע ייִדישע פאָלקס־שולע אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. ער איז אַזוי אינטעגרירט און אידענטיפיצירט געווען מיט אָט דער שולע, אַז וויניקער באַהאַוונטע ייִדן האָבן געמיינט אַז דאָס איז טאַקע פּרץ... אַז די פּרץ־שולע האָט, אין יאָר 1959, אויפגעבויט אַ נײַעם גרויסן שול־בנין, איז עס נאָר געווען נאַטירלעך, אַז מען זאָל דעם בנין אָנרופן: לייזער צוקער בנין. אַ מאָנומענט בײַם לעבן. אָבער קיינער האָט קיין טענה נישט געהאַט, ווײַל לייזער צוקער איז אויף אַן אמת נישט געווען קיין רודף כבוד, האָט טאַקע דער כבוד זיך נאָך אים געיאָגט.

אַז די ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק אין מאָנטרעאַל האָט געגרינדעט אַ פאָלקס אוניווערסיטעט איז לייזער צוקער פון איין זײַט געוואָרן דער פאָרזיצער פון דעם ספּעציעלן קאָמיטעט, אָבער אין דער זעלבער צײַט אַ פּינקטלעכער תלמיד אויף עטלעכע קורסן. אַלץ הייסט פּינקטלעך. ער האָט קיינמאָל קיין לעקציע נישט דורכגעלאָזן. איך בין אַ גוטער עדות — איך האָב טאַקע פון צוקערס האַנט, באַקומען דעם פּאָסטן צו אָרגאַניזירן דעם דאָזיקן „ייפא" — ייִדישן פאָלקס אוניווערסיטעט. אַוודאי דאַרף יעדער געזעלשאַפטלעכער עסקן קענען אין זײַן געזעלשאַפט זײַן גלײַכצײַטיק אַ פּשוטער מיטגליד און אויך אַפילו אַ פּרעזידענט, אויב מען קלויבט אים אויס. אָבער נאָר איינער פון טויזנט קען דאָס. צוקער

האָט עס געקענט און אומדערמידלעך פראַקטיצירט אפשר גאַנצע זעכציק יאָר.

נישט קיין רודף כבוד; איז ער אָבער יאָ געווען אַ רודף שלום אין די אַלע געזעלשאַפטן, בעיקר קולטורעלע, צו וועלכע ער האָט באַלאַנגט. אַ יידישע שטאָט האָט ממש צו אים אַרויפגעקוקט, זיך צוגעהערט צו זיין אַלע מאָל טאַקטיש און באַדאַכט און פשוט און איידל וואָרט. איידל און גרעדולדיק האָט ער געטראָגן די יסורים פון זיין לאַנגזאַמען, שריט ביי שריט, זיך געזעגענען מיט אָט דעם עמק הבכא. איז מען אים געקומען מבקר חולה זיין, האָט ער קיין מאָל נישט גערעדט וועגן זיין קרענק, און נאָר די גוטמוטיקע אויגן האָבן געקוקט מיט אַ שאלה, אָבער נישט טענה, צו גאָט: פאַרוואָס קומען גראָד אים אַזעלכע יסורים?

טויזנטער האָבן אים באַגלייט צו זיין אייביקער רו.

אַ דוגמה לדורות, פון אַ קולטור־געזעלשאַפט־לעכן יידישן עסקן אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אַ נאָמען, וואָס דאַרף צווישן יידן נישט פאַרגעסן ווערן, כאָטש ער האָט קיין ירושה אין ווערטער נישט איבערגעלאָזן.

ל ײ ז ע ר צ ו ק ע ר.



אַ גרופּע לאַנדסלייט אין מאָנטרעאַל (קאַנאַדע) ביים פייערן דעם 70־יאָריקן געבורטסטאָג פון זייער בן־עיר
ל ײ ז ע ר צ ו ק ע ר

# דערינערונגען פון די ערשטע 20 יאָר אין מײַן לעבן

(פון דעם עזבון פון לייזער צוקער ע״ה)

נישט קוקנדיק וואָס דער שרײַבער פון די שורות האָט שוין אַריבערגעשפּרײַזט די שבעים, וויל איך דאָך שרײַבן נאָר די דערינערונגען פון די ערשטע 20 יאָר פון מײַן לעבן, ווײַל די ווײַטערדיקע יאָרן זענען מער אָדער ווייניקער באַקאַנט.

געבוירן געוואָרן בין איך אין אַ קליין שטעטעלע, סטאַק, וועגנראָוער קרײַז, אין שעדלעצער גובערניע, אויף דער ליניע וואַרשע־ביאַליסטאָק. אויף דעם שטעטעלע האָט מען געזאָגט, אַז דער הימל איז דאָרט באַדעקט מיט גראַכאַווינעס (אַזאַ מין שטרוי), ווײַל אין דעם שטעטל האָבן זיך געפונען אַ סך דעכער באַדעקט מיט שטרוי. דאָס שטעטל איז געווען אַן אמת ייִדיש שטעטעלע מיט אַרום 250 משפּחות. געהאַט אַ בית המדרש, וועלכער איז אויך גענוצט געוואָרן פאַר אַ שיל צום דאַווענען; אַ רב, און אַ חזן און אַ שוחט. דאָס שטעטעלע איז געווען אַרומגערינגלט מיט דערפער, פון וואַנען די ייִדן האָבן געצויגן זייער פּרנסה. איין מאָל אין צוויי וואָכן פלעגט פאָרקומען אַ יריד, ווו הונדערטער פּויערים פלעגן זיך צונויפקומען און פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן, און פאַר דעם געלט אײַנקויפן אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט פאַר זייערע פאַמיליעס און זייערע ווירטשאַפטס מכשירים. דאָס שטעטל האָט אויך געהאַט אַ קירך, ווו די פּויערים מיט זייערע פאַמיליעס פלעגן זיך צונויפקומען אַלע זונטיק אין דער פרי. דער גלח האָט אויך געוווינט לעבן דער קירך.

אונדזער הויז, ווו מײַן פאָטער, דער שמיד, האָט אויך געהאַט די קוזשניע, איז געשטאַנען לעבן דעם בית המדרש. מײַן פאָטער האָט געהייסן זישע זעליק, און מײַן מוטער, חנה. פּויערים פון די דערפער אַרום פלעגן קומען צו אונדז פאַרריכטן זייערע וועגענער, זייערע אַקערס אָדער מאַכן נײַע מכשירים צו דער אַרבעט. זיי פלעגן זייער זעלטן צאָלן מיט געלט, צום מייסטנס מיט פּראָדוקטן. אַזוי, אַז איך האָב זייער זעלטן געזען געלט בײַ אונדז אין הויז. די פּויערים זענען געווען זייער פרײַנטלעך. זיי פלעגן מיך מיטנעמען אויף זייערע וואָגנס אין דאָרף אַרײַן און מיר ווײַזן ווי אַזוי זיי באַאַרבעטן די פעלדער און ווי זיי דרעשן די תבואה און מעלקן די קי, און ווי זיי שפּאַנען אײַן אַ פערד אין שפּאַן. מײַן פאָטער האָט זיי געטרויט, אַז זיי וועלן מיך גוט באַהאַנדלען און מיך ברענגען צוריק אין דער באַשטימטער צײַט ווי זיי האָבן צוגעזאָגט.

פון דער אַנדערער זײַט בין איך אויך געווען אַ פּריווילעגירט ייִנגל בײַ די בחורים און יונגעלײַט, וואָס האָבן געגעסן קעסט בײַם שווער און געזעסן אַ גאַנצן טאָג און געלערנט אין בית המדרש, ווו אַרום די ווענט זענען געשטאַנען שאַפעס מיט ספרים און לאַנגע טישן מיט בענק. דורכן טאָג פלעגן זיי איבעררײַסן דאָס לערנען און אַרײַנקומען צו אונדז אין קוזשניע און זוכן אַ געלעגנהײַט אַרויסצוהעלפן, ווי



לייזער צוקער

געקומען קיין מאָנטרעאָל (קאַנאַדע) אין יאָר 1905 ווו ער האָט פאַרנומען אַ חשוב פּלאַץ אינעם ישוב

אַרויפצינן אַ רייף אויף אַ ראָד, אָדער בלאָזן דאָס פײַער מיטן בלאָזער. זיי האָבן געהאַט גרויס פאַרגעניגן ווען זיי האָבן געזען ווי מען נעמט אַרויס פון פײַער דאָס אָנגעגליטע אײַזן און מען מאַכט פון דעם

פאַרשידענע כלים. זיי פלעגן קריגן אַ מעגלעכקייט צו נעמען אַ האַמער און אַ קלאַפּ טאָן אויפן אָנגעגליטן אײַזן, ווען מײַן טאַטע האָט דאָס געהאַלטן מיט אַ גרויסער צוואַנג אויף דער קאָוואַדלע. דאָס איז שוין געווען אַ באַזונדער פאַרגעניגן פאַר די יונגע מענטשן. פאַרשטייט זיך, אַז פאַר דעם אַלעם האָב איך געהאַט גרויס אָנזען אין בית המדרש. זיי פלעגן מיר האַלטן לעבן זיך בײַ דער גמרא ווען זיי פלעגן זיצן און לערנען, און ווען איך בין עלטער געוואָרן און אָנגעהויבן לערנען גמרא אין חדר, האָבן זיי מיך געלערנט. איך האָב אַ סך צײַט פאַרבראַכט אין בית המדרש. זיי פלעגן מיר אַפילו געבן אַ ציִ־טאָן פון זייערע ציגאַרעטן. ווען איך בין שוין געווען אַ גרעסער יינגל פלעגן זיי מיך מיטנעמען אין וואַלד אַרײַן, קלײַבן יאַגדעס אין דער יאַרמעלקע אָדער אין היטל אַרײַן און מיט אַ שפּילקע שטעכן די יאַגדעס און זיי ברענגען אין מויל אַרײַן. זיי פלעגן מיר אויך דערלויבן מיטצוגיין ווען זיי האָבן זיך, פורים, פאַרשטעלט אין קליידער פון סאָלדאַטן און פאָליציאַנטן און געגאַנגען אין די הײַזער זאַמלען געלט אויף תיקון־ספרים אין בית־המדרש. ראָש חודש אלול, ווען זיי פלעגן זיך לערנען בלאָזן שופר פלעגן זיי מיר אויך געבן צו בלאָזן.

אַ חוץ דעם בין איך געווען אַ שטענדיקער אַרײַנגייער בײַם רב אין הויז, אַ ראַדזינער חסיד. ער איז געווען זייער אַ שיינער מאַן מיט אַ הדרת פנים אין אַ שוואַרצער באָרד. אַלע מוצאי יום־טובים, ספּעציעל פורים און שמחת תורה, איז מען זיך צונויפגעקומען בײַם רב אין הויז זינגען און טאַנצן. איך פלעג מיך אָנהאַלטן בײַם גאַרטל פון אַ חסיד און מיטטאַנצן. מײַן טאַטע איז אָפט אײַנגעלאַדן געוואָרן אויף קידוש נאָכן שבתדיקן דאַווענען, צום רב. מײַן מוטער איז אָפט געקומען צו דער רביצין ווײַל זי פלעגט אַרויסגיין זאַמלען פאַר אָרעמע און זיי באַזאָרגן שטילערהייט. זי פלעגט אויך פאָרלייענען אין דער ווײַבערישער שול בײַם דאַווענען, פאַר די פרויען וואָס האָבן נישט געקענט לייענען. פרויען זענען זיך צונויפגעקומען בײַ אונדז אין הויז און מײַן מוטער האָט פאַר זיי געלייענט פון דער צאינה וראינה, אָדער פון אַנדערע ספרים אויף עברי־טײַטש. אַ סך מאָל, ווען איך בין געקומען פון חדר, איז דאָס הויז געווען פול מיט פרויען, מען איז געזעסן אויף קעסטלעך און אויף קלעצלעך און מײַן מוטער האָט פאַר זיי פאָרגעלייענט.

זי איז געווען זייער געזעלשאַפטלעך — אַלע האָבן זי ליב געהאַט. די מאַמע איז געקומען פון אַ פאַמיליע לערנער, ווי מען פלעגט זיי רופן אין יענער צײַט. אירע צוויי ברידער זענען געווען גמרא מלמדים, איינער בײַ אונדז אין שטעטל, וועלכער איז נאָך געווען מײַן רבי, און דער צווייטער ברודער, אין דער גרעסערער שטאָט, ווענגראָווע.

דעם רבס הויז איז געווען אין אַ זײַט פון בית המדרש. זײַן צימער איז געווען אַ גאַנץ גרויסער, די ווענט פול מיט ספרים, און דאָס צימער פלעגט אויך באַנוצט ווערן פאַר דין־תורהס (בית דין שטיבל) און אַנדערע סכסוכים צווישן איין ייִד און אַ צווייטן. דאָרטן זענען אויך געקומען פרויען פרעגן שאלות וועגן כשר און טריפה.

מײַן פאָטערס קוזשניע איז געווען אַרומגערינגלט מיט זייער רײַכע קאָרן פעלדער, וואָס האָבן באַלאַנגט צו די פויערים אַרום און צו אַ פּריץ וואָס האָט געהאַט אַ ווילע, נישט ווײַט פון אונדזער הויז. מיר האָבן געקאָנט זען דורך אונדזערע פענצטער וואָס עס טוט זיך אין הויף. דער פּריץ פלעגט קומען זייער זעלטן, בלויז אין געוויסע צײַטן פון יאָר. און ייִנגלעך פלעגן קומען צו אונדז קוקן ווי די קינדער פון פּריץ זענען אויסגעפּוצט אין שיינע קליידער מיט מעשענע קנעפּלעך און שפּילן זיך אין מאָדנע שפּילן.

אין אָט דער סביבה בין איך דערצויגן געוואָרן, און דאָס ערשטע וואָס שטייט מיר קלאָר אין מײַן זכרון, איז ווי מײַן פאָטער איז צוגעקומען ווען איך האָב זיך געשפּילט אין זאַמד לעבן הויז, און מיך אַרומגענומען מיט זײַנע שווערע, אויסגעאַרבעטע הענט, מיט אַזאַ וואַרעמער, האַרציקער פאָטערליבע. נאָך הײַנט, ווען איך דערמאָן זיך אין דעם מאָמענט, ווערט מיר וואַרעם אויף דער נשמה. ער האָט אין מיר אַרײַנגעגעבן אַזאַ וואַרעמקייט, וואָס איז פאַרבליבן אין מיר, אין אַלע מײַנע קינדער יאָרן און נאָך דעם אַריבער צו מײַנע חברים און שפּעטער צו מײַנע קינדער, און נאָך הײַנט צו מײַנע אייניקלעך. בײַ דעם אַרומנעמען האָט ער מיך אײַנגעוויקלט אין אַ טלית און מיך געבראַכט אין חדר צו אַ רבין וואָס האָט מיר, דאָס ערשטע מאָל, געוויזן אָן אלף פון אַ טאָוול און מיר אַראָפּגעוואָרפן פון אויבן צוקערקעס מיט מאַנדלען. פון דאַן אָן הויב איך אָן צו געדענקען. נאָך דעם בין איך אַריבער צו אַ רבין, וווּ איך האָב אָנגעהויבן לערנען חומש. ביז איך בין אָנגעקומען צו מײַן

פעטער, דעם גמרא־מלמד. מען האט אים גערופן לייזער דער גמרא מלמד. מיין פעטער פון ווענגראווע פלעגט קומען גאנץ אפט צו גאסט אויף שבת און פלעגט איינשטיין ביי אונדז אין הויז און מיך פארהערן א בלאט גמרא אויף אויסנווייניק. ביז ער איז איין מאל געקומען צום באשלוס אז איך זאל אריבערפארן צו אים אין שטאט, לערנען אין דארטיקן בית המדרש און איינשטיין ביי אים אין הויז. איך בין דאן נאך קיין 12 יאר נישט אלט געווען. איך בין אוועק מיט אים קיין ווענגראווע, אבער איך בין זייער לאנג דארט נישט געבליבן. איך בין געקומען אהיים און פארבראכט ביז מיין בר־מצוה, וועלכע איז דורך גאנץ שטיל, בלויז אויפגערופן צו דער תורה, געזאגט דעם מפטיר און דערלאנגט קידוש מיט צובייסן אין בית המדרש.

נאך שבת האב איך איינגעלאדן מיינעם א טייערן חבר, יהושע, וועלכער איז געווען שטענדיק קראנק, אבער דערפאר האט אים גאט געגעבן א וואונדערבארן קאפ, און ער איז אויך געווען א גרויסער מתמיד. מיר האבן פארבראכט א פאר שעה ביי מיר אין הויז ביי א גלעזעלע משקה און זיך געווונטשן וואס מיר האבן דאן געפילט. איך האב זיך אויך מיט אים געזעגנט, ווייל איך בין נאך דעם, דורך א צופאל, אוועק קיין לאמזשע. דער צופאל איז געווען וואס צו אונדז אין שטעטל איז געקומען א ייד פון לאמזשע און מיך צוגערעדט צו פארן אין דער לאמזשער ישיבה. מיינע עלטערן האבן צוגעשטימט און איך בין אוועקגעפארן. איך האב דארטן דורכגעמאכט אן עקזאמען און מען האט מיך אריינגענומען אין דער ישיבה, אין דער ערשטער כיתה. אבער ווען איך האב זיך איינגעהערט ווי די ישיבה בחורים רעדן מיט ביטערקייט וועגן דעם ראש ישיבה, אז ער עסט היגער־פלייש און זיי פעלט אויס „טעג" צום עסן, און מען זארגט נישט פאר זיי, האב איך גלייך אנגעהויבן בענקען אהיים. איך האב דערפילט אז איך בין פון דער נאטור נישט קיין יושב אוהל. חול המועד סוכות איז געקומען צו גאסט א מלמד פון ווארשע, וואס האט געהאט א גרויס חדר אין א רייכן געגנט פון שטאט, און ער האט מיר פארגעשלאגן צו ווערן א באהעלפער ביי אים אין חדר. מיינע עלטערן איז דאס געפעלן, ווייל מיין פאטער האט דארטן געהאט א ברודער, אויך א שמיד וואס האט געוווינט אין א פארשטעטל פון ווארשע — מאקאטאוו, וועל איך פארפארן צו אים, דאן זיך טרעפן מיטן מלמד און זיך מיט אים פארשטענדיקן. באלד נאך סוכות בין איך אוועקגעפארן קיין ווארשע. איך בין געקומען אין שטאט פון דער באן, פונקט ווען דער צאר ניקאלאי האט באזוכט ווארשע. איך האב דאס ערשטע מאל דערזען אזעלכע שיינע גאסן מיט הויכע, שיינע הייזער, שטארק אויסגעפוצט, און טויזנטער מענטשן זענען געשטאנען אין די גאסן, וואס זענען געווען אפגעשלאסן מיט רייען פון סאלדאטן, אז מען האט נישט געקאנט דורכגיין. איך האב געדארפט ווארטן פון 9 אזייגער אינדערפרי ביז 12 מיטאג. אבער איך בין אליין שטארק פאראינטערעסירט געווארן צו זען. יעדעס יינגל ביי אונדז וואלט זיך געפילט גליקלעך צו האבן אזא געלעגנהייט, עפעס א קלייניקייט צו זען דעם קייסער אליין. איך האב געהאט די מעגלעכקייט קוים צו געבן א בליק אויף א מינוט, און ער איז פארבייגעפארן מיט א גיואלטיקן גאלאפ. ווען די גאסן האבן זיך צוריק געעפנט בין איך אוועק צו מיין פעטער. זיי זענען שוין געווען אומרויק, ווייל זיי האבן מיך דערווארט א סך פריער. ווען איך האב זיי דערציילט וועגן דעם אפהאלט, האבן זיי מיר געזאגט אז מיט א צוויי שעה שפעטער וועל איך אים קאנען זען דורכפארן פאר זייער הויז, ווייל ער האט א פאלאץ הינטער מאקאטאוו, ווו ער וועט איינשטיין; אזוי איז טאקע געווען. שפעטער האב איך אים געזען פון מיין פעטערס הויז און אין אזא גרויסן פאראד.

פארבראכט ביי מיין פעטער ביז מארגן פרי. אוועק צום מלמד, און בין געבליבן ביי אים אלס א באהעלפער. מיט א יאר שפעטער בין איך אריבער צו אן אנדער מלמד, שוין ארום די נאלעווקעס, אין דעם געדיכטן יידישן געגנט פון ווארשע. דארטן האב איך שוין, א חוץ ברענגען די קינדער, אנגעהויבן אביסל צייט אין טאג, אויך צו לערנען מיט די אנפאנגערס אלף־בית, אויך סידור. איך האב אויך באקומען פריוואטע לעקציעס, ווייל די דינסט־מיידלעך, וואס פלעגן ברענגען די קינדער עסן, האבן מיך געבעטן, אז איך זאל זיי לערנען לייענען און שרייבן, ווייל זיי ווילן קענען אליין לייענען א יידיש ביכל מיט ראמאנען, ספעציעל שמרס, זיי האבן מיר באצאלט נישט זייער פיל, דאכט זיך 15 קאפיקעס א וואך, אבער איך בין געווען זייער שטארק צופרידן. ווען עס זענען אוועק א פאר חדשים און איך האב געזען רעזולטאטן, וועלכע איך האב עס מיר קיין מאל נישט פארגעשטעלט, אז איך זאל קענען דאס אויס־

לערנען, בין איך געווען זייער צופרידן. אַזוי האָב איך פאַרבראַכט אַ״ס באַהעלפער אַרום 4 יאָר צײַט ביז עס איז געשען אַ זייער נישט אָנגענעמער צופאַל. מען האָט מיך גערופן צו שאַצן צום פּריזיוו. איך בין געווען הויך־געוויקסיק, איז נישט קוקנדיק וואָס איך בין נאָך קיין 17 יאָר נישט אַלט געווען, האָט מען מיך געשאַצט אויף 21 יאָר און מיר געהייסן אין האַרבסט זיך צושטעלן צום פּריזיוו. אַזוי ווי עס איז דעמאָלט געווען דער רוסיש־יאַפּאַנישער קריג, האָבן מיר אַלע חברים און מײַן פּעטער גערעטן אַוועקצופאָרן קיין אויסלאַנד ביז די מלחמה וועט אַריבער, דאַן וועל איך צוריקקומען. איך וועל טאַקע דאַרפן באַצאָל'ן אַ שטראָף, אָבער איצט בין איך אין געפאַר. איך וועל דאַרפן גיין דינען אין מלחמה צײַט, נישט קוקנדיק וואָס איך בין אַן איינאייניציקער זון צווישן זעקס שוועסטער בײַ מײַנע עלטערן, ווײַל די רײַכע קויפן זיך אויס מיט געלט און די וועלכע האָבן נישט קיין געלט, דאַרפן גיין דינען פאַר די רײַכע. איך האָב באַשלאָסן, אַז איך האָב נישט קיין אַנדער ברירה ווי אַוועקצופאָרן.

איך האָב דאַן געהערט צו אַ יוגנט גרופּע מיט אַ נאַציאָנאַל־ציוניסטישן פּראָגראַם, אַ חבר פון דער גרופּע האָט מיר פאָרגעשלאָגן, אַז ער וועט מיר געבן אַ בריוו צו אַ ייִד וואָס איז אַ „שוואַרצער" בײַ דער גרענעץ, ער זאָל מיך אַריבערשוואַרצן קיין גאַליציע. איך האָב דעם אָנבאָט אָנגענומען, אַן אַנדער חבר פון גרופּע האָט אויך אָפּגעמאַכט זײַן מיינונג צו פאָרן צוזאַמען מיט מיר, ווײַל ער האָט אויך געדאַרפט שטיין צום פּריזיוו. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפן דאָס האַלטן בסוד, ווײַל טאָמער וועט מען געוווּיר ווערן, ספּעציעל בײַ מיר אין שטעטל, קאָן מען מיך נאָך מסרן, דאַן וועט אַלץ זײַן פאַרלוירן. איך האָב דערפאַר אַפילו מײַנע עלטערן נישט אויסגעזאָגט. איך בין געקומען אַהיים אויף די ימים נוראים און די ערשטע טעג סוכות האָב איך זיי געזאָגט אַז איך מוז חול המועד צוריקפאָרן. זיי האָבן שוין געוווּסט אַז איך דאַרף שטיין צום פּריזיוו. זיי האָבן שטאַרק געוויינט, אָבער בײַ מיר אין האַרצן האָט זיך געוויינט נאָך שטאַרקער, ווײַל איך האָב געפילט אַז איך געזעגן זיך מיט זיי — ווער ווייסט אויף ווי לאַנג, נאָר איך האָב געמוזט האַלטן אין זיך מײַנע טרערן.

ווען איך בין געקומען צוריק קיין וואַרשע בין איך פון דאָרטן גלײַך נאָך יום טוב אָפּגעפאָרן צו דער גרענעץ מיט מײַן חבר, מײַן פּעטער איז געווען בײַ דער באַן, אָבער מען האָט געדאַרפט זײַן זייער פאָרזיכטיק, ווײַל עס איז געווען פול מיט פּאָליציי. אַזוי בין איך אָפּגעפאָרן צו דעם „שוואַרצער", ער האָט אונדז אויפגענומען זייער פרײַנטלעך, אָבער אַזוי ווי מיר זענען געווען פול מיט חשד און שרעק, האָבן מיר געהאַלטן אַן אויג אויף אַלץ וואָס קומט פאָר אין הויז. ווען ער איז אַרויס אויף אַ ווײַלע האָבן מיר געפרעגט בײַ די קליינע קינדער, וועמענס עס זענען די אַלע וואַליזעס, האָבן זיי אונדז דערציילט, אַז איין וואַליזע איז פון איינעם, וואָס מען האָט דערשאָסן אויף דער גרענעץ בײַם אַריבערשוואַרצן זיך.

פאַרשטייט זיך, אַז עס איז אונדז געוואָרן קאַלט און וואַרעם, און ווען דער „שוואַרצער" איז געקומען אונדז רופן, זענען מיר געגאַנגען מיט אונטערגעהאַקטע פיס. מיר האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ וואָגן. אָנגעזאָגט האָט ער אונדז, אַז טאָמער שטעלט אונדז ווער אָפּ און פרעגט אונדז וווהין מיר פאָרן, זאָלן מיר זאָגן, אַז מיר פאָרן קויפן בהמות. ווען מיר זענען אַזוי אָפּגעפאָרן אַרום אַ שעה צײַט, איז אָנגעקומען אַ גוי מיט אַ געשטיפּלט פּנים, מיט אַ פּאָר שטיוול אויפן אַקסל און דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט און דער „שוואַרצער" האָט געזאָגט צו אונדז: נו, קינדער, דאָ וועל איך אײַך איבערלאָזן מיט דעם מאַן, ער וועט אײַך אַריבערפירן אין דער באַשטימטער צײַט, זאָרגט זיך נישט, אַלץ וועט זײַן גוט. איר וועט מיר איצט באַצאָלן און אַלץ וועט זײַן אין בעסטער אָרדענונג. מיר האָבן אַפילו אַביסל פּראָטעסטירט וואָס ער לאָזט אונדז איבער אין מיטן וועג, אָבער לויט זײַנע דערקלערונגען, האָבן מיר געזען, אַז מיר קאָנען גאָרנישט העלפן, און מיר דאַרפן זיך פאַרלאָזן אויף גאָט. ווי עס וועט זײַן וועט שוין זײַן.

מיר האָבן אים אָפּגעצאָלט, ער איז אַוועק, מיר זענען געגאַנגען מיט דעם גוי. ער האָט אונדז צוגעפירט צו אַ גרוב און האָט אונדז געהייסן וואַרטן, ביז ער וועט געבן אַ פײַף און מיר וועלן אַרויסקומען. מיר זענען אַזוי געזעסן שעהן. מיר האָבן געוואַרט און געמוזט זיך האַלטן שטיל, אַפילו נישט ריידן איינער צום צווייטן. און דאָ האָבן די הינט פון אַ פּאַרמער, ווײַזט אויס, אונדז דערשמעקט און זיי האָבן אָנגעהויבן בילן, און מיר זענען געזעסן אין ציטערניש. שעהן זענען אַוועק און דער מאַן איז נישטאָ, מיר האָבן אין דער שטיל באַשטימט אַז אויב ער וועט נישט קומען באַלד, וועלן מיר אַרויס און

צוגיין צו אַ הויז און זיי זאָגן אַז מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט, און וואָס עס וועט זײַן, וועט זײַן. אָבער באַלד האָבן מיר דערהערט אַ פײַף, און דער מאַן איז צוגעקומען און געזאָגט אַז דער וועג איז נאָך נישט זיכער. מיר וועלן דאַרפן גיין צו אים אין הויז און דאָרטן וואַרטן ביז מען וועט אָנקלאַפּן אין זײַן פענצטער.

מיר זענען געקומען צו אים אין הויז, איז אונדז געווען זייער קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. דאָס איז נישט געווען קיין הויז, נאָר אַ גרוב, אָן אַ פּאָדלאָגע. די פאַמיליע איז געשלאָפן אויף שטרוי. מיר האָבן אַרויסגענומען אונדזער עסן, וואָס מיר האָבן מיטגענומען און זיי מכבד געווען. זיי זענען געווען זייער דאַנקבאַר. אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט ביז אַרום צוויי פאַרטאָג. דאַן איז געקומען דער קלאַפּ אין פענצטער. מיר זענען אַרויס און אָנגעהויבן צו גיין באַרג אַראָפּ און באַרג אַרויף, אייניקע מאָל געפאַלן, זיך אויפגעהויבן און ווידער געלאָפן, אײַנגעבויגענערהייט. ביז מיר זענען געקומען צו אַ פּלאַץ, ווו זיי האָבן אונדז געלאָזט וויסן, אַז מיר זענען שוין אַריבערגעקומען און מיר זענען פרײַע מענטשן.

מיר זענען אַרײַן אין אַ קרעטשמע, ווו עס איז געשטאַנען אַ ייִד, דער קרעטשמער, וואָס האָט אונדז זייער פײַן אויפגענומען. מיר האָבן די צוויי גוים געגעבן צו עסן און טרינקען. זיי זענען געווען זייער צופרידן און זיך מיט אונדז געזעגנט און אַוועק. דער קרעטשמער האָט אונדז געזאָגט אַז מיר זאָלן זיך צולייגן אין אַ צימער דערווײַל. אין דער פרי וועט קומען אַ מאַן און וועט אונדז פירן אין שטאָט אַרײַן. מיר דאַרפן זיך גאָרנישט זאָרגן. מיר האָבן געקויפט נאָך זאַכן צום עסן און מיר האָבן אים געגעבן אַ רוסישן גאָלדענעם פינף־רובל, האָט ער אונדז צוריקגעגעבן אַ פולן זאַק מיט רעשט־געלט. מיר האָבן נאַטירלעך נישט געוווסט וואָס דאָס איז.

גאַנץ פרי האָט מען מיך אויפגעוועקט: — „איר וועט אַזוי גוט זײַן אויפשטיין, איך דאַרף אײַך פירן אין שטאָט אַרײַן". ווען איך האָב אויפגעעפנט מײַנע אויגן, האָב איך מיך דערשראָקן. איך האָב דערזען פאַר מיר אַ גראָב פּנים מיט אַ רויטער באָרד. איך האָב מיך דערמאָנט אין דעם ייִדן, דעם „שוואַרצער", וואָס האָט געהאַט אַ שיין פּנים, און איז געווען אַזוי ווי אַ קאַלטער גזלן, הײַנט ווער שמועסט נאָך אַזאַ פּנים — בין איך דערציטערט געוואָרן, איך האָב זיך אָבער גלײַך דערמאָנט אין פּסוק פון פּרק „אל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו". דער ייִד האָט געהאַט אַ גאָלדן האַרץ, וואָס עס איז זייער זעלטן צו געפינען. ער האָט אונדז גענומען צו זיך אין הויז, און זײַן פרוי איז געווען נאָך האַרציקער, זיי האָבן נישט געהאַט קיין קינדער, האָבן זיי אונדז באַהאַנדלט ווי אייגענע קינדער. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט מיט אונדז און אונדז אויפגעקלערט דעם באַדײַט פון יעדער מטבע, מען זאָל אונדז נישט אָפּנאַרן מיטן געלט.

מײַן חבר איז דעם צווייטן טאָג אַוועקגעפאָרן קיין קראָקע און איך בין דאָרטן געבליבן אַ גאַנצע וואָך. זיי האָבן פון מיר קיין געלט נישט געוואָלט נעמען, און זיי האָבן מיך גערופן זונעלע. ער האָט מיך מיטגענומען מיט זיך אין שול און מיך פאָרגעשטעלט פאַר די ייִדן און מיך אויך געפירט ווײַזן די ייִדישע פאַרמערס. ער האָט מיך געבראַכט קיין קראָקע און געקראָגן פאַר מיר אַן אָרט צו אַרבעטן, און ער האָט מיך געבעטן אַז איך זאָל קומען צו זיי אויף יעדן שבת. איך האָב אים געפאָלגט, ער פלעגט מיר שרײַבן קאַרטלעך קיין קראָקע און מיך רופן: זון. ווען איך פלעג קומען מיט דער באַן אויף שבת, פלעגן די דאָרטיקע זשאַנדאַרן, וועלכע האָבן אים געקענט, גיין אים אָנזאָגן אַז איך קום. דאָס איז געווען פאַר מיר אַ צווייטע היים.

אין קראָקע האָב איך באַלאַנגט צו אַ ציוניסטישן פאַראיין, אַ פּראָגרעסיווע גרופּע כמעט סאָציאַליסטן, אָבער קיין פועלי־ציון פאַראיין איז נאָך דעמאָלט נישט געווען. זיי פלעגן האָבן זייער שטאַרקע קאַמפן מיט דער פּ. פּ. ס. וועלכע זענען געווען שונאים פון ציוניזם. איך האָב אויך געטראָפן הונדערטער ייִדן, עמיגראַנטן, וועלכע זענען געווען אויף טראַנזיט וויזעס און האָבן געקאָנט פאַרבלײַבן בלויז אויף אַ קורצער צײַט. די פּאָליציי האָט געהאַלטן אין איין שיקן אויסווײַזונגס־צעטלען, אַלעמאָל צו אַנדערע, וואָס מוזן פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ס'איז אויך געווען אַן עמיגראַציע קאָמיטעט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען צו באַזאָרגן די עמיגראַנטן מיט מעגלעכקייטן צו פאָרן קיין קאַנאַדע.

די הונדערטער ייִדן פלעגן זיך אויסהאַלטן פון די קליינע מיטלען, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך און פון אַ ביליקער קיך, ווו מען האָט געקאָנט קריגן פאַר עטלעכע גרייצער, אַ מאָלצײַט. דאָרטן פלעגן זיך אויך צוזאַמענטרעפן אַלע עמיגראַנטן. אַ חוץ דעם האָט די ייִדישע באַפעלקערונג זייער אָפט געהאָלפן מיט אײַנלאַדן ייִדן צו זיך אין הויז אויף מאָלצײַטן. דאָרטן איז געווען אַן אַלטער, פאַרמעגלעכער ייִד, אַ חובב־ציון, וואָס האָט אַרויס־

געשיקט ייִנגלעך, ספּעציעל צו ברענגען ייִדן עמיגראַנטן אין זײַן היים אויף מאָלצײַטן. און דער אַלטער ייִד פלעגט יעדן ייִדן עפּעס דערלאַנגען, איינעם אַ לעפל, דעם אַנדערן אַ גאָפּל, און בײַם אַוועקגיין האָט ער געמוזט געבן די האַנט צו יעדן באַזונדער.

איך האָב זיך געטראָפן מיט דעם וווּנדערבאַרן ייִדן און ער האָט מיך אײַנגעלאַדן צו קומען אויף שבת בײַנאַכט, איך האָב דורכגעלאָזן דעם שבת און נישט געפאָרן צו מײַנע ליבע פרײַנט אין דאָרף אַרײַן און זיך געטראָפן מיט דעם פײַנעם ייִדן. ער איז געוואָרן זייער פאַראינטערעסירט אין מיר, מיך פאָרגעשטעלט פאַר זײַנע קינדער און איידעם, וואָס איז געווען אַן אַדוואָקאַט. ער פלעגט שטענדיק זײַן פאַרנומען. אָפּשרײַען אויסוויַזונגען, פאַרלענגערן אויף נאָך אַ וואָך, אָדער צוויי, ביז דער קאָמיטעט וועט צונויפשטעלן אַ גרעסערע גרופּע אָפּצושיקן קיין קאַנאַדע.

מײַן אַרבעטס־פּלאַץ איז געווען בײַ אַ פאַרמער און מײַן אַרבעט איז געווען צו שטיין אונטן אין גאַס און אַרויפרופן קונים, רײַכע מענטשן, אָפּיצירן, איך האָב דאָס געטון אויף פּויליש. איך בין געווען זייער צופרידן פון דער אַרבעט, ווײַל איך בין געווען אויף דער גאַס. די חברים פלעגן אָפט קומען צו מיר, לאָזן וויסן אַז אַ ייִד איז אַרעסטירט געוואָרן, בין איך גלײַך אַוועקגעלאָפן צו מײַן פרײַנט, דעם אַדוואָקאַט, און ער פלעגט אים גלײַך באַפרײַען, און קריגן אַ פאַרלענגערונג אויף נאָך אַ קורצער צײַט. אַזוי אַז מײַן באַלעבאָס האָט מיך אָפט געדאַרפט אַרומזוכן, ווו איך בין אַהינגעקומען. אָבער מיך האָט דאָס נישט געאַרט, ווײַל איך בין זייער שטאַרק געווען פאַראינטערעסירט אין דער רעטונגס־אַרבעט. דאַן האָט זיך געמאַכט, אַז מײַן חבר, מיט וועמען איך האָב געוווינט צוזאַמען און געלעבט צוזאַמען פון אונדזערע פאַרדינסטן, האָט נאָך אייניקע מאָל פאַרלענגערונג, געקראָגן די לעצטע מעלדונג, אַז ער מוז אַוועקפאָרן. ער האָט געדאַרפט אָפּפאָרן מיט אַ גרופּע די צווייטע וואָך, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך וועל לענגער נישט וואַרטן, מען ווייסט נישט ווען די מלחמה וועט זיך ענדיקן. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן צוזאַמען מיט מײַן חבר, ווײַל מיט אים בין איך געקומען צוזאַמען פון וואַרשע און אַזוי פיל מיטגעמאַכט, וויל איך זיך מיט אים נישט צעשיידן. און מיר זענען צוזאַמען אָפּגעפאָרן קיין קאַנאַדע.

די שיף וואָס האָט געהייסן „מאָנט טעמפּל", איז געווען אַן אָקסן־שיף, וועלכע האָט געפירט אָקסן פון קאַנאַדע און געבראַכט צוריק עמיגראַנטן. מיר זענען געפאָרן 17 טעג אין שרעקלעכע שטורעמס. מיר זענען געווען כסדר קראַנק, געלעגן מיט צעבּדליקער אַנדערע אויפן דעק און נישט געקאָנט אַראָפּגיין אין צימער. מיר האָבן געגעסן זייער זעלטן בײַם טיש. ווען מיר זענען יאָ אַראָפּגעגאַנגען צום טיש, האָבן מיר נישט געקאָנט עסן, האָבן מיר דאָס אַוועקגעגעבן צו ייִדן וועלכע פאָרן שוין דאָס צווייטע מאָל. ווײַל דאָס ערשטע מאָל זענען זיי נישט אַרײַנגעלאָזט געוואָרן, און בײַם צווייטן מאָל פאָרן, זענען זיי שוין נישט געווען קראַנק. פלעגן מיר זיי אַוועקגעבן אונדזערע פּאָרציעס, די אַלע ייִדן זענען געקומען פון אָדעס.

אַזוי זענען מיר, אין פעברואַר 1905, אָנגעקומען קיין מאָנטרעאַל. אַ קאָמיטעט פון באַראָן דע הירש אינסטיטוט האָט אונדז אָפּגעוואַרט בײַ דער שיף אין „סט. דזשאָון" און אונדז געבראַכט קיין מאָנטרעאַל. אָנגעקומען אויפן „גראַנד טראַנק סטיישן", זענען צוויי ייִדן צוגעקומען צו אונדז און געפרעגט צי מיר וואָלטן געוואָלט באַזוכן זייערס אַ ייִדישע ביבליאָטעק. די צוויי ייִדן זענען געווען קראַניק, אַ באַוווּסטער ציוניסט, וואָס וווינט איצט אין טאָראָנטאָ, און קיוועַנקאָ, וועלכער וווינט אין מאָנטרעאַל. זיי האָבן אונדז גלײַך אַוועקגעפירט צו דער ביבליאָטעק אויף קעדזשו גאַס, קעגנאיבער דער דעמאָלסדיקער רוסישער שול, די הײַנטיקע בית יעקב, אויף פערמאָונט. דאָרטן האָב איך געטראָפן חברים, פּועלי ציוניסטיש געשטימט, און אויך געטראָפן שרה מאַן. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָבן מיר באַשלאָסן צו פאַראייניקן „צוקער" מיט „מאַן".

מיר האָבן געפּראַוועט תנאים, וואָס האָט אָנגעהאַלטן פון שבת 8 אַזייגער ביז זונטיק פרי און נאָך פאָרגעזעצט נאָך מיטיק. די צײַט איז געווען פאַרנומען מיט רעדעס, דיסקוסיעס וועגן ס. ט. און פּועלי ציון. דאָס איז שוין געווען נאָך דער שפּאַלטונג. ווײַל אין יולי 1905 האָבן מיר געגרינדעט דעם פּועלי ציון פאַראיין, און אין דעצעמבער, דעם זעלבן יאָר, האָבן מיר זיך געשפּאָלטן. שרה מאַן איז געבליבן אין פּועלי ציון פאַראיין, איך בין אַוועק צו דער ס. ט. האָב איך געדאַרפט יעדעס מאָל, נאָך מײַן ס. ט. מיטינג, וואָס איז געווען אין זעלבן אָוונט, שבת בײַנאַכט, גיין זי אָפּנעמען פון איר פּועלי ציון מיטינג. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז איין יאָר נאָך אונדזער חתונה. אין 1908 איז פאָרגעקומען די פאַראייניקונג פון ביידע פּאַרטייען.

**אסתר צוקער** / מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

# דעם טאַטנס ירושה

„מײַן טײַערע שרהלע און אונדזערע ליבע קינדערלעך: אסתר, מערי, לאה, פערל און בוצי און אַלע פרײַנט אין הויז און איבעראַל".

אַזוי פֿלעגט ער אָנהייבן, מיט דער אויבנדערמאַנטער מאָטאָ, זײַנע בריוו צו אונדז ווען ער איז געווען אַוועק פון דער היים. ס'איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אים, ער זאָל די באַגײַסטערונג פאַר אַ נײַער איבערלעבונג טיילן מיט אַלעמען; זײַן פאַרבינדונג מיט חברים און פרײַנט האָט געטראָגן די זעלבע וואַרעמקייט וואָס ער האָט געפילט צו זײַנע נאָענטסטע. אין די אויבנדערמאָנטע שורות, קומט צום אויסדרוק דאָס וואָס מיר האָבן געפילט פון אונדזער קינדהײַט אָן, אַז ער געהערט נישט בלויז צו אונדז; אַז די אייגנשאַפטן וועלכע האָבן אים געמאַכט אַזוי טײַער פאַר אונדז, האָבן אים אויך דערנענטערט צו הונדערטער מיטמענטשן, יונג און אַלט, פון די נאָענטסטע חברים ביז די ווײַטסטע קרובים און צופעליקע באַקאַנטע.

זײַן פערזענלעך לעבן איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט זײַן געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, אַז עס שפיגלט זיך אָפּ אַפילו אין די נעמען, וועלכע ער האָט אויסגעקליבן פאַר זײַנע קינדער. ווען די סאָציאַליסטן ־ טעריטאָריאַליסטן האָבן זיך אָפּגעשפאָלטן פון דער ציוניסטיש ־ סאָציאַליסטישער פאַרטיי, איז דער טאַטע אַוועק צו די ס. ט. און די מאַמע איז געבליבן מיט דעם פועלי ציון פאַראיין (דאָס איז געווען פאַר זייער חתונה). —דאָס יאָר ווען זייער ערשט קינד איז געבוירן געוואָרן— האָט זיך די ס. ט. גרופּע ווידער פאַראייניקט מיט דער אָריגינעלער פועלי ציון פאַרטיי, האָבן טאַטע־מאַמע, אין נאָמען פון דער אויפגעלייזטער פאַרטיי — ס. ט. — אַ נאָמען געגעבן זייער טאָכטער — אסתר. אַן אַנדער טאָכטער, געבוירן אין דעם יאָר ווען י. ל. פרץ איז געשטאָרבן, טראָגט דעם נאָמען פערל; און די יונגסטע —ברכה— הייסט נאָך דעם באַוווסטן ציוניסטיש ־ סאָציאַליסטישן פירער, בער באָראָכאָוו.

אַפילו אין די יונגע יאָרן האָבן מיר געפילט, אַז אונדזער הויז איז אַנדערש און פירט זיך אַנדערש ווי אַנדערע. ס'איז אונדז אָנגעקומען זייער שווער זיך צו פאַרענטפערן פאַר אונדזערע שפּיל־חברים איבער דער גאַס פאַרוואָס אונדזער טאַטע גייט נישט שבת אין שיל, פאַרוואָס אונדזער מאַמע בענטשט נישט קיין ליכט פרײַטיק צונאַכטס, נאָר צינדט זיי אָן. און פאַרוואָס אַפילו יום כיפור גייען אונדזערע עלטערן נישט דאַוונען. פאַרוואָס, פלעגן מיר זיך וווּנדערן, פאַרציִען זיך נישט אונדזערע סדרים ביז שפּעט אין דער נאַכט; פאַרוואָס לייענען מיר נישט די צווייטע טייל הגדה נאָכן עסן, נאָר פאַרברענגען מיט דערציילן מעשות און זינגען יידישע לידער.

מיר האָבן געפילט, אָבער נישט פאַרשטאַנען, די אַנדערשקייט, ווען נאָך אַ טאָג לערנען אין דער ענגלישער שולע, האָבן מיר נישט געלערנט בײַ אַ רבין אין דער היים, אָדער אין חדר, נאָר זענען געגאַנגען אין אַ יידישער שולע. מיט דער צײַט זענען מיר געוואָרן אַזוי פאַרנומען מיט אַקטיוויטעטן אין דער שולע, אַז אונדזערע נאָענטסטע פרײַנט זענען געוואָרן די יידישע שול־קינדער, וועלכע זענען געקומען פון פאַרשידענע געגנטן פון דעם יידישן „דאַון־טאַון", פון היימען וועלכע זענען געווען ענלעך צו אונדזער היים. ערשט שפּעטער, אין די שפּעטערדיקע קינדער־יאָרן האָבן מיר אָנגעהויבן אײַנזען, אַז טאַטע־מאַמע זענען קיין מאָל נישט געווען קיין נישט־גלויביקע; נאָר אַז זיי האָבן פאַרמאָגט אַ נײַעם גלויבן — אַ גלויבן אין אַ נײַער, וועלטלעכער יידישקייט, אַ נאָענטקייט צו יידישער קולטור, דאָס לערנען אין אַ נאַציאָנאַל ראַדיקאַלער שולע, דאָס פײַערן אונדזערע יום־טובים אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן, מיט חסידישע ניגונים און יידישע פאָלקס־לידער.

דער זעלבער ניגון און דאָס געזאַנג פון יידישן פאָלקס־ליד פאַרבינדט אין מײַן זכרון אונדזער היים מיט אַ רייע אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונגען, אונדזער הויז איז געווען אַן אויפנאַמס־צענטער פאַר געסט פון אויסלאַנד, פירער פון דער פועלי

ציון באַוועגונג, יידישע שרײַבער און דענקער. איך געדענק די אימפּאָזאַנטע געשטאַלט פון ד״ר חיים זשיטלאָווסקי אויף אַ שטול פון אונדזער גאַסט־צימער, אַרומגערינגלט פון זײַנע חסידים; איך געדענק אַ צימער פול מיט מענטשן זיך צוהערנדיק מיט יראת הכבוד צו די שטילע רייד פון דוד פּינסקין און פון לייוויקן; איך געדענק לעבעדיקע דיסקוסיעס, בײַ פאַרשידענע געלעגנהײַטן, אין דער אָנוועזנהײַט פון ברוך צוקערמאַן, גאָלדע מאיר, בן צבי, און נאָך די ערנסטע רייד איז אַלע מאָל געווען צובײַסן און געזאַנג.

פון אַן אַנדער מין זענען געווען אָוונטן לכבוד אַ נײַעם תושב, אָדער אַ חבר, וועלכער האָט געהאַלטן בײַם פאַרלאָזן מאָנטרעאַל. פלעגן חברים זיך צונויפקומען מקבל פנים זײַן אָדער זיך געזעגענען — ווידער אָוונטן פול מיט געזאַנג ביחידות און בציבור. גאָר קלאָר אין מײַן זכרון איז דער אָפּשייד־אָוונט פאַר פּיניע און שרה מהר׳ם צו זייער אָפּפאָרן קיין ישראל. גאָר אַן אייגנאַרטיקע שמחה האָבן טאַטע־מאַמע אײַנגעאָרדנט לכבוד מײַן יוגנט־חברטע רבקה רויזנבלאַט (איצטיקע רות רובין, אַ פאָרשערן פון יידישן פאָלקס־ליד) ווען זי האָט אַרויסגעגעבן איר ביכל פּאָעמען, די ערשטע זאַמלונג פון אַ גראַדואירטער פון די מאָנטרעאַלער יידישע שולן (פּרץ שולן). צו דער געלעגנהײַט איז דאָס הויז געווען פול מיט חברים־טוערס, לערערס און גראַדואירטע פון דער פּרץ שול.

קוקנדיק איצט, אין רעטראָספּעקט, בין איך זיכער אַז פאַר די צונויפקומען, האָט מען נישט צוגעגרייט קיין ליסטעס פון געסט אײַנצולאַדן. יעדער וועלכער האָט געפילט אַ נאָענטקייט צו דעם גאַסט פון אָוונט, איז געקומען. דאָס הויז איז אַלעמאָל געווען איבערפולט, די שטימונג אַ פײַערלעכע.

אין דער זעלבער אַטמאָספערע פון פאָלקסטימלעכקייט זענען געפּראַוועט געוואָרן שמחות אין דער משפחה. זייער לעבן איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט שול־טוער און פאַרטיי חברים, אַז זייער יעדע פּערזענלעכע פרייד האָבן זיי געמוזט טיילן מיט אַלעמען. אַזוי איז אָשרס בר מצוה געפײַערט געוואָרן אין הויז מיט דער באַטייליקונג פון דער גאַנצער משפחה, טאַטע־מאַמעס אַלע פרײַנט, און אונדזערע שול חברים און חברטעס. איך געדענק נאָך די ענגשאַפט; אָבער די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע, מיט באַגריסונגען אין יידיש, אַ פאָרלעזונג פון שלום עליכם, געזאַנג און הוליען אין דער נאַכט אַרײַן. אויפן זעלבן אופן זענען אַלע חתונות אין דער משפחה געוואָרן פײַערונגען פאַר הונדערטער געסט, אויסער דער משפחה. טאַטע־מאַמעס היים און זייער אופן פון פײַערן אַ פאַמיליע יום־טוב איז געוואָרן דער בײַשפּיל פאַר זייערע קינדער. ווען מיר, קינדער, האָבן געפײַערט זייער 25־יאָריקע חתונה יובילעאום, האָבן מיר צונויפגערופן אין הויז די גאַנצע משפחה, צוזאַמען מיט אַלע חברים און חברות — און מ׳האָט געזונגען און געטאַנצט אויף טיש און אויף בענק. צו זייער פופציק יאָריקער חתונה (1957) איז שוין די משפחה געווען זייער אַ פאַרצווײַגטע, אַזוי אַז מיר האָבן אײַנגעאָרדנט צוויי אָוונטן אין אונדזערע (די קינדערס) היימען; איינע פאַר משפחה און אַ צווייטע (אַ גרעסערע) פאַר שולע און פאַרטיי חברים און חברות. מען האָט שוין נישט געטאַנצט אויף טיש און אויף בענק — אָבער די שטימונג איז געווען די זעלבע הבֿרישע, היימישע, האַרציק־פריילעכע, ווי אין די יונגע יאָרן.

די נאָענטע משפּחה האָט אַרומגענומען זייער אַ ברייטן קרײַז קרובים — מערסטנס פון דער מאַמעס צד. ביז נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער טאַטע נישט געהאַט אויף דער זײַט ים, קיין שום קרובים פון זײַן היים; זײַן מוטער און שוועסטער מיט זייערע משפחות האָבן זיך געפונען אין וואַרשע, לעמבערג און אין זײַן געבורטס־שטעטל סטאָק. ערשט נאָך דער מלחמה האָבן זיך אָפּגעזוכט און זענען געקומען קיין מאָנטרעאַל צוויי פון די דרײַ פאַרבליבענע מיטגלידער פון זײַן נאָענטער משפחה, אַ פלימעניק און אַ פּלימעניצע (איין פּלימעניק האָט זיך באַזעצט אין ישראל). דער מאַמעס קרובים, פון די גאָר ערשטע יאָרן אין קאַנאַדע, זענען באַשטאַנען פון ברידער און שוועגערינס, פּלימעניקעס, פּלימעניצעס, קוזינען און קוזינעס און, מיט דער צײַט, יעדנס קינדער מיט זייערע משפּחות. דער טאַטע האָט אַלעמען אַרײַנגענומען אונטער זײַנע פליגל. מיט יעדן פּערזענלעכן פּראָבלעם, מיט יעדער צרה־קראַנקהײַט, „מאַכן אַ לעבן״, קינדער דערציִונג — פלעגט מען קומען צו אים. יעדן איינעמס געשיכטע האָט ער אויסגעהערט מיט טיפער ערנסטקייט און פולער אויפמערקזאַמקייט, ווי ער וואָלט געווען דער איין און איינציקער. ער האָט

אַלעמאָל געפונען צײַט צו קומען תיכף ומיד ווען יענער האָט גערופן.

קיין מאַטעריעלע הילף איז ער קיין מאָל נישט געווען בכוח צו געבן — און נישט נאָך דעם איז מען צו אים געקומען. אָבער ער איז בכוח געווען אָנצושטעקן זײַן צוהערער מיט דערמוטיקונג און צו באַזײַטיקן אַ מענטשנס צווייפל אָדער מרה־שחורה. אָבער נישט בלויז טרייסט־ווערטער האָט ער געגעבן; זײַנע עצות זענען געווען קאָנקרעטע, דורכגעטראַכטע, אָנווײַזונגען אויף פּראַקטישער הילף, אויב נישט קיין לייזונג פון דעם פּראָבלעם. און אויסשטרעקנדיק אַ האַנט, פלעגט ער עס טאָן מיט אַזאַ דרך ארץ און באַשיידנקייט, אַז דער נעמער האָט זיך דערפילט דערהויבן, מיט אַ אַ באַנײַטן גלויבן אין זײַנע אייגענע מעגלעכקייטן.

אין דעם קרײַז האָבן זיך אויך געפונען לאַנדסלײַט. אין אונדזערע יונגע יאָרן געדענק איך עטלעכע משפחות לאַנדסלײַט, וועלכע זענען געווען אָפטע אַרײַנגייערס צו אונדז אין הויז. אין די לעצטע צען יאָר פון זײַן לעבן האָט ער מקרב געווען אַ גרופּע נײַ־אַריבערגעקומענע סטאָקער. ער איז געוואָרן זייער פאַראינטערעסירט אין זייערע אַקטיוויטעטן און זיי האָבן אַרויפגעקוקט צו אים ווי צום פּאַטריאַרך פון זייער געזעלשאַפט. צו דעם דאַרף מען אויך צורעכענען „באָרדערס" — פרעמדע מענטשן, וועלכע פלעגן דינגען אַ צימער אין הויז. מיר האָבן אַלעמאָל געוווינט אין גרויסע הײַזער, און דירה־געלט איז געווען אַ פּראָבלעם. עס האָט לאַנג נישט גענומען און אויך זיי זענען געוואָרן אַ טייל פון דער משפחה; געגעסן מיט אונדז בײַם טיש, אָנטייל גענומען אין פאַמיליע געשפּרעכן, און —מיט דער צײַט— געקומען צום טאַטן מיט פּערזענלעכע און געשעפטס־פּראָבלעמען.

טרעפן זיך מיט מענטשן, פּלאַנירן און אַרבעטן מיט מענטשן זענען, ווײַזט אויס, געווען עיקר־באַדערפעניש פאַר אים. דערפאַר איז געווען זייער נאַטירלעך, אַז ער זאָל, אין יאָר 1915, פאַרלאָזן זײַן אַרבעט אַלס אַ שנײַדער אין „שאָפּ" און אָנהייבן זײַן אַרבעט אַלס פאַרזיכערונגס־אַגענט. דאָ האָט ער, זוכנדיק צו מאַכן אַ לעבן, אויך געפונען אַ באַפרידיקונג אין העלפן לייזן יענעמס פּראָבלעמען. קומענדיק צו זײַנע קליענטן זיך צו באַראַטן וועגן זייערע פאַרזיכערונגס־פּלענער, איז ער אָפט געוואָרן אַ בעל־עצה אין זייערע אַלגעמיינע פינאַנציעלע פּראָבלעמען. ער האָט זיך אידענטיפיצירט מיט זיי און גענומען אַ פּערזענלעכן אינטערעס און געפילט אַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו העלפן יענעם מאַכן דער בעסטן באַשלוס לויט זײַנע אומשטענדן. אויך די דירעקטאָרן פון דער „מאָנטרעאַל לייף אינשורענס" געזעלשאַפט האָבן אָפּגעשאַצט זײַן אַרבעטסזאַמקייט און זײַן איבערגעגעבנקייט אין זײַנע נאָענט צו פופציק יאָר פאַרבינדונג מיט דער אָרגאַניזאַציע. אין דעם אָפּגעבן אים כבוד, בײַ פיל געלעגנהײַטן, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז זיי שאַצן אים אָפּ נישט בלויז ווי אַן אָנגעשטעלטן, נאָר אויך אַלס אַ מענטש.

איך געדענק נישט קיין צײַט ווען מיר האָבן געוווינט אין הויז בלויז זאַלבע אַכט, עס האָבן מיט אונדז געוווינט צוויי־דרײַ פלימעניצעס, פלימעניקעס. און עס איז אַלעמאָל געווען אָרט פאַר נאָך אַ טאָר. אין דעם זין, זענען טאַטע־מאַמע אין אונדזערע אויגן, געווען ווי איין מענטש און איין כאַראַקטער. מיר האָבן נישט געקענט וויסן ווער ווע־מען עס האָט באַווירקט. ווען די יידישע פּאָעטעסע יודיקאָ —דער מאַמעס אַ לאַנדפרוי— איז געקומען פון ליטע מיט איר יונגן זון, איז זי פאַרפאָרן צו אונדז און געוווינט אין הויז חדשים לאַנג.

די גאַסטפרײַנטלעכקייט איז נישט באַשטאַנען בלויז אין געבן איר אַ צײַטווײַליקע היים; עס האָט אויך אײַנגעשלאָסן אײַנאָרדענען ליטעראַרישע אָוונטן, באַקענען זי מיט מענטשן, און אין אַלגעמיין העלפן איר געפינען פאַר זיך אַן אָרט אין דער נײַער סביבה. און ס'איז בײַ מיר פאַרבליבן דער אײַנדרוק, אַז דאָס הויז האָט עס אָנגענומען ווי אַ פרײַוויליגע — צו העלפן אַ יונגער יידישער דיכטערן.

אַזוי איז אויך געווען זייער נאַטירלעך, ווען אומשטענדן זענען געווען אַזעלכע, אַז קינדער זענען נישט בכוח געווען, נאָך דער חתונה, זיך אײַנצואָרדענען אין אייגענע דירות, אַז זיי זאָלן געפינען אַן אָפענע הויז בײַ טאַטע־מאַמע. מען האָט זיך נאָך אַביסל אײַנגעקוועטשט, דאָס עס־צימער איז געוואָרן אַ שלאָף־צימער — און ס'איז געוואָרן אַ צײַטווײַליקע היים פאַר אַ טאָכטער אָדער זון מיט אַ משפחה. און ווען די אייניקלעך האָבן אָנגעהויבן קומען, האָט דער טאַטע אײַנגעשטעלט אַ טראַדיציע פון באַזוכן יעדע היים יעדן פרײַטיק בײַטאָג און ברענגען די קינדער שאָקאָלאַד. די וועכנטלעכע באַזוכן האָט ער אָנגעהאַלטן זומער אין די היצן, ווינ־

טער אין די שטורעמס, געפאָרן מיט אַ „באָס" פון איין עק שטאָט ביז דער צווייטער. אַפילו אין די לעצטע חדשים פון זײַן שווערער קראַנקהײַט, ווען דאָס אַרומפירן אים אין אַן אויטאָמאָביל איז געווען פאַר אים אַ געוואַלדיקע אָנשטרענגונג, האָט ער עס ניט אויפגעגעבן. און ווען ער האָט שוין, אין די לעצטע שווערע ווינטער־חדשים, בשום אופן אַליין ניט געקענט גיין צו זיי, פלעגן די אייניקלעך — אַפילו די דערוואַקסענע בחורים — קומען צו אים, רעגלמעסיק, אָפּנעמען זייער כיבוד אויף שבת. אַפילו די קליינע שרהלע — דאָס ערשטע אור־אייניקל — געדענקט, אַז דער „גרויסער" זיידע פלעגט ברענגען שאָקאָלאַד.

זײַן פּינקטלעכקייט און אייגנאַרטיקע סיסטעמאַטישקייט האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין פאַרשידענע פאַזן סײַ פון זײַן פאַמיליע־לעבן סײַ פון זײַן געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. ער האָט קיין מאָל ניט פאַרפעלט צו שיקן אַ באַגריסונג צו אַ חתונה יובילעאום אָדער צו אַ געבורטסטאָג פון אַ קינד אָדער אייניקל. אַ מתנה צו אַ בר מצוה אָדער חתונה, צו וועלכער ער איז געווען געלאַדן, האָט געמוזט זײַן פאַרטיק און אַוועקגעשיקט צו דער פּינקטלעכער צײַט. שעהן פאָרויס האָט ער זיך פאַרנומען מיט מאַכן חרוסת און זײַן טייל צוגרייטונגען צום סדר. די פאָן מיטן עפּל און ליכטל, לכבוד שמחת תורה אָדער די טאַשעלעך חנוכה־געלט פאַר די אייניקלעך, האָבן אַלעמאָל געמוזט זײַן גרייט עטלעכע טעג פאַרן אויסטיילן.

זייער פּינקטלעך פלעגט ער פאַרשרײַבן אין זײַן טאָג־בוך אַלע קומענדיקע זיצונגען, פאַרזאַמלונגען און פײַערונגען; שווער איז אים בלויז געווען צו דעצידירן ווען ס'איז געווען אַ קאָנפליקט פון דאַטעס — יעדער צונויפקום איז בײַ אים געווען אַ וויכטיקער.

מיר האָבן געפונען אין זײַנע שיפלאָדן דעטאַלירטע נאָטיצן פון הונדערטער רעדעס, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין משך פון די יאָרן, רעדעס צו יערלעכע קאַמפּיין־באַנקעטן און גראַדואירונגען בײַ דער פּרץ־שולע; רעדעס צו ספּעציעלע געלעגנהײַטן בײַ פאַרזאַמלונגען פון הסתדרות, ייִדיש־נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, ועד העיר, ייִדישן קאָנגרעס, אָדער ביבליאָטעק; רעדעס בײַם לייגן אַ ווינקלשטיין פון אַ נײַער געבײַדע, אָדער אַן הספּד בײַ אַ מצבה־אָפּדעקונג. אָדער בײַ רעדן עפנטלעך, האָט ער זיך קיין מאָל ניט באַנוצט מיט די נאָטיצן. דאָס איז געווען זײַן פּראַקטישער אופן פון אָרגאַניזירן אין פאָרויס זײַנע געדאַנקען. ער האָט זיך אָבער ניט געהאַלטן שטרענג בײַ די אָנגעשריבענע ווערטער. ער האָט געלאָזט אָרט אַרײַנצופּאַסן זײַנע רייד אין דעם אַלגעמיינעם טאָן פון דעם מאָמענט.

ער האָט זיך קיין מאָל ניט באַקלאָגט אַז עס פעלט אים צײַט. טראָץ זײַן כסדרדיקער געזעלשאַפטלעכער עסקנות, האָט ער געפונען צײַט פאַר פערזענלעכער קולטורעלער באַפרידיקונג, און אין געוויסע פעריאָדן פון זײַן לעבן, אַפילו אַן ענטוזיאַזם פאַר „ספּאָרט". ער פלעגט אונדז דערציילן וועגן די „לאַקראָס" שפּילן, אָנגעפירט פון אינדיאַנער אין שטאָט, וועלכע ער פלעגט באַזוכן אין די יונגע יאָרן. אַ שטיק צײַט איז ער געווען אַ „פוטבאָל" ענטוזיאַסט און פלעגט זוכן חברים מיטצוגיין מיט אים צו די שפּילן. מיט יעדער קולטורעלער דערשײַנונג אין ייִדישן לעבן, צי אין ישראל, צי אין ניו־יאָרק, צי אין מאָנטרעאַל, האָט ער זיך געפרייט ווי מיט אַ פערזענלעכער דערגרייכונג. ער האָט ניט געהאַט קיין צײַט דורכצולייענען גאַנצע ביכער, אָבער ער האָט געקויפט יעדעס נײַע בוך וואָס איז אַרויס אין ייִדיש. ער האָט זעלטן פאַרפעלט אַ ייִדישע לעקציע מיט אַ גאַסט־רעדנער אָדער אַ ליטעראַרישן אָוונט לכבוד אַ היגן ייִדישן שרײַבער.

צו באַזוכן אַ פאָרשטעלונג פון דער „מעטראָפּאָליטן" אָפּערא, בשעת אַ באַזוך אין ניו־יאָרק, איז געווען פאַר אים אַ ספּעציעלע גײַסטיקע איבערלעבונג, ער איז געוואָרן אָנגעשטעקט פון אונדזער באַגײַסטערונג פאַר דעם יערלעכן שעקספּיר פעסטיוואַל אין סטראַטפאָרד, אַנטעריאַ. איין זומער, מיט אַ פינף יאָר צוריק, איז ער מיט אונדז מיטגעפאָרן. זײַן באַגײַסטערונג און זײַן אייגנאַרטיקע אָפּשאַצונג פון די שעקספּיר פאָרשטעלונגען, האָבן יענעם זומער פאַרטאָפּלט מײַן אייגענעם פאַרגעניגן. אָבער דער אינטימסטער אופן פון באַפרידיקן זײַנע גײַסטיקע באַדערפענישן האָט זיך אַנטפּלעקט אין זײַן אָפּהיטן פון שבת ביחידות. זעקס טעג אַ וואָך האָט ער אָפּגעגעבן פאַר כלל און פאַרן יחיד אין כלל; אָבער שבת איז געווען פאַר אים אַ הייליקער טאָג — אַ טאָג פון רו און קולטור. פלעגט ער אָפּגעבן דעם פרימאָרגן צו לייענען אַ פּרשה חומש אָדער פון פּרקי אבות, אַרײַנקוקן אין אַ נײַעם בוך אָדער

דורכבלעטערן זשורנאַלן — ליטעראַרישע, פּאָליטישע — וועלכע זענען כסדר געלעגן, וואַרטנדיקע, בײַ אים אויפן טיש. נאָכמיטיק איז געווען די צײַט פֿאַר מוזיק. ער איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פֿון אַלערליי מוזיק, פֿון יידישע פֿאָלקס־לידער און חזנות, ביז אָפּערע. ער איז געווען באַקאַנט מיט דער מוזיק פֿון יעדער אָפּערע, געוווּסט די נעמען פֿון די אַרטיסטן וועלכע האָבן געזונגען געוויסע ראָלן, אין פֿאַרשידענע צײַטן. אין געוויינטלעכע שבתים פֿלעגט ער אָנשטעלן אויף זײַן גראַמאָפֿאָן זײַנע פּלאַטן פֿון יידישער אָדער אַלגעמיינער מוזיק. אָבער אין פֿאַרלויף פֿון דעם סעזאָן פֿון דער ניו־יאָרקער מעטראָפּאָליטן אָפּעראַ פֿלעגט ער אָנשטעלן זײַן ראַדיאָ און אַרײַנברענגען די אָפּעראַ אַ לעבעדיקע צו זיך אין צימער. און זײַן מנהג איז געווען, זיך צושפּאַרן אויף אַ באַקוועמער סאָפֿאַ — אַ ביסל אַ דרימל טאָן און ווײַטער זיך אײַנהערן מיט טיפֿער הנאה. און אויב קינדער און אייניקלעך זענען אַרײַנגעקומען זיך זען מיט אים אין אַ שבת בײַטאָג, האָבן זיי זיך שטילערהייט אַוועקגעזעצט און זיך צוגעהערט מיט אים. מען האָט געוווּסט אַז מען דאַרף וואַרטן ביז נאָך דער אָפּעראַ, כדי אים עפּעס צו דערציילן אָדער צו שמועסן. דאָס איז געווען זײַן עונג שבת.

זײַן וואַרעמקייט, זײַן איבערגעגעבנקייט, און זײַן דרך ארץ פֿאַר מענטשן האָט זיך אַרויסגעוויזן אויף פֿאַרשידענע אופֿנים, און פֿאַר אונדז, דער עיקר, אין זײַן באַציִונג צו דער מאַמען. אמת, ער איז גע־וען אַ מזלדיקער מענטש, האָבנדיק אַלס אַ לעבנס באַגלייטערן אַזאַ פּערזאָן ווי אונדזער מוטער. זי האָט נישט אַרויסגעבראַכט קיין שום פֿאַרלאַנגען, וועלכע ער האָט נישט געקענט דערפֿילן. פֿאַרקערט, זי האָט מקריב געווען פֿיל פֿון אירע באַדערפֿענישן כדי צו מאַכן זײַן לעבן לײַכטער. אין הויז האָט ער אונדז, אַלס קינדער, פֿיל צײַט נישט אָפּגעגעבן. איך געדענק נישט אַז ער האָט זיך ווען געשפּילט מיט אַ קינד, אָדער פֿאַרגעלייענט אַ מעשהלע. ער איז קיינמאָל נישט געווען אין הויז מיטאָג־צײַט, אין נאָך דעם נאַכט־עסן איז ער באַלד אַוועק צו אַ זיצונג. דאָך געדענק איך צײַטן, ווען די מאַמע איז געווען צוגעבונדן צום הויז מיט פּיצלעך קינדער, פֿלעגט ער אונדז עלטערע קינדער, אַרויסנעמען צו אַ „מואווי" שבת אינדערפֿרי, צו אַ קאָנצערט, אָדער אַ פֿאַרשטעלונג. דערפֿאַר איז ער פֿאַרבונדן אין אונדזער זכרון אַלס דער וועלכער פֿלעגט אונדז אַרויסנעמען. ער איז אויך געווען דער וועלכער פֿלעגט אויפֿשטיין בײַנאַכט זיך אָפּגעבן מיט אַ קראַנק קינד.

אָבער דער עול פֿון זאָרגן וועגן די טאָג־טעגלעכע באַדערפֿענישן פֿון הויז און קינדער איז געווען דער מאַמעס און אַפֿילו אויב מיר, שוין אַביסל דערוואַקסענע קינדער, האָבן אָפּטמאָל געפֿילט אַז זײַן גיין צו אַ פֿײַערונג, אָדער אַ באַנקעט אָן דער מאַמען איז נישט יושרדיק, האָט זי זײַן כסדרדיקע אַקטיוויטעט אָנגענומען אַזוי גוטמוטיק — אַפֿילו מיט יראת־הכּבוד — אַז מיר האָבן אונדזער אומצופֿרידנקייט נישט אויסגעדריקט; כאָטש זי אַליין איז געווען אַ געזעלשאַפֿטלעך אַקטיווער מענטש, האָט זי בײַ זיך באַשלאָסן אַז זײַן בײַטראַג איז אַ וויכטיקערער און זי האָט קיינמאָל נישט דערלויבט קיין פֿאַמיליען־פּראָבלעמען אים צו שטיין אין וועג. בלויז נאָכדעם ווי זי האָט באַזאָרגט אים און די קינדער, האָט זי זיך דערלויבט אָפּצוגעבן וויפֿל צײַט ס'איז איר פֿאַרבליבן פֿאַר אירע אייגענע געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעטן. און דער טאַטע האָט טיף אָפּגעשאַצט איר מסירת נפש; ער איז געווען שטאָלץ מיט איר בײַטראַג צו דער פּועלי ציון באַוועגונג, צו דער פּרץ־שולע, צו דער פֿרויען פּיאָנערן אָרגאַניזאַציע, ער איז געווען דער ערשטער זי צו דערמוטיקן אין אַלץ וואָס זי האָט אונטערגענומען. און ווען די יונגסטע האָט אָנגעהויבן גיין אין שולע, און די מאַמע האָט באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ געשעפֿט פֿון מאַכן קינסטלעכע בלומען — צו ערשט אין הויז און שפּעטער אין פֿאַבריק, האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפֿן אין דעם פּראָיעקט מיט זײַן גאַנצער ענערגיע, ווי ער וואָלט קיין אַנדערע עסקים נישט געהאַט, און געפֿינען צײַט צו העלפֿן מיט חשבונות און אַדמיניסטראַציע.

אין זייער געמיינשאַפֿטלעכן באַגעגענען און לייזן פּראָבלעמען — אין דער פֿאַמיליע אָדער אין געשעפֿט — האָט ער אַרויסגעוויזן אָן אַ שיעור געדולד און דרך ארץ פֿאַר איר מיינונג. קיינמאָל האָבן מיר נישט געהערט צווישן זיי קיין אַרגומענטן, קיין חלוקי־דעות. ער האָט באַוווּנדערט אירע מעלות אַלס פֿרוי און מוטער; ער האָט זי פֿאַרשטאַנען אַלס מענטש; ער האָט אָפּגעשאַצט איר גרויסן בײַטראַג צו זײַן רײַכן, געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

די זעלבע מאָס פֿון פֿאַרשטיין און דרך ארץ, האָט

ער אַרויסגעוויזן צו אונדז אַלס וואַקסנדיקע קינדער און יונגע מענטשן. איך געדענק נישט אַז מיר האָבן ווען עס איז געהערט פון אים אַ באַפעל, אָדער מוסר זאָגן. געטענהט מיט אונדז, אויף זײַן שטילן, לאָגישן אופן, יאָ; אָבער אונדז אָפּהאַלטן פון דורכפירן אַן אייגענעם פּראָיעקט — קיין מאָל נישט. און ווען מיר האָבן זיך געלאָזט אויף אונדזערע אינדיווידועלע וועגן —אַפילו קעגן זײַן בעסערן פאַרשטאַנד—, איז ער געוואָרן פאַראינטערעסירט און געשטאַנען גרייט אויסצושטרעקן אַ האַנט. בלויז איין מאָל האָב איך געהערט פון אים, כמעט אונטערן אָטעם: „מ׳דאַרף זײַן שטאַרקער פון אײַזן איבערצוהאַלטן פון אײַך אַלעמען". דאָס איז געווען אין די פינצטערע דרײַסיקער יאָרן, די יאָרן פון דעפּרעסיע — פונקט די יאָרן, ווען מיר האָבן, אַלס יונגע מענטשן געזוכט אונדזער וועג אין לעבן. מיר האָבן געזוכט אַרבעט און נישט געפונען. מיר האָבן געשטרעבט פאָרצוזעצן לערנען אין די אומשטענדן זענען געווען שווערע: מיר האָבן געזוכט אַ פּאָזיציע ציל אין אַ געזעלשאַפט וועלכע האָט זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון וואַקלעניש.

אין דער זעלבער צײַט האָבן דער מאַמעס געשעפטן אָנגעהויבן גיין באַרג אַראָפּ. ער האָט מיטגעפילט אַלע אונדזערע שוועריקייטן; ער האָט מיטגעלעבט מיט אַלע אונדזערע אַנטוישונגען. אָבער אונדזער פּעסימיזם, פּנים אל פּנים מיט דער ביטערער ווירקלעכקייט, איז געווען אַ קלאַפּ פאַר זײַן כסדר אָפּטימיסטישער נאַטור, און זײַן אויסדרוק פון אומגעדולד איז געווען אַ מאָמענטאַלער. אָבער אַפילו דאַן, איז ער געוואָרן אַ בײַשפּיל פאַר אַ סך פון אונדז. זײַן ענטפער פאַר זיך איז געווען, אַז מ׳דאַרף זיך אַרײַנוואַרפן אין דער אַרבעט צו העלפן די אַרבעטסלאָזע. זײַן ציל איז געווען אָנצושטעקן אונדז מיט זײַן גלויבן אַז מען דאַרף באַקעמפן אַלע שוועריקייטן. מיט דעם טיפן בטחון איז ער בכוח געווען צו באַגעגענען יעדן קריזיס אין זײַן וואַקסנדיקער משפּחה.

אײַנגעשלאָסן אין זײַן אויפמערקזאַמקייט און איבערגעגעבנקייט צו אונדז —סײַ אַלס קינדער, סײַ אַלס וואַקסנדיקע מענטשן— זענען געווען אַלע אונדזערע חברים און חברטעס. אַ סך פון זיי געדענקען אונדזער הויז אַלס די, וווּ מ׳קומט אַרײַן שבת און זונטיק — נאָך אַ „מואווי", נאָך אַ שפּאַציר אויפן באַרג, נאָך אַ קלוב־מיטינג אין שולע. אָבער די גאַר פריידיקסטע דערפאַרונג פאַר אונדז אַלעמען איז געווען דאָס פאָרן אין דאָרף אַרײַן יעדן זומער. אויך דאָ איז נישט געווען קיין פראַגע פון טראַכטן בלויז וועגן דער אייגענער משפּחה; צוערשט פלעגן מיטפאָרן עטלעכע קוזינס און קוזינעס אויף עטלעכע וואָכן, אַ חוץ דעם, פלעגט יעדער פון אונדז זעקס אײַנלאַדן עטלעכע פרײַנט צו קומען פאַרברענגען אַ וואָך אָדער צוויי. עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָ האָט די מאַמע געשפּילט די וויכטיקסטע ראָל: אויפנעמענדיק די קינדער־געסט, מיט דער זעלבער וואַרעמקייט און איבערגעגעבנקייט וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן אירע אייגענע קינדער. פרײַטיק אָוונט, ווען דער טאַטע פלעגט קומען אויף שבת, איז געווען אַ יום־טוב פאַר אַלע קינדער פון אַלע משפּחות אין הויף. דעם פאַרמערס קינדער אַרײַנגערעכנט.

בײַ אונדז אין עס־צימער פלעגן זיך פאַרזאַמלען 25־30 קינדער און דער טאַטע פלעגט אויסטיילן מתנות יעדן איינעם, די מתנות זענען געווען קלייניקייטן; אַ פײַפל, אַ בלאָזער, אַ קונץ — אָבער זײַן טיפע הנאה בײַם אויסטיילן, און די פרייד פון אָנערקענונג אויף יעדן קינדס פּנים, די אַלגעמיינע פרייליכקייט פון דעם מאָמענט, דאָס אַלץ שטעלט מיט זיך פאָר אַ סצענע, וועלכע איז טיף אײַנגעקריצט אין זכרון אַלע קינדער, וועלכע זענען אין פאַרלויף פון די יאָרן געווען אַ טייל פון דעם פרײַטיק־צו־נאַכטס אין סט. לויס פאַרם.

מיר זענען עלטער געוואָרן. אונדזערע אינטערעסן האָבן אונדז געפירט אין פאַרשידענע ריכטונגען. אונדזערע קרײַזן פרײַנט האָבן זיך פאַרצווײַגט און, פון צײַט צו צײַט, געענדערט, אָבער דאָס הויז איז נאָך אַלץ געווען אָפן פאַר אַלעמען. איך געדענק באַזונדערס די זונטיקדיקע וועטשערעס. דאָס הויז איז פול אין אַלע צימערן. איינער נאָכן אַנדערן, נעמט אַ גרופּע איבער די קיך צוגרייטן וועטשערע; יעדער איינער פון אונדז, אַרײַנרעכענענדיק אַ פלימעניק און פלימעניצעס — האָט אַהיימגעבראַכט פון דרײַ ביז זעקס פרײַנט צו אָוונט־ברויט. איך פרעג זיך אָפּט: ווי אַזוי האָט די מאַמע צוגעגרייט, אַז ס׳איז אַלעמאָל געווען גענוג פאַר אַלעמען? ווען האָבן טאַטע־מאַמע געפונען אַ שטילע שעה פאַר זיך? אפשר צוליב דעם האָבן זיי אײַנגעפירט דעם מנהג פון אַרויסגיין יעדן זונטיק אָוונט אין אַ קינאָ. אָבער איידער זיי פלעגן אַרויסגיין, פלעגן די יונגע חברה ליב האָבן אַרײַנצופירן

דעם טאַטן אין אַ דיסקוסיע. און ער איז שטענדיק גרייט געווען אויסצוהערן זייערע מיינונגען, מיט דעם זעלבן ערנסט און דרך־ארץ, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן זיינע אייגענע חברים. קיין מאָל האָט ער נישט געפּרוווט אונדז צו באַווירקן צו ענדערן אונדזערע מיינונגען אָדער אונדז איבערצייגן, אַז זיינע וועלט־אַנשויאונגען און אידעאַלן זענען די גערעכטסטע. מיר האָבן כסדר געפילט אַז נישט נאָר טאָלערירט ער אונדזערע פאַרשידנקייטן, נאָר אַז ער רעספּעקטירט אונדזערע מיינונגען און האָט הנאה פון די ערנסטע דיסקוסיעס.

אונדזערע פריינט פון יענע יאָרן דערמאָנען נאָך היינט יענע אָוונטן און באַוווּנדערן דעם טיפן איינדרוק וואָס ער האָט אויף זיי געמאַכט מיט זיין טאָלעראַנץ פאַר יעדן אייגעמס מיינונגען און מיט זיין ערלעכן אופן פון דענקען; אַזוי איז עס אויך געבליבן ווען ער פלעגט זיצן שוין ביי אונדזערע טישן, מיט מענטשן פון פאַרשידענע קרייזן — צווישן זיי קריסטן און אַפילו מוסולמענער— און מיט יעדן נייעם מענטש האָט ער געפונען אַ געמיינשאַפטלעכן אינטערעס און ביי יעדן איינעם האָט ער איבערגעלאָזט אַ טיפן איינדרוק. יעדעס מאָל ווען ער פלעגט קומען צו אונדז אין הויז, צוזאַמען מיט אונדזערע געסט, האָבן מיר געפילט אַ טיפן שטאָלץ אין זיין אַריינפּאַסן זיך אין אונדזער געזעלשאַפט און אין זיין ביישטראָג אין דעם אויסטויש פון פאַרשידענע אידייען.

און ווי טיף איז געווען זיין אינטערעס אין אונדזער לערנען. איך געדענק ווען ער פלעגט אַריינקומען פון אַ זיצונג און מיך טרעפן איבער מיין אַרבעט פאַרן אוניווערזיטעט, פלעגן מיר זיך אַוועקזעצן אין קיך, און איבער אַ גלעזל טיי, פירן לאַנגע שמועסן וועגן דעם אינהאַלט פון אַ טעזע, וואָס איך האָב געהאַלטן אין שרייבן, אָדער וועגן אַ לעקציע אין געשיכטע אָדער ליטעראַטור וואָס איך האָב געהערט יענעם טאָג. מיט וואָס פאַר אַ נייגעריקייט ער פלעגט זיך צוהערן, דיסקוטירן געוויסע פראַגן און אַרויסרופן ביי מיר געדאַנקען, וועלכע דער פּראָפעסאָר האָט גאָרנישט אָנגערירט. איך האָב באַוווּנדערט זיין פאַרשטאַנד און זיין וויסן — אַ מענטש וועלכער האָט פון קיין העכערער, וועלטלעכער דערציִונג נישט גענאָסן, איך האָב אָפט געפילט אַז ער וואָלט אַליין געוואָלט זיצן ביי די לעקציעס אין אוניווערזיטעט. וואָס פאַראַ באַפרידיקונג עס וואָלט געווען פאַר אַ לערער אים צו האָבן אין אַ קלאַס.

מיט דעם זעלבן טיפן אינטערעס און מיטבאַטייליקונג האָט ער נאָכגעפאָלגט יעדע נייע אונטערנעמונג אין אונדזערע יונגע לעבנס. ער האָט מיטגעלעבט יעדן שטאַפּל אין יעדן איינעמס קאַריערע — דערמוטיקט אין צייט פון צווייפל, זיך מיטגעפרייט אין צייט פון דערפאָלג. יעדע רייזע וועלכע איינער פון אונדז האָט געמאַכט, איז געווען פאַר אים אַ נייע איבערלעבונג. ביים געזעגענען זיך האָט ער קיינמאָל נישט געפעלט ביים באַן, ביי דער שיף, ביים „לופט־פּאָרט“; און ביים צוריקקומען איז ער געווען דער ערשטער ביים אָפּוואַרטן. ווען איך האָב באַשלאָסן אויפצוגעבן מיין אַרבעט אויף אַ יאָר צייט און פאָרן מיט אַ חברטע קיין ישראל און אייראָפּע מיט דעם געדאַנק צו אַרבעטן און אַרומפאָרן, האָב איך צוערשט זיך אָפּגעהאַלטן פון אים דערציילן וועגן דעם. איך האָב עפּעס מורא געהאַט, אַז ער וועט מיינען אַז ס'איז נישט קיין פּראַקטישער פּלאַן, אַז מיר וועלן האָבן פינאַנציעלע שוועריקייטן, אַז עס וועט שפּעטער זיין שווער פאַר מיר צוריק אָנצוהייבן וווּ איך האָב אָפּגעלאָזן. אָבער ניין! זיין באַגייסטערונג האָט אונדז געגעבן דעם לעצטן שטויס דורכצופירן אונדזער פּלאַן. און ער האָט זיך באַלד אַריינגעוואָרפן מיט זיין פולן ענטוזיאַזם און איניציאַטיוו אין העלפן אונדזערע צוגרייטונגען.

איינע פון מיינע טיפסטע פאַרגעניגנס אין יענעם יאָר איז געווען שרייבן לאַנגע בריוו צו טאַטע־מאַמע וועגן אונדזער אַרבעט אין קיבוץ און וועגן אונדזערע איינדרוקען פון ישראל. פון זיינע ענטפערס האָבן מיר דערפילט, ווי ער טיילט זיך מיט אונדזער באַגייסטערונג, ווי ער לעבט מיט מיט אונדז דאָס באַקענען זיך מיט דעם נייעם לאַנד. און ווען מיר זענען געקומען אַהיים און אָנגעהויבן דערציילן וועגן אונדזערע באַגעגענישן, דערפאַרונגען, דאָס טרעפן זיך מיט זיינע אַלטע פריינט און מיט נייע מענטשן, האָט ער אונדז דערמאָנט איינצעלהייטן דאָ און דאָרט, אַן אינצידענט, אָדער אַ וויץ וועגן וועלכע מיר האָבן אים געהאַט געשריבן אין בריוו און וועלכע זענען ביי אונדז שוין געווען אין הינטערגרונט פון זכרון.

ער פעלט אונדז אין אונדזער טאָג־טעגלעכן לעבן. ער פעלט אונדז ביי יעדער משפּחה צוזאַ־

ביענקום, פסח פירן מיר די סדרים לויט זײַן שטײַ־גער; אין זײער וואָך פון חנוכה פּאַרזאַמלען מיר זיך און פירן דורך די חנוכה צערעמאָניע ווי ער האָט עס אײַנגעשטעלט; מיר קומען זיך צונויף בײַ פאַרשידענע פאַמיליען־געלעגנהײַטן — די נאָענטע משפּחה און אַמאָל די ברייטערע משפּחה — און יע־דעס מאָל פילן מיר עפּעס אַ ליידיקייט. ווען מיר קומען צו אַ שולע־קאָנצערט אָדער אַ באַנקעט, אַ יום־טוב פײַערונג אָדער אַ גראַדואירונג, זוכן מיר אים אויף דעם אָרט וואָס ער פלעגט פאַרנע־מען, און אין דעם זוכן אים, דערפילן מיר זײַן שמייכלענדיקע געשטאַלט אַרום אונדז. מיר ווערן באַהערשט פון זײַן פערזענלעכקייט און לעבן ווײַ־טער מיט איר.

איך האָב דאָס געפיל אַז ווען די אייניקלעך זײַנע וועלן גוט זוכן אין זיך, וועלן זיי דאָרט גע־פינען אַ שטיקל פון זײַן „איך". זיי וועלן דערפילן אַז אין די יאָרן ווען זיי זענען געווען נאָענט צו אים האָט ער זיי אָנגעשטעקט מיטן עקשנות בײַ־צוקומען שטערונגען; אַז ער האָט זיי באַשאָנקען מיט דער טרײַב־קראַפט וואָס שטויסט זיי איצט צו שטודירן ווײַטער. מיט זײַן קומען צו זיי יעדן פרײַ־טיק האָט ער זיי געגעבן פיל מער ווי אַ שטיקל זיסע שאָקאָלאַד.

צווישן זײַנע פּאַפּירן האָבן מיר געפונען אַ פּעקל בריוו, וועלכע ער האָט געשריבן אַ היים פון זײַן רײַזע אין 1937. די בריוו זענען פול מיט לע־בעדיקייט, אָנגעפילט מיט די מינדסטע דעטאַלן פון פלעצער און באַגעגענישן. מיט וואָס פאַר אַ רירנדיקער ליבשאַפט שרײַבט ער וועגן זײַן באַ־געגעניש אין סטאָק מיט זײַן מוטער, זײַנע שוועס־טער און זייערע משפּחות; מיט וויפל מיטגעפיל דערציילט ער וועגן זײַן באַזוך בײַ דער מאַמעס ברודער, שוועסטער און קרובים אין איר שטעטל אין ליטע; מיט וואָס פאַר אַ באַגײַסטערונג ווערט ער אָנגעפילט פון זײַן אַ דעלעגאַט צום צוואַנציק־סטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין ציריך; וואָס פאַר אַ יוגנטלעכער ענטוזיאַזם פליסט פון אים אַרויס פאַר די חלוצים אין דעם אויפבוי פון ארץ יש־ראל. מיט וואָס פאַראַ קענטעניש באַוואונדערט ער נײַע וועלט־טיילן, וועלכע ער פאָרט דורך אין וועג. די האַנטשריפט איז שווער צו לייענען און די געדאַנקען לויפן איינער נאָכן אַנדערן אָן שום פּונקטואַציע. צום סוף פון אַ צוועלף־זײַטיקן בריוו שרײַבט ער: „איך שרײַב זייער געשווינד ווײַל די געדאַנקען לויפן בײַ מיר שנעלער ווי די שיף און איך וואָלט אײַך געוואָלט אַלץ איבערגעבן." און ער ענדיקט: מיט האַרציקע גרוסן און קושן אײַך אַלעמען אין הויז און משפּחה און אַלע חברים און פרײַנט — און אונטערשרײַבן פלעגט ער זיך: „אײַער ל. צוקער".

מיט דער זעלבער וואַרעמקייט, מיט דער זעל־בער נאָענטקייט האָט ער גערעדט אי צו זײַנע אינטימסטע — זײַן פרוי און קינדער — און צו זײַן יעדן חבר, פרײַנט און באַקאַנטן. ער איז גע־ווען נישט בלויז דער מאַמעס, נישט בלויז אונדזער פאָטער — ער איז געווען אונדזער אַלעמענס ל. צוקער.





מאַרק טורקאָוו

# סקולפּטאָר אברהם אָסטשעגאַ, — דער שעפער פון „אוהל - פּרץ"

קוים 53 יאָר איז ער אַלט געווען, ווען די נאַצישע מערדער האָבן אים, אין אויגוסט פון יאָר 1942, פאַרטריבן אין דעם טויטן-לאַגער פון טרעבלינקע. אים, צוזאַמען מיט נאָך יידישע קינסטלערס און סתם יידישע מענטשן. אַ סך, זייער אַ סך יידן זענען געווען קרבנות פון יענער אויסזידלונגס־אַקציע אין וואַרשעווער געטאָ.

איינער פון די אַזוי־ווייניק לעבנס־געבליבענע וואַרשעווער יידן, מיין ברודער יאָנאַס טורקאָוו דערציילט וועגן דעם אין זיין דאָקומענטאַלן בוך „אַזוי איז געווען" (חורבן וואַרשע), וואָס איז דערשינען אין דער ביכער־סעריע „דאָס פּוילישע יידנטום" פאָלגנדיקעס:

„דער סקולפּטאָר אברהם אָסטשעגא און דער מאַלער וו. וויינטרויב, וועלכע האָבן (ביזן אויסברוך פון דער מלחמה) געפירט זייער מצבות־קונסט ווערקשטעל אויף מילנא גאַס, האָבן עס אין געטאָ פאַרוואַנדלט אין אַ וואַרשטאַט פאַר אויסאַרבעטונג פון מעטאַל־ריי־ניקונגס־פּולווער און שטיינער אויף צו שלייפן מעסערס".

**אין דעם דאָזיקן וואַרשטאַט האָבן געאַרבעט נאָך אַ רייע יידישע קינסטלער, מאַלער און סקולפּטאָרן בכדי צו באַקומען אַרבעטס־באַשייניגונגען וואָס האָבן זיי געגעבן דאָס רעכט צו בלייבן לעבן, הגם נישט אויף לאַנג.**

יאָנאַס טורקאָוו דערציילט ווייטער:

„דער קונסט־וואַרשטאַט פון אָסטשעגא־וויינטרויב איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נוצלעכער אונטערנעמונג...

פאַר די יידישע שאָפּן האָבן די דייטשן קיין רוישטאָף נישט צוגעשטעלט. אַזוי לאַנג ווי די שאָפּן האָבן געקענט פּראָדוצירן פון אייגענע רוישטאָפן, איז זייער „לעבנס־קאַרטע" פאַרלענגערט געוואָרן. יעדער יידישער שאָפּ האָט זיך דעריבער באַמיט צו שאַפן וואָס מער רוישטאָפן. דער שאָפּ פון אָסטשעגא־וויינטרויב און זייערע חברים האָבן אין דעם פּרט קיין מאַנגל נישט געהאַט. די טייערסטע איטאַליענישע מאַרמאָר־שטיינער, וואָס האָבן פריער געדינט אַלס מאַטעריאַל פאַר קונסט־מצבות, זענען פון איצט אָן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ 'נוצלעכער" פּראָדוקציע פאַר די רוצחישע מעסערס...

קיין רוישטאָף פאַר דער פּראָדוקציע וואָלט דעם אָסטשעגאַ־וויינטרויב שאָפּ זיכער נישט פאַרפעלט ביזן סוף פון דער מלחמה, ווען נישט דער איבערראַשנדיקער איבערפאַל פון דער ס"ס־„איינזאַץ־ריינהאַרדט־בריגאַדע", וואָס האָט צעשטערט זייער אַרבעט און זייער לעבן..."

**ביז עס איז געקומען די טראַגישע ליקווידאַציע וועגן וועלכער דער מחבר דערציילט צוו' אַנד.:**

„פלוצלינג דערהערן מיר אַ טומל. איך רוק פאָרזיכטיק אַרויס מיין קאָפּ פון צווישן די חורבות אַזוי, אַז פון דער אויסנזייט זאָל מיך קיינער נישט קאָנען באַמערקן און איך זאָל קענען זען. און אָט וואָס איך האָב געזען:

פון דער דזשעלנע־גאַס פאָרט אַרויס אַ יונגער ס"ס־מאַן אויף אַ ראָווער, נאָך אים גייט אַ גרופּע יידן פון אַ היבשע פאָר הונדערט מענטשן. צי בין איך זיך טועה? צי איז דאָס נישט קיין בייזער חלום? איך קוק זיך גוט איין אַלע באַקאַנטע פּנימער. אָט גייט די גרופּע מאַלער־פּלאַסטיקערס: בראש: אָסטשעגאַ און וויינטרויב... (און דאָ ווערן אויסגערעכנט צענדליקער באַקאַנטע נעמען). עס גייט די גאַנצע מילנע גאַס. אַפּנים — „טאָטאַל־ליקווידאַציע" פון אונדזערע שאָפּן... זיי גייען מיט רויִקע, לאַנגזאַמע טריט, רעדן נישט קיין וואָרט צווישן זיך. אַ טויטע שטילקייט, וואָס ווערט איבערגעריסן פון דעם שטיוול־קלאַפּן פון די אוקראַיִנישע באַגלייטערס און פון זייער ווילדע הייזעריקע קלאַנגען, וואָס זיי לאָזן פון צייט צו צייט אַרויס פון זייערע שיכורע פּיסקעס.

די קאָשמאַרע דעפּיליאַדע איז פאַרביי. די מילנע גאַס איז פאַריתומט געוואָרן, דער חורבן איז געווען אָן אומגעהויערער..."

**די גרויסע גרופּע איז אַוועקגעפירט געוואָרן צום אומשלאַג־פּלאַץ, פון וואַנען אַלע זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אין דעם טויטן־לאַגער פון טרעבלינקע.**

**דאָס איז געווען דער סוף פון מיליאָנען יידן. דאָס איז אויך געווען דער סוף פון אברהם אָסטשעגאַ.**

⁂

געווען אַמאָל אַן עיר־ואם בישראל, וואָס האָט געהייסן וואַרשע.

אין סאַמע צענטער פון דער דאָזיקער שטאָט איז געווען אַ גאַס וואָס האָט געהייסן סענאַטאָרסקאַ. אַ שיינע און וויכטיקע גאַס. זי האָט זיך געצויגן פון דער מיאָדאָווע, דורכגעשניטן דעם טעאַטער־פּלאַץ, ווו עס איז געווען דער שטאָט־ראָט און דאָס ראַטהויז, און האָט זיך געענדיקט ביים באַנק־פּלאַץ, וואָס איז געווען דער אָנהויב פון דער רימאַרסקע גאַס.

סענאַטאָרסקע־גאַס איז געווען אַ צענטער פון דער וואַרשעווער קולטור. מיט גרויסע געשעפטן, קינאָס, טעאַטערן ועל־כולם מיט בענק.

די סענאַטאָרסקע־גאַס האָט אויך געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דעם יידישן לעבן פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט. אין הויז נומער 22 איז געווען דער יידישער סוחרים־פאַריין, זייער אַ וויכטיקער אַדרעס פאַרן עקאָנאָמישן לעבן פון דעם פּוילישן יידנטום. דאָרטן איז אויך געווען טעטיק דער באָיקאָט־קאָמיטעט קעגן נאַצי־דייטשלאַנד. צווישן די יידישע סוחרים־פירערס זענען געווען די סענאַטאָרן רפאל שערעשעווסקי און אַזאָלף טרזס־קער און דער דעפּוטאַט וואַצלאַוו ווישליצקי. אין הויז נומער 32 איז אַמאָל געווען דער יידישער נאַציאָנאַל־ראַט און יצחק גרינבוים האָט דאָרט געהאַט זיין צענטראַלע ביים שאַפן דעם בלאָק פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן און אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דאָרט געווען די צענטראַלע פון די יידישע גמילת־חסדים קאַסעס, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ וויכטיקע באַדייטונג פאַרן קליינעם יידישן סוחר און האַנדווערקער אין גאַנצן לאַנד. און איין הויז ווייטער, נעבן דער באַנק פון ווילהעלם לאַנדוי, אין הויז נומער 34 האָט געוווינט דער סקולפּטאָר אבּרהם אָסטשעגאַ. אין אַ דריטן הויף, אויפן לעצטן גאָרן אין אַ באַשיידענער דירה האָט ער געוווינט מיט זיין משפחה און אויפן בוידעם האָט ער געהאַט זיין קונסט־אַטעליע, ווו ער האָט געשאַפן פּרעכטיקע קינסטלערישע ווערק, וואָס האָבן געהאַט אַ שם נישט בלויז אין וואַרשע און אין פּוילן גופא, נאָר אויך אין דעם ווייטן אויסלאַנד.

ער איז נישט געווען דער איינציקער יידישער קינסטלער וואָס האָט געוווינט אין יענעם ווינקל פון דער סענאַטאָרסקע. בלויז איין הויז ווייטער פון אים, ד״ה אין דער סאַמע שכנות, סענאַטאָרסקע 36 האָט געוווינט אַ צווייטער באַרימטער יידישער קינסטלער, דער מאָלער און פּאָרטרעטיסט הענריק בערלעווי. אָבער בערלעווי, אַ בחור דאָס גאַנצע לעבן, אַפילו נאָך זיין חתונה האָט ער געפּראַוועט בחורשאַפט, איז געווען אַ באַהעם. און זיין אַטעליע איז געווען אַ צענטער פון כסדרדיקע באָהעמישע פאַרזאַמלונג פון יידישע קינסטלער וואָס האָבן זיך אָפּטמאָל געענדיקט פאַרטאָג...

דער שכן אָסטשעגאַ איז געווען ווייט פון דעם. זעלטן אַז ער האָט זיך געלאָזט צורעדן קומען צו אַזאַ מין הולאַנקע. און ער —אויב ער איז שוין יאָ אַמאָל געקומען— איז ער געווען דער לעצטער צו קומען און דער ערשטער אַוועקצוגיין. ער האָט געלעבט אין אַן אַנדער וועלט, מיט אַנדערע מחשבות. זיין וועלט איז געווען די וועלט פון חסידות, פון חסידישן געדאַנק און פון חסידישן ניגון.

דער ניגון האָט אים באַגלייט אין זיין קינסטלערישער אַרבעט און אין זיין וועלט־אָנשויאונג. געווען אַן אָריגינעלע געשטאַלט אין דער וואַרשעווער קונסט־סביבה. אין דער יידישער קונסט־וועלט און נאָך מער אין דער נישט־יידישער, ווו מען האָט זיך מיט אים גערעכנט און ווו מען האָט אָפּגעשאַצט זיין טאַלאַנט.

די חסידישע וועלט איז געווען דער מקור פון זיין עקזיסטענץ. אין זיין שאַפן פּונקט ווי אין זיין פּריוואַטן לעבן.

אַ קליינוווקסיקער, אַ דאַרינקער, אַ שטילער און אַ באַשיידענער. שטענדיק מיט אַ שמייכל און מיט אַ ניגון אויף זיינע ליפּן. ביי דער אַרבעט און אויף דער גאַס.

מיט דאגות־משפחה און נישט זעלטן מיט דאגות פּרנסה.

געשטאַמט האָט ער פון סטאָק, פון אַן אָרעמער און זייער רעליגיעזער משפחה. געלערנט אין ישיבות און געווען אַפילו אַ תלמיד פון דעם בריסקער גאון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק. אין זיינע ישיבה־יאָרן געשמט אַלס עילוי. צי האָבן זיינע עלטערן געוואָלט אַז ער זאָל ווערן אַ רב אָדער בלויז בלייבן אַ תלמיד־חכם, ווייס איך נישט. איך ווייס נאָר, אַז לערנענדיק אין די ישיבות האָט ער געהאַט דעם דראַנג צו גאָר אַן אַנדער וועלט: צו דער וועלט פון קונסט, וואָס איז אַזוי פרעמד געווען דער סביבה פון וועלכער ער האָט געשטאַמט.

מען זאָגט, אַז זיין פאָטער איז געווען אַ מצבה־קריצער. יעדנפאַלס האָט ער זיכער געירשנט פון

עמיצן פון זיי דעם אינטערעס און טאַלאַנט פון מצבה־קריצעריי. ער האָט פון זיין פריעסטער קינדהייט זיך אינטערעסירט דערמיט, שטודירט די מצבות אויף אַלטע, היסטאָרישע מצבות, דעם סטיל, די שריפט, די אידעען וואָס די אַלטע מצבות האָבן אין זיך אַנטהאַלטן.

איך געדענק גוט אונדזערע שפּאַצירן אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער איז שוין געווען אַ באַרימטער סקולפּטאָר, איבער די קברים פון וואַרשעווער בית־עלמין, צוזאַמען מיטן ד״ר נח דאַווידסאָן (אָפּטמאָל באַגלייט דורך נאָך יידישע קינסטלערס), ווען אָסטשעגאַ פלעגט אונדז ממש געבן לעקציעס וועגן דער יידישער מצבה־קונסט פון וועלכער ער איז געווען איינער פון אונדזערע גרעסטע מייסטערס.

די מצבות וואָס ער האָט פּראָיעקטירט און אויפגעשטעלט אויף די קברים פון רייכע יידישע משפּחות אין וואַרשע, לאָדזש און אויך אין אַנדערע שטעט זענען געוואָרן אַ שם אין דער קינסטלערישער וועלט. נישט נאָר יידן פלעגן באַזוכן די בית עלמינס און באַוואונדערן זיינע ווערק, נאָר אויך קריסטלעכע קינסטלערס און קונסט־מבינים זענען געקומען זיי זען. און נישט בלויז זען און באַוואונדערן, אויך קריסטלעכע משפּחות האָבן אָנגעהויבן באַשטעלן ביי אים מצבות פאַר די קברים אויף קריסטלעכע צמענטערס.

אָבער נישט בלויז קברים פון רייכע משפּחות זענען באַשיינט געוואָרן מיט אָסטשעגאָס קונסט־מצבות. אין גראָדנע איז זיינס אַ מצבה אויפגעשטעלט געוואָרן אויף דעם קבר פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם דיכטער לייב ניידוס און זיין קרוין־ווערק וואָס האָט אים באַרימט געמאַכט אין דער גאַנצער יידישער וועלט איז געווען דער אוהל־פּרץ, דער פּרעכטיקער מאָנומענט אויף די קברים פון פּרץ, אַנסקי און דינעזאָן וואָס געפינט זיך אויפן וואַרשעווער בית־עולם. אויך פון אַנדערע באַרימטע יידישע פּערזענלעכקייטן וואָס רוען אויפן דאָזיקן און אויף אַנדערע בית־עלמינס.

און נישט דאָס אַליין איז אָסטשעגאָס אויפטו.

אין הסכם מיט די רעליגיעזע פּרינציפּן פון „לא תעשה לך פסל וכל תמונה״ האָט מען נישט דערלויבט מאַכן קיין שום פיגוראַטיווע מצבות. דער רעליגיעזער קאָנטראָל איז אין דעם הינזיכט געווען זייער שטרענג.

אָסטשעגאַ האָט אָבער געוואָלט זיין אַן אינאָוואַטאָר אויך אויף דעם געביט פון דער יידישער מצבה־קונסט. וואָס־זשע האָט ער געטון? ער האָט אויסגעפונען אַ מעטאָד וואָס האָט באַפרידיקט די רעליגיעזע פּרינציפּן אָבער גלייכצייטיק אויך איינגעפירט אַ שטיקל רעוואָלוציע אויפן דאָזיקן געביט. ער האָט, נעמלעך, יאָ געמאַכט פיגורן אָבער



„אוהל פּרץ״ אויפן גענשער בית־עולם

פאַרדעקט אויף אַ באמת קינסטלערישן אופן די פּנימער פון זיינע פיגורן. מען האָט בולט געזען די פיגורן און דאָך, פון רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, נישט געקענט עס שטערן. אַזעלכע מצבות זענען דערשינען עטלעכע אויף דעם וואַרשעווער יידישן בית־עלמין און שפּעטער אויך אויף אַנדערע בית־עלמינס. מענטשן זענען געקומען קוקן ווי אויף עפּעס אַ בייז וווּנדער און אַנדערע קינסטלער, פון קלענערן פאַרנעם, האָבן עס אָנגעהויבן נאָכמאַכן. פאַרשטייט זיך אַז עס האָט נישט געהאַט די קינסטלערישע קראַפט און דעם קינסטלערישן אויסדרוק, וואָס אָסטשעגאָס מצבות.

דאָס איז געווען דער העכסטער אויסדרוק פון

זײַן קינסטלערישער טעטיקייט, וואָס האָט זיך שפּעטער פאַרוואַנדלט אין דער באַרימטער מצבות־אַטעליִע, וואָס ער האָט, צוזאַמען מיטן קונסט־מאָלער וולאַדיסלאַוו ווײַנטרויב, געשאַפן אויף דער מילנע־גאַס און וואָס איז אין די שווערע געטאָ־יאָרן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם „שאָפּ", ווו אַ סך ייִדישע קינסטלער האָבן געפונען אַרבעט און שוץ ביז די נאַציס האָבן זיי אַוועקגעפירט צום טויט...

⁂

די מצבה־קונסט איז געוואָרן דער שיר־השירים פון זײַן קינסטלערישן שאַפן. ער האָט אָנגעהויבן ווי אַן אָרעמער מצבה־קריצער און זיך פּערפעקציאָנירט אין דער פּלאַסטישער קונסט בכדי זיך אַרויסצורוקן אין די סאַמע פאָדערשטע רייען פון ייִדישע סקולפּטאָרן. ער האָט געהונגערט און געלערנט. עס איז אים נישט אָנגעקומען זייער לײַכט דער וועג צו זיכערן זיך אַ פּאָזיציע און אויך די עקזיסטענץ.

ווען ער איז אָנגעקומען אַלס יונגער ישיבה־בחור און געוואָלט לערנען די סקולפּטור־קונסט האָט ער געהאַט שוועריקייטן, ווײַל ער האָט נישט געקענט די פּוילישע שפּראַך בכדי זיך פאַרשטענדיקן מיט די לערערס און חברים. זײַן ערשטער לערער אין דער קונסט־אַקאַדעמיע איז געווען דער באַרימטער פּוילישער סקולפּטאָר קסאַווערי דוניקאָווסקי. בכדי אָבער צו קענען לײַכטער אַרײַנדרינגען אין די סודות פון דער קאָמפּליצירטער קונסט־טעכניק האָט אים גענומען אויף דער לער אַ צווייטער באַרימטער פּוילישער קינסטלער העַנריק קונא, וואָס האָט געהאַט אין יעדער הינזיכט אַ גוואַלדיקע און דעצידירנדיקע השפעה אויפן לעבנס וועג פון אברהם אָסטשעגא. קונא איז געווען אַ משומד. דאָס האָט אים דאָך נישט געשטערט אָנצוהאַלטן קאָנטאַקטן מיטן ייִדישן קולטור־לעבן און בפרט מיט יונגע ייִדישע קינסטלערס, וואָס האָבן זיך געגוויטיקט אין זײַנע עצות און אין זײַן הילף. אַ זון פון אָרעמע ייִדישע מצבה־קריצער איז קונא, דאַן האָט ער נאָך געהייסן הערשל, געווען אַפילו אַ תלמיד אין דער אָטוואָצקער ישיבה. ער האָט אויך פאַרלאָזט די ישיבה בכדי צו גיין אין דער גרויסער און ברייטער וועלט און ווערן אַ קינסטלער. ער איז, דעם אמת געזאָגט, אַוועק צו ווײַט, אָבער זײַנע ייִדישע סענטימענטן זענען שטענדיק געבליבן אין זײַן נשמה. בפרט נאָך ווען צו אים איז געקומען אַזאַ יונגער ישיבה־בחור ווי אברהם אָסטשעגא און זיך געגוויטיקט אין זײַן הילף. פאַר אָסטשעגאַן איז עס געווען אַ רעטונג, ווײַל ער האָט זיך מיט קונאַן לײַכט געקענט פאַרשטענדיקן אין ייִדיש. זיי האָבן זיך זייער שנעל פאַרשטאַנען און זענען דאָס גאַנצע לעבן געבליבן גוטע חברים.

ווי געזאָגט איז די מצבות־קונסט געווען נישט מער ווי אַ טייל פון אָסטשעגאָס שעפערישער טעטיקייט. ער האָט זיך פאַרנומען מיט אַלגעמיינע טעמעס, מיט ביוסטן פון פערזענלעכקייטן, מיט סקולפּטורן וואָס האָבן שנעל געפונען אָנערקענונג אין דער פּוילישער קינסטלערישער וועלט. העַנריק קונא, וואָס איז שוין געווען באַרימט און האָט אָסטשעגאַן געגעבן די מעגלעכקייט צו אַרבעטן אין זײַן גוט־אײַנגעאָרדנטער אַטעליִע, האָט אים אויך דערמעגלעכט אַז זײַנע סקולפּטורן זאָלן אויסגעשטעלט ווערן אין דער וואַרשעווער נאַציאָנאַלער קונסט־גאַלעריע, עפּענענדיק אַזוי אַרום דעם וועג פאַר דעם יונגן קינסטלער צו זײַנע דערפאָלגן. סקולפּטאָרן האָבן באַקומען נישט נאָר די אָנערקענונג פון דער קונסט־קריטיק. ער האָט אויך באַקומען אויסצייכענונגען. זײַן פּאָזיציע אין דער פּוילישער קונסט־וועלט איז געוואָרן פאַרזיכערט. און אויב אַ ייִדישער קינסטלער ווערט אָנערקענט בײַ די גויִים, געפינט ער שוין אויך אָנערקענונג בײַ די ייִדן גופא. אַזוי איז שוין בײַ אונדז דער סדר־עולם פון שטענדיק־אָן..

אייניקע פון זײַנע ווערק זענען אײַנגעקויפט געוואָרן נישט נאָר דורך אָנגעזעענע פּריוואַטע קאָלעקציאָניסטן, נאָר אויך דורך קונסט־מוזעאומס אין לאַנד און אויסלאַנד. זײַן סקולפּטור „רמב"ם" געפינט זיך עד־היום אין דער העברעיִשער אוניווערזיטעט אין ירושלים.

⁂

דאָס איז אין קורצע שטריכן דער שעפערישער לעבנסוועג פון דעם קדוש פון וואַרשעווער געטאָ אברהם אָסטשעגא, דעם פאָלקסטימלעכן און גרויסן ייִדישן קינסטלער.

ער איז געווען אַ האַרציקער פרײַנד, אַ גוטער חבר און עס איז גוט וואָס לאַנדסלײַט פון סטאָק זאָרגן דערפאַר, אַז זײַן נאָמען און זײַן ווערק זאָל דערמאָנט ווערן, פאַר די אַלע וואָס האָבן אים געקענט און פאַר די דורות, וואָס דאַרפן וועגן אים וויסן.

צאַלקע ווישניעווסקי / (ישראל)

# דער יידישער „סאָלטיס" פון סטאָק

ווי באַקאַנט האָט יעדעס יידיש שטעטעלע אין אַמאָליקן פּוילן, פאַרמאָגט עפּעס אַזוינס וואָס איז געווען אייגנאַרטיק פאַר דעם — און וואָס קיין אַנדער שטאָט, אָדער שטעטל האָבן נישט געהאַט; די שטאָט קאָזשעניץ איז געווען באַקאַנט מיט איר מגיד — גער מיט איר רבין אַאַז״וו; אונדזער שטעטל סטאָק, האָט נישט פאַרמאָגט קיין סך פון אַט די גרויסע און באַרימטע פּערזענלעכקייטן, דערפאַר האָבן מיר אָבער יאָ פאַרמאָגט דאָס וואָס קיין אַנדערע שטעט אָדער שטעטל האָבן נישט געהאַט — און דאָס איז געווען אַ יידישער „סאָלטיס".

מען דאַרף פריער דערקלערן, וואָס אַזוינס עס מיינט דאָס פּוילישע וואָרט „סאָלטיס", וואָס איז אין אַמאָליקן יידישן פּוילן אַריינגעגאַנגען אין דער געוויינלעכער פאָלקס־שפּראַך, אַז מען האָט דאָס באַטראַכט ווי אַ כמעט יידיש וואָרט — כאָטש גאָר ווייניק יידן האָבן פאַרנומען דעם דאָזיקן אַמט. ביי אונדז אין ישראל, האָט מען אין דער צייט פון דעם מאַנדאַט, דעם דאָזיקן אַמט אָנגערופן מיט דעם אַראַבישן נאָמען „מוכטאַר" און היינט טראָגט דאָס דעם נאָמען „ראש מועצה", וואָס אין ריין־יידיש וואָלט דאָס געווען דאָס זעלביקע ווי אַ כמעט אינטענדענט, וואָס ווערט נישט געוויילט דירעקט פון דער באַפעלקערונג נאָר דורך דעם ספּעציעלן ראָט וואָס די שטאָט האָט פאַרמאָגט און ער האָט געהאַט אויסצופירן אַ גאַנצע ריי אַדמיניסטראַטיווע זאַכן. און אין פּוילן וואָס איז שטענדיק געווען אַנטיסעמיטיש, אַזוי אַמאָל ווי היינט — און איז געווען טרויעריק באַקאַנט מיט אירע אַנטי־יידישע געשריבענע און נישט געשריבענע געזעצן, איז זיין אַ יידישער „סאָלטיס" געווען אַ נייעס, אָדער כמעט אוממעגלעך.

און דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז דער דאָזיקער „סאָלטיס" זאָל זיין מיין פאָטער ר' הערש־מאיר ווישניעווסקי ע״ה, וואָס האָט פאַרנומען זיין אַמט אויף אַ זייער פאַראַנטוואָרטלעכן און איבערגעגעבענעם אופן, אויף אַזוי ווייט אַז ער האָט דעם דאָזיקן אַמט פאַרנומען ביי די 18 יאָר, אָנהויבנדיק גלייך נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען פּוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק, ביז דעם יאָר 1937, ווען מען האָט דעם דאָזיקן אַמט איבערגעגעבן צו אַ פּאָליאַק, אָבער אַפילו דאַן —און ביז דער צייט פון די דייטשן— האָט מען מיין פאָטער כסדר געהאַלטן אין באַטראַכטן פאַר דעם פאַקטישן סאָלטיס פון סטאָק, ביז ער האָט געמוזט אַנטלויפן פאַר דעם צאָרן פון די נאַציס, וואָס זענען אויף דעם געביט אַוועק אַ סך ווייטער ווי די אַנטיסעמיטישע פּאָליאַקן; ביי זיי האָט אַ ייד, נישט בלויז נישט געטאָרט פאַרנעמען קיין שום אַמט — נאָר בכלל נישט געהאַט קיין רעכט און נישט געטאָרט לעבן.

די איבערלעבונגען פון מיין פאָטער ע״ה, זענען מיר צו נאָענט און צו טייער — און נישט וועגן אַלץ קאָן מען דערציילן און נישט וועגן אַלץ ווילט זיך דערציילן. אָבער איך וויל בלויז דערציילן וועגן דעם, אויף וויפל דאָס האָט אַ שייכות צו דעם אַלגעמיינעם יידישן לעבן אין סטאָק, וואָס איז זיכער אויך געווען ענלעך צו דעם אַלגעמיינעם לעבן פון די יידן אין דעם גרעסטן טייל שטעט און שטעטלעך פון אַמאָליקן פּוילן.

ווי געזאָגט איז מיין פאָטער געווען 18 יאָר אויף דעם זעלביקן אַמט, וואָס דאָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז מען האָט אים אויסגעוויילט גאַנצע זעקס מאָל, ווייל די קאַדענץ פון אַ סאָלטיס איז געווען פון דריי יאָר צייט — און ער האָט דערצו געדאַרפט אויסגעוויילט ווערן דורך דעם ראָט פון דער שטאָט און פון דער אומגעגנט. דער דאָזיקער ראָט איז באַשטאַנען פון 24 מיטגלידער, וואָס די מערהייט פון זיי זענען געווען קריסטן (כאָטש דאָס שטעטל סטאָק האָט געהאַט די גרעסטע מערהייט יידן, פלעגט מען אָבער אַזוי אויסקאָמבינירן און צוטשעפּען צו דעם שטעטל די אַרומיקע דערפער, אַז די אויסגעוויילטע ראַטמענער זענען אין זייער גרעסטער מערהייט באַשטאַנען פון פּאָליאַקן נישט־יידן); אָבער דער גרעסטער טייל קריסטן, האָבן שטענדיק געשטימט פאַר מיין פאָטער. אָבער דער אויסוואַל פון דעם סאָלטיס, האָט נאָך געדאַרפט באַשטעטיקט ווערן דורך דעם „סטאַראָסטוואָ" פון ווענגראָוו, וואָס האָט צופעליק אויך געהייסן ווישניעווסקי און איז געווען אַ „ריינער" קריסט (אין פּוילן האָט קיין

ייִד נישט געטאָרט זײַן קיין „סטאַראָווסטוואָ"); פלעגט זיך דער דאָזיקער „סטאַראָסטוואָ" שטענדיק אָפּזאָגן צו באַשטעטיקן מײַן פאָטער אַלס סאלטיס, מיטן אויסרייד, אַז מײַן פאָטער וועט נישט זײַן פעיִק אויסצופירן זײַן אַמט, געמענדיק אין אַכט אַז די באַפעלקערונג פון דעם שטעטל און פון דער אומגעגנט איז אַ גרויסע און מײַן פאָטער פאַרמאָגט נישט קיין גענוג אַמטלעכע פעיִקייטן, אָבער דער ראַט, צו וועמען דער ענין האָט זיך נאָך דעם צוריק אומגעקערט, פלעגט ווײַטער באַשטעטיקן מײַן פאָטער אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ.

בלויז אין דעם יאָר 1937, האָט מען בײַ די וואַלן אויסגעקליבן אַ קריסט אַלס סאלטיס. דער נאָמען זײַנער איז געווען באַלעסטאַ און ער איז געווען אַ נײַער אין שטאָט, ווײַל ער האָט די גאַנצע צײַט געוווינט אין וואַרשע און האָט זיך מיט געציילטע יאָרן פריִער באַזעצט אין סטאָק און האָט געוווינט נעבן פּאָסטעקן אין אַ נײַער הויז, נעבן דעם „זאַגײַנעק" ווו עס האָבן זיך באַזעצט די מער־פאַרמעגלעכע אײַנוווינער און מען האָט יענע געגנט אָנגערופן „דער ראַיאָן פון די ווילעס" — אָבער גראַד דער דאָזיקער פאַליאַק האָט זיך נישט אויסגעטויגט אויף זײַן אַמט און האָט שטענדיק געמוזט אָנקומען צו די עצות פון מײַן פאָטער.

אין שטעטל איז געווען אַ גרויסער קאַמף קעגן ייִדן, אַמאָל אויף אַ שטילן און אָפּטמאָל אויף אַ גאַנץ אָפענעם אופן — און אין יאָר 1937 האָבן מיר אַפילו געהאַט צוויי פּאָגראָמען קעגן ייִדן און קיין אַנטיסעמיטן האָבן בײַ אונדז קיין מאָל נישט געפעלט. און צווישן זיי האָט זיך „אויסגעצייכנט" דער יונגער גלח מיט דעם נאָמען באַנק. אין סטאָק זענען געווען צוויי גלחים, איינער אַן עלטערער — אַ פּראָבאָשץ פון דער גאַנצער פּאַראַפיע, מיט דעם נאָמען אַלעקסיי יאַקוב, וואָס איז געווען אַ גאַנץ ליבעראַלער מענטש און דער צווייטער, דער אַנטי־ייִדישער העצער, איז געווען דער יונגער גלח, אָדער וויקאַר, מיט דעם נאָמען באַלעסלאַוו באַנק, וואָס פלעגט אויך לערנען מיט די פּוילישע קינדער די קריסטלעכע רעליגיע, אין דער אָרטיקער שולע. די ייִדישע קינדער פלעגט לערנען רעליגיע ר' שמשון לייזער בערגרין ז"ל — אַן עלטערער ייִד מיט אַ גרויסער שניי־ווײַסער באָרד.

פון דעם דאָזיקן גלח איז פאַראַן זייער אַ סך צו דערציילן און אין די צוויי פּאָגראָמען וואָס זענען פאָרגעקומען אין סטאָק אין דעם יאָר 1937, האָט ער געהאַט זייער אַ גרויסן חלק. און איין מאָל אין דער צײַט פון דער הפסקה פון איין לעקציע צו דער צווייטער, האָט מען מיך גערופן, אַז איך זאָל אַרײַנגיין אין דעם צימער פון דאָזיקן גלח, ווײַל ער וויל עפּעס רעדן מיט מיר. איך בין אַרײַן צו אים אין צימער און ער האָט מיר געזאָגט: „ווייסט וויש־ניעווסקי, זאָג דײַן פאָטער, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון זײַן אַמט, ווײַל עס איז נישט שיין אַז אַ ייִד זאָל זײַן דער באַלעבאָס פון שטעטל, אין דער צײַט ווען די פּאַליאַקן זענען דאָ די מערהייט". און ער האָט מיר דערבײַ דערציילט, אַז די פּוילישע קינדער האָבן אים געשטעלט די דאָזיקע פראַגע אין דער צײַט פון זײַן לעקציע וועגן רעליגיע — און ער האָט דערבײַ צוגעגעבן:

— דו ווייסט דאָך, אַז די ייִדן האָבן דערהרגעט יעזוסן און אַלע ייִדן זענען קאָמוניסטן און נישט קיין זיכערע בירגער — און אויך נישט קיין ריינע...

ווײַטער האָט ער מיר געזאָגט דערפון, אַז דאָס אָפּזאָגן זיך פון מײַן פאָטער פון זײַן אַמט, וועט זײַן לטובת אים גופא און לטובת אַלע ייִדישע אײַנוווינער. און דערבײַ האָט ער מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל אים מער נישט ברענגען קיין צעטלען פון דער געמיינע און נישט קיין אַנדערע (איך פלעג העלפן מײַן פאָטער אין פונאנדערטיילן פאַרשידענע זאַכן), ווײַל ער וויל די אַלע זאַכן נאָר אָננעמען פון אַ פּוילישן אינטעלעגענט. ער האָט מיט מיר גערעדט איבער אַ האַלבע שעה און איך האָב אים געפּרוווט ענטפערן, אַז מײַן פאָטער איז שוין אַזוי פיל יאָרן בײַ דעם אַמט און אַלע זענען מיט אים צופרידן — און מײַן פאָטער אַרבעט פאַרן גאַנצן כלל. האָט ער מיר געזאָגט, אַז הײַנט זענען אַנדערע צײַטן; דאָס לאַנד איז אַ פּוילישס — און מיר ייִדן זענען דאָ פרעמדע.

איך האָב שפּעטער דערציילט מײַן פאָטער דאָס וואָס דער גלח האָט מיר געזאָגט און מײַן פאָטער האָט מיר דערציילט, אַז מען ווייסט, אַז אין דעם סעמינאַר פון די גלויביקע, האַלט ער אַנטי־ייִדישע רעדעס און ער רופט צום קאַמף קעגן ייִדן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז געווען פאַר אים אַ צעטל פון דעם שטײַערן־אַמט אויף צו באַצאָלן 22 זלאָטעס (די פּוילישע מטבע איז אַ זלאָטע) און ווען איך בין אַרײַן צו אים אין צימער און גיב אים איבער דאָס צעטל, ווערט ער אויפגעבראַכט און שרײַט אויס צו מיר:

— צאַלקע, וואָס האָב איך דיר געזאָגט? אַז זאָלסט מיר מער נישט ברענגען קיין צעטלען! אַזעלכע זאַכן וויל איך באַקומען בלויז פון אַ קריסט —

און ביז דער ייִד וועט נישט אַוועק פון זײַן אַמט, וועל איך נישט באַצאָלן.

איך האָב אים געענטפערט דאָס וואָס מײַן פאָטער האָט מיר געהייסן זאָגן: אַז ער האָט אים נישט באַשטימט פאַר קיין אינטענדענט און ער קאָן אים נישט מאַכן פאַר אויס. האָט ער מיר געענטפערט, אַז מיר וועלן שוין זען דעם סוף — און אויף דעם דאָזיקן „סוף" איז אונדז אויסגעקומען נישט לאַנג צו וואַרטן.

אָבער איך וועל דאָ איבערלאָזן דעם יונגן גלח, מיט זײַן דראָונג פון „סוף" און כ'וועל דאָ דערציילן עפּעס וועגן אונדזער שולע, ווו עס איז געווען אַנטיסעמיטיזם אַ חוץ פון דער זײַט פון גלח. איך האָב אין יענער צײַט געלערנט אין דעם 7טן גראַד פון דער פּוילישער פאָלקס־שול און אין דאָזיקן גראַד זענען געווען בלויז צוויי ייִדישע שילערס: נח לאַופער און איך — (נח איז נתן בעקערס שטיפזון) און מען האָט אונדז ביידע שטאַרק פאַרפאָלגט, בײַ די שילערס וואָס זענען געווען גרויסע שקצים און נאָך גרעסערע אַנטיסעמיטן. איך געדענק נאָך פון זיי די זינדלעך פון קובלינסקי, לעוויצקי מאנעק און די ברידער אנישעק, איינער פון זיי, דער עלטערער איז געווען גאָר געפערלעך, אָבער מיט אַ יאָר שפּעטער איז ער דערהרגעט געוואָרן אין פּראַגע דורך אַ טראַמוויי (בײַ זיי אין הויז האָבן געוווינט די משפּחה שמחה און שרהטשע שוואַרצפאַרב, מנחם היטלמאַכערס זון). אויך פון די לערערס האָט נישט געפעלט קיין צרות, איבערהויפּט איז געווען אַ פאַרביסענע אַנטיסעמיטקע די לערערקע זישקאָוונא, וואָס האָט מיט אונדז געלערנט פּויליש און איז אונדז מוראדיק דערגאַנגען די יאָרן, אַז מיר זאָלן אַוועק פון דער שולע. נח האָט טאַקע נישט אויסגעהאַלטן און איז נאָך דרײַ חדשים צײַט לערנען אַוועק פון דער שולע. איך האָב אָבער באַשלאָסן אַז ניין! און איך בין געבליבן ביז דעם סוף.

דרך אַגב האָב איך אַ צײַט שפּעטער, נאָך דער מלחמה —און נאָך דעם שרעקלעכן חורבן— געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו טרעפן מיט נח לאַופער אין מינכען, דײַטשלאַנד, צוזאַמען מיט חיים קוויאַטעק און ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוווּסט, זענען זיי ביידע אַוועק קיין צפון־אַמעריקע.

און איצט וועל איך מיך צוריקקערן צו די דראָאונגען פון דעם יונגן גלח וועגן אַ שנעלן סוף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם פּאָגראָם פון 1937. מען האָט געוווּסט, אַז אַ מאָנטיק אין דער פרי, האָט דער יונגער גלח באָלעסלאַוו באַנק, גערעדט פאַר זײַנע חברה פון סעמינאַר און זיי האָבן זיך געלאָזט אַלע אויפן מאַרק — און האָבן דאָרטן אַלצדינג צעוואָרפן. ווי געזאָגט, איז דאָס געווען אַ מאָנטיק און יעדער מאָנטיק איז אין סטאָק פאָרגעקומען אַ מאַרק, אָדער יריד און פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך פלעגט מען קומען צו קויפן און צו פאַרקויפן. דער גרעסטער טייל פּרנסה פון דעם שטעטל איז געווען פון דעם דאָזיקן מאָנטיקדיקן מאַרק, ווײַל אַ גאַנצע וואָך איז געווען שטיל אין די קליינע געשעפטלעך, אָדער וואַרשטאַטן פון סטאָק. און דער ערשטער „אַרויסטריט" אָדער פּאַקטישער פּאָגראָם, וואָס איז פאָרגעקומען יענעם מאָנטיק, האָט איבערגעלאָזט אַ שרעקלעכן אײַנדרוק און אַן אויפטרייסלענדיק בילד. אַלע ייִדישע סחורות זענען צעראַבירט געוואָרן און דאָס גאַנצע ביסל האָב און גוטס פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, פון אַ סך יאָרן שווערער אַרבעט, איז אויסגעפּלינדערט געוואָרן און אַלע שויבן פון די ייִדישע הײַזער, זענען אויסגעהאַקט געוואָרן.

מיר האָבן געוווינט אין דעם אַזוי גערופענעם נײַ־סטאָק, וואָס איז געווען אַ סך מער אַלט ווי נײַ און עס האָבן זיך דאָרטן געפונען זייער אַ סך אַלטע הײַזער — אַ סך מער ווי נײַע און עס איז נישט געווען מיט וואָס זיי צו פאַרריכטן. איך בין פּונקט געווען נעבן אונדזער קלייט, ווען איך האָב געזען ווי עס זענען געקומען אַ חברה כוליגאַנעס, אייניקע פון זיי אין ספּעציעלע מונדירן און די אַנדערע מיט ווײַסע לענטעס אויף די אַרבל. איך האָב שנעל אַרויפגעטאָן די אײַזערנע שטאַבע אויף דער קלייט און אויפגעהאַנגען די שילד מיט דעם פּוילישן אָדלער, מיטן אויפשריפט: „סאָלטיס אסאדי סטאָטשקאַ", דער גרעסטער טייל פון די שקצישע כוליגאַנעס, האָבן געפרעגט וואָס דאָס באַטײַט און די „פּירער" זייערע האָבן זיי „אויפגעקלערט", אַז דאָ וווינט דער ייִדישער אינטענדענט, וואָס איז אויך דער הערשער איבער די קריסטן; זיי האָבן אָנגעוויזן אויף מיר, אַז איך בין פון דער דאָזיקער משפּחה — און מען האָט מיר שטרענג פאַרזאָגט, אַז די קלייט זאָל בלײַבן פאַרמאַכט און איך זאָל אַרײַן אין שטוב. איך האָב אָבער נישט געקאָנט אַרײַן אין שטוב, ווײַל זי איז געווען געשלאָסן פון אינעווייניק.

מען האָט אָבער באַלד גערופן הילף קיין ווענגראָוו, ווײַל ווענגראָוו איז געווען די פּאָוויאַטשטאָט פון סטאָק. עס איז אויך געקומען אַ הילפסרוף פון אַהרן פײַערטאָג, וואָס איז געווען דער בוכהאַלטער פון לעווענשטיינס פאַבריק (ער וווינט הײַנט

אין באר־שבע). עס איז געקומען פון דאָרטן די פאָליציי, כאָטש נישט אַזוי שנעל ווי מען האָט באַדאַרפט. זיי זענען געקומען צוזאַמען מיט דעם סטאַראָסטווע ווישניעווסקי און מײַן פאָטער האָט אים געפירט איבערן שטעטל און אים געוויזן דעם חורבן פון ייִדישן האָב און גוטס; דעם רויב און די שרעק פון די קינדער — און ער האָט אים אויך געוויזן די אויסגעהאַקטע פענצטער. מײַן פאָטער האָט פאַר אויפרעגונג אַוועקגעוואָרפן דאָס בוך פון די שטײַערן אויף דער ערד און ער האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר דעם סטאַראָסטווע, ווײַל מײַן פאָטער האָט גערעדט אַ גוטן פויליש און געוווּסט ווי אַזוי זיך אויסצודריקן; ער האָט ממש געשטיקט דעם סטאַראָסטווע בײַם האַלדז, ווען יענער האָט געזאָגט, אַז עס איז נישט אַזוי געפערלעך. ער האָט אָבער צוגעזאָגט צו היטן דאָס שטעטל פון ווײַטערדיקע פּאָגראָמען.

אין עטלעכע טעג אַרום, איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דער געמינע. די ייִדישע ראַטמענער זענען געווען: אָשרקע פלאַטנער (וואָס איז אומגעקומען אין רוסלאַנד), הערשל פענעמאַן ע״ה, אַברהם זיעלענעץ ע״ה — נחומקעס אַ ברודער, שײַע הימעלפאַרב (מען האָט זיי גערופן „די בולצעס”) און יעקב גאָלדפאַרב, וואָס לעבט הײַנט אין ישראל. דער יונגער גלח איז אויך געווען אַ ראַטמאַן און מײַן פאָטער האָט זיך מיט אים געשמאַק צעווערטלט און אים צווישן אַנדערעס געזאָגט: „יעסטעש קשאָנזשעם ניעבאָנדזש לאָבוזעם”, וואָס אויף ריין ייִדיש האָט דאָס געמיינט צו זאָגן, אַז אויב דו ביסט אַ גלח, איז זײַ נישט קיין לאָבוס — און די דאָזיקע ווערטער געזאָגט אין דער עפנטלעכקייט, האָבן אים שטאַרק פאַרדראָסן.

אין דער שולע פלעגט דער גלח מיט מיר מער נישט רעדן, אָבער אין אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז געקומען צו אונדז אין קלייט אַ קריסטלעכע פרוי אַן אַלמנה, מיט דעם נאָמען העלענאַ, וואָס איר מאַן איז געווען אַ לערער אין דער פּוילישער שולע, מיט דעם נאָמען וונאַטשינסקי (און די שילער האָבן אים געגעבן דעם צונאָמען „שמעגדע”); זי איז געקומען צו אונדז קויפן פיש, ווײַל מיר פלעגן פאַרקויפן פיש אין די רײַכסטע פּוילישע הײַזער. אויך בײַ דער דאָזיקער אַלמנה פלעגן זיך צוזאַמענגעקומען די בעסערע און מער געלערנטע פּאָליאַקן און זיך דאָרטן פאַרווײַלן. אויך דער ריכטער פון שטעטל (דער „סענדזשע”) פלעגט זײַן איר גאַסט — און דער דאָזיקער ריכטער האָט איר דערציילט, אַז דער אַנטיסעמיטישער גלח באַנק, פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן מײַן פאָטער פאַר די באַליידיקנדיקע ווערטער. אויך דער גלח באַנק פלעגט צו איר קומען און ער האָט זיך פאַר איר געקלאָגט, אַז דער ייִדישער סאָלטיס האָט אים באַליידיקט און אים געזאָגט לאָבוס — און דאָס איז פאַר אים אַ גרויסע באַליידיקונג.

איין מאָל, ווען איך האָב איר געבראַכט 8 קילאָ פיש, האָט זי מיר שטאַרק געדאַנקט, ווײַל זי איז געווען זייער אַ פרײַנטלעכע. (זי האָט געוווינט בײַ פּילקען אין הויז און אין שטעטל האָבן אים אַלע גוט געקענט, ווײַל ער פלעגט זיצן יום כיפּור אין שיל אַ גאַנצן טאָג און היטן די ליכט); און אין צווייטן צימער בײַ איר זענען געווען אַ סך געסט. האָט זי מיר דערציילט, אַז זי האָט גערעדט מיט דעם ריכטער וועגן מײַן פאָטער און אויך מיט דעם גלח וועגן — אַ שלום; זי האָט דעם גלח געזאָגט, אַז מײַן פאָטער איז לעצטנס אין אַן אויפגערעגטער שטימונג, צוליב די פאָרגעקומענע פּאָגראָמען (עס זענען שוין אין יענער צײַט פאָרגעקומען צוויי אַזעלכע פּאָגראָמען, נישט געקוקט אויף דער פײַערלעכער פאַרזיכערונג פון דעם סטאַראָסטווע ווישניעווסקי) און אויך צוליב דעם מאָרד פון זײַן זון לייבל — פון וועלכן איך וועל דאָ באַלד דערציילן באַזונדער. אויך דער ריכטער האָט איבערגערעדט מיט דעם גלח וועגן דעם, אַז אים לוינט נישט אַזאַ פּראָצעס וואָס וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פּאָליטישן און קאָן אים שטערן צו זײַן קאַריערע — און ער האָט אים געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז דער ייִדישער סאָלטיס זאָל זיך אַנטשולדיקן פאַר אים און דערמיט פאַרענדיקן דעם ענין.

ווען די פרוי העלענאַ איז נאָך אַמאָל געווען בײַ אונדז אין קלייט, האָט זי וועגן דעם גערעדט מיט מײַן מוטער גאָלדע ע״ה, וואָס איז געווען אַ גוטע ערלעכע פרוי — און מײַן פאָטער האָט צוגעשטימט צו דעם און עס איז געוואָרן שלום. מײַן פאָטער האָט אָבער גוט געוווּסט, אַז צופיל פאַרלאָזן זיך אויף דעם „יושר” פון דעם „שלומדיקן” גלח קאָן מען נישט, איז ער דערפאַר אַוועקגעגאַנגען צו דעם אַלטן גלח אַלעקסיי יאַקוב און אים געבעטן, אַז ער זאָל זיך באַמיען אַז מען זאָל דעם יונגן אַנטיסעמיטישן גלח משלח זײַן פון אונדזער שטעטל. דער אַלטער גלח איז געווען אַ ליבעראַלער מענטש און נישט קיין ייִדנפײַנט; ער איז אויך נישט געווען קיין איבעריק פרומער — און ליב געהאַט געלט און נישט געוואָלט צאָלן קיין סך שטײַערן. איך פלעג אים ברענגען אַלע וואָך פיש — און אין דער צײַט

פון די נאַציס, האָב איך ביי אים געאַרבעט און זיך אויסבאַהאַלטן. ער האָט צוגעזאָגט עפּעס צו טאָן פאַר דער זאַך — און האָט געבראַכט אַ שריפט, אונטערגעשריבן פון פּאָליאַקן, וועגן דעם אַז דער יונגער גלח שלעפּט זיך אַרום מיט מיידלעך (ווייל גלחים טאָרן נישט חתונה האָבן און נישט אַרומגיין מיט קיין מיידלעך) — און מען האָט דעם יונגן גלח באַזייטיקט פון שטעטל און אים אַריבערגעפירט קיין לוקאָוו און אַזוי אַרום איז מען אים פּטור געוואָרן פון סטאָק און אויף זיין פּלאַץ איז געקומען אַ צווייטער יונגער גלח, אַ שטילער, אַ פרידלעכער און ליבעראַלער מענטש. און ווען מיין פאָטער איז איין מאָל געווען ביי דעם אַלטן גלח, האָט ער פאַר אים פאַרגעשטעלט דעם נייעם גלח און אים געזאָגט, אַז אַלצדינג וועט זיין אין בעסטער אָרדענונג. דער גלח אַלעקסיי האָט געזאָגט צו מיין פאָטער, אַז ער איז געווען גרייט צו פאַרמאַכן דעם קלויסטער, ווען די כאַגראָמען וואָלטן ווייטער פאָרגעקומען — און צו מיר האָט ער אַמאָל געזאָגט: ווישניעווסקי, דיין פאָטער האָט אויף זיך אַן אמתן יידישן קאָפּ...

איך האָב פריער דערמאָנט אַ זייער טרויעריקע געשעעניש וואָס עס איז אין יענעם יאָר פאָרגעקומען אין אונדזער פאַמיליע און דאָס איז געווען דער טויט פון מיין ברודער לייבל, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 6סטן אַפּריל פון 1937 — און דאָס יאָר 1937 איז בכלל געווען אַ טראַגיש יאָר אין דעם לעבן פון די פּוילישע יידן, כאָטש קיינער האָט זיך אין יענעם יאָר נישט געקאָנט אַפילו פאָרשטעלן דאָס וואָס עס דערוואַרט די יידן פון פּוילן און פון אַנדערע לענדער אין די ווייטערדיקע יאָרן; עס איז געווען דאָס יאָר פון פּשיטעק און אַנדערע טרויעריקע געשעענישן. מיין ברודער לייבל איז דאַן געפאָרן קויפן פיש ביי די קריסטלעכע פישער וואָס האָבן געוווינט נעבן דעם טייך ליביץ און איז אויפן וועג אויף אַ געהיימנישפולן אופן דערמאָרדעט געוואָרן. מען האָט אַפילו געפונען דעם מערדער, אַ געוויסן ראָגאָווסקי, אָבער אויפן פּראָצעס האָט מען דעם מערדער באַפרייט, זאָגנדיק אַז מען ווייסט נישט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, צי ער איז טאַקע דער מערדער. אין דעם דאָזיקן גייסט איז דאָס דאַן געפירט געוואָרן די פּוילישע יוסטיץ, אָנגעפירט פון דעם טרויעריק־באַרימטן יוסטיץ־מיניסטער גראַבאָווסקי, מיט זיין דרך, וואָס האָט פאַרמשפּט פיל אומשולדיקע יידן און זיי אַוועקגעשיקט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן און די אמתע מערדערס פון פּשיטעק און בריסק, האָט מען פרייגעלאָזט.

מיין פאָטער דער סאָלטיס איז געווען געוואַלדיק ענערגיש אין קאַמף פאַר יידישע רעכט און רויקייט און האָט אין אַזעלכע פראַגן נישט געוואָלט וויסן פון אונטערגעבן זיך. ווען מען האָט געמאַכט דעם שאָסיי קיין גראַביענע, אַ דאָרף וואָס האָט זיך געפונען דריי קילאָמעטער פון סטאָק, וואָס האָט אונדז געדאַרפט פאַרבינדן מיט דער סטאַנציע זשעלענעץ, איז ווען די יידן זענען געפאָרן אויפן מאַרק קיין סאַדאָוונע, וואָס פלעגט פאָרקומען יעדן דינסטיק — אַ טאָג נאָך דעם מאַרק אין סטאָק, האָבן די פּוילישע אַרבעטער וואָס האָבן געאַרבעט ביים שאָסיי, געוואָרפן שטיינער אויף די יידן, וואָס זענען געפאָרן צוריק פון מאַרק־טאָג און אַ סך שטיינער האָבן געטראָפן די יידן און זיי זענען געקומען צו מיין פאָטער און אים דערציילט, האָט זיי מיין פאָטער פאַרזיכערט, אַז מער וועלן זיי שוין קיין שטיינער נישט וואַרפן. און כך הוה: ווען ביינאַכט זענען געקומען די אַרבעטער אַז מען זאָל זיי באַצאָלן פאַר דעם טאָג אַרבעט, ווייל דער סאָלטיס איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלץ מצד דעם מאַגיסטראַט, האָט זיי מיין פאָטער געזאָגט, אַז היינט האָט איר נישט געאַרבעט, נאָר געוואָרפן שטיינער אויף די יידן, וואָס זענען געפאָרן פון מאַרק אין סאַדאָוונע; פאַר אַרבעט צאָלט מען געלט, אָבער נישט פאַר וואַרפן שטיינער אויף מענטשן... זיי האָבן צוגעזאָגט, אַז מער וועט דאָס נישט געשען און מיין פאָטער האָט זיי אונטערגעשריבן די צעטעלעך און מיט די אונטערגעשריבענע צעטלען האָט מען זיי אויסגעצאָלט — און מער האָט מען שוין נישט געוואָרפן קיין שטיינער אויף קיין יידן.

מיין פאָטער, ווי אַ סאָלטיס, האָט געהאַט ספּעציעלע רעכטן און פּראָטעקציעס. אויף אַלע יום־טובים האָט ער געהאַט אַ רעכט צו שעכטן אַ בהמה, נישט וויכטיק צי דאָס איז געווען אַ קליינע אָדער גרויסע, פלעגט ער דאָס איבערגעבן צו שמחה פּאָסעסאָרסקי —לייבטשע קצבס זון— וואָס איז געווען פון דער מאַמעס צד, אָפּטמאָל פלעגט ער דאָס איבערגעבן צו יאַנקל קיזשאַק (יאַנקל שניידמאַן) און זיי פלעגן זיך צעטיילן מיט דער בהמה. אונדז האָט מען געגעבן אַ פּאָר קילאָ פלייש — און אין יענער צייט פון די „שחיטה־געזעצן" פון דער מאַדאַם פּריסטאָראָוואַ, איז דאָס געווען אַ גרויסע זאַך.

אין יאָר 1937 האָט די רעגירונג נישט געוואָלט באַשטעטיקן די דערלויבענישן צו פאַרקויפן פּאַפּיראָסן, ווייל אין סטאָק האָט דאָס דאָזיקע רעכט געהאַט בלויז אַלטקע די פרוי פון הערשל

קיאַק (הערשל טאָקער), אָבער מײַן פֿאָטער האָט זיך דאַן געווענדעט צום האַנדלס־מיניסטער און אים געפֿרעגט: צי דריקן אַ ייִד איז אַ געזעץ, אָדער אַ ליבשאַפֿט?... און ער האָט געבעטן דעם מיניסטער, אַז מען זאָל באַשטעטיקן די נײַע דערלויבענישן — און מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער זענען אָנגעקומען די דערלויבענישן צו פֿאַרקויפֿן פּאַפּיראָסן.

אַפֿילו אין דער צײַט פֿון דער מלחמה, ווען די דײַטשן זענען שוין געווען די באַזעצאַטים פֿון פּוילן און די נאַציס האָבן געטאָן אין סטאָק, דאָס וואָס זיי האָבן געוואָלט —פּונקט ווי אין אַנדערע ייִדישע שטעט און שטעטלעך— זענען איין מאָל אין אַ טאָג געקומען צוויי דײַטשן צו אונדז אין שטוב. ווען די ייִדן פֿון אַלט־סטאָק האָבן זיי דערזען, זענען זיי אַרויס צום סוף פֿון דער גאַס. דאָרטן האָבן גע־וווינט כײַטשע שטולוואַרק און יאַנקל דוד מיט זייע־רע משפּחות און די דײַטשן האָבן בײַ זיי געפֿרעגט, וווּ עס געפֿינט זיך דער סאָלטיס? איך האָב געזאָגט צו מײַן פֿאָטער, אַז מיר זאָלן פֿרעגן בײַ די נאַציס וואָס זיי ווילן. מײַן פֿאָטער האָט געטראָגן זײַן עכט ייִדישע באָרד און מיר זענען צוגעגאַנגען צו די נאַציס און זיי געפֿרעגט וואָס זיי ווילן — און מײַן פֿאָטער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז ער איז דער גע־וועזענער סאָלטיס; זיי האָבן אונדז געפֿרעגט צי מיר זענען ייִדן און מיר האָבן פֿאַרשטענדלעך געענט־פֿערט אַז יאָ. און איינער פֿון זיי האָט צו אונדז גע־זאָגט, אַז זיי דאַרפֿן האָבן ביז מאָרגן אין דער פֿרי פֿערציק פֿערד מיט וועגענער. איך בין גלײַך אַוועק צו די קריסטן און האָב זיי געמאָלדן, אַז די דײַטשן האָבן געזאָגט, אַז זיי דאַרפֿן פֿערציק פֿערד און ווע־גענער, ווײַל אויב נישט וועלן זיי פֿאַרברענען דאָס דאָרף — און די גויים האָבן מורא געקריגן און האָבן שנעל צוגעשטעלט די געפֿאָדערטע צאָל פֿערד און וועגענער. מען האָט זיי אַוועקגעפֿירט קיין סאַ־דאָווניע. בײַנאַכט האָבן זיי געשיקט אין קלויס־טער און די פֿערד האָט מען בײַ זיי צוגענומען. ווען איך האָב זיך דערפֿון דערוווּסט, בין איך אַנטלאָפֿן פֿון שטוב, ווײַל איך האָב מורא געהאַט פֿאַר דער נקמה פֿון די גויים — ווײַל בײַ אַ גוי איז אַ פֿערד דאָס לעבן.

שפּעטער איז געקומען אַ מעלדונג, אַז דער סאָלטיס זאָל קומען אויף אַ זיצונג פֿון דעם קרײַז־ראַט קיין ווענגראָוו. מײַן פֿאָטער האָט נישט גע־האַט קיין אַנדער ברירה און איז אַוועקגעפֿאָרן קיין ווענגראָוו, וווּ עס זענען שוין געווען אַלע אינטענ־דענטן פֿון ווענגראָווער פּאָוויאַט. דער דײַטשער אָנ־פֿירער האָט באַגריסט דעם קרײַז־ראַט און האָט זיי געזאָגט: איצט מוזט איר זײַן טרײַ צו אונדז און יעדער פֿון די פֿאַרזאַמלטע זאָל זיך אַרויסזאָגן וואָס ער בעט און וואָס ער פֿאָדערט. מײַן פֿאָטער איז דאַן אויפֿגעשטאַנען און געזאָגט, אַז ער איז אַ ייִד און איבער אַכצן יאָר ווי ער איז געווען בײַ דעם אַמט און ער פֿאָדערט גלײַכהייט און רעכט פֿאַר דער ייִדישער באַפֿעלקערונג און שוץ פֿאַר די אײַנוווי־נער פֿון סטאָק. די ייִדישע אײַנוווינער פֿון סטאָק וועלן דערפֿילן אַלע זייערע פֿליכטן און צאָלן די שטײַערן פֿאַר די דײַטשן, אָבער זיי בעטן אַז די קלייטן זאָלן בלײַבן אָפֿן און דער האַנדל זאָל נישט זײַן באַגרענעצט.

דער דײַטשער אָנפֿירער האָט דאָס אַלץ אויסגע־הערט און פֿאַרצייכנט און בײַם סוף איז ער אויפֿ־געשטאַנען און געענטפֿערט צו אַלעמען:

— זאָגט דעם ייִדישן סאָלטיס פֿון סטאָק, ווי קומט דאָס אַ ייִד אין אַ קרײַז־ראַט? בײַ אונדז קאָ־נען נישט זײַן קיין ייִדן אין די ראַטן. און וואָס איז זײַן מיסיע?

ווען דער פֿאָטער האָט אים געזאָגט, אַז שוין זעקס מאָל ווי ער ווערט אויסגעוויילט אויף דעם זעלביקן אַמט, האָט דער דײַטשער פֿירער געשמיי־כלט — און ער האָט אים געהייסן אָפּפֿירן אַהיים קיין סטאָק.

עס איז שוין געווען נאָך 12 אַזייגער בײַנאַכט, ווען דער פֿאָטער איז געקומען און אונדז אַלץ דער־ציילט — און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפֿן. אָבער נאָך דרײַ אַזייגער האָבן מיר דערהערט קלעפּ אין טיר. מיר האָבן געפֿרעגט ווער דאָס איז, האָבן מיר געהערט אַ פּוילישע שטימע: מאַכט מיר אויף! ווען מיר האָבן אויפֿגעמאַכט, איז אַרײַן אין שטוב אַ קריסט וואָס האָט געהייסן סאַבאַצינסקי. ער האָט געוווינט אונטערן צמענטאַרזש, אין דעם פּלאַץ וואָס מען האָט גערופֿן „מאָנאָפּאָל” (ווײַל דאָרטן האָט מען אין די אַמאָליקע צײַטן אויסגעאַרבעט בראָנפֿן). דער דאָזיקער סאַבאַצינסקי איז געווען אַ קליינער פּריץ — און האָט געלעבט מיט אונדז זייער גוט; איך פֿלעג אים טראָגן צעטלען פֿון דער געמי־נע אויף צו צאָלן שטײַערן און ער פֿלעגט בײַ אונדז קויפֿן פֿיש. ער האָט געוווינט אין אַ קליינעם פּאַ־לאַץ, וואָס איז געווען פֿול מיטביימער און בײַ אים האָבן די דײַטשן געמאַכט דעם שטאַב אין דער צײַט פֿון דער מלחמה.

ער איז געקומען אונדז אָנזאָגן די „בשורה”, אַז ער האָט געהערט ווי די דײַטשן רעדן וועגן ייִדישן

סאָלטיס; ער האָט אויך געהערט בײַנאַכט טעלעפאָנישע געשפּרעכן און ער גלויבט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן אונדז און ער האָט געראָטן דעם פאָטער, אַז ער זאָל זיך שוין אָפּטראָגן פון שטוב, ווײַל ער גלויבט, אַז אין דער פרי וועלן די דײַטשן קומען צו אונדז אין וווינונג צו פאַרנעמען מײַן פאָטער. ער האָט, זעט אויס, זיך נאָך געפונען אַ גוטער גוי — און נאָך דעם ווי ער האָט דאָס אונדז איבערגעגעבן, איז ער אַוועק.

און אַזוי איז עס טאַקע געווען. באַלד אין דער פרי איז צוגעקומען צו אונדזער וווינונג אַ שוואַרצער אויטאָמאָביל, פון וועלכן עס זענען אַרויס צוויי דײַטשן און זענען אַרײַן צו אונדז אין וווינונג און זיך געפרעגט צי דאָ וווינט דער סאָלטיס ווישניעווסקי, האָבן מיר, פאַרשטייט זיך, געענטפערט אַז יאָ — און די דײַטשן האָבן אים געוואָלט נעמען מיט זיך. אָבער דער פאָטער איז שוין דאַן געווען באַהאַלטן ערגעצווו ווײַט פון סטאָק און מיר האָבן געענטפערט, אַז דער פאָטער איז אַוועק, האָבן זיי דאַן פאַרנומען די מוטער און געזאָגט, אַז זיי וועלן באַפרײַען די מוטער, אויב מען וועט זיי ברענגען צען טויזנט מאַרק, אָדער דעם פאָטער. און ווו האָבן מיר געקאָנט באַקומען צען טויזנט מאַרק? אָבער די בויט ברעכט אײַזן און מיר האָבן געשאַפן די דאָזיקע צען טויזנט מאַרק און מײַן ברודער מאָטל האָט דאָס געלט אַוועקגעפירט אין דעם שטײַערן־אַמט קיין ווענגראָוו. דער פוילישער אינספעקטאָר האָט זיך געפרעגט אויפן פאָטער און וועגן דעם ווו מיר האָבן גענומען דאָס געלט? ער האָט דאָס געלט צוגענומען און געהייסן מאָטלען אַוועקפאָרן און אים פאַרזיכערט, אַז מײַן פאָטער קאָן צוריקקומען און אַז מען וועט מײַן מוטער גאָרנישט טאָן.

ווען איך האָב שפּעטער געאַרבעט בײַם פריץ טאַרניצקי, האָט ער מיר געזאָגט, אַז מײַן פאָטער האָט געהאַט מזל, ווײַל די דײַטשן וואָלטן אים פאַרשלעפּט אין לאַגער (וואָס עס איז אין יענער צײַט געווען פון די ערגסטע זאַכן — כאָטש שפּעטער זענען געקומען נאָך אַ סך ערגערע זאַכן).

מיט אַ וואָך שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ צעטל אַז מיר זאָלן זיך צושטעלן שנעל קיין ווענגראָוו. ווען מײַן ברודער מאָטל איז געקומען אַהין האָט אים דער פוילישער אינספעקטאָר צוריקגעגעבן 3.500 מאַרק און אים איבערגעגעבן אַ גרוס פאַר מײַן פאָטער, זאָגנדיק צום ברודער, אַז ער זאָל פאָרן אַהיים. ער האָט אים דערבײַ דערציילט, אַז ער האָט געבעטן בײַ די דײַטשן, אַז מען זאָל אונדז צוריקגעבן אַ געוויסע סומע געלט, כדי מיר זאָלן האָבן פון וואָס צו לעבן און ער האָט דערבײַ צוגעגעבן: דײַן פאָטער האָט נישט געמאַכט קיין געלט פון זײַן פּאָסטן, אָבער ער האָט זיך געשאַפן אַ סך פרײַנטשאַפט און ליבשאַפט אין מאַגיסטראַט און מיר האָבן דאָס געזאָגט די דײַטשן און זיי האָבן געמאַכט אַן הנחה.

דער אינספעקטאָר האָט נישט געזאָגט קיין ליגן. מײַן פאָטער האָט שטענדיק געבאָרגט געלט, אָן ספּעציעלע באַצאָלונג פאַר דעם; ער איז געווען פול מיט ליבשאַפט צו אַנדערע און זיך באַמיט צו טאָן טובות, סײַ אַלס אינטענדענט און סײַ אַלס פּריוואַטער מענטש. ער האָט אַ סך מענטשן געראַטעוועט פון דער תפיסה און שטענדיק געווען אַ רודף שלום.

כבוד זײַן אָנדענק!



יצחק ראָזענבערג / (קאַנאַדע)

# לייבל ווישניעווסקי — איינער פון די ערשטע קרבנות

## (אַ בלעטל פון טרויעריקע זכרונות)

עס זענען שוין פאַרבײַ עטלעכע און דרײַסיק יאָר, זינט יענער טרויעריקער געשעעניש און זינט יענער צײַט, זענען שוין טײַכן ייִדיש בלוט פאַרגאָסן געוואָרן; און די טײַכן ייִדיש בלוט האָבן זיך געגאָסן אין געציילטע יאָרן זינט יענער טראַגישער פאַסירונג, און דאָך, מאַכט דאָס דעם אײַנדרוק גלײַך ווי יענץ פאַרגאָסן בלוט פון דעם איינציקן און ערשטן קרבן, וואָלט נישט געוואָלט זיך באַרויִקן אַפילו אין דעם אָנבליק פון די שפּעטערדיקע אַ סך מער און אַ סך גרעסערע קרבנות, וואָס זענען געווען די מאַרטירערשאַפט, נישט בלויז פון די ייִדן פון אונדזער שטאָט, נאָר פון אונדזער גאַנצן ייִדישן פאָלק.

און דאָס דאָזיקע בלוט רופט צו אַ באַזונדער דערמאָנונג און צו אַ באַזונדער „יזכור", ווײַל דאַן — אין יאָר 1937, האָט דער פאַרברעכערישער און זינלאָזער מאָרד פון אַן איינציקן יונגן ייִדן, „באַלויכטן" ווי מיט אַ בליץ, קלאָר און שאַרף (כאָטש אויף אַ קורצן מאָמענט), די סכנה וואָס עס שוועבט איבער יעדן איינעם פון אונדז און האָט אונדז געוויזן קלאָר, וואָס אַזוינס עס דערוואַרט ייִדן אין דעם אַמאָליקן —און צום באַדויערן אויך אין הײַנטיקן— פוילן.

עס איז דעמאָלט קלאָר געוואָרן פאַר אַלע ייִדן פון אונדזער שטעטל סטאָק, דער באַגריף, אַז ייִדיש בלוט און ייִדיש לעבן, איז אַ זאַך וואָס עס איז הפקר; און אָט דער דאָזיקער „באַגריף" איז שוין טיף אַרײַנגעדרונגען אין דעם באַוווּסטזײַן פון גאָר אַ גרויסן טייל פון דער פוילישער באַפעלקערונג און האָט אויך נישט אויסגעמיטן אַפילו אַזאַ קליין און פאַרהעלטנישמעסיק רויִקן פלאַץ ווי אונדזער שטעטל סטאָק און אומגעגנט, צוליב דער שווידערלעכער העצע פון די פוילישע אַנטיסעמיטן און היטלעריסטן (כאָטש זיי האָבן זיך נישט באַצייכנט מיט דעם דאָזיקן נאָמען) און זייער „טעטיקייט" איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער צושטימונג פון די הערשנדיקע קרײַזן פון לאַנד.

ווי עס וואָלט פאַסירט ערשט הײַנט, געדענק איך יענעם פרײַטיק פאַרנאַכט פון זומער 1937. ייִדן האָבן שוין געהאַלטן בײַם שליסן זייערע קראָמען, ווען אין דער ערב־שבתדיקער רויִקייט, האָט זיך אַרײַנגעריסן דער פאַרצווייפלטער געשריי פון לייבלס מאַמע, וואָס האָט געיאָמערט אין מיטן מאַרקפלאַץ: „ייִדן, העלפט! מײַן לייבל איז נישטאָ!" און ווי פאַרשטיינערט זענען מיר אַלע געבליבן שטיין ווי צוגעשמידט צו די פלעצער, נישט וויסנדיק וואָס אַזוינס מען קאָן טאָן — און יעדער איינער איז באַהערשט געוואָרן פון דעם זעלביקן געפיל און פאָרגעפיל, אַז עפּעס שרעקלעכס איז פאָרגעקומען.



לייבל ווישניעווסקי

אָנפירנדער חבר פון דער באָראָכאָוו־יוגנט

אָבער דער צושטאַנד פון פאַרגליווערונג האָט אָנגעהאַלטן בלויז אַ ווײַלע און גלײַך נאָך דעם האָט

כּמעט דאָס גאַנצע שטעטל זיך געלאָזט זוכן לײבלען. און עס שטײט נאָך פֿאַר מײַנע אויגן דאָס בילד, וואָס איך וועל קײן מאָל נישט פֿאַרגעסן, ווי יונג און אַלט, זענען געלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון זשעבזשעניץ, צו די „סטאַוון" (וואַסער־סאַזשלקעס), וווּ לײבל פֿלעגט אָפּקויפֿן די געכאַפּטע פֿיש בײַ די אָרטיקע פֿישערס און זײ שפּעטער פֿאַרקויפֿן אין שטעטל.

אַ מאָדנער און זעלטענער אָוונט איז דאָס געווען. נאָך אַ זוניקן און שטאַרק הײסן טאָג, האָבן זיך אויפֿן הימל באַוויזן שטאַרקע כמאַרעס. געגנוי אין



אויפֿן בית־עולם בעת ס'איז מספּיד דער חבר מרדכי מענדל נאָווענשטערן

דער צײַט ווען די ידיעה וועגן לײבלס פֿאַרשווינדן, איז אַזוי טראַגיש און האַרצרײַסנדיק אויסגעשריגן געוואָרן דורך זײַן מוטער, האָט די זון ווי אַ פֿאַרשעמטע זיך באַהאַלטן צווישן די וואָלקנס. דערנאָך זענען אײנצעלנע רעגן־טראָפּנס געפֿאַלן אַזוי לאַנגזאַם און שווער, ווי אײַנגעהאַלטענע וואַרעמע טרערן פֿון אַ מאַמען. אָבער ביסלעכווײַז האָט דער רעגן זיך כּסדר פֿאַרשטאַרקט און אָנגעהאַלטן דורך דער גאַנצער נאַכט, ווען די זוכעניש איז אָנגעגאַנגען און אין מאָמענט ווען מען האָט לײבלען געפֿונען אין דעם שבתדיקן באַגינען, אַ דערשטיקטן ליגנדיק אין „סטאַוו" אַ דערטרונקענער, האָט דער רעגן זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַן אמתע וואַסער־געיאָמער. און עס האָט אויסגעזען ווי די נאַטור אַלײן װײנט און קלאָגט איבער דעם זינלאָזן מאָרד.

ווי אַזוי מיר האָבן דאָס דורכגעלעבט און ווי אַזוי מיר האָבן אינערלעך רעאַגירט אויף דעם, איז שווער נאָך אַפֿילו הײַנט, נאָך אַזוי פֿיל יאָרן (און נאָך אַזוי פֿיל פֿאַרגאָסן ייִדיש בלוט איבער גאַנץ מזרח־אײראָפּע), שווער איבערצוגעבן. און נאָך ביז איצט קאָן איך נישט רעדן און נישט שרײַבן וועגן דעם אין אַ רויִקער פֿאָרם, אָן אַ טיפֿער פּסיכישער איבערלעבעניש; איך געדענק בלויז, ווי כּעס, פֿאַרצווייפֿלונג, נקמה־גרייטקייט און מאַכטלאָזיקייט, האָבן זיך געראַנגלט בײַ יעדן אײנעם פֿון אונדז און עס האָט זיך געצונדן און געלאָשן און געזוכט אַן אויסדרוק, וואָס מיר האָבן נישט געקאָנט געפֿינען. און דאָס וואָס עס האָט אַממערסטן אַלעמען געפּײַניקט איז געווען דאָס, וואָס מיר האָבן פֿאַר קײן פֿאַל נישט געוווּסט די סיבה פֿון דעם פּריצײַטיקן טויט פֿון לײבל ווישניעווסקי — און דעם פֿאַרוואָס, מען האָט גראָד אויסגעקליבן אים און נישט קײן אַנדערן — אַ זאַך וואָס קײנער פֿון אונדז ווײסט דאָס נישט ביזן הײַנטיקן טאָג, וואָס דאָס מײנט, אַז מען וועט דאָס שוין קײן מאָל נישט וויסן.

עס איז אָבער דעמאָלט בײַ אונדז אַלעמען געבוירן געוואָרן אַ נײַער גײַסט — אַ גײַסט פֿון רעוואָלט און קאַמפּס־גרייטקייט, וואָס האָט באַהערשט אַלע אָן אויסנאַם ייִדישע שיכטן בײַ אונדז אין סטאָק. און זײער אָפּט, ווען איך פֿאַרטראַכט זיך וועגן דעם פֿיבערהאַפֿטן צושטאַנד, וואָס עס האָט בײַ אונדז אָנגעהאַלטן אין יענע טעג, הויב איך אָן צו פֿאַרשטײן, ווי אַזוי עס איז מעגלעך, אַז אין באַשטימטע געשיכטלעכע פּעריאָדן, זאָלן פֿעלקער, קלײנע אין צאָל, אָדער קלײנע אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, זײַן אומשטאַנד צו באַאײַנפֿלוסן און אַפֿילו ענדערן דעם אויסזען פֿון דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. אַזעלכע זאַכן זענען געשען אין אַ רײ פֿאַלן פֿון דעם ייִדישן קאַמף מיט דער מעכטיקער רוימישער אימפּעריע, מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק; אַזוינס איז אויך געשען בעת דער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע, וועמענס קעמפֿער האָבן געזיגט בלויז מיט דער „מאַרסעליעזע" אויף די ליפּן און בעת דער רוסישער אָקטאָבער רעוואָלוציע, וואָס האָט געקעמפֿט קעגן צענדליקער אַרמייען און אַרויס די זיגערין — און דאָס זעלביקע איז אויך געשען בעת דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד,

ווו דער קאַמף האָט אָנגעהאַלטן אַ סך לענגער, ווי דאָס פֿאַרנעמען גאַנצע לענדער דורך די נאַציס.

עפּעס פֿון דעם דאָזיקן גײַסט, האָט זיך אויך געפֿילט אין דער לופֿט אין סטאָק, אין יענע טעג — און ספּעציעל אין דעם טאָג פֿון דער לוויה. עס זענען פֿאַרשוווּנדן אַלע מיינונגס פֿאַרשידנהײַטן; עס זענען אַוועק אַלע קעגנזעצלעכע פּאָליטישע אײַנשטעלונגען און מיר האָבן אַלע גוט געוווּסט, בײַ וועמען מען דאַרף מאָנען די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַר דעם פּריצײַטיקן און אומשולדיקן טויט פֿון אונדזער אַלעמענס באַליבטן לייבל ווישניעווסקי. און אַלע רעדנער איף דער לוויה, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך אַלע פּאָליטישע גרופּירונגען, האָבן דרייסט און מוטיק געלאָזט הערן דעם „איך באַשולדיק!" אויפֿן אַדרעס פֿון דער פּוילישער רעאַקציאָנערער רעגירונג, וואָס האָט געשאַפֿן דעם אַמביענט וואָס האָט דערמעגלעכט אַזעלכע מאָרדן. און אין אָנבליק פֿון לייבלס דערשטיקטן קערפּער, איז געבוירן געוואָרן די גרייטקייט צום אַנטי־פֿאַשיסטישן קאַמף און די פֿאַרשטענדעניש פֿון דעם עלטערן דור פֿאַר די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען צווישן דער יוגנט.

און זאָלן די דאָזיקע ווערטער פֿון דערמאָנונג צו זײַן אָנדענק, דינען ווי אַ פּאַראָל פֿון גרייטקייט צו באַקעמפֿן יעדן אויסדרוק פֿון פֿאַשיזם, רעאַקציע און אַנטיסעמיטיזם, אין יעדן פּלאַץ ווו זיי מערקן זיך — און אין אַלע פֿאָרמען, אָפֿענע אָדער פֿאַרשטעלטע, ווו זיי באַווײַזן זיך.



**משה ראָזען** (תל־אביב)

# ר׳ אברהם האָכבערג ז״ל

ר׳ אברהם האָכבערג איז געווען אַ למדן מיט חכמה און תבונה. אַ חסיד מיט מדות טובות. אַ מענטשן־פרײַנט מיט אהבת ישראל. אַן אײדעלער ייִד מיט פײַנער האַלטונג און גוטער באַנעמונג. קיין מאָל נישט אויפגעהויבן זײַן קול. שטענדיק מקיים געווען דעם „והוי מקבל את כל אדם בסבר פנים יפות״.

צו זײַנע שעורים זענען געקומען בעלי־בתים בני תורה און מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט זײַנע קלאָרע און דײַטלעכע הסברות פון די אויך שווערע שטעלן אין תלמוד מיט מפורשים. זײַנע צוהערער האָבן געהאַט אַ גײַסטיקן פאַרגעניגן, ווײַל „דברי חכמים בנחת נשמעים״ (קהלת ט׳).

אין שטעטל סטאָק איז קיין גרויסע ישיבה נישט געווען. דער בחור וואָס האָט געוואָלט לערנען, נפשו חשקה בתורה, האָט זיך גוט און ערנסט פאַרטראַכט אין דעם ר׳ נהוראי אומר הוי גולה למקום תורה ואל תאמר שהיא תבוא אחריך, איז ער געפאָרן אין דער פרעמד אין אַ ישיבה. אַהיימגעקומען צו זײַנע עלטערן און משפחה אויף די ימים טובים. אַמאָל אויך אויף שבת נחמו. ווען די ישיבה־בחורים זענען געווען אין דער היים, און נישט געקענט זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין אַ שווערע סוגיה, האָט מען זיך געוואָנדן צו ר׳ אברהם האָכבערג. ער האָט געזאָגט פשט אומעטום ווו מען האָט אים געפרעגט. דאָס שווערע און פאַרפלאָנטערטע איז געוואָרן קלאָר און פאַרשטענדלעך. מען האָט באַקומען דעם אײַנדרוק, אַז ער שווימט אין ים התלמוד.

ר׳ שמשון שוואַרצפאַרב (נתניה) האָט מיר דערציילט, מיט סאַטיספאַקציע, אַז ער זעלבסט איז געווען צווישן די דערמאָנטע ישיבה בחורים.

עס האָט אים אויך זייער אינטערעסירט צו וויסן און פאַרשטיין, פאַרשידענע דערשײַנונגען און וועלט־פּראָבלעמען. ער האָט זיי אַנאַליזירט מיט זײַן לאָגיש דענקען. זײַנע ידיעות אין ספרי מחקר האָט ער אויסגענוצט אויף מסביר זײַן דעם אמת פון דער אמונה בד׳ ובתורתו.

ער איז געווען אַן אָנגעזעענער סאָקאָלאָווער חסיד. גוט פאַרשטאַנען דעם מהות פון סאָקאָלאָוו־קאָצקער חסידות. ער פלעגט בײַ געלעגנהײַטן נאָכזאָגן רבישע תורות מיט חסידישער התלהבות. געווען אין דער חברה קדישא. מקיים געווען די מצווה פון חסד של אמת בשלימות און לשם שמים.

נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס ער איז געווען זייער פאַרנומען אין געשעפט בײַ דער פרנסה, און נישט ווייניקער פאַרנומען אין זײַן שטוב בײַם העלפן לייזן די קליינע און גרויסע פּראָבלעמען פון זײַן גרויסער פאַמיליע (11 קינדער געווען), דאָך האָט ער שטענדיק געהאַט פרײַע צײַט און געלט, צו העלפן ייִדן אין אַ שווערער לאַגע. זיך באַטייליקט אין זייער צער און געמאַכט אָנשטרענגונגען צו לינדערן זייער נויט. לויט די גמרא אין תענית י״א: „בזמן שהצבור שרוי בצער אל יאמר אדם אלך לבית ואוכל ואשתה ושלום עלי נפשי, אלא יצער עצמו עם הצבור״.



ר׳ אַברהם האַכבערג, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופן — אברהם שמעונס

ער האָט געגעבן צדקה און גמילת חסדים אָן פירסום. אויך מתן בסתר, ווען די באַדינגונגען בײַם איבערגעבן די הילף, האָבן עס דערמעגלעכט.

ר׳ אברהם האָכבערג איז געפאָרן קיין וואַרשע מיט יבלח״א ר׳ נח דענענבערג אין שתדלנות, לטובת דעם דאָקטער גאָנשער. דער ייִדישער דאָקטער אין שטעטל סטאָק איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף 3 יאָר תפיסה, פאַר מכלומרשט פאַראורזאַכן דעם טויט פון אַ פאַציענטין. דער סאָקאָלאָווער רבי זצ״ל האָט געהייסן ווענדן זיך צו דעפּוטאַט ווישליצקי, אים בעטן אינטערווענירן אין די געהעריקע אינסטאַנצן. ר׳ נח דענענבערג האָט דערציילט בעת איך האָב אים באַזוכט אין בני ברק, שבת פרי זענען זיי געקומען אין האַנדלס ביוראָ פון דעפּוטאַט ווישליצקי. געשטעלט זיך אין דער רייע, וואָס האָט שוין געציילט 40 פּערזאָן בערך און געוואַרט. ווען דער דעפּוטאַט ווישליצקי האָט זיך באַוויזן און זיי באַמערקט, האָט ער זאָפאָרט געשיקט אַרײַנבעטן די ערשטע אָט די צוויי ייִדן מיט די בערד אין לאַנגע זײַדענע בגדי שבת. ער האָט וואַרשײַנלעך פאַרשטאַנען, אַז אַזעלכע ייִדן קומען נישט שבת צוליב האַנדלס ענינים. זיי האָבן פאַר אים אויפגעוויקלט דעם גאַנצן פאַרלויף, צוו. אַנד׳ וועגן דעם שענדלעכן אַנטייל פון אַנטיסעמיטישן ווענגראָווער דאָקטער און אַנדערע. נאָכן אויסהערן, האָט דעפּוטאַט ווישליצקי, אין זייער אָנוועזנהײַט, פאַרבונדן זיך טעלעפאָניש מיטן וויצע מיניסטער פאַר יוסטיץ. די אינטערווענץ האָט געבראַכט דעם געווונטשענעם רעזולטאַט. די תפיסה איז פאַרביטן געוואָרן אויף אַ געלט־שטראָף, און די געלט־שטראָף האָט אײַנגעצאָלט די סטאָקער קהילה. אין 1922 זענען אויסגעמאָסטן געוואָרן די שטײַערן פאַר די יאָרן 1920־21 הימלשרײַענדיק הויך, ביז 5 פאַכיק.

די אַנטיסעמיטן פון אָרטיקן שטייערן אַמט האָבן אַזוי אַרום געוואָלט עקאָנאָמיש רויִנירן די ייִדישע סוחרים, קליין־הענד־לער און בעלי מלאכות. ר׳ אהרון פייערטאָג (באר שבע), דער פאָרזיצער פון דער סטאָקער ייִדישער קהילה אין די יאָרן 39־1936 גיט איבער: „ר׳ אברהם האָכבערג האָט גע־נומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַקציע צונישט מאַכן די רשעותדיקע פּלענער און אַנולירן די אכזריותדיקע אויסמעס־טונגען. די אויספאָרשונגס קאָמיסיע וואָס איז ספּעציעל צו דעם צוועק באַשטימט געוואָרן דורכן פּוילישן סיים, האָט אָפּגעשטעלט אין דער אַרבעט דרײַ באַאַמטע פון שטײַערן־אַמט. צווישן זיי דעם סעקוועסטראַטאָר מאַזורעק״.

ר׳ אברהם איז פאַרבעטן געוואָרן אַלס ראַטגעבער אויף זיצונגען אין דער ייִדישער קהילה, בײַם באַהאַנדלען דעם יערלעכן בודזשעט.

מען האָט געבראַכט פאַר אים סכסוכים צו אָנטשיידונג. די צדדים האָבן געגלויבט, אַז ר׳ אברהם האָכבערג מיט זײַן קלאָרן שכל וועט ריכטיק זען דעם ענין, מיט צדק און יושר באַווײַזן די גערעכטיקייט. ער איז אייניקע מאָל דעלעגירט געוואָרן פון ווענגראָווער פּאַוויאַט קיין וואַרשע אין שטײַערן קאַמער (איזבא סקאַרבאָווע).

פאַרשידענע שיכטן פון דער באַפעלקערונג אין סטאָק און אומגעגנט, די וועלכע זענען געקומען אין באַרירונג מיט ר׳ אברהם האָכבערג, האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט יראת הכבוד. האָבן דערקענט זײַנע גוטע מעלות, באַזונדערס זײַן גוט הארץ. אָט דאָס הארץ וואָס איז געווען אַזוי פּילבאַר אויף די ליידן פון אַנדערע, האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן אין ווײַטן, ווײַטן אוזבעקיסטאַן (כיווא). דאָרט האָט ר׳ אברהם האָכבערג אומגעקערט זײַן איידעלער נשמה דעם באַשע־פער ט״ז סיון תש״ג (1.6.1942) אין עלטער פון 53 יאָר. זײַן פרוי טויבע־רעלע, אַ פרומע איבערגעגעבענע פרוי און מוטער איז געשטאָרבן מיט 4 חדשים פריִער, אין אוזבעקיסטאַן, אין עלטער פון 51 יאָר.

און זאָל דאָ נאָך פאַרצייכנט ווערן לזכרון זײַנע קינ־דער. זײַן עלטסטער זון, מײַן שוואָגער, לייבל, איז אומגע־קומען אין פּינסק צוזאַמען מיט עטלעכע טויזנט ייִדן אין יוני 1942. זײַן פרוי, מײַן שוועסטער, מאַטל, פון דער היים ראַזען, אַן אינטעליגענטע איידעלע, בכבודיקע פרוי און איי־בערגעגעבענע מוטער, איז אומגעקומען אין דער גרויסער אַקציע אין פּינסק, אָקטאָבער 1942. צוזאַמען מיט די צוויי יונגעטשקע טעכטערלעך דאָבעלע, אין עלטער פון 3 יאָר און חיהלע אַ יאָר מיט 3 מאָנאַטן. חיים ישראל איז אומגעקומען אין לאַגער, קורץ פאַר דער באַפרײַונג אין 1944. שמואל־משה איז אומגעקומען אין ליטע. נישט באַקאַנט געוואָרן ווען, השם ינקום דמם. דוד איז געשטאָרבן אין אַרכאַנגעלסקער וועלדער אין עלטער פון 15 יאָר. מנחם־מענדל איז גע־שטאָרבן אין אוזבעקיסטאַן אין עלטער פון 10 יאָר.

ת. נ. צ. ב. ה.



דוד סטאָלאָוויטש / בוענאָס־איירעס

# משה ברוך קאַנטאָר — דער ווייכהאַרציקער ייִד, וואָס האָט זיך אַליין געשאָכטן

צום אָנדענק פון אַן ערלעכן פּאָלקסטימלעכן סטאָקער ייִד

עס איז מערסטנטייל אײַנגעפירט צו שרײַבן וועגן מענטשן און פּערזאָנען, וועלכע זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און זיי ווערן דערמאָנט און פאַראייביקט. איך אָבער, וועל אין מײַנע שורות אין ספר הזכרון פון די קדושי סטאָק, פּרווון פאַראייביקן דעם אָנדענק, נישט פון קיין געזעלשאַפטלעכן עסקן, נאָר פון אַ זייער טײַערן ערלעכן פּאָלקס־מענטשן, וועמענס נאָמען עס איז געווען משה ברוך קאַנטאָר ע״ה.

זײַן אָפּשטאַם איז געווען, ווי עס ווייסן אַלע סטאָקער, פון רבנישן יחוס פון ביידע צדדים: זײַן זיידע פון פאָטערס צד, איז געווען דער אַזוי גערופענער „זאַלעשינער רבי״ און אויך דער דאָרטיקער רב; זײַן פאָטער ר׳ שמואל האָט איבערגענומען דעם כסא הרבנות, נאָך דער פּטירה פון זײַן שווער, דעם אַלטן סטאָקער רב, ר׳ יהודה לייב אַלבערשטיין ז״ל.

איך געדענק נאָך די קרוינונג אַלס רב פון ר׳ שמואל קאַנטאָר, וואָס איז געווען אַ ביסל קאָמפּליצירט — ווי אין אַ סך שטעט און שטעטלעך פון דעם אַמאָליק חרוב־געוואָרענעם ייִדישן לעבן אין פּוילן. בײַם אויפנעמען אַ רב, פלעגן זיך שטענדיק שאַפן צוויי צדדים, פון „פּאַר״ און „קעגן״. דאָס זעלביקע איז אויך פאָרגעקומען אין אונדזער סטאָק און מיט דער באַטייליקונג פון אַ גרויסן טייל רבנים פון די שכנותדיקע שטעט, ווי: ווענגראָוו, יאַדאָווע, סטערדין, מאַלקין און סאַדאָוונע — און אויך פון זײַן פאָטער, דער זאַלעשינער רבי, וועלכע האָבן אָפּגעהאַלטן פילטעגיקע אסיפות און מיט לאַנגע דרשות געפּרוווט איבערצײַגן דעם צד שכנגד — איז זײַן פאָטער געוואָרן רב אין סטאָק. דער צווייטער זיידע, פון דער מוטערס צד, איז געווען, ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, דער זייער בכבודיקער אַלטער רב, וועמען דער גאַנצער סטאָקער שטעטלדיקער ישוב, האָט זייער שטאַרק געאַכטעט.

חתונה געהאַט, האָט משה ברוך מיט רחל זשולטע, די טאָכטער פון ר׳ משה מאַטעס דער שוחט, אַ ייִד אַ בן־תורה, אַן אַלעקסאַנדער חסיד און אַ בעל־מוסף אום ראש השנה און יום כיפּור אין שטיבל; זײַן שוויגער ברכה די שוחטקע, איז געווען שטאַרק באַרימט אין שטעטל מיט איר גוטסקייט און אַרבעט לטובת הכלל; זי האָט געהאַט אין זינען אַלע שטעטלדיקע חולאים און אָרעמע ייִדן און געשאַפן פאַר זיי געלט און דאָנערשטיק און פרײַטיק פלעגט זי זאַמלען פאַר זיי עסן לכבוד שבת.

אויסער זײַן זכות אבות, האָט משה ברוך אויך געהאַט יחוס עצמו. ער איז געווען פון מיטל־וווקס, אַ דיקלעכער מיט אַ בלאָנד בערדל, כמעט רויטלעך, פונקט ווי זײַן פאָטער שמואל. און איך געדענק אַ פאַל, ווען זײַן פאָטער ר׳ שמואל, נאָך איידער ער איז געוואָרן רב פון שטעטל, איז געפאָרן פון וואַרשע קיין סטאָק — און דאָס איז געווען אין דער צײַט פון די „פּאָזנאַנטשיקעס״ (פּוילישע זעלנער פון דער געגנט פון פּויזען, וואָס האָבן זיך ספּעציעל „אויסגעצייכנט״ מיט זייער אַנטיסעמיטיזם — און מיטן שנײַדן די בערד בײַ ייִדן), איז אָפּשטײַגנדיק פון דער באַן־סטאַנציע אין זשעלעניעץ (וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען סאַדאָוונע), זענען אים באַפאַלן אַ באַנדע „פּאָזנאַנטשיקעס״ מיט אַ ווילדן געשריי: „טאַ שליטשנאַ טשערוואָנאַ בראָדא״! (דאָס איז אַ פּרעכטיקע רויטע באָרד) און זיך באַלד געכאַפּט צו די מעסערס. ר׳ שמואל האָט נישט פאַרלוירן קיין צײַט און זיך שנעל באַפרײַט אויף כוח פון זייערע שמוציקע הענט און באַלד פאַרקאַטשעט די פּאָלעס און געמאַכט אַ ויברח אין וואַלד. די כוליגאַנעס זענען אים נאָכגעלאָפן, אים איז אָבער געלונגען צו פאַרשווינדן אין די טיפענישן פון וואַלד, וואָס האָט זיך געפונען נאָענט פון דער באַן־סטאַנציע

און די כוליגאַנעס זענען מיט חרפּה צוריק אַוועק און האָבן נישט באַוויזן צו דערפילן זייערע סאַדיסטישע פאַרגעניגנס. און קומענדיק אַהיים, אַ פאַרסאַפּעטער פון שרעק, זענען די איינציקע ווערטער וואָס ער האָט באַוויזן אַרויסצוזאָגן צום ערשטן, געווען: „איך האָב אָפּגעראַטעוועט מײַן באָרד!”.

משה־ברוך האָט געטראָגן אַ לאַנגע קאַפּאָטע, מיט אַ קײַלעכיק היטעלע, כאָטש ער האָט שוין געשטרעבט צו אַ מאָדערן וועלטלעך לעבן, אָבער געפינענדיק זיך אין אַ סביבה פון שטרענג רעליגיעזע, האָט ער געמוזט מיטמאַכן אויסערלעך, דאָס פון וועלכן ער איז שוין געווען פרײַ אינערלעך.

איך האָב אים געקענט פון דער נאָענט. ער איז געווען מײַנער אַ שכן און איך פלעג מיט אים שמועסן שעהן לאַנג איבער פאַרשידענע טעמעס און ער האָט פאַרמאָגט זייער אַ סך וויסן, אויסער תורה און תלמוד, וואָס ער האָט געירשנט פון זײַן טאַטנס הויז, האָט ער אַ סך געלייענט ביכער: בעלעטריסטיק, סאָציאָלאָגיע, נאַטור־וויסנשאַפט — און אַלץ וואָס עס האָט געהאַט אַ שײַכות צו ליטעראַטור און צו וויסנשאַפט, איז בײַ אים געווען אַן אַנטיק. אויך טאָג־צײַטונגען וואָס פלעגן אָנקומען קיין סטאָק, ווי „הײַנט”, „מאָמענט”, „פאָלקס - צײַטונג”, „עקספּרעס”, „דער ייד” א״אַ אין סטאָק פלעגט זייער אָפט פאָרקומען אַ לויפעניש מיט דעם בײַטן די צײַטונג; אײנער פלעגט איבערלייענען דעם „הײַנט” און גלײַך געלאָפן בײַטן זיך מיט אַ צווייטן אויף דער „פאָלקס צײַטונג” אָדער „מאָמענט” א״אַ און משה־ברוך איז געווען איינער פון די דאָזיקע לויפערס.

איך דערמאָן זיך אין אַ פאַל, אַז איין מאָל אין אַ פּראָסטיקן אָוונט, איז זײַן פרוי רחל אַרײַנגעקומען צו מיר און מיך געפרעגט, צי האָב איך נישט געזען משהן (זי האָט אים גערופן בײַ דעם ערשטן נאָמען). זאָגנדיק, אַז עס איז שוין מער ווי אַ שעה, ווי משה איז אַרויס פון שטוב נישט זאָגנדיק וווהין ער גייט. איך האָב געפרעגט רחלען, צי דער שליסל פון „בית־שימוש” איז פאַראַן אין שטוב, ווײַל איך האָב באַמערקט אין זײַן האַנט אַ שליסל, האָט זי מיר געענטפערט, אַז דער שליסל פעלט. מיר זענען דאַן אַוועק דאָרט אַהין און אים געטראָפן מיט אַ ברענענדיק ליכט און ער האָט שוין באַלד געהאַט פאַרענדיקט אַ דיק בוך... ער איז געווען אַ שנעלער לייענער און נישט האָבנדיק קיין צײַט בײַטאָג, האָט ער אויסגענוצט די דאָזיקע געלעגנהייט...

פון דער נאַטור איז ער געווען זייער אַ גוטער; זײַן פּנים איז שטענדיק געווען מיט אַ שמייכל און כאָטש ער האָט געהאַט זייער אַ סך דאגות, האָט מען אים שטענדיק געקאָנט טרעפן זינגענדיק אַ פאָלקסלידל, אָדער אַ חסידישן ניגון. ער איז געווען אַ ציוניסט און געחלומט וועגן עולה זײַן קיין ארץ־ישראל — און ער פלעגט זיך פון צײַט צו צײַט אַרײַנכאַפּן אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף אַ געוויסער אונטערנעמונג.

נאָך זײַן חתונה מיט רחלען, האָט זײַן שווער משה מאַטעס שוחט, אים גענומען לערנען שחיטה און מילה, אָבער נאָך עטלעכע וואָכן לערנען זיך, האָט ער געמוזט איבעררײַסן, ווײַל זײַן האַרץ איז געווען צו ווייך פאַר אַזאַ אַרבעט. און דאָס איז געווען נאָך דעם ווען אַ יידענע האָט געבראַכט אַ הינדל צו שעכטן און משה־ברוך האָט דאָס געשאָכטן, אָבער בײַם אַוועקוואַרפן דאָס האָט דאָס הינדל „מחיה מתים” געווען און געלאָפן מיט אַ פאַרבלוטיקט העלדזל... מען האָט עס געכאַפּט און משה מאַטעס האָט דערקלערט, אַז דאָס הינדל איז נישט דערשאָכטן און לויטן דין איז דאָס נישט כשר צום עסן און דער שוחט האָט געמוזט באַצאָלן פאַרן הינדל.

נאָך דעם פאַל, האָט משה־ברוך איבערגעריסן מיט דער שחיטה און געעפנט אַ שפּײַז־קרעמל, וואָס מען האָט אָנגערופן „די בודקע” און געווען בײַ דעם פאַרנומען פון אין דער פרי ביז שפּעט בײַנאַכט און אַזעלכע קרעמלעך זענען געווען אַ סך אין סטאָק און מען האָט דאָרטן געמוזט זיצן און וואַרטן אויפן קונה.

ווי זינגט זיך דאָרטן אין דעם פאָלקס־לידל:

„עס זיצט זיך אַ קרעמער אין קרעמל,<br>
דער הונדערטסטער קרעמער אין שטאָט.<br>
ער זיצט און וואַרט אויף אַ קונה,<br>
אַ קונה ווי אַן אַרבעס די גרויס”.

איך בין בײַגעווען אין קרעמל, ווען עס איז אַרײַנגעקומען אַ „קונה”, טאַקע ווי אַן אַרבעס די גרויס, אַ קינד פון דרײַ אָדער פיר יאָר און געבעטן פאַר צוויי גראָשן הערינג, פאַר צוויי גראָשן שוועבעלעך און פאַר אַ גראָשן נאָדלען — און די מאַמע האָט אויך געבעטן, אַז מען זאָל איר צוגעבן עטלעכע באַבסקע בלעטלעך...

משה־ברוך איז געגאַנגען כמעט אַלע טעג מיט די זעקלעך איינצוקויפן די שפּייז־פּראָדוקטן, ווי צוקער, רייז און אַנדערע זאַכן, ביים הורט־סוחר אברהם־יאַנקל מאַלצמאַן — און אין איין וועגס פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אויף דער „פּאָליטישער בערזע". אויף צו דערוויסן זיך די נייעס פון לאַנד אָדער אויסלענדישע פּאָליטישע נייעס. דער פּלאַץ פון דער „פּאָליטישער בערזע" איז געווען אין ציגאַרן־געשעפט פון די ברידער משה און חיים־נתן גאַלאַנט (משה, אַ לעבן־געבליבענער פון דער שארית הפליטה, לעבט היינט אין ישראל צוזאַמען מיט זיין משפחה); אין דער דאָזיקער „בערזע" פלעגן זיך צוזאַמענקומען די „שטאָט־פּאָליטיקער" מרדכי־מענדל נאָווענשטערן, אברהם אלי זשעלעניעץ, אלי גאָלדפאַרב (לעבט היינט אין ישראל מיט זיין משפחה) און אַ ריי אַנדערע. משה ברוך האָט אַ סך מאָל זיך פאַררעדנדיק וועגן פּאָליטיק, זיך פאַרגעסן אין די פּראָדוקטן אין האַנט און אין זיינע קונים — און רחל האָט געמוזט שיקן נאָך אים אַ שליח און ער פלעגט שנעל, מיט צעשפּריי־טע פּאָלעס אַוועק אַהיים, דאָס ווייב פלעגט זיך אויף אים אָנבייזערן און ער פלעגט איר פאַרדרוס אויפנעמען מיט אַ שמייכל און זיך פאַרענטפערט מיט אַ וועלט־נייעס, מיט וועלכן רחל האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט.

ווי איך האָב פריער דערמאָנט, האָט משה־ברוך געמוזט איבעררייסן דאָס לערנען שחיטה, צוליב זיין „רך לבבות" (ווייכהאַרציקייט), אָבער צום גרויסן באַדויערן, האָט ער פאַרענדיקט זיין לעבן, ווי אַ שוחט איבער זיך אַליין.

ווי עס האָבן איבערגעגעבן לעבנסגעבליבענע עדות וואָס האָבן זיך געפונען צוזאַמען מיט אים אין דעם טרויעריק־באַרימטן טויטן־לאַגער טרעבלינקע, וואָס עס זענען די ברידער טשעכאָנאָוויעצקי, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט, ווייל זיי זענען אַנטלאָפן פון דעם לאַגער, בעת דעם אויפשטאַנד, ווען דער לאַגער איז געוואָרן אונטערגעצונדן און זיי צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע זענען אַוועק אין די אַרומיקע וועלדער און זיך דאָרטן אויסבאַהאַלטן ביז צו דער באַפרייונג און געפינען זיך היינט אין בוענאָס־איירעס — ווי זיי האָבן דערציילט, איז משה־ברוך אין דעם לאַגער שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ טרויעריקער און פאַרצווייפלטער; דער שטענדיקער שמייכל איז פאַרשוואונדן פון זיין פנים; ער האָט נישט געקאָנט אַריבערטראָגן זיין אייגענעם ווייטיק און צער, וואָס איז געווען דער ווייטיק און צער פון דעם גאַנצן יידנטום. און אין אַ געוויסן טאָג, האָט ער מיט אַ טאַשן־מעסערל זיך איבערגעשניטן דעם האַלדז און איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט און אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה.

קענענדיק פערזענלעך זיין כאַראַקטער, גלויב איך אַז ער האָט דאָס געטאָן, כדי מיט זיין טאַט —מיט זיין ברענגען זיך אַליין אַלס קרבן— האָט ער געוואָלט אַרויסרופן אַן אויסערלעכן פּראָטעסט; פּונקט ווי עס האָבן דאָס אין יענער צייט געטאָן אַ ריי אַנדערע פערזענלעכקייטן און קדושים; ווי דער פּרעזעס פון דער וואַרשעווער קהילה, אינזשעניער אַדאַם טשערניאַקאָוו און דער פאָרשטייער פון יידנטום אין דער גלות־רעגירונג פון פּוילן אין לאָנדאָן — אַרטור זיגעלבוים. זיי האָבן זיך געברענגט אַלס קרבנות, כדי אויפצורודערן די וועלט, אויף צו שטעלן זיך אין קאַמף אויף אָפּצושטעלן די פאַרניכטונג פון פּוילישן יידנטום. אָבער צום באַדויערן איז די גרויסע וועלט געווען טויב — און מיר האָבן פאַרלוירן מער ווי אַ דריטל פון אונדזער יידנטום. און נאָך היינט צו טאָג, לויערן אויף אונדז יידן און אויף אונדזער יידישער מדינה אַ סך מערדערישע עלעמענטן, אָבער מיר וועלן זיי זיכער מנצח זיין!

איך האָב אויף מיין באַשיידענעם שטייגער, נישט געמאָלן, נאָר איבערגעגעבן אַ פּאָרטרעט פון אַן ערלעכן יידישן פאָלקס־מענטש, וואָס האָט געלעבט אין אונדזער פאַרניכטעט געוואָרענעם שטעטל — און צוזאַמען מיט דעם שטעטל אומגעקומען.

כדי אים צו פאַראייביקן —און אויך אַ סך אַנדערע ווי ער— איז דער ציל פון דאָזיקן יזכור־בוך. איז לאָמיר באַערן דעם אָנדענק פון קדוש משה ברוך קאַנטאָר און ערע דעם אָנדענק פון אַלע אונדזערע קדושים!

לאָמיר שטענדיק געדענקען און קיין מאָל נישט מוחל זיין!

**יחיאל נאָוועשנטערן** / ישראל

# מרדכי־מענדל נאָווענשטערן

שווער, זייער שווער צו שרײַבן וועגן אַ מענטשן, וואָס איז דיר אַזוי נאָענט און טײַער און אַזוי ליב; עס איז שווער צו שרײַבן וועגן אַ פּערזאָן, מיט וועמען דו האָסט פאַרבראַכט יעדן טאָג — און האָסט געהערט זײַן שטענדיקן זיפץ, זײַן שטענדיקע זאָרג פאַר זײַן משפּחה, ווי אויך זײַן שטענדיק ליד דאָס ליד פון איינזאַמקייט, אין וועמענס מאָטיוו עס איז געלעגן די ייִדישע טראַגעדיע, דער ייִדישער גלות און די ייִדישע ליידן און בענקשאַפטן.



מרדכי מענדל נאָווענשטערן
איינער פון די אַקטיווע פירערס
אין סטאָק

עס איז מיר שווער צו געבן אַ כאַראַקטעריסטיק פון אָט דעם אַזוי נאָענטן ברודער מײַנעם — און עס איז פאַראַן אַ געפאַר פון סוביעקטיוויטעט, צוליב דער שטאַרקער ליבשאַפט און פאַרערונג וואָס איך האָב צו אים שטענדיק געפילט. און איך האָב זייער מורא, אַז איך קאָן נאָך חלילה נכשל ווערן מיטן אונטערשאַצן זײַן גרויסקייט, צוליב דער צופיל נאָענטקייט צו אים. און אַפילו צו שרײַבן די ביאָגראַפישע דאַטעס זײַנע, קומט מיר אָן שווער און איך שטיץ דאָס אין גרעסטן טייל בלויז אויף אייגענע זכרונות.

איך גלייב אָבער, אַז אין אַ בוך אָדער ספר אין וועלכן עס ווערט דערמאָנט אונדזער שטעטל סטאָק —און נאָך מער די קדושי סטאָק—, טאָר זיכער זײַן הייליקער נאָמען נישט פעלן און איך וועל מיך באַמיִען דאָס צו מאַכן אויף דעם בעסטן אופן, לויט מײַנע באַשיידענע מעגלעכקייטן.

*
* *

מרדכי־מענדל איז געבוירן געוואָרן אין אַ העכסט פרומער חסידישער משפּחה. דער טאַטע אונדזערער ר׳ משה ז״ל, איז געווען פון די שיינע און גרויסע אַלעקסאַנדער חסידים — און איינער פון די גרעסטע למדנים אין שטעטל. זײַן זון מרדכי־מענדל, האָט ער געגעבן די נאָרמאַלע ייִדישע דערציִונג פון חדר, ישיבה און שפּעטער לערנט ער אין אַלעקסאַנדער שטיבל. ווען ער ווערט אַלט 13 יאָר, שטאַרבט אונדזער פאָטער און עס בלײַבט אַ שטוב מיט קליינע קינדער, כמעט אויף הפקר; עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זאָרגן פאַר זייער דערציִונג און אַוודאי נישט וועגן דער פּרנסה. און נישט געקוקט אויף דעם וואָס מרדכי־מענדל איז בלויז אַלט 13 יאָר, נעמט ער איבער צו פירן דאָס געשעפט, וואָס עס איז געבליבן נאָכן פאָטער, כדי צו קאָנען באַזאָרגן די משפּחה.

שווער, זייער שווער איז אים געווען צו שטעלן זײַנע ערשטע טריט פון חסידים־שטיבל, אין אַ נײַער וועלט פון מסחר, בפרט ווען ער איז געווען אַליין אין דעם קאַמף און עס איז נישטאָ קיינער, וואָס זאָל געבן דעם יונגן בחור אַן עצה און אים אָנווײַזן ווי אַזוי צו גיין אין דעם שווערן לעבנסוועג. ער איז אָבער פון זײַנע פריסטע יאָרן געווען אַ בונטאַר און פון דער נאַטור אַן אימפּולסיווער, האָט ער באַוויזן דורכצומאַכן דעם שווערן לעבנסשטייגער; ער האָט איבער זײַנע קינדערישע כוחות געפירט דעם שווערן פּרנסה־קאַמף, בכדי צו קאָנען געבן פּרנסה דער משפּחה מיט כבוד. און דווקא אין יענע שווערע טעג, ווען ער איז געווען פאַרנומען

מיטן עול־הפּרנסה, האָט ער בשום אופן נישט געקענט פאַרגעסן די אַלגעמיינע טראַגעדיע פון ייִדישן פאָלק און די גרויסע בענקשאַפט פון דעם ייִדישן פאָלק נאָך זײַן היים — צו ארץ ישראל.

אין יענע טעג, ווען אין שטעטל האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן נײַע ווינטן און צווישן זיי אויך די ווינטן פון דעם ציוניזם; ווען דער ציוניסטישער געדאַנק האָט אויך אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען קיין סטאָק און בעיקר צווישן די בית־המדרש־בחורים, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו גלויבן אין דעם, אַז אַלע אָנגעווייטיקטע פּראָבלעמען פון ייִדישן פאָלק, וועלן געלייזט ווערן נאָר דורך דעם ציוניזם. אָט זען דעם נײַעם „משיח" פאַר דעם ייִדישן פאָלק, וואָס וועט באַפרײַען דאָס פאָלק פון דעם לאַנגן גלות־וועג.

דאָס שאַרפע פאַרקערעווען זיך אויף אַ נײַעם ברייטן וועג, איז געווען בײַ אים פאַרבונדן מיט זייער גרויסע שוועריקייטן, ווײַל די נײַע נאַציאָנאַלע און אויך סאָציאַלע אידייען, וואָס מרדכי־מענדל האָט אויפגענומען און געפּריידיקט צווישן דער סטאָקער ייִדישער יוגנט, האָט אים אַוועקגעשטעלט אונטערן צייכן פון אומאויפהערלעכע פאַרפאָלגונגען מצד די גרעסטע מערהייט פון די פרומע און פאַנאַטישע ייִדן פון דעם שטעטל, וועלכע האָבן זיך



„ועד החלוץ" אין סטאָק

פון רעכטס צו לינקס: שמחה לאַנדע, מרדכי מענדל נאָווענשטערן, טוביה פרידמאַן און אברהם טאָשער

דער גרויסער גלויבן, האָט זיך אויך אַרײַנגעריסן אין דעם יונגן מוח פון מרדכי מענדלען, וואָס הויבט אָן צו זען אין דעם ציוניזם, זײַן לעבנס־וועג און דעם וועג פון ייִדישן פאָלק צו זײַן היים — צו ארץ־ישראל.

אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, האָט זיך אָנגעהויבן דער באַגינען פון זײַן לעבן. דאָ האָט ער געשטעלט זײַנע ערשטע טריט אויפן וועג פון גײַסטיקן איבערברוך, פון איבעררײַסן מיט דער אַלטער מיסטיק פון דורות, אײַנגעהילטע טראַדיציעס, דורכגעזאַפּטע מיט אמונה און גלויבן און פון וואַרטן אויפן משיח; ער האָט אין דעם ציוניזם געקעגנגעשטעלט מיט אַן אַבסאָלוטער קעגנערישקייט צו אַלץ וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם ציוניזם, ווײַל זיי האָבן אין ציוניזם געזען אַ געפערלעכן שונא, וואָס וועט מיט דער צײַט אונטערגראָבן די יסודות, אויף וועלכע עס האָט זיך באַזירט די ייִדישע טראַדיציע און דערציִונג אין פאַרלויף פון דור־דורות. פון דער צווייטער זײַט, האָט ער געהאַט אויסצושטיין אַ שווערן קאַמף, מצד דעם צווייטן עקסטרעם פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט אין שטעטל — פון די לינקע גרופּירונגען פון שטעטל, וועלכע האָבן אים באַטראַכט פאַר אַ פאַרביסענעם נאַציאָנאַליסט און קליינבירגער.

און קעגן זיי אַלע, האָט זיך געשטעלט דער אינטעליגענט מיט דער „ה״ הידיעה, בראש פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע בכלל און בפרט פון דער ליגע פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל, ווו ער, אַלס טאַלאַנטירטער רעדנער, האָט אויסגעאיבט זײַן גרויסע השפעה אויפן גײַסטיקן, קולטורעלן און אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן פון דער באַוועגונג. נישט געווען קיין שום געזעלשאַפטלעכע אַרבעט אין שטעטל, וואָס זאָל נישט זײַן פאַרבונדן מיטן נאָמען און מיט די טעטיקייטן פון מרדכי־מענדלען. אַזוי בײַם שאַפן די ציוניסטישע ביבליאָטעק, ווי אויך בײַם שאַפן די פּועלי־ציון, (פאַראייניקט מיט צ. ס.), אומעטום איז ער געשטאַנען בראָש און מיטן גאַנצן ברען פון זײַן פײַערדיקער נשמה, האָט ער געקעמפט סײַ קעגן די יעניקע וועלכע האָבן אונטערן מאַנטל פון טראַדיציע און רעליגיע, געוואָלט אָפּהאַלטן די יוגנט פון זייער וועג און סײַ קעגן די יעניקע, וועלכע האָבן דאָס געוואָלט טאָן אונטערן נאָמען פון רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן.

מיט זײַן גאַנצן כוח און איבערגעגעבנקייט, האָט ער זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דער חלוצישער באַוועגונג אין סטאָק און איך געדענק נאָך דעם שווערן קאַמף וואָס ער האָט געפירט אין בית המדרש, בכדי מען זאָל לאָזן דאָרטן שאַפן געלט פאַרן קרן קימת לישראל און מען זאָל דאָרטן לאָזן רעדן אַ רעדנער פון ארץ־ישראל; איך געדענק נאָך אויך ווי אַ טייל פון די פרום־פאַנאַטישע ייִדן זענען איבערגעפאַלן אויף אַ ציוניסטישער פאַרזאַמלונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן בײַם „גרויסן יוסף״ אין שטוב, ווו מען האָט דורכגעפירט אַן אַקט לזכר הערצל און מען האָט מרדכי מענדלען געשלאָגן. דאָס אַלץ האָט אים אָבער נישט אָפּגעשראָקן, אויף צו זײַן דער מורה־דרך פון דער שטעטלדיקער יוגנט און זיי רופן און וועקן צום קאַמף פאַר דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג.

אויך אין זײַן פּריוואַטן לעבן און אין זײַנע באַציונגען מיט מענטשן און אין מסחר, איז ער געווען אַן אויפריכטיק ערלעכער מענטש, וואָס האָט נישט געוואָלט וויסן פון קיין שום שווינדל — און ועל כולם, האָט ער געהאַלטן פון דעם גרויסן מאָראַלישן כלל פון „בזעת אפיך תאכל לחם״.

ווען עס האָבן אַרײַנמאַרשירט די היטלעריסטישע באַנדעס אין שטעטל און האָבן דאָרטן געשאַפן אַ „יודענראַט״ מיט ייִדישער פּאָליציי, איז מרדכי־מענדל געוואָרן פאַרביטערט און זיך אָפּגעשלאָסן אין זײַנע ענגע ד׳ אמות און געגלויבט, אַז עס וועט זיך נאָך ווען עס איז אומקערן די צײַט, ווען ער וועט ווײַטער קאָנען דינען זײַן פאָלק — און די סטאָקער ייִדישע באַפעלקערונג.

לײדער איז די דאָזיקע שעה נישט געקומען, נישט פאַר די ייִדן פון שטעטל און אויך נישט פאַר אים — און אין די שוידערלעכע יוני־טעג, ווען די היטלער־באַנדעס, האָבן אָנגעהויבן צו כאַפּן ייִדן „צו דער אַרבעט״, פאַלט ער אויך אַרײַן אין די הענט פון דעם אכזריותדיקן מלאך המות, ווו צוליב זײַן שוואַכן פיזישן כוח, קאָן ער לאַנג נישט אויסהאַלטן דעם דאָזיקן גיהנום און דאָרטן, אויף דעם מזבח פון קידוש השם, האָט דער געטרײַער ייִדישער פאָלקס־זון, אויסגעהויכט זײַן טײַערע און ריינע נשמה און זײַן אייביקע רו, האָט ער געפונען צווישן דעם אַש פון זײַנע ברידער און שוועסטער.

אייביקע רו און כבוד זײַן אָנדענק!

# געזען מיט אויגן דורך סטאָקער ברילן

פון י. ריווקעס

## א מ א !

מוקדש לזכר אמנו, רבקה לנדה
(מבית בורשטין)

מאז יום אוקטובר ההוא של שנת 1939, את עומדת לנגד עיני בכל הדרך, טובך וצניעותך. מאותו יום שני של פרידתנו, עיני רואות אותך בכל דאגתך ואי השקט לגורל ילדיך. אני רואה את דמעותיך הניגרות על פניך בעת נשיקתי האחרונה. אני רואה אותך, אמא! כל אימת שאני רוצה בזה. אין די מילים לתאר את אוצמת הכח של הדמיון. מחשבה קלה — הנה את עומדת לידי. אני מרגיש את מציאותך, בבחינת רואה ואינה נראה.

א מ א ! אין מילים בשפת אנוש די בטוי גודל צער האדם שעמדה לו הזכות העצובה לעבור את החורבן האיום, את ימי המלחמה הקודרים. זעקות לב וקריצות שינים, רק בכוחן לבטא זאת, במילים אפשר רק לנסות להרגיע את הכאב. את זה אני מנסה לעשות בכתיבת שורות אלה.

הנה אני רואה אותך, אמא! דרך דוק הדמעות שבעיני, זוהרת ומחייכת, עיניך הפיקחות, הסוקרות וחובקות הכל, מביעות שביעת רצון, מסביבך ילדיך, הטף המשחק בחוסר דאגה, השבעים מלחמו של נתן האופה.

הנה אני רואה אותך יושבת על יד השלחן בלילות חורף הארוכים, רכונה על ספר ובעיני כאילו את בולעה את הדפים. הנה את יושבת וקוראה לפנינו, הילדים, מתוך „קידוש השם" של שלום אש, מתוך „המכשפה מקסטיליה" ואנחנו חדורים חרדת קדש מרב התפעלות והערכה. רק היום אני משיג את כח אותם דפי הגבורה בהסטוריה של עמנו.

א מ א ! כמה עמל ויגע השקעת בעזרתך לכלכלה של ביתנו. מה גדול היה העול והדאגה לחינוכנו, כמה טיפות מרות בלעת במלחמתך היומיומית לקיומנו.

א מ א ! אני רואה אותך בעיני הילדותיות כאובה ורווית צער. אני שומע את קולך כשאת מבכה את מות אביך, באותו ליל חורף של שנת 1923. אז את הלילות מנית, את הלילות הראשונים של מנוחת אביך בקברו.

הנה אני רואה אותך אמי! נשמתי! בהיותי ביערות עד של סיביריה הרחוקה, תחת עול השיעבוד כשרעבתי והאברים קפאו מקור, לשם הגעוני מכתביך רווי הצער על מר גורלנו, על הבגד החם שנשאר בארון ואנחנו על מר גורלכם בבינו ששם נשארתם.

הוי אמא, עטרת ראשי! איה מקום מנוחתך? היכן המקום בו אוכל דמעה להזיל על קברך? מפי השמועה שלאזני הגיעה מימי החשך והדם ההם, עדים חיים מימי החורבן ספרו שאת דרכך האחרונה בגאון של גבורה עיטרת וכמחאה על השחיטות האכזריות, כשהכל מסביבך הושמד, לא רצית להסתתר עוד ובתודעה מלאה צעדת בדרך הגבורה של הקדושים למחנה טרבלינקה.

א מ א ! עטרת ראשי!

בלילות של נדודי שינה אני רואה אותך כמלאך מרחף הפורש כנפי ישועה. באותו יום של התרגשות, בחג הבר־מצוה של נכדך, אותך ראיתי. את דמעותיך הרגשתי בשעה שאחרי דרשתו שהיתה הצהרת האימונים שלו ליהדות, פרצה השירה האדירה שבכור הסבל צורפה „אל נא תאמר הנה דרכי האחרונה".

הוי אמא, עטרת ראשי! בכוס יגונך, בים סבלך טיפת נחמה ברצוני לשים. נשאר חלק מהויתך, נשאר מי שיזכרכם, נשאר מי שיאמר קדיש לזכרכם, נשאר מי שימשיך את השרשרת, נשאר מי שימסור לבנים ולדורות הבאים את דמותך הנאצלת ב כ ב ו ד ו ב א ה ב ה .

---

## מ אַ מ ע !

געווידמעט דעם אָנדענק פון אונדזער מוטער
רבקה לאַנדע, פון דער היים בורשטיין

זינט יענעם אָקטאָבער־טאָג פון יאָר 1939, שטייסטו פאַר מײַנע אויגן אין דײַן גאַנצער פּראַכט פון גוטסקייט און באַשיידנקייט, זינט יענעם מאָנטיק פון אונדזער צעשיידונג, זע איך דיך אַ כסדר זאָרגנדיקע, אַ באַאומרויִקנדיקע פאַר דעם גורל פון דײַנע קינדער, איך זע די טרערן וואָס רינען איבער דײַן געזיכט

ווען כ'האָב דיר דעם לעצטן קוש געגעבן, איך זע דיך, מאַמע! ווען איך וויל נאָר, ס'איז שווער אין ווערטער איבערצוגעבן דעם פאַנ־טאַסטישן פאַרנעם פון דער וויזיע ־ קראַפט, פון דעם כוח־הדמיון, איך דאַרף בלויז אַ טראַכט טון, און שוין זע איך דיך, ווי דו וואָלסט לעבן מיר געשטאַנען אַ פון קיינעם נישט באַמערקטע, איך זע דיך — ווי „אַ רואה ואינו נראה".



רבקה לאַנדע

אַ, מאַמע! ווי שווער ס'איז אין ווערטער אויסצודריקן דעם ווייטיק און פּיין פון איינעם וואָס האָט געהאַט דאָס טרויעריקע גליק אי־בערצולעבן דעם חורבן, דעם שווידערלעכן מל־חמה־גרויל, מען קען דעם ווייטיק אַרויס־שרייען, אַרויסוויינען, מען קען —לויט ביאַליקן —קריצן שטאַרקער מיט די ציין און פּלאַצן פאַר ווייטיק, דורך ווערטער קען מען בלויז פּרובירן, שטילן דעם ווייטיק, פּרוביר איך דאָס טון דורך פאַרצייכענונגען און דערמאָנונגען.

אָט זע איך דיך, מאַמע! מיט מיינע אויגן פאַרגלייזטע דורך טרערן — אַ שיינענדיקע, אַ שמייכלענדיקע. דיינע קלוגע אויגן וואָס אַבסערווירן און באַנעמען אַלץ, דריקן אויס צופרידנקייט. אַרום דיר — דיינע קינדער, דאָס קליינוואַרג וואָס שפּילט זיך אַזוי זאָרגלאָז, געזעטיקט מיט נתן דעם בעקערס ברויט.

אָט זע איך דיך זיצן ביים טיש, אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, אַ פאַרטיפטע אין אַ בוך, לייענענדיק, און מיר דוכט זיך, אַז דו שלינגסט די בלעטער, אָט זיצסטו און לייענסט פאַר אונדז קינדער, בלעטלעך פון שלום אַש'ס „קידוש־השם" און „די כישוף־מאַכערן פון קאַסטיליע", און מיר, קינדער, ווערן ווי אַדורכגענומען מיט אַ מין הייליקן ציטער פון פאַרהערלעכונג און ווייטיקלעכער באַוווּנדערונג, היינט באַנעם איך די ווירקונגס־קראַפט פון יענע געלייענ־טע בלעטער פון אונדזער מאַרטירער ־ גע־שיכטע.

אַ, מאַמע! וויפל מי און מאַטער האָסטו פאַרוואַנדט אין דיין מיטהילף פאַר דער עקאָ־נאָמישער נויטווענדיקייט פון אונדזער היים, ווי גרויס איז געווען דיין עול און זאָרג פאַר אונדזער דערציִונג, וויפל ביטערע פּילן האָס־טו אַראָפּגעשלונגען אין דיין טאָג טעגלעכן קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

אַ, מאַמע! איך זע דיך מיט מיינע קינדע־רישע אויגן אַ פאַרוויינטע, אַ צעווייטיקטע, איך הער דיך אויפן קול באַוויינען דיין טאַ־טנס טויט. אין יענער קאַלטער, פינצטערער ווינטערנאַכט פון יאָר 1923, דו האָסט דאַן די נעכט געציילט, די ערשטע נעכט פון זיין פינצטערן קבר־רו.

אָט זע איך דיך, מאַמע, נשמה מיינע! ווען איך בין אין יענע ווייטע סיבירער טייגעס געווען, אַ פאַרשקלאַפטער, געליטן פון הונגער און קעלט. דאַן זענען דיינע טרייסט־ און באַ־רויקונגס־בריוו צו מיר דערגאַנגען, דאַן האָס־טו אין שלאַפלאָזע נעכט באַוויינט אונדזער גורל, באַדויערט וואָס דער וואָרעמער בגד איז אין שאַנק געבליבן און מיר האָבן געוויינט אויף אונדזער אַלעמענס ביטערן גורל און איך האָב געווייטיקט פאַרוואָס איר אַלע זענט דאָרטן געבליבן.

אַ, מאַמע קרוין! וווּ איז דאָס אָרט פון דיין קבר־רו? וווּ איז דאָס אָרט אויף צו קע־נען דאָרט אַ טרער ביי דיין קבר פאַרגיסן?

לויט ווײַטע עכאָס פון חורבן־שטורעם, דערציילט דורך לעבעדיקע עדות פון יענע בלוטיקע קאַטאַסטראָפאַלע טעג, האָסטו דײַן לעצטן מאַרטירער־וועג באַלויכטן מיטן אָרעאָל פון קידוש השם, האָסטו ווי אַ פּראָטעסט קעגן די לעצטע שחיטות און אכזריותן נישט געוואָלט זיך מער אויסבאַהאַלטן, ווען דײַנע אַלע דײַן גאַנצער אַרום זענען אומגעבראַכט געוואָרן, דאַן ביסטו אַ פולשטענדיק באַוווסטזיניקע מיט דײַן טאַט אַוועק דעם מאַרטירער־וועג פון קדושים — דײַן לעצטן וועג קיין טרעבלינקע.

אָ, מאַמע טײַערע! אין שלאָפלאָזע נעכט זע איך דיך אַ שוועבנדיקע אַרום מיר, מיט אַ מלאכימדיקן פלאַטער, אַ שיצנדיקע. איך זע דיך כסדר, איך האָב דיך אַ שײַנענדיקע געזען אין יענע אַזוי עמאָציאָנעל יום־טובדיקע מאָמענטן פון דײַן אייניקלס בר מצוה ווערן; כ׳האָב געטיילט דײַנע טרערן ווען נאָך זײַן דרשה, נאָך זײַן ייִד־דעקלאַראַציע האָט אויפגעקלונגען דאָס געזאַנג אויסגעשמידט אין חורבן שטורעם, דער „זאָג נישט קיין מאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג".

אָ, מאַמע קרוין! לאָמיר אַ טראָפּן פון טרייסט אַרײַנטון אין דעם ים פון דײַנע לײַדן און פּײַנען, פון דײַן מאַרטירער־וועג, ס׳איז ווער פון דײַן ווען געבליבן, ווער וואָס זאָל דיך און אײַך דערמאָנען, קדיש זאָגן, פאַרגעדענקען דײַן זײַן, פאַרזעצן דײַן עקזיסטענץ, דורך ווײַטערדיקן פאַמיליען בוי און איבערגעבן צו קינדער לדורות דעם אָנדענק פון דײַן ליכטיק געשטאַלט מיט ליבע און פאַרערונג.

---

# די באָבע בינע

ווי יעדעס שטעטל אין דעם אַזוי פולסירנדיקן און ברויזנדיקן לעבן פון דעם ייִדישן ישוב אין פוילן, האָט אויך אונדזער שטעטעלע סטאָק געהאַט זײַנע טיפּן און געשטאַלטן וואָס האָבן מיט זייער טאָג־טעגלעכער פירונג און האַלטונג זיך אויסגעטיילט פון דער אַרומיקער סביבה און זענען יוערט פאַרצייכנט צו ווערן.

איינע פון די געציילטע געשטאַלטן איז געווען מײַן עלטער באָבע בינע, פון דער היים — גלאַזמאַן. גערופן האָט מען זי די באָבע בינע, און געווען איז זי טאַקע די באָבע פון שטעטל אין פולן זין פון וואָרט, זי איז פאַקטיש געווען די הייב־אַם, די פרימיטיווע אַקושערקע, וואָס האָט „אָפּגענומען" כמעט אַלע קינדער וואָס זענען אין שטעטל געבוירן געוואָרן.

ווי אין חלום זע איך איר געשטאַלט: אַן אַלטע, געבויגענע, אײַנגעהויקערטע זקנה, וואָס פלעגט זיצן אין די נעכט בײַם וויגעלע פון אירס אַן אור־אייניקל און וואַכן ווי אַ מלאך איבער זײַן שלאָף, אין די לאַנגע ווינטער־נעכט פלעגט זי אונדז דערציילן מעשהלעך פון אַמאָל, מ ע ש ה ל ע ך וואָס האָבן געקלונגען ווי לעגענדעס, דערציילונגען וואָס זענען שוין דאַן געווען געשיכטע. פון יענער צײַט וואָס איך געדענק זי איז זי שוין אַלט געווען — זאַט אין יאָרן, און איר גאַנג אין לעבן אין יענע טעג איז געווען ווי פון אַ שטילער טויב, קיינעם נישט באַלעסטיקט מיט איר זײַן, פאַרקערט, באַמיט זיך מיט וואָס נאָר מעגלעך נוצליך זײַן. פלעגט זי טאַקע אין יענע לאַנגע ווינטער אָוונטן זיצן בײַם וויגעלע און ברומען אַ ניגון פון יענע קינדער - לידער פון ראָזשינקעס און מאַנדלען און אונדז, גרעסערע קינדער, דערציילן די מעשיות פון אַמאָל, אַמאָל איז געווען. נעכט גאַנצע פלעגט זי זיצן בײַם וויגעלע אָדער בעטעלע, און זיצנדיק אַזוי כאַפּן איר נאַכט דרעמל.

ווען ס׳זענען געקומען די פורים־טעג פלעגט זי איר זיכרון אָפּפרישן בײַם באַקומען שלח־מנות פון אירע אייניקלעך. זי פלעגט זיי אַלע געדענקען, און דאַן שעפּטשנדיק אירע תפילות צוריקשיקן. מיט דאַנקבאַרקייט אירע ברכות און ווונטשן פאַר זייערע משפחות.

וועל איך דאָ דערמאָנען די אַלטע באָבע בינע —איר נאָמען מיט יראת הכבוד צום געדענקען, די אַלטע באָבע, וואָס האָט אין יענע ווײַטע צײַטן, אין דעם פאַרוואָרפענעם דערפעלע און דערנאָך אין דעם אָרעמען שטעטעלע, געשאַפן איר היים, אויפגעהאָדעוועט און דערצויגן קינדער לומדים, וואָס האָבן שטענדיק געלערנט אַליין און אַנדערע מסביר געווען, געשאַפן חדרים און קרײַזן, פאַרשפּרייט לערע און וויסן, און געשאַפן דעם יסוד פון דער געזעלשאַפטלעך - אַקטיווער משפחה בורשטיין, וואָס האָט אַזוי אינטענסיוו געווירקט אויף אַלע געביטן פון קולטורעל־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון אונדזער ליב שטעטעלע סטאָק.

# דעם זיידנס טויט

## צום אָנדענק פון מײַן זיידן שלמה בורשטיין — שלמה מלמד

אין איינעם פון די קאַלטע ווינטער נעכט אין יאָר 1923 האָט אַ לײַכטער קלאַפּ אין לאָדן אונדז אױפגעוועקט פון טיפן שלאָף.

איך האָב געהערט ווי מען רופט פון דרויסן מיט אַ שטיקנדיק וויינענדיק קול:

— רבקה, רבקה! טו זיך אָן, מען איז געקומען נאָך אונדז!

און די שטילקייט פון דער נאַכט איז איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ ווייטיקלעך געוויין, מײַן פעטער בעריש איז אַרײַנגעקומען אין שטוב און געזאָגט: דער טאַטע איז געשטאָרבן! זיי האָבן געשיקט אַ מענטשן מיט אַ פור נאָך אונדז, גלײַך מיטצופאָרן קיין יאַדעווע צו דער לוויה.

דער זיידע איז געהאַט פאַרשלאַפּט געוואָרן, זיך געהיילט, מען האָט אים געמוזט נעמען קיין יאַדעווע אין דאָרטיקן שפּיטאָל, דער יאַדעווער דאָקטער האָט אים אָפּערירט, ס'האָט נישט געהאָלפן, ער איז דאָרטן געשטאָרבן.

עפּעס אַ טיפער איבערברוך איז געקומען אין מײַן קינדערישן באַנעם: ווי איז דאָס מעגלעך? ניין, ס'קען נישט זײַן! איך האָב דעם זיידן שטאַרק ליב געהאַט, דאָס האָט ער, דער זיידע, אין מיר געוועקט דעם חשק צו לערנען, יעדן שבת צו נאַכט פלעגט ער אַרײַנקומען צו אונדז אין שטוב, טיי טרינקען, שעפּן נחת פון זײַנע אייניקלעך, פלעגט ער מיך פאַרהערן דעם חומש, די סדרה פון דער וואָך וואָס כ'האָב געלערנט אין חדר, מיטגעבראַכט מיט זיך טיטעלעך מיט מטבעות און געטיילט ווי אַ פּרעמיע פאַרן קענען דאָס געלערנטע.

אַך, ווי פּײַנלעך! דער זיידע איז געשטאָרבן!

אין יענעם ווינטער האָב איך געלערנט אין חדר בײַ עזריאלקע מלמד, פון ווענגראָווע, דאָס חדר איז געווען בײַ מאנעסקע שנײַדער אין מאָסלאָווסקעס געסל, אין דער היים פון מײַן חבר אָשר מאַלישעוויטש און צוליב דעם זיידנס טויט בין איך פרײַ געוואָרן פון חדר.

אַ שווערע און פּײַנלעכע וואָך האָט זיך געשטעלט בײַם זיידן אין הויז, די גאַנצע משפּחה איז צוריקגעקומען פון דער לוויה וואָס איז פאָרגעקומען אין יאַדעווע, און מען האָט זיך געזעצט שבעה, די שטוב האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ בית התפילה, דרײַ מאָל אין טאָג האָט מען געדאַוונט און די שטוב איז כסדר פול געווען מיט מענטשן, חסידים, מתנגדים און געוועזענע תלמידים, די שענסטע בעלי הבתים זענען אין די שבעה טעג געקומען מנחם אבל זײַן דער באַבען מיט דער גאַנצער משפּחה.

שיין און רײַך איז געווען די פּערזענלעכקייט פון מײַן זיידן, אַזוי אין גײַסטיקן ווי אין פיזישן באַגריף, געווען אַ ייד אַ תלמיד־חכם אַ בן תורה, מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד, אַן הדרת פּנים, פון די שענסטע בעלי הבתים פון שטעטל, ווי אַ גוטער מלמד און אַ שאַרפער מכביר האָט ער געהאַט די בעסטע תלמידים פון שטעטל און פון די שכנותדיקע שטעטלעך, געווען אַ שאַרפער און הייסער חסיד, זענען טאַקע געקומען אין די שבעה טעג און כסדר געזעסן חסידים און לערנער, געשמועסט דברי תורה, דערציילט פאַרשידענע חסידישע מעשיות, לעגענדעס און וווּנדער חידושים פון רבנים און גוטע יידן.

פון אָט דער שבעה וואָך האָט זיך מיר אײַנגעקריצט אין זיכרון מײַן מאַמעס דערציילן וועגן דער גרויסער לוויה וואָס דער טאַטע —מײַן זיידע— האָט געהאַט, צווישן די מלווים זענען געווען די שענסטע בעלי הבתים פון יאַדעווע. דוד קאָוואַדלע, דער זון פון אברהם שלמה, שוחט פון באַצק, וואָס האָט געוווינט אין יאַדעווע, האָט אַלס געוועזענער תלמיד פון זיידן, זיך פאַרנומען מיט אַדורכפירן די לוויה אין גרעסערן פאַרנעם, אָפּגעבנדיק מיט דעם, זײַן געוועזענעם רבין, דעם גרעסטן כבוד. און ווי אַזוי זײַן יינגסטע טאָכטער, דאַן נאָך אַ יונגיטשקע פרײַלין, האָט בעת דער לוויה, וויינענדיק, געבעטן אויפן קול מען זאָל דעם זיידן געבן אַ שיינע און אַ הויכע קרקע.

גאָר ספּעציעל האָט זיך אויסגעטיילט אין דער שבעה־וואָך מײַן פעטער סאנע, דעם זיידנס עלטסטער זון, זײַן בכור, אָט זע איך אים ווי ער שטייט בײַם אימפּראָוויזירטן שטענדער אײַנגעהילט אין אַ טלית און דאַוונט פאַרן עמוד, ווי אַ שליח ציבור און זאָגט דעם קדיש נאָך זײַן טאַטן, מיט געפילפולער נשמהדיקייט, דאָס איז ער דאָך דער משכיל, וואָס איז לויטן זיידן, אַרויס לתרבות רעה, דאָס איז דאָך ער, סאנע, דער זעלבער וואָס האָט צו זײַנע 16 יאָר שוין באַקומען היתר הוראה, סמיכות אויף רבנות און אין זײַן חופּה־טאָג פאַרוואָרפן אין פעלד

צווישן די תבואה זאַנגען זײַן רבניש שטריימל און גאָר געוואָרן אַ משכיל, אָט דאַוונט ער פאַרן עמוד, אָט שמועסט ער מיט די לערנער פאַרקריכט אין די גאָר הויכע ספערן פון לומדות, שווימט אין ים התלמוד.

אָט אַזוי טאָג טעגלעך, אין משך פון דער שבעה וואָך האָב איך מיטגעמאַכט דעם ווונדערלעכן גאַנג פון די שמועסן, גערייד און פּלפּול און כ׳האָב אָנגעהויבן איבערגיסן מײַן ליבשאַפט אין פאַרערונג וואָס כ׳האָב געהאַט — ביז זײַן טויט — צו מײַן זיידן, אויף זײַן עלטסטן זון, מײַן פעטער סאנע, כ׳האָב אים ליב באַקומען און דוכט זיך, אַז אויך ער האָט דאָס באַמערקט און אָנגעהויבן מיר שענקען אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט וואָס איז געקומען צום אויסדרוק באַלד, ווען ער האָט אָנגעהויבן מיך לערנען שרײַבן און אין יאָרן שפּעטער, פון ווײַטע מרחקים, פיל מער און מער.

אָט ליגן פאַר מיר זײַנע בריוו געשריבן אין צײַט פון חורבן, ווי ער פרעגט אַזוי תמימותדיק דעם „פאַרוואָס, פאַר וועלכע זינד?״ אָט שרײַבט ער צו מיר אין יענע פינצטערע טעג,

— יואל! פון דײַן נײַעם אַדרעס זע איך, אַז דו ביסט פאַרשיקט ערגעץ ווײַט, ווײַט, אַזש דאָרט בײַ די ווײַסע בערן, בײַ אַ שטאָט „קאַרגאָפּאָל״ וואָס איז נאָך דורך איוואַן דעם גרויזאַמען געבויט געוואָרן פאַר פּאָליטישע פאַרברעכערס, פאַרוואָס? יואל שרײַב מיר...

אָט האַלט איך אין האַנט זײַנע בריוו ווי ער דערציילט מיר וועגן מײַנע זיידעס, און עס טויכט מיר ווידער אויף אין דמיון יענע שבעה וואָך, איך זע ווידער די שטוב, דעם זיידנס מוטער, די אַלטע באָבע בינע, וואָס זיצט שבעה נאָך איר ליבן זון, אָט זעה איך דעם זיידנס ברודער, דעם פעטער אברהם ברוך, אַ שאַרפער מוח אַ חריף, וואָס קנעלט נאָך מער טיפער אין ים פון פּלפּול, וואָס שוועבט הויך, נאָר הויך אין די ספערן פון געדאַנק, אין די עולמות.

אָט דערציילט ער מיר אַן עפּיזאָד, איינער פון פיל, זייער פיל, וואָס האָבן דאַן אויסגעפולט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון אונדזער שטעטעלע אין די ערשטע יאָרן פון דעם יאָרהונדערט.

„מאַכנדיק דעם פרישטיק, אין אַ יומטובדיקן טאָג בין איך געווען אַזוי אויפגעלייגט און איך האָב בעתן עסן דערציילט ווי אַזוי דײַן זיידע שלמה מלמד פלעגט נאָך אַ פּאָר נאַסע „לחיימס״ זינגען אויפן גאַס שושנת יעקב און אַקצענטירן אויפן הויכן קול דעם „להודיע״, אָט די סימפּאָניע פלעגן אויפכאַפּן קינדער קונדסים, און אַז דײַן זיידע שלמה פלעגט באַגינען גיין אַ פאַרדאַגהטער אין בית־המדרש אַרײַן דאַוונען און לייגן צוויי פּאָר תפילין אַזש, פלעגן אים די קונדסים נאָכמאַכן דעם להודיע...

און ווי אַזוי דײַן זיידע הענעך האָט איינמאָל אין אַ אחרון של פּסח אין אָוונט, ווען דײַן באָבע פייגע איז געלעגן קראַנק, און אין דרויסן האָט גערעגנט און געשנייט, געקומען אַ פאַרשנייטער צו אַ חסידישער הולאַנקע כדי צו טרינקען מיט זיי לחיים פאַרן געזונט פון דײַן באָבען, ווײַל דער יאַדעווער דאָקטער האָט מגלה סוד געווען, אַז בלויז גאָט קען איר העלפן, און גלויב יאָ אָדער נישט, דער חסידישער לחיים, זייער מימיק מיט די אויגן צום רבונו של עולם, האָבן דערמאָלסט פאַריאָגט דעם מלאך המות פון איר צוקאָפּנס, אָט דער פאַרשוין מיט טויזנטער אויגן האָט זי געפּאַקט מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער. איצט, און ווײַט פון חסידישן אײַנפלוס, אין וואַרשעווער יידישן שפּיטאָל.

לייענענדיק אַזוי די שורות וואָס טראָגן מיך אַוועק אין געדאַנק צו יענעם ווײַטן אַמאָל פון אונדזער שטעטעלע, וואָס איז אַזוי אכזריותדיק אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזער יידישער מאַפּע, וואָס איז פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט אונדזערע ליבסטע און טײַערסטע, שווימט אַרויף דער זאָג פון דעם פּסוק „חסד עשה אדוני לישראל שפּזרם בין העמים״, וואָס האָט באַקומען זײַן באַשמעטיקנדיקע ריכטיקייט אין דער טראַגישער ווירקלעכקייט פון אונדזער דור, דאָס לייגט אַרויף אויף אונדז די פליכט אַז מיר זאָלן די פאַרוואָרפענע וואָרצלען פון אַזאַ שפּרודלדיקן קאָמפּליצירטן, סודותפולן און לופטיקן לעבנס־שטייגער איבערגעבן צו אונדזערע קינדער, צו אונדזער המשך.

דעם זיידנס נוסח פון לעבן, זײַן סביבה און זײַן לערע האָבן געהאַט אין זיך אַזוי פיל פײַער און פלאַמיקן גלויבן, אַז די היילקע פונקען באַווײַזן זיך צו קאָנצענטרירן, אַפילו אין די פאַרגוישטע וועלטן פון דער צעשפּרייטקייט און טליענדיק האָבן זיי די קראַפט און זיי מאַכן צו אַזאַ אש להבה, צו אַזאַ ברענענדיקן פלאַם וואָס זאָל פאַר אונדז לײַכטן און באַשײַנען אין אַלע באַדינגונגען, בײַ אַלע נויטווענדיקייטן און אין אַלע צײַטן.

# דעם טאַטנס מתנה

## צום אָנדענק פון אונדזער פאָטער
## פנחס דוד לאַנדע

אין איינעם פון די אָקטאָבער טעג פון יאָר 1971 האָבן מיר אַ אינטימען יום־טוב געהאַט, אונדזער זון, דער בכור, פנחס־חײַקל איז אַ חתן געוואָרן, געשריבן תנאים, און ווי ס'פּירט זיך אין אַזעלכע וויכטיקע פאַמיליאַרע מאָמענטן האָבן מיר אויך געקויפט מתנות, און קויפענדיק די כלה־


פנחס דוד (געװאָפן פינטשע) לאַנדע

מתנות האָבן מיר אויך געוואָלט קויפן עפּעס אַ מתנה פאַר דעם חתן, איז מיר אויפגעקומען אַ געדאַנק נישט צו קויפן, אין דעם פאַל, גאָר נישט פאַר אים ספּעציעל, נאָר טיילן זיך מיט אים, ווי מיט זיי, די קינדער, מיט מײַן טאַטנס איבערגעלאָזענער מתנה, וואָס איז נישט בלויז אַ מתנה נאָר אויך אַ ירושה געוואָרן, אַ ירושה פאַר אונדז און פאַר אונדזערע קינדער.

אין איינעם פון יענע אָקטאָבער טעג פון יאָר 1939, מיט 33 יאָר צוריק, זענען מיר פון שטוב אַוועק, פאַרלאָזט די היים, דאָס שטעטל, און אָנגעהויבן דעם וואַנדער־וועג וואָס האָט אונדז פאַרוואַנדלט אין משך פון די מלחמה־יאָרן אין פּליטים, אין יתומים, אין רעשטלעך פון אומגעבראַכטן יידישן ישוב אין פּוילן, און אָט האָבן מיר, דורך וועגן און אומוועגן פון גורל, זיך געראַטעוועט, און מיט דער צײַט זיך פאַרוואַנדלט אין עלטערן וואָס מאַכן שמחות בײַ קינדער וואָס טראָגן די נעמען פון אונדזערע עלטערן. וועגן און אומוועגן פון גורל, דעם טאַטנס מתנה האָבן מיר מיט זיך שטענדיק, און ספּעציעל אין מאָמענטן פון גרויסער פרייד, בײַ גרעסערע פאַמיליען שמחות, יום־טובים לויכט זי אויף מיט איר גלאַנץ, ווערט זי שטאַרק אָנזעעוודיק, שטראַלט זי אויס, דעם טאַטנס מ ת נ ה, די קרישטאָל ריינע ברילּיאַנטענע טרער, וואָס האָט געפינקלט אין זײַנע אויגן אין די אַזוי אינטימע וויטיקלעכע מאָמענטן פון אונדזער צעשיידונג.

קען מען דען אַרויסברענגען געפילן אויף פּאַפּיר? קען איך דען אויסדריקן דעם געראַנגל וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך אַליין אין די אַזוי דעצייסיווע מאָמענטן פון מײַן פאַרלאָזן די היים?

דער טאַטע איז דאַן געלעגן צו בעט, קראַנק געוואָרן אין די טעג פון די ערשטע מלחמה־גרוילן, דאָס שטעטל איז געלעגן אין חורבות, אויף אַ העלפט פאַרברענט געוואָרן, און דער געראַנגל פאַר עקסיסטענץ איז געוואָרן שווערער. אין לויף פון די וואָכן האָט מען זיך צו דער לאַגע אָנגעהויבן צוגעוווינען, דער טאַטע איז געוואָרן אַ ביסל בעסער, אָבער נאָך געמוזט ליגן אין בעט, איז געקומען דער „צווייטער אָקטאָבער" און די זיכערקייט אַז די דײַטשן אָקופּירן די זאָנע אונדזערע ביז דעם טײַך „בוג" האָט פאַרכאַפּט דעם יונגן עלעמענט פון שטעטל. די שרעק פאַר תיכפדיקער באַזעצונג און אירע קאָנסעקווענצן פאַר אונדז האָט ווי צעשטורעמט די געמיטער, עס האָבן זיך באַלד אָרגאַניזירט גרופּן און אויך איך און חנה, און מײַן ברודער חיים זענען געווען אין דער מחנה וואָס האָבן אין דעם טאָג פאַרלאָזט דאָס שטעטעלע.

ווי וויטיקלעך שווער עס איז געווען דאָס באַשליסן צו פאַרלאָזן די היים, די שטוב, שיידן זיך מיט טאַטע־מאַמע, שוועסטער, מיט נאָענטער פאַמיליע, ספּעציעל אין די באַדינגונגען פון אויסנאַם צײַטן, פון קריטישע געפאַרן וואָס האָבן געלויערט שוין ממשותדיק טאָג און נאַכט.

שווער איז אָנגעקומען דאָס געזעגענען זיך, איך

בין אַרײַן צום טאַטן אין צימער זיך צו געזעגענען, דער טאַטע איז געלעגן אין בעט, ער האָט זיך אויפגעזעצט, איך בין צוגעגאַנגען, אים אַרומגענומען און מיר האָבן זיך צעוויינט, געדאַנקען פון פאָטערלעכער זאָרג און פון ליבע, פון געטרײַשאַפט און איבערגעגעבנקייט, אַן אומבאַגרענעצטע צערטלעכקייט איז געקומען צום אויסדרוק אין אונדזער אַרומהאַרמונג. אפשר איז אין דעם שוין געווען דער פאָרגעפיל פון אונדזער שוין לעצטער אַרומאַרמונג? פון אונדזער צעשיידונג אויף שטענדיק? אפשר האָט זײַן פאָטערלעכע פילבאַרקייט פאָרויסגעזען דעם שרעקלעכן מאָרגן און געקלאַמערט זיך אין אונדזער לעצטער באַרירונג. אפשר האָט דער טאַטע גאָר אין די מאָמענטן אַן אָנשפּאַר געפאָדערט פאַר דער באַשיצונג פון דער, מיט אַזוי פיל מי און ליבע געשאַפענער היים? איך האָב אָנגעהויבן ווי חרטה קריגן אויף מײַן באַשלוס, און דער געדאַנק האָט אָנגעהויבן ווי דיקטירן: נישט גיין! ניין, נישט איבערלאָזן די אייגענע אין אַזעלכע שווערע מאָמענטן. דער טאַטע האָט ווי אָנגעהויבן לייענען מײַנע געדאַנקען, זיך אָנגענומען מיט עפּעס אַן איבערנאַטירלעכן כוח, זיך געשטאַרקט, אויפגעהערט וויינען און געזאָגט מיט אַ דעצידירנדן טאָן: גייט קינדער! גייט און זאָל גאָט זײַן מיט אײַך און אײַך באַשיצן! גייט בשלום, אָן צווייפל ביז עס וועט אַריבער דער שטורעם, זײַט געזונט און געשיצט.

דער טאַטע האָט געהאַט אויפגעהערט וויינען, אָבער אין די ווינקלען פון זײַנע ליכטיקע אויגן זענען געבליבן הענגען, ווי פּאַרגליווערט, צוויי גרויסע טרערן, צוויי קרישטאָל־ריינע טרערן ווי צוויי בריליאַנטן וואָס האָבן געפינקלט און געלויכטן און געבליבן בײַ מיר טיף אײַנגעקריצט אין מײַן דמיון.

מיר זענען אַרויס פון שטוב באַגלייט פון אייגענע און נאָענטע ביז אונטער דעם שטעטל, נאָך אַמאָל געזעגענונגס־מאָמענטן און מיט אַ שווער געמיט און דריקנדיקער שטימונג זענען מיר אַוועק ווײַטער אין וועג.

אויפן דריטן טאָג פון שווערן וואַנדער, זענען מיר אָנגעקומען בשלום קיין ביאַליסטאָק און אָנגעהויבן פילן דאָס נײַע פּליטים־לעבן.

אין די ערשטע וואָכן פון יאָר 1940 איז צו אונדז דערגאַנגען אַ ידיעה וועגן דעם טאַטנס טויט, ס׳האָט ווער, אַנאָנים, אַרײַנגעוואָרפן אַ צעטעלע צום זיידן אין שטוב, אויף ריבני רינעק 2, מיט דער מיטטיילונג אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן. אַך! ס׳אַראַ קלאַפּ דאָס איז געווען פאַר אונדז, דער זיידע, די מומעס זענען ווי צעבראָכן געוואָרן. מיר זענען געזעסן שבעה בײַם זיידן אין שטוב, ס׳איז יעדן טאָג געווען אַ מנין פון זיידנס חסידים און פרײַנד, און מיר, איך און מײַן ברודער חיים האָבן געזאָגט קדיש.

נאָך דער געשעעניש איז מײַן ברודער חיים אַוועק צוריק קיין סטאָק, אַ געפערלעכע און ריזיקאַלישע אונטערנעמונג, אין די שווערסטע ווינטער מאָנאַטן, מיט געפאַרן אַרײַנצופאַלן צו די רוסן אין טורמע אָדער צו די דײַטשן אויף צוואַנגס אַרבעט אָדער אפשר אויף נאָך ערגערס.

אַך! מיט וויפל ווייטיק און פּײַן זענען עס געווען אויסגעפילט אונדזערע טעג פון אָנהויב יאָר 1940, וויפל טרערן האָבן מיר פאַרגאָסן אין די נעכט פון אָט די וואָכן, מײַן ברודער חיים איז אַוועק בכדי אפשר מיט עפּעס קענען באַהילפיק זײַן אויף צו פאַרלײַכטערן זייער לאַגע אין עקאָנאָמישן זין.

מיט צאַפּלדיקער שפּאַנונג האָבן מיר געוואַרט אויף אַ ידיעה וועגן זײַן אָנקומען אַ היים, און שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די ידיעה וועגן טאַטנס טויט איז געווען אַ נישט ריכטיקע. אויף פאַרשיקונג, אין די סיבירער טײַגעס, האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון דער היים, אין דעם איז געווען אַן אייגנהאַנטיקע בריוו פון טאַטן מיט זאָרג און באַדויערונג פאַר אונדזער לאַגע, מיט ביטערע ידיעות וועגן זייער לאַגע אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם און ס׳האָט דאַן מײַן ברודער חיים געשריבן אַז, „הײַנט ווייס איך נישט ווער וועמען עס דאַרף מקנא זײַן”, וויפל שולד געפיל האָט זיך ווידער געלייגט אויף מײַן געוויסן, איצט שוין אויך מיט אונדזער חיימס צוריקגיין, און ווידער איז געשטאַנען פאַר מײַנע אויגן דאָס בילד פון יענע מאָמענטן פון אונדזער צעשיידונג. אין שלאָפלאָזע נעכט האָט געפּײַניקט דאָס געוויסן פאַר אונדזער האַנדלונג, נישט איין מאָל איז דאָס קישן נאַס געוואָרן פון טרערן, איך האָב ווידער און ווידער געזען דעם טאַטן אין בעט, מיט די צוויי פאַרגליווערטע טרערן וואָס האָבן געפינקלט און געשטראַלט בעת אונדזער צעשיידונג און איך האָב ווי געהערט זײַן שטימע, ווי ער זאָגט: גייט! גייט קינדער אָן צווייפל, ביז עס וועט אַריבער דער שטורעם.

דער שטורעם איז אַריבער, די מלחמה האָט זיך

געענדיקט, און דער טראַגישער סך־הכל פון אונדזערע אייגענע איז אַ שרעקלעך טרויעריקער, קיינער, קיינער איז נישט געבליבן פון אונדזערע ליבסטע און טייערסטע, קיינער האָט זיך נישט באַוויזן צו ראַטעווען און מיר זענען געבליבן יתומים, מיט ווייטיקלעכן שולד געפיל, יתומים, ווי יתומדיק ס'איז געוואָרן אונדזער פאָלק.

מיין טאַטנס צוויי קרישטאָל־ריינע בריליאַנטענע טרערן זענען געוואָרן פאַר מיר זיין מתנה, די ליידן און פיינען פון אונדזער נע־ונדקייט פון דעם דורכגעלעבטן אין דער מלחמה צייט, האָט מיך נישט פאַרהאַרטעוועט, נאָר איך בין געוואָרן נאָך מער סענטימענטאַלער, און שטענדיק ווען איך רעד, דערצייל, אָדער דערמאָן זיך בלויז אין יענע מאָמענטן פון אונדזער צעשיידונג, קומען מיר טרערן אין האַלדז און אין די אויגן, די מאָמענטן פון אונדזער צעשיידונג זענען מיר כסדר פאַר די אויגן און זיי האָבן זיך פאַרוואַנדלט, די בריליאַנטענע טרערן, א־ן אונדזער ירושה, און ווי אַזעלכע, פאַרהייליקטע, זענען זיי שטענדיק אָנוועזנד ביי אונדזערע וויכטיקע פאַמיליען יום־טובים, און מיר גיבן זיי איבער צו אונדזערע קינדער ווי אַ הייליקע מתנה, אַ קרישטאָל־ריינע בריליאַנטענע טרער, וואָס זאָל שטענדיק זיין אָנוועזנד אויף אונדזערע שמחות, ווי אַ זכר־לחורבן, ווי אַ דערמאָנונג די אומגעקומענע משפחות אונדזערע, וועמענס המשך מיר זענען און וועלן אים ציען לדורות, אין דער נישט צערייסבאַרער גאָלדענער קייט פון לעבן און שאַפן, מיט געוויסנהאַפטן ייִדישן אינהאַלט פאַר נצחיות.

ווי כאַראַקטעריסטיש, זיצנדיק אַזוי אין דער שפּעטער אָוונט שעה, מאַכנדיק די פאַרצייכענונגען, האָב איך געהערט שליסן די טיר, ס'איז אַרייַנגעקומען אונדזער זון, פנחס חייקל, כ'האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און איך האָב אַ צאַפּל געטאָן, אויפן מאָמענט האָב איך געזען מיין טאַטן, יאָ! אַזוי האָט ער אויסגעזען אין זיין יונגן עלטער, מיט דער גאַנצער ענלעכקייט פון זיין געבוי און גאַנג, וואונדער פון דער ביאָלאָגישער נאַטור־ירושה, איך האָב אַ ציטער געטאָן, און דוכט זיך אַז די זעלבע צוויי טרערן האָבן זיך באַוויזן אין מיינע אויגן, די זעלבע צוויי טרערן וואָס האָבן פאַרזיגלט אונדזער צעשיידונג און האָבן געמאַכט אומצערייסבאַר די פעדים פון אונדזער המשכדיק לעבן.

זאָל זיין נאָמען געבענטשט זיין און געהייליקט ווערן לדורות.

# חיים לאַנדע

## איינער פון אונדזער שטעטלדיקער יוגנט

פיל, פיל יאָרן זענען שוין אַריבער זינט יענע טעג פון אונדזער צעשיידונג און דאָך שטייט ער פאַר מיין בליק אַ לעבעדיקער, מיט זיין אומעטיקן געזיכטס־אויסדרוק, אַ פאַרטרוימטער, אַ פאַרזאָרגטער, אונטער דער ווירקונג פון שלעכטע ידיעות וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען פון דער היים, פון יענע געביטן דורך די דייטשן באַזעצטע, ער שטייט לעבן מיר אַ פולשטענדיק באַוווסטזיניקער מיט זיין באַשלוס, מיט דעם וואָס ער נעמט זיך אונטער צוריק צוגיין אין יענע באַזעצטע געביטן, אָט שטייט ער פאַר מיר אַ שווייַגנדיקער, רעדט ווינציק, אָבער ווי שטאַרק עס קלאַפּן אונדזערע הערצער, ווי האַסטיק עס פולסירט דאָס בלוט.

מיר באַגלייטן אים אַרויס מיט די בעסטע ברכות, ווי אַ שליח־מצוה, נעמט ער דאָך מיט אין זיין „פלעצאַק" און אין זיין האַנט פאַקעט פראָדוקטן און זאַכן וואָס דאַרפן זיין נוצלעך אויף צו פאַרלייכטערן מאַטעריעל זייער לאַגע, צו העלפן דער מאַמען מיט די קינדער דאָרט געבליבענע, און אפשר, אפשר וועט גאָר מעגלעך זיין זיי אַריבערצוברענגען דאָ קיין ביאַליסטאָק.

פלענער, חלומען, פאַרלאַנגען און ווונטשן וואָס זענען צערונען געוואָרן אין גאַנג פון דער צייט, פון וואָכן און מאָנאַטן, פון יאָרן רעאַלער, אכזריותדיקער, ברוטאַלער ווירקלעכקייט.

וויינט דאָס האַרץ אויף די פאַרלוסטן, אויף די קרבנות וואָס זענען ווי פון אונדזערע הענט אַרויסגעריסן געוואָרן און אין געדאַנק, אין דער מחשבה זע איך אים אין די מאָמענטן פון אונדזער געזעגענונג, אין יענעם אָוונט פון אָנהויב יאָר 1940 אין ביאַליסטאָק, אין יענער העל בלויער לבנה־נאַכט.

גערוועז אַ נאַכט אַ הימל בלויע,  
שפּאַצירט לבנה האָט אַליין,  
אונטער הימלען, הימלען הויכע,  
האָט געגעכטיקט מיין געוויין...

חיים לאַנדע איז געווען אַ פשוטער, באַשיידענער בחור, איינער פון די צענדליקער און צענדליקער סטאָקער יוגנטלעכע וואָס האָבן מיט זייער זיין אויסגעפולט דאָס שטעטלדיקע לעבן אין אַלע זיינע וואַריאַציעס, פון חדר און שולע דורך שפּי־

לערנען, יואַלד־שפּאַצירונגען, אַרבעט און קלוב גרופּירונגען בײַ די פֿאַרשידענע פּאַרטייִשע ריכטונגען וואָס האָבן זיך אין שטעטל געפֿונען. בלויז מיט זייער עצם זײַן האָט געשפּרודלט מיט לעבן און אַקטיוויטעט יעדע גרופּירונג נישט בלויז אין די פֿיר ווענט פֿון זייער לאָקאַל קאָנצענטרירונג, איינער פֿון אָט דער פּרעכטיקער סטאָקער יוגנט איז געווען דער שטילער, נאָך וויסן דורכשטיקער, חיים.

אַרײַנגעצויגן געוואָרן איז ער אין דער „השומר־הצעיר” באַוועגונג, אין אָט דעם „קן” האָט ער אָנגעהויבן דורך די לעקציעס, „שיחות” און געזאַנגען שאַפֿן זײַן באַגריף פֿון געזעלשאַפֿטלעכער באַנעמונג און אָריענטאַציע.

געווען איז חיים אַ שטילער האַרציק־ליבער בחור וואָס האָט אין די פֿיר ווענט פֿון דעם „קן” זיך געשאַפֿן זײַן סביבה און זיך באַרײַכערט מיט חברישער אײַנלעבונג אין איבערגעגעבנקייט, אַדאַנק זײַנע פֿעיִקייטן און אײַנגעבוירענער אינטעליגענץ האָט ער, לערנענדיק זיך, אָנגעהויבן גלײַכצײַטיק לערנען זײַן קרײַז, און אַזוי אַרום — טאָג־טעגלעך — מיט איבערגעגעבנקייט געווידמעט איינציקע שעה דאָס לערנען זיי שרײַבן, לייענען בשותּפֿות ביכער און שמועסן וועגן ציוניזם, חלוציזם, ישׂראל, פּראָבלעמען וועגן קיבוץ און הגשמה.

שווער איז געווען די עקאָנאָמישע לאַגע פֿון אונדזערע סטאָקער אײַנוווינערס, די מאַטעריעלע באַדינגונגען האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין דער אויספֿאָרמירונג פֿון דער אונטערוואַקסנדער יוגנט, זיי האָבן באַלד אָנגעהויבן פֿילן אויף די אייגענע פּלייצעס דעם עול פֿון לעבן, במילא פֿון זוכן עפּעס אַרבעט, פֿון עפּעס טאָן.

אין יענע אָוונטן פֿלעגן מיר אים טרעפֿן אין „קן” נאָך די שיחות און קאָלעקטיווע געזאַנגען אין אַ ווינקל, אויף אַ מאָמענט זיך פֿאַרטראַכטן אין אָנהייבן זינגען זײַן באַליבט ליד פֿון אַרבעטער לײַדן און שטילן רעוואָלט, געזונגען לאַנגזאַם אין פּויליש:

ש ט י ל ע ר, ש ט י ל ע ר
דײַן קלאָגן זיך וועט קיינער נישט דערהערן
ווײַל די הערצער זענען ווי פֿון שטיין,
קעגן די אַרבעטער מאַסן,
ס׳איז נישט געקומען נאָך די צײַט,
שטילער, שטילער...

טרערן פֿון ווייטיקלעכער דערמאָנונג זענען מיר געקומען אין די אויגן ווען איך האָב אין איינעם אַן אָוונט געזען דאָס קינאָ־בילד „לאַ קאַבאַניאַ דעל טיאָ טאָם” און געהערט זינגען די נעגער־שקלאַפֿן „זײַן” באַליבט ליד מיט דער זעלבער מעלאָדיטאָנאַציע, אַ נאָגענדע בענקשאַפֿט איז געקומען צום אויסדרוק אין דעם שטילן, לאַנגזאַמען געזאַנג פֿון פּאַסיוון רעוואָלט.

דערמאָנען מיר זיך די הערלעכע טעג, וואָכן און חדשים פֿון זײַן אינטענסיווער אַקטואַציע אַזוי אין דער באַוועגונג ווי אויך מיטן פֿאַרשפּרייטן די ביכער פֿון דער „אוניווערסאַל ביבליאָטעק” פֿון וועלכער מיר זענען געוואָרן די פֿאַרטרעטערס, שלמה שיינבערג, דער רעדאַקטאָר, פֿאַרלעגער און אַרויסגעבער פֿון די ביכער האָט אין אונדז געהאַט די געטרײַסטע און איבערגעגעבנסטע מיטאַרבעטער, מיר האָבן באַוויזן צו שאַפֿן אַבאָנענטן און פֿאַרשפּרייטן ביז פֿופֿציק עקזעמפּלאַרן פֿון יעדן דערשיינענעם בוך, געווען זענען דאָס ביכער איבערזעצונגען אויף ייִדיש פֿון די בעסטע שאַפֿונגען אין דער וועלט ליטעראַטור, יעדער בוך איז געווען פֿון צען דרוק־בויגן, (160 זײַטן) בראָשירט, יעדער עקזעמפּלאַר האָט געקאָסט זעכציק גראָשן, אָפּנעמער פֿון די ביכער זענען געוואָרן נישט בלויז די סטאָקער יוגנט, נאָר אויך די יוגנט פֿון די שכנותדיקע פּונקטן אַרום דעם שטעטל.

מיט ליבשאַפֿט האָט זיך חיים געווידמעט דער אַרבעט, מיט זײַנע פֿעיִקייטן האָט ער אַליין אײַנגעבונדן די ביכער אין טאָוולען און יוגנט, ליבהאַבער פֿון ייִדישן בוך האָבן זיך אײַנגעשאַפֿן אַזוי אַרום אַ הויז־ביבליאָטעק.

אין יענער צײַט האָט אויך אָנגעהויבן דערשײַנען רעגולער, וועכנטלעך, די אַזוי גערופֿענע „גראָשן־ביבליאָטעק”, בראָשורקעס וואָס האָבן אין אַ קיצור פֿון 64 זײַטלעך איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פֿון גוטע ביכער, ביאָגראַפֿיעס פֿון באַרימטע פּערזענלעכקייטן, געשיכטעס פֿון וויכטיקע פּאָליטישע וועלט געשעענישן. אָט די ביכעלעך זענען געשלונגען געוואָרן דורך דער נאָך וויסן־דורשטיקער יוגנט בײַ אונדז אין שטעטל, ווי בכלל אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין דער פּוילישער רעפּובליק. און זיי זענען געוואָרן אַ זייער וויכטיקער מאַטעריאַל פֿאַר באַרײַכערן דעם רעזערוו פֿון וויסן און אָריענטאַציע בײַם באַהאַנד־

לען פאַרשידענע געזעלשאַפטלעך - פּאָליטישע פּראָבלעמען.

חיים האָט געהאַט זײַן ליבשאַפט־מאַניע צו ביכער און ער האָט אויך פון די „בראַשורן“ געמאַכט ביכער, אײַנגעבונדן צו 7—6 עקזעמפּלאַרן אין איין באַנד און אָנגעזאַמלט אַזוי אַרום אַ שיינע הויזביבליאָטעק.

לײדער, צו אונדזער אַלעמענס באַדויערן און ווייטיק, אין דער נאַכט פון 9טן סעפּטעמבער 1939, האָבן מיר צוזאַמען אויפן הויף פון אונדזער שטוב, דעם גרוב געגראָבן און דאָרטן, אין דעם גרויב באַהאַלטן ביכער און אַנדערע ווערטפולע אַרכיוו־מאַטעריאַלן וואָס זענען געווען אין אונדזער באַזיץ, צוליב פאָרזיכטיקייט און אויס מורא, אין דערוואַרטונג פון דעם נאַצישן אַרײַנקום אין אונדזער שטעטל.

אין יענע נעכט פון די ערשטע מלחמה־טעג האָב איך אים געזען מיט דער ביקס אויפן אַקסל, צוזאַמען מיט נאָך יוגנטלעכע פון אונדזער שטעטל אַרויסגיין אויף נאַכט־שמירה, אויף די וועגן צו די שכינותדיקע דערפער וואָס זענען געווען באַוווינט דורך פויערים אָפּשטאַמיקע פון דײַטשלאַנד, א״ג: „פאָלקס־דײַטשן“, אַ זאַרגענדער אומעט האָט זיך אַרויפגעלייגט אויף זײַן געזיכט און אַ ווייטיקלעכער דריקנדער אומרו האָט באַהערשט זײַן וועזן. דער אַרײַנקום פון די דײַטשן אין אונדזער שטעטל, דער פאַרזייטער מערדערישער חורבן און דאָס ביטערע לעבן און דעם ערשטן מאָנאַט פון נאַצישער אָקופּאַציע האָט זיך אײַנגעשניטן אין זײַן וועזן פיזיש און גײַסטיק.

שפּעטער, ווען מיר זענען שוין אין ביאַליסטאָק געווען און טאָג־טעגלעך האָבן די פרײלעכע רוסישע לידער פון זיג, לעבנס־לוסט און סטאַלין־רום פאַרהילכט די לופט פון דעם גאַנצן אַרום, האָט דער לעבנס־טומל נישט באַוויזן אַרויסצוויאָגן פון דער מחשבה דאָס גרויליקע בילד פון חורבן, דעם שרעקלעך פינצטערן אָנהייב פון אונדזער טראַגעדיע.

חיים איז געווען פון דער נאַטור אַ גוטער, זייער אַ געטרײַער, איבערגעגעבענער, האָט זייער ליב געהאַט די היים, די באַשיידענע אָרעמע נעסט פון אונדזער משפּחה, צוליב געשאַפענע סיבות וואָס זענען דורך קלאַנגען צו אונדז דערגאַנגען איז ער געגאַנגען צוריק קיין סטאָק, צוריק צו דער היים, צוזאַמען מיט די אייגענע געטראָגן די לאַסט און געוויטיקט די לײדן פון אַלע אונדזערע דאָרטגעבליבענע.

חיים איז געווען פון די ערשטע צווישן די טראַגישע בויערס פון דעם שכינותדיקן טויטן לאַגער „טרעבלינקע“ און אויך ווי אַלע דאָרטן געבליבענע, געוואָרן דער בלוטיקער קרבן פון אונדזער פאַרשניטענער היים.

זאָל זײַן אָנדענק געבענטשט זײַן!

זאָל זײַן נאָמען געהייליקט ווערן צוזאַמען מיט די צענדליקער און צענדליקער יוגנטלעכע באַוווסטזיניקע און טײַערע חברים און פרײַנד פון די פאַרשידנסטע אָרגאַניזאַציעס און באַוועגונגען וואָס האָבן צוזאַמען דעם טראַגישן גורל געטיילט, זאָל זײַן נאָמען געהייליקט ווערן צוזאַמען מיט אונדזערע טײַערע און אומפאַרגעסלעכע קדושי סטאָק!

---

# דרײַ זענען זיי געווען

## אַ פּאָר ווערטער וועגן דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק אין שטעטל

איך בין נאָך אַ יאַטל געווען, גאַנץ יונג נאָך, אין יענע טעג ווען די קאָאָפּעראַטיווע באַנק איז געשאַפן געוואָרן. דאָס איז געשען אין רעזולטאַט פון אַ שטעטלדיקן סכסוך, וואָס איז נישט פרעמד געווען אין קיין שום שטעטל אין דער פּוילישער צעשפּרייטקייט, אַ מחלוקת וואָס האָט זיך געפירט אַ צײַט לאַנג צווישן די מיטגלידער פון דער דאַן שוין עקזיסטירנדיקער באַנק, ביז אויף איינער אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז געקומען צו אַ שפּאַלטונג, אַ גרופּע מיטגלידער זענען אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג און האָבן געשאַפן די נײַע קאָאָפּעראַטיווע באַנק וואָס האָט באַלד אָנגעהויבן איר טעטיקייט.

בכדי צו קענען עקזיסטירן און לעגאַל פונקציאָנירן, האָט זי זיך געמוזט אָנשליסן אין דעם פאַרבאַנד פון קרעדיט קאָאָפּעראַטיוועס וואָס האָט זיך געפונען אין וואַרשע, אויף דער גאַס מאַריאַנסקע 8. די צענטראַלע איז געווען אונטער דער אָנפירונג פון דער „אגודה“ מיט הרב איטשע־מאיר לעווין און ה׳ אײַזיק בער עקערמאַן בראָש.

אין יענער צײַט איז מײַן ברודער שמחה געוואָרן דער בוכהאַלטער פון דער נײַער קאָאָפּעראַ־

טיווער באַנק און מיט דער מיטהילף פון דעם ה׳ אהרן פײַערטאַג אײַנגעשטעלט די בוכפירונג, ווי בכלל די אַנפירונג פון דער באַנק און אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט אין דער אינסטיטוציע, אַ טעטיקייט וואָס איז געלויבט געוואָרן דורך די קאָנטראָל - אינספעקטאָרן פון דער צענטראַלער אינסטאַנץ, וואָס האָבן צוויי מאָל אין יאָר באַזוכט די באַנק.

מײַן ברודער שמחה האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט ביז זײַן פאַרלאָזן פוילן, אין אויגוסט 1934. נאָך זײַן פאַרלאָזן דאָס שטעטל האָב איך איבערגענומען די אַרבעט און אַזוי אַרום אַרײַן אין טראַנס פון קאָנ־קאַשע מאַכער), וועלוועל שנײַדמאַן (דער בעקער) און חײַקל זשעלעניעץ (דער מאַנטשאַר), די וואָס האָבן מיט זייער זאָרגפולער איבערגעגעבנקייט געווידמעט אין משך פון יאָרן, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, טאָג־טעגלעך, מיט האַרץ און נשמה, די טעטיקייט פון דער אינסטי־טוציע.

ווי פאַראַנטוואָרטלעכע עסקנים זענען זיי גע־שטאַנען אויף דער געהעריקער הויך, געזעלשאַפט־לעך און מאָראַליש, אין דער דערפילונג פון זייער מיסיע, דערטיילן קרעדיטן אויף ליבעראַלע באַ־דינגונגען און מינימאַלע קאָסטן, און דורך דעם



אַ בליק בײַם אַרבעטס־טיש, זיצנדיק דער בוכהאַלטער שמחה לאַנדע;
שטייענדיק דער געהילף יואל לאַנדע

קרעטער הילפס־אַרבעט, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק טאָג־טעגלעך ביז אין די סאַמע ערשטע טעג פון חורבן.

דרײַ זענען זיי געווען די הויפט אָנפירערס פון דער קרעדיט־אינסטיטוציע, דרײַ זענען זיי געווען, פשוטע אַרבעטס־מענטשן, וואָס האָבן אין קיין שו־לעס נישט געלערנט, און דאָך מיט געניטשאַפט און לעבנס־פּראַקטיק אָנגעפירט מיט דער באַנק און זי פאַרוואַנדלט אין אַ וויכטיקער און מוסטערהאַפטער אינסטיטוציע צום נוצן פון אונדזער סטאָקער ייִדי־שער אָרעמקייט.

דרײַ זענען זיי געווען: לייבל אימבער, (דער פאַרלײַכטערן און מיטהעלפן דעם אָרעמען הענד־לער און בעל־מלאכה אין זײַן טאָג־טעגלעכן גע־ראַנגל פאַר פּרנסה, פאַר פשוטער עקזיסטענץ.

אונטער זייער אָנפירונג איז אײַנגעשטעלט גע־וואָרן דער אָפּעראַציע־סיסטעם פון „סאַלדאָס", וואָס איז געווען אַ וועכנטלעכער צוגאָב קרעדיט פון דעם סאַלדאָ־עודף וואָס איז געבליבן אין קאַסע מזומנים, נאָך די נאָרמאַלע באַנק־אָפּעראַציעס.

דער וועכנטלעכער צוגאָב קרעדיט האָט פּאַק־טיש מער ממשותדיקער צוגעהאָלפן דעם קליינ־הענדלער צו קענען דערפילן זײַנע צאָלונגען און „אַרײַנלויפן" קיין וואַרשע און זיך אײַנקויפן, פאַר־

גרייטן מיט דעם נייטיקן צום קומענדיקן מאַרק־טאָג. דאָס איז געווען ווי אַ מינימום באַצאָלטער גמילת־חסד, פון יעדע הונדערט זלאָטעס, פאַר די אַכט טעג קרעדיט, איז געצאָלט געוואָרן פופציק גראָשן.

וואָס שייך דעם אָפּצאָל פאַר די קרעדיטן וויל איך דאָ אינטערשטרייכן אַז ס'איז אָנגעווענדעט געוואָרן אַלע מעגלעכקייטן אויך צו קענען אַר־בעטן, עקזיסטירן סאָליד פינאַנציעל אַלס אינסטי־טוציע, נעמענדיק אַ וואָס קלענערן צינז־אָפּצאָל פאַר די אַרויסגעגעבענע קרעדיטן.

וויל איך דאָ פאַרצייכענען אַ פאַקט וואָס האָט באַשטעטיקט דעם ציל־באַוווסטזיין, ווילן און אויך דערמעגלעכט דאָס צו רעאַליזירן.

אין יענער צייט זענען מיר נאָך יונג געווען און געהאַט דעם ברענענדיקן ווילן צו געזעלשאַפט־לעכער אַקטואַציע, שטענדיק געלייענט, דיסקוטירט, געווען אַריינגעטאָן אין די אַלע טאָג־טעגלעכע פּראָ־בלעמען, פּאָליטישע און גאָר גאָר אין די עקאָנאָ־מישע, וואָס זענען געווען אַזוי פילבאַר אויף די אייגענע פּלייצעס פון אַ יעדן פון אונדז אין שטעטל.

אין יענער צייט, אין יענע טעג פון פאַרער־גערטער עקאָנאָמישער לאַגע, נאָך פּשיטיק, מינסק און אַנדערע פּונקטן, איז מיר אויפגעקומען אַ גע־דאַנק צו ווענדן זיך צו דער „דזשאָינט" צענטראַלע מיט אַ ווענדונג נאָך אַ ספּעציעלן קרעדיט פאַר אינדזער קאָאָפּעראַטיווער באַנק, וואָס זאָל דער־מעגלעכן צו פאַרקלענערן דעם צינז־אָפּצאָל פאַר די אַרויסגעגעבענע קרעדיטן.

אויף אונדזער ערשטער ווענדונג איז געקומען אַ ריין פאָרמעלער נעגאַטיווער ענטפער. איך האָב זיך נישט געפוילט און אָנגעשריבן אַ צווייטן בריוו מיט ברייט באַגרינדעטע מאָטיוון וואָס באַרעכטיקן דורכאויס אונדזער ווענדונג, צווישן אַנדערן האָב איך אונטערגעשטראָכן אַז מיר קענען נישט, ביי די לעצטנס געשאַפענע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע באַ־דינגונגען זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אָרעמע געל־טער פון אַלטע לייט, כלות און יתומים וואָס האָבן אונדז אָנגעטרויט זייערע אָפּשפּאָרונגען, און אַז מיר ווילן טאַקע האָבן אַ גרעסערן קרעדיט אויף אַ וואָס נידעריקערן צינז. דער בריוו איז געווען געשריבן אין יידיש און זייער גוט אַרגומענטירט, אַלס ענט־פער אויף דער צווייטער ווענדונג איז אַראָפּגעקו־מען אַ ספּעציעלער שליח פון „דזשאָינט", דער אינספּעקטאָר ה' גאָלדע, וואָס האָט גרינטלעך רע־ווידירט די גאַנצע טעטיקייט פון דער קאָאָפּעראַ־טיווע באַנק, געהאַט פול לויב־ווערטער פאַר דעם פעסטגעשטעלטן, אַ ספּעציעלן לויב פאַר דעם בריוו וואָס איז צוזאַמען מיט דעם באַריכט פון דער אינ־ספּעקציע איבערגעשיקט געוואָרן קיין פּאַריז, אין דער „דזשאָינט" צענטראַלע פאַר אייראָפּע.

מיר האָבן דאַן גלייך באַקומען אַ גרעסערן קרעדיט אויף דריי יאָר מיט אַ צינז פון פיר פּראָצענט יערלעך. דער באַקומענער קרעדיט האָט טאַקע דערמעגלעכט צו פאַרקלענערן דעם אָפּצאָל פאַר די קרעדיט אָפּעראַציעס מיט די מיטגלידער און פאַרזיכערן אַ סאָלידע באַזע פאַר דער גאַנצער באַנק טעטיקייט.

דאָס איז געווען ווי אַ פּרעמיע־זיג ספּעציעל פאַר אָט די דריי פערזאָן וואָס זענען אַזוי אומ־דערמידלעך געטריי געשטאַנען ביי דער אָנפירונג פון דער באַשיידענער קרעדיט אינסטיטוציע וואָס האָט געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אין אונדזער שטעטלדיקן יידישן לעבן.

איך זע דעם בנין פון דער קאָאָפּעראַטיווער באַנק וואָס האָט צייטנווייז געדינט אויף פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכער אַקטואַציע, וואָס איז געווען אַ טרעף־פונקט פאַר לייענען די טאָג־פּרעסע און דיס־קוטירן יידישע און וועלט פּראָבלעמען, וואָס איז געווען אַן אָרט פאַר פיל, פיל ציוניסטישע אַקטי־וויטעטן. איך זע דעם בנין וואָס איז נישט פאַר־ברענט געוואָרן און וואָס האָט געדינט פאַר אַ רע־טונגס פּונקט שוין אין צייט פון חורבן, איך זע די אינסטיטוציע וואָס האָט זיך אין אָט דעם בנין געפונען ווי אַ פּרעכטיקע בלום פון מוסטערהאַפטער קעגנזייטיקער הילף און יידישער סאָלידאַריטעט.

זאָלן די שורות דינען ווי אַ דערמאָנונג די הערלעכע מענטשן וואָס זענען געשטאַנען בראש פון דער אינסטיטוציע, די דריי אומדערמידלעכע עס־קנים: לייבל אימבער, וועלוול שניידמאַן און חייקל זשעלעניעץ צוזאַמען מיט דער גאַנצער מיטגלידער־שאַפט וואָס האָבן אַלע צוזאַמען געטיילט דעם טראַ־גישן גורל פון חורבן און אַריין אין דער לאַנגער בלוטיקער רייע פון אונדזערע טייערע און הייליקע קדושי סטאָק.

זאָלן זייערע נעמען געהייליקט זיין!

# דער כוח פון שטעטל

## (געווידמעט דעם אָנדענק פון אשר פלאַטנער)

אין איינעם אַ נומער פון דער צײַטונג „די פרעסע”, אין דער רובריק „פּערזאָנען געזוכט” האָב איך אין אַ געוויסן טאָג געפונען אַ מעלדונג פון איינעם אַ סטאָקער, מענדקע פלאַטנער, וואָס זוכט ווערמען פון זײַן סטאָקער משפחה, פעטערס אָדער קוזינען, בכלל ווערמען פון סטאָק, און אַזוי ווי ס׳איז געווען אָנגעגעבן דער אַדרעס זײַנער פון מאָסקווע, האָב איך גלײַך אַוועקגעשיקט צו אים אַ בריוו, געשריבן חבריש־פאַמיליאַר, אָן פּאָליטיק, אין דער רוסישער שפּראַך. נאָך אַ געוויסן צײַט־אָפּשניט האָב איך באַקומען פון אים אַן ענטפער, אַ גרעסערן בריוו מיט בײַגעלייגטע פאָטאָס, אויף צו דערמאָנען זיך. אין זײַן בריוו דערציילט ער מיר, אין קורצן, וועגן זײַן פאַמיליע, וועגן דעם פאַרלויף פון דער צײַט פון די מלחמה־יאָרן בכלל, ווי פאַר אַן אָנהייב, מער ווייניקער, אויף אָנצוהויבן אַ פרײַנדלעכן בריוו־קאָנטאַקט.

וואָס ס׳האָט מיך שטאַרק געוווּנדערט איז געווען די פאָרם ווי אַזוי איז געקומען די מעלדונג צו „די פרעסע” און אָט וואָס ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן:

אַ ייִדיש פּאָר פאָלק פון בוענאָס־אײַרעס, יצחק (איסאַק) קאדנער מיט זײַן פרוי זענען בעת זייערער אַ רײַזע איבער אייראָפּע, געווען אויך אין רוסלאַנד, אין מאָסקווע האָבן זיי, ווי יעדער ייִדישער טוריסט, באַזוכט אויך די מאָסקווער שיל. דאָרט האָט אַ יונגערמאַן, דערוויסנדיק זיך אַז די טוריסטן זענען פון אַרגענטינע, דערציילט אַז ער האָט משפחה ערגעץ ווי אין אַמעריקע, און אַז ער איז געקומען אין שיל זאָגן קדיש נאָך זײַן מוטער וואָס איז לעצטנס געשטאָרבן. דער שמש האָט אים ניט דערלויבט פונאַנדערצושמועסן זיך מיט זיי, איז ער אַוועק פון אים אין אַ צווייטן צימער. דערנאָך, אַרויסקומענדיק, האָט ער אים אַרײַנגעלייגט אַ צעטעלע אין קעשענע און אַ דאַנק דעם, קומענדיק צוריק פון דער רײַזע קיין בוענאָס אײַרעס, האָט ער דאָס צעטעלע אַרײַנגעגעבן אין „די פרעסע”.

ווען כ׳האָב באַקומען זײַן ענטפער־בריוו און באַקענענדיק זיך מיט דער קורצער, אָבער אַזוי פילזאָגנדיקער געשיכטע, האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט די ווירקונגס־קראַפט פון דעם שטעטל, פון אונדזער שטעטעלע מיט דער סביבה, דער כוח פון יוגנטלעכער חברישקייט, פון בשותפותדיקער ייִדישער לופט־אָטעמונג, ס׳האָט ווי אַ באַשטעטיקונג באַוויזן, אַז טראָץ דאָס פאַרוואָרפן ווערן אין די יאָרן פון מלחמה, אין סביבה פון פרײַדענקערישקייט און גאָטלאָזיקייט, אָפּגעזונדערט פון ייִדי־ען לעבן און פון ייִדישקייט בכלל האָט פלאַטנער, דערפילט זײַן מענטשלעך ייִדישן חוב אין אײַנקלאַנג מיט זײַן באַקומענער דערציִונג אין אונדזער קליין שטעטעלע, מיט געפילן פון ליבע און פאַרערונג פאַר זײַנע עלטערן, גייענדיק אין מאָסקווער שיל זאָגן דעם טראַדיציאָנעלן קדיש.

דער כוח פון אונדזער שטעטל, זײַן ווירקונגס־קראַפט און געפיל־אויסשטראַלונג גרייכט פיל ווײַטער ווי מיר באַנעמען געוויינלעך און אויבערפלעכלעך אין געלויף פון די טעג.

פאַרצייכענענדיק דעם דאָזיקן עפּיזאָד, קומט מיר אויף אין דמיון אַ צווייטער, וואָס איז פאַרבונדן מיט אָשר פלאַטנער דירעקט, אין די טעג פון סוף מלחמה ווײַט דאָרט אין די סטעפּעס פון אַזיע.

ערגעץ ווו ווײַט, ווײַט פון דער היים, טויזנטער קילאָמעטער ווײַט פון אונדזער שטעטעלע, האָט אין איינעם פון יענע טעג, פון נאָגנדיקער בענקשאַפט און פּײַנלעכן אומעט, אין יענע טעג פון אַזוי ווייטיקלעכן טרויער, ווען מיר האָבן אָנגעהויבן באַקומען באַשטעטיקנדיקע ידיעות וועגן דעם טראַגישן פאַרנעם פון אונדזער בראָך, ידיעות וועגן טאָטאַלער ליקווידאַציע פון אונדזערע ייִדישע ישובים אין פּוילן, אין איינעם פון יענע טעג, אין האַרבסט פון יאָר 1945 האָט מען מיר, בעת דער אַרבעט אין איינעם פון די אַרבעטס־פּונקטן אונטער טאַשקענט, געמאָלדן אַז מען זוכט מיך, אַז אין יענער זײַט פאַבריק־טויער וואַרט ווער אויף מיר.

ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן ווען כ׳האָב צוקומענדיק צום טויער, געזען, פון יענער זײַט שטייען און וואַרטן אויף מיר — אָשר פלאַטנער.

אַ שטראָם פון טרערן האָט באַהערשט אונדזער פריידיקע באַגעגעניש, עפּעס אין קלייניקייט, אַ פון יענער וועלט געקומענער, אָשר פלאַטנער, אַן אויסטויש פון פראַגן, פון ווערטער געשטיקטע דורך טרערן, און ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אויפוויקלען פאַר אונדז די „איכה־מגילה” פון די חורבן־יאָרן.

דעם צווייטן אָקטאָבער 1939, זענען מיר צוזאַמען אַוועק פון שטעטל, דער צווייטער אָקטאָבער איז געווען דער טאָג ווען ס'איז באַקאַנט געוואָרן אויף זיכער, אַז דער טײַך בוג וועט זײַן די צײַטווײַליקע רוסיש־דײַטשישע גרענעץ, דאַן זענען אַ גרעסערע צאָל יוגנט, אויך טייל משפחות גאַנצע, אַוועק קיין קאָסעווע, פון דאָרטן, דורכן אַריבערגיין דעם בוג, געצויגן דורך ניר, טשיזשעווע, לאפּי קיין ביאַליסטאָק. צווישן דער מחנה איז אויך געווען אָשר פּלאַטנער מיט זײַן גאַנצער משפּחה.



אָשר פּלאַטנער (אין דער מיט)
באַגלייט פון צוויי קאַמעראַדן באַזוכנדיק סטאָק
נאָכן חורבן

מיר האָבן זיך אייניקע מאָל געטראָפן אין ביאַליסטאָק און דערנאָך, בײַ דער ערשטער געלעגנהײַט, ווי גיך ס'איז נאָר מעגלעך געוואָרן, איז ער, צוזאַמען מיט זײַן גאַנצער משפּחה אַוועק טיף אין רוסלאַנד, די פרוי זײַנע, פּאַולינאַ, האָט געשטאַמט פון פּאָלטאַווע, איז במילא לײַכט געווען די גאַנצע פּראָצעדור און די באַלדיקע לײַכטע אַקלימאַטיזאַציע.

אין משך פון די כמעט פינף יאָר פון דער גרויליקער מלחמה, זינט יענע ערשטע טעג פון אונדזער נע־ונעדקייט, האָב איך נישט געהאַט פון זיי קיין שום ידיעות, און אָט איז געשטאַנען אָשר פאַר מיר פערזענלעך, אַ פיזיש געזונטער, זײַן גאַנץ וועזן האָט געשפּרודלט מיט ענערגיע אין לעבן, אַ פאַרהאַרטעוועטער אין משך פון די מלחמה־יאָרן, אויף די שלאַכט־פעלדער פון רוסלאַנד, פּוילן און דײַטשלאַנד האָט זײַן גאַנצער קערפּער געברויזט מיט לעבנס־קראַפט, זײַן פאַרברוינט געזיכט און האַרטע מאַזאָלעדיקע הענט, האָבן ווי עדות געזאָגט אויף דער ריכטיקייט פון זײַנער אַן אָפט איבערגעחזרטער פראַזע: — הערסט, יואל, כ'האָב געגערט נקמה! אַך, האָב איך גענומען נקמה, מיט די פולע הענט!... און ער האָט אין משך פון לאַנגע שעה'ן אין לויף פון טעג — נאָך אָט דער באַגעגעניש — דערציילט זײַן געשיכטע פון די אַזוי ביטערע מלחמה־יאָרן, געקענט דערציילן האָט ער, רײַך אין ווערטער און אין שילדערונגען. אָט דערציילט ער ווי אַזוי ער איז, אין גאַנג פון די פראָנט־שלאַכטן אַרײַנגעפאַלן אין „פּלען" צו די דײַטשן, צוזאַמען מיט זײַן גאַנצן גאַרניזאָן אויף דעם פראָנט־אָפּשניט, ווי אַ לעגענדע געשיכטע האָט געקלונגען דאָס שילדערן דאָס זײַן אין געפאַנגענשאַפט, ווי אַזוי ער האָט מיטגעמאַכט צוזאַמען מיט זײַנע קאַמעראַדן מוזולמענער (נאַצ'מענען פון די אַזיאַטישע געביטן אין רוסלאַנד) דאָס לעבן אין „פּלען", ווי אַזוי ס'איז אים געלונגען — אַדאַנק זיי — צו שפּילן די ראָל פון אַ „נאצמען" (וואָס זענען דאָס זעלבע, פּונקט ווי ייִדן געמלעט) און אַ דאַנק דעם איבערלעבן דעם געפאַנגענע לאַגער און נישט ליקווידירט ווערן גלײַך אַלס ייִד.

זאָל דאָ בײַ דער געלעגנהײַט דערמאָנט ווערן דער הויפּט־דאָקטער פון דעם לאַגער, דער אַנאָנימער מענטשן־מלאך, וואָס האָט מיט זײַן אינטעליגענטער אינטויציע באַנומען אין אָפּגעפּילט די מאַראַנען־ראָל וואָס דער „נאצמען" האָט געשפּילט, ער האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן און מיטלען וואָס זענען נאָר געווען צו זײַן רשות, מיטגעהאָלפן צום שיצן און ראַטעווען זײַן לעבן. ס'איז נישט צום דערשאַצן די טיף הומאַנע גרויסקייט וואָס ס'האָט פאַרמאָגט דער דאָקטער־מענטש אין יענע גרויליקע לאַגער באַדינגונגען. ס'איז כמעט אומגלויבלעך די געשיכטע וואָס האָט זיך דערנאָך באַשטעטיקט, אַז אויך ער, דער דאָקטער, מיט נאָך איין הויפּט מיטאַרבעטער זײַנער, פון לאַגער, זענען ייִדן געווען, און האָבן מיט טויט שרעק זיך געהיטן — איינער פאַרן צווייטן — נישט אויסצוגעבן זיך און נישט אַרויסרופן דעם מינדסטן פאַרדאַכט.

אָט די מאַראַנען ראָל איז געווען איינע פון די טראַגיש־העראָישסטע קאַפּיטלען וואָס ס'האָ־

בן אַרײַנגעשריבן צענדליקער און הונדערטער אַנאָנימע העלדן אין דער בלוטיקער געשיכטע פון דעם לעצטן חורבן.

אין גאַנג פון די פראָנט־קאַמפן האָבן די רוסן דערנאָך צוריק באַפרײַט יענעם געביט, און אויך באַפרײַט די געפאַנגענע, וועלכע זענען גלײַך געשיקט געוואָרן אין אינערן פון לאַנד, נאָך אַ געוויסער אויספאָרשונג און קאָנטראָל אויף פעסטצושטעלן געוויסע פרטים פון זייער לאַגער אויפפירונג, ווי אַזוי זיי זענען לעבן געבליבן, און נאָך געוויסע פאָרמאַליטעטן, איז אָשר פלאַטנער צוריק געשיקט געוואָרן אויפן פראָנט, מיטגעמאַכט אַלע געפאַרן אין שלאַכטן און איז מיט דער אַרמיי אין איר נצחון־מאַרש, פון פונקט צו פונקט, מיטגעגאַנגען ביז צו די טויערן פון בערלין, מיטגעקעמפט ביז צום פאַלן פון בערלין און פולשטענדיקער דײַטשישער קאַפיטולאַציע.

בעת זײַן „אָמריאַד" האָט אין גאַנג פון באַפרײַונגס־קאַמף זיך געפונען אין אָסטראָווע, האָט ער' געבעטן אַ דערלויבעניש אַראָפּצוכאַפּן זיך אויף געציילטע שעהן קיין סטאָק, וואָס געפינט זיך אויף אַ מרחק פון אַ 25 קילאָמעטער, ער האָט די דערלויבעניש באַקומען און אויך צו הילף, אויף אַ פאַל פון נויטווענדיקייט, נאָך צוויי מיליטאַרן, און זיי זענען אַרײַנגעפאָרן קיין סטאָק, וואָס איז שוין דאַן געווען באַפרײַט פון די דײַטשן. ער האָט גענומען נקמה אין די מערדער וואָס האָבן דירעקט מיטגעהאָלפן די דײַטשן אין זייער יידן־ליקווידאַציע.

אַ ווייטיקלעך געפיל האָבן מיר ביידע געהאַט רעדנדיק וועגן יענעם באַזוך אין שטעטל, דער לעבעדיקער עדות וואָס איז אין פײַער געווען, באַזוכט די היים און געזען די חורבות אוןליידער פעסטגעשטעלט דעם טרויעריקן אמת, דער סך־הכל פון אונדזערע קרבנות, אַך! ווי שרעקלעך! ניין, ס'האָט מיר זײַן נקמה נעמען, נישט געשטילט דעם ווייטיק, נישט געמינערט דעם טראַגישן פאַרלוסט. יאָ! ער האָט גענומען נקמה, ער איז געווען דער „גואל־הדם" און האָט אַ קילונג אין יענע טעג געהאַט און אויך דאַן ווען ער האָט איבערדערציילט די געשיכטע און מיר אַ פאָטאָ געגעבן, פון זיך, צוזאַמען מיט די צוויי קאַמעראַדן וואָס האָבן אים אין דער מיסיע באַגלייט. ער האָט געפילט יענע סאַטיספאַקציע פון אַ קעמפער, פון אַ העלדישן נקמה נעמער, וואָס האָט אין גאַנצן גאַנג פון דער מלחמה געהאַט פאַר זיך דעם רוף: בלוט פאַר בלוט, טויט פאַר טויט!

מיר, אין דעם ווײַטן אינערן פון לאַנד, אין ווײַטן אַזיע, פאַרשקלאַפטע, פאַראײַנזאַמטע, האָבן די היים, מיט אַלע אונדזעריקע, אַלע ליבסטע און טײַערסטע פאַרלוירן, מיר האָבן נישט צו וועמען צוריקצופאָרן. אַ שרעקלעך ביטער געפיל פון דעפרעסיע, פון פאַרלירן דעם מוט און חשק צום לעבן, פון פאַרלירן דעם אינהאַלט אין אונדזער טאָג־טעגלעכן זײַן.

טעג נאָך טעג האָבן מיר זיך געטראָפן און גערעדט, ער האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן פאַרלאַנג צו דערציילן וואָס מער און מער, געוואָלט איך זאָל פאַרצייכענען, מען דאַרף אַ בוך אָנשרײַבן האָט ער מיר געזאָגט, ער האָט זיך מיט דעם געדאַנק אַרומגעטראָגן, געטרוימט וועגן אַזאַ מעגלעכקייט, געפלאַנירט וועגן אַרויספאָרן פון רוסלאַנד, דאָס איז דאַן פאַר אים און זײַנע באַדינגונגען, אוממעגלעך געווען, זײַן טאָכטער טויבע האָט אין דער צווישנצײַט חתונה געהאַט, זײַן זון משהקע איז דערטרונקען געוואָרן ערגעץ ווו אין אַ קאָלכאָז, זײַן פרוי פאַולינאַ האָט אים נישט געלאָזט רעדן אַפילו וועגן אַרויספאָרן, און אַזוי, מיט אונדזער פאַרלאָזן רוסלאַנד, אין ענדע אַפריל פון 1946, איז דער קאָנטאַקט איבערגעריסן געוואָרן.

ערשט איצט, נאָכן אָנקניפּן דעם בריוו־קאָנטאַקט מיט זײַן זון מענדקע, בין איך געוווּיר געוואָרן וועגן זײַן טראַגישן טויט, אין ענדע 1948, אונטער טאַשקענט, ווײַט דאָרט אין אַזיע.

וויל איך דאָ, מיטן פאַרצייכענען דעם טאַשקענטער עפּיזאָד, דערפילן מײַן חוב לגבי אונדזער טײַערן פרײַנד אָשר פלאַטנער וואָס האָט אַזוי העלדיש געקעמפט און נקמה גענומען פאַר אונדזער פאַרגאָסן בלוט פאַר אונדזערע קרבנות, און דערמאָנען זײַן נאָמען אין אונדזער סטאָקער יזכור־בוך מיט פאַרערונג און ליבשאַפט צום שטענדיקן פאַרגעדענקען.

זאָל זײַן אָנדענק געבענטשט זײַן!

# באַוויינענדיק דעם ברודער סאַנעס טויט

אַרויסגענומען פון זײַנע בריוו
געשריבענע אין סוף יאָר 1953

יאָ! מיר אַלע זענען עלנט און אַליין, נישט געגוג וואָס אַלע וווינען מיר אין גרויסע שטעט, צווישן אַזוי פיל מענטשן. מען דאַרף האָבן נאָענט פון זיך אַן אייגענעם, מיט וועמען זיך צו טיילן נישט נאָר דאָס ביסעלע פרייד וואָס דאָס לעבן גיט אַמאָל, נאָר אויך מיט וועמען צוזאַמען אויסצוווייַנען די פּײַנען מיט וועלכע דאָס לעבן איז אונדז אַזוי מזכה ביט דער פולער האַנט.

צום באַדויערן זענען מיר אַזוי ווײַט איינס פון דאָס אַנדערע, אַז נישט נאָר האָבן אונדזערע קינדער נישט קיין משפּחה צובונד און ליבע, נאָר אַפילו מיר אַליין פאַרגעסן אָפּטמאָל אויך אַז אַבט ברידער זענען מיר געווען, אָבער דאָס איז אונדזער גורל, און ווער קען גיין אַנטקעגן גורל?

דאָס לעבן אין די לענדער איז זייער אַן אָנגעשטרענגטס, נאָר מען לויפט און נאָר מען יאָגט, און פרעג בחרם נאָך וואָס און נאָך ווען? געוועןצײַטן ווען מען איז געגאַנגען צופוס קיין ווענגראָוו, אויב מען איז געגאַנגען אין קאָמפּאַניע האָט מען פאַרבראַכט גוט דעם וועג שמועסנדיק, און אויב מען איז געגאַנגען אַליין, האָט מען געגעבן פרײַע האַנט דער פאַנטאַזיע, עס איז דעמאָלט געווען גענוג צײַט, כאָטש מען איז געווען יונג — און יוגנט איז דאָך אומגעדולדיק; הײַנט, ווײַל מען איז שוין אויף די עלטערע יאָרן, מ׳איז שוין מיד, מוז מען לויפן, יאָגן און נישטאָ קיין צײַט צומאָל זיך אָפּצושטעלן און באַוויינען דעם טראַגישן טויט פון אַ ברודער. איך זאָג טראַגישן, ווײַל בײַ זײַן עלטער האָט ער געמוזט שווער אַרבעטן און נישט געקאָנט זיך פאַרגינען דעם לוקסוס פון היילן זיך.

יאָ! מיר זענען פאַטאַל, שוין דערמיט אַליין וואָס מיר זענען צעוואָרפן אַזוי ווײַט איינער פון צווייטן, און אונדזערע קינדער פעלט דער משפּחה־צובונד צוליב וועלכן אויך זיי זענען עלנט פונקט ווי מיר אַליין זענען עס, און אויך דערפאַר וואָס דאָס לעבן האָט אונדז נישט באַשאָנקען מיט אַ ביסל געלט.

ווײַזט אויס אַז שווער פאַר אַן אונדזעריקן מיטעפעס זיך משמח צו זײַן, ווײַל דײַן בריוו, יואל, מיט דײַן נײַעם אַדרעס פון דײַן אייגענער וווינונג איז געקומען צו מיר פונקט אין אַ צײַט ווען מיר באַוויינען דעם טויט פון עלצטן ברודער, דײַן פעטער סאַנע, פון דער שוין אַזוי פאַרקלענערטער משפּחה.

געוויינלעך איז טויט אַזוי נאַטירלעך ווי לעבן, איך וואָלט געזאָגט אַז אפשר נאָך נאַטירלעכער ווי דאָס לעבן גופא, ווײַל דאָס לעבן איז מער קאָמפּליצירטער ווי דער טויט, מען זאָגט אויך, און אַלע ווייסן מיר עס, אַז פון זינט דער מענטש ווערט געבוירן איז ער פאַרמשפּט צו שטאַרבן, וואָלט דאָס שטאַרבן געדאַרפט זײַן אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך ווי צב״ש, דאָס אַוועקפאָרן פון אַ גאַסט און דגל., אָבער דאָס אַוועקפאָרן פון פּלאַץ מיט וועלכן מען האָט זיך אײַנגעלעבט ווערט אויך עמאָציאָנעל, בפרט דאָס אַוועקגיין פאַר אונדז אויף אייביק פון אַן אייגענעם איז אַזוי פּײַנלעך, טוט אַזוי ווי אַז עס איז שווער אַפילו וועגן דעם צו שרײַבן.

וויין איך אויף זײַן טויט, נישט נאָר ווײַל פאַר מיר איז סאַנע לעצטנס געווען אַמנאָענטסטן פון די איבעריקע משפּחה־מיטגלידער, ווײַל די געשיכטע פון מײַן אימיגראַציע איז פאַרבונדן מיט אים, מיר האָבן געוווינט צוזאַמען פון 1927 ביז 1938, און פון דאַן דרײַ מאָל בײַ אים געווען צו גאַסט און זיך קאָרעספּאָנדירט וועכנטלעך, אויך נישט נאָר דערפאַר ווײַל זײַענדיק דער עלטסטער ברודער האָבן מיר אים רעספּעקטירט און געהאַלטן ווי ער וואָלט געווען דער פאָטער אונדזערער און מיט אַלע זאַכן זיך מיט אים געײשובט. אויך נישט נאָר דערפאַר ווײַל מיט זײַן טויט האָט ער איבערגעלאָזט אַזאַ גרויסן בלויז אין מײַן און אין אונדזער אַלעמענס לעבן, איך וויין דער עיקר דערפאַר, ווײַל ער איז געשטאָרבן, ווײַל ער איז געשטאָרבן אין גרויסע יסורים, ווײַל ער איז געשטאָרבן אַן עלנטער, ווײַל זײַן לוויה איז געווען מער וויניקער, אַזעלכע ווי איך האָב מיטגעמאַכט דאָ נישט לאַנג בײַ שמואל בעלעגלהס טאָכטער, צו וועמענס לוויה עס זענען געקומען בלויז דרײַ מענטשן, און וועלכערס לוויה

האָט מיך אַזוי צעבראָכן, נישט ווײַל זי איז געשטאָרבן, דער טויט האָט זי אויסגעלייזט פון צו זײַן אין משוגעים־הויז, נאָר צוליב דער עלנטקייט, ווײַט פון אירע קינדער וועלכע געפינען זיך אַלע אין ניו־יאָרק. לוינט עס פאַרן מענטשן זיך אַזוי פיל אָנצומאַטערן בעתן לעבן, כדי נאָכער צו שטאַרבן איינזאַם, עלנט און פאַרלאָזן? איז דאָס דער גורל פון מענטשן?

וויין איך אויף זײַן טויט וואָס האָט אים פון אונדז אַוועקגעריסן, פונקט ווי איך וויין אויף זײַן לעבן וואָס ער האָט מקריב געווען און פאַרשפּילט, ווי איך וויין אויף זײַן עלנטקייט בעת זײַן לעבן און בעת זײַן טויט. און ער האָט לעצטנס דערפילט דאָס עלנטקייט, ער האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט וואָס מיר שרײַבן אים נישט, וואָס אַרגענטינע איז אין גאַנצן שטיל געוואָרן. האָט ער בעתן שרײַבן דאָס בריוול געטראַכט אויך וועגן דער איינזאַמער לוויה וועלכער ער וועט האָבן אַזוי שנעל, אָן אַ טרער צומאָל פון אָן אייגענעם? גאַנץ מעגלעך אַז יאָ, ווײַל דער בריוו האָט געוויינט פון פאַרצווייפלונג, פון עלנטער איינזאַמקייט אין אַ שטאָט פון נאָענטע אַכט מיליאָן מענטשן.

יאָ! דער גורל פון אַ מענטשן קען אַמאָל זײַן זייער קרועל (אכזריותדיק) און צו אים איז ער דאָס געווען, אפשר זײַן אייגענע שולד דערבײַ אויך אין אַ גרויסער מאָס, אָבער קען דען אַ מענטש וויסן אין פאָרויס די רעזולטאַטן פון זײַנע מעשים? און האָט דײַן מאַמע געהאַט אַן אַנונג אין די אָנהייב דרײַסיקער יאָרן, בעת זי האָט צוריקגעשיקט די שיפסקאַרטע וועלכע מיר האָבן געשיקט פאַר דײַן טאַטן, כדי מיר זאָלן איר בעסער שיקן דעם ווערט פון דער קאַרטע אין געלט אַרומצוצאָלן זיך פון די חובות, באשר דײַן טאַטע האָט פונקט דעמאָלט באַקומען אַרבעט בײַ שערעשעווסקען אין די וועלדער, אַז מיט דעם האָט זי פאַרחתמעט דעם גורל פון זיך אַליין און פון איר גאַנצער פאַמיליע. פאַרוואָס האָבן מיר זיך בכלל געדאַרפט אַזוי צעשפּרייטן אויף אַזאַ מהלך איינס פון אַנדערן, און אַלע זאָלן מיר פילן די עלנטקייט? האָבן מיר דען זיך נישט געקענט פאַמיעשטשען אַלע אין איין שטאָט און זײַן נאָענט פון זיך? גיי פרעג דעם ווינט פאַרוואָס ער וואָיעט, ער גיט זיך גאָר נישט אָפּ קיין רעכענונג פון שאָדן וואָס ער מאַכט אָן, אפשר וויל ער עס גאָרנישט אויך, אָבער דאָס איז זײַן גורל, סאַנעס גורל איז געווען זיך אָפּצופּלאָגן אַ לעבן און שטאַרבן עלנט און איינזאַם. אונדזער גורל איז צו האָבן איבערגעלעבט אַזוי פיל נאָענטע און נישט צו וויסן אַפילו ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען און אָן צו קענען טאָן עפּעס פאַר זיי.

וויין איך אויף סאַנעס טויט, אויף זײַן עלנט לעבן און זײַן איינזאַם שטאַרבן, איך וויין אויך פאַר דער עוולה וואָס מ׳האָט צו מיר און צו אים גופא געטאָן מיט נישט צו וויסן געבן מיר וועגן זײַן צושטאַנד, איך וואָלט געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונג און צו אים געפאָרן, און ווער ווייסט וויפל פרייד איך וואָלט צו אים געבראַכט ווען ער זעט מיך בײַ זײַן קראַנקן בעט, כאָטש מיר וואָלטן צווישן זיך נישט גערעדט נאָר בלויז אָנגעקוקט זיך, אפשר וואָלט ער אין די לעצטע שעהן פון זײַן לעבן זיך נישט געפילט אַזאַ פאַרלאָזענער?

אָבער וויין וויפל דו ווילסט, פון קבר נעמט מען קיינעם נישט צוריק, און אין קיין תחית המתים גלייב איך דערווײַל נישט, איז טאַקע די אבידה פיל גרעסער און דער צער גאָר גרויס, און איך פיל אַ גרויסע ליידיקייט אַרום מיר מיט זײַן אַוועקגיין. די עלנטקייט ווערט גרעסער, דאָס לעבן איז אַזוי האַרט, אַזוי שווער אַז פאַר אַ ביסל סענטימענטאַליזם, פאַר אַ ביסל אויסוויינען זיך אויף אַזאַ גרויסן פאַרלוסט, מוז עס זײַן באַגינען, ווען אַלץ אַרום שלאָפט, בעת דו זיצסט אַליין בײַם בייגעלע פּאַפּיר מיט דײַנע געדאַנקען, ווײַל אַ גאַנצן טאָג איז דער הו־האַ פון זוכן אַ שטיקעלע ברויט אַזוי גרויס אַז נישטאָ קיין צײַט פאַר אַזעלכעס, און ס׳איז נישטאָ פאַר וועמען צו רעדן און זיך אַרויסרעדן.

בײַם שרײַבן דעם בריוו לויפן פאַרבײַ געדאַנקען צענדליקער בילדער און סצענעס וועגן און פון סאַנען, וועלכע עס וואָלט זיך געוואָלט איבערגעבן אײַך, אָבער גלייבט מיר אַז עס איז פאַר מיר זייער שווער דאָס צו טאָן, איך מוז היטן מײַן ביסל געזונט נישט צוזאַמענצוברעכן, מוז מען „טרײַען״ צו פאַרגעסן, אַלענפאַלס, נישט לאָזן די פאַנטאַזיע צו פרײַ וועבן, גענוג אַז די פאַנטאַזיע צעשפּילט זיך בײַ מיר אין די חלומות בײַנאַכט, אַז די דורכגעלעבטע עמאָציעס אין שלאָף זאָלן מיר מאַכן פילן שלעכט אַ גאַנצן טאָג, איז עס טאַקע צופיל עגאָיזם פון מײַן זײַט, אָבער שוין טאָגט אין דרויסן און עס הייסט אַז אַ נײַער טאָג פאַנגט זיך אָן און מען דאַרף ווידער גייען צו דער אַרבעט, ווײַל דאָס לעבן שטייט

נישט אויף קיין אָרט, מען מוז מיטלויפן, יאָגן, און וואָס קען מען טאָן?

באַמערקונג פון רעדאַקציע:

שרייבנדיק וועגן סאנען, און אָנטרעפנדיק אין פיל אַרבעטן, דערמאָנונגען וועגן זיין פערזאָן און פאָזיציע וואָס ער האָט פאַרנומען ביים פאָרמירן און געשטאַלטיקן דאָס קולטורעל - געזעלשאַפטלעכע לעבן אין אונדזער שטעטעלע, האָבן מיר געהאַלטן פאַר נייטיק, און אויך פאַר וויכטיק, צוזאַמענצו־שטעלן און אַריינצונעמען די אַרבעט אין נאָמען פון זיין פאַרשטאָרבענעם ברודער בעריש, אַ קורצן אויס־צוג פון אייניקע בריוו זיינע, וואָס שפיגלט אָפּ די שווערע ליידן, צוזאַמען מיט די ביטערע געפילן פון איינזאַמקייט וואָס האָט באַגלייט אַ גאָר גרויסע צאָל פון אונדזערע דאָן נאָך — סטאָקער יוגנט, עמי־גראַנטן, וואָס זענען געוואָרן צעשפּרייט איבער לענ־דער און קאָנטינענטן פון דער וועלט, און פון וועל־כע, פיל פון זיי, האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין סימן און קיין זכר פון דערמאָנונג.

זאָלן די שורות זיין אונדזער דערמאָנונג און אונדזער יזכור נאָך אָט די אַלע איינזאַמע, כמעט פאַרגעסענע, לאַנדסלייט פון אונדזער שטעטעלע, צעזייטע און צעשפּרייטע איבער לענדער און קאָנ־טינענטן פון דער וועלט.



**היים ישעיה קופער** / מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

# צום אָנדענק פון אונדזערע אומגעבראַכטע מאַמעס

אין די אַלע יזכור־ביכער און פנקסים, וואָס עס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן נאָך די פאַרשניטענע יידישע שטעט און שטעטלעך ווערן דערמאָנט נאָר אין גרעסטן טייל זאַכן און געשעענישן פון היסטאָרישן באַדייט און פון מענטשן וועלכע זענען באַרימט געוואָרן. אויך די עפּיזאָדן וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש און וויכטיק פאַר דער געשיכטע פון פוילישן יידנטום.

דאָס בלעטל געשיכטע, וואָס איך וויל אָבער אַריינשרייבן אין דעם סטאָקער יזכור־בוך, איז אַזעלכעס וואָס וואָלט געדאַרפט זיין אין אַלע יזכור־ביכער! ווייל קיין שום געשיכטע פון די אַמאָליקע, שוין פאַרשוואונדענע צייטן, קאָן נישט זיין קיין גאַנצע און פולשטענדיקע, אָן דעם אַז מען זאָל דערמאָנען אונדזערע פאַרשניטענע און אומגעבראַכטע יידישע מאַמעס!

עס איז געווען און שוין מער נישטאָ די „יידישע מאַמע”; די יידישע מאַמע פון אונדזער אַמאָל, קאָן שוין מער נישט קומען צוריק! מען האָט זייער וויייניק געהערט פון איר ביים לעבן, ווייל זי איז שטענדיק געווען הינטער די קוליסן, איז שוין איצט די העכסטע צייט, אַז איר אָנדענק זאָל דערמאָנט ווערן.

היינט, ווען מיר אַליין זענען שוין עלטערן און באָבעס און זיידעס, קאָנען מיר איינזען וואָס אונדזערע מאַמעס זענען געווען און וויפל מי און מאַטערניש זיי האָבן אַריינגעלייגט אין אונדזער דערציונג. עס זענען דאַן נישט געווען די היינטיקע היימען מיט בלויז צוויי אָדער דריי קינדער; עס זענען דאַן אויך נישט געווען די פאַרשידענע טעכנישע הילפס־מיטלען, וועלכע די מאָדערנע צייט האָט געשאַפן פאַר די יונגע מאַמעס פון דעם היינטיקן דור. דאָך האָט אונדזער מאַמע געהאַט צייט און געדולד פאַר איר גאַנץ גרויס הויזגעזינד.

דערמאָנט זיך אָבער אין אונדזער מאַמע!

זי פלעגט זיך אויפהייבן פאַרטאָג, אין היצן און אין קעלטן און ביי אַ קליין און טונקל נאַפט־לעמפל, איז זי אַרויסגעגאַנגען און אַריינגעבראַכט דאָס האָלץ, וואָס איז אין גרעסטן טייל געווען פייכט און פלעגט נעמען איינהייצן דעם אויוון. איינגעבויגענערהייט, האָט זי געבלאָזן, אַז דאָס פייער זאָל זיך פונאַנדערברענען און אין שטוב זאָל ווערן אַ ביסל וואַרעם. זי פלעגט צוגיין צום עמער, מיט דער מעשענער שעפּ, אויפגעהאַקט דאָס אייז פון דעם וואַסער, וואָס איז אָפטמאָל פאַרפרוירן געוואָרן איבער דער נאַכט; זי פלעגט אָנשעפּן וואַסער און גענומען צוגרייטן אַ גריץ פאַר דער משפּחה.

קאַלט איז געווען אין דרויסן און אויך אין שטוב, פלעגט זי לויפן פון איין קינד צום צווייטן און עס איינדעקן. און מיט אַ שוואַרץ פּנים, פון בלאָזן אין קוימען, פלעגט זי זיך שטעלן שאָבן די קאַרטאָפל צו דער גריץ, כדי אירע קינדער און דער מאַן זאָלן אין דער פרי האָבן וואָס צו עסן.

און ווען די קינדער זענען שוין געווען אָנגעטאָן, אַרומגעוויקלט און איינגעטוליעט קעגן דער קעלט — און פלעגן שוין אַוועק אין חדר, האָט זיך ערשט איצט אָנגעהויבן איר אַרבעטס־טאָג. דאָס צוגרייטן דעם מיטיק און דערביי נישט פאַרגעסן די ציג, אָדער די קי אין שטאַל. זי האָט אויך באַדאַרפט צורוימען דאָס הויז און פאַרריכטן די קליידער פון דעם הויזגעזינד.

מען דאַרף זיך אויך דערמאָנען, וואָס עס האָט באַדייט פאַר אונדזערע מאַמעס דאָס וואַשן וועש! שוין שבת־צו־נאַכטס ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטערנס, האָט די מאַמע גלייך גענומען צוויי עמערס און אָנגעהויבן צו טראָגן דאָס וואַסער (קיין קראַנען און קיין וואַסער־ליישונג, איז נישט געווען). נאָך דעם האָט זיך אָנגעהויבן די „סדרה” פון איינווייקן, וואַשן, רייבן, דאָס קאָכן, אויסדרייען אין דאָס טראָגן צום בריקל צו שווענקען און קלאַפּן מיט דער „קליאַנקע” די וועש אין דאָס צוריקברענגען אַהיים צו קראָכמאַלען און בלויען מיט „בלויעכץ”. דאָס אויסדרייען און אַרויפטראָגן אויפן בוידעם צום טריקענען. און אַזוי פלעגט די מאַמע וואַשן אַ גאַנצע וואָך און דערביי נישט פאַרלאָזט אירע אַנדערע טאָג־טעגלעכע אַרבעטן און פליכטן, ווי רוימען און קאָכן און אַנדערע זאַכן.

— ווער דערמאָנט זיך דאָס גרייטן אויף שבת?

מען האָט באַדאַרפט האָבן פיש אויף שבת! אָבער אַז עס האָט זיך געטראָפן, אַז עס זענען נישט געוועזן קיין פיש אויף שבת —און דאָס פלעגט זיך טרעפן זייער אָפט— פלעגן אונדזערע מאַמעס מאַכן „פיש" פון געהירן... און וויפל מאָל פלעגן אונדזערע מאַמעס מאַכן פון קאַרטאָפל אַ טשאָלנט? אַ רייבאַק, לאַטקעס, אַן „אולניק" א״אַ זי פלעגט אָנפילן דערמיט אַ מעגעלע, מאַכן האלקעס און אונדזערע מאַמעס זענען געוועזן אמתע קינסטלערינס אין דעם פאַך פון צוגרייטן מאכלים פון ממש גאָרנישט... און דאָך האָט די מאַמע אַרײַנגעבראַכט דעם שבת מיט כבוד און געמאַכט ליכטיק און ציכטיק דעם שבתדיקן טיש און אויסצוואָגן די קינדער די קעפּלעך און צוגעגרייט פאַר אַלע פרישע וועש און אויסגעפוצט פאַרן מאַן די קאַפּאָטע, אַז ער זאָל גיין בכבוד אין בית־מדרש.

איצט וואָס שײַך די יום־טובים, איז ווי קאָן מען פאַרגעסן אַן ערב־פּסח?

די מאַמעס פלעגן קאַלעכן דאָס הויז, גערייניקט די בעטן, איבערגעלייגט די שעניקעס און אַרײַנגעלייגט פרישע שטרוי אין זיי; געגאַנגען העלפן באַקן די מצות און שפּעטער צוגרייטן דעם סדר. דערמאָנט איר זיך אונדזערע מאַמעס בײַם סדר? אַלע זענען מיר געזעסן בײַם שיין צוגעגרייטן טיש, געזאָגט די הגדה און געטרונקען דעם ווײַן וועלכן די מאַמע האָט מיט וואָכן פריִער צוגעגרייט פון אײַנגעלייגטע ראָזשינקעס. און מיר פלעגן מיט גרויס אַפּעטיט זיך צוקוקן ווי די מאַמע שטעלט אַוועק אויפן טיש די געשמאַקע מאכלים. איר פּנים פלעגט שײַנען מיט עכטער יום־טובדיקייט — און קיינעם איז נישט אײַנגעפאַלן אין דעם מאָמענט צו טראַכטן, אַז זי האַלט זיך קוים אויף די פיס פון מידקייט. און אין די אַכט שיינע, וואַרעמע פּסח־טעג, ווען מיר אַלע האָבן פאַרבראַכט אין דרויסן, איז די מאַמע כמעט נישט אַרויסגעטראָטן פון דער שטוב, נאָר געאַרבעט, געקאָכט און געגרייט דאָס עסן פאַר דער משפּחה.

דאָס איז בלויז אַ קליינער אַרײַנבליק אין טאָגטעגלעכן לעבן פון אונדזערע אַמאָליקע מאַמעס. און פּונקט אַזוי שטיל און איבערגעגעבן ווי זיי האָבן געלעבט, אַזוי זענען זיי אויך שטיל געגאַנגען צו די גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס — און זיי אַלע פאַרדינען, אָן ספק, אַז מען זאָל זיי דערמאָנען יעדן טאָג פון אונדזער לעבן און אַוודאי דאַרפן זיי דערמאָנט ווערן אין אונדזער יזכור־בוך.

זאָלן אונדזערע ליבע, גוטע און געטרײַע מאַמעס געדענקט ווערן אויף אייביק!



„ואעבר עליך ואראך מתבוססת בדמיך ואמר לך
בדמיך חיי, ואמר לך בדמיך חיי"...

יחזקאל ט"ו




לזכר אבותינו ואמהותינו אחינו
ואחיותינו בנינו ובנותינו
קדושי ק"ק
# סטוק (סטוצ'ק)
ע"י וגגרוב
(פלך שדליץ פולין)
שנהרגו ונשחטו שנשרפו
ונקברו חיים ע"י הנאצים ימ"ש
בשנות השואה
השם יִנקום דמם
זכרם לא ימוש מאתנו לנצח
יום הזכרון תשרי תשי"ב
ארגון יוצאי סטוק, בישראל ובגולה

פאקסימיל פון דעם אָנדענק־טאָוול פון ארגון יוצאי סטוק אין מרתף השואה, ירושלים

# פינפטער יארצייט
# נאך די קדושי־סטאָק און אומג.
# י׳ג תשרי תשג׳ – י׳ג תשרי תש׳ח

ג טרעבלינקע
ע מאידאנעק
ד אשוויענטשים
ע בוכענוואלד
נ דאכאו
ק די גאז־קאמערן

יזכור!

6,000,000

וָאֶעֱבֹר עָלַיִךְ וָאֶרְאֵךְ מִתְ־
בּוֹסֶסֶת בְּדָמָיִךְ וָאֹמַר לָךְ
בְּדָמַיִךְ חֲיִי וָאֹמַר לָךְ בְּדָ־
מַיִךְ חֲיִי

יחזקאל ט״ז

און איך בין פאַרבייגע־
גאַנגען פאַרביי דיר, און
האָב דיך געזען זיך וועל־
גערן אין דיין בלוט און
איך האָב געזאָגט צו דיר
אין דיין בלוט: לעב!
יאָ, איך האָב געזאָגט צו
דיר אין דיין בלוט: לעב!

די ליקווידאַציע פון די לעצטע סטאָקער יידן

פייניקונגען אין סטאָקער ארעסט הויז

### פאַרטיזאַנער הימן

זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס׳וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט: מיר זיינען דאָ!

פון גרינעם פּאַלמענלאַנד ביז ווייסן לאַנד פון שניי,
מיר קומען אָן מיט אונדזער פּיין מיט אונדזער וויי,
און וווּ געפאַלן איז אַ שפּריץ פון אונדזער בלוט,
שפּראָצן וועט דאָרט אונדזער גבורה אונדזער מוט.

ס׳וועט די מאָרגנזון באַגילדן אונדז דעם היינט,
און דער נעכטן וועט פאַרשווינדן מיטן פיינט,
נאָר אויב פאַרזאַמען וועט די זון אין דעם קאַיאָר,
ווי אַ פּאַראָל זאָל גיין דאָס ליד פון דור צו דור.

געשריבן איז דאָס ליד מיט בלוט און ניט מיט בליי,
ס׳איז נישט קיין ליד פון אַ פויגל אויף דער פריי,
ס׳האָט אַ פאָלק צווישן פאַלנדיקע ווענט
דאָס ליד געזונגען מיט נאַגאַנעס אין די הענט.

זאָג נישט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
ווען הימלען בלייענע פאַרשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאָך אונדזער אויסגעבענקטע שעה,
ס׳וועט אַ פּויק טאָן אונדזער טראָט: מיר זיינען דאָ!

# ערע זייער ליכטיקן אנדענק!

די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט
אין אַרגענטינע.

פאַקסימיל פון דעם אָנדענקס־פּלאַקאַט פון סטאָקער לאַנדסלייט פאַריין אין אַרגענטינע

י ו א ל

# אַ וואָרט וועגן דער דורכגעפֿירטער עקסהומאַציע

מיט געפֿילן פֿון צער און ווייטיק האָב איך אָנגעהויבן לייענען די פּאַרציי־כענונגען וואָס עס האָבן געמאַכט אונדזערע לאַנדסלײַט, די חברים און פֿרײַנד פֿייגע זשעלעניעץ און איטשע טאָשער וועגן דער אַדורכגעפֿירטער עקסהומאַציע און אויך די קבורה פֿון אונדזערע סטאָקער קרבנות, צעזייטע און צעשפּרייטע אויף די וועגן, פֿעלדער און וועלדער און פֿאַרשידענע ערטער אַרום דעם שטעטל.

לייענענדיק האָבן טרערן פֿון ווייטיק און פּײַן אָנגעהויבן פֿליסן איבערן גע־זיכט, איך האָב זיך דערמאָנט אין ביאַליקס מעכטיקער פּראָטעסט־פּאָעמע „אין שחיטה שטאָט", וואָס ער האָט אָנגעשריבן באַלד נאָך דעם בלוטיקן קישיניעווער פּאָגראָם, זײַן אַזוי שטורמישן און פּײַנפֿולן אויסרוף:

טאָ וואָס־זשע וויינסטו, מענטש!
קריץ שטאַרקער מיט די ציין און פּלאַץ פֿאַר ווייטיק!
קום און גיי מיט מיר אין שחיטה־שטאָט!

און איך בין מיטגעגאַנגען דעם פּײַנפֿולן וועג וואָס עס האָבן געמאַכט אונד־זערע חברים לאַנדסלײַט אין יענע טעג בײַם אַדורכפֿירן זייער הייליקע מיסיע, איך בין מיטגעגאַנגען דעם פּײַנפֿולן וועג און איך בין —אין געדאַנק, אין די מאָמענטן פֿון לייענען די שורות— געווען מיט זיי אין שטעטל און לייענענדיק אַזוי זע איך זיי, ווי זיי גראָבן די ערד, עפֿענען אויף די גריבער און נעמען צונויף די גלידער, רעשטן פֿון געוועזענע קערפּערס, פֿון געוועזענע מענטשלעכע וועזנס וואָס זענען אונדזערע ליבסטע געווען, וואָס זענען אונדזערע הייליקסטע קרבנות געוואָרן.

און מיטמאַכנדיק אַזוי דעם וועג, צווישן די שורות פֿון די פֿאַרשריבענע בלעט־לעך, האָב איך זיך ווי שולדיק דערפֿילט, שולדיק פֿאַר ניט באַזוכן דאָס שטעטל אין יענע טעג פֿון יאָר 1946, ווען איך בין שוין בײַם אויטאָבוס אין וואַרשע געשטאַנען און נישט געהאַט די נויטיקע זיכערקייטס באַגלייטונג, נישט געהאַט די נויטיקע שיין, און אפֿשר טאַקע אויך נישט געהאַט דעם נויטיקן מוט דאָס צו פֿאַרווירקלעכן. יאָ! געווען איז דאָס טאַקע אין יענע טעג פֿון אָקאָרשטיקן קעלצער פּאָגראָם, און איך בין אין שטעטל נישט געווען! האָב איך זיך טאַקע ווי שולדיק געפֿילט כסדר, איז לייענענדיק אַזוי ווײַטער און ווײַטער —איך שעם זיך נישט דאָס אויסצוזאָגן— האָט זיך אין מײַן אונטערבאַוווּסטזײַן אַרײַנגעגנבֿעט אַ קנאה געפֿיל צו זיי, צו זיי — די אויספֿירערס פֿון דער הייליקער מיסיע וואָס האָבן מיט זייער טאַט דערפֿילט דאָס וויכטיקסטע און היי־ליקסטע וואָס האָט געלאַסטעט אויף אונדז אַלע, די לעבנס־געבליבענע פֿון נאָך דעם חורבן.

וויל איך אַרויסהויבן דעם גאַנצן קרײַז פֿון אונדזערע שארית־הפּליטהני־קעס וואָס האָבן בעת זייערן אַ יזכור־אָוונט אין נידערשלעזיע, אין יאָר 1947, באַ־שטימט דורכצופֿירן די הייליקע אַרבעט פֿון עקסהומאַציע און שטעלן אַ מצבֿה־דענק־מאָל אין אונדזער שטעטל גופֿא, און אין אונדזער אַלעמענס נאָמען, סימבאָליש נאָך אַלע קדושי־סטאָק.

אָט די באַשטימונג האָט פאַרוואַנדלט יענעם יזכור־אָוונט ווי איינעם פון די וויכ־טיקסטע און טראַנסצענדענטאַלע פאַר אונדזערע אַלע סטאָקער לאַנדסלייט און איז אויך שטענדיק — לדורות געבענטשט מיט אונדזער אַלעמענס ברכה פון לאַנדסמאַנשאַפט־לעכער דאַנקבאַרקייט.

צו אייך, די אויספירערס פון אָט דער באַשטימונג; צו אייך די אָנטיילנעמערס און אַדורכפירערס פון אָט דער הייליקער עקסהומאַציע־מיסיע — אונדזער אומבאַ־הערענצטע מענטשלעך - ברידערלעכע דאַנקבאַרקייט פאַר דעם גאַנצן עקיפּ אָנ־טיילנעמערס, זאָלן אייערע נעמען —דורך אייער טאַט— באַשיינען די זייטן פון אונד־זער יזכור־בוך, אייער דורכגעפירטע מיסיע האָט אַן אינהאַלט געגעבן אונדזער וויי־טערדיקן גאַנג אין לעבן און מיט באַרעכטיקונג געעפנט דעם וועג צו קענען שטעלן די איצטיקע יזכור־מצבה נאָך אונדזערע קדושי־סטאָק.



## טעקסט פון מאָנומענט נאָך קדושי־סטאָק

„דאָ רוען די יידישע איינוווינער פון סטאָק, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון די היטלער־מערדער און זייערע צוהעלפערס פון שטעטל״.

פייגע זשעליענעץ רײַטער / (ישראל)

# סטאָק אָן ייִדן — און עפּעס וועגן זייער אומקום

(אַנשטאָט מתנות, ברענג איך פֿאַר אײַך אַ קלאָג־ליד)

אַוועק בין איך פֿון אײַך, אַז איר זאָלט מײַן טויט נישט זען,
גערוואָלט אײַך דאָס לעבן מאַכן לײַכטער.
הײַנט קאָרטשעט זיך מײַן האַרץ אין טיפֿע וויייען
— צי וועל איך אײַך נאָך זען ווען אַ מאָל?

די טויט־פֿאַבריק טרעבלינקע!
זאָגט שוין, וואָס מיט אײַך איז געשען.
איך קוק אויף אײַער שוידערלעכן אומקום,
ווי איך וואָלט מיט אײַך דאָ געווען.

די פֿײַער־צונגען ציִען זיך פֿאַר מײַנע אויגן,
אײַערע פֿאַרצווייפֿלטע געשרייען רײַסן דורך מײַן אויער.
מײַן קאָפּ איז אין טיפֿן צער געבויגן
איך היל אײַך אַלע אײַן אין טרויער.

נישט זען מער, דעם טאַטנס קאָפּ דעם גרויען,
דער מאַמעס טיפֿע, קלוגע קנייטשן.
די אונטערוואַקסנדיקע שוועסטער, ברידער און קינדער,
וואָס פֿאַרוואָרצלט, אין מײַן האַרץ, איז יעדער באַזונדער.

הײַנט וואַרט שוין קיינער נישט אָפּ מײַן קומען,
נישט דאָס שטעטל סטאָק דאַרף מיך צוריק.
איך וויל נאָר וועמען פֿון אײַך געפֿינען —
און דאָס וועט זײַן מײַן הײַנטיק גליק.

(דערעוויעצק, 6טער אַפּריל 1948, נאָך דער עקסהומאַציע)

אויב אַלע שטעטלעך האָבן אַזוי אויסגעזען ווי אונדזער סטאָק, נאָכן אומברענגען די דאָרטיקע ייִדישע אײַנוווינער, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס איז אַ טראַגישער אונטערגאַנג פֿון דער גאַנצער פּוילישער פּראָווינץ; נישט דערמיט וואָס עס איז פֿאַרקלענערט געוואָרן איר באָדן, נאָר מיט דעם אינעווייניקסטן ווערט, וואָס די פּוילישע פּראָווינץ און אירע שטעטלעך האָבן געהאַט מיט דעם פֿאַרלירן דעם גרויסן ייִדישן אוצר — וואָס די פּאָליאַקן האָבן קיין מאָל נישט אָפּגעשאַצט און מיט דעם גלאָרײַכן גלאַנץ, וואָס דאָס לאַנד האָט פֿאַרמאָגט אין דעם פּאַקטיש אָרעמען ייִדישן פֿאָלק. דאָס אומגליק ווערט נאָך גרעסער אין אָנבליק פֿון דער פּוילישער ווירקלעכקייט, ווען עס הייסט, אַז דאָס האָט געזיגט — און אין אַ גרויסער מאָס איז דאָס אַ „זיג" איבער דער מער נישט עקסיסטירנדיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג, וועמען עס איז נישט באַשערט צו גענ[י]סן פֿון דאָס „באַנײַטע" פּוילן.

ווען איך בין אַוועק פֿון סטאָק, נאָך דעם, ווי אַ צײַט לאַנג האָט אויף אונדז געטראָטן דער היט־

ליעריסטישער שטיוול און נאָך דעם ווי עס זענען געמאַכט געוואָרן חורבות פון אונדזערע הײַזער; נאָך דעם ווי צענדליקער זענען אומגעקומען פון די באָמבאַרדירונגען און נאָך אַ סך זענען טאָג־טעג־ליך דערשאָסן געוואָרן. און די וואָס זענען גע־בליבן „לעבן" זענען געווען פאַרשטעקט אין זייע־רע הײַזער, אָדער אין ספּעציעלע באַהעלטענישן — און איינער האָט נישט געוווסט פון דעם צווייטן. איז אָבער דאָרטן פאַרט נאָך געווען אַ יידיש לעבן, כאָטש די דײַטשן האָבן באַלד פון דעם ערשטן טאָג, ווען זיי האָבן באַטראָטן די ערד פון אונדזער שטעטל, האָבן זיי גלײַך אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף די יידי־שע אײַנוווינער — אַ שרעק, וואָס איז געווען גע־מישט מיט טויט — האָט אָבער אין יענער דײַטשער צײַט, דאָך געאָטעמט מיט יידיש לעבן און סטאָק האָט נאָך אַלץ געהאַט אַ יידישן אויסזען.

אָבער ווען מיר זענען געקומען קיין סטאָק אין יאָר 1948, צוזאַמען מיט אהרן פּײַערטאָג, איטשע טאַשער און טויבע־גיטל גאָלדפאַרב, כדי דאָרטן ד ו ר כ צ ו פ י ר ן די עקסהומאַ־ציע פון אונדזערע קדושים, וואָס זענען אומגע־בראַכט געוואָרן דורך די דײַטשן מיט אַלע מיתה משונה־טויטן; פאַרפּײַניקטע, צעשאָסענע און פון הינט צעריסענע; ווען מיר האָבן געוואָלט צוזאַ־מענקלײַבן די ביינער און די רעשטלעך פון די איינ־צלנע באַהאַלטענע, וואָס האָבן זיך געוואָלט ראַ־טעווען פון דעם טויטן־לאַגער פון טרעבלינקע (דעם גרעסטן טייל יידן פון סטאָק, האָט מען געפירט צו פאַרגאַזן קיין טרעבלינקע — און עס איז פון זיי בלויז פאַרבליבן דאָס הייליקע אַש, וואָס עס איז צויסגעמישט געוואָרן מיט דעם אַש פון די קדושים פון אַנדערע פלעצער. אָבער דאָך זענען נאָך גע־בליבן גענוג דערמאָרדעטע אין אַ גרויסן ברידער־קבר, וואָס אונדזערע פאַרפּײַניקטע ברידער, האָבן פאַר זיך אַליין געמוזט אויסגראָבן); דעמאָלט האָבן מיר מער אונדזער אַמאָליק שטעטל נישט דערקענט און שוין דאָרטן נישט געפונען מער קיין שום סימן פון אַמאָליקן יידישן שטעטל.

נעבן דעם גרויסן אײַנגעפאַלענעם ברידער־קבר, האָבן מיר אַוועקגעשטעלט די קאַסטנס ביינער, וואָס מיר האָבן אויסגעגראָבן: ביינער פון מענער, פרויען און פון קליינע קינדער, שטייען צוזאַמען — און מיר פירן זיי אַריבער אין זייער פרישן קבר, וואָס איז דער נײַער בית עולם. דער אַלטער בית עולם, דער פון אַ סך יאָרן און דורות, איז מער נישטאָ, פונקט ווי עס זענען נישטאָ די יידן, וואָס האָבן דאָ אַמאָל געלעבט.

## בײַם ברודער־קבר בעת דער עקסהומאַציע



אויפן בילד זעט מען אַלע באַטייליקטע צונויפגעפאָרן פון גידער־שלעזיע: סאַנע ראָזענבוים, זײַן זון איטשע און טאָכ־טער ציריל ראָזענבוים, פייגע זשעלעניעץ, שמואל יאָסל קראָנפעלד, ישראלקע קופּער, משה חיים שטולוואַרק, שמואל־קע שנײַדמאַן, אברהם ברומבערג און איטשע טאָשער.

שטייען מיר דאָ צווישן די קברים פון אונדזער קליינעם סטאָק — און זייער קליין איז געווען אונ־דזער צאָל. און איך טראַכט בײַ מיר: ווי גוט איז אײַך, אומגעקומענע, וואָס איר זעט נישט די אי־בערגעבליבענע פון אונדזער פאַרשניטענעם דור — און איר זעט נישט אײַער אייגענעם אונטערגאַנג. איך שטיי דאָ אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ און טראַכט בײַ מיר, וואָס איז מיר פאַרבליבן פון אַ האַלבן לעבן, וואָס איך האָב אָפּגעלעבט מיט אײַך, מיט אייגענע און פרײַנד? הײַנט שטיי איך דאָ ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע צווישן פרעמדע, וואָס זענען אפשר געווען די מיטהעלפער אויף אומצוברענגען אײַך — און בײַ זיי דאַרף איך דאָס אָפּנעמען דעם לעצטן גרוס, וועגן דעם ווי אַזוי מען האָט אײַך אַרויסגעפירט אויף דעם לעצטן וועג.

בײַם געזעגענען אונדזערע טײַערע און נאָענטע קדושים, בײַ דעם אָפענעם קבר מיט די קאַסטנס ביינער, געזעגנט אויך דער פּוילישער לערער קאָשטשוקעוויטש און זאָגט: „איך בין אַן עדות פון אײַער גרויל און פּײַן און איך האָב געזען, ווער עס האָט זיך געיאָגט נאָך אײַער לעבן און ווער נאָך

אײַער פאַרמעגן. אַלע, אַלע, זענען מיר געווען מיטהעלפער און זיך מיטבאַטייליקט אין אײַער אומקום; איך שעם זיך הײַנט צו זײַן אַ קאַטאָליק; איך שעם זיך מיט אַזאַ פאָלק, וועמען די געשיכטעפאָרשער וועלן מיט עקל דערמאָנען, דעם הײַנטיקן דור אונדזערן, וואָס האָט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל ברוטאַלקייט, צו די יידישע אײַנוווינער אין אונדזער לאַנד בכלל און צו די יידן פון אונדזער שטעטל בפרט, אונדזער פאָלק האָט זיך באַדעקט מיט חרפה פאַר די קומענדיקע דורות".

## אַ מאָמענט פון לוויה־צוג



בראש מיט פייגע זשעלעניעץ, אהרן פײַערטאַג און איטשע טאָשער

נאָכן פאַרענדיקן דעם רעליגיעזן טייל, דורך דעם שליח, וועמען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון יידישן קולטור־פאַרבאַנד פון פוילן, האָט ספּעציעל צוגעשיקט צו דער לוויה, קאָנען מיר אַ צײַט לאַנג נישט פאַרלאָזן דעם נײַעם און קליינעם בית עולם. שטייען מיר דאָ צעבראָכענע און מיט צעווייייטיקטע הערצער, וואָס וועלן זיך שוין קיין מאָל נישט פאַרהיילן און עס זענען נישטאָ קיין ווערטער אין דער מענטשלעכער שפּראַך, וואָס זאָלן קאָנען פאַרהיילן דעם ווייטיק וואָס מען פילט אין אַזאַ ליידיקער וועלט, אָן אייגענע, אָן פרײַנד — און איך וואָלט אַפילו געזאָגט, אַז אָן אַ גאָט.

*
**

ווי אויף אַ פילם־טאַשמע, גייט אויף בײַ מיר די פאָר צענדליק יאָר פון מײַן לעבן אין מײַן שוין נישט עקסיסטירנדיק שטעטל סטאָק, מיט די דרײַפערטלדיקע אָרעמקייט און אין גאַנצן פרנסהלאָזע. איך זע אין מײַן זכרון די אַלע אײַנוווינער, וואָס האָבן דאָ געלעבט; אַלע פרײַנד און שכנים, אייגענע און פרעמדע, פּאַרטיי־חברים און יוגנטלעכע, די קליינע קינדערלעך וואָס זענען געוואַקסן אונטער דער שוץ פון זייערע טאַטעס און מאַמעס און די חדר־יינגלעך וואָס זענען געגאַנגען אין מײַן טאַטנס חדר.

איך דערמאָן זיך די מיידלעך, וואָס האָבן נישט געקאָנט ענדיקן אַפילו די רעגירונג פאָלקס־שול, צוליב דער אָרעמקייט פון זייערע הײַזער, ווײַל זיי האָבן געמוזט צוהעלפן זייערע מאַמעס אין דער באַדעבאַטישקייט — און אָפטמאָל אין דער „פרנסה"; צי דאָס איז געווען בײַם קלײַבן יאַגעדעס, אָדער ברענגען שוואָמען פון וואַלד, צי גאָר אַ בינטל האָלץ, אָדער די אַלע זאַכן צוזאַמען. אין די לעצטע יאָרן פאַר דעם חורבן און אומקום, האָט אונדזער אָרעמקייט אַביסל אויפגעלעבט פון דער בראַנזשע: שטריקן דערעלעך, כאָטש די אַרבעט איז זייער שלעכט באַצאָלט געוואָרן; איך געדענק נאָך אונדזער אונטערגעוואַקסענע יוגנט. די יינגלעך זענען געגאַנגען זיך לערנען פאַרשידענע פאַכן און די מיידלעך גאָר פאַר שנײַדערינס. ווען מען האָט אַ יוגנטלעכן שוין געדאַרפט נעמען צאָלן פאַר זײַן אַרבעט, האָט מען אים אָפגעזאָגט — און צוגענומען נײַע, נאָך כמעט קינדער צו דער אַרבעט פון שטריקן דערעלעך. האָבן די יינגלעך זיך געלאָזט קיין וואַרשע און דאָרטן געאַרבעט בײַ די שווערסטע באַדינגונגען, פון וועלכע זייער אַ סך זענען צוריקגעקומען אַ היים קראַנקע.

כאָטש געאָגראַפיש, האָט סטאָק נישט פאַרנומען קיין אָנגעזעענעם פלאַץ אויף דער לאַנד־קאַרטע, אָבער אין יידישן קולטור־לעבן און אין דער געזעלשאַפטלעך, פאָליטישער און פאַרטייאישער באַוועגונג, האָט אונדזער אַמאָליק סטאָק אַ סך בײַגעטראָגן אויף פאַרשידענע געביטן. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זעלטן ווען איז אין אונדזערע שטיבער געווען דאָס וואָס מען קאָן אָנרופן אַ „זאַטער טאָג", איז ווען עס איז געקומען דער אָוונט, איז יעדער איינער פון אונדז געקומען צו די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס: ווער עס איז געקומען אין דער ביבליאָטעק צו טוישן אַ בוך, ווער

עס איז געגאַנגען צו אַ לייען־קרײַז, ווער צו אַ כאָר אָדער דראַמקרײַז — און ווער צו אַ פאַרזאַמלונג פון זײַן פאַך, אָדער צו אַ „קעסטל־אָוונט" מיט דיסקוסיעס.

יעדע ביבליאָטעק, אָדער פאַרטיי־לאָקאַל, איז געווען פול מיט באַזוכער און יעדע פאָרלעזונג וועגן ליטעראַרישע אָדער פּאָליטישע פראַגן, האָט געהאַט אַ סך צוהערער: יעדע יוגנט אָרגאַניזאַציע, האָט אַרויסגעגעבן אירע רײַפע אויסגעוואַקסענע פאַרטיי־טוער, וועלכע האָבן גאַנץ אָפט געדאַרפט פאַרבײַטן אַן עלטערן חבר, וואָס איז אַוועקגעפאָרן אין דער גרויסער וועלט, ווײַל דאָ אין סטאָק האָבן זיי נישט געהאַט קיין פּערספּעקטיוון צו קאָנען בויען פאַר זיך אַן אייגן לעבן — און אַ דאַנק זייער אַוועקפאָרן, האָבן זיי זיך אָפּגעראַטעוועט פון דעם בראַנד פײַער, מיט וועלכן פוילן — און אויך אונדזער שטעטל — איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן פון די היטלער־תלינים.

אַזוי איז דאָס לעבן געגאַנגען בײַ אונדז, ביז עס זענען געבליבן די, וועמען דער גורל האָט אויסגעוויילט צו זײַן די, וואָס זענען „געגאַנגען דעם לעצטן גאַנג" און האָבן אויך געזען דעם אומקום און אויסראָטונג פון אונדזער ליבהאַרציק שטעטל. עס זענען אפשר געווען אַנדערע וואָס האָבן זיך געקאָנט ראַטעווען, ווען זיי וואָלטן באַצײַטנס פאַרלאָזט דאָס שטעטל — און דאָס גאַנצע פאַרשאָלטענע פּוילישע לאַנד. אָבער קיינער פון אונדז האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז אַ פאָלק וואָס האָט געשמט ווי אַ פאָלק פון קולטור, וועט זיך אויפפירן אַזוי אוממענטשלעך און חיהש מיט די ייִדן. און ווען מען האָט שוין אָנגעהויבן צו זען, וואָס אַזוינס עס איז דער חיהשער היטלעריזם — איז שוין געווען שפּעט און עס זענען אויך נישט געווען קיין לענדער, וואָס האָבן געוואָלט אַרײַנלאָזן די געפּלאָגטע און גערודפטע ייִדן — אַפילו אויף צו בלײַבן דאָרטן אַ שטיקל צײַט; און אַפילו אין דעמאָלסטיקן פּאַלעסטינע, וואָס עס איז הײַנט געוואָרן אונדזער לאַנד — האָבן ייִדן דעמאָלט אויך נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַרײַנצוקומען, סײַדן אין גאָר קליינע קוואָטעס.

*
* *

איך פאַרהאַלט זיך בײַ דער געוועזענער וווינונג פון מײַנע האַרציקע פרײַנד רויזע און יחיאלקע בלומענקראַנץ. רויזע איז געווען אַ טאָכטער פון אַ טיף רעליגיעזער שטוב און צוגלײַך מיט אירע צוויי ברידער סאַנע און בעריש בורשטיין, האָט זי מיטגעהאָלפן צו פאַרשפּרייטן ליכט און קולטור אין אונדזער קליינעם שטעטל סטאָק. און זי איז געווען פון די ערשטע גרינדער פון דער בונדישער גרופּע בײַ אונדז, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט אַן אָרגאַניזאַציע און אָנגעפירט מיט אַ וויכטיקער קולטור־טעטיקייט; רויזע איז געווען אַ פרוי מיט אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן פאַרנעם און מיט אַ טיפער קענטעניש פון ליטעראַטור. מיר אַלע וואָס זענען אויסגעוואַקסן אָן ספּעציעלע שולן און נישט געהאַט קיין סיסטעמאַטישע בילדונג, נאָר זיך בלויז דערצויגן אויף דעם בוך, צײַטונג און די קולטור טעטיקייט פון די פאַרשידענע פאַרטייען — פון רעכטס ביז עקסטרעם לינקס — האָבן אַ סך געלערנט פון רויזען, וואָס האָט געהאַט אַ טאַקטישע און איידעלע באַנעמונג צו יעדן איינעם פון אונדז. זי איז געווען די בונדישע פאַרטיי־פירערין בײַ אונדז אין שטעטל און אין אירע אַלע אַרויסטריטן וועגן אַקטועלע און פּאָליטישע פראַגן, האָט זיך געפילט איר אינטעליגענץ; זי האָט מיט די פײַנסטע אָנדײַטונגען צו אירע קעגנער, גערעדט מיט אַ טיפער איבערצײַגונג, אַז דורך וואָס פאַר אַ וועג מיר וועלן נישט גיין, וועלן מיר אַלע קומען צו דעם זעלביקן ציל: צום סאָציאַליזם און צו אַ שענער און בעסער לעבן.



אַ גרופּע פאַמיליאַרן און חברים בײַם אָפּפאָרן פון מינדל מאַלצמאַן קיין אַרגענטינע

איר שטוב איז געווען דער פּאַקטישער קולטור־צענטער פון אונדזער שטעטל און זי איז געווען די גאַסט־געבערין פון אַלע שרײַבערס און קולטור־טוערס, וואָס פלעגן באַזוכן אונדזער שטעטל —

אויף צו טיילן זיך מיט זייער וויסן און אונדז געבן אָנווײַזונגען. זי האָט אויך געדינט מיט אירע עצות און אָנווײַזונגען אַלע חברים וואָס זענען געשטאַנען מיט איר אין פֿאַרבינדונגען בײַ געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אָט די עלטערן, וואָס האָבן געהאַט גרויסע פּלענער פון בילדונג פאַר זייער טאָכטער חנה און זון שלמה, זענען פאַרשניטן געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע פּלענער און מיט זייערע קינדער.

איך בלײַב שטיין פאַר דעם געוועלב פון גרעסטן און רײַכסטן סוחר פון סטאָק: אַברהם יאַנקל מאַלצמאַן, וואָס איז געווען דער קעגנזאַץ פון אונדזער שטעטלדיקער אָרעמקייט, בײַ וועמען די קלײנע סוחרימלעך האָבן געהאַט אַן אָנשפּאַר צו קאָנען זיך „דורכדרייען" די וואָך, מיטן כאַפּן אַ גמילת־חסד, כדי צו קאָנען דעקן זייערע וועקסלען. אָט די דאָזיקע משפחה, האָט באַלד אין די ערשטע טעג דערפילט דעם „טעם" פון דער מלחמה; די היטלער־אַרמיי האָט באָמבאַרדירט אונדזער שטעטל, כאָטש עס זענען נישט געווען קיין מיליטערישע אָביעקטן בײַ אונדז, נאָר כדי איבערצושרעקן און צו טעראָריזירן די באַפעלקערונג און פון דער דאָזיקער באָמבאַרדירונג זענען אומגעקומען זייער טאָכטער מיט דעם מאַן. דאָס איז געווען נאָך איידער די רוצחישעווערמאַכט האָט באַטראָטן די ערד פון אונדזער שטעטל.

אויך דער אַנדערער גביר פון אונדזער שטעטל — די משפחה סקאָרופּקע, זענען זײַנע צוויי קינדער אומגעקומען אין די ערשטע צעשיסונגען אין דעם שטעטל. און עס גייט אויף פאַר מײַנע אויגן דאָס בלייכע, צאַרטע פּנים פון שטענדיק קראַנקן זון זייערן — זכריה, וועלכער איז געווען פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דעם אויפשטאַנד פון טויטן־לאַגער טרעבלינקע — און זײַן פרוי עטל אָסטשעגאַ, מיט זייער קינד, וואָס געפינען זיך איצט צווישן די קאַסטנס ביינער.

ווײַטער אַ ביסל האָט געוווינט נחמן שטערן און זײַן פרוי שׂרה בראַק. זיי האָבן אַפילו באַוויזן זיך אַרויסצובאַקומען פון סטאָק, מיט זייער צאַרט מעכטערל זינע. זיי זענען אָבער אומגעקומען אין ראַטנפאַרבאַנד, פון די זעלביקע היטלער־מערדער, וואָס האָבן זיי דאָרטן דערגרייכט. זיי זענען געווען פון די אַקטיווסטע פאַרטיי־טוער פון בונד אין סטאָק.

דאָ האָט זיך געפונען דאָס הויז פון הערצקע ראָטבאַרד און זײַן פרוי לאה. ער האָט געשטאַמט פון אַן אָרעמער באַשיידענער משפחה, פון פינף טעכטער און איין זון וועלוול. נאָך כמעט אַ יוגנטלעכער, אַרבעט ער אין דער בעקערײַ בײַ וועלוול שנײַדמאַן, כדי צו העלפן זײַן מוטער — און בעת זײַן אָפּרו, אַרבעט ער אין שליחות פון דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער פאַרטיי, צוזאַמען מיט זײַן שוועסטער פויקע — די איבערגעגעבענע און באַשיידענע, שטענדיק ערנסטע פיאָנערקע, גיבן זיי ביידע זייער גרויסן בײַשטײַער מיט זייער אומדערמידלעכער אַרבעט. אויך זיי האָט דעם שונאס לאַפּע דערגרייכט אין ראַטנפאַרבאַנד און קיינער פון זיי איז נישט פאַרבליבן.

איך גיי אין די געסלעך פון נײַ־סטאָק און מײַן האַרץ קאָרטשעט זיך פון ווייטיק, זעענדיק ווי די פּאָליאַקן וווינען אין די דירות פון די פאַרפײַניקטע און פאַרשניטענע ייִדישע משפחות — און נישט איינער פון די הײַנטיקע „שכנים", זענען געווען די מיטהעלפער, אָדער דירעקטע מערדער פון די דאָרטיקע ייִדן.

אָט איז דאָס הויז פון פּריווע וויערזשבינסקי. דאָ איז יאָרן לאַנג געווען אונדזער ביבליאָטעק — און וויפל דערינערונגען דערמאָנט בײַ מיר דאָס דאָזיקע הויז; וויפל שרײַבערס, דיכטערס, פאַרטייפירערס, האָבן דאָ פאַר אונדז איבערגעגעבן אַ טייל פון זייער וויסן; וויפל פון זיי האָבן פאַר אונדז דאָ גערעדט און געלייענט זייערע ווערק, וויפל פלאַם און שווונג, האָבן מיר פון דאָזיקן הויז אַרויסגעטראָגן?

אין אָט דער דאָזיקער שטוב, איז אויסגעוואַקסן דוואָשע פּאָסעסאָרסקי — פון אַן אָרעמער פאַריתומטער משפחה, מיט אָרעמע קינדער און אַ קראַנקער מאַמע. אין אָט דער באַשיידענער דוואָשע, צעפּרעסן פון שקראָפיל, האָט זיך אַנטוויקלט אַן איידעלע אינטעליגענטע נשמה און איר דורשט נאָך וויסן, האָט זי געשטילט מיט דעם בוך און מיט קולטור־אַרבעט; וויפיל נוצן האָט זי געבראַכט — און נאָך מער געקאָנט ברענגען אונדזער שטעטל, ווען דאָס לעבן דאָרטן וואָלט זיך נאָך געקאָנט ציִען?

אַזוי בלײַבט מיר נאָר בלויז אונטערציִען נאָך אײַך אַ טרויעריקן סך־הכל — און לאָזן אײַך אונטער דער בלוטיקער מצבה, אויף וועלכער עס שטייט אויפגעשריבן: „דאָ רוען די ייִדישע אײַנוווינער פון סטאָק, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן פון די היטלער־מערדער און זייערע צוהעלפער פון שטעטל".

**
*

עס דערנענטערט זיך אונדזער „פּאָדווער" (הויף) און אָט קום איך אַהין צו. דאָס האַרץ האָט זיך בײַ מיר אָפּגעשטעלט ווי פּאַראַליזירט. איך פּיל, אַז איך קאָן ווײַטער נישט שטעלן קיין פוס. איך בלײַב שטיין בײַם אַרײַנגאַנג — דורך וועלכן עס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן מײַנע אַלטע טאַטע און מאַמע, אויף זייער לעצטן וועג און צוזאַמען מיט זיי מײַן שוועסטער ברכה און צביה מיט איר מאַן הערשל. מײַן ברודער ישראל מיט זײַן משפּחה, זענען אומגעקומען אין ווענגראָוו.

מײַנע טײַערע טאַטע און מאַמע, אָפּגעצערטע פון אַזוי פיל יאָרן שווערע קראַנקהײַטן און פּאַר וועמען איך האָב געפירט אַ קאַמף מיט דעם מלאך המות, איבער אַ האַלבן יאָר־צענדליק און יעדן פון אײַך אַרויסגעריסן פון זײַנע נעגל — בלויז דער־פּאַר, אַז איר זאָלט פאַרגרעסערן די צאָל פון די געשלײַדערטע אין די גאַז־קאַמערן; אָדער אפשר



מאַשע זשעלעניעץ מיט איר קוזינקע מאַשע קריסטאַל

כדי אײַך אָנצוטאָן מאָראַלישע יסורים, אַז איר זאָלט זען ווי מען שנײַדט אויס מיטן וואָרצל אונדזער פאָלק. און מיר האָט דער גורל איבערגעלאָזט כדי איך זאָל מיר דערוויסן וואָס עס איז פון אײַך געבליבן.

קאָן מען דען אין געוויינלעכע ווערטער זאָגן דאָס וואָס די אויגן האָבן געזען, אָדער דאָס וואָס דאָס האַרץ האָט געפילט? איז טאַקע די וועלט אַזוי הפקר, אַז ווער עס וויל קאָן אונדז אַרויסשטויסן פון דער ראַם וואָס הייסט לעבן — און וואָס הייסט וועלט? עס איז אפשר דאָס שרעקלעכסטע, צו זײַן אַן איבערגעבליבענע פון אַזאַ שוידערלעכן אונטערגאַנג, ווי דער ווו עס וועט שוין מער נישט זײַן קיין יידיש לעבן.

און ווי עס וואָלט ערשט געווען נעכטן, זע איך דיך, מײַן שוועסטער מאַשע אַ שטאַרבנדיקע. מען האָט שוין געהאַט אויפגעגעבן אַלע האָפענונגען און אָפּגעשטעלט אַלע מיטלען וואָס דער דאָקטער גאָנשער האָט פאַר דיר אָנגעווענדט. דאָס האַרץ האָט בײַ מיר געשניטן פאַר ווייטיק פון דעם וואָס מען קאָן גאָרנישט טאָן פאַר דיר. אין גרויס פאַרצווייפלונג און אַפילו נישט וויסנדיק וואָס איך זאָג, בעט איך בײַם דאָקטער, אַז ער זאָל נעמען בײַ מיר בלוט — און דאָס דיר איבערגעבן. נישט וועלנדיק מיר ווי טאָן אין מײַן פאַרצווייפלונג, האָט דער דאָקטער —אָן דער מינדעסטער זיכערקייט אַז דאָס זאָל העלפן— דאָס געטאָן. נאָך דער בלוט־טראַנספוזיע, אָבסערווירנדיק דיך די גאַנצע צײַט, האָט דער דאָקטער כמעט ווי אויסגעשריגן: „דײַן שוועסטער לעבט!" אין אַ שטיקל צײַט אַרום איז דער דאָקטער געקומען זען, צי עס איז נישט קיין חלום, אַז דו לעבסט. ער האָט מיר דאַן געדריקט די האַנט און מיר געזאָגט, אַז כל זמן איך וועל זײַן אין שטוב, וועט קיינער פון אונדז נישט שטאַרבן.

איז וואָס איז מיר פאַרבליבן פון מײַן גאַנצער בריהשאַפט, אַז אין דער גרעסטער געפאַר, האָב איך אײַך געלאָזט אַליין, אויף הפקר — און שוין מער קיינעם פון אײַך נישט געטראָפן. אָ, צעווייטיקט האַרץ מײַנס, ווי וועסטו איבערטראָגן אַזוי פיל שנײַדנדיקע יסורים! דו, מאַשע, האָסט טאַקע אַלעמען ערלעך אָפּגעצאָלט. ווען דו האָסט זיך דערוווסט, אַז מען האָט דאָס שטעטל יידן אַרויסגעפירט אויפן „אומשלאַגס־פּלאַץ" און אַז עס געפינען זיך צווישן זיי אויך אונדזערע עלטערן און שוועסטער און שוואָגער, ביסטו אַרויס פון דײַן באַהעלטעניש — און אַוועק מיט אַלעמען קיין טרעבלינקע, אין די דאָרטיקע גאַז־קאַמערן, כאָטש האָסט נאָך געהאַט פאַר זיך אַ פיל־צוזאָגנדיק לעבן. צו אַזאַ טאַט דאַרף מען זיך קאָנען דערהויבן!

און שטייענדיק דאָ נעבן אונדזער געוועזענעם הויף, גייט אויף אין מײַן זכרון דער ערשטער יום־כיפור אונטער דעם היטלערישן אָקופּאַנטישן שטיוול. דו, טאַטע מײַנער, האָסט געמאַכט אַ שיל צום דאַוונען, בײַ הערשלען אין שטוב (קיין בית מדרש

איז שוין דאַן נישט געווען) און אַלע שכנים האָבן זיך צוזאַמענגענומען, צו בעטן גאָט אין מורא און אין שרעק, אַז עס זאָל זיך ווער נישט אַרײַנכאַפּן און דאָס איבערגעבן צו די „ס. ס"־לײַט, וואָס דאָס האָלט באַדײַט אַ זיכערער טויט. האָסטו, טאַטע מיט פיל בטחון זיי באַרויִקט און זיי געזאָגט, אַז דו קאָנסט נישט אונדזער באַשעפער פון דער וועלט פאַר אַזעלכן, אַז ער זאָל אָפּטאָן דעם חסד פון זײַנע קינדער און פון זײַן פאָלק ישראל, אין אַ גורלדיקער שעה. הײַנט ווייס איך ווי דו טאַטע, ביסט געזעסן אויף דעם פּורל און געקוקט אין הימל אַרײַן, צו דעם וואָס לעבט אייביק — און ער, דער באַשעפער פון דער וועלט, האָט זיך צוגעקוקט צו דעם, ווי מען פירט אײַך צום אומקום — אַ סך אַזעלכע פרומע און אָפּגעהיטענע ייִדן ווי אברהם חיימס און אַ סך אַזעלכע האַרציקע מאַמעס ווי מײַן מאַמע חיה ביילע. איר האָט אײַערע קינדער דערצויגן מיט יראת הכבוד צו גאָט — און אַז אָן זײַן רצון גיט זיך קיינער נישט קיין שניט אין פינגער און אַז אַלע געפינען זיך אונטער גאָטס גרויסער השגחה — און אַזוי אַרום זענט איר פאַרגאַזט געוואָרן, אין דעם קאַלך־אויוון פון טרעבלינקער קרעמאַטאָריע.

מען האָט מיר דערציילט, ווי אַזוי ברכה און צביה, האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, ווען מען האָט בײַ זיי צוגענומען זייערע איינציקע קינדער: דאָס צאַרטע דבורהלע — אונדזער אַלעמענס ליבלינג, האָבן די מערדער אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער, אין אַ וואָגן פון טויטע קינדער. און ברכהס זונעלע — ישראלן, האָבן זיי געפירט צו פאַרגאַזן — און דו, שוואַכע מאַמע, האָסט געדאַרפט צוקוקן אַזוי פיל טויטן פון דײַן שטוב. ביסט מיר זיכער נישט דאַנקבאַר געווען, פאַר דעם וואָס איך האָב דיך אָפּגעראַטעוועט פון טויט.

איך געדענק מאַמע, ווי דו האָסט מיר געוואָלט אײַנרעדן, אַז אויב גאָט וויל אַ קרבן פון אונדזער שטוב, ביסטו די צוגעפּאַסטע פאַר דעם — און אַז מיר איז געלונגען דיר צו דערהאַלטן בײַם לעבן און דו ביסט אָפּגעקומען בלויז מיטן אַמפּוטירן דיר אַ פוס, האָסטו גענומען גלויבן, אַז מיר האָבן אַ גרויסן זכות אין הימל — און אָט ווי דער זכות זעט אויס; אײַך אַלעמען האָט מען „צוגענומען" און בלויז מיר האָט מען איבערגעלאָזט, כדי איך זאָל אין זיך טראָגן אײַערע אַלעמענס טויטן — און איך נעם אײַך מיט, מיט זיך.

איך נעם מיט זיך דעם גאַנצן געווירבל, פון דעם געזעענעם און פון דעם געהערטן — איין גרויסער קנויפּ פון געדיכטן חושך, איז בײַ מיר פאַרבליבן פון מײַן געוועזענער היים. נאָך הײַנט ציִען זיך די שוואַרצע ווייטיקלעכע בילדער, וואָס די פּוילישע שכנים האָבן מיר איבערגעגעבן — אפשר דערפאַר, אַז מיר זאָל דאָס שטאַרקער וויי־טאָן. זיי האָבן מיר דערציילט וועגן דעם, ווי די נאַציס האָבן אָנגעפּאַקט אין דעם אַרעסט־הויז ייִדישע יונגע מיידלעך, אָן עסן און אָן טרינקען. און נאָך צוויי וואָכן זיי האַלטן דאָרטן — און אָנרייצן קעגן זיי ווילדע הינט, וועלכע האָבן געריסן שטיקער פון זיי און פון זייערע קליידער, האָבן זיי אײַנגעלאַדן די „עליטע" פון די קריסטן פון שטעטל — און מען האָט די מיידלעך, אָדער דאָס וואָס עס איז פאַרבליבן פון זיי, אַרויסגעפירט אויפן הויף און עס האָט זיך באַקומען אַ שוידערלעך בילד: מיידלעך אָן נעז, אָן אויערן — און כמעט אָן לעבן; מיט צעריסענע קליידער און צעריסענע לײַבער און אָן אַ זכרון. ווער האָט דאָס געטאָן, מענטשן־מערדער, אָדער הינט? — און איינער פון די „ס"ס"־לײַט, האָט פאַר דער „עליטע" געזאָגט: זעט ווער די ייִדן זענען, אַז אַפילו אין אַרעסט־הויז הרגענען זיי זיך איינער דעם צווייטן ביזן טויט. דאָס זעלביקע טוען זיי אויך אין די געטאָס; זיי הרגענען איינער דעם צווייטן, ווײַל זיי קאָנען אײַך נישט הרגענען. דאַרפן מיר נישט אָפּראַמען, די דאָזיקע אומווירדיקע פון אונדזער ערד? און ער האָט אַרויסגענומען זײַן רעוואָלווער און די אַלע מיידלעך דערשאָסן. קיין נעמען האָבן זיי נישט געוווסט צו זאָגן, ווײַל עס איז געווען אוממעגלעך וועמען פון די אומגליקלעכע מיידלעך צו דערקענען.

זיי האָבן אונדז איבערגעגעבן וועגן אַ צווייטער זאַך: פריווע ווערזשבינסקי, איז געווען אַ לאַנגיאָריקע דאָרף־גייערין און האָט געהאַט אַ סך פרײַנד אין די דערפער. און בײַ איינער אַזאַ פּוילישער פאַמיליע, האָט זי זיך אויפגעהאַלטן אין דאָרף גראַביענעס, מיט איר טאָכטער און אייניקלעך. מען האָט זיי אַנטדעקט און געבראַכט אין שטעטל און צוזאַמענגערופן אַלע אײַנוווינער, אַז זיי זאָלן זען „אַקראָבאַטישע שטיק". מען האָט די אומגליקלעכע אַרויסגעפירט אין מיטן מאַרק און זיי געהייסן לויפן אין אַ ראָד. און אויף זיי האָט מען אַרויסגעלאָזט ווילדע, צערייצטע הינט — און אונטער דער באַגלייטונג פון מוזיק, איז דער ראָד

קלענער און קלענער געוואָרן — ביז אַלע זענען צעריסן געוואָרן פון די הינט.

הינטער דעם שטעטל, נעבן אַ וועלדל, האָט געלעבט אַ פּוילישע פאַמיליע, מיט דעם נאָמען פּאָסטעק און אַ סך פון די יידישע איינוווינער פון שטעטל זענען מיט זיי געווען באַפריינדעט. האָט די פאַמיליע צוגעגרייט אַ בונקער פאַר זייערע יידישע פריינד. נאָכן אויפשטאַנד אין טרעבלינקער טויטן־לאַגער, האָט זיך איינער פון די יידן פון שטעטל געראַטעוועט און איז אַוועק צו דער פּוילישער משפּחה פּאָסטעק. ווייזט אויס אַז אַ „שלעכט אויג" האָט דאָס באַמערקט און דער בונקער איז אויפגעדעקט געוואָרן. מען האָט די געפונענע יידן גלייך דערשאָסן — און די באַלעבאַטים, האָט מען מיט שטעקנס צעבראָכן אַלע ביינער, ביז זיי זענען אומגעקומען.

עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן און נאָך פינצטערער אין מוח און איך האָב נישט געוווסט צו וועמען אויסצושרייען און אויסצוגיסן מיין צאָרן און וועמען זיך פרעגן, ווי לאַנג עס וועט זיך נאָך ציען אונדזער שטענדיק לעבן, פון לעצטע טעג, מיט בערג אַש און טייכן בלוט? און איך האָב אין יענער צייט געטראַכט דערפון, אַז עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז מיר זאָלן פאַרבייטן דעם אַמאָליקן זאָג, פון: „אתה בחרתנו מכל העמים", אויף דעם געוויינלעכן זאָג, אַז: „מיר ווילן לעבן אויף דער וועלט, אַזוי זיכער, ווי עס לעבן אַלע אַנדערע פעלקער".




אין וואַלבזשיך (נידערשלעזיע) אויף אַן אזכרה נאָך קדושי־סטאָק, אויף וועלכער מ'האָט באַשלאָסן אַדורכצופירן די עקסהומאַציע און שטעלן אַ דענקמאָל. אין דער מיט די הברטע פייגע זשעלעניעץ — פאָרזיצערן פון „עקסהומאַציע" ־ קאָמיטעט

**איטשע טאָשער** / ישראל

# מיר באַערדיקן די קדושים פון סטאָק אין יאָר 1948

חול המועד סוכות פון 1947, איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעף אין וואַלבזשיך (אויבער־שלעזיע) ביי יעקב־דוד שטולוואַרג אין שטוב, אויף אָפּצומערקן דעם טרויעריקן יאָרצייט פון אונדזערע אומגעקומענע משפחות און נאָענטע און חברים פון שטעטעלע סטאָק, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע מערדער און זייערע פוילישע מיטהעלפערס.

עס זענען זיך דאָרטן צוזאַמענגעקומען ביי די זעכציק פערזאָן פון סטאָק און אומגעגנט, וואָס



דער לוויה־צוג בעת דער עקסהומאַציע פון די אויסגעגראָבענע ביינער פון סטאָקער קדושים אין אויגוסט 1948

זענען געווען די שארית הפליטה פון דעם וואָס עס האָט אַמאָל געלעבט און געשאַפן אין סטאָק. און אויף דעם צוזאַמענקונפט איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מיר וועלן דורכפירן אַן עקסהומאַציע פון אונדזערע שטעטלדיקע קדושים, וואָס זענען אומגעקומען און געפינען זיך באַגראָבן אין דער אומגעגנט פון שטעטל.

עס איז צו דעם צוועק אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט זיך גערדאַרפט פאַרנעמען מיט דעם דאָזיקן טרויעריקן נאָר הייליקן ענין, אין באַשטאַנד פון פאָלגנדע פערזאָנען: פייגע זשעליענעץ, יוסף שניידמאַן, איטשע טאָשער און יעקב שוויעצא. עס איז גלייך אויפן פלאַץ דורכגעפירט געוואָרן אַ באַשטייערונג און עס איז געזאַמלט געוואָרן אַכציק טויזנט זלאָטעס פאַר די נייטיקע אויסגאַבן. דער קאָמיטעט האָט אויך באַשלאָסן זיך צו ווענדן צו די לאַנדסמאַנשאַפטן אין אויסלאַנד. מיר האָבן געשריבן אַ בריוו קיין נאָרד־אַמעריקע און די דאָרטיקע לאַנדסמאַנשאַפט רופט זיך אָפּ מיט הונדערט דאָלאַר און אַן ענלעכע סומע האָבן מיר אויך באַקומען פון דער לאַנדסמאַנשאַפט פון אַרגענטינע און דורך דער מיטהילף פון אונדזער לאַנדסמאַן אהרון פייערטאָג האָבן מיר באַקומען פון דעם יידישן קאָמיטעט אין פוילן די סומע פון 150 טויזנט זלאָטעס און צוזאַמען האָבן מיר דיספּאָנירט מיט אַ סומע פון אַ קנאַפּן האַלבן מיליאָן זלאָטעס.

פאַר דעם דאָזיקן געלט האָבן מיר באַשטעלט אַ דענקמאָל, וואָס דאָס האָט געמיינט אַ מצבה פאַר דעם ברידער־קבר, אַן אַרומצוימונג. לייוונט און קאָסטנס און אין אויגוסט פון 1948 פאָרן אַרויס קיין סטאָק פאָלגנדע פערזאָנען: יוסף שניידמאַן, איטשע טאָשער, איטשע ראָזענבוים, בנימין שטולוואַרג, משה חיים שטולוואַרג, ישראל קופּער, שמואלקע שניידמאַן, אברהם ברומבערג און יוסף ניימאַן, פון בודזיסק, און מיר האָבן אָנגעהויבן דורכצופירן אַלע פאָרמאַליטעטן אויף צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו קאָנען דורכפירן די עקסהומאַציע.

עס זענען געפאָרן קיין ווענגראָווע יוסף שניידמאַן און איטשע טאָשער און מיר האָבן זיך געווענדעט צום סטאַראָסטע, אויף צו קענען דורכפירן אַלע פאָרמאַליטעטן. עס זענען דעמאָלט געווען אין פוילן אַנדערע צייטן ווי היינט און ספּעציעל אין באַצוג צו יידן — און דער סטאַראָסטע קומט נאָך אינדזערע פאַרלאַנגען און עס ווערט באַשטעטיקט, אַז עס זאָל מיטפאָרן מיט אונדז אַ סאַניטאַר און

מען האָט אונדז פאַרזיכערט, אַז מיר וועלן זיך קאָנען באַוועגן איבער דעם גאַנצן שטח פון סטאָק און אומגעגנט און אַז די סטאָקער געמינע דאַרף אונדז מיטהעלפן אין אַלץ וואָס מיר וועלן באַדאַרפן.



אַ צווייט שוידערלעך בילד בײַם אויסגראָבן מענטשלעכע סקעלעטן אין סאַדאָוונע

אין סטאָק האָבן מיר זיך גלײַך געמאָלדן אין דער פּאָליציי און אין דער געמינע. עס איז שוין געווען נאָך מיטיק און די ערשטע זאַך וואָס מיר האָבן געדאַרפט האָבן, איז געווען אַ פּלאַץ ווו זיך אויפצוהאַלטן אין דער צײַט ווען מיר וועלן זיך געפינען אין סטאָק. קיין יידן זענען אין סטאָק שוין נישט געווען און מיר האָבן זיך אײַנגעאָרדנט בײַ בודזשיקן, ווו מיר האָבן איבערגענעכטיקט די נאַכט און זענען אויך געווען אין די אַנדערע פּאָר טעג.

אויף מאָרגנס זענען מיר געגאַנגען צו דעם פּלאַץ, ווו עס האָט געדאַרפט זײַן די „באַהעלטעניש" פון דער משפחה זשעליענעץ. וואָס זענען אומגעקומען בײַ דער פּוילישער פאַמיליע פּאָסטעק, ווען די דײַטשן האָבן אויך אומגעבראַכט, ווײַל ער האָט אויסבאַהאַלטן יידן. מיר זענען אַרײַנגעקומען אין דער שטוב ווו עס האָבן געוווינט די פּאָסטעקס און האָבן דאָרטן געטראָפן בלויז דעם יונגסטן זון וואָס איז געבליבן לעבן. אָבער ער האָט אונדז נישט געקאָנט אָנווײַזן אויף דעם פּלאַץ ווו עס געפינט זיך דער קבר פון די זשעליעניצעס; אָבער פון דער ווײַטנס האָבן מיר געזען ווי עס גייט אַן עלטערער קריסט. איך געדענק שוין נישט זײַן נאָמען און ער האָט אונדז געוויזן דעם פּלאַץ ווו עס איז דער קבר פון דער משפחה זשעליענעץ. מיר האָבן אויפן דאָזיקן פּלאַץ אַוועקגעשטעלט איטשע ראָזענבוים מיט נאָך עטלעכע פּערזאָן און איך מיט דעם אַלטן יוסף שנײַדמאַן זענען אַוועק אין דעם דאָרף דערגיטש, זוכן מער קברים.



דאָס בילד ווײַזט די באַהעלטעניש פון חייקל זשעלעניעץ און משפחה. די משפחה זשעלעניעץ איז געווען אויסבאַהאַלטן אין דעם בונקער עטלעכע יאָר און נאָענט שוין פון ענדע מלחמה האָט מען זיי אויסגעגעבן און מען האָט זיי אַלעמען אומגעבראַכט צוזאַמען מיט דער קריסטלעכער פאַמיליע פּאָסטעק וואָס האָט זיי אויסבאַהאַלטן בײַ זיך אין הויף.

אין דערגיטש האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז דאָרטן איז דערשאָסן געוואָרן עטל אָסטשעגאַ מיט איר קינד; זיי זענען דערשאָסן געוואָרן נישט ווײַט פון דעם מאַידאַנער וואַלד. און דער קריסט וואָס האָט זי באַגראָבן אין דעם וואַלד, האָט מיר דערציילט ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען: עטל אָסטשעגאַ (פון מאַן מאַלצמאַן), איז געווען אויסבאַהאַלטן בײַ אַ פּויער פון דערגיטש מיט דעם נאָמען

סטיש און זי איז דורכגעגאַנגען דורך דעם שאָסיי, פּונקט אין דער צײַט ווען עס זענען אָנגעקומען אַ פּאָר דײַטשן פון ווענגראָוו און האָבן זי צוזאַמען מיטן קינד דערשאָסן. דער פּויער גרודזשאַנץ האָט זיך פּונקט געפונען אין וואַלד און האָט דערהערט די שאָסן און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים, האָט ער געזען ווי עטל אָסטשעגאַ מיטן קינד ליגן טויטע אויפן שאָסיי, האָט ער זיי אַרײַנגענומען אַ ביסל טיפער אין וואַלד און זיי באַגראָבן נעבן אַ בוים.

איך האָב אים געבעטן, אַז ער זאָל מיר ווײַזן ווו ער האָטביידע באַגראָבן, ווײַל מיר זענען געקומען אויף אַרויסצונעמען די טויטע ייִדן וועלכע זענען אומגעקומען אין סטאָק. ער האָט גלײַך גענומען אַ לאָפּעטע און אונדז צוגעפירט צו דעם פּלאַץ, ווו ער האָט אויפגעגראָבן און מיר האָבן געפונען צוויי שאַרבנס.

מיר האָבן זיך נאָך דעם צעטיילט אויף גרופּעס: בנימין שטולוואַרג און יוסף נײַמאַן פון בודזשיסק זענען געשיקט געוואָרן קיין אָסטרוווק, לאָפּיאַנקע, בודזשיסק און באַצק; איטשע ראָזענבוים, איטשע טשאַפּטשיק און לייטשע ראָזענבוים זענען געשיקט געוואָרן קיין סאַדאָווגע און מיר האָבן גענומען — פאַרשטייט זיך — פאַר געלט, דעם פּויער באַראוויאַק פון דעם היגן דאָרף, מיט זײַן פערד און וואָגן און ער האָט אונדז געפירט אויפן וועג קיין ליפּק. איך בין געפאָרן מיט יוסף שנײַדמאַן און דער פּויער זאָגט אונדז, אַז בײַ דעם קריסט מיט דעם נאָמען האַסיטעק, געפינט זיך באַגראָבן מרדכי יוסף שנײַדמאַן, זײַן פרוי מנוחה מיט זייערע קינדער.

מיר זענען געקומען צו דעם פּויער האַסיטעק, וואָס איז גראָד אַ גוטער באַקאַנטער מײַנער, ווײַל ער האָט אַמאָל געאַרבעט אין אונדזער אָלעיאַרניע און ער האָט אונדז דערציילט, אַז מרדכי יוסף מיט זײַן פאַמיליע, זענען געווען אויסבאַהאַלטן בײַ אים און עס איז פּונקט דורכגעפירט געוואָרן אַן „אַקציע" און מרדכי־יוסף מיט דער משפחה זענען אַריבערגעגאַנגען צו אַ צווייטן קריסט, אַ שכן, און אויפן פעלד זענען זיי דערשאָסן געוואָרן דורך די דײַטשן. און נאָך דעם ווי עס האָט זיך אײַנגעשטילט, האָט ער די טויטע קערפּערס אַריבערגעפירט צו זיך אויפן הויף און האָט זיי דאָרטן באַגראָבן און דער קריסט האָט געוויזן דאָס פּלאַץ ווו די טויטע קערפּערס האָבן זיך געפונען און מיר האָבן דאָרטן אויסגעגראָבן 5 אָדער 6 שאַרבנס. איך געדענק שוין ניט גענוי זייער צאָל, אָבער איך געדענק יאָ, ווי יוסף שנײַדמאַן האָט אויסגעקליבן ביז דעם לעצטן ביינדעלע און דאָס צוזאַמענגענומען — און שטעלט זיך פאָר, ווי פאַרהאַרטעוועט מען האָט געדאַרפט זײַן, בײַ אַזאַ מין „אַרבעט".



בײַם ברודער־קבר: ס׳שטייען (פון רעכטס צו לינקס): אַטשע טאָשער, איטשע טשאַפּטשיק און ישראלקע קופּער

באַראוויאַק דערציילט אונדז, אַז נישט ווײַט פון דער „באַהעלטעניש" פון כײַקל זשעליענעץ דאָרף זײַנען די „באַהעלטעניש" פון חיים שנײַדמאַן און כּדויביילע מיט זייער קינד, ווײַל זיי זענען דאָרט אומגעקומען. מיר האָבן גענומען אַ פערד מיט אַן אַקער און האָבן איבערגעאַקערט דאָס גאַנצע פעלד, אָבער אָן שום רעזולטאַט; דאָס זעלביקע האָבן מיר אויך געטאָן, ווען מען האָט אונדז געזאָגט, אַז זי מיטן קינד זענען באַגראָבן געוואָרן אין דעם דאָרטיקן דאָרף, אויך דאָ האָבן מיר איבערגעאַקערט מיט אַן אַקער דאָס גאַנצע פעלד אין פאַרלויף פון אַ פּאָר שעה, אָבער אָן שום רעזולטאַטן.

מיר האָבן זיך אויך דערוווּסט, אַז נעבן גלח איז אויך ווער באַגראָבן געוואָרן און מיר האָבן אויפגעגראָבן דעם דאָזיקן פּלאַץ און עס איז דאָרטן געווען אַ סקעלעט וואָס איז וואַרשיינלעך געווען פון ביילע — הערש יעקב דעם גלעזערס טאָכטער. ווײַטער אַ ביסל אויפן מראָזאָוואַ וואָלער וועג איז אויך געווען אַ סקעלעט פון אַן אומבאַקאַנטן מענטשן.

די וואָס זענען געפאָרן קיין לאָפּיאַנקע, באַצק, אָסטרוווק און בודזשיסק, האָבן אויך געבראַכט אַ געוויסע צאָל קרבנות. אויך פון סאַדאָווגע האָט

מען געבראַכט אַ ביסל בײנער, אָבער דאָרטן האָט מען געקאָנט נעמען אַ סך מער, ווײַל דאָרטן זענען געווען אַ סך גרויסע מאַסן־קברים, ווײַל ווען עס איז פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד אין טרעבליקע,




בײַם אַדורכפירן די אויסגראָבונג פון די רעשטן פון סאַדאָוונער קדושים. אויפן בילד זעט מען איטשע טשאַפּטשיק און איטשע ראָזענבוים, ביידע פון סאַדאָוונע

זענען דאָרטן געווען זייער אַ סך טויטע, וועלכע מען האָט באַגראָבן אין גרויסע מאַסן־קברים צו אַ פּאָר הונדערט טויטע אין יעדן איינעם.

אויפן דריטן טאָג פון אונדזער געפינען זיך אין סטאָק, זענען געקומען צו פאָרן: פייגע זשעליענעץ, צירל ראָזענבוים, סאַנע ראָזענבוים, טויבע גיטל גאָלדפאַרב (פון מאַן צוקער), שמואל יוסף קראָנפעלד, לייטשע ראָזענבוים, איטשע טשאַפּטשיק פון סאַדאָוונע און יעקב דוד שטולוואַרג. און אין דעם טאָג פון דער לויה זענען געקומען צו פאָרן צוויי פאָרשטייערס פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע, אין ראַנג פון פּולקאָווניקעס און אהרן פײַערטאַג און יעקב פײַערטאַג פון פּראָסטין.

דער לויה־צוג האָט זיך אָנגעהויבן פון דער בודקע פון הערשל טאָקער, אין מיטן מאַרק און עס זענען געקומען זייער אַ סך אײַנוווינערס פון סטאָק. פאַרשטייט זיך אַז קריסטן, ווײַל קיין ייִדן זענען שוין מער נישט געווען אין סטאָק, אויסער די פּאָר וואָס זענען ספּעציעל געקומען אויף דורכצופירן דעם לעצטן הייליקן פליכט. אויפן בית הקברות, האָבן די פאָרשטייער פון דער ייִדישער קאָנגרעגאַציע געזאָגט אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהילים און האָבן דאָס איבערגעזעצט פאַר די סטאָקער אײַנוווינערס אויף פּויליש און געמאַכט אַן אל מלא רחמים און י. פײַערטאַג פון פּראָסטין, געזאָגט קדיש, וואָס איז מיט אַ סך געוויין נאָכגעזאָגט געוואָרן פון די ייִדן. עס האָט גערעדט אהרן פײַערטאַג אין נאָמען פון די סטאָקער לעבנגעבליבענע און עס האָט אויך גערעדט דער פּוילישער לערער קאָשטשוקעוויטש פון דער פאָלקס־שול, וואָס האָט זיך געשלאָגן אַ מין „על חטא" פאַר די זינד וואָס די פּוילישע באַפעלקערונג איז אין אַלע צײַטן באַגאַנגען קעגן די ייִדן.



בײַם סוף פון דער לוויה — אויפן בילד זעט מען צוויי פאָרשטייער פון ייִדישן קאָמיטעט אין פּוילן. ביידע מי־ליטער־לײַט מיטן ראַנג פון פּולקאָווניקעס

און אַזוי אַרום האָבן מיר אויף אַן אײַנדרוקספולן אופן אָפּגעגעבן דעם לעצטן כבוד אונדזערע קרבנות — אַ טייל פון די אומגעקומענע ייִדן פון שטעטעלע סטאָק.

יואל לנדה

# קדיש

יתגדל ויתקדש!

אני עומד ליד אנדרטת הקדושים. לנגד עיני כתבת־יזכור לקדושי סטוק, אני רוצה לומר את הקדיש המסורתי, אבל זרם דמעות נקרש בעיני, מחנק בגרון, אין ביכלתי להוציא מלה מהפה, בדמיוני אני שוב בעירתנו.

יום הזכרון לקדושי עירתי היום. קדוש הוא יום זכרון החורבן, רגע של התעוררות הנפש, אמנם קיים יום זכרון כללי לחללי השואה באירופה, בכל זאת היום הזה, יום הזכרון הפרטי, יום הזכרון של קדושי בני עירתי יש בו משהו מיוחד, מעין אבל יחיד שבפי ירמיהו הנביא.

יתגדל ויתקדש!

אחרונים אנחנו של הדור ההוא, של הדור שבעיניו ראה את החורבן, שטבל במרחץ הדמים של העירה. אנחנו האחרונים של הדור שהולך ונעלם, שאט־אט נספג בדפי ההסטוריה, חובה עלינו להרבות ולרשום הדפים האלה, כי גדול כים שברנו, אין דומה לאסון של דורנו.

יתגדל ויתקדש!

עומד אני מול מצבת קדושנו ביום זה, אני מתיחד עם זכרם של אהובבנו יקירנו שבדרך כה אכזרית נלקחו ממנו. גדולה, גדולה ונוראה היא הטרגדיה, בלתי נדלים הם הזכרונות והחוויות של החיים בעירתנו, בלתי נשכחים הם הרגעים של חיי היום־יום בעירתנו הקטנה, מכאן הרצון החזק לציין ביום זה את הזכרונות הנוראים של החורבן.

יתגדל ויתקדש!

בימי תשרי — 1969 מלאו 30 שנה לפרוץ מלחמת העולם השניה. היום מלאו 30 שנה, ימי דור בהסטוריה של עם, ימי דור מבדילים בין אותו יום שעירתנו בערה, שהקרבנות הראשונים נפלו. ימי דור עברו מאותם ימים של רעד ואימה מהימים שאת עירתי עזבתי, במחשבתי אני שוב בעירה. לנגד עיני עומדים קרובי ויקירי, כל אלה שליווני, הדמעות שזלגו מעיניהם בשעת פרידה, הדמעות שחנקו בגרון, היגון שלחץ אז בלב, כל זה לא אשכח, כל זה ילווה אותי עד סוף ימי.

יתגדל ויתקדש!

יתגדל ויתקדש לזכרונכם, אבא, אמא, אחים ואחיות. לא שיגרתי הוא הקדיש לזכרכם. קריאת כאב הוא מעומק הלב על אבדנכם הטרגי כל כך. הרי כאילו רק אתמול זה היה, רק אתמול את פיתנו הדלה יחד אכלנו, רק אתמול נשאנו יחד בעול החיים, רק אתמול שותפים היינו בצער ובשמחה, איך יכול היה לקראת שאני, אני אחיה ואתכם רק אזכור ולזכרונכם קדיש אומר?! איך עזבתי אתכם בימים הטרגיים ההם וברחתי להציל את נפשי להאבק במשך שנים של נדודים במחנות, מדברות וביצות?! איך יכול היה לקרות שאשאיר אתכם בתנאים הנוראים ההם ודמעות הפרידה לא יעכבוני?! מי חכם ויבין זאת? האם אפשר להביע במילים את רגש האשמה הרובץ על ליבי עד היום? מדוע?! מדוע חי אני היום ואתם לא?!

יתגדל ויתקדש!

קדיש לזכרונכם, אחים ואחיות, לזכרונכם, חיים׳לך ושייקע׳לך, פייגה׳לך ופרל׳לך, לזכרונכם, בינה׳לך ומירה׳לך, משה׳לך ושלמה׳לך של ימי נעורי שהייתם שמחת ילדותי. לזכרון אלה שמלאו את ה"חדרים" וכתות בית־הספר, הספריות והארגונים. לזכרונכם, נוער הפאר של עירתי שבשמחה ובשיר, שבאמונה תמימה חלמתם על אידיאלים נעלים של המחר שיבוא.

יתגדל ויתקדש!

לזכרונכם, סבים וסבתות, דודים ודודות אשר במאבק היומיומי לקיומכם נשאתם בשמחה ובאמונה את עול היהדות. אתם שבכל האמצעים ובכל התנאים חינכתם דורות ההמשך תוך אמונה שלמה באדם ובעולם וב"נצח ישראל לא ישקר".

לזכרונכם רועד קולי כשאני אומר את הקדיש המסורתי, כמוכם אז, כשמלאתם את בית־המדרש בתפילותיכם הזכות מלאות נשמה ולב.

יתגדל ויתקדש!

בלב קרוע ומורתח אני עומד ליד קברכם הסמלי ואומר קדיש. הלב כאילו מתפרץ במחאה נגד העולם, נגד השמים התכולים והיפים כל כך, נגד השמש שגם אז האירה וחיממה את הקרבן ואת הרוצח גם יחד. מדוע?! מדוע, רבש"ע נתת להשמיד בצורה כה אכזרית שליש מעמך — עמי?.

מרחוק נשמע קול „אל מלא רחמים" של החזן שהדו מעמיק פי כמה את הכאב. הדמעות מתחילות זולגות והשפתים מדובבות ברעדה את מילות ה־„אל מלא רחמים" המסורתי, „הנאהבים והנעימים בחייהם ובמותם לא נפרדו".

יתגדל ויתקדש לזכרונכם קדושי — סטוק!



אַ וואַנט בײַם מאָנומענט פון די 6 מיליאָן קדושים אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדאַ (בוענאָס־אײַרעס) ווו ס׳געפינט זיך דער אָנדענק־טאָוול נאָך קדושי־סטאָק. עס שטייען שמחה און יואל לאַנדע.

# מײַן קדיש נאָך סטאָק

יתגדל ויתקדש!

איך שטיי בײַם מאָנומענט פאַר די קדושים, פאַר מײַנע אויגן די יזכור־פּלאַקע נאָך אונדזערע סטאָקער קרבנות. איך וויל אָנהייבן זאָגן אונדזער טראַדיציאָנעלן קדיש און אַ שטראָם פון טרערן הויבט אָן שטיקן אין האַלדז, און זיי ווערן ווי פאַרגליווערט אין די אויגן. איך קען נישט אַרויסברענגען קיין וואָרט ווײַל אין דמיון בין איך ווידער אין אונדזער שטעטעלע.

הײַנט איז דער טאָג פון מײַן סטאָקער יאָרצײַט. הייליק איז דער מאָמענט פון חורבן דערמאָנונג, פון התעוררות־הנפש און הגם מיר האָבן יעדעס יאָר דעם אַלגעמיינעם טרויער־טאָג, דעם יום הזיכרון, איז דאָך דער טאָג פון יחידישן טרויער, פון יחידישן יאָרצײַט, נישט מינדערוויכטיק, און אויך נישט אָפּשאַפבאַר אין אונדזערע דורות.

יתגדל ויתקדש!

מיר זענען די לעצטע פון דעם דור, וואָס האָבן אַליין מיטגעלעבט דעם חורבן, געלעבט דאָס פולבלוטיקע שטעטלדיקע לעבן, מיט זײַנע לײַדן און פריידן, מיר זענען די לעצטע פון דעם דור וואָס פאַרשווינדט און גייט לאַנגזאַם אַרײַן אין די בלעטלעך פון דער געשיכטע, לאָמיר־זשע וואָס מער בלעטלעך פאַרשרײַבן, נישטאָ קיין צופיל אין פאַרגלײַך מיט דעם פאַרנעם און גרויל פון אונדזער חורבן, נישטאָ קיין מאָס פאַר דער גרויס פון אונדזער טראַגעדיע.

יתגדל ויתקדש!

שטיי איך בײַ דעם מאָנומענט פאַר אונדזערע קדושים אין אָט דעם טאָג און בין זיך מתיחד מיטן אָנדענק פון אונדזערע ליבסטע און טײַערסטע, וואָס זענען אַזוי ברוטאַל און אכזריותדיק אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז. גרויס, גרויזאַם גרויס, איז די טראַגעדיע פון אונדזער חורבן, נישט אויסשעפּבאַר זענען די דערמאָנונגען און דערינערונגען פון אונדזער סטאָקער לעבן, נישט פאַרגעסבאַר זענען די מאָמענטן וואָס האָבן אויסגעפילט דאָס טאָגטעגלעכע לעבן פון אונדזער קליין שטעטעלע, ווילט זיך הײַנט אָפּמערקן, מיט ספּעציעלער דערמאָנונג, די טעג פון חורבן און אומקום.

יתגדל ויתקדש!

אין די תשרי־טעג — אין מאָנאַט סעפּטעמבער, איז געווען דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, און עס איז שוין מער ווי דרײַסיק יאָר ווי כ'האָב מײַן היים פאַרלאָזט, דרײַסיק יאָר — אַ דור אַ גאַנצער אין דער געשיכטע ציילונג פון אַ פאָלק, אַ דור אַ גאַנצער וואָס טיילט אונדז אָפּ פון יענעם טאָג ווען אונדזער שטעטל האָט געברענט, פון יענע טעג, פון די ערשטע קרבנות, פון גרויליקן שוידער, פון יענע טעג ווען איך בין פון שטעטל אַוועק.

בין איך מיטן געדאַנק ווידער אין שטעטל, שטייען מיר פאַר די אויגן די נאָענטע און טײַערע, אַלע, אַלע וואָס האָבן אונדז באַגלייט, די טרערן וואָס זענען גערונען בײַם געזעגענען זיך, די טרערן וואָס האָבן געשטיקט און דער ווייטיק און אומעט וואָס האָט געדרוקט, און וועט מיך כסדר אַזוי באַגלייטן ביז צום סוף פון מײַנע טעג.

יתגדל ויתקדש! נאָך אײַך טאַטע ־ מאַמע, ברידער און שוועסטער! נישט קיין טרוקענער שאַבלאָן־קדיש מײַנער איז דאָס נאָך אײַך, נאָר אַ האַרץ בלוטנדער ווײ־געשריי אויף אײַער אַזוי טראַגישן פאַרגיי.

ערשט נעכטן, דוכט זיך, איז דאָס געווען, האָבן מיר צוזאַמען דעם אָרעמען טיש געטיילט, ערשט נעכטן האָבן מיר צוזאַמען דעם עול פון לעבן געטראָגן, געפילט און געטיילט צוזאַמען אַלע לײדן און פריידן, טאָ ווי אַזוי איז דאָס געשען אַז איך זאָל הײַנט זײַן און קענען אײַך דערמאָנען און נאָך אײַך קדיש זאָגן.? ווי אַזוי איז דאָס בכלל מעגלעך געווען, אַז איך זאָל אײַך אין יענעם אָנהויב פון דער טראַגעדיע פאַרלאָזן, איבערלאָזן אויף אייגענעם באַראַט און אַליין אַוועק —לויפן זיך ראַטעווען— ראַנגלען זיך, דורך יאָרן פון וואַנדער איבער לענדער, אין לאַגערן, מדבריות און טײַגעס. ווי

אַזוי איז דאָס מעגלעך געווען אַז מיר זאָלן אײַך איבערלאָזן אין יענע באַדינגונגען און די טרערן פון צעשיידונג זאָלן אונדז נישט פאַרהאַלטן, ווער קען דאָס פאַרשטיין און צי קען מען דען אויסדריקן אין ווערטער דעם שולד־געפיל, וואָס לאַסטעט ביז הײַנט, פאַר מײַן האַנדלונג, פאַר מײַן בלײַבן לעבן.

יתגדל ויתקדש! נאָך אײַך, ברידער און שוועסטער, איר חיימלעך און שייקעלעך, פייגעלעך און פערעלעך, בינעלעך און מירעלעך, איר משהלעך און שלמהלעך פון מײַן קינדהייט, פרייד פון מײַן יוגנט, איר, וואָס האָט אויסגעפילט די חדרים און שול־קלאַסן, די ביבליאָטעקן און אָרגאַניזאַציעס, איר, פּרעכטיקע יוגנט פון אונדזער שטעטל, איר, וואָס האָט מיט פרייד און געזאַנג, מיט פולן גלויבן אידעאַליזירט דעם הײַנט און געטרוימט וועגן אַ בעסערן מאָרגן וואָס דאַרף און וועט קומען.

יתגדל ויתקדש! נאָך אײַך זיידעס און באָבעס, פעטערס און מומעס, איר, וואָס האָט אין אײַער טאָג־טעגלעכן געראַנגל פאַר עקזיסטענץ געטראָגן מיט פרייד און מיט גלויבן דעם עול פון זײַן אַ ייִד, איר, וואָס האָט מיט אַלע מיטלען און אין אַלע באַדינגונגען דערצויגן דורות פאַר המשך, מיט דעם פולסטן גלויבן אין מענטש און וועלט און אין דעם אייביקן נצח ישראל לא ישקר.

נאָך אײַך, טײַערע, הייליקע קדושים, זאָג איך דעם טראַדיציאָנעלן קדיש, מיט דעם ציטער אין קול, ווי איר דאָן אין די בתי מדרשים און שטיבלעך וואָס איר האָט אָנגעפולט מיט תפילות, מיטן הייליקן ציטער פון האַרץ און נשמה.

יתגדל ויתקדש! ווי פאַרגליווערט, צעווייטיקט, שטיי איך בײַ אײַער סימבאָליש דענקמאָנענדיקן קבר און זאָג קדיש במחשבה נאָך אײַך. עס ווילט זיך אויסשרײַען דעם ווייטיק, דעם פּראָטעסט צו דער וועלט, צום הימל וואָס איז אויבן, אַזוי הערלעך בלוי, צו דער זון וואָס האָט אויך דעמאָלט געשײַנט און געוואַרעמט פאַר דעם קרבן מיטן מערדער צוזאַמען — פאַרוואָס? פאַרוואָס, אָ גאָט! האָסטו דערלאָזט צו דער גרויזאַמער אכזריות? צו דער פאַרניכטונג פון אַ דריטל פון דײַן־מײַן פאָלק.

פון דער ווײַטן דערטראָגן זיך די קלאַנגען פון דעם „אל מלא רחמים” וואָס ס'מאַכט דאָרטן דער חזן. דער עכאָ פון זײַן קול, וויבּרירט און מאַכט נאָך מער פילבאַרער דעם ווייטיק, און די טרערן הייבן אָן פליסן לאַנגזאַם. און די ליפּן הויבן אָן שעפּטשענדיק, מיט אַ ציטער אַרויסברענגען די אַזוי פילבאַרע ווערטער פון אונדזער טראַדיציאָנעלן אל מלא רחמים.

הנאבים והנעימים בחיהם — במותם לא נפרדו!

יתגדל ויתקדש נאָך אײַך, קדושי סטאָק!

יואל

(פאַרצייכנט צו דער אזכרה אויפן בוענאָס־אײַרעסער בית עולם אין טאַבלאַדאַ אין 1969).



מרדכי הערש פריד / בוענאָס־איירעס

# על אלה אנחנו בוכים...

אַז מען גייט מזכיר נשמות זײַן לויט דעם סדר זאָגט מען: יזכור אלהים את נשמת אבי מורי... פלוני בן פלוני יזכור את נשמת אמי מורתי, פלונית בת פלונית אאַ״וו א״אַ. ברידער, שוועסטער וכל קרובי וקרובתי שנפלו ושנהרגו ושנחקנו ושנשרפים על קדישת השם והעם...

מיר, סטאָקער לאַנדסלײַט, זענען מזכיר אין דאָזיקן ספר אונדזערע אחינו ואחיותינו, מיט גרויס יראת הכבוד, כדי דאָס זאָל בלײַבן פאַר די ווײַטערדיקע דורות און איך בין אַוודאי באַרופן מזכיר צו זײַן מײַנע עלטערן ע״ה; מײַנע ברידער, שוועסטער, מײַן שווער און שוויגער ע״ה און איך וועל יעדן איינעם באַצייכענען גענוי מיט זײַן נאָמען, פאַר דעם גרויסן אָנדענק לעולם ועד.

מײַן פאָטער, אליהו בערל פריד ע״ה, הגם נישט געווען קיין ייִד אַ למדן, איז ער אָבער געווען אַ טיף רעליגיעזער ייִד, מיט אַ טיפן גלויבן און בטחון אין ייִדישקייט און אין די ייִדישע דרכים; דער אמתער תהילים־ייִד און איז קיין מאָל נישט אַוועקגעגאַנגען פון שטוב אויב ער האָט נישט אָפּגעזאָגט דעם יום מעמדות און תהילים ווי אויך תפילות הדרך; ער האָט שטאַרק געגלויבט אין רבנים און אָפט געפאָרן צו דעם ראדזינער רבין ז״ל און צו דעם טריסקער מגיד ז״ל און ווען דער רבי האָט אים געזאָגט אַ וואָרט, איז דאָס בײַ אים געווען קודש קדשים.

אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד וואָס מען האָט מיר דערציילט וועגן מײַן טאַטן ע״ה, שוין זײַענדיק אין בוענאָס איירעס און ווען איך האָב אַהער געבראַכט מײַן פרוי און קינדער, האָט מיר מײַן פרוי דערציילט פאָלגנדעס: דײַן טאַטע איז געווען בײַם רבין און דער רבי האָט אים געגעבן זײַן ברכה און האָט אים געהייסן קויפן אַ לאָטעריע־צעטל — און ער וועט בעזרת השם יתברך „מאַכן" די גאַנצע 75 טויזנט זלאָטעס — און מײַן פאָטער איז שוין געזעצן אין דעם זיכער און ווען ער איז געקומען אַהיים האָט ער מגלה סוד געווען מײַן פרוי און ער האָט דערבײַ געמאַכט דעם גאַנצן חשבון אויף פאָלגנדיקן אופן:

ראשית, וועלן מיר צוריקברענגען אַהיים פון דעם טריפֿענעם לאַנד שרהן; די דאָזיקע שרה איז הײַנט אין מאָנטעווידעאָ און דעמאָלט געווען אַן אלמנה בײַ איר אָרעמער מאַמען; איר וועט ער חתונה מאַכן און מקיים זײַן די מצווה פון הכנסת כלה, און ווײַטער האָט ער געמאַכט אַ לאַנגן צעטל וואָס פאַר אַ גוטע זאַכן ער וועט אַלצדינג אויפטאָן, מיט דעם גרויסן געווינס. וואָס דער רבי האָט אים צוגעזאָגט און זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דער גאַנצער חשבון האָט זיך פאַרענדיקט מיט דרײַ נולן... איך האָב דעמאָלט געגעבן אויף דעם מײַן פירוש און הײַנט מיין איך אַז דאָס איז געווען אַ פילבאַדײַטנדיקער נס מיט זײַן פאַרשפּילט צעטעלע...

מײַן מאַמע לאה ע״ה רוף איך אָן מיט דעם נאָמען, אַז זי איז געווען פון די אמתע נשים צדקניות און דאָס זעלביקע בין איך אויך מזכיר מײַן שוועסטער אסתר פריידע ע״ה, מײַן שוועסטער פעשע ע״ה איז אומגעקומען מיט איר מאַן און קינדער אין שטעטעלע סאַדאָוונע, נאָך אין דער מלחמה פון 1914 פון אַ גראַנאַט וואָס איז אַרײַנגעפאַלן צו זיי אין שטוב.

מײַן שוועסטער גישע ע״ה איז אומגעקומען אין אָטוואָצק בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה פון די היטלעריסטישע באָמבאַרדירונגען; מײַן ברודער רפאל וועלוול מיט זײַנע קינדער זענען דערשאָסן געוואָרן אויף דעם שאָסיי פון זאראמב קיין זעמבראָווע, אַנטלויפנדיק אין וועלכן עס איז מקום פאַר די רוצחים; מײַן ברודער ישראל איז געפאַלן בעת דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ און מײַן שוועסטער רבקה ע״ה איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט.

דאָס אַלץ איז מײַן אייגענער חשבון און מײַן אייגענער באַלאַנס אין מיט טיפן צער און ווייטיק זאָג איך דעם באַקאַנטן טרויער־זאָג, אַז תהי נפשותיהם צרורים בצרור החיים!

איצט וועל איך מזכיר זײַן מיט גרויס יראת הכבוד די באמת שיינע געשטאַלטן וואָס יעדער איינער פון אונדזערע לאַנדסלײַט האָבן זיי גוט געקענט: דעם ערשטן, דעם אַלטן שוחט רב ישראל מרדכי ז״ל, זײַן אײדעם משה מתתיהו שו״ב ז״ל און זײַן פרוי ברכה ע״ה, אַן אמתדיקע פרוי פון די נשים צדקניות, אַ זייער גוטע און אײדעלע נשמה איז זי געווען, סײַ מיט געוויינלעכע נדבות און אויך אַז עס איז געקומען דער טאָג דאָנער־שטיק אָדער פרײַטיק, פלעגט זי אַרײַנטראָגן אין די גאָר נויטבאַדערפטיקע היימען אַ שטיקל פלייש, פון דעם כשרות, וואָס די שוחטים בײַ אונדז פלעגן מיטנעמען און זיי איז דאָס געקומען בחזקה פון דעם שעכטהויז.

ר׳ ישראל מרדכי ז״ל איז אין יענער צײַט געווען דער עלצטער שוחט בײַ אונדז, דורכגענו־מען מיט אַ טיפן וויסן אין הלכות שחיטה ובדיקה און איך געדענק ווען בײַ אים האָט אָנגעהויבן צו ציטערן זײַן האַנט האָט ער באַלד אויפגעגעבן די שחיטה. ער פלעגט אָבער קומען אין שעכטהויז אַכטונג צו געבן בײַ בדיקה און אַזוי ביז דעם טאָג, אַ שבת אין דער פרי, ווען ער איז געגאַנ־גען פון בית המדרש צו זיך אַהיים און קרײַצנדיק די גאַס, איז ער געפאַלן אַ קרבן פון אַ האַנט־גראַנאַט, וואָס ער האָט געפרוווט אויפהייבן נישט וויסנדיק וואָס דאָס איז. דער גראַנאַט האָט גלײַך עקספּלאָדירט און ער איז געפאַלן אַ באַגאָסענער מיט בלוט. איך, ווען כ׳האָב דערהערט דאָס גע־שריי בין איך באַלד אַרויס אויפן גאַס, צוזאַמען מיט וועלוול זלאַטאַגורא (ווען מען האָט גערופן: וועלוול יאַשקעס); מיר ביידע האָבן אים אַרײַנגענו־מען אין שטוב ווו עס האָט זייער ווייניק צײַט גע־דויערט און ער האָט אויסגעהויכט זײַן הייליקע נשמה. כבוד זײַן אָנדענק!

דער אײדעם זײַנער ר׳ משה מתתיהו האָט באַלד פאַרנומען זײַן פּלאַץ און אויך ער איז גע־ווען זייער אַ טײַערער ייד, אַ למדן מופלג און פון די גאָר געהויבענע פלינקע שוחטים; סײַ שחיטה, סײַ בדיקה ושאלות ריאה און בכלל אַן אײדעלער און גוטער ייד; ער איז אויך געווען אַ בעל שחרית אין דעם אַלעקסאַנדער שטיבל אין די ימים נו־ראים.

איך נעם מיר אויך דאָס רעכט אַרײַנצושרײַבן אין דעם יזכור־ספר לזכרון מײַן שוואָגער אײַזיק מענדל זלאַטאַגורא ע״ה און מײַן שוויגער פעשע־הינדע ע״ה אַ בכבודיקע און גוטע נשמה; אַ טיף רעליגיעזע פרוי געווען — און זייער אַ גוטע מאַמע. אויך ווען איר מעג איך זאָגן דעם גרויסן שבח פון איר גוטסקייט און איר אַכטונג געבן אויף די אָרעמע שכנים.

איינער פון אירע נאָענטע שכנים איז געווען —ער זאָל מאריך ימים ושנים זײַן— הרב יצחק סטאָלאָוויטש (הײַנט אין ישראל), אַ ייד אַ למדן. נאָך אַלס יונגערמאַן, אָבער ער איז געווען אַ מלמד און אַלע ווייסן דאָך וואָס פאַראַ „גבירים״ עס זע־נען אין יענער צײַט געווען די מלמדים און שטי־לערהייט האָבן סײַ דער שוואָגער מײַנער און סײַ די שוויגער, געהאַט אַ סך השגחה איבער דעם יונגער־מאַן יצחק; נאָר זיי ביידע (איך מיין דעם שוואָגער און די שוויגער), האָבן געהאַט די זכיה צו שטאַרבן אויף אַ נאַטירלעכן אופן; מײַן שוויגער ע״ה אַ סך פריִער און מײַן שוואָגער ע״ה, האָט געהאַט סײַ אַ זכות און סײַ אַ נס, צו שטאַרבן מיט זײַן נאַטירלעכן טויט, שוין אין דער צײַט פון דער מלחמה, באַלד פון אָנהייב — און צו קומען צו קבורת ישראל כדת וכדין.

און אים בין איך אַוודאי מחויב אײַנצוגלידערן זײַן נאָמען אין דעם דאָזיקן יזכור־ספר. ער איז גע־ווען אַ ייד נישט קיין גרויסער למדן, אָבער אַ פּרשה חומש מיט רש״י האָט ער גוט געקאָנט; ער איז געווען אַן אָפּגעהיטער און מיט אַ טיפן גלויבן אין גאָט, אַן אָפּטער אַרײַנגייער צו דעם אַלטן רב ר׳ יהודה לייב האַלבערשטיין זצ״ל און בײַ דעם אַלטן רב בין איך אַליין אויך געווען אַן אָפּטער יוצא ונכנס, סײַ וואָס איך פלעג אים אַרײַנגעבן פלייש פאַר זײַן פאַמיליע - געברויך, סײַ מיט פאַרשידענע שאלות ובדיקות וועגן כשרות.

איך פאַרענדיק מײַנע קורצע דערמאָנונגען מיט די ווייניקע שבחים וואָס איך פאַרצייכן דאָ און זאָג די אַלטע און באַקאַנטע טרויער־ווערטער:

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

און תהי נפשותיהם צרורים בצרור החיים!

יואל לאַנדע / בועגאָס־אײַרעס

# אַזוי האָט זיך דאָס אָנגעהויבן

## פראַגמענט פון אַן אַרבעט געווידמעט דעם אָנדענק פון קדושי סטאָק

אין מאָמענטן פון התעוררות הנפש, פון טיפער נשמה־דערוואַכונג ווילט זיך פּרווון פאַרצייכענען עפּעס פון יענע טעג וואָס האָבן זיך אַזוי טיף אײַנגעשניטן אין אונדזער זכרון און ווי יענער שליח־ציבור צו כל נדרי מיט אַ ציטער אין האַרצן טו איך תפילה צו געפינען און קענען אַרויסברענגען אין אַ צימצום פון ווערטער, די שטאַרקייט פון ווייטיק, די גרויסקייט פון דער טראַגעדיע און צו קענען מיט זיי באַווירקן דעם המשך וואָס מיר וועבן אין דערציען אַז ער זאָל דאָס וויסן, געדענקען און נישט פאַרגעסן.

ביז אין די לעצטע טעג פון מײַן לעבן, וועל איך האָבן פאַר מײַנע אויגן דאָס בילד פון דעם שרעקלעכן אָנהויב פון יענע טראַגישע טעג וואָס האָבן בהדרגהדיק דערפירט צו דער פיזישער פאַרניכטונג פון אונדזערע נאָענטסטע און טײַערסטע פון אונדזער היים־שטעטעלע סטאָק. ביז הײַנט צו טאָג איז נישט פאַרשוווּנדן פון מײַן זיכרון יענער גרויזאַמער אָנהייב. און מיט דער שנעלקייט פון אַ בליץ לויפן אַדורך מאָמענטן און בילדער פון יענע געשעענישן וואָס האָבן געלייגט זייער חותם אויף דעם ווײַטערדיקן גאַנג פון מײַנע טעג און האָבן פאַרמינערט מײַן זעלישע גלײַכגעוויכט.

פאַראַן מאָמענטן — און נישט קיין זעלטענע זענען זיי — ווען אין שלאָפלאָזע נעכט זעסטו נאָך אַמאָל די בילדער פון יענעם אָנהויב, פון דער שוידערלעכער טראַגעדיע, זעסטו דאָס שטעטל אין פלאַמען, די מענטשן נע־ונד אויף די וועגן און אויף די פעלדער, דעם וויי־ און דעם צער פון שוין ווערן היימלאָז, פון שוין אָנהויבן ברענגען די ערשטע קרבנות, פון בלוט און לעבן ממש. און דו פילסט זיך ווי אַ שולדיקער פאַר דײַן געראַטעוועט בידנע לעבן. ווײַל נישט איין מאָל פרעג איך זיך אַליין: צי האָב איך אַ רעכט געהאַט מיט מײַן פאַרלאָזן די היים — אין יענע טעג — די נאָענטסטע און טײַערסטע, משפחה און פרײַנד ווי בכלל דאָס שטעטל? צי איז באַרעכטיקט געווען מײַן וועלן אויסמײַדן דאָס מיטלעבן די שווערע צײַטן וואָס האָבן זיך אָנגערוקט. ווײַל נישט אין ראַטעווען דאָס לעבן איז דאַן געגאַנגען, דאָס לעבן האָט טאַקע אָנגעהויבן ווערן הפקר, אָבער ס'האָט קיינער נישט געטראַכט אַז די מלחמה וועט זײַן אַזוי ברוטאַל אין באַצוג אויסשליסלעך צו ייִדן און מיט איר צילבאַוווּסטער טאָטאַלער ייִדן־פאַרניכטונג.

נאָך אַמאָל, נישט אין ראַטעווען דאָס לעבן איז דאַן געגאַנגען, דאָך האָב איך ביז הײַנט קיין באַרעכטיקונג נישט געפונען און ווייס אַז ביז צום סוף פון מײַנע טעג וועט דער אומרו און צווייפל מיך באַגלייטן. ווילט זיך דעריבער אין מאָמענטן פון נשמה־ציטער פּרוּוון פאַרצייכענען עפּעס פון יענע טעג, פון יענעם שרעקלעכן אָנהויב וואָס זאָל בלײַבן צום דערמאָנען און געדענקען.

געווען איז דאָס דעם צענטן סעפּטעמבער פון יאָר 1939. אין דעם טאָג האָט זיך דאָס פּאַקטיש אָנגעהויבן די גרויזאַמע טראַגעדיע בײַ אונדז אין שטעטל. און ווען איך דערמאָן די דאַטע 10טער סעפּטעמבער מוז איך זיך אָפּשטעלן און מאַכן אַ באַמערקונג צו אַן אָנגענומענעם כלל אין אונדזער סטאָקער עדה, און דאָס איז וועגן אָפּמערקן אונדזער סטאָקער יאָרצײַט — און נישט וועגן אָפּפרעגן אַ פון פריִער באַשטימטע דאַטע גייט דאָ, ווײַל אַלע טעג פון יענער טרויעריקער תקופה האָבן געהאַט ביטערע פּאַסירונגען און געשיכטעס וואָס באַרעכטיקן זיי צו פאַרוואַנדלען אין געדענק־טעג, אָבער אויב עס גייט אין אָפּשטעלן זיך אויף איין געדענק־טאָג אין יאָר פאַר אַלע סטאָקער אָפּשטאַמיקע, איז נישטאָ קיין מער באַרעכטיקטע דאַטע — לויט מײַן מיינונג — ווי בלויז די פון 10טן סעפּטעמבער. ווײַל אין דעם טאָג האָט דאָס שטעטל אָנגעהויבן צו ברענען און אין דעם טאָג האָבן מיר די ערשטע קרבנות געגעבן, און דעם טאָג זענען מיר אַרײַן מיט פײַער און פלאַם, מיט בלוט און מיט לעבן (ריכטיקער מיט טויט) מיט פּײַן און ליידן, מיט שרעק און ענדלאָזן וויי אין דעם גרויזאַמען פּראָצעס פון לאַנג־

זאַמער טאָג־טעגלעכער טאָטאַלער פאַרלענדונג, אַז איך דערמאָן די דאַטע „10טער סעפּטעמבער" גיט אַ שטאָך אין האַרצן און עס גייט אַדורך אַ ציטער איבערן קערפּער און דער געדאַנק ווערט איבערגעפולט מיט מחשבות און דערמאָנונגען וואָס נאָר אַן אויפריכטיקער יאַרצײַט־טרויער קען דערוועקן און באַווירקן. און דערפאַר קומט מײַן באַמערקונג וועגן דער דאַטע „10טער סעפּטעמבער" מיט אַ ווונטש צו פאַרטראַכטן זיך.

געווען איז דאָס אַ זונטיק אין דער פרי, ווען נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט זענען מיר, אַ גרופּע חברים, געווען אין מאַרק און אָבסערווירט דעם צוריקטריט פון פּוילישן מיליטער וואָס זענען געגאַנגען פאַרמאַטערטע, דורשטיקע, אַ צעקלאַפּטע מחנה זעלנער, נאָך אַ פאַרשפּילטן קאַמף בײַם טײַך בוג, פונעם טראַקט בראָק ־ ווישקאָוו דורך אונדזער שטעטל, צום טראַקט ווענגראָוו־סאָקאָלאָוו־שעדלעץ, ווײַטער צו אויף מזרח. מיר האָבן געבראַכט ברויט, וואַסער צום טרינקען, געקוקט און געזוכט היימישע פּנימער און אָט באַמערקט מען פון צווישן דער באַוועגלעכער מאַסע מענטשן, אייגענע חברים פון שטעטל, מען נעמט זיי אויף שנעל, אַרײַן אין שטוב, מען גיט זיי עסן, טרינקען, מיר פּרווון ווירקן אַז זיי זאָלן זיך איבערטאָן און בלײַבן, אָבער דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט־געפיל איז גרויס, דער האַס צום דײַטש איז שטאַרק און זיי ווילן נישט בלײַבן און גייען צוריק צו דער מחנה.

מיר גייען מיט זיי, באַגלייטן זיי דורך דעם סטאָקער מאַרק. מיר גייען יינגלעך און מיידלעך, ס׳טוט ווי דאָס האַרץ צו זען די דערשעפּטקייט פון דער מחנה. מיר גייען נאָך אַביסל, אָבער פּלוצים באַווײַזט זיך אַן אַוויאָן אין דער לופט, ער מאַכט אייניקע אומקרײַזן איבערן שטעטל און שוין יאָגט אַן פון קאָסאָווער וועג אַ טאַנק און עס הייבן אָן פײַפן די ערשטע קוילן איבער דעם סטאָקער מאַרק. מיר לויפן זוכן אַ שוץ־ווינקל, איך מיט חנהן לויפן אַרײַן צום קליינעם נוחן אין קראָם, דאָס שטעטל ווערט באָמבאַרדירט און דער טאַנק האָט מיט זײַנע קוילן דאָס שטעטל אונטערגעצונדן. די הײַזער פון מידניקער וועג ברענען די ערשטע און שוין טראָגן זיך געדיכטע קנוילן רויך פון בית המדרש הויף, דאָס שטעטל ברענט און די בהלה איז גרויס.

מענטשן פאַרלאָזן די ברענענדיקע הײַזער מיט וואָס עס לאָזט זיך און הויבן אָן גיין דורכן מאַרק צו נײַסטאָק צו. עס גייען אַלטע און קינדער, יעדער טראָגט עפּעס מיט זיך פון דעם אַרויסגעראַטעוועטן פון דער שריפה. פאָרויס גייט דער רב מיט דער ספר תורה, וווהין גייט מען? מען גייט אָן אַ ציל, צום פרײַען פעלד. אין מיטן פון דעם פײַנפולן בהלה מאַרש באַווײַזט זיך נאָך אַמאָל דער אַוויאָן. איצט לאָזט ער זיך אַראָפּ גאַנץ נידעריק און באַשיסט שוין אויך פון מאַשין געווער, ווידער פאַלן באָמבעס און ס׳הערן זיך אויפרײַסן, ס׳זענען שוין פאַראַן קרבנות, די ערשטע קרבנות אין שטעטל, מען לויפט פּרווון געבן הילף אויף די הילפס־רופן און ס׳יאָגן אָן די ערשטע רײַטער פון דער מעכטיק־באַוואָפנטער דײַטשער אַרמיי וואָס מאַרשירט אַרײַן אין שטעטל זייענדיק חורבן און פאַרוויסטונג.

ערשט נעכטן בײַנאַכט האָב איך מיט מײַן ברודער חיים און נאָך אייניקע חברים באַגראָבן אויפן הויף ביכער און אַרכיוו־מאַטעריאַלן פון אַנטי־נאַצישער טעטיקייט. ערשט נעכטן האָב איך באַמערקט דאָס אַרויסזעצן אַ דעסאַנט אונטערן שטעטל און מיט נאָך אייניקע אָפּגעוואַרט זייער אַרײַנקומען אין שטעטל. כ׳האָב נאָך פּרובירט מעלדן, רעדן וועגן פאַרהאַלטן זיי, הײַנט איז שוין לית דין ולית דין — נישטאָ שוין צו וועמען צו רעדן.

איך בין געבליבן אַליין אין שטוב, די טיר פון דרויסן מיט אַ הענג־שלאָס פאַרשלאָסן, איך בין געשטאַנען בײַם פענצטער און אָבסערווירט די מאַרשירענדע מחנה אַ גוט באַוואָפנטע מאָטאָריזירטע אַרמיי, נישטאָ קיין פוסגייערס, הײַנט הייבט זיך אָן די אָקופּאַציע פון אונדזער שטעטל, אָבער גאָט מײַנער! פאַרוואָס די שריפות? פאַרוואָס די פאַרניכטונג?

איך שטיי איינער אַליין און קוק דורכן פענצטער וואָס איז פאַרהאָנגען מיט אַ פאַרהאַנג, קוק ווי מיט אַ פאַרגליווערטן בליק, די אויגן פאַרלאָפן מיט טרערן, איך ווייס אַז איך בין איצט אַ לעבעדיקער עדות פון געשעענישן וואָס הויבן אָן ווערן די בלוטיקסטע אין אונדזער געשיכטע. און ווי איינטויטיוו האָב איך געפילט אַז כ׳דאַרף דאָ בלײַבן און אָבסערווירן דעם אָנהויב. אַלע פון שטוב זענען אַוועק אין פעלד, דאָס גאַנצע שטעטל כמעט איז אַרויס אין אָפענעם פעלד, די פלאַמען האָבן זיך געשפּרייט איבערן שטעטל, פאַרצוקט אַלע מאָל אַ הויז נאָך אַ הויז און נאָר וואָס האָב איך געוווינט, כ׳האָב נישט געוואָלט גיין אין פעלד מיט אַלע. איך וועל זײַן דאָ ווײַל קוים דאַרף מען שפּעטער —אויב מען וועט קענען— אַרויסראַטעווען עפּעס פון דער שריפה.

איך בין פּאַרזיכטיק, נישט צו באַוועגן דעם פּאָר־האַנג, ווייל דער מינדסטער פאַרדאַכט הייסט באַלד שפּיאָנירן.

צוויי רייטער האָבן זיך באַוויזן נעבן דער שטוב זיי זענען אַרײַן אין הויף מיט אַנטבלויזטע שווער־דן געזוכט צי ס׳איז נישטאָ ווער פון מיליטער; זעלנערס פאַרשאַנצטע. מײַן האַרץ האָט פון שרעק געציטערט, דער מינדסטער פאַרדאַכט זייערער און ס׳קומט באַלד אַרײַן אַ קויל, דאָס הויז קען ווערן אונטערגעצונדן, פריִער מיט אַ שעה איז אַזאַ פאַל געשען, און וועלוול יואלקעס איז בײַ זײַן טיר אומ־געקומען. איך בין דאַן מיט זכריהן געלאָפן זען וואָס ס׳איז געשען בײַ איטע־רויזען, דאָרט איז אַ באָמבע אין שטוב אַרײַן און געמאַכט אַ חורבן, מיר האָבן די קינדער אַרויסגענומען אומבאַשעדיקטע, איך האָב זיי צו די אָסטשעגאַס אין הויז צוגעפירט, דאָס הויז אויף יענער זײַט מאַרק איז געווען גאַנץ ווי בכלל די גאַנצע ריי הײַזער אויף יענער זײַט, דאָרט האָט נישט געברענט; די ברייטקייט פון מאַרק האָט אין די שעהן געשיצט די הײַזער און זיי זענען טאַקע געבליבן גאַנץ.

צוריקגיין צו די סקאָרופקאַס האָב איך שוין נישט געקענט, דער וועג איז געוואָרן אָפּגעשניטן דורכן מאַרשירנדיקן מיליטער, אויך די וואָס זענען פריִער געלאָפן געבן הילף האָבן געמוזט אַנטרונען, זוכן ערגעץ שוץ. שפּעטער איז אויך דאָס הויז פאַרברענט געוואָרן און צוזאַמען מיט דעם הויז די ערשטע קרבנות אונדזערע. אויף צו מאָרגנס זענען מיר ווידער געווען דאָרטן, מיט טרערן און ווייטיק געגישטערט אויף די חורבות —צווישן קוילן און אַש— געזוכט די פאַרברענטע מענטשלעכע רעשטן פון די קרבנות און אין אַ ווײַס ציכל אַרײַנגעטון די געפונענע טיילן און זיי געבראַכט צו קבר ישׂ־ראל.

הײַנט האָבן זיך אָנגעהויבן מײַנע נסים־צו־פאַלן. בײַנאַכט האָבן מיר געמאַכט די גרעסטע אָנ־שטרענגונגען אָפּצושטעלן דאָס אויסשפּרייטן זיך פון דער שריפה. ס׳איז שוין צוגעקומען ביז צו די הײַזער פון יאַנקל בעקער, קליינער נח און מנחם היטלמאַכער, ס׳האָט געדראָעט אַריבערצוּוואַרפן זיך דורך דער שמאָלער גאַס צו קורילעקס בנין. און דאָס צווייטע הויז איז געווען אונדזערס, האָבן מיר ציזאַמען געגאָסן עמערס וואַסער אויף די ווענט, זיי געקילט און נישט דערלאָזט דעם פלאַם זיך איבער־טראָגן און ס׳איז אונדז געלונגען, דאָס פאַרניכ־

טונגס־פײַער האָט זיך דאָרט אָפּגעשטעלט. אָבער אין מיטן פון דער לעשונגס־אַרבעט האָט אַ באָמבע אויפגעריסן, איינע פון די באָמבעס וואָס זענען בײַ־טאָג געפאַלן נעבן דעם קליינעם נחן, זי האָט דאַן נישט אויפגעריסן, מיר זענען דאַן געווען באַהאַלטן דאָרט און ווי דורך אַ נסימדיקן צופאַל, האָט זי מיטן שפּיץ אין זאַמד זיך אײַנגעגראָבן און נישט אויפ־געריסן, איצט האָט זי בעת דער שריפה פון הויז, פון דער היץ אויפגעריסן און צעשפּריצט אירע שפּליטערס אויף דעם אַרום. ס׳האָט צו אונדזער גרופּע דערגרייכט און איינער איז לײַכט פאַרוווּנ־דעט געוואָרן.

דער פּלוצימדיקער אויפרײַס האָט גורם געווען אַ מאָמענטאַלע בהלה, די רייטער, האָבן די פערד אויסגעדרייט און געלאָפן ווי פאַרבינדלער, מיטטיילן דאָס געשעענע, מיר האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף שנעל פון דעם אָרט און איך האָב שוין געהאַט צו פאַרצייכענען מײַנע ערשטע צוויי צופאַלן, וואָס האָ־בן מיר אויסגעזען ווי נסימדיקע און מיר דערמעג־לעכט ווײַטער מיטצומאַכן דעם גרויזאַמען אָנהייב פון אונדזער טראַגעדיע.

פײַנפּולע טעג און קאָשמאַרע נעכט האָבן זיך געשטעלט אין שטעטל, העכער פופציק פּראָצענט פון די שטעטלדיקע הײַזער זענען פאַרברענט געוואָרן אין צוזאַמען מיט די הײַזער, דאָס ביסל אָרעמקייט וואָס איז אין זיי געווען, מענטשן זענען געוואָרן היימלאָז. באַלד האָט זיך אָבער געשאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך באַמיט מיט אַלע מעגלעכ־קייטן צו פאַרלײַכטערן די נויט, מען האָט אײַנגע־אָרדנט משפּחות אין די שטיבער וואָס זענען פון דער שריפה ניצול געוואָרן.

דינסטיק דעם 12טן האָבן פויערים געבראַכט די ידיעה אַז אין מידניקער וואַלד געפינט זיך אַ פאַר־וווּנדעטער ייִדישער זעלנער, מיר האָבן אים אין זעלבן טאָג געבראַכט און אַרײַנגענומען אין איינעם פון טאַרניצקיס לאָקאַלן און אָנגעהויבן די באַמיִונ־גען פון מעדיציִנישער הילף, עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט, ער איז געווען שווער פאַרוווּנדעט און אויפן צווייטן טאָג געשטאָרבן. ווען איך בין געווען בײַ אים מיט אָשרקען (פּלאַטנער), האָב איך פאַרצייכנט זײַן נאָמען — אַברהם קשיאָנזשקאַ, פון וואַרשע — איך האָב די דאַטן איבערגעגעבן צום רב, בכדי בײַ מעגלעכע געלעגנהײַטן דאָס צו וויסן טון זײַן פאַמיליע.

ס׳האָבן זיך דערנענטערט די יום־טוב טעג

פון ראש־השנה. מען האָט אײַנגעשאַפן מעל און צוקער און צעטיילט צווישן די נויט־באַדערפטיקטע און עס איז שווער איבערצוגעבן אין ווערטער, דעם אויסזען און די שטימונג פון דעם ראָש־השנה אין שטעטל.

אַן אויבנאויפיקע פאַרלײַכטערונג פאַרן שטעטל איז געווען דאָס וואָס ס׳איז נישט געבליבן קיין מיליטערישער פּאָסטן אין די ערשטע דרײַ וואָכן, מען האָט געלעבט אין שרעק פאַר די נעכט וואָס זענען געוואָרן הפקר אויף די וועגן, פאַרן טאָג וואָס האָט מיט זײַן ליכטיקייט געוויזן די פינצטערקייט פון דער לאַגע, אַלע מאָל זענען געקומען דײַטשן פון ווענגראָוו אויף מאָטאָציקלעטן זוכן עפּעס אַ רײַב אָדער אַ קרבן. מען האָט אָנגעהויבן דורכפירן דורכן שטעטל געפאַנגענע זעלנער און סתם פאַרנומענע מענער אויף אַרבעט אָדער סתם אַזוי צו מאַטערן.

אין איינעם פון די הפקר־טעג איז געקומען אַ פּאַטרול פון צוויי דײַטשן אויף מאָטאָציקלעטן און פאַרפאָרן צו דער באַנק. דאָרט האָט זיך געהאַט אײַנגעאָרדנט וועלוול בעקער. די דײַטשן האָבן געפאָדערט צו עפענען די אײַזערנע קאַסע און זיי האָבן די שליסלען נישט געהאַט, האָט מען געשיקט מיך רופן, איך האָב מורא געהאַט צו גיין און כ׳האָב צוגעשיקט די שליסלען, אָבער זיי האָבן די אײַזערנע קאַסע נישט געקענט עפענען און נאָך אַמאָל געשיקט נאָך מיר מיט אַ שטרענגער וואָרנונג. כ׳האָב קיין ברירה נישט געהאַט און געגאַנגען אין באַנק, מיט שרעק בין איך אַרײַן, דאָרטן זענען געשטאַנען צוויי דײַטשע יונקערס מיט רעוואָלווערן אין די הענט, זייער ערשטער אויסגעשריי צו מיר איז געווען „מיטצע אַרונטער", כ׳האָב אַראָפּגענומען דאָס היטל און כ׳בין צוגעגאַנגען און געעפנט די קאַסע. קיין געלט איז אין איר נישט געווען, זיי האָבן צוגענומען פּאַפּיר און קאָנווערטן. זיך אָנגעבייזערט, און ווי אַ מלאָך וואָלט מיט זייער האַנט באַוועגט, האָבן זיי אַרײַנגעלייגט די רעוואָלווערן אין טאַש און זענען אַוועק. איך בין אָפּגעקומען מיט שרעק און איך האָב שוין געהאַט צו פאַרצייכענען מײַנע ערשטע דרײַ צופאַלן וואָס האָבן מיר אויסגעזען ווי נסימדיקע און מיר דערמעגלעכט ווײַטער מיטצומאַכן דעם גרויזאַמען אָנהויב פון אונדזער טראַגעדיע.



אסתר הערצבערג / (טאָשער) / ישראל

# אין דעם טאָג ווען אונדזער שטעטל סטאָק האָט געברענט

דער פרימאָרגן האָט זיך געשטעלט אַ ליכטיקער. די זון האָט העל און שיין געלויכטן, אָבער אין די הערצער פון יעדן איינעם פון אונדז, איז שרעקלעך אומעטיק. מיר גייען אַרום צעמישטע און ווייסן נישט וואָס מיר האָבן צו טאָן, ווײַל באַלד דאַרף אָנקומען — לויט די קלאַנגען וואָס טראָגן זיך פון מויל צו מויל— דאָס פּוילישע מיליטער, וואָס אַנטלויפט פון דעם פראָנט און נאָך זיי מאַרשירן די דײַטשן וואָס נעענטער און נעענטער צו אונדז.

— וואָס זאָלן מיר טאָן? און וווהין לויפט מען? — די פראַגע בלײַבט אַ נישט קיין פאַרענטפערטע; עס איז נישטאָ וווהין צו לויפן.

און אין געציילטע מינוטן שפּעטער, איז טאַקע אָנגעקומען דאָס פּוילישע מיליטער: אָפּגעריסן, הונגעריק, דורשטיק און שטאַרק מיד — און האָט בכלל נישט קיין אויסזען פון קיין אַרמיי. מיר זעען, אַז דער מצב איז אַ שלעכטער און נאָך ערגער ווי מיר האָבן זיך געקאָנט פאָרשטעלן. און אויף אַלע אונדזערע פראַגן, קומט איין ענטפער: „לויפט וווהין איר קאָנט!" און זיי האָבן צוגעגעבן: „לויפט, ווײַל נאָך אונדז קומט דער דײַטש!"

עס הייבט זיך אָן דאָס וואָס מען רופט אָן: אַ בהלה; מען צעלויפט זיך איינער דאָ און אַ צווייטער דאָרטן — וווהין נאָר די פיס טראָגן; מען טראַכט שוין נישט מיט דעם קאָפּ, נאָר עס טראָגן די פיס. אָט לויפט מען קיין נייסטאַק — און אָט אין דער געגנט פון בית הקברות און עס דוכט זיך, אַז בײַ די טויטע וועט מען זיך פילן זיכערער... דער גרויסער מאיר מײַדענבוים הי"ד, האָט טאַקע געוואָלט אַריבערקריכן דעם פּאַרקן פון בית עולם, נאָר עס האָט זיך פלוצלינג דערהערט אַ שאָס און ער איז געבליבן הענגען אויפן פּאַרקאַן פון בית הקברות.

מיר זענען אַוועק צום אַלטן שוויצע, ווײַל נעבן אונדז האָט געוווינט זײַן זון. אָבער גלײַך ווי מיר זענען אָנגעקומען צו שוויצען, האָבן מיר שוין געהערט אַ שיסערײַ. און איך האָב געזאָגט צו מײַן מאַמען ע"ה, אַז איך גיי צוריק אַ היים. וואָס עס וועט זײַן זאָל זײַן! איך בין געלאָפן צוריק אין שטאָט אַרײַן און שוין זײַענדיק בײַ חיים מאיר יאבקעס שטוב, גיט זיך אָן עפן די טיר און חיים־מאיר שרײַט צו מיר: קום שנעל אַרײַן צו אונדז! דו הערסט נישט וואָס עס טוט זיך? אָבער איך לויף ווײַטער צעמישטערהייט, דורך די אונטער־געסלעך צו אונדז אין שטוב אַרײַן און נאָך מיר לויפט אַ דערשראָקענע מײַן טײַערע אומפאַרגעסלעכע מאַמע.

מיר זענען קוים אָנגעקומען און פאַרשפּאַרט די טיר אונטער זיך און נישט באַוויזן אָפּציכאַפּן דעם אָטעם, ווי עס הערט זיך אַ שטאַרקער קנאַל. מיר שפּרינגען אַרויס אויפן הויף און מיר הערן אַ געוואַלד פון אַלע שכנים — און צווישן זיי אויך מאיר אַנטשלס טאָכטער, ברײַנדל, וואָס האַלט איר קליין קינד אויפן האַנט און שרײַט און יאָמערט, אַז דאָס קינד איז טויט. איך רײַס אַרויס דאָס קינד פון אירע הענט און הייב דאָס אָן צו טרייסלען און צו פּאַטשן, ביז דאָס קינד הויבט אָן צו וויינען. דאַן גיב איך דאָס קינד איבער אין די הענט פון דער צערודערטער מאַמע.

עס דערטראָגן זיך אויך געשרייען פון אויסער דעם הויף און מיר לויפן אַרויס אויף דער גאַס און זען, אַז בײַ סקאָרופּקען איז פון אַ באָמבע אײַנגעפאַלן די וואַנט און סקאָרופּקע מיט זײַן פרוי און יאָספּע קיטשקאָווסקי ליגן צעשמעטערטע. די קינדער זענען אַרויס גאַנץ, נאָר דאָס קליינע מיידעלע פעלט. עס איז נישטאָ קיין צײַט צו טראַכטן און מען האָט גענומען אַרויסציִען

די טויטע קערפּערס פון אונטער די חורבות. מײַן ברודער איטשע — צו לאַנגע יאָר — האָט עפּעס דערהערט פּישטשען און ער וואַרפט אַוועק אויף שנעל אַלץ וואָס עס ליגט דאָרטן און פון אונטער אַ טיש, ציט ער אַרויס דאָס מיידעלע, רבקהלע.

מען האָט אָבער נישט באַוויזן צו באַערדיקן די טויטע, ווײַל אַ שטאַרקע באָמבאַרדירונג האָט זיך אָנגעהויבן און מען צעלויפט זיך אַרויס פון שטאָט אין די פעלדער, ביז עס פאַלט צו די נאַכט. מיר געפינען זיך אויף דעם פעלד ווו מען גייט צו נײַסטאָק, מיינענדיק אַז דאָרט וועט זײַן זיכערער, אָבער ווי אויף צו להכעיס מאַרשירט דאָרטן דורך דאָס דײַטשע מיליטער; דווקא דאָרטן, אַנשטאָט אויף דעם געוויינלעכן וועג. מיר ציטערן פאַר שרעק און מען רוקט זיך צוריק אַרײַן אין גאַס: מײַן מאַמע, איטשע און איך.



די קינדער פון דער פאַמיליע קיטשקאָווסקי
מיט זייער מומען שיינטשע

עס איז פינצטער אַרום, נאָר די פײַער-פלאַמען באַלײַכטן דעם אַרום. דער בית־המדרש שטייט אין פלאַמען. דער רב מיט זײַנע קינדער האָבן באַוויזן אַרויסצוראַטעווען די ספרי תורות און געלאָזן מיט זיי אין דער ריכטונג פון נײַסטאָק, אויך אונדזער אָלעאַרנע ברענט שוין און די שטיבער פון יענער זײַט גאַס ברענען אויך. מיר גייען צוריק אין שטאָט אַרײַן און אָט זעען מיר מאָטל פאָגאָדע, ווי ער זיצט מיט זײַן גאַנצער משפחה אויף די פעק און רופט אונדז זיך אויך זעצן. „וווּ וועט איר גיין? אומעטום ברענט, איז לאָמיר דאָ צוזאַמען איבערזיצן די נאַכט". מיר ווילן אָבער גיין דאָרטן ווו עס געפינט זיך מײַן שוועסטער חנה־רויזע ע"ה מיט איר משפחה. ער לאָזט אונדז אָבער נישט גיין און מיר בלײַבן מיט זיי.

די נאַכט איז אַ פינצטערע און אַ קאַלטע — און אפשר איז דאָס נאָר בײַ אונדז אין האַרצן אַזוי קאַלט און פינצטער? ווײַל דאָס שטעטל ווערט דאָך „באַלויכטן" פון פלאַמען וואָס נעמען אַרום אַלץ וואָס ס'איז אונדז אַזוי ליב און טײַער. מיר האָבן קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן, נישט וויסנדיק אַליין צי עס איז בעסער פאַר אונדז די שײַן פון טאָג, צי די פינצטערניש פון דער נאַכט. אָבער גלײַך ווי עס האָט אָנגעהויבן צו טאָגן, האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און אַוועק אויפזוכן איינער דעם אַנדערן. מײַן שוואָגער נחום, איז אין גאַנצן אָפּגעברענט, סײַ דאָס פּנים און סײַ די הענט — און מיר האָבן שוין נישט געוואָלט אַרײַנצוגיין.

ביי מיין מומען יאָספּע אָסטשעגאַ איז געבליבן גאַנץ די שטוב און מיר אַלע האָבן זיך אַהין „אַריינגעצויגן": פייגע - רחל מיט דער טאָכטער און אייניקלעך; יאַנקל - דוד דער זייגער־מאַכער מיט זיין משפּחה; זייער שנור שיינטשע מיט דער מאַמע און אַ שוועסטער פון אָסטראָלענקע — און מיר אויך. „ס'טייטש, פאַר אַלעמען איז פאַראַן אַ פּלאַץ, נאָר פאַר דיר נישט, דו בלייבסט מיט אונדז!" — האָט זי געזאָגט צו מיין מאַמען. מיין שוועסטער מיט דער משפּחה געפינען זיך ביי חנהלע שניידמאַן; רויזע בלומענקראַנץ מיט זייער גאַנצער משפּחה געפינען זיך ביי די לאַנדעס אין שטוב און דאָרטן איז אויך פאַראַן די משפּחה בורשטיין.

ווי נאָר מיר האָבן זיך אַביסל באַרויקט, זענען מיר געגאַנגען צוריק צו סקאָרופּקעס שטוב, כדי צו באַערדיקן די טויטע, וואָס מיר האָבן נעכטן, צוליב דער גרויסער בהלה, איבערגעלאָזט אויף דער גאַס. דאָרטן האָבן מיר שוין געטראָפן חנה־צירל מיט איר מאַן מאלצמאַן. זיי האָבן זיך שוין „געפּאַרעט" אַרום די טויטע און מיר האָבן זיי געהאָלפן שנעל צוזאַמענצונעמען און די חברה קדישא האָט זיי שנעל געבראַכט צו קבר ישראל און מיט טרויער און שרעק זענען מיר געגאַנגען באַגלייטן אונדזערע טייערע און אומפאַרגעסענע קרבנות, אויף זייער לעצטן וועג.

עס זענען אַריבערגעגאַנגען צוויי געמאַטערטע וואָכן און אין דער צייט בין איך אַוועק מיט איטשען, צו מיין ברודער אַברהם ע"ה קיין קאָסאָווע צו זען וואָס עס קומט דאָרטן פאָר. אין דער צייט זענען אָנגעקומען די רוסן און עס איז ביי אַלעמען געווען אַ גרויסע פרייד, אָבער די פרייד האָט נישט געדויערט לאַנג, ווייל די דייטשן זענען באַלד געקומען צוריק און די יוגנט איז אַוועק מיט די רוסן צו דער גרענעץ, וואָס האָט זיך געפונען ביי דעם טייך בוג און טאָג־טעגלעך האָבן גרופּעס יוגנטלעכע פאַרלאָזט די שטעטלעך; גרופּעס פון וואַרשע און פון די אַרומיקע געגנטן, זענען אין גרעסטן טייל געגאַנגען דורך סטאָק און אויך סטאָקער יוגנטלעכע זענען מיט זיי מיטגעגאַנגען.

אין אַ געוויסן טאָג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די גרענעץ ווערט פאַרמאַכט און איך גרייט מיר שוין אויך צו גיין. איטשע האָט שוין לאַנג פאַרלאָזט סטאָק און ער האָט מיך געשיקט רופן. די טייערע און געטרייע רויזע בלומענקראַנץ (בורשטיין) קומט צו מיר מיט אַ פאָרשלאָג: — אסתר, איך גיי מיט דיר און איך האָב אַ געדאַנק; מען וועט מיטנעמען דאָס קעפּל פון דער ניי־מאַשין, וואָס עס איז מיר פאַרבליבן. מיר וועלן גיין ביז ביאַליסטאָק און דאָרטן וועלן מיר נייען און אַזוי אַרום האָבן אויף צו לעבן. די צוויי קינדער מיינע נעם איך מיט מיט זיך. אָבער קומענדיק צו זיי אין שטוב זיך באַראַטן, זענען זי באַפאַלן די גאַנצע משפּחה: וואָס הייסט זי גייט אַוועק און לאָזט זיי אַלעמען איבער?... און זי האָט באַשלאָסן צו טיילן איר גורל מיט אַלעמען און פאַרבלייבן אין סטאָק און אַזוי האָבן מיר זיך געזעגנט — שוין אויף שטענדיק.

אין דער פרי האָב איך פאַרלאָזט דאָס שטעטל. מיין טייערע מאַמע באַגלייט מיך מיט טרערן אין די אויגן און גיט מיר די לעצטע פינף זלאָטעס וואָס זי האָט פאַרמאָגט, כדי איך זאָל האָבן מיט וואָס צו גיין אין דער וועלט אַריין. ליידער זענען אונדז באַלד באַפאַלן אַ גרופּע פּוילישע כוליגאַנעס און ביי אונדז צוגענומען דאָס גאַנצע געלט וואָס מיר האָבן געהאַט מיט אונדז.

אַריבערגייענדיק דאָס בריקל, האָב איך נאָך באַוויזן אַ קוק צו טאָן דאָס לעצטע מאָל אויף מיין געבורטס־שטעטל סטאָק. פאַרברענט, פאַרחושכט, בלויז די שוואַרצע קוימענס קוקן אַרויס פון דעם געוועזענעם שטעטל, ווי פאַרשעמטע, וואָס דאַרפן צוזען ווי די קינדער מוזן אַוועק וואָגלען אין אַ פרעמדער און פיינטלעכער וועלט — און אפשר האָבן זיי שוין דאַן באַוויינט דעם גרויזאַמען גורל וואָס עס האָט דערוואַרטעט די פאַרבליבענע טייערע יידן, פון די בלוטיקע דייטשע רוצחים.

אסתר פריד ־ פּאָסעסאָרסקי / (מעלבורן, אויסטראַליע)

# מײַן לעצטער טאָג אין סטאָק

עס האָט געדונערט און געבליצט,
אַ שטאַרקער שטורעם איז אָנגעקומען.
ער האָט געבראַכט אַ גאָס רעגן
און האָט אַראָפּגעשווענקט די שענסטע בלומען
אויף די קליינע קנאָספּעלעך,
וועלכע האָבן נאָר וואָס אָנגעהויבן צו קומען...

די נאַציס, די רוצחים האָבן פאַרנומען סטאָק, און נאָך איידער זיי זענען צו אונדז אַרײַן, זענען שוין אַלע הײַזער געווען פאַרברענט פון די לופט־באָמבעס, וואָס זיי האָבן געוואָרפן אויף אונדזער שוצלאָז שטעטל. אויך דאָס הויז וווּ מיר האָבן געוווינט, איז שוין אויך געווען חרוב. ייִדן אָבער, כל־זמן מען האָט זיי געלאָזט לעבן, האָבן זיך שטענדיק אַן עצה געגעבן, אַפילו אין די שווערסטע צײַטן. אויך מיר זענען אַוועק צו אונדזערע אַלטע שכנים, אויפן נײַעם סטאָק — צו שיינדל נחומ׳ס. און כאָטש עס איז בײַ איר געווען אַ סך קינדערלעך, האָט מען אויך געפונען פּלאַץ פאַר אונדז.

גלײַך אין די ערשטע טעג — נאָך איידער די נאַציס האָבן באַוויזן ווער זיי זענען — איז אויף אַלעמען באַפאַלן אַ שרעקלעכער פּחד און מען האָט מורא געהאַט אַרויסצורעדן אַ הויך וואָרט; ספּעציעל איז די שרעק באַפאַלן, ווען עס איז געוואָרן נאַכט, האָט מען שוין אָנגעהויבן צו בעטן, אַז הלוואַי זאָל קומען דער טאָג, כאָטש דער טאָג האָט אויך נישט געבראַכט קיין סך רויקייט — און אַוודאַי נישט קיין פרייד. דעם מינדעסטן שאָרך וואָס מען האָט געהערט הײַנאַכט, האָט גלײַך דערפירט דערצו, אַז דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן פאַר שרעק. און פון אַלעמענס אויגן האָט זיך אַרויסגעלייענט די געוויינלעכע מענטשלעכע פראַגע: וואָס וועט זײַן ווײַטער — און וואָס טוט מען?

מיר האָבן געהערט, אַז אַ סך מענטשן גייען קיין דיניר, וואָס איז שוין אויף דער רוסישער זײַט — און פון דאָרטן דערציילט מען אַ סך גוטע זאַכן — און די הויפּטזאַך, אַז דאָרטן האָט מען נישט אַזוי קיין מורא; מיר האָבן אַוודאַי נישט פאַרוואָס מורא צו האָבן, שוין דערפאַר אַליין, ווײַל מיר פאַרמאָגן גאָרנישט. מיר האָבן בלויז דאָס וואָס מיר טראָגן אויף זיך — און דאָס איבעריקע האָט שוין דאָס פײַער צוגענומען, אַזוי אַרום אַז אויך מיר באַשליסן אַהין צו גיין, שיינדל מיט די קינדער גייען אויך; זיי שפּאַנען אײַן אַ פערד אין אַ וואָגן — און אַלץ וואָס מען קאָן לייגט מען אַרויף און מען נעמט מיט זיך און מיר גייען צו פוס, מיט דעם געדאַנק, אַז אין שטעטל קאָסעווע וועלן מיר זיך אַלע טרעפן.

דאָס לעצטע מאָל כאַפּ איך נאָך אַ קוק אויפן האַלב־חרובן שטעטל פון שיינדלס פענצטער. איך זע נאָך אונדזער שטוב, וווּ מיר האָבן געוווינט. דאָס איז געווען פונקט אַנטקעגן. אַ קליין שטיבעלע, אָבער ווי טײַער און האַרציק דאָס דאָזיקע שטיבעלע איז איצט אין מײַנע אויגן. און איך דערמאָן זיך איצט, וויפל פרייד — און אויך טרויער — מיר האָבן אין דאָזיקן שוין איצט פאַרברענט שטיבעלע דורכגעמאַכט (און אָפטמאָל געדענקט זיך טרויער נאָך מער ווי פרייד): וויפל האַרציקע אָוונטן האָבן מיר דורכגעמאַכט אין דעם דאָזיקן פאַרברענטן שטי־

בעלע? וויפיל פרייד, געזאַנג און געלעכטער איז דאָ אַלץ געווען? — און איצט איז דאָ אַלצדינג שטיל און שטום געוואָרן און שפּעטער איז דאָ אויך געקומען דער טויט.

מיר פאַרלאָזן שיינדלס שטוב. און יעדער טריט איז פאַר אונדז אַ דערמאָנונג און אַ האַרציקער פלאַץ. אָט־דאָ נישט ווייט איז געווען די בונדישע אָרגאַניזאַציע, די גרויסע ביבליאָ-טעק. וויפיל חלומות האָבן מיר דאָרטן אויסגעוועבט! און ווי שטאַרק האָבן מיר געגלויבט אין אַ בעסערן און שענערן מאָרגן! און וואָס איז פון דעם אַלעמען געוואָרן? איצט מוזן מיר אַנטלויפן פון אונדזערע היימען, וווּ מיר זענען געבוירן, דערצויגן און אויסגעוואַקסן; און מיר מוזן אַנט־לויפן און כמעט זיך אַרויסגנבענען גלייך ווי מיר וואָלטן געווען פאַרברעכער.

מיר גייען פאַרביי די „שאָפּע" פון די פייערלעשער, וווּ מיר פלעגן שפּילן ייִדיש טעאַ־טער. און איך בין געווען אין דראַמאַטישן קרייז און איך דערמאָן מיך איצט, וויפל האַרץ און נשמה איך —און אַ סך אַנדערע ווי איך— פלעגן אַריינלייגן אין אונדזער שפּילן און זיך באַמיִען, אַז אַלצדינג זאָל אַרויסקומען ווי אַמבעסטן, פּונקט ווי אין „אמתדיקן" ייִדישן טעאַטער — און מיט וויפל פרייד פלעגט מען גיין אַהיים, נאָך דעם ווי די טעאַטער־פאָרשטעלונג האָט זיך גע־



די פאַמיליעס: פּאָסעסאָרסקי און ישעיה גאָלדשטיין

ענדיקט און מיר זענען שטענדיק געווען זיכער, אַז מיר האָבן געהאַט דערפאָלג. אין דער זעל-ביקער „שאָפּע" פלעגט מען אויך הערן פּרעכטיקע רעפעראַטן פון געסט פון די גרויסע שטעט; רעפעראַטן אויף פאַרשידענע באַלערנדיקע טעמעס. איצט איז אַלצדינג פאַרענדיקט — און אַלע אונדזערע טרוימען, זענען צערונען געוואָרן.

מיר גייען דורך די פּלעצער ווו עס זענען געווען די ייִדישע געוועלבער. און אַפילו די וואָס זענען נישט פאַרברענט און נישט הרוב געוואָרן, האָבן אָבער ייִדן שוין מורא צו געפינען זיך אין זיי און עס שטייען שוין דאָרטן גויים, פּאָליאַקן, וואָס האָבן שוין דערפילט דעם „נייעם קורס" און זיי לאַכן און חוזקן פון אונדז — און אונדזערע הערצער פּלאַצן שיעור נישט פון ווייטיק.

יעדע שטוב איז פאַר מיר אַ דערמאָנונג — און אַ לעצטע איבערלעבונג; דאָ האָט גע־וווינט מיין חברטע רבקהלע, וואָס פלעגט יעדן פאַרנאַכט טראָגן די עמערס מילך און זי האָט געהאָלפן אירע עלטערן; דאָ איז דאָס געווען דאָס הויז פון מיין חברטע פייגע — מיין יוגנט־חברטע פון די פריסטע יאָרן. איך האָב זי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. און שוין דעמאָלט האָב זיך

געהאַט דעם טרויעריקן פּאַרגעפיל, אַז איך וועל זיי שוין מער נישט זען — און צום באַדויערן האָט דער דאָזיקער געפיל זיך באַשטעטיקט: קיינער פון זיי איז שוין נישט געבליבן, אויסער זייער ליכטיקער אָנדענק.

מיר גייען פאַרביי דאָס פּלאַץ ווו עס איז געווען (געוועזן???) די שיל. דאָ האָבן געדאַוונט אונדזערע טאַטעס און מאַמעס — אָבער זייער געבעט איז נישט דערהערט געוואָרן. מיר דאַרפן נאָך אַדורכגיין דאָס בריקל — און דאָס שטעטל איז פאַרענדיקט.

דאָס בריקל דערמאָנט מיר מײַנע יוגנט־יאָרן. דאָ האָב איך זומער געוואַשן די וועש און געקלאַפּט מיט דער „קליאַנקע” די קליידלעך, ביז זיי זענען צעריסן געוואָרן... און נישט איין מאָל האָט די מאַמע דערפאַר אויף מיר געשריגן.

עס הייבן זיך אָן די זאַמדן און עס איז שווער צו גיין, אָבער דער פּחד טראָגט. מיר שרעקן זיך פאַר די דײַטשן, אָבער נישט ווייניקער שרעק האָבן מיר פאַר די פּאָליאַקן, וואָס זענען דאָ באַהאַלטן אין די וועלדער — און ווי די גזלנים אין די מעשה-ביכלעך, שפּרינגען זיי אָפּטמאָל אַרויס און נעמען בײַ אונדז צו אַלץ, כאָטש זיי לאָזן אונדז לעבן.

מיר קומען קיין קאָסעוּוע — און שיינדל מיט די קינדער זענען נישטאָ. מען האָט אונדז שפּעטער דערציילט, אַז דאָס פערד האָט נישט געוואָלט גיין, ווײַל עס איז אים געווען שווער אַלצדינג צו שלעפּן און די גוטע מאַמע שיינדל האָט אַלצדינג מיטגענומען, כדי די קינדער זאָלן נישט לײַדן קיין הונגער און קיין קעלט.

— און אפשר האָט דאָס פערד, מיט זײַן חיהשן אינסטינקט פאַרשטאַנען דער מאַמען און וואָס עס הייסט פאַרלאָזן אַ היים, מיט פּיצלעך קינדער און פאָרן אין דער פרעמד, אפשר האָט דאָס פערדל דערפילט די מורא פאָרן הונגער און דערפאַר נישט געוואָלט שלעפּן דעם וואָגן... און אַזוי אַרום איז אומגעקומען, אין טויטן לאַגער טרעבלינקע די געטרײַע מאַמע מיט אירע קינדער.

איין זון איז געבליבן לעבן הערשל פּאָסעסאָרסקי, וואָס איז מײַן מאַן — און מיר האָבן צוויי טעכטער: שיינדעלע און מירעלע.



**הינדע שלאַסקע־שראַגאַ** / ברוקלין (נאָרד־אַמעריקע)

# מײַן חרוב געוואָרן שטעטעלע סטאָק

ווען איך דערמאָן זיך אין מײַן שטעטעלע סטאָק — און דעם אמת זאָגנדיק, אַז איך דערמאָן מיך שטענדיק, ווײַל כ'האָב עס נאָך אויף קיין איין מינוט ניט פאַרגעסן; נאָר ווען איך פאַרמעסט זיך אָנצושרײַבן אַ פּאָר ווערטער וועגן דאָזיקן ליבן און האַרציקן שטעטעלע, כדי זיך צו באַטייליקן און נעמען אָנטייל אין פאַראייביקן סטאָק דורך אַן אָנגעשריבענער מצבה, דאַן ווילט זיך מיר ציטירן אַ פּאָר שורות פון אַ לידל וואָס מיר פלעגן אַמאָל זינגען אין סטאָק, ווען דאָס שטעטעלע האָט נאָך געלעבט און געשוויבלט מיט יידיש לעבן און יוגנטלעכע פרייד.

און אָט זענען די ווערטער:

**ערגעץ ווײַט, ווײַט, ווײַט פון דאַן.**
**ווו עס איז נישט צו קומען מיט קיין באַן.**
**און נישט מיט קיין פערד,**
**ערגעצווו אויף אַ שטיקל ערד.**
**איז אַ שטעטל געלעגן נעבן אַ באַרג,**
**מיט שטיבלעך, געסלעך און אַ מאַרק.**
**און די קריסטן מיט די יידן,**
**האָבן זיך געלעבט צופרידן.**
**ווער בעסער און ווער אין נויט,**
**יעדער האָט געהאַט זײַן ברויט.**

דאָס זעלביקע איז געווען אין אונדזער טײַער שטעטעלע סטאָק. יעדער איז געווען צופרידן מיט דעם, וואָס ער האָט פאַרמאָגט און געדאַנקט גאָט אויף זײַן שטייער און געזאָגט ברוך השם פאַר דעם וואָס ער האָט געהאַט. און אין דעם שטעטעלע סטאָק האָט געלעבט אַ שיינע יידישע קולטורעלע יוגנט. ווי קליין דאָס שטעטעלע איז נישט געווען, מיט אַ קליינער צאָל יידישע אײַנוווינער, האָבן זיך דאָרטן געפונען אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען, וואָס האָבן עקסיסטירט אין דעמאָלטדיקן יידישן פּוילן, ווי: „השומר הצעיר", „החלוץ", „מזרחי", אַלגעמיינע ציוניסטן, לינקע פּועלי־ציון, רעכטע פּועלי־ציון, „בונד", קאָמוניסטן און רעוויזיאָניסטן — די פּאַרטיי האָט אַפילו געקאָנט באַשטיין בלויז פון איין מיטגליד, האָט זי דאָך עקסיסטירט און געפירט באַזונדער אירע פּאָליטישע אַקטיוויטעטן. אָבער מיט דעם אַלעמען האָבן אַלע געלעבט ווי איין גרויסע פאַמיליע בשלום און צופרידן. אַזוי די עלטערע מענטשן און אַזוי די יוגנט.

עס דערמאָנט זיך מיר אַ פּאַקט פון די יאָרן, ווען מיר זענען געגאַנגען אין דער שולע. קיין יידישע שול איז נישט געווען און מיר זענען געגאַנגען אין דער פּוילישער „פּאָוושעכנער" שולע. איך מיין דאָ אַלע סטאָקער יינגלעך און מיידלעך אין מײַן על-

טער. מיר זענען אַלע מאָל געגאַנגען צוזאַמען און צוזאַמען געלערנט און געמאַכט די אויפגאַבעס אין דער היים און אויף דעם האָבן מיר געדאַרפט האָבן אַ גרעסערן פלאַץ, פלעגן מיר יעדן טאָג מאַכן די אויפגאַבעס אין אַן אַנדער הויז.

מיר זענען געווען אַ גרופּע יוגנטלעכע פול מיט לעבן און מיר האָבן בײַם מאַכן די אויפגאַבעס אַזוי אַרומגעשטיפט, אַז מען האָט אונדז זייער אָפט אַרויסגעוואָרפן פון די שטיבער. אָבער ווי זאָגט דאָס פאָלקס-ווערטל: „אַז מען וואַרפט אַרויס דורך דער טיר, זענען מיר אַרײַנגעקומען דורך דעם פענצטער" און אַזוי איז זיך דאָס לעבן גע־פלאָסן רויִק און צופרידן. אָבער שוין אין יענער צײַט, האָט זיך אין אונדזער שטילן און רויִקן לעבן, זיך אָנגעהויבן אַרײַנצוזרײַסן אַ ביסעלע אַנטיסעמיטיזם און וואָס ווײַ־טער אַלץ מער, האָט מען דאָס אָנגעהויבן צו פילן אין דעם טאָג־טעגלעכן לעבן — און אויך מיר קינדער אין שולע, האָבן דאָס אָנגעהויבן צו פילן. אַט למשל געדענק איך



אַ גרופּע יוגנטלעכע אויף אַ מאַיוווקע אין סטאָקער וואַלד

אַזאַ מין עפּיזאָד: אין דער שולע ווו מיר זענען געגאַנגען, איז צו די פּוילישע קינדער געקומען אַ קריסט צו לערנען רעליגיע און צו אונדז ייִדישע קינדער, איז געקומען אַ שטעטלדיקער ייִד מיט אַ לאַנגער באָרד. זײַן נאָמען איז געווען שמשון לייזער בערגרין און אָט דער ייִד האָט אונדז געלערנט רעליגיע. אַז מיר, אַלס קינדער, האָבן ליב געהאַט אויסצוהערן אָט דעם ייִדישן רעליגיע־לערער, דאָס קאָן מען נישט זאָגן; אַז מיר זאָלן אים האָבן רעספּעקטירט ווי עס באַדאַרף צו זײַן, וואָלט אויך נישט געווען ריכטיק צו זאָגן. אָבער ווען עס איז געקומען סוף פון שול־יאָר און יעדער קלאַס האָט אַראָפּגע־נומען פאָטאָגראַפיעס פון די קינדער מיט די לערערס, דאַן האָבן די פּוילישע לערערס אַרויסגעוויזן זייער אָפענעם אַנטיסעמיטיזם און געזאָגט, אַז זיי ווילן נישט האָבן דעם ייִד מיט דער לאַנגער באָרד און מיט דעם ייִדישן היטל אויפן קאָפּ, אויף זייערע ביל־

דער. דעם קריסט יאָ, מיט פאַרגעניגן, אָבער נישט דעם „זשיד". און דעמאָלט האָבן מיר אַלע ייִדישע קינדער זיך געפילט באַליידיקט און דערפון אַרויסגעפילט דעם אַנטיסעמיטיזם און מיר האָבן אָפּן געמאָלדן, אַז אויב אונדזער רעליגיע-לערער וועט נישט זײַן אויפן בילד, דאַן וועלן מיר אויך זיך נישט פאָטאָגראַפירן.

די אָנפירערשאַפט פון דער שולע, האָבן נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו מאַכן די בילדער צוזאַמען מיט דעם ייִדן מיט דער לאַנגער באָרד און מיט דעם ייִדישן היטל... און מיר קינדער, זענען געווען זייער שטאָלץ ווײַל מיר האָבן געזיגט. דער אינצידענט איז שנעל פאַרגעסן געוואָרן אין שולע, אָבער אין אַלגעמיין האָט זיך אין שטעטל וואָס ווײַטער אַלץ מער געפילט דער אַנטיסעמיטיזם און עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז מען האָט אין שטעטל אָנגעהויבן צו „באַוואַכן" די ייִדישע קראָמען און נישט אַרײַנלאָזן דאָרטן קיין קריסטלעכע קליענטן, אויף צו קויפן דאָרטן די זאַכן וואָס זיי האָבן באַדאַרפט. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, שטאַרק געווירקט צום שלעכטן, פאַר די ייִדישע קליינהענדלער. די דאָזיקע מלאכה איז געמאַכט געוואָרן דורך די קריסטלעכע יוגנטלעכע, וועלכע האָבן זיך אָנגערופן „ענדעקעס" (נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטן). די ייִדן האָבן אָבער זיך באַמיט צו איגנאָרירן דאָס אַלצדינג און געזאָגט, אַז דאָס לעבן וועט ווײַטער אָנגיין „נאָרמאַל".

די כוליגאַנעס האָבן זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט דערבײַ און זיי האָבן זיך באַמיט אויף יעדן שריט און טריט צו שטערן דאָס רויִקע לעבן אין דעם שטעטל. איין מאָל, אין אַ מאָנטיק, ווען אין סטאָק איז געווען אַ מאַרק-טאָג און אַלע ייִדישע הענדלערס האָבן אַרויסגעשטעלט זייער ביסל האָב און גוטס צו פאַרקויפן, ווײַל אַלע קריסטן פון די אַרומיקע דערפער זענען זיך צוזאַמענגעקומען אין דעם טאָג אויף אײַנצוקויפן זייערע סחורות אויף אַ גאַנצער וואָך, ווי אויך אויף צו פאַרקויפן די סחורות וואָס זיי האָבן געהאַט, דאַן האָבן די כוליגאַנעס געמאַכט אַ פּאָגראָם; זיי האָבן געריסן און געבראָכן און האָבן געמאַכט פון דעם גאַנצן ייִדישן האָב און גוטס אַש און בלאָטע. זיי האָבן אויך געשלאָגן יעדן איינעם וואָס האָט זיך געפּרוווט שטעלן אַנטקעגן — און בכלל ווען זיי האָבן געטראָפן. פאַרשטייט זיך, אויב דער דאָזיקער איז געווען אַ ייִד.

אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג. אָבער ייִדן זענען דאָך שטענדיק גלויביקע — און אויך געווען געוווינט צו זײַן שטענדיק די געשלאָגענע און באַזונדערס נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, האָט זיך יעדער באַמיט ווידער אײַנצושטעלן דאָס א"ג „נאָרמאַלע" לעבן; מען האָט זיך באַמיט צו פאַרגעסן דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען און געהאָפט, אַז מער וועט זיך אַזוינס נישט איבערחזרן. די יוגנט פאַרשטייט זיך און ספּעציעל די פון די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, האָבן געהאָפט אַז עס וועט קומען דער טאָג און מיר וועלן באַפרײַט ווערן פון גלות און וועלן האָבן דאָס אייגענע לאַנד ארץ ישראל און דאַן וועלן מיר באַפרײַט ווערן פון אַלע שלעכטע זאַכן, וואָס עס זענען פאַרבונדן מיט דעם גלות. און אַזוי אַרום איז דאָס לעבן ווײַטער געפלאָסן אין דעם קליינעם שטעטלע סטאָק.

*
**

ביז עס האָט זיך מיט אַ מאָל אָנגערוקט דער מוראדיקער חורבן און דאָס וואָס קיינעם האָט אַפילו נישט געקאָנט אײַנפאַלן אין די סאַמע פינצטערסטע קאָשמאַרן; עס האָט זיך אָנגערוקט אַ שוואַרצע כמאַרע און פאַרוואָלקנט דאָס ייִדישע פּוילן און האָט אויך נישט דורכגעלאָזט אונדזער קליין, נאָר טײַער שטעטלע סטאָק. עס האָבן זיך אַרײַנגעריסן ווילדע באַרבאַרן, אין געשטאַלט פון מענטשן און האָבן אומגעבראַכט אויף אַ מערדערישן און חיהשן אופן, אַלע אונד-

זערע טײַערע און ליבע. מען האָט געמאָרדעט און געברענט און געבראָטן לעבעדיקערהייט אונד־זערע טײַערסטע און ליבסטע — און די גרויסע וועלט האָט געשוויגן און זיך געמאַכט נישט זע־ענדיק ווי עס איז אומגעבראַכט געוואָרן דאָס גאַנצע יידישע פוילן און אויך אונדזער ליב און האַרציק שטעטעלע סטאָק.

פון דעם אַמאָליקן ליב און האַרציק שטעטעלע איז פאַרבליבן נישט מער ווי איין גרוי־סער בית עולם, ווו אַלע אונדזערע נאָענטע און טײַערע זענען אומגעקומען אויף קידוש השם און אַפילו דער געוועזענער בית־עולם איז שוין מער נישטאָ. אָבער די גאַנצע ערד פון שטעטעלע סטאָק, איז דורכגעווייקט מיטן אומשולדיקן בלוט פון אונדזערע טײַערע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער, מענער און פרויען, אַלטע לײַט און קינדער. און דאָס בלוט זייערס מאָנט און שרײַט: „פאַרגעסט אונדז נישט!“

און מיר די אַלע, וואָס זענען על־פי נס געבליבן לעבן שווערן, אַז מיר וועלן אײַך קיין מאָל נישט פאַרגעסן און דאָס יידישע פאָלק וועט ווײַטער לעבן און מיר וועלן אײַערע נעמען פאַראייביקן אין אַ פרײַ ארץ ישראל און מיט דעם שטענדיקן יידישן אויסרוף פון: „עם ישראל חי!“.




גדוד „תל־חי“ בײַם סטאָקער השומר־הצעיר מיטן ראש־הקן שמחה לאַנדע

רחל שוואַרצבערג - מאַלישעוויטש
בוענאָס־איירעס

# יזכור־ליכטלעך נאָך מײַן משפּחה און נאָכן שטעטל סטאָק

בײַם אַרויסגעבן אונדזער יזכור־בוך, וואָס איז די טרויעריקע מאַסן־מצבה נאָך אונדזער פאַרשניטן שטעטל סטאָק, האַלט איך פאַר מײַן חוב צו דערמאָנען און פאַראייביקן מײַן משפּחה, וואָס איז אַזוי טראַגיש אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע, פּונקט ווי דער גרעסטער טייל ייִדן פון אונדזער שטעטל — און פאַר אונדז על פּי נס לעבנגעבליבענע, איז נישט מער פאַרבליבן ווי זכרונות פון דעם וואָס עס איז אונדז געווען ליב און טײַער און מיט אַ סך בענקשאַפט און טרויער דערמאָנענען מיר זיי. איז זאָלן דאָס זײַן מײַנע הספּדים נאָך מײַן גאַנצער משפּחה.

איך האָב מיך דערצויגן אין אַן עכט חסידיש־רעליגיעזער היים. מײַן טאַטע ר׳ אברהם שוואַרצבערג ע״ה, אַדער ווי אַלע אין סטאָק האָבן אים אָנגערופן מיט דעם צונאָמען ר׳ אברהם „דזשענגעלע״. געשטאַמט האָט דער דאָזיקער צונאָמען, פון אַן עלטער־זיידן, וואָס האָט בײַם לערנען בײַנאַכט בײַ אַ ליכטל, זיך אָפּגעסמאַליעט די באָרד און ווען ער איז געקומען אין דער פרי אין בית המדרש, האָבן די ייִדן אויסגעשריגן: אָט גייט אַ „דזשענגעלע״ — און אַזוי איז שוין פאַרבליבן דער נאָמען אויף דור־דורות.

מײַן גוטע מאַמע ברײַנע, איז געווען אַ פרומע, האַרציקע און באַשיידענע פרוי, וואָס איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט דאגות פּרנסה; זי האָט איר גאַנץ לעבן געאַרבעט שווער אין קראָם — אין אַ קאָמאַשנמאַכערײַ און אויך אין שטוב. זי האָט געמוזט זאָרגן פאַר דער שטוב־חיונה און אַזוי אַרום געגעבן דעם טאַטן אַ מעגלעכקייט זיך צו קאָנען אָפּגעבן מיט לערנען תּורה.

אָט זע איך מײַן טאַטנס פּנים, מיט דער ווײַסער פּאַטריאַרכאַלער באָרד — און פאַר מײַנע אויגן זע איך דאָס בילד ווען מײַן טאַטע איז איין מאָל געפאָרן קיין וואַרשע און די „האַלערטשיקעס״ האָבן זיך געגעבן אַ „שפּיל״ מיט אים און אים אָפּגעשניטן אַ האַלבע באָרד. צוזאַמען מיט אַ שטיק פּנים, מײַן טאַטע איז צוריקגעקומען אַ צעבלוטיקטער און אַ לאַנגע צײַט האָט ער געהאַלטן פאַרבונדן דאָס פּנים, ביז עס איז אים צוריק אָנגעוואַקסן די באָרד.

איך דערמאָן זיי בײַדע מיט יראת הכבוד — און איך דערמאָן אויך מײַן שוועסטער פייגע, מיט איר מאַן מלך, וואָס איז געווען אַ וווּל לערנער און אַ געמיש פון תּורה מיט חכמה און מיט זייערע פיר שיינע טעכטער; מײַן צווייטע שוועסטער רבקה מיט איר מאַן משה; מײַנע ברידער שמעון און בונם, מיט זייערע פרויען און קינדער, וואָס זענען אַלע אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע. און איך קאָן אויך נישט פאַרגעסן און מוז אויך דערמאָנען מײַנע ליבע זיידע־באָבע: ר׳ זיידע ר׳ לייבל דן און מײַן באָבע פרומעט, וועלכע האָבן זייער גאַנץ לעבן שווער געאַרבעט אויף צו קאָנען חתונה מאַכן זייערע צען טעכטער.

מײַן מאַמע ברײַנע ע״ה איז געווען די עלצטע — און אַזוי ווי דער זיידע האָט נישט געהאַט קיין „קדיש״ נאָך זיך, האָט ער געלאָזט שרײַבן אַ ספר־תּורה, וואָס זאָל זײַן דער „קדיש״ זײַנער. און אָט זע איך נאָך איצט דאָס בילד ווי דער זיידע שטייט אונטער דער חופּה, מיט דער ספר־תּורה אין דער האַנט און מיר אַלע אייניקלעך שטייען אַרום אים און פרייען זיך צוזאַמען מיט אים, צוליב זײַן גרויסער פרייד פון קאָנען דאָס דערגרייכן.

נישט מיט קיין לײַכט געמיט, שרײַבט זיך איצט וועגן אונדזער געוועזענער היימשטאָט סטאָק. יעדער פון אונדז האָט זייער אַ סך צו דערציילן וועגן זײַן היים, וועגן זײַן משפּחה ווי אויך וועגן זײַן יוגנט — עס קומען אָבער נישט אַרויס די ווערטער מיט וועלכע מען זאָל דאָס אַלצדינג קאָנען אויסדריקן. און איך וועל פּרווון וואַרפן אַ בליק אויף צוריק און מאַכן אַ קווערשניט דורך די צײַטן פון מײַן לעבן, אויף אַרויסצובאַקומען געוויסע

געשעענישן וואָס זענען פאַרבליבן אײַנגעקריצט אין זכרון.

אונדזער שטעטל סטאָק, הגם עס האָט נישט געהערט צו די גרויסע שטעט פון אַמאָליקן יידישן פוילן, האָט דאָס אָבער פאַרנומען אַ וזשובן פּלאַץ, סײַ מיט די חסידישע שטיבלעך און מיט די דאָרטיקע פרומע יידן און שפּעטער מיט די ביבליאָטעקן, יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און פּאַרטייגרופּירונגען, וואָס שײַך יידישקייט אין דעם קלאַסישן זין פון וואָרט, איז סטאָק געשטאַנען אויף אַ זייער הויכן מצב — און יעדע יידישע שטוב איז געווען אַ פעסטונג פון יידישקייט; דער אָרעמסטער ייד האָט באַטראַכט ווי אַ חוב צו באַצירן זײַן שטוב מיט אַן אַלמער, אָדער כאָטש מיט אַ פּאָליצע ספרים, אַזוי ווי איך האָב דאָס געזען אין דעם הויז פון מײַנע עלטערן און אין די הײַזער פון אונדזערע שכנים.

ווער פון אונדז קאָן פאַרגעסן די סטאָקער מאַרק־טעג און ירידים? זיי פלעגן פאָרקומען יעדן מאָנטיק און יידן טאַנדייטניקעס, סוחרים פלעגן זיך צוזאַמענפאָרן פון די אַרומיקע שטעטלעך און אויף דעם גרויסן ברייטן מאַרק, פלעגן זיי אויסשטעלן טישן מיט זייערע סחורות. עס פלעגן זיך אויך אָנפאָרן פּויערים פון די אַרומיקע דערפער מיט וועגענער מיט תבואות, עופות און בהמות — און אַזוי איז אָנגעגאַנגען דער האַנדל: די פּויערים האָבן פאַרקויפט זייערע פּראָדוקטן צו די יידן און פלעגן זיך אײַנקויפן שיך און קליידער און אַנדערע זאַכן וואָס זיי האָבן געדאַרפט צו האָבן אין זייער ווירטשאַפט.

אויך אין אונדזער שטוב פלעגן קומען אין דעם טאָג שוסטערס פון די אַרומיקע דערפער און פלעגן זיך אײַנקויפן אַ ביסל לעדער. אָבער פריער פון אַלץ פלעגן זיי זיך שטעלן דאַווענען — און אונדזער שטוב איז דאַן ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית המדרש. און מײַן גוטע מאַמע פלעגט יעדן איינעם פון זיי סערווירן אַ ביסל גריץ מיט אַ שטיק שוואַרץ ברויט, וואָס זי פלעגט אַליין באַקן — און מיר, חברה יונגוואַרג פלעגן אַרומשפּאַצירן איבערן מאַרק און געשלאָסן קענטשאַפט מיט יוגנטלעכע, וואָס זענען מיטגעקומען מיט זייערע טאַטעס אויף אָפּצוהיטן די סחורה. אָבער נישט איין מאָל, האָט זיך אַזאַ יריד פאַרענדיקט מיט אַ שטיקל פּאָגראָם, געמאַכט פון די שיכורע פּויערים. די יידן אויפן מאַרק פלעגן באַקומען קלעפּ, זייערע סחורות פלעגן צעשלעפּט ווערן און יידישע קראָמען פלעגן זיך שנעל פאַרשליסן.

*
**

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דאָס לעבן און די אָרעמקייט האָט זיך אָנגעהויבן מער אָדער ווייניקער צו נאָרמאַליזירן, האָט די יוגנט אָנגעהויבן צו ווערן לעבעדיקער — און אַלץ בײַ דער יוגנט, האָט זיך אָנגעהויבן צו קאָנצענטרירן אַרום דער ביבליאָטעק, וואָס האָט שוין עקזיסטירט פון פריער געשאַפן דורך אייניקע עלטערע חברים און די דאָזיקע ביבליאָטעק איז געוואָרן פאַר אונדז אַ זאַמלפּונקט און אַ קוואַל פון גײַסטיקער שפּײַז. אין דער ביבליאָטעק האָבן מיר געהאַט זייער אָפטע צוזאַמענקונפטן און דאָרטן פלעגן מיר פירן שמועסן וועגן נאַציאָנאַלע און קולטור־פראַגן.

אָפטמאָל פלעגן מיר אַרויסגיין פון די ווענט פון דער ביבליאָטעק און זיך פאַרזאַמלען אין דעם וואַלד (אָדער אין די וועלדער וואָס זענען דאָרטן געווען), ווײַל דער סטאָקער וואַלד האָט אַ סך מאָל געשפּילט אַ גרויסע ראָל אין דעם לעבן פון אונדזער יוגנט. און ווען עס האָבן זיך געשאַפן פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען בײַ דער יוגנט, וואָס דאָס האָט שוין נישט האַרמאָניזירט מיט די פאַרלעזונגען וואָס מיר האָבן באַקומען אין דער ביבליאָטעק, פלעגן מיר אונדזער דינאַמיזם אין אומרו אויסלאָדן אין דעם וואַלד.

אין יענע צײַטן פלעגן מיר אויך באַקומען לעקציעס פון די עלטערע חברים וועגן סאָציאַליזם און אַ סך יוגנטלעכע פלעגן לייענען פאַרשידענע בראָשורן וועגן באָראָכאָוויזם און וועגן „בונד” — און מען האָט שוין אָנגעהויבן צו געהערן צו פאַרשידענע ריכטונגען און פּאַרטייען; מיר האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן מיט דעם אייגענעם שכל וועגן דער אומגלײַכקייט וואָס עס איז פאַראַן אויף דער וועלט צווישן מענטשן און פאַרשידענע קלאַסן. אויך האָבן מיר פון די דאָזיקע בראָשורן —און נאָך מער פון לעבן גופא— זיך דערוווּסט וועגן דעם אַז עס זענען פאַראַן ספּעציפישע יידישע פראַגעס און מיר האָבן אויף די דאָזיקע אַלע פראַגעס געזוכט אַן ענטפער און מיר פלעגן פירן

זייער אָפּטע און זייער שאַרפע דיסקוסיעס צווישן זיך. אויך ביי די עלטערע חברים איז נישט געווען קיין איינשטימיקייט אין זייערע אויפפאַסונגען און דאָס האָט דערפירט צו צעטיילונגען — און אויך צו דער צעטיילונג פון דער ביבליאָטעק.



אַ גרופּע יוגנטלעכע:

זיצנדיק פון לינקס: חיה־טובה האַלבערשטיין (דעם רבס טאָכטער), מעכלע גרינשפּאַן און טויבע לאַנגלייב; שטייענדיק פון לינקס: אסתר גרינעס, רבקה שוואַרצבערג און עטל טאַשער

איך געדענק ווי עס איז אין יענער צייט געקומען קיין סטאָק ד״ר אייזענשטאַט ז״ל, אַן אָנפירנדיקער מיטגליד פון דער „צישא" אין פוילן און איינער פון די פירער פון דער פועלי ציון־פאַרטיי און ער האָט דורכגעפירט די צעטיילונג פון דער ביבליאָטעק: איין טייל איז געבליבן ביי דער בונדישער גרופּע און די צווייטע טייל פאַר די פועלי ציון. די דאָזיקע פועלי־ציוניסטישע טייל האָט אָנגעהויבן צו זיין טעטיק אויפן נאָמען „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן פאַר יידישע אַרבעטער".

⁂

פון די עלטערע חברים וועל איך דאָ דערמאָנען איניקע, די וואָס איך געדענק: חיים פּאָגאָדע ע״ה, מיין שוועסטער רבקה ע״ה און —אים צו לאַנגע יאָר— אונדזער בן־עיר שלמה פריימאַן, וואָס איז היינט אין ישראל און האָט שוין אין סטאָק פאַרנומען אַ זייער וויכטיק פּלאַץ אין דער דאָרטיקער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג אויף פאַרשידענע געביטן און ספּעציעל פאַר אונדז, יונגטלעכע, איז ער געווען אַ לערער און וועגווייזער. עס זענען געווען אַ סך אַנדערע וועמענס נעמען איך געדענק שוין נישט.

צוזאַמען מיט די יוגנטלעכע איז געקומען אונדזער אומפאַרגעסלעכער משה מאַלישעוויטש ע״ה, וואָס איז געקומען אַ ביסל שפּעטער אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, נאָר האָט זיך גלייך אַרויסגערוקט און פאַרנומען אַן אויבן־אָן. זיין פאָטער, ר׳ אברהם וועלוול ע״ה איז געווען אַ סקערניעוויצער חסיד און זיין צניעותדיקע מוטער איטעביילע ע״ה, האָבן געוואָלט פון זייער גוטן און שטילן זון, מאַכן פאַר אַ וויל־לערנער און למדן, מיט וועמען מען זאָל זיך האָבן צו באַווייזן אין „שטיבל" ווי עס פּאַסט פאַר אַ טאַטן אַ חסיד. האָט מען אים טאַקע געשיקט לערנען צו די גרעסטע למדנים וואָס האָבן זיך געפונען ביי אונדז אין שטעטל סטאָק, פון וועלכן איך דערמאָן איינעם מיט אַ ספּעציעלן יראת הכבוד — ר׳ שלמה בורשטיין ע״ה. און יעדעס מאָל ווען משה פלעגט רעדן און דערציילן וועגן זיינע קינדער־יאָרן — און שוין אַלס דערוואַקסענער בחור, פלעגט ער דערמאָנען דעם רבין ר׳ שלמה מיט גרדיס פּיעטעט.

זיין טאַטע פלעגט אים אויך מיטנעמען צום סקערניעוויצער רבין, ווען ער פלעגט פאָרן אויף אַ יום־טוב בכדי איינפלאַנצן אין אים וואָס מער חסידות, אָבער דאָס האָט נישט געקאָנט אויף אים משפּיע זיין און געהאַט פונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג; און נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט געהאַט אַ סך אויסצושטיין פון זיינע עלטערן, איז ער דאָך אַריינגעטראָטן אין דער באַראָכאָוו יוגנט־אָרגאַניזאַציע און איז דאָרטן געוואָרן זייער אַקטיוו. און אַזוי ווי די ביבליאָטעק האָט זיך געפונען אין דעם זעלביקן הויז ווו ער האָט געוווינט, איז ער אַ לאַנגע צייט געווען ביבליאָטעקאַר און עס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן אַ סך פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן. און אַזוי ווי מיר פלעגן

באַקומען צוגעשיקט די „אַרבעטער צײַטונג" און די יוגנט־אויסגאַבע, פלעגט דאָס משה פאַרשפּרייטן צווישן די חברים, נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער איז געווען זייער פאַרנומען מיט דער אַרבעט בײַם טאַטן אין דער בעקערײַ.

ער פלעגט אויספירן זײַנע טעטיקייטן מיט גרויס אחריות און אינטערעס און ער איז פון דער נאַטור אַ שטילער איידעלער מענטש. ער פלעגט אַלצדינג טאָן מיט ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט — און אויף אַ שטילן און באַשיידענעם אופן האָט ער אַ סך בײַגעטראָגן צו דער אַקטיווער פּועלי־ציון באַוועגונג אין אונדזער סטאָק. גאַנץ אָפט פלעגט מען אײַנאָרדענען פאָרלעזונגען איבער פאַרשידענע טעמעס און אויך קעסטל־אָוונטן; מען פלעגט אויך ברענגען רעפערענטן פון וואַרשע, וועלכע האָבן געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף אונדזער יוגנט.

מען האָט אויך געשאַפן אַ דראַמאַטישן קרײַז, ווו דער שטענדיקער סופליאָר איז טאַקע געווען משה מאַלישעוויטש און אַזוי ווי מיר האָבן נישט געהאַט קיין גרויסן לאָקאַל פאַר קיין טעאַטער־פאָרשטעלונגען, פלעגט מען דינגען די „שאָפּע" פון די פײַערלעשער און דאָרטן פלעגט מען שפּילן טעאַטער מיט דער באַלײַכטונג פון נאַפט־לאָמפּן.

אַ דאַנק דער אינטענסיווער אַרבעט און אויפקלערונג, וואָס מיר האָבן געפירט, האָבן מיר אין אַ קורצער צײַט געהאַט אויף אונדזער זײַט דעם גרעסטן טייל פון דער יוגנט פון דעם שטעטל, וואָס האָט געזוכט אַן ענטפער אויף די פראַגן פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער דערלייזונג — און האָט געפונען אַן ענטפער אויף דעם אין דער קאָנצענטראַציע פון ייִדן אין דעמאָלסטדיקן פּאַלעסטינע. אין אונדזער שטעטל, איז ביז מײַן אַוועקפאָרן (און זיכער אויך נישט שפּעטער), נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטער אָרגאַניזאַציע, זיכער צוליב דעם, ווײַל מיר האָבן נישט געהאַט קיין סך אַרבעטער.

ייִדן אין אונדזער שטעטל האָבן געלעבט אין גרעסטן טייל פון די ווערכנטלעכע מערק — און פון די קליינע קרעמלעך, וואָס האָבן נישט שטענדיק אַרײַנגעבראַכט קיין גענוג פּרנסה אין זייערע היימען. און עס זענען אויך געווען אַ גרויסע צאָל דאָרפס־הענדלער, אַ צאָל שמידן, שנײַדערס, שוסטערס און אויך עטלעכע סטאָליערעס. פון יענער צײַט געדענקט זיך מיר גוט די טרויעריק באַרימטע „גראַבסקי־עגלה", וואָס פלעגט צונעמען בײַ די אומפאַרמעגלעכע ייִדן, האַנטווערקערס, קליינהענדלער א״אַ, דאָס סאַמע לעצטע, דערפאַר ווײַל זיי האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף צו באַצאָלן פאַר די שטײַערן. אָט די דאָזיקע „עגלה" האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער יוגנט, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן און נישט געפונען פאַר זיך קיין שום פּערספּעקטיוון; זיי האָבן געפילט אַז זיי פאַרלירן דאָ דעם באָדן אונטער די פיס — און נישט קאָנענדיק זיך צוקוקן צו דעם פּײַן און מאַטערניש פון זייערע עלטערן, צו פאַרדינען אויף חיונה פאַר זייערע פאַמיליעס, האָבן זיי אָנגעהויבן צו זוכן זייער גליק אין אַנדערע פּלעצער. דער ערשטער עטאַפּ אונדזערער איז געווען דאָס גרויסע וואַרשע און איך בין אויך געווען איינע פון די וואָס האָבן דאָרטן געזוכט „גליקן", כאָטש דאָס איז נישט געווען אַזוי לײַכט צו געפינען און מיר האָבן געמוזט אַרבעטן אַ 12 שעהדיקן אַרבעטס־טאָג בײַ זייער שווערע באַדינגונגען.

אויך די עלטערע חברים פון שטעטל, האָבן גענומען זוכן נײַע האָריזאָנטן און זיך געלאָזט אויפן וועג פון עמיגראַציע; ווער עס האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט, איז געפאָרן קיין נאָרד אַמעריקע און אַנדערע קיין אַרגענטינע, וואָס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ „נײַ" לאַנד פאַר זייער אַ סך. אַ גרויסער טייל האָט געזאָלט פאָרן קיין „פּאַלעסטינע", עס זענען אָבער געווען זייער ווייניק מעגלעכקייטן צו באַקומען „סערטיפיקאַטן" אויף צו קאָנען פאָרן אַהין.

איך בין אויך געווען איינע פון די וואָס האָבן אָפּגעשלאָגן די טירן פון פּאַלעסטינע־אַמט, צו באַקומען אַ סערטיפיקאַט — ווען איך מיט משהן, האָבן באַשלאָסן צו פאַרייניקן אונדזער גורל צוזאַמען און נישט האָבנדיק קיין שום מעגלעכקייטן צו באַקומען סערטיפיקאַטן, האָבן מיר באַשלאָסן אַז משה זאָל פאָרן דער ערשטער קיין אַרגענטינע און אין יאָר 1928 האָט משה פאַרלאָזט פּוילן און געקומען קיין אַרגענטינע און שפּעטער בין איך אויך געקומען אַהער.

נישט אַזוי לײַכט איז געווען דאָס שיידן זיך

מיט עלטערן און משפּחה־מיטגלידער און אַ טיפער טרויער האָט געהערשט אין די צעשיידטע היימען, כאָטש מיר האָבן נאָך געהאַט דאָס געפיל אַז מיר וועלן זיך נאָך זען — אָבער צו אונדזער גרעסטן אומגליק, האָט כמעט קיינער פון אונדז שוין מער נישט געזען זײַנע נאָענטע, אויסער די קליינע רעשטלעך, וואָס זענען על פּי נס אַרויס גאַנצע פון דעם גיהנום.

די יוגנט, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין אונדזער שטעטל סטאָק, האָט ווײַטער אַקטיוו פאַרגעזעצט די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, ביז עס איז געקומען דער נאַצי־חורבן, וואָס האָט אַלץ און אַלעמען דערטרונקען אין דעם בלוטיקן מבול, וואָס האָט פאַרענדיקט מיט משפּחה און מיט פרײַנד.

זאָלן די אַלע אומגעבראַכטע דערמאָנט ווערן, צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים פון אונדזער פאָלק! ערע און יראת הכבוד פאַר זייערע אויסגעלאָשענע לעבנס! מיר וועלן זייער ליכטיקן אָנדענק שטענדיק דערמאָנען מיט אַ סך פאַרערונג!



פּערל שנײַדמאַן־לאַנגלייב / ישראל

# אַ פּאָר ווערטער געווידמעט מײַן ברייט־פאַרצווײַגטער משפּחה, אומגעבראַכטע דורך די נאַציס

אַזוי ווי פאַר מיר, ווי פאַר דעם גרעסטן טייל פון אונדזערע לאַנדסלײַט און פון ייִדן אין מזרח־אייראָפּע בכלל, איז נישט באַקאַנט דאָס פּלאַץ ווו עס ליגן די ביינער פון אונדזערע קדושים, אָדער זייער הייליק אַש געפינט זיך, האַלט איך פאַר מײַן חוב זיי צו שטעלן אַ מצבה, אין די ווײַטערדיקע בלעטער פון אונדזער יזכור־בוך, וואָס וועט אויך זײַן די לעבעדיקע מצבה פון אונדזער אומגעקומען שטעטל סטאָק.

מײַנע ערשטע ווערטער וועל איך ווידמען די, וואָס זענען מיר געווען די סאַמע נאָענטסטע און ליבסטע: מײַן פאָטער יאַנקל, מײַן מוטער לאה, מײַן שוועסטער גנעכע־ליבע און ברודער חיים — אַלע עליהם השלום און הי״ד.

וועגן מיין גוטן און טײַערן פאָטער, פעלן מיר אויס ווערטער צו דערציילן, סײַ ווי וועגן אַ פאָטער צו זײַנע קינדער און סײַ וועגן זײַן פּערזאָן אַליין, וואָס איז געווען פון אַלעמען געאַכטעט און באַליבט; ער איז געווען אַ פרומער ייִד און אָפּגעהיטן אַלע תרי״ג מצוות פון ייִדישקייט, אָבער אויך אַ האַלב־וועלטלעכער מענטש און אַ מעורב עם הבריות — אַן אויסגעמישטער מיט מענטשן; ער האָט אַלעמען מיטגעפילט און איז אַנטקעגן געקומען יעדן איינעם וואָס האָט זיך גענויטיקט אין הילף, אין וואָס פאַר אַ פאָרעם דאָס האָט נאָר געקאָנט זײַן.

עס געדענקט זיך אַ סך זאַכן, אָבער נישט וועגן אַלצדינג קאָן מען דערציילן, אָבער איניקע זאַכן מוזן דערציילט ווערן. און איינע פון די דאָזיקע זאַכן איז אַן עפּיזאָד, וואָס איז מיר געבליבן אײַנגעקריצט אין זכרון נאָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. עס איז דעמאָלט געווען אַ צײַט ווען מען האָט נישט דערלויבט צו האַנדלען און עס איז נישט געווען בײַ וואָס צו אַרבעטן און אין שטוב איז נישט געווען וואָס צו עסן און עס איז געשטאַנען די געפאַר צו דאַרפן פאַסטן אום שבת, ווײַל צו פאַסטן אַ גאַנצע וואָך, איז מען שוין געווען צוגעוווינט און מען האָט דאָס באַטראַכט פאַר אַ כמעט „נאַטירלעכע" זאַך. אָבער שבת איז פאָרט געווען אַנדערש ווי די גאַנצע וואָך און מײַן פאָטער ע״ה — און מיר אַלע — וואָלטן אַזאַ פאַסטן, באַטראַכט ווי אַ חילול שבת, וואָס מיר האָבן נישט געוואָלט האָבן אויף אונדזער געוויסן.

דאַן, אום ערב שבת, איז דער פאָטער פאַרשוואונדן פון שטוב און האָט קיינעם נישט געזאָגט וווּהין ער גייט. אָבער שוין אַ שטיק צײַט נאָך מיטיק (כאָטש מיר האָבן דעמאָלט קיין מיטיק נישט געגעסן); אין אַ פּאָר שעה שפּעטער, איז דער פאָטער געקומען אין שטוב אַ פריילעכער און מיט אַ סך צופרידנקייט, האָט ער געבראַכט אַ זאַק מיט כל טוב... געווען דאָרטן אַ ברויט, קאַרטאָפל, בורעקעס און נאָך אַנדערע זאַכן. ער האָט דאָס געבראַכט צו טראָגן אויפן אַקסל און ער האָט דערבײַ אײַנגעשטעלט דאָס לעבן, ווײַל מען האָט אים געקאָנט אָננעמען פאַר אַ שמוגלער, וואָס איז אַפילו בײַ יענע „גוטע" דײַטשן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען אַ גרויס פאַרברעכן. די שמחה וואָס איז בײַ אונדז דאַן געווען, סײַ פון צו זען דעם פאָטער און סײַ פון די אַלע „גוטע זאַכן" וואָס ער האָט געבראַכט איז נישט מעגלעך צו באַשרײַבן.

דאָס איז אַ זכרון פון מײַנע קינדער־יאָרן. איך געדענק אָבער אויך איינע פון די סאַמע לעצטע זכרונות, וואָס זענען פאַרבונדן מיט מײַן פאָטער, ווען איך בין שוין געווען אַ רײַפע פרוי און אַ מאַמע פון צוויי קינדער. דאָס איז געווען אין דעם שוידערלעכן יאָר 1938, ווען היטלער האָט אָנגעהויבן די מלחמה קעגן דער וועלט און אויף דעם בלוטיקסטן אופן זיך אָפּגערעכנט מיט דעם ייִדישן טייל פון דער וועלט. מײַן מאַן שמחה לאַנגלייב, איז שוין דעמאָלט געווען אין אַרגענטינע און איך מיט מײַנע צוויי קינדער, לייבל און דוד, זענען נאָך געווען אין סטאָק, כאָטש איך האָב געוווּסט, אַז מײַן

מאַן טוט אַלצדינג כדי אונדז וואָס שנעלער אַריבערצונעמען קיין אַרגענטינע און מיר האָבן שוין פּאַקטיש געהאַט אַלע נייטיקע פּאַפּירן און וויזעס כדי צו קאָנען פאָרן אין דעם נײַעם פאַר אונדז ביז דאַן אומבאַקאַנט לאַנד.

עס איז דאַן געווען ערב ראש השנה פאַרנאַכט, מיט אַ יאָר איידער היטלער האָט פאַרנומען אונדזער שטעטל. דער פאָטער האָט זיך געגרייט צו גיין אין שיל אַרײַן. אָבער איידער ער איז געגאַנגען אין שיל, איז ער גאָר פריײַנדלעך צוגעקומען צו מיר און געטאָן דאָס זעלביקע וואָס ער פלעגט טאָן יעדן ערב ראש השנה. אָבער יענץ מאָל האָט ער דאָס געטאָן מיט מער ברען און מיט מער הייליקן ציטער — און טאַקע דערפאַר איז דאָס בײַ מיר פאַרבליבן אין זכרון מסתמא אויף מײַן גאַנץ לעבן.

דער פאָטער האָט זיך דערנענטערט צו מיר, אַרויפגעלייגט אויף מײַן קאָפּ זײַנע הענט און דערבײַ האָט ער מתפלל געווען אויף אַן אַנדער נוסח, ווי ער פלעגט דאָס טאָן שטענדיק און געזאָגט די ווערטער, וואָס איך געדענק זיי נאָך ביז איצט: „רבונו של עולם, וואָס עס דאַרף געשען מיט אונדז, איז שוין אַ פאַרפאַלענע זאַך. מסתמא איז אַזוי דײַן רצון. אָבער הלוואַי זאָלסטו מײַן קינד, זיך קאָנען ראַטעווען און אָנקומען בשלום מיט דײַנע צוויי קינדער, צו דײַן מאַן און פאָטער".

די דאָזיקע געבעט־ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין דער צײַט ווען היטלער האָט שוין לאַנג פאַרנומען די סודעטן־געביטן און די וועלט האָט דאָס געזען און געשוויגן; ווען היטלער האָט שוין אויך פאַרנומען דאַנציק און האָט שוין געגרייט זײַן מאַרש אויף פוילן ווו ער האָט נישט באַגעגנט קיין גרויסן ווידערשטאַנד און אין געציילטע טעג שפּעטער איז שוין אויך אונדזער שטעטל געשטאַנען אין פײַער, און צײַטנווײַז גלויב איך אין דעם, אַז אויב מיר מיט מײַנע קינדער איז נאָך געלונגען זיך צו ראַטעווען און צו קאָנען דאָס אַלץ דערציילן, האָב איך דאָס אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען מײַן טאַטנס ערב ראש השנהדיקער תפילה.

מײַן טײַערע מאַמע לאה, איז געווען נישט בלויז אַ גוטע און האַרציקע מאַמע, נאָר אויך אַ טײַערער מענטש, מיט אַ גוט האַרץ און האָט שטענדיק ליב געהאַט צו העלפן אָרעמע און נויט־באַדערפטיקע מענטשן, באַקאַנטע און אַפילו אומבאַקאַנטע. עס איז פאַר איר געווען גענוג ווען מען איז איר געקומען דערציילן פון עמיצן וואָס לײַדט הונגער און נויט, אָדער וואָס באַדאַרף אַ געוויסע הילף, האָט מײַן גוטע מאַמע זיך באַמיט צו ברענגען איר הילף אויף דעם בעסטן און פריײַנטלעכסטן אופן; אין אונדזער שטוב זענען שטענדיק געווען אורחים, אָרעמע לײַט, וואָס האָבן בײַ מײַן מאַמעס טיש געשטילט זייער הונגער. און גאַנץ אָפט, ווען עס איז געווען נייטיק, האָט זי איר אייגן עסן אָוועקגעגעבן און ערב שבת, פלעגט זי צוגרייטן עסן, נישט בלויז פאַר די אייגענע שטוב־מענטשן, נאָר אויך פאַר פרעמדע, וואָס פלעגן זיך אין דעם נויטיקן.

אויך מײַן שוועסטער נעכע־ליבע, האָט געהאַט אין זיך די אַלע גוטע אייגנשאַפטן און גוטע מידות ווי מײַן מאַמע און פון איר פאַמיליע פון זעקס פערזאָן, איז געבליבן לעבן בלויז איין זון — משה, וואָס געפינט זיך ערגעץ ווו אין רוסלאַנד און מיר האָבן פון אים קיין ידיעות ווי פון דעם גרעסטן טייל ייִדן וואָס געפינען זיך דאָרטן.

מײַן גוטער און געטרײַער ברודער חיים, האָט אויך געירשנט די אַלע מעלות פון מײַנע עלטערן און איז שטענדיק געווען גרייט צו טאָן יעדן איינעם אַ טובה, אַפילו ווען דאָס האָט אים געדאַרפט קאָסטן אַ סך. צווישן אַנדערע זאַכן פון אים געדענק איך, אַז ווען מײַן מאַן האָט באַדאַרפט אָפּפאָרן פון פוילן קיין אַרגענטינע און עס האָט אים אויסגעפעלט געלט, האָט ער אים געגעבן אַ טייל פון דעם געלט, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר דעם יאַריד און וואָס עס איז געווען פאַר אים דער הויפּט־קוואַל פון חיונה.

אין אַזאַ שטוב, פון אייפאַכע, האַרציקע און גוטע מענטשן בין איך געבוירן און דערצויגן געוואָרן — און אָט די אַלע טײַערע און נאָענטע זענען אומגעקומען און פאַרשניטן געוואָרן, פריצײַטיק, אין די גרויזאַמע טעג פון צאָרן און פאַרניכטונג.

*
**

איך קלײַב מיך דאָ נישט אָנצושרײַבן מײַן ביאָגראַפיע, נאָר בלויז איינציקע פאַרצייכנונגען פון מײַן לעבן, וואָס זענען אין אַ גרויסער מאָס ענלעך צו דעם לעבן פון דעם גרעסטן טייל פון דער יוגנט פון אונדזער שטעטל, וואָס האָט זיכער אַ סך ענלעכקייט צו דעם לעבן פון דער יוגנט אין אַלע אַמאָליקע ייִדישע שטעטלעך.

שוין זײַענדיק אַן אונטערגעוואַקסענע, בין איך

אַרײַנגעטראָטן אין דער בונדישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „צוקונפט”, ווו עס האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נײַע און אומבאַקאַנטע וועלט; איך האָב מיך דאָרטן געטראָפן מיט געפילן פון סאָציאַלן יושר און גערעכטיקייט, וואָס האָבן שטאַרק גערעדט צו מײַנע אייגענע אײַנגעבוירענע געפילן. און אין דער דאָזיקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, האָב איך זיך באַקענט מיט די גרויסע אידעאַלן פאַר וועלכע עס האָט געקעמפט די עלטערע פאַרטיי, פון דער דאָזיקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע — דער „בונד”.

געלונגענע אויפפירונגען פון גאַנץ ערנסטע זאַכן — און מיר אַלע, די באַטייליקטע אין דאָזיקן דראַמאַטישן קרײַז, האָבן זיך באַטראַכט פאַר אמתע אַרטיסטן... פאַר די וויכטיקסטע טעטיקייטן אונדזערע און אויך פאַר אונדזער באַטייליקונג אין דעם דאָזיקן דראַמאַטישן קרײַז, האָבן מיר צו פאַרדאַנקען די טוערס פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס זענען אין יענער צײַט געווען: יחיאל בלומענקראַנץ, רויזע בורשטיין, שפּעטער אויך בעריש בורשטיין און אַנדערע.



**אַ גרופּע אַקטיוויסטן פון יוגנט בונד „צוקונפט”**

ערשטע רייע פון רעכטס: פּערל שנײַדמאַן, חיים א. צוקער, רחל פּאַסעסאַרסקי און חוה בלומענקראַנץ; צווייטע רייע, פון רעכטס צו לינקס: לייבל בורשטיין, עטל פּאַסעסאַרסקי, חנה גאָלדע בורשטיין און דוד סטאָלאָוויטש

איך האָב אין דער דאָזיקער יוגנט־אָרגאַניזאַציע אויך דורכגעלעבט אַ סך פּערזענלעכע פרײַנד וואָס מיר זענען שטענדיק געווען צוזאַמען. איך געדענק נאָך אונדזער „פינפטל”, וואָס איז שטענדיק געווען צוזאַמען; איך געדענק נאָך זייערע נעמען ווי: חוה בלומענקראַנץ, רחל פּאַסעסאַרסקי, פּרץ ווײַנטרויב, לייבל בורשטיין א"אַ. זיי און נאָך אַ סך אַנדערע וואָס זענען אויף אַ מערדערישן אופן פאַרניכטעט געוואָרן.

אין דער בונדישער באַוועגונג פון סטאָק, האָב איך באַקומען מײַן געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע אויסבילדונג און האָב אויך אָנטיילגענומען אין דעם דראַמאַטישן קרײַז, וואָס האָט געמאַכט זייער

אַזוי איז געגאַנגען דאָס לעבן אין אונדזער שטעטל, ביז אין דעם יאָר 1928 איז פאָרגעקומען אַ שייד־וועג אין מײַן פּערזענלעך לעבן: איך האָב געטוישט מײַן פאַמיליען־נאָמען און געוואָרן די פרוי פון שמחה לאַנגלייב — אַ חבר פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע. די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד בכלל און אין די קליינע יידישע שטעטלעך בפרט, איז געווען אַ שלעכטע — און די אָרעמקייט אין אונדזער שטעטל איז געווען זייער גרויס. דערצו איז נאָך צוגעקומען נאָך איינער אין דער משפחה — עס איז געבוירן געוואָרן מײַן עלטערער זון לייבל און אין צוויי יאָר אַרום איז צוגעקומען נאָך אַ זון — דוד.

אונדזער עקאָנאָמישע סיטואַציע איז געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער און שווערער און דערצו האָט די רעאַקציאָנערע און אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק פון דער פּוילישער רעגירונג געמאַכט אוממעג־לעך דאָס לעבן פון די ייִדן אויך אויף אַנדערע געביטן — און מיר האָבן אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן עמיגרירן קיין אַרגענטינע, כאָטש צײַטנווײַז האָט זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן די היים און דאָס שטעטל וווּ מען איז געבוירן און דערצויגן גע־וואָרן.

אין יאָר 1937 איז מײַן מאַן שמחה אָוועקגע־פאָרן קיין אַרגענטינע, בײַ א״ג „נאָרמאַלע באַדינ־גונגען״. אָבער אין צוויי יאָר אַרום, ווען איך בין אָוועקגעפאָרן —שוין כמעט פון די לעצטע וואָס האָבן נאָך געקענט פאָרן, זענען די באַדינגונגען שוין געווען פולשטענדיק אַנדערע— און מיר זע־נען שוין כמעט אַנטלאָפן פון אַ פלאַץ, ווי אַלע האָבן געוווּסט, אַז עס רוקט זיך אָן אַ גרויסער אומגליק, כאָטש קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאַרשטעלן, אַז דער אומגליק וועט זײַן אַזוי גרויס — און אַז מיר צעשיידן זיך שוין אויף אייביק.

איך בין דאַן אָפּגעפאָרן קיין אַרגענטינע צו מײַן מאַן — און עס איז מיר געווען געוואַלדיק שווער זיך צו שיידן מיט די טײַערע און אייגענע (און ווער איז דאָס נישט געווען אייגן אין דעם שטעטל)?. איך האָב דאָרט געלאָזן מײַן משפּחה, מײַן מאַנס משפּחה, וואָס ליידער האָבן זיי אַלע גע־טיילט דעם זעלביקן גורל, וואָס דער גרעסטער טייל ייִדן אונטער דער הערשאַפט פון די נאַציש מחבלים, אַלע זענען זיי אויף אַ גרויזאַמען אופן פאַרשניטן געוואָרן.

אין אַרגענטינע האָבן מיר זיך באַזעצט אין דער בילדעריש־שיינער שטאָט סאַלטאַ, אין צפון טייל פון דעם גרויסן לאַנד און דאָרטן האָבן מיר אײַנגעאָרדנט אונדזער לעבן, וואָס איז אויף אַלע געביטן געווען אַנדערש ווי אין פּוילן און דאָרטן האָבן מיר אויך געטראָפן אַ ריי סטאָקער און פון דער אומגעגנט, אייגענע און באַקאַנטע. עס איז אַ שיינע שטאָט מיט אַ קליינעם ייִדישן ישוב. אָבער אין די נײַע באַדינגונגען, האָט מען זיך באַמיט אָנ־צוהאַלטן דאָס ייִדישע לעבן; מיר האָבן דאָרטן געהאַט אַ ייִדישע ביבליאָטעק, אַ ייִדישע שולע און פאַרשידענע ייִדישע אינסטיטוציעס. פון די דאָרטיקע סטאָקער פאַרצייכן איך: די משפּחות קאָרטשאַרזש, די ברידער פינקעלשטיין מיט זיי־ערע משפּחות, די ברידער אָסטשעגאַ און פּנחס און חנה קיטשקאָווסקי (מײַן שוועגערין און שוואָ־גער).

אין דער שטאָט סאַלטאַ, גלײַך ווי אין אַנדע־רע אַרגענטינער שטעט, האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ חלוצישע באַוועגונג און אונדזערע קינדער זענען אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער דאָ־זיקער באַוועגונג מיט אונדזער צושטימונג. אונ־דזערע זין האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַטייליקן אין דער ציוניסטישער באַוועגונג — און אין אַ פּאָר יאָר אַרום, איז אונדזער עלטערער זון לייבל, עולה געווען קיין ישראל און איז אַרײַן אין דעם קיבוץ „מפלסים״ תיכף נאָך דער גרינדונג פון דעם קי־בוץ. אונדזער זון דוד האָט נאָך דעם נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פון זײַן עלטערן ברודער און אויך אַוועק קיין ישראל און די אַנדערע צוויי זין אונד־זערע: משה און אליעזר, שוין געבוירענע אין אַר־גענטינע, זענען שוין געקומען צוזאַמען מיט אונדז, ווען מיר האָבן עולה געווען אין יאָר 1958 קיין ישראל.

⁂

איך האָב דאָ, אויף אַ באַשיידענעם אופן, לויט מײַנע מעגלעכקייטן, געגעבן מײַן צושטײַער, צו דעם וואָס עס דאַרף זײַן דער יזכור־בוך און די לעבעדיקע מצבה, נאָך אונדזער אויסגעראָטן שטע־טל סטאָק. אָבער דאָס וואָס איך האָב דאָ געשריבן, זענען מײַנע אויפריכטיקסטע און צוווייטיקטע גע־פילן נאָך אונדזערע קדושים, וואָס זענען אין אונ־דזער שטעטל אומגעבראַכט געוואָרן על קידוש השם — ועל קידוש העם.

כבוד זייער אָנדענק!

ורדי חסיה / ישראל

# שנות המלחמה 1945-1939 בסטוק

שרידת משפחת פרביאש בסטוק
בת רבקה ונכדתה של חוה,
„די פארבערקע".

מתהלכות שמועות, תהיה מלחמה, הגרמנים עומדים להתנפל, את צביה כבר לקחו לעצמם, העתונות ביידיש מספרת על תלאות יהודי גרמניה, רבים מהם באו לפולניה ובין לילה נהפכו לפליטים, מחוסרי כל, הפחד רב, ובמיוחד בלב היהודים היו־דעים כי בכל מקום מהווים הם הקרבן הראשון.

עולה על זכרוני המתיחות לפני פריצת המל־חמה, קהל רב עמד על יד החלון של מסעדת קורי־לעק לשמוע חדשות הרדיו, כל אחד הסתכל על השעון ולפי זה כוון את הליכתו על יד המסעדה, בכדי לשמוע בשורות חדשות הבוקעות ממקלט הרדיו ולמצוא נחמת פורתא על דחיית המלחמה.

אנחנו גרנו על יד הכביש המוביל צפונה לתחנת הרכבת ז'עלענעץ, ומשם לעיר הבירה מורשה בבנין הבנוי מעץ גרו שתי משפחות, לנו שני חד־רים ולשכן הירש מאיר וישנבסקי שני חדרים וח־נות מכולת, 2 חלונות מהדירה שלנו היו מופנים לכביש מערבה מהדירה ומזרחה לחצר גדולה 2 חלונות והול כניסה מצד החצר משותף לשתי המשפחות, החצר מלאה מחסנים השייכים לשכן ולנו הבנויים בצורת ח', באמצע החצר באר מים.

היה זה ביום חמישי לפנות בוקר, התעוררתי מבכיה של פרידה בת לבית וישנבסקי אשר היה המוכר „סולטס" בעיירה, כל העיר קמה על רגליה והשמועה עוברת מפה לפה, פרצה מלחמה, הלב מסרב להאמין, אבל העובדות מדברות על עצמן, הגיעו צווי גיוס ומסיבה זו ההמולה והבכי היו לראשונה בבית וישנבסקי, „הסולטס בעיירה".

השאון מרובה, גברים צעירים, אבות לילדים, בנים להורים נפרדים ממשפחותיהם והבכי מרובה, הילכים לקחת חלק בהגנת המולדת פולניה, אשר גב הם נולדו בה.

השמועות המגיעות מבשרות על התקרבות הגרמנים, וכן מספרים על כניסת הרוסים למלחמה, ועל פלישתם לתוך שטח פולניה.

המוני יהודים בורחים מקרבת הגבול על יד גרמניה לכוון מזרחה, רבים מהם מאוסטרוב, ברוק, המעבר הוא דרך העיירה שלנו, מכוון זעלענעץ, מלקין, לקוסוב, כולם עוברים על הכביש על ידנו משפחות שלמות על חפציהם וילדיהם נוסעים, מרובים הצעירים ההולכים ברגל, כל לילה הבית שלנו מתמלא הולכי רגל ללינה, שוכבים בכל מקום שניתן, אפילו הרצפה מתחת לשלחן מנוצלת לכך. גלים של בני אדם עוברים לכוון מזרחי־לרוסים, הנה היום יהודי וישקוב, לאחר שהעיר הופצצה ונשרפה, למחרת יהודי פולטיסק, הימים חולפים ואנו רואים צבא פולני נסוג, מספרים, הגשרים מעל הבוג, הנהרות בוישקוב, ברוק הופצצו, ואי אפשר לעבור בעגלות, ולכן כל ההולכים עתה מזרחה, הולכי רגל הם, ובתוכם הרבה חיילים, מתלחשים שהחיילים מתבססים לכוון היערות ונגרזב קוסוב.

האויב הרגיש כנראה בהם והפציץ אותנו, נפלה פצצה לבית סקורופקה, הבית נשר; כולו, נהרגו שתי משפחות (אשר אספו לאחר מכן את עצמותיהם בכדי לקוברם כדת ישראל) משפחת קיצקובסקי ומשפחת סקורופקה, נשארת בת סקורופקה רבקהלע, כבת שמו נה ומינדלה לבית קופל כבת 15־16. הבית נמצא על יד הכביש לכוון ונגרוב בקירבת הכנסיה והיער „זגייניק" ומסביב מלא בתי יהודים, האש אוחזת בכל, השריפה גדולה, מספרים שנפלו עוד פצצות על יד בית נח הקטן, ועל יד מסעדת קורילעק. בית קור־רילק נמצא כ—350 מטר מהבית שלנו בהצטלבות הכביש מערבה לכוון לזכוב, צפונה לכוון הבית שלנו, מזרחה לכוון העירה, כל השטח מיושב בעיר ביהו־דים, באמצע ככר מורחב המתמלא בימי שוק המ־תקיימים בכל יום שני, משם הכביש העובר על ידי

ה„זגייניק" המוביל וננגרוב, כביש העובר באמצע הככר לכוון מזרחה לקוסוב, וכביש הפונה צפונה לכפר על יד סטוק השייך לעיירה ומיושב פולנים. השריפה מתפשטת ואוכלת הכל, הודות למרחב של הככר, החלק הצפון מערבי ניצל משריפה. זוכרת אני שאוירונים טסו מעל ראשונו וירו על הגגות. הרעש הנשמע כמו ברד שנופל על הגג, ומיד ראינו אופ־נועים ועליהם גרמנים הנכנסים העירה. אנו כולנו אשר רנו „בניי סטוק" עברנו את הכביש ממולנו שדה פתוח. הוצאנו הכל מהבתים וישבנו בשדה. כשעבר־תי בחשיכה מהבית דרך הכביש, ראיתי בקירבת קורילק בכוון העירה אש להבה אדומה בוערת. השמיים היו אדומים והאירו את כל השטח. כך נר־דמתי על החפצים ובבקר מתברר לי שכל מרכז העיירה נשרף. אנו חזרנו לבתינו, והחורבן מסביב היה רב. נשארו רבים בלי קורת גג. אלינו באו לגור הדודה אודל אחות סבתי — ובעלה וביתה חאשע, בניהם קלמן ואוריש ברחו לרוסיה. שני דודי —אחי אמי— גרשון ושמואל ברחו. היתה הדעה שעל כל צעיר שכח ברגליו ללכת לכוון הרוסים אשר נמצאו כ—20 קילומטר מאתנו בעיירה קוסוב.

אנחנו היינו, הסבתא, אמי ואני, אבי יעקב היה בורשה, וכן בא בן דוד שלי פייבל מורשה אשר הרעב היה בה מרובה, וסבלו מהפצצות ומהרס רב.

הרוסים נסוגו מקוסוב לקרבת דומברובה על יד הבוג, ונפתח שטח מפורז, בין הגרמנים והרוסים. יהודים שוב לקחו את הפציהם בידיהם ונדדו, —וכל המעבר בפני הבית שלנו— בכדי להציל את נפשם מידי הגרמנים, כולם התאספו בשטח המפורז, ובכל מספר ימים הרוסים אסרו להם להכנס לשטחם. בכל פעם הגיעה שמועה חדשה על מות אנשים, מכפור, רעב ובכל זאת נהרו המונים וחכו לחסדם של הרו־סים שיפתחו את שעריהם בפניהם.

זוכרת אני כשהגרמנים תפסו את חאשע (בת אודל נוזבליט דודתי) בלכתה ברחוב לעבודה, אשר היתה כבת 20 בחורה תמירה, נאה, לרחוץ רצפות במסעדת קורילעק אשר שם השתכנו מלא גרמנים. למחרת גם היא היתה בין יושבי השטח המפורז לכוון רוסיה. ביום ראש השנה, הבית שלנו היה מלא מתפללים (בית הכנסת נשרף) ופתאם ראינו המוני אנשים מובלים על הכביש לכוון מלקין על ידי גרמנים, היו אלה שבויי מלחמה בתוכם רבים היו־הודים לאחד חבושה היד, השני צולע, השלישי תחבושת על הראש, רבים מהם בגופיות, אחד מהם ניסה והצליח לברוח והסתתר בקרבתנו, תמונה עגומה היתה זאת ובשרה לנו רעות לעתיד.

לבית הספר העממי ליהודים אסורה הכניסה שלט על דלת מסעדת קורילעק „כניסה ליהודים אסורה" רבים הפולנים המנצלים ושמחים בהשפ־לת היהודים.

ובכל זאת השתדלנו להתרגל למצב החדש, לא שבתנו מלמודים, גיסתו של אליהו מלצמן, חדשה במקום לימדה אותנו. היינו מספר קבוצות בנות, למדנו יידיש, חשבון וספרה לנו על ארץ ישראל, הבנים הלכו לחדר ולמדו אצל בנות הפליטים אשר השתקעו במקום.

בשנת 1941 היודנראט, מעביר פקודה על „קונטריבוציה" מטעם הגרמנים. כל משפחה צריכה לשלם כופר. למסור זהב, ופרוות. הגרמנים באים לחפש בבתים דברי ערך, וכמובן לא חוסכים בה־צלפת מכות בכל הזדמנות, לקיחת כל חפץ המוצא חן בעיניהם, חיילי ס. ס. מסתובבים בעיירה נער־לים מגפים מבריקות, והפחד גוב מה יולד יום? האוכל מוקצב, כרטיסי מזון לכל דבר, והנה אנו רואים צבא גרמני רב עם נשק מרובה, תותחים, טנקים רבים נוסעים לכון מזרחה לכביש קוסוב, החיילים לבושים פרוות לבנות ארוכות, והשמועות אומרות,הכנת פלישה לרוסיה.

ביוני 1941, פרצה המלחמה בין גרמניה לרוסיה, מספרים, הרוסים הולכים קדימה, מתקדמים לכוון אלינו, אבל שמועות שוא הם אלו, הגרמנים מכים ברוסים, נוספו עוד יהודים לסבול עמנו, אין מקום מכסה עבורינו, לכל אחד הרשות לפגוע ולהעליב אותנו, אבל אנו חיים עוד בתקוה.

אביב 1942 היודנראט מקבל פקודה להציב 130 גבר לגרמנים הנחוצים להם לעבודה.

נתפס כל גבר היוצא לרחוב, המכסה לא מלא, המשטרה היהודית — מלבד שמואל וישבינסקי, סגן־הנשיא, המודיע שאינו מחפש לאחד יהודים, ומוכן ומתיצב ללכת לעבודה — עוזרת בחפושים אחר גברים, אבי גם נלקח, והמכסה לא מלא, הגר־מנים לוקחים את כל „היודנראט" מלבד הפרעזעס עלע מלצמן עם יתר הגברים, יותר לא ראינו אותם.

לאחר ימים קבלנו דרישות שלום ע"י אכרים שראו אותם בעבודתם, שהם מעוסקים על ידי הגר־מנים בהקמת מחנה על יד תחנת הרחבת טרבלינקה.

אצלנו בעיירה הדכאון רב, צעירים מעטים נשאו בעיירה, וכל יום מופיעים גרמנים חדשים בעיירה, ואחד מהם לעולם לא אשכח, היה חייל או שוטר

אוקראיני, חבוש כובע שחור, בפי כלנו נקרא, „דאָס שוואַרצע קעפּעלע", כשמו כן הוא, בכל דרך שנתקל ביהודי השפילו או הרגו. פעם שני בני דודי, — שרוליק לבית איצל פרביאש, אח אמי מורשה, ואן בן דוד אחר אברהם שבאו מורשה וגרו אצלנו בעיירה, הלכו לתומם בדרך מכפר „ברו זעבולי" לכוון לסטוק, „דאָס שוואַרצע קעפּעלע" פגם, פקד עליהם לחפור בור, הרג את אברהם ואמר לשרוליק לקברו ולכסותו ושלחו לחופשי בכדי שיספר בין יהודי העיירה על גבורתו המרובה.

פחד רב נפל עלינו, אין מגן, אין כתובת להת־אונן על כך, בשבת הקרובה כלם הלכו לבית הכ־נסת לשמוע את ברכת הגומל של שרוליק.

זוכרת אני את יום תשעה באב 1942, היה זה יום אבל היסטורי, אבל גם יום שחור לכלנו, יום שבו החלה ההשמדה הטוטלית. ישבנו בבית, סבתא בלי נעלים בגרביים כמו ביום אבל וצום ושמועות רעות מגיעות לאזנינו, הנה ברח בחור ממחנה טרבלינקה, המספר שמכניסים בני אדם ערומים לתוך חדר שבו כביכול מקלחת מלא הצנורות, ודרך הצנורות אלו ממלאים גז לתוך „המקלחת" ובצורה כזו נחנקים, הוא עצמו היה בצריף זה, וחפר בצפרניו בתוך האדמה, ויצא משם ובא לספר לנו, הוא הובל לשם מגיטו ורשה, נאמר לו שנוסע הוא לעבודה, לייבש ביצות במינסק, האנשים אינם מאמינים לו, עובר יום באים בורחים משם, באים קופצי רכבות ובפיהם אותו ספור.

המציאות איומה, יש לקבל את העובדות, שמעתי שהגדולים התארגנו ביניהם, ושלחו בחורה אחת אשר היתה לה תעודה אירית לגיטו ורשה לספר להם את האמת, שלא יחשבו שהם נוסעים לייבש ביצות, שידעו שהם מובלים להשמדה.

השיחות בעיירה עצובות, אין לנו עתיד, הגרמנים מנצחים בכל החזיתות, ברוסיה עומדים בקרבת מוסקבה, שמעתי ששני בני דודי, שרוליק כבן 19 לבית איצל פרביאש ופישל כבן 23־לבית יעקב פרביאש, אחי אמי — דברו ביניהם, שרוליק אמר, כל העולם רואה את סבלנו ולא נוקף אצבע להצלתנו, האדישות מרובה מסביבנו, האנשים הזקנים דברו, כתוב בתורה, יגיע זמן שהעולם יחרב, המועטים שישארו, ימצאו אחד את משנהו לפי העקבות, ואז יקום עם קטן שינצח, וזה יהיה עם ישראל.

יום יום מגיעים אנשים אשר קפצו מהרכבת ומספרים על תלאותיהם, הם מוכנסים לקרנות משא בצפיפות איומה, ויש ביניהם רבים שמתעלפים, ואין מים להחיותם, להם היה העוז והאומץ לקפוץ מהרכבת.

רבים מהם נהרגו בזמן הקפיצה, והנותר הצ־ליח להגיע לישוב יהודי, וכאן התחיל הסבל מחדש, והסכנה בפני אקציה נוספת, הימים והשבועות עוברים ואין שום תזוזה לטובה, להפך המעגל מתר־הב, כל פעם שומעים על עיירות נוספות שחוסלו, ואנו יודעים שתורנו מתקרב.

רב התושבים הותיקים מתקשרים עם כל מיני פולנים ומבקשים את עזרתם להצלה. אנו ועוד מש־פחה שהינו כשבוע ימים אצל משפחת רזמינסקי. הבית נמצא בקרבת הדרך לכניסה ליערות, מידניק, ליפק, וכ־4 קילומטר מזרחה מסטוק, משלושה צדדיו יערות מכוון צפון הכפר גראביענע.

אנו שתי המשפחות וילדיהם נמצאים בגורן, והימים חולפים לאט לאט, הדאגה מרובה, ובאופק אין נראה כל חדש, חוזרים הביתה, ומסדרים מקלט במחסן הפינתי בחצר בשותפות עם משפחת וישנב־סקי, המקלט חפור בתוך האדמה ומכוסה כל מיני גרוטאות ופתח הכניסה מכוסה, היה כמדומני מוצאי יום כפור, יום שני, ירדנו כלנו ללינה למקלט, ונוספו עוד אנשים, שכנים עמנו, הצפיפות היתה מרובה. מים הורדו ליממה אחת, ובאותו יום לפנות בוקר בקעו קולות בכי של יהודים וילדים, צריחות הגרמנים, צהלת הפולנים אשר הכרנו את קולותיהם באופן אישי, במיוחד שיתפו פעולה ארגון „מכבי אש".

שמענו איך בוזזו ושדדו בתי יהודים, הוציאו את כל הסחורה מהחנות מכלת של וישנבסקי, — ואת צלצול הפעמון שהיה מחובר בדלת, לכניסה למכלת, חפצים מהבית שלנו, וכל עבודה זו נעשתה בלווי קריאות שמחה.

אנו ישבנו במקלט ודרך חור קטן ביותר לכוון בית קורצמן הצצנו החוצה, הדוחק בפנים רב, הצמאון מרובה ומים אין, לכן היו כאלה ששתו שתן, וכך ישבנו עד שבאחד הלילות יצאנו בעזרת פולני מהעיירה מחוצה לה, החשיכה היתה מרובה, והחרדה גדולה, ומהוץ לעיר מצאתי את עצמי עם משפחת וישנבסקי, היינו; אם המשפחה גולדה, הבתביילה, הבן יונה והחתן עלע (ראש המשפחה הירש מאיר, בתו פרידקה, בנו צאלקה ברחו לרוסיה) ואתנו רחל פוססורסקי ושני בניה (בעלה בארגנטינה). הלכנו לכוון היערות של הכפרים ליפק, ברוזבולה, עברנו את הנהר, עשינו דרך זו בין שבילים שונים ומשו־נים, ומבית לבית היה מרחק, ולכל בית שנכנסנו

שלחו אותנו לשני, ספרו לנו זוועות וסבל היהודים שלא נשארה נפש חיה בתוך העיירה סטוק, רובם הובלו בעגלות לטרבלינקה, שהמרחק היה ב־17 קילומטר, רבים היהודים שמסתתרים מסביב לעיירה, ורבים מבורחים אלו נהרגו, מעבר לנהר באודכו מקביל ליער, נהרגו צעירים וכמעט שלא כוסו, והצפרים מנקרים בגוויותיהם, בתוכם לאה נדלמן כבת 17 עם חתנה כבן 20 (בנה של רבקה גזוז וואסעד שגרו ע״י בית הכנסת) אנו נכנסנו בתוך עויבי היער וכך ישבנו מספר ימים, וכל פעם שמענו את רעש וצפירת הרכבת לכוון טרבלינקה (עד היום כשאני שומעת צפירת רכבת, רעד עובר גופי) כשנודע לנו שמשפחתי, הסבתא חוה (חוה די פאַרבערקע) ואמי רבקה, שני בני דודי, שרוליק בן 19 ואחיו משה בן ה־10, בני אח אמי, אשר אמם שרה ואח יוסי ואחות חסיה נשארו בגטו ורשה, —ואחיו פיבל נמצא באחד הכפרים בסביבה שעבד שם כרועה צאן ובקר — נמצאים ביער בין הכפר סטוק לבית רזמינסקי, החלטתי ללכת אליהם, וזאת עשיתי ביום שני, ביום שוק, ומתוך סקרנות וידיעה שהככר מלא אכרים, עברתי דרך סטוק, טיילתי בתוך הככר ומשם לכוון „ניי סטוק", דרך העפר על יד בית קרונפלד, טיטלבוים והבית שלנו, הבתים עזובים, הדלתות פתוחות לרווחה, החלונות שבורים מסביב מפוזר מלא ניירות, תמונות ספרים וכל מיני חפצים שיד לא רצתה בהם, חלחלה ורטט עבר בגופי, ובמהירות הלכתי לאמי.

אמי כמובן קבלה אותי בשמחה, בנשיקות ובבכי, שם עמם היו עוד הרבה יהודים, ואמי שמרה עלי עתה חזק שלא אאבד לה, כך התגלגלנו ושהינו ביער זה יומם ולילה, מיעטעק רזמינסקי כבן 17 בא לבקרינו, וחלק לנו חתיכות סוכר, וכן ספר לנו שכל הסביבה יודעת על המצאתנו פה, למחרת באו לבקרינו 2 צעירים מהכפר ליפק והביאו עמם גרמנים, בראותנו אותם רבים נסו, ואני בתוכם, הכדורים עפו מעל ראשינו, הרגשתי את חום העופרת על פני וידי, ואז נהרג הבן של הירש פסח (אחיו נשאר בחיים ונמצא עתה בארץ) כבן 17, את רובינו תפסו, מספר אנשים הצליח לברוח, בתוכם דודי עלע סקורא, אחיה של סבתי, אספו את כלנו, ואני שוב נסיתי להתחמק ולהסתתר בין השיחים, גרמני החזיר אותי, ואנו רעדנו כלנו מפחד, אמי תפסה הפעם את ידי בחוזקה ולא נתנה לי לזוז, ושמעתי שמלמלה לעצמה, רק לא לראות את מות בתי, אסתר גלנט אשה באה פנתה לגרמנים בתחנונים שישאירו אותנו בחיים, אחד מהם תפס אותה בצווארון והרעיד אותה, כל כפתורי המעיל נקרעו לה, בא אחר ורחם עלינו, והם הלכו להם.

כל הסביבה שלנו, ונגרוב, קוסוב, יהודיה ידעו על התקרבות האקציות ורבים ובעיקר הותיקים ברחו, אבל התלאות היו מרובות, במיוחד שעמד בפתח החורף, ובעתונות פורסם שמתארגן גטו בקוסוב כ־17 קילומטר מסטוק ובקרבת מחנה ההשמדה טרבלינקה, וכן בסוקולוב שהמרחק מסטוק ז״ב יותר, כל אחד מאתנו ידע את הצפוי לו בגיטו, והיהודים שוחחו ביניהם, עתה מנסים שוב לרכז אותנו בכדי שיהיה קל יותר להמיתנו, אבל רבים גם לא ראו כל תקווה בצורת חיים זו, מתחת לכיפת השמים, ובאיסוף אוכל לקיום מינימלי מהפולנים, ולא מעט הלכו מרצונם ועקב מציאות זו לגטו קוסוב.

אני נמצאתי אצל משפחת בוז'ק בכפר של סטוק, שם שרגתי ובזכות זו אכלתי אצלם, ולפעמים חלק גם קצת אוכל ליתר המשפחה, זכור יום שהוא שלח אותי לרעות במקנה שלו, היה יום חג לאומי לפולנים, ונתן לי עוגיות לכלן, הכנסתי אותם לכיס, וכלם נאבדו לי, עגלה אחד ברחה לי רצתי אחריה וכשחזרתי לא היתה אף כבשה במקום, הם שבו לבדם לבית האכר, ואני התבלבלתי נורא ממעשה זה, ויותר לא יצאתי לרעות.

בערב שכבנו כלנו אצלו בגורן, באחד הערבים הופיע שכור, מיד נאמר לנו להסתלק פן יורע לנו ולאכר.

אחר כך שגרתי אצל משפחת „גוראלי" החורף היה בעיצומי, שלג רב ירד, סבתא הלכה באותו יום לכפר גראביענע ע״י ברוזעבוזי בכדי להביא אוכל, היה זה ב־16 לנובמבר 1942, אכרים הזרו מהעיירה וספרו שהסביבה מלאה גרמנים, ויש ממש צייד על יהודים הנערך על שטח רב, החל מהעיר סוקולב וגומר עד סאדעבנע —כי הלא בברוק ואוסטרוב עוד בשנת 1939 גורשו היהודים— ופחד נפל על הגויים וגרשו אותנו מבתיהם, כל היהודים היינו שוב כ־10 ביחד ועמדנו בפני אבדון, הוחלט שהולכים כביכול לגטו קוסוב ולכוון זה פנינו, בכפר גראביענע בקרבת בית רזמינסקי בפתח הכניסה ליערות מידניק, השלג נפל בעומצה ונכנסו לאחד הבתים ושם נשארנו מספר שעות, התחממנו קצת עד שלפנות ערב בעל הבית אשר היה ערירי יצא החוצה וראה המון גרמנים, פחד נפל עליו ואמר לנו ללכת החוצה, ניסו לשכנעו אבל ללא תועלת, הלכנו מספר מטרים בדרך העפר היערה ובכניסה ליער

שמענו שריקה ובכל רוחב היער יצאו מלא גרמנים, קפצו עלינו כמו נמלים הקופצים על דברי מתיקה, לא עזרו כל הטענות שפנינו לקוסוב, והובילו אותנו ברגל לעיירה סטוק, בן דוד משה היה נעול מגפים עם סוליות עץ, והשלג נדבק לו והקשה על הליכתו, אחד הגרמנים אמר לו ללכת יחף, וכך הגענו לסטוק, שם הוכנסנו כלנו לאוטו משא ואמי על ידי, והובלנו בדרך העובר על יד הבית שלנו לכוון זלנץ, וחש־בנו בודאי לטרבלינקה, כל אחד מאתנו הזכיר את היקרים לו, שרוליק את אחיו פיבל, אנו את סבתא וכלנו קווינו שהם לפחות ישארו בחיים, לנו המות היה ודאי, אני הייתי ילדה בת 11 והפחד בהתחלה היה רב, היה בי רצון חזק לחיות, ובקרבת הכפר ברוזבולי בצד ימין של הכביש בתוך תעלה שהיתה מקבילה לכביש, התעלה היתה שטוחה ולשם הורדנו, ונאמן לנו לשבת, מאד בכיתי ואפילו יללתי, וחש־בתי עוד מעט וארגיש מה זה נקרא מות, התישבנו כלנו עם הפנים לכביש והגרמנים נעמדו מאחורי הגב ועם נשק אוטומטי, צרורות צרורות ירו בנו, מעוצמת הרעש השתתקתי, ולפני שעזבו אותנו ירו מספר כדורים מקדימה עלינו ונסעו להם.

התאסף המון רב של פולנים מהכפר ושמעתי את דבוריהם, אחד אמר, הגרמנים אמרו, כל מי שיקבור אותנו רשאי לקחת את כל החפצים. שני אמר, אינני רוצה לעסוק בעבודה זו ואין לי צורך בחפציהם. שלישי אמר, ליהודי זה הנעול מגפיים, ודאי ממון רב בסוליות המגפים. כן היה בינינו אחד שנאנח ודברו לעצור אוטו גרמני בכדי להרגו, נשמעו קולו, ניגש לעבודה, ואני שוכבת בתוך גביות אלו, כהמשך למחשבה שאראה מיד וארגיש את טעם המות, חשבתי הנה אני מתה, בהמשך חשבתי בודאי עוד מעט כלנו נקום ונלך לנו, ולאחר והאזנתי לנאמר בתוך ההמון, לאט לאט חזרה הכרתי בי ובכל זאת קיויתי שכלנו נקום חיים, לפחות שרוליק העלם הנאה בן ה־19, אבל בשומעי את רעש האטים וסימון המקום לקבורה, קמתי, הפולנים זועזו, ושאלו על כל אחד, את אמי ראיתי שוכבת אפרקדן עם הרג־ליים בכוון הכביש, בין ההרוגים היו, בני דודי, שרוליק, משה, אסתר גלנט וילדיה — כמדומני שנים במספר — אחותה אשת יעקב צכונוביצקי והוריהם, היה כמעט לילה והפולנים שרצו להתחיל בעבודת החפירה שלחו את כל ההמון לכפר, ואמרו לי, לכי גם את, נכנסתי לכפר ברוזה בולה מצד ימין של הדרך מזרחה לכפר, נכנסתי לבית ובקשתי לינה, כל אחד הציע לי אוכל, אבל זאת סרבתי לקבל, לינה לא נתנו לי, הגעתי כמה מטרים מהיער ונגשתי לבית בקרבתו, דפקתי בדלת והיא לא נפתחה, בחצר היה מין גרון מחולק לשניים, בחצי השמאלי היו ענפים אשר עשו רעש, וקוויתי שהרעש הוא של בני אדם, התחלתי לקרא בלחש, פיבל, פיבל, אולי אתה נמצא פה, ואין מענה, מצד ימין היה קש לחוץ, התישבתי בפינה הימנית וחכיתי, כעבור שעות — כפי הנראה לי — שמעתי גרמנים דופקים בדלת הבית, ראיתים עם פנסים ביד, מאירים בתוך הענפים, הצצה חטופם לצד ימין של הגרון והלכו להם, חפוש זה הבהיל אותי שוב, ואחרי לכתם יצאתי החוצה ובתוך החשיכה משמשתי מין ארגז, נכנסתי פנימה והתחלתי לרדת מקרש לקרש בזהי־רות מרובה עד שהרגשתי, בטון עגול והבנתי שזהו באר, יצאתי וישבתי בחוץ בפינת הגרון, כשהפקיע השחר שמתי פעמי לכון הכפר, כל שיח נראה לי גרמני, וחזרתי, הלכתי בכוון לנהר שבצד שמאלי יער, כשהגעתי לנהר הכרתי את הדרך שבה הלכתי ממשפחת וישנבסקי לאמי שנמצאה ביער בקרבת רזמינסקי דאז. בחוץ היה קר ולא ידעתי איך לעבור את הנהר בכדי לא להרטב, היו מקומות מעבר רחב עם מעט מים, פתאום ראיתי מקום צר וניסיתי בק־פיצה לעבור אותו, נפלתי פנימה בעומק של מים עד סוף רגלי, חיש קמתי בהחלטה ללכת למשפחת בוז׳יק, שמעתי קריאות אחרי, והנה יענקל הסנדלר, בעלה של סימה די בולצעליכעס, הוקל לי על הלב שנשאר עוד יהודי בחיים. הגעתי לבית בוז׳יק, ואם המשפחה ספקה את כפותיה, כיסתה בידיה את פניה ואמרה, „יזוס פנבוג״ זו את כולך מגועלת בדם, בואי ארחוץ אותך, אם עברת כל זאת סימן הוא, שתשארי בחיים... לאחר שעה קלה סבתא שלי באה ומירדה בבכי, מצאה נחמה שאני נשארתי בחיים, היא עצמה היתה בכפר גראביענע ע׳י ברוזה — בולי, שם לא ידעו פרטים על צעד זה, ראו גרמ־נים אז הכניסהו את סבתא לגרון, סגרו את הדלת עם מנעול, וכך נשארה בחיים.

אחרי ציד זה נשארו מעט יהודים, ורצון החיים חזק, המות היה קל בהרבה ממלחמת קיום כזו, סבתא כולה שבורה מהאסון שפקד אותנו, החליטה שאנו הולכים לגטו קוסוב, אחיה עלע הפציר בה, ילדה כזו אל תקחי לגטו, עליה להשאר בחיים, אבל אנו הלכנו לגטו קוסוב, את 17 הקילומטר עשינו במשך יום שלם, ורוב הדרך בתוך יערות, שלג רב מסביב, לפנות ערב הגענו לגטו, לחלק הנקרא מספר אחד, במרכז בנין לשעבר אולרניה שני חדרים מצד

שמאל מיושב ע"י משפחות המקום, שני חדרים מצד ימין עם קורת גג, זהו מקום הריכוז לכל היהודים שנשארו יחידים ובודדים ממשפחות שלמות והחליטו, די בנידודים, המות יפטר אותנו לתמיד מהתלאות, כשהגיעה שעת השינה הזיזו אותנו מכל מקום, כי הוא תפוס, אנשים אלו היו מחוסרי כל, לבושים בלויי סחבות, לא רחוצים, מלאי נקודות שחורות מעקיצת כינים, עינים אדומות מחוסר שינה, רועדים מפחד וקר, רטובים מגשם ושלג, ובכל מספר ימים אקציה, גרמנים לוקחים יהודים לטרבלינקה, הדרך מכאן קצרה ביותר, והאולרניה אחרי כל אקציה מתרוקנת ולמחרת שוב מתמלאת עם יהודים אשר אבדו כל תקווה ובחרו בצורת מות זו.

שכבנו לישון בצפיפות רבה, על כל מיטה שלושה עד ארבעה אנשים, ראש אל רגל רגל אל ראש, על כיסאות מחוברות, וסבתא ישבה על התנור וכך נמנמה, ומילמלה בתוכה, רוצה אני לזכות ולראות עוד בחיים את בני, גרשון שמואל יעקב — אשר ברחו לרוסיה — באחד הלילות נפלה מהתנור וחלתה, שכבה מספר ימים במיטה, ואני הבאתי חלב מחיצה וטבלתי בזה חתיכות חלה עם סוכר, והאכלתי אותה, ובכל פעם סירבה לאכול, ואמרה תאכלי זאת את, סבתא שכבה מספר ימים במיטה ואני כל הזמן על ידה עד שעצמה בנוכחותי את עיניה לנצח, היתה אז כבת 72 או 73.

חברת קדישא מהגטו לקחו אותה וקברוה כדת ודין, לנו לא הרשו ללוותה בדרכה האחרונה, ובהמשך הזמן שמחתי שסבתא זכתה למות טבעי ולהקבר כבת ישראל.

מגיפת המחלות היתה בעיצומה, כלם חלו אצלנו בטיפוס רק אני לא, ואני הילדה בת האחת עשרה טפלה בכלם, הגשתי מים לכל המבקש, סיר לפעמים, בת דודתי אסתר מורשה מתה ממחלה זו והיא כבת 20 נשואה לבן דוד שלום. היתר הבריאו ממחלה זו ופרצה מגיפת גרדת, ומזה נדבקתי גם אני אשר סבלתי רבות גם בהמשך הזמן.

נתקבלה פקודה, בגטו מספר 1 מקום שאנו חיינו, אסור שיהיו חלונות הזכוכית, הזכוכית נחוצה למחנה בטרבלינקה, ישברו בחשיכה יום ולילה, האור ביום נכנס דרך הסדקים של התריסים, בלילה בחסכון רב השתמשנו בנירות, נפט.

היה גם גטו מספר שתים, שם גרו נשי הבעלים אשר עבדו בטרבלינקה מספר 2־בעלי מקצוע בלבד — (טרבלינקה מספר 1 היה להשמדה) וכן „היודן־ראט", גטו מספר אחד היה צפוי למות בכל רגע, רבות היו הבחורות שנרשמו כביכול כנשואים לבחורים שעבדו בטרבלינקה מספר 2, ולהם רשיון לחיות, היתה לי בת דודה יהודית כבת 18 עם אמה עמנו, ובידה רשיון לחיות, באחד הימים נוכחה בביתנו ושמעה שהגרמנים באים, הלכה בריצה לגטו מספר 2, ועוד רבות כמוה, בדרך נתקלו בגרמנים, אם לא בדקו את תעודותיהו וירו בכלן.

למחרת אמה לקחה אותי אתה בכדי לזהותה בין ההרוגות, היו אלו כ־10 בנות, בנות, 18, 19, 20, שכובות בתוך השלג, השלג כולו היה אדום, שלושיות המים מהשלג הנמס היו אדומים, לאחד חסרה עין, השניה פגועה באף, באוזן, פגיעות בידיים, רגליים, כולן היו מגועלות בדם ונקובות מלא כדורים.

בפרוץ השנה החדשה, בליל ה־31 בדצמבר לאחר השעה 12 בלילה, שמענו שירת גרמנים שתויים, אשר בילו את ליל הסילבסטר בטרבלינקה, ובכדי לשעשוע את עצמם באו לבקר את גטו מספר 1, דפקו בדלת הפרוזדור שלנו ופרצו בכח, פרצו את התריס וירו פנימה עלינו, כל אלה ששכבו על המיטות נהרגו, אני קפצתי מתחת למיטה ולתוך המקלט לא הספקתי להכנס, לא יכולתי להרים את קרש הכניסה, בבקר מצאתי את בן דודי־מונגרוב, משה שמו כבן 15 שכוב הרוג על קרש הכניסה למקלט, וכולו בולט מעבר למיטות ולכן חטף את הכדור.

מספרים על חסול גטו מספר 1, הבנין שאנו גרים חל צוו פנוי ומיועד להריסה, בזמן ההריסה הגרמנים גם מגלים את שיטת המקלטים.

אנו עוברים לגור לגטו מספר 2 אשר שמועות אומרות כי יחוסל בקרוב, ונשי העובדים בטרבלינקה יועברו לגור למחנה טרבלינקה מספר 2.

אנחנו גרים על חורת גג, ולקיר החיצוני פתח מרובע החוצה בצורת אשנב, לקיר זה קיר כפול ואשנב מקביל, בין שני קירות אלו לנו המקלט.

האקציה החלה והפעם לא נגמרה לאחר שעה קלה, אלא נמשכה ימים, והסימן הוא חיסול הגיטו.

ישבנו הרבה אנשים ביחד שלא הכרתים קודם ובתוכם שני בני דודי, שלום בעלה של אסתר שנפטרה מטיפוס כבן 20 מורשה, ושלום אח אסתר כבן 17 ממיד'נע, אשר באחד הלילות החליטו לברוח ולצאת את הגיטו, ומאז נעלמו.

למחרת היתה בי החלטה נחושה — לאחר ונשארתי בודדה מכל שריד משפחתי — אצטרף לכל

בעטן בײַם בויען (וואָס דאָס איז געווען פון די בעסטע זאַכן), אויך בײַם רייניקן קלאָזעטן און פאַרשטייט זיך, אַז דאָס זענען נישט געווען אַזעלכע ווי די, וואָס מיר האָבן בײַ אונדז אין די הײַזער — נאָר דאָס זענען געווען פשוטע גריבער פול מיט אומריינקייט און מען האָט אונדז געצוווּנגען דאָס צו רייניקן מיט די בלויזע הענט. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון 140 גראַם ברויט אַ טאָג מיט אַ האַלבן ליטער זופּ; מען האָט דאָס אָנגערופן זופּ, אָבער פאַקטיש איז דאָס באַשטאַנען פון אַ שמוציקן וואַסער און ווער עס האָט דאָרטן געפונען אַ שטיקעלע קאַרטאָפל, האָט ער דאָס באַטראַכט פאַר אַ גליק און געזאָגט אַז דאָס איז אַ מזלדיקער טאָג.

איך האָב אָבער נאָך געהאַט אַ מאָל מער מזל, ווען איך האָב מיך געראַטעוועט פון די הענט פון דעם „מלאך־המות" פון אָשוויענטשים, וואָס עס איז געווען דער טרויעריק־באַרימטער מענגעלע, דער וואָס פלעגט באַשטימען, ווער עס דאַרף גיין אין קרעמאַטאָריע און דער וואָס דאַרף בלײַבן אויף אַ צווייטן מאָל; ער איז דאָס געווען דער וואָס האָט געדאַרפט אונטערזוכן און דער וואָס איז געווען קראַנק אָדער שוואַך, דער איז גלײַך פאַרמשפט געוואָרן צום טויט. דעם טאָג ווען ער האָט באַדאַרפט קומען האָט מען געמאָלדן אַז הײַנט איז פאַראַן אַ גרויסער באַזוך אין דעם לאַגער — עס וועט קומען דער ד"ר מענגעלע און אַלע האָבן שוין געוווּסט, אַז דער טויט דרייט זיך אַרום אונדז. די סעלעקציע פלעגט פאָרקומען אויף אַזאַ אופן: דער בלאָק ווו מיר האָבן זיך געפונען האָט אויסגעזען ווי אַ פויערישע „סטאַדאַלע" ווו די פויערים פלעגן האַלטן די פערד און עס האָבן זיך דאָרטן געפונען צוויי טירן אין דער לענג פון דעם בלאָק; מען האָט באַפוילן, אַז מען זאָל זיך אויסשטעלן אין אַ ריי און זיך אויסטאָן נאַקעט, די „דרעוווניאַקעס" האָט מען געדאַרפט האַלטן אין דער האַנט און ער, מענגעלע, האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַ איין טיר, מיט איין פוס פאָראויס און איין האַנט אויפן רוקן און די צווייטע האַנט אַרײַנגערוקט אין דעם רעקל צווישן די קנעפּלעך און ווי אַ ווילער יונג פלעגט ער מיט דעם גראָבן פינגער פון דער האַנט וואָס ער האָט געהאַלטן אין דעם רעקל, פלעגט ער אָנווײַזן אויף „רעכטס" אָדער אויף „לינקס" און פון די צוויי רייען פלעגט איינע גיין באַלד אין קרעמאַטאָריום און די צווייטע פלעגט בלײַבן אויף אַ צווייטן מאָל.

און איצט וויל איך דערציילן ווי אַזוי איך האָב זיך אַרויסגעדרייט פון מענגעלעס מערדערישע הענט. דאָס איז געווען אפשר אַ מאָנאַט איידער ער איז געקומען אין אונדזער בלאָק, האָט זיך מיר געחלומט מײַן מאַמע און איך האָב זייער געוויינט פאַר איר און איך האָב איר געזאָגט: — זעסט, מאַמע, האָסט מיך אַזוי ליב געהאַט און דו העלפסט מיר נישט, אַז איך זאָל אַרויס פון דאַנען, מען וועט מיך לעבעדיקערהייט פאַרברענען. און מיר האָט זיך געדוכט און איך בין אַפילו זיכער אין דעם, אַז איך האָב געהערט ווי מײַן מאַמע זאָגט צו מיר:

— האָב נישט קיין מורא, מײַן קינד, עס וועט דיר גאָר נישט געשען, ווײַל איך היט דיך אָפּ.

און איך האָב איר ווײַטער געזאָגט:

— ווען מענגעלע קומט, לאָזט ער איבער די הייכע און די דיקע — און איך בין אַזוי קליין און אַזוי דאַר.

האָט מיר מײַן מאַמע געזאָגט:

— ווען מענגעלע וועט קומען מאַכן די „סעלעקציע", שטעל זיך אונטער דער צווייטער טיר און איך האָב איר געזאָגט, אַז מען וועט מיך זען פון צווייטן פעלד און זי האָט מיר געענטפערט, אַז איך זאָל נישט מורא האָבן, ווײַל זי וועט מיך פאַרשטעלן, אַז מען זאָל מיך נישט זען און איך האָב זיך דאַן אויפגעכאַפּט מיט אַ געשריי...

און ווען מענגעלע איז געקומען און עס האָט געדאַרפט זײַן די סעלעקציע און מען האָט אָנגעהויבן אויסצושטעלן די רייע, האָט מיר אָנגעהויבן צו מישן אין קאָפּ און איך האָב מיך דערמאָנט אין דעם וואָס די מאַמע האָט מיר געזאָגט און איך האָב זיך אָנגעהויבן צו רירן אויף צו זײַן די לעצטע און איך זאָל זיך קאָנען שטעלן הינטער דער טיר. איך האָב אָבער געזען אַז מען זעט מיך פון דער צווייטער זײַט און איך האָב מיט די הענט זיך פאַרשטעלט די אויגן. מײַן האַרץ האָט אויפגעהערט צו קלאַפּן — און אין געדאַנק האָב איך גערעדט צו מײַן מאַמען, אַז זי זאָל מיך נישט פאַרלאָזן — און איך בין טאַקע אויף אַזאַ אופן איבערגעקומען די „סעלעקציע" און נישט דורכגעגאַנגען פאַר מענגעלעס אויגן. פאַר אַ סך וועט דער ענין אפשר אויסזען נאַריש, איך בין אָבער טיף איבערצײַגט אין דעם, אַז מײַן מאַמע האָט מיך געראַטעוועט.

— 5 —

אַזוי בין איך געווען אין אוישוויץ ביז יאַנואַר 1945 און דעמאָלט איז געקומען אַ פאַבריקאַנט פון

טשעכאָסלאָוואַקיע, אויף צו „קויפן" מענטשן צו דער אַרבעט. דאָ האָט מען זיך באַדאַרפט אויסשטעלן אין אַ לאַנגער ריי, און, פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ „גוטן אויסזען", זײַן הויך און שטאַרק און איך בין אַרויסגעפאַלן פון די „גליקלעכע". איך בין דעם פאַבריקאַנט נישט געפעלן געוואָרן, אָבער איך וויל נישט מיד מאַכן די לייענער און זיי דערציילן, ווי אַזוי איך בין פאָרט אַרײַן אין דאָזיקן טראַנספּאָרט, און בין אַוועקגעפאָרן קיין טשעכיע, אין אַ פּלאַץ וואָס האָט געהייסן קראַצאַ, ווו עס איז נישט געווען קיין קרעמאַטאָריע, נאָר אַן אַרבעטס־לאַגער. דאָרטן האָט מען אונדז שוין געגעבן אונטערוועש און אויך יעדן איינעם אַ האַנטוך (וואָס איך האָב אַלס אָנדענק ביזן הײַנטיקן טאָג). מען האָט דאָרטן געאַרבעט זייער שווער אין אַ פאַבריק פון גאַז־מאַסקעס און מען האָט דאָרטן באַקומען 180 גראַם ברויט אַ טאָג און אַ ליטער זופּ. און כאָטש עס זענען דאָרטן נישט געווען קיין קרעמאַטאָריעס, ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, אָבער פאַר יעדער זאַך, וואָס עס איז די דײַטשן נישט געפעלן געוואָרן, ווי דאָס זוכן עפּעס עסן אין דעם מיסט אָדער פאַרלירן דעם האַנטוך, האָט מען געקענט דערשיסן.

אַמאָל איז געקומען אַן אויפזעערין פון לאַגער און האָט געזאָגט, אַז זי דאַרף דרײַסיק מיידלעך וואָס זאָלן זיך מעלדן פרײַוויליק צו בוי־אַרבעט, האָב איך געטראַכט, אַז איך וועל גיין אַהין, ווײַל אַזוי אַרום וועל איך זײַן אויף דער גאַס וועל איך מעגלעך קאָנען געפינען עפּעס צו עסן, און איך האָב זיך געמאָלדן און מען האָט מיך גענומען צו גראָבן גריבער פון 80 צענטימעטער די ברייט אויף אַ מעטער צוואַנציק די טיף. נאָר איין מאָל שטיי איך אַזוי בײַ דער אַרבעט און גראָב דעם גרוב און ווייך, גייט דורך אַ טשעך און וואַרפט מיר אַרײַן אַן עפּל מיט אַ שטיק ברויט. מײַן פרייד איז געווען נישט צו דערציילן, אָבער עס איז מיר באַלד געוואָרן ביטער, ווען מײַן אויפזעער איז צוגעקומען, האָט בײַ מיר צוגענומען מײַן „פאַרמעגן" און דאָס צעטראָטן מיט די פיס און מיר געזאָגט, אַז ער האָט מיטלייד מיט מיר און דערשיסט מיך נישט.

איך וואָלט געקאָנט דערציילן נאָך אַ סך, אַ סך זאַכן פון מײַנע 44 חדשים קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָבער דער יזכור־בוך איז דאָך נישט בלויז פאַר מיר אַליין און פאַר מײַנע איבערלעבונגען, דעריבער וועל איך מער נישט דערציילן וועגן מײַנע איבערלעבונגען אין דער מלחמה, נאָר וועגן אונדזער באַפרײַונג.

דאָס איז געווען דעם 9טן מײַ פון 1945, אין דעם לעצטן טאָג פון דער מלחמה און ווען די רוסן זענען אַרײַן אין לאַגער און אויפגעהאַקט די פאַרשלאָסענע טירן, ווײַל אונדזערע היטערס פלעגן אונדז שטענדיק פאַרשליסן און דאָס מאָל זענען זיי אַנטלאָפן געוואָרן. די רוסן האָבן געעפנט אַלע טירן און אונדז געזאָגט אויף אַ מענטשלעכן אופן (מיר זענען שוין לאַנג נישט געווען געוווינט, אַז מען זאָל רעדן צו אונדז ווי צו מענטשן):

— קינדער, איר זענט פרײַ! הײַנט האָט זיך געענדיקט די מלחמה!

איך וועל דאָ נישט אָנהייבן צו דערציילן וואָס איך, און אַלע האָבן געפילט אין יענעם מאָמענט. איך מיין אַז יעדער איינער קאָן זיך דאָס פאָרשטעלן; מען האָט זיך אָנגעהויבן אָנצוקוקן איינער דעם צווייטן און עס האָט אונדז אָנגעכאַפּט אַ שרעק. איך האָב געכאַפּט אַ קוק אין שפּיגל און עס האָט מיך אָנגעכאַפּט צו חלשן: דאָס פּנים געשוואָלן און אין גאַנצן פאַרענדערט; דער קערפּער הויט און ביין און איך האָב געוויגן 31 קילאָ.

אַזוי ווי איך גלייב אין גאָט, איז זינט דעם 9טן מײַ פון 1945, דאַנק איך גאָט אַ סך, אַ סך מאָל אין טאָג, דערפאַר וואָס ער האָט מיר געשאָנקען דאָס לעבן, נאָך אַלע צרות און ליידן און פאַר דעם וואָס איך האָב דאָס גליק צו קאָנען דערציילן עפּעס פון מײַנע איבערלעבונגען אין די שוידערלעכע מלחמה־יאָרן, ווײַל אַלע מײַנע אייגענע און אויך אַלע זעקס מיליאָן ייִדן, וואָס זענען אומגעקומען, האָבן אַוודאי נישט ווייניקער געליטן ווי איך, און האָבן אָבער נישט זוכה געווען צו קאָנען עפּעס צו דערציילן וועגן זייערע ליידן.

**חיים טשעכאַנאָוויעצקי** / בוענאָס־איירעס

# פון סטאָק קיין טרעבלינקע און די דערוואַרטעטע באַפרייונג

אַ פינצטערער וואָלקן האָט באַדעקט אונדזער שטעטעלע סטאָק, גלייך דעם ערשטן סעפּטעמבער פון 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. באַלד ווי עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָבן מיר שוין דערפילט, וואָס אַזוינס מיר וועלן דאַרפן אויסשטיין פון דעם היטלעריסטישן אשמדאַי, כאָטש דער אמת איז אַז קיין שום מענטש אין דער וועלט האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, דעם ביטערן צאָרן וואָס היטלער האָט צוגעגרייט פאַר אונדז יידן.

די טעג זענען געוואָרן זייער טרויעריקע פאַר אונדז און דאָס יידישע בלוט האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צו גיסן אין די גאַסן. טאָג-איין, טאָג־אויס, האָבן זיי אונדז אָנגעהויבן צו נעמען צו פאַרשידענע שווערע און שמוציקע אַרבעטן, כאָטש די אַרבעט איז געווען פאַר זיי אַן איבעריקע זאַך, אָבער זיי זענען געווען צופרידן ווען זיי האָבן געזען אַז די יידן פּייניקן זיך. און מיט זייערע שווערע קלעפּ אויף אונדזערע פּלייצעס, אַפילו ביז צו דערהרגענען אונדז, זענען זיי געווען צופרידן.

די יידן פון סטאָק, האָבן געלעבט אין הונגער און אין נויט. יעדן טאָג האָט מען אונדז גענומען צו דער אַרבעט און ביינאַכט, האָט מען אונדז, הונגעריקע און אויסגעמאַטערטע, געלאָזט גיין שלאָפן, ווו נאָר מען האָט געקאָנט און ווו עס איז געווען, ווייל דאָס שטעטל איז געווען אָפּגעברענט באַלד פון די ערשטע טעג פון דער מלחמה, ווען די באָמבעס זענען געפאַלן איבער אונדזערע הייזער און אַלצדינג חרוב געמאַכט.

איך אַליין האָב, בעת דער באָמבאַרדירונג געכאַפּט אויף דער האַנט וואָס איך האָב געקאָנט און צוזאַמען מיט מיין פרוי, זענען מיר געלאָפן אין „זאַגייניק" אַריין זיך אויסצובאַהאַלטן. ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט ביינאַכט אויף צוריק, האָבן מיר לײדער שוין נישט געהאַט קיין היים — און האָבן באַלד דערפילט דאָס שלעכטס. איך בין אָבער נישט געווען דער איינציקער, נאָר דאָס גאַנצע שטעטל סטאָקער יידן זענען געבליבן היימלאָז, ווייל דאָס פייער פון די באָמבעס האָט פאַרברענט דאָס גאַנצע שטעטל.

עס איז נאָר פאַרבליבן דער טייל, וואָס האָט זיך אָנגערופן ניי-סטאָק און אַלע יידן האָבן זיך דאָרטן געמוזט איינאָרדענען, ווי אַזוי מען האָט נאָר געקאָנט: ווער אויף אַ בוידעם און ווער אין אַ שטאַל. קאָכן האָט מען באַדאַרפט אין דרויסן, אויב עס איז נאָר געווען וואָס צו קאָכן און וואָס ווייטער איז אַלץ געוואָרן ערגער און ערגער און זייער טרויעריק און פינצטער פאַר אונדז.

ווען די דייטשן האָבן אין אַנדערע שטעט איינגעשטעלט געטאָס, האָבן זיי געזאָגט, אַז סטאָק איז צו קליין אויף צו מאַכן אַ געטאָ און זיי האָבן אונדז געוואָלט שיקן קיין ווענגראָוו, וואָס איז שוין געווען גענוג גרויס אויף צו מאַכן דאָרטן אַ געטאָ. און עס האָט אונדז דעמאָלט געקאָסט זייער אַ סך געלט, וואָס מיר האָבן געמוזט צאָלן די דייטשע מחבלים גרויסע סומעס געלט מאָנאַטלעך, כדי זיי זאָלן אונדז לאָזן לעבן אין סטאָק אויף אונדזערע פּלעצער. ביז מיר האָבן צוזאַמענגענומען דאָס געלט איז געווען גרויסע צרות, ווייל קיינער האָט נישט פאַרמאָגט קיין גרויסע סומעס געלט און די דייטשן האָבן געפאָדערט, וואָס ווייטער אַלץ מערער. מיר זענען פאַרבליבן אין סטאָק, אָבער מיט דעם באַדינג, אַז מיר זאָלן נישט אַרויסגיין פון שטאָט. און אויב זיי האָבן וועמען געכאַפּט אויסער דער שטאָט, האָבן זיי גלייך דערשאָסן.

אַזוי האָבן מיר געליטן פאַרשידענע נגישות, ביז עס איז געקומען די „אַקציע". נאָך שווערער זענען געווען די ליידן פאַר מיר, ווייל איך האָב זיי דערפילט פריער פאַר אַלעמען, ווייל מיך האָט מען גענומען קיין טרעבלינקע, צוזאַמען מיט מיין ברודער און נאָך אַ סך יידן פון סטאָק. צוזאַמען זענען מיר געווען פון סטאָק ביי די 135 מאַן, בלויז מענער און אונדזערע פאַמיליעס און די אַנדערע יידן, זענען נאָך דערווייל פאַרבליבן אין סטאָק.

דאָס איז געשען דעם 15טן מיי 1942, ווען מען האָט אונדז אַלעמען געכאַפּט און זיי האָבן אונדז

אַרויסגעפּאַקט אין גרויסע קאַמיאָנען און אונדז גע-
זאָגט, אַז זיי פירן אונדז צו אַרבעטן קיין אָסטראָוועץ
צום דאָרטיקן שאָסיי. אָבער ווען זיי האָבן אונדז
געפירט, האָב איך גלײַך געזען, אַז זיי פירן אונדז
נישט אין דער ריכטונג פון אָסטראָוועץ, נאָר פּונקט
אין אַ פאַרקערטער ריכטונג — און דאָס איז געווען
אין דעם טויטן-לאַגער פון טרעבלינקע, וואָס האָט
זיך געפונען בײַ אַ דרײַ קילאָמעטער פון מאַלקין און
אַ צען קילאָמעטער פון קאָסעווע, אָדער ווי מען האָט
דאָס גערופן קאָסאָוו טעלאַקי.

זיי האָבן אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ וואַלד, אויף
אַ בערגל און אונדז געהייסן האַקן ביימער און גראָבן
אַ גרוב און אויך לייגן באַן־רעלסן, כדי די באַן
זאָל דאָרטן קאָנען אַרײַנגיין און מיר האָבן נישט גע־
וווּסט, אַז דאָס איז דער ערשטער קבר פאַר אונדז
אַליין. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס גראָבן זיי דעם
גרוב, ווײַל זיי דאַרפן מאַסקירן דאָס געווער.

שפּעטער האָבן זיי אָנגעהויבן צו בויען די ער־
שטע גאַז־קאַמער און אונדז האָבן זיי געזאָגט, אַז
דאָס וועט זײַן אַ באָד-צימער. ווען דאָס אַלץ איז שוין
געווען פאַרטיק, האָבן מיר געמיינט, אַז זיי וועלן
אונדז שוין לאָזן צוריקגיין, אָדער צוריקפאָרן אַ
היים. צום באַדויערן האָבן זיי אונדז ווײַטער פאַר־
האַלטן צו דער „אַרבעט" און אין יענער צײַט, האָט
משה ברוך, דעם רבס זון אַרויסגענומען פון קע־
שענע אַ מעסערל און זיך איבערגעשניטן דעם
האַלדז — און מיר האָבן שוין געהאַט דעם ערשטן
קרבן, נאָך איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־
אויסראָטונג אין דאָזיקן טויטן-לאַגער.

נאָך דעם האָבן די נאַציס דורכגעפירט אַ צע־
טיילונג צווישן אונדז, כאָטש די דאָזיקע צעטיילונג
האָט נאָך נישט געהאַט קיין שײַכות צו די שפּעטער־
דיקע „סעלעקציעס", וואָס מען האָט אַזוי אָפט דורכ־
געפירט אין דעם דאָזיקן טויטן-לאַגער. די צעטיי־
לונג איז געווען אויף פאַכמענער באַזונדער און פאַר
די שוואַרצע אַרבעטער באַזונדער. פאַר די פאַכמע־
נער האָבן זיי געמאַכט וואַרשטאַטן און זיי האָבן גע־
דאַרפט אַרבעטן פאַר די דײַטשן און מאַכן פאַר זיי
דאָס וואָס זיי האָבן געדאַרפט צו האָבן און די שוואַר־
צע אַרבעטער, האָט מען גלײַך גענומען אין גאַז־
קאַמער.

אויף צו מאָרגנס, נאָך דער צעטיילונג, איז נאָך
פון יענער גרופּע צוגעקומען מאַטל פּאַגאָדעס זון
און ווען איך האָב אים געפרעגט, וואָס זיי טוען
דאָרטן, האָט ער מיר דערציילט, אַז מען האָט זיי
צוגעפירט צו אַ גרוב און אַ דײַטש האָט פאַר זיי גע־
האַלטן אַ רעדע און זיי געזאָגט, אַז די רוסן פירן
זיך אויף שלעכט מיט די מענטשן און זיי הרגענען
ווען זיי טרעפן און זיי אַנטלויפן און מיר דאַרפן
די דאָזיקע געהרגעטע ברענגען אַהער און זיי דאָ
באַגראָבן. מאַטלס זון האָט זיך מיט מיר געזעגנט
און מיר האָבן זיך געוווּנטשן, אַז מיר זאָלן זיך נאָך
זען אויף דער פרײַ. אָבער פון יענער צײַט אָן האָב
איך אים מער נישט געזען און אויך פון די אַנדערע
האָבן מיר מער גאָרנישט געוווּסט.

פון די סטאָקער פאַכמענער אין די וואַרשטאַטן
זענען מיר געבליבן: איך און מײַן ברודער לייזער־
יוסף אַלס שטעפּער; הערשל וועגנער אַלס אַ שנײַ־
דער: משה־דוד מיידענבוים, מאַטל חישניעווסקי און
העלוול שניידמאַן אַלס סטאָלערס; הערשל יאַב־
קאָווסקי אַלס שלאָסער און ברוך אָרזשעך אַלס קו־
כער. אָט די גרופּע איז פאַרבליבן און האָט שפּעטער
מיטגעהאָלפן אין דער אָנפירונג פון אויפשטאַנד
אין טרעבלינקע.

צו אָרגאַניזירן דעם אויפשטאַנד האָט געדויערט
אַ לאַנגע צײַט — און פאַרשטענדלעך, אַז ער איז
אָנגעפירט געוואָרן נישט בלויז פון סטאָקער, אָבער
אייניקע פון אונדזערע לאַנדסלײַט, האָבן אויך אַק־
טיוו מיטגעהאָלפן און אַ סך פלענער וואָס זענען
דורך אונדז געמאַכט געוואָרן זענען לײַכט דורכ־
געפאַלן.

איך דערמאָן מיך ווי איך האָב אין דער צווי־
שנצײַט געזען ווי אַ באַן גייט אַרײַן אין לאַגער,
ווײַל דאָס פענצטער פון מײַן וואַרשטאַט איז אַרויס־
געגאַנגען צו דער באַן־ליניע און איך האָב געהערט
אַ יאָמערלעך געשריי פון מענטשן, וואָס בעטן וואַ-
סער און געשריגן: „ראַטעוועט!", בין איך אַרויס פון
דער אַרבעט, געכאַפּט אַ בלעך וואַסער און געוואָלט
דערלאַנגען צו די מענטשן, איז צו מיר צו אַ דײַ־
טשער רוצח — אַן „עלטסטער" — מיט אַ רעוואָלווער
אין דער האַנט און מיך געוואָלט דערשיסן. איך בין
אים געפאַלן צו די פיס און אים געבעטן, אַז ער
זאָל מיך לאָזן לעבן, ווײַל איך האָב נישט געוווּסט,
אַז מען טאָר נישט צוגיין צו קיינעם. ער האָט מיך
אָפּגעלאָזט, אָבער מיר שטרענג אָנגעזאָגט, אַז דאָס
זאָל זײַן דאָס לעצטע מאָל. דאָס איז געווען אין דעם
טאָג פון תשעה באב, ווען מען האָט געבראַכט דעם
ערשטן „טראַנספּאָרט" יידן פון וואַרשע, אויף צו
פאַרגאַזן.

אין אונדזער שטעטל סטאָק, איז געוואָרן באַ־

קאַנט וואָס אַזוינס עס קומט פאָר אין טרעבלינקע און דעם „יודנראַט" אין סטאָק איז געלונגען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אונדז צוצופירן וועש און ברויט. די דערלויבעניש האָט באַקומען ברוך באַלצמאַנס אַ טאָכטער, רבקה, פלעגט זי נעמען אין זאַק ברויט און וועש און זי האָט אויך באַקומען אַ גוייִשן באַלעגאָלע און זי פלעגט אונדז די זאַכן ברענגען אין לאַגער אַרײַן. זי פלעגט בלײַבן שטיין פאַר דעם טויער אין דרויסן און דער גוי מיט דעם האָבן אַראָפּגענומען די זעק האָבן זיי שוין געוווּסט ווו צו זוכן. אָבער לײדער האָבן זיי אונדז נישט געקאָנט גאָרנישט העלפן, ווײַל גאָר שנעל זענען זיי נעבעך אַליין אויך געקומען קיין טרעבלינקע.

פון תשעה באב אָן, האָבן די דײַטשן געפירט טאָג־טעגלעך געפאַקטע „טראַנספּאָרטן" מיט ייִדן קיין טרעבלינקע, אין גרעסטן טייל פלעגן זיי קומען פון וואַרשע, דורך דער באַן-ליניע פון מאַלקין. מען האָט זיי אויך געבראַכט פון אַנדערע פלעצער און

## אַ שרעקלעך שוידערלעך בילד



די נאַציס שלעפּן אַרײַן מיט אײַזערנע צוואַנגען אַ ייִדן אין גאַז־אויוון

וואָגן זענען אַרײַנגעפאָרן אינעווייניק. איך פלעג צוגיין צום וואָגן און אַראָפּנעמען די פעקלעך. און צווישן די דאָזיקע פעקלעך, פלעגט מיר זכריה מאַלצמאַן צוגרייטן אַ בריוו, ווו ער פלעגט אונדז אויסשרײַבן אַלצדינג וואָס עס קומט פאָר אין לאַגער און וויפל סטאָקער עס פעלן שוין. דאָס האָט געוואָלט זאָגן, אַז זיי האָבן פון אַלצדינג שוין געוווּסט.

דער גוי פלעגט מיר פריער געבן די בריוו און ווען איך האָב אויסגעליידיקט די זעק, פלעג איך אַרײַנלייגן אונדזערע אַ בריוו צווישן די ליידיקע זעק אין דעם וואָגן און ווען אונדזערע סטאָקער שטעט. און אין טרעבלינקע האָט מען זיי פאַרגאַזט מאַסנווײַז — און אין דער ערשטער צײַט, האָבן זיי געוואָרפן די טויטע קערפּערס אין גרויסע גריבער. שפּעטער האָט מען געשאַפן ספּעציעלע „אויוונס" — די טרויעריק־באַרימטע קרעמאַטאָריעס, ווו מען האָט די טויטע פאַרברענט.

סוכות אין דער פרי, האָבן די דײַטשן אָפּגעשלאָסן אונדזערע סטאָקער אין די וואַרשטאַטן אין אַ האַלבן טאָג אונדז נישט אַרויסגעלאָזט און מיר האָבן נישט געוווּסט פאַרוואָס דאָס איז געשען. ערשט נאָך מיטאָג האָבן זיי אונדז צוריק געעפנט די

פירן אַזוי ווי שטענדיק און בײַנאַכט צום שלאָפן גיין, איז אַרײַנגעקומען צו אונדז אין באַראַק אַ „קאַפּאָ", וואָס האָט „געאַרבעט" בײַ די וואַגאָנען — און האָט פון דאָרטן אַראָפּגענומען די מענטשן. ער האָט אונדז זיך געהייסן אויסטאָן און זיך גיין באָדן, ווײַל אַזוי האָבן געהייסן די דײַטשן. אין די דאָזיקע „באָד־צימערן", וואָס זענען פאַקטיש געווען גאַזקאַמערן, איז געהאָנגען אַ גרויסער מגן־דוד און עס האָט זיך דאָרטן געזאָגט, אַז מיר דאַרפן זיך אָפּבאָדן און איבערטאָן, ווײַל מיר דאַרפן פאָרן קיין אוקראַינע, אויף אַרבעט.

אונדז האָט מען גראָד נישט פאַרגאַזט. עס איז צו אונדז אַרײַנגעקומען דער זעלביקער „קאַפּאָ" אין באַראַק און זיך געפרעגט, ווער עס זענען חיים און לייזער און ער האָט אונדז איבערגעגעבן אַ גרוס פון אונדזערע עלטערן, פרוי און קינד און פון אונדזער שוועסטער; זיי זענען שוין צוזאַמען מיט אַלע סטאָקער געקומען קיין טרעבלינקע און אין דעם ערשטן און צווייטן טאָג סוכות, האָט מען אין טרעבלינקע פאַרענדיקט מיט אונדזערע סטאָקער.

פאַרשטייט זיך, אַז בײַ דער קליינער גרופּע לעבנס־געבליבענע, האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט דער ווילן מיטצוהעלפן אַן אויפשטאַנד און מיר איז אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק נאָכצומאַכן אַ שליסל צו דער טיר פון דעם מאַגאַזין, וווּ עס האָט זיך געפונען דאָס געווער. עס האָט זיך פונקט אַזוי געמאַכט, אַז די דײַטשן האָבן אַריבערגעטראָגן אַ טייל פון דעם מאַגאַזין מיט דעם געווער צווישן זייערע צימערן און דאָס וואָס עס איז איבערגעבליבן, האָבן זיי געביטן די טיר און אויף איר געמאַכט אַ שטאַרקן שלאָס. אָבער די שליסלען האָט געדאַרפט מאַכן הערשל יאַבקאָווסקי, און מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר דאַרפן האָבן עטלעכע שליסלען צו דער טיר און ער האָט זיי אונדז געמאַכט. הערשי האָט געשטאַמט פון זלאָטשק און ער האָט אַ צײַט לאַנג געוווינט אין סטאַק.

אין די צימערן וואָס האָבן זיך געפונען נעבן דעם מאַגאַזין, פלעגן גיין צוויי יידישע יינגלעך, אויף צוצורוימען בײַ די דײַטשן און זיי פלעגן פון דאָרטן ברענגען צו אונדז אין די וואַרשטאַטן צו פוצן די שטיוול און זייערע אָנצוגן. האָבן מיר זיי געגעבן די שליסלען אויף אַרײַנצוגיין אין מאַגאַזין אין אַרויסנעמען פון דאָרטן געווער און דאָס אַרײַנלייגן אין די אָנצוגן און אין די שטיוול און דאָס ברענגען צו אונדז אין וואַרשטאַט, וווּ עס איז געיעגן אַ סך אָנטועכץ פון די מענטשן און דאָרטן האָבן מיר באַהאַלטן דאָס געווער.

די מעכאַניקערס וואָס האָבן געאַרבעט בײַ די אויטאָמאָבילן, אין גרעסטן טייל יידן, האָבן געהאַט צו זייער דיספּאָזיציע בענזין און מען האָט זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלן נעמען בענזין אין פלעשער און אין פאַל, אַז עס וועט „עפּעס" פאָרקומען, זאָלן זיי גיסן בענזין אויף די ווענט און אַ צווייטע גרופּע וועט גיין מיט פײַער און אָנצינדן די ווענט ווען עס וועט זיך דערהערן פון אונדזער זײַט אַ שאָס. און ווען עס איז געקומען דער לאַנג דערוואַרטעטער טערמין, האָט מען פון אונדזער זײַט געגאָסן בענזין, געוואָרפן פײַער און עס איז געווען אַ שיסערײַ פון אונדזער זײַט און, פאַרשטייט זיך, אַז אויך פון די דײַטשן, ווען עס איז אַפילו נישט אײַנגעפאַלן, אַז זייערע צום טויט־פאַראורטיילטע שקלאַפן, וועלן זיך בונטעווען און פון די דאָזיקע קאַמפן, זענען געפאַלן קרבנות פון ביידע זײַטן און דער גאַנצער לאַגער איז פולשטענדיק פאַרניכטעט געוואָרן.

נאָך די קאַמפן האָבן אַ סך יידן זיך געראַטעוועט. פאַר דעם אויפשטאַנד זענען געווען בײַ די טויזנט יידן אין דעם לאַגער און פון זיי איז זייער אַ סך געלונגען אַוועק פון דעם לאַגער. אָבער די דײַטשן האָבן גלײַך אויף צו מאָרגנס געמאַכט גרויסע אָבלאַוועס אין די אַרומיקע געגנטן און האָבן צוריק געכאַפּט דעם גרעסטן טייל אַנטלאָפענע, ווײַל זיי האָבן נישט געהאַט ווו זיך אויסצובאַהאַלטן. קיינער האָט קיין יידן נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן, ווײַל די וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן אַ יידן האָט געדראָעט דער טויט — און עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די געכאַפּטע יידן, זענען אויף שוידערלעכע אופנים דערמאָרדעט געוואָרן.

מיר און מײַן ברודער איז זיך געלונגען צו ראַטעווען אין די סטאָקער וועלדער, ווו מיר האָבן קיין סימן פון קיין יידן נישט באַגעגנט. מיר זענען דאַן אַוועק צו אַ קריסטין מיט דעם נאָמען אָסטראָווסקי וואָס האָט געוווינט אויף דעם גראַבינער וועג. זי האָט אונדז גוט געקענט און זי האָט אונדז אויסבאַהאַלטן אויף דעם בוידעם פון שטאַל אין מיר זענען דאָרטן געווען אַ פּאָר וואָכן ביז זי האָט זיך דערוווּסט, אַז די דײַטשן האָבן געכאַפּט בײַ פּאָסטעקן אַכצן יידן, האָט זי שטאַרק מורא געקריגן און זי האָט זיך געבעטן בײַ אונדז רחמים, אַז מיר זאָלן אַוועקגיין, ווײַל עס וועלן זיכער פאָרקומען נאָך אָבלאַוועס.

וועו די דײַטשן האָבן געכאַפּט די ייִדן בײַ פּאָס־טעקן, האָבן זיי, פֿאַרשטייט זיך, אַלע ייִדן דער־שאָסן און אויך דערשאָסן פּאָסטעקן מיט זײַן פֿרוי און זיי אַלע באַגראָבן אין איין גרוב — און פֿאַר־ברענט זייער גאַנץ פֿאַרמעגן. זיי האָבן אויך געוואָלט דערשיסן פּאָסטעקס קינדער, אָבער די קינדער זע־נען גראָד נישט געווען אין שטוב און האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען. די אָסטראָווסקי האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז צווישן די ייִדן וואָס האָבן זיך גע־פֿונען בײַ פּאָסטעקן זענען געווען: כײַקל זשעליע־נעץ, משה מיידענבוים, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פֿון טרעבלינקע און שמואל וויעזשבינסקיס פֿרוי. שמואל וויערזשבינסקי איז אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע.

איך קאָן זיך נישט גלויבן מײַן אייגענעם מזל. ווײַל אײדער די דײַטשן זענען איבערגעפֿאַלן דאָס הויז פֿון פּאָסטעקן בין איך דאָרטן געווען און גע־טרונקען וואַסער. דאָס איז געווען בײַנאַכט און ווען עס וואָלט אין יענעם מאָמענט אַרויסגעקומען איי־נער פֿון די באַהאַלטענע ייִדן, וואָלט איך זיך מטתמא פֿאַראייניקט מיט זיי — און וואָלט זיכער געהאַט דעם זעלביקן שיקזאַל וואָס זיי.

ווען איך מיט מײַן ברודער לייזער זענען אַוועק פֿון דער אָסטראָווסקאַ, זענען מיר אַוועק אין וואַלד נעבן סטאָק און דאָרטן האָבן מיר זיך געטראָפֿן מיט דרײַ ייִדישע פֿאַמיליעס. איין פֿאַמיליע איז געווען אלי יאַנקל מיט דער פֿרוי און צוויי קינדער. אויך כאַשע* איז געווען מיט זיי. צוויי פֿאַמיליעס זענען געווען פֿרעמדע, נישט קיין סטאָקער און מיט זיי צוזאַמען זענען מיר געווען ביז צו דער באַפֿרײַונג. און אַלץ וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט ביז צו דער באַפֿרײַונג, זעט אויס אַזוי פֿול מיט נסים, אַז עס איז דאָס שווער צו באַשרײַבן — און אפֿשר וועט מען דאָס באַשריבענע נישט גלויבן.

---

* חוה די פֿאַרבערקעס אַן אייניקל, הײַנט אין עפֿולה (ישראל)




## אַ גרופּע לעבנסגעבליבענע נאָכן אויפֿשטאַנד אין טרעבלינקע מיט שמואל רייזמאַן אין דער מיט

אויבן שטייענדיק פֿון רעכטס: וועלוול שניידמאַן (סטאָק), וווינט אין ניו־יאָרק; חיים־יאַנקל טשעכאַנאָ־וויעצקי (סטאָק), הײַנט אין בוענאָס־אײַרעס; שמואל גאָלדבערג (אָסטראָוו־מאַז.) הײַנט אין ניו־יאָרק; זיגמונד בראַטהאַנדעל (ווענגראָוו), הײַנט אין בוענאָס־אײַרעס; שמעון ראָזענטאַל, הײַנט אין ישראל; זיצנדיק פֿון רעכטס: לייזער טשעכאַנאָוויעצקי (סטאָק), הײַנט אין בוענאָס־אײַרעס; שמעון גאָלדבערג, הײַנט אין ישראל; אָסקאַר קודליק, הײַנט אין ישראל; שמואל רייזמאַן, (ווענגראָוו), הײַנט אין מאָנ־טרעאַל (קאַנאַדע), אויפֿגעטראָטן אַלס עדות בעת די נירענבערגער פּראָצעסן; אָסקאַר סטראַוטשינסקי, געלעבט נאָכן קריג אין קאַנאַדע און לעצטנס דאָרט געשטאָרבן; גוטעק, הײַנט אין חיפה (ישראל) און יעקב דאמב, אין ישראל.

מאַקס (ישראל)

# אַ רויטער פלעק אויף דער זון

עס איז אין הימל אַ רעש.
די מלאכים זענען אין גרויס שרעק:
— וואָס איז עפּעס אין מיטן העלן טאָג,
אויף דער זון אַ רויטער פלעק?

באַלד קומט צו פליען אַ מלאך און דערקלערט,
אַז דאָס שלאָגן זיך אָפּ שטראַלן פון בלוט,
וואָס קאָכט נאָך אויף דער ערד.
דאָס בלוט איז פון משה ברוך, דעם סטאָקער רבס זון,
וואָס האָט געענדערט אין תנ"ך אַ דין;
ער איז באַגאַנגען אַ טאַט,
פון מאבד עצמו לדעת.

די מלאכים קאָנען נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס מיט גרויס פּאַראַד,
פירט אים אין גן־עדן גאָט אַליין.
זיי שטעלן אַ פראַגע: עס האָט נאָך נישט פּאַסירט,
אַז המאבד עצמו לדעת, וואָס עס שטייט געשריבן,
אַז „אין לו חלק לעולם הבא",
זאָלן ווערן אין גן־עדן פון גאָט אַליין געפירט.

און גאָט ענטפערט זיי:
אַז אַ ייִד, וואָס האָט נישט געוואָלט אַריין אין „יודנראַט",
הייסט נישט קיין מאבד עצמו לדעת,
נאָר ער איז געגאַנגען אויף קידוש השם.
און געמאַכט דעם אמתן חשבון, אַז —
איידער מיטצואַרבעטן מיט די „שוואָבן" *
איז בעסער צו ברענגען אַ קרבן פון אַ יחיד פאַר אַ רבים.

מיט דעם האָט ער די פּלענער פון די רוצחים צעשטערט.
און דאָס ייִדישע פאָלק לעבט אין זײַן לאַנד
און באַאַרבעט זײַן ערד.
און די פעלקער וואָס וועלן זיי ווילן שטערן,
וועלן אַלע פאַרניכטעט ווערן.
דאַן האָבן די מלאכים אַלץ פאַרשטאַנען.
און האָבן זיך געשטעלט זאָגן קדיש צוזאַמען.

(רמת - גן, ישראל)

* „שוואָבן" — דײַטשן.

שמואל גאָלדבערג / ניו־יאָרק

# צווישן סטאָק און טרעבלינקע

איך אַליין בין נישט קיין סטאָקער און ווען איך האָב געזען סטאָק, איז דאָס שוין מער נישט געווען קיין יידיש שטעטל, אַזוי ווי מען האָט מיר וועגן דעם דערציילט. איך בין אָבער פאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן שטעטל פון וואַנען עס איז געבוירן געוואָרן מיין לעבנס־באַגלייטערין און איך האָב מיך מיט דעם באַקענט דאָרטן, אין אַ מאָמענט ווען קיינער פון אונדז האָט נישט געוווסט, צי מיר וועלן נאָך ווען עס איז קאָנען איבערלעבן יענעם שרעקלעך שוידערלעכן קאַשמאַר — און צי מיר וועלן בכלל נאָך בלייבן לעבן און קאָנען דערציילן, כאָטש אַ מינדעסטן טייל דערפון וואָס מיר האָבן אַלץ דורכגעלעבט אין יענע שרעקלעכע צייטן פון די נאַצי־פאַרפאָלגונגען ספּעציעל קעגן יידן.

און אַפילו איצט, ווען איך ווייס, אַז איך בין געבליבן לעבן, נישט געקוקט אויף די אַלע בלוטיקע צייטן וואָס איך האָב דורכגעמאַכט, גלויב איך אָבער נישט אז עס וועט מיר געלינגען צו דערציילן כאָטש אַ מינדעסטן טייל פון דעם אַלעמען וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט אין די צייטן צווישן לעבן און טויט; אָדער ריכטיקער געזאָגט, אין די צייטן ווען מיר האָבן געהאַלטן, אז דער טויט איז אַ סך בעסער, ווי אַזאַ שרעקלעך לעבן. איך וויל אָבער פּרווון דערציילן, ווייל עס איז נייטיק אַז די אַלע וואָס האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען פון דער שרעקלעכער קאָשמאַר־צייט, זאָלן דאָס פּרווון איבערגעבן פאַר ווּעמען עס איז מעגלעך, ווייל אויב מען וועט וויסן כאָטש אַ קליינעם טייל פון דעם אַלעמען וואָס ס'איז פאָרגעקומען מיט אונדזער פאָלק, וועט מען דאָך אפשר אויסמיידן, אַז מער זאָלן אַזעלכע זאַכן נישט פאָרקומען.

***

ווי געזאָגט בין איך נישט געבוירן געוואָרן אין סטאָק, אָבער גאָר ווייט פון דאָרטן בין איך אויך נישט; איך בין געבוירן געוואָרן אין דעם קליינעם דערפל באַגאַטעליע, וואָס געפינט זיך נעבן דעם נישט קיין סך גרעסערן דערפל וואָנסאָווע, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון דעם שטעטל גאָווראָווע, וואָס האָט זיכער געהאַט אַן ענלעכן אויסזען ווי עס האָט געהאַט סטאָק און ביידע שטעטלעך, ווי ווייניק אַ סך אַנדערע וואָס זענען געווען ענלעך צו זיי, זענען אומגעקומען און אויסגעראָטן געוואָרן אין די שרעקלעכע טעג פון צאָרן, וואָס עס האָט זיך אויסגעגאָסן קעגן יידן אין דער צייט פון דער אומברחמנותדיקער נאַציִשער הערשאַפט.

מיין פאָטער האָט געהייסן זעליק און מיין מוטער חיה־פייגע. מיין פאָטער האָט פאַרמאָגט אַ גרויס אייגנטום פון 24 העקטאַר באָדן, וואָס עס איז געווען זייער אַ סך אין פוילן און מען האָט אים באַטראַכט פאַר כמעט — א פריץ; מיין פאָטער האָט פאַרמאָגט אַ סך שייערן און שפּייכלערס תבואה, מיט אַ סך קי און אַנדערע באַלעבאַטישקייטן און דער נאָמען זעליק באַגאַטעליער איז געווען באַקאַנט, ווייט איבער די גרענעצן פון באַגאַטעליע און אַפילו ווייטער ווי דאָס שטעטל גאָווראָווע. און אין געוויסע צייטן איז מיר מיין פאָטערס נאָמען זייער שטאַרק צונוץ געקומען זיך אַרויסצוראַטעווען אין שלעכטע צייטן, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען דורכצומאַכן.

באַלד אין אָנהייב פון דער מלחמה, איז געקומען צו אונדז דער פּוילישער סאָלטיס נאַלענדסקי און האָט אונדז דערציילט אַז דאָרטן ווו עס קומען אַריין די דייטשן מאָרדן זיי און ברענען יידן און אַזוי ווי עס האָט נישט לאַנג געדויערט ביז די דייטשן זענען געקומען צו אונדז, האָבן מיר נישט געוואָלט וואַרטן אויף זיי, נאָר זענען פריער אַוועק קיין ביאַליסטאָק, כאָטש שפּעטער האָבן מיר זיך געקאָנט איבערצייגן, אַז נישט בלויז דייטשן האָבן געמאָרדעט יידן, נאָר אויך די פּאָליאַקן זענען נישט געווען בעסער און דאָרטן ווו זיי האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט, האָבן זיי אויך געמאָרדעט יידן.

מיר זענען אין דער ערשטער צייט אַוועק קיין ביאַליסטאָק אין פון דאָרטן איז מיין ברודער יאַנקל אַוועק ערגעצוו קיין רוסלאַנד און מען ווייסט נישט וווהין ער איז אַהינגעקומען. אויך איך בין אַוועק אין שטעטל באָדקע און בין דאָרטן קראַנק געוואָרן און נישט געקאָנט ווייטער גיין. אָבער ווען איך בין שפּעטער געקומען צו זיך, האָב איך געהאַט געניג

געלט בײַ זיך און איך האָב געקויפט אַ פערד און וואָגן און אַוועקגעפאָרן אויף דער רוסישער זײַט אין דעם שטעטל יאַשעניץ, ווו איך האָב מיך אין דער נאָענטער צײַט געטראָפן מיט מײַן פאָטער און מוטער און די עלטערע ברידער און שוועסטער זענען אַוועק קיין סלאָנים. אין יאַשעניץ האָבן די רוסן גערופן אַלע יונגע מענטשן אין דער אַרמיי. דאָס איז געווען אין יאָר 1940 און כאָטש איך בין נאָך געווען צו יונג אויף צו מאַכן מיליטער־דינסט, האָב איך אָבער נישט געהאַט וואָס צו טאָן און בין אויך אַרײַן אין דער רוסישער אַרמיי.

ערב פסח פון 1941, האָט מען מיך גערופן אַז איך זאָל מיך צושטעלן און איך האָב נישט געוווסט צוליב וואָס מען רופט מיך און אין ערשטן מאָמענט האָב איך געמיינט, אַז דאָס רופט מען מיך, ווײַל איך האָב צו ביסלעך זיך פאַרנומען מיטן האַנדל אויפֿן שוואַרצן מאַרק. אָבער איך האָב דאָס נישט געטאָן צוליב דעם ווײַל עס האָט זיך מיר געוואָלט האַנדלען, נאָר פשוט צוליב דעם ווײַל עס איז נישט געווען פון וואַנען צו לעבן; מען האָט מיך גערופן און אַוועקגעשיקט קיין יענדזשעיעוו און שפּעטער קיין טשעכאָנאָוועצע, וווּ עס איז אַ צײַט לאַנג געווען די רוסיש־פּוילישע גרענעץ. אַהין איז אויך אָנגעקומען דער טאַטע און צוריקפאַרן האָט מען אונדז נישט געלאָזט און מען האָט בײַ אונדז צוגענומען אַ גרויסן טייל פון אונדזערע זאַכן און מיך האָט מען געשיקט צו מאַכן מיליטערישע איבונגען אין דער רוסישער אַרמיי, וואָס האָט, זעט אויס, זיך צו עפּעס געגרייט, כאָטש קיינער האָט נישט געוווסט צו וואָס מען גרייט זיך — און קעגן וועמען.

און דאָרטן איז פאָרגעקומען אויף אונדז דער איבערפאַל פון די נאַצישע אַרמייען דעם 21סטן יוני 1941; דער איבערפאַל איז געווען אַזאַ פּלוצלינגער און אַזאַ מעכטיקער, אַז מען האָט נישט געקאָנט אַפילו טראַכטן וועגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד און די צאָל פון טויטע אין דער רוסישער אַרמיי איז געווען אַזאַ אומגעהויער גרויסע, אַז די טויטע האָבן ממש פאַרדעקט די ווייניק לעבן־געבליבענע, צווישן וועלכע איך האָב מיך אויך געפונען און די וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, האָט מען אַלעמען גענומען אין „פּלען" (געפאַנגענשאַפט). האָט מען אין ערשטן מאָמענט געצוווּנגען אויסצוגראָבן גריבער און אַרײַנוואַרפן אַהין אַלע טויטע, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ סך וואָס האָבן נאָך געלעבט.

אָבער אויך די לאַגע פון די לעבנגעבליבענע איז ווײַט געווען צו זײַן אַ גוטע, ווײַל ביסלעכווײַז האָט מען די לעבנגעבליבענע „ליקווידירט" אויף אַן אכזריותדיקן אופן; מען האָט אונדז צוזאַמענגענומען מיט אַ סך רויטע אַרמייער פון אַנדערע פלעצער און אונדז אַוועקגעפירט קיין זעמבראָווע און דאָרט געמאַכט פאַר אונדז דראָט־פאַרצוימונגען, אַז מיר זאָלן נישט קאָנען אַנטלויפן. נאָך דעם זענען אָנגעקומען באַפעלן ווי: „קאָמסאָמאָלצעס אַרויסטרעטן"! און מען האָט די אַלע אַרויסגעטראָטענע אויסגעשאָסן; שפּעטער איז געקומען אַ צווייטער באַפעל פון „פּאָליטרוקן אַרויסטרעטן"! און מען האָט זיי אַרומגערינגלט מיט טויזנטער דײַטשע סאָלדאַטן און זיי אַלעמען דערשאָסן; שפּעטער איז געקומען דער באַפעל „יודען אַרויסטרעטן"! און איך האָב געוואָלט אַרויסגיין, ערשטנס צוליב שרעק און צווייטנס איז מיר שוין נמאס געוואָרן אַזאַ „לעבן" (כאָטש איך האָב נישט געוווסט, אַז שפּעטער וועל איך נאָך האָבן ערגערע צײַטן, ווען איך האָב אַליין געוואָלט פּטור ווערן פון אַזאַ מין „לעבן"); איך האָב געוואָלט „אַרויסטרעטן" וויסנדיק גוט וואָס דאָס באַדײַט, אָבער הינטער מיר האָט זיך געפונען אַ געזונטער רוס, וואָס האָט מיך אויף כוח צוריקגעהאַלטן — און מען האָט אַלע ייִדן אויסגעהרגעט.

דאָס לעבן פון די וועמען מען האָט נישט דערשאָסן, איז גאָר נישט געווען מקנא צו זײַן. דרײַ טעג האָט מען אונדז געהאַלטן אָן עסן און אָן טרינקען. נאָך דעם האָט מען אונדז געגעבן אין אַ „זשלאָב" אַזעלכע מינים פּאָמוניעס, וואָס אין אַ צווייטער צײַט וואָלטן מיר זיך צו דעם אַפילו נישט צוגערירט. איצט אָבער האָבן מיר דאָס געטרונקען מיט גרויס חשק — און זיך דערמיט מחיה געווען...

מיר האָבן פאַר הונגער נישט געהאַט קיין כוח זיך אויפצושטעלן און מיר זענען געלעגן אויף דער גאַס און געהונגערט. די דײַטשע וואַך־לײַט האָבן זיך אַזוי ווי געפרייצט מיט אונדז און האָבן אין אונדזער אָנוועזנהײַט געפרעסן פלייש און געטרונקען ווײַן און האָבן דערמיט זיך איזדיעקעוועט איבער אונדזער נעבעכדיקן און הילפלאָזן צושטאַנד. דער סוף איז געווען אַז דרײַ אַזייגער בײַנאַכט, זענען בײַ די 350 סאָלדאַטן אונדזערע אַנטלאָפן געוואָרן. די דײַטשן האָבן געפּרוּווט אויסשיסן אייניקע

מאָל, אָבער זיי האָבן זיך נישט שטאַרק נאָכגעיאָגט נאָך אונדז, ווייל זיי האָבן געוווּסט אַז מיר וועלן פריִער אָדער שפּעטער צוריק אַרײַנפאַלן אין זייערע הענט. צווישן די 350 אַנטלאָפענע, האָבן זיך אויך געפונען דרײַ יידן, וואָס האָבן באַשלאָסן זיך צו האַלטן צוזאַמען — און צוזאַמען האָבן מיר זיך גע־ריכטעט קיין יענדזשעוועז.

מיר זענען געגאַנגען, כאָטש מיר האָבן נישט געהאַט קיין כוחות צו גיין און זענען מער געקראָכן ווי געגאַנגען. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן אַ יידן, וואָס האָט געהאַלטן אַ סאָד און דער ייד האָט אונדז דערקענט און אַרײַנגענומען צו זיך. דער ייד איז געווען פון ווישקאָוו און ער האָט זיך געפרעגט, צי עס געפינט זיך נישט צווישן אונדז זעליק באַ־געטעלערס זון און ווען ער האָט מיך דערקענט, האָט ער אונדז געבראַכט ברויט מיט מילך און ער האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז מיר זאָלן נישט עסן צופיל, ווייל נאָך איניקע טעג נישט עסן קאָן דאָס אונדז פאַרשאַטן.

אָבער זײַענדיק אין סאָד, האָבן מיר געזען ווי אונדזערע מחבלים, די דײַטשן, לויפן אונדז נאָך, שיסן אויף אַלע זײַטן און שרײַען „האַלט״! די אַנ־דערע צוויי יידן האָבן זיך געמאַכט אַז זיי קריכן אויף דער ערד און די דײַטשן האָבן זיי דערשאָסן. איך האָב מיך אַוועקגעשטעלט נעבן אַ בוים און ניט מיט מײַנע כוחות האָב איך אָנגעהויבן צו שרײַען, מיט ספּאַזמעס: „טאַטע, ראַטעווע מיך!״ — און עס איז געשען, אַז די דײַטשן האָבן מיר געבראַכט וואַ־סער און איך האָב מיך געראַטעוועט, אַ זאַך וואָס איך האָב באַטראַכט פאַר אַ נס, פון איינעם פון די סך ניסים, וואָס האָבן שפּעטער פּאַסירט מיט מיר.

די דײַטשן האָבן מיך אָפּגעלאָזט, אָבער סײַ פון די רעשטלעך פון מײַנע קליידער, וואָס זענען גע־ווען מיליטערישע און סײַ פון מײַנע אָפּגעשווירענע האָר, האָט מען אויף מיר דערקענט, פון וואַנען איך קום; עס איז אָבער נישט געווען קיין צײַט אויף צו טראַכטן, נאָר מען איז געלאָפן ווי די אויגן האָבן געטראָגן און איך האָב באַשלאָסן זיך צו לאָזן אויפן וועג קיין יאַשעניץ, ווו איך האָב געלאָזט מײַנע על־טערן און איך געדענק נאָך, ווי אויפן וועג האָט געברענט אַ מיל און אַלע האָבן זיך געלאָזט צו דער ברענענדיקער מיל זי אײַנצולעשן און איך האָב גע־האַט די מעגלעכקייט אַנצוקומען קיין יאַשעניץ.

אין יאַשעניץ האָב איך געטראָפן מײַן פאָטער און מוטער און אויך מײַן קוזין ישעיה שלאָס און מיר זענען געבליבן אַ צײַט לאַנג אין דאָזיקן שטע־טל ווו מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום באַשעפטי־קונג און מיר האָבן געגעסן פון דעם גרייטן געלט וואָס מיר האָבן געהאַט. די מוטער מײַנע איז פון די איבערלעבענישן און צרות געוואָרן פּאַראַליזירט און וועגן מיר —האָט געזאָגט מײַן מוטער—, אַז אויב איך האָב באַוויזן אַרויסצוגיין פון דעם ביז דעם איצטיקן גהינום און בלײַבן לעבן, איז דאָס דער בעסטער באַווײַז, אַז עס איז אָנגעצייכנט גע־וואָרן, אַז איך מוז בלײַבן לעבן. און שפּעטער, ווען מען האָט מיך געשיקט אין דעם טויטן פלאַץ, וואָס עס איז געווען טרעבלינקע, איז מיר די מוטער געקומען צו חלום און מיך געמונטערט און גע־טרייסט, אַז איך וועל בלײַבן לעבן — און זעט אויס, אַז דער מוטערס ווונטשן זענען מקוים געוואָרן.

פון יאַשעניץ, האָט מײַן פאָטער באַשלאָסן אַז מיר זאָלן אַלע פאָרן קיין סטאָק און דער פאָטער איז געווען גרייט צו באַצאָלן פאַר אַ פור וויפל מען וועט נאָר בעטן. אַ פויער האָט באַקומען צוויי טוי־זנט זלאָטעס, וואָס עס איז געווען זייער אַ גרויסע סומע און מיט אונדז זענען אויך געפאָרן אונזערע קוזינע פײַע ברכה און מײַן קוזין ישעיה און מיט גרויס שרעק זענען מיר דורך די גרענעץ און אָנ־געקומען קיין סאַדאָווגע, נעבן סטאָק און ווײַטער האָט דער פויער נישט געוואָלט פאָרן און מיר זע־נען דאָ אַלע פאַרבליבן.

אין סאַדאָווגע איז געווען דער קצב אברהם און ער האָט אונדז געזאָגט, ער ווייסט ווער עס איז אונדזער פאָטער און ער האָט אונדז אַרײַנגענומען אַר־בעטן צוזאַמען. אָבער גאָר לאַנג האָבן מיר דאָרטן נישט געקאָנט פאַרבלײַבן, ווייל די דײַטשן האָבן געהאַט אויפן אויג אַלעמען און ספּעציעל יידן — און אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט מען אונדז אַרי־בערגעפירט קיין סטאָק, וואָס עס האָט געהייסן, אַז מיר זענען געקומען אויף דעם פלאַץ ווו מיר האָבן באַלד זיך געוואָלט באַזעצן, אָבער דאָ זענען מיר געקומען געפירט פון די דײַטשן.

עס איז נאָך אָבער געווען אין דער צײַט, ווען די דײַטשן האָבן נישט געלייגט קיין ספּעציעלן „אַכט״ אויף די יידן פון די קליינע שטעטלעך און אַ סך האָבן זיך געמאַכט די אילוזיעס וועגן דעם, אַז מען וועט דאָ קאָנען דורכלעבן די שלעכטע צײַט. די אַנדערע קצבים פון סטאָק האָבן מײַן פאָטער אַרײַנ־גענומען אין שותפות, ווייל דאָ האָבן אים אַלע גע־קענט און מיר האָבן געהאַנדלט צוזאַמען.

גאָר לאַנג איז מיר נישט אויסגעקומען צו זײַן אין סטאָק, ווײַל אין אַ געוויסן טאָג, האָבן די דײַטשן אַרומגערינגלט די גאַסן פון סטאָק און פון דאָרטן אַרויסגענומען די יונגע ייִדן און זיי צוזאַמענגעטריבן אויף דעם מאַרק און אונדז פאַרזאָגט, אַז פאַר יעדן פּרוּוו צו וועלן אַנטלויפן, וועט מען אונדז דערשיסן און פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן נישט געקאָנט טראַכטן וועגן אַנטלויפן און אַוודאי נישט וועגן פּרוּוון זיך קעגנשטעלן די דײַטשע רוצחים און מיר זענען געווען פון די 35 ייִדן, וואָס מען האָט די ערשטע אַוועקגעפירט פון סטאָק צו דעם פּלאַץ, וואָס איז שפּעטער אַזוי טרויעריק באַרימט געוואָרן — אין דעם טויטן לאַגער טרעבלינקע, וואָס איז נאָך אין יענער צײַט געווען אַן „אומשולדיק" דאָרף, ווי אַ גרויסער טייל אַנדערע פּויליש דערפער.

פון סטאָק זענען מיר געווען די ערשטע, אָבער פריִער פאַר אונדז זענען אין דאָזיקן פאַרשלאָסענעם פּלאַץ שוין געווען ייִדן פון וואַרשע, וואָס האָבן געמאַכט די דראָט־פאַרצוימונגען; אונדז האָט מען גענומען פון סטאָק פאַרטאָג און מען האָט אונדז אַהין געבראַכט מיטיק־צײַט. און ווען מען האָט אונדז געבראַכט, האָט מען דעם גרעסטן טייל פון די וואַרשעווער ייִדן אויסגעמאָרדעט און געלאָזט פון זיי בלויז אַ קליינעם טייל. און מיט די דאָזיקע וואַרשעווער ייִדן איז אין אַ געוויסער מאָס געשען דאָס, וואָס ווערט געזאָגט, אַז „בור כרה ויחפרהו", וואָס עס מיינט, אַז דעם גרוב וואָס זיי האָבן געגראָבן, זענען זיי אַליין אין אים אַרײַנגעפאַלן — כאָטש דאָס מוז געזאָגט ווערן פון דער גוטער זײַט, ווײַל די דאָזיקע וואַרשעווער ייִדן, ווי אַ סך אַנדערע, האָבן די דאָזיקע גריבער נישט געגראָבן פון זייער אייגענעם ווילן, נאָר זענען דערצו געצוווּנגען געוואָרן דורך די דײַטשע מערדער.

איך בין געווען אין טרעבלינקע ביז דעם באַרימטן אויפשטאַנד — און איך האָב געהאַט דאָס מזל, וואָס מען האָט מיך נישט געשיקט גלײַך צום טויט, ווי מען האָט דאָס געטאָן מיט צענדליקער טויזנטער אַנדערע. נאָר מען האָט מיך געשיקט אַרבעטן אין אַ וועשערײַ, וואָס איז פון אָנהייב געווען אויפן גאַס, אָבער שפּעטער ווען עס האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל קרבנות וואָס מען האָט געבראַכט קיין טרעבלינקע און אויך די צאָל פון זייערע וועכטער און תּלינים, האָט מען די וועשערײַ פאַרגרעסערט און זי אײַנגעאָרדנט אין אַ ספּעציעלן באַראַק: פון אָנהייב האָבן אין דער וועשערײַ געאַרבעט בלויז 5 מאַן, אָבער שפּעטער האָט מען זייער צאָל פאַרגרעסערט און עס האָבן געאַרבעט דאָרטן 33 פּרויען און איך בין באַשטימט געוואָרן ווי דער הויפּט־פאַראַנטוואָרטלעכער פאַר דער גאַנצער אַרבעט.

די וועשערײַ איז געווען אין אַ באַזונדער און זײַטיקער טייל פון דעם דאָזיקן טרויעריקן לאַגער און מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאָר אין די אַנדערע טיילן. דאָס איינציקע וואָס מיר האָבן יאָ געקאָנט זען איז געווען, אַז עס פלעגן קומען טאָג־טעגלעך צוויי גרויסע צוגן מיט 24 וואַגאָנען, אָנגעפּאַקטע מיט מענטשן און מיר האָבן געהערט געשרייען. כאָטש מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס עס קומט פאָר מיט די דאָזיקע מענטשן, אָבער מיר האָבן זיך קיין מאָל נישט פאַרגעשטעלט, אַז מען זאָל טאָן מיט די מענטשן דאָס וואָס מען האָט מיט זיי געטאָן אין דאָזיקן טויטן־לאַגער. איין מאָל האָב איך געהערט ווי מען האָט געשריגן צו מיר: — „שמואלקע, ראַטעווע!" און איך האָב געפּרוּווט לויפן אַהין פון וואַנען די שטימע איז געקומען. אָבער אַ דײַטש האָט מיר דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין קאָפּ און מיך נישט געלאָזט גיין אין יענער ריכטונג און איך האָב קיין מאָל נישט געוווּסט פון וועמען די דאָזיקע שטימע איז געווען.

נאָך דעם אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, איז די לאַגע בײַ אונדז געוואָרן ערגער און עס איז געקומען אַ „קאַפּאָ", וואָס האָט געוואָלט לאָזן אין דער וועשערײַ בלויז 15 מענטשן און מיך האָט ער געוואָלט אַריבערשיקן אין אַ צווייט פּלאַץ — און איך האָב מיך פאַרגעשטעלט, וואָס דאָס דאָזיקע „צווייטע פּלאַץ" קאָן באַדײַטן און איך האָב מיך קעגנגעשטעלט. דער „קאַפּאָ" האָט מיר דערלאַנגט מיט אַ בײַטש צוויי מאָל און איך האָב שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן, האָב איך צוריקגעשלאָגן מיט אַ ברעט. דער „קאַפּאָ" איז אַוועק צו זײַן דײַטשן פירער און לויט דעם אײַנגעשטעלטן „רעגלאַמענט" האָט מען אַזעלכע וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט די „קאַפּאָס" געצוווּנגען צו שטיין אײַנגעבויגן מיט די הענט אויפן קאָפּ און אויסהערן אַ לאַנגן „ספּיטש" וועגן געהאָרכזאַמקייט און נאָך דעם פלעגט מען אַזעלכן אויפהענגען פאַר די פיס. ביז מען פלעגט אויסהויכן די נשמה, נאָך אַ סך מאַטערנישן. עס איז אָבער געווען אין דער צײַט, ווען עס איז מיר במילא נמאס געוואָרן אַזאַ „לעבן" און איך

בין געווען גלײַכגילטיק צו אַלץ, וואָס עס קאָן מיט מיר פּאַרקומען.

עס איז אָבער געשען, אַז די 33 פּרויען וואָס האָבן געאַרבעט מיט מיר, האָבן זיך אײַנגעשטעלט פאַר מיר און אָנגעוויזן, אַז איך בין אין דעם פאַל גאָרנישט שולדיק און זיי האָבן אויך אָנגעוויזן אויף דעם, אַז אָן מיר קאָן די וועשערײַ נישט אָנגעפירט ווערן און דער דײַטשער אָנפירער, וועמען מען האָט גערופן „די ליאַלקע", האָט זעט אויס, באַקומען רחמנות אויף מיר (אויב בײַ אַזעלכע לײַט, האָט געקאָנט זײַן אַזאַ זאַך ווי רחמנות) און ער האָט מיר בלויז אַ ביסל „אויסגעמוסרט" און מיך פרײַ געלאָזט און איך בין ווײַטער געבליבן אַרבעטן אויף דעם זעלביקן פּלאַץ. אויך די וועשערײַ אַלס גאַנצע האָט מען נישט פאַרקלענערט.

אין יענער צײַט האָט זיך אויף אַ געהיימען אופן דורכגעטראָגן איבער דעם גאַנצן לאַגער פון טרעבלינקע, דער געדאַנק פון אַן אויפשטאַנד און דאָס איז געווען אַן אויפשטאַנד פון פאַרצווייפלטע, פון אַזעלכע וואָס האָבן שוין נישט וואָס צו פאַרלירן, ווײַל במילא איז פאַר אַלעמען, פאַר וועמען פריִער און פאַר וועמען שפּעטער, געקומען דער טויט. דער אויפשטאַנד איז דורכגעפירט געוואָרן אין דעם גאַנצן לאַגער און האָט אויך אַרומגענומען אונדזער אָפּטיילונג, די וואָס האָבן צוגעגרייט דעם אויפשטאַנד אין אונדזער אָפּטיילונג,, זענען געווען רייזמאַן, ריבאַק און דער עלעקטריציסט יאַנקל, וואָס איז געווען דאָס וואָס מען רופט געוויינלעך אַן „אַ קאָפּ־מענטש" און ער האָט געזאָגט, אַז מען האָט במילא נישט וואָס צו פאַרלירן, איז זאָל מען כאָטש שטאַרבן אויף אַ מענטשלעכן אופן — און אויך דערהרגענען אַ פּאָר פון אונדזערע מערדערס; עס איז אויך בײַ אונדז געווען אַ שלאָסער, וואָס פלעגט בײַם פאַרריכטן די שלעסער צופּאַסן שליסלען און מיר האָבן דורך זיי געקאָנט אַרויסבאַקומען אַ סך געווער, מיט אויפרײַס־מאַטעריאַל, וואָס מיר האָבן געהאַלטן פאַרגראָבן, פאַר דעם אַנטשיידנדיקן מאָמענט; מיר האָבן אויך געהאַט אַ סך געלט און פאַרשידענע צירונגען, וואָס מען פלעגט אַרויסנעמען פון די קליידער, וואָס מען האָט געשיקט אין דער וועשערײַ און די אַלע זאַכן פלעגן דאָרטן זײַן אַרײַנגענייט — און מיר האָבן דאָס אַרויסגענומען און אויך געהאַלטן ספּעציעל פאַרגראָבן.



**נאָך דער באַפרײַונג פונעם סטאָקער געגנט דורך די רוסן**
**אין וויצעכער וואַלד דעם 7/8/1944**

אויבן פון רעכטס צו לינקס: וועלוול שניידמאַן, לייזער און חיים יענקל טשעכאָנאָוויעצקי, איטשע אָלשאַק, שרה טייטעלבוים, אסתר אָלשאַק, אלי יענקל טייטעלבוים, מאיר אָלשאַק פון שוויענצק. אין מיטן שטייט: חסיה (רבקה די פאַרבערקעס מיידל, הײַנט אין עפולה, ישראל); אונטן זיצנדיק: חנה, (אַ קאַלישער מיידל); שטייען: ביידע קינדער פון אלי יענקל און שרה טייטעלבוים

דער אויפשטאַנד, וואָס איז אויסגעבראָכן אין דעם טויטן־לאַגער, האָט זיך אויך אין דער זעלביקער צײַט אָנגעהויבן בײַ אונדז. עס איז פאָרגעקומען אַ שיסערײַ און מיר האָבן מיט אויפרײַס־מאַטעריאַל אונטערגעצונדן די גאַזאָלין סטאַנציע — און ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכע שריפה, האָבן דאָס אויסגענוצט אַ סך און עס זענען אַנטלאָפן געוואָרן אַ פּאָר טויזנט פּאַקטיש שוין צום טויט פאַרמשפּטע. צום באַדויערן זענען דער גרעסטער טייל פון זיי במילא דערשאָסן געוואָרן נאָך אײדער זיי האָבן באַוויזן צו דערגרייכן דעם ערשטן שוץ־פּלאַץ, וואָס עס איז געווען דער וואַלד און אַ סך פון די „געראַטעוועטע" אין די דערנעבנדיקע וועלדער, זענען שפּעטער אומגעקומען, ווער פון הונגער און ווער פון די פּוילישע פּויערים (וואָס האָבן בײַ אונדז געזוכט געלט) און ווען עס האָבן שפּעטער צוריקגעכאַפּט די דײַטשן, וואָס האָבן אַזעלכע באַלד דערשאָסן אויפן פּלאַץ. אויף וויפל עס איז מיר באַקאַנט, זענען פון די אַלע וואָס זענען אַנטלאָפן צוזאַמען מיט אונדז פון טרעבלינקער גיהנום, געבליבן לעבן בלויז 21 פּערזאָן.

איך בין אַנטלאָפן אין די וועלדער און האָב שפּעטער געפּרוווט אַוועק אין דעם דאָרף ליפּק, אָבער עס זענען מיר אַנטקעגנגעקומען פּויערים מיט קאָסעס און איך האָב געמוזט אַנטלויפן פון די נײַע רוצחים און נישט געוווסט וווהין צו לויפן. איך בין געלאָפן מיט דעם טײַכל וואָס איז באַקאַנט ווי די ליפּקער סטריגע און איך האָב געטראַכט, אַז אויב מײַנע פאַרפאָלגערס וועלן מיר נאָכלויפן, וועל איך זיך דערטרינקען אין דער דאָזיקער סטריגע.

אָבער עס איז מיר געלונגען זיך צו טרעפן מיט דער סטאָקער „גרופּע" ייִדן, וואָס איז באַשטאַנען פון חיים קוויאַטעק (וואָס לעבט הײַנט אין קאַנאַדע) און אסתּר בריינדל ווישניע, וואָס איז הײַנט מײַן פרוי. און אַ טייל פון די זאַכן וואָס מיר האָבן שפּעטער איבערגעלעבט, ווערט פון איר דערציילט אין אַ צווייטן טייל פון דאָזיקן יזכור־בוך.

דאָס וויכטיקסטע פון אַלץ איז דאָס וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט די שוידערלעך שלעכטע צײַט; מיר האָבן דערלעבט די א"ג „באַפרײַאונג" ווען מיר האָבן ערשט דערזען די גרויס פון אונדזער אַלעמענס אומגליק. מיר זענען נאָך שפּעטער געווען אין סטאָק און אויך אין אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק — אוןביידע פּלעצער זענען געווען „יודנריין" און עס איז אַפילו געווען אַ געפאַר פאַר אַ ייִדן זיך דאָרטן צו באַווײַזן און עס איז אונדז געלונגען אָנצוקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אָבער דאָס איז שוין אַן ענין וואָס האָט נישט קיין שייכות צו דעם דאָזיקן יזכור־ספר.



אלי יאַנקל טייטעלבוים / מאָנטעווידעאָ (אורוגוויי)

# עפּעס פון די נאַצישע צײַטן אין סטאָק בעת דער מלחמה

איך נעם זיך פאַר קיין פאַל נישט אונטער צו שרײַבן קיין גענויע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דאָס יידישע לעבן אין סטאָק, אין דער צײַט פון דער נאַצי־הערשאַפט, אויב מען האָט אַזוינס געקאָנט אָנרופן מיט דעם נאָמען לעבן; איך נעם זיך דאָס נישט אונטער צו טאָן, ווײַל: 1) קאָן מען אַזוינס נישט טאָן אויף קיין געציילטע בלעטלעך פון אַ בוך, נאָר מען וואָלט דערצו געדאַרפט האָבן גאַנצע ביכער; 2) ווײַל מען דאַרף זײַן אַ שרײַבער פון אַ פאַרנעם אויף צו קאָנען איבערגעבן אַפילו אַ קליינעם טייל פון דער גרויסער טראַגעדיע, וואָס עס איז געשען מיט די יידן פון סטאָק, פונקט ווי עס איז געשען מיט דעם גרעסטן טייל פון די יידן פון גאַנץ פוילן און אַנדערע פלעצער, וואָס זענען אַרונטערגעפאַלן אונטער די נאַצישע נעגל; 3) די אַלע וועלכע האָבן דאָס נישט איבערגעלעבט (און צום באַדויערן, איז די צאָל פון די איבערגעלעבטע זייער אַ קליינע), וועלן במילא נישט גלויבן אין אַ סך זאַכן וואָס מען דערציילט זיי און ספּעציעל וועלן זיי נישט וועלן גלויבן, פון איין זײַט, אַז מענטשן, אָדער אַזעלכע וואָס ווילן זיך אָנרופן מיט דעם נאָמען מענטש, זאָלן קאָנען זײַן אַזוי אכזריותדיק לגבי זייערע מיט־מענטשן — און פון דער צווייטער זײַט וועלן אַנדערע נישט וועלן גלויבן, אַז מען קאָן די אַלע זאַכן איבערלעבן און דאָך בלײַבן לעבן.

צוליב אָט די אַלע זאַכן, וועל איך פּרוּוון בלויז איבערגעבן „עפּעס" פון דעם וואָס עס געדענקט זיך מיר פון יענע גרויליקע צײַטן, ווען די נאַצישע מלאכי חבלה האָבן זיך געפונען אין אונדזער אַמאָליק שטעטל סטאָק. און זיי, צוזאַמען מיט זייערע פּוילישע מיטהעלפערס (און צום באַדויערן אויך מיט געוויסע יידישע מיטהעלפערס), האָבן אויף אַ מערדערישן אופן אויסגעראָטן, פאַר דעם בלויז פאַרברעך, וואָס זיי זענען געווען יידן און איך וועל אָט די דאָזיקע זאַכן דערציילן, נישט דווקא אין אַ כראָנאָלאָגישן שטייגער, נאָר אַזוי ווי די זאַכן געדענקען זיך מיר איצט.

***

איך בין געבוירן געוואָרן אין יאָר 1914, אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה בין איך אַלט געווען 25 יאָר. מײַנע עלטערן זענען געווען תבואה־סוחרים און נאָך דעם ווי איך האָב חתונה געהאָט מיט שרה גאָדענגאַנד (אויך פון סטאָק), האָב איך מיך אויך פאַרנומען מיט תבואה־האַנדל.

מײַן לעבן אין דער יוגנט און אין דער קינדהײַט, איז געווען ווי פון דעם גרעסטן טייל יידישע קינדער בײַ אונדז. איך האָב אין מײַן קינדהײַט געלערנט אין אַ חדר — און ווען איך בין עלטער געוואָרן האָב איך געהערט צו די לינקע פּועלי־ציון באַוועגונג, וואָס איז אין אונדזער שטעטל געווען גאַנץ שטאַרק.

פאַר דער מלחמה, איז דאָס לעבן אין דעם שטעטל אָנגעגאַנגען נאָרמאַל, ווי אין דעם גרעסטן טייל יידישע שטעטלעך פון אַמאָליקן פּוילן. יעדן מאָנטיק פלעגט אין סטאָק פאָרקומען דער מאַרק, צו וועלכן מען פלעגט אויך קומען פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווי קאָסעווע, מאַלקין, ווענגראָוו און אַפילו אויך פון וואַרשע. און ווי עס איז געוואָרן דער שטייגער אויף די דאָזיקע מערק, האָבן זיך דאָרטן שוין אויך אָנגעהויבן צו באַווײַזן און אַפילו צו בושעווען די כוליגאַנעס מיט זייערע איבערפאַלן און די פּוילישע פּאָליצײַ, פלעגט די דאָזיקע אַלע זאַכן „נישט זען"... און מען האָט די אַלע זאַכן שוין אָנגענומען פאַר „געוויינלעכע".

מײַן עלטערער זון לייבעלע איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1937 און ווען ער איז אַלט געווען זעקס יאָר, אין דעם שרעקלעכן יאָר פון 1943

(כאָטש אַלע יאָרן בײַ די דײַטשן זענען געווען שרעקלעכע), האָט ער שוין פון זיך אַליין אויסגעלערנט גמרא און נאָך אַנדערע זאַכן, כאָטש עס זענען דעמאָלט נישט געווען קיין חדרים; מײַן צווייטער זון משהלע, איז געבוירן געוואָרן אין דעם טרזיעריקן יאָר 1941 — אָבער עס איז צו טרויעריק וועגן די אַלע זאַכן צו דערציילן.

אין יאָר 1937, האָט מען מיך צוגענומען צום מיליטער און איך האָב געדינט ווי אַ „סאַפּיאָר" אין דער מאָדלינער פעסטונג. איך האָב געדאַרפט דינען צוויי יאָר צײַט, אָבער ווען איך האָב געהאַלטן בײַם פאַרענדיקן דאָס מיליטער־דינסט, איז פאָרגעקומען דער דײַטשער איבערפאַל איבער טשעכאָסלאָוואַקיע און פוילן האָט דעמאָלט „אויסגענוצט די געלעגנהײַט" און האָט פאַרכאַפּט דעם טייל טשעשען און איך בין פאַרבליבן אין מיליטער נאָך ביז דעם חודש אויגוסט, כאָטש אין פאַרלויף פון דער צײַט האָט מען מיך באַפרײַט אויף צוויי וואָכן, וואָס איך בין געווען אין סטאָק.

באַלד אין די ערשטע טעג פון דעם דײַטשן איבערפאַל אויף פוילן, איז פאַרנומען געוואָרן סטאָק, צוזאַמען מיט דעם גאַנצן מערבדיקן טייל פון לאַנד (דער מזרחדיקער טייל, איז „אַריבער" צו די רוסן), בלויז וואַרשע האָט געפּרוווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, אָבער דאָס האָט געטאָן די ציווילע באַפעלקערונג פון וואַרשע און נישט די פּוילישע רעגירונג און נישט דאָס פּוילישע מיליטער — און עס איז פאַר אַלעמען געווען פאָרויסצוזען, מיט וואָס דער דאָזיקער ווידערשטאַנד וועט זיך פאַרענדיקן.

און כאָטש די דײַטשן האָבן אין ערגעץ נישט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד —און אַוודאי נישט אין סטאָק— האָבן זיי אָבער פאַר זייער אַרײַנקומען אין אונדזער שטעטל, דאָס באָמבאַרדירט און אונטערגעצונדן אַ ריי הײַזער און דערהרגעט אַ פּאָר ייִדישע אײַנוווינערס און אַ טייל פון דער יוגנט, וואָס האָט געהאַט געוויסע מעגלעכקייטן, האָבן אָנגעהויבן צו אַנטלויפן פון סטאָק, כאָטש קיינער האָט נישט געוווּסט וווּהין מען קאָן לויפן— און אַוודאי נישט וווּהין מען באַדאַרף אַנטלויפן, ווײַל פּאַקטיש איז מען געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן און עס איז נישט געווען קיין גרויסע מעגלעכקייטן צו אַנטלויפן, ספּעציעל פאַר פאַמיליעס, וואָס זענען אין אַ געוויסער מאָס געווען אײַנגעפונדעוועט אין דעם שטעטל.

אָבער נאָך דער שרעק, וואָס די דײַטשן האָבן אָנגעוואָרפן באַלד מיט זייער אַרײַנקומען, האָבן זיי אין די ערשטע חדשים, זיך נישט באַצויגן אַזוי שלעכט צו די ייִדן פון סטאָק. ווײַזט אויס, אַז זיי האָבן פריִער געדאַרפט „אײַנשטעלן אַן אָרדענונג" אין אַנדערע פּלעצער און אין די גרעסערע שטעטלעך און האָבן סטאָק „געלאָזט אויף הפקר" און זיך נישט צופיל אַרײַנגעמישט אין די אינערלעכע ענינים פון שטעטל, וואָס האָט אומגעפער אָנגעפירט דאָס זעלביקע לעבן ווי אין די פּוילישע צײַטן, וואָס זענען אויך נישט געווען קיין געוואַלדיק גוטע.

ערשט אין יאָר 1940, האָבן די דײַטשן אײַנגעפירט אַ „יודענראַט", מיט ייִדישער פּאָליצײַ. איך וויל דאָ נישט דערמאָנען די נעמען פון די, וועלכע זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דעם „יודענראַט" און נישט פון דער פּאָליצײַ, ווײַל איך בין טיף איבערצײַגט, אַז אויך זיי זענען געווען געפאַנגענע (און אפשר אויך מאַרטירער) פון די דײַטשן, אָבער צום באַדויערן האָבן זיי געדאַרפט איבערנעמען אַ טייל פון דער מערדערישער אַרבעט פון די דײַטשן און שפּעטער זענען זיי געוואָרן די קרבנות פון די נאַציס פּונקט ווי אַלע ייִדן.

עס איז אָבער פאַראַן איין זאַך, וואָס איך קאָן נישט פאַרשווײַגן —און דאָס איז נישט בלויז דערפאַר ווײַל דאָס איז געשען בײַ אונדז— נאָר ווײַל עס איז געווען איינער פון די ערשטע פאַרברעכנס, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן פון די פּאָליאַקן, „געסטאַפּאָ"־אַגענטן און נאָך דעם זענען די דאָזיקע פאַרברעכנס געוואָרן אַן אָפטע און טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג.

די פּאָליאַקן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך זיכער געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אונדז פאַרקויפט קאָרן און ווייץ, האָבן אונדז געמסרט פאַר דער „געסטאַפּאָ", אַז מיר באַהאַלטן אויס תבואה און פאַרשטייט זיך, אַז די „געסטאַפּאָ" האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און האָט בײַ אונדז דאָס אַלץ סעקוועסטרירט. אָבער די אייגנשאַפט פון דער „געסטאַפּאָ" אין אַזעלכע פאַלן איז געווען, אַז זיי האָבן געדאַרפט געפינען „פאַרברעכער". מיר זענען דעמאָלט אַנטלאָפן און זיך אויסבאַהאַלטן, אָבער אונ־

דזער פאָטער שעפסל, האָט זיך געפונען אין בעט, וווּ ער איז געלעגן אַ קראַנקער; אונדזער מוטער העניע, איז אין יענער צײַט געווען אין קאָסאָווע און די „געסטאַפּאָ"־לײַט, האָבן דעם פאָטער דערהרגעט מיט זייערע קלעפּ.

עס איז געווען אַ פרײַטיק פאַר נאַכט, ווען מען האָט דערהרגעט דעם פאָטער — און מען האָט, פאַרשטייט זיך, אים געדאַרפט „טאָן זײַן רעכטס" און אים ברענגען צו קבר ישראל (עס איז נאָך דעמאָלט געווען אַ צײַט, ווען עס איז געווען אַ מעגלעכקייט צו באַגראָבן אויף אַ יִידישן אופן) און דער „יודענראַט" האָט געפאָדערט בײַ אונדז אַזאַ סומע געלט, וואָס מיר האָבן נישט פאַרמאָגט, ספּעציעל נאָך דעם ווי מען האָט בײַ אונדז רעקווירירט אונדזער גאַנצע תבואה און אַפילו מיר זאָלן פאַרקויפן אונדזערע קי, וואָלטן מיר אויך נישט געהאַט די סומע וואָס דער „יודענראַט" האָט בײַ אונדז געפאָדערט.

דער פאָטער איז געלעגן פון פרײַטיק ביז מאָנטיק און דאַן האָט דער פוילישער דאָקטער אַרויסגעגעבן אַ באַשטעטיקונג, אַז דער פאָטער טאָר לענגער נישט ליגן, צוליב אַ מעגלעכער אָנשטעקונג און די פוילישע פּאָליציי האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל דעם פאָטער באַגראָבן אין פאַרלויף פון אַ האַלבער שעה. דער „יודענראַט" האָט זיך געפּרוּווט קעגנשטעלן, אָבער מען האָט אַרעסטירט איינִיקע „מאַכער" פון דעם „יודענראַט" און מען האָט דעם פאָטער מקבר געווען — און מיך האָט מען געהאַלטן אַרעסטירט.

אין 1941 האָט מען מיך באַפרײַט און דער „יודענראַט" האָט זיך געוואָלט נוקם זײַן אין מיר און האָט צו מיר געשיקט די „געסטאַפּאָ", וואָס האָט בײַ מיר צוגענומען זאַכן וואָס זיי האָבן באַטראַכט פאַר ווערטפולע.

איין מאָל, ווען איך בין געגאַנגען אין גאַס, איז צו מיר צוגעקומען דער קאָמענדאַנט פון דער יִידישער פּאָליציי (וועמענס נאָמען איך וויל אויך נישט אָנגעבן) און האָט מיר געזאָגט, אַז איך דאַרף קומען אין דעם „יודענראַט" וואָס האָט זיך געפונען אין דעם הויז פון לייבל קאַשעמאַכער. ווען איך בין אַהין צוגעקומען, האָט מיר אַ קליין יִינגעלע געזאָגט, אַז איך זאָל אַהין נישט אַרײַנגיין, ווײַל דאָרטן געפינט זיך די „געסטאַפּאָ" און אַפילו די קליינע יִינגלעך האָבן שוין געוווּסט מיט וואָס „געסטאַפּאָ" שמעקט, אָבער דער קאָמענדאַנט פון דער יִידישער פּאָליציי, האָט מיך אויף כוח אַרײַנגעשלעפּט אין „יודענראַט" און מיר דערלאַנגט קלעפּ. איך בין אַנטלאָפן אויף די פעלדער און זיך דאָרטן באַהאַלטן, אָבער די „געסטאַפּאָ" איז געקומען צו מיר אַהיים און צוגענומען אַלע ווערטפולע חפצים.

שפּעטער האָט דער „יודענראַט" מיך געצוווּנגען יעדן טאָג צו גיין צו דער אַרבעט, צו וועלכע מען פלעגט געווײנלעך אויסוויילן די, מיט וועמען מען האָט זיך געוואָלט אָפּרעכענען. איך האָב מיך באַלד געראַטעוועט דערפון, וואָס איך בין אַוועק צום קאָמענדאַנט פון דער פוילישער פּאָליציי, וואָס האָט מיך גוט געקענט און איך האָב מיך געקלאָגט פאַר אים און ער האָט מיר אַרויסגעגעבן אַ פּאַפּיר, אַז ער באַדאַרף מיך האָבן און אַז איך פאַל אַרונטער אונטער זײַן יוריסדיקציע און דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט די שליטה פון דעם „יודענראַט" און פון דער יִידישער פּאָליציי איבער מיר.

*
* *

איך וועל אַריבערגיין פון בלויז „פּערזענלעכע" ענינים און איבערגיין צו מער אַלגעמיינע ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צום „לעבן" און צום אומקום פון אַלע יִידן פון אונדזער שטעטל.

קיין פאַרמאַכטע אָדער אָפּגעשלאָסענע געטאָ, איז אין סטאָק נישט געווען, אָבער די יִידן וואָס פלעגן אַרויסגיין פון שטאָט, פלעגן דערשאָסן ווערן אָן קיין שום מעלדונג. די פּאָליאַקן האָבן אָבער יאָ געהאַט אַ מעגלעכקייט אַרײַנצוקומען און אַרויסצוגיין פון שטאָט און זיי זענען דאָס איצט געוואָרן די הענדלער, וואָס פלעגן אַרײַנברענגען אַלע זאַכן אין שטעטל אַרײַן — און, פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן דעם דאָזיקן מסחר געפירט אויף אַן אופן, ווי עס האָט זיך זיי געלוסט. די יִידן האָבן אָבער נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און זיי האָבן געוואָלט אָנהאַלטן דאָס לעבן אַזוי לאַנג ווי דאָס האָט זיך געקאָנט לאָזן — און מען האָט געלעבט און געלייגט האָפענונגען אויף נסים, כאָטש די ידיעות וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען פון אַנדערע שטעט און

שטעטלעך זענען געוועזן איובדיקע. האָט מען דאָך געגלויבט (און נאָך מער געוואָלט גלויבן), אַז מעגלעך די אַלע אומגליקן וועלן אויסמײַדן אונדזער שטעטל.

אין 1942 האָט די „געסטאַפּאָ" אָנגעהויבן צו בויען טרעבלינקע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו זײַן איינער פון די טויטן־לאַגערן פאַר די מיליאָנען ייִדן פון מזרח־אייראָפּע, כאָטש אַ צײַט לאַנג האָט קיינער נישט געוווּסט פון די טײַוואָלאָנישע פּלענער וואָס זענען פאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן פּלאַץ, וואָס געפינט זיך בײַ די 16 קילאָמעטער פון סטאָק. כּדי צו בויען דאָס דאָזיקע טויטן־הויז האָט מען געכאַפּט ייִדן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און אויך אונדזער סטאָק האָט צוגעטיילט די ערשטע 35 ייִדן אויף צו שאַפן דעם דאָזיקן דערמאָרדונגס־פּלאַץ, וווּ בײַ די 800 טויזנט ייִדן זענען אומגעקומען און אויך זיי האָבן געטיילט אַלעמענס גורל. מען האָט די דאָזיקע 35 געכאַפּטע ייִדן גענומען אָן אַ סדר, נאָר וווּ די „געסטאַפּאָ" האָט געפונען אַ ייִדן, איבערהויפּט אַ יונגן האָט מען אים פאַרנומען; מען האָט דעמאָלט אַרויסגענומען די בעקער־אַרבעטער פון זייערע אויווענס און מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע, וואָס דער נאָמען, כאָטש ער איז פאַר אונדז אַלעמען געווען גוט באַקאַנט ווי אַ פרידלעך דאָרף, האָט מיט אַמאָל באַקומען אינגאַנצן אַן אַנדער כאַראַקטער.

מיר האָבן שפּעטער געהערט דערפון, אַז מען האָט אומגעבראַכט אַלע ייִדן פון אונדזער פּאָוויאַט־שטאָט ווענגראָוו. און ערב ראש השנה פון 1942 האָט זיך ווײַטער אָנגעהויבן אַ כאַפּעניש פון ייִדן פון סטאָק, ווען מען האָט אַרויסגענומען אַלע מענער און עס זענען בלויז פאַרבליבן די וויינענדיקע קינדער.

מיט אַ נאַכט פריִער בין איך מיט מײַן פרוי און קינדער אַוועק פון סטאָק און זיך אויסגעאַרבעט אַ „סכראָן", וווּ מיר האָבן זיך שפּעטער באַהאַלטן, כאָטש מיר האָבן זייער אָפט געמוזט בײַטן די דאָזיקע „שוק־פּויצער", ווײַל אונדזערע שכנים, די פּאָליאַקן פלעגן אונדז אויסגעבן און עס איז אויך געווען אַ פאַל ווען אַ קינד האָט זיך צעוויינט אין דעם „סכראָן" און די דײַטשן האָבן אונדז „אויפגעדעקט" און פון דאָרטן אַוועקגעפירט אין דער שטעטלדיקער תפיסה, וואָס מיר האָבן אַלע אָנגערופן די „קאָזע".

עס זענען אין יענער צײַט געווען צוויי אַזעלכע „קאָזעס". אין איינער פלעגן די דײַטשן אַרײַנלאָזן גאַז, פון וועלכע מען איז פאַרחלשט געוואָרן און אומגעקומען. און די פאַרגאַזטע און אומגעקומענע האָט מען אויפגעלאָדן אויף וועגענער און זיי באַגראָבן אין אַ ברודער קבר. און עס זענען געווען אייניקע פאַלן, ווען צווישן די וואָס מען האָט שוין אַרײַנגעלייגט אין דעם גרוב זענען נאָך געווען האַלב־לעבעדיקע. און איך געדענק אַ פאַל פון אַ ייִנגעלע פון וואַרשע, וואָס האָט זיך באַוויזן צו ראַטעווען. און עס איז אויך געווען אַ „קאָזע" וווּ מען האָט נישט אַרײַנגעלאָזט קיין גאַז, נאָר מען האָט דאָרטן געהאַלטן די מענטשן, ביז מען האָט זיי געשיקט אויף „זייער לעצטן וועג" — קיין טרעבלינקע.

און די וואָס זענען פאַרבליבן „אויף דער פרײַ", האָבן אויך געוווּסט, אַז זייער „פרײַהייט" איז אַ קורצע און איז אָפּהענגיק דערפון, וויפל מענטשן עס קאָן „אויפנעמען" די טויטן־פאַבריק פון טרעבלינקע — און דער פאַקט איז טאַקע געווען, אַז דרײַ טעג נאָך יום כיפור, פון יאָר 1942, האָט מען פולשטענדיק פאַרענדיקט דערמיט וואָס עס איז אַמאָל געווען די ייִדישע קהילה פון סטאָק.

איך בין בעת יענער שרעקלעכער בהלה אַנטלאָפן אין מידניקער וואַלד און מײַן פרוי מיט די צוויי קליינע קינדער, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אַ פאָר שעה בײַ דעם פּאָליאַק קוויאַטקאָווסקי און שפּעטער זיך דערשלאָגן צו מײַן באַהעלטעניש אין וואַלד, וווּ עס האָבן זיך אויך געפונען די פּראָסטינער ייִדן מאיר, איטשקע און אסתר אָלשאַק.

מיר האָבן געלעבט אין דעם וואַלד, בײַ די צוויי יאָר און אין פאַרלויף פון דער צײַט, האָבן מיר געמוזט בײַטן 13 „סכראָנעס" און מען האָט „געלעבט" דערפון, וואָס בײַנאַכט פלעגט מען אַרויסגיין אויף די פעלדער און דאָרטן געבראַכט קאַרטאָפל, אָדער אַנדערע שפּײַז־פּראָדוקטן און אין די זומער־חדשים, פלעגט מען אָנגרייטן אויפן ווינטער. קאָכן פלעגט מען בײַנאַכט, אויף אַ ספּעציעלן „קוימען" פון וואַנען מען פלעגט שפּעטער אַרויסנעמען די רערן און מיר האָבן געמיינט, אַז מיר

ווען שוין אַזוי פאַרבלײַבן „ערד־מענטשן", ביז מיר וועלן אומקומען, אָדער מען וועט אונדז אומ־ברענגען.

אין אַ געוויסן טאָג זענען צו אונדז געקומען צוויי געוועזענע ייִדישע פּאָליציאַנטן פון סטאָק, וואָס זענען געווען פון די וועלכע מען האָט פאַרנו־מען פון אונדזער שטעטל שוין די לעצטע. אָבער אין דעם פאַל, זענען זיי געווען פונקט אַזעלכע גע־פּײַניקטע און פאַרפאָלגטע ווי מיר אַלע. זיי זענען געווען אַ געוויסע צײַט אין טרעבלינקע, ביז עס איז פאַרגעקומען דער אויפשטאַנד. און ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז מען קאָן אויך אין טרעבלינקע מאַכן אַן אויפשטאַנד, האָבן מיר אָנגעהויבן צו פאַר־שטיין —און נאָך מער צו האָפן— אַז עס וועט קו־מען דער סוף פון די דײַטשע מערדערס.

און מיר האָבן נאָך געהאַט דאָס גליק צו דער־לעבן זייער סוף און צו ווערן פרײַע מענטשן — און צו קאָנען דערציילן אַ קליינעם טייל, אָדער ווי איך האָב דאָס באַצייכנט אַלס „עפּעס פון די נאַצי־שע צײַטן אין אונדזער שטעטל סטאָק".



**ראש ־ השנה התש"ו אין לאָדזש** (סעפּטעמבער 1945)

אויבן שטייענדיק פון רעכטס צו לינקס: איטשע אַלטשולער, חיים קוויאַטעק, שמחה ווערזשבינסקי, חיים קוויאַ־טעקס קוזינקע פון וואלאמין, אברהם סטאָלאָוויטש, חיים קוויאַטעקס צווייטע קוזינקע, וועלוול שנײַדמאַן, נעמי פּשעפּיורקע (וועלוולס פרוי); צווייטע רייע זיצנדיק: שמואלקע גאָלדבערג און די ווײַטערדיקע 3 פערזאָן נישט קיין סטאָקער; אונטן זיצנדיק: אלי יענקל טייטעלבוים, זײַן פרוי שרה, פון דער היים גאָדענגאַנד און זייערע צוויי קינדער, וועלכע זענען די גאַנצע צײַט פון חורבן, געווען אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע „סכראָנעס" אַרום סטאָק.

אסתר בריינדל ווישניע־גאָלדבערג
(ניו־יאָרק)

# אַ טייל פון מײַנע איבערלעבונגען אין דער צײַט פון מלחמה און נאָך דער באַפרײַאונג

איך בין צום גליק איינע פון די ווייניקע, וואָס האָבן צוליב אַ גאַנצע ריי זאַכן, וואָס קאָנען באַצייכנט ווערן ווי אמתדיקע נסים, פון די וואָס האָבן באַוויזן איבערצולעבן דעם שרעקלעכן חורבן פון אונדזער שטעטל סטאָק און פון דעם גרעסטן טייל ייִדישע שטעט און שטעטלעך פון אַמאָליקן פוילן און פון גאַנץ מזרח־אייראָפּע. ווײַזט אויס עס איז ערגעצווו אָנגעשריבן געוואָרן, אַז עס זאָלן בלײַבן אייניקע (צום באַדויערן זייער ווייניק), וואָס זאָלן בלײַבן לעבן כדי צו קאָנען דערציילן, כאָטש עפּעס פון דעם גרויסן אומגליק וואָס עס האָט געטראָפן אונדזער פאָלק אין די שרעקלעכע יאָרן פון אונדזער גרויסן חורבן און אויסראָטונג.

איך שטרײַך אונטער דאָס וואָרט עפּעס, ווײַל אויף צו דערציילן אַלצדינג וואָס עס איז געשען מיט אונדזער פאָלק און מיט די ייִדן פון אונדזער שטעטל סטאָק, וואָלט מען געדאַרפט זײַן זייער אַ גרויסער שרײַבער, מיט זייער אַ סך טאַלאַנט און ווען מען וואָלט דאָס אַלצדינג יאָ באַוויזן צו באַשרײַבן, וואָלכן זיכער דער גרעסטער טייל פון די וואָס וואָלטן דאָס שפּעטער געלייענט, דאָס אַלצדינג נישט געגלויבט, ווײַל דער געוויינלעכער מענטשלעכער שכל, קאָן נישט, און וויל נישט אָננעמען, אַז אַזעלכע זאַכן האָבן אין געוויסע צײַטן פון הײַנטיקן יאָרהונדערט געקאָנט פאָרקומען, ספּעציעל דורך אַ פאָלק וואָס איז ביז יענער צײַט באַטראַכט געוואָרן, ווי איינס פון די גרעסטע קולטור־פעלקער פון אייראָפּע און פון דער גאַנצער וועלט.

דערפאַר פאַרמעסט איך זיך נישט צו באַשרײַבן, נישט אַלצדינג וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט אַלעמען און פון וועלכן איך בין געווען אַ לעבעדיקער עדות, נאָר אַפילו נישט אַלצדינג וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט מיר גופא, נאָר בלויז עפּעס דערפון וואָס עס איז געשען מיט מיר אין פאַרלויף פון די שרעקלעכע יאָרן פון גרויל און פון אומקום. און ווי געזאָגט, בין איך איינע פון די גליקלעכע, וואָס האָב נישט געטיילט דעם שרעקלעך־טרויעריקן גורל פון דעם גרעסטן טייל ייִדן פון סטאָק און פון אַנדערע פלעצער, ווו מיר איז אויסגעקומען צו זײַן אין די דאָזיקע בלוטיקע צײַטן פון דער נאַצי־הערשאַפט אין אייראָפּע; איך בין פון די ווייניק גליקלעכע, וואָס איך האָב אויסגעמיטן דעם טויטן־לאַגער טרעבלינקע און אַנדערע טויטן־פלעצער ווו מען האָט אומגעבראַכט ייִדן פון אַלע קלאַסן און עלטער און מען האָט נישט געשוינט קיין אַלטע לײַט און זקנים און נישט רחמנות געהאַט אויף קיין קליינע קינדער, נאָר אַלע וועלכע זענען געווען ייִדן, אָן קיין שום אויסנאַם, זענען בײַ די דײַטשע אכזרים געווען פאַראורטיילט צום טויט.

אין דער דאָזיקער שרעקלעכער מערדערישער אַרבעט, האָבן די דײַטשן געהאַט זייער אַ סך מיטהעלפערס פון די פּוילישע „שכנים”, וואָס האָבן קיין מאָל נישט שטאַרק ליב געהאַט די ייִדן, וועלכע האָבן זיי זייער אַ סך מיטגעהאָלפן אויף אַ סך געביטן. און אין אַנדערע, נישט קיין דירעקט פּוילישע געגנטן האָבן די דײַטשן געהאַט זייערע מיטהעלפערס, צווישן די דאָרטיקע אוקראַינער, לעטן, ליטווינער און אַנדערע, וואָס האָבן אָפּטמאָל אין זייערע מערדערישע און פאַרברעכערישע טעטיקייטן, אַ סך איבערגעשטיגן די דײַטשן (עס זענען אמתדיק אויך געווען געוויסע אויסנאַמען, פון אַזעלכע, וואָס האָבן געהאָלפן ראַטעווען ייִדן וואָס האָבן אָבער אין אַלגעמיין באַשטעטיקט דעם כלל); און זאָל דערבײַ געזאָגט ווערן, אַז עס זענען אויך געווען אָפּטמאָל ייִדן, אין גרעסטן טייל צווישן די „יודנראַטן” אָדער ייִדישער פּאָליציי, וואָס האָבן אויך געטאָן די גאַנץ טרויעריקע אַרבעט פון העלפן פאַרניכטן ייִדן, מיינענדיק, אַז צוליב דעם וועלן זיי קאָנען געראַטעוועט ווערן (אַ זאַך וואָס האָט זיי שפּעטער במילא נישט געהאָלפן). אָבער איך וויל דערבײַ פעסט־

שטעלן, אַז צום גליק, האָבן מיר בײַ אונדז אין סטאָק נישט געהאַט אַזעלכע מינים ייִדן — און דער „יודנ־ראַט", וואָס איז דורך די דײַטשן באַשטימט געוואָרן, איז נישט געווען אַזוי שלעכט, ווי דער גרעסטער טייל „יודנראַטלער" פון אַנדערע שטעט. און אויב זיי האָבן געמוזט טאָן געוויסע שלעכטע זאַכן קעגן ייִדן, האָבן זיי דאָס געטאָן ווי די אַמאָליקע „אנוסים", ווײַל זיי האָבן געמוזט אויספאָלגן די דײַטשע באַפעלן — און ווײַל די דײַטשן וואָלטן די אַלע זאַכן געמאַכט, אויף אַ סך שרעקלעכערן און ברוטאַלערן אופן.

*
**

אָבער איך פאַרלויף אַ ביסל צו ווײַט און הויב שוין אָן צו דערציילן וועגן שפּעטערדיקע זאַכן, אַנשטאָט דעם וואָס מען דאַרף דערציילן מיט אַ געוויסן סדר, לויט דעם אופן, ווי די זאַכן זענען פאָרגעקומען זינט עס האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע וועלט־מלחמה, וואָס איז געווען דער חורבן פון דעם ייִדישן טייל פון אונדזער שטעטל, פּונקט ווי עס איז געווען דער גרויסער און שרעקלעכער חורבן פון דעם גרעסטן טייל פון ייִדנטום אין מזרח־איירעפּע.

און איך וועל אָנהייבן צו דערציילן וועגן די טעג פון חורבן, ווײַל איך בין זיכער, אַז וועגן אַנדערע, מער פרייִלעכערע זאַכן פון אונדזער שטעטל, אין די צײַטן פון אויפבליונג און אַרבעט, האָבן שוין איבערגעגעבן אין אונדזער יזכור־בוך אַ סך אַנדערע, וואָס זענען מער באַרופן ווי איך מיט דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען בײַ אונדז אין שטעטל אין פאַרשידענע צײַטן.

אָנגעהויבן האָט זיך דאָס אין די ערשטע טעג פון חודש סעפּטעמבער פון 1939, ווען די נאַצישע מיליטערישע מאַשין, האָט אָנגעהויבן איר מערדערישן מאַרש איבער פּוילן און אָנגעהויבן צו זייען טויט און פאַרניכטונג, נישט בלויז קעגן מיליטערישע צילן, נאָר אויך איבער ציווילע שטעט און איבער דער פרידלעכער באַפעלקערונג און פאַרברענט און חרוב געמאַכט אַלצדינג וואָס זיי האָבן געקאָנט (און פאַקטיש האָבן זיי געקאָנט חרוב מאַכן אַלצדינג, ווײַל קיינער האָט זיך נישט געקאָנט קעגנשטעלן קעגן זיי און די פּוילישע אַרמיי, האָט פאַקטיש נישט עקזיסטירט ווי קיין וויכטיקער מיליטערישער כוח) און באַלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, האָבן די דײַטשן אויך באָמבאַרדירט מיט צינד־באָמבעס און האָבן פאַרברענט דעם גרעסטן טייל פון אונדזער שטעטל סטאָק.

איינע פון די ערשטע באָמבעס איז אַרײַנגעפאַלן אין דעם הויז פון הערשל סקאָרופּקאַ און אים דערהרגעט, צוזאַמען מיט זײַן פרוי איטע־רויזע. די דרײַ קינדער זייערע האָבן זיך געראַטעוועט על פּי נס (כאָטש צום באַדויערן נישט אויף לאַנג), ווײַל זיי זענען אַרויס דורך אַ הינטער־טיר, וואָס האָט זיך געפונען אין דער קיך. אין זעלביקן הויז איז אויך דערהרגעט געוואָרן יאָספע קיטשקאָווסקאַ. און מען האָט גערעדט וועגן דעם, אַז צוזאַמען זענען פאַראַן בײַ די צוואַנציק טויטע, כאָטש קיין זיכערע ציפער האָט קיינער נישט געקאָנט אָנגעבן. צווישן די דערהרגעטע האָט זיך אויך געפונען דער „גרויסער" מאיר מיידענבוים און זײַן פרוי אסתר איז פאַרוווּנדעט געוואָרן און עס איז אויך אומגעקומען זייער טאָכטער. און נאָך דער דאָזיקער ערשטער און „קליינער" בלוט־באָד, זענען אַרײַנגעקומען די דײַטשן און קיין פּוילישע אַרמיי און אַפילו קיין איינצעלנע פּוילישע סאָלדאַטן, זענען שוין מער נישט געווען.

אויך אונדזער שטוב איז פאַרברענט געוואָרן און אַ פּאָר טעג האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן (מען קען נישט זאָגן געוווינט, ווײַל דער שכן גופא, האָט געהאַט זייער אַ שלעכטע וווינונג), ביז מען איז אַוועק קיין פראַסטין, ווו מיר האָבן געהאַט קרובים און זיך דאָרטן „אײַנגעאָרדנט" אויף אַ שטיקל צײַט און אין אַ וואָך אַרום, זענען מײַנע ביידע ברידער, ישראל־יאָסל און אליעזר־יצחק אַוועק קיין ביאַליסטאָק.

אָבער אין פראַסטין איז נישט געווען וואָס צו טאָן און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָב איך מיט מײַן פאָטער שלמה־זלמן ע"ה אויך געפרוווט אַוועק קיין ביאַליסטאָק, ווו עס האָבן זיך געפונען די רוסן און עס איז דאָרטן געווען פאַרהעלטנישמעסיק רויִק. מיר האָבן געדאַרפט דורכגיין די גרענעץ, וואָס האָט זיך געפונען אין מאַלקין — און דאָ האָבן די דײַטשן בײַ אונדז צוגענומען אַלצדינג (אין פראַסטין איז געבליבן מײַן מאַמע ברכה ע"ה מיט די קלענערע קינדער). דעם פאָטער האָט מען גענומען צו דער אַרבעט, בײַם לייגן באַן־רעלסן און דער פאָטער האָט געאַרבעט ביז פרײַטיק פאַרנאַכט. אין מאַלקין גופא, איז שוין נישט געווען קיינער פון די דאָרטיקע ייִדן, אויסער די וואָס זענען דאָרטן „דורכגעפאָרן" פון אַנדערע פלעצער און די דײַטשן פלעגן זיך איז־

דיעקעווען איבער זיי. פּרײַטיק פאַרנאַכט האָט מען דעם פאָטער אָפּגעלאָזט און איך וואָס בין די גאַנצע צײַט געווען אויסבאַהאַלטן, בין מיט אים אַוועק קיין זאַרעמבי־קאָטששעלני, ווו מיר האָבן זיך געטראָפן מיט אייניקע סטאָקער און דאָרטן האָבן מיר זיך איפּגעהאַלטן איבער שבת און זונטיק איז דער פאָטער אַוועקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק און איך בין פאַרבליבן אין זאַרעמב, ווײַל קיין ביאַליסטאָק האָבן די רוסן געלאָזט פאָרן, אָבער אויף צוריק נישט און איך האָב נאָך געדאַרפט גיין זוכן די מאַמע, מיט די קלענערע קינדער מינדעלע און שמולע און זיי אַלע ברענגען קיין ביאַליסטאָק.

איך בין נאָך דעם געגאַנגען צופוס פון זאַרעמב קיין פּראָסטין, וואָס איז אַן ערך פון אַ צוועלף קילאָמעטער, אָבער אַזוי ווי איך האָב מיך געדאַרפט אויסבאַהאַלטן פון די דײַטשן, איז מײַן וועג געווען אַ סך אַ לענגערער און האָט בײַ מיר געדויערט אַ סך מער ווי געוויינלעך. ווען איך בין אָנגעקומען קיין פּראָסטין, האָט די מאַמע מיט די ברידערלעך מײַנע, זיך מיט מיר שטאַרק דערפרייט, ווײַל זיי האָבן געמיינט, אַז מיר זענען שוין אומגעקומען. איך האָב מיך אָפּגערוט אַ פּאָר טעג, שפּעטער האָב איך מיט מײַן מאַמען און די קינדער דורכגעמאַכט דעם וועג קיין זאַרעמב צופוס. מיר האָבן געוואָלט אויסמײַדן די דײַטשן און מיר זענען דורכגעפאָרן איבער דעם טײַך בוג און פון דאָרטן געגאַנגען ביז זאַרעמב און גענומען די באַן קיין ביאַליסטאָק.

פאָרנדיק אויפן באַן פון זאראמב קיין ביאַליסטאָק, האָב איך מיך געטראָפן מיט דעם סטאָקער בחור דודטשע דענעבערג (דעם גרויסן נחס) און בײַ אים האָב איך זיך דערפרעגט אויף דעם פאָטער און ברידער, ווײַל ער האָט שוין באַוויזן צו זײַן אייניקע מאָל אין ביאַליסטאָק און אויך פאָרן צוריק. און איך האָב מיך דערוווּסט, אַז אין ביאַליסטאָק, האָבן אַ גרויסע צאָל סטאָקער פאַרנומען אַ געבײַדע פון אַ פּוילישן מיליטאַר און דאָרטן האָט אויך געוווינט מײַן פאָטער און די עלטערע ברידער. דער פאָטער, וואָס איז אין סטאָק געווען אַ שוחט, האָט זיך אין ביאַליסטאָק פאַרנומען מיט אַכטונג געבן אויף כשרות און די ברידער האָבן געאַרבעט בײַ דער באַן.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, האָב איך מיך אויך אָפּגעזוכט אַרבעט בײַם שטריקן היטעלעך, בײַ אונדזער לאַנדסמאַן יואל לאַנדע, וואָס האָט באַקומען אַ געוויסע קוואָטע וואָל און פלעגט שפּעטער פאַרקויפן די היטעלעך. איך געדענק נאָך דעם קוריאָז, אַז עס זענען נישט געווען קיין שטריק־נאָדלען (שידלקעס) און דער טאַטע האָט דאַן אַרויסגענומען אַ ריטל פון אַ בעזעם און דערפון געמאַכט אַזאַ שידלקע און איך האָב דערמיט געשטריקט... ביאַליסטאָק איז אָבער אין יענער צײַט געווען מער ווי איבערגעפּאַקט, ווײַל אַהער האָבן געשטראָמט ייִדן פון אַלע זײַטן זיך צו ראַטעווען פון די דײַטשע אכזריותן, און עס איז נישט געווען קיין פּלאַץ, נישט בלויז ווו צו וווינען, נאָר מען האָט אַפילו נישט געקאָנט דורכגיין די גאַסן און די רוסישע רעגירונג, האָט אָנגעהויבן אַרויסצושיקן אין אַנדערע שטעט און מײַנע עלטערן האָט מען אַוועקגעשיקט קיין גראָדנע.

איך האָב נאָך אַ געוויסע צײַט געאַרבעט בײַ היטלען, ביז מײַן קוזין אַלטשולער האָט באַקומען פאַר מיר אַרבעט בײַ אַ רײַכער משפּחה, וואָס האָט געהאַט סחורה מיט מאַשינען און איך האָב באַקומען צו עסן (וואָס עס איז געווען שוין אַ שווערע זאַך צו באַקומען) און אויך געצאָלט. איך האָב מיך איבערגעשריבן מיט מײַנע עלטערן און איך האָב דעמאָלט געהאַט די סאַמע בעסטע צײַט אין מײַן לעבן. איך בין געווען יונג און געגאַנגען אין קינאָ, אין ייִדיש טעאַטער, וואָס האָט אין יענער צײַט געשפּילט אין ביאַליסטאָק און פאַרברענגט אויף אַן אופן, וואָס אין סטאָק האָט מען זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן. עס איז נאָך בײַ מיר געווען אַ ביסל פּויליש געלט, וואָס איז אין יענער צײַט נאָך אָנגעגאַנגען אויף אַן אָפיציעלן אופן און שפּעטער האָט מען דאָס געטוישט אויף רוסיש געלט, כאָטש אויף אַן אָפּיציעלן קורס, וואָס איז געווען אַ סך אַ קלענערער ווי דער ביז דעמאָלסטיקער קורס, אָבער קיינער האָט זיך אין יענער צײַט נישט גערעכנט מיט אַזעלכע זאַכן ווי אַ געלט־קורס.

ערב פּסח בין איך געפאָרן צו מײַנע עלטערן קיין גראָדנע, ווו מײַן פאָטער איז געווען באַשעפטיקט, בײַם באַקן מצות און בײַ אַנדערע קהלישע זאַכן און זיך ווי געהעריק דורכגעלעבט. די עלטערן מײַנע האָבן אַרויסגענומען פּאַספּאָרטן אויף זעקס חדשים און ווען איך בין געקומען, איז שוין געווען שפּעט און איך האָב באַקומען אַ פּאַספּאָרט בלויז אויף דרײַ חדשים. און נאָך פּסח בין איך צוריקגעפאָרן קיין ביאַליסטאָק, כאָטש עס זענען געווען געוויסע שוועריקייטן אויף צו פאָרן צוריק און אין ביאַליסטאָק האָב איך מיך צוריקגענומען צו מײַן פריערדיקער

אַרבעט און איך האָב זיך געפילט גאַנץ גוט מיט די מענטשן בײַ וועמען איך בין געווען.

ביז ערב שבועות האָט מען אָנגעהויבן רעדן דערפון, אַז מען וועט אַלעמען אַרויסשיקן ווײַט, צו די „ווײַסע בערן" און די אַלע וואָס האָבן נישט אַרויסגענומען קיין פּאַספּאָרטן, האָט מען טאַקע אין געווויסע נעכט צוזאַמענגענומען און אַרויסגעשיקט און מען האָט נישט געוווּסט וווהין. בעת דער אַרויסשיקונג זענען געווען גרויסע צעטומלענישן בײַ די אַרויסגעשיקטע. איך אָבער, וואָס האָב געהאַט אַ פּאַספּאָרט און אויך אַרבעט, בין געבליבן אין ביאַליסטאָק און עס זענען אויך פאַרבליבן אַ סך וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פּאַספּאָרטן, ווײַל עס איז געווען זייער שווער צו קאָנטראָלירן אַלעמען.

עס איז געוואָרן אַ סך לויזער אין ביאַליסטאָק, אָבער אויך אַ סך אומעטיקער. עס איז אַוועק די פריערדיקע פרייד און עס האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַן אומעט — און איך בין נאָך פאַרבליבן אין ביאַליסטאָק ביז ערב ראש השנה. אין דער זעלביקער צײַט האָט מען מײַנע עלטערן אַרויסגעשיקט פון גראָדנע קיין סלאָנים און ערב ראָש השנה בין איך געפאָרן צו זיי קיין סלאָנים, ווו איך האָב אויך פאַרלענגערט מײַן פּאַספּאָרט אויף נאָך 6 חדשים.

מײַנע עלטערע ברידער ישראל־יאָסל און אליעזר־יצחק, האָבן נישט געקאָנט באַקומען קיין אַרבעט בײַ דער רעגירונג און האָבן זיך גענומען צום האַנדל. איך האָב, פאַרשטייט זיך, אויך נישט געקאָנט באַקומען קיין אַרבעט און האָב מיטגעהאָלפן מײַנע ברידער אין זייער האַנדל, וואָס איז באַשטאַנען אין אַוועקפירן געוויסע סחורות קיין ווײַסרוסלאַנד און אוקראַינע און פון דאָרטן געבראַכט מעל, קאַשע און אַנדערע שפּײַז־אַרטיקלען און מיר האָבן ווי עס איז געהאַט אויף דורכצולעבן זיך און די מאַמע האָט געהאַט פון וואָס צו באַקן חלות אויף שבת און בכלל פון וואַנען צו לעבן. און מיר האָבן געמיינט, אַז אַזוי וועט דאָס שוין אָנגיין שטענדיק.

***

ביז עס איז אָנגעקומען די שרעקלעך־טרויעריקע דאַטע פון דעם 22סטן יוני פון 1941 — דער טאָג פון דעם דײַטשן איבערפאַל אויף רוסלאַנד. איך בין מיט אַ חודש פריער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס (אַרום דעם 20סטן מײַ פון 1941) און בין געווען אין שפּיטאָל. אין געציילטע טעג נאָך דעם 22סטן יוני זענען די דײַטשן אַרײַן קיין סלאָנים און ווי מען האָט מיר איבערגעגעבן, זענען זיי דאָס מאָל געווען אַ סך ווילדער, ווי ווען זיי זענען אַרײַן קיין סטאָק, אָדער קיין פּוילן בכלל.

איך בין געווען אין שפּיטאָל און שוין געווען באַלד פאַרטיק צו גיין אַהיים, אָבער דער דאָקטער האָט מיך פאַרהאַלטן אין שפּיטאָל, אָנווײַזנדיק מיר אַז אין שפּיטאָל בין איך זיכערער און וועל האָבן וואָס צו עסן. איך האָב געהאָלפן אין דער שפּיטאָלאַרבעט און אויך מײַן פאָטער האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל פאַרבלײַבן אין שפּיטאָל, אַנשטאָט צו לײַדן הונגער אין דער היים. איך פלעג מיך אָפטמאָל טרעפן מיט דער משפחה און איך האָב געוווּסט, אַז זיי האָבן נישט וואָס צו עסן, אָבער איך האָב זיי מיט גאָר נישט געקאָנט העלפן. אָבער שפּעטער זענען געקומען ערגערע זאַכן ווי דער בלויזער הונגער.

אין אַ קורצער צײַט אַרום, האָבן די דײַטשן צוזאַמענגענומען אַרום צען טויזנט ייִדן פון סלאָנים און פון אומגעגנט, אַרײַנגערעכנט אויך די מיטגלידער פון דעם „יודנראַט" און אויך די ייִדישע פּאָליציי און מען האָט געזאָגט, אַז מען שיקט זיי אויף אַרבעט. און דאָס נעמען יונגע און אַלטע מענטשן אויף אַרבעט, איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג. אָבער דאָס מאָל האָט מען זיי גענומען אויף אַ פּלאַץ, פון וואַנען זיי זענען שוין מער קיין מאָל נישט צוריקגעקומען; מען האָט זיי גענומען אויפן וועג קיין באַראַנאָוויטש, ווו מען האָט זיי געצוווּנגען אויסצוגראָבן טיפע גריבער, מען האָט זיי אַלעמען אויסגעשאָסן און אַ טייל פון זיי, באַגראָבן האַלב־לעבעדיקע. דאָס איז געשען אין חודש אב התש"א אָדער דעם 20סטן אויגוסט פון יאָר 1941, לויט דער גענגלעכער צײַט־רעכענונג.

מען האָט שפּעטער געשאַפן אַ נײַעם „יודנראַט", אָבער מען האָט שוין געזען בולט, אַז מען האַלט בײַם פאַרניכטן יעדן שפּור פון ייִדיש לעבן און פון ייִדן בכלל און כאָטש מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט אַז אין אונדזערע היים־שטעטלעך, איז מסתמא נישט בעסער, האָבן מיר אָבער אַלע געוואָלט בעסער שטאַרבן בײַ זיך אין דער היים, כאָטש קיינער פון אונדז האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז אויך אין דער אַמאָליקער היים, וועלן מיר אומקומען אויף אַ נישט קיין נאַטירלעכן אופן.

און אין יאָר 1942, אַרום פּורים צײַט, האָבן מיר באַקומען פאַר זייער אַ סך געלט און נאָך מער אָנשטרענגונגען אַ פערד און וואָגן און אָנגעהויבן צו

פאָרן צורק „אַהיים". צוזאַמען מיט אונדז זענען אויך געפאָרן איניקע ווענגראָווער און אויך איניקע פון סטאָק און אַרום פסח, זענען מיר אָנגעקומען קיין סטאָק.

מיר האָבן אונדזער שטעטל נישט דערקענט. די פאַרברענטע און חרוב געוואָרענע הײַזער האָט מען נישט אויפגעשטעלט צוריק. עס איז אָבער נאָך געווען אַ געוויס יידיש לעבן; עס זענען געווען יידישע געשעפטן, מען האָט נאָך געהאַנדלט און מען האָט זיך ווי נישט איז געגעבן אַן עצה, ווײַל דערווײַל האָט מען דאָ נאָך נישט געמאָרדעט אַזוי ווי אין סלאָנים. עס איז דאָ אויך נישט געשאַפן געוואָרן קיין געטאָ, ווײַל מען האָט געהאַלטן דאָס שטעטל פאַר צו קליין פאַר מאַכן דאָרטן אַ ספּעציעלע פאַרצוימונג פאַר יידן. מען האָט אָבער געפילט דעם גרויסן אונטערשייד וואָס עס איז פאַראַן צווישן יידן און נישט־יידן און די יידן האָבן געהאַט אויסצושטיין פון אַזעלכע גזירות, וואָס די פּויִלישע באַפעלקערונג האָט נישט געוווסט, און נישט בלויז די דײַטשן האָבן זיך באַטראַכט פאַר אַ „העכערע ראַסע" ווי די יידן, נאָר אויך די פּאָליאַקן האָבן זיך געפילט אין אַ בעסערער פּאָזיציע ווי די יידן. אַלנפאַלס האָבן זיי נישט געליטן פון די שיקאַנעס און פאַרפאָלגונגען, וואָס עס האָבן געליטן די יידן.

נישט שטענדיק פלעגן די דײַטשן דירעקט דורכפירן זייערע פאַרפאָלגונגען קעגן די יידן. זייער אָפט האָבן זיי דאָס געטאָן דורך דעם „יודנראַט" וואָס איז געווען דער „פאַרמיטלער" צווישן די דײַטשן און יידן. זיי האָבן דאָס געדאַרפט צושטעלן די קאָנטריבוציעס און שאַפן אַ יידישע פּאָליציי. אָבער ווי איך האָב באַמערקט באַלד פון אָנהויב, איז זייער לאַגע ווײַט נישט געווען קיין בעסערע ווי פון די אַנדערע יידן — און דאָס וואָס זיי האָבן געטאָן, איז געווען אונטער דעם שרעקלעכן דרוק פון די דײַטשן און אַ סך האָבן געמיינט, אַז עס וועט זיי אפשר געלינגען עפּעס צו פאַרבעסערן דעם מצב פון די יידן — אַ זאַך וואָס עס האָט זיך זיי פאַר קיין פאַל נישט אײַנגעגעבן.

דער אָנגעהאַלטענער „שטילשטאַנד" האָט געדויערט ביז ערב שבועות פון 1942. אין דאָזיקן שרעקלעכן און טרויעריקן טאָג, איז בײַ אַ סך פאַרשווונדן די אילוזיע, אַז אין סטאָק וועט דאָס זײַן אַנדערש ווי אין די אַנדערע שטעטלעך — און אַנדערש פון דעם וואָס מיר האָבן שוין דורכגעלעבט אין סלאָנים; אין דאָזיקן טאָג האָבן דײַטשע ס"ס לײַט, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס אַרומגערינגלט דאָס שטעטל און פאַרנומען 35 מענער, נישט אָנגעבנדיק קיין שום דערקלערונג וואָס מען וועט די דאָזיקע מענער טאָן. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מען האָט די דאָזיקע 35 מענער אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקע, כאָטש וואָס טרעבלינקע האָט געדאַרפט באַדײַטן, איז קיינעם פון אונדז אַפילו נישט אײַנגעפאַלן צו טראַכטן, ווײַל מיר האָבן אַלע גוט געקענט דעם דאָזיקן פּלאַץ, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען טרעבלינקע, וואָס האָט זיך געפונען אַ 15 קילאָמעטער פון סטאָק און איז געווען אַ קליין פרידלעך דאָרף, ווו עס איז געווען אַ קליינער באַן־אָפּשטעל און עס איז קיינעם פון אונדז נישט אײַנגעפאַלן, אַז דאָ וועט אויסגעבויט ווערן אַ שרעקלעכער מאָרדונגס־פּלאַץ.

די דאָזיקע 35 מענער האָבן זיך שוין מער נישט אומגעקערט קיין סטאָק — און אויך נישט געבליבן לעבן, אויסער זייער אַ קליינער צאָל, וועמען עס איז געלונגען צו אַנטלויפן בעת דעם דורכגעפירטן אויפשטאַנד. און פון יענעם טאָג אָן, איז אָנגעפאַלן אַן אימה אויפן שטעטל; אין דער ערשטער ריי האָבן דערפון געליטן די פרויען און קינדער פון די צוגענומענע, אָבער אויך די אַנדערע האָבן געפילט עפּעס אַזוינס ווי מען שנײַדט אונטער אַ בוים און דער בוים האַלט בײַם אומפאַלן, און אין דער לופט האָט זיך געשפּירט, אַז עס רוקט זיך אָן אַ גרויס אומגליק אויף אַלעמען. איבעריקנס, זענען די ידיעות וואָס זענען אָנגעקומען פון אַנדערע פּלעצער, אויך נישט געווען קיין בעסערע.

דער דאָזיקער צושטאַנד, האָט אָנגעהאַלטן ביז די ערשטע טעג פון סוכות, וואָס איז אויסגעפאַלן אין אַ דאָנערשטיק און דעמאָלט האָבן דײַטשן צוזאַמען מיט אוקראַינישע מיטהעלפערס אַרומגערינגלט דאָס גאַנצע שטעטל און פאַרנומען אַלע יידן וואָס זענען נאָך דאָרטן פאַרבליבן, צוזאַמען בײַ די 400 פּערזאָן, צווישן מענער, פרויען און קינדער אָן קיין שום אויסנאַם און יעדער איינער וואָס האָט נאָר געפּרוווט מאַכן אַ באַוועגונג, אויף צו וועלן אַנטלויפן, איז דערשאָסן געוואָרן באַלד אויפן פּלאַץ. מען האָט די דאָזיקע פיר הונדערט יידן צוזאַמענגענומען אויפן מאַרק און זיי אַרומגערינגלט מיט פײַערלעשער, מיט ספּעציעל דרעסירטע הינט און מיט ס"ס־לײַט, וואָס זענען געווען נאָך ערגער ווי הינט.

איך האָב שוין געהאַט אַ געוויסע דערפאַרונג

אין דעם דאָזיקן ענין און האָב שוין געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט — און איך האָב מיך באַהאַלטן אין אַ „באָרע” אין שטאָט און ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוווּסט, האָבן זיך באַהאַלטן נאָך אַ אַכציק ייִדן, כאָטש גאָר ווייניק פון זיי האָבן געהאַט דאָס גליק צו קאָנען זיך ראַטעווען פון די דײַטשע מערדערס, אָבער דאָס איז געווען דער איינציקער אופן פון אויסמײַדן אַ באַלדיקן טויט.

אַ פּאָר טעג האָב איך מיך אויסבאַהאַלטן און בין געווען פולשטענדיק אָן שפּײַז. אויף דער פערטער נאַכט בין איך אַרויס אין וואַלד אַרײַן, ווײַל איך האָב שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן פון הונגער און פון שרעק און אויך פון אומזיכערקייט. אין וואַלד האָב איך געטראָפן נאָך אַ פּאָר ייִדן, וואָס זענען געווען פונקט אַזוי שוצלאָז און הונגעריק ווי איך. מיר האָבן צום ערשטן אויסגעגראָבן אַ גרוב, וואָס האָט געדאַרפט זײַן אַ מין „סכראָן” (אַ שוץ־פּלאַץ) און אַ טייל פון אונדז זענען אַוועק צו די פּויערים צו בעטן אַ ביסל שפּײַז און אייניקע האָבן עפּעס געגעבן, אַנדערע האָבן פאַרקויפט פאַר געלט און נאָך אַנדערע האָבן אונדז אַרויסגעטריבן און געדראָעט, אַז זיי וועלן אונדז איבערגעבן צו די דײַטשן. אייניקע פון אונדז האָבן אָפּגעריסן געוויסע פרוכטן פון די ביימער און דערמיט זיך גענערט.

מיר האָבן אָבער געוווּסט, אַז אויב מיר וועלן זײַן אין אַ גרויסער צאָל, וועלן מיר לײַכט אויפגעדעקט ווערן און אַלע אומקומען און דערפאַר האָבן מיר זיך צעטיילט אין קלענערע גרופּעס, וואָס האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע פּלעצער און איינער האָט נישט געוווּסט פון דעם צווייטן. אָבער אַפילו אַזוי זענען דער גרעסטער טייל פון די אויסבאַהאַלטענע ייִדן אומגעקומען. און דאָס האָבן געטאָן נישט קיין דײַטשן, נאָר אין גרעסטן טייל זענען דאָס געווען פּאָליאַקן, וואָס זענען געווען אונדזערע באַקאַנטע שכנים און צוליב דעם איז דער ווייטיק געווען נאָך גרעסער.

איך האָב מיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט חיים קוויאַטעק (וואָס לעבט הײַנט אין קאַנאַדע) און מיר האָבן צוזאַמען דורכגעמאַכט אַ ווינטער, וואָס עס איז שווער צו באַשרײַבן, ווײַל די שווערסטע צײַט איז געווען די ווינטער־צײַט, מיט די קעלטן. אום זומער, איז אויך געווען גענוג שלעכט, אָבער פאָרט אַ ביסל לײַכטער. מיר האָבן אין דער זומער צײַט געקאָנט קלײַבן יאַגעדעס און שוואָמען און עס איז אויך געווען אַ „גאַיאָווע” (אַ וואַלד־וועכטער), וואָס פלעגט אונדז אַפילו צושיקן אַ מאָל אַ שטיקל פלייש און אַנדערע שפּײַזן. און דאָס פלעגט ער אונדז צושיקן דורך אַ קליין שיקסל און מיר פלעגן זיך אויסבאַהאַלטן בײַטאָג און מיר פלעגן אַרויסגיין בלויז בײַנאַכט.

עס געדענקט זיך מיר ווי איך בין געווען מיט חײמען אין וואַלד נעבן אַ וואַסערל און מיר זענען שוין געווען אַזוי דערשעפּט, אַז עס איז אונדז שוין געווען אַלץ איינס, צי מען וועט אונדז יאָ זען (וואָס עס האָט געקאָנט זײַן אַ געפאַר פאַר אונדזער לעבן) אָדער מען וועט אונדז נישט זען און מיר וועלן קאָנען אָנהאַלטן אונדזער בידנע לעבן נאָך אַ שטיקל צײַט. אָבער פון דעסט וועגן האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אַרום די קוסטעס און מיט אַמאָל איז צוגעקומען צו אונדז אַ גויע און אונדז געראָטן, אַז מיר זאָלן ווײַטער נישט גיין, ווײַל עס קאָן ווערן געפערלעך, און די גויע האָט אונדז גלײַכצײַטיק געפרעגט, צי מיר ווילן נישט זען קיין ייִדן, דערצו ייִדן פון טרעבלינקע. מיר האָבן שוין נישט געזען קיין ייִדן בײַ די זעקס חדשים און מיר האָבן געמיינט, אַז עס זענען שוין דורכגעגאַנגען מער ווי זעקס יאָר. און דערצו האָבן מיר געוווּסט זייער אַ סך פון די פּויערים וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין טרעבלינקע און דעריבער איז דאָס קאָנען זען ייִדן וואָס זענען געווען אין דעם טויטן־לאַגער טרעבלינקע, געווען בײַ אונדז אַ זאַך, ווי זען עפּעס פון יענער וועלט און מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, אויף דעם מסכים געווען, כאָטש מיר האָבן אויך געוווּסט, אַז דאָס וועלן זען אַזעלכע ייִדן קאָן זײַן פאַר אונדז אַ פּאַסטקע — און אַ שרעקלעכע געפאַר. מיר זענען אָבער מסכים געווען און זיך נישט גערעכנט מיט קיין מעגלעכער געפאַר.

מיר האָב זיך געטראָפן מיט צוויי ייִדן פון טשענסטאָכאָוו, וואָס זענען געווען גאַנץ גוט אָנגעטאָן און דאָס איז געווען בײַ זיי אַ מיטל, אַז מען זאָל זיי נישט קאָנען חושד זײַן, אַז זיי קומען פון דעם שרעקלעכן פאַרניכטונגס־לאַגער, וואָס עס איז געווען טרעבלינקע; זיי זענען געווען פון די אַנטלאָפענע בעת דעם אויפשטאַנד אין טרעבלינקע און עס איז זיי געלונגען צו באַקומען גוטע מלבושים און אויך אַ סך ווערטפולע זאַכן, וואָס די דײַטשע מערדער־באַנדעס האָבן צוגענומען בײַ זייערע קרבנות. צווישן די ווערט־זאַכן האָבן זיך געפונען גאָלד און אויך דאָלאַרן — און אַ דאַנק דעם איז די אַנטלאָפענע געלונגען שפּעטער זיך צו ראַטעווען, כאָטש

נישט  ש ט ע נ ד י ק , ווײַל אָפּטמאָל האָבן די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געוווּסט אַז די דאָזיקע אַנטלאָפֿענע —און פון טויט־געראַטעוועטע— האָבן געלט, אָדער ווערט־זאַכן און די פּאָליאַקן האָבן איבער זיי דורכגעפירט דאָס וואָס די דײַטשע באַנדיטן האָבן נישט באַוויזן דורכצופירן.

מיר האָבן זיי געפרעגט צי עס געפינען זיך נישט קיין סטאָקער צווישן די אַנטלאָפֿענע. און מיר האָבן שפּעטער געהאַט צווישן אונדז וועלוול שנײַדמאַן, וואָס איז געווען אַ סטאָקער און עס איז אויך געקומען איינער, וואָס איז געווען נישט ווײַט פון אונדזער געגנט, פון דעם דערפל באַגאַטעליאַ, נעבן וואָנסעווע, וואָס איז אָבער שפּעטער געוואָרן אַ כמעט סטאָקער און דאָס איז מײַן מאַן שמואל גאָלדבערג.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן מורא געהאַט צו פאַרבלײַבן אַ גרעסערע גרופּע און די צוויי טשענס־טאָכאָווער זענען אַוועק — און מיר האָבן מער נישט געהערט וועגן זיי. מיר זענען פאַרבליבן בלויז פיר און מיט אַ פּאָר טעג פריִער, האָט זיך מיר אַ פּאָר מאָל געחלומט וועגן פיר טעג און עס איז פאַר־שטענדלעך, אַז אין אַזעלכע צײַטן ווי מיר האָבן דורכגעלעבט, ווערט מען אַבערגלויבעריש און מען גלויבט אויך אין חלומות און מיר, זאַלבע פערט, האָבן טאַקע באַוויזן איבערצולעבן, צוזאַמען די גרויז־זאַם־שווידערלעכע צײַט און מיר האָבן צוזאַמען דערלעבט די באַפרײַונג. כאָטש קיין סטאָק האָבן מיר זיך שוין מער נישט אומגעקערט, ווײַל ס׳איז שוין נישט געווען נאָך וואָס און צו וועמען זיך אומצו־קערן, אַ חוץ דעם איז אויך געווען אַ געפאַר צו־ריקצוקומען אין דעם פּלאַץ, וואָס מיר האָבן אַ צײַט לאַנג באַטראַכט, פאַר אונדזער היימשטאָט.

מיר האָבן געפונען אַ פויערטע —העלענאַ אַלעש־קאָוואַ— וואָס איז געווען פּאַקטיש אַ מלאך. מיר האָבן איר געגעבן געלט און אַ טייל פון דעם צירונג, וואָס עס איז די „טרעבלינקער” געלונגען אויסצו־באַהאַלטן און זי פלעגט אונדז באַזאָרגן מיט אַלץ וואָס מיר האָב באַדאַרפט. זי פלעגט אונדז אויך וואָרענען און אויסבאַהאַלטן אין די צײַטן פון די אָב־לאַוועס, וואָס די דײַטשן האָבן דורכגעפירט. און מיר האָט זי פאַרויסגעזאָגט אַז איך וועל בלײַבן לעבן — און צום גליק האָט זיך דאָס באַשטעטיקט, נישט בלויז מיט מיר, נאָר מיט אונדזער גאַנצער גרופּע.

מיר ווילן זי, פאַרשטייט זיך, קיין מאָל נישט פאַרגעסן און ווען מיר זענען שפּעטער געקומען קיין אַמעריקע, האָבן מיר איר געשיקט געלט און אַפילו זי געוואָלט אַריבערנעמען קיין אַמעריקע, ווײַל מיר באַטראַכטן זי פאַר אונדזער רעטערין.



# דער וואַנדערוועג פון אַ ייִדיש ייִנגל דורך סטאָק און אַנדערע פלעצער

### פּראָטאָקאָל נומער 15

עדות־דעקלאַראַציע אין „יד־ושם" פון אַ ייִדיש ייִנגל פון 15 יאָר אַלט, געבוירן געוואָרן אין וואַרשע, אַ זון פון חיים און דבורה, אָנגעקומען קיין ישראל אין פעברואַר 1943.

שוין אין יאָר 1940 האָבן מיר אין שטוב געליטן פון הונגער און מאַנגל פון דאָס סאַמע נייטיקסטע. מיר האָבן געמוזט פאַרקויפן איין שטוב־חפץ נאָכן אַנדערן כדי זיך מפרנס זײַן. ווען דער הונגער איז געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער (מ׳רעכנט אַז אין וואַרשע פלעגן דעמאָלט אויסגיין פון הונגער און כל־ערליי קראַנקהײַטן אומגעפער טויזנט ייִדן אַ וואָך), האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די היים ווו כ׳האָב געוווינט מיט מײַנע עלטערן אין אָטוואָצק און פּרובירן מײַן מזל ערגעץ אַנדערש. אַזוי האָבן עס דעמאָלט געטאָן אַ סך ייִדישע קינדער וועמענס עלטערן האָבן שוין נישט געהאַט די מעגלעכקייט זיי אויסצוהאַלטן. דער פאָטער מײַנער האָט מיר נישט געשטערט, נאָר די מוטער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט און געוויינט מיט ביטערע טרערן, נאָר ענדלעך האָט זי געמוזט מסכים זײַן...

פון אָטוואָצק בין איך אַוועק אין דער ריכטונג פון קאָליבּיאָל, ווו כ׳האָב איין נאַכט גענעכטיקט. דער מצב איז דאָ געווען אַ שלעכטער, בין איך געצוווּנגען צו וואַנדערן ווײַטער און ווײַטער. אַזוי בין איך אָנגעקומען קיין סטאָק.

## דאָס ייִדישע לעבן אין סטאָק אונטער דער נאַצישער הערשאַפט

אין סטאָק איז דאָס ייִדישע לעבן געווען לײַכטער. אַ ייִדישע פרוי, חנה־צירל, האָט זי געהייסן, האָט מיך אַרײַנגענומען צו זיך אין שטוב, מיר געגעבן צו עסן און זיך מיט מיר פאַרנומען גלײַך ווי איך וואָלט געווען אירס אַ קינד. פיל האָבן געטין פאַר מיר און פאַר אַנדערע פאַרוואָרלאָזטע קינדער, דער ייִדן־עלצטער און אַנדערע מיטגלידער פונעם ייִדן־ראַט. דער מצב אין שטעטל איז געווען אַ גאַנץ נישקשהדיקער. די ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיט מסחר, מען האָט געהאַנדלט מיט די קריסטן, וואָס פלעגן ברענגען כל־ערליי עסנוואַרג און שפּײַזפּראָדוקטן. אַ געטאָ איז אין סטאָק טאַקע נישט געווען, אָבער אויך אין די דאָזיקע „גליקלעכע" טעג איז יעדער ייִד געווען אײַנגעשטעלט מיטן לעבן. פון צײַט צו צײַט פלעגט זיך די דײַטשן אַ גלוסט טאָן צו טשעפּען זיך צו די ייִדן. מען איז אונדז איבערגעפאַלן, דורכגעפירט פּאָגראָמען, באַרויבט און פאַרביטערט דאָס לעבן.

## סאַדיסטישער מאָרד פון אַן אומשולדיקן ייִדן

אין דער צײַט וואָס כ׳האָב געוויילט אין סטאָק איז דאָרט פאָרגעקומען אַזאַ פאַל: די דײַטשן האָבן פאַרווערט די ייִדן צו האַלטן קריסטלעכע דינסטן. בײַ איינעם אַ ייִדן וועמענס נאָמען כ׳געדענק לײַדער נישט, האָט אין געהיים געאַרבעט אַ שיקסע. עמעצער האָט דעם ייִדן געמסרט פאַר די דײַטשן, און די געשטאַפּאָ־לײַט האָבן זיך דאָרט בײַ אים גלײַך באַוויזן און אים אַוועקגעפירט קיין זשאָליכאָוו, צו דער ייִדישער קאָמאַנדאַטור־אָפּטיילונג פון דער געסטאַפּאָ. דעם ייִדן האָט מען געבראַכט געשמידט אין קייטן אין אַ מיליטערישן וואָגן. אויפן וועג קיין זשאָליכאָוו האָבן די דײַטשן אויף אים געשאָסן, אים אַרויסגעוואָרפן פון וואָגן און אַ שווער פאַרוווּנדעטן און אַ צעבלוטיקטן אים איבערגעלאָזט אין מיטן וועג. די דײַטשן זענען אַוועק אין שטאָטראַט און דאָרט פאַראָרדנט מען זאָל שיקן מענטשן צו דעם ייִדן, וועלכער איז אָפּגעגאַנגען

אין בלוט נאָר איז נאָך געווען ביים לעבן — מקבר צו זיין. נאָך איידער די מענטשן זענען אהינצו אַנ־געקומען און פאַרביי־געפאָרן איינער אַ פויער, ביי וועמען דער ייד האָט זיך געבעטן ער זאָל אים אַרויפנעמען און אָפּפירן אין שטאָט. עס זענען אַהינצו אויך אָנגעקומען אַ פּאָר יידן פון שטעטל וועלכע האָבן דעם פויער געגעבן אַ פּיינעם „מתנת־יד", נאָר אין צווישן האָט די פּוילישע פּאָליציי געמאָלדן אַז זי דערלויבט נישט דעם יידן אָפּפירן אין שטאָט, ווייל זי האָט באַקומען אַזאַ פּאַראָרדע־נונג מצד די דייטשן אַז מען זאָל דעם יידן קובר זיין אויפן זעלביקן פּלאַץ. עס איז אָבער געלונגען מיט אָנשטרענגונגען און מיט אַ פּיינעם „פּדיון" איבערצוציינגען די מיליציאַנטן מען זאָל דעם יידן דערלויבן צו פירן קיין סטאָק. מען האָט געטאָן אַלץ וואָס מען האָט נאָר געקאָנט דעם יידן צו ראַטעווען, נאָר ס'איז נישט געלונגען. נאָך צוויי טעג אָפּליגן אין שפּיטאָל איז ער דאָרט אויסגעגאַנגען.

## ווייטערדיקע וואַנדערונגען און ווידער אַמאָל אין סטאָק

נאָכן פאַרזוימען זיך אין סטאָק צוויי וואָכן צייט און זען אַז דאָס לעבן איז דאָ פאַרבונדן מיט כל־ערליי סכנות, האָב איך באַשלאָסן ווייטער אָפּ־צוריכטן גלות און זיך אויפגעהאַלטן אַ צייט ערגעץ ווו אין אַ דאָרף. דאָרט האָב איך זיך אויפגעהאַלטן אַ צייט, נאָר די וואַנדערונגען האָבן זיך מיט דעם נישט פאַרענדיקט. בין איך צוריקגעקומען קיין סטאָק ווו כ'האָב שוין געהאַט באַקאַנטע פון פריער. זיי האָבן מיר שוין מיט גאָר נישט געקאָנט העלפן, ווייל אין צווישן האָט זיך דער מצב היפּש פאַר־ערגערט. יידן האָבן שוין דעמאָלט אויסגעמיטן אַריינצונעמען צו זיך עלנטע קינדער.

דער ווינטער פון יאָר 1941 איז געווען אַ מורא־דיקער. אין דרויסן איז די קעלט געווען אַ געפער־לעכע. כ'האָב זיך צוגעקילט און קראַנק געוואָרן. כ'בין געווען געשוואָלן און נישט געקאָנט רעדן. ס'האָט מיר אין יענע ביטערע טעג אַרויסגעהאָלפן דער אַפּטייקער פון שטעטל, אַ פּאָלאַק, וועמענס נאָמען כ'געדענק נישט. ער איז געווען אַ האַרצי־קער מענטש, מיך געשיקט אויף אַן אונטערזוכונג ביים דאָקטער און אַפילו געגעבן רפואות און געלט. בכל זאת האָב איך נאָך נישט געהאַט קיין פּלאַץ ווו איבערצונעכטיקן, אין די פּראָסטיקע טעג פלעג איך זיך אויפהאַלטן אין די שטאַלן צוזאַמען מיט די בהמות. כ'בין קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און גע־דאַנקט גאָט דערפאַר, ווייל איצט וועל איך שוין האָבן אַ פּלאַץ ווו אַוועקצולייגן דעם קאָפּ.. אַ דאַנק די באַמיונגען פונעם עלצטן פונעם יידן־ראַט, האָט מען מיך אויפגענומען אין שפּיטאָל און געגעבן אַ בעט. נאָר אויך אין שפּיטאָל איז געווען קאַלט, ווייל מען פלעגט נישט הייצן דעם אויוון. עס האָבן זיך מיט מיר פאַרנומען אַ דאָקטער און צוויי קראַנקן־שוועסטערס, נאָר דאָס „מזל" מיינס האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. דער טיפוס איז געווען אַ לייכ־טער און נאָך זיבן טעג האָט מען מיך אַרויסגעשיקט פון שפּיטאָל. מיינע תפילות כ'זאָל באַקומען אַ שווערן טיפוס, כדי מען זאָל מיך דאָרט לאָזן כאָטש איבערקומען דעם ווינטער האָבן נישט געהאָלפן...

נאָר אַפילו אין די „גליקלעכע" טעג פון מיין וויילן אין שפּיטאָל איז מיך נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. כ'האָב נישט געהאַט וואָס צו עסן, הגם מיין הונגער איז געווען גרויס. כ'האָב געמוזט זיך ציקוקן ווי אַנדערע עסן אין דער צייט וואָס איך האָב ביטער געהונגערט. יעדער קראַנקער האָט גע־האַט עמעצן וואָס האָט אים עפּעס געבראַכט און איך האָב דאָרט ליידער קיינעם נישט געהאַט..

ווען כ'בין אַרויס פון שפּיטאָל האָט מען זיך אויף מיר מער מרחם געווען און מ'פלעגט מיר געבן אַ שטיקל ברויט, נאָר כ'האָב דאָרט קיין שום תכלית נישט געזען. די בענקעניש נאָך טאַטע־מאַמע איז געוואָרן שטאַרקער און שטאַרקער און כ'האָב בכן, באַשלאָסן נאָך דעם ווי די קעלטן זענען פאַר־ביי — צוריקצוקומען קיין אָטוואָצק...

## ענדלעך — קיין ארץ ישראל!

דאָס וואָס כ'האָב איבערגעלעבט אין אָטוואָצק און מיינע ווייטערדיקע וואַנדערונגען אויפן וועג קיין אונגאַרן ווו יידן האָבן נאָך געלעבט ביי מענטשלעכע באַדינגונגען, און ווייטער אויפן וועג דורך יוגאָסלאַוויע, בולגאַריע, טערקיי, סיריע קיין ארץ ישראל, איז שווער צו שילדערן, דאָס וויכ־טיקסטע איז — איך בין געבליבן לעבן און זוכה געווען צו געפינען זיך אין אייגענעם לאַנד צווישן אייגענע ברידער...

**דבורה מ.** / בועגאָס-אײַרעס, אַרגענטינע

# דער חורבן פון אָסטראָוועץ—און ווי אַזוי איך האָב מיך געראַטעוועט

אויב ס׳איז שווער צו געפינען אַ דעפיניציע, אָדער פעסטשטעלונג וועגן דעם, צי סטאָק איז געווען אַ שטאָט אָדער אַ שטעטל, איז דאָס נאָך שווערער צו געפינען אין באַצוג צו מײַן געוועזענער היים אָסטראָוועץ. לויט דער צאָל פון דער באַפעלקערונג, איז דאָס אפשר נישט געווען קיין סך קלענער ווי דאָס אַמאָליקע סטאָק, אָבער פאַקטיש איז אָסטראָוועץ געווען, נישט מער ווי אַ פונקט וואָס האָט געהערט צו דער סטאָקער קהילה און האָט זיך גערעכנט אַלס אַ דאָרף און צוזאַמען מיט די אַרומיקע דערפער, ווי: באַצק, לאָפּיאַנקע, וויעליטשנע א״אַ האָבן די ייִדן דאָס אָנגערופן „פאַראייניקטע שטאַטן״...

געפונען האָט זיך אָסטראָוועץ, צווישן לאָכאָוו און סאַדאָוונע (אָדער זשעלעניעץ), בײַ די אַכט קילאָמעטער פון סטאָק און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר גרויסער מעטאַל־פאַבריק, וואָס האָט אויסגעאַרבעט אַגראַר־מאַשינען פון פאַרשידענע קלאַסן, צו אַקערן, פאַרזיי־מאַשינען און האָט אויך אויסגעאַרבעט אײַזערנע בעטן. די פאַבריק האָט אויך געהאַט אַ גרויסע אײַזן־גיסערײַ. ס׳האָבן געאַרבעט אין דער פאַבריק בײַ די פינף הונדערט אַרבעטערס, דער גרעסטער טייל: נישט־ייִדן. ס׳האָט זיך אין אָסטראָוועק געפונען אַ ייִדישע באַפעלקערונג פון אומגעפער אַ דרײַסיק משפחות, פון זיי דער גרעסטער טייל אַרבעטער, אָדער אָנגעשטעלטע אין דער פאַבריק.

דער אייגנטימער פון דער פאַבריק, איז געווען דער גוט באַקאַנטער וולאַדיסלאַוו לעווענשטיין, אַן האַלב־אַסימילירטער ייִד און דאָס אייגענטום פון דער פאַבריק איז געווען אָרגאַניזירט לויט אַן אַקציען־געזעלשאַפט. דער טעכנישער דירעקטאָר פון דער זעלבער איז געווען אינזשיניער קאַרל בערגמאַן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער ראש־הקהל פון סטאָק — און האָט אַרײַנגעבראַכט אַ נײַע דינאַמיק אין דער קהילה־טעטיקייט — און ער איז אויך געווען דער פרעזעס פון די פײַערלעשער פון וועגנגראָווער פּאָוויאַט.

צוליב דער גרויסער פאַבריק, האָט זיך נעבן אָסטראָוועק געפונען אַ מין קליינע „באַן־סטאַנציע״ אָדער ווי מ׳האָט דאָס אָנגערופן „פשעסטאַנעק״. דאָרטן האָט אויך דורכגעשניטן דער שאָסיי, וואָס האָט געפירט פון וואַרשע קיין אָסטראָוו־מאַז. דורך לאָכאָוו און סאַדאָוונע. דאָס כאַראַקטעריסטישע פון די ייִדן אין אָסטראָוועק איז באַשטאַנען אין דעם, אַז אייניקע פון זיי פלעגן האַלטן אָפן זייערע געשעפטן אום שבת — און די יוגנטלעכע פלעגן פאָרן אום שבת. כאָטש פון דער צווייטער זײַט, האָבן די ייִדישע אַרבעטער וואָס האָבן נישט געוואָלט אַרבעטן שבת, האָבן דאָס געקאָנט טאָן זונטיק. דער גרעסטער טייל פון דער ייִדישער יוגנט, איז געווען אַ פאָרגעשריטענע און לינק געשטימט און האָבן געהאַט אַלס צוועק צו אָרגאַניזירן די נישט־ייִדישע אַרבעטער. — קיינע ספּעציעלע ייִדישע אינסטיטוציעס זענען אין אָסטראָוועק נישט געווען, אַ חוץ אַ גמילת־חסד־קאַסע, וואָס פלעגט אַרויסגעבן אָן פּראָצענטיקע הלוואות און אין וועמענס שפּיץ, זענען געשטאַנען משה מאָנצאַזש און פנחס פּלאַטנער, צוליב דעם אַלעמען, איז מען געווען „אָפּהענגיק״ און באַלאַנגט צו דער סטאָקער קהילה. ס׳איז אָבער געווען אַ שיל צום דאַוונען און אַ חדר פאַר די דאָרטיקע ייִנגלעך. אויך די מיידלעך האָבן באַקומען זייער ייִדישע און נישט־ייִדישע דערציִונג, ווער פּריוואַט און ווער ס׳פלעגט אַוועקפאָרן אין דער „גרויסער וועלט״, וואָס עס זענען געווען די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך און אַנדערע פלעגן „אָנשפּאַרן״ אַפילו קיין וואַרשע, אָדער נאָך ווײַטער.

איך גופא, האָב באַקומען מײַן ייִדישע דערציִונג אין דער היים, אָבער כ׳בין אַוועק לערנען

אין אַנדערע שטעט און האָב אַפילו דערגרייכט צו לערנען קיין פּאַריז — אָבער גראָד ערב דער מל־חמה האָב איך מיך געפונען אין אָסטרווועק בײַ



משה מאַנצאַזש

מײַסטער פון לעווענשטיינס פאַבריק אין אָסטרווועק

מײַנע עלטערן, אויף זומער וואַקאַציעס. דרך־אגב איז מײַן פאָטער געווען אַ דאַזאָר אין דער סטאָ־קער קהילה.

— 2 —

ווי געזאָגט, האָב איך בעת דעם אויסברוך פון דער מלחמה, זיך געפונען אין אָסטרווועק — און אויף מיר איז אויסגעפאַלן דורכצומאַכן דעם שווע־רן פּײַנפולן וועג, וואָס ס'האָבן דורכגעמאַכט די דאָרטיקע יידן. כאָטש כ'בין געווען פון די ווײַ־ניקע, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק זיך צו קאָנען ראַטעווען — און ביז הײַנטיקן טאָג איז מיר נישט קלאָר פאַרוואָס גראָד איך האָב געהאַט דאָס דאָ־זיקע מזל און איך געדענק אויך נישט גענוי, ווי אַזוי דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען — ווײַל אַלצדינג זעט איצט בײַ מיר אויס ווי פאַרדעקט מיט אַ נעפּל און נישט אַלצדינג, איז פאַר מיר איצט אַליין קלאָר ווי אַזוי די זאַכן זענען פאָרגעקומען. נאָר כ'טראַכט צײַטנווײַז דערפון, אַז ס'האָט דאַך געמוזט זײַן ווער, וואָס זאָל שפּעטער קאָנען עפּעס דערציילן פאַר דער וועלט און ספּעציעל פאַר אונדזער סטאָ־קער יידישער וועלט. איך האָב דאַן געהאַט, אױ־סער מײַנע עלטערן אין אָסטרווועק, אויך אַ ברודער און אַ שוועסטער אין אַרגענטינע און כ'בין אויך

געווען די, וואָס האָט דאָס געדאַרפט אָנזאָגן די פינצטערע „בשורה", די סטאָקער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע, וועגן דעם טאָג, ווען ס'איז פאָרגע־קומען די לעצטע „אַקציע", ווען מ'האָט אומגע־בראַכט דאָס לעצטע רעשטל יידן פון סטאָק — אַ זאַך וואָס ס'איז פאָרגעקומען דעם דריטן טאָג נאָך יום־כיפור פון 1942, אָדער י"ג תשרי ה'תש"ג.

כ'וועל אָבער איבערגיין צו פאַקטן, און כ'וועל זיי דערציילן אַזוי ווי זיי האָבן זיך בײַ מיר אײַנ־געקריצט אין זכרון, ווײַל ס'איז דעמאָלט בײַ מיר נישט געשטאַנען קיין פראַגע פון פאַרצייכענען ספּעציעל די אַלע פאָרגעקומענע זאַכן, צוליב צוויי טעמים: 1) קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז די זאַכן וועלן זיך אַנטוויקלען אין אַזאַ פאָרעם ווי ס'איז שפּעטער פאָרגעקומען; קיינער האָט נישט געוואָלט גלייבן, אַז „מענטשן" זאָלן זײַן פעיִק דורכצופירן אַזעלכע פאַרברעכנס קעגן זייערע מיטמענטשן, וואָס זענען יידן; 2) נאָך דעם ווי די „זאַכן" האָבן שוין אָנגעהויבן דורכגעפירט ווערן אין אַזאַ בלוטיקער פאָרעם, וואָס האָט נישט קיין גלײַכן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, און אַפילו נישט אין דער מאַרטיראָלאָגיע־געשיכטע פון אונדזער פאָלק, וואָס האָט שוין דורכגעמאַכט די גרעסטע פאַרפאָלגונגען פון כל־המינים עמל־קים, המנס, כמעלניצקיס און אַנדערע; נאָך דעם ווי די דאָזיקע זאַכן האָבן זיך שוין אָנגעהויבן, האָט שוין קיינער נישט געגלויבט, אַז ער וועט נאָך קאָנען דאָס אַלצדינג איבערלעבן און וועט נאָך האָבן פאַר וועמען עס איז צו דערציילן די אַלע זאַכן פון גרויל און שוידער — און בלויז אַזעלכע גרויסע פערזענלעכקייטן ווי ס'איז געווען דער מאַרטירער עמנואל רינגעלבלום, האָט געראַטן אַלעמען צו פאַרצייכענען וואָס מער און צו באַ־האַלטן און באַגראָבן דאָס פאַרצייכנטע. צום באַ־דויערן, האָט ער, דער גרויסער פאַרצייכנער פון אונדזער חורבן, נישט באַוויזן איבערצולעבן די שרעקלעכע צײַטן פון גרויזאַמען חורבן — און זי־כער זענען אַ גרויסער טייל פון די זאַכן, וואָס ער אַליין, אָדער זײַנע באַקאַנטע האָבן באַהאַלטן — נישט געפונען געוואָרן.

און די פאַקטן וואָס האָבן זיך בײַ מיר אײַנ־געקריצט אין זכרון — פּונקט ווי בײַ אַלעמען וועל־כע האָבן דורכגעמאַכט די שרעקלעך שוידערלעכע צײַטן — זענען אַזוי פיל, אַז ס'איז שווער זיי אַרויס־

צוברענגען אין די קורצע ראַמען פון אַ קליינער באַשרייבונג און אַפילו נישט אין קיין גרויסע דיקע ביכער. כ׳וועל מיך דעריבער באַמיִען צו זיין קורץ און אויב מעגלעך אויך פּרעציז.

באַלד אין דעם ערשטן טאָג ווען ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה — דעם 1טן סעפּטעמבער פון 1939 — זענען די דייטשע אַוויאָנען שוין געפלויגן איבער אָסטראָוועק, כאָטש אָסטראָוועק האָט נישט געהאַט קיין שום מיליטערישע באַדייטונג; זיי זענען געפלויגן און צום גליק נישט געוואָרפן קיין באָמבעס, ווי זיי האָבן דאָס געטאָן אין אַנדערע פלעצער. אָבער זייערע אַוויאָנען מיט די האַקנקרייצן ווי די שפינען, האָבן אַרויסגערופן אַ פּאַניק צווישן דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג און ספּעציעל צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג, וועלכע האָט שוין געהאַט אַ געוויסן באַגריף וואָס אַזוינס די נאַציס שטעלן מיט זיך פאָר — כאָטש קיינער האָט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז די דייטשע טייוואָלים, וועלן זיין אַזוי שרעקלעך ווי זיי זענען דאָס געווען אין דערווירקלעכקייט.

די ייִדישע באַפעלקערונג האָט אָנגעהויבן צו לויפן, נישט וויסנדיק וווהין ווייל אין אַלע פּלעצער האָט מען זיך שוין אָנגעטראָפן מיט די גזלנישע נאַציס; מ׳איז געלאָפן קיין מזרח און אייניקע פון אונדז זענען אַוועק אין די אַרומיקע דערפער פון די „פאַראייניקטע שטאַטן״, אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום זענען די דייטשן שוין געווען אומעטום און האָבן געהאַט אין זייערע הענט גאַנץ פּוילן, כאָטש אין וואַרשע, האָט די ציווילע באַפעלקערונג געפּרווט שטעלן אַ פאַרצווייפלטן און אויסזיכטלאָזן ווידערשטאַנד.

צו אונדז זענען די דייטשן אַריינגעקומען דורך אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק, און כאָטש די פּוילישע גענעראַלן האָבן זיך פריער באַרימט, אַז זיי וועלן באַזיגן די דייטשן און אַז „זיי וועלן אַפילו נישט אַוועקגעבן קיין איינציק קנעפּל״, האָט די פּוילישע אַרמיי נישט באַוויזן צו שטעלן דעם מינדעסטן ווידערשטאַנד און די גרופּע פּוילישע סאָלדאַטן וואָס האָבן זיך פריער געפונען אין אָסטראָוועק זענען אַוועק אין אַ פּלאַץ וווּ קיינער האָט אַפילו נישט געוווּסט און ס׳איז נישט געווען קיין רייד פון שטעלן ערגעצוווּ אַ ווידערשטאַנד.

אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, בין איך אַוועק אין אַ דערנעבנדיקן דאָרף און פון דאָרטן קיין ווענגראָוו און האָב געטראַכט צו פאָרן פון דאָרטן קיין שעדלעץ, כאָטש איך האָב נישט געהאַט קיין ספּעציעלע פּלענער וואָס זאָלן זיין פאַרבונדן מיט שעדלעץ. נאָר אַזוי איז שוין געווען דער געדאַנקענגאַנג אין יענע טעג, וואָס מ׳האָט נישט געוואָלט פאַרבלייבן אויף דעם באַשטימטן פּלאַץ און שטענדיק געמיינט, אַז אין אַן אַנדער פּלאַץ וועט מען זיין זיכערער. אָבער אין ווענגראָוו זענען שוין אויך געווען די דייטשן, וועלכע האָבן באַפוילן דער ציווילער באַפעלקערונג, אַז זיי זאָלן זיך צוריקקערן אין זייערע היימען — און מיר האָבן שוין געמוזט זיך צוריקקערן.

כ׳געדענק נאָך, ווי גייענדיק אַ גאַנצע גרופּע צוריק אַ היים, ווייל צו פאָרן איז נישט געווען מיט וואָס, האָבן מיר אויפן וועג אָנגעטראָפן אַ באַרג מיט טויטע סאָלדאַטן, שוין אין אַ האַלב צעפוילטן צושטאַנד — און אַ פּויליש מיידל, אָדער „שיקסע״ האָט געפּרווט זוכן צווישן דעם באַרג טויטע, איר ברודער העניעק. זי האָט זיך אָבער דערשראָקן קוקנדיק אויף די טויטע און האָט אויפגעהערט צו זוכן...

— 3 —

ווען כ׳בין אָנגעקומען צוריק קיין אָסטראָוועק, איז אַלצדינג געווען אין „אָרדענונג״. דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג איז געווען אויף זייערע פּלעצער און בלויז די לעווענשטיינס זענען אַוועק אויף מזרח און דער דייטשער שטאַב האָט זיך באַזעצט אין די קאַנטאָרן פון לעווענשטיינס פאַבריק — און איך, קאָנענדיק די דייטשע שפּראַך, האָב געדינט ביי די דייטשן אַלס אַן איבערזעצער און קיין ספּעציעלע גזירות קעגן ייִדן האָט מען אין דער ערשטער צייט נישט אָנגענומען אין אָסטראָוועק. פאַרקערט, מען האָט אין דער ערשטער צייט געבראַכט קיין אָסטראָוועק די ייִדן פון די אַרומיקע דערפער און שטעטלעך, ווי: באַצק, לאָפּיאַנקע, וויעליטשנע, בודזשיסק און פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך און מען האָט געהאַלטן, אַז ס׳געפינען זיך שוין אין אָסטראָוועק ביי די טויזנט ייִדן. די פאַבריק אין באַצק האָט ווייטער געאַרבעט, נאָר אַנשטאָט די פריערדיקע מאַשינען און בעטן, האָט מען דאָרטן אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן רעלסן פאַר באַנען און זיכער אויך געוויסע טיילן, וועלכע די דייטשן האָבן באַנוצט פאַר זייערע מל־

חמה־אַקציעס. קיין געטאָ, האָט מען אין דער ער־
שטער צייט נישט איינגעשטעלט, ווייל ס׳איז פשוט
נישט געווען מעגלעך; מען האָט אָבער גע׳דאַרפט
האָבן ספּעציעלע דערלויבענישן אויף צו גיין פון
איין פּלאַץ צו אַ צווייטן, כאָטש יידן האָבן זיך
שטענדיק אַן עצה געגעבן און מען פלעגט דורכ־
גיין פון איין פּלאַץ צום צווייטן און פון איין דאָרף
אין אַנדערן — און פונקט ווי מען האָט זיך אַן עצה
געגעבן אין די ווירינונגען, אין וועלכע ס׳איז גע־
ווען אַ גרויסער מאַנגל און אין די שפּייז־פּראָדוקטן
וואָס האָבן שטאַרק געפעלט און אין אַ סך אַנדערע
זאַכן, מען האָט געמוזט גלייבן אין דעם, אַז מען
וועט אַלצדינג איבערקומען און מ׳וועט די דייטשן
איבערלעבן. ווען די צאָל יידן איז געווען אַ גאָר
גרויסע, האָבן די דייטשן געשאַפן אין פאַבריקס־
אָרט באַצק אַ „יודנראַט" וועמענס פּרעזעס איז גע־
ווען משה גאָלדשטיין, פון עטלעכע און דרייסיק
יאָר און אַ זייער פעיקער, סעקרעטאַר איז געווען
פנחס פלאַטנער און מען האָט צו זיי צוגעטיילט
אויך אייניקע אָנגעזעענע באַלעבאַטים פון באַצק
און אָסטראָוועק. למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן,
אַז דער דאָזיקער „יודנראַט" האָט מיט אַלע זיינע
מעגלעכקייטן זיך באַמיט צו העלפן דער יידישער
באַפעלקערונג, מיט אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר גע־
קאָנט — כאָטש אַזעלכע מעגלעכקייטן זענען גע־
ווען זייער קליינע — און אַ גאַנצע ריי זאַכן, איז
מיר פּערזענלעך אויסגעקומען צו דערליידיקן. די
יידישע לאַגע האָט זיך פאַרערגערט, ווען ס׳איז
אויסגעבראָכן די מלחמה קעגן רוסלאַנד — אָדער
ריכטיקער, ווען די דייטשן זענען איבערגעפאַלן
רוסלאַנד —דעם 22סטן יוני 1941— דעם ערשטן
באַפעל וואָס די דייטשן האָבן דאַן אַרויסגעגעבן —
און דער „יודנראַט" האָט אים געמוזט פאַרעפנט־
לעכן און די יידן האָבן אים געמוזט דורכפירן—
איז געווען, אַז מען מוז אָוועקגעבן די דייטשן אַלצ־
דינג וואָס ס׳האָט פוטער און מען האָט געמוזט
אָוועקגעבן, נישט בלויז די טייערע פוטערנע מל־
בושים, נאָר אויך אַלצדינג וואָס האָט געהאַט אין
זיך געוויסע פוטערנע טיילן. דער „יודנראַט" האָט
דאַן געמוזט מאַכן מעלדונגען וועגן דעם און וועגן
אַנדערע זאַכן — און ס׳איז דאַן אויך געווען אַ
קלאַנג, אַז מען וועט די יידן פון אָסטראָוועק און
באַצק אַריינוואַרפן אין דער ווענגראָווער געטאָ.
ס׳איז וויכטיק אונטערצושטרייכן אַז פאַר ניט אויס־
פאָלגן די דייטשע פאַראָרדענונגען, פלעגט מען
דערשיסן אָן שום משפט. כ׳געדענק אַז ווען מען
האָט דורכגעפירט די ערשטע „אַקציע" אין סטאָק,
זענען אַהין אַוועקגעפאָרן פיר יידישע פּאָליציאַנטן,
פון וועלכע כ׳געדענק צוויי נעמען: יאַבקאָווסקי פון
לאָפּיאַנקע און בזשאָסטעק, פון יאַשערווקע, די
יידישע פּאָליציאַנטן זענען געפאָרן מיט אַ פּויי־
לישן פויער אין זיין דראַביאַזגן וואָגן, בכדי צו
ברענגען שפּייז־פּראָדוקטן און מעל וועלכע האָבן
געדאַרפט צוגעטיילט ווערן דורך די דייטשן אין
סטאָק, אָבער ליידער האָבן די פיר יידישע פּאָלי־
ציאַנטן געטיילט דעם זעלבן גורל פון די סטאָקער
יידן, אָוועקפירנדיק זיי אַלעמען קיין טרעבלינקע.
ס׳איז ביי דער געלעגנהייט זייער וויכטיק צו פאַר־
צייכענען, אַז ביי יענער „אַקציע" האָט מען בלויז
אָוועקגעפירט מענער. דאָס אַלץ האָט איבערגעגעבן
דער פוילישער פורמאַן, וועלכער האָט זיך אומ־
געקערט פון סטאָק אַליין, שוין אָן די פּראָדוקטן,
מעל און אָן די פיר יידישע פּאָליציאַנטן... דאָס
איז געווען די ערשטע „קליינע אַקציע" אין סטאָק.
מיר האָבן גלייכצייטיק אויך געהערט וועגן גרויסע
„אַקציעס" וואָס ס׳קומען פאָר קעגן די יידן פון
וואַרשע און פון אַנדערע שטעט — כאָטש דעם גע־
נויעם באַדייט פון די דאָזיקע „אַקציעס" האָט קיי־
נער נישט געוווּסט — און אַפילו זיך נישט גע־
קאָנט פאָרשטעלן.

אין יענער צייט, האָט מען ביי אונדז אויך אָנ־
געהויבן צו רעדן וועגן אַ געוויסער „אַקציע" ביי
אונדז אין אָסטראָוועק און פנחס פלאַטנער האָט
געזאָגט, אַז ער וועט פאַר קיין פאַל נישט צושטעלן
קיין מענטשן, אָבער פרייטיק ביינאַכט, איז געקו־
מען צו מיר משה גאָלדשטיין מיט זיין שטענדיקן
ראָווער און מיר דערציילט, אַז בעת דער ערשטער
„אַקציע" אין סטאָק, האָט מען אויך צוגענומען
דעם פּרעזעס פון דאָרטיקן „יודנראַט" שמואל
וויטשבינסקי און ער האָט מורא, אַז מ׳זאָל אים
אויך צונעמען. ער האָט מיר דערביי איבערגע־
געבן, אַז אַזוי ווי קיין פרויען נעמט מען נישט צו,
זאָל איך פּרוּוון אונטערקויפן די דייטשן מיט אַ גע־
וויסע צאָל הינער, פוטער און אייער. מיר האָט —
פאַרשטייט זיך— זייער נישט געשמעקט אַזאַ מין
פאַרשלאָג און איך האָב וועגן דעם געפרעגט ביי
מיין גאָטזעליקן פאָטער ע"ה — און ער האָט מיר
אויך נישט געוואָלט געבן קיין עצה, נאָר געזאָגט,

אַז איך זאָל טאָן ווי מײַן געוויסן דיקטירט מיר.

אויף צו מאָרגנס, זענען די דײַטשן פאַרפאָרן צום סאָלטיס פון שטעטל — א פּאָליאַק. צוזאַמען מיט די דײַטשן זענען אויך געקומען אוקראַינער. דער סאָלטיס האָט צוגעגרייט פאַר די דײַטשע



שמואל ווערזשבינסקי

פּרעזעס פון „יודנראַט" וועמען מ'האָט אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקא בעת דער ערשטער סטאָקער אַקציע

„געסט" פאַרשידענע משקאות און שפּעק — און האָט זיי אויך געזאָגט, אַז ס'האַנדלט זיך פון אָרעמע ייִדן, בײַ וועמען ס'איז נישטאָ וואָס צו געמען. די דײַטשן האָבן געענטפערט ווי זייער שטייגער איז געווען אויף א פרעכן אופן, אַז אויב כ'וועלן נישט קומען קיין ייִדישע מענער, וועט מען נעמען פרויען — און קיינער פון די ייִדן וועט זיך נישט ראַטעווען. פּלוצים זענען אָנגעקומען די דײַטשע זשאַנדאַרמען באַגלייט מיט הינט און אויך עטלעכע פּוילישע פּאָליציאַנטן און האָבן מיט דער גאַנצער רציחה און פּוריע צונישט געמאַכט די אַזוי גערופענע „אונטערהאַנדלונגען", וואָס דער פּרעזעס משה גאָלדשטיין האָט אינסצעניזירט, איבערקויפנדיק די דײַטשישע זשאַנדאַרמען. מיט אַמאָל איז צוגעקומען צו מיר א פּוילישער פּאָליציאַנט, וואָס איז, זעט אויס געווען פון די בעסערע — און האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל וואָס שנעלער אַנטלויפן, אויב כ'וויל ראַטעווען מײַן לעבן און ער האָט מיך כמעט אַרויסגעוואָרפן דורכן פענצטער און כ'בין טאַקע פון דאָרטן אַנטלאָפן. כ'בין אַוועק צו א שוואָגער פון מײַנער א קריסטלעכער חברטע, ווו כ'בין אויך נישט געווען זיכער און דער חברטעס שוואָגער האָט מיך געראָטן, אַז כ'זאָל מיך אויסבאַהאַלטן בײַ א פּוילישער חברטע, וווהין איך בין אַוועק און דאָרטן האָט מען מיר דערציילט, אַז ס'איז אָנגעקומען פון וואַרשע א גרויסער טראַנספּאָרט מיט ייִדן, וועלכע האָבן געפירט מיט זיך קינדער, פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן נישט געוווּסט וווהין מען פירט זיי; מ'האָט קיינעם פון זיי נישט אַרויסגעלאָזט פון די וואַגאָנען און די קינדער האָבן געבעטן וואַסער און נישט באַקומען.

— 4 —

נאָך דעם איז געוואָרן א ביסל „רויק" בײַ אונדז און מ'האָט דערווײַל נישט גענומען קיין ייִדן פון באָצק און אָסטראָוועק, אָבער די ביז־איצטיקע „זיכערקייט" איז שוין פאַרשוווּנדן. משה גאָלדשטיין, דער פּרעזעס פון „יודנראַט", האָט מיך געשיקט זוכן אין מײַן באַהעלטעניש, דורך א ייִדישן פּאָליציאַנט און האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ער האָט דעם אײַנדרוק, אַז בלויז דאָס מאָל איז אונדז געלונגען זיך צו ראַטעווען, דורך עפּעס א נס, אָבער דאָס צווייטע מאָל, צווייפל ער, צי ס'וועט ווײַטער געשען אַזעלכע, אָדער אַנדערע נסים. כ'האָב אים געפרעגט, נאָך וואָס מ'האָט מיך געשיקט צום פּוילישן סאָלטיס און ער האָט מיר געענטפערט, אַז בײַם הײַנטיקן טאָג קאָן מען נישט וויסן וואָס דער מאָרגן קאָן ברענגען און מ'דאַרף פּרוּוון זיך ראַטעווען אויף וועלכן אופן דאָס זאָל נישט זײַן — און ער האָט מיר דערבײַ איבערגעגעבן זײַן פּלאַן, אַז ער וועט אַוועק קיין וואַרשע, ווײַל דאָ זעט ער נישט קיין ווײַטערדיקע צוקונפט פאַר די היגע ייִדן.

נאָך דעם דאָזיקן געשפּרעך, האָב איך שוין מער נישט געזען משה גאָלדשטיינען און כ'ווייס בלויז אַז ער איז אַוועק קיין וואַרשע און ווי כ'האָב שפּעטער געהערט, איז ער אומגעקומען בעת דעם וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד — און זאָל זײַן נאָמען ווערן ג ע ה ײ ל י ק ט !

דעם 23סטן סעפּטעמבער 1942, האָט מען אַוועקגעשטעלט א לייִדיקע באַן אין אָסטראָוועק און די קריסטן האָבן גלײַך געזאָגט, אַז ס'וועלן זיך אָנ־

הייבן די אַקציעס קעגן ייִדן. דעם 22סטן סעפּטעמ־בער, וואָס ס'איז געווען נאָך יום־כּיפּור, זענען דורכגעגאַנגען אין אָסטראָוועק פּוילישע פּרויען, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט שמוגלעריי און האָבן אונדז דערציילט, אַז ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די „אַקציעס" אין ווענגראָוו און אין אַלע שטעט־לעך פון ווענגראָווער פּאָוויאַט — און אַז אויך „מיר געפינען זיך שוין אויף דער ליסטע". טאַקע דע־מאָלט איז דאָס פאָרגעקומען די לעצטע „אַקציע" אין סטאָק און מײַן פאָטער האָט וועגן דעם גע־וווּסט, ווײַל ער איז געווען דאָזאָר פון דער סטאָ־קער קהילה. כ'האָב אים געפרעגט וואָס מיר דאַרפן טאָן, האָט מיר מײַן פאָטער געענטפערט, אַז ער ווייסט נישט וואָס אַזוינס מ'קאָן טאָן. ער איז גע־ווען בײַ דער מיינונג, אַז די עלטערע מענטשן דאַר־פן גיין אין וואַלד אַרײַן און מיר האָט ער געגעבן אַן עצה, אַז כ'זאָל גיין מיט דעם גלײַכן וועג. אָבער פאַר קיין פאַל נישט פאַרבלײַבן אין אָסטראָוועק — און ער האָט מיר דערבײַ אָנגעזאָגט, אַז אויב עס וועט מיר געלינגען זיך צו ראַטעווען און בלײַבן לעבן, זאָל איך שפּעטער פאָרן קיין אַרגענטינע, צו מײַן ברודער און שוועסטער און צו די אַנדערע לאַנדסלײַט און זיי דערציילן וועגן דעם „לעצטן גאַנג" פון די ייִדן פון סטאָק און פון דער אומ־געגנט, כאָטש ער האָט שטאַרק געצווייפלט אין דעם, צי ס'וועט ווער ס'איז, וועלן גלויבן אין אַלץ וואָס מ'וועט זיי דערציילן וועגן דעם אומקום. כ'בין אַוועק צו אַ באַקאַנטן „לעסניק" (וואַלד־היטער), וואָס איז גראָד געווען אַ „פאָלקס־דײַטש", כאָטש ער איז נישט געווען קיין שונא פון פּוילן. כ'בין בײַ אים געווען אין דעם טראַגישן טאָג פון 24סטן סעפּטעמבער 1942, און מיר האָבן געהערט שטאַר־קע שיסערײַען פון דער געגנט פון אָסטראָוועק און מ'האָט מיר דערציילט, אַז דעם גרעסטן טייל ייִדן האָט מען „אויפגעלאָדן" אויף דער טראַגישער קליי־דיקער באַן און אַז אויך אַ גרויסע צאָל ייִדן איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן אין די וועלדער, כאָטש די וועלדער נעבן אונדז זענען נישט געווען אַזעלכע גרויסע און אַ סך פון די אַנטלאָפענע ייִדן, זענען דערשאָסן געוואָרן בײַם פּרוּוון אַנטלויפן. איך האָב געפרעגט אויף מײַנע עלטערן — און פון אָנ־הייב האָט מען מיר געזאָגט, אַז מ'ווייסט גאָר נישט וועגן זיי, אָבער שפּעטער האָט מען מיר דערציילט דעם אמת אַז מ'האָט זיי דערשאָסן.

ס'איז מיר איצט אַליין שווער איבערצוגעבן דאָס וואָס כ'האָב איבערגעלעבט אין יענעם מאָ־מענט. כ'בין אַרויסגעלאָפן אויפן וועג און נישט געוווּסט וווּהין כ'לויף — און האָב בכלל נישט געוווּסט, וואָס אַזוינס ס'קומט פאָר מיט מיר. גיי־ענדיק האָב איך מיך געטראָפן מיט אַ באַקאַנטן, וואָס האָט מיך געפרעגט וווּהין איך גיי און כ'האָב אים געזאָגט, אַז כ'מוז גיין זען מײַנע עלטערן, לע־בעדיקע אָדער טויטע, האָט ער מיך געוואָרנט, אַז כ'זאָל נישט וואַגן גיין אין גיהנום אַרײַן — און אַז כ'וועל שוין במילא נישט קאָנען לעבעדיק מאַכן מײַנע טויטע עלטערן. דער באַקאַנטער מײַנער, וואָס איז, פאַרשטייט זיך, נישט געווען קיין ייִד, ווײַל ייִדן האָבן נישט געוואַגט זיך צו ווײַזן אין דער עפנטלעכקייט (אויף וויפל ייִדן האָבן בכלל זיך גע־קאָנט אַרומדרייען אין יענער צײַט), האָט מיך אַרײַנגעפירט אין אַ שטוב זיך אויסצובאַהאַלטן. שפּעטער האָט ער מיך אַוועקגעפירט צו אַ באַקאַנ־טער לערערין פון אַ פּוילישער „פּאָווּשעכנער" שולע, וואָס האָט זיך געפונען אין סאַדאָוונע, מיט וועמען כ'פלעג שפּילן צוזאַמען „ברידזש" און כ'האָב מיר געטראַכט, אַז די דאָזיקע לערערין וועט מיר העלפן, מיט וואָס ס'וועט איר מעגלעך זײַן.

כ'געדענק נאָך ווי איצט, ווען דער דאָזיקער באַקאַנטער האָט מיך שפּעטער איבערגעלאָזט אַליין בײַנאַכט אויף דעם שאָסיי, אין דער ריכטונג צו דער דאָזיקער לערערין — און כ'בין דאַן נישט געווען בײַ די קלאָרע געדאַנקען (אויב מ'קאָן בכלל באַצייכנען אַלס געדאַנקען, דאָס וואָס כ'האָב אין יענער צײַט געטראַכט) און כ'בין אַדורכגעגאַנגען אַ בריקל און מיט אַמאָל דערזען ווי ס'גייען אַרויס מענטשן. ס'איז נישט געווען קיין פראַגע פון גיין, אָדער אַנטלויפן צוריק — און כ'בין געווען זיכער, אַז די וואָס גייען מיר אַנטקעגן, זענען דײַטשן אָדער פּאָליאַקן, לסוף זענען דאָס געווען פיר ייִדישע ייִנג־לעך, וואָס האָבן זיך אַזוי געשראָקן פאַר מיר, פּונקט ווי איך פאַר זיי. אָבער ווען מיר האָבן זיך דערקענט, האָבן זיי מיר געראַטן, צו גיין אין די וועלדער און מעגלעך זיך דאָרטן טרעפן מיט פּאַרטיזאַנער. כ'האָב נאָך די לעצטע איבערלעבענישן, נישט געוואָלט גיין אין די וועלדער און ס'איז אויפגעקומען בײַ מיר אַ געדאַנק זיך צו דערשלאָגן קיין שעדלעץ. כ'בין אָבער פריער אָנגעקומען צו מײַן באַקאַנטער לע־

רערקע און זיך דאָרטן געטראָפן מיט פּאַליאַקן, וואָס זענען געווען קעגן ייִדן, כלומרשט צוליב דעם, ווײַל ייִדן האָבן באַהאַנדלט שלעכט פּאָליאַקן און זיי האָבן מיך געוואָלט אויסגעבן צו די דײַטשן, אָבער די לערערקע האָט דאָס זיי נישט געלאָזט און האָט צו מיר געזאָגט, אַז איך זאָל פאַרנעמען איר פּלאַץ אין דער שולע — און זי האָט מיר צוגעזאָגט אַז זי וועט אין אַ פּאָר טעג אַרום מיר קויפן אַ באַן־בילעט קיין שעדלעץ, אָבער דערווײַל האָב איך מיך געמוזט אויס־באַהאַלטן אין אַ מין גרוב ווו מ׳פלעגט האַלטן חזירים.

— 5 —

שפּעטער בין איך אַוועק צו דער באַן־סטאַנציע און אַנטקעגן מיר זענען אָנגעקומען דײַטשן, מיט אַ ייִדיש מיידל. אויף דער באַן־סטאַנציע איז פּונקט אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מיט טשעכישע ייִדן, וואָס האָבן מיטגעפירט שיינע וואַליזעס מיט פאַרבי־קע פּאַראַסאָלן —ווי עכטע טוריסטן— און זיי האָבן זיך געפרעגט, צי ס׳איז נאָך ווײַט צו דער „קאַלאָניע טרעבלינקע"...

אויף דער באַן־סטאַנציע פון סאַדאָווניע, האָט מיך באַגעגנט אַ פּוילישער באַן־מאַשיניסט, וואָס האָט מיך געראָטן צו זײַן מיט אים, זאָגנדיק דער־בײַ, אַז ס׳וועט זײַן בעסער פאַר מיר, אויב איך וועל זײַן מיט אים — כאָטש ער האָט מיר נישט געזאָגט די סיבה. זײַענדיק שטאַרק צערודערט פון דעם אַלעמען, און באַמערקנדיק זיצן אַ פּוילישן פּאָלי־ציאַנט, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט נעבן אים, ווע־לנדיק דורך דעם אָפּציִען אַלעמענס בליקן און אויפ־מערקזאַמקייט צו מיר און גלײַכצײַטיק צו פּרווון אַזוי אַרום, זיך שיצן קעגן „אַ בייז־אויג"... פון די דײַטשישע, אוקראַיִנישע און פּוילישע מערדער און דער אינסטינקטיווער פּרווו איז מיר טאַקע געלונ־גען. אַרויספאָרנדיק פון מאַלקין, האָבן די שמוגלערס געזאָגט, אַז מ׳זאָל פאַרמאַכן די פענצטער בײַם דורכפאָרן טרעבלינקע, ווײַל ס׳וועט זײַן אַ „סמרוד" (שטיקנדיקער ריח) און אַ קינד האָט זיך געפרעגט: פאַרוואָס? איך האָב מיך דאַן נישט געקאָנט באַהערשן און האָב מיך צעוויינט — און דאָס האָט מיך פאַר־ראַטן. ווען די באַן איז פאַרבײַגעפאָרן סאָקאָלאָוו, איז דאָס געווען נאָך אַן „אַקציע" און כ׳האָב גע־זען דעם אמתן חורבן; דאָס גאַנצע ביסל ייִדישע האָב און גוטס, בעטגעוואַנט, טשײַניקעס און אַנדע־רע זאַכן, האָבן זיך געוואַלגערט אויפן גאַס און עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן גענישטערט און געשלעפּט פאַרשידענע חפצים א״אַ צו זיך אַ היים. אײדער מיר זענען אָנגעקומען קיין שעדלעץ, האָט מיר אַ שמוגלער געוואָלט געבן אַריבערצו־טראָגן אַ געוויסע צאָל זאַכן, אָבער איך האָב מיך אָפּגעזאָגט און דערבײַ צוגעטראַכט אַז כ׳האָב אין שעדלעץ אַ קראַנקע שוועסטער וועלכע ליגט אין שפּיטאָל, צו וועמען כ׳דאַרף גיין וואָס שנעלער.

אין שעדלעץ האָב איך פאַקטיש געהאַט אַ באַ־קאַנטע, אָבער נישט געוווּסט איר גענויעם אַדרעס און דערצו בין איך אָנגעקומען קיין שעדלעץ, שוין נאָך דער „פּאָליציי־שעה" — ווען מ׳האָט נישט געטאָרט אַרויסגיין אין גאַס, אָן אַ ספּעציעלער דער־לויבעניש. איך האָב אָבער נאָך אַ זוכעניש זיך דער־פרעגט צו דער באַקאַנטער, וואָס האָט מיר דער־לויבט צו זײַן אַ פּאָר טעג בײַ איר און זי האָט מיר געקויפט אַ ספּעציעלן הוט מיט אַ טול איבערן פּנים, כדי אויסצומײַדן מער ווי אַן „אַריערן" און אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זי מיר געהייסן אָפּפאָרן קיין וואַרשע.

אין וואַרשע האָב איך געהאַט נאָך ווייניקער מעגלעכקייטן. מײַנע צוויי באַקאַנטע זענען דאָרטן געווען: איינע אַ פּוילישע שמוגלערקע, וואָס איז פריִער געווען אַ פּראָסטיטוטקע און אַ צווייטער איז געווען אַ לערער וואָס האָט געהאַט אַ פרוי — אַ סך עלטער פון אים— וואָס איז געווען גוואַל־דיק אייפערזיכטיק און כ׳האָב אויסגעוויילט די שמוגלערקע, וואָס האָט גראָד געוווינט נעבן דעם געטאָ־מויער — און זי האָט אַלעמען געזאָגט, אַז כ׳בין אירע אַ קוזינקע. אין אַ פּאָר טעג שפּעטער, איז געקומען אַ בעקער פון אָסטראָוועק, וואָס האָט זיך געמאַכט, אַז ער קען מיך נישט — און אַלץ איז אַדורך בסדר.

ס׳האָט זיך פאַרענדיקט דאָס געלט וואָס כ׳האָב פאַרמאָגט און כ׳האָב מיך דערמאָנט אין דעם באַ־קאַנטן לערער און בין אַוועק אויף דער פּאָסט און אויפן וועג זיך געטראָפן מיט די דרײַ ברידער ראַדזשישעווסקי, וואָס האָבן זיך געמאַכט, אַז זיי קענען מיך נישט. כ׳האָב גערעדט צום לערער וואָס האָט מיר געבראַכט דרײַ טויזנט זלאָטעס און כ׳בין אַוועקגעפאָרן קיין סקיערניעוויץ, זשיראַרדאָוו — און כמעט אומעטום האָט מען אויף מיר דערקענט, אַז כ׳בין אַ ייִדישע.

איך האָב אין ערגעץ נישט געפונען קיין רו — אויב מען האָט בכלל געקאָנט רעדן אין יענער צײַט וועגן אַ „רו" פאַר אַ ייִדן — און האָב מיך צוריק אומגעקערט קיין וואַרשע, ווו מען האָט שוין אויך געפילט, אַז עס „ברענט אונטער די פיס", פאַר דעם קליינעם ביסל ייִדן, וואָס זענען נאָך געבליבן לעבן און האָבן געאַרבעט אין וואַרשע. אין וואַרשע האָב איך מיך געטראָפן מיט יוסטינאַ לעווענשטיין, וואָס איז געווען די שוועגערין פון דעם פאַבריקס־דירעקטאָר פון אָסטראָוועק. זי האָט מיך מיטגענו־מען מיט זיך, מיר אײַנגעקויפט פאַרשידענע זאַכן און האָט אויסגעפונען, אַז איך זע אויס ווי אַן עכטע פּאַליאַטשקע...

און מיט די דאָזיקע נײַע בגדים מײַנע — און מיט אַ פאַלשן פוילישן דאָקומענט — בין איך אַוועק אין אַ ביוראָ אויף נאָווי־שוויאַט, וואָס האָט פאַרשריבן אַרבעטער צו פאָרן אַרבעטן קיין דײַטש־לאַנד; עס האָט זיך מיר געוואָלט זײַן בײַם לייב „אין פיסק". די פוילישע אָנגעשטעלטע פון דער דאָזיקער ביוראָ, האָבן אַ ביסל געצווייפלט וועגן מײַן „פוילישקייט" און איך האָב געהערט ווי איי־נער האָט געזאָגט צום צווייטן, אַז „זאָל זי אַרײַנ־פאַלן בײַ זיי אַליין!" און מען האָט מיך פאַרשריבן אויף צו פאָרן אַרבעטן קיין דײַטשלאַנד.

אָבער דאָס איז שוין אין גאַנצן אַן אַנדער קאַ־פּיטל, וועגן וועלכן מען וועט אפשר דאַרפן דער־ציילן בײַ אַ צווייטער געלעגנהײַט. עס וועט אָבער זײַן גענוג איבערצוגעבן, אַז עס איז מיר דאָרטן געלונגען איבערצולעבן די שוידערלעכע צײַט און דערלעבן די דײַטשע מפלה און צו קאָנען דערציי־לן, פאַר די סטאָקער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע, עפּעס פון דעם וואָס איך האָב געוווּסט וועגן די לעצטע טעג פון אונדזער אַמאָליקער היימשטאָט און אויך צו דערציילן עפּעס פאַר דעם דאָזיקן יזכור־בוך, וואָס איז אַ באַשיידענער און סימבאָ־לישער אָנדענק נאָך אונדזער געוועזענער היימ־שטאָט.



מאַליע מאַלישעוויטש־טרוינע / ב׳ איירעס

# ווי אַזוי איך האָב מיך נעראַטעוועט פון אייניקע „אַקציעס״

צײַטנווײַז ווען איך הויב אָן צו דערציילן וועגן געוויסע זאַכן, וואָס זענען מיט מיר פאָרגעקומען אין די צײַטן פון דער נאַצי־הערשאַפט, בין איך טיף איבערצײַגט, אַז נישט אַלע וואָס הערן מיך אויס גלויבן אין דעם אַלעמען, ווײַל איך גופא, גלויב שוין אַליין נישט אין דעם, אַז אַזעלכע זאַכן האָבן געקאָנט מיט מיר, אָדער מיט וועמען עס איז אַנדערע, באמת האָבן פאָרגעקומען.

אָבער צום באַדויערן זענען דאָס אַלץ פאַקטן, וואָס איך אַליין האָב דורכגעמאַכט, און טאַקע דערפאַר ווײַל זיי זעען אויס אומגלויבלעך, איז נייטיק מען זאָל וועגן דעם דערציילן און באַקאַנט מאַכן אַלעמען וואָס קאָנען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, אַז אַזוינס האָט געקאָנט פאָרקומען; אַז עס האָבן געקאָנט זײַן אַזעלכע חיות אין מענטשלעכן געשטאַלט, וואָס האָבן געקאָנט צוטראַכטן אַזעלכע פּײַניקונגען קעגן זייערע מיטמענטשן און אויך אַז עס האָבן געקאָנט זײַן אַזעלכע קרבנות, וואָס האָבן דאָס באַוויזן איבערצוטראָגן — כאָטש צום באַדויערן האָבן דער גרעסטער טייל פון זיי טאַקע דאָס נישט איבערגעטראָגן און זענען אַוועק אויף דעם טרויעריקן און אייביקן וועג פון אונדזערע זעקס מיליאָן קדושים.

אויף אַ צווייטן פלאַץ פון אונדזער יזכור־בוך, האָב איך שוין דערציילט דערפון, אַז אין פאַרלויף פון מײַנע וואַגלענישן אין דער צײַט פון דער מלחמה האָב איך מיך געפונען אין דעם קליינעם גאַליצישן שטעטל באָריסלאַוו, וואָס איז געווען די שטאָט פון פעטראָל, וויל איך דאָ איבערגעבן אייניקע עפּיזאָדן פון מײַן וואַלגערן זיך דאָרטן אין פאַרשידענע באַהעלטענישן און לאַגערן און אויך וועגן דעם, ווי אַזוי איך האָב מיך געראַטעוועט פון אייניקע „אַקציעס״.

אַוודאי איז דאָס שרײַבן און דערציילן וועגן דעם אַ סך לײַכטער ווי דאָס איבערצולעבן — כאָטש עס איז זייער שווער אַלצדינג איבערצוגעבן אַזוי ווי די זאַכן זענען פאָרגעקומען, ווײַל איך בין דאָך נישט קיין שרײַבערין און נישט קיין פעדער־מענטש. און אָפטמאָל ווען איך הייב אָן צו דערציילן פון איין זאַך, קומען בײַ מיר אין געדאַנק אויף אַזוי פיל איבערלעבונגען, אַז איך פאַרגעס פּשוט בײַ וואָס איך האַלט. און איך וועל מיך באַמיִען איבערצוגעבן די זאַכן אַזוי ווי איך געדענק זיי און אַזוי ווי די זאַכן זענען בײַ מיר פאַרבליבן אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין באָריסלאַוו, האָבן זיך דאָרטן שוין געפונען די דײַטשן (און ווו האָבן זיי זיך נישט געפונען?) און ווי זייער שטייגער איז געווען, האָבן זיי אומעטום פאַרפאָלגט די ייִדן אויף די שוידערלעכסטע אופנים. איך האָב שוין אין מײַן פריערדיקער באַשרײַבונג דערציילט, ווי איך האָב איבערגעלעבט אַן אָפּענעם פּאָגראָם און אויך 12 „אַקציעס״, ביז איך בין אָנגעקומען קיין אָשוויענטשים. „אַקציעס״ האָבן די דײַטשן אָנגערופן, ווען זיי האָבן געכאַפּט ייִדן און זיי געפירט אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן, אָדער זיי פּשוט געפירט אין די דערבײַיקע וועלדער, ווו יעדער איינער האָט זיך געדאַרפט אויסגראָבן אַ גרוב, אין וועלכע מען האָט די ייִדן דערשאָסן. און דאָס האָט מען אָפט מאָל געטאָן מיט אַ סך סאַדיסטישע „אײַנפאַלן״.

נאָך די אַלע „אַקציעס״ האָבן די דײַטשן געצוווּנגען אַלע ייִדן צו פאַרלאָזן זייערע היימען און מען האָט זיי קאָנצענטרירט אונטערן שטאָט אין קאַזאַרמעס, (אָדער ווי זיי האָבן דאָס אָנגערופן „קאַשאַרן״). דאָרטן זענען געווען קליינע צימערלעך אין וועלכע זיי האָבן פאַרטיילט צו 3 אָדער 4 פּערזאָן אין יעדן צימערל. איך ווייס נישט וויפל קוואַדראַט מעטער עס האָט געהאַט אַזאַ צימערל — איך ווייס בלויז, אַז פיר מענטשן זענען געווען צופיל פאַר אַזאַ צימערל און עס איז ממש נישט געווען ווו זיך אויסצודרייען, אָבער דאָרטן האָט מען געמוזט „לעבן״ אונטער דער אויפזיכט פון דער געסטאַפּאָ. זיי האָבן געפירט צו און פון דער אַרבעט.

דערנאָך האָט מען גענומען מורמלען, אַז זיי וועלן ליקווידירן אַלע פרויען און קינדער, ווײַל פון זיי האָבן די נאַציס נישט קיין סך נוצן — און זיי וועלן איבערלאָזן בלויז די וועמען זיי דאַרפן האָבן צו דער אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז די וועלכע האָבן געהאַט מעגלעכקייטן, האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוזוכן זייערע פרויען און קינדער און זיי זיך באַמיט צו באַהאַלטן, ווו מען האָט נאָר געקאָנט — כאָטש אַזעלכע מעגלעכקייטן זענען געווען ווייניקע.

איך בין דאָרטן געווען אַ פרעמדע און האָב אויך

נישט געהאַט קיין מאַטעריעלע מעגלעכקייטן, און איך האָב מיך געמוזט פאַרלאָזן בלויז אויף גאָטס נסים און זעט אויס, אַז גאָט האָט מיך נישט פאַרלאָזט, און די ייִדן מיט וועמען איך בין געווען האָבן געמאַכט אין צימערל אַ דאָפּלטן סופיט און אײדער זיי זענען אַוועק צו דער אַרבעט, האָב איך מיך דאָרטן אַרײַנגערוקט און דאָרטן געלעגן, ביז זיי זענען צוריקגעקומען.

דאָס ליגן דאָרטן איז זיך נישט געווען פאָרצושטעלן. איך אַליין ווייס נישט ווי שטאַרק איך בין געווען אויף צו קאָנען דאָס אויסהאַלטן. דערצו איז דאָס פלאַץ געווען זייער אַ נידעריקער און די וואַנצן (זאָלן מיר מײַנע לייענער מוחל זײַן, פאַרוואָס איך דערצייל וועגן דעם), האָבן אַזוי געביסן, אַז כ׳בין געווען אין גאַנצן געשוואָלן; עס איז נישט געווען בײַ מיר אויף מײַן לײַב קיין פלאַץ, וואָס זאָל נישט זײַן צעביסן — אָבער עס איז אַלץ געווען בעסער, ווי דערשאָסן צו ווערן דורך די דײַטשן.

*

שפּעטער איז געקומען נאָך אַ שווערערע צײַט פאַר אונדז. אין איינעם אַן אין דער פרי, איז אַנשטאָט אונדז צו פירן צו דער אַרבעט האָבן די דײַטשן גענומען צו טרײַבן אַלע אויף אַראָפּ — און מיר אַלע האָבן שוין פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדײַט — און איך האָב נישט באַוויזן אַרײַנצוקריכן אין מײַן באַהעלטעניש און לויפנדיק אַראָפּ, איז מיר אײַנגעפאַלן, אַז מען דאַרף אַנטלויפן, אָבער וווּהין און ווי אַזוי? בין איך געלאָפן אין אַ זײַט פון הויף און צוגעלאָפן צום פאַרקאַן. און ביז הײַנט צו טאָג ווייס איך נישט ווי אַזוי איך בין געווען אַזוי פלינק און בין אַריבערגעשפּרונגען דעם פאַרקאַן, וואָס איז אמתדיק נישט געווען קיין זייער הויכער, אַבער איך מיין, אַז ער האָט געהאַט בײַ די צוויי מעטער די הייך.

ווי אַזוי איך בין אַרויפגעקראָכן און אַראָפּגעשפּרונגען, געדענק איך נישט ביז איצט. איך געדענק בלויז, אַז איך בין דורכגעלאָפן די גאַס הינטער אַ וועג וואָס האָט געפירט צו אַ וואַלד און לויפנדיק האָב איך אָנגעטראָפן אַ ייִד, וואָס איז אויך געלאָפן. בין איך שוין צופרידן און לויף אים נאָך. אָבער ווען מיר זענען שוין געווען אַ ביסל ווײַט פון דער שטאָט, זאָגט צו מיר דער ייִד: ווּו לויפט איר? ענטפער איך אים, אַז איך ווייס נישט, איך קען נישט דעם וועג. איך ווייס בלויז אַז עס איז געווען אַן „אַקציע״ בין איך אַנטלאָפן געוואָרן — און לאָזט מיך גיין מיט אײַך.

נעמט דער ייִד שרײַען אויף מיר: וואָס הייסט? איך לויף אויף אַ באַשטימטן פלאַץ. איך האָב שוין דאָרטן באַצאָלט און מען וועט מיך דאָרטן באַהאַלטן! איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען און האָב אים דערציילט, אַז איך האָב דאָ נישט קיינעם, איך בין דאָ אַ פרעמדע און האָב נישט קיין געלט — און לאָזט מיך גיין מיט אײַך! איך זאָג אים צו אַז איך וועל מיך פאַררוקן אין אַ ווינקעלע און די מענטשן וועלן אים גאָר נישט זאָגן. אָבער דער ייִד וויל פון דעם נישט הערן און שרײַט מיר פאַרוואָס איך האָב מיך אָנגעטשעפּעט אין אים און אַז צוליב מיר וועט מען אים אויך דערהרגענען.

איך האָב דאָס פאַרשטאַנען, אָבער די מורא פאַרן טויט איז בײַ מיר געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב מיך נישט געוואָלט לאָזן צוהערן צו זײַנע רייד און איך בין ווײַטער נאָכגעלאָפן — איך האָב אים נישט געוואָלט פאַרלירן פון דעם אויג. די וועגן זענען דאָרטן געווען גליטשיקע און פעטע פון דעם פּעטראָל, בין איך אַ סך מאָל געפאַלן און דער ייִד איז דערווײַל אָפּגעלאָפן אַ גרויסן שטיק וועג, אָבער איך האָב מיך אַלע מאָל אויפגעהויבן און אים אָנגעיאָגט. אָבער איך בין שוין געווען זייער מיד און אַזוי לויפנדיק, בין איך אַרײַנגעפאַלן אין אַ גרוב, ווו עס איז געווען פּעטראָל, כאָטש נישט קיין שטאַרק טיפער.

מילא, מײַן געוויין איז נישט איבערצודערציילן. עס איז מיר אָנגעקומען גענוג שווער, ביז איך בין אַרויסגעקראָכן פון גרוב און איך קוק מיך גוט אַרום —און מײַן ייִד איז שוין פאַרשוווּנדן און מײַנע האָפענונגען זענען צעשוווּמען געוואָרן— און דער ייִד איז פון מיר פּטור געוואָרן.

איך שטיי און איך קוק און איך ווייס נישט ווו איך בין, און אין מײַן צעטראָגנקייט רעד איך צו מײַן פאַרשטאָרבענער מאַמען, אפשר וועט זי מיר העלפן. איך גיי און איך פאַל פון די פיס, האָב איך מיך אַוועקגעלייגט אונטער אַ בערגל, זיך גוט אײַנגעקורטשעט און זיך אַרומגעדעקט מיט אַ פאָר צווײַגן און אַזוי אַרום געלעגן. מיט אַ מאָל הער איך ווי מען גייט, בין איך שוין געווען זיכער, אַז מען קומט מיך דאָ הרגענען. אָבער ווי גרויס איז געווען מײַן איבעראַשונג און פרייד, ווען איך האָב דערהערט אַז מען רעדט ייִדיש. פאַמעלעך האָב איך פון מיר אַראָפּגענומען די צווײַגן און זיך גוט צוגעקוקט

און געזען אַז נישט ווײַט פון מײַן „באַהעלטעניש" אַרבעטן ייִדן. איך בין צוגעגאַנגען צו זיי און זיי אַלץ דערציילט, וואָס עס האָט הײַנט פּאַסירט מיט מיר. זיי האָבן מיר געגעבן אַ ביסל טיי און אַ שטיקל ברויט און האָבן מיר געזאָגט, אַז איך וועל אַרײַנגיין מיט זיי אין דעם „ווײַסן הויז", וווּ זיי האָבן געוווינט.

דאָרטן האָבן געוווינט אַ קליינע צאָל ייִדן מיט זייערע משפחות, וועלכע האָבן געהאַט ספּעציעלע לעגיטימאַציעס, וואָס זיי האָבן געטראָגן ווי זשעטאָנען אין זייערע קלאַפּעס, ווי עס האָט זיך געזאָגט „ניצלעכע ייִדן" און זיי האָט נישט געהיט די געסטאַפּאָ. דאָס הויז איז געווען געשמירט אויף ווײַס און דערפֿאַר האָט מען דאָס גערופֿן „דאָס ווײַסע הויז".

זיי האָבן מיך מיטגענומען מיט זיך און איך האָב מיך געפֿילט אַ גליקלעכע. אָבער ווען דער הויפּט־אויפֿזעער פֿון דער גרופּע האָט מיך דערזען (אגב אויך אַ ייִד), האָט ער גענומען שרײַען אויף מיר, אַז איך זאָל שוין אַוועק, ווײַל איך געהער נישט צו זיי און אויב עס וועט אַרײַנפֿאַלן ווער פֿון דער געסטאַפּאָ, זענען זיי אַלע פֿאַרלוירן. איך האָב געוווּסט, אַז ער איז גערעכט. איך האָב אָבער געזען אַז ער שטופּט מיך ממש צום טויט. איך האָב דאָך פֿאָרט נישט וועלן צו גיין — כאָטש גיי אַרויס אויפֿן גאַס און זאָג צו דער געסטאַפּאָ, אַז איך בין אַ „יודע" און ער וועט מיך שוין זיכער „אויסלייזן" פֿון דעם לעבן. אָבער דאָס האָב איך פֿאַר קיין פֿאַל ניט געוואָלט.

האָב איך געבעטן בײַ דעם אויפֿזעער, אַז ער זאָל מיך לאָזן דאָ פֿאַרבלײַבן ביז בײַנאַכט, ווען עס וועט ווערן פֿינצטער, וועל איך דאַן אַוועקגיין — און איך האָב געוואָלט געווינען צײַט צו קאָנען עפּעס צוטראַכטן וואָס צו טאָן. און אַזוי איז פּאַקטיש געווען. איך האָב מיך דערווײַל גוט אַרומגעקוקט און געפֿונען אין הויז אַ קעמערל, ווו עס זענען געלעגן זעק מיט ביסלעך קאַרטאָפֿל, מיט קוילן און סתם שמאַטעס. בײַנאַכט האָב איך געבעטן אַ פּאָר שטיקלעך ברויט און געזאָגט אַז איך גיי אַוועק — און איך בין אַרײַן אין דעם קעמערל, זיך אַרײַנגערוקט אין אַ ווינקל און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און זיך צוגעדעקט מיט אַ זעקל ווו עס איז אינעווייניק געלעגן אַ ביסל קאַרטאָפֿל.

איך בין איבערגעלעגן די נאַכט, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן צו זײַן אַן אייביקייט. אין דער פֿרי איז אַרײַנגעקומען אַ מיידל מיט אַ שיסל וואַסער זיך אָפּצוּוואַשן, האָט זי די שיסל וואַסער אַרויפֿגעשטעלט אויפֿן זעקל מיט די קאַרטאָפֿל, מיט וועלכע איך בין געווען צוגעדעקט. איך בין נאָך הײַנט זיכער, אַז דאָס האַרץ האָט זיך מיר דאַן אָפּגעשטעלט. דאָס מיידל האָט זיך אָפּגעוואַשן, צוגענומען די שיסל און אַוועקגעגאַנגען — און איך האָב געפֿילט ווי איך האָב צוריק אָנגעהויבן צו אָטעמען.

אַזוי בין איך דאָרטן געלעגן דרײַ טעג און קיינער האָט נישט געוווּסט. אויפֿן פֿערטן טאָג, הער איך שרײַען, אַז דאָס „ווײַסע הויז" איז אַרומגעשטעלט מיט געשטאַפּאָ־אַגענטן. און באַלד הערן זיך זייערע געשרייען, אַז אַלע זאָלן אַרויס און ווער עס וועט בלײַבן, וועט באַלד דערשאָסן ווערן. איך בלײַב אַ פֿאַרגליווערטע און איך טראַכט, אַז איצט איז שוין טאַקע דער סוף און עס וועלן דאָ מער נישט בלײַבן קיין ייִדן. און עס קומט בײַ מיר אַרויף דער געדאַנק פֿון פּרוּוון ווײַטער אַנטלויפֿן. אפשר וועט מיר פֿאָרט געלינגען זיך צו ראַטעווען אין דעם גאַנצן טומל. איך לויף דעריבער אַרויס אויף דער גאַס, דורך אַן אונטערגאַס — און לויף צו אַ וועג וואָס פֿירט צו אַ וועלדל און קריך אַרײַן צווישן די ביימער און קורטשע מיך אײַן אין דרײַען און זיץ אויף אַזאַ אופֿן אין געהאַקטע ווונדן, און הער די געשרייען פֿון די ייִדן, און להבדיל פֿון די געשטאַפּאָלײַט, וואָס ריטשען, אַז ווו עס איז נאָר פֿאַראַן אַ ייִד זאָל וואָס שנעלער אַרויסקומען.

און אַזוי בין איך דאָרטן איבערגעזעסן, ביז די „אַקציע" האָט זיך פֿאַרענדיקט און איך בין פֿון דאָרטן אַרויס.

*

איך בין פֿון דאָרטן אַרויס — אָבער וווּהין גייט מען? עס דרייט מיר דער קאָפּ, עס שווינדלט מיר אין די אויגן און איך גיי נישט ווייסנדיק וווּהין. און אָט דערזע איך נעבן מיר אַ שטוב און אין גאָרטן בײַ דער שטוב שטייט אַ קריסטין און אַרבעט. בין איך צוגעגאַנגען צו איר און איר געזאָגט: אפשר ווילסטו, אַז איך זאָל דיר אין עפּעס העלפֿן? זעט אויס אַז זי האָט פֿאַרשטאַנען ווער איך בין און אויך מײַן געמיט און זי האָט מיר געזאָגט: קום אַרײַן, איך ענדיק שוין מײַן אַרבעט; איך פֿאַרשטיי, אַז דו ביסט אַ ייִדישע. און זי דערציילט מיר אַז מען האָט הײַנט אַרויסגענומען אַלע ייִדן פֿון „ווײַסן

הויז". אָבער זי האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל קיין מורא נישט האָבן, ווײַל זי וועט מיך אויסבאַהאַלטן בײַ איר אין שטוב (איז ווי זאָל איך נישט זײַן זי־כער, אַז מײַן מאַמע האָט מיך אָפּגעהיט?). איך בין אַרײַן צו איר אין שטוב. זי האָט מיר געגעבן אָפּצו־עסן און אין אַ ווינקל ווו עס איז געשטאַנען אַ שפּיגל, האָט זי אים אָפּגערוקט און געעפנט אַ טירל אין דער פּאָדלאָגע, וואָס האָט אָנגעוויזן אויף דעם, אַז דאָרטן איז שוין געווען ווער פריִער פאַר מיר און האָט מיר געהייסן אַראָפּגיין אונטן. זי האָט מיר געגעבן אַ קריגל מיט וואַסער און אַ האַנטוך און געהייסן דאָרטן פאַרבלײַבן.

בײַ אונדז האָט אַזאַ פּלאַץ געהייסן „אונטער דער „פּאָדוואָלינע" און מיר אַלע וויסן די „הויך" פון אַזאַ „פּאָדוואָלינע", וואָס איז געווען ביז צו דער פּאָדלאָגע — און איך האָב דאָרטן געדאַרפט ליגן און קריכן אויפן בויך. ברויט מיט וואַסער האָב איך שטענדיק געהאַט און איין מאָל אין טאָג, האָט די פרוי מיר געגעבן אַ ביסל זופּ. און איין מאָל אין וואָך, זונטיק אין דער פרי, ווען די משפחה־מענטשן זענען אַוועק אין קלויסטער, האָט זי מיך אַרויפגענומען אין שטוב, איך זאָל מיך אַ ביסל אַרומוואַשן און טוישן די וועש.

איך בין געווען גליקלעך מיט מײַן לאַגע: אַבי מען לאָזט מיך דאָ זײַן און איך האָב געהאָפט, אַז עס וועט זיך פאַרט ענדיקן די מלחמה. עס איז זייער שווער איבערצודערציילן ווי אַזוי איך האָב דאָרטן איבערגעלעבט בײַ די דרײַ חדשים. די טעג זענען געווען ענלעך צו די נעכט. די פרוי האָט מיר געגעבן אַ ביסל שטרוי און אויף דעם בין איך די גאַנצע צײַט געלעגן. פון צײַט צו צײַט, האָט אַהין אַרײַנגעשײַנט אַ שטראַל ליכט פון דער זון דורך אַ קליינעם קראַט, וואָס עס איז געווען אין דער וואַנט פון דער פּאָדוואָלינע. איך פלעג אַמאָל אויך באַמערקן, דורך די קראַטן, ווי אַ הונט איז דורכגעלאָפן, פלעג איך בײַ מיר טראַכטן, אַז מײַן מאַמע פלעגט אַמאָל זאָגן, אַז גאָט קאָן אַלץ מאַכן, טאָ פאַרוואָס זאָל ער נישט מאַכן, אַז איך זאָל ווערן אַ הונט, ביז די מלחמה וועט זיך פאַרענדיקן — און איך זאָל קאָנען אַרומלויפן פרײַ און נישט ליגן דאָ, ווו די מײַז זענען אַרומגעלאָפן אַרום מיר — און איך האָב זיי געטריבן מיט דעם האַנטוך, שרײַען האָב איך דאָך נישט געטאָרט.

אָבער אַלצדינג ענדיקט זיך. און איין מאָל הער איך ווי מײַן קריסטין קריגט זיך מיט איר מאַן זייער שטאַרק. נעמט מיר מײַן האַרץ זייער שטאַרק קלאַפּן און איך קריך צו צום טירל און הער זיך נאָך שטאַרקער צו צו די געשרייען. דער מאַן איז חושד געווען דער פרוי, אַז זי פאַרראַט אים — און צוליב דעם האָט ער אויסגעשריגן — איך וועל דיך אָנ־לערנען! איך גיי גלײַך אַוועק צו דער געסטאַפּאָ און וועל דערציילן, אַז דו באַהאַלטסט בײַ זיך אַ יידישקע!

איך מוז דערבײַ זאָגן, אַז איך האָב מיך דעמאָלט איבערצײַגט אין דער ריכטיקייט פון דעם יידישן זאָג, אַז: „פאַר קיין צרות שטאַרבט מען נישט" און דער בעסטער באַווײַז דערפון איז געווען דאָס וואָס איך בין דעמאָלט נישט געשטאָרבן פאַר שרעק. איך האָב אויך געהערט ווי זי וויינט און בעט זיך בײַ אים: „וואָס האָסטו צו דער אָרעמער יידישקע? דו האָסט דאָך טענות צו מיר?" און אויב דו ווילסט נישט, וועט זי אַוועקגיין פון דאַנען נאָך הײַנט בײַ־נאַכט. אָבער דערווײַל לאָז זי צורו. איך האָב אויך געהערט ווי ער האָט געזאָגט צו דער פרוי: „איך האָב רחמנות אויף דער „זשידוווקע" און ניט אויף דיר, אָבער זאָל זי אַוועקגיין, ווײַל אויב נישט איז אויך אונדזער לעבן אין געפאַר".

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווי די פרוי האָט געעפנט דאָס טירל פון מײַן באַהעלטעניש און מיר איבערגעגעבן אַלץ וואָס עס איז געשען און מיר געזאָגט, אַז איך מוז אַוועקגיין נאָך הײַנטיקע נאַכט. דאָ איז שוין נישט געווען וואָס אָפּצובעטן און אַרום פיר אַזייגער פאַרטאָג, האָט זי מיך אַרויפגערופן און האָט מיר געגעבן אַ פאַר שטיקלעך ברויט; זי האָט שטאַרק געוויינט און זיך צעקושט מיט מיר און מיך באַגלייט צו אַן אונטערוועג — און זי איז פאַרשוווּנדן.

*

איך גיי, אָבער איך ווייס נישט ווו און אַזוי ווי איך גיי קומט מיר אַנטקעגן אַ קריסט אין אַרבעטס־מלבושים און זאָגט צו מיר: „וווהין גייסטו? (זעט אויס אַז ער האָט דערקענט אין מײַן פנים, ווער איך בין) דערציייל איך אים, אַז איך גיי און ווייס נישט וווהין. זאָגט ער צו מיר ווײַטער: „דו גייסט דאָך אין פײַער אַרײַן, צו די קאַשאַרן — און דאָרטן איז איצט אַן „אַקציע" און מען פירט פון דאָרטן אַרויס אַלע יידן. איז וווהין שטופּסטו זיך גלײַך צום טויט?"

ווער איך נאָך מער דערשראָקן און איך ווייס נישט צי זאָל איך אים גלייבן און איך ווייס נישט

וואָס אים צו זאָגן. אָבער איך האָב אָנגעהויבן צו וויינען און דערציילן אים וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט און דעריבער ווייס איך נישט ווו איך גע־בין מיך. ער האָט מיך באַרויִקט און געהייסן אויפ־הערן צו וויינען, נאָר גיין גלייַך נאָך אים — נאָר רעד גאָר נישט צו מיר, ביז איך וועל רעדן צו דיר.

איך האָב אים געפאָלגט און אַזוי געטאָן, כאָטש אין מייַן קאָפּ איז דורכגעגאַנגען אַ געדאַנק, אַז ער אַוייך וועט מיך אַ ביסל שפּעטער דערהרגענען, ווייַל עס זענען געווען אַ סך אַזעלכע פאַלן. אָבער איך האָב דאָך נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און בין אים נאָכגעגאַנגען אַלע מאָל וואָס טיפער אין וואַלד, ווו מען האָט נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש — און ער גייט נאָך אַלץ, ביז מען איז אָנגעקומען צו זייער אַ געדיכטן וואַלד און ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן צו מיר און מיר געזאָגט, אַז איצט קאָן איך שוין רעדן צו אים. און ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיך צופירן צו אַ פּלאַץ ווו איך וועל טרעפן אַ סך יידן, וואָס באַהאַלטן זיך דאָרטן אויס.

וואָס אַן אמת האָב איך אים נישט צופיל גע־גלייבט און איך האָב געמיינט, אַז ער וועט מיר אָפּהאַקן דעם קאָפּ ווי עס האָבן דאָס געטאָן אַ סך אוקרייַנער און פּאָליאַקן אין די וועלדער, ווען זיי האָבן געטראָפן יידן. אָבער איך האָב שוין דעמאָלט נישט געקאָנט טראַכטן וועגן פּרווון אַנטלויפן און איך האָב געוואַרט, אויף דעם וואָס עס וועט געשען ווייַטער.

און ווי דערשטוינט בין איך געוואָרן, ווען ער האָט מיך צוגעפירט צו אַזאַ געבייַדע פון פּעטראָל און האָט געעפנט די טיר און דערציילט די וואָס האָבן זיך געפונען אינעווייניק, אַז ער האָט מיך גע־טראָפן ווי איך בין געגאַנגען גלייַך צו דער געסטאַ־פּאָ אין פּיסק אַרייַן — און ווי אַזוי ער האָט מיך פון דאָרטן אַוועקגענומען. און ער האָט דערבייַ גע־זאָגט צו די וואָס זענען דאָרטן געווען: נעמט זי צו אייַך זאָל זי זייַן מיט אייַך, ווו איר וועט זייַן, וועט זי אויך זייַן — ווייַל זי איז זייער דערשראָקן.

ווער קאָן זיך פאָרשטעלן מייַן דעמאָלסטיקע פרייד? ווייַל דאָס איז פאָרגעקומען אין אַ מאָמענט, ווען איך האָב געטראַכט אַז אַלצדינג איז שוין פאַר־ענדיקט — און איצט לעב איך ווייַטער און האָב זיך דערוווּיַל געראַטעוועט און וואָס עס וועט זייַן ווייַ־טער, וועט מען שפּעטער טראַכטן. און אַזוי בין איך דאָרטן געווען מיט אַלע, ביז די „אַקציע” האָט זיך פאַרענדיקט. דערנאָך זענען אַלע געגאַנגען צו די פּלעצער ווו זיי האָבן געאַרבעט און איך האָב מיך צוגעטשעפּעט צו זיי אויף צו קאָנען אַרייַנגיין אין זייערע קאָשאַרן, ווו מען האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ לעגיטימאַציע.

אָבער דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט און מען האָט אַלעמען — און אויך מיך — אַוועקגענומען קיין אָשוויענטשים. אָבער וועגן דעם האָב איך באַזונ־דערס דערציילט אויף אַ צווייטן פּלאַץ אין דאָזיקן יזכור־בוך.



י. צודיקער*

# וואָס רחל אַסטשעגאַ דערציילט וועגן מײַדאַנעק, אָשוויענטשים און איר באַפרײַונג

## אין מענטשלעכן גיהנום — מײַדאַנעק

אין אַ ווינקל פון „קרוין פוילן" געפינט זיך אַ שטילע, פון קיינעם נישט באַמערקטע געגנט, אַ געגנט וואָס איז ביז איצט גאָר ווייניק דערמאָנט געוואָרן אין דער געשיכטע פון פוילן, נאָך ווייניקער אין דער יידישער געשיכטע פון פוילן, אַ געגנט וואָס איז נישט באַזונגען געוואָרן דורך קיין איין פוילישן פּאָעט — אַ געגנט וואָס האָט פאַר דער אויסערן וועלט כמעט נישט עקזיסטירט.

פאַר דער מלחמה איז דאָרטן געווען אַ פּריצישער שלאָס ווו עס האָט געהערשט אַ פּאַטריאַרכאַלער פוילישער שליאַכטשיץ. די גאַנצע געגנט איז געווען אַרומגעקרײַזט מיט געדיכטע אוראַלטע וועלדער.

און דאָרטן אין יענעם רויקן, געמיטלעכן ווינקל, וואָס איז ווי באַשאַפן געוואָרן פאַר נזירים און פאַרליבטע, דאָרטן איז אַ מאָרד־פאַבריק אויפגעשטעלט געוואָרן, אַ מאָרד־פאַבריק פאַר מיליאָנען יידן פון פוילן און אַנדערע לענדער.

מײַדאַנעק האָט געהייסן די דאָזיקע שוידערלעכע מאָרד־פאַבריק.

אַהין פלעגן טאָג־טעגלעך פאַרפאָרן צוגן מיט הונדערטער און טויזנטער געפּײַניקטע, פאַרפּלאָגטע און הילפלאָזע יידן, פאַרפאָרן אַהין און קיין צוריק איז נישט געווען — ווײַל דאָ איז געווען דאָס קעניגרײַך פון טויט.

אַהין איז אויך פאַרפאָרן אונדזער רחל, צוזאַמען מיט דער גרופּע „גראַטעוועטע" פון די שטורעמדיקע קאַמפן אין וואַרשעווער געטאָ.

אויסערלעך האָט דער דאָזיקער מאָרד־פּלאַץ, זיך מיט גאָרנישט אויסגעטיילט — אַ ריזיק אָפּגעצוימטער שטח. וועגט פון רויטע ציגל, האָט דאָס אויסגעזען ווי אַן אַרבעטס־פּלאַץ, אָדער קאַזאַרמע, — קיינעם האָט אויפן ערשטן בליק נישט געקענט אײַנפאַלן, אַז דאָ ווערט פאַרענדיקט, נישט בלויז מיט אַלע מענטשלעכע האָפענונגען, נאָר אויך מיט די מענטשן גופא, וועלכע האָבן געהאַט דעם אומגליק איבערצוטרעטן די שוועל פון דער דאָזיקער מאָרד־פאַבריק.

איז מען אָבער אַריבער די שוועל האָט מען שוין געזען מײַדאַנעק אין אַן אַנדער ליכט; מען האָט געזען, אַז אין דער הויך אויף די רויטע ציגל־ווענט ציִען זיך שטעכיקע דראָטן, ציט זיך אויך אַ נאַקעטער עלעקטריזירטער דראָט. דאָס אַלץ כדי די צום טויט־פאַראורטיילטע, די אַלע געבראַכטע קיין מײַדאַנעק זאָלן נישט קאָנען אַנטלויפן קיין לעבעדיקע. אין דער הויך אויף די ציגל־וועגט האָבן זיך געפונען טורעמלעך פון וואַנען דײַטשע סאָלדאַטן באַוואָפנטע מיט קוילנוואַרפערס האָבן געהאַלטן וואַך און פון ווײַטנס אין לאַגער האָבן זיך געזען די קוימענס, וועלכע האָבן אומאויפהערלעך געשפּיגן מיט אַ פאַרדעכטיקן רויך...

אַ באַזונדערע שרעק האָבן אָנגעוואָרפן די דײַטשע וועכטער, אָדער „קאַפּאָס" ווי מען האָט זיי גערופן. אויב דער דורכשניטלעכער דײַטשער סאָלדאַט, איז דורך די נאַציס פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רוצח און בעסטיע, האָט מען די סאַמע גרעסטע רוצחים און בעסטיעס אויסגעקליבן פאַר די מאָרד־לאַגערן ווי טרעבלינקע, מײַדאַנעק, אָשוויענטשים און אַנד'; עס איז גענוג געווען צו וואַרפן אַ בליק אויף אַזאַ מענטשלעכער בעסטיע, מיט דער גומענער נאַהײַקע אין דער האַנט און מיטן גרויסן הונט בײַ דער זײַט, צו פאַרגלײַכן מײַדאַנעק צו דעם געשילדערטן גיהנום און די דאָזיקע אַלע וועכטערס צו אמתע טײַוואָלים.

נאָר אויב אין דאַנטעס געשילדערטן גיהנום איז געווען אַן אויפשריפט:

"Lasciate Ogni Speranza"

(דאָ פאַרליר אַלע דײַנע האָפענונגען), האָט מען אין גיהנום פון מײַדאַנעק פאַרלוירן מער ווי די האָפענונג, מען האָט פאַרלוירן יעטוועדער חוש פון רע־

* אַרויסגענומען פון בוך „אין די נעגל פון טויט", אַרויסגעגעבן דורכן סטאָקער ל"ל־פאַריין אין אַרגענטינע אין 1947

אַגירן אויף עפּעס און צווישן אַנדערעס אויך דעם חוש פון בושה.

רחל גדענקט איצט ווי מען האָט זיי אַרײַנגעפירט אין מײַדאַנעק. מען האָט זיי אַלעמען אויסגעטאָן נאַקעט, צוגענומען זייערע קליידער, אַזוי נאַקעטערהייט האָט מען זיי אָפּגעשוירן, ניט בלויז די האָר פון קאָפּ, נאָר פון אַלע אינטימסטע קערפּער־טיילן (די שערער זענען געווען אויסגעקליבענע ייִדן), מען האָט די האָר ווי די קליידער זייערע אײַנגעפּאַקט אין ספּעציעלע זעק. דאָס אינטערעסאַנטסטע דערבײַ איז געווען דאָס, וואָס קיינער האָט קעגן דעם נישט פּראָטעסטירט און קיינער האָט דערבײַ נישט געפילט די מינדעסטע בושה.

נאָכן אָפּשערן זיי איז געקומען די ערשטע לעקציע — אַ סדרה קלעפּ; עס האָבן געשלאָגן די וועכטער, געשלאָגן אָן אַ פּאַרוואָס. ספּעציעל האָט זיך „אויסגעצייכנט" מיטן שלאָגן אַ דײַטשע פרוי, די הויפּט־וועכטערן, וואָס האָט געקראָגן דעם צונאָמעניש „בריגידע". זי פלעגט שלאָגן מיט גומענע פּאַסן, קאָפּען מיט די פיס און דראַפּען מיט די הענט ווי אַן אמתע מכשפה. די זעלביקע „בריגידע" האָט פאַר די אָנגעקומענע געהאַלטן אַ גאַנצע לעקציע, די „טיפזיניקייט" פון דער לעקציע איז באַשטאַנען פון ניבול־פה, פּאָרנאָגראַפישע אויסדרוקן פון וועלכע אַ גאַסן־פרוי וואָלט זיך פאַררויטלט און אַ צעטל שאַרפע אָנפאַלן קעגן די „פאַרפלוכטע יודען".

מען האָט דאָ אויך פאַרלוירן יעטוועדן ווילן. די אַלע מענטשן וואָס האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט און וועמען עס האָט דערוואַרט יעדן טאָג דער טויט, האָבן זיך לאַנגזאַם פאַרוואַנדלט אין אויטאָמאַטן, מען האָט געטאָן נישט דאָס וואָס מען האָט געוואָלט, נאָר דאָס וואָס מען האָט געהייסן, מען איז געגאַנגען וווהין מען האָט אָנגעוויזן, מען האָט געגעסן, געשלאָפן און „געלעבט" לויט דער אָנווײַזונג פון די נאַצישע מחבלים.

יעדן טאָג פלעגט ווערן ווייניקער „אײַנוווינער" אין מײַדאַנעק. חברים און חברטעס מיט וועמען מען האָט נאָך נעכטן צוזאַמען געאַרבעט, צוזאַמען געשלאָפן, זענען שוין הײַנט נישט געווען. אַלע האָבן געוווּסט, ווו דער שרעקלעכער גורל האָט פאַרטראָגן. מען פלעגט קוקן מיט שרעק אין דער זײַט פון די רויכערנדיקע קוימענס און עס איז פאַר אַלעמען געוואָרן קלאָר אַלצדינג. יעדן טאָג פלעגט ווערן ווייניקער אין מײַדאַנעק. אָבער יעדן טאָג פלעגן קומען געפּאַקטע צוגן פון אַלע זײַטן פּוילן און די איבעריקע טיילן פון „גרויסן רײַך". אין די דאָזיקע צוגן זענען געקומען נײַע קרבנות און נײַע קאַנדידאַטן פאַר מײַדאַנעקער „קוימענס".

די לופט פון מײַדאַנעק האָט זיך געפילט מיט ברענענדיק מענטשלעך פלייש. ווען דער ווינט האָט געבלאָזן פון דער זײַט פון די „קוימענס" האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן איבערן לאַגער כוואַליעס אַש, — דאָס איז געווען אַש פון פאַרברענטע שוועסטער, מוטערס, קינדער אאַ"וו, צו גיין אין דער זײַט פון די קוימענס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. פאַרן פרווו צו וועלן גיין אין דער זײַט פון די „קוימענס" האָט מען אומאויפהערלעך געפּײַניקט, געגעבן שמיץ, אָנגערייצט די הינט. איבעריקנס האָבן אַלע געוווּסט, אַז פריִער אָדער שפּעטער וועט מען זיי סײַ ווי שיקן אין דער זײַט פון די „קוימענס", אָבער מען האָט אויך געוווּסט, אַז מען וועט זיך פון דאָרטן שוין קיין מאָל נישט אומקערן.

מײַדאַנעק און אָשוויענטשים זענען אין אַ געוויסער הינזיכט געווען אַנדערש, ווי דער טויטן־לאַגער אין טרעבלינקע. אין טרעבלינקע האָט די טויטן־מאַשין געאַרבעט שנעלער, דאָרטן האָט מען גלײַך געפירט צום טויט, גלײַך נאָכן אָנקומען פון צוג האָט מען באַלד געפירט — אונטער דער באַגלייטונג פון אַן אָרקעסטער — אין „באָד" אַרײַן. אין דער דאָזיקער טראַגישער „באָד" זענען דערשטיקט געוואָרן מיליאָנען ייִדן. אין מײַדאַנעק און אָשוויענטשים איז דער טויט געקומען לאַנגזאַמער, מען האָט געהרגעט צוביסלעך, מען פלעגט טאָגטעגלעך מאַכן „סעלעקציעס", אויסקלײַבן ווער אויף רעכטס און ווער אויף לינקס. די „סעלעקציאָנירטע" אויף לינקס זענען אַוועק אין קרעמאַטאָריום, אין גרעסטן טייל אָן שום פּראָטעסט.

געווען אויך פאַראיינצלטע פאַלן, ווען די „סעלעקציאָנירטע" האָבן געפּרווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד. רחל גדענקט אַ פאַל ווען אַ ייִדישער יונגערמאַן, אַ צום טויט־פאַראורטיילטער, האָט זיך געוואָרפן אויפן דײַטשן אָבער־שטורעם־פירער, ער האָט אים אָנגעכאַפּט בײַם האַלדז מיט אַזאַ קראַפט און ווילדקייט, אַז די אַלע אַרומיקע האָבן

געהערט ווי די ביינדלעך קנאַקן. דער סוף פון דעם יונגן מאַן איז געווען אַ שרעקלעכער. מען האָט אויף אים אָפּגעלאָזט אַ טשאַטע ווילדע הינט, וועלכע האָבן פון אים געריסן לעבעדיקע שטיקער. שפּעטער האָט מען אים אויסגעשטאָכן די אויגן און צום סוף אויפגעהאַנגען פאַר די פיס, ווו ער איז אין גסיסה־קראַמפּן געהאַנגען אַריבער צען שעה, ביז ער איז אויסגעגאַנגען.

די איבעריקע, די נאָך נישט „אויסגעקליבענע" האָבן דערווייַל געאַרבעט בייַם סאָרטירן די קליידער און צוגערויבטע זאַכן, וועלכע זענען זאָרגפעלטיק קלאַסאַפיצירט און אָפּגעשיקט געוואָרן אין „רייַך". אַן אַנדער טייל האָט געאַרבעט בייַם האַקן און איבערטראָגן שטיינער פון איין פּלאַץ צום צווייטן און נאָך אַ טייל האָט „געאַרבעט" אין די קרעמאַטאָריעס.

דאָס לעבן פון די „לעבעדיקע" איז אויך געווען אַ געניזג שוידערלעכעס. דאָס עסן איז געווען קלעגלעך, בלויז אויף אויפצוהאַלטן די נשמה, ביזן פירן אין קרעמאַטאָריע. דאָס עסן איז באַשטאַנען פון עפּעס אַ שמוציק־געדיכט וואַסער, אַ שטיקל קלעפּיקע מאַסע וואָס האָט געדאַרפט זייַן ברויט. נישט קיין ווונדער וואָס דער גרעסטער טייל לאַגער־מענטשן האָט געליטן אויף דיזענטעריע און אַנדערע קראַנקייטן. מען האָט אָבער מורא געהאַט זיך צו קלאָגן אויף אַ קרענק, ווייַל זייַן קראַנק האָט געהייסן געשיקט ווערן גלייַך אין קרעמאַטאָריע אַרייַן.

נישט בעסער איז געווען מיטן שלאָפן. מען איז געשלאָפן אויף פּשוטע ברעטער, אָן קאָלדרעס. עס איז גראָד דאַן געווען ווינטערדיקע נעכט. די קעלט איז געווען אַ גרויזאַמע. פלעגט מען זיך בייַנאַכט צוטוליען איינער צום צווייטן, זיך וואַרעמען איינער דעם אַנדערן און ווי נישט איז זיך באַשיצן פון קעלט.

דער אויסזען פון די „לעבעדיקע" איז געווען אַ שרעקלעכער; אָפּגעריסענע, אויסגעצערטע, שמוציקע, האָבן זיי אַלע אויסגעזען ווי „געוועזענע מענטשן", אָבער אַפילו אַזוי, האָט מען זיך באַמיט אָנצוהאַלטן ווייַטער די עקזיסטענץ און ניט אַרייַנפאַלן אין דעם פייַער פון קרעמאַטאָריום.

מען האָט זיך באַמיט נישט קראַנק צו ווערן. מען איז קוים געשטאַנען אויף די פיס, אָבער צו דער אַרבעט האָט מען קיין מאָל נישט געפעלט — כדי עס זאָל נישט פאַלן קיין שום חשד פון קראַנקייט.

אין דאָזיקן מענטשלעכן גיהנום האָט אונדזער רחלען דערוואַרט אַן אָנגענעמער סורפּריז: אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען דער טויטן־צוג. מען האָט אויסגעלאָדן די „פּאַסאַזשירן" — די קאַנדידאַטן אויף טויט, און צווישן אַנדערע האָט רחל געטראָפן דאָרט איר שוועסטער. די שטימונג פון די ביידע שוועסטער איז געווען אַזאַ געדריקטע, אַז זיי האָבן אַפילו נישט געקאָנט וויינען. פון דער שוועסטער האָט רחל זיך דערוווּסט דעם סוף פון איר גאַנצער פאַמיליע, וואָס זענען אומגעקומען בעת אַן „אַקציע" אין געטאָ, — איבעריקנס איז אַלעמענס גורל דאָ אין מייַדאַנעק נישט געווען קיין אַנדערער און נישט קיין בעסערער.

די „סעלעקציעס" זענען אָנגעגאַנגען מיט דער גאַנצער קראַפט. טאָג־טעגלעך פלעגן געשיקט ווערן „אויף לינקס" טויזנטער לאַגער־אייַנווינערס, די קוימענס פון די קרעמאַטאָריומס האָבן געברענט אומאויפהערלעך מענטשלעכע לייַבער. מען האָט געפילט, אַז די דייַטשע חיה־רעות יאָגן זיך עפּעס און זיי אייַלן זיך וואָס שנעלער אויסצופירן זייער מערדערישע אַרבעט.

געווען אין מייַדאַנעק אַ ספּעציעלער בלאָק מיט קינדער, דאָרטן האָבן זיך געפונען אַ פּאָר הונדערט קינדער, צונויפגעבראַכטע פון אַלע עקן פּוילן. אין אַ געוויסן טאָג האָבן די נאַצי־מחבלים זיי אַלעמען „סעלעקציאָנירט", זיי אַלע אַוועקגעשיקט אין „קוימען" אַרייַן.

אַ יידישער דיכטער, ישעיה שפּיגל, וואָס האָט זיך געפונען אין מייַדאַנעק האָט שפּעטער אָנגעשריבן וועגן דעם אַ האַרצרייַסנדיקע פּאָעמע א"נ „באַראַק נומער זעכצן" פון וועלכער מיר נעמען אַרויס צוויי סטראָפן:

„בלאַס איז געהאַנגען דער שניי אויף באַראַק נומער זעכצן
דרייַ הונדערט קינדער פאַרשפּאַרטע דעם דריטן מעת־לעת;
וואָס טויג זיי דאָס קלאָגן,, דאָס בעטן, דאָס קרעכצן,
פאַרן טיר שטייט גרייט די שוואַרצע ס"ס.

— — — — — — — — — — — — — — —

אונ אַז מ׳האָט זיי געפירט — די אַקסעלעך, דראָבנינקע שמאָל
דרײַ הונדערט ייִדישע קינדער פון באַראַק נומער זעכצן —
האָט קיינער פון זיי אויפן וועג נישט געזאָגט: שמע ישראל,
און מ׳האָט נישט געהערט פון די מײַלער קיין כליפּען,
[קיין קרעכצן״.

רחל דערמאָנט זיך נאָך איצט מיט שוידער אין אַ קליין קינד, אַ מיידעלע פון אַ פינף יאָר. שיין איז דאָס געווען ווי אַ מלאך. אַלע האָבן דאָס ליב געהאַט, אַפילו אַ טייל פון די מערדערישע וועכטער. מען פלעגט דאָס פוצן, קעמען. דאָס קינד פלעגט טרויעריק דערציילן:

— טאַטע קוימען

— מאַמע קוימען.

מער ריידן האָט דאָס נישט געקאָנט. טרערן פלעגן זי שטיקן, ווען זי האָט אָנגעוויזן אין דער זײַט פון קוימען. ביז אין אַ טאָג האָבן די דײַטשע תּליינים דאָס מיידעלע „סעלעקציאָנירט״ און עס אַוועקגעשיקט אין קוימען אַרײַן.

נאָר ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, האָט אויך אין מײַדאַנעק עקזיסטירט אַ געזעלשאַפטלעך לעבן און געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג. דאָ אויפן שוועל פון טויט האָבן ייִדישע עקשנים נאָך אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט צווישן זיך. מען האָט באַקומען ידיעות פון דער וועלט, מען האָט געוווּסט פון די שרעקלעכע מפּלות, וואָס היטלערס „מעכטיקע״ אַרמיי באַקומט אויף אַלע פראָנטן, הויפּטזאַכלעך אויפן רוסישן פראָנט. די דאָזיקע ידיעות האָבן צוגעגעבן מוט די לעבנסגעבליבענע אויף צו קאָנען איבערהאַלטן די שרעקלעכע צײַט.

געווען אַפילו קולטור־אַקטן אין מײַדאַנעק. שטיל, אַז קיין דײַטשער וועכטער זאָל נישט באַמערקן, אָדער אונטערהערן זיך, פלעגט מען דערמאָנען אַ ייִדישן שרײַבער, דעקלאַמירן אַ ייִדיש ליד און די הויפּט־זאַך — נישט אויפגעהערט צו גלויבן אין בעסערע צײַטן.

און אַז די בעסערע צײַטן דערנענטערן זיך פאָרט, האָט מען געפילט אין דער דײַטשער ווילדקייט, אין זייער נערוועזיטעט, אין זייערע באַנדיטישע פּנימער, און אין די אַלץ אָפטערע „סעלעקציעס״.

אין דער ערשטער צײַט פלעגן די „סעלעקציעס״ געמאַכט ווערן אָנגעטאָענערהייט, שפּעטער האָט מען דאָס געמאַכט נאַקעט. מען האָט אויסגעשטעלט טויזנטער מענטשן נאַקעט אין די גרעסטע קעלטן. אַ דײַטשער אָבער־שאַרף־פירער האָט מיט אַ שטעקעלע געקאָמאַנדעוועט ווי אַ קאַפּעלמײַסטער: „רעכטס״, „לינקס״. ער האָט זיך אַפילו נישט גענוי צוגעקוקט צו די מענטשן וועמען ער האָט סעלעקציאָנירט. די באַשטימטע אויף לינקס״ זענען שוין אַזוי נאַקעטערהייט, אַוועק אין „קוימען״ אַרײַן.

די דײַטשע באַנדיטן האָבן געיאָגט די פאַרפאָלגטע ייִדן אין קרעמאַטאָריום אַרײַן. אָבער מען האָט געפילט, אַז זיי, די יאָגער, ווערן אויך געיאָגט; דאָס האָט זיי געיאָגט די רויטע אַרמיי, וואָס האָט זיי שוין געהאַט אַרויסגעוואָרפן פון דער גאַנצער סאָוועטישער טעריטאָריע און זיך שוין געפונען אויף דער ערד פון פוילן, האָבן זיך דערנענטערט מיט אײַליקע טריט קיין לובלין און אויך קיין מײַדאַנעק. די קוימענס זענען געווען צו קליין אויף צו קאָנען פאַרברענען אַלע דאָרטיקע „אײַנוווינערס״. באַזונדערס האָבן די דײַטשן געוואָלט פאַרווישן יעדן שפּור פון זייערע פאַרברעכנס און האָבן אָנגעהויבן אַרויסנעמען די אינטערנירטע און זיי איבערשיקן אין אַנדערע לאַגערס.

אין אַ געוויסן טאָג, באַקומט רחל אַ ברויט, אַ שטיק קעז (אַ זאַך וואָס זי האָט שוין נישט געזען אַ צײַט לאַנג). זי מיט נאָך אַנדערע ווערן אויפגעלאָדן אויף וואַגאָנעס און ווערן אַוועקגעשיקט אין אַ נײַעם לאַגער — אין טרויעריק־באַרימטן אָשוויענטשים.

## אָשוויענטשים

לויט דער אַלטער ייִדישער לעגענדע, איז דער גיהנום ווײַט נישט קיין איינפאָרמיקע זאַך, אויך דער גיהנום האָט זײַנע קלאַסן און קאַטעגאָריעס, די א״ג „שבעה מדורי גיהנום״, די זיבן שטאַפּלען, אָדער אָפּטיילונגען וואָס שיידן זיך אונטער איינער פון צווייטן לויטן גראַד שטראָף, וואָס די רשעים קומען דאָרטן אָפּ.

— אויך די נאַצישע גיהנומס זענען ווײַט נישט געווען קיין איינפאָרמיקע, יעדער קאָנצענטראַציע־לאַגער האָט געהאַט זײַן אייגענעם „פּנים״, אָפּהענגיק לויט די מחבלים וואָס האָבן דאָרטן געהערשט

און לויט דעם רעזשים וואָס זיי האָבן אײַנגעפירט.

אָשוויענטשים איז געווען אַנדערש ווי מײַדאַנעק, אין אָשוויענטשים איז געווען אַ סך ערגער ווי אין מײַדאַנעק; מיטן לאַגער אין אָשוויענטשים האָט אָנגעפירט אַ תליון פון ערשטן שניט, אַ געווויסער דאָקטער מענגעלע, אַ סאַדיסט, אַ פּײַניקער פון ייִדן, אַ ס״ס׳ניק פון דער אַלטער היטלעריסטישער גוואַרדיע און דער דאָזיקער מנובל און פאַרברעכער האָט דאָס אָנגעווענדט זײַן באַנדיטיזם און סאַדיזם איבער דעם מיליאָן אומגליקלעכע אינטערנירטע וואָס זענען דורך זײַן האַנט דורכגעגאַנגען.

ווי אַ טיפּישער דײַטש האָט ער ליב געהאַט „אָרדענונג“ און אונטער זײַן הערשאַפט האָט געהערשט אַ „בעסערע“ אָרדענונג ווי אין מײַדאַנעק, אַלצדינג איז געמאַכט געוואָרן פּינקטלעך און לויט אַ סדר.

דאָס ערשטע וואָס ער האָט אײַנגעפירט איז געווען נומערירן אַלע וואָס זענען צו אים אַרײַנגעפאַלן: רחלען האָט מען אויסגעשטאָכן מיט אַ נאָדל און מיט טינט דעם נומער 41.171, עס האָט ווײ געטאָן. דאָס בלוט האָט גערונען, אָבער אין דער אַטמאָספער פון מײַדאַנעק און אָשוויענטשים האָט מען אויף אַזעלכע ווייטיקן נישט רעאַגירט. שפּעטער האָט דער זעלביקער סאַטראַפּ „אינדוסטריאַליזירט“ דאָס שטעכן די נומערן. געווען ספּעציעלע מאַשינקעס, וואָס פלעגן אויסקלאַפּן שנעל דעם נומער אויף דעם געפאַנגענעמס האַנט. אַ סך פלעגן חלשן אויפן פּלאַץ. די דײַטשע אויסוואורפן פלעגן זיי אָפּמונטערן מיט די קלעפּ פון די קאָלבעס אָדער מיט די גומענע נאַהײַקעס, אָדער אַזוי פאַרחלשטערהייט אַוועקשיקן אין גאַז־קאַמער.

עס האָט אויך געהערשט אַ שטרענגע פאַרטיילונג אין אָשוויענטשים. דער שטח טעריטאָריע, ווו עס האָט אומבאַגרענעצט געוועלטיקט דער סאַטראַפּ און אויסוואורף דאָקטער מענגעלע (אומגעפער אַ פּופציק קוואַדראַט קילאָמעטער) איז געווען צעטיילט לויט אַ „פּלאַן“. אַזוי צ״ב האָט אַ טייל פון אָשוויענטשים זיך אָנגערופן „אָבער־בירקענאַו“, דאָ האָבן זיך געפונען בלויז פרויען, געווען ספּעציעלע אָפּטיילונגען לויט די נאַציאָנאַליטעטן, געווען אַן אָפּטיילונג פאַר טשעכן, אונגאַרן, ציגײַנער א״אַ. געווען אויך אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר פראַנצויזישע פרויען ווו עס האָט זיך צווישן אַנדערע געפונען די באַרימטע פירערן פון די דעמאָקראַטישע פרויען מאַרי־קלאָד וואַן קוטוריע. דאָס איבערגיין פון איין אָפּטיילונג אין דער צווייטער איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. פאַרן פּרווו איבערצוגיין פון איין אָפּטיילונג אין דער צווייטער האָט מען באַקומען קלעפּ, שמיץ און אין די גאַז־קאַמערן...

דער סאַדיזם און די פּײַניקונגען זענען דאָ דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, וואָס אַ געזונטע מענטשלעכע פאַנטאַזיע איז זיך גאָר שווער פאָרצושטעלן. געווען אַ סך פאַלן ווען די קרבנות פלעגן זיך בעטן, אַז מען זאָל זיי אַוועקשיקן אין גאַז־קאַמער אַרײַן, דער טויט איז פאַר אַ סך שוין געווען אַ דערלייזער. די דײַטשן האָבן געבראַכט אַ גרופּע ייִדישע פרויען פון אונגאַרן, געשאַפן פאַר זיי אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג וואָס זיי האָבן אָנגערופן „מעקסיקע“, אין דאָזיקן פּלאַץ זענען די פרויען אַרומגעגאַנגען פולשטענדיק נאַקעט און די דײַטשע בעסטיעס האָבן זיך איזדיעקעוועט איבער זיי.

מען פלעגט צווינגען די אינטערנירטע צו רײַטן איינער אויפן צווייטן און די דײַטשע משחיתים פלעגן שטיין און קייכן פון געלעכטער — אָפט מאָל האָט דער דאָזיקער געלעכטער מערער ווי געטאָן, ווי די פיזישע קלעפּ. אָן אַ פאַרוואָס פלעגן די נאַצישע וועכטערס אויסטאָן איינעם נאַקעט און אים צווינגען צו שטיין אַ גאַנצן טאָג אין שניי בעת די גרעסטע פרעסט. וועגן די אומנאָרמאַלע סעקסועלע פאַרברעכנס וואָס די שטורעם־טרופּערס זענען באַגאַנגען מיט ייִדישע קינדער איז גאָר אוממעגלעך צו דערציילן — עס איז אַ חרפּה פאַר דעם מין מענטש אַזוינס איבערצוגעבן.

אָבער צו דער אַרבעט האָט מען געמוזט גיין מיט געזאַנג, גלײַך ווי פאַר דער גאַז־קאַמער איז געווען אַ ספּעציעלער אָרקעסטער, צוזאַמענגעשטעלט פון ייִדישע מוזיקערס.

יאָ, נישט בלויז מוזיקער זענען געווען ייִדן, נאָר אויך ייִדישע מוסרים און אויסוואורפן. רחל דערמאָנט זיך מיט שרעק און עקל אַזאַ ייִדישן אויסוואורף, שמיליק, האָט ער געהייסן, אַ הויכער געזונטער מיט אַן אויסזען פון אַ תליון. דער דאָזיקער שמיליק פלעגט שטיין בײַם באַן ווען עס זענען אָנגעקומען די צוגן און פלעגט צו די אָנקומענדיקע אָפּזאָגן אַזאַ צעטל:

— „איר זענט געקומען אַהער שטאַרבן, נישט לעבן. איך גיב אײַך צען מינוט צײַט, אויב איר האָט רינגעלעך, דימענטן, צירונג, גיט אַלץ אָפּ, אויב נישט וועל איך אויסקלײַבן צען יידן און זיי הענגען אָדער שיסן אויפן אָרט".

שפּעטער האָט מען זיך מיט דעם דאָזיקן שמי־ליק מסור אָפּגערעכנט. מען האָט אים געכאַפּט אין אַ וואַנע און דאָרטן דערטרונקען.

געווען אויך אַ מין „שפּיטאָל" אין אָשוויענ־טשים. דאָס איז געווען דער „בלאָק 25". אַהין האָט מען געשיקט אַלע קראַנקע. קיין מעדיצינישע הילף האָבן זיי דאָרטן נישט באַקומען און זיי פלעגן דאָרטן צאַנקען און אויסגיין אין די גרעסטע יסורים.

אויך אין די „סעלעקציעס" איז אין אָשוויענ־טשים געווען אַן אַנדער אָרדענונג ווי אין מײַדאַנעק. דאָ האָט מען „סעלעקציאָנירט" לויט אַ סדר. אַ גע־וויסן טאָג האָט מען פאַרברענט ציגײַנער, אַ צווייטן טאָג טשעכן און אַלע טעג אָן אויסנאַם — יידן.

ספּעציעל פלעגט מען סעלעקציאָנירן יידן בעת יידישע יום־טובים. דעמאָלט האָט מען אויסגע־קליבן אַ גרעסערע צאָל יידן פאַר דער גאַז־קאַמער — אַזוי אַרום האָט דער נאַצי מענגעלע זיך געוואָלט נוקם זײַן אין יידישן גאָט.

רחל דערמאָנט זיך אַ כאַראַקטעריסטישן טרוי־עריקן פאַל: יום־כיפור האָט אַ נאַצישער באַאַמטער פאַרברענט יידישע קינדער אָן דעם וויסן פון דאָק־טער מענגעלע. דאָס האָט דעם קאָמענדאַנט שטאַרק אויפגערעגט. „וואָס הייסט פאַרברענען קינדער אָן זײַן דערלויבעניש? און אויף צו להכעיס דעם באַ־אַמטן האָט ער אויסגעקליבן „זײַנע" פופציק קינדער און זיי געשיקט אין גאַז־קאַמער אַרײַן.

אָבער אַפילו אין די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן די שקלאַפן און צום טויט־פאַראורטיילטע, נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן בלײַבן לעבן און וועגן נעמען נקמה אין די נאַצישע הענקערס. געהיימער־הייט איז געגרייט געוואָרן אַן אויפשטאַנד פון די צום טויט פאַראורטיילטע. רחלען איז נישט געווען באַקאַנט די אַלע צוגרייטונגען. רחל געדענקט בלויז ווי אין אַ געוויסן טאָג (אין אָשוויענטשים און אַנ־דערע לאַגערן האָט קיינער נישט געוווסט קיין גע־נויע דאַטע) האָט זיך געהערט אַ מוראדיקער אויפ־רײַס. דאָס האָבן יידישע אויפשטענדלער אויפגעריסן דעם אַמוניציע־לאַגער פון אָשוויענטשים. מען האָט געכאַפּט אַ פּאָר דײַטשע „קאַפּאָס" און זיי לע־בעדיקערהייט אַרײַנגערוקט אין אויוון פון קרעמאַ־טאָריום, אַ פּאָר טויער־וועכטער זענען דערהרגעט געוואָרן און אַ פּאָר צענדליק יידן איז געלונגען צו אַנטלויפן.

די דײַטשן האָבן זיך ביטער נוקם געווען אין די איבערגעבליבענע. מען האָט געשלאָגן, געשאָסן וועמען מען האָט נאָר געטראָפן. אין יענעם טאָג האָט אָשוויענטשים זיך איבערגעשטיגן. די צאָל טויטע פון יענעם טאָג איז געווען אַ שרעקלעכע, אָבער ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען, נאָך יענעם טאָג איז די באַציִונג צו די יידישע שקלאַפן גע־וואָרן אַ בעסערע, אַ מילדערע.

## אויף דער פרײַ . . .

עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין אָשוויענטשימער קעניגרײַך; אויסערלעך האָט, דוכט זיך, זיך גאָר נישט געענדערט. דער זעלביקער מאָרד־פּלאַץ, די זעלביקע באַראַקן, די זעלביקע נאַצישע תלינים, די גאַז־קאַמערן האָבן כסדר געאַרבעט, די בייזע הינט פלעגן נאָך ווײַטער איבערפאַלן און צעבײַסן די שוצלאָזע „העפטלינגען" פון אָשוויענטשים — אָבער שוין נישט געווען דער פריערדיקער „ברען" בײַ די נאַצישע הענקערס און אין זייער מאָרד־מלאכה האָט זיך איצט שוין נישט געפילט אַזוי פיל כּאַדיזם, ווי שרעק...

מען פלעגט אַנטלויפן פון אָשוויענטשימער לאַגער — אָבער דאָס מאָל זענען דאָס נישט געווען די פאַרפאָלגטע קרבנות, נאָר עס זענען אַנטלאָפן די פּײַניקער. ווײַזט אויס, אַז זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר די אייגענע פאַרברעכנס און וואָס עס איז וויכ־טיקער, זיי האָבן ווײַזט אויס דערפילט אַז עס רוקט זיך אָן די צײַט ווען זיי וועלן דאַרפן אָפּגעבן דין־וחשבון פאַר די באַגאַנגענע פאַרברעכנס און פאַר דעם האָבן די מאָרד־ און מעסער־העלדן זיך שטאַרק געשראָקן. אַ סך פון די וועכטער זענען אַנטלאָפן, אַנדערע האָבן געפּרוווט זיך אונטערצוהנדלען צו די אינטערנירטע, זיי פּרוּוון איבערצײַגן, אַז זיי זע־נען גאָרנישט שולדיק, אַז זיי פירן בלויז אויס הע־כערע באַפעלן אאַ"וו.

דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דער לאַגע אויף די פראָנטן. די אינטערנירטע האָבן נישט געהאַט קיין גענויע ידיעות ווי עס זעט אויס די מיליטערישע סיטואַציע פון דײַטשלאַנד. נאָך דעם ווי עס איז דערמאָרדעט געוואָרן די אַלעמען באַליבטע מאלא צימעטבוים, האָט מען קיין גענויע ידיעות נישט געהאַט. דערפאַר האָבן דאָס גוט געוווּסט די אַלע נאַצישע באַאַמטע, אָנהייבנדיק פון קאָמאַנדאַנט ביז די לעצטע וועכטער, זיי האָבן גוט געוווּסט, אַז די טעג פון דער נאַצי־ממשלה זענען געציילטע און דערפון זייער פאַרלאָרנקייט און שרעק.

קיין נײַע צוגן מיט קיין קרבנות האָט מען שוין מער נישט געבראַכט, — עס איז שוין פּשוט נישט געווען פון וואַנען. די דײַטשן זענען שוין געווען אַרויסגעטריבן פון אַלע לענדער וואָס זיי האָבן געהאַט אָקופּירט. דערפאַר פלעגן אַוועקגיין צוגן פון אָשוויענטשים — דאָס האָבן די נאַציס „עוואַקויִרט" דעם לאַגער פון אָשוויענטשים.

מען האָט עוואַקויִרט מיט דער באַן, צופוס און מיט אַלע מעגלעכע מיטלען. מען האָט עוואַקויִרט אָן שום פּלאַן. די דעזאָרגאַניזאַציע און כאַאָס האָט אָנגענומען אַ מוראדיקע פאָרעם.

דעם 18טן מערץ 1945 האָבן די אײַנוווינערס פון אָשוויענטשים געהאַט אַן אָנגענעמען סורפּריז — מען האָט דערהערט אַ העפטיקע שיסערײַ. דאָס האָט די זיגרײַכע רויטע אַרמיי זיך דערנענטערט צו אָשוויענטשים. יעדער געגעבענער שאָס איז געווען ווי אַ באַלזאַם, ווי אַ ווירקזאַמער הייל־מיטל אין די האָפענונגסלאָזע הערצער פון די אינטערנירטע. מען האָט געוואָלט, אַז די שיסערײַ זאָל אָנהאַלטן כסדר, זי זאָל זיך פאַרשטאַרקן און זי זאָל וואָס שנעלער דערגרייכן קיין אָשוויענטשים — אפשר וועלן זיך נאָך אַ טייל באַווײַזן צו ראַטעווען.

די דײַטשע לאַגער־פירער האָבן אָנגעלאָדן צוגן ערגער ווי מען לאָדט אָן בהמות. די שטיקעניש אין די דאָזיקע צוגן איז געווען נאָך אַ סך אַ גרעסערע ווי בעתן אָנקומען קיין אָשוויענטשים. מען האָט נישט מיטגענומען קיין עסן, קיין וואַסער — די הויפּט זאַך בײַ זיי איז געווען אַוועק וואָס ווײַטער פון דער אָנקומענדיקער רויטער אַרמיי, זאָל זײַן צו די אַמעריקאַנער, צו די ענגלענדער — אַבי נישט צו די סאָוועטן.

עס איז אָבער געווען שווער צו אַנטלויפן. די צוגן זענען געגאַנגען אומנאָרמאַל, די באַן־ליניעס זענען געווען פאַרשטעלט מיט מיליטערישע צוגן, אין אַ סך פלעצער זענען די באַן־ליניעס געווען איבערגעריסן פון די באָמבאַרדירונגען, אַ סך מאָל האָט מען געמוזט אַראָפּ פון צוג און גיין צו פוס. דאָס האָבן אויסגענוצט די אינטערנירטע אום זיך צו שפּײַזן מיט אַ ביסל גראָז, מיט שניי. אַ סך איז געלונגען צו אַנטלויפן; די נאַצי־וועכטער האָבן זיך שוין אין יענעם מאָמענט נישט אומגעקוקט אויף אַזעלכע זאַכן.

דער דאָזיקער שרעקלעכער וועג האָט אָבער אויך געהאַט אַ סך סאַטיספאַקציעס פאַר דעם קאַראַוואַן־פאָרער. מען האָט געזען אַז עס דערנענטערט זיך דער דײַטשער סוף, מען האָט געזען די צעשטערטע דײַטשע שטעט, די צעשראָקענע דײַטשע באַפעלקערונג און דאָס האָט צוגעגעבן מוט דעם הייפל וועמען עס איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון די דײַטשע נעגל אין פאַרלויף פון די שוידערלעכע פינף יאָר צײַט.

אויב אין פאַרלויף פון די פּײַניקונגען האָבן אַ סך געבעטן אויף זיך דעם טויט, אַ סך האָבן מקנא געווען די „סעלעקציאָנירטע", האָט זיך אין דאָזיקן מאָמענט פאַרשטאַרקט דער ווילן צו לעבן — צו לעבן און איבערלעבן די נאַצישע בעסטיעס.

נאָך 5 טעג „רײַזע" קומט רחל אָן קיין ראַווענסברוק. דער דאָרטיקער לאַגער איז געווען נאָך ערגער און נאָך שוידערלעכער ווי אָשוויענטשים. דאָס איינציקע וואָס מען האָט געזען איז געווען בערג טויטע און נאָך מער האַלב־טויטע. מען איז געשלאָפן אויף דער ערד. קיין עסן איז נישט געווען —עס איז שוין אָבער געווען אַ גרויסע האָפענונג אין אַלעמענס הערצער — צו דערלעבן די נאַצישע מפּלה און דאָס אָנקומען פון דער רויטער אַרמיי.

און דער דאָזיקער מאָמענט איז געקומען: אין די לעצטע טעג פון אַפּריל האָט מען געהערט כסדרדיקע שיסערײַען, מען האָט געזען סאָוועטישע און אַליאירטע אַוויאָנען, וועלכע האָבן געטראָגן טויט פאַר די דײַטשן און האָפענונג פאַר די פאַרפּײַניקטע. רחל איז נאָך אַריבערגעפירט געוואָרן פון ראַווענסברוק אין אַן אַנדער לאַגער קיין ניישטאַט־

גלעבע, אָבער דאָרטן, ווי אומעטום, איז געווען דאָס זעלביקע בילד: טרויער און שרעק בײַ די דײַטשן און פרייד און האָפענונג בײַ די אינטערנירטע.

דעם 2טן מײַ איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן, די שיסערײַען האָבן אויפגעהערט און מיט אַמאָל האָבן זיך אַלע אַרומגעקוקט און געזען: נישטאָ מער קיין ס״ס־לײַט, נישט קיין דײַטשע וועכטער, נישט די געשטאַפּאָ־הינט — אַלע זענען זיי פאַרשוווּנדן. די אינטערנירטע האָבן נישט געוווּסט וואָס עס וועט פאָרקומען ווײַטער — נאָר אָט באַווײַזט זיך אַ קאָ־מאַנדאַנט פון דער רויטער אַרמיי און מיט איינפאַכע מענטשלעכע ווערטער (אַ זאַך, וואָס זיי האָבן שוין נישט געהערט אַ פּאָר יאָר) האָט ער זיך צו זיי גע־ווענדעט:

— רעביאַטאַ (חברה) איר זענט פרײַ!

און אין יענעם טאָג איז רחל מיט נאָך אַ פּאָר הונדערט מאַן — געראַטעוועטע פון צענדליקער טויזנטער — געוואָרן פרײַ...

## באַערונגס יום־טוב פאַרן חבר יעקב צודיקער צום דערשײַנען פון בוך „אין די נעגל פון טויט״



ערשטע רייע, פון רעכטס צו לינקס: פריידע דאָמבעק, שרה גאָלדע קיאַק, פרוי ליפשיץ, משה לעבענדיקער און פרוי, פּיניע כץ (שעף רעדאַקטאָר פון „די פּרעסע״), סערכיאָ ליפשיץ, יעקב צודיקער, פערנאַנדאָ צודיקער, שמחה און שרהלע לאַנדע, אסתר צודיקער, חיים אַ. צוקער;

צווייטע רייע פון רעכטס צו לינקס: חיה־פייגע קיאַק, ישראל קיאַק, נאַטאַליאָ קוואַטער, דוד גאָראַדיצקי און יצחק און רבקה נאַדבאָרני; — אונטן: ראובן קיאַק

# צונאָב
# צו פאַרשידענע
# אָפּטיילונגען

**פון דער רעדאַקציע:**

נאָך דעם ווי אַ גרויסער טייל פון דעם מאַטעריאַל פון פנקס איז שוין געווען אָפּגעדרוקט, איינגעטיילט לויט די באַשטימטע אָפּטיילונגען, האָבן מיר באַקומען נאָך אַ ריי מאַטעריאַלן, וועלכע מיר האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק, אַז זיי זאָלן דערשיינען און האָבן זיך דערביי שוין נישט גערעכנט מיט די געגעבענע אָפּטיילונגען און זיי געדרוקט צוזאַמען.

# אַ חנוכה־אָוונט בײַם סטאָקער „השומר הצעיר” און „החלוץ” מיט 40 יאָר צוריק

(רעפלעקסן און מעדיטאַציעס אַרום אַ פאָטאָ)

אין איינעם פון די טעג פון סוף יאָר 1972, איז צו מיר דערגאַנגען אַן אָפּגעפּונענע פאָטאָ גענומען מיט 40 יאָר צוריק, דעם 31סטן דעצעמבער 1932, אין סטאָק, אין לאָקאַל פון דער שומרישער אָרגאַניזאַציע.

האַלטנדיק אין האַנט די פאָטאָ און אָבסערווירנדיק די פּנימער, דעם יומטובדיקן אויסדרוק פון יוגנטלעכער פרייד וואָס דאָס קליינע טאָוולענע קאַרטל האָט אויף זיך פאַרפיקסירט מיט 40 יאָר צוריק, אויף יענעם פײַערלעכן חנוכה־אָוונט, זענען בײַ מיר אויפגעקומען דעראינערונגען, דערמאָנונגען פון אָט דער אַזוי פרעכטיקער מסיבה אַז עס האָט דאָס האַרץ פאַרקלעמט און איך האָב אָט דאָס קליינע פאָטאָ־קאַרטל אָנגעהויבן צערטלען און גלעטן און פשוט געוואָלט אַז עס זאָל רירעוודיק ווערן. יאָ! איך האָב געוואָלט אַז דאָס זאָל, ווי אַ קליינע שמאָלע גראַוויר־טאַשמע, אָנהייבן רעדן, זינגען, לאַכן, אַז עס זאָל איבערגעבן דעם טומל, די פרייד, דעם יוגנטלעכן ברען און ענטוזיאַזם, די אידעאַליסטישע התלהבות וואָס דער „נשף־חנוכה”, דער פײַערלעכער חנוכה־אָוונט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט און וואָס איז אַזוי דײַטלעך אויפגענומען געוואָרן אין יענעם מאָמענט, מיט 40 יאָר צוריק.

האַלט איך איצט אין מײַנע הענט די פאָטאָ מיט ציטערדיקער ליבשאַפט און דערמאָן זיך אין איינעם פון אונדזערע פאָלקס־לידער וואָס זינגט זיך: „פאַרוואָס איז דאָס בלימעלע פאַרוויאַנעט?..” איך האָב דאָס געצערטלט צום האַרצן געטוליעט און געוואָלט עס זאָל בליִען און וואַקסן... „פאַרוואָס איז דאָס בלימעלע פאַרוויאַנעט?” האַלט איך די פאָטאָ און קוק אויף דעם בילד מיט ווייטיקדיקער ליבשאַפט, איך זע די פּנימער וואָס שײַנען אַראָפּ, און עפּעס דאָרטן, אין די געהיימע קעמערלעך פון זכרון, טויכט אויף דער „נעכטן” פון מיט 40 יאָר צוריק, און איך ווער פאַרטראָגן מיט אומזעבאַרע פליגלען, אין טראַנס פון מחשבה, ווײַט אַוועק קיין סטאָק, אין יענעם לאָקאַל, בײַ גוראַלן אין דער הויף, און ווער פאַרוויגט אין חלום פון נאָסטאַלגיע, דריי זיך אַרום צווישן זיי אַלע אין דעם פריידיקן טומל, הער די געזאַנגען, הער ווי עס רעדט מרדכי מענדל וועגן חנוכה. הער דעם לערער און דערציִער יוסף דאָקשיצקי רעדן וועגן געשיכטע און לעגענדע אַרום דעם חנוכה יום־טוב, די חשמונאים, חנה מיט אירע זיבן זין, וועגן דעם חנוכה נס וואָס איז דאַן — מיט 2.500 יאָר צוריק — געשען און וואָס איז ליידער, ליידער אין די יאָרן פון דער שואה מיט זיי אַלעמען נישט געשען.

ווײַנט דאָס האַרץ אויף דער טראַגישער ווירקלעכקייט, ווערן פאַרטרערט די אויגן קוקנדיק אויף דעם בילד און עס קומען אויף געדאַנקען און דערמאָנונגען וואָס זענען ווערט פאַרצייכנט צו ווערן.

אָרעם און באַשיידן איז געווען דאָס לעבן אין אונדזערע סטאָקער היימען, אָבער אַרבעטזאַם און ערלעך זענען געווען אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, זיידעס און באָבעס, ברידער און שוועסטער, אַלע צוזאַמען האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט איין גרויסע משפּחה. הײַנט ווער שמועסט די יוגנט אין שטעטל, וויפל גלויבן איז אײַנגעפלאַנצט געוואָרן, וויפל פרייד האָט געשפּרודלט אין אונדזערע הערצער אין יענע יאָרן פון אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַרוועבטקייט, פון אונדזער געזעלשאַפטלעכער און מענטשלעכער פאָרמירונג. אַך! מיט וויפל ליבשאַפט האָבן מיר געפלעגט און דערצויגן, זיך און די סביבה, דעם גאַנצן קרײַז יוגנטלעכע וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אין אָט די פיר ווענט, אין אָט די ראַמען פון אונדזער „קן”, פון אונדזער חלוציש־שומרישער באַוועגונג. וויפל איבערגעבנקייט און אידעאַליזם האָט דאָס פאַרמאָגט דער אַזוי פשוטער געטרײַער און ליבער חבר, יוסף דאָקשיצקי פון שטעטעלע דאלהיבאָוו, וואָלין. ער איז געווען מיט אונדז אַ יאָר צײַט און בלב ובנפש, מיט זײַן אינטעליגענץ און וויסן אײַנגעפלאַנצט אין אונדז די ליבע צו ציון, געלערנט מיט אונדז די געשיכטע פון ציוניזם, פון דער חלוצישער באַוועגונג, די עפּאָפּייע פון „השומר”, פון תל־חי און כפר־גלעדי, טרומפּעלדאָר דער לייב, וואָס שרײַט אויס דעם „לא נזוז ממפה”, זײַנע לעצטע

וווערטער: „טוב למות בעד ארצנו...״, און אַז מיר האָבן מיט פולן באַוווסטזיין געזונגען ביאַליקס „תחזקנה״ פערזן און עס האָט אויפגעקלינגען זיין זאָג: „מי בז ליום קטנות? הבוז למתלוצצים״ (ווער שפּאַסט דאָס פון די קליינע טהאַטן? שאַנד צו די שפּאָטער) האָבן מיר געפילט אַז צו אונדז איז דער נביאישער רוף: מלטו את עמכם ואתים עשו״, (ראַטעוועט מלט אייַן דאָס פאָלק און אַקער־אייַזנס מאַכט.

הייַנט, אין פערספּעקטיוו פון דער אָפּגעלאָפענער צייַט, באַנעמט מען די ווירקונגס־קראַפט פון אָט דער חלוצישער לערע, איז פאַרשטענדלעך ווי אַזוי דער „שומר חלוץ״ מרדכי אַנילעוויטש האָט געקענט אָר־גאַניזירן און ווערן דער קאָמאַנדיר פון העראָישן געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע, ווי אַזוי די ישראל־יוגנט, אַ דערצויגענע אין גייַסט פון חלוצישער עליה האָבן געקענט זיך דערהויבן צו ווערן לע־גענדאַרע העלדן און שאַפן די ניסים פון דער יש־ראל ווירקלעכקייט.




אויבן שטייענדיק, פון רעכטס: **חיים לאַנדע, קלמן נוזבלאַט, משה דענענבערג, שיינע לאה שטערן, יודל מילער, חיה שרה סטאָלאָוויטש, אהרן סטאָלאָוויטש, אָשר מאַלישעוויטש, יואל לאַנדע, יואלקע אָרזשעך, זיסל מילער, משה טענטשא, מרדכי מענדל נאָוועגשטערן, בועז סוקעניק, יהושע בערגמאַן און יוסף צוקערשטיין**; זיצנדיק ערשטע שורה, פון רעכטס: **אברהם סטאָלאָוויטש, שמעון קורץ, משה גילדע, פריידל קיטש־קאָווסקי, דאָבע יאפקע, איטקע קיאַק, בעלטשע נאַגעלקאָפּ, חנה זשעלע:יעץ, שמחה לאַנדע, הינדע שלאַסקע, נעכע וויעזשבינסקי, אַ חברה פון אַ שכנותדיק שטעטל, כאַשע יענטע נוזבלאַט און יענטע קראַנפעלד.** צווייטע ריי זיצנדיק פון רעכטס: **טייבע פלאַטנער, אסתר ליבע אימבער, שרה שלאַסקע, שפרינצע ראָזענבוים, שרה גאַדענגאַנד, פעשע מאַלישעוו:טש, אסנה אַלטשולער, אברהם אָרזשעך, מאָטל ווישניעווסקי, אליהו צדעלשטיין און בעלטשע אָסטשעגא**; אונטן, פון רעכטס: **משהקע פלא:טנער, מענדעלע קוויאַטעק, א. צוקער און אברהם אַלטשולער**

איצט, אַ געטובלטער אין ים פון ליידן און פּיַין, אַן אויסגעניכטערטער פון דער פֿיַינלעכער שכרות, פון דעם נאָסטאַלגישן פּלי אין די מרחקים פון



**1946, בייַם היסטאָרישן „בונקער" אין וואַרשע**

אַ גרופּע לעבנסגעבליבענע פון די שואה־יאָרן, אין טיפער באַדיטאַציע. באַערן דעם אָנדענק פון די געטאָ־קעמפּערס אין וועמענס שפּיץ ס'איז געשטאַנען מרדכי אַנילעוויטש

דמיון, קוק איך ווידער אויף דעם בילד, זע צווישן די פּנימער פון די חברים און פריַינד, אָנטיילנעמערס אין יענעם חנוכה־אָוונט, פון מיט פערציק יאָר צוריק, פערצן פערזאָן וואָס זענען —דורך דעם צופאַל פון גורל— לעבן געבליבן, געראַטעוועטע סטאָקער ניסים־יידן, די ליבע און טייַערע סטאָקער וואָס זענען הייַנט צעזייט און צעשפּרייט איבער לענדער און קאָנטינענטן, פיל איך אַ אינערלעכע נויטווענדיקייט, אין אָנדענק פון יענע טעג, אין באַערונג פאַר יענע חברים פון אונדזער סביבה וואָס זענען געוואָרן די טראַגישע קרבנות פון אונדזער שטעטל אין די אַזוי בלוטיקע יאָרן פון דער שואה, צו מאַכן צו אייַך דעם רוף הייליק צו האַלטן זייער אָנדענק! איבערגעבן צו די קינדער פון אונדזערע געשאַפענע היימען, די געשיכטע פון אונדזער אַליין דורכגעלעבטער יוגנט — וואָס פאַרשעמט נישט מיט גאָרנישט אויף דער עלטער — און ממשיך זיַין די לערע פון ליבע צו ציון, בלב ונפש, מיט האַרץ און נשמה.

ל—ע



רבקה גלאַטשטיין־גאָלדפּאַרב / ישראל

# מײַן חברטע דוואָשע

געווידמעט אַלע מײַנע חברים און חברטעס
פֿון סטאָקער „סקיף״

עס איז געשען אַזוי:

אין אַ הייסן זומערדיקן פֿאַרנאַכט, האָט מען מיך אַרויסגערופֿן פֿון שטוב. דאָס זענען געווען צוויי יונגע מיידלעך, אין מײַנע יאָרן (איך בין דאַן אַלט געווען צען יאָר) און זיי זאָגן מיר בסוד, אַז מען וויל עפּעס שאַפֿן פֿאַר קינדער, אַז זיי זאָלן זיך צוזאַמענקומען אָפּטער און מען וועט זיי לערנען לייענען און שרײַבן ייִדיש, שפּילן און זינגען און אָפּט פֿאַרברענגען צוזאַמען. זיי האָבן מיר אויך געזאָגט, אַז הײַנט זעקס אַזייגער פֿאַרנאַכט, דאַרף זײַן דער ערשטער צוזאַמענטרעף בײַ פּריוואַן אין דער ביבליאָטעק (די ביבליאָטעק אויף דעם נאָמען י. ל. פּרץ, פֿון די בונדיסטן, האָט מען אויך גערופֿן די ביבליאָטעק בײַ פּריוואַן, אויף דעם נאָמען פֿון דער הויז־אייגנטימעריך) און זיי האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי ווילן, אַז איך זאָל אויך קומען און מיך געפֿרעגט: וועסטו קומען?

— צי איך וויל, פֿרעגט איר? — זיכער וויל איך. נאָר וואָס וועט זאָגן מײַן טאַטע? מײַן זיידע? ווען זיי וועלן זיך דאָס דערוויסן. דאָס גלײַכן מײַן מאַמע? זיי וועלן דאָך מיך אַרומזוכן און זיי וועלן מיך פֿרעגן, ווו איך בין געווען אַזאַ לאַנגע צײַט?

— נו, וועגן דעם, זאָרג זיך נישט —זאָגן מיר די ביידע מיידלעך— דײַן קוזינקע, שרה בראַק, ווייסט פֿון דעם. און זי וועט שוין עפּעס צוקלערן. רעד דו וועגן דעם מיט איר (איך האָב דאַן, אַלס צען־יאָריק מיידעלע אָנגעהויבן צו לערנען שנײַדעריי בײַ מײַן קוזינקע שרה בראַק — שפּעטער שטערן, וואָס איז אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן נחמן און זייער ליב טעכטערל זיסעלע, דורך די היטלער־רוצחים).

דאָס איז געווען אין זומער 1926. און די צוויי מיידעלעך זענען געווען דוואָשע און פֿריידקע פּאַסעסאַרסקי.

אַ פֿראַגע צי איך האָב געוואָלט גיין זיך טרעפֿן מיט נאָך קינדער צו פֿאַרברענגען צוזאַמען? מײַן האַרץ האָט געצאַפּלט צו דעם. באַזונדערס האָט זיך געוואָלט אַ ביסעלע פֿאַרגעסן אין די טאָג־טעגלעכע ליידן און ביטערן געמיט. אָבער ווי אַזוי מאַכט מען דאָס? איך זאָל רעדן וועגן דעם מיט מײַן קו־זינקע שרה, איז געווען איבער מײַנע כוחות. בין



דוואָשע פּאַסעסאַרסקי
אַ מוסטערהאַפֿטע אַקטיוויסטן פֿון דעם סטאָקער „סקיף״

איך דערפֿאַר געווען זייער דאַנקבאַר מײַן קוזינקע, ווען זי האָט מיך געפֿרעגט, וואָס די צוויי מיידע־לעך האָבן מיט מיר גערעדט. זי האָט מיר שפּע־טער געזאָגט, אַז זי ווייסט דערפֿון און האָט מיך צוגערעדט (זי האָט מיך געדאַרפֿט צורעדן?), אַז איך זאָל גיין צו פּריוואַן אין דער ביבליאָטעק זעקס אין אָוונט און זי וועט שוין זאָגן, אַז זי האָט מיך געשיקט עפּעס צו דערלײדיקן בײַ אירע קונים. דערבײַ האָט זי מיך געראָטן, צו זאָגן פֿאַרנאַכט מײַן טאַטן, אַז זי שיקט מיך אין אַ סך פּלעצער צו נעמען מאָסן אויף קליידעלעך. אַזוי האָב איך געטאָן און מיט זיך אויך מיטגענומען מײַן שכנה גיטל גאָלדפּאַרב און מײַן קוזינקע חנה פּאַזיאַמעק (וואָס איז אומגעקומען דורך די נאַציס).

צו דער באַשטימטער צײַט, זענען שוין אַ דרײַ צענדלינג קינדער געשטאַנען בײַ דעם אַרײַנגאַנג צו דער ביבליאָטעק. אַ טייל קינדער קענען זיך פֿון פֿריִער און אַנדערע נאָך נישט, אָבער אַלע זע־נען שעמעוודיקע... די ביבליאָטעק ווערט געעפֿנט

און מען הייסט אַרײַנגיין און מען רופט אונדז זיך צו זעצן אַרום די טישן — און מיר טוען דאָס שעמעוודיק און דאָ דערזע איך דעם פּריילעך־לוס־טיקן בחור דוד סטאָלאָוויטש, וואָס זיצט מיט אונדז (דוד סטאָלאָוויטש, איז מיר שוין געווען באַקאַנט, פון דער „בשותפותדיקער״ אַרבעט אין דער מצה־בעקערײַ, פון זײַנע עלטערן און פון מײַן זיידן, יעדן ערב פּסח. איך האָב אַלס זיבן־יאָריק קינד געאַרבעט אַלס אַ מעל־שיטערין — און דוד האָט געאַרבעט אַלס אַ שטיפּלער און ער פלעגט בײַ דער אַרבעט זייער אַ סך זינגען און לוסטיק גע־מאַכט דעם עולם און געווען בײַ אַלעמען באַליבט. (הײַנט לעבט ער אין אַרגענטינע). דוד האָט מיט אונדז אָנגעהויבן צו לערנען זינגען אַ לידל און מיר האָבן אָנגעהויבן שעמעוודיק מיטצוזינגען; פון אָנהייב איינצלנע און וואָס ווײַטער האָבן אַלץ מער זיך באַטייליקט און צום סוף, האָבן שוין אַלע מיט־געזונגען:

„מיר זענען קינדער אַלע גלײַכע,
מיר שאַפן אַלע איין פּאַראיין.
נישטאָ קיין אָרעמע און קיין רײַכע,
מיר בויען אונדזער וועלט אַליין.
זאָלן לעבן די קינדער,
זאָלן וואַקסן ביז גרויס.
צו אַרבעטן און צו בויען,
מיט לידער שפּאַנען אַלע פאָרויס!״

שפּעטער האָט דוד צו אונדז אַזוי גערעדט: מיר זענען אַלע חברים פון אַרבעט און פון נויט און מיר ווילן זײַן אַלע אַ טייל פון אַ גרעסער באַוועגונג פון טויזנטער און טויזנטער. ער האָט אונדז אויפגע־קלערט אונדזערע אויפגאַבן אַלס מיטגלידער פון אַ סאָציאַליסטישן קינדער פאַרבאַנד און אַז מיר וועלן זיך אָנרופן „סקיפּיסטן״, ווײַל מיר געהערן צום „סקיף״ און אַז מיר וועלן זיך טרעפן זייער אָפט, צו דרײַ מאָל אין דער וואָך און אַז מיר וועלן זיך לערנען לייענען און שרײַבן יידיש און מען וועט פירן שמועסן וועגן דעם וואָס עס קומט פאָר אין דער וועלט, ווײַל „וויסן איז מאַכט״. מען וועט אויך לערנען זינגען לידער און מאַכן פראַבעס כדי אײַנצואָרדענען קינדער־פאַרשטעלונגען פון צײַט צו צײַט.

מיט אונדז האָבן אָנגעפירט די חברים: גאָלדע בורשטיין און בעריש נאָווענשטערן (הײַנט ביידע אין אַרגענטינע) און אהרן זיסק (הײַנט אין נאָרד־אַמע־ריקע). זיי פלעגן פירן מיט אונדז שמועסן און נאָך יעדן שמועס, פלעגט מען זיך ווענדן צו אונדז קינ־דער, אַז מיר זאָלן שטעלן פראַגן, וועגן די זאַכן וואָס מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען. אָבער ווי געזאָגט, זע־נען מיר אַלע געווען שעמעוודיקע און האָבן זעלטן ווען עס איז געשטעלט אַ פראַגע.

דאָס אײַז פון שעמעוודיקייט האָט אָבער גע־בראָכן די חברטע דוואָשע און מיט אירע פראַגן איז קלאָר געוואָרן, אַז נישט בלויז האָט זי אַלץ פאַר־שטאַנען פון דעם שמועס אָדער לעקציע, נאָר האָט בכלל אַרויסגעוויזן, אַז די אַלע באַהאַנדלטע פראַגן זענען איר זייער באַקאַנט און זי איז אין די אַלע זאַכן זייער באַהאַוונט און זי האָט שוין דאַן גע־לייענט די „קליינע פאָלקס־צײַטונג״ און אויך אַנ־דערע אויסגאַבעס.

האָט זיך צופעליק אַזוי געמאַכט, אַז בײַ אַ „סקיף״־צוזאַמענקונפט, זענען מיר געזעסן איינע נעבן דער צווייטער, האָט זי מיר אויך אָנגערעגט צו שטעלן אַ פראַגע — און אַרום דער געשטעלטער פראַגע, האָבן מיר שפּעטער געפירט אַ ברייטן שמועס צווישן זיך און אויף אַזאַ אופן, האָט זיך צווישן אונדז געשאַפן אַן אינטימע פרײַנדשאַפט, וועלכע האָט אָנגעהאַלטן ביז די ערשטע טעג פון אָקטאָבער 1939 ווען מיר האָבן זיך „געזעגנט״ שוין אויף אייביק, ווײַל זי האָט צוליב פאַרשידענע טע־מים נישט געקאָנט מיטמאַכן דעם וועג מיט אונדז.

אין אַ שפּעטערדיקער צײַט, איז בײַם „סקיף״ באַשטימט געוואָרן אַ נײַע אָנפירונג און די אַרבעט איז דאַן אויסגעברייטערט געוואָרן און האָט אָנגענומען נײַע פאָרמען. קודם כל איז געווען אַ זעלבסט־טעטיקייט פון די סקיפּיסטן און זייער אַן אַקטיווע זעלבסט - באַטייליקונג אין אַלע אַרבעטן. עס זע־נען פאַרגעקומען אָפטערע שמועסן און מיינונגס־אויסטוישן וועגן פאַרשידענע פּראָבלעמען און וועגן פאַרשידענע פּאָליטישע און ליטעראַרישע פראַגן. עס האָט אויך אָנגעהויבן צו דערשײַנען אַ וואַנט־צײַטונג מיט דעם נאָמען „חברשאַפט״ יעדן חודש. די רעדאַקציע איז באַשטאַנען פון: רויזע בלומענ־קראַנץ און אַברהם לערמאַן און אלי גאָלדפאַרב און רעדאַקציע־סעקרעטאַרין איז געווען ח׳טע טענטשאַ פרימעט. עס איז אויך געווען אַן אַקטיווע טעטיקייט אין דעם ראַיאָן קאָמיטעט פון „סקיף״, וווּ אונדזער אַרבעט איז באַצייכנט געוואָרן דורך דעם סעקרעטאַר פון דער „סקיף״־צענטראַלע, ח׳

עמנואל פּאַט, אַלס מוסטערהאַפטע. צו די דאָזיקע אַלע אַרבעטן זענען צוגעצויגן געוואָרן פרישע כורהות פון די סקיפּיסטן. נאָך מערער, ווען עס זענען געשאַפן געוואָרן נייַע קאַדרן יונגע סקיפּיסטן (די ערשטע גרופּע פון 12 פּערזאָן און אַ שפּעטערדיקע גרופּע פון 42 ייִנגלעך און מיידלעך), איז די נשמה פון דער באַוועגונג געווען די חברטע דוואָשע.

די היים פון דער חברטע דוואָשע איז געווען אַן אָרעמע. דער דלות האָט געפּייַפט אין אַלע ווינקעלעך. זייער שטוב איז געווען אין אַזאַ מעמד, אַז דער ווינט פלעגט אַרייַנבלאָזן דורך אַלע זייַטן און ספּעציעל אין דער צייַט פון ווינטער. דער טאַטע איז געווען אַ בעל־עגלה און די פּרנסה פלעגט באַשטיין פון אָפּפירן פּאַסאַזשירן צו דער באַן־סטאַנציע זשעלעניעץ און צוריקברענגען די פּאַסאַזשירן וועלכע זענען געקומען פון וואַרשע. עס זענען אָבער געווען אַ גרעסערע צאָל בעלי־עגלות און מען פלעגט זיך רייַסן איבער יעדן פּאַסאַזשיר — און נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז מען איז געפאָרן צו דער באַן־סטאַנציע מיט אַ ליידיקן וואָגן, מיט דער האָפענונג דאָרטן צו טרעפן וועמען עס איז, אָבער עס פלעגט אויך געשען, אַז מען איז געקומען צוריק אויך מיט אַ ליידיקן וואָגן.

און אין שטוב, פלעגן ניט נאָר די קינדערלעך און די פרוי דאַרפן עסן. מען האָט אויך געמוזט געבן צו עסן דעם פערד — וואָס איז געווען דער אמתדיקער בעל הפרנסה. איז טאַקע נויט און הונגער, דאָרטן געווען גאָר אַן אָפּטע דערשייַנונג. און נאָך מער איז דאָס געשען אום ווינטער. און ווען דאָס גליק האָט צוגעשפּילט און פון דער באַן־סטאַנציע, האָט מען צוריקגעבראַכט עטלעכע פּאַסאַזשירן, האָט מען פון דער „פּרנסה" נישט געוווּסט וואָס פריִער צו באַזאָרגן; צי קוילן אָדער האָלץ צו באַהייצן די שטוב, כדי די קינדער זאָלן נישט פרירן (עס זענען געווען אַ סך קליינע קינדער אין שטוב), צו קויפן שפּייַז פאַר די בני־בית, אָדער פאַר דעם פערד אָדער גאָר עפּעס אָנצוטאָן. און דאָ פלעגט זייער אָפט טרעפן אַז אַ קינד איז גאָר קראַנק געוואָרן און מען האָט געדאַרפט האָבן אַ דאָקטער און אַ רעצעפּט, אַזוי אַז די היים פון דער חברטע דוואָשע, איז ווייַט נישט געווען קיין גליקלעכע.

אויך די חברטע דוואָשע איז געווען אַ קרענקלעכע און תמיד פיזיש אַ שוואַכע. אָבער איר פיזישע שוואַכקייט, האָט איר גאָר נישט געשטערט צו איר גייַסטיקער אַנטוויקלונג. פאַרקערט, איר גייַסטיקע באַגאַבונג איז געווען אַ שם דבר אין דער פּוילישער עלעמענטאַר־שול, ווו זי האָט זיך געלערנט און נישט געקוקט אויף די אַלע שוועריקייטן און מאַנגל אין פּלאַץ ווו צו מאַכן די לעקציעס, דאָס פעלן פון לערנביכער, העפטן א"אַ זאַכן און דאָס אָפטמאָל נישט קאָנען גיין אין שול אַרייַן צוליב איר קראַנקהייט — איז זי דאָך געווען די בעסטע שילערין אין שול און איר טרוים איז געווען, פאַרזעצן דאָס לערנען, נאָך דעם ווי זי וועט פאַרענדיקן די פּאָלקס־שול. ליידער האָט זי נישט געהאַט די מאַטעריעלע באַדינגונגען פאַר דעם און זי האָט איר דורשט געשטילט מיט זעלבסט־בילדונג און האָט מיט אַ סך התלהבות געלייענט ביכער, זשורנאַלן און צייַטונגען און מיט דעם דערוואָרבענעם וויסן זיך געטיילט מיט אַנדערע אויף לעקציעס און אין פּריוואַטע שמועסן.

נישט געקוקט אויף איר פיזישער שוואַכקייט און איר לעבן אין כסדרדיקער אָרעמקייט, האָט זי דאָך נישט געליטן פון קיין מינדערוויכטיקייטס־קאָמפּלעקס און האָט זיך קיין מאָל נישט געקלאָגט אויף איר גורל; זי פלעגט אָפט שפּאַסן אויף דעם חשבון פון אַזעלכע קלאָגערס. אירס אַ באַקאַנט ווערטל איז געווען „צוליב די פאַלשע טרערן, קאָנען די טרערן פון די באמת־געליטענע, נישט דערגרייכן צו דעם רבונו של עולם"... אָדער ווען איר טאַטע איז געשטאָרבן און אין שטוב זענען געבליבן קליינע יתומימלעך, זענען די שכנים און משפּחה־מיטגלידער אַרייַנגעקומען צו באַקלאָגן דעם גורל פון די קליינע יתומים נעבעך, האָט דוואָשע מיט איר גאַנצן צער און פּייַן אַ זאָג געטאָן מיט ווירדע: וואָלט מען פאַר טרערן געדאַרפט עפּעס צאָלן, וואָלטן אַ סך טרערן ווייניקער פאַרגאָסן געוואָרן...

ווי שוין אויבן־דערמאָנט, איז חברטע דוואָשע געוואָרן אַקטיוו אין דער באַוועגונג, נאָך פון איר קינדהייט און דאָס האָט איר געגעבן אַ גייַסטיקע באַפרידיקונג און זי האָט זיך פאַרגעסן אין אירע טאָג־טעגלעכע שטוביקע דאגות. און אין דעם גאַנג פון דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, איז חברטע דוואָשע אַליין באַרייַכערט געוואָרן מיט וויסן און דערפאַרונג. און מיט באַוווּנדערונג פלעגט מען זיך צוהערן צו אירן אַ געזעלשאַפטלעכן שמועס. ווי אַזוי זי האָט געשילדערט די נויט, ליידן און פּייַן פון דער אַרבעטנדיקער מענטשהייַט אין זייערע היימען און וועגן זייער טאָג־טעגלעכן געראַנגל —

און אויך וועגן זייער וויזיע פון אַ ליכטיקערן מאָרגן, וואָס דאַרף און מוז קומען. אירע אויגן פלעגן דאַן פינקלען מיט ליבשאַפט צו די אַרומיקע. אָדער ווען די יינגערע סקיפּיסטן האָבן זיך גענייטיקט אין מאַטעריאַלן פאַר קינדער־פאָרשטעלונגען, פלעגט זי נעמען דערציילונגען און זיי אינסצעניזירן. צווישן אַנדערע זאַכן האָט זי אינסצעניזירט די דערציילונג „דאַנקאַ“ פון מאַקסים גאָרקי און דער דערפאָלג פון דער פאָרשטעלונג איז געווען איר גרעסטע באַלוינונג.

יעדע אַרבעט, וואָס חברטע דוואָשע האָט געמאַכט, איז דאָס געווען מיט ווירדע און מיט ליבשאַפט. אַזוינס איז געשען, ווען אין יאָר 1937 איז איר איבערגעגעבן געוואָרן אָנצופירן מיט דער קינדער־קאָלאָניע „טאָז“. מיט וויפל ליבשאַפט און איבערגעגעבנקייט, מיט האַרץ און געפיל האָט זי עס געטאָן! און ווען די פירער פון „טאָז“ זענען געקומען באַזוכן די קאָלאָניע, זענען זיי געווען באַגײַסטערט פון איר אָנפירונג. נאָר ווען די קינדער פון דער קאָלאָניע, האָבן בײַם עסן געמיינזאַם געזאָגט „מיט אַ גוטן אַפּעטיט“, האָבן זיי זיך געוווּנדערט, פאַרוואָס זיי מאַכן נישט קיין ברכה בײַם עסן, האָט איינער געזאָגט צום צווייטן: „זי מוז אַליין נישט קענען!“ און ווען זיי האָבן זי געפרעגט וועגן דעם, האָט זי זיי דערקלערט אַלע ברכות וואָס מען דאַרף מאַכן אויף יעדער זאַך. דאַן האָבן זיי זי געפרעגט, אויב זי קאָן דאָס יאָ, איז פאַרוואָס לערנט זי נישט די קינדער צו מאַכן קיין ברכה, האָט זי זיי געענטפערט מיט ווירדע: „איך וועל נישט לערנען די קינדער צו טאָן זאַכן, דאָס וואָס איך אַליין טו נישט“...

עס דערמאָנט זיך מיר אויך אַ צווייטער פאַל. זומער אין 1937, האָט מען געמאַכט אַן אויספלוג קיין קאַלושין. בײַם אָנקומען אַ צוויי קילאָמעטער הינטער דער שטאָט, האָבן שוין אויף אונדז געוואַרט אַ גרויסע צאָל קאַלושינער סקיפּיסטן, צוזאַמען מיט זייערע אָנפירערס. פּלוצלינג האָבן זיך באַוויזן, ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעקומענע, אַ גרופּע פּאָליציי און אונדז געהייסן בלײַבן שטיין. איינער פון זיי האָט אַרויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר און זיך געפרעגט. ווער עס זענען עלע מיט דוואָשען — און דאַן זיך געווענדעט צו זיי מיט אַן אויסגעשריי: מיט וואָס פאַר אַ פאַרברעכערישע צילן, זענט איר געקומען אין אונדזער שטאָט? אויף די רויִקע אויפקלערונגען וועגן דעם ציל פון אונדזער אויספלוג, כדי זיך צו טרעפן מיט חברים, האָבן די פּאָליציאַנטן אָנגעהויבן צו זידלען: „מיר ווייסן וועגן אײַך; מיר וועלן אײַך שוין אָנלערנען! איר זענט געקומען צו פאַרשמוציקן אונדזער שטעטל מיט קאָמוניזם!“ און זיי האָבן אונדז אויפגעפאָדערט צו גיין מיט זיי. זיי האָבן געשטעלט דוואָשען מיט עלען פאָרויס און הינטער זיי אַלע סקיפּיסטן. די פּאָליציי האָט אַרומגערינגלט די אײַנגעשטעלטע גרופּע און אונדז געפירט איבער דער שטאָט, ביז צו דער פּאָליציי־קאָמענדאַטור. דאָרטן, פאַר דער קאָמענדאַנטור, האָט מען אַלע געלאָזט שטיין אין דרויסן און אַרײַנגעפירט אין דער פּאָליציי בלויז דוואָשען מיט עלען.

דער דאָרטיקער פּאָליציי־קאָמענדאַנט איז דאַן אַרויס מיט אַ שמוציקער שפּראַך קעגן אונדזער קומען קיין קאַלושין — און ווען חבר עלע האָט אים אויפגעקלערט, אַז פאַר קיין אויספלוג איז ניט נייטיק קיין דערלויבעניש, האָט ער אָנגעהויבן צו קלאַפּן אין טיש און צו שרײַען: „בײַ מיר אין שטאָט וועט אַזוינס נישט געשען!“ און ער האָט דערקלערט אַז עלע איז אַרעסטירט און דערבײַ צוגעגעבן: „איך קאָן נישט פאַרשטיין, וואָס הייסט קומען אין מײַן שטאָט גאַנצע באַנדעס אָן אַ דערלויבעניש?“ אויף דעם האָט אים דוואָשע רויִק און שטאָלץ געענטפערט: „הער קאָמענדאַנט, נאָר דאָס אַליין פאַרשטייט איר נישט? עס זענען פאַראַן נאָך אַ סך זאַכן, וואָס איר פאַרשטייט נישט“... חברטע דוואָשע האָט פאַר דעם באַקומען אַ צוויי־טאָגיקן אַרעסט.

אונדזערע קאַלושינער חברים האָבן זיך דאַן געווענדעט צום בונדישן לאַווניק סאַדאָווסקי און סאַדאָווסקי האָט זיך גלײַך פאַרבונדן מיטן שטאָט־פּרעזידענט און זיי האָבן געמיינזאַם אינטערווענירט בײַם סטאַראָסטוואַ אין מינסק־מאַזאָוויעצק און די חברים עלע און דוואָשע זענען גלײַך באַפרײַט געוואָרן און אויף צו מאָרגנס, האָבן מיר דורכגעפירט אַ מאַרש איבערן שטאָט און דער בירגערמייסטער און לאַווניק סאַדאָווסקי, האָבן אונדז באַקאַנט מיט די נײַע אײַנריכטונגען פון שטאָט, באַזונדערס מיט דעם דאַן אויפגעבויטן שעכט־הויז. די חברטע דוואָשע האָט זיי באַדאַנקט אין דער פּוילישער שפּראַך און איר נצחון און פרייד איז געווען אָן אַ גרענעץ.

די אָרגאַניזאַציע אין סטאָק, האָט ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די אַרבעט פון דער חברטע דוואָ־

שע און האָט איר. צווישן אַנדערנס דערמעגלעכט זיך צו באַטייליקן אין אַ סעמינאַר פון „סקיף" וואָס איז פאָרגעקומען אין קאַלושין. חברטע דוואָשע האָט געטרוימט וועגן אַ נייַער וועלט — אַ



2 „סקיפּיסטן" געהילפן ביי אהרן זיסקן אין זיין פריזיר־געשעפט; פון רעכטס: אהרן זיסק, חיים פנחס ווינטערמאַן

וועלט אָן זאָרגן און אָן דאגות. פאַר דער צוקונפט און פאַר דער וועלט. זי האָט זיך אָבער געוואָלט אַרויסרייַסן פון דעם מאָנאָטאָנעם לעבן אין סטאָק אין דער גרויסער שטאָט, ווו עס זענען געווען אַ סך מער מעגלעכקייטן צו לעבן און צו געניסן פון לעבן — און אויך מער מעגלעכקייטן פאַר איר געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט. לײדער איז איר טרוים נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

אַ געוויסע צייַט, זענען מיר געווען צעשיידט. איך בין געווען אין וואַרשע און חברטע דוואָשע איז פאַרבליבן אין סטאָק. מיר זענען אָבער געשטאַנען אין אַ שריפטלעכער פאַרבינדונג. און ווען די היטלעריסטישע אַרמייען האָבן אָנגעהויבן זייער מאַרש אויף פוילן, האָבן מיר זיך ווידער געפונען אין סטאָק און צוזאַמען איבערגעלעבט דעם אַרייַנמאַרש פון דער היטלער־אַרמיי, די אָפטע דערשיסונגען און דעם כסדרדיקן לײדן און פּײַן. יעדן טאָג האָבן מיר זיך געטראָפן און געשמועסט וועגן דער טרויעריקער ווירקלעכקייט. און ווען איך האָב באַשלאָסן אַריבערצוגיין אויף די רוסישע געביטן, האָב איך איר פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן גיין צוזאַמען. זי האָט אָבער דערקלערט, אַז זי קאָן נישט איבערלאָזן איר מאַמען מיט די קלענערע קינדער — און אַזוי אַרום האָט חברטע דוואָשע ווייַטער געטרונקען דעם גיפטיקן בעכער און איז אומגעקומען פון אַ טיפוס־קראַנקהייט אין 1942 און האָט אויסגעמיטן דעם טראַגישן גורל פון מיטצומאַכן דעם טויטן־מאַרש, מיט אַלע אונדזערע ייִדן אין שרעקלעכן פאַרניכטונגס־לאַגער טרעבלינקע.

כבוד איר אָנדענק!

אהרן זיסק (ניו־יאָרק)

# רויזע בורשטיין־בלומענקראַנץ, אַזוי ווי איך געדענק זי

איך בין מער ווי זיכער, אַז אין דאָזיקן יז־כור־בוך, דאַרף און עס וועט זיך געפינען אַ גרע־סערע אַרבעט, וועגן דער פּערזענלעכקייט פון איינע פון אונדזערע ליבסטע און טײַערסטע פון אונדזער שטעטל, וועמענס נאָמען איז ווײַט אַרי־בערגעשטיגן די גרענעצן פון אונדזער אומגעקו־מענער שטאָט און אויך געווען באַקאַנט אין די אומגעגנטן און אויך אין דעם גרויסן וואַרשע, וואָס איז געווען — נישט בלויז די הויפּטשטאָט פון פּוילן, נאָר אויך דער הויפּט־צענטער פון דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן פון גאַנץ פּוילן, וואָס איז אין יענער צײַט געווען דער וויכטיקסטער און קערנדיקסטער טייל פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק אין דער גאַנצער וועלט.



רויזע בורשטיין

אַ פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן רעספּעקט און יראת־הכבוד אַפילו בײַ קעגנערישע פּאַרטייען

איך מיין דאָ די פּערזענלעכקייט פון רויזע בורשטיין, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָ־מען בלומענקראַנץ — און וואָס נישט געקוקט אויף איר יוגנט (געווען בײַ אונדז אַ סך עלטערע געזעל־שאַפטלעכע טוערס און טוערינס), האָט זי דאָך באַ־קומען דעם שטאָלצן נאָמען „די מאַמע פון בונד" און אַפילו אין די נישט בונדישע רייען האָט מען זיך צוגעהערט מיט אַ סך אויפמערקזאַמקייט און אינטערעס, צו אַלצדינג וואָס רויזע האָט געזאָגט.

איך האָב אַ סך מאָל געקליבן זיך וועגן איר צו שרײַבן — ווײַל איך בין טיף איבערצײַגט, אַז אויב איר נאָמען זאָל פעלן אין אונדזער אויסגאַ־בע, וועט פּאַקטיש פעלן זייער אַ סך; איך האָב אַ פּאָר מאָל געפּרוווט וועגן איר שרײַבן, אָבער צוליב אַ ריי פּערזענלעכע מאָטיוון, האָב איך מיך געמוזט אָפּזאָגן דערפון. איך קאָן מיר אָבער פּאָר קיין פאַל נישט אָפּזאָגן, אין גאַנצן וועגן איר נישט צו שרײַ־בן — און איך וועל דערפאַר ווידמען איר אָנדענק בלויז אַ געציילטע פּאָר שורות, מיט דער פול־שטענדיקער זיכערקייט, אַז אַנדערע מיט מער באַרוף פאַר דעם, וועלן ברייטער שרײַבן וועגן אָט דער קריסטאַל ריינער פּערזענלעכקייט, וואָס האָט באַלויכטן אונדזער שטעטל און וואָלט זיכער דאָס דאָזיקע אויך געקאָנט באַווײַזן אין אַ סך אַ גרעסע־רער שטאָט ווי עס איז געווען אונדזער סטאָק.

אין די לעצטע צײַטן פאַר מײַן אָפּפאָרן פון סטאָק, בין איך געווען אַ נאָענטער חבר און פרײַנד פון רויזען און פון איר פאַמיליע און זייער אָפּט באַזוכט זייער הויז. און ווען איך בין אָנגעקו־מען קיין ניו־יאָרק, האָב איך זיך שטאַרק באַמיט, צוזאַמען מיט יחיאלקעס ברודער, אַריבערצוברענ־גען רויזעס פאַמיליע קיין ניו־יאָרק, ווו זיי וואָלטן זיך זיכער געראַטעוועט און רויזע וואָלט דאָ זי־כער אַ סך דערגרייכט אין דער היגער יידישער געזעלשאַפט. איך בין עטלעכע מאָל געפאָרן אין אַ ווײַטער פאָרשטאָט פון ניו־יאָרק, ווו יחיאלקעס ברודער האָט געלעבט און זיי געפּרוווט איבערצו־צײַגן וועגן דער גרויסער נויטוועדיקייט פון ראַ־טעווען רויזען מיט איר פאַמיליע. אַ לענגערע קאָ־רעספּאָנדענץ איז אָנגעגאַנגען צווישן מיר, רויזען און יחיאלקעס ברודער וועגן אויסאַרבעטן פּאַפּירן און דורכפירן אַנדערע פאָרמאַליטעטן. מיר האָבן דורכגעפירט אינטערווענצן בײַ דעם „היאַס" — און עס איז אָבער געווען צו שפּעט. און היטלער מיט זײַנע באַנדעס האָבן נישט געוואַרט, האָבן פאַרנומען פּוילן און אַנדערע לענדער און געמאַכט אַ חורבן פון דאָרטיקן יידישן לעבן. איך בין אַוועק אין דער נאָרד־אַמעריקאַנער אַרמיי, כדי צו קעמ־

פן קעגן היטלעריזם. איך בין אין דער דאָזיקער מלחמה געווען ביי די פיר מיט אַ האַלב יאָר — און דאָס איבעריקע ווייסט איר אַלע בעסער וואָס עס איז געשען.

*

איך האָב זייער אַ סך מאָל געטראַכט צו שרייבן וועגן רויזען — דער „מאַמע פון בונד אין סטאָק" — ווי מען האָט זי גערופן. וועגן איר אינטעליגענץ, איר רעדנער־טאַלאַנט, וואָס האָט געווירקט אויף יעדן איינעם, וואָס האָט זי געהערט רעדן עפנטלעך — אַפילו אויף אירע פּאַרטיי־קעגנער און וועגן איר קריסטאַל־ריינער פּערזענלעכקייט בכלל. זי איז געווען אַ מענטש מיט אַזוי פיל וואַרעמקייט און האַרציקייט, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם גרעסטן רעספּעקט צו איר, נישט בלויז ביי די בונדיסטן (וואָס זענען שוין געווען געוווינט צו איר — און האָבן זי באַטראַכט ווי אַן אייגענע „מאַמע"), נאָר אויך זייער אַ סך דרך ארץ און יראת הכבוד אַפילו ביי אירע קעגנער פון די אַנדערע פּאַרטייען.

און רויזע האָט פאַרדינט דעם דאָזיקן רעספּעקט ביי אַלעמען, ווייל זי איז געווען אַ סך העכער ווי אַ געוויינלעכע פּערזאָן; זי איז געשטאַנען אויף אַ זייער הויכן ניוואָ — און דאָך געווען פּשוט, געוויינלעך, צוגעלאָזן און פריינדלעך צו אַלעמען און שטענדיק געווען גרייט צו העלפן יעדן איינעם מיט ראָט און טאָט. זי איז אויך באַשאַנקען געוואָרן מיט אַ נאַטירלעכן טאַלאַנט פון צו קאָנען זיין שטענדיק רויק און מיט אַ סך געדולד זיך צוצוהערן צו יענעמס טענות.

איך געדענק זייער אַ סך פאַלן פון געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע און פּערזענלעכע קריגערייען, אָדער צוזאַמענשטויסן, עס פלעגט האַלטן פּשוט ביי אַ „מלחמה" (אַ מין „מלחמת מצווה") און רויזע, מיט איר רויקייט און זאַכלעכקייט, האָט אַלעמען איינגעשטילט און אויסגעמיטן אַזעלכע „מלחמות" און „רעוואָלוציעס".

עס איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיט איינציקע מענטשן, דאָ אין ניו־יאָרק, וועלכע האָבן זיך געטראָפן און באַקענט מיט רויזען ביי בונדישע צוזאַמענפאָרן, ווו רויזע איז געווען די דעלעגאַטין פון אונדזער סטאָקער געגנט — און זיי האָבן באַוווּנדערט איר זאַכלעכקייט און באַהאַוונטקייט, אין אירע אַרויסטריטן און דיסקוסיעס, צווישן די אינערלעכע שטרייטן פון די „לינקע" און די „רעכטע".

מיט אַ געפיל פון אַ סך ווייטיק און מיט שטיקנדיקע טרערן, שרייב איך איצט די דאָזיקע פּאָר שורות, וועגן דעם טרויעריקן אומקום און שרעקלעכן פאַרלוסט, פון אַ גוטער און ליבער חברטע און האַרציקער פריינדין, וועלכע איז געווען באַליבט און געאַכטעט ביי אַלע וועלכע האָבן זי געקענט און איז אומגעקומען מיט דעם זעלביקן מאַרטירער־טויט, פון דעם גרעסטן טייל סטאָקער קדושים.

מיט כבוד און מיט ליבע, וועלן מיר שטענדיק געדענקען די הערלעכע און קריסטאַל־ריינע פּערזענלעכקייט פון רויזע בורשטיין־בלומענקראַנץ -- ערע איר אָנדענק!



ישראל קיאַק (ב. איירעס, אַרגענטינע)

# מײַן פאָטער ר׳ משה דער סופר — און אונדזער אָרעמע משפחה

מײַן זיידע ישראל - חיים, איז געבוירן געוואָרן בײַ אַ טאַטן, וואָס איז געווען אַן אויסגעדינטער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, וואָס האָט אָפּגעדינט איבער דרײַסיק יאָר אין מיליטער פאַר דעם רוסישן צאַר ניקאָלאַי דעם ערשטן. ער איז „געכאַפּט" געוואָרן אין זײַנע פריסטע קינדער־יאָרן, דורך די יעניקע וואָס האָבן געדאַרפט כאַפּן קליינע יידישע קינדער און זיי אַרײַנגעבן אין אַזעלכע פלעצער, ווו אָדער מען האָט זיי אָפּגעשמדט פאַר דעם פּראָוואָסלאַוונעם גלויבן, אָדער מען האָט זיי געמאַכט פאַר סאָלדאַטן אין דעם צאַרס אַרמיי.



ר׳ משה סופר קיאַק ז״ל

איינער פון די דאָזיקע איז געווען מײַן זיידע ישראל־חיים, וואָס האָט אָפּגעדינט דרײַסיק יאָר און איז צוריקגעקומען און חתונה געהאַט מיט מײַן באָבע „די גרויסע לאה" — און איינער פון זייערע קינדער, איז געווען מײַן פאָטער משה, וואָס האָט שפּעטער באַקומען דעם נאָמען ר׳ משה דער סופר, צוליב דעם פאַך וואָס ער האָט געהאַט.

פריער האָט מײַן זיידע באַקומען אַ שטיקל פעלד נעבן סטאָק און מאַטעריאַל אויף אויסצובויען זיך אַ דירה, אויך אַ קו און אַ שקאַפּע. אין דעם פּלאַץ ווו עס האָט זיך געפונען די קאָלאָניע, זענען געווען קאָלאָניזירט אַ געוויסע צאָל דײַטשע פאַמיליעס, וואָס זענען געשטאַנען אויף אַ העכערן קולטור־ניוואָ, ווי די פּאָליאַקן און זיי האָבן באַלד באַמערקט די פעיִקייטן פון מײַן פאָטער און זיי האָבן אים צוגעהאָלפן זיך לערנען די דײַטשע שפּראַך, אויך רוסיש און פּויליש — און צו די צען יאָר (דאָס איז געווען אומגעפער אין יאָר 1880), האָט מען מײַן פאָטער געשיקט קיין ווענגראָווע, וואָס איז געווען בײַ די 15 קילאָמעטער פון זײַן היים און דאָרטן האָט ער אָנגעהויבן צו לערנען, צו לייענען און שרײַבן יידיש און העברעיש — און די מומע האָט אים איבערגעגעבן צו אַ סופר, אַז ער זאָל זיך לערנען די סופרישע מלאכה און אַזוי אַרום איז ער געוואָרן משה דער סופר.

און נאָך נישט אַלט זיבעצנדיק קיין צוואַנציק יאָר, האָט מען אים חתונה געמאַכט מיט שיינע־רחל בורשטיין פון קאָסאָווע (דער טאַטע האָט געהייסן איצל און די מאַמע ביילע) און בײַ אונדז אין שטוב זענען געבוירן געוואָרן די טעכטער: פייגע־רבקה, ביילע, פריידע און די זין: יעקב יוסף, הערשל שמואל, איטשע און ישראל־חיים.

דאָס לעבן אין שטוב איז געווען זייער אַן אָרעמס. פון מײַן טאַטנס פּרנסה — סופרערײַ, האָט נישט געקאָנט זײַן אויף צו שפּײַזן קיין משפּחה. פלעגט דערפאַר די מאַמע דאַרפן זייער אַ סך צוהעלפן און גיין אין די שכנותדיקע דערפער מיט אַ קוישל „צעלניק", ווו עס האָט זיך געפונען דאָס נייטיקסטע וואָס די פּויערים האָבן באַדאַרפט. און די מאַמע פלעגט טוישן אַ פּאַטשיילעכל אויף אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ שפּילקעלע פאַר אַ ביסל קאַשע און אַ שפּיגעלע פאַר אַ ביסל קאָרן אאַ״וו.

בײַ אונדז אין שטוב איז די מאַטעריעלע לאַגע געווען גאָר אַ שווערע, ווײַל מײַן פאָטער ע״ה האָט באַדאַרפט צו האָבן אַן אויסשליסלעך יידישע קליענטעלע און מען האָט געדאַרפט לאַנג וואַרטן, אײַף צו דאַרפן איבערזען אַ פּאָר תפילין; נאָך דעם ווי די תפילין זענען אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. אָדער אויף איבערזען די מזוזה — נאָך דעם ווי בײַ איינעם איז פאַרשלאַפט געוואָרן אַ קינד און מען האָט געזוכט די סיבה אין דער מזוזה, ווו אַ ווערעמל האָט אויפגעגעסן אַן אות, אָדער פון אַ

„ח" איז געוואָרן אַ „ה". אָדער דאָך, ווען מען האָט באַדאַרפט אָנשרײַבן אַ קוויטל צום רבין, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין אַ גאָר שווערער קראַנק־הייט — און מען האָט געמוזט אָנקומען צום רבינס הילף. און פון אַזעלכע פּאַרדינסטן האָט מען גע־דאַרפט שפּײַזן די שטוב, שיקן די יינגלעך אין חדר אַרײַן און באַצאָלן דעם מלמד דעם שכר לימוד.

אַז מען זאָל שרײַבן אַ ספר תורה, איז געווען אַ גאָר זעלטענע זאַך. און ווי איך געדענק, האָט מײַן פֿאָטער געשריבן פֿאַר דעם שטעטל סטאָק בלויז צוויי ספרי־תורות; איינע פאַר לייבל דאן, וואָס האָט געוואָלט האָבן אַ קדיש, ווײַל ער האָט געהאַט צען טעכטער און נישט קיין איין זון. די צווייטע ספר תורה האָט געשריבן משה וווריטנאָוווער קרעפּליאַק, וואָס האָט געוווינט אין אַ דאָרף און האָט געהאַט בײַ זיך אין שטוב אַ מנין יעדן שבת אָדער יום טוב. אין גרעסטן טייל פלעגט מײַן טאַטע שרײַבן פּרשות פאַר תפילין, אָדער מזוזות פאַר יידישע הײַזער — און דערצו פלעגט ער נאָך „צוקנעלן" מיט יינגלעך ווי אַ מלמד. ער פלעגט אויך לער־נען לייענען און שרײַבן יידיש, פּויליש און רוסיש.

ווען די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, האָט זיך די לאַגע אַ ביסל פאַרבעסערט, ווײַל מען האָט גע־שיקט אַ סך ספרי־תורות קיין נאָרד אַמעריקע און די שטאָט וווענגראָווע איז געוואָרן דער צענטער פון שרײַבן די ספרי־תורות און מײַן פאָטער פלעגט שרײַבן פאַר די ווענגראָווער אונטערנעמער. אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווײַל מײַן פאָטער איז באַלד פאַרשלאָפט געוואָרן און אין יאָר 1924, דעם 6טן טאָג פון טבת, איז ער נפטר געוואָרן.

מײַן פאָטער האָט אויך געהאַט אַנדערע פאַר־דינסטן, ווי זײַן בעל תפילה, בעת די ימים נוראים און די אַרומיקע ישובים; ער פלעגט אויך זײַן דער „סעקרעטאַר" בײַם רב אין די סוכות־טעג אין מיר פלעגן פונאַנדערטראָגן די אתרוגים איבערן שטעטל — און מען פלעגט אונדז סוף יום־טוב באַצאָלן פאַרן ברענגען דעם אתרוג. אויך פלעגט דער טאַטע לייענען די מגילה פאַר די ווײַבער און מען פלעגט אים דערפאַר באַצאָלן מיט גראָשנס. אָבער מײַן טאַטע האָט קיין מאָל נישט געזאָרגט וועגן קיין מאַטעריעלע דאגות. בײַ אים איז די הויפּטזאַך געווען דאָס קאָבנען אַוועקפאָרן צום רבין — און ער פלעגט אויך געפינען זײַן גײַסטיקע רעטונג אין די ספרים, אין וועלכע ער פלעגט זיך פאַרטיפן אויף שעהן לאַנג. פלעגט אויסגיסן זײַן

שווערן געמיט־צושטאַנד צו גאָט, ווען ער פלעגט זיך אויפהייבן שפּעט נאָך האַלבער נאַכט צו „חצות" און אויסזינגען זײַן תהילים. און ווען ער פלעגט פאַרענדיקן זײַן תהילים־געזאַנג, פלעגט ער נעמען דעם טלית־זאַק, מיט די צוויי פאָר תפילין און אַוועקגיין דאַוונען — און ווען ער פלעגט צו־ריקקומען פון דאַוונען, פלעגט ער אונדז אויפוועקן און אונדז אַוועקשטעלן דאַוונען. און דעמאָלט פלעגט די מאַמע אַוועק אין די דערפער, כדי אונדז צו ברענגען די „חיונה" און אַזוי האָט מען גע־לעבט און חתונה געמאַכט טעכטער און זין, נישט אַנדערש ווי אין אַנדערע יידישע הײַזער. דאָס זעלביקע איז אויך געווען מיט דער יידישער דער־ציונג פאַר די קינדער.

ווען איך בין אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר — און בין שוין אַ ביסל פריער געוואָרן אַ לינקער פּועלי־ציוניסט, פלעג איך מיך באַמיען, אַז די מאַמע זאָל האָבן אַ ביסל אַ לײַכטער לעבן.

די באַדינגונגען אין פּוילן, ספּעציעל פאַר יידן, זענען אָבער געווען אַזעלכע, אַז איך האָב מיך גע־מוזט לאָזן אין דער וועלט אַרײַן און האָב געמוזט איבערלאָזן די מאַמע אַליין, ווײַל איך בין געווען דער יינגסטער פון אַלע און די מאַמע איז גע־בליבן אַליין. דאָס איז געווען אין חודש אָקטאָבער פון 1930. איך בין געפאָרן קיין בראַזיל און שפּע־טער געקומען קיין אַרגענטינע און מײַן מאַמע איז געבליבן צו עטלעכע טעג בײַ דעם זון שמואל, און עטלעכע טעג בײַ דער טאָכטער ביילע — און די אַנדערע קינדער זענען שוין געווען איבער פאַר־שידענע לענדער, ספּעציעל אין אַרגענטינע. איך בין שוין אויך געווען אַ חתונה־געהאַטער מיט אַ קינד אין אַרגענטינע.

אין יענער צײַט איז אויך געקומען מײַן ברו־דער שמואל קיין אַרגענטינע און האָט דאָ דורכ־געמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע און דעם 5טן מײַ פון 1937, איז ער געשטאָרבן.

עטלעכע וואָכן פריער, איז אויך געשטאָרבן אונדזער ליבע און געטרײַע מוטער. דאָס איז געווען אסתר־תענית פון יאָר 1937.

כבוד און ערע דעם אָנדענק פון אונדזער גע־טרײַען און ערלעכן ראש המשפחה, דעם צדיק ר' משה סופר (קיאַק) און ערע און כבוד אַזעלכע נשים צדקניות, ווי עס איז געווען אונדזער געטרײַע ליבע מאַמע שיינע רחל בורשטיין־קיאַק.

ת. נ. צ. ב. ה.

פריידע רחל פּאָסעסאָרסקי־פּאָגאָדאַ / בוענאָס איירעס

# אונדזער חרוב געוואָרן שטעטל און די ערשטע אָרגאַניזאַציעס

אונדזער שטעטל —אַלנפּאַלס דער ייִדישער טייל פון סטאָק— איז שוין ביים היינטיקן טאָג חרוב און וויסט, צוזאַמען מיט די אַלע ייִדן, וועלכע האָבן דאָרטן געלעבט און נישט באַוויזן באַצייטנס פון דאָרטן אַוועקצופאָרן און דערמיט זיך צו ראַטעווען. און עס איז דעריבער נויטיק וועגן דעם צו שרייבן און צו דערמאָנען, כדי דער זכר פון דאָזיקן שטעטל זאָל כאָטש פאַרבלייבן, אַלס אַן אָנדענק פאַר אונדזערע קינדער און פאַר די קומענדיקע דורות.

איך וויל דערציילן עפּעס וועגן מיין געוועזענער היים און פון דעם אַמאָל פרומען סטאָק — כאָטש נישט אַלצדינג געדענקט זיך און נישט וועגן אַלצדינג קאָן מען איצט שרייבן. עס ווילט זיך אָבער דערמאָנען, עפּעס, וועגן דער אַמאָליקער ייִדישער ביבליאָטעק, וואָס איז חרוב געוואָרן צוזאַמען מיט דעם גאַנצן ייִדישן ישוב פון סטאָק.

ווען מיר זענען אונטערגעוואַקסן, האָבן מיר פאַרשטייט זיך, געהאַט חברים און חברטעס, פון וועלכע איך געדענק איצט: אַברהם יוסף אָסטשעגאָ, יודל ניימאַן, שמחה יורקעוויטש, רחל שוואַרצבערג, רויזע ריקל באַנדרימער (היינט אין נאָרד־אַמעריקע), יהושע (משה מאַטעס דעם שוחטס) און אַנדערע וואָס איך געדענק שוין איצט נישט.



פון רעכטס אויבן: גרינבערג (פון קאָסאָוו); חיים פּאָגאָדע און שלמה דוד פריימאַן; זיצנדיק, פון רעכטס: אסתר טאָשער און מעכלע גרינשפּאַן

אָבער גלײַך, ווי מיר מיידלעך, האָבן אָנגעהויבן צו גיין מיט ייִנגלעך, האָט מען דאָס געהאַלטן פאַר אַ גרויסער „עבירה" און די מאַמעס פון די ייִנגלעך זענען אָפטמאָל אַרויס אין גאַס און אונדז אָפּגע־גאָסן מיט וואַסער, אָדער מיט עפּעס ערגערס... און אונדז אויסגערופן מיט די ערגסטע און געמיינ־סטע ווערטער: „איר מיידן, וועט גיין מיט ייִנגען! מען וועט אײַך פאַרוואַרפן מיט שטיינער!" מיר אָבער, האָבן געטאָן אונדזערס און זיך נישט אָפּגע־שראָקן. די ייִנגלעך האָט מען אָפטמאָל נישט אַרײַנ־געלאָזט אין זייערע שטיבער, אָבער זיי האָבן גע־פירט אַ קאַמף און זייערס אויסגעפירט.

עס געדענקט זיך מיר אַ פאַל, ווען מען האָט געגרינדעט בײַ אונדז די ערשטע ייִדישע ביבליאָ־טעק און זי האָט זיך געפונען בײַ מײַן מוטער אין שטוב. מיר האָבן דאַן געוווינט נעבן דער „טיפּלע", ווי מען האָט בײַ אונדז גערופן דעם קלויסטער און פון די גרינדער זענען געווען: יחיאל ניימאַן, צאַל־קע יורקעוויטש און יחיאל סטאָלאָוויטש. איך בין נאָך דאַן געווען אַ קינד — און מײַן שוואָגער מאָטל און אַנדערע, האָבן בײַ אונדז נישט אײן מאָל אויס־געהאַקט די שויבן, ביז מען האָט דאָס קעסטל בי־כער אַרויסגענומען פון שטוב. ווו מען האָט זיי אַוועקגעפירט, דאָס געדענק איך שוין נישט.

נאָך דער ביבליאָטעק האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה מיט פּאַרטייען. מײַן פאַרשטאָרבענער מאַן חיים פּאָגאָדע ע"ה, וואָס האָט געהערט צו די לינקע פועלי ציון, האָט מיך אַרײַנגענומען אין דער „באָ־ראָכאָוו"־יוגנט — און מיר האָבן דיסקוטירט און זיך געקריגט מיט די „בונדיסטן". מײַן מאַן חיים איז געווען שטאַרק איבערגעגעבן דער פּאַרטיי און ווען זײַן שוועגעריןִ, מײַן שוועסטער עטל, האָט גע־הערט צום „בונד", האָט ער איר נישט געלאָזט זײַן בײַ אונדז אין שטוב.

עס געדענקט זיך מיר אויך, אַז ווען די ביבלי־אָטעק איז שוין געווען גרויס און געהאַט אַן אײ־גענע וווינונג, האָט דער „בונד" געבראַכט אַלס רעדנער שעפּסל נײַהויז פון שכנותדיקן קאָסאָווע (הײַנט געפינט ער זיך בײַ אונדז אין אַרגענטינע), האָט חיים פּאָגאָדע געמאָלדן, אַז ער וועט ניט לאָזן, אַז שעפּסל נײַהויז זאָל רעדן אין דער ביבליאָטעק, ווײַל זי איז אַן אַלגעמיינע און געהער נישט צו קיין שום פּאַרטיי. די בונדיסטן האָבן געזאָגט, אַז ער וועט יאָ רעדן — און עס איז אויסגעבראָכן אַ קרי־געריַי און ער האָט פּאַקטיש נישט גערעדט; ער האָט בלויז באַוויזן צו זאָגן, אַז די פועלי ציון־פּאַרטיי איז פּונקט ווי אַן עמער אָן אַ דנאָ: מען גיסט אין איר אַרײַן וואַסער און דאָס וואַסער רינט



פון רעכטס: שמחה יורקעוויטש, מאיר פײַנשטיין און חיים פּאָגאָדע

אַרויס... און דערמיט איז ער אַוועקגעפֿאָרן און ניט געהאַלטן זײַן רעפֿעראַט.

קריגערײַען און דיסקוסיעס צווישן פּאַרטייען, זענען שטענדיק געווען, אָבער ווען עס זענען אויפֿגעקומען די קאָמוניסטן, האָט מען חיימען געדראָט מיט שלאָגן. ער איז אָבער געווען אַן עקשן און האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן און ער האָט אַלצדינג אויסגעפֿירט.

איין מאָל איז ער געגאַנגען אין דעם שכנותדיקן דאָרף מראָזעוואָלע. עס איז דאָן געווען זומער און מיט אַמאָל איז פֿון די קאַרנס אַרויסגעשפּרונגען אַ גוי און האָט אים געוואָלט הרגענען. נאָר ווען דער גוי האָט דערזען, אַז עס איז „פּאַגאַדשיק" — ווי מען האָט אים גערופֿן בײַ די גוים — האָט ער זיך איבערגעצלמט און האָט אים געזאָגט: „גאָט צו דאַנקען, וואָס איך האָב דיך נישט דערהרגעט!"

אויך פֿון „בונד" האָט מען אים באַקעמפֿט, דערפֿאַר ווײַל ער האָט נישט דערלאָזט צו פֿירן זייער פּאַרטיי־אַרבעט אין דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק. איך דערמאָן זיך, עס איז געווען דער יום־טוב סוכּות. בײַ אונדז האָט מען געהאַלטן פֿון דעם יום־טוב און חיים איז געגאַנגען אין שטוב אַרײַן און מיט אַמאָל לויפֿט מען אַרויס פֿון שמואלקע שנײַדמאַנס שטוב און מען וויל אים שלאָגן. נאָר איך בין פּונקט אָנגעקומען און האָב אָנגעהויבן צו שרײַען — און זיי זענען אַוועק. און דאָ האָט זיך געהאַנדלט פֿון אייגענע פֿאַמיליעס און עס איז זיכער געווען אַ סך ערגער — און אַ סך שאַרפֿער — ווען עס האָט זיך געהאַנדלט פֿון ווײַטע און נישט קיין קרובים.

איך געדענק אויך, ווי מען האָט שפּעטער געבראַכט רעדנערס פֿון וואַרשע, ווי ד"ר אײַזענשטאַט, קענער און זרובבלען. אַ ספּעציעלע אויפֿמערקזאַמקייט האָט בײַ אַלעמען אַרויסגערופֿן דאָס קומען פֿון יעקב זרובבל, וואָס האָט זיך אַ חוץ מיט זײַן גרויסן רעדנער־טאַלאַנט, זיך אויך אויסגעצייכנט מיט זײַן גרויסער ברייט־צעצווײַגטער באָרד — און ער איז גראָד געקומען צו אונדז פֿרײַטיק פֿאַרנאַכט, ערב דעם ליכט־צינדן און ער איז אײַנגעשטאַנען בײַ פֿאַגאַדען אין שטוב, זענען ייִדן געקומען אים זען און האָבן מיך געבעטן, אַז איך זאָל לאָזן אָפֿן די טיר, כּדי זיי זאָלן אים קאָנען אָנקוקן. שפּעטער האָט ער זיך געפֿונען אין שטוב פֿון שלמה דוד פּריימאַן און דאָרטן האָבן זיך איבערגעחזרט די זעלביקע סצענעס.

האָט זיך ווער פֿון אונדז פֿאָרגעשטעלט וואָס עס וועט אַמאָל ווערן פֿון דאָזיקן שטעטעלע? לײַדער איז אָבער געשען דאָס וואָס אַלע פֿון אונדז ווייסן שוין.

*

עס דערמאָנען זיך דערבײַ נאָך עפּיזאָדן, וואָס בעטן זיך ממש אַז מען זאָל זיי פֿאַרצייכענען, אָבער איך פֿאַרצייכן בלויז וועגן דער פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דער גרופּע יוגנטלעכע, וואָס איז בײַ מיר פֿאַרבליבן. און איך געדענק סײַ די גרופּע וואָס איז פֿאָטאָגראַפֿירט און סײַ דאָס וואָס עס איז מיט אונדז אַלעמען געשען. מיר אַלע האָבן זיך געלערנט לייענען און שרײַבן בײַ דעם לערער פֿײַנשטיין, וואָס איז נישט געווען פֿון סטאָק און מיר האָבן אויך געהערט צו דער „באָראָכאָוו־יוגנט". פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך געלערנט ייִנגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען, זענען געקומען אונדזערע מאַמעס און האָבן אים אויסגעהאַקט די שויבן, פֿאַרוואָס עס לערנען בײַ אים ייִנגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען. זיי האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף בכלל אונדז נישט לערנען שרײַבן, ווײַל דאָס איז נישט קיין זאַך פֿאַר קיין מיידלעך... מיר זענען אָבער נישט אָפּגעשטאַנען פֿון דעם דאָזיקן קאַמף און האָבן ווײַטער געלערנט.

שבת זענען מיר געגאַנגען אין וואַלד אַרײַן און דאָרטן געמיטלעך פֿאַרבראַכט, ווי עס פּאַסט פֿאַר יוגנטלעכע. האָט אונדז נאָכגעיאָגט לייזער „טשאַרט" (ווי מען האָט אים גערופֿן) און אונדז אָנגערופֿן מיט די ערגסטע זידל־ווערטער. מיר אָבער האָבן זיך פֿאַר דעם אַלעמען נישט אָפּגעשראָקן און געקעמפֿט פֿאַר דעם וואָס מיר האָבן געהאַלטן פֿאַר ריכטיק און גערעכט.

איך ברענג אַ פֿאַל, פֿאָרגעקומען אין דער ביבליאָטעק. איז געדענקט זיך מיר ווי איין מאָל איז מען געלאָפֿן זאָגן אונדזערע עלטערן, אַז מיר צינדן אָן אום שבת די לאָמפּן און מען רויכערט דאָרטן פּאַפּיראָסן. האָט זיך אָנגערופֿן יצחק סופר (דאָס איז געווען חנה לאַנדעס אַ זיידע), אַז ער גלויבט נישט, אַז ייִדישע קינדער זאָלן רויכערן פּאַפּיראָסן און אָנצינדן לאָמפּן אום שבת; עס איז געווען

**אַ גרופּע „באָראָכאָװ־יוגנט" מיט זייער לערער מאיר פּײַנשטיין פאָטאָגראַפירט דעם 31סטן מײַ 1919 אין סטאָקער „זאגייניק"**



אויבן פון רעכטס: אסתר־בינע (פייגע רחלס), חיהלע (רויזע רבקהס) לעמפּערט, זיסקע אַלטמאַרק, פריידע קיאַק, שמואל טוכשער, שמואלקע קיאַק, שמואלקע זילבער־בערג, רבקה עפּשטיין, אַברהם טאָשער, רבקה פאַרביאַרזש, שמואלקע פרידמאַן און חנה קופער

צווייטע רייע, פון רעכטס: רויזע פײַערטאג, רויזע ריקל באַנדערימער, חיה סקורע, לאהטשע בלומענקראַנץ

דריטע רייע אונטן, פון רעכטס: פריידע רחל פּאָסעסאָרסקי, יאסעק טאָשער, הערשל טוכמאַן, דער לערער מאיר פּײַנשטיין (נעבן אים ליגט אולקע טאָשער), שמחה יורקעוויטש, רחל שוואַרצבערג און רבקה פריד

בלויז אַ שאָטן און עס האָט זיך אויך בלויז אויסגע־דוכט אַז דאָס זענען זיי געוועז...

איך געדענק אויך, ווי רויזע בורשטיין איז גע־קומען צו אונדז אין שטוב אַרײַן, אויף אַרויסצו־געבן די ביכער צום לייענען, איז געקומען אַ מיידל צו נעמען אַ בוך און זי האָט דאָס געהאַלטן פאַר־קערט און האָט געזאָגט, אַז דער שרײַבער ווייסט נישט ווי אַזוי צו שרײַבן... האָבן אַלע קינדער זיך צעלאַכט. אָבער רויזע האָט גענומען דאָס ביכל און איר געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף דאָס האַלטן און ווי אַזוי מען דאַרף דאָס לייענען.

דאָס צווייטע מאָל איז דאָס מיידל שוין נישט געקומען זוכן קיין ביכל, נאָר האָט געשיקט איר שוועסטער, אַז זי זאָל איר ברענגען אַ ביכל. מען דאַרף דערבײַ נעמען אין אַכט אַז עס זענען אויך געווען אַ סך ייִנגלעך וועלכע האָבן נישט געקאָנט שרײַבן. זיי האָבן אָבער געקאָנט דאַוונען, האָבן זיי שוין במילא אויך געקאָנט לייענען, אָבער זייער אַ סך האָט מען געדאַרפט אײַנרעדן אַז זיי זאָלן קו־מען נעמען צו לייענען אַ ביכל.

*

אָט דאָס איז געווען אונדזער יוגנט, פון וועל־כע עס זענען שפּעטער אַרויסגעוואַקסן אָנגעזעענע געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס אַ סך פון זיי וואָלטן זיכער אַ סך אויפגעשטיגן, ווען נישט דער דײַ־טשער אשמדאי, וואָס האָט זיי פריצײַטיק אומגע־בראַכט מיט אַלע מיתות משונות — און אַ טייל פון זיי שרײַבן דאָס איצט פאַר דעם דאָזיקן „פנקס סטאָק", וואָס איז צום באַדויערן געוואָרן אַ יזכור־בוך.

**זעליק טשאַפּקעוויטש**
ניו־יאָרק (נאָרד־אַמעריקע)

# דעראינערונגען פון מיין חרובער אַלטער היימשטאָט

איך שרייב די זכרונות פון מיין געבוירן־שטעטל סטאָק, ווו איך בין געבוירן געוואָרן שפּעטער געלעבט און געאָטעמט מיט יידישקייט און געווען אַ טייל פון דער דאָרטיקער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז אויף אַזאַ אומברחמנותדיקן אופן אומגעבראַכט געוואָרן דורך דעם נאַצי־עמלק.

מיין פרומע מאַמע פריידע־לאה און מיין טאַטע אברהם שלמה דער האַלבער משכיל, זענען געווען שטרענג רעליגיעז און די דערציִונג וואָס מיר האָבן באַקומען, איז, פאַרשטייט זיך, אויך געווען אין דעם דאָזיקן שטרענג רעליגיעזן גייסט. און איך געדענק נאָך די פרייטיק צו נאַכטן, ווען עס איז געווען אַזאַ באמת יום־טובדיקע ליכטיקייט און שטילקייט אַרום דעם טיש. דאָס זעלביקע אויך אום שבת און די יום טוב־טעג, ווען דער טאַטע איז געקומען, פלעגן מיר אַלע די קינדער און מיין פרומע מוטער ע״ה, זיך אויפהייבן פון די בענקלעך ווו מיר פלעגן זיצן און אַ געוואַלדיקער רעספּעקט איז געווען צו אונדזער פאָטער ע״ה.

סטאָק איז געווען אַ פעסטונג פון פאַרשידענע חסידים. יעדע גרופּע חסידים האָט געהאַט איר „שטיבל״. מיין פאָטער ע״ה איז געווען אַן אָטוואָצקער חסיד, האָט ער אָנגעהערט צום אָטוואָצקער שטיבל, ווו ער פלעגט דאַוונען יעדן שבת און יום־טוב. מיין פאָטער איז אָפּטמאָל געווען דער גבאי פון דעם שטיבל און פלעגט זייער אָפט פאָרן צום אָטוואָצקער רבין.

קומענדיק אַהיים פלעגט ער אונדז דערציילן חסידישע מעשיות פון דעם רבין און אויך אָפּטמאָל חסידישע וויצן, וואָס האָבן געהאַט אַ ספּעציעלן געשמאַק און טעם. חסידישע פריינט פון מיין פאָטער זענען געווען: ר׳ יעקב לערמאַן, דער שוחט ר׳ יצחק דער סופר און ר׳ יעקב פריימאַן, דער בעקער. און כמעט יעדן שבת פלעגט מען מאַכן קידוש ביי אונדז אין שטוב. מיין מוטער פלעגט שוין צוגרייטן דעם כיבוד אויף אַ זייער ברייטן אופן און ווען די חסידים זענען אַוועקגעגאַנגען, פלעגן מיר קינדער זיך אַוועקזעצן צום טיש, צוזאַמען מיטן פאָטער. און זיצנדיק ביים טיש, האָבן מיר קינדער נישט געטאָרט רעדן צווישן זיך ביז נאָכן בענטשן.

אין מיינע קינדער־יאָרן, האָב איך געדאַוונט אין שטיבל צוזאַמען מיט מיין פאָטער און בין געווען זייער פרום. דאָס איז געקומען פון דער השפעה וואָס די עלטערן האָבן געהאַט אויף מיר. און איך געדענק, אַז ווען עס איז געקומען שמחת־תורה, ווען די חסדים האָבן געטאַנצט מיט דער תורה, פלעג איך צוזאַמען מיט זיי מיטטאַנצן און דער כוח פון דעם יידישן גלויבן, איז געווען אַזוי שטאַרק ביי די חסידים, אַז זיי פלעגן טאַנצן אין מיטן מאַרק, פון דעם הויז פון איין חסיד צו דעם אַנדערן — און דערביי עסן די קרעפּלעך, וואָס די פרויען פלעגן פאַר זיי אָנגרייטן און ר׳ יצחק דער סופר, פלעגט זיך אַממערסטן אויסצייכענען מיט זיין טאַנצן — און איך בין זיכער, אַז היינט זענען מער נישטאָ אַזעלכע יידן, סיידן אין ישראל.

איך דערמאָן זיך, אַז מיין ערשטער רבי אָדער מלמד איז געווען ר׳ משה־יידל זשעלעניעץ ע״ה. איך האָב שפּעטער אויך געלערנט ביי אַברהם זישעס פּאָזשאָמעק ע״ה. אַברהם זישעס איז געווען אַ מער ליבעראַלער מענטש און מלמד און נישט אַזוי שטרענג ווי משה־יידל אָדער ווי ברוך דער מלמד (וועמען מען האָט אויך גערופן „ברוך זעצער״) ע״ה; אַברהם זישעס איז נישט געווען אַזוי שטרענג ווי די אַנדערע מלמדים. און דורך אַזוי פיל יאָרן איז מיר נאָך געבליבן אין זכרון אַן אינטערעסאַנטע זאַך פון אַברהם זישעס ע״ה.

ווען מיר קינדער האָבן געהאַלטן אין לערנען חומש, איז דער רבי פאַרשוווּנדן פון דעם „אַל־קער״ ווו מיר האָבן געלערנט — און מיר האָבן ווייטער געלערנט מיט אַ סך כוונה. דער רבי איז נישט געקומען צוריק און מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס עס איז מיט אים געשען און מיר זענען געגאַנגען אַהיים.

דעם צווייטן טאָג, ווען מיר קינדער זענען געקומען אין חדר אַריין, האָט אונדז דער רבי דערציילט דעם אמת, אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען קיין זלאָטק צו זיינער אַ שוועסטער און דער רבי האָט

געהאַט גרויס הנאה פון דעם אײַנפאַל, וואָס ער האָט אונדז, קינדער, נישט געזאָגט וווהין ער גייט.

איך קער מיך איצט אָפּ פון מײַן געוועזענעם רבין און הייב אָן איבערצוגעבן פון מײַן מוטער, וואָס האָט זיך אויך געמישט אין מסחר און מיר קינדער פלעגן איר העלפן אין דער שטוב־אַרבעט און פלעגן ברענגען וואַסער — און אַז מיר האָבן געוואָלט טרינקען בעסער וואַסער, איז מען געגאַנגען צום „ווײַנעס־ברונעם", וואָס האָט געהאַט דאָס בעסטע וואַסער אין סטאָק. דער ברונעם איז געווען בײַם בית המדרש, וווּ משה־לייב איז געווען דער שמש.

ווי קאָן מען פאַרגעסן די אינטערעסאַנטע טיפּן און פּערזענלעכקייטן פון מײַן געבורט־שטעטל סטאָק? ווען איך בין אַלט געוואָרן פופצן יאָר, האָב איך זיך שוין געהאַלטן פאַר אַ דערוואַקסענעם מענטשן און מײַן שטרעבונג איז געווען, אַז איך זאָל ווערן אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש און איך האָב באַשלאָסן צו ווערן אַ בעל־מלאכה און מײַן פעטער חיים פּאַגאָדע ע"ה, האָט מיך צוגערעדט זיך צו לערנען פאַר אַ בעקער און ער האָט מיך אַרײַנגעגעבן צו אברהם זאב (וועלוול) מאַלישעוויטש, וואָס איז געווען מײַן פעטער.

ער האָט מיך אויך אַרײַנגעצויגן צו די לינקע פּועלי ציון, ווו איך האָב באַקומען מײַן יניקה פון ייִדישן וויסן. און פון מײַנע פריסטע יאָרן האָב איך מיך פאַראינטערעסירט מיט דער ייִדישער עקאָנאָמישער לאַגע און מיט ייִדישע פּאָליטישע פּראָבלעמען, מיט וועלכע דאָס ייִדישע פאָלק האָט זיך געראַנגלט אין פּוילן און אין אַנדערע לענדער.

די סטאָקער יוגנט האָט קיין מאָל נישט געלעבט אָפּגעזונדערט פון דער אַרומיקער וועלט און ספּעציעל פון דער ייִדישער וועלט. און סטאָק איז געווען כמעט אַ פעסטונג פון פאַרשידענע פּאַרטייען, וועלכע האָבן אין משך פון אַ סך יאָרן דערצויגן אַ יונגן דור, וועלכער האָט באַקומען, נישט בלויז אַ ייִדישע דערציִונג, נאָר אויך אַ גרויסע מאָס אַלגעמיינע בילדונג — און איבער אַלץ דעם יסוד פון אַ נאַציאָנאַלן ייִדישן וויסן.

מיר זענען אויך געווען אַ טייל פון דעם גאַנצן און פילפאַרביקן ייִדישן לעבן פון פּוילן און פון גאַנץ מזרח אייראָפּע; מיר זענען געווען איינע פון די עלטסטע ייִדישע שטעטלעך פון פּוילן, וואָס איז איצט פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיט אַלע געוועזענע ייִדישע ישובים, ייִדישע אײַנוווינערס.

איך בין געווען איינער פון די ערשטע ייִדן פון סטאָק, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן די היטלעריסטישע באַנדיטן פון דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה, זײַענדיק אין פּוילישן מיליטער, אָנהייבנדיק פון ערשטן סעפּטעמבער פון 1939, ביז דעם 8טן מײַ פון 1945. פון אַלע סטאָקער ייִדן זענען פאַרבליבן בלויז געציילטע און דעם גרעסטן טייל האָט מען פאַרניכטעט און זיי אויסגעריסן ביזן וואָרצל. אַלע מײַנע נאָענטע און טײַערע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין טרעבלינקע און אַנדערע פאַרניכטונגס־פלעצער פון די היטלעריסטישע רוצחים.

און מיט די דאָזיקע שורות, דריק איך אויס מײַן טיפן צער און ווייטיק, פאַר די וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם — און כבוד דעם אָנדענק פון מײַנע אייגענע און אַנדערע קדושים!

**עטל פּאָסעסאָרסקי־עלמאַן**
ניו - יאָרק (נאָרד־אַמעריקע)

# זכרונות פון מײַן חרוב געוואָרן שטעטעלע סטאָק

(געווידמעט מײַן מאַמע פרומעט ע״ה)

אין אונדזער לעצטן און גרויסן חורבן, זענען אומגעקומען, נישט בלויז מענטשן, וואָס זענען אין דעם פאַל געווען די ייִדן וואָס האָבן געלעבט אין די אַמאָליקע שטעט און שטעטלעך, נאָר אויך די שטעטלעך גופא — אין זייער אַמאָליקער פאָרעם, האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. און פונקט ווי מיר באַוויינען און מאַכן הספדים נאָך די אומגעקומענע ייִדן און נאָך אונדזערע עלטערן און נאָענטע און טײַערע, אַזוי דאַרפן מיר אויך מאַכן אַן הספד נאָך אונדזער אומגעקומען טײַער און ליב שטעטעלע סטאָק.

און כאָטש עס זענען שוין אַריבער זייער אַ סך יאָרן, זינט איך האָב דאָס דאָזיקע שטעטעלע פאַרלאָזט, לעבט דאָס נאָך אין מײַן זכרון, אַזוי ווי איך האָב דאָס געלאָזט בעת מײַן אָפּפאָרן — כאָטש איך ווייס גוט, אַז ווען עס וואָלט אַפילו נישט געווען דער שרעקלעכער חורבן, וואָלט זיכער בײַם הײַנטיקן טאָג דאָס שטעטל געהאַט אַן אַנדער אויסזען — און בפרט ווען איך ווייס אַז דער חורבן האָט נישט איבערגעלאָזט קיין איינציקן שטיין פון דעם וואָס עס איז געווען דאָס אַמאָליקע סטאָק — בפרט דאָס אַמאָליקע ייִדישע סטאָק. און אַוודאַי ווייס איך, אַז עס איז שוין מער נישט געבליבן קיין זכר פון די דאָרטיקע ייִדן — און אַז דאָס איינציקע וואָס וועט אפשר אָפּגעראַטעוועט ווערן פון דעם חורבן און פאַרגעסנקייט, וועט זײַן דאָס וואָס עס ווערט פאַרצייכנט אין דעם דאָזיקן פנקס, וואָס איז אויסער אַ געוויינלעכער פנקס. אויך געוואָרן אַ יזכור־בוך.

איז לאָמיר דעריבער פאַרצייכענען עפּעס וואָס איך געדענק פון אונדזער פאַרשניטן שטעטעלע, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן אין די טעג אָדער יאָרן פון צאָרן און פון אומקום.

*

איך געדענק דאָס שטעטעלע סטאָק, ווו עס האָבן געלעבט בײַ די פיר הונדערט ייִדישע פאַמיליעס. זיי האָבן געלעבט אָפּגעזונדערט און אָפּגעטייל׳ט פון דער וועלט, סײַ פון דער גוייִשער וועלט אין דעם שטעטל גופא, וואָס זענען געווען פײַנטלעך צו ייִדן — און אויך אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעזונדערט פון די ייִדן פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווײַל די קאָמוניקאַציע צו אונדז איז געווען אַ גאַנץ שלעכטע — כאָטש אין די לעצטע צײַטן האָט די קאָמוניקאַציע זיך באַדײַטנדיק פאַרבעסערט און אויך צוליב דעם, וואָס די יוגנט פון אונדזער שטעטל, וואָס איז וואָס ווײַטער געוואָרן אַן אַלץ מער פרעדאָמינירנדיקער כוח אין אונדזער שטעטל און אויך אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, האָט אָנגעהויבן פּורץ גדר זײַן — און אויפברעכן די גרענעצן צו דער אַרומיקער וועלט.

אָבער די צײַטן וואָס איך געדענק נאָך, פלעגן ייִדן וואַרטן אויף דעם מאַרק, אָדער יאַריד פון איין וואָך אויף דער צווייטער און אויף די דאָזיקע מערק, אָדער יאַרידים פלעגן די פּויערים פון אַרום דעם שטעטל ברענגען זייערע סחורות און ייִדן פלעגן פאַרקויפן דאָס וואָס זיי האָבן אויסגעאַרבעט אין פאַרלויף פון דער גאַנצער וואָך — און דערפון פלעגט מען מאַכן אַ לעבן מ׳שטיינס געזאָגט.

פרײַטיק פאַרנאַכט, פלעגט זיך אין דעם שטעטל אָנהייבן צו פילן אַ יום־טובדיקע שטימונג. און די ייִדן פלעגן זיך אָנטאָן די יום־טובדיקע לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט די שטריימלעך און גיין אין שיל אַרײַן. אויך די פרויען פלעגן זיך אויספּוצן אין די בעסערע קליידער וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט, מיט די טיכלעך אָדער פאַטשיילעס אויף די קעפּ.

איך געדענק אַ פאַל, פון אַ שבת בײַטאָג, אום ווינטער, ווען עס זענען אַרײַנגעקומען מײַן מאַמעס פרײַנד מעכלע שניידמאַן, יחיאל סטאָלאָוויטש, יחיאל ניימאַן און אַנדערע. זיי זענען געזעסן געמיטלעך און געשמועסט. איך, נאָך דאַן אַ קליין מיידע׳ע, בין געזעסן אײַנגעקורטשעט, בײַם אויוון ווו עס איז געווען וואַרעם און האָב מיך אײַנגעהערט אין די דיסקוסיעס זייערע און ווי אַזוי זיי ברענגען אַרײַן נײַע געדאַנקען, וואָס זענען דאַן געווען שטאַרק אין דער מאָדע בײַ דער יוגנט, אויף צו פירן בײַ זיי אַ קולטור־אַרבעט, ספּעציעל בײַ די וואָס זענען אונטערגעוואַקסן.

עס איז דאַן אויפגעשווומען די פראַגע פון

גרינדן אַ ביבליאָטעק פאַר דער יוגנט. אָבער ווי אַזוי וועט מען דאָס מאַכן? קיין געלט בײַ דער יוגנט איז נישט געווען, נישט אויף קויפן קיין ביכער און נישט אויף צו דינגען קיין צימער — און ווער וועט וועלן אַרײַננעמען צו זיך „טריף־פּסולע" ביכער? אָבער מײַן מאַמע האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט אָפּ־געבן איר שטוב פאַר דער ביבליאָטעק.

ווי איך געדענק, האָט געדויערט אַ קורץ שטי־קל צײַט און ווער עס האָט געהאַט בײַ זיך ביכער, פלעגט ער דאָס ברענגען צו אונדז אין שטוב אַרײַן און אויף אַזאַ אופן איז אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע יידישע ביבליאָטעק אין סטאָק און יינגלעך און מיידלעך פלעגן קומען צו אונדז אין שטוב, איין מאָל אין דער וואָך, אויף צו נעמען און טוישן די ביכער.

איך געדענק, אַז בײַ דער ביבליאָטעק איז אויך געווען אַ קאָמיטעט וואָס פלעגט שטעלן פראַגן וועגן דעם וואָס מען האָט געלייענט — און וואָס מען האָט פאַרשטאַנען פון דעם געלייענטן. און אַ חוץ די יוגנט גופא, וואָס האָט זיך שטאַרק פאַראינטערע־סירט מיט דער ביבליאָטעק, וואָס איז פאַר זיי גע־וואָרן זייער צווייטע היים, האָט דאָס אויך אויפגערו־דערט אונדזערע חסידים, וועלכע האָבן אין דעם אײַנגעזען אפיקורסות, וואָס קומט פאַר בײַ פרומעטן אין שטוב. צווישן די זאַכן וואָס מען האָט גערעדט וועגן מײַן מוטער איז געווען, אַז מײַן מאַמע איז אַ „גויע"; דער מאַן אירער איז אין אַמעריקע און זי טראָגט נישט קיין שייטל אַפילו... און בײַ איר אין שטוב איז פול מיט „טריף־פּסולע" ביכער — און מען דאַרף זי פאַרשטיינען. אָבער די דאָזיקע מיי־נונג, איז געווען בלויז פון איינצלנע — און די מערהײַט פון שטעטל האָבן געהאַט גרויס רעספּעקט פאַר מײַן מאַמען.

די מאַמע האָט געהאַנדלט — ווי דער גרעסטער טייל יידן פון שטעטל— מיט די פּויערים. זי פלעגט בײַ זיי קויפן פּוטער, אייער, הינער און אַנדערע זאַכן און פלעגט דאָס פירן קיין וואַרשע צו פאַר־קויפן — און אויף אַזאַ אופן האָבן מיר זיך ווי עס איז דורכגעלעבט.

מיט דער צײַט האָט זיך די ביבליאָטעק פאַר־גרעסערט און אַלץ מער יונגוואַרג האָבן אָנגעהויבן צו לייענען ביכער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרײַנ־צודרינגען אין כמעט אַלע הײַזער. עס איז אַפילו געווען אַ צײַט, ווען אייניקע חסידים האָבן געוואָלט פאַרשטיינען די מאַמע, אָבער זיי האָבן פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט ווירקן אויף די איבעריקע, אַז מען זאָל דאָס טאָן.

מײַנע שוועסטער פריידע־רחל, גאָלדע און איך זענען אונטערגעוואַקסן און מיר האָבן זיך באַטיי־ליקט אין דער אַרבעט פון דער ביבליאָטעק און אונדזער הויז איז געוואָרן אַ מין צענטראַלער קול־טור־אַדרעס, וואָס האָט געהאַט זייער אַ סך אָנהענ־גערס —הויפּטזאַכלעך צווישן דער יוגנט— אָבער אויך זייער אַ סך קעגנער, וואָס זענען באַשטאַנען פון די עלטערע מענטשן און אין גרעסטן טייל פון די חסידים.

איך געדענק אַ פאַל פון אַ ראש־השנה בײַנאַכט, ווען מײַן מאַמע איז געגאַנגען אין שיל אַרײַן און עס האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבן זי נישט געוואָלט אַרײַנלאָזן און עס זענען אויך געווען אַזעל־כע וואָס האָבן גערעדט וועגן אַרײַנלייגן זי אין חרם אַרײַן. דערצו איז זי געווען אַ פרוי אַליין מיט דרײַ קינדער, אַלע מיידלעך — און דאָס איז שוין גע־ווען צופיל פאַר איר.

די ביבליאָטעק האָט דעריבער געמוזט דינגען אַ צימער, וואָס איז געווען אַ מין געוועלבל, כדי צו קאָנען אָנגיין מיט איר קולטור־אַרבעט. און די בי־בליאָטעק איז פאַקטיש געווען דער אָנהויב פון דער קולטור־באַוועגונג, וואָס האָט זיך שפּעטער אַזוי פײַן פאַנאַנדערגעבליט און אויסגעוואַקסן אין סטאָק.

פון דער ביבליאָטעק, זענען נאָך דעם אויס־געוואַקסן פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס; עס איז אויס־געוואַקסן דער „בונד", די לינקע פּועלי־ציון באַ־וועגונג און אַנדערע פאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס, ווי אין אַנדערע יידישע שטעטלעך. שפּעטער האָט זיך געשאַפן דער יוגנט־בונד „צוקונפט", וווּ איך בין אויך געווען אַ מיטגליד און אַנדערע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

דאָס אַלץ איז פאָרגעקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. און מײַן מוטער איז געשטאָרבן אין יאָר 1925. און אין יאָר 1926 בין איך און מײַן שוועסטער גאָלדע אַוועק קיין נאָרד־אַמעריקע, ווו עס האָט זיך פאַר אונדז אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן — אָבער בײַ מיר איז שטענדיק פאַרבליבן אין אָנ־דענק מײַן קליין שטעטעלע סטאָק, וואָס איז אַוועק אין פײַער און אומקום, צוזאַמען מיט דעם גרעסטן טייל יידישע שטעטלעך, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין דעם גרויסן חורבן.

# אַ קורץ דערעפן וואָרט צו דער אָפּטיילונג
# „סטאָקער איבער דער וועלט"

גלײַך בײַם אָנהויב, ווען דער געשאַפענער „ועד־הספר" איז צוגעטראָטן צו רעאַליזירן אונדזער טרוים און אונדזער אַלעמענס פליכט אַרויסצוגעבן דעם „יזכור־בוך" נאָך די קדושים פון סטאָק און אומגעגנט, איז אויך אויפגעקומען דער געדאַנק צו פאַרצייכענען און אָפּמערקן — אויף וויפל דאָס וועט זײַן מעגלעך — די אַקטיוויטעטן פון אונדזערע סטאָקער בני־עיר, וועלכע האָבן אויסגעוואַנדערט פון שטעטל און זיך אײַנגעאָרדנט אין פאַרשידענע לענדער איבער דער וועלט, ווי נאָרד - אַמעריקע, קאַנאַדע, קובאַ, אַרגענטינע, בראַזיל, אורוגווײַ, אויסטראַליע, פראַנקרײַך און ארץ - ישראל.

מיר האָבן דערבײַ גענומען אין אַכט דעם גרונט־פּרינציפּ פון אונדזער אידיי צו שטעלן אַ מצבה אונדזער געבורטס־שטעטל און מיר האָבן געוואָלט דעם דאָזיקן „יזכור־ספר" אויסברייטערן אַ נאָמען געבנדיק דעם אָנדענק־בוך „פנקס־סטאָק".

אַט דער פּילזאָגנדיקער נאָמען דינט פאַר אונדז ווי אַן אויסגעברייטערטע ראַם, אַרײַנצונעמען די באַקומענע אַרבעטן וואָס שפּיגלען אָפּ די טעטיקייטן פון אונדזערע לאַנדסלײַט אין זייערע נײַע היימען, און באַשטעטיקט די ריכטיקייט פון אונדזער געדאַנק וואָס האָט זיך באַזירט אויף דער המשכדיקייט פון אונדזער סטאָקער סביבה.

די סטאָקער עמיגראַנטן, יוגנטלעכע ספּעציעל, האָבן אין די נײַע לענדער פון זייער אײַנגעוואָרצלטקייט, ממשיך געווען די טראַדיציע פון אַ אינטעגראַל יידיש קולטור־לעבן, מיטגעהאָלפן אומעטום בויען קולטור־אינסטיטוציעס, שולן און לאַנדסמאַנשאַפטלעכע קערפּערשאַפטן, אַרײַנגעבנדיק אין דעם אַלעם געפיל און אחריות־דיקע משפּחה־איינקייט.

סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפטן זענען געוואָרן קרעפטיקע רינגלעך אין דער גאָלדענער קייט פון יידישן לעבן און שאַפן אויף די אַלטע ערטער פון זייער אײַנגעוואָרצלטקייט און געשטאַרקט דעם סענטימענט פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער משפּחהדיקייט.

עפענען מיר מיט צופרידנקייט און סאַטיספאַקציע די אַזוי וויכטיקע אָפּטיילונג „סטאָקער איבער דער וועלט".

דער רעדאַקציע - סעקרעטאַריאַט

אהרן זיסק (ניו־יאָרק, נאָרדאַמעריקע)

# 60 יאָר סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט (סאָסיעיטי) אין ניו־יאָרק

הײַנטיקס יאָר ווערט דערמאָנט און אָפּגעצייכנט די 60 יאָריקע טעטיקייט, אָדער יובל, פון דער סטאָקער „סאָסיעיטי" אין ניו־יאָרק, וואָס דאָס מיינט צו זאָגן, אַז שוין אין יענער צײַט — מיט 60 יאָר צוריק — אין יאָר 1913, האָבן זיך דאָ אין ניו־יאָרק שוין געפונען אַ גרעסערע גרופּע אימיגראַנטן פון סטאָק, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען צו שאַפן אַן אייגענע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל מיטהעלפן זייערע אָרעמערע ל״ל אין אַ פאַל פון נויט. דאָס דאָזיקע מיינט אויך צו זאָגן, אַז נאָך איידער די „סאָסיעיטי" איז געשאַפן געוואָרן, האָבן זיך שוין געפונען סטאָקער לאַנדסלײַט אין אַמעריקע בכלל און אין ניו־יאָרק בפרט — ווײַל עס איז אַ פאַקט, אַז יעדער איינער וואָס איז אין יענער צײַט געקומען פון סטאָק קיין ניו־יאָרק, האָט שוין געטראָפן אַ פריערדיקן סטאָקער — און עס איז דעריבער שווער פעסטצושטעלן ווער עס איז געווען דער סאַמע ערשטער ייִד פון סטאָק, וואָס איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, אָדער קיין אַמעריקע בכלל.

אָבער אונדזער אויפגאַבע איז נישט צו שרײַבן קיין אויספירלעכע געשיכטע פון סטאָקער ייִדן אין אַמעריקע, אָדער ניו־יאָרק; אונדזער אויפגאַבע איז אַ סך אַ באַשיידענערע און באַשטייט אין אָפּשפּיגלען אין אונדזער פנקס נישט בלויז דאָס וואָס עס האָבן אויפגעטאָן די ייִדן פון סטאָק; אונדזערע אומגעקומענע טאַטעס און מאַמעס, שוועסטער און ברידער; נאָר אויך דערציילן אַ זייער קליינעם טייל פון דעם וואָס עס האָבן געטאָן אונדזערע ברידער און שוועסטער, וועמען מען באַצייכנט מיט דעם אַלגעמיינעם נאָמען „לאַנדסלײַט", אין די נײַע פּלעצער ווו זיי זענען אָנגעקומען, ווײַל מיר אַלע ווייסן אַז אויך אין די נײַע לענדער האָבן זיי נאָך אָנגעהאַלטן דעם גײַסט פון דעם אַמאָליקן סטאָק. אַ חוץ אַלגעמיינע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, האָבן זיי שטענדיק אין זינען געהאַט צו העלפן די לאַנדסלייט פון סטאָק, סײַ די וואָס זענען נאָר וואָס אָנגעקומען, סײַ אַזעלכע וואָס האָבן שוין זײַענדיק אין דעם „גאָלדענעם לאַנד" באַדאַרפט אָנצוקומען נאָך הילף, און אין דער גאַנצער צײַט, האָבן זיי אויך געהאַט אַלס וויכטיקע אויפגאַבע צו העלפן דאָס גאַנצע שטעטלע סטאָק, מיט אירע געזעלשאַפטן און אינסטיטוציעס, וועלכע האָבן עקסיסטירט ביז די טעג פון חורבן. אין דער צײַט פון נאָכן חורבן מיטצוהעלפן די ווייניקע און ממש געציילטע, וואָס האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען פון דעם שרעקלעכן מבול.

איידער מיר וועלן אָנהויבן צו דערציילן עפּעס וועגן אונדזער „סאָסיעיטי", ווען מיר דערמאָנען איינעם פון די ראשונים סטאָקער, וואָס האָט אין אַ געוויסער מאָס געפירט זײַן לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אַרבעט, נאָך איידער די „סאָסיעיטי" איז געשאַפן געוואָרן. מיר מיינען דאָ דעם לאַנדסמאַן אברהם יאַנקל גרינבערג ז״ל. ער איז געווען ווײַט פון צו זײַן אַ פאַרמעגלעכער, אָבער נישט געקוקט אויף זײַן עקאָנאָמישן מצב, האָבן אַלע לאַנדסלײַט אין די ערשטע יאָרן געפונען בײַ אים אַן אָנשפּאַר סײַ עקאָנאָמיש און סײַ מאָראַליש, זײַן הויז איז געווען אין בוכשטעבלעכן זין אַן „אכסניה", דורך וועלכער עס זענען דורכגעגאַנגען כמעט אַלע סטאָקער בני־עיר, אין די ערשטע וואָכן פון זייער אָנקום אין יענער צײַט, אין דעם „גאָלדענעם לאַנד" אַרײַן.

מען דערציילט וועגן אים אַן עפּיזאָד ווי אַזוי ער האָט עמיגרירט קיין נאָרד אַמעריקע: ער איז אין איינעם אַן אָוונט, אַרויס פון שטוב „פאַרמאַכן די לאָדנס" פון זײַן הויז און אַוועק, אַ שטיק צײַט האָט קיינער נישט געוווּסט וווּהין ער איז אַוועק, דערנאָך איז געקומען אַ בריוו אַז ער געפינט זיך אין אַמעריקע, און אפשר דערפאַר האָט ער זיך שטענדיק באַטראַכט ווײַטער ווי ער וואָלט נאָך אין סטאָק געווען און האָט מיטגעהאָלפן מיט אַלץ וואָס עס איז אים געווען מעגלעך אַלע סטאָקער לאַנדסלײַט. אין זײַן ליכטיקן אָנדענק, וועל איך אָנהייבן צו דערציילן וועגן דער סטאָקער „סאָסיעיטי" אין ניו־יאָרק.

## אַ קורצער צוזאַמענטרעף

אין אַ זונטיק נאָך מיטיק, פון די ווייניקע זונטיקן, ווען עס בלייבט איבער צייט פאַר געזעלשאַפטלעכע ענינים, האָב איך מיך געטראָפן מיט פריינד שמואל לייב זשעלעניעץ און מיר זענען געפאָרן צו דעם לאַנג־יאָריקן סעקרעטאַר פון סטאָקער „סאָסיעיטי", פריינד יודל טאָשער, וועלכער וווינט אין אַ שיינער פּריוואַטער הויז אין לאָנג איילאַנד, ביי זיין טאָכטער און איידעם, עטל און סעם גאָלדוואַסער, ווו מיר זענען אויפגענומען געוואָרן זייער וואַרעם און פריינטלעך ווי אמתע לאַנדסלייט, נאָך אַ קורצן שמועס וועגן אַלגעמיינע סטאָקער פראַגן און „פּאָליטיק" וועגן יידישע אינסטיטוציעס און וועגן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ניו־יאָרק בכלל, זענען מיר צוגעטראָטן צום עצם ענין וואָס עס האָט באַצוועקט אונדזער באַזוך.



**י ו ד ל   ט אָ ש ע ר**

איינער פון די ראשונים גרינדער פון דער סטאָקער „סאָסיעיטי" (לאַנדסמאַנשאַפט אין נאָרד־אַמעריקע)

און אָט וואָס פריינד טאָשער, — דער לאַנג־יאָריקער סעקרעטאַר פון דער סטאָקער „סאָסיעיטי", וועלכער פייערט היינטיקס יאָר זיין 90סטן געבורטסיאָר, (עד מאה ועשרים) האָט מיר דערציילט מיט זיין ליבן און האַרציקן שמייכל, אויך פריינד שמואל לייב זשעלעניעץ האָט אַרויסגעהאָלפן מיט אַ סך אינפאָרמאַציע.

אין יאָר 1913, האָבן די ביידע ברידער וועוועל און מאנעס קראַוויעץ, גענומען די איניציאַטיוו און גערופן אַ מיטינג פון סטאָקער לאַנדסלייט, אין הויז פון ה׳ פייטל גרינבערג, (אהרן מלמדס זון). די סיבה וואָס האָט זיי באַוויגן אונטערצונעמען די איניציאַטיוו איז געווען כמעט אַ פּערזענלעכע; וועלוועל קראַוויעצס טאָכטער איז קראַנק געוואָרן אויף דער דאַן געפערלעכער קראַנקהייט פון טובערקולאָז (שווינדזיכט); אַ קראַנקהייט וואָס האָט אין יענער צייט זייער אָפט געפּלאָגט די אָרעמע יידישע באַפעלקערונג, וועלכע האָט אין גרעסטן טייל געוווינט אין די פייכטע קעלער־שטיבלעך פון דעמאָלסדיקן ניו־יאָרק.

אויף דער פאַרזאַמלונג, אָדער מיטינג, זענען דאַן געווען אָנוועזנד: פייטל און אברהם יאַנקל גרינבערג, פון דער טאָשער פאַמיליע זענען געווען: יודל, סראָלקע, שמעון, שיע און דוד, אויך לייזער יצחק גראָסמאַן און אויך איינקע אַנדערע וועמען מיר געדענקען שוין איצט נישט, און די פאַרזאַמלונג האָט דאַן באַשלאָסן; אָרגאַניזירן אַ „קראַנקן הילפס גרופּע", אויף צו העלפן די וואָס נייטיקן זיך אין אַזעלכע פאַלן. און פאַר דעם צוועק צו צאָלן צוואַנציק סענט אַ וואָך. מען דאַרף דערביי געמען אין אַכט, אַז פון די קליינע פאַרדינסטן וואָס אַן אַרבעטער האָט אין יענער צייט פאַרדינט, און אַרבעטנדיק בלויז ביי די 4 אָדער 5 חדשים אין יאָר, זענען צוואַנציק סענט געווען אַ „גרויסע סומע" וואָס זיי האָבן אָפט מאָל געדאַרפט אָפּשפּאָרן פון ביסן ברויט.

די עמיגראַציע פון אַמאָליקן פוילן איז געוואָרן אַן אַלץ גרעסערע און אויך פון סטאָק און אומגעגנט זענען צוגעקומען אַלץ נייע אימיגראַנטן און במילא אויך מיטגלידער צו דער גרופּע. נאָך אַ יאָר עקזיסטענץ פון דער „קראַנקן הילפס־גרופּע" איז באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אָפיציעל די „סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט" „סאָסעיטי" אין ניו־יאָרק, וועמענס ערשטע קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע: פאָרזיצער איז געוואָרן שיע גרינשפּאַן; פינאַנץ־סעקרעטאַר אברהם יאַנקל גרינבערג און פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר יודל טאָשער.

אין יאָר 1914, האָט די סטאָקער „סאָסיעיטי" באַשלאָסן צו קויפן אַ פּלאַץ פאַר אַ בית־עולם, ווייל עס זענען שוין דאַן געווען אומגליקס פאַלן מיט סטאָקער לאַנדסלייט. אָבער אַזוי ווי עס איז געווען

שיזער מיט פינאַנצן, האָט זיך דאָס פאַרצויגן ביז דעם יאָר 1915, און דאַן איז געקויפט געוואָרן אין „סטען איילאַנד", בײַ דער אַלגעמיינער „היברו בית עולם קאָמפּאַני" אַ פּלאַץ פאַר 120 קברים, פאַר דער סומע פון 750 דאָלאַר, אויף אויסצוצאָלן אין זיבן יאָר, די מיטגלידער האָבן געדאַרפט צאָלן 25 סענט אַ קוואַרטל, (דרײַ חדשים), אָדער איין דאָלאַר אַ יאָר.

אין דער זעלבער צײַט האָט די „סאָסיעיטי" געמאַכט אַן אָפּמאַך מיט דאָקטער הערשמאַן פון דער מעדיסאָן גאַס, אויף דער גוט באַקאַנטער ייִדי־שער „איסט־סייד" אין ניו־יאָרק, און ער פלעגט אויפנעמען קראַנקע מיטגלידער און דער אָפּצאָל פאַר דעם דאָקטער איז געווען אַ מינימאַלער: 25 סענט פאַר אַן איינצעלנעם מיטגליד און פופציק סענט פאַר אַ פאַמיליע, יעדן קוואַרטאַל. אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ סומע געלט בײַ דער „סאָסיעיטי", האָט מען אָנ־געהויבן אויסצוצאָלן בענעפיטן פאַר די מיטגלידער אין פאַל פון אַ קראַנקהײַט, וואָס האָט דערגרייכט צו דרײַ דאָלאַר אַ וואָך אין פאַרלויף פון צען וואָכן. און אין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער סטאָקער „סאָסיעיטי" זענען געווען אַ גרעסע־רע צאָל קראַנקהײַטן פון שווינדזוכט און במילא אויך פון טויט־פאַלן.

## פאַרשידענע טעטיקייטן

אין דעם יאָר 1917, איז געשאַפן געוואָרן אַ לײַ־קאַסע אָנגעפירט פון אברהם יאַנקל גרינבערג, יודל טאָשער, הערשל גרינשפּאַן און אַנדערע, און מען פלעגט אויסבאָרגן ביז דער סומע פון 15 דאָ־לאַר, אָן פּראָצענט, די אויסבאָרגערס פון דעם געלט זענען געווען מיטגלידער פון דער סטאָקער „סאָ־סיעיטי", וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט „אַרויפגע־אַרבעט" אין „גאָלדענעם לאַנד" און האָבן זיך שוין געקאָנט דערלויבן אַרויסצובאַווײַזן זייער גוטהאַר־ציקייט פאַר די נויטבאַדערפטיקע, אַ זאַך וואָס זיי האָבן נאָך מיטגעבראַכט פון אונדזער אַלעמענס היימשטעטל סטאָק.

דורך דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלח־מה, האָט די סטאָקער „סאָסיעיטי" אָנגעזאַמלט אַ געוויסע סומע געלט און נאָך דער מלחמה, האָט מען פאַר דעם דאָזיקן געלט געשיקט קיין סטאָק פּעק־לעך עסן, קליידונג און אַנדערע זאַכן און אויך געלט אויף צו באַקן מצות און אַרויסצוהעלפן די אָרעמע און קראַנקע אין שטעטל; מען האָט דאָס גע־טאָן סײַ פאַר יחידים און אויך פאַר געזעלשאַפטן.

ווען מיר פלעגן אַרויסשיקן יאָר־יערלעך די הילף קיין סטאָק, האָבן מיר שטענדיק אָנגעגעבן די פּערזאָנען וועלכע זאָלן צוזאַמענשטעלן דעם הילפס קאָמיטעט, וועמענס אויפגאַבע עס איז געווען פאַר־נאַנדערצוטיילן די געלטער אויף אַן ערנהאַפטן אופן, און זאָל דערבײַ פאַרצייכנט ווערן אַז די הילפס קאָמיטעטן, פלעגן שטענדיק דורכפירן זייערע הײַ־ליקע מיסיעס על צד היותר טוב און צושיקן זײַ־ערע באַריכטן צו דער „סאָסיעיטי" אין ניו־יאָרק.

אין יאָר 1926, איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק שמואל לייב זשעלעניעץ, וואָס איז געוואָרן זייער אַקטיוו אין דער סטאָקער „סאָסיעיטי" און עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער „רעליעף" (הילפס)־קאָמיטעט, וועלכער פלעגט אײַנאָרדענען ספּעציעלע „פּאַרטיעס", טעאַטער־בענעפיטן, טאַנץ־אָוונטן און פאַרשידענע אַנדערע אונטערנעמונגען, כדי צו קאָנען שאַפן געלט־מיטלען פאַר הילפס־צוועקן.



**אלטקע זשעלעניעץ ע"ה**

ערשטע און לאַנג־יעריקע פאַרזיצערין פון פרויען־קאָמיטעט בײַ דער סטאָקער „סאָסיעיטי"

אין דעם יאָר 1927, איז יודל טאָשער געוואָרן פינאַנץ־סעקרעטאַר, שמעון טאָשער, פאַרזיצער, שיע גרינשפּאַן סעקרעטאַר און שמחה רובין קאַ־סירער. אין זעלביקן יאָר איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ פרויען קאָמיטעט, וועמענס פאַרזיצערין איז געווען אַלטקע זשעלעניעץ; סעקרעטאַרן קלאַ־

ראַ פערי און אסתר קראַוויעץ קאַסירערן. פון די זייער אַקטיווע טוערינס אין דעם קאָמיטעט זענען געווען: ברכה זשעלעניעץ, דבורה באַנדרימער, אסתר בערענפעלד און אַ ריי אַנדערע. דער פרויען־קאָמיטעט איז געווען זייער אַקטיוו און געטאָן זייער ווירקליכע אַרבעטן און האָט מיטגעהאָלפן צו

פאַרזאַמלונג איז געווען שמואל לייב זשעלעניעץ. איך האָב פאַר די פאַרזאַמלטע דאַן געשילדערט די לאַגע און די גרויסע אָרעמקייט פון אונדזער שטעטעלע סטאָק און די נויטווענדיקייט פון פינאַנציעלער הילף. איך האָב אויך גערעדט וועגן דער קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע פון דער גאַנצער יידי־

## 22סטער יובילעאום פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט „סאָסיעיטי" אין נ' אַמעריקע
## (1913 — 27 — 1 — 1935)




ערשטע שורה מענער, פון רעכטס: שמואל־לייב זשעלעניעץ, אלי יאבקע, הערשל גרינשפאַן, (4טער, נישט קיין סטאָקער), הערשל צוקער (גערופן פיעטרושקאַ), אברהם קראַוויעץ, משה פנחס באַנדרימער, (8טער נישט קיין סטאָקער), שמואל רובין און יודל טאָשער; צווייטע שורה פון רעכטס: די רעספּיקטיווע פרויען.

אָרגאַניזירן פאַרשידענע אונטערנעמונגען אויף צו שאַפן וואָס מער פאָנדן.

אין יאָר 1938, בין איך אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, איך בין איינגעלאַדן געוואָרן דורך דער סטאָקער „סאָסיעיטי" אויף אָפּצוגעבן אַ גרוס פון סטאָק. דער זאַל איז דאַן געווען פול געפּאַקט מיט זייער אַ גרויסן עולם, דער פאָרזיצער פון דער

שער באַפעלקערונג אין פוילן, אונטער דער רעגירונג פון די „ענ־דע־קעס" (נאַציאָנאַלע קריסטלעכע דעמאָקראַטן), וועלכע פירן אָן אַן אַנטיסעמיטישע פּאָליטיק לגבי די יידן, איך האָב אויך איבערגעגעבן פון די כוליגאַנישע שטיק אין די פּוילישע אוניווערסיטעטן, מיטן באַשטימען אַפּיציעל „געטאָ־בענק" פאַר די יידישע סטודענטן,

אויך וועגן די העצעס צווישן די פויערים און ספּע־ציעל צווישן דער פּוילישער אונטערוועלט, וועגן אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף יידן אין די שטעטלעך, ספּעציעל אין די מערק־טעג. איך האָב געשילדערט דעם פאַרלויף פון דעם דורכגעפירטן פּאָגראָם ביי אונדז אין שטעטל, ווי די כוליגאַנעס האָבן אין אַ מאַרק־טאָג באַפאַלן, אויסגעפּלינדערט און צע־שטערט די טישלעך און סטראַגאַנעס, צעטראָטן מיט די פיס די סחורה, צעבראָכן שויבן און צע־שלאָגן פיל מענטשן, באַגלייט מיט די באַרימטע אַנטיסעמיטישע אויסגעשרייען: „יידן, גייט קיין פּאַלעסטינע", און נאָך אַ סך זאַכן האָב איך דאַן איבערגעגעבן. דער אָפּרוף פון די פאַרזאַמלטע איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך גוטער, מען האָט דאַן געשאַפן אַ גרעסערע סומע געלט פאַרן סטאָקער הילפס־פאָנד.

שמואל־לייב איז דאַן צוגעשטאַנען צו מיר אַז איך זאָל ווערן דער פאָרזיצער פון דעם סטאָקער „רעליעף" קאָמיטעט, אַ זאַך וואָס איך האָב באַ־טראַכט פאַר אַ גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, אָבער איך האָב דאָס אָנגענומען און פאַר דער דאָ־זיקער צייט איז אונדז געלונגען צו אַקטיוויזירן אונדזער טעטיקייט און שאַפן גרעסערע סומעס פאַר דעם הילפס־פאָנד, ביז איך האָב געמוזט אַוועקגיין אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אויף אַ צייט פון איבער פיר יאָר.

New York, 4. Listopada 194[illegible]

Do
Proboszcza Miasteczka
Stoczek-Węgrowskiego

Szanowny Proboszczu

Moje imię jest Aron Zysk syn Abrama i Biny. Mój ojciec był Brukarzem znany w miasteczku. Ja byłem fryzjerem i miałem mój zakład fryzjerski na ulicy Węgrowskiej przy Kościele w 1938 roku wyjechałem ze Stoczka do moich braci do Stanów Zjednoczonych Ameryki. Zostawiłem w Stoczku mego ojca Abrama, matki Bina, Siostra Chana Róża i jej mąż Jakób Sukiennik i dwoje dzieci starsza siostra Leja Korcarz, (jej mąż został zabity w Rosyjskiej Armii w 1916 roku) i jej syn Szmuel Korcarz, był w 1938 roku w Polskiej Armii.

Od czasu wybuchu wojny w Polsce w 1939 roku nie miałem żadnej wiadomości od mojej rodziny.

Najuprzejmiej i łaskawie bardzo proszę wielmożnego Proboszcza w miarę możności znaleźć jakąś informację o losie mojej ukochanej rodziny za którą byłbym bardzo wdzięczny.

Za tą grzeczność obiecuję wysłać paczkę odzieży damskiej i męskiej dla biednych w miasteczku.

Z niecierpliwością czekam na łaskawą odpowiedź, za którą dziękuję z góry.

Niech Bóg Błogosławi Wam
Aron Zysk

Mój adres jest
Mr. Arnold Sisk
15 East 21 Street
New York City

פאַקסימיל פונעם בריוו פון אהרן זיסק צום גלח אין סטאָק

Stoczek k/Małkini
d. 6 grudnia 1945 r.

Szanowny Panie!

Z wielką przykrością podaję Panu smutną wiadomość o rodzinie Pana.

Rodzice Pana: Abram i Bina Zyskt, jakoteż siostry Pana: Chawa Róża, jej mąż Jakób Sukiennik z dwojgiem dzieci i druga siostra Leja Korczarz - wszyscy w 1942 roku wyjechali do Treblinki i nie powrócili - pomarli.

Siostrzeniec Pana Samuel Korczarz zginął na wojnie w 1939 roku.

Dom po rodzicach Pana stoi, mieszkają ludzie.

Z poważaniem

Ks. Dr Czesław Priszycki
proboszcz Stoczkowski

פאַקסימיל פונעם גלחס ענטפער ד"ר טשעסלאַוו

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט די סטאָקער „סאָסיעיטי" באַקומען זייער אַ סך הילפס רופן פון סטאָקער, וועלכע האָבן זיך באַוויזן צו ראַטעווען פון דער היטלער־מגפה; אַ טייל בריוו זענען געקומען פון די פּליטים־לאַגערן אין דײַטשלאַנד, און אַנדערע פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך פון נידער־שלעזיע און פּוילן. דער סטאָקער „רעליעף"־קאָמיטעט האָט אַהין געשיקט הילף לויט זײַנע מעגלעכקייטן, און ווען די סטאָקער האָבן אָנגעהויבן צו קומען קיין ישראל, האָבן מיר זיי געשיקט פּעקלעך מיט עסן, קליידונג און אַנדערע זאַכן, און ווען זיי האָבן שפּעטער אָרגאַניזירט זייער ליי־קאַסע, האָבן מיר זיי געשיקט פון די „רעליעף־געלטער" אַרום דרײַ טויזנט דאָלאַר אין די לעצטע עטלעכע יאָר.

אין משך פון לאַנגע יאָרן האָט אונדזער „סאָסיעיטי" זיך באַשטײַערט און געשטיצט מיט גרעסערע סומעס, יעדן יאָר, פאַרן יידישן נאַציאָנאַלן „אַפּיל", פאַר דער „הסתדרות", פאַר דער געזעלשאַפט „אָרט", „האיאַס" און גענומען אָנטייל אין די קאַמפּיינס פאַר ישראל־באָנאָס, געשטיצט מושב־זקנים, ישיבות און אַנדערע יידישע אינסטיטוציעס.

## פאַרשידענע אמטן

אין משך פון דער עקזיסטענץ פון דער סטאָקער „סאָסיעיטי" האָבן פאָלגנדיקע מיטגלידער אָנגעהאַלטן אָפיציעלע אַמטן:

אַלס פּרעזידענטן: שיע טאָשער, שמואל - לייב שעלעניעץ, אהרן זיסק, מאַקס בערענפעלד, שיע גרינשפּאַן, — און אין דער הײַנטיקער קאַדענץ, הערשל גרינשפּאַן.

אַלס פינאַנץ־סעקרעטאַרן: אברהם־יאַנקל גרינבערג, יודל טאָשער, ישראל־משה גרינבערג, חיים־יאָסל בלומענקראַנץ, חיים סקורע, זעליק טשאַפּ־

קיעוויטש, און אין דער היינטיקער אַדמיניסטראַציע, משה טאַשער.

אַלס פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַרן: שיע גרינשפּאַן, יודל טאַשער, סעם זשעלעניעץ און סעם רובין.

אַלס קאַסירערס: שמחה רובין, אברהם - יודל קראַוויעץ, משה טאַשער, מאַקס בערענפעלד און משה־פּנחס באַנדרימער.

אַלס האָספּיטיילער: מאַקס בערענפעלד, יעקב זיסק און אלי יאַבקע.

## יובל פייערונגען

די סטאָקער „סאָסיעיטי" האָט געפייערט מיט גרויס גלאַנץ און מיט גרויסע באַנקעטן דעם 25טן יובל, דעם 40סטן יובל און דעם 50סטן יובל פון איר עקזיסטענץ. היינטיקס יאָר פאַלט אויס דער 60סטער יובל, — און כאָטש אַ סך פון די אַמאָליקע און פון די ערשטע טוער, זענען שוין, צום באַדויערן, מער נישט פאַראַן צווישן די לעבעדיקע, וויל איך אָבער האָפן אַז די היינטיקע מיטגלידער און פירער פון דער סטאָקער „סאָסיעיטי", וועלן אויך דאָס מאָל האָבן דעם מוט, כוח און ענערגיע, צו פייערן מיט גלאַנץ דעם זעכציקסטן יובל און אַזוי אַרום זיך אַליין שטאַרקן די הענט, אויף צו קענען ווייטער אָנגיין, מיט איבערגעגעבנקייט אין זייער גוטער און נאָבעלער אַרבעט, נאָך אויף לאַנגע, גוטע און געזונטע יאָרן.

## וועגן אונדזער אַלעמענס „יזכור־בוך"

אין חודש מיי, 1970, איז געווען ביי אונדז צו גאַסט, דער אַקטיווער לאַנדסמאַן פון אַרגענטינע, שמחה לאַנדע, פאַר וועמען מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ קבלת־פּנים, צו וועלכן עס זענען אויך געקומען אַ גרעסערע צאָל פון דעם יונגן דור סטאָקער לאַנדסלייט. אויף דעם דאָזיקן קבלת־פּנים האָט אונדז פריינט שמחה איבערגעגעבן, אַז עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלער ועד־הספר, אויף אַרויסצוגעבן אַ יזכור־בוך, אַלס אַ מצבה נאָך אונדזער טראַגיש־פאַרשניטענער היים. די איניציאַטיווע האָט ער געבראַכט פון ישראל, נאָך אַ ברייטן מיינונגס־אויסטויש, איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן אַז מיר זאָלן זיך מיטבאַטייליקן אין אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך.

**בוך־קאָמיטעט פון „פּנקס־סטאָק" אין נאָרד אַמעריקע**



אויבן פון רעכטס: משה טאַשער, אהרן זיסק (סעקרעטאַר) און שמואל־לייב זשעלעניעץ (פאָרזיצער); אונטן פון רעכטס: הינדע שלאָסקע־שראַגע, עטל פאַסעסאַרסקי־עלמאַן (קאַסירין) און אסתר ברייינדל ווישניע־גאָלדבערג

עס איז דאַן אויסגעטיילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר דעם בוך פון פאָלגנדע לאַנדסלײַט: שמואל־לייב זשעלעניעץ — פאָרזיצער; הערי גרינשפאַן — וויצע פאָרזיצער; אהרן זיסק ־ סעקרעטאַר; זעליק טשאַפּקעוויטש — פראָ־סעקרעטאַר; עטל פּאָסע־סאָרסקי ־ עלמאַן — קאַסירערן; און אַלס מיט־אַרבעטער: אסתר ברײנדל ווישניע ־ גאָלדבערג, משה טאָשער, יצחק באַנדרימער, יוסף ווישקאָפּ, הינדע שלאַסקע ־ שראַגע. אין אַ פּאָר טעג שפּע־



ז ע ל י ק  ט ש אַ פּ ק ע ו ו י ט ש

חבר פון בוך־קאָמיטעט

טער איז פאָרגעקומען אַ זיצונג פון דעם קאָמיטעט, מיט דער באַטייליקונג פון גאַסט, פרײַנט שמחה, אין הויז פון אסתר ברײנדל ווישניע־גאָלדבערג, אויף וועלכער עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער קאַמפּיין פאַר זאַמלען געלט און מאַטעריאַלן, אויף צו קענען זײַן ממשותדיק פאַרטראָטן אין דער בשותּפותדיקער אַרבעט.

מיר האָבן זיך באַמיט מיט אַלע אונדזערע מעג־לעכקייטן מיטצושטײַערן פאַר דעם צוועק, און טראָץ אַלע אָנגעטראָפענע שוועריקייטן, האָבן מיר אונדזער באַשיידענעם חלק צוגעטראָגן און דער־מעגלעכט דאָס פאַרווירקלעכן די זיך געשטעלטע אויפגאַבע.

איך בין זיכער, אַז אין דער קורצער באַשרײַ־בונג וועגן אונדזער סטאָקער „סאָסיעיטי”, זענען זיכער אַרויסגעלאָזט, און נישט דערמאָנט געוואָרן, אַ טייל נעמען פון די וועלכע האָבן בײַגעשטײַערט מיט זייער אַרבעט און הילפס־טעטיקייטן לטובת דער לאַנדסמאַנשאַפט. זאָלן זיי מיר דערפאַר מוחל זײַן, מיר און אויך מײַנע צוויי גוטע, האַרציקע פרײַנד, שמואל־לייב זשעלעניעץ און יודל טאָשער, וועלכע האָבן מיר געגעבן אַ סך אינפאָרמאַציע; עס איז זיכער נישט געווען קיין בייזוויליקייט דערבײַ, נאָר עס איז פשוט שווער צו געדענקען אַלע נעמען און איינצעלהײַטן פון אַ צײַט־אָפּשניט פון 60 יאָר.

60 יאָר צײַט איז אַ לאַנגע דאַטע אין לעבן פון אַ מענטשן, און זעכציק יאָר טעטיקייט פון אַ „סאָ־סיעיטי” פון אַ קליין שטעטל, מיט אַ פײַנעם סך־הכל פון גוטער און פּרוכטבאַרער טעטיקייט לטובת הכלל איז אַ  ס אַ ט י ס פ אַ ק צ י ע  פאַר די פּי־רערס, פאַר זייער אחריותדיקער און מיזאַמער אַר־בעט פאַר דער יידישער געזעלשאַפט בכלל און פאַר אונדזער אומפאַרגעסלעך און טראַגיש־אומגעקומען שטעטל, ווען מיר האָבן מיט אונדזער אַרבעט — גלײַך ווי מיט אונדזער יזכור־בוך, געשטעלט אַ מצבת נצח.

יחיאל ג—ן

# סטאָקער לאַנדסלײַט אין ישראל

עס איז אָן שום ספק, אַז סטאָקער לאַנדסלײַט האָבן זיך געפונען אין ישראל שוין אין די ערשטע יאָרצענדליקער פון הײַנטיקן יאָרהונדערט, ווען ייִדן פון די אייראָפּעיִשע לענדער האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן פון זייערע וווינונגס־פּלעצער, ווער צוליב עקאָנאָמישע טעמים, ווער צוליב פּאָליטישע אָדער נאַציאָנאַלע מאָטיוון, זענען זיכער אויך געפאָרן ייִדן פון סטאָק קיין „פּאַלעסטינע", וואָס האָט זיך דאַן געפונען אונטער דער הערשאַפט פון טערקײַ, און שפּעטער, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אונטער דער ענגלישער מאַנדאַטן מאַכט, ביז דער פּראָקלאַמירונג פון אַ זעלבסשטענדיק ישראל, דעם 14טן מײַ 1948 יאָר.

לײדער האָבן מיר נישט קיין דאַטן און קענען נישט אָנרופן קיין נעמען פון די גאָר ערשטע סטאָקער תושבים אין לאַנד, וועלן מיר דעריבער פאַרצייכענען אייניקע נעמען פון די עולים וואָס זענען געקומען העלפן בויען דאָס לאַנד אין די צוואַנציקער יאָרן, ווי ר' מענדל האַלבערשטיין, דעם סטאָקער רבס זון, יצחק סטאָלאָוויטש, יעקב - חיים מלמדס זון, יונה ווערנער, פון וויעליטשנע. די אָרנשטיינס, קינדער פון אָשר קאָוואַל, אין די דרײַסיקער יאָרן האָבן עולה געווען שלמה קיטשקאָווסקי, זײַן זון צבי און זײַן טאָכטער חיה גיטל, יצחק ווישניעוויסקי, יחיאל וואָנסעווער, שלמה דוד פּרייזמאַן, ליבע ווישקאָפּ, חנה־גאָלדע קראָנפעלד, נחמן איצל סאַפּירשטיין (יבניאלי), נעכע וויערזשביניסקי - שכטר, שמשון שוואַרצפאַרב און אַנדערע.

אין דער צײַט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען דורך דעם פּוילישן מיליטער, וואָס האָט דאַן פאַרלאָזט רוסלאַנד און סטאַציאָנירט אין עגיפּטן, אָנגעקומען קיין ישראל צוויי סטאָקער, בועז סוקעניק און אריה גרושקא.



**יצחק סטאָלאָוויטש**
געקומען קיין ישראל אין 1925



**אריה גרושקע**
אין מיליטערישן אוניפאָרם

די אַלע סטאָקער האָבן אָבער, טראָץ זייערע צופעליקע, פון צײַט צו צײַט, קאָנטאַקטן, נישט געהאַט די באַדינגונגען צו שאַפן אַזאַ מין לאַנדסמאַנשאַפט אָדער „אירגון" בלויז פאַר סטאָקער.

## די שאַפונג פון דעם „אירגון יוצאי סטאָק"

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען פאַר אונדז אַלעמען איז שוין געווען קלאָר, אַז קיין ייִדיש סטאָק וועט שוין מער קיין מאָל נישט זײַן, איז דאַן אויפגעקומען אַ ווילן בײַ די וואָס האָבן זיך גע־

ראַטעוועט פון דעם שוידערלעכן חורבן, בײַ די א״ג „שרידי־סטאָק״, צו שאַפן אַ פאַרבאַנד פון די אַלע וועלכע האָבן געלעבט אין סטאָק אָדער אומגעגנט, און פון די וועלכע האָבן באַטראַכט סטאָק אַלס זייער היימשטאָט; עס איז אויפגעקומען אַ ווילן צו קאָנען אויסטיילן אַן ערשטע, באַלדיקע און טאַקע ממשותדיקע הילף, פאַר די געראַטעוועטע פון סטאָק, וועלכע געפינען זיך נאָך אויף דער טמאדי־קער דײַטשישער ערד — ווי אויך די וואָס געפי־נען זיך נאָך אויף דער פאַררעטערישער פוילישער ערד, וואָס איז דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט — און זיי וואַרטן צו קאָנען עולה זײַן קיין ישראל. ספּעציעל איז דער דאָזיקער ווילן פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען עס איז שוין טאַקע געשאַפן געוואָרן מדינת־ישראל און מיר האָבן אַלע מיט אַמאָל דער־פילט, אַז מיר זענען ענדלעך געוואָרן אַ פאָלק גלײַך צו אַלע פעלקער, און אַז עס דאַרפן זיך דאָרטן קאָנצענטרירן אַלע יידן פון דער גאַנצער וועלט און ספּעציעל די יידן פון אַלע שטעט און שטעטלעך, לעבנסגעבליבענע פון חורבן.

דאַן האָבן מיר, ד״ה איך, צוזאַמען מיט מײַן ישיבה־חבר שמשון שוואַרצפאַרב, מיט חיה־גיטל קיטשקאָווסקי־קאָפּל, יצחק ווישניעווסקי און יצחק ראָזענבערג, וועלכער וווינט די לעצטע יאָרן אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, זיך פאַרשטענדיקט מיט די סטאָקער פון אַנדערע פּונקטן אין לאַנד, און אומע־טום געפינען מיר אַ פאַרשטענדעניש פאַר אונדזע־רע פּלענער און געדאַנקען, אָבער נישט געקוקט אויף דעם וואָס דער גרעסטער טייל איז מסכים גע־ווען מיט אונדז, איז דאָס אָבער נישט אָנגעקומען אַזוי לײַכט דורכצופירן, פּשוט צוליב דעם, ווײַל מיר זענען געווען צו קליין אין צאָל אויף אונטער־צונעמען אַ וועלכע עס איז אַקציע אין אַ גרעסערן פאַרנעם, חוץ דעם איז דער גרעסטער טייל פון אונדז געווען צו אָרעם און האָבן נישט געהאַט קיין גענוגנדיקע הכנסות, אויף צו טראַכטן מיטצוהעלפן מיט עפּעס די נײַע עולים אָבער נישט געקוקט אויף די ערשטע שוועריקייטן, האָבן מיר פאַר קיין פאַל נישט געטראַכט אויפצוגעבן אונדזערע פּלענער און אונדזערע אַקציעס.

עס זענען אָנגעקומען די תשרי־טעג פון 1948, טעג, וועלכע האָבן שטענדיק בײַ אונדז אַרויסגע־ריפן אַ בענקשאַפט, און אין יענעם יאָר האָט דאָס אונדז דערמאַנט מער ווי שטענדיק אונדזער אַל־געמיינעם חורבן און ספּעציעל דעם חורבן־סטאָק. דער ווייטיק נאָך אונדזערע אומגעבראַכטע, האָט אונדז נישט געלאָזט רוען. און מיר האָבן פאַר־שטאַנען אַז פאַר זיי, פאַר די סטאָקער מאַרטירער, וועלכע זענען דורך די נאַצישע בעסטיעס אויסגע־מאָרדעט געוואָרן, אָדער פאַר די וואָס זענען גע־פאַלן אין דעם נישט־גלײַכן קאַמף קעגן די נאַ־צישע מערדערס, פאַר זיי די קדושי־סטאָק, קאָנען מיר לײַדער גאָר נישט טאָן — אַ חוץ פאַראייביקן און פאַרהייליקן זייער ליכטיקן אָנדענק. אָט דער געפיל פון נישט פאַרגעסן —און נישט לאָזן פאַר־געסן— האָט אונדז געגעבן דעם מוט צו ווען מאַכן נאָך אַ פּרווו, צו שאַפן אַ „אירגון יוצאי סטאָק״.

און מיט גרויס פרייד מוז איך פעסטשטעלן,



ערשטער יזכור־אַקט אַדורכגעפירט אין הויז פון איטע נעכע גרושקע אין יפו דעם 12טן אָקטאָבער 1948, אין דער מיט חבר יחיאל נאָווענשטערן, מספּיד זײַענדיק די קדושי סטאָק און אומגעגנט

אַז דער נײַער פּרווו האָט זיך אונדז דאָס מאָל אײַנ־געגעבן, נישט געקוקט אויף דעם וואָס מיר האָבן נישט געהאַט קיין געלט־מיטלען, און מיר זענען געווען צעוואָרפן כמעט איבערן גאַנצן לאַנד, האָבן מיר דאָך באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַן אזכרה־אַקט, לזכר אונדזערע קדושים. אָבער צוליב דער גאַנץ קליינער צאָל סטאָקער וואָס זענען דאַן געווען אין לאַנד, האָבן מיר, אַנשטאָט אין אַ געדונגענעם גרויסן זאַל, געמאַכט דעם אזכרה־אַקט אין מיר אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז שוין אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהײַט, וואָס וועט זיך פאַר אונדז שוין מער קיין מאָל נישט אומקערן און שוין מער נישט זײַן.

אויפן יזכור־אָוונט איז באַשטימט געוואָרן אַ ועד פון פיר חברים: יחיאל נאָווענשטערן, חיה קיטשקאָווסקי־קאַפּעל, יצחק ווישניעווסקי און יצחק ראָזענבערג, דערמיט איז פּאַקטיש געשאַפן געוואָרן דער „אירגון", וועמענס אויפגאַבע עס איז

## אזכרה נאָך קדושי־סטאָק אין ישראל



דער צווייטער יזכור־אַקט, פאָרגעקומען דעם 2טן אָקטאָבער 1949

אַ פּריוואַט הויז, בײַ אַ לאַנדסמאַן, אין הויז פון איטע נעכע גרושקע, אין יפו, נעבן תל־אביב.

דעם 2טן אָקטאָבער פון יאָר 1949, קומט פאָר דער צווייטער יזכור־אַקט אין ישראל, אין וועלכן עס באַטייליקן זיך שוין כמעט אַלע נײַע עולים, וואָס זענען די שארית־הפליטה פון אונדזער קליין יידיש שטעטעלע סטאָק און אויך אַ טייל פון די „ותיקים". עס שאַפט זיך דאָרטן אַן ענגער קאָנטאַקט פון אַלע סטאָקער אין ישראל און עס באַהערשט אונדז אַ געפיל פון קעגנזײַטיקער הילף און אויך אַ גרייטקייט פון באַנײַען די אַלטע און איביקע טראַדיציעס פון דער אַמאָליקער היים, וואָס געווען: 1) צו פאַראייביקן דעם זכר פון אונדזערע קדושים און 2) געבן הילף די סטאָקער עולים וואָס וועלן זיך נייטיקן אין דעם.

עס איז אמת, אַז אָט די בײדע אויפגאַבן זענען געווען אַ שווערע לאַסט אויף דער קליינער גרופּע סטאָקער לאַנדסלײַט, וואָס 80 פּראָצענט פון זיי זענען געווען נײַע עולים, וועלכע האָבן געדאַרפט פירן אַ שווערן טאָג־טעגלעכן קאַמף פאַר פּרנסה און דער עיקר אויף צו באַקומען אַ דירה; שווער איז געווען בײַ אַזעלכע באַדינגונגען צו רעדן וועגן דעם אַז מען דאַרף העלפן אַנדערע — נאָך אָרע־מערע לאַנדסלײַט. אָבער נישט קוקנדיק אויף דעם,

האָבן מיר אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן שאַפן אַ גמילות־חסדים קאַסע בײַם „אירגון" וואָס זאָל קאָנען מיט „עפּעס" העלפן די יעניקע וואָס נייטיקן זיך אין הילף, און מיר האָבן דאָס געטאָן, מיר האָבן געשאַפן די „קאַסע" און מיט אַ סך איבערגעגעבנקייט און אחריות — נישט געקוקט אויף דער קריטישער לאַגע און אויף די באַגרענעצטע געלטמיטלען וואָס זענען געווען אין רשות פון דעם ועד — האָבן מיר דאָך געגעבן קלײנע סומעס געלט די עולים, וועלכע האָבן זיך געווענדעט צו דעם ועד, בעת זייער אָנקומען אין לאַנד.

## אויסגעברייטערטע טעטיקייטן פון דעם „אירגון"

אין יאָר 1951, איז פאָרגעקומען אַן איבערברוך אין דעם לעבן פון אירגון, וואָס האָט דערפירט צו אַן אויסגעברייטערטע טעטיקייט. דאָס איז געווען דאָס יאָר, ווען עס זענען אָנגעקומען אַ סך סטאָקער משפחות — און דער אירגון האָט שוין געציילט בײַ די 60 פאַמיליעס. עס ווערט אין יענער צײַט באַשטימט אַ נײַער ועד, וואָס באַשטייט פון נײַן חברים, דאָס זענען געווען: שלמה דוד פריימאַן, יחיאל נאָווענשטערן, חיה קאָפּעל, משה גאַלאַנט, יצחק ווישניעווסקי, שמשון שוואַרצפאַרב, יצחק ראָזענבערג, ירחמיאל נאָווענשטערן און יצחק אַלטשולער.

דער אויסגעברייטערטער ועד, האָט געדאַרפט רעאַליזירן די אויפגאַבע פון די אזכרות און וועגן פאַראייביקן דעם זכר פון אונדזערע קדושים, אויך וועגן אויסברייטערן די גמילות־חסדים קאַסע בײַם אירגון. וועגן דאָזיקן צוועק האָט דער ועד געפונען פאַר נויטיק זיך צו ווענדן צו די לאַנדסלײַט קיין נאָרד־אַמעריקע און קיין אַרגענטינע, מיר האָבן פאַר זיי אויפגעקלערט די אויפגאַבן פון העלפן די סטאָקער שארית־הפליטה, וואָס איז זייער אויפגאַבע פונקט אַזוי ווי אונדזערע. אויך וועגן דעם אַז זיי, די ילידי־סטאָק, דאַרפן העלפן צו פאַראייביקן דעם זכר פון אונדזער אומגעבראַכט שטעטעלע סטאָק.

נישט אַזוי שנעל האָבן מיר באַקומען ענטפערס אויף אונדזערע ווענדונגען, און אויך נישט אין דער מאָס אין וועלכער מיר האָבן זיך דאָ גענייטיקט. דאָ האָט זיך די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע פון לאַנד, אָפּגערופן זייער שלעכט אויף דער קליטה פון אונדזערע לאַנדסלײַט. מיר ווייסן און פילן די קריטישע לאַגע, די נויטווענדיקייט צו העלפן די נײַע עולים, אָבער לײדער קאָנען מיר דאָס נישט טאָן, אָדער טאָן אין זייער אַ קלײנער מאָס, ווײַל מיר אַליין האָבן נישט קיין גענוג מיטלען דערצו. מיר זענען אָבער געווען באַהערשט מיט אַ טיפן גלויבן אין דעם, אַז סוף כל סוף וועלן אונדזערע לאַנדסלײַט אין דער וועלט אָנהייבן צו דערפילן זייער חוב לגבי זייערע לעבנס געבליבענע ברידער און דאָס האָט אונדז צוגעגעבן מוט און ווילן פאַרצוזעצן אונדזער אַרבעט.

מיר האָבן באַקומען דעם אַדרעס פון אונדזער ליבן און טײַערן לאַנדסמאַן, שמואל לייב זשעלעניעץ און מיר שטעלן זיך מיט אים אין אַ נאָענטן קאָנטאַקט, מיר קלערן אים אויף די שווערע לאַגע אין וועלכער מיר געפינען זיך, — און דאָס מאָל האָבן מיר מצליח געווען און האָבן באַקומען תיכף אַן ענטפער, אַז ער שיקט אַרויס 200 דאָלאַר פאַר דער גמילות־חסדים קאַסע, וואָס דאָס איז געווען פאַר אונדז, אין יענער צײַט, אַ גרויסע סומע, און ער זאָגט אונדז אויך צו, אַז זיי וועלן אונדז מיטהעלפן מיט אַלץ וואָס זיי וועלן קאָנען.

עס איז שווער צו קאָנען אויסדריקן אונדזער פרייד מיטן דערהאַלטן די ערשטע 200 דאָלאַר, ווײַל מיר האָבן געוווסט אַז די דאָזיקע סומע וועט קאָנען ברענגען אַ סך נוצן אונדזער אַרבעט און קודם כל וועלן מיר קאָנען העלפן די וואָס נייטיקן זיך דרינגנד אין אַזאַ הילף. די הילף פון די נאָרד־אַמעריקאַנער לאַנדסלײַט איז ווײַטער אָנגעגאַנגען — כאָטש נישט שטענדיק אין דער מאָס, וואָס מיר האָבן זיך גענייטיקט — אָבער די חברישע וואַרעמקייט און די גוטע ווערטער, האָבן געשטאַרקט אונדזער מאָראַלישע שטאַנדהאַפטיקייט אין אונדזער שווערן געראַנגל בײַם דערפילן אונדזערע אויפגאַבן. און אָט די דאָזיקע הילף האָט געבראַכט אַן אויפלעבונג אין דער טעטיקייט פון דעם ועד און האָט פאַרפעסטיקט דעם יסוד פון אונדזער גמילות־חסדים קאַסע.

נאָכן טויט פון אונדזער ליבער בת־עיר חיה־טויבע פריימאַן ע"ה, — די פרוי פון אונדזער פאָרזיצער שלמה דוד פריימאַן (אים צו לאַנגע יאָר),

פֿאַראייביקט די משפחה איר אָנדענק מיט געבן פינף טויזנט ישׂראל־פונט פֿאַר דער גמילת־חסדים קאַסע. מיט דער מיטהילף וואָס די נאָרד אַמעריקאַנער לאַנדסלײַט שיקן אונדז אָפּט, שאַפֿט זיך אַ



חיה טובה לאַנגלייב־פרײַמאַן ע״ה

פרוי פון פאָרזיצער פון ארגון

גרויסע סומע, וואָס מאַכט מעגלעך די קאַסע צו געבן גרעסערע קרעדיטן, אַלס קאָנסטרוקטיווע הילף פֿאַר די סטאָקער פּליטים אין ישׂראל. און מיט פרייד קאָנען מיר זאָגן, אַז די קאַסע האָט דערפילט איר אויפגאַבע מיט גרויס דערפאָלג און אין משך פון איר עקזיסטענץ זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן הונדערטער הלוואות אויף סומעס פון אַ סך טויזנטער פונטן, און די הלוואות זענען געווען פֿאַר קאָנסטרוקטיווע צוועקן און אויך אויף אײַנצוקויפן פֿאַר זיך אַן אייגענע דירה, א״אַ.

## פֿאַרשידענע געסט און עולים

מיר האָבן אין פֿאַרלויף פון דער צײַט געהאַט דאָס פֿאַרגעניגן אויפצונעמען אַ ריי געסט, וואָס נישט אַלע נעמען געדענקען מיר איצט בײַם פֿאַרצייכענען; עס זענען אָבער פֿאַראַן אַזעלכע וואָס לאָזן זיך פֿאַר קיין פֿאַל נישט פֿאַרגעסן און מיר מוזן זיי דערמאָנען.

אין 1959, האָבן מיר געהאַט דעם פֿאַרגעניגן צו האָבן אַלס גאַסט אונדזער ליבן פרײַנד שמואל־לייב זשעלעניעץ מיט זײַן פרוי אַלטקע ע״ה, זיי זענען געווען די ערשטע געסט וואָס מיר נעמען אויף אין ישׂראל אָפיציעל, מיר מאַכן פֿאַר זיי אַ קבלת־פנים אין הויז פון חבר שמואל יאָסל קראָנפעלד. דאָס איז געווען דעם 9טן מײַ פון יאָר 1959, וואָס איז גראָד אויסגעפאַלן אין יום העצמאות — און עס איז געווען אַ דאָפּלטער יום־טוב; אַ חוץ דעם אַלגעמיינעם יום טוב, האָבן מיר געהאַט אַן אמתן סטאָקער קבלת פנים, ווו מיר האָבן בײַ אַ חברישן שמועס זיך דערמאָנט אין אונדזער אַלטער שוין מער נישט עקזיסטירנדיקער היים.

מיר האָבן אויך אויסגענוצט דעם באַזוך פון די פרײַנד זשעלעניעץ און מיר קלאַפּן אָן, אין מרתף השואה אויפן הר ציון, אַן אָנדענק־טאָוול אין זכר פון אונדזער אומגעקומען יידיש שטעטעלע סטאָק.

אין משך פון דער צײַט האָבן אונדז אויך באַזוכט פון נאָרד־אַמעריקע: חנה ווישניע, משה אהרן זשעלעניעץ און זײַן פרוי ברכה, עטל טאָשער מיטן מאַן גאָלדוואַסער (יודל טאָשערס טאָכטער); אסתר




אָנדענק־טאָוול נאָך קדושי־סטוק וועלכער געפינט זיך אין מרתף־השואה אויפן הר־ציון אין ירושלים

ברײַנדל ווישניע מיט איר מאַן שמואלקע גאָלד־בערג, שמואל לייב זשעלעניעץ מיט זײַן פרוי אַלטקע, חיים ישעיה קופער און יודל ניימאַן.

פון אַרגענטינע האָבן אונדז באַזוכט: עטל בורשטיין, מאַלע מאַלישעוויטש מיטן מאַן עזעק טרויִנע, שיינע שרה צוקער־ווײַנער, אברהם שוואַרצפּאַרב, רחל מאַלישעוויטש־שוואַרצבערג, חיים צוקער מיט זײַן פרוי גאָלדע בורשטיין, בעריש נאָווענשטערן מיט זײַן פרוי מינדל מאַלצמאַן (ע"ה), בצלאל קאָרצאַרזש, ישראל קיאַק, מרדכי הירש און רחל לאה פריד, און אחרון אחרון חביב, שמחה לאַנדע.

עס זענען אויך עולה געווען פון אַרגענטינע: שמחה לאַנגלייב מיט זײַן משפחה, אברהם יצחק ליכטענשטיין מיט זײַן משפחה, חנה שנײַדמאַן מיט איר משפחה, איטשע קיאַק, משה קיאַק מיט זײַן משפחה און פריידע קיאַק מיט אירע טעכטער, איידעמס און משפחות.

## אונדזערע אַרבעטן פאַרן יזכור־בוך

איצט, ווען מיר שטייען שוין בײַ דער שליסונגס־אַרבעט און ערב דאָס דערשײַנען פון יזכור־בוך, וואָס דאַרף זײַן די לעבעדיקע מצבה נאָך אונדזער פאַרניכטעט שטעטל, וואָס איז שוין מער נישטאָ, אַ לעבעדיקע, געשריבענע מצבה נאָך אונדזערע קדושים, האַלטן מיר פאַר נייטיק פעסטצושטעלן, אַז דער געדאַנק פון אַרויסגעבן אַזאַ יזכור בוך איז געקומען פון די סטאָקער אין ישראל, און עס ווילט זיך וועגן דעם שרײַבן אַ פּאָר ווערטער.

אין יענע טעג, מיט בערך אַ 12 יאָר צוריק, בעת עס זענען זיך צוזאַמענגעקומען די מיטגלידער פון ועד, אויף צו באַהאַנדלען די פראַגע ווי אַזוי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה, וועמענס זכר עס איז אונדז אַלעמען טײַער, האָבן זיך די מיינונגען צעטיילט וועגן דעם אופן, ווי אַזוי דורכצופירן די דאָזיקע פאַראייביקונג. אַ סך ועד חברים האָבן פאָרגעשלאָגן אַנדערע פאַראייביקונגס־פאָרמען, כאָטש קיינער איז נישט געווען קעגן אַ יזכור־בוך, איז אָבער בײַ זיי געווען די מורא פאַר די גרויסע שוועריקייטן אויף צוצוגרייטן אַזאַ מין ספר; זיי האָבן געהאַלטן, אַז טראָץ אונדזער גוטן ווילן, וועלן אונדזערע כוחות נישט סטײַען דערצו. איך מיט נאָך אַ גרופּע האָבן אָבער געהאַלטן, אַז פאַר אונדז איז נישט פאַראַן קיין מער צוגעפּאַסטע פאַראייביקונג, ווי אַ ספר, צוגעפּאַסט צו דעם גײַסט פון דעם שטענדיקן עם הספר, וואָס יידן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט, און מיר האָבן געהאַלטן, אַז עס איז אונדזער חוב אויפצוהיטן פאַר דער אייביקייט, דאָס וואָס עס איז מעגלעך פון די קאַפּיטלען פון לעבן און פון אומקום פון דעם שטעטל. די גרעסטע מערהײַט האָט טאַקע באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי מיר זענען דער לעצטער דור וועלכער פילט נאָך דעם חוב פון דער פאַראייביקונג, דאַרפן מיר דאָס טאָן און דאָס האָט אונדז צוגעגעבן מוט און גלויבן אין דעם, אַז טראָץ אַלע שוועריקייטן, וועלן מיר דאָך מצליח זײַן אין אונדזערע אויפגאַבן.

שווער זענען געווען די ערשטע טריט, אויף צו קאָנען אָנבינדן אַ נאָענטן קאָנטאַקט מיט אונדזערע לאַנדסלײַט, וואָס זאָלן אונדז קאָנען העלפן צו דער אַרבעט און אַרויסברענגען די בילדער און זכרונות, וועלכע זאָלן ברענגען צום אויסדרוק אין אַ בוך דאָס לעבן פון אַ יידישן ישוב וואָס האָט געשפּרודלט מיט אַזוי פיל דינאַמישע קראַפט און וואָס האָט פאַרמאָגט אַ רײַך געזעלשאַפטלעך קולטור־לעבן, — און נאָך שווערער איז געווען צו באַקומען די ידיעות פון דער פאַרניכטונג און פון אומקום פון דער סטאָקער עדה.

אונדזערע ערשטע בריוו און ווענדונגען, האָבן נישט באַקומען קיין ענטפער און אַ צײַט לאַנג האָבן מיר זיך געפילט איינזאַם אין אונדזער אַרבעט, אָבער דער גײַסט פון די נשמות פון אונדזערע אומגעקומענע, האָבן אונדז באַגלייט אין אונדזער הייליקער אַרבעט און מיר זענען נישט מיד געוואָרן פון רופן און וועקן, ביז אונדזער ווענדונג איז ענדלעך דערהערט געוואָרן. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ ועד הספר פון די חברים: שלמה דוד פריימאַן, יחיאל נאָווענשטערן, חיה קאָפּעל, שמשון שוואַרצפּאַרב, שמחה לאַנגלייב און אהרן פײַערטאָג. דער ועד האָט דורכגעפירט די ערשטע געלט־אַקציע, וואָס איז געווען אַ צופרידנשטעלנדיקע און כמעט אַלע לאַנדסלײַט רופן זיך אָפּ ווי געהעריק. עס ווערט געשאַפן די ערשטע געלט־סומע פאַר דעם צוועק, און מיר האָבן אויך באַקומען מאַטעריאַל (חומר) פאַרן יזכור־בוך און דערמיט באַקומען מיר אויך מער מוט און ווילן צו דער אַרבעט — און כאָטש מיר האָבן נישט באַוויזן צו דערפירן דעם יזכור־בוך צו זײַן דערשײַנונג אין ישראל, האָ־

בן מיר דאָך באַוויזן אַרויסצוברענגען דעם דאַזיקן געדאַנק און אַ סך מיטצוהעלפן צו זײַן דערשײַנונג.

עס איז געקומען אַ גרויסער איבערברוך אין דער אַרבעט פאַר דעם יזכור־בוך, די ענערגישע איניציאַטיוו פון די חברים וואָס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אַרבעט ווערט זייער באַגרע־נעצט און עס ווערט אַוועקגעשטעלט די פראַגע וואָס עס וועט זײַן ווײַטער? מיר פאַרבינדן זיך דאַן מיט די טײַערע סטאָקער אין בוענאָס אײַרעס און ספּעציעל מיט די ברידער שמחה און יואל לאַנדע, וועלכע האָבן אונדז געענטפערט, אַז זיי וועלן טאָן אַלצדינג אויף מיטצוהעלפן ממשותדיק שאַפן די לעבעדיקע מצבה.

בײַם באַזוך פון אַ גרופּע סטאָקער לאַנדסלײַט פון אַרגענטינע, אין אַפּריל־מײַ פון יאָר 1970, אין וועמענס שפּיץ עס האָט זיך געפונען דער ענערגישער טוער שמחה לאַנדע, ווערט אויף דעם קבלת פּנים וואָס מען האָט פאַר זיי געמאַכט, ברייט געלופטערט די פראַגע יזכור־בוך. מיט פולער אחריות און ערנסטקייט ווערט דיסקוטירט דער ענין און נאָכן באַקומען די פאַרזיכערונג פון פרײַנד שמחה אַז די אַרגענטינער לאַנדסלײַט זענען גרייט איבערצונעמען די אַרבעט, באַשליסט דער וועד אַרויסצוגעבן דעם סטאָקער יזכור־בוך אין בוענאָס אײַרעס, אַרגענטינע.

נאָך דעם צוזאַמענטרעף פון די סטאָקער בײַם בראַנדזענעם טאָוול אין מרתף השואה, וואָס איז אַדורכגעפירט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון חבר שמחה לאַנדע, אין טאָג פון יום הזכרון והשואה (כ״ז ניסן תש״ל) ווו מיר האָבן מזכיר געווען אונדזערע קדושים, איז נאָך אַמאָל פאַרזיכערט געוואָרן די פולע מיטהילף צו רעאַליזירן די זיך געשטעלטע אויפגאַבע, און דאַן ווערט, דער גאַנצער מאַטעריאַל וואָס האָט זיך געפונען אין אונדזער רשות, ווי אויך די געזאַ־מלטע געלט־באַשטײַערונגען, איבערגעגעבן צו די

ביי אַ לחיים לכבוד דעם 22סטן „יום העצמאות" ה' אייר תש״ל אין הויז פון משה גאַלאַנט (חיפה)



פון רעכטס: שמחה און פערל לאַנגלייב, שמחה לאַנדע, גיטל און משה גאַלאַנט

סטאָקער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע. איך וויל מיט אַ ספּעציעלער צופרידנקייט פעסטשטעלן, אַז אַ דאַנק דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון שמחה און יואל לאַנדע פון בוענאָס אײַרעס, איז אונדזער חלום פון דעם יזכור־בוך געוואָרן אַווירקלעכקייט.

## פײַערונגען און אבידות

מיר האָבן אין דער לעצטער צײַט געפײַערט אַ גרויסן יום־טוב, אין צוזאַמענהאַנג מיטן 70סטן יובילײַ פון אונדזער פּאָרזיצער שלמה דוד פּריי־מאַן און פון דעם אַקטיוון קאָמיסיע־מיטגליד משה גאַלאַנט, מען האָט אָרגאַניזירט לכבוד זיי אַ מסי־בה אין אַ גרויסן זאַל אין תל־אביב, ווו עס האָבן זיך באַטייליקט כמעט אַלע סטאָקער פון ישראל און אויך געסט פון אויסלאַנד. ווי: שמואל לייב זשע־לעניעץ, חנה ווישניע מיט איר מאַן, יודל ניימאַן, רחל מאַלישעוויטש און גיטל אַלטשולער און ווי שטענדיק ווערט אויף אַזאַ מסיבה דערמאָנט אונד־זער געוועזענע אַלטע היים און די אויפגאַבן וואָס מיר דאַרפן הײַנט דערפילן.

און אויב מיר האָבן זוכה געווען, אַז אין ישׂ־ראל לעבן הײַנט מער ווי 120 סטאָקער משפחות מוז מען דאָס פאַררעכענען אין אַ גרויסער מאָס אויף דעם זכות פון דעם „אירגון יוצאי סטאָק״, וואָס זײַן קאָנסטרוקטיווע הילף און דאָס אָפטע טרעפן זיך, האָט באַנײַט די אַמאָליקע ענגע משפחה־פאַר־בונדנקייט פון דער אַלטער היים.

און זאָל בײַ דער געלעגנהײַט פעסטגעשטעלט ווערן, אַז עס איז אמת, אַז נישט שטענדיק האָבן מיר געהאַט די מעגלעכקייטן צו העלפן די חברים לויט זייערע ווונטשן, אָבער שטענדיק זענען מיר געווען גרייט צו געבן דאָס וואָס מיר האָבן גע־קאָנט און איך גלויב אויך אין דעם, אַז דער אירגון אין ישראל האָט אויך געטאָן אַ סך אויף צו שאַפן די בריק, וואָס פאַראייניקט די צעשפּרייטע סטאָ־קער, וואָס געפינען זיך איבער דער גאַנצער וועלט.

בײַם סוף וועלן מיר אויך דערמאָנען די סטאָ־קער וואָס זענען נפטר געוואָרן אין ישראל, דאָס זענען: ר׳ שלמה קיטשקאָווסקי, ר׳ יעקב פײַערטאָג, ר׳ יחיאל וואָנסאָווער, ר׳ יוסף שנײַדמאַן, ר׳ יהו־שיע משה שנײַדמאַן, ר׳ הירש פסח קופּער, ר׳ שלמה חיים לאָפּאַטע און ר׳ אריה לאַנגלייב און שמואל־יוסף קראָנפעלד, שמואל יוסף קראָנפעלד און די פרויען: לאה פּיטקאָווסקי, רבקה פּיטקאָווסקי, חיה טויבע פריימאַן און שרה לאָפּאַטע.

זאָלן זייערע אַלעמענס נעמען זײַן געהייליקט און בלײַבן אין אָנדענק לדורות.



# יוצאי סטוק בישראל

מאת: **שלמה בן יעקב**

ההגירה מסטוק לישראל (אז פלסטינה א״י) מתחילה מיד עם קום פולין העצמאית ונמשכת בקצב איטי, בגלל ההגבלות של הממשלה המנדטו־רית, עד פרוץ מלחמת העולם השניה. פרט למנדל דעם רב׳ס ויוסף קיצ׳קובסקי עולים האח והאחות צבי וחיה קיצ׳קובסקי אח״כ אביהם ר׳ שלמה קיצ׳־קובסקי (נפטר בינואר 1973), שרה קיצ׳קובסקי ובעלה וונסובר ז״ל וחמשת ילדיהם, יצחק וישנבסקי ואשתו, נחמן איצל ספירשטין - היום יבניאלי, נחמה זיז׳בינסקי, שמשון שוורצפרב, ליבע ווישקופף, שלמה פריימן ומשפחתו. גם מראשית שנות העשרים היה בישראל איצ׳ה (יצחק) סטולוביץ, בנו של יעקב חיים. גם מספר משפחות מסביבת העחרה שמבחינה קהילתית היו שייכות לסטוק היו אז בארץ. האחים נח ויעקב קובדלה ומשפחותיהם, שלמה גולדשטין ודבורה בז׳יסאק ובעלה. אמנם מעטים היינו אבל מלאנו תפקיד ניכר נקבלת העליה של שארית הפ־ליטה. כ־70 משפחות עלו אז. לא אמנה אלא חלקם. השאר יסלחו לי. שתי אחיותי חנה ופייגע ומשפחו־תיהן, אחיינו לייבצ׳ע לנגלייב, בועז בן־דוד (סוקניק) האחים שטולברק ומשפחותיהם, אליהו קורצ׳ז, האח והאחות וישנבסקי, האח והאחות נובישטרן, האח ו־האחיות קרונפלד, האחים והאחיות הוכברג, איטשה (יצחק) אלטשולר, אהרון פיירטג, משה גאלנט, יעקב גולדפרב, פיטקובסקי, צוקר, צירל רוזנבוים, נח דינברג, משפחות לופאטה, טוכשר צ׳פקעביץ, גבר גרושקה ועוד. רובם עם משפחותיהם וחלק ניכר הקימו משפחותיהם כאן. כמו כן עלו ארצה משפחות שאחרי המלחמה היגרו לארצות אחרות ומשפחות אחרות עלו משם לישראל, כגון אליהו גולדפרב ו־משפחתו, ועוד.

המצב בישראל היה אז קשה מבחינה כלכלית ובטחונית. ישראל נמצאה במלחמה על קיומה עם ארצות ערב. העולים פוזרו בחלקי הארץ השונים, לא קל היה להפגש. בכל זאת עם הגיע יחיאל נו־בינשטרן ארצה אנו מצליחים להתאסף לערב „יז־כור״ ראשון. הפגישה התקימה בביתה של איטה נעכה גרושקה ביפו. בדירה הקטנה בת שני חדרים מצטופפים כמה עשרות בני - סטוק. באוירה רצי־נית של יראת כבוד נפתח ערב ה„יזכור״ ברגע דו־מיה, ובלב השבועה לעולם לא לשכות. נשמע הקדיש המסורתי ותפילת „אל מלא רחמים״. ומחליטים ליסד את „ארגון יוצאי סטוק״. נבחר ועד הארגון. קשה להביע במילים את האוירה של הערב ההוא. מכל פינה נשמע בכי וצחוק, שמחה ועצב. הרגשה של לבביות. בערב זה התקיימה ישיבת הועד הרא־שונה. אני נבחרתי כיו״ר העוד ויחיאל נובינשטרן כמזכיר. כעבור זמן מה הוחלט ליסד קופת גמ״ח. ידענו עד מה חשובה עזרה לעולה חדש בצעדיו הראשונים בארץ, אבל גם זאת ידענו שבכוחותינו הדלים לא נוכל לפעול הרבה. החלטנו לפנות לבני העיירה שבאמריקה. בינתים הצלחנו אחרי מאמץ רב לאסוף כמה מאות לירות מהנמצאים בארץ. זה היה, אמנם, סכום קטן שהספיק להלוואות לשנים שלשה אנשים, וגם אלה בסכומים קטנים, אבל גם בזה אין לזלזל.

לא עבר זמן רב וקבלנו מאמריקה 1.000 ל״י תודות לפעולותיו של החבר שמואל לייב ז׳לניץ. מובן שזה הוסיף אמץ לפעילים בארץ. במשך הזמן קבלנו מספר פעמים סכומים ניכרים מאמריקה. יחד עם תרומות יוצאי סטוק בארץ, אפשר היה להגדיל את סכומי ההלוואות. אחרי פטירת אשתי חיה־טובה ז״ל הציעו חברים להנציח את שמע ע״י שיקראו את הקופה על שמה „קופת גמ״ח של יוצאי סטוק ו־הסביבה ע״ש חיה טובה פריימן ז״ל״. יורשיה הכ־ניסו אז לקופה 5000 ל״י והכפילו בזה כמעט את הון הקופה. הדבר איפשר להגדיל את סכום ההלוואות עד 500 ל״י ב־10־20 תשלומים ללא רבית. כעת הון הקופה הוא בערך 14000 ל״י. לעתים כשמשפ־חה זקוקה מאד לכסף היא מקבלת שתי הלוואות ס״ה 1.000 ל״י, אחת על שמו והשניה ע״ש אשתו אחד מבניו. כל שנה מחלקים כ־40 הלוואות. לשבחם של החברים יאמר שהתשלומים נעשים בזמן, דבר שמאפשר את מחזור ההלוואות.

## מפעולות הארגון

1. ערבי „יזכור״ מידי שנה בשנה בתקופה שבה הובילו את שארית יהודי סטוק לטרעבלינקה בחו־דש תשרי.

2. ארגון מידי פעם בפעם של פגישות חברים, בפרט כשמבקרים בארץ אורחים מחו״ל.

3. ואחרון אחרון־הכנת פנקס סטוק. האמת שהרעיון הזה נולד כמעט עם ריכוז שארית הפלי־טה. בשיחה ביני לבין יחיאל נובינשטרן נולד הרע־יון להרון את „פנקס סטוק". אבל לא אני ולא יחיאל העזנו לדבר על כך בפרהסיה. הרי ידענו את כו־חותנו „הדלים בכסף ובעיקר בוכחות להכנת הספר לדפוס. אחרי שנים כשהופיעו ספרי זכרון" לזכר קדושי הערים שבסביבה, כמו וועגגרוב, סוקולוב ועוד, החלטנו גם אנחנו לפעול. באחד מערבי ה„יז־כור" השנתיים בו השתתפו רבים מיוצאי העירה, העלינו את הרעיון ברבים. ההצעה התקבלה בהת־להבות רבה. נבחר ועד הספר שנגש מיד לאסוף חומר לספר ופתח במגבית כספית. הודענו על כך לאנשי סטוק באמריקה, קנדה וארגנטינה, ובקשנו שגם הם יפעלו במרץ למען המטרה הקדושה. לצערנו קריאתנו נשארה זמן ממושך „קול קורא במדבר". נשלח מכתב אחרי מכתב ואין קול ואין עונה. אחר בקורם הראשון של בריש נובינשטרן ורחל מלישביץ זכינו לתשובה חיובית מארגנטינה. אבל מאמריקה עדין לא. גם חומר בכתב קבלנו מיואל לנדה. במסיבה שערכנו לכבודו הבטיח לפ־נות אישית לחברים באמריקה ולהשתתף במגבית למען הספר. התגובה הקרה בחו"ל החלישה כמובן את ההתלהבות של חברי הועד. במשך הזמן קבלנו גם כמה מאמרים מיצחק רוזנברג מקנדה. גם סכום של כמאה דולר קבלנו משם. תוך כדי חליפת מכת־בים עוברת שנה אחר שנה. אנחנו בארץ מנהלים את המגבית במרץ. מידי שנה בשנה בערבי ה„יז־כור" אנחנו פונים לחברים להשתתף בחמר בכתב, ובכסף. בשנת 1968 כשבקרתי באמריקה, השתדלתי להפגש עם אנשי העיירה סטוק. אחרי מאמץ רב זכיתי להפגש אתם, אבל בפגישה השתתפו רק כ־10 חברים ביניהם: ש. ל. ז'לניץ, אהרון זיסק והאחים צ'פקביץ'. אחרי דברי הסברה שיצאו מן הלב ונכנסו כנראה ללב, הוחלט להתחיל בפעולה. במקום נבחר ועד בהשתתפותם של ח"ח זיסק, ז'־לניץ וזליג צ'פקוויץ. אבל לצערי לא שמענו מן הועד הנ"ל אף לא מלה במשך שנתיים. גם מכתבי הפר־טיים לאהרון זיסק לא הועילו. למרות יחס זה לא הירפנו מהרעיון, ובפרט שהקשרים עם ארגנטינה נעשו הדוקים. עד כדי כך שבאחד המכתבים בשנת 1969 הם מציעים להעביר לשם את הוצאת הספר. בישיבה של ועד הספר בארץ בשתוף ועד הארגון הוחלט ברב קולות לא לקבל הצעתם כי לדעתנו לנו בארץ הזכות לבצע עבודה קדושה זו.

באפריל 1970 ביקרה בארץ קבוצת אורחים מאר־גנטינה: שמחה לנדה, חיים אייזיק צוקר ואשתו גולדה מבית בורשטין, בריש נובינשטרן, ואשתו מינדל מבית מלצמן, ומקנדה אידל ניימן. במסיבה לכבודם חדשו את ההצעה להעביר לידם בצוע הבאת הספר לדפוס. אחרי וכוח ער והבטחה חגיגית של שמחה לנדה לעמוד בראש העבודה הקדושה הזאת הוחלט ברב קולות לקבל את ההצעה, אמנם בלב כבד. יו"ר הועד ש. ד. פריימן מודיע על קבלת ההחלטה, מברך את החברים מארגנטינה בהצלחה שתהיה הצלחת כולנו ומבטיח את השתתפות החב־רים בישראל במגבית לעבודה הקדושה הזאת. ול־כבודם של החברים בישראל ייאמר כאן שהשתת־פותם הכספים הועברה נזמן לארגנטינה בסכום כפול משהובטח. למרוק שרק רוב החברים השתתפו עד עתה במגבית זו, וחלק טרם מלאו את התחיבותיהם. גם חומר רב בכתב ותמונות נשלחו. כך בכוחות משותפים הגשמנו את חלומנו.

„ספר סטוק" הוא בשבילנו מצבה חיה לעיירתנו, לאבותינו וכל הקרובים לנו. לנו לדור שעדיין זוכר. הדור הבא, הדורות של בנינו ונכדינו — היזכרו גם הם? הידעו להעריך את המצבה הזאת? מי יודע? אבל כשיחידים יקראו בשורות הכתובות, כשהסטו־ריון יכתוב אחרי דורות רבים את ההסטוריה של יהדות פולין, שלשה וחצי מליון יהודים שנספור בצורה כה טרגית ע"י הרוצחים הנציים ועוזריהם, יקראו בשורות אלה על עיירה קטנה בין אלפי עיירות שיהודיה חיו ונאבקו על קיומם ויחד עם 6 מליון יהודים מצאו את מותם בתאי הגזים. יהי זכרם ברוך לעולם ועד!

ת. נ. צ. ב. ה.

יצחק ראָזענבערג (מאָנטרעאַל)

# סטאָקער לאַנדסלײַט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע

אין קעגנזאַץ צו אַנדערע שטעט, אָדער לענדער, קאָן די גרופּע לאַנדסלײַט פון סטאָק אין מאָנטרעאַל, זיך נישט רימען מיט קיין גרויסע אויפטוען און אַפילו נישט מיט קיין באַזונדער אָרגאַניזאַציע. עס איז אָבער וויכטיק צו פאַרצייכענען אַלע קלענערע גרופּעס פון סטאָקער, וואָס געפינען זיך אויסגעשפּרייט איבער פאַרשידענע שטעט און לענדער, ווי קליין די דאָזיקע גרופּעס זאָלן נישט זײַן.

ווײַל דאָס איז זייער נויטיק, פאַר אונדזער יזכּיר־בוך, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ „פּנקס־סטאָק". אין אײַנקלאַנג מיט דעם גרונטפּרינציפּ און הויפּט ציל, פון אונדזער הייליקער אונטערנעמונג, און אויפן סמך פון דער ווענדונג פון רעדאַקציע־סעקרעטאַר חבר שמחה לאַנדע, וועלן מיר זיך באַמיִען, דאָס צו טאָן פון אונדזער „סטאָקער קאָלאָניע" אין מאָנטרעאַל.

די סטאָקער גרופּע לאַנדסלײַט אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, באַשטייט אין איצטיקן מאָמענט פון אַרום צען משפּחות, רעכענענדיק בלויז די וואָס זענען געבוירן געוואָרן אין סטאָק — און איז אין אַ געוויסער מאָס אין אַ באַזונדער לאַגע, אין פאַרגלײַך צו אַנדערע סטאָקער פּונקטן אויף דער וועלט־מאַפּע. די באַזונדערקייט קומט צום אויסדרוק, נישט בלויז אין דער קליינער צאָל בני־עיר וואָס לעבן דאָ, נאָר הויפּטזעכלעך אין דער יונגקייט, אָדער ווי מען זאָגט אין אַמעריקע, אין דער „גרינקייט" פון דער סטאָקער גרופּע אַלס גאַנצע.

אין יאָר 1948 — אַ פּאָר יאָר נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — האָט די ערשטע סטאָקער משפּחה „אויסגעשפּרייט אירע געצעלטן" אין דער קאַנאַדישער מעטראָפּאָליע. און די אַנדערע זענען אין די פופציקער יאָרן דערשוווּמען, אָדער דערפלויגן, צו דער צווייטער זײַט פון אַטלאַנטיק און זיך פאַראַנקערט אין דער קאַנאַדישער גרעסטער שטאָט מאָנטרעאַל.

דאָס כאַראַקטעריזירן און פעסטשטעלן די „גרינקייט" פון דער סטאָקער גרופּע אין מאָנטרעאַל, איז געמאַכט געוואָרן, נישט בלויז כּדי צו פאַרצייכענען דעם דאָזיקן פאַקט, אַזוי ווי ער איז — כאָטש ער איז זייער וויכטיק פון היסטאָרישן שטאַנדפּונקט — און זיכער נישט כּדי זיך מיט דעם צו באַרימען, אַז „מיר סטאָקער אין קאַנאַדע, זענען אַלע יונג, און דעריבער און מיט אַלע מעלות", נאָר גיכער פאַרקערט. די כּוונה אונדזערע איז אין אַ געוויסער מאָס צו באַרעכטיקן די אונטערשטעליקייט פון אונדזער סטאָקער גרופּע, וועלכע האָט נישט אָנצוווײַזן אויף קיין באַזונדערע אויפטוען, דערגרייכונגען און דערפאָלגן. עס איז אַ פּרווו — אַ שוואַכער פּרווו אפשר — אונטערצושטרײַכן, אַז ווען מיר זענען געקומען אין דעם נײַעם לאַנד, זענען קיין לאַנדסלײַט פון פריִער נישט געווען און במילא איז נישט געווען קיין צוגעגרייטע ראַם פון קיין טעטיקייטן פון אַ שוין פריִער געגרינדעטער לאַנדסמאַנשאַפט.

אין אַלגעמיין איז געווען צו באַמערקן, גלײַך פון אָנהייב, אַז עס פעלט דאָ בײַ אונדז, דער נויטיקער אַמביִענט אויף צו אַקטיוויזירן יחידים, מיט געזעלשאַפטלעכע נייגונגען, וועלכע וואָלטן בײַ אַנדערע באַדינגונגען געקאָנט ברענגען אַ סך נוצן.

בײַ מײַן אָנקומען קיין קאַנאַדע, איז בײַ מיר ווײַטער געשטאַנען די פראַגע פון פאָרזעצן די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין דעם אַמאָליקן סטאָקער גײַסט, וואָס מיר האָבן אײַנגעזאַפּט אין זיך פון אונדזערע יוגנט־יאָרן. פּונקט ווי דאָס איז געקומען צום אויסדרוק בעת אונדזער לאַגער־וואַנדערונג אין די ערשטע יאָרן נאָכן חורבן, וואָס איז אַ וויכטיקלעך קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזער נע׳ונדקייט און פּליטים וואַנדערונג, די אומדערמידלעכע אַקטיוויטעט אין די ד. פּ. לאַגערן פאַרן אויפקום פון מדינת ישראל, דאָס אָרגאַניזירן די „בריחה" און „למרות־הכל־עליה", צוזאַמען מיט פּאַרטיזאַנער חלוצים „פּ. ח. ת." חיילים.

עס איז זיכער נישט דאָ דאָס פּלאַץ אויף אָפּצושטעלן זיך גענויער אויף די אָביעקטיווע באַדינגונגען און ענדערונגען אין דעם לעבן פון די יידישע ישובים אין אַלגעמיין און ספּעציעל אין צפון־

# אזכרה נאָך קדושי־סטאָק

## פאַרגעקומען דעם 21סטן אָקטאָבער 1947, אין וואלדעשטאָט (דײַטשלאַנד)



ביים פרעזידיום טיש, פון לינקס: יצחק ראָזענבערג (מספיד זייענדיק); חיים קוויאַטעק, יודל גיימאַן, משה גאַלאַנט, יהושע משה שניידמאַן, הערש פסח קופער און אַנדערע



**וועלט־קאָנפערענץ פון „פ. ח. ח." (פרטיזנים חיילים - חלוצים)**

**פרעזידענט פון דער קאָנפערענץ, פאָרגעקומען אין זאַלצבורג (עסטרײַך) אין יאָר 1947. דער פערטער פון רעכטס, דער בן־עיר יצחק ראָזענבערג**

דיקן טייל פון אַמעריקע — און זיכער איז דאָ אויך נישט דאָס פּלאַץ צו באַהאַנדלען די אַלע פּאַקטאָרן, וועלכע האָבן גורם געווען צו די דאָזיקע ענדערונגען. עס איז בלויז גענוג צו מאַכן די פעסטשטעלונג, אַז דאָ האָט זיך פאַרענדיקט, אָדער כמעט ווי פאַרענדיקט די ראָל פון דעם אַמאָליקן טיפּ פּריוואַטיליקן געזעלשאַפטלעכן עסקן, וואָס האָט געהאַט זיין אָנשפּאַר און ווירקונג אויף די גרויסע מאַסן־באַוועגונגען, וועמענס מיטגלידער זענען געווען אַקטיוו טאָג־טעגלעך און האָבן דעם געזעלשאַפטלעכן טוער אַרויסגערוקט, סטימולירט און אַרויסגעהאָלפן. דאָ איז אויפגעקומען אַ נייער טיפּ — דער באַצאָלטער פונקציאָנאַר, דער עקזעקוטיוו־סעקרעטאַר, וואָס זיצט אין ביוראָ, אַרומגערינגלט מיט טעלעפאָן־אַפּאַראַטן און האָט פאַר זיך אַ רשימה מיט נעמען פון פאַרמעגלעכע יידן — און ער, דער ספּעציאַליסט, האָט איין אויפגאַבע: צו זיין וואָס מער דערפאָלגרייך אין געלט־קאַמפּיינען.

נאָך אַ צייט פריער, ערב אונדזער קומען קיין מאָנטרעאַל, האָט זיך דאָ געפונען אַן אָנגעזעענער סטאָקער, מיט אַ נאָמען אין שטאָט — אַ לאַנדסמאַן, וועמענס אָנדענק עס ווערט מיט רעכט אָפּגעגעבן אַ ספּעציעל פּלאַץ אין אונדזער „פּנקס". איך מיין דאָ דעם חשובן געזעלשאַפטלעכן עסקן, לייזער צוקער ע"ה, וועלכער האָט מיט זיין פּערזאָן רעפּרעזענטירט דעם אידעלן פאָרשטייער פון אַ מענטש פון פאָלק; אַ טיפּ פון אַן איבערגעגעבענעם, אומדערמידלעכן און אומאייגננוציקן טוער און בויער פון אינסטיטוציעס פון יידישער קולטור און דערציונג. עס האָט אָבער געדויערט אַ געוויסע צייט, ביז מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַן אָפּשטאַמיקער פון אונדזער שטעטל, און צו דעם איז ער שוין אין יענער צייט געווען אין טיפן עלטער און אַריינגעטאָן איבער די כוחות אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, אַז ער זאָל זיין אימשטאַנד אונדז צו ווידמען צייט און ענערגיע.

ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער ווערט אַ בן־שבעים — און טראָץ זיין ראָל און אָנזען, אין דער אַלגעמיינער מאָנטרעאַלער געזעלשאַפט — זענען מיר, סטאָקער, געווען די ערשטע, וועלכע האָבן אויף אַ פּריוואַטן, אינטעמען שטייגער, געפייערט זיין געבורטסטאָג. עס האָבן אין דער דאָזיקער פייערונג זיך באַטייליקט אויסשליסלעך סטאָקער און



די סטאָקער „קאָלאָניע" אין מאָנטרעאַל ביי אַ מסיבה לכבוד דעם בן־עיר לייזער צוקער ז"ל צום אָפּמערקן פון ווערן אַ בן־שבעים.

יערע משפחות, און די דאָזיקע ערשטע באַגעגעניש האָט געשאַפן אַ האַרציקע און אויפריכטיקע נאָענטקייט צווישן אונדז. עס האָבן זיך ביי אים דערוועקט זכרונות פון אַ שטעטל, וואָס ער האָט פאַרלאָזט מיט עטלעכע און פופציק יאָר פריער, נאָך אַלס 16 יאָריקער בחורל. שפּעטער, ווען עס זענען פאָרגעקומען די גרויסע אָפיציעלע באַנקעטן לכבוד אים, זענען מיר געווען איינגעלאַדן אַלס זיינע פערזענלעכע געסט און ער האָט דאַן פאַר אַלעמען דערציילט, אַז דעם גרעסטן רושם האָט אויף אים געמאַכט, אונדזער ערשטער אינטימער אָוונט פאַר אים.

אַקטיוויטעט. ליידער האָט זיך דאָס נישט שטענדיק איינגעגעבן.

איבערגייענדיק צו געבן אַ בליק וועגן אונדזער לעבן אַלס משפחות, אין דעם געראַנגל פאַר פרנסה און פאַר דער דערציונג פון אונדזערע קינדער איז כדאַי צו באַמערקן, אַז אויפן עקאָנאָמישן געביט, איז נישט פאַראַן קיין ספּעציעלע דיפערענצירונג צווישן אונדזערע לאַנדסלייט; מיר געהערן אַלע צו דעם קלאַס אַרבעטס־מענטשן, וואָס פאַרדינען אויף צו לעבן, דורך שווערער אַרבעט. פאַרשטענדלעך אַז אין קאַנאַדע — אַ לאַנד וואָס באַלאַנגט צו דער גרופּע „זאַטע לענדער", געהער אַן

**אַ גרופּע אַקטיווע סטאָקער בונדיסטן אויף אַן אויספלוג אין „מאָנט־ראָיאַל־פּאַרק" אין מאָנטרעאַל**



אויפן בילד: חיים שייקע קופּער און טעכטערל חנהלע, יודל און שרה רויזען ע"ה ניימאַן, אהרן און ראוז זיסק (פון ניו־יאָרק), מאַכל ניימאַן און פריינד

עס איז כדאַי צו דערמאָנען, אַז אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער געפינען זיך אין מאָנטרעאַל, האָבן געוויסע סטאָקער יחידים פון ישראל, זיך געווענדעט צו אונדז וועגן הילף — און אַזוי ווי מיר זענען, ניש טשטענדיק געווען ביכולת דאָס צו רעאַליזירן, האָבן מיר געמאַכט באַמיִונגען זיך צו פאַרבונדן מיט דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, מיט דעם ווילן צו קאָאָרדינירן אונדזערע טעטיקייטן, אויף צו דערגרייכן בעסערע רעזולטאַטן אין פראַגן פון פּראַקטישער הילף און ווירקן דורך געמיינזאַמער פּלאַנירונג צו גרעסערער

אַרבעטער אויך צו די זאַטע. כאָטש אין די לעצטע יאָרן מערקט זיך אַ טענדענץ צו פאַרערגערן די לאַגע — און דער שטייגנדיקער יקרות אין אַזאַ לאַנד, וועלכעס מען האָט באַצייכנט אַלס „שפּייכלער פון דער וועלט", האָט אָנגענומען אַזעלכע פּראָפּאָרצן, אַז עס מוזן אַרבעטן מער ווי איינער פון אַ משפחה, כדי צו קאָנען אָנגיין מיט אַ געהעריק לעבן און אין די מערסטע פאַלן, אַרבעטן אויך די פרויען כדי זיך צו קאָנען אויסהאַלטן ווי געהעריק.

מיר האָבן פון צייט צו צייט צוזאַמענקונפטן

## בײַ אַ קבלת־פּנים פאַר שמחה לאַנדע
### גראַפישע מאָמענטן אין הויז פון די קופּערס און ראָזענבערגס



שטייענדיק פון רעכטס: ז. קופּער, משה און מאַלכע גײמאַן, פראַדקע פּ. קופּער, יודל גײמאַן און פרוי, פרוי קופּער; זיצנדיק פון רעכטס: חיים קוויאַטעק, חיים שייקע קופּער, שמחה לאַנדע, אַברהם סטאָלאָוויטש און פרוי, זלאַטע ראָזענבערג



פון רעכטס: יצחק י. ראָזענבערג, ר׳ יעקב יורקעוויטש, שמחה לאַנדע, יודל גײמאַן און חיים קוויאַטעק

פון סטאָקער לאַנדסלײַט, סײַ אויף שמחות, ווו מען טרעפט זיך צוזאַמען און מען פילט זיך ווי אַמאָל ווי איין סטאָקער משפחה — און צום באַדויערן אויך בעת פאַרשידענע פאַרלוסטן פון געוועזענע אַנשי־סטאָק, וואָס ווערן צום באַדויערן וואָס ווײַטער אַלעמאָל ווייניקער. פון די געמיינזאַמע שמחות, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט סטאָקער וואָס האָבן באַזוכט מאָנטרעאַל האָבן זיך ספּעציעל אײַנגעקריצט אין אונדזער זיכרון דער באַזוך פון אַ גרופע סטאָקער, בעת דער וועלט־קאָנפערענץ פון „בונד" וואָס איז פאָרגעקומען אין מאָנטרעאַל אין יאָר 1955 אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט גאָלדע צוקער, פון בוענאָס אײַרעס און אהרון זיסק פון ניו־יאָרק, דער באַזוך פון מינדל נאָווענשטערן אין יאָר 1965 און דער באַזוך פון שמחה לאַנדע אין יאָר 1970, די באַזוכן האָבן בײַ אונדז אויפגעלעבט זכרונות פון אונדזער קינדהייט, פון אונדזערע סטאָקער היימען וואָס זענען אַזוי אכזריותדיק פאַרניכטעט געוואָרן און עס האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט די פרײַנדשאַפט צווישן אונדז.

דער באַזוך פון ח' שמחה לאַנדע האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן וויכטיקייט, וואָס האָט פאַקטיש געבראַכט דעם געדאַנק פון אַרויסגעבן דעם סטאָקער פנקס. שמחה לאַנדע איז צו אונדז געקומען דעם 30סטן מײַ פון 1970; ער איז געקומען פון זײַן רײַזע קיין ישראל, ווו עס איז באַשלאָסן געוואָרן געמיינזאַם אַרויסצוגעבן דעם איצטיקן פנקס. אויף דעם קבלת־פנים וואָס מיר האָבן פאַר אים געמאַכט, האָט ער געוואָרפן דעם לאָזונג, אַז אויך אונדזער גרופע סטאָקער זאָל זיך אָנשליסן אין דער אַקציע — אַ זאַך וואָס איז פון אַלעמען אײַנשטימיק באַשלאָסן געוואָרן. — די פאָר טעג, וואָס חבר שמחה איז בײַ אונדז געווען, איז געווען אַ פאַקטישע שמחה בײַ אַלע סטאָקער — אַן אמתער יום־טוב. און אויסער דעם אָפיציעלן קבלת־פנים, האָט ער באַזוכט אַלע סטאָקער אין זייערע היימען און עס האָט דאָ נאָך אַמאָל אויפגעלעבט דער אַמאָליקער סטאָקער גײַסט — און אויך פון דעם קבלת פנים ברענגען מיר דאָ אַ ספעציעל בילד, וואָס וועט פאַר אונדז אַלעמען דינען לזכרון.

וואָס אַנבאַלאַנגט דאָס אַרויסברענגען די קינדער אויף אונדזער דרך, קאָנען מיר זײַן צופרידן מיט אונדזערע דערגרייכונגען, קודם כל האָבן די קינדער געהאַט פון וועמען צו לערנען, ווײַל קיינער פון אונדז געהער נישט צו די וואָס ווילן פאַרגעסן די טראַגישע פאַרגאַנגענהײַט — בײַם קאָרטן־טיש, מיטן טרינקענדיקן כוס, אָדער דורך דעם אָנשטאָפן דעם מאָגן. מיר זענען די וואָס באַזוכן ייִדיש טעאַטער, קאָנצערטן, פאָרלעזונגען אאַ"וו, און אונדזערע קינדער האָבן באַקומען אַ ייִדישע דערציִונג אי די ייִדישע שולן, ווי די פרץ־שול, פאָלקס־שולן אד"גל. די שפּראַך וואָס ווערט באַנוצט צווישן די עלטערן און קינדער, איז ייִדיש מאַמע־לשון. גלײַכצײַטיק האָבן אונדזערע קינדער געהאַט די מעגלעכקייטן צו באַזוכן אוניווערסיטעטן, אָדער אַנדערע העכערע לערן־אַנשטאַלטן און זיי פאַרענדיקט מיט אַ סך דערפאָלג. און עס זענען פאַראַן קינדער וואָס וועלן מאַכן אַקאַדעמישע קאַריערעס, מיט איין וואָרט, עס זענען נישטאָ קיין שום פראָבלעמען צווישן עלטערן און קינדער בײַ אונדזערע משפחות, ווי עס זענען ליידער פאַראַן בײַ אַנדערע.

אין אַלגעמיין איז דאָס לעבן בײַ אונדז, ווי מען זאָגט אין ענגליש: „אַן אַרויפס און אַן אַראָפס"; עס שטורעמט נישט, עס שטראָמט נישט ווי אין אַ וואַסער־פאַל, נאָר עס פליסט ווי אַ קליין טײַכל אויף אַ פלאַכלאַנד. מען ווערט ווי אין אַלע פלעצער — און אין אַלע צײַטן — מיט יעדן יאָר עלטער און עס דוכט זיך צײַטנווײַז, אַז דאָס לעבן גייט פאַרבײַ און דו בלײַבסט שטיין מן הצד, ווי אויף איין אָרט. עס איז אָפטמאָל פאַראַן אַ געפיל, אַז מען האָט נישט אויפגעטאָן דאָס וויכטיקסטע און עס עקבערט דער געדאַנק, אַז דאָס לעבן האָט דאָך אָפגענאַרט און דאָס דערלאָזט נישט שלום מאַכן מיט זיך אַליין און מיט די אַלע דערפאַרונגען און דערגרייכונגען, וואָס מען האָט כלומרשט דערוואָרבן.

עס איז צו האָפן אַז די ידיעות וואָס מיר וועלן באַקומען דורך דעם בוך, די פאַרבינדונג צווישן די אַלע צעשפרייטע טיילן אָפשטאַמיקע פון שטעטל, וועט שטאַרקן בײַ אַלעמען די איבערצײַגונג, אַז מיר געהערן אַלע צו איין משפחה, וואָס איז אַמאָל געווען אַ סך גרעסער, נאָר די טרויעריקע ווירקלעכקייט פון די שואה־יאָרן האָט זיי אַזוי טראַגיש פאַרקלענערט. אַזוי אַז דער „פנקס" וועט אין אַ געוויסער מאָס העלפן באַזײַטיקן די מחשבות פון איינזאַמקייט און נאָגנדער בענקשאַפט און ענגער מאַכן די בענדער פון משפחהדיקייט צווישן זיך.

ש. ב. ל. ב. (בוענאָס־איירעס)

# סטאָקער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע

## די ערשטע סטאָקער אין לאַנד

אויף וויפל עס איז אונדז באַקאַנט — ווייל קיין גאָר גענויע פעסטשטעלונגען, זענען דאָ נישט פאַראַן — איז הערשל פינקעלשטיין ע״ה געווען פון די ערשטע סטאָקער, וואָס זענען אָנגעקומען און זיך באַזעצט אין אַרגענטינע, נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע אויסוואַנדערונג פון יידן פון פוילן, האָבן עמיגרירט פון סטאָק קיין אַרגענטינע, אַ גרויסע צאָל פאָלקס־יידן, ווייל אין יענער תקופה, האָט אַרגענטינע — און ספּעציעל די



הערשל פינקעלשטיין ע״ה
פון די ראשונים סטאָקער אין אַרגענטינע
געווען אַ תושב אין סאַלטאַ

הויפּטשטאָט בוענאָס־איירעס, געהאַט אַ מיאוסן שם איבער דער וועלט, און גאָר באַזונדערס איבער דער יידישער, צוליב די טרויעריק־באַרימטע „טמאים״, אָדער ווי אונדזער גרויסער שלום־עליכם האָט זיי באַצייכנט, אַלס אַזעלכע „וואָס האַנדלען נישט מיט קיין אתרוגים״... און צום גליק, האָבן אַזעלכע זיך נישט געפונען צווישן די סטאָקער.

אַ דאַנק דעם ערשטן לאַנדסמאַן, הערשל פינקעלשטיין, האָבן כמעט אַלע לאַנדסלייט, וואָס זענען אָנגעקומען קיין אַרגענטינע אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, זיך באַזעצט אין דעם ווייטן צפונדיקן סאַלטאַ, וואָס איז מיטן גאַנג פון דער צייט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יידיש־קולטורעלן צענטער, אַ דאַנק דער צאָלרייכער גרופּע סטאָקער, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט.

שרייבנדיק וועגן די סטאָקער אין סאַלטאַ, דאַרף מען דערמאָנען דאָס הויז פון שמחה און פערל לאַנגלייב, וואָס איז שטענדיק געווען אַ „בית־ועד״ פאַר קולטור און געזעלשאַפטלעך לעבן און אַזעלכעס איז שטענדיק באַשטעטיקט געוואָרן נאָך די אָפטע באַזוכן מצד די שרייבערס און געזעלשאַפטלעכע עסקנים געקומענע פון דער הויפּט־שטאָט, אין דעם ווייטן צפון סאַלטאַ (העכער 16 הונדערט קילאָמעטער פון בוענאָס איירעס). מען דאַרף אויך דערמאָנען אשר מאַנדעל, די ברייט פאַרצווייגטע משפחות קאָרצאַרזש, דעם אַלטן הערשל וויעלגער, (אַזוי האָט מען אים גערופן אין סטאָק) וואָס איז געווען דער פאָטער פון דער משפחה קאָרצאַרזש און שווער פון ערשטן סטאָקער תושב אין סאַלטאַ, הערשל פינקעלשטיין ע״ה. עס זענען אויך געווען סאַלטענער תושבים: פּנחס קיטשקאָווסקי און פאַמיליע, (וואָס האָבן מיט אַ צייט צוריק זיך אַרויסגעצויגן אין דער צווייט גרעסטער אַרגענטינער שטאָט ראָזאַריאָ) און די ברידער: שעפּסל ע״ה, וועלכער איז געשטאָרבן אויף אַ טראַגישן אופן דעם 27סטן מיי 1954; אַברהם־יוסף ע״ה, און אים צו לאַנגע יאָר, יודל אָסטשעגא מיט זייערע משפחות.

פון די אַלע סטאָקער אין סאַלטאַ, דאַרף מען באַזונדער אויסטיילן דעם לאַנדסמאַן אלתר טוכמאַן (טוכקלאַפּער), וועלכער איז געקומען אַהין אין יאָר 1926 און האָט דאָרטן פאַרנומען דעם אויבן־אָן אין דעם קהילה־לעבן; געווען ראש־הקהל, פּרעזידענט פון סוב־קאָמיטעט פון „קרן היסוד״ און פון אַנדערע יידישע פאַראַנשטאַלטונגען. עס איז דערביי אויך כדאַי צו באַמערקן אַז מיטן אויפ־

קום פון מדינת ישראל, האָט דער בכור פון די לאַנגלייבס — דער „פּאַלאַקאַ" לייבל געמאַכט עליה קיין ישראל, איז געווען איינער פון די גרינדער פון דעם קיבוץ „מ פ ל ס י ם". דער זעל־בער בן־עיר, לייבל לאַנגלייב, איז געווען דער פּאַ־



אלתר טוכמאַן ע"ה

איינער פון די בויערס פון יידישן לעבן אין סאַלטאַ (אַרגענטינע)



די 4 ברידער: פון רעכטס: לייב (דער „פּאַלאַקאַ"), דודטשע, משה און אליעזר לאַנגלייב

רויסגייער און דער גורם פון דעם, אַז די געטרייע בונדיסטן שמחה און פּערל לאַנגלייב, זאָלן מאַכן עליה צוזאַמען מיט זייערע אַנדערע 3 זין אין אָנ־הויב פון 1958. פּונקט אַזוי ווי אין סאַלטאַ, אַזוי היינט אין פּתח־תקוה, אויף אחד־העם 20, זעצן זיי ווייטער פאָר מיט דער שיינער הומאַניטאַרער מידה פון מכניסי־אורחים.

אומקערנדיק זיך צום אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, נאָכן ערשטן וועלט־קריג, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מאַסן אויסוואַנדערונג פון יידן אין פּוילן, צוליב דער שלעכטער עקאָנאָמישער סי־טואַציע וואָס האָט דאָרטן געהערשט און ספּעציעל צוליב דעם שאַרפן וואַקסנדיקן אַנטיסעמיטיזם וואָס עס האָט דאָרטן אָנגעהאַלטן און יידן זענען געלאָפן, וווהין עס איז נאָר געווען אַ מעגלעכקייט אַריינצוקומען (און עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס אַ סך יידן זענען פון דאָרטן נישט אַוועק, ווייל אויף אַזאַ אופן, וואָלטן זיי געראַטעוועט זייערע לעבנס). מען איז געלאָפן און עמיגרירט פון אַלע שטעט און שטעטלעך און פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אויך עמיגרירט פון אונדזער סטאָק און אַ סך סטאָ־קער זענען געקומען קיין אַרגענטינע וואָס האָט אין יענער צייט געהאַלטן אָפן אירע טויערן פאַר אַלע „מענטשן פון גוטן ווילן" און פאַר יידן בתוכם.



דער עלצטער סטאָקער בן־עיר
ר' ישראל משה שלאַסקי
נפטר געוואָרן י"ג אדר ב' תשל"ג, דעם 17טן מערץ 1973 אין בוענאָס־איירעס

מען קאָן, פאַרשטייט זיך, נישט אויסרעכענען די נעמען פון די אַלע סטאָקער וועלכע האָבן אין יענע יאָרן איינגעוואַנדערט און באַקומען שוץ און אויפגעבויט אַ היים אין אַרגענטינע. מען קען אויך נישט פאַרצייכענען די יאָרן ווען זיי זענען

אַהער געקומען. מיר געדענקען אָבער, אַז אין די אָנהייב דרײַסיקער יאָרן, זענען שוין געווען פון לאַנג תושבים אין דער הויפּטשטאָט בוענאָס אײַרעס די לאַנדסלײַט: ישראל משה שלאַסקע און פאַמיליע (וועלכער איז אגב געווען אונדזער עלטסטער בן־עיר און נפטר געוואָרן דעם 17טן מערץ 1973 י״ג אדר ב׳ התשל״ג, בעת מיר האָבן געהאַלטן אין מיטן צונויפשטעלן די אַרבעט). גימפּל פּאָגאָדע ע״ה און פאַמ.. די ברידער קיאַק און פאַמיליעס (דרך־אגב איז דער עלצטער ברודער הערשל קיאַק דער איינציקער סופר בײַם ראַבינאַט אין בוענאָס־אײַרעס, אויף וועמען עס איז גילטיק דער פּסוק: „מעשה אבות ירשו בנים") מרדכי נאַגעלקאָפּ ע״ה און פאַמיליע, נפתלי פּאָסעסאָרסקי ע״ה, די פאַרצווײַגטע משפּחה ליפּשיץ פון באַצק, צווישן וועלכע עס איז געווען יודל ליפּשיץ ע״ה (אָדער ווי מען האָט אים גערופן „יודל באַצקער") וועלכער איז געווען פון די ראשונים פון דער פאַרצווײַגטער טריקאָטאַזש־בראַנזשע אין אַרגענטינע, חיים א. צוקער, נח ניימאַרק ע״ה פון פּראָסטין, די משפּחות לאָפּאַטע, משה קוויאַטעק ע״ה (פון דער סטאָקער אומגעגנט) וועלכער האָט פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט אין דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און געווען דאָזאר אין דער קהילה אין בוענאָס־אײַרעס, ברידער וויעזשבינסקי און פאַמיליעס, אברהמטשע שנײַדמאַן ע״ה און משפּחה און אַ סך אַנדערע לאַנדסלײַט מיט זייערע פאַמיליעס וועמען מיר רעכענען ניט אויס, פּשוט צוליב ניט געדענקען זיי בײַם מאַכן די אַרבעט. מיר דערמאָנען די ברידער אברהם יצחק און יוסף ליכטענשטיין וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין דער שטאָט קאָרדאָבע. בײַ דער געלעגנהײַט, טיילן מיר אויס, די משפּחה



משה קוויאַטעק ע״ה

אָנגעזעענער עסקן אינעם יידישן אַרגענטינער ישוב

פון אברהם יצחק ליכטענשטיין, וועלכע האָט ע־
מאַכט אַ עלית־קבוצה קיין י ש ר א ל און ־ך
באַזעצט אין קיבוץ „כ ב ר י". מיר שטרי ־ן
דערבײַ אונטער, אַז די א. ד. משפּחה ליכטענשט ־ן
איז עקאָנאָמיש געווען זייער גוט אײַנגעאָרדנט ־ ־ן
אַזוי זייער זון ד״ר וועלוול, וועלכער איז געוו ־
זייער דערפאָלגרײַך און שטאַרק מצליח געוו
אין זײַן פּראָפעסיע אין קאָרדאָבע, און נישט קו
קנדיק אויף זייער גוטער עקאָנאָמישער און סאָ



אין קיבוץ „כברי" (נעבן חיפה)

פון דער רעכטער זײַט אונדזער בן־עיר יאָסל דוד ליכטענשטיין מיט דער סטאַדע שעפּסן פון קיבוץ

ציאַלער פּאָזיציע, זיך פאַרנומען און געוואָרן, אין פּולן זינען פון וואָרט: „ח ל ו צ י ם מ ג ש י מ י ם״. זאָל זשע דעריבער פאַרייביקט ווערן, דער פּיאָנעריש־חלוצישער טאַט פון דער משפחה אַבֿרהם יצחק ליכטענשטיין, אין דעם „פנקס סטאָק״, צום כבוד און שטאָלץ פון די סטאָקער איבער דער וועלט.

## שאַפונג פון סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט

מיטן קומען צו דער מאַכט פון היטלערן ימח שמו וזכרו אין יאַנואַר 1933, האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט דער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן און די דאָרטיקע ייִדן, ספּעציעל די יוגנט, האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן, סײַ אויף אַרויספאָדערונגען און סײַ אַלס „טוריסטן״... אַזוי אַרום זענען אין די דרײַסיקער יאָרן ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, וועלכע האָט דערפירט צום חורבן פון פּוילישן ייִדנטום און בתוכם צו דער פולשטענדיקער פאַרניכטונג פון סטאָק — אָנגעקומען קיין אַרגענטינע אַ סך לאַנדסלײַט, אין דער גרעסטער מערהייט יונגע מענטשן, מיטברענגענדיק מיט זיך, אַ גרויסן געזעלשאַפטלעכן סטאַזש און קולטור „באַגאַזש״ און אַ שטאַרקן יוגנטלעכן דראַנג צו שאַפן און מיטהעלפן אויפצובויען אַ שיין ייִדיש לעבן אין אַרגענטינע, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין פולן אויפבלי.

נאָכן אָנקומען קיין בוענאָס־אײַרעס אין יאָר 1934 פון שמחה לאַנדע, הויבן זיך אָן צו אָרגאַנירן די סטאָקער לאַנדסלײַט. כאָטש נישט האָבנדיק קיין אייגענעם לאָקאַל, האָט די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט, אָנגעהויבן צו באַקומען אַ נאָמען אין דעם אַרגענטינער ייִדישן ישוב — און אומדירעקט (און אין גרעסטן טייל אויך דירעקט), איז דאָס הויז פון שמחה לאַנדע געוואָרן דער אַדרעס פון די סטאָקער אין אַרגענטינע וועלכער האַלט אָן ביזן הײַנטיקן טאָג.

נאָך איידער עס איז אָפיציעל געגרינדעט געוואָרן די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט, האָבן שוין סטאָקער יחידים — ווי יונגע אימיגראַנטן, זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס און אין פאַרשידענע פּאַרטייען — אַרײַנגעבראַכט אַ שטאַרקן אימפּעט אין היגן געזעלשאַפטלעכן לעבן און דראַנג צו אַ שענער און בעסער אויסלעבן זיך, אַזוי רוקן זיך אַרויס אין די פאָדערשטע רייען, — אין יענע יאָרן — בײַם אויפבויען די שלום עליכם שולעס, י. ל. פּרץ־שולע (אין צענטער) די ל״ל: חיים פּאָגאָדע ע״ה, ישראל קיאַק, חיים א. צוקער און זײַן לעבנס־באַגלייטערין גאָלדע בורשטיין; נח ניימאַרק ע״ה, אברהם יאַנקל שוואַרצפאַרב, דוד סטאָלאָוויטש, בעריש נאָווענשטערן און זײַן לעבנס־באַגלייטערין מינדל מאלצמאַן ע״ה. משה מאַלישעוויטש ע״ה און זײַן פרוי רחל, הערשל ליפּשיץ און שמחה לאַנדע. די סטאָקער האָבן דורכגעמאַכט אַ גײַסטיק ־ קולטורעלע „ה כ ש ר ה״, בכדי צו קענען העלפן בויען אין דער נײַער היים אַרגענטינע, אַ פולבלוטיק ייִדיש לעבן, און אַ דאַנק יענער אידעאַליסטישער אימיגראַנטן־מאַסע, (אַרײַנגערעכנט אונדזערע לאַנדסלײַט), האָט דער ייִדישער י ש ו ב אין לאַנד, באַקומען אַ שם־טוב און געוואָרן אַ בײַשפּיל פאַר דער גאַנצער ייִדישער וועלט. און ווען עס איז געקומען אויף אַ באַזוך קיין בוענאָס־אײַרעס דער פּראָפעסאָר ליבמאַן הערש ז״ל, האָט ער געהאַט אַ סך לויב־ווערטער פאַרן היגן ישוב, און עס האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג זײַן באַרימטע באַצייכענונג פון „אַרגענטינער עקספּערימענט״, פון וועלכן די קליינע, נאָר גאַנץ אַקטיווע סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט, איז געווען זייער אַ וויכטיקער טייל. רעדנדיק וועגן דאָזיקן „אַרגענטינער עקספּערימענט״, וואָס עס האָט געמיינט צו זאָגן אין דער ערשטער ריי די היגע קהילה, ווילן מיר דערמאָנען, אַז אין דער קהילה־לייטונג האָט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אונדזער לאַנדסמאַנקע גאָלדע צוקער.

גאָלדע צוקער האָט פּאַקטיש פאַרדינט אַ וויכטיק בלעטל, נישט בלויז אין אַ פנקס אַרויסגעגעבן פון סטאָקער לאַנדסלײַט, נאָר אין אַלגעמיינעם פנקס פון דעם גאַנצן ישוב. ווײַל אירע טעטיקייטן, האָבן ווײַט אַריבערגעשטיגן די גרענעצן פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט און האָבן אָנגענומען אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער, וואָס האָט אַ שײַכות צו דעם גאַנצן ישוב. שוין מיט אירע אַרבעטן אין דער „י. ל. פּרץ שול״, וואָס איז זיכער נישט די גרעסטע — נאָר די סאַמע ייִדישסטע שול, וואָס איז בײַ אונדז פאַראַן און ווו גאָלדע צוקער איז געווען איינע פון די גרינדערינס און שטענדיקע מיטאַרבעטערינס — און פאַרנעמט דאָרט די סאַמע אָנגעזעענסטע פּאָזיציעס, סײַ אין דער אַלגעמיינער פאַרוואַלטונג און גאָר ספּעציעל אין דער פרויען־קאָמיסיע, ווו זי האָט יאָרן לאַנג פאַרנומען די זייער וויכטיקע און פאַר־

אַנטוואָרטלעכע אַמטן, פון סעקרעטאַרין און פּרע־זידענטין און איז שטענדיק די פּאַקטישע נשמה פון דער פרויען־קאָמיסיע און פון דער גאַנצער אַרבעט פון דער דאָזיקער קאָמיסיע.

אָבער ווײַל מיר האָבן דערמאָנט דעם פריערדי־קן אויסדרוק פון פּראָפעסאָר ליבמאַן הערש ז״ל, וועגן דעם „אַרגענטינער עקספּערימענט", וואָס האָט זיך באַצויגן צו דער יידישער קהילה פון בוענאָס איירעס, איז כדאי צו דערמאָנען די טעטי־קייטן פון אונדזער לאַנדסמאַנקע גאָלדע צוקער, אין דער היגער קהילה־לייטונג, ווו זי איז אויסגעוויילט האָט ביז איצט פאַרנומען אַזאַ וויכטיקן און פאַר־אַנטוואָרטלעכן אַמט — און עס איז זעלטן געווען אַ זיצונג פון דער קהילה־לייטונג, ווען עס זאָל נישט געהערט ווערן דאָס קלאָרע און לויטערע וואָרט פון גאָלדע צוקער, אין פאַרטיידיקונג פון דער יידישער שפּראַך און די אינטערעסן פון די אָרעמע פאָלקס־מענטשן; זי פלעגט קיין מאָל קיינעם נישט אָנגרײַפן נאָר שטענדיק געפינען ווען עס איז צו פאַרטיי־דיקן — און האָט דערפאַר שטענדיק אַרויסגערופן צו זיך אַ סך אַכטונג, אַפילו פון אירע פּאַרטיי־קעגנערס — און דער געוועזענער פּרעזידענט פון



דער קולטור - דעפּאַרטאַמענט בײַ דער בוענאָס-איירעסער קהילה

אויבן פון רעכטס: פלאַקסין, נחום בורשטיין, א. שמולעוויטש, איסר קאַמינסקי און יעקב פּאַלטיצקי.
זיצנדיק פון רעכטס: י. גאָלדין, דוד קולאַקאָווסקי (ע״ה), אַברהם מיטעלבערג, גאָלדע בורשטיין־צוקער
און יצחק ליפּסקי

געוואָרן פון דער היגער בונדישער אָרגאַניזאַציע — און כאָטש גאָלדע צוקער, האָט ווירדיק פאַרטראָטן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע און געבליבן געטרײַ די פּרינציפּן פון דער דאָזיקער פּאַרטיי, האָט זי אָבער באַוויזן זייער אָפט זיך צו שטעלן אַ סך העכער פון בלויזע פּאַרטיי־שטאַנדפּונקטן און האָט שטענדיק אָנגענומען שטעלונגען, וואָס זענען פּאַקטיש געווען אין אײַנקלאַנג מיט אַלגעמיינע פאָלקס־אינטערעסן.

זי האָט מיטגעאַרבעט אין דער קהילה־לייטונג, אין דעם קולטור־דעפּאַרטאַמענט און אויך אין אַנ־דערע וויכטיקע קאָמיסיעס פון דער קהילה — און איז געווען די ערשטע און איינציקע פרוי, וואָס דער היגער קהילה, ד״ר טוביה קאַמענשיין פלעגט זייער אָפט רעדן וועגן די „צוויי גאָלדעס" וואָס זענען פאַראַן, מיינענדיק די ערשטע גאָלדע די פּרעמיער־מיניסטאָרין פון מדינת ישראל.

פאַר אונדז סטאָקער, וואָס זענען געווען שטאָלץ מיט דער טעטיקייט און מיט די אָפטע אַרויסטרע־טונגען פון גאָלדע צוקער, האָט זי אונדז דערמאָנט אין דער ליכטיקער געשטאַלט פון איר שוועסטער רויזע בורשטיין־בלומענקראַנץ ע״ה, (גאָלדען צו לאַנגע יאָר), וואָס האָט אויך געהאַט די זעלביקע מעלות טובות פון גאָלדען — און פון וועמען מיר האָבן דאָ אַ סך דערמאָנונגען אין אונדזער פּנקס.

מיר שרייבן דאָ נישט קיין געניועם באַריכט אָדער פּראָטאָקאָל פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט, (כאָטש אין די פּראָטאָקאָלן פון אונדזער פאַריין, וועט מען קאָנען געפינען וויכטיקע מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע פון דעם גאַנצן אַרגענטינער ישוב), נאָר מיר מאַכן בלויז אייניקע פאַרצייכענונגען פון אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט און וועלן זיך באַמיִען נישט אָנצורופן מער קיין באַזונדערע נעמען, נאָר וועלן בלויז אויסרעכענען דאָס וואָס עס איז געטאָן געוואָרן פון אַלע צוזאַמען. ווען מיר האָבן זיך קאָנסטיטויִרט אַלס אַ לאַנדסמאַנשאַפט, איז אונדזער ערשטע אויפגאַבע געווען צו העלפן אַלע אָנגעקומענע סטאָקער אימיגראַנטן, וועלכע האָבן אַלע אָן אויסנאַם זיך גענייטיקט אין הילף אין דעם נייעם לאַנד; ווער עס האָט זיך גענויטיקט אין מאַטעריעלער הילף אויף צו קאָנען באַקומען אַ דירה, ווער עס האָט באַדאַרפט אַן אָנווייזונג אויף צו באַקומען אַרבעט — און אָפט מאָל אויף אויסצולערנען זיך אַ פאַך (ווייל דער גרעסטער טייל פון די אָנגעקומענע, זענען געווען אָן אַ פאַך) און ווער עס האָט באַדאַרפט, בלויז אַ גוט וואָרט — און אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט אַלס אַזעלכע האָט זיך דאָס אַלץ באַמיט נאָכצוקומען, אויף אַ חברישן און לאַנדסמאַנשאַפטלעכן אופן. מיר האָבן אויך געטראַכט וועגן געוויסע הילפס־אַקציעס, פאַר די אינסטיטוציעס אין דער אַלטער היים, אָבער צום באַדויערן, זענען מיר אַלע געווען אין יענער צייט צו אָרעם אויף צו קאָנען דאָס טאָן אויף אַ קאָלעקטיוון אופן און יעדער איינער האָט דאָס געטאָן אויף אַן אינדיווידועלן אופן, לויט זיינע מעגלעכקייטן. עס זענען אָבער אונטערגעקומען אַקציעס, וועלכע האָבן באַרירט דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק און אויך דעם גאַנצן היגן ישוב און מיר האָבן זיך שטענדיק באַמיט אין זיי אָנטייל צו נעמען און צוטראָגן אונדזער סטאָקער טייל, וואָס איז צייטנווייז געווען גאַנץ אָנזעעוודיק.

## פאַרשידענע אַקציעס און טעטיקייטן

אין יאָר 1938, ווען ס'איז פאָרגעקומען די טרויעריק באַרימטע אַקציע קעגן די ייִדן אין זבאַנשין, אויף דער דעמאָלסטיקער דייטש־פּוילישער גרענעץ) וואָס איז געוואָרן אַ קליינער פאַרשפּיל צו די טראַגישע געשעענישן וואָס זענען שפּעטער פאָרגעקומען קעגן די ייִדן), האָט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט מיטגעאַרבעט אויף אַ זייער אַקטיוון אופן אין דער דאָזיקער אַקציע. אונדזער מיטאַרבעט האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג און דער באַרימטער זשורנאַליסט א. ל. שוסהיים ז"ל, וואָס פלעגט אויפכאַפּן אַלע „קליינע און גרויסע זאַכן" — ווי עס האָט געהייסן זיין קאָלום אין „די אידישע צייטונג", האָט קאָמענטירט אונדזער טעטיקייט אונטער דעם קעפּל: „סטאָק איז אויך פּוילן", אין וועלכן ער האָט שטאַרק געלויבט די טעטיקייט פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט.

אין יאָר 1939, איז אין ניו־יאָרק פאָרגעקומען דער דריטער וועלט־קאָנגרעס פון פּוילישע ייִדן איבער דער גאָרער וועלט, וואָס איז זיכער געווען די לעצטע גרויסע מאַניפעסטאַציע פון דעם ברייט פאַרצווייגטן פּוילישן ייִדנטום איבער דער גאַנצער ייִדישער וועלט. פון אַרגענטינע זענען דעמאָלט געווען פאַרטראָטן דריי דעלעגאַטן: דער באַרימטער זשורנאַליסט יעקב באָטאָשאַנסקי ז"ל, לעאָן שוואַקס ע"ה און אונדזער יונגער לאַנדסמאַן נח ניימאַרק ע"ה, וואָס איז אַזוי פריצייטיק פאַרשניטן געוואָרן. די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט, האָט דעם 13טן אויגוסט 1939 איז הויז פון שמחה און בעלטשע ע"ה לאַנדע, אויף מירינײַ 1669 אַדורכגעפירט אַ געזעגענונגס־מסיבה פאַר דעם חבר נח ניימאַרק ע"ה אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט דער פּרעזידענט פון דער צענטראַלע פון די פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפטן ה' דוד אייזענבערג.

אָנהייב 1940, ווען די נאַצישע האַק האָט זיך מיט אַזאַ בלוטיקער קראַפט אַראָפּגעלאָזט קעגן די ייִדן אין מזרח אייראָפּע, כאָטש קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז זי וועט אָננעמען אַזעלכע בלוטיקע פאָרמען — און מיר אַלע האָבן דאַן געלעבט מיט דער האָפענונג, אַז די ייִדן פון פּוילן, אַריינגערעכנט אונדזער היימשטעטל סטאָק, וועלן זיך אפשר ראַטעווען אין אַ גרויסער צאָל. איז ווען עס זענען דערגאַנגען ידיעות פון פּוילן, אַז עס בושעוועט דאָרטן דער טיפוס, האָט די צענטראַלע פון די פּוילישע לאַנדסמאַנשאַפטן, אַדורכגעפירט אַן אַנטי־טיפוס סערום־קאַמפּיין, און האָט די הילף איבערגעשיקט דורכן אינטערנאַציאָנאַלן רויטן קרייץ צו ד"ר מיכאַל וייכערט — און אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט האָט אין דער דאָזיקער אַקציע אַ גרויסן אָנטייל גענומען, און מיר האָבן געגעבן אַ סך געלט —הגם קיינער פון אונדז, איז דאַן נישט געווען פאַרמעגלעך און כאָטש קיינער פון אונדז איז נישט געווען זיכער, צי דאָס געלט מיט די מעדי־

קאָמענטן זענען אָנגעקומען צו אונדזערע ברידער
און שוועסטער.

אין מאָנאַט נאָוועמבער פון 1941, איז דאָ גע־
שטאָרבן אונדזער לאַנדסמאַן משה־יצחק דאַמבעק
(נחמנקע מלמדס אַ זון) און האָט איבערגעלאָזט זײַן

עליה און אונדזער לאַנדסמאַנשאַפט האָט זיי אַרויס־
באַגלייט מיט אַ מסיבת־פרידה, אַרום „סטאָקער
טישן"... מיטן פאַרצייכענען דאָס אויבנדערמאָנטע
באַוויזט און באַקרעפטיקט אונדזער אידיי, די גע־
וואַלדיקע השפעה אין ראָל וואָס שפּילט די אָרגאַני־

געזעגענונגס־מסיבה פאַר נח ניימאַרק ע"ה, צו זײַן אָפּפאָר אַלס דעלעגאַט צום 3טן
וועלט קאָנגרעס פון די פּוילישע יידן פאַרגעקומען ענדע אויגוסט 1939 אין ניו־יאָרק
(נאָרד - אַמעריקע)



שטייענדיק פון רעכטס: דוד סטאָלאָוויטש, העניעק ביגעלמייער (ע"ה), דוד אײַזענבערג, ריקל אָסאָווסקי,
ישראל קיאַק און שעפסל אָסטשעגאַ (ע"ה); זיצנדיק פון רעכטס: בעריש נאָווענשטערן, נח ניימאַרק (ע"ה),
שמחה און שרהלע לאַנדע און איטשע קיאַק

משפחה אין גרויס נויט. מיר האָבן דורכגעפירט
אַ קינאָ־אונטערנעמונג און פּריוואַטע זאַמלונגען און
געזאָרגט פאַר דער פאַרלײַכטערונג פון זייער קרי־
טישער לאַגע. דעם פאַרשטאָרבענעמס פרוי, פריידע
קיאַק־דאַמבעק, האָט מגדל געווען אירע 3 קינדער,
געבנדיק זיי אַ יידישע דערציִונג און מיטן לויף
פון די יאָרן, זענען די בני בני עיר אויסגעוואַקסן
אַלס זייער געטרײַע און גוטע קינדער און ווירדיקע
נאַציאָנאַלע יידן, וועלכע זענען אמתדיקע ממשי־
כים פון דער „תוצרת סטאָק", נישט פאַרשעמענדיק
זייער גזע פון ר' משה סופר ז"ל. און נחמנקע מלמד
ז"ל.

אין מאָנאַט דעצעמבער פון 1972, האָט אונד־
זער בת־עיר פריידע קיאַק־דאַמבעק צוזאַמען מיט
אירע טעכטער, איידעמס און אייניקלעך געמאַכט

זירטע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע באַוועגונג — אומעטום
ווו עס געפינט זיך אַ יידישער קיבוץ און במילא אַ
י י ד י ש ל ע ב ן .

## אונדזערע טעטיקייטן נאָך דער מלחמה און נאָכן חורבן

עס איז געקומען דער טאָג פון 9טן מײַ 1945,
ווען די צווייטע וועלט־מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט
און מיר האָבן דערזען דעם שרעקלעכן חורבן און
תיכף זיך אַרײַנגעוואָרפן מיט דער גאַנצער לאַנדס־
מאַנשאַפטלעכער אחריות, צו העלפן די שארית
הפליטה פון אונדזער שטעטל סטאָק, מיט אַלץ
וואָס מיר וועלן קאָנען. אין יוני פון דעם זעלבן
יאָר, האָבן מיר זיך וועגן דעם ענין געווענדעט

צום פאַרשטייער פון „דזשאָינט" י. ב. לייטמאַן. מיר האָבן אויך געמאַכט אַ ווענדונג צו ד"ר עמיל זאָמערשטיין, פּרעזידענט פון ראַט פון די פּוילישע ייִדן. מיר האָבן אָן צײַט־פאַרלוסט אַדורכגעפירט אַ בליץ־זאַמלונג, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט 3.500 (דרײַ טויזנט פינף הונדערט פּעזעס), וואָס איז אין יענער צײַט געווען זייער אַ גרויסע סומע געלט. אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג פון „דזשאָינט" האָבן מיר אָנגעקניפּט אַ קאָנטאַקט מיט די לעבנסגעבליבענע סטאָקער, די אַזוי גערופענע ערשטע „שוואַלבן", וועלכע האָבן אָנגעהויבן אָנצוקומען אין דער צײַט־ווײַליקער „אכסניה־שטאָט" — לאָדזש.

בכדי צו קאָנסאָלידירן די רעטונגס־אַרבעט פאַר די געראַטעוועטע און לעבנסגעבליבענע סטאָקער האָבן מיר פאַררופן אַ צוזאַמענטרעף פון לאַנדסלײַט פון סטאָק און פון דער אומגעגנט, ווי: פראָסטין באַצק, לאָפּיאַנקע, אָסטרוועק, בודזשיסק, כאַדאָווע און מיעדזנע. דער ערשטער צוזאַמענטרעף איז פאָרגעקומען דעם 12טן אויגוסט 1945, אין הויז פון שמחה לאַנדע און אין עטלעכע וואָכן שפּעטער, גענוי דעם 23סטן סעפּטעמבער האָבן מיר אַדורכגעפירט דעם צווייטן צוזאַמענטרעף אין אַ גרעסערן לאָקאַל, אין האָטעל „ווערטהיין". מיר קאָנסטאַטירן דערבײַ, צום שבח פון אַלע לאַנדסלײַט —סײַ פון סטאָק און סײַ פון דער גאַנצער אומגעגנט—, אַז אַלע האָבן באַנומען דעם הייליקסטן געבאָט פון דער שעה, אַ דאַנק וועלכן דער נײַגעגרינדעטער „הילפס־פאַריין פון סטאָק און אומגעגנט" האָט ווירדיק באַקומען זכות־הקיום. מיר האַלטן דערבײַ פאַר נייטיק צו פאַרצייכענען דעם ר ו ף וואָס שמחה לאַנדע, האָט אינעם טאָג פון צווייטן צוזאַמענטרעף — וועלכער האָט געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק אויף אַלע לאַנדסלײַט — אָפּגעדרוקט אין „די פּרעסע" א"נ „אַ וואָרט צו מײַנע סטאָקער לאַנדסלײַט", אין וועלכן ס'האָט זיך געזאָגט: „צ ו נ אָ ע נ ט ליגט פון סטאָק דער אייביקער „קין - צייכן" פון דער דײַטשישער בעסטיע, וועלכע טראָגט דעם נאָמען טרעבלינקע, אַז מיר זאָלן זיך מאַכן וועלכע ס'איז אילוזיע וועגן אונדזער היים־שטעטל סטאָק. אַז דער גורל פון אונדזער ליבער היים איז געחתמעט געוואָרן אַ דאַנק דער 15 קילאָמעטערדיקער דיסטאַנץ, וואָס טיילט אָפּ פון די גאַז־קאַמערן אין טרעבלינקע, קענען מיר זיך צו אונדזער גרויסן בראָך איבערצײַגן אין דעם, וואָס די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט האָט שוין געשיקט 3 פאַרשידענע טעלעגראַמעס מיט באַצאָלטע ענטפערס און לײדער איז „אין קול ואין עונה". און ווײַל דער ווייטיק און דער אומגליק איז אַזוי גרויס, דאַרפן מיר, סטאָקער, באַצקער, פראָסטינער און פון אַנדערע אַרומיקע ישובים, פּרובירן זוכן אַ טרייסט, (אַז אָך און ווי צו אַזאַ טרייסט) אין אונדזער גרויסן אומגליק, דורך אינטענסיווירן די רעטונגס־אַרבעט פאַר די איינצלנע יחידים, וועלכע האָבן דורך ניסים און „קריעת ים־סוף", באַוויזן זיך צו ראַטעווען פון דער ווילדער בעסטיע. אויף הײַנט האָט דער הילפס פאַריין פון סטאָק און אומגעגנט, פאַררופן אַ צוזאַמענטרעף פון אַלע לאַנדסלײַט, בכדי צו פּראָקלאַמירן די רעטונגס־אַקציע לטובת די לעבנס־געבליבענע לאַנדסלײַט. נו, ווער־זשע פון אונדז וועט וואַגן צו שטעלן זיך מחוץ־למחנה פון אונדזער אַלעמענס פליכט אין דער איצטיקער גורל־שעה? די לאַנדסלײַט־משפחה פון סטאָק און אומגעגנט, וועלכע שמט נאָך פון דער אַלטער היים אַלס אויסערגעוויינלעכע גאַסטפרײַנטלעכע וועלן נישט דערלאָזן, אַז מ'זאָל לגבי זיי, דאַרפן אָנווענדן דעם „וישמן ישורון ויבעט"... נאָר אַלע ווי איינער וועלן מיט אַלע זייערע כוחות מיטהעלפן, אַז די פּראָקלאַמירטע רעטונגס־אַרבעט זאָל געטאָן ווערן מיט דער גאַנצער הונדערט פּראָצענטיקער אחריות און ווען עס וועט זיך אָפּזוכן וועלכער ס'איז סטאָקער אָדער פון אומגעגנט, זאָל מען אים תיכף אויסשטרעקן אונדזער ברידערלעכע האַנט אויף אַ ממשותדיקן אופן. אַלע סטאָקער טרעפן זיך הײַנט 16 אַזייגער אין האָטעל „ווערטהיין". אונדזער אַלעמענס פּאַראָל אין דער איצטיקער גורל־שעה דאַרף זײַן „שטענדיק גרייט"! נאָך די א'ד 2 צוזאַמענטרעפן האָט די הילפס־אַרבעט פון די סטאָקער לאַנדסלײַט באַקומען אַ זייער גוטן אָפּרוף, און די ערשטע רעזולטאַטן זענען געווען זייער גוטע. אין משך פון צוויי מאָנאַטן האָט די רעטונגס־אַקציע אַרײַנגעבראַכט די גאַנץ היפּשע סומע פון 6.525 פּעזעס. מיר האָבן געשיקט הילף צו אַ סך געראַטעוועטע לאַנדסלײַט, וועלכע זענען געווען אין לאָדזש. מיר האָבן אויך געמאַכט 18 אַרויספאָדערונגס־פּאַפּירן, פאַר סטאָקער צו קענען קומען אַהער, די „זשאַמאַדעס" זענען געווען פאַר פאָלגנדיקע לעבנסגעבליבענע לאַנדסלײַט: יודל ניימאַן און פאַמיליע, הערשל פּאָסעסאָרסקי און אסתר פריד, חנה שוואַרצפאַרב, אליה קאָרצאַרזש און קינד, וועלוול האַנ־

דעלסמאַן, איטקע קיאַק און מאַן משה, שמואל טשערווינסקי און פרוי און משה גאַלאַנט און פאַמיליע. דער סוף פון די געמאַכטע אַרויספאָדעראונגס־פּאַפּירן, איז געווען אַזאַ: עס זענען בלויז געקומען איטקע קיאַק און מאַן משה קלעשטשעלסקי. מיר האָבן אויך געשיקט שפּייז־פּעקלעך דורכן „דזשאָינט" צו אָפּגעזוכטע לאַנדסלײַט קיין לאָדזש און קיין נידער־שלעזיע.

דעם ערשטן אזכרה־אַקט נאָך די קדושים פון סטאָק און אומגעגנט, האָבן מיר אָדורכגעפירט אין די סאַלאָנען פון צענטראַל פאַרבאַנד פון די פּוילישע ייִדן אויף פּועירעדאָן 667, דעם 2טן יוני 1946. עס האָבן צום ערשטן גרויסן אזכרה־אַקט, צוגעשיקט אַן אָנשלוס־טעלעגראַמע די לאַנדסלײַט פון ווײַטן סאַלטאַ, וועלכע האָבן געשאַפן אַ סוב־קאָמיטעט צו העלפן די לעבנס־געבליבענע. דער סוב־קאָמיטעט אין סאַלטאַ איז באַשטאַנען פון: אַברהם־יוסף אָסטשעגא ע"ה (סעקרעטאַר), אלתר טוכמאַן ע"ה און שמחה לאַנגליב. דער ערשטער אזכרה־אַקט פון די סטאָקער, האָט געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אויף דער ייִדישער גאַס אין בוענאָס־אײַרעס.

פון די ערשטע אָנגעקומענע קיין אַרגענטינע, נאָכן חורבן, איז געווען רחל ב. אָסטשעגאַ, זי האָט געהאַט דעם מזל אַרײַנצוקומען אין לאַנד אַרײַן אויף אַ לעגאַלן וועג, דאַקעגן אַנדערע געראַטעוועטע לאַנדסלײַט, וועלכע זענען נאָך איר געקומען קיין אַרגענטינע, האָבן דאָס אַרײַנקומען אין לאַנד אַרײַן, געמוזט טאָן אויף אַן אומלעגאַלן אופן דורך „שוואַרצן" די אַרגענטינער גרענעצן. מאַנטיק, דעם 7טן אָקטאָבער 1946 איז אָנגעקומען מיט דער שיף „דעסיראַדע", רחל ביילע אָסטשעגאַ. בײַם שיף האָבן זי אָפּגעוואַרט אַ חוץ פאַמיליאַרן גאַר אַ גרויסע צאָל לאַנדסלײַט. די באַגעגעניש איז געווען זייער אַ רירנדע. פון פּאָרט זענען אַלע צוגעפאָרן אין הויז פון שמחה לאַנדע, וווּ דער גאַסט האָט זיך אויפגעהאַלטן ביזן אָפּפאָרן אין. איר נײַ וווינאָרט, סאַלטאַ און אויסגעהערט אַ ביסל עפּיזאָדן פון

ערשטער קבלת־פּנים פאַר רחל ב. אָסטשעגא אין הויז פון שמחה און בעלטשע (ע"ה) לאַנדע (דעם 9טן אָקטאָבער 1946)



אויבן, פון רעכטס: יצחק, וועלוול, אהרן און אסתר (ע"ה) נאַגעלקאָפּ; שטייענדיק פון רעכטס: יאָסעלע קירשענבוים, חיים א. צוקער, דוד סטאָלאָוויטש, בעלטשע לאַנדע (ע"ה), בעריש נאָווענשטערן, חיים פּאָגאָדע (ע"ה), טשאַפּקעוויטש, אַברהם י. שוואַרצפאַרב, נח ניימאַרק (ע"ה, שמעון אָרענשטיין, יאָסעלע ווערנער (ע"ה), איטשע קיאַק, חיים לייזער טוכשער; זיצנדיק פון רעכטס: גאָלדע און אברהמל צוקער, שלמה פּאָזשאָמעק, פריידע רחל פּאָגאָדע, שמחה לאַנדע, שרהלע לאַנדע, רחל ב. אָסטשעגאַ, פסח מאָנצאַזש, יצחק ווערנער (ע"ה) און עטל בורשטיין

„יענער וועלט"... זונטיק דעם 13טן אָקטאָבער איז פאָרגעקומען אַ קבלת־פּנים פאַר רחל ב. אָסטשעגאַ, אין די סאַלאָנען פון צענטראַל פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן.

בײַ אַ פול געפּאַקטן זאַל, האָט דער גאַסט איבערגעגעבן „עפּעס" פון אירע איבערלעבונגען אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און אויפן סמך פון איר דערציילן האָט אונדזער כמעט־לאַנדסמאַן יעקב צוקער אָנגעשריבן אַ בוך א״נ „אין די נעגל פון

די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט האָט צום דערשײַנען פון „אין די נעגל פון טויט", פּונקט צו די זעקס מאָנאַטן נאָכן אָנקומען פון רחל ב. אָסטשעגאַ, אַדורכגעפירט אַ באַערונגס־אַקט פאַר י. צוקער אין דער פאָרעם פון אַ פאַמיליאַרן „טיי", אין די סאַלאָנען פונעם צענטראַל פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן. אין דעם אָנערקענונג־ און באַערונגס יום־טוב האָבן זיך — אויסער די גאַנצע סטאָקער משפּחה — באַטייליקט זייער אַ סך לאַנדס־

דורכגעפירטער קבלת־פּנים און צוזאַמענטרעף מיט דער געראַטעוועטער רחל ב. אָסטשעגאַ אין די לאָקאַלן פון דער צענטראַלע פון די פוילישע יידן אויף פּועירעדאָן 667, דעם 13טן אָקטאָבער 1946



דער אויבן אָן, פון רעכטס: הערמאַן קאָסאָי, שרײַבער זלמן וואַסערצוג, יידל אָסטשעגאַ, חיים פּאָגאָדע (ע״ה), שמחה לאַנדע, רחל ב. אָסטשעגאַ, פּרעזידענט פון דער צענטראַלע פון די פוילישע יידן שמעון ליכטענשטיין (ע״ה), מאַרק טורקאָוו, דירעקטאָר פון „היאס" אין אַרגענטינע; ב. מעזשיבאָווסקי (ע״ה), איטשע ליפּשיץ, ישראל און איטשע קיאַק; צווייטע שורה אַרום דעם אויבן־אָן, פון רעכטס: שיינע צוקער־ווײַנער, פריידל און גאָלדע צוקער, זשורנאַליסט יאָסל גאָלדבערג, נח ניימאַרק (ע״ה), בעריש נאָוועשטערן, לעאָן און אסתר ברינשטיין (דעם אַלטן סטאָקער רבס אייניקל)

טויט". דאָס בוך האָט דערנאָך אַרויסגעגעבן דער „לאַנדסלייט פאַריין פון סטאָק און אומגעגנט אין אַרגענטינע" און די גאַנצע הכנסה איז באַשטימט געוואָרן פאַרן הילפס־פאָנד אויף אַרויסצוראַטעווען אַ גרופּע לעבנגעבליבענע לאַנדסלײַט. מיר ווילן בײַ דער געלעגנהײַט קאָנסטאַטירן און אונטערשטרײַכן, אַז דער מחבר פון „אין די נעגל פון טויט" האָט געשאָנקען די האָנאָראַר־סומע, פאַרן הילפס־פאָנד בײַם סטאָקער ל״ל פאַריין.

לײַט פון ווענגראָוו, אָסטראָוו־מאַזאָוויעצק און אַנדערע שטעט און צאָלרײַכע שרײַבערס און פרײַנט פונעם באַערטן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען: פּיניע כ״ץ ז״ל (רעדאַקטאָר־שעף פון „די פּרעסע"), ד״ר ל. זשיטניצקי, וואָס האָט אָנגעשריבן דעם „פאָרוואָרט" צו „אין די נעגל פון טויט", מאַרק טורקאָוו (רעדאַקטאָר פון פאַרלאַג „דאָס פוילישע יידנטום") וועלכע האָבן אַרויסגעהויבן — אין זייערע באַגריסונגען — דעם מחבר פון

בוך און האָבן באַרירט פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק אין די גורל־שעהן נאָכן חורבן און אומקום פון די 6 מיליאָן קדושים.

אין דער צווישנצייט, — ביים אָנגיין מיט דער אַרבעט אַרויסצוגעבן דעם כמו־יזכור־בוך — זענען „אָנגעקומען"... קיין אַרגענטינע יואל און חנה לאַנדע. דעם 12טן מערץ 1947, האָט פאַראַנקערט אין בוענאָס־אײַרעסער פּאָרט די פראַנצויזישע שיף „פּאַרמאָסאַ", אויף וועמענס דעק עס זענען פאַרבליבן אַ קליינע גרופּע אימיגראַנטן — יידישע, פאַרשטייט זיך — און דער עיקר... גערעטעוועטע ניסים־יידן, צוליבן פאַרבאָט מצד די „מיגראַציע־דירעקציע", אַראָפּצוגיין פון שיף. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז צווישן דער גרופּע פאַרהאַלטענע זענען געווען אונדזערע טײַערע שארית־הפליטה־בני עיר יואל און חנה לאַנדע. די גרויסע צאָל ל"ל פרײַנט און באַקאַנטע און סתם יידן וועלכע זענען געקומען צום שיף מקבל פנים זײַן די ליבע און טײַערע געסט — זענען פאַרבליבן אין פּאָרט אַ האַלבן טאָג, אַרויסווײַזנדיק דערמיט זייער סאָלידאַריטעט מיט די פאַרהאַלטענע אויף דער שיף. עס וואָלט באַדאַרפט פאַרצייכנט ווערן מער אויספירלעך די אַדורכגעמאַכטע „אָ ד י ס ײ ע" פון יואל און חנה לאַנדע ביי זייער אָנקומען קיין אַרגענטינע, — צוליב פיל מאָטיוון מוזן מיר זיך באַגרעניצן אויף אַזעלכעס אין אָט דער אַרבעט. מיר ווילן אָבער קאָנסטאַנטירן מיט גרויס סאַטיספאַקציע, אַז די „עפּאָפּײע" ביי די ברעגן פונעם „לאַ פּלאַטאַ־טײַך", ווו מען האָט „צוגעגאָסן" אַ גאַנץ שפּאָרע „דאַלעווקע" צום „נע־ונד לאגל"... פאַר יואל און חנה לאַנדע, האָט זיך פאַרענדיקט על צד היותר טוב, און דערביי איז זייער צוגעפּאַסט דער פסוק: „הזורעים בדימעה ברינה יקצורו".

מיר האַלטן פאַר נויטיק ביים פאַרענדיקן מיט דער „אָנקום־פּרשה"... צו פאַרצייכענען דעם „עליכם־שלום" פון יואל און חנה לאַנדע, געשריבן אויפן דעק פון דער שיף „פּאַרמאָסאַ", אין בוענאָס־אײַרעסער פּאָרט, דעם 12טן מערץ 1947, און אָפּגעדרוקט אין דער יידישער טאָג־צײַטונג „די פּרעסע". — „צו אײַך, סטאָקער! (אונטערקעפּל): אַ פּאָר נישט געזאָגטע ווערטער ביי די שטאַכעטל־צוימונגען אין בוענאָס אײַרעסער פּאָרט".

„איך וויל אין אָט די הייליקסטע און געפילפולסטע מאָמענט, ביים פאַראַנקערן אין אײַער פּאָרט אויסדריקן אײַך אונדזערע האַרציקסטע, ברידערלעך חברישע און פּשוט אויפריכטיקסטע דאַנקען פאַר אײַער אַזוי אָנגענעמען קבלת־פּנים, וואָס איר האָט אונדז געמאַכט אין פּאָרט. אין אָט די מאָמענטן פון אײַער צוזאַמענגרופּירונג, האָבן מיר זיך צוזאַמען דערמאָנט אין אונדזער שטעטעלע סטאָק מיט דעם כמו גרויס־שטאָטישן שפּרודלדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, מיט זײַן אַזוי זיסער און ליבער קליינשטעטלדיקער יידישער סביבה און מיר האָבן צום טויזנטסטן מאָל געהאַט פאַר אונדזערע אויגן, די ליבע און טײַערע עלטערן, ברידער און שוועסטער און קינדער וואָס זענען אַזוי אכזריותדיק געפּייניקט און פאַרניכטעט געוואָרן „על קידוש השם וקידוש העם". און איך גלויב אַז מיר האָבן אַלע צוזאַמען געהאַט דעם אויסדרוקווילן — וואָס איז געשטערט געוואָרן צוליב די אַזוי פּײַנלעכע שטאַכעטן־דראָטן און צוימונגען — צו וואַרפן די קללה פון בלוט און פון טרערן, פון טויט און פאַרניכטונג אויף דעם מערדער־פאָלק, וואָס האָט אויסגעבריט די בעסטיע, וועלכע האָט אַזוי ברוטאַל און אומברחמנותדיק פאַרניכטעט אַ שוצלאָזע און פולווערטיקע פאָלקס־מאַסע פון 6 מיליאָן יידישע לעבנס. זאָל זשע אויף קיין מאָל נישט אָפּגעווישט ווערן די בלוט פלעקן פון זייערע הענט און זאָל זיך אָט דאָס אומשולדיקע פאַרגאָסן יידיש בלוט פאַרוואַנדלען אין דזשומא באַצילן, וואָס זאָלן אימשטאַנד זײַן זייערס צו טאָן און זײַן די נקמה פאַר די מיליאָנען פאַרשניטענע לעבנס. איך גלויב אויך אַז עס איז געווען אונדזער אַלעמענס ווילן צו הויבן די הענט און שווערן, נישט צו פאַרגעסן אונדזער טראַגעדיע אויף לאַנגע דורות, נישט צו פאַרגעסן דאָס ברוינע דײַטשלאַנד, און צו שווערן: „אם אשכחך ברברי־הגרמני, תשכח ימיני"!. איך גלויב אויך, אַז עס איז נישט נויטיק צו דערמאָנען אײַך, נישט צו פאַרגעסן אין אונדזערע שארית־הפליטה און גאַנץ ספּעציעל אין אונדזערע לעבנסגעבליבענע סטאָקער און איך וויל אויך גלויבן אַז מיר וועלן האָבן אין קורצן די געלעגנהייט און מעגלעכקייט צו קאָנען מיט אײַך שמועסן ביי געמיינזאַמע טישן אַרום די פראַגן, איבערגעבנדיק מינדלעכע גריסן און שאַפן געמיינזאַמע פּלענער אויף צו העלפן ווירדיק און פילבאַר אונדזערע סטאָקער שארית־הפליטה. ליבע סטאָקער און פרײַנט! זײַט באַגריסט! זײַט געמוטיקט און געטרייסט! זײַט ברידערלעך געשלאָסן און קאָנצענטרירט. עס

לאַסטן פליכטן, עס וואַרטן ט אַ ט ן ! זײַט באַ־גריסט מיט אונדזער שטאַרקן האַנטדרוק, שלום! אײַערע שטענדיק געדענקענדע. — יואל און חנה לאַנדע, אויפן דעק „פּאָרמאָסאַ", דעם 12טן מערץ 1947".

*

אין יאָר 1947 איז אויך געקומען קיין אַרגענ־טינע, די געראַטעוועטע דאָרקע מאָנצאַזש, (פון אָסטרוּוועק). זי האָט זיך אין די ערשטע מלחמה־יאָרן אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע דערפער פון סטאָקער געגנט. פון איר — אַלס איינציקער „עד־ראיה" — האָבן מיר זיך דערוווּסט, די פינצטערע און טרויעריקע נײַעס, אַז 3 טעג נאָך יום־כיפור פון יאָר 1942, איז פאָרגעקומען די לעצטע „אַ ק צ י ע" אין סטאָק. אין יענעם חושכדיקן טאָג, האָט מען אַוועקגעפירט דאָס לעצטע רעשטל סטאָקער יידן קיין טרעבלינקע, ווו אַלע זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן. אויף אָט דעם סמך איז באַשטימט געוואָרן, אַז דער יאָרצײַט־טאָג — נאָך „קדושי־סטאָק" און אומגעגנט זאָל זײַן, י"ג, תשרי, מיר פאַרצייכענען אַזוי אַרום אויף דעם אָרט דעם דאַטום פון: געווען אַ שטעטעלע וואָס האָט געהייסן סטאָק און מער נ י ש ט אָ ! ת. נ. צ. ב. ה.

## י"ג תשרי תש"ג — סטאָקער יאָרצײַט טאָג לדור דורות

האָבנדיק דעם דאַטום פון סטאָקער אומקום, האָט די לאַנדסמאַנשאַפט אַדורכגעפירט צום 5טן יאָרצײַט נאָך קדושי־סטאָק און אומגעגנט, אַן אז־כרה־אַקט בײַם אויפגעשטעלטן מאָנומענט נאָך די 6 מיליאָן קדושים אויפן בוענאָס־אײַרעסער בית־עולם אין טאַבלאַדאַ. עס האָבן זיך באַטייליקט אַ גאַר גרויסע צאָל לאַנדסלײַט, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען, יואל און חנה לאַנדע, דאָרקע מאָנצאַזש. צום זעלבן 5טן יאָרצײַט, האָבן די לאַנדס לײַט יואל לאַנדע און יצחק נאַגעלקאָפּ, געמאַכט אַ ספּעציעלן אָנדענק־טאָוול, מיט פּאַסיקע צושריפּ־טן און צייכענונגען, געווידמעט דעם הייליקן דאַ־טום און פון יענער צײַט אָן, ווערט ער באַנוצט בײַ יעדע יאָרצײַט־אזכרה.

באַלד, נאָכן אויפשטעלן דעם מאָנומענט נאָך די



אָנדענק־טאָוול נאָך קדושי־סטאָק און אומגעגנט, בײַם מאָנומענט נאָך די 6 מיליאָן קדושים אויף טאַבלאַדאַ, אין בוענאָס - אײַרעס

6 מיליאָן קדושים אויף טאַבלאַדאַ, האָט די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט, אָנגעקלאַפּט אַ בראָנזענעם אָנדענק טאָוול, וועלכע איז פאַר אונדז סטאָקער אין אַרגענטינע, אַ סימבאָלישע מצבה, נעבן וועלכער — מיר פאַרזאַמלען זיך יאָר־יערלעך אינעם יאָר־צײַט טאָג. דער אינהאַלט פונעם אָנדענק־טאָוול איז פאָלגנדער:

„סטאָק איז דער מאָנער און דערמאָנער —
סטאָק שרײַט פון אונדזער בלוט אַרויס"
אין אָנדענק נאָך קדושי־סטאָק און אומגעגנט.
סטאָקער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע
ת׳שג — י״ג תשרי ־ תשט

אין די יאָרן 1947־48 זענען געקומען קיין כשאַפּקעוויטש, וועלכער איז נאָך עטלעכע יאָרן וווינען אין בוענאָס־אײַרעס, אַוועק קיין ניו־יאָרק און איז אַקטיוו ביזן הײַנטיקן טאָג אין דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין נאָרד ־ אַמעריקע. אין דעם שכנותדיקן אורוגווײַ איז געקומען ע ל י ע יאַנקל טײַטעלבוים מיט זײַן פרוי העניע שרה גאַדענגאַנד און צוויי קינדער, איבער־געלעבטע אין די וועלדער און בונקערס אַרום דעם שטעטל. זייער אַלעמענס קומען צו אונדזערע ברעגן, האָט נאָך מער אַקטיוויזירט די טעטיקייט פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט און פאַרפילפאַכיקט די קאָנטאַקטן מיט אונדזערע סטאָקער ל״ל וואָס האָבן אין דער זעלבער צײַט אָנגעהויבן שטראָמען קיין ישראל.



פײַערלעכע געזעגענונג פאַר חיים (ע״ה) און פריידע רחל פאָגאָדע

די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט האָט אײַנגעאָרדנט אַן אָפּשיד־מסיבה לכבוד איר באַליבטן פאָרזיצער חיים (ע״ה) און פריידע רחל פאָגאָדע, צו זייער אָפּפאָר אויף אַ באַזוך קיין נאָרד־אַמעריקע. דער יום־טוב איז פאָרגעקומען דעם 11טן אַפּריל 1948 אין די סאַלאָנען פון צענטראַל פאַרבאַנד פון די פוילישע יידן, אין וועלכן ס׳האָבן אנטייל גענומען די גאַנצע סטאָקער משפחה, אַ גרויסע צאָל געזעלשאַפטלעכע טוערס און פערזענלעכע פרײַנד פון די באַערטע

אַרגענטינע לייזער נתן און חיים יענקל טשעכאַנאָוויעצקי מיט זײַן פרוי און קינדער, נסימדיקע סטאָקער, געראַטעוועטע פון דעם אויפשטאַנד אין טרעבלינקע, מאַליע מאַלישעוויטש, וואָס האָט איבערגעלעבט דעם טראַגישן אוישוויץ לאַגער, איז געקומען צוזאַמען מיט איר מאַן עליעק טרזינע, איטקע קיאַק מיט איר פאַמיליע, און זעליק שוער, קריטיש שוער, איז געווען דאַן די לאַגע פון די אַלע פליטים — אימיגראַנטן, וואָס האָבן געוואַנדערט אין די „די־פּי" לאַגערן און פון דאָרטן „געצויגן" מיט וועגן —לעגאַלע און אומלעגאַלע— קיין ישראל, און פּרוכטיק איז געווען די כסדרדיקע אָנשטרענגונג פאַר מיטהילף וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין אַ פילפאַרביקער,

אינדיווידועל פערזענלעכער און אויך אין קאָ־לעקטיווער פאָרעם.

שוין אין יאָר 1951 איז אַוועקגענומען געוואָ־



נח ניימאַרק ע"ה

רן פון אונדזער מיט דער אַקטיווער חבר נח ניימאַרק, פון פּראָסטין, וואָס איז פּלוצים גע־שטאָרבן און די סטאָקער האָבן דורכגעפירט זײַן לוויה דעם 8טן אָקטאָבער 1951.



חיים פּאַגאָדע ע"ה
לאַנג־יאָריקער פּאָרזיצער פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט

דעם 6טן מערץ פון יאָר 1954 איז פּלוצים געשטאָרבן דער חבר חיים פּאַגאָדע, וואָס איז גע־ווען זייער אַקטיוו פאַרבונדן מיט דער גאַנצער טע־טיקייט פון אונדזער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט און האָט מיט פולער ברייטהאַרציקייט כסדר געשטיצט דאָס נייטיקע צו דעקן און רעאַליזירן.

אין 1956 איז געקומען אַ שווערער איבער־שלאַג אין רער אַזוי אַקטיווער און אינטענסיווער טעטיקייט פון אונדזער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט. דעם 17טן אויגוסט, איז אַזוי פּ ל ו צ י ם און טראַגיש־ווייטיקלעך אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזער מיט בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע, די פרוי פון אונדזער טײַערן חבר שמחה, דער הויפּט נערוו פון אונדזער אינטענסיווער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער טעטיקייט.

דער טויט פון דער האַרציק ליבער חברטע בעלטשע, פּונקט ווי פון די פריער דערמאָנטע לאַנדסלײַט, האָט אײַנגעהילט אין טרויער נישט בלויז זייערע משפחות נאָר דעם גאַנצן קרײַז סטאָקער — און נישט בלויז סטאָקער — און האָט אויף אַ לענגערער צײַט אָפּגעשוואַכט, כמעט ווי איבערגעריסן די אַקטיוויטעט פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אַלס אַזעלכע, בלויז בײַ יאָרצײַטן און אזכרות פלעגן זײַן די צוזאַמענטרעפונגען פון אונדזער קרײַז סטאָקער.

אין דעם מאָנאַט מערץ פון יאָר 1962, דעם 24סטן, איז פּלוצים געשטאָרבן אונדזער לאַנדסמאַן נפתלי פּאָסעסאָרסקי, מיר האָבן דאַן אַדורכגעפירט זײַן לוויה אין וועלכער עס האָט אויך אָנטייל גע־נומען אונדזער גאַסט פון נאָרד־אַמעריקע, פרײַנד שמואל - לייב זשעלעניעץ.

ערשט אין די ערשטע מאָנאַטן פון יאָר 1962, ווען עס האָבן דאָ בײַ אונדז געווײלט די חשובע געסט פון נאָרד־אַמעריקע, אונדזערע לאַנדסלײַט שמואל־לייב זשעלעניעץ און זײַן פרוי אַלטקע ע"ה, האָבן מיר געמאַכט פאַר זיי אַ קבלת פּנים און אָנגעהויבן צוריק זיך צוזאַמענקומען פון צײַט צו צײַט. מיר האָבן דאַן אָנגעהויבן לופטערן פלענער אויף צום פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזער ליב שטעטעלע סטאָק.

אין יענער צײַט האָבן מיר זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיטן חבר יחיאל נאָווענשטערן און משה גאַלאַנט, ד"ה מיט די סטאָקער אין ישראל, און מיר האָבן אָנגעהויבן זיך דורכשמועסן — דורך בריוו —

בנוגע די פּלענער וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך. פון דאַנען זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן די ערשטע פאַרצייכענונגען און אַרבעטן פאַר דעם בוך, מיר דאָ האָבן געמיינט אַז עס האָט זיך דאָרטן טאַקע אָנגעהויבן אַ געוויסע ממשותדיקע טעטיקייט אויף דעם געביט, אָבער עס איז געקומען אַ שטילקייט, נישט קיין ענטפער אויף די געשיקטע אַרבעטן און נישט קיין אָנווײַזונגען אויף ווײַטערדיקער אַרבעט, אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן יאָרן, ביז דעם יאָר 1970.

אין חודש אַפּריל פון יאָר 1970, האָבן באַזוכט ישראל אַ גרופּע אַרגענטינער לאַנדסלײַט, וואָס זענען געווען: חיים און גאָלדע צוקער, בעריש און מינדל נאָווענשטערן, מרדכי הערש און רחל־לאה פריד און שמחה לאַנדע. פאַר זייער אָפּפאָרן, איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן לכבוד זיי אַן אָפּשיידס־מסי־בה, אויף וועלכער עס זענען אויך אויפגענומען געוואָרן די סטאָקער געסט פון נאָרד־אַמעריקע, וואָס האָבן דאַן באַזוכט אַרגענטינע. דאָס זענען געווען עטל פּאָסעסאָרסקי און איר מאַן אַרטור העלמאַן און דאַן איז ווידער ברייט דיסקוטירט געוואָרן די פראַגע וועגן „יזכור־בוך" און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ רוף, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „די פּרעסע" דעם 6טן אַפּריל, אונטערן נאָמען „מיר גרעזגענען אײַך, סטאָקער" אין וועט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויפגאַבע פאַר דער גרופּע סטאָקער פון אַרגענטינע, אויך צו דערפירן צו אַ ממשותדיקער רעאַליטעט דאָס אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך, געווידמעט די קדושי־סטאָק.

און מיר פאַרצייכענען ווײַטער געוויסע געשעענישן, לויט אַ כראָנאָלאָגישן סדר — כאָטש ווי



פײַערלעכע דערעפענונג פון קינדער־גאָרטן בײַם „היכל התורה" אויפן נאָמען פון פרוי גאָלדע נאַגעלקאָפּ ע"ה

פאָרגעקומען זונטיק דעם 19טן נאָוועמבער 1972 (יג כסלו תשל"ג) מיט דער באַטייליקונג פון משפּחה־מיטגלידער, אַ גרויסע צאָל לאַנדסלײַט פון סטאָק און ווענגראָוו, עסקנים, חברים פון דער פאַרוואַלטונג און רבנים פון „היכל התורה — חזון איש". מאָמענט, ווען ביידע זין: וועלוול און יצחק נאַגעלקאָפּ, דעקן אָפּ דעם טאָוול אין אָנדענק פון זייער מוטער ג א ָ ל ד ע ל ע ע"ה, אויף וועמענס נאָמען עס ווערט אָנגערופן דער קינדער גאָרטן.

מיר האָבן אויבן באַמערקט, באַריכטן מיר דאָ נישט פּראָטאָקאָלמעסיק, נאָר מאַכן פון אַלצדינג פאַרצייכענונגען — און אין די דאָזיקע פאַרצייכענונגען זענען פאַראַן סיי פריידיקע און סיי טרויעריקע געשעענישן.

דעם 3טן יולי פון 1970, איז געשטאָרבן אונדזער לאַנדסמאַן און אַקטיווער טוער אין די שלום עליכם־שולן משה מאַלישעוויטש ע״ה און זיין פריצייטיקער טויט איז שטאַרק באַדויערט געוואָרן ריע, ביי אַן אָוונט־ברויט און ווי דער שטייגער איז האָט מען אויך דאָ דערמאָנט אַ סך זאַכן פון דער לאַנדסמאַנשאַפט און פון פנקס. און לייבל לאַנגלייב, האָט זיך באַשטייערט מיט זיבן הונדערט ישראל פונט פאַרן פנקס.

דעם 7טן אויגוסט פון 1971 איז געשטאָרבן איינע פון די עלטסטע און אָנגעזעענסטע בנות־עיר, גאָלדע נאַגעלקאָפּ ע״ה (מען האָט זי גערופן „גאָלדעלע״). עס האָבן וועגן איר געשריבן די צייטונגען



מאָמענט ווען דער איידעם שמחה לאַנדע שניידט איבער די לענטע ביים דערעפענען דעם קינדער־גאָרטן ביים היכל־התורה א״נ ג אָ ל ד ע נ אַ ג ע ל ק אָ פּ ע ״ ה.

אין אַלע קרייזן ווו מען האָט אים געקענט און איבער אַלץ צווישן די סטאָקער לאַנדסלייט.

דעם 5טן מערץ פון 1971, האָט מען אויפגענומען די חשובע געסט פון נאָרד־אַמעריקע: אסתר ברײנדל ווישניע, מיט איר מאַן שמואלקע גאָלדבערג. די אויפנאַמע איז פאָרגעקומען אין הויז פון שמחה לאַנדע. עס זענען געקומען אַ גרויסע צאָל לאַנדסלייט און מען האָט דיסקוטירט די אופנים פון אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך.

דעם 30סטן יולי פון 1971, האָט מען אויפגענומען די ליבע געסט פון ישראל: לייבל לאַנגלייב („דער „פּאַליאַקאָ״) מיט זיין פרוי מאַשע לאַנגלייב. די אויפנאַמע איז פאָרגעקומען אין אַ קאָנפיטעאון די משפחה האָט פאַראייביקט איר נאָמען מיט אַ גרעסערער סומע געלט פאַר דער רעליגיעזער שולע „היכל התורה חזון איש״ און דער קינדער־גאָרטן פון דער דאָרטיקער מיידל־שולע טראָגט איר נאָמען.

דעם 12טן אָקטאָבער פון 1972, איז געשטאָרבן די ביי אַלעמען באַליבטע מינדל מאַלצמאַן נאָווענשטערן ע״ה, פון אַ שווערער און אומהיילבאַרער קראַנקהייט — און איר פריצייטיקער טויט, האָט אַרויסגערופן אַ סך באַדויערן צווישן אַלע לאַנדסלייט און באַקאַנטע.

דעם 14טן מערץ פון 1973 האָט אונדזער פּאַריין דורכגעפירט אַ דריפּאַכן יום־טוב, אין דעם

קולטור־צענטער „רינגעלבלום־וואַרשע" לכבוד דעם רעדאַקטאָר פון אונדזער „פנקס" יעקב צודיקער, צו זײַן רײַזע קיין ישראל און לכבוד די געסט פון נאָרד־אַמעריקע: גאָלדע פּאָסעסאָרסקי און איר מאַן לויִס קאַראַבעלניק און לכבוד דעם גאַסט פון ישראל, רבקה ווײַנער־כאַדזשעס פון קיבוץ „ניר עם".

אַ חוץ די אייגענע טעטיקייטן, וועגן וועלכע מיר האָבן איבערגעגעבן אויף אַ קורצן, סכעמאַטישן אופן, שליסן מיר זיך אָן אין אַלע אַלגעמיינע אַקטן פון די אָרגאַניזירטע לאַנדסמאַנשאַפטן און פון דעם ישוב בכלל.

און אין דער לעצטער צײַט, האָבן מיר זיך זייער אַ סך געווידמעט דאָס אַרויסגעבן דעם פנקס, וואָס איז אין זייער אַ גרויסער מאָס, אַ דאַנק אונדזערע אָנשטרענגונגען און די מיטהילף פון די לאַנדסלײַט־פאַריינען פון נאָרד־אַמעריקע און ישראל, געוואָרן אַ פאַקט.

## צענטראַלער „ועד־הספר" פון סטאָקער יזכור־בוך

דער געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך און פנקס וועגן אונדזער אומגעבראַכטער היים־שטעטל סטאָק, איז אויפגעקומען גלײַך נאָך דעם, ווי פאַר אונדז אַלעמען, איז שוין געווען קלאָר, אַז דאָס שטעטל פונקט ווי אַלע ייִדישע שטעט און שטעטלעך פון אַמאָליקן פוילן און פון מזרח אייראָפּע, עקזיסטירן מער נישט. אָט דער געדאַנק, מיט וועלכן מיר האָבן דאַן זיך אַרומגעטראָגן און בײַ יעדן צוזאַמענטרעף פון לאַנדסלײַט, געשמועסט און דיסקוטירט, ווי אַזוי אים צו פאַרווירקלעכן, האָט — מיטן אָנקומען פון רחל ב. אָסטשעגאַ — באַקומען טייל־ווײַז „בלוט און פלייש" און צו די 6 מאָנאַטן, איז דערשינען דאָס בוך: „אין די נעגל פון טויט"... געשריבן דורך אונדזער כמעט־לאַנדסמאַן און רעדאַקטאָר פון הײַנטיקן „פנקס־סטאָק", יעקב צודיקער, און אַרויסגעגעבן פון סטאָקער לאַנדסלײַט־פאַריין אין אַרגענטינע, אין אַפּריל פון 1947. דאָס בוך „אין די נעגל פון טויט", וואָס האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם, האָט בולטער געמאַכט דעם געדאַנק פון אַרויסגעבן אַ סטאָקער יזכור־בוך דורך וועלכן, מיר אַלע — די בני־עיר פון אומעטום —, זאָלן דערפילן אַ הייליקן חוב און שטעלן אַ ווירדיקע מצבת־נצח, די קדושי־סטאָק. מיט אַ קורץ שטיקל צײַט שפּעטער, ווען צום פינפטן אזכרה־אַקט, וואָס מיר האָבן דורכגעפירט, בײַם מאָנומענט נאָך די 6 מיליאָן קדושים, אויף דעם בית־עולם אין טאַבלאַדאַ, אין יאָר 1948 האָט דעם דאָזיקן געדאַנק ווידער אַמאָל אַרויסגעבראַכט אונדזער יונג־פאַרשטאָרבענער חבר אין לאַנדסמאַן חיים פּאָגאָדע ע"ה, ווײַל — ס'האָט אונדז כסדר פאַרפאָלגט און נישט צורוגעלאָזט דער סלאָגאַן: „סטאָק איז דער מאָנער און דערמאָנער"...

און הלוואי וואָלט מען זיך צו דער דאָזיקער אַרבעט גענומען אין יענער צײַט, וואָלט אונדז געווען אַ סך לײַכטער דאָס אַרויסצוגעבן, ווײַל די ווונד איז נאָך געווען בײַ אַלעמען פריש, אַלע האָבן נאָך מער געדענקט, וואָס אַזוינס ס'איז געווען אונדזער ליב און האַרציק שטעטעלע. עס וואָלטן געווען אַ סך מער וואָס וואָלטן געקאָנט דערציילן, סײַ וועגן דעם אויפקום און אַנטוויקלונג פון דעם שטעטל און סײַ וועגן דעם חורבן און די הויפּט־זאַך, ס'וואָלטן געווען אַ סך מער לייענערס פאַר דעם פנקס, וואָס וואָלטן דאָס אויפגענומען נישט בלויז ווי סתם לייען־מאַטעריאַל, נאָר ווי אַ טייל פון זייער אייגענעם דורכגעמאַכטן לעבן. אָבער צום באַדויערן האָט מען דעמאָלט דעם דאָזיקן געדאַנק נישט רעאַליזירט.

מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער, איז דער זעלביקער געדאַנק אויך אויפגעקומען בײַ אונדזערע לאַנדסלײַט אין ישראל און זיי האָבן אָנגעהויבן צו זאַמלען מאַטעריאַלן פאַר אַזאַ מין יזכור־בוך און דורכויס געוואָלט, אַז דער סטאָקער יזכור־בוך זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אין ישראל. דער ענין האָט זיך גאַנץ לאַנג פאַרצויגן, און מיר דאָ, האָבן געמאַכט אייניקע ווענדונגען, וועגן אַרויסגעבן דעם יזכור־בוך, בײַ אונדז אין אַרגענטינע, נעמענדיק אין אַכט, אַז דאָ איז פאַראַן דער געהעריקער מענטשן־מאַטעריאַל אויף דורכצופירן די דאָזיקע הייליקע אַרבעט. אין דער צווישנצײַט, מיטן פאַרלוסט פון נח ביימאַרק, חיים פּאָגאָדע און בעלטשע לאַנדע, איז די טעטיקייט פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט כמעט ווי איבערגעריסן געוואָרן און האָט גורם געווען, אַז אונדזער אַלעמענס געדאַנק און חלום זאָל אײַנדרימלען.

אַזוי האָט זיך דאָס געצויגן ביז דעם יאָר 1970, ווען אַ גרעסערע גרופּע סטאָקער פון אַרגענטינע, האָבן זיך געפונען אין ישראל, און בײַ דעם קבלת פּנים, וואָס דער „ארגון יוצאי־סטוק" האָט געמאַכט

# אַרגענטינער „ועד־הספר" אויף אַ צוזאַמענקונפט



פון רעכטס צו לינקס שטייענדיק: יואל לאַנדע, בעריש נאָוועגשטערן, שמחה לאַנדע, רעדאַקטאָר יעקב צודיקער, צאַלקע קאָרצאַזש, אַברהם יאַנקל און אסתר שוואַרצפאַרב און ישראל קיאַק.

זיצנדיק פון רעכטס: חיים א. און גאָלדע ב. צוקער, רחל ש. מאַלישעוויטש, העלענאַ קאָרצאַזש און ד. סטאָלאָוויטש

פאַר די אַרגענטינער לאַנדסלײַט האָט אונדזער סעקרעטאַר שמחה לאַנדע — איינער פון דער גרױ־פּע „עולי־רגל" — גערעדט וועגן דעם, אַז אויב עס וואָלט געווען אַ מעגלעכקייט אַרויסצוגעבן דעם סטאָקער יזכור־בוך אין ישראל, וואָלטן די אַרגענ־טינער לאַנדסלײַט מיטגעהאָלפן מיט אַלצדינג, אָ־בער ער זעט נישט פאָר די דאָזיקע מעגלעכקייט און דערפאַר האַלט ער, אַז דאָס דאַרף איבערגעגעבן ווערן צו רעאַליזירן דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע, און דערבײַ איבערגעגעבן צוויי הונדערט לירות אַלס סימבאָלישער אָנהייב, וועלכער איז נאָכגעטאָן געוואָרן דורך חיים א. און גאָלדע צוקער, און אַזוי איז אײַנשטימיק באַשלאָסן גע־וואָרן דורך אַלע אָנוועזנדיקע אויף יענעם קבלת־פנים, וועלכער איז פאָרגעקומען שבת יט׳ ניסן תש"ל (25.4.70) אין הויז פון יוסף ראָזענבוים (אויף עליה 4 אין תל־אביב). נאָכן אָפּפאָר פון ישראל, האָט חבר שמחה לאַנדע באַזוכט נאָרד־אַמעריקע און קאַנאַדע וווּהין ער האָט מיטגעבראַכט די אידייע פון אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך נאָך קדושי סטאָק און אומגעגנט. אויף די קבלת־פנים צוזאַ־מענטרעפן, סײַ אין ניו יאָרק (ברוקלין) און סײַ אין מאָנטרעאַל (קאַנאַדע) מיט די סטאָקער לאַנדסלײַט, איז געלונגען אָפּצווווישן און מאַכן פאַרשווינדן דעם סקעפּטיציזם און ספיקות, וועלכע האָבן זיך אַקו־מולירט אין די מוחות און רעיונות בײַ אַלעמען.

אומקערנדיק פון זײַן באַזוך, האָט דער חבר שמחה לאַנדע תיכף פאַררופן אַ צוזאַמענטרעף פון די סטאָקער לאַנדסלײַט, שטעלנדיק זײַן הויז אויף מוניעקאַס 772 אין בוענאָס אײַרעס, צום רשות פון צענטראַלן ועד־הספר אַרויסצוגעבן דעם סטאָקער יזכור־בוך.

דערמיט האָט זיך פאַקטיש אָנגעהויבן די אַר־בעט אַרום דער —אויף זיך גענומענער— הייליקער מיסיע און די גאַנצע גרופּע אַקטיווע לאַנדסלײַט, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין דעם יזכור־בוך־קאָמי־טעט געבנדיק אים אַ נאָמען אין עברית, וואָס קלינגט אַנדערש, און טאַקע אָט די אַנדערשקייט, האָט דערפירט, אַז דער געשאַפענער ועד־הספר זאָל ווערן דער באַשאַפער פון פנקס סטאָק".

אויף איינער פון די צוזאַמענקונפטן איז געשאַפן געוואָרן דער ועד־הספר לויט פאָלגנדיקן צוזאַמענשטעל: סעקרעטאַר: שמחה לאַנדע; קאָ־סעקרעטאַר: יואל לאַנדע; קאַסיר: חיים א. צוקער; ועד־הספר חברים: גאָלדע בורשטיין־צוקער, צאַלקע קאַרצאַרזש, רחל שוואַרצבערג־מאַלישעוויטש, ישראל קיאַק, בעריש נאָוועשטערן, אברהם יענקל שוואַרצפאַרב, דוד סטאָלאָוויטש און פייגע זשעלעניעץ־רייטער. די לעצטע, הגם זי וווינט אין קרית־גת (ישראל), האָבן מיר צוקאָאָפּטירט, אַלס חברה פון ועד־הספר, נעמענדיק דערבײַ אין אַכט, איר אויסערגעוויינלעכע פאַראינטערעסירונג, ס׳זאָל אַרויסגעגעבן ווערן אַ סטאָקער יזכור־בוך, און גאָר באַזונדער, אַ״ס אויסדרוק פון אָנערקענונג, צוליבן שטייגן בראש, בײַ דער דורכפירונג פון דער עקסהומאַציע אין שטעטל.

נאָכן איבערנעמען די אחריותדיקע און הייליקע אַרבעט, פון אַרויסגעבן דעם סטאָקער יזכור־בוך, האָבן מיר אַרויסגעלאָזט אַ קול־קורא צירקולאַר, באַגלייט פון אַ ספּעציעלן „יזכור בויגן" וועלכער איז פאַנאַנדערגעשיקט און צעטיילט געוואָרן, צווישן אַלע אָפּשטאַמיקע פון אונדזער שטעטלע סטאָק.

נעמענדיק אין אַכט, אַז הגם דער יזכור־בוך נאָך קדושי־סטאָק, ווערט אַרויסגעגעבן אין אַרגענטינע איז ער דער קנין און בנין, נישט בלויז פון דער דאָרטיקער לאַנדסמאַנשאַפט, נאָר פון אַלע סטאָקער איבער דער גאַנצער וועלט און ספּעציעל פון ארגון יוצאי־סטוק" אין ישראל, איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אַ צענטראַלער „ועד הספר", אין פולן הסכם סײַ מיטן „ארגון" אין ישראל, און סײַ מיט דער סטאָקער „סאָסיעטי," אין נאָרד־אַמעריקע, ווי אויך מיט דער סטאָקער קאָלאָניע אין קאַנאַדע, אויף פאָלגנדיקן אופן לויטן אלף־בית:

1) בורשטיין־צוקער חנה גאָלדע (אַרגענטינע); 2) גאַלאַנט משה (ישראל); 3) ורדי חסיה (ישראל); 4) זשעלעניעץ־רייטער פייגע (ישראל); 5) זשעלעניעץ שמואל לייב (נאָרד אַמעריקע); 6) זיסק אהרן (נאָרד אַמעריקע); 7) לאַנגלייב שמחה (ישראל); 8) לאַנדע שמחה (אַרגענטינע); 9) לאַנדע יואל (אַרגענטינע); 10) נאָוועשטערן בעריש (אַרגענטינע); 11) נאָוועשטערן יחיאל (ישראל); 12) כטאָלאָוויטש דוד (אַרגענטינע); 13) פאָסעסאָרסקי־עלמאַן עטל (נאָרד־אַמעריקע); 14) פריימאַן שלמה דוד (ישראל); 15) פריד־פאָסעסאָרסקי אסתר (אויסטראַליע); 16) פײַערטאַג אהרן (ישראל); 17) צוקער חיים אײַזיק (אַרגענטינע); 18) קיטשקאָווסקי־קופּל חיה (ישראל); 19) קאַרצאַרזש בצלאל (אַרגענטינע); 20) קיאַק ישראל (אַרגענטינע); 21) ראָזענבערג יצחק יענקל (קאַנאַדע); 22) שוואַרצבערג־מאַלישעוויטש רחל (אַרגענטינע); 23) שוואַרצפאַרב אברהם יענקל (אַרגענטינע); 24) שוואַרצפאַרב שמשון (ישראל).

אויף אַ פּלענאַרער זיצונג, פון ועד־הספר, צוזאַמען מיט דער גרופּע סטאָקער־אַקטיוויסטן, איז באַשלאָסן געוואָרן אײַנצולאַדן דעם באַקאַנטן זשורנאַליסט און שרײַבער, דעם כמעט לאַנדסמאַן, יעקב צודיקער אַלס רעדאַקטאָר פונעם סטאָקער יזכור־בוך, וועלכער האָט אָנגענומען די אײַנלאַדונג און תיכף צוגעטראָטן צו אונדזער אַלעמענס מלאכת הקודש.

ס׳איז דעמאָלט אויך געשאַפן געוואָרן אַ רעדאַקציע־קאָמיסיע פון פאָלגנדע ועד־הספר חברים: 1) בורשטיין־צוקער גאָלדע (אַרגענטינע); 2) זיסק אהרן (נאָרד אַמעריקע); 3) לאַנדע שמחה (אַרגענטינע); 4) לאַנדע יואל (אַרגענטינע); 5) נאָוועשטערן יחיאל (ישראל); 6) פרײַמאַן שלמה דוד (ישראל); און 7) ראָזענבערג יצחק יענקל (קאַנאַדע). ס׳איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ רעדאַקציע־סעקרעטאַריאַט, פון די ועד־הספר חברים: שמחה לאַנדע אַלס סעקרעטאַר און יואל לאַנדע אַלס קאָ־סעקרעטאַר, און אויך צו פאַרוואַלטן מיט די פינאַנצן, דער ועד־הספר חבר חיים א. צוקער אַלס קאַסיר.

מיט צופרידנקייט, שטעלן מיר פעסט, אַז טראָץ דער לאַנגזאַמקייט און דויער פון אָנקניפּן די פאַרבינדונגס־קאָנטאַקטן, האָבן מיר באַוויזן — ווי מען זאָגט — אײַנברעכן דאָס אײַז, און האָבן באַווירקט יחידים, צו ווידמענען זיך מיט ענערגיע, בכדי העלפן אונדז, אין אונדזער אַלעמענס געמיינזאַמער אויפגאַבע. מיר האָבן באַקומען די פולע מיטהילף פון ישראל, דורך דעם חבר שלמה דוד פריימאַן, זײַנע אָפטע בריוולעכע פאַרבינדונגען מיטן רעדאַקציע־סעקרעטאַריאַט, זענען כסדר אויסגעפילט געוואָרן מיט אינטערעס און זאָרג. מיט אָנווײַזונגען אין אויך טאַקע מיט ממשותדיקער מיטהילף, אין דער אַזוי אָנגעשטרענגטער אַרבעט. דאָס זעלבע ווילן מיר אויסטיילן, די גאָר אָפטע בריוו פון דער חברה פונעם צענטראַלן „ועד הספר", פייגע זשעלעניעץ־רייטער, וואָס זענען אַן אויסדרוק, פון זאָרג

און צאַפּלדיקער אומרו, פאַר דער דערשײַנונג פונעם יזכור־בוך. בײַ דער געלעגנהײַט דערמאָנען מיר מיט צופרידנקייט די פינאַנציעלע מיטהילף פון אונדזערע לאַנדסלײַט אין נאָרד אַמעריקע און זייערע צוגעשיקטע מאַטעריאַלן פאַרן יזכור־בוך, דאָס זעלבע קאָנסטאַטירן מיר, וועגן דער סטאָקער גרופּע אין מאָנטרעאַל (קאַנאַדע) פון וועמענס מיט עס איז אַ מיטגליד אין דעם „צענטראַלן ועד־הספר” און „רעדאַקציע־קאָמיטעט”, דער חבר י. ראָזענבערג. דאָס אַלץ, האָט אין אַ גרויסער מאָס פאַרלײַכטערט, מיטגעווירקט און דערמעגלעכט צו קענען רעאַליזירן אונדזער אַלעמענס בשותפותדיקע אויפגאַבע.

דער „צענטראַלער ועד הספר”, בײַם צוטרעטן צו דער אחריותדיקער אַרבעט, האָט זיך געשטעלט אַלס ציל, אַז דער סטאָקער יזכור־בוך, זאָל אַרויסגעגעבן ווערן פון 250 ביז 300 זײַטן, און איצט, ווען מיר האַלטן שוין בײַם ערב סיום־הספר, שטעלן מיר פעסט, — צום לויב פון אַלע בני־עיר, אַז די צאָל זײַטן וועלן פאַרטאָפּלט ווערן. ווען מ׳האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טאָג־אָרדענונג ווי אַזוי אַ נאָמען געבן דעם סטאָקער יזכור־בוך, זענען געמאַכט געוואָרן צוויי פאָרשלאָגן. איינער פון חבר שלמה־דוד פריימאַן, „ספר יזכור סטאָק און אומגעגנט, בײַ ווענגראָוו” און דער צווייטער פון חבר שמחה לאַנדע: „פּנקס סטאָק” (בײַ ווענגראָוו) מיט אַן אונטערקעפּל מצבת נצח. נאָך אַן אַלזײַטיקן מיינונגס אויסטויש מצד דעם צענטראַלן ועד־הספר אין פלענום מיט דער גוטהייסונג פון רעדאַקטאָר יעקב צודיקער, איז אײַנשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אָנצונעמען דעם פאָרשלאַג פון שמחה לאַנדע, אַזוי אַרום וועט דער יזכור־בוך הייסן: „פּנקס־סטאָק” (בײַ ווענגראָוו) מיט אַן אונטערקעפּל „מצבת־נצח”.

מיטן אַוואַנסירן פון דער גרויסער צאָל אַרײַנגעקומענע אַרבעטן פאַרן פּנקס, האָט מען זיך גענובען צוגרייטן די מאַטעריאַלן, וועלכע דאַרפן אַרײַן בײַם אָנהייב. אַ חוץ דעם פאָרוואָרט פון רעדאַקטאָר, האָבן מיר באַאויפטראַגט, דעם קאָ־סעקרעטאַר פון רעדאַקציע־קאָמיטעט, חבר יואל לאַנדע, ער זאָל אָנשרײַבן דעם אַרײַנפיר אין נאָמען פון צענטראַלן ועד־הספר, אונטערגעשריבן נישט פונעם מחבר, נאָר דער אַרײַנפיר טראָגט דעם נאָמען פון ועד־הספר, אַלס גאַנצער. אַזוי ווי ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ תוכיקן ענין, ווי ס׳איז דער אַרײַנפיר צום פּנקס סטאָק, האָט מען איבערגעשיקט קאָפּיעס צו אַלע חברים פון צענטראַלן ועד־הספר, בכדי אויסצוהערן יעדנס מיינונג, וועגן געמאַכטן אַרײַנפיר. נאָכן באַקומען די ענטפערס, פון וועלכע אייניקע ועד־הספר חברים האָבן צוגעשיקט געוויסע באַמערקונגען, האָט דער פלענום פון צענטראַלן ועד הספר, אויף אַן עקסטרע זיצונג, געמאַכט אַן אַלזײַטיקן אַנאַליז, דעבאַטירנדיק נאָך אַמאָל דעם „אַרײַנפיר”, און מאַכנדיק דערבײַ אַ קליינע ענדערונג איז אײַנשטימיק באַשלאָסן געוואָרן אים אַרײַנגעבן אין דעם „פּנקס ־ סטאָק”. דער „אַרײַנפיר” טראָגט די חתימה פון ועד הספר, אַלס אַזעלכער, און ס׳ווערט אויסגעדריקט אַלעמענס אָנערקענונג דעם מחבר פון זעלבן — חבר יואל לאַנדע, פאַר זײַן געלונגענעם תוכן און תמציתדיקן פאָרעם.

מיר האָבן מיט אַ כיוון ברייטער זיך אָפּגעשטעלט אַרום דעם „אַרײַנפיר”, בכדי קלאָר מאַכן דעם „דעת־הקהל” (אַלע סטאָקער בני־עיר, באשר הם שם), אַז דער רעדאַקציע־סעקרעטאַריאַט צוזאַמען מיטן רעדאַקטאָר, די פּאַקטישע „שולדיקע” אין דער גוואַלדיק אָנגעשטרענגטער אַרבעט, האָבן זייער־אונדזער אַלעמענס מלאכת־הקודש, געטאָן מיט דער פולשטענדיקער אחריות, שטעלנדיק זיך העכער פון אַלע מענטשלעכע און פּערזענלעכע שוואַכקייטן. אַלע צוגעשיקטע אַרבעטן, זענען באַאַרבעט געוואָרן און זענען אַרײַן אינעם פּנקס, נישט מאַכנדיק קיינע אויסנאַמען. מיר האָבן נישט געקאַרגט קיין געלט אין פּרט פון בילדער, טראָץ דעם וואָס עס האָט געקאָסט אַ סך געלט דאָס מאַכן די קלישעס.

מיט גרויס צופרידנקייט באַטאָנען מיר, אַז די מערהייט קינדער פון די סטאָקער לאַנדסלײַט, האָבן אַרויסגעוויזן פּיעטעט, באַציִונג און אינטערעס צום „פּנקס־סטאָק”, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק דורך אַרײַנטראָגן זייערע בײַשטײַערונגען. דאָס דערמאָנטע, האָט אַרײַנגעבראַכט אַ ביסל מוט און גלויבן אין המשכדיקייט פון סטאָקער גזע. הלוואַי, ס׳זאָל אַזוי זײַן.

אין שייכות דערמיט, איז כדאי צו ברענגען אַן עפּיזאָד בעת אַ פלענום־זיצונג פון צענטראַלן ועד־הספר, פון דעם 22טן אָקטאָבער 1971, ווען צו אונדזער אַלעמענס פריידיקער איבערראַשונג, זענען געקומען פּנחס־חייקל לאַנדע אין באַגלייטונג פון זײַן כלה אסתר ביאַלאָגורסקי, איבערגעבנדיק אַ בײַשטײַערונג פון פופציק טויזנט (אַלטע) פּעזעס,

**פאַרן סטאָקער יזכור־בוך, צו זייערע תנאים, בײַ־ לייגנדיק אַ בריוול, וועמענס אינהאַלט מיר האַלטן פאַר נויטיק איבערצוגעבן:** „וויסנדיק און נעמענ־



לינקס: חנהטשע (רויזעס) בלומענקראַנץ; פון רעכטס: די 3 שוועסטער: פייגע, בינעלע און פערל לאַנדע



ישעיה׳קע לאַנדע

דיק אין אַכט אײַער אַקטיוויטעט, און וויסנדיק אויך אַז אונדזערע עלטערן —חנה און יואל— זענען זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער אַרבעט אַרום דעם אַרויסגעבן דעם „סטאָקער יזכור־בוך”, ווילן מיר, זייערע קינדער פּנחס־חייקל און מאָטל הענעך, אין אויסדרוק פון אָנערקענונג און ליבשאַפט צו זיי, מיטהעלפן און מיטשטײַערן צום דערמעגלעכן דאָס דערפילן אײַער אַזוי וויכטיקע און הייליקע אַרבעט. אויסנוצנדיק דעם צוזאַמענהאַנג, מיט מײַנע תנאַ־אים־שרײַבן, וואָס איז זייער אַ וויכטיקער יום־טובדיקער אַקט אין מײַן לעבן, (אויך דאָס צוקונפ־טיקע מאַכן עליה קיין ישראל, פון מײַן ברודער מאָטל־הענעך), שפּענדן מיר פאַר דעם צוועק, פופ־ציק טויזנט פּעזעס (אַלטע), וואָס איז דער באַטרעף פון איין דרוק־בויגן פון „יזכור־בוך”. די שפּענדונג ווידמען מיר, דעם אָנדענק פון אונדזערע יונג־פאַרשניטענע פעטערס און מומעס: חיים אהרן,



חיים־אהרן לאַנדע

ע׳ייקע (ישעיהו), פייגע, פערל, בינע און מירעלע, אונדזערע עלטערנס אומגעקומענע ברידער, שוועס־טער. זאָל אײַער דערהויבענע און הייליקע אַרבעט זײַן געבענטשט! (—) פּנחס חייקל און מאָטל הענעך לאַנדע”.

**מיטן פאַרצייכענען אָט דעם זייער כאַראַקטע־ריסטישן עפּיזאָד, זענען מיר אויסן, אַז ווען אונד־זער לאַנגיאָריקער טרוים און חלום ווערט פאַר־וואַנדלט אין אַווירקלעכער רעאַליטעט, זאָל דער פּנקס ־ סטאָק, אַרײַנברענגען בײַ אונדזערע בני־עיר, אומעטום ווו ס׳געפינען זיך סטאָקער, אַ התּ־עוררות־הנפש, אַרײַנאָטעמענדיק דעם לאַנדסמאַנ־שאַפטלעכן אומרו, בכדי ווײַטער שפּינען דעם גאָל־דענעם פאָדעם, פון נצח־ישראלדיקן קיום, און טוען אַלצדינג ממשיך צו זײַן דורך אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, לעולם ועד.**

דער צענטראַלער ועד־הספר, האָט אויך געזאָרגט פאַרן עסטעטישן אויסזען פון פנקס. דער שערבלאַט, געצייכנט דורך אונדזער כמו־בן־עיר אהרן זילבערשטיין, דריקט אויס דעם מהות, סײַ פון אַ יזכור־בוך און סײַ פון אַ פנקס, צו וועלכן מיר האָבן פּאַקטיש געצילט, גלויבנדיק, אַז מיר האָבן אונדזער אַלעמענס ציל און חוב דערגרייכט און דערפילט. צום סוף האַלט דער ועד־הספר פאַר זײַן פליכט אָפּצומערקן און אונטערשטרײַכן, אַז דער בײַם פאַרענדיקן, מיט אונדזער מיסיע און מאַכן דאָס אַלס צענטראַלער ועד־הספר פון „פנקס סטאָק" מאַכן מיר באַקאַנט דעם גאַנצן ציבור סטאָקער בני־עיר, איבער דער וועלט, אַז אונדזער גאַנצער אַקטיוו און פּאַסיוו, צוזאַמען מיטן גאַנצן אַרכיוו, גייט איבער אין רשות פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע, וועלכע וועט אָפּגעבן אַ גענויעם דין־וחשבון פון די הכנסות און הוצאות, צושיקנדיק צו אַלע סטאָקער אַן אָפּגעדרוקטן באַלאַנס.

## מסיבה לכבוד דעם רעדאַקציע־סעקרעטאַר שמחה לאַנדע צו זײַן ווערן אַ „בן־שישים"



שטייען פון רעכטס: אסתר שוואַרצפאַרב מיטן אייניקל, יואל לאַנדע, חיים א. צוקער, צאַלקע און העלענאַ קאַרצאַזש, אַברהם שוואַרצפאַרב; זיצן פון רעכטס: בעריש נאָווענשטערן, גאָלדע בורשטיין־צוקער, ישראל קיאַק, שמחה לאַנדע, רעדאַקטאָר יעקב צודיקער, רחל שוואַרצפאַרב־מאַלישעוויטש און דוד סטאָלאָוויטש.

„פנקס סטאָק", וועלכער דערשײַנט אין בערך זעקס הונדערט ז"ז, גרויסער פאָרמאַט אויף אילוסטרירט פּאַפּיר, פאַרזען מיט עטלעכע הונדערט בילדער, גוט און שיין אײַנגעבונדן, האָט „אײַנגעשלונגען" און וועט אָפּקאָסטן אַן אוצר מיט געלט, באַזונדערס צוליב דער כסדרדיקער אינפלאַציע פון דער אַרגענטינער מטבע, אויסדריקנדיק דערבײַ די טיפסטע אָנערקענונג אַלעמען, וואָס האָבן צוגעטראָגן זייער סטאָקער חלק צום מאָנומענטאַלן „פנקס־סטאָק".

## יער קדושי סטוק וסביבותיה

אין גאַנג פון דער אַרבעט, אַרום דעם יזכור־בוך, איז אויף איינער פון די זיצונגען געבראַכט געוואָרן די עפּנטלעכע ווענדונג פון די ברידער לאַנדע, וועגן פלאַנצן אַ וואַלד — אַ יער קדושי סטאָק, אין די וועלדער פון קרן קימת לישראל. די ווענדונג איז געמאַכט געוואָרן ווי אַן איניציאַטיווע, אַלס אויסדרוק פון טיפער פאַרערונג פאַר אַלע קרבנות־קדושים, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט

אין אונדזערע סטאָקער הײמען, האָבן געבילדעט די סטאָקער קהילה. די װענדונג — װי אַזעלכע — איז באַהאַנדלט געװאָרן אויף אַ פּלענאַרער זיצונג פון צענטראַלן ועד־הספר, אויסדריקנדיק אָנערקענונג די איניציאַטאָרן, האָט באַשלאָסן צו שטיצן אַן אַקציע פאַרן „יער קדושי־סטאָק" און אַזוי אַרום פאַרפילפאַכן און פאַרװאָרצלען דעם „יזכור־געדאַנק", און פאַרפולקאָמען דעם מצבה־געשטעל דורך „ספר" און „ביימער־װוּקס". װילן מיר דאָ אונטערשטרײַכן, אַז אַ דאַנק דער עקשנות פון אָט די צװײ איניציאַטאָרן, איז שוין דאָ אַ ממשותדיקער אָנהויב און ס׳זענען שוין געפלאַנצט געװאָרן אין דעם „יער קדושי סטאָק" 2.000 ביימער, און אַ פאָטאָקאָפּיע פון דעם ערשטן דיפּלאָם, געשיקט פון דער קרן קימת־צענטראַלע אין ישראל, געפינט זיך טאַקע אויף איינעם פון די עמודים אין דעם „פנקס סטאָק".

גלײַכצײַטיק װילן מיר אָפּמערקן, די פײַערלעכע מסיבה, װאָס איז פאָרגעקומען פרײַטיק דעם 15טן יוני 1973, ספּעציעל געװידמעט דעם זעכציקסטן געבורטסטאָג, פון חבר שמחה לאַנדע, אויף װעלכער עס איז אַרויסגעבראַכט געװאָרן די װיכטיקייט פון זײַן אַקטיװיטעט און דאַנקבאַרקייט, פאַר זײַן איבערגעגעבענער אַרבעט, לטובת אונדזער לאַנדסמאַנשאַפטלעכער טעטיקייט.

בײַ דער געלעגנהײַט איז געפלאַנצט געװאָרן 500 ביימער, אין „יער קדושי־סטאָק", אַלס אָנהייב פון אַ „חורשה" אויף זײַן נאָמען, אַלס צייכן, פון די סימפּאַטיע־געפילן, װאָס אַלע סטאָקער פון אומעטום װײַזן אים אַרויס, אונטערשטרײַכנדיק מיט גרויס צופרידנקייט זײַן אומבאַגרענעצטע אַרבעט לטובת דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, אָנהייבנדיק פון זײַן פריסטער יוגנט אין „השומר הצעיר" און אין „החלוץ", אין דער אַלטער הײם, אָנגײענדיק מיט זײַן יוגנטלעכן אימפּעט און ענטוזיאַזם, אַלס אומדערמידלעכער עסקן, למען הקרן הקימת לישראל, אין אַרגענטינע, װעלכע איז געקומען צום אויסדרוק אין דער „אגרת תמורתה קודש לגאולת הארץ" צוגעשיקט פון לאַנד דירעקטאָריום פון קרן קימת לישראל, מיט דער דאַטע פון 29טן מײַ 1973, צום 60סטן יום־הולדת, פון שמחה לאַנדע.

מיר האַלטן פאַר נויטיק, צו פאַרצייכענען אַ כאַראַקטעריסטישן עפּיזאָד װאָס איז אין איינקלאַנג מיט דער איניציאַטיװ פון פלאַנצן אַ „יער קדושי־סטאָק וסביבותיה". אויף דער מסיבה־פרידה (געזעגענונגס־צונויפקום), אײַנגעאָרדנט דורכן „ארגון יוצאי סטוק בישראל", װאָס איז פאָרגעקומען דינסטיק דעם 12טן מײַ 1970, אין תל אביב, פאַר די סטאָקער „עולי־רגל". דער פאַקטישער אָנהייב פון אונדזער אַלעמענס הײליקן חוב און חלום, װעלכער װערט געסילוקט און פאַרװירקלעכט, מיטן בקרובדיקן דערשײַנען פון „פנקס סטאָק" (בײַ װענגראָװ) איז דאַן באַהאַנדלט געװאָרן אַן אַרײַנגעקומענער בריװ פון „המגבית המאוחדת בישראל" צענט׳ פון קרן קימת לישראל) אין ישראל װעגן פלאַנצן אַ חורשה אויפן נאָמען פון דער סטאָקער קהילה אין „יער הקדושים" לזכר קדושיה, שניספו בשואה. דער בריװ פון דער קרן קימת צענטראַלע, איז זייער גוט אויפגענומען געװאָרן מצד אַלע בני־עיר, און דער חבר שמחה לאַנדע האָט ספּאָנטאַן געמאַכט אַ התחלה, מיטן אײַנצאָלן תיכף פופציק לירות (א״י) פאַר דער חורשה אידיי באַטאָנענדיק דערבײַ, אַזוי װי מיר נעמען זיך צו דער הייליקער אַרבעט פון אַרויסגעבן דעם סטאָקער יזכור־בוך, זאָל אין פרינציפּ באַשלאָסן װערן צו פאַרװירקלעכן די אויבנדערמאָנטע אידיי און אָנשטאָט אַ חורשה פלאַנצן אַ „יער קדושי סטאָק", אָבער דאָס רעאַליזירן זאָל מען אָפּלייגן, נאָכן דערשײַנען פון סטאָקער יזכור ספר, און מיט אַלעמענס גוטהייסונג — אויף יענער מסיבת־פרידה — איז באַשלאָסן געװאָרן אָפּצולייגן די „חורשה־אידיי", ביז נאָכן דערשײַנען פון סטאָקער יזכור־בוך.

אָבער עס איז דערבײַ נויטיק אַ סך מאָל אונטערצושטרײַכן, אַז מיט דעם פאַרענדיקן דעם יזכור בוך און מיט דעם פלאַנצן דעם „יער קדושי סטאָק", האַלטן מיר כלל נישט פאַר פאַרענדיקט אונדזער אַרבעט. נאָר מיר באַטראַכטן, אָט די בײדע זאַכן װי אַ װיכטיקן עטאַפּ אין אונדזער װײַטערדיקער און כסדרדיקער אַרבעט, װאָס באַשטײט אין אויפהאַלטן דעם אײביקן ייִדישן גײַסט — דעם גײַסט, װאָס האָט אָנגעהאַלטן אין אונדזער פאַרניכטעטן סטאָק פונקט װי אין אַלע אַנדערע אַמאָליקע ייִדישע הײמ־שטעט — בײַ אונדזערע קינדער און בײַ אונדזער יוגנט, װאָס האָט קיין מאָל נישט געקענט דאָס אַמאָליקע שטעטל סטאָק, אָבער װאָס דאַרף זײַן באַקענט מיט דעם ייִדישן גײַסט, װאָס עס האָט דאָרטן אָנגעהאַלטן און װאָס װעט זיכער װײַטער אָנגעהאַלטן װערן אין דער גאַנצער ייִדישער

וועלט, כאָטש דער דאָזיקער ייִדישער גײַסט וועט מעגלעך מיט דער צײַט אָננעמען פאַרשידענע אַנדערע פאָרמען. און פונקט ווי אונדזער ייִדיש לעבן, האָט מעגלעך געהאַט אַנדערע פאָרמען, ווי דאָס לעבן פון אונדזערע עלטערן — האָבן מיר אָבער דאָך ווײַטער אָנגעהאַלטן — אויף אונדזער שטייגער דאָס ייִדישע לעבן, אַזוי ווילן מיר אויך, אַז דאָס זאָל נאָכגעטאָן ווערן דורך אונדזערע קינדער און קינדס קינדער, אויף אַלע ייִדישע אייביקייטן.

זאָל דאָ ווי אומעטום, אָנהאַלטן די אַלטע און אייביקע ייִדישע לעגענדע, וועגן דעם פײַער וואָס ברענט און ווערט קיין מאָל נישט פאַרברענט; אַזוי זאָל אויך דער אייביקער ייִדישער פײַער וואָס מיר האָבן אַרויסגעטראָגן פון דעם אַמאָליקן סטאָק, אויך ווײַטער אָנהאַלטן און וואַרעמען און באַלײַכטן אַלע ווײַטערדיקע ייִדישע דורות, וואָס האָבן אַ גענאַלאָגישע אָפּשטאַמונג פון סטאָק, ווײַל „סטאָק שרײַט אַרויס פון אונדזער בלוט״!?

און דערמיט האַלטן מיר דאָס פאַרענדיקן אונדזער פנקס — און אויך די אַרבעט אונדזערע אַרום „יער קדושי סטאָק״, נישט פאַר קיין פאַרענדיקונג, נאָר פאַר אַ ווײַטערדיקער פאָרזעצונג אויף דעם אייביקן ייִדישן וועג; אויף דעם וועג אויף וועלכן עס האָבן געטראָטן און לײדער אומגעקומען, אָבער נישט פאַרגעסן געוואָרן — אונדזערע קדושים פון סטאָק.



פייגע זשעלעניעץ - רײַטער / ישראל

# דער ערשטער יזכור־אַקט נאָך די סטאָקער קדושים

(אָדער צוריק אין פוילן — נאָר נישט אין סטאָק)

איך ווייס נישט ווער פון אונדז, סטאָקער, זענען געווען די ערשטע וואָס זענען צוריקגעקומען קיין פוילן, אָדער אין דעם טייל וואָס עס האָט געהייסן נידער־שלעזיע. איך ווייס בלויז, אַז איך בין געקומען אין חודש מערץ פון 1946 קיין ביעלאָווע, וואָס איז פאַר מיר געווען ביז דאַן אַן אומבאַקאַנטער פונקט אויף דער לאַנד־קאַרטע. דער וועג ביז אַהין איז געווען אַ שווערער און אויסמאַטערנדיקער, אָבער נישט געקוקט אויף דעם גאַנץ שווערן וועג, האָב איך באַלד אין די ערשטע מאָמענטן גענומען לויפן און זוכן ווי אַ וואַנזיניקע, איבער די פאַרשידענע פונקטן, אין די קאָמיטעטן און אויף פאַרזאַמלונגען, צו זוכן, זיך נאָכפרעגן און נאָכקוקן און אָפט מאָל פאַרטשעפּען יעדן דורכגייער און זיי פרעגן פון וואַנען זיי קומען — און אפשר זענען זיי אין זייערע וואַנדער־וועגן געפאָרן, אָדער זיך געטראָפן מיט סטאָקער. איך האָב געזוכט סטאָקער, אָדער זייערע שפורן, אָבער אָן דערפאָלג.

איך האָב בײַ מיר געהאַט באַשלאָסן, אַז גלײַך ווי איך וועל פאַרדינען און באַקומען דעם לוין פאַר דעם ערשטן חודש, וועל איך גלײַך פאָרן קיין סטאָק, ווײַל אפשר זענען אייניקע גלײַך געפאָרן פון רוסלאַנד קיין סטאָק. און אין אַזאַ פאַרלעגנהייט און פאַרקלעמטקייט, האָבן זיך געצויגן די טעג ווי וואָכן — און די וואָכן ווי די יאָרן און ביעלאָווע איז פאַרפולט געוואָרן מיט יידן געקומענע פון רוסלאַנד — אָבער נישט קיין סטאָקער.

אָבער אין איינעם אַ טאָג, ווען איך האָב נישט געקאָנט גיין צו דער אַרבעט, האָט זיך בײַ מיר געעפנט די טיר — און צו מײַן גרויסער און אָנגענעמער איבערראַשונג, איז אַרײַנגעקומען ירחמיאל נאָווענשטערן. ביז הײַנט צו טאָג געדענק איך נישט (און דער דאָזיקער פאַל האָט מיך אין יענעם מאָמענט נישט אינטערעסירט), ווי אַזוי ער איז געקומען צו מיר, צי דורך שואלקע גאָלדשטיין ע״ה, וואָס האָט געוווינט אין דזערזשאַנאָוו, — אַ שוועסטער־שטאָט פון ביעלאָווע, צי האָט ער זיך שוין געהאַט געטראָפן מיט צירלען און איטשע טאָשערן



צוזאַמענטרעף פון די סטאָקער „שארית־הפליטה״ אין די „די־פּי״־לאַגערן אין דײַטשלאַנד

אין דזערזשאַנאָוו? אָבער דער פאַל האָט מיך דאַן נישט אינטערעסירט. פאַר מיר איז געווען וויכטיק אין יענעם מאָמענט, וואָס איך האָב מיך געטראָפן מיט אַ סטאָקער, וואָס עס האָט געמיינט אַ גרוס פון דער אַמאָליקער היים.

און אַזוי אַרום האָבן מיר גענומען זיך אָפּזוכן — און געפינען; און ווער עס איז גלייַך אַוועק פון פוילן און ווער עס איז דאָרטן פאַרבליבן. און עס זענען שוין געווען אַזעלכע, וואָס האָבן שוין באַוויזן צו ברענגען „גרוסן" פון סטאָק און אויך אַזעלכע וואָס האָבן געבראַכט בילדער, וואָס זיי האָבן גענומען ביי די „פוילישע שכנים" און מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזערע טעטיקייטן אַרום דעם וואָס האָט אונדז אַלעמען פאַרפליכטעט.

איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן דעם שווערן עול, וואָס האָט זיך אויף מיר אַרויפגעלייגט, ביים דערנענטערן זיך פון ערשטן יזכור־צוזאַמענקום אין וואַלבזשיך, ווו עס האָבן זיך אויך געפונען אַ גרויסער טייל סטאָקער שארית הפליטה. און מיר האָט דער גורל באַשטימט, אַז איך דאַרף זיין די דורכפירערן פון אַזאַ גרויסער אויפגאַבע, צו וועלכער מען דאַרף זיין באַגאַבט מיט אַ סך וויסן און מיט פערזענלעכן איינפלוס — און איך בין פון דעם אַלעמען געווען גאַנץ ווייט. דעריבער וועט איר, סטאָקער אָפּשטאַמיקע, וואָס געפינען זיך איבער דער גאַנצער וועלט פאַרשטיין מיין, אָדער אונדזער לאַגע. איך האָב מיך דאַן געווענדעט צו חיים גאַרניג ע"ה פון יאַדעווע. ער האָט דאַן געווינט אין וואַלבזשיך, אַז ער זאָל אונדז ראַטעווען און רעדן אויף דעם יזכור־אַקט — ווייל אַלע יזכור אַקטן זענען געווען כמעט די זעלביקע און אויך די טעמעס זענען געווען די זעלביקע.

און ווען מען איז צוגעטראָטן צום דערעפענען דעם יזכור־אַקט — געדענק איך, ווי עס וואָלט ערשט איצט געווען, ווי עס האָבן זיך אין מיר איינגעשלאָסן די אויגן פון די זיצנדיקע סטאָקער און עס האָבן זיך גענומען גיסן טרערן פון זייערע אויגן און אויך פון מיינע. איך זע נאָך איצט יאָסל שניידמאַן מיט זיין פרוי, ווי זיי זענען געזעסן, ווי פון בראַנדז אויסגעגאָסן און זיך קיין ריר נישט געטאָן. ווייס איך נישט, צי דער דורכגעגאַנגענער פיין און גרויל פון אונדזערע אומגעקומענע און פאַרפייניקטע, האָבן מיך באַפליגלט, צי זייער בייגער, צו וועלן הערן פון אונדזערע קרבנות, האָט מיך אַריבערגעפירט אין די גרויל און מאָרד־פלעצער וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט, נאָר איך האָב מיך געווענדעט צו חיים גאַרינג, אַז איך וויל אויך זאָגן אַ פּאָר ווערטער. און איך וויל אַליין נישט מאַכן קיין אָפּשאַצונג פון דעם וואָס איך האָב גערעדט — ווייל איך האָב מער געוויינט ווי גערעדט — אָבער ווען איך האָב פאַרענדיקט, האָט מיר חיים גאַרינג געזאָגט, אַז איך זאָל קומען צו זייער יזכור־אַקט און אויך רעדן, כאָטש אין ערשטן מאָמענט האָב איך געמיינט, אַז ס'איז אַ שפּאַס פון זיין זייט. די שטימונג איז אָבער געווען אַ צו ערנסטע, אויף צו מאַכן שפּאַסן און איך האָב געפילט, אַז איך האָב עפּעס פאַרזייט און האָב געטאָן אַזוינס, וואָס האָט מיר אין יענעם מאָמענט איבערגעשטיגן.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט ביי מיר אָנגעהאַלטן די גאַנצע צייט, ביז מיר האָבן שפּעטער דורכגעפירט — מיט דער מיטהילף פון אונדזערע ל"ל אין נאָרד אַמעריקע (וועלכע זענען געווען די „רעכטע האַנט" אין אַלע אונדזערע איניציאַטיוועס) און מיט דער מיטהילף פון די לאַנדסלייט פון ישראל און אַרגענטינע — און אויך מיט דער מיטהילף פון די סטאָקער, וואָס זענען פאַרבליבן (אין יענער צייט) אין פוילן — און האָבן פאַר זייער אַנטלויפן זיך נישט באַוויזן צו טרעפן און זיך נישט צו געזעגענען מיט זייערע אייגענע און נאָענטע — מיט וועמען זיי האָבן זיך שוין מער קיין מאָל נישט געקאָנט טרעפן. ביז מיר האָבן דורכגעפירט פאַר זיי דעם אַקט פון אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד, וואָס איז באַשטאַנען אין דער עקסהומאַציע פון די ביינער און די באַערונגס־קבורה פון אונדזערע קדושים.

איך האָב וועגן דעם שוין געשריבן אין אַן אַנדער אַרבעט, וואָס געפינט זיך אין דעם זעלביקן פנקס, וואָס איז אויך אונדזער יזכור־ספר, אָבער דאָ וויל איך בלויז צוגעבן, אַז ביז יענער צייט האָבן מיר זיך אַלע געפילט ווי יתומים, וואָס האָבן אַלס חוב צו שטעלן אַ מצבה, אָדער אַן אַנדער אָנדענק אין זכר פון זייערע אומגעבראַכטע עלטערן. אויך מיר האָבן געהאַלטן פאַר נויטיק עפּעס צו טאָן אויף דעם דאָזיקן געביט.

דאָס ערשטע וואָס מיר האָבן געטאָן איז געווען דאָס פונאַנדערצוקלעפּן די ספּעציעל געמאַכטע „קלעפּסידרעס" (טרויער־מעלדונגען), וואָס זענען געשריבן געוואָרן דורך גיטל גאָלדפאַרב, וואָס האָט אויך איבערגעלאָזט אירע צוויי קליינע קינדער אויף אַ פּאָר טעג און דער מאַן איז נישט געגאַנגען צו

דער אַרבעט. דאָס זעלביקע האָט אויך געטאָן צירל ראָזענבוים, בײַ וועמען די לאַנדסמאַנשאַפטלעכע פליכט איז געווען גרעסער ווי זייערע מוטער־געפילן און זיי זענען בײדע געפאָרן קיין סטאָק, ווו זיי האָבן זיך געטראָפן מיט עטלעכע פוילישע אײַנוווינער, ווי דער בעקער אָפּשאַנקע און אויך מיט דעם דאָרטיקן פאָלקס־לערער, קאָשטשוקעוויטש, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז דאָס צונויפזאַמלען די קאַסטנס ביינער, איז דאָס זעלביקע ווי שטעלן אַ מצבה.

האָבן באַוויזן זיך אָפּצוראַטעווען, זענען דערשאָסן געוואָרן דורך די פוילישע מיטהעלפערס פון די נאַציס.

נאָך דעם ערשטן יזכור־אַקט, וואָס מיר האָבן דורכגעפירט, איז דער צווייטער יזכור־אַקט געווען, טאַקע די עקסהומאַציע און די ספּעציעלע אויפשריפטן וואָס מיר האָבן געמאַכט און וואָס האָט אַראָפּגערעדט צו די דאָרטיקע כוליגאַנישע פוילישע אײַנוווינער און וואָס האָבן געזאָגט: „מאָרגן וועט זײַן די לוויה פון די אויסגעגראָבענע ביינער




אזכרה נאָך „קדושי־סטאָק” בײַם צוזאַמענפאָר פון די סטאָקער לעבנסגעבליבענע אין די „די־פּי”־לאַגערן אין דײַטשלאַנד

דאָס דאָזיקע האָט אויך גערעדט וועגן דער דערנידעריקונג פון די דאָרטיקע אײַנוווינער, וועלכע זענען געווען אין גרעסטן טייל מיטשולדיק אינעם מאָרד פון אונדזערע עלטערן און ברידער און שוועסטער. די שפּעטער דורכגעפירטע עקסהומאַציע איז פאַר די דאָזיקע פאַרברעכער געווען אַ באַווײַז, אַז זיי האָבן נישט אומגעבראַכט אַלע יידן פון סטאָק כאָטש ווי איטשע טאָשער האָט שפּעטער זיך דערוווסט, אַז אַ סך פון די סטאָקער יידן, וועלכע

פון אונדזערע אומגעבראַכטע קרבנות, דורך דער היטלער־בעסטיע און אויך דורך די פוילישע מיטהעלפערס — זײַט פאַרשאָלטן אויף אײַער גאַנץ לעבן, צוליב דעם בלוט פון אונדזערע ליבע און טײַערע!”

און דאָס איבעריקע ברענגען מיר צום אויסדרוק אין אונדזער יזכור־פּנקס, וואָס דאַרף ווערן די גײַסטיקע מצבה נאָך אונדזער פאַרשניטענעם און אומגעבראַכטן סטאָק.

בצלאל קאַרצאַזש / בוענאָס-איירעס

# מיט סטאָקער לאַנדסלײַט אין ישראל

ווי איך געדענק מײַן שטעטעלע סטאָק, האָבן דאָרטן געוווינט פּשוטע און האַרציקע ייִדן, וואָס ווי שלעכט זיי האָבן דאָרטן נישט געלעבט, האָבן זיי דאָס שטעטל זייער ליב געהאַט און די דאָזיקע ליבע אַריבערגעטראָגן אין די נײַע לענדער, ווו דער גורל האָט זיי פֿאַרוואָרפֿן; אַזוי בײַ אונדז אין אַרגענטינע און אויך אין אַמעריקע — און אויך אין אונדזער אייגן לאַנד ישראל —, ווו עס געפֿינט זיך אַ גרויסע גרופּע לאַנדסלײַט פֿון סטאָק און אויך אַן „אירגון יוצאי סטוק", וואָס נעמט אויף האַרציק און פֿרײַנטלעך יעדן לאַנדסמאַן וואָס קומט פֿון אונדזער אַמאָליק ליב און קליין שטעטעלע.

מיר האָבן געלעבט שלעכט צווישן די פּאָליאַקן, וואָס האָבן אונדז געדריקט פֿון אַלע זײַטן, סײַ יעדער פּאָליאַק באַזונדער און סײַ די פּוילישע רעגירונג אַלס גאַנצע, מיט די גרויסע שטײַערן וואָס זי האָט ספּעציעל געלייגט אויף דער ייִדישער באַפֿעלקערונג און ווען די דײַטשע מערדערס האָבן אַרומגערינגלט אונדזער שטעטל ווי מיט אַן אײַזערנער קייט פֿון טויט, זענען געווען זייער אַ סך פֿון אונדזערע פּוילישע שכנים, וואָס האָבן זיי צוגעהאָלפֿן, אויף אויסצומאָרדן אונדזערע אַלטע זיידעס און באָבעס, די פֿאָטערס און מוטערס, די ברידער און שוועסטער — און די קליינע יאַנקעלעך מיט משהלעך, די שרהלעך מיט די רבֿקהלעך, וואָס האָבן אַפֿילו נישט געוווּסט, אַז זיי גייען זייער לעצטן וועג און אַז מען פֿירט זיי אין די גאַז-קאַמערן — און פֿאַרוואָס עס קומט זיי אַזאַ פֿריִער און אומברחמנותדיקער טויט.

סטאָק איז הײַנט „ייִדן-ריין", אַפֿילו די מצבֿות פֿון דעם אַלטן סטאָקער בית-עולם, האָבן די דײַטשן און זייערע פּוילישע מיטהעלפֿערס, אַרויסגענומען און דערמיט ברוקירט זייערע געסלעך; אונדזערע שטיבער האָבן זיי פֿאַרכאַפּט און אַלץ וואָס עס האָט געהאַט אַ שײַכות צו אונדזער אַמאָליקן ייִדישן סטאָק, איז שוין אויסגעמעקט געוואָרן. אָבער אונדזער ליבע צו דעם אַמאָליקן שטעטעלע האָבן זיי נישט געקאָנט אַרויסרײַסן און מער ווי אומעטום האָב איך דאָס געפֿילט, ווען איך בין געווען אין ישראל.

* * *

ווען איך בין געווען אין ישראל, האָב איך מיך געטראָפֿן מיט מײַן אַמאָליקן חבר שלמה דוד פּריימאַן, מיט וועמען איך בין געוואָרן שטאַרק נאָענט אין מײַן יוגנט, אין יאָר 1916. אין יענער צײַט, זײַנען נאָך נישט געווען קיין פּאַרטיי-אָפּטיילונגען אין סטאָק. די איינציקע געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציע פֿון דער יוגנט, איז אין יענער צײַט געווען די סטאָקער ביבליאָטעק. איך האָב דעמאָלט געוווינט אין אַ דאָרף, וואָס האָט זיך אָנגערופֿן קורצע וויעלגע, און איך פֿלעג קומען צוויי מאָל אין דער וואָך צו בײַטן אַ בוך אין דער ביבליאָטעק, ווו שלמה-דוד איז געווען דער הויפּט טוער — און שפּעטער איז ער געוואָרן דער וואָרט-זאָגער פֿון די לינקע פּועלי-ציון אין סטאָק.

אין 1926 בין איך געפֿאָרן קיין אַרגענטינע און שלמה-דוד איז געפֿאָרן אין יאָר 1936 קיין פּאַלעסטינע (ווי עס האָט דעמאָלט געהייסן דאָס הײַנטיקע ישראל) און ער איז געווען אויף דעם געביט אויסגעהאַלטן און געטרײַ זײַן אידעאַל.

איך האָב מיך געטראָפֿן מיט שלמה-דודן אין עפּולה, בײַ אים אין שטוב. און איך געדענק ווי מיר האָבן זיך אַ צײַט לאַנג געהאַלטן ביידע די הענט און מיר האָבן זיך ביידע דערמאָנט, אין די אַמאָליקע צײַטן פֿון דער יוגנט, פֿון וועלכע עס זענען שוין אַריבער מער ווי 42 יאָר; איך האָב שלמהן באַלד דערקענט. דאָס איז דער זעלביקער שלמה, מיט דעם זעלביקן שטאַרקן כאַראַקטער — כאָטש אין אַ סך זאַכן, האָט ער זיך שטאַרק געענדערט און הויפּטזאַכלעך זעט ער נישט אַזוי גוט (און טאַקע דערפֿאַר האָט ער מיך נישט דערקענט באַלד); ער וויל אָבער נישט, אַז מען זאָל פֿון אים מאַכן אַ נעבעך. אַ פֿאַקט איז, אַז ער איז דער מנהל (דירעקטאָר) פֿון דער באַנק אין עפּולה און איז דער זעלביקער מענטש ווי די וואָס זעען גוט מיט די אויגן. איך האָב אים באַוווּנדערט מיט זײַן שטענדיקן

שמייכל, מיט זײַן שטאָלץ און מיט זײַן האַלטונג. ער האָט מיר געזאָגט: צאַלקע, קום קיין ישראל! שטעל זיך נישט אָפּ פאַר קיינע שוועריקייטן. דו וועסט זיך דאָ געפינען צווישן ייִדן — און זיכער בעסער ווי אין אַמאָליקן סטאָק... איך האָב אים געמוזט צוזאָגן, אַז איך וועל קומען און אַזוי איז אָנגעהאַלטן געוואָרן אונדזער פאַרבינדונג פון צוויי סטאָקער, וואָס האָבן זיך שוין נישט געזען איבער צוויי און פערציק יאָר.

די סטאָקער לאַנדסלײַט פון תל־אביב, האָבן אײַנגעאָרדנט לכבוד מיר אַ מסיבה, כדי איך זאָל אָפּגעבן אַ גרוס פון די לאַנדסלײַט פון אַרגענטינע. עס האָבן זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט אַ סך סטאָקער, וואָס האָבן מיך פרײַנטלעך באַגריסט, כאָטש איך האָב זיי קיין מאָל נישט געקענט — און אויך זיי האָבן מיך נישט געקענט, ווײַל ווען איך בין אַוועקגעפאָרן אין יאָר 1926, זענען זיי נאָך געווען קליינע קינדער, אָדער זענען נאָך אין גאַנצן נישט געבוירן געוואָרן... עס איז אָבער געווען גענוג דאָס וואָס איך בין אַ סטאָקער, כדי זיי זאָלן זיך פילן ווי רינגען פון דער זעלביקער קייט.

ווי אַזוי זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פון די מערדערישע הענט און ווו אַלץ זיי זענען פאַרוואָרפן געוואָרן, איז זיך נישט שווער פאָרצושטעלן; אַ טייל האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער, אַנדערע זענען געווען אין די רוסישע סטעפּעס און זיי בילדן דאָס די רעשטלעך פון דער שארית הפליטה, וואָס האָבן נאָך אפשר געהאַט אַ מעגלעכקייט צו זען דאָס שטעטל סטאָק, וואָס האָט שוין מער נישט געהאַט קיין ייִדן און די ייִדישע הײַזער, צוזאַמען מיט דעם ייִדישן האָב און גוטס, האָט זיך געפונען בײַ די פּאָליאַקן און זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן מער נישט וואָס צו טאָן אויף דער פאַרשאָלטענער פוילישער ערד און די רעשטלעך פון „אנשי סטאָק" זענען געקומען קיין ישראל, צו העלפן בויען דאָס אייגענע לאַנד.

דער גרעסטער טייל פון זיי זענען געקומען, אין אַ מאָמענט, ווען ישראל איז איבערגעפאַלן געוואָרן פון די אַראַבער און ישראל האָט זיך געמוזט פאַרטיידיקן און אָפּשלאָגן די אַראַבישע אַטאַקעס. די געקומענע פון סטאָק —גלײַך ווי דער גרעסטער טייל פון די ישראל־אײַנוווינערס— האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן און האָבן זיך געשטעלט דינען דעם לאַנד, וואָס איז געווען און געוואָרן דאָס אייגן לאַנד.

זיי האָבן געהאָלפן פאַרטיידיקן דאָס לאַנד און אויך געהאָלפן בויען דאָס לאַנד. איך האָב, פאַרשטייט זיך, נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו רעדן מיט אַלעמען; ווײַל ווען יעדער איינער פון די לאַנדסלײַט, וואָלט מיר דערציילט אַפילו אַ קליינעם טייל פון זײַן געשיכטע, וואָלט געווען צו ווייניק אַפילו אַ פּאָר נעכט אויף זיי אויסצוהערן. באַזונדערס האָבן נישט אַלע סטאָקער, וואָס געפינען זיך אין ישראל, געקאָנט קומען אויף דער מסיבה; אַ גרויסער טייל פון זיי וווינט איבער פאַרשידענע טיילן פון לאַנד — וואָס איז כלל נישט אַזוי קליין ווי מען פּרוּווט דאָס פאָרשטעלן. באַזונדערס איז די מסיבה פאָרגעקומען מאָנטיק בײַנאַכט און אויף צומאָרגנס דאַרף מען גיין צו דער אַרבעט. נאָר יחיאל נאָווענשטערן האָט מיר איבערגעגעבן אין נאָמען פון אַלע סטאָקער, אַז זיי לעבן און אַרבעטן פאַרן לאַנד און זיי ווילן נישט פאַרבײַטן זייער לאַנד, אויף קיין שום אַנדערס; מען זאָל זיי אַפילו צוזאָגן די שענסטע הײַזער און די בעסטע פּרנסות, ווילן זיי בעסער לעבן און אַרבעטן אין ישראל און דאָ בויען זייער אייגן לאַנד, ווײַל זיי האָבן שוין געפילט דעם טעם, ווי מען האָט זיי באַהאַנדלט אין אַנדערע לענדער.

אונדזערע לאַנדסלײַט האָבן מיר געזאָגט: „איר קומט צו אונדז אַלע ווי טוריסטן און זעט בלויז דאָס שענסטע וואָס מיר האָבן געבויט; אונדזערע שטעט, אונדזערע פאַבריקן, אונדזערע אַספאַלטירטע וועגן — און אונדזערע ווײַנגערטנער, אָבער אײַערע הענט האָבן צו דעם גאָרנישט צוגעלייגט. פאַרוואָס שיקט איר נישט אײַערע קינדער, אַז זיי זאָלן אונדז העלפן נאָך מער אַנטוויקלען דאָס לאַנד? איך האָב אויף דעם, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט געבן קיין ענטפער, נאָר איך האָב בײַ מיר געטראַכט, אַז מײַנע לאַנדסלײַט זענען גערעכט, שוין דערפאַר, ווײַל זיי שטייען בײַ דער שווערער אַרבעט פון בויען און אַנטוויקלען דאָס לאַנד און בײַ דער נאָך שווערער און געפערלעכער אַרבעט, פון פאַרטיידיקן דאָס לאַנד; זייערע זין און טעכטער, שטייען בײַ די גרענעצן און שלאָגן אָפּ די אַטאַקעס פון די שונאים, וואָס ווילן זיך אַרײַנרײַסן און חרוב מאַכן דאָס וואָס ייִדישע מי און ייִדישע אינטעליגענץ האָבן אויפגעבויט — און זיי קעמפן דערפאַר, אַז אין לאַנד גופא, זאָל מען נישט פילן דעם קאַמף, נאָר אַלצדינג זאָל אָנגיין אויף דעם נאָרמאַלן וועג פון לעבן.

די לאַנדסלײַט אונדזערע האָבן געבעטן, אַז מיר

זאָלן זיי שיקן אונדזערע קינדער, אָבער איך מיין, אַז אויך מיר גופא, דאַרפן נישט שטיין אין אַ זייט, נאָר אַלע וואָס האָבן אַ מעגלעכקייט, דאַרפן פאָרן —נישט בלויז ווי טוריסטן— נאָר ווי אַזעלכע, וואָס זאָלן מיטהעלפן בויען דאָס לאַנד און פאַרפעסטיקן די גרענעצן; ווייל דאָס וואָס עס איז געשען מיט אונדזער אַמאָליקן סטאָק, קאָן אויך געשען מיט אַנדערע נייע היימען, וואָס מיר האָבן אויפגעשטעלט אין אנדערע לענדער — און זענען פאַר קיין פאַל נישט אונדזערע, אַזוי ווי דאָס איז ישראל.

דאָס דאָזיקע מיינט נישט, אַז אַזוינס קאָן געשען שוין היינט, עס איז אָבער נישטאָ קיין זיכערקייט, אַז אַזוינס זאָל פאָרקומען „מאָרגן", אָדער ביי די ווייטערדיקע דורות. און מיר טאָרן פאַר קיין פאַל נישט וואַרטן, ווען עס וועט ווערן שפּעט, אָדער ווען עס וועט קומען די לעצטע מינוט, נאָר מען דאַרף דאָס טאָן אין מאָמענטן, ווען מען קאָן פריי אַרויספאָרן פון די לענדער, וווּ מיר וווינען איצט און מען קאָן נאָך אַרויספירן פריי אַלצדינג וואָס מיר האָבן באַוויזן אין פאַרלויף פון דער צייט אָפּצושפּאָרן.

דאָס האָבן מיר געהייסן זאָגן און דאָס איז דער גרוס, וואָס אונדזערע לאַנדסלייט וואָס האָבן זיך געראַטעוועט און געפינען זיך איצט אין ישראל, האָבן מיר אַ סך מאָל געהייסן איבערגעבן און איך מיין, אַז אין אונדזער יזכור־בוך, וואָס איז אַ דערמאָנונג פון אונדזער אומגעקומען שטעטל, דאַרף דער דאָזיקער גרוס אויך דערמאָנט ווערן.

# געראַטעוועטע פון די טויטן־לאַגערן, וועלדער און בונקערס



שרה גאָדענגאַנד־טייטעלבוים משהלע און אברהמעלע — וווינען אין מאָנטעווידעאָ, (אורוגוויי)



רחל ביילע און פייגעלע אָפּענהיים (דעם אַלטן רבס אייניקלעך) — רחל ביילע (רעכטס) וווינט אין סאַלטאַ (אַרגענטינע) און פייגעלע אין תל־אביב (ישראל)



שמואלקע גאָלדבערג — וווינט אין ברוקלין (נאָרד־אַמעריקע)



וועלוול שניידמאַן, וווינט אין ברוקלין (נאָרד אַמעריקע )

# געראַטעוועטע פון די טויטן־לאַגערן, וועלדער און בונקערס:



חסיה ורדי — חוה די פאַר־
בערקעס אייניקל, וווינט אין
עפולה (ישראל)



מאַלע מאַלישעוויטש־טרוינע
וווינט אין בוענאָס־אײַרעס
(אַרגענטינע)



עלע יאַנקל טײַטעלבוים
וווינט אין מאָנטעווידעאָ
(אורוגווײַ)



אסתר בריינדל ווישניע־
גאָלדבערג — וווינט אין
ברוקלין (נ' אַמעריקע)



רחל ביילע אָפּענהיים־ אָס־
טשעגאַ — וווינט אין סאַלטאַ
(אַרגענטינע)



חיים יאַנקל טשעכאַנאָוויעצקי
וווינט אין בוענאָס־אײַרעס
(אַרגענטינע)



חיים קוויאַטעק — וווינט
אין מאָנטרעאַל (קאַנאַדע)



שיינדעלע בזשאָסטעק־מילער
וווינט אין תל־אביב, ישראל



לייזער נתן טשעכאַנאָוויעצקי
וווינט אין ב. איירעס (אַרג')

ס'פעלט די פאָטאָ פון דער לעבנסגעבליבענער בת־עיר דאָרקע מאָנצאַזש, וועלכע וווינט אין ב. אײַרעס (אַרג')

„ארץ אל תכסי דמי“...
ערד, זאָלסט נישט צודעקן דאָס בלוט

(איוב ט״ז, פסוק י״ח)




## לזכרון קדושי סטאק וגליל

יום השואה י"ג תשרי תש"ג

נשמות אחינו ואחיותינו שנהרגו ושנשרפו ושנחנקו בסטאק ובטרעבלינקא בידי הנאצים בתקופת השואה בארצות הדמים באירופה במלחמת העולם השניה   אל יהי דמי לדמי הקדושים והטהורים, נוע תנוע הארץ תחת רגלי הצוררים, לבל תהי להם תקומה, ילבשו כלמה ויעטו בשת, תהי אחריתם להכרית ימח שמם ויכרת זכרם, יאפפו עליהם משברי מות ומצרי שאול. שמש וירח לא יהלו אורם על הגוי המתעב, עד אשר יופיע אל נקמות להנקם מן הזדים האכזרים על כל המזבחות שזבחו והעקדות שעקדו.   בעל הרחמים הסתר יסתיר בסתר כנפי שכינתו את נשמות כל המומתים על קדוש השם עד ביאת הגואל ועד אשר יקומו ישני אדמת עפר לחיי עולם.

יתגדל ויתקדש שמה רבא...

צבי בן משה

סטאקער ל״ל״פ.  און אומגעגנט

# יִזכּוֹר

אין ליכטיקן אָנדענק פון
אונדזערע **קדושים**
וואס זענען געפאלן דורך
די נאצישע מערדער
אין אונדזער היים שטעט׳ל
סטאק און אומגעגנט

**ערע זייער אנדענק**



די פארוואלטונג

**יתגדל ויתקדש ✦ אל מלא רחמים**

# די בלוטיקע רשימה פון די אומגעקומענע סטאָקער יידן



יר שטעלן דאָ ווייטער צוזאַמען — אויף וויפל עס איז געווען אין אונדזערע מעגלעכקייטן און אויף וויפל עס האָט אונדז געדינט דער זכרון — די טרויעריקע און בלוטיקע רשימה פון די געוועזענע יידישע איינוווינערס פון סטאָק, וועמען דער שרעקלעכער גורל, האָט אין גרעסטן טייל פאַרוואַנדלט אין קדושים.

מיר האָבן זיך באַמיט צו דערמאָנען אַלעמען, ווייל זייער הייליקער אָנדענק, וועט ביי אונדז שטענדיק בלייבן ליב און טייער. מיר האָבן אַלעמען פאַרצייכנט לזכרון נצח, לויט דעם איינגעשטעלטן אלף-בית. עס קאָן אָבער זיין, אַז עס זענען דאָך דורכגעלאָזט געוואָרן געוויסע נעמען — פערזאָנען — וואָס האָבן נישט געהאַט ווער עס זאָל זיי דערמאָנען און פון אונדזער זכרון, זענען זיי פאַרהוילן געוואָרן, און געפינען זיך נישט אויף די דפי הזכרון, וועלכע זענען די קליינע מצבות נאָך זייער הייליקן אָנדענק.

מיר מאַכן אָבער אַ קליינעם און וויכטיקן אויסנאַם, מיטן אַוועקשטעלן פאַר דער בלוטיקער רשימה, דעם ליכטיקן אָנדענק פון דעם **רב** און **אב־בית־דין פון סטאָק, רב שמואל קד־טהור** (אָדער ווי ער האָט פריִער געהייסן **קאַנטאָר**) זצ״ל. מיר טוען דאָס צוליב צוויי טעמים: 1) ווייל ער איז אין פאַרלויף פון זיין קורצן לעבן, געווען דער גייסטיקער פירער, דער מנהיג רוחני פון דער סטאָקער עדה; 2) ווייל ער האָט מיט זיין מסירת-נפשדיקן טויט, געהייליקט דאָס וואָס ער האָט אין פאַרלויף פון זיין גאַנצן לעבן געלערנט און דורכגעפירט. און ווען די נאַצישע מערדערס ימח שמם וזכרם, זענען געקומען צו רב **שמואל קד־טהור** מיט דעם באַפעל, אַז ער זאָל זיי צושטעלן אַ קאָנטינגענט יידן צו דער „אַרבעט", וואָס דאָס האָט געמיינט פאַרגאַזט צו ווערן אין טרעבלינקע, האָט הרב **שמואל קד־טהור זצ"ל** זיך אָנגעטאָן דעם טלית און תפילין און קאַטעגאָריש געמאָלדן: „איך וועל קיין שום ייד נישט צושטעלן. נעמט מיך אַנשטאָט זיי"! און די נאַצים האָבן אַרויסגעפירט דעם ווירדיקן **רב ר' שמואל קד־טהור** אין מיטן מאַרק און האָבן אים דערשאָסן.

זאָל דעריבער זיין נאָמען שטיין, אין דער סאַמע ערשטער ריי פון די קדושים, וועלכע מיר פאַרצייכענען דאָ ווייטער אין דער רשימה און זאָל זיין אָנדענק — און זייער אַלעמענס אָנדענק — בלייבן געהייליקט אויף אַלע אייביקייטן!




# נרות קדושי סטוק

## "נר ה' נשמת אדם"



איגלע מלך
〃 פייגע (פרוי)
〃 מרים (טאָכטער)
〃 אסתר (טאָכטער)
〃 שרה (טאָכטער)
〃 רויזע (טאָכטער)

איגלע אַברהם
〃 ריקל (פרוי)
〃 ברכה (טאָכטער)
〃 חיים (זון)
〃 פרימעט (טאָכטער)
〃 יוסף (זון)
〃 שרה (טאָכטער)

אימבער לייבל (קאַשעמאַכער)
〃 רויזע (פרוי)
〃 און (קינדער)

אימבער אסתר ליבע
〃 מאַן
און קינד

אַלטשולער שמואל דוד
〃 רבקה רחל (פרוי)
〃 אַברהם (זון)
〃 ירחמיאל (זון)

אָסאָווסקי הערש מאיר
〃 שרה לאה (פרוי)

אָסטשעגאַ שיינטשע

אָסטשעגאַ שלום הערש
〃 יאָספע (פרוי)
〃 בעלטשע (טאָכטער)

אָסטשעגאַ יאַנקל דוד
〃 רויזע (פרוי)
〃 רחל (טאָכטער)
〃 מרדכי (זון)
〃 מאַטעס (זון)
〃 יוסף (זון)
〃 שלום הערש (זון)

אָפּענהיים אפרים הערש (רבס איידעם)
〃 שרה (פרוי)

אָרזשעך יצחק דוד
〃 מלכה (פרוי)
〃 שמחה (זון)
〃 יואלקע (זון)
〃 לאה (טאָכטער)

אָרזשעך ברוך
און פאַמיליע

אָרזשעך ישראלקע
און פאַמיליע

אָרזשעך שיינע
און פאַמיליע

אָרענשטיין אָשר (קאָוואַל)
〃 שיינע רויזע (פרוי)

אָרענשטיין מענדל
און פאַמיליע



באַנוועל יוסף (דער גרויסער יאָשע)
" שרה (פרוי)
" בלימע (טאָכטער)
באַנוועל משה חיים
" דבורה (פרוי)
" און קינדער
באָקסענבוים
" פייגע ריקל (פרוי)
בורשטיין לייבל
" מנוחה (פרוי)
" משה ברוך (זון)
" פּערעלע (טאָכטער)
בורשטיין משה (קאָוואַל)
" רבקה (פרוי)
" שמואלקע (זון)
בזשאָסטעק רחל לאה
" פּערעלע (טאָכטער)
" משהלע (זון)
בלומענקראַנץ רחל
" שלמהלע (זון)
" הערשעלע (זון)
בלומענקראַנץ יעקב
" סימע (פרוי)
בלומענקראַנץ יחיאלקע
" רויזע (פרוי)
" הנהטשע (טאָכטער)
" שלמהקע (זון)
בלומענקראַנץ חוה
מאַן
און קינדער
בלומענקראַנץ יואלקע
" שרה רבקה (פרוי)
" וועלוול (זון)
בערגמאַן ישראלקע
און פרוי
בערגמאַן יאַנקעלע (גענדזועלעס)
" רייזל (פרוי)
" חיה פערל (טאָכטער)
" חוה (טאָכטער)
בערגמאַן זישע
פרוי
און קינדער
בערגרין שמשון לייזער
" שרה לאה (פרוי)
בערגרין ביילע
בערמאַן לייבקע
" צביה (פרוי)
בראָמבערג יוסף (דער גלייזער)
" איידל (פרוי)
" אַברהם (זון)
בראָק אסתר ליבע
" שמחה (זון)
בראָק זישע
" פייע (פרוי)
" מאיר (זון)
" פערל (טאָכטער)
בראָק יצחק אליהו
פרוי
און קינדער
בראָק משה לייב (שמש)
" חיה (פרוי)
" און קינדער
ברויטמאַן מאַשע



גאָרדענגאַנד בושע (שוסטער)
גאָרדענגאַנד שמחה
" חנה (פרוי)
" און קינדער
גאָרדענגאַנד רבקה
גאָרדענגאַנד שלמה זלמן
" ברײנע (פרוי)
" און קינדער

גאַלאַנט אלתר
„ העניע שרה (פרוי)
גאַלאַנט חיים נתן
„ רבקה (פרוי)
גאָלדבערג מאיר
„ פריידע (פרוי)
„ שלמהקע (קינד)
גאָלדבערג יחיאל ברוך
„ שרה רבקה (פרוי)
גאָלדבערג נתן
„ אסתר (פרוי)
„ מינדל (טאָכטער)
„ בעריש (זון)
גאָלדבערג מענדל
און פאַמיליע
גאָלדבערג זעליק
„ חיה פייגע (פרוי)
„ הערש מאיר (זון)
„ יאַנקל (זון)
„ איטשע (זון)
„ רייזל (טאָכטער)
„ העניע (טאָכטער)
גאָלדזאַנד אסתר (די אייַנבינדערקע)
„ זלמן (זון)
גאָלדפאַרב הויזע (נחומס מוטער)
גאָלדפאַרב זלמן פייַוויש
„ מנוחה (פרוי)
גאָלדפאַרב לייזער
„ דבורה (טאָכטער)
„ און קינדער
גאָלדשטיין משה איציק
„ העניע (פרוי)
גאָלדשטיין שלמה יאַנקל
„ פריידע רחל (פרוי)
„ און קינדער
גאָלדשטיין ישעיה
„ יענטע (פרוי)
„ און קינדער
גאָלדשטיין יצחק
„ אַלטע (פרוי)
„ און קינדער

גאָלדשטיין יחיאל
„ אסתר לאה (פרוי)
„ פייגל (טאָכטער)
גילדע פסח יאָסל
„ פייגע גיטל (פרוי)
„ משה (זון)
גילדע טוביה לייבל
„ דוואָשע (פרוי)
„ און קינדער
גלאַדשטיין אברהם
„ שרה (פרוי)
„ הערשל (זון)
„ כאַצקעלע (זון)
גלאַטשטיין יחזקאלע
„ הנה דבורה (פרוי)
געבעל חיה טעמע
„ און קינדער
געבער זלמן
גרושקע חיים ברוך
„ יענטל
גרושקע אַברהם
„ שרה (פרוי)
„ זעליק (זון)
„ הערשל (זון)
גרושקע מרדכי (קאָוואַל)
„ אסתר (פרוי)
„ הערשל (זון)
„ יענטע (טאָכטער)
גרינבערג אהרן
„ דינהטשע (פרוי)
„ אַנטשל (זון)
„ יאָסל (זון)
„ חיהלע (טאָכטער)
גרינבערג יענטע רבקה
„ מאַן און קינד
גרינבערג יצחק
„ מנוחה (פרוי)
גרינבערג מאָטל
„ פרימעט (פרוי)
„ און קינדער
גרינוואַלד מאָטל
„ מאַשע (פרוי)
„ און קינד

גרינוואַלד זכריה
" דינה (פרוי)
" אהרן (זון)
" ברוך (זון)



דאַמבעק דוד
" גיטל (פרוי)
" רחל און נאָך
אַ קינד
דענענבערג משה
" חיה טויבע (פרוי)
דענענבערג שרה
" משה (זון)
" דודטשע (זון)
דזשיק אלקנה
" צביה (פרוי)
" און מוטער
דזשיק רויזע
" און קינדער



האָכבערג יעקב
" עטע (פרוי)
" רבקה (טאָכטער)
" רויזע (טאָכטער)
" רחל (זון)
" אלי (זון)
" זלאָטע (טאָכטער)
" מאיר (זון)
" חוה (טאָכטער)

האָכבערג לייבל (פאָשמאַט)
" רחל (פרוי)
" מאָטיע (זון)

האָכבערג אַברהם
" רעלע (פרוי)
" חיים ישראל (זון)
" שמואל משה (זון)
" דוד (זון)
" מנחם מענדל (זון)

האָכבערג לייבל
" מאַטל (פרוי)
" דאָבעלע (טעכטערל)
" חיהלע (טעכטערל)

האָלצמאַן איטשע
" (פרוי)
" רויזקע (טאָכטער)
" דינה (טאָכטער)
" משה (זון)
" דינה (טאָכטער)
" דאָבע רחל (טאָכטער)

האָלצמאַן יאַנקל
" און פאַמיליע

האַנדעלסמאַן שמחה
" און קינדער

האַנדעלסמאַן חיים יהושע
" יאָספּע (פרוי)
" און קינדער

האַנדעלסמאַן
" און פרוי רבקה

הודטשער יוקל
" יאָספּע (פרוי)
" חיהטשע (טאָכטער)
" יאָסל (זון)
" שײַקע (זון)

הימעלפאַרב ישעיה
" (פרוי)
" און קינדער

הימעלפאַרב פעשע



וואָלמאַן יאָסל
" חוה (פרוי)
" שמואל (זון)
וואָלמאַן בריינדל
" מאַן
" און קינדער
וואַסערמאַן אסתר
" און קינד
וואַסערמאַן - סוקעניק
ווינטערמאַן ישראל משה
" ביילע (פרוי)
" חיים יצחק (זון)
" פייגע (טאָכטער)
" רבקה (טאָכטער)
" מאָטל (זון)
ווינטערמאַן חיים פנחס
" און שוועסטער
וויערזשבינסקי איתמר
" חיה (פרוי)
" ליבע (טאָכטער)
" כאַשקע (טאָכטער)
" הינדע (זון)
" מטות (זון)
" משה (זון)
וויערזשבינסקי שמואל
" דינה (פרוי)
וויערזשבינסקי פריווע
" ליבע (טאָכטער)
וויערזשבינסקי משה
" זײַן פרוי
" און טאָכטער
ווישניעווסקי הערש מאיר (סאַלטיס)
" גאָלדע רחל (פרוי)
" לייבל (זון)
" מאָטל (זון)
" ביילע (טאָכטער)
" חיה (קינדער

ווישניע שלמה זלמן
" ברכה (פרוי)
" שימעלע (זון)
" ישראל יוסף (זון)
" לייזער יצחק (זון)
" מינדעלע (טאָכטער)
ווישקאָפּ זלמן
" פייגע (פרוי)
" און פאַמיליע
ווײַנברום אַברהם יאָסל
" רבקה לאה (פרוי)
" אלי (זון)
" משה (זון)
" שרה (טאָכטער)
" שמואלקע (זון)
ווײַנטרויב יאָסעלע (פעלדשער)
" און פאַמיליע
וויערזשבינסקי שמואל (פריזועס זון)
" פייע (פרוי
" און קינדער
ווײַסמאַן ברוך (מלמד)
" מנוחה (פרוי)
" פייגע לאה (טאָכטער)
" ישראל אלתר (זון)
וועגנער שמואלקע
" העניע (פרוי)
" און קינדער
וועגנער הערשל
" צביה (פרוי)
" דבורהלע (טאָכטער)
וועגנגראָווסקי איטשע
" און פאַמיליע
וועגנגראָווסקי יאַנקל
" און פאַמיליע
וועגנער אברהם לייזער
וועגנער משה אהרן
" איטע (פרוי)
" נעכע (טאָכטער)
" גיטל (טאָכטער)
" לייבל (זון)



זילבערבערג לייבל („אַדוואָקאַט")
„ אסתר (פרוי)
זילבערבערג אפרימקע
„ שמואלקע (זון)
„ יחיאל (זון)
„ פייגע (טאָכטער)
„ טויבע (טאָכטער)
זילבערבערג אַברהם משה
„ חנה מרים (פרוי)
„ און קינדער
זילבערמאַן יחזקאל
„ אסתר (פרוי)
זילבערשטיין משה אהרן
„ חיה (פרוי)
זיאָלאָנדעק ליבע
„ און קינדער
זיסק אַברהם יצחק
„ בינע (פרוי)
זלאָטקאָווסקי שרה בינקע
„ און טאָכטער
זלאָטקאָווסקי אַברהם
זלאָטקאָווסקי מענדל
„ יהודית (פרוי)
„ יאָספע (טאָכטער)
„ אַברהם (זון)
זלאָטאָגוראַ וועלוול
„ און פאַמיליע
זשעבראַק זכריה
„ חוה סערקע (פרוי)
„ פײַוול (זון)
„ שרה רבקה (טאָכטער)
„ העניע מלכה (טאָכטער)
„ אסתר ליבע (טאָכטער)
„ מענדל (זון)
זשעבראַק יאַנקל (סופר)
„ כאַשקע (פרוי)

זשולטי ר' משה מתתיהו (שוחט)
„ ברכה (פרוי)
„ שרה (טאָכטער)
„ העניע (טאָכטער)
„ נעכע (טאָכטער)
„ פײַוול (זון)
זשולטי פינקל
„ מאַן
„ און טאָכטער אסתרל
זשעלעניעץ פײַוול מאָטל
„ אסתר ברכה (פרוי)
זשעלעניעץ לייבל
„ צלובה (פרוי)
„ משה (זון)
„ פייגע (טאָכטער)
„ פינטשע (זון)
„ הענטשע (טאָכטער)
זשעלעניעץ אַברהם הערש
„ רחל (פרוי)
„ דינה (טאָכטער)
„ פעשע (טאָכטער)
„ איטע (טאָכטער)
„ יאַנקל (זון)
זשעלעניעץ חײַקל
„ שפרה (פרוי)
„ מירעלע (טאָכטער)
זשעלעניעץ אַברהם חיים
„ חיהביילע (פרוי)
זשעלעניעץ ישראל
„ חוה (פרוי)
„ הערשל (זון)
„ יצחק (זון)
זשעלעניעץ אַברהם אליהו
„ פייגע (פרוי)
„ רחל (טאָכטער)
און נאָך קינדער
זשעפקע חוה (די בלינדע)
זשעפקע משה (זון)
זשעפקע זלמן
„ רויזע (פרוי)
„ און קינדער



טאָשער אַברהם
" שרה (פרוי)
" ברײַנטשע (טאָכטער)
" חיים (זון)
" שלומקע (זון)

טאָשער פּעשע הינדעס

טוכקלאַפּער פּײַעלע

טוכקלאַפּער שלמה (זון)
" פרוי
" און קינדער

טוכשער מענדל
" דינה (פרוי)

טוכשער שמואל
" אסתר (פרוי)
" (אסתרס מוטער די פּאַקעריז)
" און קינדער

טוכשער מאָטל
" און פאַמיליע

טײטעלבוים שעפּסל
" העניע (פרוי)

טענטשאַ פּסח
" העניע רחל (פרוי)

טענטשאַ פײַוול מענדל
" רויזע (פרוי)

טענטשאַ ישראל מרדכי

טענטשאַ משה

טענטשאַ אשר אַנטשל
" אַלטע לאה (פרוי)

טענטשאַ הערש יאַנקל
" רבקה (פרוי)
" פרימעט (טאָכטער)

טענטשאַ ישעיה
" שיינע (פרוי)

טענטשאַ מאָטל
" פריידע (פרוי)
" משה (זון)

טענטשאַ שלום
" פרוי
" און קינד

טענטשאַ דבורה
" מאַן
" און קינד

טענטשאַ ביילע
" מאַן
" און קינד

טשאַפּקיעוויטש אברהם שלמה
" פריידע לאה (פרוי)
" שמחה (זון)
" יענקעלע (זון)
" חנה (טאָכטער)

טשאַפּקיעוויטש שמואל יצחק
" חיה (פרוי)
" גאָלדע (טאָכטער)
" ביילע (טאָכטער)

טשאַפּקיעוויטש מאיר בערל

טשעכאַנאָוויעצקי יאַנקל
" חנהטשע (פרוי)
" יצחק (זון)
" חיים (זון)
" יחזקאל (זון)

טשעכאַנאָוויעצקי שואל איצל
" העניע (פרוי)
" יאָספּע (טאָכטער)

טשעכאַנאָוויעצקי חיה רחל (לייזערס פרוי)
" מאַשע (טאָכטער)
" יאָסעלע (זון)

טשעכאַנאָוויעצקי יהודית
" מאַן
" און קינד

טשערוואָנע רויזקע

טשערוואָנעקאַמיען מרדכי
" פרוי
" און קינדער



יאַבלאָנקע אליהו
„ מרים (פרוי)

יאַבלאָנקע העניע שרה
„ מאַן
„ און קינדער

יאַבלאָנקע פייגעלע

יאַבקאָווסקי ישראל חיים
„ יענטע (פרוי)

יאַבקאָווסקי הערשל
„ ברײַנטשע (פרוי)
„ און קינדער

יאַבקע ישראל יצחק
„ פרוי
„ און קינדער

יאַבקע חיים מאיר
„ פריידע (פרוי)
„ דאָבע (טאָכטער)
„ לאה (טאָכטער)

יאַבקע מרדכי
„ מאַשע (פרוי און קינדער)

יאַדאָווסקי יוסף
„ רחל (פרוי)
„ און קינדער

יאַדאָווסקי הערשל
„ פײַע (פרוי)
„ און פינף קינדער

יורקיעוויטש שמואלקע (ליפקער)

יורקיעוויטש ברוך בועז
„ עטקע (פרוי)
„ ברכה תרצה (טאָכטער)



כאַיסאָן פײַוול
„ שרה (פרוי)
„ און קינדער



לאַמפּאַרט יעקב
„ קיילע (פרוי)
„ און קינדער

לאַמפּאַרד חנה
„ און דרײַ קינדער

לאַנגלייב משה אהרן (בעקער)
„ רבקה (פרוי)

לאַנגלייב זלמן
„ שרה (פרוי)
„ גדליהו (זון)
„ אָשר (זון)
„ נחמן (זון)
„ חיים (זון)
„ רחל (טאָכטער)

לאַנגלייב יודל
„ חוה (פרוי)
„ שרה (טאָכטער)
„ פייגע (טאָכטער)
„ זאַוול (זון)

לאַנדע חנוך הענאַך
„ רחל (טאָכטער)
„ שרה לאה (טאָכטער)

לאַנדרע פנחס דוד (פינטשע)
" יענטע רבקה (פרוי)
" חיים אהרן (זון)
" ישעיהקע (זון)
" פייגע (טאָכטער)
" פערל (טאָכטער)
" בינעלע (טאָכטער)
לאָפּאַטע יאַנקל (נאָסקעס)
" ברכה (פרוי)
לאָשיצקי יצחק (סופר)
" חנה לאה (פרוי)
לאָשיצקי הענאַך
" שרה דבורה (פרוי)
" חנהטשע (טאָכטער)
" רבקה (טאָכטער)
" מירל (טאָכטער)
לובעלטשיק מאָטל
" ביילע (פרוי)
לובעלטשיק יהושע
" און פאַמיליע
ליטעווסקי שלמה
" מינדל (פרוי)
" און קינדער
לערמאַן יאַנקל (שו״ב)
" מלכה (פרוי)
" בערל (זון)
" אַברהם (זון)
און נאָך קינדער
לערמאַן יאַנקל דוד
" חיה שרה (פרוי)
רחל לאה (טאָכטער)
" ישראל (זון)
" שלמה (זון)
" רבקה (טאָכטער)
" יצחק (זון)
" פייגע (טאָכטער)
" ברכה (טאָכטער)
לעמפערט יצחק
" שרה (פרוי)
" און קינדער
לערנער משה
" שרה פייגע (פרוי)
" און קינדער

לערנער יצחק
" מאַלע (פרוי)
" משה (זון)
" שמואל (זון)
ליפשיץ יהושע (לאָפּיאַנקע)
" איטע (פרוי)
" חוה (טאָכטער)
" אליעזר (זון)
" מרדכי (זון)



מאַלישעוויטש מאַנעס
" בינקע גיטל (פרוי)
" און קינדער
מאַלישעוויטש אַברהם וועלוול (בעקער)
" איטע ביילע (פרוי)
" שרה (טאָכטער)
מאַלישעוויטש שמואל מרדכי
" און פרוי מאַשע
מאַלישעוויטש הערש מאיר
" רחל (פרוי)
" אלי ברוך (זון)
" צבי (טאָכטער)
" פייגעלע (טאָכטער)
מאַלישעוויטש מאַלע (אברהם וויעליטשנערס שנור)
מאַלצמאַן אברהם יאַנקל
" חנה צירל (פרוי)
מאַלצמאַן ברוך
" זיין פרוי
" רבקה (טאָכטער)
" משהל (זון)
" און נאָך קינדער
מאַלצמאַן אליהו
" דבורהקע (פרוי)
" און קינדער
מאַלצמאַן משהל

מאַלצמאַן זכריה
„ עטל (פרוי)
„ און קינד
מאָנקע אליהו
„ קיילע (פרוי)
„ יוסף (זון)
„ אסתר (טאָכטער)
מאָנקע יצחק
„ ברײַנדל (פרוי)
„ און קינדער
מאַנדעל אײַזיק
„ פעשע (פרוי)
„ און קינדער
מאַס נחמן שמחה
„ חיה כינקע (פרוי)
„ און קינדער
מאַסלאָווסקי יוסף
„ ברכה (פרוי)
מאַסלאָווסקי יצחק
„ אסתר (פרוי)
מאַנדעלבוים מרדכי
„ איטע (פרוי)
„ און דרײַ קינדער
מאָרגענשטערן שרה (לערערקע)
מיגדאַל שמואל
„ שרה (פרוי)
„ און קינד
מיגדאַל איטשע
„ פרוי
„ און קינדער
מיגדאַל מרים
„ טאָכטער
„ און איידעם
מילגרוים זלאַטע
„ און פאַמיליע
מילער נחום
„ חנה רויזע (פרוי)
„ זיסל (טאָכטער)
„ יודל (זון)
„ חיה דינה (טאָכטער)
„ חיים (זון)

מילפירער שמואל לייב
„ שרה איטקע (פרוי)
„ משה (זון)
„ דוד (זון)
מײַדענבוים מאיר
„ אסתר (פרוי)
„ משה דוד (זון)
„ מנוחה (טאָכטער)
„ חנה (טאָכטער)
„ אַברהם (זון)
„ הווהטשע (טאָכטער)
„ נחמן (זון)



נאַכטייל מלך
„ פייגע רבקה (פרוי)
„ און קינדער
נודעלמאַן שלמה (סטאָליער)
„ טעמע (פרוי)
„ חיה (טאָכטער)
„ לאה (טאָכטער)
„ מאיר (זון)
„ חנה (טאָכטער)
„ אסתר (טאָכטער)
נוזבלאַט שמשון (שטעפּער)
„ האדל (פרוי)
„ אוריש (זון)
נײַמאַרק אברהם
„ שרה (פרוי)
נײַמאַרק־טשעכאַנאָוויעצקי העניע
(חיימס פרוי)
„ שיינעביילע (זייער טעכטערל)
נײַמאַן מאָטל (פאַרבער)
„ מאַכלע (פרוי)

נײַמאַן דוד לייב
„ רחל (פרוי)
„ און קינדער
נײַמאַן יחיאל
„ חיה שרה (פרוי)
„ און קינדער
נײַמאַן זישע בונם
„ חוה (פרוי)
„ און קינדער
נײַמאַן זלאַטע
„ מרדכי יוסף (מאַן)
„ און קינדער
נײַפעלד װעלװל
„ אסתר (פרוי)
„ און קינדער



סאָבאָטע ישראל (בלעכער)
„ חיה שיינע (פרוי)
„ און קינדער
סאָבאָטע פייגע
סאַפירשטיין חוה (די שטומע)
סוקעניק אלחנן יהושע
„ שרה רויזע (פרוי)
„ פייגע זלאַטע (טאָכטער)
סוקעניק בן־ציון
„ און פאַמיליע
סוקעניק יעקב
„ חוה רחל (פרוי)
„ און צוויי קינדער
סטאָלאָװיטש מאיר אנטשל
„ ביילע (פרוי)
„ חיים דוד (זון)
„ לוי יצחק (זון)
„ יאָסעלע (זון)
„ ראובן (זון)

סטאָלאָװיטש מאָטל
„ פרימעט (פרוי)
„ רבקה (טאָכטער)
„ ניסן (זון)
„ לאה (טאָכטער)
סטאָלאָװיטש יאַנקל חיים
„ חנה קריינדל (פרוי)
„ אָשר (זון)
„ מאָטל (זון)
„ יחיאל (זון)
„ חיה ביילע (טאָכטער)
„ שרה (טאָכטער)
„ רחל (טאָכטער)
סטאָלאָװיטש משה
„ טויבע רייצע (פרוי)
סטאָלאָװיטש יצחק
„ רבקה (פרוי)
„ חיה שרה (טאָכטער)
„ אהרן (זון)
סטאָלאָװיטש זלמן
„ פייגע (פרוי)
„ רבקה (טאָכטער)
„ ניסל (זון)
סטאָלאָװיטש מאָטל
„ גיטל (פרוי)
„ מלכה (טאָכטער)
„ בעריש (זון)
„ רבקה (טאָכטער)
„ משה (זון)
סטאָלאָװיטש שרה לאה
„ ראובן (מאַן)
„ חיה (טאָכטער)
„ איטקע (טאָכטער)
„ חוה (טאָכטער)
סמאָלענסקי יוסף
„ פריידע (פרוי)
„ און קינדער
סמאָלענסקי לייבטשע
„ נעכע ליבע (פרוי)
„ פייגע (טאָכטער)
„ בערל (זון)
„ לייזער (זון)

סקאָרופּקע הערשל
„ איטע רויזע (פרוי)
„ צאַלקע (זון)
„ מינדעלע (טאָכטער)
„ רבקהלע (טאָכטער)
סקורניק גענענדל
„ מאַן
„ און קינדער
סקורע ראובן
„ פרומע לאה (פרוי)
„ בינקע (טאָכטער)
„ איידעם משה (ביק)
„ חנה ביילע (פרוי)
סקורע רבקה
סקיבאַ אברהם יצחק
„ חנה מרים (פרוי)



עדעלשטיין יוסף
„ טויבע (פרוי)
„ אלי (זון)
„ ריקל (טאָכטער)
עפּשטיין הערשל
„ און פאַמיליע



פּאַגאַדע מאָטל
„ צירל (פרוי)
„ נחמה (טאָכטער)
„ הערשל (זון)
„ פּיניע (זון)
„ דוד (זון)
„ משה אהרן (זון)

פּאַזשאַמעק מנוחה
„ קיילע (טאָכטער)
„ העניע (טאָכטער)
„ אלי (זון)
„ זישע (זון)
„ חייקל (זון)
„ חנה איטע (טאָכטער)
פּאַזשאַמעק־שניידמאַן פייגע
„ און קינדער
פּאַזשאַמעק אַברהם זישעס (מלמד)
„ און פאַמיליע
פּאַסעסאָרסקי לייבקע
„ חוה (פרוי)
פּאַסעסאָרסקי נחום
„ שיינדל (פרוי)
„ שרה (טאָכטער)
„ פריידע (טאָכטער)
„ נאָסקע (זון)
„ אסתר (טאָכטער)
„ שמואל (זון)
„ דוואָשע (טאָכטער)
„ גדליה (זון)
„ ביילע (טאָכטער)
„ יאָסקע (זון)
פּאַסעסאָרסקי לייבטשע (קצב)
„ חיה שרה (פרוי)
פּאַסעסאָרסקי שמחה
„ פריידע (פרוי)
„ און דריי קינדער
פּיטקאָווסקי לאה (לייבל חזנס)
„ און דריי קינדער
פּיעקאַזש גדליה
„ רחל (פרוי)
„ און קינדער
פּלאַטנער משה׳קע
פּלאַטקאָווסקי מאיר לייבל
„ שיינע בריינע (פרוי)
פּלאַטקאָווסקי גוטמאַן
„ שרה (טאָכטער)
„ לאה (טאָכטער)
„ חיים (זון)
„ רויזע (טאָכטער)

פעטלאַק שלמה
„ חנה (פרוי)
„ און קינדער
פענעמאַן הערשל
„ און פאַמיליע



פאַרביאַזש משה (פאַרבער)
„ חוה (פרוי)
„ גרשון (זון)
פאַרביאַזש רבקה
פאַרביאַזש יאַנקל
„ און פאַמיליע
פאַרביאַזש לייב איצל
„ שרה (פרוי)
„ יוסף (זון)
„ כאַשע (טאָכטער)
„ ישראל (זון)
„ משה (זון)
„ פײַוול (זון)
פײַערטאַג מנשה
„ נעכע (פרוי)
„ ישראל (זון)
„ שלמה (זון)
פײַערטאַג הענאַך
„ און פאַמיליע
פײַערטאַג רויזע
„ מאַן
„ און קינדער
פײַערטאַג נחמה
„ מאַן
„ און קינדער
פריד אליהו בערל
פריד ישראל
פריד רבקה
פריד יעקב
„ פרוי
„ און קינדער
פריד ישראלקע (וואַרשעווער)
„ חוה (פרוי)
פריד ישראל משה
„ חנה (פרוי)
פרידמאַן שלמה זלמן
„ שרה (פרוי)
פרידמאַן נטע
„ פרוי
„ און טאָכטער
פרידמאַן טוביה
„ און פאַמיליע
פרידמאַן שלמהקע
„ העניע רויזע (פרוי)
פריימאַן יאַנקל (בעקער)
„ שפרינצע ברכה (פרוי)



צוקער חנה (זישע זעליקס)
צוקער הערצקע
„ חנה (פרוי)
צוקער לייזער
„ סימע מירל (פרוי)
„ מאַליע (טאָכטער)
„ סערקע (טאָכטער)
„ חיהלע (טאָכטער)
צוקער דוד
„ חנה (פרוי)
„ און קינדער
צוקער אסתר בינע (פיעטרושטשעליכע)
צוקער אברהם משה
„ רחל (פרוי)
„ בעלטשע (טאָכטער)
„ און קינד אברהמעלע

צוקער דוד
„ עטל לאה (פרוי)
„ איטשע מאיר (זון)
„ חיה (טאָכטער)
„ דבורה (טאָכטער)
„ מאַליע (טאָכטער)
„ פּייוול ברוך (זון)
„ אסתר (טאָכטער)
צוקער הערשל
„ פייגע דישקע (פרוי)
„ און קינדער
צוקער משה
„ עטל (פרוי)
„ סערקע (טאָכטער)
„ מאַלע (טאָכטער)
„ ניסן (זון)
צוקער שמעון
„ חנה (פרוי)
„ אסתר (טאָכטער)
„ לאה (טאָכטער)
„ שיינדל (טאָכטער)
„ פרימעט (טאָכטער)
„ משה (זון)
„ אליהו (זון)
צוקערמאַן ברײַנדל
צוקערשטיין נח
„ חנה (פרוי)
„ יוסף (זון)
„ גאָלדע (טאָכטער)
צעמבאַל פּערל
„ **מאַן**
„ און קינדער



קאַזשאַל לייזער
„ חנה (פרוי)
„ און קינדער
קאַזשאַל שיינדל

קאָלטון פּנחס
„ **פריידע (פרוי)**
„ און קינדער
קאָרצאַזש איטשע
„ פרוי
„ און קינדער
קאָרצאַזש שמואל
„ פרוי
„ און קינד
קאָרצאַזש פייגע מרים
„ אברהם (זון)
קאָרצאַזש שמואל
„ לאה (מוטער)
קאָרצאַזש מרדכי
„ פרוי
„ און קינדער
קאָכמאַן מאָטל
„ גאָלדע (פרוי)
„ יוסף (זון)
„ משה (זון)
„ נעשקע (טאָכטער)
קורץ אריה
„ מרים (פרוי)
קורץ יעקב
„ און קינדער
קורץ אַברהם
„ גיטל (פרוי)
„ און טאָכטער
קורץ אסתר רחל
„ מאַן
„ און קינדער
קורץ יצחק
„ שרה רבקה (פרוי)
„ פיניע (זון)
„ איידעל (טאָכטער)
„ רויזע (טאָכטער)
„ רחל (טאָכטער)
„ וועלוול שמעון (זון)
קורץ אַברהם יודל
„ רויזע (פרוי)
„ און קינדער
קאַרפּיאַק ביילע (שלמה דודס באָבע)

קופער לייבל (רימאַזש)
" מאַטל (פרוי)
" און קינדער
קופער איצל
" און פאַמיליע
קופער דוד
" און פאַמיליע
קויפמאַן שואלקע (פורמאַן)
" רייזל (פרוי)
" און קינדער
קויפמאַן אורקע
" חנה (פרוי)
" און קינדער
קושמירסקי הערשל
" שרה לאה (פרוי)
" און זון
קושמירסקי ברוך
" העניע (פרוי)
" און קינדער
קוויאַטעק חנא משה
קוויאַטעק יהושע דוד
" פייגע לאה (פרוי)
" משה (זון)
" יאָסל (זון)
" מענדעלע (זון)
" חנהלע (טאָכטער)
קיאַק ר' משה (סופר)
" שיינע רחל (פרוי)
קיאַק הערשל (טאָקער)
" אַלטקע (פרוי)
קיאַק גדליה
" און פאַמיליע
קיאַק ישראל חיים
" און פאַמיליע
קיאַק בלימע
" און פאַמיליע
קיטשקאָווסקי יחיאל
" פייגע (פרוי)
קיטשקאָווסקי יאָספע
" ישראל (זון)
" פריידל (טאָכטער)
" מינדעלע (טאָכטער)
" איטקעלע (טאָכטער)

קיטשקאָווסקי משהלע
" אסתר (פרוי)
" יחיאל (זון)
" לייזער (זון)
" ברכה (טאָכטער)
" שלום (זון)
קיטשקאָווסקי פריידע
" און פאַמיליע
קיטשקאָווסקי ידידיה
" פייגע רחל (פרוי)
" טאָכטער אסתר
" מאַן און קינדער
קיטשקאָווסקי אהרן
" מרים (פרוי)
" מינדל (טאָכטער)
" שרה לאה (טאָכטער)
" און קינדער
קיטהור רב שמואל זצ"ל
" רביצין אסתר גאָלדע
" יהודית (טאָכטער)
" יוכבד (טאָכטער)
" רחלע (טאָכטער)
קיטהור משה ברוך
" רחל (פרוי)
" און קינדער
קיטהור ישראל
" און פאַמיליע
קראָנפעלד וועלוול
" שרה רחל (פרוי)
" חיים אליהו (זון)
" זישקע (זון)
קראָנפעלד יצחק
" זיין פרוי
" און קינדער
קריסטאַל זעליק
קריסטאַל יענטע
" רבקה (טאָכטער)
" ישראל יאַנקל (זון)
" אַברהם (זון)
קריסטאַל יואל
" פרוי
" חנה מיכלע (קינד)

קריסטאַל שלמה (גלעזער)
„ זלאַטע (פרוי)
קרײַזעלמאַן ישראל (יאַדאָווער סטאָלער)
„ און פאַמיליע



ראָזענבוים אברהמקע
„ אסתר נעכע (פרוי)
„ יחזקאל (זון)
„ שפרינצע (טאָכטער)
ראָזענבוים מאָטל
„ און פאַמיליע
ראָזענבוים הערש מאיר
„ און פאַמיליע
ראָזענבערג מענדל
„ פראַדל (פרוי)
„ העניע רחל (טאָכטער)
ראָזענבערג אסתר דאָבע
ראָטבאַרד הערצקע
„ לאה (פרוי)
„ פויקע (טאָכטער)
„ וועלוול (זון)
„ שרה (טאָכטער)
„ סערקע (טאָכטער)
„ חנה עטקע (טאָכטער)
ראָטבאַרד חייטשע
„ מאַן
„ און קינד
ראָקיטאַ שלמה
„ ברכה (פרוי)
„ ישראל (זון)
רובין שמחה (גאַנטאַר)
„ חנה (פרוי)
„ פעסל (טאָכטער)
רובינשטיין זאַוול
„ און פאַמיליע



שאַרפמאַן אַברהם
„ עטקע (פרוי)
„ חנה (טאָכטער)
„ גישע (טאָכטער)
„ רויזע (טאָכטער)
„ רחל (טאָכטער)
שוואַרצבערג אברהם
„ בריינע (פרוי)
שוואַרצבערג שמעון
„ פרוי
„ און קינדער
שוואַרצבערג בונם
„ פרוי
„ און קינדער
שוואַרצפאַרב מנחם בן־ציון (היטלמאַכער)
„ ברכה (פרוי)
„ לייבטשע (זון)
שוואַרצפאַרב שמחה
„ שרהטשע
„ און קינדער
שוואַרצפאַרב שרה
„ און מאַן
שוויעצאַ משה
„ חנה (פרוי)
שוויעצאַ אברהם
שוויעצאַ חיים
„ און פאַמיליע
שטערן מטות נח
„ רייזל (פרוי)
„ חנה דאָבע (טאָכטער)
„ שיינע לאה (טאָכטער)
שטערן שמחה
„ גיטל (פרוי)
„ און קינדער

שטערן נחמן
" שרה (פרוי)
" זיסעלע (קינד)
שטולוואַרק הערש יצחק
" חײַטשע (פרוי)
" יודל (זון)
" שמואל פײַוול (זון)
שלאָסקע אַברהם יודל
" מלכה (פרוי)
" משה אהרן (זון)
" ליבע לאה (טאָכטער)
" קיילע (טאָכטער)
" שמעון (זון)
" פעשע (טאָכטער)
" איטקע (טאָכטער)
שנײַדמאַן יאַנקל
" חנהלע (פרוי)
" גאָלדע (טאָכטער)
שנײַדמאַן חיים (דער גרויסער)
" לאה (פרוי)
שנײַדמאַן פריידע דבורה
" מאַן
" און קינדער
שנײַדמאַן יאָסל
" דאָבע (פרוי)
" און קינדער
שנײַדמאַן ישראלקע
" כאַשקע (פרוי)
שנײַדמאַן מרדכי יאָסל
" מנוחה (פרוי)
" און קינדער
שנײַדמאַן משה (מאָנד)
" האָדל (פרוי)
" און קינדער
שנײַדמאַן אַנטשעל
" פרוי
" און קינדער

שנײַדמאַן לעמל
" שרה (פרוי)
" און קינדער
שנײַדמאַן חנה
" מאַן
" און קינדער
שנײַדמאַן יאַנקל (לאַפּטשעמאַכער)
" לאה (פרוי)
שנײַדמאַן דוד
" יענטע (פרוי)
" און קינד
שנײַדמאַן אַברהם (פעטער)
שנײַדמאַן חיים
" ביילע (פרוי)
" לייזערל (קינד)
שנײַדמאַן שמואלקע
" מייטע (פרוי)
שנײַדמאַן וועלוול (בעקער)
" חנה (פרוי)
" לאה (טאָכטער)
" שמואל משה (זון)
" יהושע (זון)
שנײַדמאַן ניסן
שנײַדמאַן לייבל
" צפורה (פרוי)
" ישראל (זון)
" אַברהם (זון)
" יוסף (זון)
" פרוי פייגע
" דוד (זון)
" פרוי אסתר
" מנוחה (טאָכטער)
" און מאַן זאַוול
" און קינד בראָניעלע
שנײַדער חיימקע
" שרה (פרוי)
" און צוויי קינדער
שטערן משה
פרוי און קינדער

# לזכרון נצח

## נאָך די פאַרניכטעטע ישובים פון אונדזער אומגעגנט

אויסער דעם בלוטיקן צעטל אָדער רשימה פון אונדזערע קדושים, וועלכע מיר האָבן פאַרצייכנט באַזונדער, באַווייזן מיר אויך דעם אומקום פון אַלע ישובים פון אונדזער אומגעגנט וואָס זענען פאַרניכטעט געוואָרן דורך די בלוטיקע דײַטשע מערדער י״ש וזכרם.

צוליב סיבות פון אונדז נישט אָפּהענגיקע, קענען מיר לײַדער נישט אויסרעכענען די נעמען פון אַלע קדושים, אומגעקומענע אין די יאָרן פון דער שואה וואָס האָבן געלעבט אין די ישובים פון סטאָקער אומגעגנט און האָבן באַלאַנגט צו דער סטאָקער קהילה אַלס גאַנצע. עס איז אונדזער הייליקער חוב אײַנצושליסן זיי אַלע אין אָט דער אַזוי־וויטיקלעכער רשימה פון אונדזערע קדושים און ווען מען גדענק מיר שטעלן אָט די געשריבענע מצבה. זאָלן די נעמען פון די ערטער וואָס זענען דורות לאַנג געווען ייִדישע ישובים, דערמאָנען און פאַראייביקן די אַלע קדושים וואָס האָבן דאָרטן געלעבט אַן ערליך ייִדיש מענטשלעך לעבן און אומגעקומען אין די אַזוי טראַגישע יאָרן פון דער שואה.

(די ישובים ווערן אויסגערעכנט לויטן א״ב)

אָסטרוועק
באַצק
בודזשיסק
די הוטע
ווימיסלי
וויעלגע
וויעלגע־טאָפּאָר
וויעליטשנע
זלאָטק
זשעלעניעץ
יאַשערוווקע
לאָכווו
לאָפּיאַנקע
לי פּ ק
מראָזאָוואַ־וואָלאַ
סאַדאָוונע
פּראָסטין
פּאַפּלין
קעלטשעווע
און רעלין

# לייבל האָכבערג ע״ה — דער איבערגעגעבענער חלוץ

מיר דערמאָנען און באַווינען אַלע אונדזערע קדושים פון אונדזער געוועזענעם היימשטעטל סטאָק, אָן אויסנאַם, אויף וויפל מיר געדענקען נאָר זייערע נעמען. עס זענען אָבער פאַראַן אייניקע, וועלכע האָבן זיך בעת זייער לעבן און פריצײַטיקן טויט, אויסגעטיילט מער ווי די אַנדערע סטאָקער תושבים — און זיי פאַרדינען אַ ספּעציעלע דערמאָנונג.



לייבל האָכבערג

און אַזעלכער איז געווען דער יונגער און אַקטיווער לייבל האָכבערג, אָדער ווי מ׳פלעגט אים רופן לייבל אברהם־שמעונס, וואָס האָט אַ חוץ זײַנע אייגענע מעלות, אויך געהאַט זכות אבות. ער איז געווען אַ זון פון דעם חשובן און אָנגעזעענעם שטאָט־באַלעבאָס ר׳ אַברהם האָכבערג ז״ל.

ר׳ אברהם האָכבערג ז״ל, איז געווען, ווי מיר גיבן דאָס איבער אין אַ צווייטן טייל פון אונדזער „פנקס״, אַ צוזאַמענמיש פון תורה און חכמה און בײַ גאָר שווערע ענינים פלעגט מען אים נעמען אַלס בורר און בעל יועץ, און לייבל האָכבערג איז געווען זײַן בכור, אויף וועמען ר׳ אברהם שמעונס האָט געלייגט אַ סך האָפענונגען, אַז עס וועט פון אים „עפּעס אויסוואַקסן״.

פאַקטיש האָט מען אויף לייבלען געקענט זאָגן דאָס באַקאַנטע שפּריכוואָרט פון „מעשי אבות ירשו בנים״ — כאָטש פאַר אַ סך האָט אויסגעוויזן, אַז ער איז אַוועק אָדער אָפּגענויגט פון די וועגן פון זײַנע עלטערן — אָבער אין דער ווירקלעכקייט איז ער ווײַטער געגאַנגען אין זייערע יידישע וועגן, נאָר זיי צוגעפּאַסט צו די באַדינגונגען פון דער נײַער צײַט.

לייבל האָכבערג איז געבוירן געוואָרן אין 1912 און איז אין זײַן פריסטער יוגנט, אַרײַנגעטראָטן אין „השומר הצעיר״ און ווי ס׳האָט זיך פּראַקטיצירט אין יענער צײַט, איז ער אין עלטער פון 18 יאָר אַרײַנגעטראָטן אין די רייען פון „החלוץ״.

אַ שטאַרקן רושם האָט געמאַכט אין שטעטל, ווען דער האַרציקער און ליבער מיט אַ סך מעלות טובות, לייבל אברהם שמעונס, האָט באַשלאָסן צו מאַכן הגשמה החלוצית און איז טאַקע געווען דער פּיאָנער, — 1טער סטאָקער חלוץ— וואָס איז אַוועק אויף „הכשרה״ אין דער שטיינהאַקעריי פון קלאַסאָווע, ווו ער האָט געאַרבעט, ווי אַלע חלוצים, בײַ זייער שווערע באַדינגונגען, אָבער מיט אַן אידעאַליסטישן פײַער אין האַרצן און מיט שומרישע געזאַנגען אויף די ליפּן; „אנו עולים ארצה בשירה ו־בזימרה״... נאָכן אַדורכמאַכן די הכשרה אין קיבוץ קלעסאָוו, האָט ער געוואָלט מאַכן „עליה״. אין יענע יאָרן אָבער, ווען די ענגלישע מאַנדאַטן מאַכט, איז געווען די דעה־זאָגערין אין פּאַלעסטינע, וואָס האָט כסדר פאַרקלענערט די „סערטיפיקאַטן־קוואָטע״, און וואַרטנדיק אויף אַ „סערטיפיקאַט״, איז די צײַט ניט געבליבן „שטיין אויף אַן אָרט״... האָט לייבל „דער־ווײַל״... אַדורכגעמאַכט צוויי יאָר מיליטער־דינסט אַלס „קאַוואַלעריסט״. נאָכן דורכמאַכן מיליטער־דינסט האָט לייבל חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין דער שטאָט פּינסק, ווו ער האָט געשאַפן זײַן צײַטווײַליקע היים און דער חלום פון דעם חבר און אידעאַליסט וועגן מאַכן עליה איז ווײַטער געשפּי־נען געוואָרן.

די גרויזאַמע מלחמה האָט צעשטערט זײַן טרוים. די דײַטשע מערדערס האָבן אים דאָרטן דערגרייכט און ער האָט געטיילט דעם גורל פון אַלע קדושים אומגעקומענע אין דער שואה.

לייבל איז אומגעקומען אין פּינסק אין יוני פון יאָר 1942, זײַן פרוי מאַטל מיט זייערע צוויי טעכטערלעך, דאָבעלע און חיהלע זענען אומגעקומען אין דער גרויסער אַקציע אין פּינסק אין אָקטאָבער פון יאָר 1942.

פאַרצייכענען מיר דאָ זײַן נאָמען צום געדענקען שטענדיק ווי אַ געטרײַען חבר, חלוץ און איבערגעגעבענעם ייִד.

יהי זכרו ברוך לעולם ועד!

# מיר דערמאָנען!

טיף ערגעץ דאָרט אינעווייניק, אין אונטערבאַוווּסטזיין פון אונדזער וועזן, נאָגט אַ וואָרעם פון אומגעשטילטן ווייטיק, פון צווייפלהאַפטן שולד־געפיל פאַרן טראַגישן גורל פון נאָענטע, אייגענע, וועלכע זענען מיט אונדז געווען צוזאַמען אין די ערשטע מאָנאַטן פון מלחמה גרויל און זענען מער נישטאָ. עס האָט דער צופאַל געוואָלט אַז זיי זאָלן אָדער אַרײַנפאַלן אונטער דער דײַטשער הערשאַפט נאָך די סוף יוני־שלאַכטן פון יאָר 1941, אָדער זיי זאָלן אַליין אַוועק צוריק צו דער היים וואָס איז געווען אָקופּירט דורך די דײַטשן, פון אָקטאָבער 1939.

**חײַקל זשעלעזניעץ:** אונדזער פאָטער און שווער, וואָס איז געווען אין די ערשטע מאָנאַטן פון קריג אין סאָקאָלי און אין ביאַליסטאָק און איז צוריק אַוועק קיין סטאָק ווו ס'איז געהאַט געבליבן אונדזער מוטער און שוויגער שפרה און איז אומגעקומען אין דעם בונקער בײַ פּאָסטעקן, צוזאַמען מיט נאָך ייִדן וואָס האָבן זיך מיט אַלע מעגלעכקייטן באַמיט איבער־צולעבן דעם חורבן און נישט באַוויזן.

**מירעלע זשעלעזניעץ:** אונדזער שוועסטער און שוועגערין, וואָס איז געווען מיט אונדז צוזאַמען אין סאָקאָלי־ביאַליסטאָק און איז בעת דער באַרימטער אָבלאַווע אין די סוף יוני טעג פון יאָר 1940 אין ביאַליסטאָק אויסגעמיטן געוואָרן און איז אַזוי אַרום געבליבן און דערנאָך פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די דײַטשן אין די יוני טעג פון יאָר 1941, אומגעקומען אין סטאָק אין איינע פון די טראַגישע אַקציעס אין שטעטל.

**חיים אהרון לאַנדע:** אונדזער ברודער און שוואָגער וואָס איז צוזאַמען מיט אונדז געווען אין ביאַליסטאָק און איז אין איינער פון די ווינטער נעכט פון פעברואַר 1940, נאָכן באַקומען שלעכטע ידיעות וועגן דער לאַגע —ספּעציעל פאַמיליאַרע— אין שטעטל, אַוועק צוריק און איז דערנאָך געווען צווישן די קרבנות פון שכינותדיקן טויטן־לאַגער טרעבלינקע.

**שייקע לאַנדע:** אונדזער ברודער און שוואָגער, וואָס איז צוזאַמען מיט אונדז געווען אין ביאַליסטאָק און איז נישט פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר אין די יוני טעג פון יאָר 1940, דערנאָך געווען פאַר אונדז דער פאַרבינדלער, דער אַדרעס, פאַר אַלע סטאָקער פליטים, אין די פאַרשידענע ערטער פון זייער פאַרשיקונג, געווען דערנאָך אין ביאַליסטאָקער געטאָ און אומגעקומען צוזאַמען מיטן זיידן העניאָך לאַנדע און די מומעס רחל און שרה־לאה לאַנדע.



**אברהם לערמאַן:** אונדזער נאָענטער און טײַערער חבר און פרײַנד, וואָס איז צוזאַמען מיט אונדז פון שטעטל אַוועק, אין ביאַליסטאָק געלעבט צוזאַמען אין איין צימער און געטיילט צוזאַמען זײַנע פּײַנען, די נויט און די ליידן, איז אין די זעלבע סוף־יוני טעג פון יאָר 1940, בעת דער מענטשן־יאַגד, געכאַפּט און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. דאָרטן נאָך דער איבערזידלונג קיין אַזיע, פאַרכאַפּט געוואָרן פון עפּידעמישער קרענק און הונגער דערשעפּונג און ערגעץ דאָרטן אין די סטעפּעס פון אַזיע, אין קירגיזיע, געשטאָרבן אַ פאַראיינזאַמטער, נישט לאָזנדיק קיין זכר און צייכן פון זײַן עקזיסטענץ.

זאָלן זייערע נעמען, פאַרצייכנטע אין דעם פּנקס־סטאָק זײַן פאַראייביקט צוזאַמען מיט די פיל צענדליקער קדושים, קרבנות פון דער שואה, אונדזערע יוגנט־חברים, מיט וועמען מיר האָבן געטיילט אין פריידן און אין ליידן דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן, אָרגאַניזאַציאָנעל און סאָציאַל אין אונדזער חרוב געוואָרענעם שטעטעלע סטאָק.

כבוד זייער אָנדענק!

**חנה און יואל לאַנדע**

**חנאָ מענדעלסאָן** (אַ לאָמזשער)
בועֿנאָס־אײַרעס

# מרדכי פּאַסעסאָרסקי ע״ה

## דער סטאָקער בונדישער אַקטיוויסט, וואָס האָט יאָרן לאַנג אַקטױרט אין לאָמזשע

עס איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד צו דערמאָנען, זאָל זײַן מיט געציילטע ווערטער דעם אָנדענק פון דעם אומפאַרגעסלעכן בונדישן טוער און אַקטיוויסט פון די ערשטע רייען — חבר מרדכי פּאַ־



מ ר ד כ י   פּ אַ ס ע ס אָ ר ס ק י
(לײבטשע קצבס זון)

סעסאָרסקי ע״ה, וואָס איז אַ געבוירענער אין סטאָק, נאָר האָט דעם גרעסטן טייל פון זײַן אַקטיוויטעט אָנגעפירט אין דער אַ סך גרעסערער שטאָט לאָמזשע.

ער איז געקומען פון זײַן געבורטס־שטעטל סטאָק, בעת ער איז נאָך געווען זייער אַ יונגער; ער איז געקומען קיין לאָמזשע אין דער צײַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און זײַן יוגנטלעכן קאַמפּס־גײַסט האָט ער אָנגעהאַלטן אין פאַרלויף פון זײַן פיליעריקער טעטיקייט און אין סוף פון יאָר 1917, שליסט ער זיך אָן, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע אינטעליגענטן, אין דער דעמאָלסט געשאַפענער בונדישער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער ער איז פאַרבליבן געטרײַ און איבערגעגעבן אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן, ביז זײַן פריצײַטיקן טויט, אָדער מאָרד.

אים איז אויסגעקומען מיטצואַרבעטן אויף פאַרשידענע זייער וויכטיקע פּאָזיציעס און אומעטום האָט ער זײַן אַרבעט דורכגעפירט מיט גרויס אחריות און אינטעליגענץ. צווישן אַנדערע פלעצער האָט ער מיטגעאַרבעט אַלס „לאַווניק" אין מאַגיסטראַט (אויסגעווילט אויף דער ליסטע פון דעם „בונד") און איז אויך געווען פאָרזיצער פון צענטראַל־ראַט פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען.

אַ זייער קלוגער מענטש איז געווען מרדכי פּאַסעסאָרסקי און כאָטש ער איז נישט געווען קיין מאַסן־רעדנער, איז ער אָבער געווען אַן אויסגעשולטער געזעלשאַפטלעכער טוער, צו וועמענס וואָרט אַלע האָבן זיך צוגעהערט מיט גרויס דרך ארץ. ער האָט געהאַט אַ סך וועלטלעך וויסן און אויך געהאַט סמיכות אויף רבנות, אָבער די פּאַרטיי איז געווען דער הויפּט־אינהאַלט פון זײַן לעבן און איז צוליב זײַנע פּאַרטיי־טעטיקייטן אַ סך מאָל געזעסן אין פאַרשידענע פּוילישע תפיסות.

אָבער אַ סוף געמאַכט צו זײַן קעמפעריש לעבן, האָבן גראָד די פאַרשטייער פון סאָוועטן־לאַנד, וועלכע האָבן נאָך זייער אָקופּירן לאָמזשע אין יאָר 1939, אים פאַרשיקט און אומגעבראַכט אין די סאָוועטישע לאַגערן.

דאָ אין אַרגענטינע זענען געווען זײַנע צוויי זין און נאָך דער מלחמה איז אַהער געקומען זײַן טאָכטער מאַשע וועלכע איז געשטאָרבן אין יאָר 1971.

כבוד זײַן אָנדענק — און זאָל זײַן נאָמען פאַראייביקט ווערן אין דעם יזכור־בוך פון די אומגעקומענע קדושי־סטאָק!

# שלמה לאופער ע״ה

## דער יונגער קרבן פון באַצק־לאַפּיאַנקי

שלמה לאַופּער, אָדער ווי אַ סך האָבן אים אָנגערופן פשוט חבר שלמה, איז געבוירן געוואָרן אין סטאָק און שפּעטער געוווינט אין דער אומגעגנט פון אונדזער שטאָט, אָדער ווי מען פלעגט דאָס אָנרופן „די פּאַראייניקטע שטאָטן״ פון אונדזער אומגעקומענער שטאָט.

ער איז געבוירן געוואָרן אומגעפער אין דעם יאָר 1910 און שפּעטער אַריבערגעפאָרן מיט זיינע עלטערן קיין באַצק־לאַפּיאַנקע און באַלד אין זיינע יונגע יאָרן איז ער אַרייַנגעטראָטן אין דער גרויסער מעטאַל־פאַבריק פון פּערליס, וווּ עס האָבן געאַרבעט עטלעכע הונדערט אַרבעטער, אין גרעסטן טייל י י ד י ש ע. אין דאָרטן האָט ער צוזאַמען מיט זיין אַרבעט, אויך באַקומען זיין אַרבעטער־באַוווסטזיין; ער איז אַרייַנגעטראָטן אין דער פּועלי־ציוניסטישער „יוגנט״, וווּ ער האָט וויַיטער אַלץ מערער זיך אַרויסגערוקט און פאַרנומען דאָרטן וויכטיקע און אחריותפולע אַמטן, ביז ער איז געוואָרן אַ מיטגליד פון צענטראַל קאָמיטעט פון „יוגנט״־פאַרבאַנד און אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון יוגנט־זשורנאַל „דער נייַער דור״.



שלמה לאַופּער

מיר וועלן אַרויסנעמען אייניקע אויסצוגן פון דעם בוך „קווערשניט״ פון באַקאַנטן פּועלי ציון פירער יעקב קענער. אָט וואָס ער שרייַבט וועגן אים:

„שלמה לאופער איז געפאַלן אינעם קאַמף קעגן די נאַציס, אין בליענדיקן עלטער פון איבער 30 יאָר. מער ווי אַ העלפט פון זיין לעבן איז ער געשטאַנען אין די פאָדערשטע רייען פון דער פּועלי־ציון מחנה און איז געווען אַקטיוו אויפן יוגנט פראָנט פון אונדזער באַוועגונג״.

**און וויַיטער שרייַבט ער וועגן אים:**

„ער האָט געהאַלטן לעקציעס אויף פּאָליטישע, ליטעראַרישע און אַלגעמיין סאָציאַליסטישע טעמעס. ער ווערט דער ליבלינג פון דער גאַנצער פּאָדלאַשער יוגנט און דער צ״ק פון „יוגנט״־פאַרבאַנד באַקומט כסדר פאָדערונגען פון ווענגראָוו, סאָקאָלאָוו, סטאָק, יאַדאָווע, ווישקאָוו, שעדלעץ, אָסטראָוו און אַפילו פון וויַיטערע פונקטן, אַז מען זאָל צו זיי שיקן אויף אַ רעפעראַט דעם ח׳ לאופער, וועלכער הייבט אָן צו שמן ווי אַ וווּנדער־קינד — און אַ גלענצנדיקער אָראַטאָר מיט טעאָרעטישע בקיאות״.

**וויַיטער גיט איבער דער זעלביקער יעקב קענער, אַז אין 1935 ווערט שלמה לאופער אויסגעווילט אין צענטראַל קאָמיטעט פונעם „יוגנט״־פאַרבאַנד און אויף אַלע עפנטלעכע אונטערנעמונגען פון דער פּאַרטיי, טרעט ער אַרויס אַלס רעדנער פון דער „יוגנט״ און נעמט שטאַרק אויס, סיי מיט זיין אָראַטאָרישן טאַלאַנט, סיי מיט זיין רעוואָלוציאָנערן פּאַטאָס. און גיט צו יעקב קענער:**

„אין דער וואַרשעווער געטאָ רעדאַקטירט ער דעם אומלעגאַלן זשורנאַל פון דער פּועלי־ציון „יוגנט״ און ער באַטייליקט זיך אַקטיוו אין אַלע אונטערערדישע טעטיקייטן — ביז ער פאַלט אַרייַן אין די לאַפּעס פון די דייַטשע מערדער און קומט אום מיט אַ מאַרטירער־טויט ווי אַ קרבן פון דעם קאַמף קעגן היטלעריזם״.

**איז כבוד זיין אָנדענק און זאָל זיין נאָמען פאַרצייכנט ווערן אין אונדזער פּנקס.**

# אַ גרופּע אָנגעהעריקע צו פאַרשידענע פּאָליטישע



**לייזער קיטשקאָווסקי**
אַקטיווער בונדיסט



**מאַשע זשעלעניעץ**
אַקטיווע בונדיסטין



**יחזקאל ראָזענבוים**
אַקטיווער לינקער פּועלי־ציוניסט



**רייזל בורשטיין**
אַקטיווע בונדיסטין



**שמחה שוואַרצפאַרב**
אַקטיווער לינקער פּועלי־ציוניסט



**שרהטשע בורשטיין־שוואַרצפאַרב**



**אברהם אליה זשעלעניעץ**
אַקטיווער „מזרחי״־טוער



**עלע פּאָזשאָמעק**
אַקטיווער בונדיסט

**לייבל בורשטיין**



**שמחה שטערן**
לינקער פּועלי־ציוניסט



**משה דוד מיידענבוים**
אַקטיווער בונדיסט



**הערשל פּעגעמאַן**
אַקטיווער לינקער פּועלי־ציוניסט



**שלמה פּײַערטאַג**

# פאַרטייען אומגעקומענע אין די שואה־יאָרן


ישראל חיים קיאַק
חבר פון „החלוץ"


שמואל ווערזשבינסקי
„ציוני־ותיק"


חיים נתן גאָלאַנט
„ציוני ותיק"


הערש מאיר ראָזענבוים
חבר פון די רעכטע „פועלי־ציון"


בעלטשע אָסטשעגאָ
חברה פון „השומר הצעיר"


טוביה פרידמאַן
אָנפירער פון „החלוץ"


מאָטל ווישניעווסקי
חבר פון „השומר הצעיר"


יענטע קראָנפעלד
חברה פון „השומר הצעיר"


אהרן סטאָלאָוויטש
חבר פון „החלוץ"


חיה שרה סטאָלאָוויטש
חברה פון „השומר הצעיר"


שרה לאַנגלייב
חברה פון „השומר הצעיר"


זיסל מילער
חברה פון „השומר הצעיר"

בחייהם ובמותם לא נפרדו

# לזכר עולם

## פאַר דעם פאַנטעאָן פון אונדזער געשיכטע

צוזאַמענשטעלנדיק אונדזער „פּנקס סטאָק" וואָס נעמט אַריין פאַרשידענע אַרבעטן וועגן שטעטל, זענען פאַראַן פיל פאַרצייכענונגען פון שרידי סטאָק וואָס האָבן איבערגעלעבט די מלחמה דורכמאַכנדיק אוישוויץ, טרעבלינקע און אַנדערע לאַגערן, ווי אויך אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די וועלדער, בונקערס, אָדער ביי פּויערים.


אַלעקסאַנדער און העלענאַ סטיש, פון דאָרף דרגיטש

אין די פאַרצייכענונגען ווערט דערציילט וועגן די שווידערלעכע גרוילן און פּיינען וואָס אונדזערע אייגענע האָבן דורכגעמאַכט אין די שרעקלעכע יאָרן פון אומקום און פאַרניכטונג.

אין אייניקע דערציילונגען ווערט דערמאָנט די הילף און שטיצע, די שוץ וואָס האָט דערמעגלעכט זייער איבערלעבונג. ס'איז אונדזער ווילן און מענטשלעכער חוב אַרויסצוהייבן די דאָזיקע פּאַליאַקן, די אַזוי גערופענע חסידי־אומות העולם וואָס האָבן איינגעשטעלט זייער לעבן ביים געבן די הילף, און אין פאַלן אַליין באַצאָלט מיטן לעבן, טיילנדיק צוזאַמען דעם גורל מיט די קרבנות פאַרן געבן זיי די הילף אין אָט דער פינצטערער חורבן תקופה פון אונדזער געשיכטע. דאָס זענען: די פאַמיליע **פאַסטעק**, וואָס איז אומגעקומען צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע יידן, אַרום צוואַנציק פּערזאָן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי זיי אין אַ בונקער.


מיעטעק ראַדזימינסקי

דער יונגער פּאָלאַק **מיעטעק ראַדזימינסקי** וואָס האָט מיט אַלע מעגלעכקייטן און אויסערסט שווערע באַדינגונגען מיטגעהאָלפן דאָס איבערלעבן פון צען יידישע נפשות.

דאָס עלטערע פּאָרפאָלק **אַלעקסאַנדער** און **העלענאַ סטיש**, די פרויען **ראַדזימינסקאַ** און **העלענאַ אָלעשקאָוואַ**, וועלכע האָבן ממש ווי מלאכים געשיצט די אויסבאַהאַלטענע יידן. זאָלן העריבער די נעמען פאַרצייכנט און אַרויסגעהויבן ווערן, באַגלייט מיט די אויסדרוקן פון לויב און דאַנקבאַרקייט, אַריינגענעמענדיק זיי אין דעם פּאַנטעאָן פון אונדזער געשיכטע לזכר עולם.

# יזכור גבורי ישראל!

מיט שרעק און פּײַנלעכער זאָרג זענען אויסגעפּולט די טעג ווען מיר שליסן די יזכור-טייל פון אונדזער „פּנקס סטאָק”, שווערע וואָלקנס פאַרטונקלען דעם הימל פון אונדזער ייִדישן האָריזאָנט, די עכאָס פון די בלוטי־קע שלאַכטן וואָס וויקלען זיך אויס אין די טעג אויף די ישראל־פראָנטן דערגרייכן די אַלע ייִדישע הערצער אין אַלע תפוצות איבער דעם גאַנצן ערד־קויל (כדור).


יעקב זיטומירסקי ז״ל, נפל במלחמת יום־הדין כ״ב תשרי תשל״ד

דער אויסברוך פון דער „יום כיפּור מלחמה” האָט ווי עלעקטריזירט דאָס וועלט־ייִדנטום, מיר זענען אַלע אויפגעשווידערט איבער דעם ברוטאַלן פאַרעם פון די קאַמפן. ווידער האָבן זיך פאַראייניקט די כוחות פון שלעכטס געשטיצט פון אַ ברוטאַלער מאַכט, פון האַס און שנאה, אין אַ פאַרמעסט קעגן ישראל. קעמפט דאָס קליינע ישראל אין אָט דער גיגאַנטישער שלאַכט און צאָלט מיט קרבנות, צאָלט מיט בלוט פון אירע יונגע קינדער וואָס פאַלן ווי גיבורים, הייליקנדיק דעם נאָמען ישראל, צאָלן דעם העכסטן און טייַערסטן פּרײַז פאַר אונדזער אַלעמענס רעכט צו לעבן ווי ייִדן.

ווידער ציילן מיר די טויטע, ווידער מאַכן מיר אַז־כרות, עס האַלט אָן דער קאַמף און מיר שרײַבן אַרײַן טאָג־טעגלעך נײַע בלעטלעך אין דער מאַרטירער געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

שליסן מיר די יזכור־טייל פון אונדזער פּנקס מיט אַ יזכור־נעקראָלאָג נאָך איי־נעם פון אָט די העלדן וואָס זענען געפאַלן אין דער מלחמה אַלס אַ סימבאָלישער טרויער אָנשלוס אין דערמאָנונג פון אָט די אַלע גיבורים וואָס זענען געפאַלן, באַ־צאָלט מיט זייער לעבן אין פאַרטיידיקונג פון מדינת ישראל און אין קאַמף פאַר דעם רעכט צו לעבן און עקזיסטירן אַלס פאָלק, אַלס ייִדן, ווי מענטשן גלײַכע מיט אַלע פעלקער און לענדער אויף דער וועלט.

מיר טיילן אויס און דערמאָנען אין אונדזער יזכור איינעם וואָס איז געפאַלן אין די קאַמפן בײַם פאַרטיידיקן דאָס לאַנד אין אָט דער יום כיפּור מלחמה, פון איי־נעם וואָס איז אַן אָפּשטאַמיקער פון סטאָק, דאָס אייניקל פון עטע זשעלעניעץ־האָכבערג, (פּײַווע מאַטלס טאָכטער), וואָס פיגורירן אין אונדזער יזכור רשימה פון די קדושים, מיר דערמאָנען אים ווי אַ המשך פון סטאָקער גזע.

י ז כ ו ר ! זאָל זײַן דערהויבן און געהייליקט דער נאָמען פון יעקב זשיטאָ־מירסקי, פון קיבוץ „נירים”, זון פון חנה האָכבערג און יהודה זשיטאָמירסקי וואָס איז געפאַלן אויפן סועץ־פראָנט דעם 18טן אָקטאָבער 1973, פאַרטיידיקנדיק דאָס לאַנד און זײַן פאָלק, פאַר דער רעכט צו לעבן ווי פרײַע מענטשן אין אַ וועלט פון שלום.

דער פאַראבלטער משפּחה אונדזער טרייסט און דערמוטיקונג אין אָט די שווערע טעג, זײַט געבענטשט מיט דער אויסדויער קראַפט איבערצוטראָגן די ליידן מיט ווירדע אין דער פאַרהערלעכונג און דערהויבונג פון זײַן ליכטיקן אָנדענק!

י ה י ז כ ר ו ב ר ו ך !

**חנה** און **יואל**

בוענאָס־אײַרעס, נאָוועמבער 1973

# צום הייליקן אָנדענק פון אונדזערע אומגעבראַכטע עלטערן, ברידער און שוועסטער

פון **שמחה** און **יואל לאַנדע**

מיר טראַכטן כסדר ווי אַזוי צו פאַראייביקן און לאָזן געדענקען לדור דורות אײַערע נעמען און אײַער אָנדענק, וואָס איז בײַ אונדז שטענדיק געווען און וועט ווײַטער פאַרבלײַבן הייליק און טײַער.

אין נאָרמאַלע, געוויינלעכע צײַטן, ווען עס שטאַרבט, אָדער עס קומט אום אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ ברודער אָדער שוועסטער, ווערט זײַן —אָדער זייער— נאָמען פאַראייביקט דורך אַ מצבה און דער טרויער נאָך זיי ווערט געוויינלעך געשטילט מיט דעם אַלטן און אייביק טראַדיציאָנעלן קדיש.

איר אָבער זענט אומגעקומען, ריכטיקער אומגעבראַכט געוואָרן, נישט אין קיין נאָרמאַלער צײַט און מען האָט אײַך אומגעבראַכט — מיר ווייסן נישט צי צוזאַמען אָדער באַזונדער, ווי אַ טייל פון די טראַגיש־אומגעבראַכטע זעקס מיליאָן קדושים וואָס אונדזער אייביק געפּרוווט יידיש פאָלק האָט געצאָלט פאַר דעם בלוטדורשטיקן מאָנסטער פון דער איצטיקער צײַט, וואָס האָט געטראָגן דעם שענדלעך־שוידערלעכן נאָמען נאַציזם, אָדער היט־לעריזם.

מען האָט אײַך אומגעבראַכט און פאַרברענט און מיר ווייסן אַפילו נישט, ווו אײַער הייליק אַש געפינט זיך און אַפילו נישט, ווו מיר וואָלטן באַדאַרפט אויפשטעלן נאָך אײַך אַ מ צ ב ה. מיר ווייסן אויך נישט דעם באַשטימטן טאָג, ווען מיר דאַרפן נאָך אײַך זאָגן אַ קדיש.

אָבער כל זמן מיר וועלן לעבן, וועלן מיר דעם דאָזיקן הייליקן אָנדענק ווײַטער האַלטן און אים איבערגעבן צו אונדזערע קינדער און אייניקלעך. אַ נאָמען געבנדיק נאָך אײַך, אָבער דערמיט איז נאָך ווײַט נישט צופרידן געשטעלט געוואָרן אונדזער הײליקן —ווי געטרײַע קינדער— אײַער אָנדענק צו פאַראייביקן, אַזוי ווי איר האָט דאָס פאַרדינט.

האָבן מיר דערפאַר אין דעם „מרתף השואה", אין דעם קעלער וואָס פאַראייביקט די פאַרוויסטונג




אָנדענק־טאָוול אינעם „כּרתף־השואה", אויפן הר־ציון אין ירושלים

**און די קאַטאַסטראָפע פון אונדזער פאָלק, וואָס געפינט זיך אין דער הייליקער שטאָט ירושלים. אויפן הר־ציון, אויפגעשלאָגן אַ בראָנדזענעם טאָוול, אין וועלכן עס זאָגט זיך דאָס וואָס מיר חזרן איצט איבער אין אונדזער אַלגעמיינעם אָנדענקס־בוך — אין אונדזער פנקס: איבערגעזעצט אויף ייִדיש.**

„פאַר דער דערהויבונג פון די נשמות, פון אונדזער פאָטער ר׳ פנחס דוד, זון פון ר׳ חנוך הענעך לאַנדאַו, פון אונדזער מוטער רבקה, די טאָכטער פון ר׳ שלמה בורשטיין; פון אונדזערע ברידער: חיים אהרן און ישעיהו, זין פון ר׳ פנחס דוד לאַנדאַו; פון אונדזערע שוועסטער פייגע, פערל און בינה טעכטער פון ר׳ פנחס דוד לאַנדאַו, וואָס זענען דערמאָרדעט געוואָרן אויף קידוש השם אין די יאָרן פון דער פאַרוויסטונג אָנדענקס־טאָג י״ג תשרי. גאָט זאָל זיך נוקם זיין פאַר אייער בלוט. ת. נ. צ. ב. ה; — פאַראייביקט דורך שמחה און יואל לאַנדע, אַרגענטינע״.



פּנחס דוד בר׳ חנוך הענעך ז״ל רבקה בת ר׳ שלמה ז״ל



לינקס: חנהטשע (רויזעס) בלומענקראַנץ; פון רעכטס: די 3 שוועסטער: פייגע, בינעלע און פערל לאַנדע



חיים־אהרן לאַנדע



ישעיהקע לאַנדע

**מיט די טיפסטע געפילן פון טרויער, פון אומענדלעכן ווייטיק און צער,**
דערמאָנען מיר מיט פאַרערונג און ליבשאַפט אונדזערע אומפאַרגעסלעכע מאַרטי־רער־קדושים וואָס זענען אַזוי אכזריותדיק אומגעבראַכט געוואָרן אין די טראַגישע מלחמה־יאָרן דורך די בלוטיקע נאַציישע מערדער.


חייקל זשעלעניעץ


שפרה לאַשיצקי - זשעלעניעץ

**יזכור נאָך אונדזערע ליבע און טײַערע עלטערן:**

# חייקל זשעלעניעץ
# שפרה לאַשיצקי — זשעלעניעץ
# מירעלע זשעלעניעץ

זאָלן זייערע נעמען אײַנגעפלאָכטענע אין דעם ווײַטערדיקן לעבנס־קראַנץ שטענדיק זײַן פאַרהערליכט און דערמאָנט מיט ליבשאַפט.

**יהי זכרם ברוך!**

טאָכטער: **חנה זשעלעניעץ - לאַנדע**
איידעם: **יואל לאַנדע**
אייניקלעך: **פנחס חייקל לאַנדע**
**אסתר ביאַלאָגאָרסקי - לאַנדע**
**מאָטל הענאָך לאַנדע**

# מיר דערמאָנען



פון רעכטס: רויזע און רחל — טעכטער פון עטע און יעקב האָכבערג

יעקב האָכבערג

עטע זשעלעניעץ־האָכבערג

(זײַן פרוי)

זלאַטע

זשעלעניעץ־נײַהויז

און זייערע קינדער

די טעכטער מיט זייערע משפחות פון פײַוול־מאָטל און אסתר־ברכה זשעלעניעץ



זלאַטע זשעלעניעץ - נײַהויז

מנוחה פאָזשאָמעק זשעלעניעץ

אירע קינדער:

קיילע זישע

העניע חייקל

עלע חנה־איטע

סופר יצחק

לאָשיצקי ז״ל

זײַן זון: העניאַך לאָשיצקי

פרוי: שרה דבורה

טעכטער:

חנהטשע

רבקה

מירל



לינקס: יאָספע לאָשיצקי

(יצחק סופרס טאָכטער)

יאָספע לאָשיצקי

איר מאַן:

יוקל הודטשער

קינדער: חייטשע

יאָסעלע

שייקעלע

ס׳דערמאָנט:

חנה זשעלעניעץ־לאַנדע

ב. איירעס (אַרגענטינע)

## דאָס בלוט פון די קדושים פליסט אין אונדזערע אָדערן

מיר וועלן שטענדיק געדענקען און קיינמאָל נישט פאַרגעסן
דעם טראַגישן אומקום פון אונדזערע הייסגעליבטע


רויזע בורשטיין

# רויזע בורשטיין־בלומענקראַנץ הי״ד

# יחיאלקע בלומענקראַנץ הי״ד

זייערע קינדער

# חנהטשע און שלמהקע הי״ד


לייבל בורשטיין

# לייבל בורשטיין הי״ד

פרוי

# מנוחה

און זייערע קינדער

אומגעבראַכטע דורך די נאַציישע תליינים ימח שמם. אײַער אָנדענק וועט אָבער שטענדיק בלײַבן לעבן אין אונדזערע הערצער און מיר פאַרצייכענען אײַך אויף די בלעטער פון אונדזער „פנקס סטאָק".

עס באַווײנען אײַך:

עטל בורשטיין
גאָלדע בורשטיין און חיים צוקער און פאַמ׳
שמחה ב. לאַנדע און קינדער
יואל לאַנדע און פאַמ׳ (בוענאָס־אײַרעס)

## מיט געבויגענע קעפּ און הערצער פול מיט ווייטיק דערמאָנען מיר:



דעם סטאָקער רבס טאָכטער יהודית קאַנטאָר מיט אַ קוזינקע פון וואָלאָמין

אונדזער אומגעבראַכטער מוטער **שרה ע״ה**
אונדזער פעטער **הרב שמואל קן-טהור ז״ל**
אונדזער מומע הרבנית **אסתר גאָלדע ע״ה**
זייערע קינדער:
**משה ברוך ע״ה**
**יאַנקל ע״ה**
**ישראל ע״ה**
**יהודית ע״ה**
**יוכבד און רחלע**

אייביק וועט איר בלייבן לעבן אין אונדזער אָנדענק!

**רחל אָפּענהיים-אָסטשעגאַ און פאַמיליע (סאַלטאַ, אַרגענטינע)**
**פייגעלע אָפּענהיים-זילבערשטיין און פאַמיליע (תל-אביב, ישראל)**
**אסתר אַלבערשטיין-ברינשטיין און פאַמיליע (בוענאָס איירעס, אַרגענטינע)**

---

## מיר היילוקן דעם אָנדענק פון אונדזערע אומגעבראַכטע קדושים

עלטערן: **שלום הערש און יאַספּע אָסטשעגאַ ע״ה**
שוועסטער: **עטל;** מאַן: **זכריה מאַלצמאַן און קינד**
שוועסטער: **בעלטשע**

וואָס זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע קדושי סטאָק אין די יאָרן פון חורבן.

מיר וועלן אייך שטענדיק געדענקען!

**יודל אָסטשעגאַ און פאַמיליע (סאַלטאַ, אַרגענטינע)**
**קינדער פון שעפּסל און מינדל אָסטשעגאַ (קאָרדאָבע, אַרגענטינע)**

---

## יזכור!

מיט די טיפסטע געפילן פון טרויער און ווייטיקלעכן צער, דערמאָנען מיר מיט יראת הכבוד דעם טיף גליביקן און גאָטספאָרכטיקן ייִדן

## ר׳ חנוך הענעך לאַנדע

מיט זיינע צוויי טעכטער (אונדזערע מומעס) **רחל** און **שרה-לאה לאַנדע**, וואָס זענען אומגעקומען אין די שרעקלעכע יאָרן פון דער שואה אין ביאַליסטאָקער געטאָ. זאָל דאָס זיין אונדזער סימבאָלישע מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

יהי זכרם ברוך לעולם ועד!

**שמחה לאַנדע און קינדער**
**יואל לאַנדע און משפּחה**
בוענאָס-איירעס, אַרגענטינע

# יזכור אלוקים!

דעם הייליקן אָנדענק פון מײַן שווער
און שוויגער

**אברהם יעקב** און **חנה צירל מאַלצמאַן**
**הי״ד**

שוואָגערס און שוועגערינס

**ברוך מאַלצמאַן, פרוי און קינדער הי״ד**

**הערשל** און **איטע רויזע סקאָרופקע**
**און קינדער הי״ד**

**אליהו** און **דבורה מאַלצמאַן** און
**קינדער הי״ד**

**זכריה** און **עטל מאַלצמאַן** און
**זייער קינד הי״ד**

מיט אַ באַזונדער ווייטיק דערמאָן איך מײַן חברטע
און לעבנס־באַגלייטערין

**מ י נ ד ל  ע ״ ה**

וואָס האָט זיך ד׳ מרחשון תשל״ג (12טן אָקטאָבער 1972) פּאַראייניקט מיט איר משפּחה.

דער גרויזאַמער גזר אויף דער משפּחה, איז אי־בערגעשטיגן די תוכחה. „ונשאר להם אחד מעיר ושניים ממשפּחה״.



עטל אָסטשעגאַ־מאַלצמאַן מיטן קינד



אויבן, פון רעכטס: **עטל אָסטשעגאַ, זכריה און מינדל מאַלצמאַן, הערשל און איטע רויזע סקאָרופקע;** אין מיטן: **רבקה מאַלצמאַן און בעל־טשע אָסטשעגאַ;** אונטן: **מינדעלע און איטקעלע סקאָרופקע**



רבקה מאַלצמאַן



עלע און זכריה מאַלצמאַן



איטע רויזע מאַלצמאַן־סקאָרופקע

עס באַוויינט: **בעריש נאָוועמשטערן** און **קינדער** (בוענאָס־אײַרעס)

# לזכרון נצח!

„על זאת אספדה ואילילה אילכה שולל וערום אעשה
מספד כתנים ואבל כבנות יענה" (מיכה א. ח.)

לזכר אבינו היקר באדם

## ר' משה בן ר' יעקב יהושע
ע"ה
נפטר בשנת תרפ"ד

אמנו היקרה

## ינטה נחמה בת ר' יצחק ע"ה
נפטרה בשנת תרצ"ח בסטוק

אחינו

## מרדכי מענדל הי"ד
נשרף בטרבלינקה

אחותינו

## שרה שיינדל הי"ד
## פייגע לאה הי"ד

שנשרפו בטרבלינקה

יזכרם ה' עם שאר צדיקי עולם וינקום נקמת דמם
השפוך כי דורש דמים אותם זכר.

**זכרם יהא שמור בליבנו לנצח!**

בריש נובנשטרן ומשפחתו (ב. איירס)
ירחמיאל נובנשטרן ומשפחתו (ישראל)
יחיאל נובנשטרן ומשפחתו (ישראל)
חיה נובנשטרן וילינסקי ומשפחתה (ישראל)



יענטע נחמה ע"ה



שרה שיינדל הי"ד



פייגע לאה הי"ד

# מיר שטעלן דאָ אונדזערע סימבאָלישע מצבות

אין אָנדענק נאָך אונדזערע עלטערן

## אברהם יצחק און בינע זיסק ע״ה

אונדזער שוועסטער

## לאה

און איר זון

## שמואל קאַרצאַרוש ע״ה

אונדזער שוועסטער און שוואָגער

## חוה רחל און יעקב סוקעניק

און זייערע צוויי קינדער ע״ה

אונדזער פעטער און מומע

## לייבל און אסתר זילבערבערג

ע״ה

(אָנגערופן לייבל אַדוואָקאַט און געווען אַ סך יאָרן דער סאָלטיס פון סטאָק)

אומגעבראַכט דורך די נאַצישע באַנדיטן אין דעם טרויעריק־באַרימטן טויטן לאַגער פון טרעבלינקע.

**כבוד זייער אָנדענק!**



עלטערן: אברהם יצחק און בינע זיסק



שמואל קאַרצאַוש



שוועסטער חוה רחל, שוואָגער, יעקב סוקעניק מיט זייערע 2 קינדער

**פאַראייביקט דורך די אין טרויער פאַרבליבענע**

פייגע לאָסאָוויטש
שרה לאָסאָוויטש
משה און אידאַ זיסק
יחיאל און לילי זיסק
דוד און עלינאָר זיסק
אהרן און ראוז זיסק
און פאַמיליעס (ניו־יאָרק)

# מיר וועלן קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם הייליקן אָנדענק

פון אונדזער אומגעקומענער משפחה אין טרעבלינקע

פאָטער: אברהם שלמה טשאַפּקעוויטש ע״ה
מוטער: פריידע לאה טשאַפּקעוויטש ע״ה
ברודער: שמואל יצחק טשאַפּקעוויטש ע״ה
שוועגערין: חיה טשאַפּקעוויטש ע״ה
זייערע קינדער: גאָלדע טשאַפּקעוויטש ע״ה
ביילע טשאַפּקעוויטש ע״ה
אונדזערע ברידער: שמחה טשאַפּקעוויטש ע״ה
יעקב טשאַפּקעוויטש ע״ה
שוועסטער: פּייע פּאָזשאַמעק ע״ה
שוואָגער: זישע בראָק ע״ה
זייערע קינדער: מאיר בראָק ע״ה
פּערל בראָק ע״ה
אונדזער שוועסטער: חנה טשאַפּקעוויטש ע״ה

איר אַלע וואָס זענט טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן דורך די דייטשע מערדערס ימח שמם.

מיר וועלן אייך אייביק געדענקען מיט כבוד

ישראל אליהו טשאַפּקעוויטש (ניו־יאָרק)
זעליק טשאַפּקעוויטש (ניו־יאָרק)



ברודער שמואל יצחק און שוועגערין חיה
פון דער היים וויעזשבינסקי



שמחה טשאַפּקעוויטש

---

# מיר באַוויינען דעם אומקום

פון אונדזער פעטער

מאָטל פּאָגאָדע ע״ה
מומע: ציר ל ע״ה
קינדער: הערשל ע״ה
פּיניע ע״ה
משה אהרן ע״ה
נחמה ע״ה

מיר וועלן אייך אייביק געדענקען!
כבוד אייער אָנדענק און דעם אָנדענק פון אַלע סטאָקער קדושים!

איר וועט שטענדיק זיין אין אונדזער זכרון!

ישראל אליהו טשאַפּקעוויטש (ניו־יאָרק)
זעליק טשאַפּקעוויטש (ניו־יאָרק)



הערשל, פּיניע, משה אהרן און
נחמה פּאָגאָדע

# צום אייביקן און ליכטיקן אָנדענק

— פון —

# אונדזערע קדושים

## יתגדל ויתקדש...

זאָלן געהייליקט ווערן די ליכטיקע נעמען פון די קדושי סטאָק, אונדזערע ליבע און אומפאַרגעסלעכע


איטע רויזע רובינשטיין
זאוול סטאָלארס טאָכטער


מעכלע בערגמאַן

זאוול רובינשטיין ע״ה
רבקה רובינשטיין ע״ה
איטע רויזע רובינשטיין ע״ה
ישראל שמעון רובינשטיין ע״ה
מאיר לייב רובינשטיין ע״ה
יאַנקל בערגמאַן ע״ה
רייזל בערגמאַן ע״ה
שרה איטקע בערגמאַן ע״ה
רחל לאה בערגמאַן ע״ה
זישע בערגמאַן ע״ה
ישראל בערגמאַן ע״ה
אסתר פערל בערגמאַן ע״ה
מעכלע בערגמאַן ע״ה

וואָס זענען אַלע דערמאָרדעט געוואָרן דורך די נאַצישע מערדערס ימח שמם אין די שרעקלעכע צײַטן פון דער שואה.

אײַער ליכטיקער אָנדענק וועט אָבער שטענדיק פאַרבלײַבן בײַ אונדז און מיר פאַראייביקן אײַך אויך אין דעם „פנקס סטאָק״

דוד בערל און הנה רובינשטיין
שמואל צבי און חיה זיסל רובינשטיין-קאָהען
מאיר יעקב און לייב קאָהען און רייזל ה. קאָהען
יעקב שמואל און זאוול רובינשטיין
דבורה רובינשטיין, ישראל זישע רובינשטיין
הערשעלע מאָטל צבי רובינשטיין (ניו-יאָרק)

# מיר באַווייגען

## דעם טראַגישן אומקום פון אונדזערע אומפאַרגעסלעכע



לייזער און דבורה גאָלדפאַרב

פאָטער און מוטער

# לייזער און דבורה גאָלדפאַרב הי״ד

שוועסטער

# חיה טעמע גוטמאַן און קינדער הי״ד

שוועסטער און שוואָגער

# רבקה און שמחה קרעפּליאַק הי״ד

פעטער

# יצחק יוסף מאַסלאָווסקי הי״ד

אומגעבראַכטע דורך די נאַצים ימח שמם

עס וועט אייַך אייביק געדענקען און דערמאָנען

שרה פייגע גאָלדפאַרב און פאַמיליע — (ניו־יאָרק)

## אין ליכטיקן אָנדענק פון אונדזערע קדושים

פון אונדזערע ליבע און טײַערע
אומגעקומענע:

פאָטער: שלמה זלמן ווישניע הי״ד
מוטער: ברכה הי״ד
שוועסטער: מינדעלע הי״ד
ברודער: ישראל יאָסל הי״ד
ברודער: לייזער הי״ד
ברודער: שימעלע הי״ד

וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן על קידוש השם והעם דורך די מערדערישע נאַצים ימח שמם.

**מיר וועלן אײַך שטענדיק געדענקען!**

**אסתר ווישניע**
און מאַן
**שמואלקע גאָלדבערג** און פאַמ׳
(ניו־יאָרק)



שלמה זלמן און ברכה ווישניע

---

# מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן און שטענדיק געדענקען

## דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע קדושים

פאָטער: **זעליק גאָלדבערג הי״ד**
מוטער: **חיה פייגע הי״ד**
שוועסטער: **רייזל הי״ד**
שוועסטער: **העניע הי״ד**
ברודער: **הערש מאיר הי״ד**
ברודער: **יאַנקל הי״ד**
ברודער: **איטשע הי״ד**

אומגעבראַכטע פון די דײַטשע מערדערס. אײַער הייליקער אָנדענק וועט שטענדיק לעבן אין אונדז.

**שמואלקע און אסתר גאָלדבערג און פאַמיליע** (ניו־יאָרק)

# מיר דערמאָנען זיי!!!

וועמען דער גרויזאַמער גזר האָט איבערגעשטיגן אַפילו די תוכחה:
„נישט געבליבן קיינער פון זיי".



משה חיים באַנוועל מיט זײַן פֿאַמיליע (דעם גרויסן יוספס זון)



רויזע פשעשטשעלעניעץ
פון סאַדאָווונע



„קינדער שפילן זיך אין וואַלד" — פאַרן נײַן
סעפּטעמבער 1939



נאַשע ק. גרינוואַלד



שיינע גרינוואַלד
(זכריה גלעזערס טאָכטער)



שמואל טשאַפּקעוויטשעס 2 קינדערלעך
און דאָס קלענסטע איז שײַע גאָלדשטיינס
מיידעלע



(„פּרויקעס" טעכטער)
טויבע און פייגע זילבערבערג

## מיט בלוטיקע טרערן פון ווייטיק און צער, דערמאָן
## איך מײַנע ליבע און טײַערע עלטערן, ברודער און שוועסטער


רחל לאה לערמאַן

וואָס זענען אַזוי אומברחמנותדיק פאַרשניטן געוואָרן אין זייער יונגן עלטער צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע קדושים אין דער שואה.

פאָטער: יעקב דוד לערמאַן
מוטער: חיה שרה
ברידער: ישראל, שלמה, יצחק
שוועסטער: רחל־לאה, רבקה
פייגע, ברכה.

זאָל דאָס זײַן מײַן סימבאָלישע מצבה


ישראל לערמאַן

פערל לערמאַן - קראַנץ און פאַמ' (ישראל)

---

## מיט צער און ווייטיק באַוויינען מיר אײַער טראַגישן אומקום
## אין די יאָרן פון שרעקלעכן חורבן, שווער צו געפינען אַ טרייסט.

זאָל דאָס זײַן אונדזער סימבאָלישע מצבה אין אײַער אָנדענק!

פאָטער: לייבקע פאַסעסאָרסקי מוטער: חוה פאַסעסאָרסקי
שוועסטער: רחל פאַסעסאָרסקי - בלומענקראַנץ מיט אירע צוויי קינדערלעך
שלמהקע און הערשעלע

עס באַוויינען אײַך:
עטל פאַסעסאָרסקי־בורשטיין (טעקסאַס, נ. אַמעריקע)
פריידקע פאַסעסאָרסקי קופּער (מאָנטרעאַל־קאַנאַדע)
די משפחה פון נפתלי פאַסעסאָרסקי:
שושנה, הערשל און חוה (ב. אײַרעס, אַרגענטינע)

---

## מיט ווייטיק און צער באַוויינען מיר אײַער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט.
## אייביק וועט אײַער אָנדענק זײַן איינגעקריצט אין אונדזער זכרון.

יזכור נאָך אײַך אונדזערע טײַערע:

פאָטער: נחום פאַסעסאָרסקי מאַמע: שיינדל פאַסעסאָרסקי
שוועסטער און ברידער: שרה, פריידע, נוסקע, אסתר,
שמואל, דוואָשע, גדליהו,ביילע, יאָסקע.

הערשל און אסתר פאַסעסאָרסקי און קינדער (מעלבורן, אויסטראַליע)

---

מיט צער און טרויער דערמאָנען מיר

## דעם ליכטיקן אָנדענק פון אונדזערע קדושים

אונדזער ווייטיק וועט קיינמאָל געשטילט ווערן, יזכור נאָך אײַך, אונדזערע ליבע עלטערן, שוועסטער און ברידער

פאָטער: מנשה פײַערטאַג מוטער: נעכע
ברידער: ישראל, גרשון הענאָך און פאַמיליע; שלמה און פאַמיליע;
שוועסטער: שרה דענענבערג און קינדער, רויזע און פאַמיליע, נחמה און פאַמיליע

אהרון פײַערטאָג און משפּחה (ישראל)
די קינדער פון שרה דענענבערג (ישראל)

# לזכרון נצח!


יעקב פריימאַן

## ר׳ יעקב בן ר׳ שלמה זלמן פריימן ז״ל

נולד בשנת 1874 הושמד על ידי הנצים ימח שמם בתא הגזים בטרבלינקה בשנת 1942 — י״ג תשרי תש״ג הי״ד


שפרינצע ברכה פריימאַן

## שפרינצה ברכה פריימן ע״ה

בת ר׳ יוסף דוד ז״ל. נולדה בשנת 1876 נפטרה בשנת 1937 י״ח מרחשון תרצ״ח

יהי זכרם ברוך לנצח!


חיה־שרה פריימאַן־לערמאַן

חיה שרה לרמן — לבית פריימן ע״ה
הבת רחל לאה, הבן ישראל ועוד 5
ילדים: 1) בן שלמה; 2) בת רבקה; 3) בן יצחק;
4) בת פייגה; 5) בת ברכה וראש המשפחה
ר׳ יעקב דוד בן ר׳ אברהם ז״ל

הושמדו על ידי הנצים ימח שמם בתא הגזים בטרבלינקה בשנת 1942 ד׳ ינקום דמם! ותהי נשמתם צרורה בצרור החיים!

הונצח ע״י:

שלמה דוד פריימן ומשפחתו (ישראל)

# מיר באַוויינען
# און וועלן אייביק געדענקען

מיט אַ טיפֿן ווייטיק און אונדזוערע הערצער דעם טראַגישן אומקום פֿון:


רחל צוקער

אונדזער מוטער
רחל צוקער הי״ד

שוועסטערן:
מאַלע קרעפּלאַק און פֿאַמיליע הי״ד
לאה ראָטבאַרד און פֿאַמיליע הי״ד
חוה פֿאַפּירשטיין הי״ד
בעלטשע סטאָלאָוויטש
און זונעלע אברהמעלע הי״ד

וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם והעם
אין דעם שרעקלעכן פֿאַרניכטונגס־לאַגער און
אין די גאַז־אויוונס פֿון טרעבלינקע.

עס באַוויינען אײַך און וועלן אײַך
אייביק געדענקען!

חיים און גאָלדע צוקער און פֿאַמ׳
שמואל לייב און הינדע צוקער
און פֿאַמיליע
שיינדל צוקער־ווײַנער און קינדער
(בוענאָס־אײַרעס)


בעלטשע צוקער־סטאָלאָוויטש

# על אלה אנחנו בוכים!


אַברהם גרושקאַ


זעליק גרושקאַ

## מיר האַלטן טײַער דעם אָנדענק פון:

פאָטער: אברהם גרושקאַ ע״ה

מוטער: שרה גרושקאַ ע״ה

ברידער: זעליק גרושקאַ ע״ה

הערשל גרושקאַ ע״ה

קוזין: הערשל פענעמאַן ע״ה

און זייערע אומגעבראַכטע פאַמיליעס

וואָס זענען אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם. איר וועט אייביק בלײַבן אין אונדזער זכרון!


הערשל גרושקאַ


די מצבה פון אַברהם גרושקאַ („בזיתל״)

ע ס ד ע ר מ אָ נ ע ן:

**איטע-נעכע גרושקאַ און פאַמ׳**
(ישראל)

**אַריה גרושקאַ און פאַמ׳**
(לאָנדאָן)

**משה גרושקאַ און פאַמ׳**
(ישראל)

---

## צום אייביקן אָנדענק נאָך מײַן אומגעקומענער משפחה

מײַן שווער: אַברהם ניימאַרק ע״ה

מײַן שוויגער: שרה ניימאַרק ע״ה

פרוי: העניע ניימאַרק טשעכאַנאָוויעצקי ע״ה

טעכטערל: שיינע ביילע טשעכאַנאָוויעצקי ע״ה

אומגעבראַכט דורך די נאַציס ימח שמם. זאָל די פאַרצייכענונג אין אונדזער פנקס דינען אַלס סימבאָלישע מצבה נאָך אײַער אָנדענק.

**חיים יעקב טשעכאַנאָוויעצקי (ב. אײַרעס, אַרגענטינע)**

# יזכור!

## אונדזער ברייט פאַרצווייַגטע פאַמיליע,
## אומגעבראַכטע דורך די
## היטלעריסטישע מחבלים



אברהם און ברײנע שוואַרצבערג
מיטן אייניקל (שמעונס אַ קינד)

**אַברהם שוואַרצבערג ע״ה**
**ברײנע שוואַרצבערג ע״ה**
**פייגע און מלך איגלע** מיט 3 טעכטער ע״ה
**רבקה** און **מאַן משה ע״ה**
**שמעון, פרוי און קינדער ע״ה**
**בונם, פרוי און קינדער ע״ה**



רבקה שוואַרצבערג

אייביק וועט אײַער הייליקער אָנדענק בלײַבן לעבן ביי אונדז.



שמעון שוואַרצבערג



פון רעכטס: רבקה מיטן מאַן, פייגע, מלך איגלע און קינדער





מלך און פייגע איגלעס 3 טעכטער



בונום שוואַרצבערג און חיה — אַ
קוזינקע פון וועגראָוו

**רחל מאַלישעוויטש (בועינאָס אײַרעס)**
**מאַטל שוואַרצבערג (מעלבורן, אויסטראַליע)**
**חנה און ברודער יודל איגלע (מעלבורן, אויסטראַליע)**



מנחם בן־ציון שוואַרצפּאַרב

## יזכור!

## מיר וועלן אייביק געדענקען אונדזערע קדושים, דערמאָרדעטע דורך די נאַצים ימח שמם. —

אונדזער פאָטער: מנחם בן-ציון שוואַרצפּאַרב ע״ה

מוטער: ברכה לאה שוואַרצפּאַרב ע״ה

שוועסטער: שרה שוואַרצפּאַרב ע״ה

ברידער: שמחה און שרה׳טשע שוואַרצפּאַרב מיט זייערע קינדער לייבטשע שוואַרצפּאַרב



לייבטשע שוואַרצפּאַרב

וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע מערדערס אין די יאָרן פון צאָרן. יהי זכרם ברוך!

אַברהם יאַנקל שוואַרצפּאַרב און פאַמ׳ (בוענאָס איירעס)

שמשון שוואַרצפּאַרב און פאַמ׳ (נתניה, ישראל)

חנה שוואַרצפּאַרב־קאָרצאַזש און פאַמ׳ (ישראל)

---

## מיט טיפן צער באַוויינען מיר אונדזער משפחה, אומגעקומענע דורך די נאַצים



האָדעל נוסבלאַט

אונדזער פאָטער: שמשון נוסבלאַט ע״ה

מוטער: האָדל נוסבלאַט ע״ה

ברודער: אוריש נוסבלאַט ע״ה

פעטער: ראובן סקוראַ ע״ה



אוריש נוסבלאַט

עס באַוויינען און וועלן אייביק שטענדיק געדענקען:

יעקב נוסבלאַט (בוענאָס איירעס)

שבע נוסבלאַט־מאַנדעל און פאַמ׳ (בוענאָס איירעס)

כאַשע יענטע נוסבלאַט או פאַמ׳ (ניו־יאָרק)

קלמן נוסבלאַט און פאַמ׳ (ניו־יאָרק)

אסתר און אברהם יאַנקל שוואַרצפּאַרב און פאַמ׳ (בוענאָס איירעס)

## יתגדל ויתקדש! זאָל געקרוינט און געהייליקט ווערן דער אָנדענק פון אונדזער פאַרניכטעטער משפחה דורך די נאַצישע מערדערס

ר׳ משה סופר קיאַק ע״ה
שיינע רחל קיאַק ע״ה
פייגע רבקה און משפחה ע״ה

ביילע און ישראל משה ווינטערמאַן
און קינדער ע״ה
יעקב יוסף ע״ה
שמואל און ברכה מיט זייערע קינדער ע״ה


הערשל ווינטערמאַן


שמואל קיאַק ע״ה, געשטאָרבן אין אַרגענטינע, זיין פרוי ברכה מיט די קינדער, אומגעקומען אין טרעבלינקע


ר׳ משה סופר קיאַק


ישראל חיים ווינטערמאַן


פון לינקס: ישראל חיים און יהודה מאיר האָכבערג, מרדכי יאַפקע (חיים מאירס זון)


שיינע רחל ב. קיאַק


יאָסל קיאַק און פרוי חנה (געביטן דעם נאָמען אויף קאָבין) געשטאָרבן אין נאָרד אַמעריקע


ביילע קיאַק־ווינטערמאַן מיט 2 טעכטערלעך


ווינטערמאַן שרה לאה

**איר וועט אייביק לעבן אין אונדזער זכרון און מיר וועלן אייך שטענדיק געדענקען!**

**פריידע קיאַק־דאַמבעק און פאַמיליע (ישראל)**
**יצחק קיאַק און פאַמיליע (ישראל)**
**ישראל חיים קיאַק און פאַמ׳ (ב. איירעס, אַרגענטינע)**

## מיט טיפן צער פאַראייביקן מיר דעם אָנדענק פון אונדזער פאַרניכ-טעטער משפּחה, דורך די נאַציאַלשע מחבלים ימח שמם!



צביה זש. ווענגער

פאָטער: אברהם חיים זשעלעניעץ ע״ה
מוטער: חיהביילע זשעלעניעץ ע״ה
ברודער, שוועסטער און פּלימעניקעס: ישראל זשעלעניעץ, פרוי חוה; זייערע קינדער: הערשל און יצחק.
שלמה ראָקיטאַ, פרוי ברכה און זון ישראל
הערשל ווענגער, פרוי צביה און טעכטערל דבורהלע
משה אהרן ווענגער, פרוי איטע; קינדער: נעכע, גיטל און לייבל (פראָסטין)
אברהם לייזער ווענגער ע״ה
מאַשע זשעלעניעץ ברויטמאַן

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אַלס סימבאָלישע מצבה אויף אײַערע אומבאַקאַנטע קברים.

**פייגע זשעלעניעץ־רײַטער און פאַמיליע** (קרית־גת, ישראל)

---

## על אלה אנחנו בוכים! מיר געדענקען און האַלטן טײַער דעם אָנדענק פון:

אונדזער טײַערע מוטער: פעשע טאָשער ע״ה
אונדזער שוועסטער: חנה רויזע און איר מאַן נחום מילער ע״ה
זייערע קינדער: יודל, זיסל, חיים, דינה און חיה מילער ע״ה
אונדזער ברודער: אברהם טאָשער און זײַן פרוי שרה ע״ה
זייערע קינדער: בריינטשע, חיים, שלומקע טאָשער ע״ה
אונדזער מומע: חיה וואָלמאַן ע״ה; זון: שמואל
איר טאָכטער: בריינדל, איר מאַן און קינדער
אונדזער מומע: יאָספע אָסטשעגאַ ע״ה מיט אירע 2 טעכטער עטל, איר מאַן זכריה און בעלטשע ע״ה
אונדזער חברטע יענטע גרושקע ע״ה מיט איר מוטער און ברודער הערשל ע״ה
אונדזערע חברים: מאָטל, אַנטשל און יאָסל גרינבערג ע״ה

אומגעקומען על קידוש השם ועל קידוש העם. עס באַווײנען אײַך

**איטשע און אסתר טאָשער** (חולון, ישראל)

---

## אייביק וועלן מיר געדענקען און קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדזערע טײַערע קדושים

פאָטער: אהרן קיטשקאָווסקי ע״ה
מוטער: מרים קיטשקאָווסקי ע״ה
שוועסטער: מינדל און שרה לאה און קינדער ע״ה

מיר וועלן שטענדיק טרויערן נאָך אײַך!

**פּנחס קיטשקאָווסקי און פאַמ׳** (אַרגענטינע)

# יתגדל ויתקדש!
## זאָלן געגרויסט און געהייליקט ווערן
## די נעמען פון אונדזערע קדושים


זלמן לאַנגלייב

מיין פאָטער: זלמן לאַנגלייב ע״ה (זון פון משה אהרן)
מוטער: שרה לאַנגלייב ע״ה
מיינע ברידער: יצחק לאַנגלייב ע״ה
גדליהו לאַנגלייב ע״ה
אשר לאַנגלייב ע״ה
נחמן לאַנגלייב ע״ה
חיים לאַנגלייב ע״ה
מיין שוועסטער: רחלע לאַנגלייב ע״ה

זאָל זיך גאָט נוקם זיין פאַר אייערע אומשולדיקע פאַרשניטענע לעבנס!

**לייבטשע לאַנגלייב ע״ה און פאַמיליע (ישראל)**

---

**מיט טיפן צער און ווייטיק פאַראייביקן מיר דעם אָנדענק פון אונדזער פאַרניכטעטער משפחה דורך די נאַצישע מערדער ימח שמם!**


יענקל שניידמאַן

פאָטער און שווער: יעקב שניידמאַן ע״ה
מוטער און שוויגער: לאה שניידמאַן ע״ה
שוועסטער און שוואָגער: נעכע ליבע און לייבטשע סמאָלינסקי ע״ה
זייערע קינדער: פייגע, בערל און לייזער
ברודער און שוועגערין: חיים שניידמאַן און פרויביילע
זייער קינד: לייזערל
אונדזערע פעטער און מומע: משה און האדל שניידמאַן
זייערע קינדער: מאָטל און פרומעט גרינבערג ע״ה
דוד שניידמאַן און יענטע קראָנפעלד


לאה שניידמאַן


חיים שניידמאַן


נעכע ליבע שניידמאַן־סמאָלענסקי

עס באַווייגען און וועלן אייביק געדענקען
**פערל און שמחה לאַנגלייב און פאַמיליע (פתח־תקוה, ישראל)**

## לזכר עולם נצח! נאָך מײַנע אומגעבראַכטע און פאַרשטאָרבענער משפּחה


רבקה פאַרביאַזש

מײַן זיידע: משה פאַרביאַרש ע״ה
מײַן באָבע: חוה פאַרביאַרש ע״ה
מײַן פאָטער: יעקב פאַרביאַרש ע״ה
מײַן מוטער: רבקה פאַרביאַרש ע״ה
פעטער און מומע: לייב איצל און שרה פאַרביאַרש ע״ה
קוזינען און קוזינקעס: יוסף, חסיה, ישראל, משה, פּיוול פאַרביאַרש ע״ה

וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי זענען אומגעקומען אין דער וואַרשעווער געטאָ, אָדער אין טויטן־לאַגער פון טרעבלינקע.

עס וועט אײַך אייביק געדענקען און באַערן:

**חסיה ורדי (פאַרביאַזש) (עפולה, ישראל)**

---

## מיר באַוויינען און פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון די קדושים

אונדזער מוטער: מאַטל קופּער ע״ה
ברידער: דוד קופּער און פאַמיליע ע״ה
איצל קופּער און פאַמיליע ע״ה
שוועסטער: חנה קאָזיאַל און קינדער ע״ה
שיינדל קאָזיאַל ע״ה


פון רעכטס: שיינדל קאָזשאַל, חנה קופּער־קאָזשאַל, לייזער קאָזשאַל, רבקה ראָזענבלאַט, איצל קופּער און שיינדל ראָזענבלאַט

מיר וועלן אײַך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

**ישראלקע און חיה ביילע קופּער און פאַמיליע (ישראל)**

---

## אונדזער אויסגעמאָרדעטע משפּחה דורך די נאַצישע מחבלים


אַברהם זלאָטקאָווסקי

שוואָגער: מאַטל סטאַלאָוויטש ע״ה
שוועסטער: פּרימעט סטאַלאָוויטש ע״ה
פּלימעניקעס: רבקה סטאַלאָוויטש ע״ה
ניסן סטאַלאָוויטש ע״ה
לאה סטאַלאָוויטש ע״ה
שוואָגער: מענדל זלאָטקאָווסקי ע״ה
שוועסטער: יהודית זלאָטקאָווסקי ע״ה
פּלימעניקעס: יאָספּע זלאָטקאָווסקי ע״ה
אברהם זלאָטקאָווסקי ע״ה

מיר וועלן אײַך קיינמאָל נישט פאַרגעסן און שטענדיק געדענקען!

**חיים און לייזער טשעכאַנאָוויעצקי (ב. איירעס, אַרגענטינע)**

## מיט טיפן צער און ווייטיק דערמאָנען מיר אונדזער אויסגעראָטענע משפּחה, אומגעבראַכט דורך די נאַציס ימח שמם

עלטערן: לייבל און ציפּורה שנײַדמאַן
שוועסטער: מנוחה שנײַדמאַן און מאַן זאַוול
ברודער: יוסף שנײַדמאַן און פרוי פייגע
" דוד שנײַדמאַן און פרוי אסתר
" ישראל שנײַדמאַן
" אברהם שנײַדמאַן
פּלימעניצע: בראַניעלע
און אונדזערע אומגעבראַכטע
פעטערס, מומעס און זייערע משפּחות.
זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אַלס סימבאָלישע מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.


לייבל שנײַדמאַן


ציפּורה אָרלאָווסקי - שנײַדמאַן


דוד שנײַדמאַן


מנוחה שנײַדמאַן


אַברהם שנײַדמאַן

**מאָשע שנײַדמאַן און קינדער (אַרגענטינע)**
**חנה שנײַדמאַן־וואָלאָווסקי און פאַמיליע (ישראל)**

---

## צום אייביקן אָנדענק פון אונדזער אומגע־בראַכטער משפּחה דורך די נאַציס ימח שמם

פאָטער: שמעון צוקער ע״ה
מוטער: חנה צוקער ע״ה
ברידער: משה צוקער ע״ה
" אליהו צוקער ע״ה

שוועסטער: אסתר צוקער ע״ה
" לאה צוקער ע״ה
" שיינדל צוקער ע״ה
" פרימעט צוקער ע״ה

עס באַווײַנען אײַער הייליקן אָנדענק און וועלן אײַך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

**דוד צוקער און פאַמיליע (בת־ים, ישראל)**

---

## מיר באַוויינען אונדזערע הייסגעליבטע חברים דערמאָרדעטע דורך די נאַציס

### יודל מילער הי״ד
### לוי יצחק סטאָלאָוויטש הי״ד

אײַער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט, וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן!

**שמשון שוואַרצפאַרב און פאַמיליע (נתניה, ישראל)**

## לזכר עולם, נאָך אונדזערע אומגעבראַכטע ברידער, שוועסטער, און שוועסטער-קינדער

ברודער: זלמן געבער ע״ה
שוועסטער: רויזע געבער-אָסטשעגאַ ע״ה
שוואָגער: יעקב דוד אָסטשעגאַ ע״ה
און זייערע קינדער:
רחל, מרדכי, מתתיהו, יוסף און שלום צבי ע״ה

אייביק וועט אייער אָנדענק בלייבן לעבן אין אונדזער פאַמיליע.

מאַקס געבער און פאַמיליע (ישראל)

---

## מיר וועלן אייביק געדענקען און קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדזערע טייערע

פעטער: יעקב טשעכאַנאָוועצקי ע״ה
מומע: חנהטשע טשעכאַנאָוועצקי ע״ה
קינדער:
יהודית טשעכאַנאָוועצקי ע״ה
יצחק טשעכאַנאָוועצקי ע״ה
חיים טשעכאַנאָוועצקי ע״ה
יחזקאל טשעכאַנאָוועצקי ע״ה

פעטער: משה צוקער ע״ה
מומע: עטל צוקער ע״ה
קינדער:
סערקע צוקער ע״ה
מאַלע צוקער ע״ה
ניסן צוקער ע״ה

זאָל די דערמאָנונג אין אונדזער פנקס זיין ווי אַ סימבאָלישע מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

חנה צוקער־פעלדהיים (ישראל)

---

## יזכור!
## נאָך אונדזערע ליבע, טייערע און אומפאַרגעסלעכע עלטערן, ברידער און שוועסטער

אונדזער מוטער: פייגע מרים קאָרצאַרזש ע״ה
אונדזערע ברידער: יצחק, שמואל, מרדכי, אברהם
און זייערע פרויען און קינדער
אונדזער שוועסטער: פריידע און מאַן און דריי קינדער

וועלכע זענען אומגעקומען אין די שוידערלעכע יאָרן פון פאַרניכטונג אָן מיר וויסן אפילו נישט וווּ זייער הייליק אַש געפינט זיך, זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי אַן אייביקע דערמאָנונג.

אליהו קאָרצאַרזש און פאַמ. (נתניה, ישראל)


אברהם קאָרצאַרזש

---

## יזכור! אונדזערע טייערע עלטערן און שוועסטער

פאָטער: מענדל ראָזענבערג ע״ה
מוטער: פראַדל ראָזענבערג ע״ה
שוועסטער: העניע רחל ראָזענבערג ע״ה

וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען דורך די נאַצי־מערדערס ימח שמם, אין די יאָרן פון חורבן, יהי זכרם ברוך!

עס באַוויינען:
די טאָכטער: חיה פערל ראָזענבערג און פאַמ׳ (ישראל)
דער זון: יצחק יעקב ראָזענבערג און פאַמ׳ (קאַנאַדע)

## מיר באַוויינען מיט טיפן צער דעם טראַגישן אומקום פון אונדזער ברייט־פאַרצווייַגטער משפחה

באָבע: פייגע דישקע צוקער ע״ה
פאָטער: דוד צוקער ע״ה
מוטער: עטל לאה צוקער ע״ה
ברידער: איטשע מאיר צוקער ע״ה
״ פייוול ברוך צוקער ע״ה

שוועסטער: חיה צוקער ע״ה
״ מאַלע צוקער ע״ה
״ דבורה צוקער ע״ה
״ אסתר צוקער ע״ה
פעטער: נפתלי הערץ צוקער ע״ה
מומע: חנה צוקער ע״ה
קוזין: דוד צוקער ע״ה

זאָל זיך גאָט נוקם זיין פאַר זייערע אומשולדיק פאַרשניטענע לעבנס!


איטשע (יצחק) צוקער


דוד און עטל צוקער

חנה צוקער־פעלדהיים און פאַמיליע (ישראל)

---

## יתגדל ויתקדש...

מיט צער און ווייטיק באַוויינען מיר דעם טראַגישן אומקום פון אונדזערע אומפאַרגעסלעכע אין די שואה־יאָרן

עלטערן: משה בנימין און לאה מאַנצאַזש הי״ד
ברודער: שלמה מיט זיין פאַמיליע

זאָל דאָס זיין אונדזער סימבאָלישע מצבה אין אייער אַלעמענס ליכטיקן אָנדענק!


משה בנימין מאַנצאַזש ע״ה


לאה מאַנצאַזש ע״ה

פסח מאַנצאַזש און קינדער (ב. איירעס, אַרגענטינע)
איטע קאַרצאַזש און קינדער (סאַלטאַ, אַרגענטינע)
רחל און מלך בורשטיין (פוילן)
דאָרקע און פנחס זאַנדעל און זון משה בנימין
(בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע)

## על אלה אנחנו בוכים! מיר וועלן שטענדיק געדענקען און באַדויערן די מאָרדן פון:

אונדזערע עלטערן אברהם איגלאַ ע״ה
ריקל איגלאַ ע״ה

ברידער און שוועסטער:
ברכה איגלאַ ע״ה
פרימעט איגלאַ ע״ה
שרה איגלאַ ע״ה
חיים איגלאַ ע״ה
יוסף איגלאַ ע״ה

זאָל זיך גאָט נוקם זײַן פאַר זייער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט!

**יהושע איגלאַ און פאַמיליע (פאַריז)**

---

## מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזער משפּחה!

שוואָגער, שוועגערין און קינדער:
מאָטל פאַגאָדע ע״ה
צירל פאַגאָדע ע״ה
נחמה פאַגאָדע ע״ה

הערשל פאַגאָדע ע״ה
פיניע פאַגאָדע ע״ה
דוד פאַגאָדע ע״ה
משה אהרן פאַגאָדע ע״ה

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי אַ סימבאָלישע מצבה אויף אײַערע אומבאַקאַנטע קברים!

**פריידע רחל פאַגאָדע און פאַמיליע (בוענאָס אײַרעס)**

---

## יזכור! נאָך דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע קדושי סטאַק און פון אונדזער משפּחה.


יאָספּע צ. קיטשקאָווסקי

פאָטער: שלמה קיטשקאָווסקי (געשטאָרבן אין ישראל)
מוטער: יאָספּע צוקערמאַן - קיטשקאָווסקי ע״ה
ברודער: ישראל קיטשקאָווסקי ע״ה
שוועסטער: פריידל קיטשקאָווסקי ע״ה
מינדל קיטשקאָווסקי ע״ה
איטקע קיטשקאָווסקי ע״ה
מומע: שיינטשע צוקערמאַן ע״ה
און די חברים: טוביה פרידמאַן ע״ה
הערש מאיר ראָזענבוים ע״ה

אײַער הייליקער אָנדענק וועט שטענדיק לעבן בײַ אונדז!

**חיה קאַפּל־קיטשקאָווסקי און פאַמ' (ישראל)**

---

## מיר וועלן שטענדיק געדענקען און קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדזער אומגעקומענע משפּחה

אונדזער פאָטער: זלמן פײַוויש גאָלדפאַרב ע״ה
אונדזער מוטער: סימע צוקער ע״ה

שוועסטער:
מאַליע צוקער ע״ה
סערקע צוקער ע״ה
חיהלע צוקער ע״ה

פעטער: הערצקע צוקער און פאַמיליע ע״ה
מומע: חנה צוקער ע״ה
פעטער: משה צוקער און פאַמיליע ע״ה

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אַלס אַ סימבאָלישע מצבה אויף אײַערע אומבאַקאַנטע קברים!

**ישראל צוקער און טובה גיטל גאָלדפאַרב־צוקער (ישראל)**

## יזכור! מיר באַערן און ווע‏לן געדענקען אונדזער אומגעקומענע משפחה

פאָטער: יצחק סטאַלאָוויטש ע״ה
מוטער: רבקה סטאַלאָוויטש ע״ה
ברודער: אהרן סטאַלאָוויטש ע״ה
שוועסטער: חיה שרה סטאַלאָוויטש ע״ה
פעטער: מאָטל סטאַלאָוויטש ע״ה
מומע: גיטל סטאַלאָוויטש ע״ה
קינדער: בעריש סטאַלאָוויטש ע״ה
מלכה סטאַלאָוויטש ע״ה
רבקה סטאַלאָוויטש ע״ה
משה סטאַלאָוויטש ע״ה

זאָל דאָס זײַן אַ מצבה אויף אײַערע אומבאַקאַנטע קברים.

**אברהם סטאַלאָוויטש־מילער און פאַמיליע (קאַנאַדע)**

---

## מיר באַוויינען אונדזער אויסגעראָטענע משפחה דורך די נאַציס י״ש

ברידער: זישע בינם ניימאַן, שוועגערין: חוה און קינדער ע״ה
דוד לייב ניימאַן, שוועגערין: רחל און קינדער ע״ה
יחיאל ניימאַן, שוועגערין: חיה שרה און קינדער ע״ה
שוועסטער: זלאַטע, שוואָגער: מרדכי יוסף און קינדער ע״ה
צביה, שוואָגער: לייבקע בירמאַן
פייגע רחל, שוואָגער: יאָסל און קינדער ע״ה
שרה דבורה, שוואָגער: הענעך און קינדער ע״ה
פעטער: ישראל חיים שוחט און קינדער ע״ה

מיר בייגן די קעפּ פאַר אײַער ליכטיקן אָנדענק!

**יודל ניימאַן און פאַמיליע (קאַנאַדע)**

---

## מיר פּאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזער פאַרניכטעטער משפחה

זיידע: חנאָ קוויאַטעק ע״ה
פאָטער: יהושע דוד קוויאַטעק ע״ה
מוטער: פייגע לאה קוויאַטעק ע״ה
ברודער: משה קוויאַטעק ע״ה
יוסף קוויאַטעק ע״ה
מענדל קוויאַטעק ע״ה

מיר וועלן אײַך קיינמאָל נישט פאַרגעסן און איר וועט שטענדיק לעבן אין אונדזער זכרון.

**חיים קוויאַטעק און פאַמיליע (קאַנאַדע)**

---

## מיט טיפן טרויער און נישט געשטילטן ווייטיק דערמאָנען מיר דעם טראַגישן אומקום פון:

פאָטער: ברוך בועז יורקאָוויטש ע״ה
מוטער: עטקע יורקאָוויטש ע״ה
שוועסטער: ברכה תרצה יורקאָוויטש־סטאַלאָוויטש ע״ה
שוואָגער: לוי יצחק סטאַלאָוויטש ע״ה
און זייערע אומגעבראַכטע קינדער ע״ה

זייערע נעמען זענען טיף אײַנגעקריצט אין אונדזער זכרון. מיר וועלן אײַך שטענדיק געדענקען.
השם ינקום דמם!

**יעקב בן־ציון יורקאָוויטש און פאַמ׳ (קאַנאַדע)**


רבקה אַלטשולער


אברהם און ירחמיאל אַלטשולער

צום אייביקן און ליכטיקן אָנדענק
פון די
אומגעקומענע קדושים

מיינע שוועסטער
רבקה אַלטשולער
און קינדער ע״ה

ליבע זשאַלאָנדעק
און קינדער ע״ה

שלמה און מינדל ליטעפּסקי
און קינדער ע״ה

אומגעבראַכטע דורך די נאַצישע מערדערס,
ימח שמם!

איך וועל אייך שטענדיק געדענקען!

חנה ווישניע־ראָזען (ניו־יאָרק)

---

מיר באַוויינען און וועלן אייביק געדענקען אונדזער אומגעקומענע
מוטער און ברידער

מוטער: רבקה רחל אַלטשולער ע״ה
ברודער: אברהם אַלטשולער ע״ה
ברודער: ירחמיאל אַלטשולער ע״ה

עס פאַראייביקן זייער הייליקן אָנדענק:

גיטל אַלטשולער און פאַמ' (מאָנטעווידעאָ, אורוגוויי)
אסנה אַלטשולער און פאַמ' (ישראל)
יצחק אַלטשולער און פאַמיליע (ישראל)

---

מיט צער און ווייטיק דערמאָן איך דעם הייליקן אָנדענק פון מיין פרוי

בעלטשע צוקער און זונעלע אברהמעלע
ברודער: אָשר, פרוי און זון
שוועסטער: חיה ביילע, מאַן און קינדער
שוועסטער: רחל און יצחק לאַנדע און טאָכטער אַלטע

וואָס זענען טראַגיש אומגעקומען אין די שרעקלעכע שואה־יאָרן צוזאַמען מיט אַלע אונדזערע
סטאָקער קדושים.

אַ קללה פון בלוט אויף די מערדער פון אונדזערע משפחות.
זאָל די דערמאָנונג זיין אַ סימבאָלישע מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.
השם ינקם דמם!

דוד סטאָלאָוויטש (בוענאָס־איירעס, אַרגענטינע)

## מיר פאַראייביקן און וועלן שטענדיק געדענקען אונדזער דערמאָרדעטע משפּחה

פעטער: גיטמאַן פלאַטקאָווסקי ע״ה
קוזינע: שרה פלאַטקאָווסקי ע״ה
קוזינע: לאה פלאַטקאָווסקי ע״ה
קוזין: חיים פלאַטקאָווסקי ע״ה
קוזין: רויזע פלאַטקאָווסקי ע״ה

זאָלן די שורות זײַן אַ מצבה אויף אײַערע אומבאַקאַנטע קברים.

**יעקב דוד שטאָלוואַרק און פאַמיליע (נתניה, ישראל)**

---

## יזכור! אין טיפן טרויער באַוויינען מיר אונדזער אויסגעמאָרדעטע משפּחה, דורך די היטלעריסטישע חיות

מוטער: רויזע גאָלדפאַרב ע״ה
ברודער: אברהם אליהו זשעלעניעץ, זײַן פרוי פייגע
זייערע קינדער: רחל, שרה, העניע, נעכע און פײַוול ע״ה
שוועסטער: חוה סערקע זיעבראַק;
שוואָגער: זכריה זיעבראַק ע״ה
זייערע קינדער: פײַוול, שרה רבקה, העניע מלכה, אסתר ליבע און מענדל ע״ה

מיר וועלן אײַך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

**נחום גאָלדפאַרב און פאַמיליע (נאָרד־אַמעריקע)**

---

## נקמה! פאַר דעם אומשולדיקן פאַרגאָסענעם בלוט פון:

זלמן פײַוויש גאָלדפאַרב
חנה לאַמפּאַרד מיט אירע דרײַ קינדער
יעקב און קיילע לאַמפּאַרד און זייערע קינדער
יוסף און רחל יאַדאָווסקי און זייערע קינדער
יצחק און אַלטע גאָלדשטיין און זייערע קינדער
אברהם און שרה גלאַטשטיין און זייערע קינדער הערשל און כאַזקעלע
אסתר ליבע בראָק און איר זון שמחה
משה לייב און חיה בראָק און זייערע 5 קינדער
זישע און פאַיע בראָק מיט זייערע 5 קינדער
נחמן און שרה שטערן מיט זייער טעכטערל זיסעלע
מנוחה פאַזיאַמעק און אירע זעקס קינדער

וואָס זענען אַ טייל פון די 6 מיליאָן קדושים אומגעבראַכטע דורך די נאַציסטישע חיות.

**אליהו און רבקה גאָלדפאַרב און פאַמ' (לוד - ישראל)**

---

## מיר וועלן אייביק געדענקען און האַלטן טײַער דעם אָנדענק פון:

ברודער: דוד דאַמבעק, פרוי גיטל און 2 קינדער ע״ה
שוועסטער: פאַיע, מאַן: הערשל יאַדאָווסקי און 5 קינדער ע״ה
שוועסטער: איטע רחל דאַמבעק
מאַן: מרדכי מאַנדעלבוים און 3 קינדער ע״ה

**מרדכי דאַמבעק (נתניה, ישראל)**

## מיט אַ הייליקן ציטער דערמאָנען מיר דעם פריצייטיקן אומקום פון אונדזער משפחה

פאָטער: אברהמקע ראָזענבוים ע״ה
מוטער: אסתר נעכע ראָזענבוים ע״ה
ברודער: מאָטל ראָזענבוים ע״ה
ברודער: הערש מאיר ראָזענבוים ע״ה
ברודער: כאַצקל ראָזענבוים ע״ה
שוועסטער: רחל שפּרינצע ראָזענבוים ע״ה
און זייערע אומגעבראַכטע פאַמיליעס הי״ד.

מיר וועלן אייַך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!

צירל ראָזענבוים-פוקס און פאַמיליע (ישראל)

---

## מיר פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזער אומגעבראַכטער משפחה

פאָטער: אברהם שלאַסקי ע״ה
מוטער: מלכה שלאַסקי ע״ה
ברודער: משה אהרן שלאַסקי ע״ה
ברודער: שמעון שלאַסקי ע״ה
שוועסטער: ליבע לאה שלאַסקי ע״ה
שוועסטער: קיילע שלאַסקי ע״ה
שוועסטער: פעשע איטקע שלאַסקי ע״ה

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי אַ סימבאָלישע מצבה אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

הינדע שלאַסקי-שראַגא און פאַמיליע (ניו-יאָרק)
שרה שלאסקי-אינגבערג און פאַמיליע (פּאַריז)

---

## מיט טיפן טרויער און ווייטיק דערמאָנען מיר דעם שרעקלעכן אומקום פון אונדזער ברייט-פאַרצווייַגטער משפחה

פאָטער: וועלוול שניידמאַן ע״ה
מוטער: חנה שניידמאַן ע״ה
ברודער: שמואל משה שניידמאַן ע״ה
ברודער: יהושע שניידמאַן ע״ה
שוועסטער: לאה שניידמאַן ע״ה
פעטער: משה לייב בראַק ע״ה
מומע: חיה בראַק ע״ה מיט זייערע פינף קינדער ע״ה
פעטער: מרדכי יוסף שניידמאַן ע״ה
מומע: מנוחה שניידמאַן ע״ה מיט זייערע פינף קינדער ע״ה

מיר וועלן אייַך שטענדיק געדענקען און קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דאָבע שניידמאַן-שטולוואַרק און פאַמיליע (נתניה, ישראל)

---

## מיר פאַראייביקן דעם הייליקן אָנדענק פון אונדזערע אומגעבראַכטע עלטערן און ברידער

פאָטער: הערש יצחק שטולוואַרק ע״ה
מוטער: חייטשע שטולוואַרק ע״ה
ברידער: שמואל פייוול און
יהודה שטולוואַרק ע״ה

אייַער אָנדענק וועט שטענדיק לעבן בייַ אונדז.

יעקב דוד שטולוואַרק און פאַמיליע (נתניה, ישראל)

## מיר וועלן שטענדיק געדענקען און קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדזער אומגעבראַכטע משפחה אין די יאָרן פון שואה

אברהם וועלוול מאַלישעוויטש ע״ה
איטעביילע מאַלישעוויטש ע״ה
הערש מאיר מאַלישעוויטש און פאַמיליע ע״ה
שרה מאַלישעוויטש ע״ה
רחל לאה בזשאָסטעק ע״ה

(די קינדער פון רחל לאה)
משה ברוך בזשאָסטעק ע״ה
פערעלע בזשאָסטעק ע״ה
(אומגעבראַכט דורך די פּאָליאַקן אין יאַשערוווקע, נאָך דער באַפרייונג).

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען אַלס סימבאָלישע מצבה, אויף אײַערע אומבאַקאַנטע קברים.


פערעלע בזשאָסטעק


שרה מאַלישעוויטש


רחל לאה מאַלישעוויטש בזשאָסטעק


משה ברוך בזשאָסטעק

מאַלע מאַלישעוויטש-טרוינע (בוענאָס אײַרעס)
שיינדעלע בזשאָסטעק-מילער און פאַמ׳ (ישראל)

---

# מיט אַ טיפן ווייטיק אין האַרצן

## דערמאָנען מיר דעם אָנדענק פון אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער

פאָטער יהושע ליפשיץ
מוטער איטע
שוועסטער חוה
ברודער אליעזר
ברודער מרדכי

וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציישע מערדערס ה״יד.

הערשל ליפשיץ (ב. אײַרעס)
דוד ליפשיץ און פאַמיליע (ניו-יאָרק)
וועלוול ליפשיץ און פאַמיליע (ניו-יאָרק)
יעקב יוסף ליפשיץ (ניו-יאָרק)


ס׳שטייען: חוה, לייזער און מרדכי; ס׳זיצן די עלטערן: איטע און יהושע ליפשיץ

# לזכר עולם, נאָך אונדזערע אומגעבראַכטע עלטערן, ברודער, שוועסטער און פרײַנט



אסתר גאַלאַנט־נײַפעלד · גאָלדע קאַכאַן



וועלוול און אסתרס קינד פייגע נויפעלד

פאָטער: **אַלטער מרדכי גאַלאַנט ע״ה**

מוטער: **העניע שרה גאַלאַנט ע״ה**

שוועסטער און שוואָגער: **אסתר** און **וועלוול נײַפעלד ע״ה**

קינדער: **לייבל** און **פייגע נײַפעלד ע״ה**

ברודער און שוועגערין: **חיים נתן גאַלאַנט** און פרוי **רבקה**

אונדזערע קוזינען: **מאָטל קאַכאַן**, פרוי **גאָלדע**, קינדער:
**יוסף, משה** און **נעשע ע״ה.**

**נח צוקערשטיין**, פרוי **חוה**, קינדער: **יוסף, גאָלדע ע״ה**

וועלכע זענען טראַגיש אומגעקומען דורך די נאַצי־מערדערס אין די יאָרן פון חורבן,
יהי זכרם ברוך!

עס באַוויינען אײַך: **משה גאַלאַנט און פאַמיליע (חיפה, ישראל)**

---

## אונדזער צער און ווייטיק וועט קיינמאָל נישט געשטילט ווערן!



ביילע ווישניעווסקי

אײַער אָנדענק איז שטענדיק מיט אונדז,
**יזכור!** נאָך אײַך, אונדזערע טײַערע

פאָטער: **הערש מאיר ווישניעווסקי**

מוטער: **גאָלדע רחל**

ברידער: **לייבל, מאָטל, יונה**

שוועסטער: **ביילע**

מומע: **חיה**

כבוד אײַער אָנדענק!

**איטשע ווישניעווסקי און פאַמיליע**
**פריידקע ווישניעווסקי־שניר און פאַמיליע**
**צאַלקע ווישניעווסקי און פאַמיליע**
(תל־אביב, ישראל)



יונה ווישניעווסקי



אַברהם קורץ און פאַמיליע



רויזע כינקע קורץ־אימבער, (לייבל קאַשעמאַכערס פרוי)
מיט די קינדער און אייניקל



מרים קורץ

## אין אָנדענק פון מײַן פאַרצווײַגטער משפחה אומגעקומענע דורך די נאַצי-באַרבאַרן

אין די יאָרן פון דער שואה, שטעל איך אָט די סימבאָלישע מצבה און פאַרצייכן אײַערע נעמען:

פאָטער: **אריה קורץ**

מוטער: **מרים קורץ**

ברידער: **אברהם קורץ**, פרוי און קינדער

**אדם קורץ**, פרוי און קינדער

**יעקב קורץ** און קינדער

שוועסטער: **אסתר רחל קורץ**, מאַן און קינדער

**רויזע - כינקע**, איר מאַן **לייבל אימבער** (קאַשע מאַכער) מיט זייערע קינדער

פעטער: **יצחק קורץ** מיט זײַן גאַנצער משפחה

כבוד אײַער אָנדענק!



אריה קורץ



יעקב קורץ, רחלס מאַן



יעקב קורץ

**שיִע קורץ און פאַמיליע** (מאָנטעווידעאָ, אורוגווײַ)

## צום אייביקן אָנדענק פון אונדזער אויסגעראָטענער משפחה דורך די נאַצים ימח שמם

פאָטער: **אלחנן גדליה דוד סוקעניק ע״ה**

מוטער: **שרה רויזע סוקעניק ע״ה**

ברודער: **בן-ציון סוקעניק**, פרוי און קינד ע״ה

שוועסטער: **פייגע זלאַטע סוקעניק ע״ה**

מײַן געוועזענע פרוי: **אסתר וואַסערמאַן** און קינד

אײַער אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט, וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווערן!

**בועז בן־דוד סוקעניק און פאַמ׳ (ישראל)**



בן־ציון סוקעניק און פרוי

## מיר באַוויינען מיט טיפן צער דעם טראַגישן אומקום פון אונדזער משפחה


דינע און מענדל טוכשער


מאָטל טוכשער און פרוי


שמואל טוכשער
(מענדל שוסטערס זון)

פאָטער: **מענדל טוכשער ע״ה**
מוטער: **דינה טוכשער ע״ה**
ברידער: **שמואל טוכשער ע״ה**
**מאָטל טוכשער ע״ה**
שוועסטער: **חנה טוכשער-צוקער ע״ה**
**רבקה טוכשער גאָלדפאַרב ע״ה**

זאָל זיך גאָט נוקם זײַן פאַר אײַערע אומשולדיק פאַרשניטענע לעבנס!

**אַברהם לייזער און שלום טוכשער**
(ב. אײַרעס) · (ישראל)

---

## מיר באַוויינען מיט טיפן צער דעם טראַגישן אומקום פון אונזער משפחה

אונדזער מוטער: **עטקע שאַרפמאַן ע״ה**
שוועסטער: **חנה שאַרפמאַן ע״ה**
**גישע שאַרפמאַן ע״ה**
**רויזע שאַרפמאַן ע״ה**
**רחל שאַרפמאַן ע״ה**

זאָל זיך גאָט נוקם זײַן פאַר אײַערע אומשולדיק פאַרשניטענע לעבנס!

**שלום טוכשער, סערקע שאַרפמאַן און פאַמ׳ (ישראל)**

---


יחזקאל זילבערמאַן

## מיט געפילן פון טרויער

דערמאָנען מיר מיט יראת הכבוד דעם ליבן אָנדענק פון אונדזערע טײַערע עלטערן

## יחזקאל און אסתר זילבערמאַן

זאָל דאָס זײַן אונדזער יזכור אין זייער אָנדענק.

**טויבע און מלך וויערזשבינסקי**
(בוענאָס-אײַרעס)


אסתר זילבערמאַן

# מיט די טיפסטע געפילן פון טרויער און ווייטיק

דערמאָנען מיר דעם פאַרלוסט פון אונדזער משפּחה וואָס איז אומגעקומען אין די שרעקלעכע יאָרן פון חורבן דורך די נאַצי־מערדער אין סטאָק



פייגע ריקל בלומענקראַנץ
בײַם קבר פון איטע רייזל אָרענשטיין אויפן סטאָקער בית־עולם



איטע רייזל אָרענשטיין ע״ה



אָשר (קאָוואַל) אָרענשטיין ע״ה

פאָטער: **אָשר אָרענשטיין**
מוטער: **איטע רייזל**
ברודער: **מענדל** מיט זײַן פאַמיליע

זאָל זייער אָנדענק זײַן געהייליקט!

**שמעון אָרענשטיין און פאַמיליע (מאָנטעווידעאָ)**
**גיטל אָרענשטיין ־ קיאַק און פאַמיליע (ב. איירעס)**

---

## מיר דערמאָנען דעם אומקום פון אונדזערע אייגענע אין די שרעקלעכע יאָרן פון חורבן



פּנחס פּאָסעסאָרסקי, זײַן פרוי שרה מיט זייערע קינדער



יצחק מאָנצאַזש



שמעון מאָנצאַזש



רויזע מאָנצאַזש

זאָל דאָס זײַן אונדזער סימבאָלישע מצבה געשטעלט אויף זייערע אומבאַקאַנטע קברים.

אין אָנדענק פון מײַן פאָטער: **שמעון מאָנצאַזש**
מײַן מוטער: **רויזע** ברודער: **יצחק** מיט זײַן משפּחה

**פריידע מאָנצאַזש ־ קאָרצאַזש און פאַמיליע (סאַלטאַ, אַרג')**
**יאַנקל און יצחק פּאָסעסאָרסקי (טאָראָנטאָ, קאַנאַדע)**

## מיט טרערן דערמאָנען מיר אייער ליכטיקן אָנדענק,
## אונדזער ווייטיק וועט קיינמאָל נישט געשטילט ווערן!


וועלוול (סטאָלער) קראָנפעלד

זאָל דאָס זיין די סימבאָלישע מצבה אויף אייערע אומבאַקאַנטע קברים.

אונדזער פאָטער: **וועלוול קראָנפעלד**
מוטער: **שרה רחל**
שוועסטער: **יענטע** מיט איר מאַן **דוד שניידמאַן** און **קינד**
ברידער: **יצחק** מיט זיין פרוי און קינדער
ברידער: **חיים אליהו, זישע** און **ביילע**

ערע אייער אָנדענק!


שרה־רחל פאַסמאַנטער־קראָנפעלד


ביילע קראָנפעלד


חיים עלע קראָנפעלד


יענטע קראָנפעלד

**חנה גאָלדע קראָנפעלד און פאַמיליע**
**פייגע לאה קראָנפעלד און פאַמיליע**
(ישראל)

**פאַמ' פון שמואל יוסף קראָנפעלד ע"ה:**
**פרוי זעלדע; קינדער: אַברהם, משה**
**און וועלוול (ישראל)**

---

## מיט ווייטיק און צער באַוויינען מיר דעם טראַגישן אומקום


מרדכי יאַפקע

פון אונדזערע ליבע און טייערע עלטערן שוועסטער און ברידער מיט זייערע משפחות. זאָל דאָס זיין אונדזער סימבאָלישע מצבה אויף אייערע אומבאַקאַנטע קברים.

יזכור נאָך אייך:
פאָטער: **איתמר ווירזשבינסקי**
מוטער: **חיה ווירזשבינסקי**
ברודער: **שמואל** זיין פרוי **דינה**
שוועסטער: **העניע** איר מאַן **ברוך קושמירסקי** און זייערע קינדער
שוועסטער: **מאַשע**, מאַן **מרדכי יאַפקע**
שוועסטער: **ליבע, חשקה** און **הינדע**
ברידער: **מתיתיהו** און **משה**


ליבע ווירזשבינסקי

**נחמה (נעכע) ווירזשבינסקי - שכטר**
**און משפחה (חיפה, ישראל)**


פייגע שנײַדמאַן־וואַקסמאַן

## אַ צעבראָכענער פון ווייטיק און טרויער

דערמאָן איך דעם טראַגישן אומקום פון מײַן פרוי און קינדער

**פייגע שנײַדמאַן־וואַקסמאַן**

**חיים, אסתר און אברהם**

אין די אַזוי שרעקלעכע יאָרן פון חורבן און פאַרוויסטונג,
זאָל דאָס זײַן מײַן געשטעלטע מצבה אין זייער אָנדענק!

**שלמה וואַקסמאַן ־ פּאָזשאָמעק**
(בוענאָס־אײַרעס)

---

## מיט טרויער און ווייטיק דערמאָן איך דעם פאַרלוסט פון אונזער משפחה


דאָבע גיטל ניימאַרק און מאַן יחיאלקע, פון פראָסטין

וואָס זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע
אונדזערע קדושים אין די שרעקלעכע
יאָרן פון חורבן און פאַרלענדונג.

יזכור נאָך מײַן מוטער:

**ביילע ניימאַרק**

שוועסטער: **דאָבע־גיטל**

און מאַן **יחיאלקע**

כבוד זייער אָנדענק!


ביילע ניימאַרק, פון פראָסטין

**רחל ניימאַרק**
ב. אײַרעס, אַרגענטינע

---

## מיט די טיפסטע געפילן פון טרויער און ווייטיק


יאָסל און דאָבע שנײַדמאַן

באַווײנען מיר דעם טראַגישן אומקום פון אונדזער
גאַנצער משפחה דורך די נאַצי־מערדער אין די
שרעקלעכע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

פאָטער: **יעקב שנײַדמאַן**
מוטער: **חנהלע**
שוועסטער: **פריידע**, מיט איר מאַן און קינדער
שוועסטער: **גאָלדע**
ברודער: **יאָסל**, פרוי **דאָבע** און קינדער

מיר וועלן אײַך שטענדיק געדענקען און
קיינמאָל פאַרגעסן.


כאָסע (יוסף) פּאָגאָדאַ
געשטאָרבן אין ב. אײַרעס

**צביה שנײַדמאַן ־ פּאָגאָדע און קינדער (אַרגענטינע)**
**וועלוועל שנײַדמאַן און פאַמיליע (נאָרד־אַמעריקע)**

## מיט אַ קללה פון בלוט און טרערן אויף די מערדער פון אונדזערע קדושים



רחל פּאַסעסאָרסקי בלומענקראַנץ מיטביידע זונעלעך — שלמהקע און הערשעלע

דערמאָן איך אַ צעוויטיקטער דעם טראַגישן אומקום פון מײַן ליבער פרוי

**רחל פּאַסעסאָרסקי-בלומענקראַנץ**

און אונדזערע צוויי קינדערלעך: **שלמהקע** און **הערשעלע**

איך באַוויין אויך דעם פאַרלוסט פון מײַנע אייגענע:

ברודער: **יחיאלקע מיט זײַן פרוי און קינדער**

שוועסטער: **פייגע-לאה** מיט איר מאַן און קינדער

**רחל** מיט איר מאַן און קינדער

**חוה** מיט איר מאַן און קינדער

כבוד זייער אָנדענק!

**שמואל בלומענקראַנץ (בוענאָס איירעס, אַרגענטינע)**

---

## מיט אַ יזכור תפילה אויף די ליפּן



פעשע הינדע זלאַטאָגוראַ



אײַזיק מענדל זלאַטאָגוראַ

דערמאָנען מיר דעם ווייטיקלעכן פאַרלוסט פון אונדזערע עלטערן, ברידער און שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס

וואָס זענען אומגעקומען אין די אַזוי שרעקלעכע יאָרן פון חורבן און פאַרלענדונג

פאָטער: **אליהו בערל פריד**

מוטער: **לאה**

שוועסטער: **גישע** און **רבקה**

ברידער: **רפאל** און **ישראל**.

---

פאָטער: **אײַזיק מענדל זלאַטאָגוראַ**

מוטער: **פעשע הינדע**

שוועסטער: **רבקה**, מאַן זעליק שטוטמאַן

און קינדער

" **דינה** און **אייזיק באַרייקעס**

" **גאָלדע זלאַטאָגוראַ**

זאָל דאָס זײַן אונדזער סימבאָלישע מצבה אין זייער אָנדענק.



רבקה פריד



גישע פריד

**מרדכי הערש פריד**

**רחל לאה זלאַטאָגוראַ - פריד**

**און פאַמיליעס**

בוענאָס-איירעס, אַרגענטינע


אַלטקע קיאַק

# אין אָנדענק פון אײַערע הייליקע נשמות אומגעקומענע אויף קידוש השם דורך די נאַצי-מערדער,

פאַרצייכענען מיר די נעמען אַלס אונדזער יזכור

פאָטער: **הערשל קיאַק**
מוטער: **אַלטקע קיאַק**
ברודער: **גדליהו** מיט זײַן פרוי און קינדער
**ישראל חיים** מיט זײַן פרוי און קינדער
שוועסטער: **בלימע**, מאַן און קינדער
**חנה**, מאַן **שמחה גאדענגאַנד**
קינדער:
**פייגע, אברהם, לאה** און **העניעלע**
זייער איידעם: **שמואל מיגדאַל**, זײַן פרוי
**שרה** און קינד

כבוד אײַער אָנדענק!


הערשל קיאַק (טאָקער)


שרה גאָדענגאַנד און שמואל מיגדאַל


בלימע קיאַק


שמחה און חנה גאָדענגאַנדס קינדער: שרה, פייגע, אברהם, לאה און העניעלע

**שמואל קיאַק און פאַמיליע**
**איטקע קיאַק-קלעשטשעלסקי און פאַמ'**
בוענאָס איירעס, אַרגענטינע.

---

# מיט טיפן צער און ווייטיק דערמאָנען מיר אונדזער משפחה, אויסגעראָטן דורך די נאַציס

פאָטער: **משה אהרן לאַנגלייב ע"ה**
מוטער: **רבקה לאַנגלייב ע"ה**
ברידער, שוועגערינס און קינדער
**יודל** און פרוי **חנה**; טעכטער: **שרה** און **פייגע**
**זלמן**, פרוי **שרה** און קינדער

זאָלן די דאָזיקע שורות אין אונדזער "פנקס סטאָק" דינען אַלס סימבאָלישע מצבה אויף אײַערע אומבאַקאַנטע קברים.

**שמחה לאַנגלייב און פאַמיליע (פתח תקוה, ישראל)**

## מיר פאַראייביקן דעם אָנדענק פון אונדזערע עלטערן און שוועסטער

פאָטער: שואל איצל טשעכאַנאָוויעצקי ע״ה
מוטער: העניע טשעכאַנאָוויעצקי ע״ה
שוועסטער: יאָספע טשעכאַנאָוויעצקי ע״ה

טראַגיש אומגעבראַכטע דורך די היטלער־רוצחים ימח שמם.

**חיים און לייזער טשעכאַנאָוויעצקי און פאַמ׳ (ב. איירעס)**

---

## צום אייביקן אָנדענק נאָך מײַן טראַגיש אומגעקומענער פאַמיליע

מײַן שוואָער: אברהם יצחק סקיבאַ ע״ה
שוויגער: חנה מרים סקיבאַ ע״ה
מײַן פרוי: חיה רחל טשעכאַנאָוויעצקי ע״ה
טעכטערל: מאַשע ע״ה
זונדעלע: יאָסעלע ע״ה

פאַרטיליקטע דורך די נאַצישע חיות ימ״ש, צוזאַמען מיט דער גאַנצער עדה.

**לייזער נתן טשעכאַנאָוויעצקי (ב. איירעס)**

---

## י ז כ ו ר ! דעם הייליקן אָנדענק פון מײַן מאַרטירער־משפחה

שוואָגער: הערצקע ראָטבאַרד ע״ה
שוועסטער: לאה ראָטבאַרד ע״ה
פלימעניק: וועלוול ראָטבאַרד ע״ה
פלימעניצעס: חיה ראָטבאַרד ע״ה
״ שרה ראָטבאַרד ע״ה
״ פויקע ראָטבאַרד ע״ה
״ סערקע ראָטבאַרד ע״ה
״ חנה עטקע ראָטבאַרד ע״ה



אין דער הויך: פויקע און חיה ראָטבאַרד; אין דער מיט: פון רעכטס, שרה לאַנגלייב, אסתר טאָשער, הינדע שלאַזקע, וועלוול ראָטבאַרד און חנה לאָשיצקי; אונטן, פון רעכטס: יענטע און יענטל גרושקע און שרה ראָטבאַרד

גרויזאַם אומגעבראַכט דורך די היטלער־מערדער ימח שמם

**שיינע צוקער־ווײַנער (בוענאָס איירעס)**

---

## יתגדל ויתקדש! זאָלן געהייליקט און געגרויסט ווערן די נעמען פון אונדזערע קדושים

עלטערן:
לייזער און דבורה גאָלדפאַרב

שוועסטערן:
חיה טעמע־געבעל מיט 2 קינדער
רבקה מיט 2 קינדער

פעטערס און מומעס:
יוסף מאַסלאָווסקי ע״ה
ברכה ע״ה
יצחק מאַסלאָווסקי ע״ה
אסתר ע״ה
אונדזער קוזין: מאַנעס מאַלישעוויטש ע״ה
קוזינע: חינקע גיטל ע״ה און קינדער

אײַער הייליקער אָנדענק וועט שטענדיק לעבן אין אונדז!

**יעקב גאָלדפאַרב און פאַמיליע (חיפה, ישראל)**

**גאָלדע בורשטיין־צוקער** / בוענאָס־אײַרעס

# סטאָקער וואָס האָבן געפֿונען זייער אייביקע רו אין אַרגענטינע

מיט עטלעכע חדשים צוריק, איידער מינדל־מאַלצמאַן־נאָוועַנשטערן איז אַרויסגעריסן געוואָרן פֿון אונדזער מיט, איז בײַם סעקרעטאַר שמחה לאַנדע — אים צו לאַנגע יאָר — פֿאָרגעקומען אַ זיצונג פֿון „ועד־הספר" פֿון סטאָקער יזכור־בוך. דאָס איז געווען די לעצטע זיצונג ווו מינדל האָט בײַגעווינט. איר אַרײַנקומען האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ פֿײַנלעכן אײַנדרוק. די סימנים פֿון אַ שווערער קראַנקהײַט האָבן זיך געלייגט בולט אויף איר פּנים, אָבער אַלע אַנוועזנדע, אויף דער זיצונג, האָבן זיך דערפֿרייט מיט איר אַנוועזנהײַט. איך בין געזעסן און אָבסערווירט אירע אײַנגעפֿאַלענע באַקן, די דאַרקייט פֿון איר קערפּער און די געדאַנקען זענען ווײַט נישט געווען קיין אָפּטימיסטישע. פֿאַרטראָגן אין טרויעריקע פֿאָרגעפֿילן, האָב איך אינסטינקטיוו, אויפֿגעהויבן די אויגן צום בילד פֿון בילטשע לאַנדע, זיך אָנגעטראָפֿן מיט איר שמייכל, וואָס איז געבליבן ווי לעבעדיק אין אויסדרוק. כ׳האָב זיך יענעם אָוונט נישט געקענט באַפֿרײַען פֿון פֿאַרשידענע דערינערונגען וועגן מענטשן פֿון סטאָק וואָס האָבן אײַנגעוואַנדערט און אויפֿגעבויט זייערע היימען אין דעם פֿרײַען לאַנד אַרגענטינע, צו וועלכע מיר האָבן געהאַט אַ שײַכות און וואָס זענען מער נישטאָ...

**איצט ווען דער „פּנקס סטאָק", גייט אַרײַן אין דער פֿאַזע פֿון ווערן אַ רעאַליטעט, און ס׳ווערט אַלץ געטאָן ער זאָל בקרוב דערזען די ליכטיקע שײַן, איז מיר אָנפֿאַרטרויט געוואָרן די טרויעריקע מיסיע, צו ד ע ר מ אָ נ ע ן , בכדי שטענדיק צו געדענקען און קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן די סטאָקער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע, וועלכע זענען אַוועק פֿון לעבן.**

איך הייב אָן מיט אַ שווער געמיט און מיט גרויס יראת־הכבוד, אָריענטירנדיק זיך אויף געפֿיל און אויף דעם שווערן אײַנדרוק, וואָס יעדער פֿון זיי, וואָס איך געדענק און צו וועלכע איך האָב געהאַט אַ שײַכות —פּערזענלעכע אָדער געזעלשאַפֿטלעכע— האָבן איבערגעלאָזט מיט זייער פּריצײַטיקן אַוועקגיין... אַ „גאָט ווי איינזאַם זענען די טויטע" — אָט די פּראָזע פֿון אַלפֿאָנסינאַ סטאָרני — אַן אַרגענטינער פּאָעטין, קומט מיר יעדעס מאָל אויפֿן זינען, ווען ס׳קומט אויס צו באַגלייטן וועמען אויף דעם אייביקן וועג. שווער זיך צו באַפֿרײַען פֿון דעם אײַנדרוק, וואָס אין אײַנקלאַנג מיטן אויבן דערמאָנטן ציטאַט, האָט זײַער צײַט איבערגעלאָזט, ווען די סטאָקער משפּחה, האָט אַרויסבאַגלייט דעם



משה יצחק דאָמבעק ע"ה

לאַנדסמאַן משה יצחק דאָמבעק. דאָס איז געווען דעם 11טן נאָוועמבער 1941, דער ייִדישער בית־עולם אין טאַבלאַדאַ (בוענאָס־אײַרעס) איז דאַן נאָך געווען זייער שיטער „באַפֿעלקערט"...

גאָט מײַנער! ווי שרעקלעך ס׳איז געווען דאָס בילד, וויפֿל עלנט ס׳האָט געווייעט פֿון קבר אַרום וועלכן ס׳איז געווען ליידיקייט פֿון ערד און פֿעלד. מיט דריטהאַלבן יאָר שפּעטער, דעם 10טן מײַ 1944 האָט די קליינע פֿאַמיליע צוקער, אַרויסבאַגלייט די יונג־פֿאַרשטאָרבענע שוועסטער רייזל צוקער־ווערנער. רייזל — אברהם־משהס און רחלס טאָכטער

וועלכע איז געווען די פאַרקערפּערונג פון באַשיידנקייט און גוטסקייט. אַ דאַנק איר, האָבן זיך געראַטעוועט 3 פון די צוקערס; דער ערשטער חיים אייזיק צוקער, דערנאָך די שוועסטער שיינע שרה, און צום לעצט דער יונגסטער שמואל־לייב צוזאַמען



רייזל צוקער־ווערנער ע״ה

מיט זייער שוואָגער דוד סטאָלאָוויטש. די געטרייע און גוטע רייזל, האָט אָבער געהאַט אַ זייער שווער לעבן, צוליב דעם שווערן פּרנסה־יאָך, וואָס איר עגאָאיסטישער מאַן, האָט אַרויפגעוואָרפן אויף אירע שוואַכע פּלייצעס און אין בליענדיקן עלטער פון 42 יאָר, האָבן זיך די מילדע און גוטע אויגן פאַרמאַכט אויף אייביק. די איינציקע טרייסט — אויב מ'קען אַזוי זיך אויסדריקן — איז די, וואָס זי האָט נישט איבערגעלעבט דעם ווייטיק, ווען אין אַ צייט נאָך איר טויט איז פּלוצים געשטאָרבן איר יונגסטער זון י אָ ס ל פון צוואַנציק יאָר. אויך אַ צווייטער זון אברהם, האָט זיך פאַרייניקט מיט זיין מאַמען און ברודער. מיטן טויט פון רייזל צוקער, פאַרמאַכט זיך די ערשטע טיר פון אַ היים — אין וועלכער מ'האָט געזוכט משפּחה־וואַרעמקייט.

## נ ח  נ יי מ אַ ר ק

מיט נח נײמאַרקן האָט אונדז פאַרבונדן אַ פרײַנדשאַפט כײַ פּריוואַט און סײַ געזעלשאַפטלעך. הגם, ער איז נישט געווען קיין סטאָקער, געשטאַמט פון פּראָסטין, האָט ער זיך פאַררעכנט פאַר אַ סטאָקער. געווען אַן אַקטיווער בונדיסט, נאָך פון דער

נח נײמאַרק מיט אַנגעזעענע בונדיסטן אין אַרגענטינע



פון רעכטס צו לינקס שטייענדיק: נח ניימאַרק ע״ה, דוד אײַזענבערג
זיצנדיק: שרײַבער פּיניע וואַלד ע״ה און יצחק בלינד ע״ה

אַלטער היים, און האָט גלײַך נאָך זײַן קומען קיין אַרגענטינע, מיטגעאַרבעט אויף זײַן שטייגער אין דער בונדישער באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרמערן אין יענער צײַט, מיטן קומען פון בונדיסטן אין לאַנד אַרײַן. ער איז געווען אויפמערקזאַם צו זײַנע פּאַרטיי־חברים און לאַנדסלײַט, מילד אין באַנעמונג מיט אײדעלע מאַנירן און איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַן אײגענער און גוטער חבר, פון וועלכן מען האָט געקענט דערוואַרטן אַ טובה, אין וועלכער אַ סך פון זײַנע חברים און לאַנדסלײַט האָבן זיך גענויטיקט. נח האָט געהאַט ספּעציעלע פעיִקייטן, וואָס האָבן גאַנץ פרי נאָך זײַן קומען קיין אַרגענטינע, אים פאַרשאַפט מאַטעריעלע פּריווי..ע־גיעס, אַדאַנק וועלכן ער האָט זיך אויסגעטײלט צווישן דער גרויסער צאָל אימיגראַנטן — ..וי מען פלעגט זיי רופן „גרינע"— און זענען אין יענער צײַט געווען אויף צרות. נח ניימאַרק האָט גיך זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אין די קרײַזן פון ייִדיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן, און זײַן פּלוצימדיקער טויט, ערב יום־כיפור תשי"ב, דעם 9טן אָקטאָבער 1951, האָט אַרויסגערופן גרויס צער בײַ דער בונדישער אָרגאַניזאַציע און סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט, וועלכע האָבן פאַרלוירן אַ טרײַ..ן חבר און פרײַנט און ליבן לאַנדסמאַן.

## חיים פּאָגאָדע

חיים פּאָגאָדע האָט געהאַט דאָס גליק זיך צו ראַטעווען פון פּוילן מיט זײַן פרוי און קינדער, זיי צו לאַנגע יאָר. געקומען קיין אַרגענטינע עטלעכע יאָר פאַרן חורבן (1937) און איז אַדורכגעגאַנגען אַ..ע עקאָנאָמישע שוועריקייטן אַלס עמיגראַנט, אָבער זײַן סוחרישער אינסטינקט און פעיִקייטן, רוקן אים גאָר גיך אַרויס אין פאָדערגרונט. די סטאָקער האָבן אַן אַדרעס און דאָס איז סאַן לויִס 2725. זײַן אין צענטער און נישט אַרײַנגיין צו פריידע רחל און חיים פּאָגאָדע איז אַ זעלטנהייט. דערמיט טײלן זיך אויס די באַציִונגען צווישן לאַנדסלײַט, ס'זענען נישט נויטיק קיין אײַנלאַדונגען און קיינע פאָרמאַליטעטן. דאָס געפיל פון נאָענטקייט איז אייגן און כאַראַקטעריסטיש. חיים פּאָגאָדע האָט געהערט צו די לינקע „פּועלי־ציון". איז געווען אַ גרויסער פּאַרטיי־פאַנאַטיקער, נאָך אין דער אַלטער היים, מיט וועמען ס'איז נישט געווען לײַכט צו דיסקוטירן. אָבער אַלס לאַנדסמאַן, האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס פרײַנטשאַפט צו אַלעמען. אַדאַנק זײַן דערגרייכן צו אַ זייער סאָלידער עקאָנאָמישער פּאָזיציע, האָט ער זייער פיל אַרויסגעהאָ..פן די אַלע וועלכע פלעגן זיך ווענדן צו אים, און געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר אַלע געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן. דעם 6טן מערץ פון 1954, ווען די פּאָגאָדעס האָבן זיך געגרייט צום ברית פון זייער ערשט אייניקל, האָט דעם ייִדנס האַרץ אויפגעהערט צו קלאַפּן, צוליב דער איבערגעלאָדענער עמאָציאָנעלער פרייד. דער אומגעריכטער און פריצײַטיקער טויט פון חיים פּאָגאָדע, האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם אויף דער ייִדישער גאַס אין בוענאָס־אײַרעס, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק, דורך דער גרויסער צאָל מלווים, וואָס האָבן אים באַגלייט צו זײַן אייביקער רו אויפן ב"ע אין ליניערס. מיטן אַוועקגיין אין דער אייביקייט פון חיים פּאָגאָדע, האָט די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט געליטן אַ שטאַרקן פאַר..וסט, און ווידער אַמאָל איז אַ היימישע שטוב געוואָרן פאַריתומט.



חיים פּאָגאָדע ע"ה

## גיטעלע קיאַק־סעגאַל

אין דער בליִענדער עלטער איז פאַרשניטן געוואָרן פון לעבן, די יונגע טאָכטער פון חיה און איטשע קיאַק. הימל־שרײַענדיק דער ווייטיק, בישט נאָר בײַ די עלטערן און פאַריתומט טעכטערל, נאָר בײַ דער גאַנצער סטאָקער משפחה. אַן אומהיילבאַרע קראַנקייט האָט פאַרצוקט איר יונג לעבן. גיטעלע קיאַק־סעגאַל, איז געווען צווישן די געציילטע,

זואָס האָט צוליב פאַרשידענע אומשטענדן און דער הויפּט צוליב איר אײדעלן כאַראַקטער, געהאַלטן זיך זײער נאָענט צום עלטערן דור סטאָקער אימיגראַנטן. איר הײמישקײט און פרײַנדלעכע באַנעמונג



גיטעלע קיאַק־סעגאַל ע״ה

האָט זי באַליבט געמאַכט בײַ אַלע לאַנדסלײַט און דאָס איז געקומען צום אויסדרוק אויף איר חתונה, ווו די גאַנצע סטאָקער קאָלאָניע האָט זיך שטאַרק משמח געווען, פּונקט ווי די כלה וואָלט געווען אַן אײגן קינד.

## חיה פּ. קיאַק



חיה פײגע שוואַרצפאַרב קיאַק ע״ה

דאָס יונג־פאַרשניטן לעבן פון איר טאָכטער, זואָס איז געווען דער שטאָלץ און דאָס שײנדל, פון דער שטילער און אײדעלער חיה —(מנחם היטלמאַכערס עלצטע טאָכטער)— האָט דערפירט, צוליבן נישט קענען אַריבערטראָגן דעם גרויסן אומגליק, זי זאָל זיך אײַנברעכן אין געמיט. דער נישט געשטילטער ווײטיק און מאַמעשע בענקשאַפט האָט איך צוזאַמענגעבראָכן דאָס געזונט פון חיה קיאַק. נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעמען, פלעגט זי עטלעכע מאָל אין וואָך פאָרן צום קבר פון איר געטרײַער און ליבער טאָכטער — גיטעלע — ביז... זי האָט זיך פאַרײניקט מיט דער טאָכטער אין שכינותשאַפט.. אויפן בית עולם אין טאַבלאַדאַ (20 קילאָמעטער פון בוענאָס־אײַרעס). אַזוי אַרום איז חיה „אויסגעלייזט״ געוואָרן פון אַ גרענעצלאָזן כײַן.

ווי כ׳האָב בײַם אָנהויב פון דער אַרבעט באַמערקט, וועל איך זיך נישט האַלטן בײַ דער כראָנאָלאָגישער פּינקטלעכקײט, נאָר לאָזן זיך פירן דורך די רײנע און לויטערע געפילן, וואָס זענען נויטיק און וויכטיק פאַרצוזעצן דאָס פאַרײביקן לדורות:

## משה מאַלישעוויטש

בײַם דערמאָנען משה מאַלישעוויטש —(הגם אויסער דעם כראָנאָלאָגישן סדר)— איז נויטיק ווידער אַמאָל אַריבערצוטראָגן זיך קײן סטאָק, ווײַל



משה מאַלישעוויטש ע״ה

יעדער נאָמען פון אַ לאַנדסמאַן איז ענג פאַרבונדן מיט אַ שטיק געשיכטע פון שטעטל. משה מאַלישעוויטש האָט אין סטאָק, פאַרנומען אַן אָנגעזען פלאַץ

אינעם דאָרטיקן געזעלשאַפטלעכן און קולטור לעבן. נאָך דער באַרימטער שפּאַלטונג פון דער אַלגעמיינער ביבליאָטעק, איז ער געווען ביבליאָטעקאַר, פון דער ביבליאָטעק וועלכע האָט געהייסן „געז, פאַר אָוונט־קורסן" און איז געווען אונטער דער השפעה פון די לינקע פועלי־ציון. ער האָט, ווי אַ סך פון זײַנס גלײַכן, אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע און זיך באַזעצט אין דעם ווײַטן צפון פון לאַנד, אין דער שטאָט סאַלטאַ. ער האָט דערנאָך אַראָפּגעבראַכט זײַן לעבנס־באַגלייטערן — רחל שוואַרצבערג — איר צו לאַנגע יאָר, און פאַרמירט אַ היים. מיט יאָרן שפּעטער, ווען זיי קומען וווינען קיין בוענאָס־אײַרעס, נאָכן וווינען אַ שטיק צײַט אין דעם שטעטל מאָנטעראָס, (פּראָוו' טוקומאַן), פאַרנעמען זיי גלײַך אַן אָנגעזען אָרט אינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן און ספּעציעל בײַ דער צענטראַלער שלום־עליכם שולע אויף סעראַנאָ 341. משה איז פון דער נאַטור געווען די פאַרקערפּערונג פון גוטסקייט, הגם ער האָט אָפטמאָל געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ פּאַסיוון און אַפילו גלײַכגילטיקן מענטש. צו לאַנדסלײַט האָט ער שטענדיק זיך באַצויגן מיט אמתדיקער פרײַנדשאַפט און ליבשאַפט, נישט רעכענענדיק זיך קיינמאָל מיט די פּאַרטייישע חילוקי־דעות. נישט זײַענדיק קיין פּאַרטיי־פאַנאַטיקער, האָט ער אָפטמאָל שטאַלצירט, ווען אַ נאָענטער פרײַנט און לאַנדסמאַן האָט זיך אַרויסגעהויבן אינעם אַלגעמיינעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט ער געמעגט געהערן צו אַ קעגנערישער פּאַרטיי. זײַן היים איז שטענדיק געווען אָפן נישט בלויז פאַר פּאַרטיי־חברים, נאָר האָבן זייער גערן אויפגענומען די לאַנדסלײַט, מיט וועמען זיי האָט געבונדן אַן עכטע היימישקייט. מיטן טויט פון אַ ליבן בן־עיר און מענטשן־פרײַנט, וועלכער האָט באַוויזן צו געווינען די סימפּאַטיע און אויפריכטיקע פרײַנדשאַפט פון די מיטמענטשן, איז איבערגעריסן געוואָרן דער פאָדעם וואָס האָט אים פאַרבונדן מיט סטאָקער לאַנדסלײַט, הגם מיט רחלען פאַרבינדט אונדז אַן אומצעטיילבאַרע פרײַנדשאַפט, איז אָבער אויך נאָך אַ היים צעבראָכן געוואָרן.

## בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע

די משפחה נאַגעלקאָפּ, האָט אויך געהערט צו די זעלטענע אויסנאַמען. דער צופאַל האָט געוואָלט אַז דער ענגער קרײַז פון זייער פאַמיליע זאָל זיך ראַטעווען מיט יאָרן פריִער פאַרן חורבן און זיך באַזעצט אין בוענאָס־אײַרעס. בעלטשע, די איינציקע טאָכטער פון מרדכי און גאָלדעלע נאַגעלקאָפּ, איז געווען די פרוי פון שמחה לאַנדע. די היים פון בעלטשע און שמחה לאַנדע, ווערט מיט דער צײַט,



בעלטשע נאַגעלקאָפּ לאַנדע ע"ה

די היים פון די סטאָקער. מיט זייער טיפער פאַרשטענדעניש און געפיל פאַר לאַנדסלײַט ווערט פריִער מירינײַאי 1669, דערנאָך אַסעוועדאָ 262, דער אַדרעס פאַר נאָענטע און ווײַטע לאַנדסלײַט, וואָס זוכן אַ ביסל היימישקייט, — אין דער פרעמדער פאַר זיי נײַער היים אַרגענטינע. בעלטשע, האָט זיך פון דער נאַטור, אויסגעטיילט מיט געמיטלעכקייט און געוואַלדיקן געדולד. ס'האָט זיך טיילמאָל אויסגעוויזן, אַז זי נעמט אויף זאַכן מיט זעלבסטפאַרשטענדלעכער נאַטירלעכער רויִקייט, ווי גאָרנישט וואָלט איר געקענט איבעראַשן. זי איז געווען אַרײַנגעטאָן אין איר וועלט — פון איר משפחה —, מיט די אייגנשאַפטן פון אַ פאָלקסמענטש, וואָס פאַרמאָגט אַן אײַנגעבוירענע אינטויציע, האָט זי פאַרשטעלט די קאַפּריזן פון אירע אייגענע. זי האָט געלעבט פאַר אירע קינדער און מאַן. מיט איר כאַראַקטעריסטישער גרענעצלאָזער געטרײַשאַפט, האָט זי דערצויגן אירע צוויי טעכטער. זיך איבערגעגעבן מיט לײַב און לעבן זייער דערציִונג. אירע פאַרגעניגנס און געווינלעכע סאַטיספּאַקציעס וואָס איטלעכער מענטש זוכט אין לעבן, האָט זי שטענדיק אָפּגעלייגט, תמיד געהאַט צײַט פאַר זיי. מיט אַן אויסערגעוויינלעכער רויִקייט און געדולד, וואָס פלעגט אַרויסרופן באַוווּנדערונג בײַ די אַרומיקע, האָט זי אויפגעגעבן אייגענע זאַכן, דאָס אַרײַנגיין צו בעלטשען אין שטוב, איז געווען דאָס סאַמע נאַטירלעכסטע. צו יעדע צײַט, אין יעדע שעה פון טאָג, האָט מען דאָרט גע־

קענט טרעפן מענטשן —ספּעציעל לאַנדסלײַט— ווו יעדער איינער האָט זיך געפילט היימיש און באַקוועם. עס האָט געבונדן געמיינזאַמעס און משפּחה־דיקייט. די קינדער אונדזערע און זייערע, כּמעט אין דער זעלבער עלטער, האָבן זיך געחברט און אַזוי איז אָנגעגאַנגען די שטילע גוטע בעלטשע, פאַרוואַנדלענדיק זייער שטוב אין אַן אמתער היים פאַר אייגענע.

אַ שווערע קראַנקהײַט, האָט פאַרשניטן איר יונג לעבן, איבערגעריסן אין סאַמע בלי פון לעבן. קוים עטלעכע וואָכן נאָך דער חתונה פון דער עלטערער טאָכטער, אין וועלכער פאַמיליאַרן און לאַנדסלײַט האָבן זיך מיטגעפרייט, האָט מען זיך דערוווּסט אַז בעלטשע איז ערנסט קראַנק. שוין לאַנג ווי זי האָט זיך געדאַרפט קורירן, נאָר דאָס אָפּגעלייגט, בכדי נישט צו פאַרשטערן די פרייד פון דער חתונה דעם 16טן אויגוסט פון 1956, האָבן מיר באַזוכט בעלטשען אין אַ שטאָטישער סאַנאַטאָריע, ווו זי האָט זיך געהאַט אינטערנירט. דער שמייכל האָט זי נישט פאַרלאָזט, אַפילו אין די שווערסטע פיזישע מאָמענטן. זי האָט אַ לעבנ־לאַנג געליטן פון אַ כראָנישער מיגרענע. אויפן אַנדערן טאָג, דעם 17טן אויגוסט 1956, האָט מען בעלטשען אָפּערירט און זי איז פאַרשניטן געוואָרן, אונטערן מעסער אויפן אָפּעראַציע־טיש.

שוין באַלד 17 יאָר און אין מײַנע אויערן „קלינגט" נאָך דאָס געוויין פון איר מאַן, מאַמען און אייגענע. אין מיר האָט עפּעס געשריגן: „ס'קען ניט זײַן! ס'קען ניט זײַן! ס'איז אַ קאָשמאַר!" און עס איז אַזוי געווען — אַ פ י נ צ ט ע ר ע ר קאָשמאַר—. די געטרײַע פרוי און זעלטענע מאַמע, וואָס האָט נישט געלעבט פאַר זיך, האָט „פאַרלאָזט" אירע אייגענע. ווי קען אַזעלכעס זײַן מעגלעך? בעלטשע האָט איבערגעלאָזט אַ נישט פאַרהיילטע וווּנד אין האַרץ פון איר מאַן, מיט טיפן וויטיק זיך אײַנגעשניטן אין האַרץ פון איר מאַמען די איידעלע גוטע גאָלדעלע. און געעפנט אַ טראַגיש קאַפּיטל בײַ דער פאַמיליע נאַגעלקאָפּ, וואָס האָט דורך ערלעכער „פּראַצע" (אַרבעט) באַוויזן צו דערגרייכן אַ גוטע עקאָנאָמישע פּאָזיציע. מיטן טויט פון בעלטשען, האָט זיך אַרײַנגעריסן אַ טיפער טרויער בײַ דער גאַנצער משפּחה. מיט יאָרן שפּעטער איז געשטאָרבן מרדכי נאַגעלקאָפּ. פאַר דער שטענדיק שוואַכער גאָלדעלען, האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט דער צער. אויך איר יונגע שנור אסתר, די פרוי פון וועלוול נאַגעלקאָפּ, איז געשטאָרבן אין פריִען עלטער.

## גאָלדעלע נאַגעלקאָפּ

שוין, דער ליבלעך פאַרצויגענער נאָמען — ג אָ ל ד ע ל ע — האָט עדות געזאָגט, אַז זי איז געווען אַ זעלטן איידעלע פרוי און באַוויזן מיט איר



גאָלדעלע פריד־נאַגעלקאָפּ ע"ה

גוטסקייט זיך באַ יבט צו מאַכן בײַ אַלעמען. זי האָט געהאַט פאַר יעדן איינעם אַ גוט וואָרט. זי האָט שטענדיק זיך באַמיט נישט צו פאַרביטערן, מיט אירע שווערע איבערלעבונגען אַנדערע. זי פלעגט אַרויסהעלפן נויטבאַדערפטיקע, באַמיענדיק דאָס צו טאָן, זייער באַשיידן —מתן־בסתר— אין פולסטן זינען פון וואָרט. ווען מ'האָט זיך געווענדעט צו איר, נאָך הילף אָדער באַשטײַערונג פאַרן פּראָיעקטירטן סטאָקער יזכּור־בוך, איז זי געווען די, וואָס האָט געעצהט די זין צו געבן וואָס מער געלט. אויך איר האָט דער טויט אויסגעלייזט פון אירע נישט געשטילטע פּײַנען וואָס דאָס לעבן האָט איר אונטערגעטראָגן מיט יאָרן לאַנגע פיזישע לײַדן און יסורים און מיטן פריצײַטיקן טויט פון איר באַליבטער טאָכטער, דערנאָך מיט די פאַרלוסטן פון מאַן און שנור.

## מינדל מאַלצמאַן־נאָווענשטערן

בײַם סאַמע אָנהייב, האָב איך אונטערגעשטראָכן מינדלס אָנווּזנהײַט אויף אַ זיצונג פון „ועד־הספר" פאַרן יזכּור־בוך, און דעם שמייכל פון בעלטשען, וועמענס בילד הענגט אויף דער וואַנט (אַ שמייכל וואָס איז געבליבן ערגעץ ווו אין געמיט פון די וואָס האָבן זי געקענט), אין זייערע ביידנס פאַרשניטענע לעבנס איז פאַרבליבן אַ נישט געשטילטער וויטיק. עטלעכע חדשים נאָך דער זיצונג האָט שוין מינדל

נישט פאַרלאָזט דאָס געלעגער ביזן פּאַטאַלן טאָג, דעם 12טן אָקטאָבער פון 1972. מיט אַן אויסערגעווײנלעכער אויפמערקזאַמקייט, האָבן זיך צו איר באַנומען פרײַנט, לאַנדסלײַט און חברים. מינדל־מאַלצמאַן־נאָווענשטערן איז די לעצטע יאָרן, געווען אַקטיוו אין דער „פּרויען־גרופּע״ בײַ דער י. ל. פּרץ־שול. מיט איר ענטוזיאַזם פאַרן לעבן בכלל און פאַרן געזעלשאַפטלעכן לעבן בפרט, האָט זי זעלטן געפעלט אויף אַ וויכטיקער אונטערנעמונג. מיט דער רעזערווירטקייט פון איר נאַטור און דיסקרעטן



מינדל מאַלצמאַן־נאָווענשטערן ע״ה

אופן פון באַנעמען זיך צו מענטשן, האָט מינדל זיך דערוואָרבן פרײַנט. אויך זי האָט איר לעבן געווידמעט אירע קינדער מיט אַ גרענעצלאָזער ליבע און האַרמאָנישן צוזאַמענלעבן מיט איר מאַן בעריש (אים צו לאַנגע יאָרן). אָפטמאָל האָט זיך געדאַכט אַז זי דאַרף קיינעם נישט, הגם זיי זענען שטענדיק געווען אויפמערקזאַם צו נאָענטע און פרײַנט, וועלכע זיי פלעגן באַזוכן. אין קעגנזאַץ צו אַנדערע משפחות איז מינדל מאַלצמאַן געבליבן די איינציקע פון אַ פאַרצווײַגטער גרויסער פאַמיליע, וואָס איז טראַגיש אומגעקומען אונטער דער נאַצי־הערשאַפט. דאָס געפיל פון עלנט, האָט איר אַ לעבן לאַנג פאַרפאָלגט, נישט געקוקט דערויף וואָס זי האָט געפונען סאַטיספאַקציעס אין דער געטרײַשאַפט פון מאַן און קינדער. ס'האָט זיך אין איר אײַנגעבירגערט אַ שטאַרקער סענטימענט פאַר ימים־טובים. די טראַדיציאָנעלע פּסח־טעג, אָדער אַנדערע וויכטיקע ימים טובים, האָט זי געזוכט ווי זיך אויסצולעבן, כדי צו פאַרגעסן דעם ווייטיק פון איר אומגעקומענער משפּחה. איר גרעסטער פאַרגעניגן איז געווען צו טרעפן זיך אויף ימים־טובים מיט אייגענע לאַנדסלײַט און פרײַנט. די מאָמענטן האָבן געלינדערט די נישט געשטילטע בענקשאַפט צו איר היים פון וועלכער זי איז אַרויסגעפאָרן מיט איינער פון די לעצטע שיפן פאַרן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. מינדל איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע דעם 18טן מײַ פון 1939. זי האָט געהערט צו די געצייטע פון אונדזערע לאַנדסלײַט, וואָס איז געקומען פון אַ רײַכער היים. אין דער באַגרענעצטער עקאָנאָמישער לאַגע, אין וועלכער ס'האָבן געלעבט די מערהײַט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין שטעטל, האָט מען „אַרויפגעקוקט״ צו די מאַלצמאַנס — צו זייער רײַכער שפּײַז־קראָם. די היים פון מינדל מאַלצמאַן איז געווען אַ גוט אײַנגעאָרדנטע און נישט איינער פון אונדז איז זיי מקנא געווען. ווען די רײַכע טאָכטער פון די מאַלצמאַנס, איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע, האָט זי זײַט בײַ זײַט מיט איר מאַן בעריש, געאַרבעט גאַנץ שווער, בכדי זיך אַרויסצובאַקומען פון דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, וועלכע האָט זעלטן ווען אויסגעמיטן דעם עמיגראַנט. מיט דער צײַט האָבן זיך בעריש און מינדל, דערוואָרבן אַ סאָלידע עקאָנאָמישע פּאָזיציע און דערצויגן געראָטענע קינדער, וואָס האָבן איר פאַרשאַפט נחת און פרייד. צוליב פאַרשידענע מאָטיוון פאַרלאָזט אַרגענטינע דער עלטערער זון משה, וועלכער באַזעצט זיך אין טשילע און דער ייִנגערער, אברהמל, זוכט זײַן צוקונפט אין דער ירושלימער אוניווערסיטעט, ווו ער שטודירט און ווידמעט זיך ייִדיש־וויסן. די היים פון מינדל נאָווענשטערן, ווערט מיט אַמאָל צו גרויס. די בענקשאַפט טרײַבט זי פון דער היים און זעלטן טרעפט מען זי אין שטוב. פון דער נאַטור איז מינדל געווען אַן אומרויִקע און אימפּולסיווע. מיט אַ זעלטענעם ענטוזיאַזם נעמט זי אויף די מעגלעכקייט צו באַזוכן נאָרד־אַמעריקע אַליין. זי לעבט איבער די עמאָציעס פון בײַזײַן אַ בונדישע וועלט קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק, ווו זי טרעפט זיך אָן אויף אַ סך גרויסע איבערלעבונגען. ס'איז אָבער נישט קיין פאַרגלײַך איר פרייד ווען זי פאָרט אין אַפּריל פון 1970 קיין ישראל אין באַגלייטונג פון איר מאַן, כדי זיך צו טרעפן מיט איר „ילד־שעשועים״ דעם בן יקיר... אברהמלען. ווער ס'האָט נישט געזען איר

לעבנספּרייד און אימפּעט צו באַקענען און באַזוכן דאָס לאַנד און ווער ס'האָט נישט באַמערקט דאָס גליק פון האָבן נעבן זיך איר (טשיקין) אברהמלען, דער קען זיך נישט שאַפן דעם ריכטיקן באַגריף, וואָס ס'הייסט עמאָציע און לעבנספּרייד. נאָכן אומ־קערן זיך פון ישראל איז פאַרבליבן ביי מינדלען אַ נישט געשטילטער באַגער ווידעראַמאָל צו פאָרן, מאַכנדיק פאַרשידענע פּלענער אויף צו מאַכן ווייַ־טערדיקע רייַזעס. דרך אגב, איז צוגעקומען אַ וויכ־טיק געשעעניש פאַר איר. אברהמל (טשיקי) האָט זיך אָפּגעזוכט אַ מיידל — אַ סטודענטין — אַ געבוירענע אין מעקסיקע און דער פאַרלאַנג צו באַקענען זיך מיט איר, איז געוואָרן אַ חלום פאַר מינדלען.

נאָך אַן אָנגעשטרענגטער רייַזע, וואָס זי און בעריש, האָבן אונטערגענומען קיין טשילע, ווו זיי האָבן באַזוכט זייער זון, שנור און אייניקל, איז מינדל אַהיימגעקומען פּיזיש אַ צעבראָכענע.

מיט יאָרן צוריק האָט זי דורכגעמאַכט אַ דעלי־קאַטע אָפּעראַציע. ס'האָט דאַן אויסגעזען אַז די גע־פאַר איז פאַרבייַ, אַז דער אומבאַגרענעצטער ענ־טוזיאַזם פאַרן לעבן וועט אַלץ גובר זייַן, און דאָך איז די קראַנקהייט געווען שטאַרקער אין... איר גע־זונט צושטאַנד האָט זיך פון טאָג צו טאָג פאַרער־גערט. ווערנדיק צוגעשמידט צום בעט, פון וועלכן זי האָט נישט געהאַט קיין פאַרלאַנג אַראָפּצוגיין, ווייַל די כוחות האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצולאָזן, איז זי געלעגן, מיט איר ספּעציפישן מילדן שמיי־כל, און אויפגענומען מיט צופרידנקייט די גרויסן פון דער „גאַס", מיט וועלכער זי האָט אַ לעבנלאַנג געפיבערט און מיט וועמענס פּראָבלעמען זי האָט געאָטעמט.

זי האָט זיך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיטן גאַנג פון דער אַרבעט ביי דער „פרויען־גרופּע", מיט די פּראָבלעמען פון דער י. ל. פּרץ־שולע, דער עיקר געווען אויפמערקזאַם צו אַלע וואָס האָבן זי באַזוכט. די לעצטע וואָכן האָט זי געחלומט צו באַ־קענען חווהן (אברהמלס כלה) און זען טשיקין. ביי־דע חלומות האָט איבערגעריסן דער גרויזאַמער טויט. ווען אברהמל איז געקומען, פּונקט אַ וואָך פאַרן טויט, איז שוין מינדל געווען אין די אָרעמס פון מאָרפיום, ווער ווייסט צי זי האָט אויפגענומען די שטימע פון איר באַליבטן אויסגעצערטלטן טשי־קין. ווידעראַמאָל איז אַ היים פון סטאָקער צעשטערט געוואָרן. נישטאָ מער מ י נ ד ל , מיט איר נישט געשטילטן דראַנג צום לעבן.

## נפתלי פּאָסעסאָרסקי

נפתלי פּאָסעסאָרסקי איז געווען דער עלצטער זון פון חוה און לייבקע קאָוואַל. ער האָט פון זייַן פריסטער יוגנט געהערט צום „בונד", אָבער קיין



נפתלי פּאָסעסאָרסקי ע"ה

מאָל נישט מיטגעריסן געוואָרן פון אומרו, וואָס האָט אַזוי כאַראַקטעריזירט די קליינשטעטלדיקע יו־גנט פון יענער צייַט, וואָס האָט געטרוימט און וועל־טן „געקערט", מיט זייער צעפּלאַמטער פאַנטאַזיע, די וועלט שענער און בעסער צו מאַכן. נפתלי, האָט נישט געליטן פון דעם אַזוי גערופענעם „וועלט־שמערץ". פון דער נאַטור אַ גוטער, האָט פאַרקער־פּערט מיט זייַן אויסזען און טאַקע געווען אין פיל הינזיכטן דער קאָנטראַסט צו זייַנע שוועסטערן; עטל די פרוי פון בעריש בורשטיין, רחל — די אַק־טיווע צוקונפטיסטין, ברודער הערשל, וואָס רוקט זיך אַרויס אין פאָדערגרונט פון דער בונדישער יוגנט „צוקונפט", אויך די יונגסטע פון דער מש־פּחה פּאָסעסאָרסקי - פריידקע — וואָס ראַטעוועט זיך פון נאַצישן גהינום, לעבט איבער די מלחמה אין רוסלאַנד און הערשלאָגט זיך דערנאָך צוזאַמען מיט איר מאַן חיים ישעיה קופּער קיין מאָנטרעאַל (קאַ־נאַדע) ווו זיי זענען אַקטיוו אין דער בונדישער באַ־וועגונג. נפתלי פאַרלאָזט פּוילן ענדע די צוואַנצי־קער יאָרן און באַזעצט זיך אין אַרגענטינע. אין בוענאָס־אייַרעס ווערט ער אַ מעטאַל־אַרבעטער. מיט דער צייַט אַרבעט ער זיך אַרויף און בויט

אויף אַ שיין פאַמיליע לעבן. דערציט צוויי גוראַ־טענע קינדער. אומגעריכט און ממש אומגלייבלעך איז פאַר אַלע לאַנדסלייט געווען דער פּלוצימדיקער טויט פון נפתלי פּאָסעסאָרסקי, ווייל אַלע האָבן אים



פון רעכטס: רחל פּאָסעסאָרסקי־בלומענקראַנץ, לייבקע, חוה און פריידקע פ. קופּער; אינטן: רחלס צוויי קינדער: שלמהקע און הערשעלע

באַטראַכט פאַר אַ ביז גאָר געזונטן מענטשן, און פאַריתומט צוויי געטרייע און געלערנטע קינדער און אַ געטרייע לעבנסבאַגלייטערין, הגם נישט קיין סטאָקערין, האָלט זי זיך ווי אַזעלכע. זאָל דערביי פאַרצייכנט ווערן, צום לויב פון נפתליס אלמנה שושנה און קינדער; הערשל און חוה, פאַר זייער גרויסן אינטערעס צום יזכור־בוך, ווי אויך פאַר זייער — ממש אַנגעשטרענגטער — געלט באַשטייערונג פאַרן „פּנקס־סטאָק".

## אברהמטשע שניידמאַן

אברהמשע שניידמאַן האָט געהערט צו אַ פאַר־צווייגטער פאַמיליע קצבים. ער איז געווען אַ פשוטער, ממש פרימיטיווער, גוטער מענטש. דער אַרומיקער אַמביענט, פון דער שפּרודלדיקער יוגנט וואָס האָט געפונען אירע אינטערעסן אין ביכער, פאַרלעזונגען אָדער טעאַטער־פאַרשטעלונגען איז אים געווען פרעמד, הגם ער האָט מיט נײַגעריקייט, נאָכגעפאָלגט דעם פאַרלויף פון געוויסע געשעענישן אין שטעטל, וואָס זענען געווען פאַרבונדן מיט קולטור און פּאַרטיי־טעטיקייטן. אויך ער האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע. גאָר גיך האָט דער אַרבעטזאַמער און האַרעפּאַשנער אברהמטשע באַוויזן צו דערגרייכן אַ סאָלידע עקאָנאָמישע פּאָזיציע. ווי אַ געטרייער און שטרענגער טאַטע, האָט ער געהאַלטן נעבן זיך זײַנע קינדער, אַפילו נאָכן אָנהייבן פירן אַ פאַמיליע־לעבן, האָבן אַלע קינדער געאַרבעט צוזאַמען און געפירט אַ שיין בעל־הבתיש לעבן. אברהמטשע האָט אַרויסגעוויזן גרויס באַציִונג צו לאַנדסלייט און ווען ער פלעגט מאַכן אַ פאַמיליע־שמחה, זענען די סטאָקער שטענדיק פאַרבעטן געוואָרן. אַזוי האָט אָנגעהאַלטן דאָס האַרמאָנישע צוזאַמענלעבן און מוסטערהאַפטע אחדות צווישן דער



אברהם׳טשע שניידמאַן ע״ה

גאַנצער פאַמיליע, ביזן 19טן סעפּטעמבער 1960, ווען דער ראש־המשפחה אברהמטשע שניידמאַן איז אַוועק אין דער אייביקייט. מיט אברהמטשעס טויט, צעפאַלט זיך גאָר שנעל, די אײַנגעאָרדנטע און אויפגעבויטע בעל־הבתישע היים. זײַן פרוי מאַשע ווערט אומבאַהאָלפן אין דעם גרויסן אומגליק. מיט אַ צײַט שפּעטער, איז איינע פון מײַנע סאַטיספאַקציעס, זײַענדיק אַ פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין דער קהילה געוועזן, דאָס באַקומען פאַר איינע פון אברהמטשעס קינדער קאָנסטרוקטיווע הילף, וואָס האָט זיי דערמעגלעכט צו פאַרגרינגערן דעם פּרנסה־יאָך.

## חנהלע וויעזשבינסקי

אַן ענלעכע טראַגעדיע ווי ס׳האָבן דורכגעמאַכט איטשע און חיה קיאַק, איז געשען בײַ דער משפחה מלך און טובה וויערזשבינסקי. זיי זענען געקומען

קיין אַרגענטינע אין די דרײַסיקער יאָרן. שטילע בעלי־הביתישע מענטשן, צייכענען זיך אויס מיט זייער פשטות און אַרבעטזאַמקייט. אויך זייערע קינדער וואָס וואַקסן אונטער, באַמיִען זיך אַרויסצוהעלפֿן די עלטערן, בײַם אויסהאַלטן די היים. חנה וויערזשבינסקי, אַ יונג שיין מיידל, ווערט אַ טייל פֿון דער בעל־הבתישער היים, אין וועלכער זי באַמיט זיך מיט איר אַרבעט אַרײַנצוברענגען מיטהילף. זי אַרבעט בײַ שטריקערײַ און די משפחה וויערזשבינסקי געפינט איר רויִקע עקזיסטענץ, אין דער נײַער היים, מיטן צושטײַער פון זייערע קינדער. זייער יונג ווערט חנהלע קראַנק. ס'מאַטערט זי אַ רעוומאַטיזם, וואָס איז פאַר אַזאַ יונגער עלטער זייער געפערלעך. מיט אַ צײַט שפּעטער איז אויך די פאַמיליע וויערזשבינסקי אויפגעטרייסלט געוואָרן צוליבן טויט פון זייער געטרײַער יונגער טאָכטער.


חנהלע וויעזשבינסקי ע״ה

### רבקה סאָבאָטע־כאַנים

אין די קליינע שטעטלעך, האָט זעלטן ווער אויסגעמיטן אַ „צונאָמען" אָדער אַנדער קאָמישן עפּיזאָד מיט וועלכן מ'האָט פאַרבונדן זײַן נאָמען. רבקה סאָבאָטע האָט זיך פּאָפּולער געמאַכט מיט איר אייגנאַרטיקן זאָג: „האַרציקער צאָרן". דערמאָנען דעם אויבנגעבראַכטן זאָג, האָט געמיינט אים פאַרבינדן מיט רבקה סאָבאָטע. פון פאַך איז רבקה געווען אַ שנײַדערין. יאָרנלאַנג האָט זי געאַרבעט אין וואַרשע. זי האָט זיך אויסגעטיילט מיט איר אויסערלעכן אויסזען און געהאַט אַ סך „פּאַוואָדזעניע" (דערפאָלג). קיין אַרגענטינע איז זי געקומען צו איר עלטערער שוועסטער חנה ע״ה וואָס איז געשטאָרבן אין אַ רעלאַטיוו יונגן עלטער. דאָ, אין בוענאָס־אײַרעס, האָט זי חתונה געהאַט מיט יעקב כאַניס, וועלכער איז געווען אַ אינטעליגענטער און געלערנטער מענטש און געווען זייער אַקטיוו אינעם יידישן לעבן, פאַרנעמענדיק אַן אָנפירנדיק אָרט אין די הויפּט אינסטיטוציעס, אַרויסהויבנדיק זיך אַלס גענעראַל סעקרעטאַר פון די נאַציאָנאַלע תל־אביב שולן. ווי אַ סך אַנדערע, האָט זי אויפגעשטעלט אַ שיינע היים. אין קעגנזאַץ צו אַנדערע לאַנדסלײַט, האָט די פאַמיליע סאָבאָטע־כאַניס דערגרייכט אַ זייער גוטע עקאָנאָמישע פּאָזיציע און געגעבן זייערע קינדער אַ גוטע יידישע דערציִונג.


רבקה סאָבאָטע־כאַניס ע״ה

אַ שטאַרקער רעוומאַטיזם האָט יאָרנלאַנג געמאַטערט רבקה סאָבאָטע־כאַניס און נישט געלאָזט געניסן פון לעבן. זייער פיל צײַט איז זי געווען צוגעשמידט צום געלעגער. אויך זי געהער צו די סטאָקער, וואָס האָט איר אייביקע רו געפונען אויף טאַבלאַדאַ, צוזאַמען מיט איר מאַן יעקב, אינעם זעלבן קבר, וועלכער געפינט זיך פונקט אַנטקעגן דעם מאָנומענט נאָך די 6 מיליאָן קדושים.

## סטאָקער וואָס האָבן געפונען זייער אייביקע רו אין סאַלטאַ (אַרגענטינע)

אין דער אַרבעט פון ש. ב. ל. ב.: „סטאָקער לאַנדסלײַט אין אַרגענטינע", וועלכע געפינט זיך אין דער אָפּטיילונג: „סטאָקער איבער דער וועלט", ווערט אויך אַן אויספירלעכן אופן געשריבן, וועגן די לאַנדסלײַט, וואָס האָבן זיך באַזעצט, אויפן ווײַטן צפון אין אַרגענטינע, אין דער שטאָט סאַלטאַ. נע־

מענדיק אין באַטראַכט, אַז די „סטאָקער קאָלאָניע אין סאַלטאַ", האָט פאַרנומען אַ חשוב פּלאַץ, אינעם דאָרטיקן יידישן לעבן, און צום באַדויערן, פאַרנעמען אַ סך סטאָקער, אַן „אָנגעזען"... אָרט, אויפן דאָרטיקן בית עולם, דעריבער זעץ איך פאַר מיט מיין טרויעריקער מיסיע און כ'וועל זיך באַמיען פאַרזעצן דאָס פאַרצייכענען לדורות.

**סאַלטאַ**, די ווייטע אַרגענטינער פּראָווינץ־שטאָט, וואָס טיילט זיך אויס מיט איר אויסערגע־וויינלעכער נאַטור שיינקייט, האָבן די סטאָקער אי־מיגראַנטן דאָרט זיך באַזעצט און געשאַפן היימען, נישט חליה צוליב דער שיינקייט פון דער שטאָט, נאָר ווייל סאַלטאַ האָט צוגעזאָגט גרעסערע מאַ־טעריעלע מעגלעכקייטן ביים איינאָרדענען זיך פון אימיגראַנטן, וואָס האָבן איינגעוואַנדערט, אַן געלט און אַן אַ פאַך. כ'מאַך אַ קליינע באַוואָרעניש. נישט זייענדיק באַקאַנט מיט אַלע לאַנדסלייט וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין סאַלטאַ, וועל איך בלויז דערמאָ־נען אַ טייל פון זיי, מיט וועמען ס'האָט מיך געבונ־דן אַ פריינטשאַפט, אַ פּריוואַטע און אַ געזעלשאַפט־לעכע.

מיט יאָרן צוריק האָב איך צוזאַמען מיט מיין מאַן חיים, געמאַכט אַן עקסקורסיע קיין סאַל־טאַ. ביים אָנקומען אין יענער שטאָט, האָט זי גע־מאַכט אויף אונדז אַ שטאַרקן רושם, צוליב דער אייגנאַרטיקייט פון דער סביבה, וואָס רינגלט אַרום די שטאָט. אָבער איידער מיר האָבן באַוויזן זי צו באַוואונדערן „סאַלטאַ די שיינע", זענען מיר אַרומ־גערינגלט געוואָרן דורך סטאָקער לאַנדסלייט, און מיט עטלעכע שעה שפּעטער, האָט זיך אונדז אויס־געוויזן, אַז מיר זענען נישט געקומען קיין סאַל־טאַ פון בוענאָס־איירעס, נאָר זענען אַריינגעפאַלן פון סטאָק אין דעם עקזאָטישן סאַלטאַ, ביז גאָר עמאָצי־אָנעל איז געווען די באַציונג פון די לאַנדסלייט צו אונדז. ביי זיי אַלע, זענען מיר געבליבן חנה גאָלדע און חיים איינזיק, אַ לאַנגע פריינדשאַפט, פון דער אַלטער היים אין סטאָק האָט אונדז געבונדן מיט דער משפחה, שיינע־שרה, מאַן אַברהם פינקעלשטיין, און זייערע קינדער. גאָר באַזונדער מיט די אָס־טשעגאָס: שעפּסל און פרוי מינדל פינקעלשטיין, אברהם יוסף און יודל, וואָס האָט מיט יאָרן שפּע־טער אַריבערגענומען זיין פרוי רחל ביילע, (שרה דער רביצינס דעם אַלטן סטאָקער רבס טאָכטער), וואָס האָט זיך געראַטעוועט פונעם טויטן לאַגער אָשוויענטשים.

## שעפּסל אָסטשעגאַ

דער זייער פעיקער מיט אַן איינגעבוירענער אינטעליגענץ — שעפּסל — האָט נאָך אין דער



שעפּסל אָסטשעגאַ ע"ה

אַלטער היים, פאַרנומען אַן אָנגעזען פּלאַץ, צווישן דער אַקטיווער יוגנט אין סטאָק. ער איז געווען אַן אַקטיווער צוקונפטיסט. גאָר יונג פאַרליבט ער זיך אין מינדל פינקעלשטיין, און צוזאַמען מיט מינדלס משפחה, פאָרט ער אָפּ פון סטאָק קיין סאַלטאַ. עס



אַברהם אָסטשעגאַ, באַרימטער סקולפּטאָר אין וואַרשע



מצבה אויפן קבר פון איטע גיטל טורקאָוו (מאַמע פון די ברידער טורקאָוו) געמאַכט דורך אַברהם י. אָסטשעגאַ

נעמט נישט קיין סך צייט און אַ דאַנק זיינע פעיקייטן, דערגרייכט ער צו אַ זייער סאָלידער עקאָנאָמישער פּאָזיציע אין דער קאָמערץ. שעפּסל איז אַ פּלימעניק פון דעם באַרימטן סקולפּטאָר — אין אַמאָליקן פּוילן — אברהם אָסטשעגאַ, וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיטן „אוהל־פּרץ", וועלכער געפינט זיך אויפן גענשער בית־עולם, אין וואַרשע, ירשנט דעם פעטערס פעיקייטן, וועלכע ער האָט נישט קיין מעגלעכקייטן צו קולטיווירן. ער ברענגט אָבער צום אויסדרוק, ביים קריצן מצבות אויף דעם יידישן בית־עולם אין סאַלטאַ. די זעלביקע פעיקייטן פון זיין גרויסן פעטער, ירשנט אויך שעפּסלס יונגסטער זון מאיר יחיאל (הייסט נאָך דעם עלטער־זיידן) וועלכער האָט, ביים גראַדויירן זיך אַלס גלענצנדער אַרכיטעקט, באַקומען אַ פּרעמיע געווינענדיק אַ קאָנקורס פון אַרכיטעקטור פון אַלע אוניווערסיטעטן אין אַרגענטינע. אין סאַלטאַ האָבן שעפּסל און מינדל אָסטשעגאַ אויפגעשטעלט אַ היים. דערצויגן דריי פעיקע אינטעליגענטע קינדער וואָס באַזעצן זיך אין דער גרויסער שטאָט קאָרדאָבאַ. אין זייער אַ פריען עלטער, האָט שעפּסל אָנגעהויבן ליידן אויף די אויגן און ס'האָט אים געדראָט בלינד צו ווערן. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אָפּערירט אויף דער ראיה אין בוענאָס־איירעס. ניט קוקנדיק אויף זיין קרענק, איז ער אָנגעגאַנגען פונדעסטוועגן נאָרמאַל מיט זיין לעבן. אַ שרעקלעכן איינדרוק האָט אויף אַלעמען געמאַכט זיין טראַגישער טויט, אומקומענדיק דורך אַ קויל פון זיינעם אַן אָנגעשטעלטן. דעם 27טן מיי פון 1954, פאַרלירט די משפחה אָסטשעגאַ אין סאַלטאַ, איר ערשטן מיטגליד־שעפּסל אָסטשעגאַ.

## מינדל פינקעלשטיין־אָסטשעגאַ

מינדל פינקעלשטיין איז פון דער נאַטור געווען אַ לעבעדיקע און שטענדיק לוסטיק און פריילעך,



מינדל פינקעלשטיין־אָסטשעגאַ ע"ה

שווער צו דערמאָנען זיך אין מינדלען און אָפּטיילן זי פון עם הילכיקן און שטיפערישן געלעכטער. אַריינגיין צו די פינקעלשטיינס אין דער אַלטער היים,

האָט געמיינט זיך אָפּפרישן אין דער שטימונג, און די וואָס האָט צום העכסטן גערעדט און געלאַכט איז געווען מינדל. זי האָט אויך געהערט צום יוגנט־בונד „צוקונפט". אין סאַלטאַ, האָט זי צווישן די סטאָקער און אויך נישט סטאָקער, זיך אויסגע־טיילט מיט איר נאַטור, און אַ דאַנק דעם האָט זי זיך אָנגעזען. אַ שווערע אומהיילבאַרע קראַנקייט באַ־פאַלט איר אין דער יונגער עלטער. זי פאָרט דע־מאָלט אַוועק קיין קאָרדאָבאַ, ווו ס'וווינען אירע קינדער און דאָרט — אויפן קאָרדאָבער בית־עולם — געפינט מינדל פינקעלשטיין־אָסטשעגאַ איר אייביקע רו.

## אברהם־יוסף אָסטשעגאַ

אַברהם־יוסף, דער עלצטער זון פון שלום־הערש אין יאָסקע אָסטשעגאַ, וואָס איז פאַררעכנט געווען אין סטאָק, צו איינע פון די הויפּט אָנגעזע־ענע און מיוחסדיקע משפּחות, איז אין דער אַלטער



אברהם יוסף אָסטשעגאַ ע"ה

היים געווען אַן אָנגעזעענער אַקטיווער בונדיסט. ער פלעגט האָבן אויסצושטיין אַ סך צרות, פון זיין פאָטער ר' שלום הערש ז"ל, צוליב זיין פּאַרטיי־אָנגעהעריקייט. אין די יאָרן — נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, מיטן גרינדן די בונדישע אָרגאַני־זאַציע אין סטאָק, איז געווען שווער תופס צו זיין, ווי אַזוי איז מעגלעך, אַז — אַברהם יוסף — דער בעל הבתישער און חסידישער בחור, וואָס זיין סאָציאַ־לער בירגערלעכער שטאַנד איז געווען דאָס סאַמע העכסטע, וואָס האָט דאַן מיט זיך פאָרגע־שטעלט: „אַלגעמיינער יידישער אַרבעטער בונד „בונד". כ'האָב געהאַלטן פאַר פּאַסיק און נויטיק, ביי דער געלעגנהייט צו פאַרצייכענען די אויבן־געשריבענע שורות, ווייל זיי האָבן אַ גאָר נאָענטן שייכות צו דער כאַראַקטעריסטיק פון אַ חבר, וואָס האָט געהייסן אברהם־יוסף אָסטשעגאַ, און פאַרנו־מען אַן אויבן־אָן אָרט, אין די בראשית־יאָרן פון פאָרמירן און שאַפן אַ פולבלוטיק, פּאַרטייִש און קולטור לעבן אין סטאָק. מיר באַגרענעצן זיך, ווייל, אינעם „פנקס־סטאָק", איז פאַראַן אַן אַרבעט פון ש. פנחסזאָן: „פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און קאָאָ־פּעראַטיווע בענק אין סטאָק", אין וועלכער ס'ווערט אַלזייטיק באַלויכטן אויף אַ סינטעטישן אופן דער קווינט־עסענץ פון דער געשטאַלטיקונג פונעם שטעטל, אין שיין פון יחידישער כאַראַקטעריסטיק. אומקערנדיק זיך, צו מיין טרויעריק־הייליקער מי־כיע, טויכט אויף אין מיין זכרון אַן עפּיזאָד — אַ זייער כאַראַקטעריסטישער — פון וועלכן אַברהם יוסף, איז געווען דער הויפּט פּראָטאַגאָניסט. די סטאָקער בונדישע אָרגאַניזאַציע, האָט געשיקט אברהם יוסף אָסטשעגאַן, אַלס דעלעגאַט — צו אַ בונדישער לאַנד־קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין וואַרשע. די קאָנפערענץ איז פאַררופן געוואָרן, בכדי צו באַשליסן וועגן אַ פּאַרטייִש אידיאָלאָגישן גרונט פּרינציפּ. ס'האָט זיך געהאַנדלט: צי דער „בונד" זאָל בלייבן אָנגעשלאָסן אינעם „צווייטן אינטערנאַציאָ־נאַל", אָדער זאָל זיך אָנשליסן אין „קאָמינטערן". עס זענען געווען צוויי ריכטונגען אונטערן נאָמען: „טעזע 1" און „טעזע 2". דער סטאָקער „בונד" איז געווען פון די „צווייער", במילא האָט אברהם־יוסף, געהאַט דירעקטיוון צו שטימען פאַר דער „טעזע 2", אָבער קומענדיק קיין וואַרשע און ווערנדיק שטאַרק באַאיינפלוסט פון הענריק ערליכס רעדע, האָט ער געביטן זיין שטעלונג און אָפּגעגעבן זיין שטימע, אין נאָמען פון סטאָקער בונד, פאַר דער „טעזע 1", און יאָרנלאַנג האָט אים דער סטאָקער „בונד" נישט מוחל געווען פאַרן באַגאַנגענעם גרויסן „חטא". ווען מ'פלעגט אים דאָס פאָרוואַרפן, האָט ער געהאַט אַן אַרגומענט מיט אַ זיכער כאַראַקטעריסטישן מאָטיוו, און געגעבן אַ זאָג: „ווען איר וואָלט געהערט רעדן ה. ערליכן, וואָלט איר אויך נישט אַנדערש גע־האַנדלט"!

ווען אברהם יוסף האָט אויסגעוואַנדערט קיין אַרגענטינע, האָט ער זיך באַזעצט אין סאַלטאַ, ווייל דאָרט האָט געוווינט זיין ברודער שעפּסל, און זיך

באַשעפטיקט מיט מסחר. אין האַנדל, מיט וועלכן ער האָט זיך אָפּגעגעבן נאָך אין דער אַלטער היים, איז אים אַוועק זייער גוט, אָבער אין תוך גענומען איז ער אַ טראַגישע פיגור. פאַרן פאַרלאָזן סטאָק, האָט ער חתונה געהאַט, וואָס האָט פאַר אַלע זײַנע חברים און באַקאַנטע, אַרויסגערופן אַן אָנגענעמע איבעראַשונג. דער פאַקט וואָס אברהם יוסף, האָט פאַרבונדן זײַן גורל מיט אַ יונגער שיינער מיידל (אַ סך



אברהם יוסף און שיינטשע אָסטשעגאַ

יינגער פון אים) וועלכע האָט געהייסן שיינטשע, אָבער ער האָט נישט געקענט רעאַליזירן דאָס אַריבערברענגען, זײַן יונגע פרוי, צוליבן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. שיינטשע האָט געטיילט דעם זעלבן גורל פון די זעקס מיליאָן קדושים אין דעם נאַצישן גיהנום. די אָסטשעגאַס, האָבן זיך אויסגעצייכנט נישט בלויז מיט אומרו און אינטעליגענץ, נאָר דאָס כאַראַקטעריסטישע בײַ אַלע ברידער איז געווען, דאָס וועלן זיך דערגרונטעווען צו זאַכן און פראַגן, אַרויסווײַזנדיק דערבײַ אַ סך עקשנות און אַמביציע און נישט נאָכגיביקייט אין זייערע איבערצײַגונגען. אברהם יוסף פלעגט אָפט קומען קיין בוענאָס־אײַרעס. די אָפטע באַזוכן, פלעגן דינען פאַר אים ווי אַן אָפּפרישונג און גײַסטיקע באַפרידיקונג. ער פלעגט בײַם טרעפן זיך מיט חברים, לאַנדסלײַט און אין דער י. ל. פּרץ־שולע (וועלכע איז אונטער דער בונדישער השפעה) ממש אויפלעבן און דערבײַ באַגײַסטערט ווערן, מיט שפּרודלדיקער יוגנטלעכער נאָסטאַלגישער סטאָקער פרייד, און איבערגעגאַנגען צו אַ חסידיש־התלהבותדיקן ניגון, אויפטויכנדיק אַזוי אַרום, אַלץ און אַלעמען, וואָס איז ג ע ו ו ע ן... און מער נישטאָ...

די ידיעה וועגן זײַן טויט, איז געקומען אומדערוואַרטעט. קיינעם פון אונדז, איז נישט אײַנגעפאַלן צו טראַכטן, אַז דער ענערגישער און לעבנסלוסטיקער אַברהם יוסף אָסטשעגאַ איז אַזוי נאָענט צום אומפאַרמײַדלעכן וואָס הייסט ט ו י ט. אויך ער האָט געפונען זײַן אייביקע רו, אין דער פרעכטיק שיינער סאַלטאַ, ווו ער האָט אַוועקגעגעבן אַ סך פון זײַן ענערגיע.

אין זעלביקן סאַלטאַ, האָבן געפונען זייער אייביקע רו: שיינע שרה פינקעלשטיין, די מאַמע פון מיינדל אָסטשעגאַ, די זעלבע פאַמיליע האָט אויך געליטן צוויי אבידות, פריער איז געשטאָרבן זייער אײדעם, יאָספעס מאַן, לוי סלאַדקי, וועלכער איז געווען אַן אינטעליגענטער און געלערנטער מענטש, געווען אַ לערער. ער איז געווען פאַררעכנט בײַ אַלע סטאָקער ווי אַן אמתער בן־עיר. דערנאָך איז פלוצים געשטאָרבן זייער זון חיים־לייב, וואָס איז אַוועק אין דער אייביקייט יונגערהייט. מיט אַ חודש שפּעטער איז געשטאָרבן דער פאָטער אברהם פינקעלשטיין.

בײַם פאַרענדיקן מיט מײַן טרויעריקער מיסיע, וויל איך נאָך אַמאָל באַמערקן און אונטערשטרײַכן אַז די אַלע נ פ ט ר י ם, וועלכע ווערן אָפּגעצייכנט און דערמאָנט אין דער דאָזיקער אַרבעט, שטעלן מיט זיך פאָר בלויז אַ טייל פון די סטאָקער פאַרשטאָרבענע אין אַרגענטינע. די אַלע אויסגערעכנטע נפטרים וועלכע איך דערמאָן און אויך אַנדערע וואָס ווערן דערמאָנט, בײַ אַנדערע געלעגנהײַטן, האָבן געפונען זייער אייביקע רו, אין דער שויס פון אַרגענטינער ערד אין דעם זעלבן לאַנד־אַרגענטינע, ווו זיי האָבן מיט יאָרן פריער געבויט זייערע היימען, דערצויגן זייערע קינדער, געראַנגלט זיך פאַר עקזיסטענץ, געווען פאַרנומען פון מענטשלעכע אַמביציעס און שוואַכקייטן. אין דעם זעלביקן אַרגענטינע, וואָס האָט זיי אויפגענומען מיט גאַסטפרײַנטלעכקייט רוען זייערע שטאַרביקע רעשטן, אויף אייביק אויסגעלייזטע — הגם, דער ווייטיק, וועלכן זיי האָבן איבערגעלאָזט, איז ווײַט נישט אײַנגעשטילט געוואָרן און נישט פאַרשוונדן.

כבוד זייער אַלעמענס אָנדענק ! ! !

פ ו ן  ד ע ר  ר ע ד אַ ק צ י ע:

מיר גיבן ווײַטער אַ רשימה פון אַלע פאַרשטאָרבענע לאַנדסלײַט וועלכע רוען אויף פאַרשידענע בית־החיימס אין אַרגענטינע. אויב עס זענען אַרויסגעפאַלן געוויסע נעמען פון סטאָקער נפטרים צוליב אַ פאַרזען בעטן מיר מחילה בײַ זיי.

תהי נשמותיהם צרורות בצרור החיים. יהי זכרם ברוך לעולם ועד!

## נפטרים פון סטאַק און אומגעגנט, וואָס רוען אויף די בית־החיימס אין

## אַ ר ג ע נ ט י נ ע

אויף די פיר בית־עלמינס אין:

### בוענאָס־אײַרעס

#### 1) בעראַסאַטעגי

וורנער אברהם
לאָפּאַטע נאָסקע

#### 2) טאַבלאַדאַ

גאָלדשטיין פּישל
דאָמבעק משה יצחק
ווערנער־צוקער רייזל
ווערנער יצחק
וואָלמאַרק הערשל
וויערזשבינסקי משה
וויערזשבינסקי פּיניע
וויערזשבינסקי חנהלע
וויאַטער־סאָבאַטע חנה
כאַנים יעקב
כאַנים סאָבאַטע רבקה
לאַנדע־נאַגעלקאָפּ בעלטשע
ליפּשיץ יודל
ליפּשיץ יאָסל
לאָפּאַטע אברהם
לאָפּאַטע־וויערזשבינסקי חיה
לאָפּאַטע שמואל שלמה
לאָפּאַטע פריידע
לאָפּאַטע ישעיה
מאַלישעוויטש משה
נײַמאַרק נח
נאַגעלקאָפּ מרדכי
נאַגעלקאָפּ־פריד גאָלדעלע
נאַגעלקאָפּ־אירליכט אסתר
נאָוועגשטערן־מאַלצמאַן מינדל
סעגאַל־קיאַק גיטעלע
פּאָסעסאָרסקי נפתלי
פּאָגאָדע־שנײַדמאַן זעלדע
פּאָגאָדע גימפּל
פּאָגאָדע יוסף
פּאָטעסאָרסקי־נוטקעוויטש
מאַשע
פעלמאַן־ליפּשיץ שרהטשע
קיאַק־וואָלאָווסקי העניע־
ברײַנע
קיאַק הערשל (סופר)
קיאַק־שוואַרצפאַרב חיה פייגע
קוויאַטעק משה
קוויאַטעק ברוך
קוויאַטעק נאָסקע
רחלע ליפּשיץ (ישראלקע
וואַרשעווערס טאָכטער)
שווער־ליפּשיץ טשאַרנע
שאַרפמאַן יענטע
שלאַסקי פריידע
שלאַסקי ישראל־משה
שלאַסקי שמואל
שנײַדמאַן אברהמטשע

#### 3) ליניערס

לאָפּאַטע־שטיגל ברײַנע
לאָפּאַטע ישראל
פּאָגאָדע חיים
קוויאַטעק־לאָפּאַטע העניע
עלקע

#### 4) סיודאַדעלאַ

קיאַק שמואל מאיר

### ס אַ ל ט אַ

אָסטשעגאַ חיים שעפּסל
אָסטשעגאַ אברהם־יוסף
טוכמאַן אלתר
טוכמאַן־בערגער אסתר
מאַנדעל אָשר
מאַנדעל מרדכי
סלאָדקי לוי
פינקעלשטיין הערשל
פינקעלשטיין אַברהם
פינקעלשטיין־טאָפּאָל שיינע
שרה
פינקעלשטיין־קאָרצאַרזש שרה
פינקעלשטיין חייב לייב
קאָרצאַרזש הערשל
קאָרצאַרזש־אָסאָווסקי פּעשע
קאָרצאַרזש משה
קאָרצאַרזש־ראָזענפעלד יהודית
קאָרצאַרזש יצחק
קאָהען ענריקע

### פאָסאַדאַס

גאָלדשטיין־שטרײמל פייגע

### קאָרדאָבאַ

אָסטשעגאַ־פינקעלשטיין מינדל
ליכטענשטיין חיימל
ליכטענשטיין־שנײַדמאַן דאָבע
ליכטענשטיין - נאַכמאַנאָוויטש
מלכה
קיטשקאָווסקי יאַנקל

### ראָזאַריאָ

לאָפּאַטע אריה

ת. נ. צ. ב. ה.

# יודל (יהודה) טאָשער ז״ל

## (פּיאָנער פון דער סטאָקער „סאָסיעיטי״ אין אַמעריקע)

פון ניו־יאָרק — דורך ישׂראל — איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז אין דער בכבודיקער על־טער פון 92 יאָר, איז דאָרטן געשטאָרבן דער אַנגע־זעענער עסקן און דער הויפּט־נערוו פון דער סטאָ־קער לאַנדסמאַנשאַפט (סאָסיעטי), ר׳ יודל (יהודה) טאָשער ז״ל.

וועגן פאַרשטאָרבענעם יהודה טאָשער, איז זייער שווער צו שרייבן אַ קורצע נאָטיץ, ווייל עס וואָלט געווען אַ סך לייכטער אָנצושרייבן וועגן אים און וועגן זיינע טעטיקייטן, אַ גרעסערע אַרבעט, ווייל



יודל טאָשער ז״ל

אויך זיין לעבן איז געווען פול מיט טעטיקייטן אויף פאַרשידענע געביטן און הויפּטזאַכלעך טאָקע אויף דעם געביט פון זיינע פאַרבינדונגען מיט דער מש־פּחה סטאָקער, אָדער מיט דער דאָרטיקער „סאָסי־עיטי״ אין וועמענס שפּיץ ער איז געשטאַנען אין פאַרלויף פון אַ סך צענדליקער יאָרן.

יהודה טאָשער איז געווען אַ טייל פון דער פאַר־צווייגטער טאָשער־פאַמיליע אין סטאָק. ער איז גע־קומען קיין נאָרד־אַמעריקע פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס דאָס מיינט מיט איבער זעכציק יאָר צוריק. אָבער גלייך ביי זיין קומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט ער זיין פאַרבינדונג מיט אונדזער שטעטל נישט איבערגעריסן, נאָר דאָס נאָך מער פאַרשטאַרקט. פון אָנהייב האָט ער דאָס גע־טאָן אויף אַ פּערזענלעכן אופן און שפּעטער איז ער געווען איינער פון די ערשטע גרינדער פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט, וואָס האָט די אַרבעט גע־טאָן אויף אַן אָרגאַניזירטן און קאָלעקטיוון אופן.

ער איז געווען אַ צייט לאַנג דער פּרעזידענט פון דער „סאָסיעיטי״ און אַ סך, אַ סך יאָרן דער סעקרעטאַר, וואָס איז ווי באַקאַנט אַ סך שווערער ווי דאָס זיין פּרעזידענט. און די אויפגאַבן פון דער „סאָסיעיטי״ זענען געווען דאָס העלפן די אָנגעקו־מענע אָרעמע לאַנדסלייט אין די פּאָר׳ שטאָטן גופא (און ווער פון די אימיגראַנטן זענען נישט געווען קיין אָרעמע?) און נאָך מער, דאָס העלפן עקאָנאָמיש די וועלכע זענען פאַרבליבן אין אונדזער געוועזע־נער היימשטאָט סטאָק.

די הילף וואָס איז געקומען אין שטעטל, האָט זייער אַ סך מיטגעהאָלפן דער דאָרטיקער אָרעמקייט און די גאַנצע עקאָנאָמיק פון דעם שטעטל האָט זיך געשטיצט אויף דער דאָזיקער הילף, ספּעציעל ערב פּסח ווען עס פלעגט אָנקומען הילף אין דער פאָרעם פון „מעות חיטים״ און האָט מיטגעווירקט צו דעם, אַז די דאָרטיקע יידן זאָלן קאָנען פייערן, — אויף אַן אָנשטענדיקן אופן — איינעם פון די שענסטע יידישע יום־טובים.

אין אונדזער פּנקס געפינט זיך אַ גרעסערע אַרבעט, פון איצטיקן סעקרעטאַר פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק, אהרן זיסק (אים צו לאַנגע יאָר), וואָס פאַררופט זיך אויף אַ באַזוך ביי יודל טאָשער. און יעדער סטאָקער, פון אַן אַנדער לאַנד, וואָס פלעגט קומען קיין ניו־יאָרק, פלעגט באַזוכן און האַרציק אויפגענומען ווערן פון אונדזער וועטעראַן יודל טאָשער, וואָס האָט אַלעמען גוט געדענקט און ער פלעגט דערציילן עפּיזאָדן פון דעם אַמאָליקן סטאָק, וואָס עקזיסטירט שוין צום באַדוי־ערן נישט מער.

זיין טויט — כאָטש נישט קיין פּריצייטיקער — וועט זיכער באַדויערט ווערן פון אַלע סטאָקער לאַנדסלייט אין דער וועלט און פון די אַלע וועלכע האָבן אים געקענט.

כבוד זיין אָנדענק!

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דער ליבהאַרציקער בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע און איר מוטער גאָלדעלע נאַגעלקאָפּ עליהן השלום



בעלטשע לאַנדע ע״ה

אויף אַ צווייטן פּלאַץ פון אונדזער פּנקס געפינט זיך אַ גרעסערע אַרבעט וועגן די נפטרים פון סטאָק אין אַרגענטינע, וועלכע האָבן אויסגעמיטן דעם טראַגישן אומקום דורך די מערדערישע הענט פון די נאַצישע מחבלים און זענען געשטאָרבן אויף אַ נאַטירלעכן אופן — כאָטש נישט שטענדיק איז זייער טויט געווען פולשטענדיק נאַטירלעך, אַלענפאַלס איז ער געווען פּריציַיטיק.

צווישן די דאָזיקע פּריציַיטיק פאַרשטאָרבענע, וואָס זענען פאַרצייכנט אין אונדזער פּנקס, פאַרנעמט מער ווי אַ בלעטל דער אָנדענק פון דער האַרציקער פרוי און מענטש בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע ע״ה, וועגן וועלכער מען האָט פאַקטיש נאָך געקאָנט שרייַבן זייער אַ סך — און ווי עס איז דער שטייגער אין אַזעלכע פאַלן — ווערן נאָך געוויסע זאַכן נישט אַרויסגעזאָגט, ווייַל אָפטמאָל פעלן אויס ווערטער אויף אויסצודריקן די כאַראַקטעריסטיק פון אַ מענטשן, אַ זאַך וואָס מיר וועלן אויך נישט באַווייַזן מיט די ווייַטערדיקע שורות, כאָטש אין זיי וועט צוגעגעבן ווערן אַ טייל דערפון וואָס די פּריציַיטיק פאַרשטאָרבענע בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע ע״ה איז געווען בעת איר קורץ לעבן.



מצבות נאָך גאָלדעלע פ. נאַגעלקאָפּ און בעלטשע נ.לאַנדע

איינער פון די הויפּט כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון בעלטשע לאַנדע,, וואָלט געקאָנט פאַרצייכנט ווערן מיט דעם אויסדרוק די פרוי מיטן אייביקן שמייכל, ווייַל זי האָט זיכער, ווי אַלע מענטשן, אויך געהאַט צייַטן פון טרויער, אָבער זי האָט די דאָזיקע טרויעריַקע מאָמענטן באַהאַלטן אונטער איר שטענדיקן שמייכל, וואָס איז געווען איר הויפּט־כאַראַקטעריסטיק, און מען האָט זעלטן זי געזען אָן אַ שמייכל אויף דעם פּנים. און אַפילו אויף איר מצבה, געפינט זיך איר בילד מיט איר אייביקן שמייכל און עס דוכט זיך, אַז אויך פון יענער, אמתדיקער וועלט, קוקט זי אויף אונדז אַראָפּ מיט איר שטענדיקן שמייכל.

ווייַל אַנדערש, האָט דאָס ביַי איר, ביַי בעלטשען, נישט געקאָנט זייַן!

זי איז אויך געווען אַ פאָלקס־מענטש און פאָלקס־פרוי אין דעם סאַמע ברייטסטן זין פון וואָרט, האָט אויפגענומען אַלע געסט פון איר געוועזענער היימשטאָט און פון אַלע וואָס זע

נען געקומען צו איר מאַן — אים צו לאַנגע יאָר — שמחה ב. לאַנדע, אויף דעם סאַמע פריינד־לעכסטן אופן און איז אויף דעם געביט געווען אַ פולשטענדיקע עוזרת כנגדו.

מען וואָלט זיכער נאָך געקאָנט געפינען אַ סך ווערטער און אויסדרוקן, אין דעם גרויסן ווערטער־אוצר, וואָס וואָלטן נאָך איבערגעגעבן אַ טייל פון דעם וואָס עס איז געווען ביי איר קורץ לעבן בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע ע״ה. מיר מיינען אָבער, אַז דאָס סאַמע וויכ־טיקסטע איז פאַרצייכנט געוואָרן אויף די אָנגעשלאָגענע אַנדענקס־טאָוולען, וואָס געפינען זיך אויף איר מצבה און וועלכע מיר פאַרצייכענען ווייטער:

---

# בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע

**נפטרה י׳ אלול תשט״ז — 17טער אויגוסט 1956**



אין אָט דער פאַטאַלער שעה

(5 פאַרנאַכט)

איז פאַרשווונדן די פרייד

אויף אייביק...

בוענאָס־איירעס, דעם 17טן אויגוסט 1956



ב ע ל ט ש ע !

פון אמת איז געוואָרן אַ מת.

ש מ ח ה



דער נישט דערלעבטער באָבען

פון ערשטן אייניקל

צום ערשטן יאָרצייט



1957 – 17טער אויגוסט – 1956



מ אַ מ ע !

מ׳קען אַלצדינג נאָך געפינען

אַלצדינג... אויפצובויען זיך אַ געצעלט

מ׳קען אָבער דיך... מער נישט געפינען

ערגעץ נישט אויף דער גאַנצער וועלט.

אין טאָג פון אַ כ ל ה ווערן

פ יי ג ע ל ע

ב. איירעס, דעם 6טן דעצעמבער 1959

באָבע!

דײַן אומבאַגרענעצטע געטרײַשאַפט און נשמה-גוטסקייט וועט אונדז שטענדיק דינען ווי אַ עמוד־האש. איי־ביק וועלן מיר דיך דערמאָנען מיט שטאָלץ און יראת־הכבוד!

דײַנע אייניקלעך:

בעלטשעלע ישעיהקעלע
רבקה-שפרהלע חיימל

צום 10טן יאָרצײַט!

1956 - 17 - 8 - 1966

באָבע בעלטשע!

אייביק וועל איך טראָגן דײַן נאָמען מיט שטאָלץ!

דײַן אייניקל **בעלטשע**

**צו מײַן 15 יעריקן געבורטס-טאָג**

1957-28-7-1972

געפלאַנצט
אַ חורשה

אין די וועלדער פון
קרן קימת לישראל

אויפן נאָמען פון:

**בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע**

בעלטשע!

שטענדיק

מיט אונדז!

און בײַם סוף, אַ פּאָר קורצע ביאָגראַפּישע דאַטעס:

בעלטשע איז געבוירן געוואָרן דעם 15טן יולי פון 1914 אין סטאָק, געקומען קיין אַרגענטינע דעם 12טן אָקטאָבער פון 1933 — איז געשטאָרבן דעם 17טן אויגוסט פון 1956, אַזוי אָרום, אַז קאַרגע 20 יאָר האָט זי געלעבט אין סטאָק און איבער 20 יאָר אין אַרגענטינע און געשטאָרבן אין דעם פרי:ען עלטער פון 42 יאָר.

זי האָט באַוויזן צו אַנטלויפן פון די נאַצים, האָט אָבער נישט באַוויזן צו אַנטלויפן פון דעם פריצײַטיקן טויט.

אָבער איר מאַן, קינדער, פרײַ:ט און לאַנדסלײַט געדענקען זי אייביק און ברענגען דאָס שטענדיק צום אויסדרוק, ספּעציעל אין טאָג פון איר יאָרצײַט, דעם 17טן אויגוסט.

# גאָלדעלע פריד־נאַגעלקאָפּ ע״ה



געוויינלעך שרײַבט מען פריער וועגן אַ מאַמען און שפּעטער וועגן אַ טאַטער, אָבער אין דעם פאַל האָבן מיר פריִער אויסגעשטעלט די טאַכטער, און מיר האָבן דאָס געטאָן דערפאַר, ווייל די טאָכטער בעלטשע, איז מיט גאַנצע 15 יאָר פריִער אַוועק אין דער אייביקייט, אויפן עולם האמת.

און ווי זאָגט זיך: „מעשי־אבות ירשו בנים״, איז אין דעם פאַל נויטיק און ריכטיק צו זאָגן: „מעשי־אמא גאָלדעלע ירשה בתה בעלטשע״...

אַזוי אַרום, האַלטן מיר פאַר איבעריק איבערצו־חזרן, די זעלטענע שיינע מידות און מעלות טובות, פון אונדזער בת־עיר גאָלדעלע (ישראלקע וואַרשע־ווערס טאָכטער), וועלכע האָט מיט איר פּערזאָן, פּאַרקערפּערט באַשיידנקייט, ערלעכקייט און נשמה־גוטסקייט.

שטיל און זייער באַשיידן, איז געווען איר לע־בנסגאַנג, שטענדיק זיך באַנוגנט מיט ווינציק, אָבער שטענדיק איז איר האַנט געווען אָפן פאַר הילף—בידעים, ובלא יודעים,— קיינמאָל נישט גע־קאַרגט קיין מי און שטיצע פאַר נויטבאַדערפטיקע, און געטאָן אַלצדינג אָן רעש און אָן פרסום —מתן בסתר— אין פולסטן זינען פון וואָרט.

## „בחייהן... ובמותן אינן נפרדות״!

גאָלדעלע נאַגעלקאָפּ איז געקומען קיין אַרגענטי־נע צוזאַמען מיט איר טאָכטער בעלטשע, דעם 12טן אָקטאָבער 1933. מאַמע און טאָכטער האָבן געוווינט צוזאַמען, שטענדיק געווען צוזאַמען. ביידע האָבן געדינט פאַר אַלעמען ווי אַ מוסטער פון שלום־בית און אחדות... און נאָך אַן „איבעררײַס״... פון 17טן אויגוסט 1956 (בעלטשעס טויט) ביז דעם 7טן אוי־גוסט 1971 (גאָלדעלעס טויט) האָבן זיי זיך ווידער „פאַרייניקט״ לעולם ועד אויפן בית־עולם אין טאַבלאַדע (בוענאָס־אײַרעס).

האַלטן מיר פאַר אונדזער חוב צו פאַרייביקן אין „פנקס־סטאָק״ צוויי אידעלע בנות־עיר, וועלכע האָבן בײַם לעבן געהייסן: גאָלדעלע פריד־נאַגעל־קאָפּ און בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע.

## תהא זכרונן ברוך לעולם ועד!

מיר געבן איבער דעם אינהאַלט פונעם אויס־שריפט אויף גאָלדעלעס מצבה:

### נפלה עטרת ראשנו!

**אייביק וועלן מיר דערמאָנען מיט גרויס ליבשאַפט און דרך ארץ דעם שטראַלנ־דיקן נאָמען ג אָ ל ד ע ל ע און וועט שטענדיק דינען ווי אַ סימבאָל און וועג־ווײַזער פון צדיקותדיקער און שלימות־דיקער התנהגות.**

יהי זכרה ברוך לעולם ועד!

נפ׳ ט״ז אב תש״ל, 7טער אויגוסט 1971

רעדאַקטאָר י. צודיקער

## ישראל פריד ע״ה

(גערופן ישראלקע וואַרשעווער)



ישראלקע פריד ע״ה

זײַנע אייניקלעך און אור־אייניקלעך, צעזייטע און צעשפּרייטע איבער פאַר־שידענע קאָנטינענטן, פאַרייביקן לדור־דורות אינעם „פּ נ ק ס ס ט אָ ק״, דעם ליכטיקן און גוטן נאָמען פון זייער זיידן און עלטער־זיידן, און וועלן אים אייביק געדענקען און דערמאָנען מיט דרך־ארץ און לויב.

וועלוול נאַגעלקאָפּ און קינדער (ב. אײַרעס, אַרגענטינע)
גאָלדעלע ליפּשיץ־סטירמאַן און פאַמ׳ (בוענאָס־אײַרעס)
קינדער פון בעלטשע נאַגעלקאָפּ־לאַנדע (ב. אײַרעס, אַרגענטינע)
יצחק נאַגעלקאָפּ און פאַמיליע (בוענאָס־אײַרעס, אַרגענטינע)
ד״ר משה ליפּשיץ און פאַמיליע (בוענאָס־אײַרעס, אַרגענטינע)
ד״ר מרדכי ליפּשיץ און פאַמיליע, (בוענאָס־אײַרעס, אַרגענטינע)
אסתר פריד־פּאַסעקאַרסקי און פאַמיליע (מעלבורן, אויסטראַליע)
אַברהם פריד און פאַמיליע (מעלבורן, אויסטראַליע)

# חיה טובה פריימן ז״ל — לבית לנגליב

את השכלתה רכשה כמקובל בימים ההם בעיירות קטנות בפולין, „בחדר" מיוחד לבנות. השכלתה הכ־ללית השלימה בשעורים פרטיים ובמסגרת ארגוני הנוער, שם נפגשה בבן זוגה לעתיד, החי ש. ד. פריימן, אשר לווה אותה עד יומה האחרון.

ב־1924 הם הקימו את ביתם בעיירה. ביתם הפך להיות מרכז מפגש לעסקני הנוער, בדירתם הקטנה התקימו פגישות חשובות, ישיבות והתיע־צויות, שקבעו את תוכן חיי התרבות, והחברה של נוער העיירה. בימי חורף וכפור קבלו „החברייא" כוס תה חם לחמם הגוף ובימי הקיץ החמים כוס

דיו לעיירתו ועמו 48 אלף תלמידיו, יצאה לקראתו אשתו, רחל, בת כלבא שבוע (שהדיר אותה מנכ־סיו בגלל נשואיה לר' עקיבא), התלמידים לא נתנו לאשה לגשת אל רבם, ואז אמר להם ר' עקיבא: הניחו לה, כי הכל שדרשתי אנכי ואתם ממנה בא לי.

כן כזו היתה גם חיה טובה ז״ל, כשמה כן היתה, טובה ומסורה לכל ולכולם.

הניחה אחריה שני בנים ובת, מורים ומחנכים את ילדי ישראל לתורה, למצוות ולמעשים טובים,

בית־עולם ב׳עפולה (ישראל)



עומדים ע״י המצבת־נצח של חיה טובה פריימן ז״ל, בעלה שלמה דוד, והבנים שמעון, חיים וברכהלע

משקה צונן, ולעתים קרובות גם ארוחה קלה משיבת הנפש. ביחוד היה הבית אכסניה פתוחה לאורחים מבחוץ.

במדת יכלתה היתה גם פעילה בתנועה, אולם בעקר זכותה בזה, שאפשרה לחבר חיה, ש. ד. פריי־מן, להקדיש ימים ולילות בפעילותו התרבותית ו־המפלגתית בקרב נוער העיירה.

האגדה מספרת על ר' עקיבא, שכשחזר מלמו־

להיות אזרחים טובים ונאמנים לעמם ולארצם. וכן השאירה ששה נכדים ונכדות.

להנצחת שמה יסדו החי ש. ד. פריימן וילדיו קרן לסטיפנדיות שמפוותיה מחלקים מדי שנה בשנה ביום הזכרון מלגות לתלמידים נזקקים ומו־מלצים מבתי הספר התיכוניים בעפולה, מקום מגו־ריה וקבורתה.

יהי זכרה ברוך לנצח.

# לזכר נעדרים

יחיאל ונסובר ז״ל נולד ב־1898 בפולין, בעיירה וולומין שליד וורשה, והגיע לסטוק ב־1918, כחתן למשפחת קיצ׳קובסקי, לבתם היפיפיה שרה. כמנהג הימים ההם, הוא היה סמוך ל״שולחן התנו,



יחיאל ונסובר ז״ל

ר׳ ידידיה ז״ל. יחיאל מצא את מקומו בחברתם של יתר אברכי התורה בעיירה, ביניהם גם גיסי יעקב דוד ז״ל, בבית המדרש ובעיקר ב״שטיבל״ של חסידי הרבי האלכסנדרי.

זוכר אני אותו מאותם הימים כטוב לב עליז, תמיד מילה טובה שגורה היתה בפיו, יודע ספר ורגיל לטבל דברי תורה גם בשיחות חולין. כבר אז החל להשתחרר מדבקות יתר במסורת ונתפס לרעיונות יותר חופשיים ומתקדמים.

עם תם שנת 1919 עזב את העיירה בדרכים שונות לבסס את ביתו. נולדו לו שני בנים ושלש בנות. כיון שלא הצליח להתבסס מבחינה כלכלית די צרכו ומאחר שגם נתפס לרעיון הציוני, עזב את פולין ושם פעמיו לארץ ישראל. על קשיים רבים נאלץ להתגבר בדרכו וגם שהה חצי שנה בקפריסין, עד שקבל כרטיפיקט ועלה לארץ ישראל. ב־1934 הביא שמה את משפחתו.

ב־1940 התגייס לצבא הבריטי: מיד נשלח עם יחידתו ליוון, שם נפלו בשבי הגרמנים. הוא העבר למחנה שבויים בגרמניה והעבד בעבודה קשה במכרות פחם, עד לשחרורו ב־1945, כשהוא חזר לא״י דרך אנגליה.

מצב בריאותו נתרופף מאד בתקופה זו, ועם המכה הקשה שהנחתה על המשפחה בנפול בנם משה ז״ל במלחמת השחרור, נתערער כליל. לבו נפגע ובמשך השנים הבאות לקה בכמה התקפות, עד שהאחרונה שמה קץ לחייו ב־9־5־1964.

יחיאל ז״ל, אם כי היה רק „נספח״ לעיירתנו בזכות אשתו, ראה את עצמו כאחד מבני העיירה. הוא היה בין מיסדיו הפעילים של האירגון „יוצאי סטוק והסביבה״, וחבר הועד עד ליום מותו.

כבוד לזכרו ותהי נשמתו צרורה בצרור החיים לנצח.

**שלמה פריימן**

---

אריה (לייבטשה) לנגליב נולד בסטוק בשנת 1921, לאביו זלמן ולאמו שרה, אנשים לא עשירים, שקטים וצנועים. האב פרנס את משפחתו הגדולה



אריה (לייבטשע) לנגליב ז״ל

מיגיע כפיו. לייבטשה החליט, אחרי גמר למודיו בבית הספר היסודי, ללמוד את מקצוע החייטות אצל ישעיה גולדשטין. בהתלקח מלחמת העולם השניה, עלה הכורת גם על משפחתו, כמו על רוב אנשי העיירה. האשמדאי הנאצי השמיד את כל בני משפחתו והוא הוגלה למחנות. שם, עם כל היסורים

זהסבל, עברו עליו ימי המלחמה ובסופה חזר שבור בגופו, אבל איתן בנפשו.

הוא החליט להקים משפחה; נשא לאשה את ברכה אוסטרוביק, מוישקוב, שילדה לו ארבע בנות, ועלה ארצה. כאן עברו עליו כל חבלי הקליטה, אבל לא אדם כלייבטשה מתיאש. עמדה לו גרסא דינקותא הרעיון הציוני, לפיו התחנך, הכתיב לו שכאן עליו להיאבק על עתידו ועל עתיד משפחתו.

לייבטשה בהיותו בעל ואב מסור, לא חסך עמל ויגע ולאט לאט הצליח במשימתו. לכל בנותיו דאג, נוסף על הצרכים החמריים, לחנוך תכון ועל תיכוני. השיא את בתו הבכירה וזכה לראות את שני נכדיו שהיא ילדה. אבל אסון בלתי צפוי שם קץ לאושרו: ב־31.10.1971 בעלותו על סולם, מעד ונפל. כך מצא לייבטשה את מותו בהיותו רק בן 51 שנה.

במותו של לייבטשה אבד למשפחה הקטנה של יוצאי סטוק אדם יקר, עדין וצנוע, ולמשפחתו בעל ואב מסור. יהי זכרו ברוך!

**ש. שורצפרב**

---

ר׳ שלמה מאיר קרוננברג ז״ל נולד בשנת תרס״ח — 1908 בעיירה סרוצק, סמוכה לוורשא. הוא היה הבכור למשפחה גדולה מהמעמד הבינוני. האב הקדיש את רב זמנו לעניני צבור. בגיל 14


שלמה מאיר קרוננברג ז״ל


כלה גניה קרוננברג ז״ל

מגיע שלמה מאיר לוורשא, שם הוא מתפרנס מעבודות שונות, עד שהוא מגיע לעמדה מכובדת.

את שלמה מאיר ז״ל הכרתי בהיותו אברך כבן 20: בעל מזג נוח, שמח ועליז. עוד לפני נשואיו עם אחותי חנהלה הוא נקלט בחיבה במשפחתנו, הודות לאופיו המיוחד.

לאחר נשואיו עם אחותי, החל לעסוק במסחר. בשטח הכלכלי ההצלחה האירה להם פנים, אבל הלידה של בנם הבכור והיחיד שלהם גרמה להסתבכויות במצב בריאות האם. שנה תמימה נאנקה היולדת עם המות ויכלה לו. מחלה זאת רוששה לא רק את מאיר ז״ל, אלא את כל המשפחה. לאט לאט התאושש ונכנס מחדש לחיים הרגילים, תוך ידיעה שהבן הנולד יהיה הבן היחיד, כי יותר לא תוכל האישה ללדת.

זמן קצר לאחר מכן פרצה מלחמת העולם השניה. שלמה מאיר ז״ל ובני משפחתו לקחו את מקל הנדודים ונמלטו, אחרי תלאות דרך רבות, לביאליסטוק, אך משם העבירום באונס השלטונות הסובייטיים אל איזור היערות העבותים של קומיי ס. ס. ר. שם נאלצו לעבוד עבודת פרך בתנאים הקשים ביותר. משם הצליחו, אחרי שנה וחצי, לעבור לקזכסטן, וגם כאן עברו „שבעה מדורי גיהנום". מאיר ז״ל לקה במחלה מסוכנת. רק הרצון העז לחיות השאירו בחיים. אך במשך כל אותם השנים שמר על רוח האנושיות והנדיבות שלו, ובתנאים הקשים ביותר הצטיין ביתו במידת הכנסת אורחים.

בתם המלחמה הם יצאו מבריה״מ והגיעו אחרי תלאות רבות, כול שהיה במחנה פליטים בגרמניה ותקופת מעבר בצרפת, לארץ ישראל. הוא הקים ביתו בעפולה, עם כי הציעו לו תנאים נוחים יותר בערים הגדולות בארץ. כאן ראו מאיר ז״ל ובני ביתו קץ לנדודיהם וראו את המנוחה והנחלה. אבל בחייו המשפחתיים לא ידע נחת. נוסף למחלתו הקשה שאכלה את גופו לאט לאט, בא אסון ששבר את כולם: כלתם, אשת בנם, מתה בלדתה את בנה השני, בגיל 32. אסון זה ההי המכה האחרונה והקטלנית על ראשו של שלמה מאיר למוד הסבל. לבו החלש כתוצאת מחלת הסוכר לא החזיק יותר מעמד. הוא נפטר בשבת קודש י״ד תמוז תש״ל. בהלויתו באה לביטוי ההוקרה שכל תושבי עירו, שכנים ורחקים כאחד, רחשו לו.

צר לי עליך, גיסי היקר, שכאח היית לי. קשה למצוא תנחומים עם מותך, וכואב שכל כך הרבה סבל ידעת וכה מעט אושר ושמחת החיים.

תהיה נשמתך צרורה בצרור החיים, לנצח.

**שלמה פריימן**

# קוים לדמותו של אבינו שמואל יוסף קרונפלד ז״ל

אבינו נולד ב־15־2־1909 בסטוק אשר בפולין, לבית זאב קרונפלד ז״ל, שנספה בשואה. התחנך בחדר אצל נחמנקה המלמד. בגיל צעיר החל־ לעבוד עם אביו בנגריה שנוהלה על ידו ונשא בעול פרנסת המשפחה.

היה חבר בבונד עד פרוץ מלחמת העולם השניה. נשא לאשה את זלדה, לבית לנצנר ונולדו להם שלו־שה בנים.

משחר ילדותו היה גאה ביהדותו ושמר על כבוד עמו וספור שהיה יעיד על כך. באחת ממסעותיו ביערות פולין עם חבריו הזהירם בפני הגויים שנה־גו להתנפל על יהודים עוברי ארח ובקשם לא לברוח



שמואל יאסל קרונפלד ז״ל

אלא להשיב מכה שערה. ובעוברם ביער התנפלו עליהם, חבריו נסו, אך הוא וחברו, לתדהמת הגויים, השיבו מכה אחת אפיים ככתוב „הקם להורגך השכם להורגו״. בשובו לעירה הוכיח את חבריו על פחד־נותם ומנוסתם. מקרה זה משקף יפה את השקפת חייו שאין להכנע לחזק אלא יש להלחם תמיד ול־שאת באון את כבוד היהודי.

עם פרוץ מלחמת העולם השניה ברח אבינו עם משפחתו מפולין לרוסיה ושם הוגלו למחנה עבודה בו החיים היו קשים מאד. אף בעתות צרה ומחסור ידע אבינו לסעוד אנשים ברוח ובחומר. ברוח — ביודעו לעודד אנשים ולהפיח בהם תקוה כאשר נואשו. בחמר — בנסיעות ברכבות היה קונה מכספו (שבא ממכירת חפציו האישיים) לחם ומחלק בין כל

הנוסעים, שוה בשוה ככתוב „פרוס לחמך לרעב״. במחנה העבודה היתה חלוקת עבודה יומית לכל אחד והוא לא חס על כוחו והשלים גם מכסתם של החל־שים. בשבתות עבד גם במקומו של השוחט שחי במחיצתם כדי שהשוחט לא יחלל שבת.

אבינו לא השלים עם עוול שנעשה והיה דובר של קבוצות יהודים רבות אשר הובאו למחנות עבודה והושארו ללילה בחוצות. הוא לא שקט עד שסודרו מקומות לינה לכולם. בנדודיו הגיע לאסיה המרכזית לעיר קטקורגן, באחד הלילות בלכתו בר־חוב פגש בשני פליטי מלחמה וללא הסוס וברחב לב ארחם בביתו והתחלק אתם בכל אשר לו; במזון, לבוש, מחסה ושתף אותם בסחר נעלים — עסוקו דאז. נדיבות לבו ורחב ידו באים לידי בטוי בביתו הפתוח לכל, בנכונותו לותר מלחמו ולו רק לעזור לעני בפתו. למשל בשעה שהיה נהוג לארח עניים (סידור שאורגן ע״י הקהילה), בקשו העניים להתארח בבית אבינו כי כאן וכו בשלוש ארוחות במקום אחת ובמלה טובה.

תכונה נוספת הבולטת באופיו היא אהבת עמו ויהדותו. היה מוכן אף לסכן את חייו בראותו רוסי המשליך יהודי לתעלה בחמת זעם ובהנאת נצחון, לא נרתע ממנו וקם להכותו על מנת להציל את כבוד היהודי. עם סיום מלחמת העולם השניה חזר לפולין. בשובו לפולין לקח אותי אבי לעירתו סטוק וראה מקרוב את הריסות העיר ושמע על חייה האחרונים. באותו מסע ארך הוא ואחרים עשו קבר אחים לכל הרוגי סטוק. אני זוכר שכל פנה וכל אבן הזכירה חויות העבר מהעירה בה חי והתחנך.

בהיותו בפולין, משאת נפשו היתה לעלות לא״י ואותה הגשים בשנת 1950, כאשר עלה עם משפחתו ארצה והתחיל לבנות ביתו מחדש. כאן בארץ, בשובו לנחלת אבותיו, חזר אף למקצוע אבותיו — נגרות. במרץ רב, בחריצות שאינה יודעת גבול, בשמחת חיים מתמדת ובאמונה ידע לבנות ביתו מחדש. אהבה זו לעבודה, לחיים ולעמו ידע להחדיר לבניו ולכל אלה שחיו במחיצתו.

גם כאן בארץ, על אף הקשיים שבהם נתון היה, לא שכח את זולתו ושמח להתחלק עמם בכל אשר לו. אבינו היה אדם ישר ורודף שלום ובכל מסה ומריבה פסק בין אנשים והשלים ביניהם ועמד לצדו של

החלש. אבינו אדם פשוט היה אך חדור אמונה באדם, אשר כל חייו הקדיש לגידול וחינוך בניו. מסירותו לבניו ולאשתו לא ידעו גבול וגדולתו שעל אף פשטותו ידע להקנות לנו לבניו ערכי חיים, אהבת מולדת, עבודה ובעיקר אהבת האדם והחיים.

אהבת החיים ועזרתו לזולת לא עמדו לו ובדמי ימיו נלקח מאתנו. שנה ארוכה התיסר קשות. בשנת 1972 עבר שני ניתוחי קבה והתגלתה מחלה ממאירה בקבה. גם קבל הקרנות וזריקות שהתישוהו מאד. אף בזמנים קשים אלה לא זנח את עבודתו ובמאמ־צים על־אנושיים המשיך לעבוד עד שהכאבים גברו והכריעוהו. משאת נפשו האחרונה היתה לזכות בח־תונת בנו השלישי להזכה חודשים ספורים לפני מותו. זו היתה שמחתו האחרונה ושמחה זו חתמה את חייו. משחר ילדותו חי חיים קשים אך ידע תמיד לגבור על הקשיים בחיוך ובאמונה כי המחר טוב יהיה אך הפעם היסורים גברו עליו והוא נפטר ביום ששי 8-3-73.

לא המלים יעידו כי איש אוהב ואהוב היה על הכל, אלא המעשים אשר עשה.

יום מותו יעיד על צדקתו כי רק צדיקים זוכים למות ביום ששי.

הבנים: **אברהם, משה וזאב**
(בני־ברק, ישראל)

## מינדל! (נפ׳ 12טן אָקטאָבער 1972)

. . . און איך האָב דיך געזען אין דײַן פאַרצווייפלטן גע־ראַנגל פאַרן לעבן; איך האָב דיך געזען אין דײַנע לעצטע שעהן, אין פולן באַוווסטזיניקן טראַס פון צעשיידונג, געזען און געפילט דײַן אינזיכיקן ספּאַזמען־געוויין. יאָ! אַ האַרץ קען וויינען, וויינען אָן טרערן...

ווײנט דאָס האַרץ אויף דײַן אַזוי פריִען פאַרגיי און געפינט נישט קיין טרייסט.

ווייס־זשע, עס פילט מײַן האַרץ, עס לעבט דײַן וועזן אין בלוט פון דײַנע קינדער, עס לעבט דײַן וועזן אין דעם המשך וואָס דו האָסט געבוירן און דערצויגן, מיט ליבע און גלויבן. ווי דורותדיק עס איז די קייט פון אונדזער זײַן, ביז צום סוף פון אַלע צײַטן.

יואל



# צום אייביקן אָנדענק



אַלטע נעמי זשעלעניעץ ע״ה

אונדזער ליבע פרוי, מוטער און באָבע

## אַלטע נעמי זשעלעניעץ
## בת ר׳ אברהם דן, ע״ה

**נפטרה ט״ז תשרי, תש״ל (א׳ דסוכות)**

**דעם 15טן אָקטאָבער, 1970**

געווען אַן איבערגעגעבענע פרוי, אַ האַרציקע מוטער און אַ ליבנדע באָבע. אַן אַקטיווע טוערין אין די סטאָקער לײדיס אָוקזיליערי, פּרעזידענטין פון דער אָרגאַניזאַציע פאַר אַ סך יאָרן, און אויך אַקטיוו אין אַ רייע אַנדערע אינסטיטוציעס. נאָך דער צווייטער וועלט-מלחמה, ווען עס איז שוין נישט געווען קיין סטאָק, האָט זי אָנגעפירט, צוזאַמען מיט דער אָרגאַניזאַציע, אַ קאַמפּיין פאַר הילף צו מדינת ישראל און פאַר די געראַטעוועטע לאַנדסלייט. זי האָט איר גאַנץ לעבן געווידמעט צו הומאַניטאַרער הילף פאַר נויטליידנדיקע. — ת׳ נ׳ צ׳ ב׳ ה׳. —

### אייביק וועלן מיר דיך טראָגן אין אונדזערע הערצער!

מאַן: שמואל לייב זשעלעניעץ

טעכטער: חוה שרה גיטער און רויזע ווייצמאַן

שנור: חנה גיטעל זשעלעניעץ

איידעם: יוסף ווייצמאַן

אייניקלעך: פריידעל חנה גיטער; פנימה רחל און אברהם דן זשעלעניעץ; דבורה גיטעל, ישעיה אברהם, צבי דוב און אהרן משה ווייצמאַן.

ניו־יאָרק (נאָרד־אַמעריקע)

## ר׳ צבי קיאַק ז״ל

אויף איינע פון די זייטן פון אונדזער פנקס און יזכור־בוך, געפינען זיך די גע־צייכנטע און געכתובעטע אותיות פון ר׳ צבי קיאַק ז״ל און ווען ער האָט געמאַכט פאַר אונדזער ספר די דאָזיקע צייכענונג, איז קיינעם פון אונדז נישט איינגעפאַלן, אַז מיר וועלן אַזוי שנעל דאַרפן צו זיין נאָמען צושטעלן די טרויעריקע ווערטער פון ז״ל.



ער איז געווען אַ סופר, וואָס דאָס מיינט, אַז ער האָט בעת זיין לעבן דורכגעפירט אַ מלאכת קודש — און איז אויך געווען אַ זון פון אַ סופר; ער איז געווען דער זון פון סופר ר׳ משה קיאַק ז״ל וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער הייליקער מלאכה פון שרייבן מזוזות און פרשות צו תפילין און ספרי־תורות און דאָ אין אַרגענטינע האָט ער זיין הייליקע מלאכה דורכ־געפירט ביי דעם היגן ראַבינאַט, וווּ ער האָט געהאַט דעם העכערן טיטל פון סופר סתם — און ביי דער דאָזיקער הייליקער מלאכה איז ער געווען טעטיק ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן און ער איז געשטאָרבן ט״ז אלול תשל״ג, אין בוענאָס־איירעס.

די אזכרה צו זיינע שלושים איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער שיל „בית הכנסת אהבת ישראל״ אויף סעראַנאָ 69 און עס האָבן אים מספיד געווען די הויפּט־רבנים פון אונדזער ראַבינאַט: הרב יוסף הכהן אָפּענהיימער שליט״א, הרב ראובן דוב קראַשינסקי שליט״א, הרב שלמה בן־חמו שליט״א, רבי יואל דענענמאַרק נ״י און שמחה לאַנדע אין נאָמען פון די סטאָקער בני־עיר. — די רעליגיעזע תפילות זענען אָפּגעריכט געוואָרן דורכן פּראָפעסאָר ר׳ מנחם גאָרדאָן נ״י.

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

---

## אין ליכטיקן אָנדענק!

פון אונדזער ליבן און אומפאַרגעסלעכן מאַן, פאָטער, זיידע, ברודער און שוואָגער

### משה מאַלישעוויטש ע״ה



**זאָל אויף אייביק פאַרשריבן ווערן דיין נאָמען אין אונדזער פ נ ק ס  ס ט אָ ק. און מיט ליבשאַפט וועסטו פאַרבלייבן אין אונדזערע הערצער. מיר וועלן דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן!**

**כבוד דיין אָנדענק!**

פרוי: רחל
טאָכטער: שרה
איידעם: אברהם קעמפער
אייניקלעך: (בעטי) ברײנע און װעלװעלע
שװעסטער: מאַלע מאַלישעוויטש־ טרוינע
שוואָגער: עלעק טרוינע

(בוענאָס איירעס)

# מײַן אומפאַרגעסלעכער, אומגעקומענער חנה — לזכרון

איך װעל קײן מאָל נישט פאַרגעסן מײַן שטעטעלע סטאָק, װוּ איך האָב פאַרבראַכט מײַן קינדהײַט און מײַן יוגנט. אָבער פון אַלע מײַנע נאָענטסטע און ליבסטע, טײלט זיך מיר אויס מײַן טראַגיש־אומגעקומענע פרוי חנה, װאָס איז נאָך געװען אַ קרבן פון אַ פאַטאַלער געשעעניש, נאָך אַ סך פריער, אײדער אַלצדינג אין אונדזער שטעטעלע און איבער דעם גאַנצן ייִדישן לעבן, איז פאַרשפרײט געװאָרן דער טויט



חנה קאָרצאַזש ע״ה

דו ביסט געװען מײַן ערשטע און אײנציקע ליבע און איך געדענק נאָך, װי מיר פלעגן צוזאַמען זײַן אין אונדזער װעלדל; מיר האָבן שטענדיק אין דאָזיקן װעלדל גערעדט װעגן אונדזער קומענדיקן מאָרגן, װאָס װעט קומען און מיר װעלן צוזאַמען בויען אונדזער לעבן.

דיך צוזאַמען נעבן מיר, האָב איך שוין געזען די שװעריקײטן און דאָס האַרטע לעבן. מיר זענען געװען צוזאַמען בלויז צװײ יאָר און דײַנע אויגן, זענען אין די דאָזיקע צװײ יאָר אַזוי טיף אַרײַן אין מײַן האַרץ, אַז זײ גײען מיר שטענדיק נאָך.

איך האָב אין יענער צײַט געדאַרפט דורכמאַכן מיליטער־דינסט — און אַ קינד איז געקומען אויף דער װעלט. יאַנקעלע האָט ער געהײסן. פינף יאָר איז אַריבער, מײַן אויסבאַהאַלטן זיך פון מיליטער און דאָס אָפּדינען אין מיליטער און נאָכן אָפּדינען, בין איך צוריקגעקומען און װידער זענען מיר געװען צוזאַמען און װידער איז אַ קינד געקומען. לאה איז איר נאָמען און בײַ איר געבורט, איז געקומען דײַן קרענק, פון װעלכן דו ביסט אַזוי פריצײַטיק אַװעק.

אין יאָר 1926 האָב איך פאַרלאָזט אונדזער שטעטל סטאָק און װען איך האָב מיך געפונען צװײ יאָר אין אַרגענטינע, האָב איך דיך געװאָלט ברענגען צו מיר; דו ביסט שוין געװען אויף דער שיף — אָבער צו מיר ביסטו שוין נישט דערפאָרן.

איך האָב דיך דערװאַרט דאָ אין מײַן נײַער הײם אַרגענטינע, אָבער אַנשטאָט דיך, האָב איך באַקומען אַ טעלעגראַמע פון דעם שיפס־קאַפּיטאַן, אַז „אײַער פרוי חנה איז אויפן שיף געשטאָרבן״.

דאָס איז געװען דער גרעסטער קלאַפּ, װאָס איך האָב באַקומען אין מײַן לעבן; איך האָב געטראַכט װעגן נאָכטאָן דײַן בײַשפּיל און באַגײן זעלבסטמאָרד, אָבער איך האָב געטראַכט װעגן דעם, װער װעט בלײַבן מיט די קינדער? — און דער גאַנצער חשבון האָט נישט געשטימט.

מײַן לעבן איז צעטרײסלט געװאָרן. איך האָב דיך פאַרלוירן, װען דו האָסט אין גאַנצן געהאַט נײַן און צװאַנציק יאָר. אָבער דײַן געשטאַלט גײט מיר שטענדיק נאָך און דײַנע שװאַרצע אויגן, זענען מיר אַרײַן טיף אין האַרצן אַרײַן און די װונד װאָס עס האָט זיך בײַ מיר געעפנט, װעט זיך שוין קײן מאָל נישט פאַרמאַכן און װי לאַנג מײַנע אויגן װעלן זײַן אָפן, װעט דײַן געשטאַלט שטײן פאַר מיר. און װען די צײַט װעט קומען און מײַנע אויגן װעלן זיך שליסן — װעלן דײַנע אויגן, צוזאַמען מיט דער װונד פאַרמאַכט װערן.

דאָס איז געשען, װען מײַן חנה ע״ה איז געפאָרן, מיט די צװײ קינדער אויף דער שיף אין דאָרטן האָט זי איר האַרציקע נשמה אויסגעהויכט — און איך װײס אַפילו נישט װוּ זי איז באַערדיקט געװאָרן. איך האָב זיך דורך דער ייִדישער פּרעסע געװענדעט צו דער קהילה פון פּאָרטוגאַל, אָבער קײן ענטפער האָב איך נישט באַקומען, איז זאָל אין דעם יזכור־בוך, װוּ עס זענען פאַראײביקט די נעמען פון אַ סך קדושים, אויך פאַראײביקט װערן דער נאָמען פון אַ יונגער ייִדישער טאָכטער — און מאַמע פון סטאָק חנה קאָרצאַזש ע״ה און זאָל דאָס זײַן איר מצבה.

בצלאל קאָרצאַזש (בוענאָס־אײַרעס)

# צום 60סטן יוביל̈עאום פון דער סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט „סאָסיעטי״ אין נאָרד־אַמעריקע

ווען אונדזער סטאָקער יזכור־פּנקס האַלט שוין בײַם דערזען די ליכטיקע שײַן, האָבן מיר פאַרשטאַנען די וויכטיקייט און באַדײַטונג, וואָס עס מיינט זעכציק יאָר עקזיסטענץ פון אונדזער שוועסטער אָרגאַניזאַציע אין נאָרד אַמעריקע, צוליב וועלכן, מיר צייכענען אָפּ, אויף די שפּאַלטן פון „פנקס־סטאָק״ — די אויבנדערמאָנטע יובל־דאַטע.

פאַר אונדז, און פאַר דעם צענטראַלן ועד־הספר. וואָס האָט אין פאַרלויף פון אַ סך יאָרן געזאַמלט און פאַרצייכנט אַלצדינג וואָס האָט אַ שײַכות צו אונדזער אַמאָליקער און איצט שוין נישט עקזיסטירנדיקער היימשטעטל סטאָק — און אויך צו דעם וואָס אנשי סטאָק, וואָס דאָס מיינט לאַנדסלײַט, וואָס זענען געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין אַמאָליקן סטאָק; פאַר אונדז איז 60 יאָר טעטיקייט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, אָדער „סאָסיעטי״ פון נאָרד־אַמעריקע, נישט בלויז אַ וויכטיקע דאַטע פון די לאַנדסלײַט אין די פאַר׳ שטאַטן, נאָר פון די סטאָקער איבער דער גאַנצער וועלט — ווו עס לעבן לאַנדסלײַט פון געוועזענעם סטאָק און פילן זיך אין אַ געוויסער מאָס פאַרבונדן מיט זייער אַמאָל, זאָל דאָס זײַן מיט זייער קינדהייט, מיט זייער יוגנט, אָדער מיט זייערע דערוואַקסענע יאָרן.

די לאַנדסמאַנשאַפט פון סטאָקער אין די פאַר׳ שטאַטן, האָט אָנגעהויבן אירע טעטיקייטן מיט איבער זעכציק יאָר צוריק און האָט אין פאַרלויף פון דער דאָזיקער צײַט מיטגעהאָלפן אין אַ זייער גרויסער מאָס אַריבערצובריינגען אויף יענער זײַט ים, וואָס איז דאַן באַטראַכט געוואָרן ווי אין אַן אַנדער וועלט (און איז פאַקטיש געווען אַן אַנדערע פרײַערע און בעסערע וועלט, פאַר אַלעמען און ספּעציעל פאַר ייִדן) וואָס האָט שוין אין יענע צײַטן שטאַרק געלויערט אויף דער ייִדישער באַפעלקערונג פון געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד, ווו מען האָט געמאָרדעט ייִדן־יחידים און שפּעטער איז דאָס געוואָרן אין דעם היטלעריסטישן דײַטשלאַנד, ווו מען האָט געמאָרדעט אַלע ייִדן אָן אויסנאַם.

60 יאָר פון אַן אינסטיטוציע, איז אָן שום ספק אַ וויכטיקער צײַט־אָפּשניט אין לעבן פון דער זעלבער, ווײַל דאָס מיינט אין דער ערשטער ריי אַן אומוועקסלונג פון גאַנצע דרײַ דורות, אָבער דער צײַט־אָפּשניט, האָט אַ באַזונדערע באַדײַטונג, ווײַל אין פאַרלויף פון די דאָזיקע זעכציק יאָר זענען פאָרגעקומען צוויי שרעקלעכע און בלוטיקע וועלט־מלחמות, פון וועלכע די ערשטע האָט געטראָפן זייער שטאַרק אונדזער ייִדיש פאָלק, וואָס איז שטענדיק דער שעיר לעזאָזל, פון אַלע פאָלקס־טראַגעדיעס און וועלט־אומגליקן. און ספּעציעל איז אונדזער פאָלק געטראָפן געוואָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי מען האָט אויף אַ שרעקלעך־בלוטיקן אופן אומגעבראַכט אַ דריט־חלק פון אונדזער פאָלק, צווישן וועלכע עס האָט אויך זיך געפונען אונדזער שטעטל סטאָק.

און צווישן די וויכטיקע אַרבעטן וואָס די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט אין נאָרד אַמעריקע האָט באַוויזן אויפצוטאָן אין פאַרלויף פון די איבער 20 יאָר צווישן די בײדע וועלט־מלחמות, איז געווען דאָס מיטהעלפן די סטאָקער אָרעמקייט, סײַ אויף אַ פערזענלעך יחידישן אופן, דורך צושיקן געלט־שטיצע און פעקלעך שפּײַז און מלבושים פאַר זייערע פאַמיליאַרן, און אויך דאָס אַריבערנעמען טיילן פון זיי קיין נאָרד אַמעריקע, אָדער זיי מיטהעלפן צום אויסוואַנדערן פון זייער שטאַרק אומפרײַנדלעכן „פאָטערלאַנד״, וואָס ס׳איז פאַר זיי געווען פּוילן — און אויך אויף אַ געזעלשאַפטלעכן אופן, דורך שטיצן מאַטעריעל געוויסע אינסטיטוציעס און ספּעציעל דאָס שיקן ערב פסח גרעסערע געלט־סומעס, אין דער פאָרעם פון „מעות־חיטים״, וואָס האָט זייער אַ סך מיטגעהאָלפן די אָרעמקייט פון אונדזער געוועזן היימשטעטל, וואָס האָט קיינמאָל נישט געפעלט.

אין פאַרלויף פון דעם זעכציקיאָריקן צײַט־אָפּשניט, האָבן מיר אויך געהאַט נאָך צוויי וויכטיקע געשעענישן אין לעבן פון אונדזער פאָלק און אויך פון אונדזערע לאַנדסלײַט, וואָס זענען געווען: 1) דאָס מיטהעלפן די קליינע רעשטלעך פון דער שארית־הפליטה, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון אַלע נאַצישע שײַטערהויפנס, און 2) דער

אויפקום פון מדינת־ישראל, ווהין ס׳האָבן זיך געראַטעוועט דער גרעסטער טייל פון די לעבנסגעבליבענע ייִדן און צווישן זיי אויך אַ פּאָר צענדליק פאַמיליעס פון אונדזער אַמאָליקן טײַער שטעטעלע סטאָק. אין ביידע פאַלן, האָבן די לאַנדסלײַט פון סטאָק אין די פאַרייניקטע שטאַטן מיטגעהאָלפן די דאָזיקע רעשטלעך זיך אײַנאָרדענען אין די נײַע פלעצער.

אין אַ קורצער אָפּשאַצונג איז פאַרשטייט זיך גישט מעגלעך אויסצורעכענען אַלץ וואָס אַן אינסטיטוציע האָט אויפגעטאָן אין פאַרלויף פון זעכציק יאָר אַרבעט, אָבער דאָס וויכטיקסטע וואָס מיר ווילן דאָ אין די שורות אָנווײַזן איז אין דער ערשטער ריי באַערן די אַלע בני־עיר אין נאָרד־אַמעריקע, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין דער דאָרטיקער „סאָסיעיטי״, און זענען שוין איצט אויפן עולם האמת, און וועגן דעם וואָס מען דאַרף ווײַטער טאָן, כדי מען זאָל ווערט זײַן צו טראָגן דעם נאָמען און דעם ליכטיקן אָנדענק פון אַמאָליקן סטאָק.

איינע פון די סאַמע וויכטיקסטע אויפגאַבן דאַרפן זײַן לויט אונדזער מיינונג, אַז מען זאָל אויף ל ה ב א אָנהאַלטן טײַער דעם אָנדענק פון דעם וואָס סטאָק איז אַמאָל געווען — איבער וועלכן מיר האָבן שוין געבראַכט צום אויסדרוק אין אונדזער יזכור־ספר, אָבער דאַרף ווײַטער אָנגעהאַלטן ווערן פון אַלע סטאָקער אין דער גאַנצער וועלט.

מיר פאַרשטייען אַז אויף דעם דאָזיקן געביט, וועלכע איז אַ הייליקע אַרבעט, דאַרף די סטאָקער לאַנדסמאַנשאַפט „סאָסיעיטי״ אין נאָרד אַמעריקע, וועלכע איז פון שטענדיק די פּיאָנערין צו טאָן לאַנדסמאַנשאַפטלעכע אַרבעטן, אויך איצט בײַ דעם אָפּמערקן אירע 60 יאָר פון שעפערישע לאַנדסמאַנשאַפטלעכע טעטיקייט — אונטערנעמען אַ ווײַטערדיקן שריט, בכדי צו דערנענטערן אַלע סטאָקער איבער דער גאַנצער וועלט און זיי ענג פאַרבינדן צווישן זיך ווי אַן אייגענע משפחה. מיר מיינען אויך, אַז דעם דאָזיקן ג ײ ס ט , דאַרפן מיר אַלע סטאָקער לאַנדסלײַט פון אומעטום, איבערגעבן אונדזערע קינדער, אייניקלעך און די נײַע דורות, בײַ וועמען עס פליסט סטאָקער בלוט אין זייערע אָדערן, און מיר וועלן פאַרענדיקן מיט אונדזער לאַנדסמאַנשאַפטלעכן לייט־מאָטיוו:

„סטאָק איז דער מאָנער און דערמאָנער
סטאָק שרײַט פון אונדזער בלוט אַרויס!!!״

צענטראַלער „ועד־הספר״
פון „פנקס־סטאָק״

---

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער 20סטער יאָרצײַט פון אונדזער לאַנדסמאַן חיים פּאָגאָדאַ, וואָס איז געווען איינער פון די ערשטע וועלכע האָבן געטרוימט וועגן אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך פון סטאָק, האָט דער ועד הספר אָנגעשלאָגן אַן אָנדענקס־טאָוול, אויף זײַן מצבה וואָס געפינט זיך אויפן בית־עולם אין ליניערס (ב. אײַרעס), אויף וועלכער עס זאָגט זיך: „דעם טרוימער פון אַ סטאָקער יזכור־בוך, דעם טײַערן בן־עיר **חיים פּאָגאָדאַ ע״ה**

(נפטר געוואָרן א׳ אדר ב. תשי״ד, דעם 6טן מערץ 1954)

צום סיום הספר פון **„פנקס סטאָק״**

וועלכער דערשײַנט צו זײַן 20סטן יאָרצײַט, אונדזער אַלעמענס **„שטענדיק מיט אונדז״**

**צענטראַלער ועד־הספר פון „פנקס סטאָק״**

בוענאָס אײַרעס, דעם 6טן מערץ 1974—1954

---

פ ו ן  ר ע ד אַ ק צ י ע :

אויף די ז״ז 9־498 ווערן געבראַכט 2 פאַקסימילן פון 2 בריוו געשריבן אין פויליש פון אהרן זיסק און דער ענטפער פון סטאָקער גלח. דער אינהאַלט איז פאָלגנדער: חבר זיסק פרעגט אָן וועגן גורל פון זײַנע עלטערן און דער גלח ד״ר טש. פניעווסקי ענטפערט, אַז די עלטערן האָט מען אַוועקגעפירט קיין טרעבלינקאַ און זייער שטוב איז געבליבן און פאָלאַקן וווינען דאָרט...

# צענטראַלער ועד־הספר פון „פנקס־סטאָק"

רעדאַקטאָר: **יעקב צודיקער**

רעדאַקציע־קאָמיטעט:

סעקרעטאַר: **שמחה ב. לאַנדע**

קאָ־סעקרעטאַר: **יואל לאַנדע**

רעדאַקציע־מיטגלידער: **שלמה ד. פריימאַן**
**גאָלדע בורשטיין־צוקער**
**יחיאל נאָווענשטערן**
**אהרן זיסק**
**יצחק י. ראָזענבערג**

פלענום־מיטגלידער (לויטן אלף־בית)

1) **גאַלאַנט משה** — — — — — — — — — (ישראל)
2) **ורדי חסיה** — — — — — — — — — — ( „ )
3) **זשעלעניעץ־רײַטער פייגע** — — — — — — (ישראל־אַרגענטינע) *
4) **זשעלעניעץ שמואל לייב** — — — — — — — (נאָרד־אַמעריקע)
5) **לאַנגלייב שמחה** — — — — — — — — — (ישראל)
6) **נאָוועשטערן בעריש** — — — — — — — — (אַרגענטינע)
7) **סטאָלאָוויטש דוד** — — — — — — — — — ( „ )
8) **פּאָסעסאָרסקי־עלמאַן עטל** — — — — — — — (נאָרד־אַמעריקע)
9) **פריד־פּאָסעסאָרסקי אסתר** — — — — — — — (אויסטראַליע)
10) **פײַערטאַג אהרן** — — — — — — — — — (ישראל)
11) **צוקער חיים א. (קאַסירער)** — — — — — — — (אַרגענטינע)
12) **קיטשקאָווסקי־קופּל חיה** — — — — — — — — (ישראל)
13) **קאָרצאַזש בצלאל** — — — — — — — — — (אַרגענטינע)
14) **קיאַק ישראל** — — — — — — — — — — ( „ )
15) **שוואַרצבערג־מאַלישעוויטש רחל** — — — — — ( „ )
16) **שוואַרצפּאַרב אברהם יאַנקל** — — — — — — — ( „ )
17) **שוואַרצפּאַרב שמשון** — — — — — — — — — (ישראל)

* דער צענטראַלער „ועד־הספר", נעמענדיק אין באַטראַכט די אויסערגעוויינלעכע פאַרדינסטן, בײַם אַדורכפירן די „עקסהומאַציע" פון אונדזערע קדושים אין סטאָק, האָט צוקאָאָפּטירט צום פלענום די בת־עיר פייגע זשעלעניעץ־רײַטער, וועלכע וווינט אין קרית־גת (ישראל).

# דרוק־פעלערן און באַמערקונגען

| זײַט | קאָלום | שורה | געשריבן | דאַרף זײַן |
|---|---|---|---|---|
| 38 | 1 | 28 | חנה (געבורט) | חבש (באַנדאַזש) |
| 41 | 2 | 30 | עם־ארץ | עם־הארץ |
| 47 | 1 | 38 | ערד? | ערד |
| 54 | 2 | 35 | הייל | אייל |
| 61 | 1 | 27 | מרבה חכמה | תרבה חכמה |
| 61 | 1 | 34 | פיין־מעכאַניק | ציין־מעכאַניק |
| 63 | 1 | 35 | אינם ניזועים | אינם ניזוקים |
| 77 | 2 | 24 | מלומדות | מלמדות |
| 79 | 2 | 14 | גערער | פשיסכער |
| 104 | 2 | 31 | מאַטעלע (יינגל) | מאַטעלע (מיידל) |
| 133 | 2 | 2 | כערן | פערן |
| 145 | 1 | 34 | אָרגאַאיזירן | אָרגאַניזירן |
| 163 | 2 | 6 | פרעכטיק פלאַץ | פרעכטיקער פלאַץ |
| 197 | 2 | 13 | היינע | ריינע |
| 223 | 1 | 38 | פאַבריקאַ | פאַבריק |
| 229 | 1 | 15 | עצמות | עצמית |
| 239 | 1 | 37 | דערפאַר | דערפער |
| 256 | 1 | 31 | „קופייקעס" | „פופײַקעס" |
| 262 | 1 | 25 | זייער | זייערע |
| 284 | 1 | 31 | שלום־סעודות | שלוש־סעודות |
| 285 | 2 | 41 | נאָר | נאָך |
| 362 | 1 | 6 | שנשרפים | ושנשרפו |
| 376 | 2 | 24 | בחיהם | בחייהם |
| 384 | 1 | 12 | געלאָזן | געלאָפן |
| 399 | 1 | 30 | שוין אויך פאַרנומען דאַנציק | געהאַלטן בײַם פאַרנעמען דאַנציק |
| 416 | 2 | 29 | קעשעענס | קעשענעס |
| 423 | 2 | 34 | 135 | 35 |
| 431 | 2 | 8 | גהינ—ום | גיהנום |
| 433 | 2 | 18 | אַרויסנעמן | אַרויסנעמען |
| 444 | 1 | 1 | צורק | צוריק |
| 457 | 2 | 14 | צענטראַדע | —צענטראַציע |
| 464 | 1 | 12 | קקאַסאפיצירט | קלאַסיפיצירט |
| 469 | 2 | 2 | קאָמאַנדאַנט | קאָמענדאַנט |
| 471 | 2 | 7 | 2.500 יאָר | איבער 2 טויזנט יאָר |
| 482 | 1 | 1 | דאך | דאן |
| 487 | 2 | 8 | חסדים | חסידים |
| 509 | 2 | 20 | שמואל יוסף קראנפעלד | (צוויי מאָל איבערגעחזרט) |
| 512 | 2 | 34 | „פ. ח. ת." | „פ. ח. ח." |
| 512 | 2 | 8 | אונטערשטעליקייט | הינטערשטעליקייט |
| 513 | | צושריפט 2טע קלישע | פרעזידענט | פרעזידיום |
| 514 | 2 | 20 | אינטעמען | אינטימען |
| 515 | 1 | 17 | ניש שטענדיק געווען ביכולת | נישט שטענדיק געווען ביכולת |
| 517 | 1 | 29 | דעם לאָזונג | די לאָזונג |
| 520 | 1 | 13 | מעשה אבות | מעשי אבות |
| 536 | 1 | 31 | „סאָסיעיט" | „סאָסיעיטי" |
| 539 | | צושריפט צום בילד | רחל שוואַרצפּאַרב־מאַלישעוויטש | רחל שוואַרצבערג מאַלישעוויטש |

אונטערן בילד פון זײַט 368 (ערשטע שורה) זאָגט זיך: „קדושי־טאַק" דאַרף זיך זאָגן: „קדושי־סטאַק"; אויף דער זײַט 469 (דריטע שורה), נאָך שרהלע לאַנדע פעלט דער נאָמען פון בערנאַרדאָ פישלעדער; אויף דער זײַט 497 (דריטע שורה), זאָגט זיך רעספּיקטיווע פרויען, דאַרף זיך זאָגן רעספּעקטיווע פרויען. אין דעם אַרטיקל פון יצחק ראָזענבערג „לייבל ווישניעווסקי — איינער פון די ערשטע קרבנות", זײַטן 324 ביז 326 זענען אַרײַנגעפאַלן אייניקע פאַרדריסלעכע אויסדרוקן, וועלכע מיר קענען דאָ נישט אויסרעכענען אַלע, אָבער זיי ענדערן נישט דעם כאַראַקטער און נישט דעם געדאַנקען גאַנג פון גאַנצן אַרטיקל.

זײַט 335 אין טיטל: „געזען מיט אויגן דורך סטאָקער ברילן" דאַרף זיך זאָגן: „דורך מײַנע סטאָקער ברילן".

# "Pinkas Stok"

## *LIBRO RECORDATORIO DE STOK Y SUS ALREDEDORES*

Redactado por

J. ZUDIKER

**Editado con la colaboración de las Sociedades Residentes de Stok en Israel, EE. UU., Argentina y Canadá**

**BUENOS AIRES, 1974**